מ׳זעט ווי מ׳איז אנגעטאן אין בגדי זהב פועל'ט דאס כבוד און יראה.

ועד"ז איז עיקר ענינם פון בגדי יו"ט שיינקייט בחיצוניות, ע"ד ווי בגדי זהב;

בפנימיות אבער האבן די בגדי לבן (וואס מ׳טראגט ביום השבת) א מעלה אויף די בגדי זהב: בגדי לבן זיינען בגדי בד, "בד בבד"[71] - דער ענין פון אחדות.

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס ביום השבת איז אפילו אן עם-הארץ ניט משקר (וואס דערפאר גלויבט מען אים בנוגע צו דמאי) - ווארום דעמולט איז מאיר דער "אמה הוי׳ לעולם"[72], דער אמת איז מאיר בעולם.

און דערפאר בשעת מ׳גייט אריין פון ר"ה (וואס דעמולט טראגט מען בגדי יו"ט) גלייך אין שבת (וואס דעמולט טראגט מען בגדי שבה) - ווערט מען נתעלה צו א העכערע דרגא, אפילו העכער דדי די דרגא פון ר"ה מצ"ע.

יח. עפ"ז וועט מען פארשטיין דעם קשר פון דער הוראה (בקביעות שנה זו) דערפון וואס פון ר"ה גייט מען אריין גלייך אין שבת, מיט דער הוראה דערפון וואס דעמולט לייענט מען אלעמאל פ׳ האזינו:

דאס וואס פון ר"ה גייט מען גלייך אריין אין שבת - איז מדגיש, און נאכמער - דאס טוט אויף, אז עס זאל זיין נאך ביהר שאת וביהר עז "האזינו השמים ואדברה ותשמע הארץ אמרי פי", אז "שמים" זאלן זיין קרוב צו איס און "ארץ" זאל זיין רחוק,

ווארום, ווי גערעדט פריער (סי"ד), טוט אויף יום השבת אז מ׳זאל זיין קרוב צו שמים און רחוק פון ארץ, וואס דערפאר איז בשעת ר"ה גייט אריין גלייך אין שבת, ווערט מען דעמולט נתעלה פון די דרגא פון ר"ה אין די דרגא פון שבת - טוט זיך אויף נאכמער רער ענין אז שמים זאל זיין קרוב און ארץ - רחוק.

דער איד אליין שטייט העכער סיי פון שמים און סיי פון ארץ, און ער איז א מלך וואס איז מולט אויף זיי, און שמים וארץ הערן זיך צו וואס ער האט צו זאגן, "האזינו השמים ואדברה והשמע הארץ אמרי פי" - ווארום שמים וארץ זיינען דאך באשאפן געווארן צוליב אידן[73];

אבער אין דערויף גופא - שטייט ער בקירוב צו עניני

- שמים -

---

71) ר"ה ו, סע"ב. 72) תהלים קיז, ב. 73) פרש"י ר"פ בראשית.



הנחה הה׳ בלתי מוגה

שמים, און בריחוק פון עניני ארץ, פון ארציות, און ניט נאר פון ארציות כפשוטו (וואס דאס דארף מען אפילו ניט שולל זיין) - נאר אפילו פון אזא "ארץ" וואס הערט "אמרי פי", דברי תורה.

יט. און דער ענין הנ"ל איז מודגש בקביעות שנה זו, און דערפון דארף מען ארויסנעמען א לימוד והוראה על כל השנים (ס'איז מערנים אז בשנה זו שטייט עס בגלוי).

ובפרט אז מ'געפינט זיך איצטער אין שנת הקהל, וואס פון הקהל האט מען גענומען אויף "כל הימים אשר אתם חיים על האדמה"[74].

וואס דאס איז נאכמער ווי דער ענין פון עלי' לרגל: ס'איז מבואר אין לקו"ח[75] אז בעת מ'האט עולה רגל געווען האט מען דערפון גענומען חיות ביז דעם קומענדיקן מאל וואס מען האט עולה רגל געווען, ביז - אז מ'האט דערפון, לדוגמא פון חגה"פ, גענומען חיות על כל השנה ביז חגה"פ איבער-א-יאר;

בא דער קריאה פון הקהל אבער, איז כאטש וואס זיבן יאר נאך דעם וועט מען דאס הערן נאכאמאל - האט זיך אבער געצויגן די השפעה פון דעם אויף "כל הימים אשר אתם חיים על האדמה", די גאנצע הונדערט און צוואנציק יאר פון א מענטשן'ס לעבן.

כ. די הוראה בפועל מהנ"ל:

מ'מאנט בא א אידן אז ער זאל וויסן, אז ער איז העכער פון שמים און פון ארץ, און שמים וואדן דארפן זיך צוהערן צו אים; וביחד עם זה זאגט מען אים אז אין דערויף גופא דארף ער זיין בקירוב צו "שמים" - תורה, און בריחוק פון ארץ, ארציות:

מ'מאנט דאך אז מ'זאל טאן אין די מבצעים, און מ'זאל זיך קאכן אין "המעשה הוא העיקר"[76], און אין לעשות לו יתבדך דירה בתחתונים, און אין דער מעלה פון מעשה בכלל - דארף ער אבער וויסן אז זיין ענין איז צו זיין קרוב צו "שמים" - זיין מציאות איז תורה.

ער דארף טאקע טאן אין מעשה בפועל אויף צו מאכן א דירה בתחתונים, ווארום דאס איז זיין שליחות - ער דארף דאס אבער טאן אין אן אופן פון "<u>השמע</u> הארץ", בריחוק פון דער ארציות פון די התחתונים, און בקירוב צו עניני שמים, צו

- תורה -

---

74) וילך שם, יג. 75) ברכה צה, ב. 76) אבות פ"א מי"ד.

תורה, ווארום זיין מציאות איז תורה - "וכל בניך לימודי ה׳".

כא. וואס בנוגע לפועל מיינט עס בפשטות: יעדער איינער דארף מוסיף זיין אין לימוד התורה:

די וואס האבן קביעות עתים לתורה ווי ע"פ שו"ע - דארפן מוסיף זיין אין דערויף.

און די וואס "תורתם אומנתם"[77], איז אע"פ וואס זיי לערנען א גאנצן טאג - איז אבער אויך בא זיי די זמנים פון אכילה, שתי׳, שינה וכו׳ [בדי צו האבן א רואיקע קאפ אויף לערנען, און כדי עס זאל זיין "ונשמרתם מאד לנפשותיכם"[78], וואס "היות הגוף בריא ושלם מדרכי ה׳ הוא"[79]], ועד"ז איז בא זיי אויך דא דער זמן, פון עשיית סוכה ולולב וכו׳ (ע"ד ווי בא רשב"י)[80] -

דארפן זיי אראפנעמען פון די זמנים, און אויסנוצן דאס אויף לערנען תורה נאכמער.

ובפרט בשנה זו, שנת הקהל, וואס דער עני[ן] פון הקהל איז - לימוד התורה: הערן די פרשיות בתורה וואס דער מלך לייענט, לערנען דאס וכו׳.

ובפרט אז מ׳קומט איצטער פון ר"ה, וכידוע די הנהגה פון רבותינו נשיאינו (פון כ"ק ארמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע און בנו, כ"ק מו"ח אדמו"ר) בקשר מיט ר"ה - אז יעדער ר"ה פלעגן זיי אנעמען אויף זיך א נייעם הידור אין תומ"צ (ווי ס׳איז שוין געדרוקט די שיחה וועגן דעם[81]).

ועד"ז קומענדיק איצטער פון ר"ה דארף יעדערער אנעמען אויף זיך צו מוסיף זיין במשך השנה אין תומ"צ בכלל, ובמיוחד - אין לימוד התורה כפשוטו.

און אזוי ווי מ׳האט דאך דעם כלל אז "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה"[82] - וועט דער אויבערשטער זיכער צושטעלן יעדן איינעם במשך כל השנה די מעגליכקייטן און די כחות צו אראפברענגען די מחשבה והחלטה טובה לידי מעשה, ווי ער איז מפרש דעם מאמר רז"ל אין תניא[83].

- כב. -

---

77) ראה שבת יא, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ד-ה. 78) ואתחנן ד, טו. וראה ברכות לב, סע"ב. שו"ע אדה"ז חו"מ הל׳ שמירת גוף ונפש ובל תשחית ס"ג-ד ובהנסמן ב"מ"מ וציונים" שם. 79) רמב"ם הל׳ דעות רפ"ד. 80) ירושלמי ברכות פ"א סוף ה"ב. שבת פ"א סוף ה"ב. 81) ספר המנהגים-חב"ד ריש ע׳ 56. ודאה גם לקו"ש ח"ב ע׳ 386. סה"מ עזר"ת ע׳ עז. 82) דאה קידושין מ, א. 83) פט"ז. וראה סה"מ הש"ב ע׳ 87.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

כב. ויש לקשר האמור לעיל מיט דער שיחה הידועה (וואס איז שוין געדרוקט[84]), אז בסוף יום ב' דר"ה פלעגן רבותינו נשיאינו זאגן דא"ח און דאס אריינציען פון דעם זמן פון ר"ה אין דעם זמן פון נאך ר"ה (די ימי השנה), כדי צו מקשר זיין ר"ה מיט כל השנה כולה,

און בא יעדער נשיא איז דער ר"ה געווען מיט א מינוס לייגער (פשוט אויפן זייגער) ווי בא דעם נשיא שבדור שלפניו[85].

ולכאורה אינו מובן:

דער בעש"ט איז דאך געווען א "מאור הגדול"[86] - איז היתכן צו זאגן אז דער מגיד, וואס ער איז געווען נאך דעם בעש"ט, האט מוסיף געווען אין ר"ה "מיט איין מינוס מער" פון דעם בעש"ט; און עד"ז דערנאך אז דער אלטער רבי האט מוסיף געווען "מיט צוויי מינוס מער" פון דעם בעש"ט?!

ועד"ז לויט דער צווייטער גירסא - אז דער ענין האט זיך אנגעהויבן פון דעם אלטן רבי'ן, וואס אויך ער איז געווען א "מאור הגדול"[86] - איז היתכן צו זאגן אז דער מיטעלער רבי האט מוסיף געווען א מינוס אויף דעם אלטן רבי'ן, ביז אז בא דעם צ"צ איז געווען דער ר"ה מיט פיר מינוס מער ווי ביים בעש"ט (ווי עס שטייט אין דער שיחה)?!

איז דער ביאור בזה: מצד דער ירידה שבכל דור ודור לגבי דעם דור שלפניו, ע"ד ווי רז"ל זאגן[87] אז "בכל יום ויום מרובה כו' משל חבירו" - דארף מען אין יעדן דור אנקומען צו א הוספה אין ברכה לגבי דעם דור שלפניו, און וויבאלד אז יעדער ענין (אויך אין וועלט) איז פארבונדן מיט תורה - דערפאר האט יעדער נשיא מוסיף געווען אין דעם זמן פון אמירת דא"ח לגבי דעם נשיא שלפניו.

דער ביאור איז דאך אבער מצד אן ענין שלילי ובלתי רצוי; ס'איז אבער אויך דא א ביאור ווי דאס איז מצד "ועשה טוב" - אז בכל דור ודור קומט צו אין "עשה טוב", און דערפאר האט יעדער נשיא מוסיף געווען לגבי הנשיא שלפניו.

נאר בא רבותינו נשיאינו איז געווען גענוג צו מוסיף זיין איין מינוס פאר א גאנצן דור; משא"כ בא אנשים כערכנו איז הלואי זאל מען מוסיף זיין גענוג ענינים אין תורה, וואס זאל זיין גענוג אויף איין יאר צייט!

- כג. -

---

84) סה"ש תש"ד ע' 11. וראה גם סה"ש תש"ה ע' 10.
85) סה"ש תש"ה שם. 86) סה"ש תש"ג ע' 142. ועוד.
87) סוטה מט, א.

כג. וואס כל הנ"ל איז הערות והארות והסברות; דער עיקר איז אבער מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר":

מ'זאל בפועל ממש מוסיף זיין אין לימוד התורה, כולל אויך פנימיות התורה.

ובמיוחד זאל מען זיך משהדל זיין אויפצוטאן בנוגע צו לימוד התורה ברבים, וואס זכות הרבים מסייעתם[88], און וויבאלד אז ער האט גע'פועל'ט אז די רבים זאלן לערנען תורה, ווערט עס אויך זיין זכות, ווי דער דין איז אין יורה דעה[89], אז איינער וואס העלפט א צווייטן לערנען תורה, איז דאס נחשב "כאילו הוא לומד בעצמו" - אויב ער מאכט פאר דערויף א תנאי[90].

כד. און וויבאלד אז "תלמוד גדול שמביא לידי מעשה"[91] - איז א זיכערע זאך אז די הוספה אין לימוד התורה וועט ניט גורע זיין אין מעשה המצוות[92], און אפילו ניט אין טאן אין די מבצעים,

ואדרבה - די הוספה אין לימוד התורה וועט פועל'ן אז עס זאל זיין א הוספה אין מעשה המצוות און אין די מבצעים.

און דאס וועט אויך ברענגען א הוספה אין דער ברכה פון דעם אויבערשטן, וואס ס'איז שוין זיכער געווען דער נכתבין ונחתמין לאלתר בספרן של צדיקים גמורין[93] -

אז עס ווערט א שנה אורה, שנת ברכה, און שנת גדולה און שנה גאולה, פארבונדן מיט א שנה תורה, שנת תפלה און שנת תשובה, מיט די אלע ברכות וואס הויבן זיך אן מיט די אותיות שבינהיים, וואס זיינען זיך כולל אלע ברכות,

ביז צו דער ברכה העיקרית - גאולה האמיתית והשלימה למטה מעשרה טפחים, בקרוב ממש.

* * *

כה. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה שובה ישראל גו'.

* * *

כו. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע מיט די דיוקים שבזה.

וואס בכלל דארף מען דאך מכריז זיין אין וועלכן

- קאפיטל -

88) ראה אבות פ"ב מ"ב. 89) ר"ס רמו. 90) רמ"א שם.
91) קידושין מ, ב. 92) ראה הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ג-ד.
93) ראה ר"ה טז, ב.

קאפיטל איז דער רש"י וואס מ'וועט אפלערנען; משא"כ בפרשתנו איז דאס ניט נויטיק, ווארום די גאנצע פרשה (האזינו) איז איין קאפיטל - קאפיטל לב.

וואס הגם אז עס זיינען דא מערערים אויף דער חלוקה אויף קאפיטלעך אין חומש[94] משא"כ בנוגע צו די פרשיות פתוחות וסתומות (וואס אין יעדער קאפיטל זיינען דא כמה מהם), וואס דאס איז דאך פון משה רבינו[95] - דערפון אבער וואס די חלוקה אויף קאפיטלעך איז נתקבל געווארן בתפוצות ישראל, איז פארשטאנדיק, אז אויך דאס איז מדויק און ס'איז דא אן ענין אין דעם.

כז. דער ביאור וואס מ'קען זאגן אין דעם וואס (גאנץ) פ' האזינו איז קאפיטל לב:

מ'האט גערעדט פריער (סי"ב) אז פ' האזינו איז די לעצטע פרשה אין תורה וואס מ'לייענט ביום השבת (פאר דעם וואס מ'הויבט אן ליינען די תורה פון-דאס-ניי) - ווארום פ' וזאת הברכה לייענט מען אלעמאל בשמחת תורה, און שמח"ת קען קיינמאל ניט אויסקומען ביום השבת ווארום "לא אד"ו ראש"[96], קען דאך יום ב' דר"ה ניט זיין בשבת, און שמח"ת איז אלעמאל דער זעלבער טאג אין וואך ווי יום ב' דר"ה,

וואס אין דערויף (אז פ' האזינו איז די לעצטע פרשה וואס מ'לייענט בשבת) איז מודגש אז פ' האזינו איז פארבונדן מיט כל התורה כולה.

ובפרט אז גאנץ פ' האזינו איז דאך "דברי התורה הזאת"[97], אז אידן זאלן מקיים זיין די גאנצע תורה, "התורה הזאת"[98].

און וויבאלד אז אין פ' האזינו שטייט בהדגשה כל התורה כולה, דערפאר איז די גאנצע פרשה קאפיטל "לב" - ווי מ'געפינט בכמה ענינים אז תורה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון לב:

די תורה ענדיקט זיך מיט דעם למ"ד פון "לעיני כל ישראל", און הויבט זיך אן מיט דעם בי"ת פון "בראשית", וכמבואר אין ספרים[99] אז וויבאלד "נעוץ סופן בתחלתן"[100] איז די צוויי אותיות, למ"ר (פון סוף התורה) און בי"ת (פון התחלת התורה), ווערן דער ווארט "לב".

- עד"ז -

---

94) דאה ספר התודעה ח"ב ע' שמ. שם ע' שנא-שנב. וראה גם לקו"ש יתרו השל"ח הע' 40. 95) ראה לקו"ש חט"ו ע' 425 הע' 17. 96) רמב"ם הל' קדה"ח דפ"ז. טוד או"ח ר"ס תכח. 97) פרשתנו לב, מד. 98) ל' הכתוב - שם, מו. 99) ראה תו"ש ר"פ בראשית אות יט. וש"נ. 100) ספר יצירה פ"א מ"ז.

עד"ז איז בנוגע צו דעם פרק לב אין תניא [וואס אע"פ אז לכתחלה האט עס דער אלטער רבי ניט אריינגעשטעלט אין תניא[101], אבער דערנאך האט ער דאך עס יע אריינגעשטעלט],

וואס דער פרק רעדט וועגן אהבת ישראל, "ואהבת לרעך כמוך"[102], און אז "כולן מתאימות ואב א' לכולנה כו'".

וואס דער ענין פון אהבת ישראל איז דאך אויך "כל התורה כולה"[103].

ובפרט לויט דעם וואס דער רמב"ם[104] זאגט אז "כל התורה ניתנה לעשות שלום בעולם", וואס דאס הויבט זיך אן פון דעם וואס ס'איז דא שלום און אהבת ישראל צווישן אידן, וואס דאס ברענגט אז עס זאל זיין שלום ואהבה צווישן דעם אויבערשטן מיט אידן, ווי רש"י'ס צווייטער פירוש (אין מסכת שבת[105]) אויף "דעלך סני לחברך לא תעביד", אז "לחברך" גייט אויף דעם אויבערשטן, ווי עס שטייט[106] "רעך ורע אביך אל תעזוב", וואס "רעך זה הקב"ה".

וואס ע"פ הנ"ל, אז כל התורה כולה איז פארבונדן מיט "לב" — איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו פ' האזינו, קאפיטל לב פון משנה תורה.

כח. אין פרשתנו אין דעם לעצטן פסוק[107] פון דעם שיעור חומש פון יום ב' דר"ה (פון ששי ביז שביעי) שטייט: "הרנינו גוים עמו כי דם עבדיו יקום ונקם ישיב לצריו גו'".

שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "הרנינו גוים עמו" און איז מפרש: "לאותו הזמן ישבחו האומות את ישראל, ראו מה שבחה של אומה זו שדבקו בהקב"ה בכל התלאות שעברו עליהם ולא עזבוהו, יודעים היו בטובו ובשבחו".

דארף מען פארשטיין:

א) וואו איז מרומז אין פסוק די אלע ענינים וואס רש"י זאגט: עס שטייט דאך מערניט ווי "הרנינו גוים עמו", אז די גוים וועלן משבח זיין די אידן — איז פון וואנעט נעמט רש"י זיין פירוש אין וואס וועט זיין דער שבח?

ב) אדרבה: אין המשך הפסוק שטייט בפירוש וואס וועט זיין דער שבח: "כי דם עבדיו יקום ונקם ישיב לצריו גו'" —

— וואס —

------------

101) בהמהדו"ק — ראה "רשימה קצרה של כתבי יד ספר התניא" (בסו"ם התניא הוצאת קה"ת השל"ט ואילך). 102) קדושים יט, יח. 103) שבת לא, א. 104) סוף הל' חנוכה. 105) שם ד"ה דעלך. וראה גם שמו"ר רפכ"ז. פרש"י עה"פ משלי כז, י. 106) משלי שם. 107) פסוק מג.

וואס לכאורה איז ניטא קיין גרעסערן שבח דערפון, אז דער אויבערשטער שטעלט זיך איין פאר אידן - איז אויב רש"י וואלט מערניט ווי מפרש געווען אז די גוים וועלן משבח זיין אידן, וואלט דער בן חמש למקרא אליין געוואוסט וואס דער שבח איז;

זאגט אבער רש"י - ניין! דער שבח איז ניט ווי עס שטייט אין פסוק "דם עבדיו יקום גו'", נאר אן אנדער זאך לגמרי וואס איז לכאורה אינגאנצן ניט מרומז אין פסוק - "שדבקו בהקב"ה כו'"?!

ג) פארוואס זאגט רש"י די ביידע לשונות, ("יודעים היו") "בטובו" און "ובשבחו"?

ד) אפילו אויב ס'איז דא א הכרח אז "יודעים היו בטובו ובשבחו" (ביידע לשונות) פון דעם אויבערשטן - וואס איז אבער נוגע דא דער טעם פארוואס "דבקו בהקב"ה בכל התלאות שעברו עליהם ולא עזבוהו"?

ה) וואס איז דא דער דיוק אז נוסף צום שבח וואס די גוים וועלן משבח זיין אידן - איז דא נאך א שבח: "יודעים היו בטובו ובשבחו"?

כט. דערנאך שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "כי דם עבדיו יקום", און זאגט: "שפיכות דמיהם כמשמעו".

דארף מען דא פארשטיין: דער פירוש רש"י איז דאך לכאורה מפרש נאר די ווערטער "דם עבדיו" - הייגט פארוואס איז ער מעתיק (אויך) די ווערטער "כי" און "יקום"?

דערנאך שטעלט זיך רש"י אויף "ונקם ישיב לצריו", און איז מפרש: "על הגזל ועל החמס, כענין שנאמר[108] מצרים לשממה תהי' ואדום למדבר שממה תהי' מחמס בני יהודה, ואומר[109] מחמס אחיך יעקב וגו'".

דארף מען פארשטיין:

א) פון וואנעט נעמט רש"י פון פסוק אז "ונקם ישיב לצריו" איז פאר די צוויי זאכן - סיי "גזל" און סיי "המס"?

ב) אפילו אויב ס'איז דא א הכרח אז דאס איז "על הגזל ועל החמס" - איז אבער אין ביידע פסוקים וואס רש"י ברענגט פון זיי א ראי' ווערט דערמאנט נאר "חמס" און ניט "גזל"?!

ג) נאכן צווייטן פסוק ("מחמס אחיך יעקב") זאגט רש"י - "וגו'" -

------------

108) יואל ד, יט. 109) עובדי' א, י.

"וגו׳", משא"כ נאכן ערשטן פסוק ("מצרים לשממה תהי׳ גו׳") זאגט ער דאס ניט - אע"פ אז אויך דעם פסוק איז רש"י ניט מעתיק ביזן סוף פסוק.

די קשיא ווערט נאכמער:

אין ספרי עה"פ ברענגט ער דעם ערשטן פסוק בשלימותו, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די ראי׳ איז פון דעם גאנצן פסוק - און רש"י (איז ניט נאר וואס ער ברענגט ניט דעם סיום הפסוק בפירוש, נאר ער) איז אפילו ניט מרמז דערצו מיט א "וגו׳"?

ד) פארוואס דארף רש"י ברענגען א ראי׳ פון צוויי פסוקים? ובפרט אז אין ספרי ברענגט ער נאר איין פסוק - "מצרים לשממה תהי׳ וגו׳"?

בדוחק קען מען ענטפערן אז דער ערשטער פסוק אליין איז ניט גענוג - וואדוס דארטן שטייט "מחמס בני יהודה", קען מעג טייטשן אז דאס רעדט זיך נאר וועגן בני יהודה, ניט וועגן אלע אידן - דערפאר ברענגט ער (אויך) דעם צווייטן פסוק, וואס דארטן שטייט "מחמס אחיך יעקב", וואס דאס גייט אויף אלע אידן.

מען דארף אבער פארשטיין: לפ"ז וואלט רש"י געדארפט ברענגען נאר דעם צווייטן פסוק?

ל. דאס אלץ זיינען שאלות אין פירוש רש"י על אתר; בשעה דער בן חמש למקרא געדענקט וואס ער האט פריער געלערנט, ווערט ביי אים נאך א שאלה:

אין פ׳ נח[110] טייטשט רש"י "חמס" - "גזל", און דערנאך זאגט ער דארטן נאכמאל עה"פ[111] "כי מלאה הארץ חמס - לא נחתם גזר דינם אלא על הגזל".

איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק וואס רש"י זאגט בפרשתנו "על הגזל ועל החמס". ד.ה. אז גזל און חמס זיינען גאר צוויי באזונדערע ענינים?!

לא. און די אלע דיוקים דארפן זיין פארשטאנדיק אין פשוטו של מקרא פאר א בן חמש למקרא, אז ער זאל ניט דארפן אנקומען צו מפרשי רש"י וכיו"ב,

ובפרט אז אלע מפרשי רש"י (וואס איך האב געזעהן) שטעלן זיך בכלל ניט אויף די אלע דיוקים.

- ובפרט -

------------

110) ו, יא. 111) שם, יג.

ובפרט אז אויך מלמדים אין חדר לערנען דאס ניט מיט די קינדער (ע"פ רוב) - ווארום פ' האזינו קומט אויס אלעמאל בין הזמנים,

און אפילו אויב מ'לערנט עפעס יע פון דער פרשה, איז דאס נאר בההחלתה, ובפרט אז אין דער פרשה זיינען פאראן לאנגע און שווערע רש"י'ס, און "פנים אחרים"[112] - קומט מען כמעט קיינמאל ניט צו לערנען דעם פסוק הנ"ל מיט פרש"י, וויבאלד אז דער פסוק איז קרוב לסוף הפרשה.

און אויך די וואס לערנען דעם פסוק מיט פירוש רש"י אלס א חלק פון "שנים מקרא ואחד תרגום"[113] - לייענט מען דאס אלץ אפ בחדא מחתא און בנשימה אחת.

א חסיד האט אמאל געפרעגט ביי א צווייטן חסיד: פארוואס ער דאווענט אזוי שנעל?

האט ער אים געענטפערט, אז דאס איז אים געשמאק - כאפט ער דאס!

האט ער אים ווייטער געפרעגט: אויב אזוי פארוואס דאווענט דייך רבי ניט אזוי שנעל?!

האט ער אים געענטפערט, אז בא דעם רבי'ן איז דאס הייס, קען ער דאס ניט כאפן, און דערפאר גייט ער צוביסעלעך; אבער ביי אים איז דאס ניט הייס, אבער ס'איז געשמאק - כאפט ער דאס.

ועד"ז בעניננו, אז מ'זאגט אפ "שנים מקרא ואחד תרגום" מיט פרש"י בנשימה אחת.

לב. אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו, שטעלט ער זיך[114] אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר[115] עה"פ[116] "כי חלק ה' עמו יעקב חבל נחלתו" - "דלא יהב להו לרברבא ולא למלאכא ולא לממנא אחרא",

און ער איז מבאר, אז "רברבא הוא השרפים שבבריאה . . מלאכא הוא החיות שביצירה . . ממנא הוא האופנים שבעשי'. והוא ע"ד מלאך שרף שליח האמור בהגדה", וואס אויך די דריי סוגים ("מלאך", "שרף" און "שליח") זיינען אין די דריי עולמות בי"ע, און מ'איז שולל אז יצי"מ איז ניט געווען "לא

- על -

---

112) פרש"י פרשתנו שם. 113) ראה שו"ע או"ח סרפ"ה ס"ב. שו"ע אדה"ז שם. 114) לקוטי לוי"צ לזח"ג ס"ע תסד ואילך. 115) ח"ג רחץ, ב. 116) פרשתנו שם, ט.

הנחה הת' בלתי מוגה

על ידי מלאך ולא על ידי שרף ולא על ידי שליח", אז דאס איז ניט געווען דורך די דריי סוגי מלאכים אין בי"ע, נאר דורך דעם אויבערשטן אליין,

און דערנאך זאגט ער (אין דער הערה), אז "היבת אחרא האמור כאן ("ממנא אחרא") הוא ע"ד אני הוא ולא אחר האמור שם (בהגדה)", וואס דאס איז די דרגא פון אצילות,

וכמבואר אין די דרושים[117] אז בחי' "אחר" איז די בחינה (אין אצילות) וואס נעמט חיותה פון חיצוניות המקיף, וואס דארטן איז "אם תגביה כנשר"[118], "כחשיכה כאורה"[119], און בקשה משה נאכן חטא העגל איז געווען אז עס זאל זיין "ונפלינו אני ועמך גו'"[120], אז השראה השכינה זאל ניט זיין בבחינה "אחר".

עפ"ז דארף מען אבער פארשטיין: פארוואס דארף ער זאגן (אין זהר) אלע פיר לשונות - עס וואלט געווען גענוג ווען ער זאגט נאר דעם לשון "אחרא", וואס איז אין אצילות - אז ~~דער אויבערשטער האט־נישט אפגעגעבן־איידן, "לא יהיב להו"~~ אפילו צו "אחרא" אין אצילות, ובדרך ממילא וועט זיין פארשטאנדיק אז "לא יהיב להו" צו א נידעריקערע דרגא דערפון - בי"ע?

בשלמא אין הגדה, מוז ער זאגן אלע פיר לשונות - ווארום אויב ער וואלט זאגן נאר איין לשון, וואלט מען געקענט מיינען אז דאס איז ממעט נאר די נידעריקסטע דרגא, עולם העשי', און אז עס קומט צו א צווייטער לשון, איז דאס ממעט א העכערע דרגא, יצירה וכו', און כדי צו ממעט זיין אלע פיר דרגות, אבי"ע, מוז ער זאגן אלע פיר לשונות;

אבער אין זהר וואו ער איז דאך ניט אויסן צו מאכן מיעוטים און לימודים - האט ער געדארפט אויסקלייבן דעם לשון וואס איז כנגד אצילות, און שולל זיין אז "לא יהב להו" צו דער דרגא, ובדרך ממילא וועט זיין מושלל אז "לא יהב להו" צו נידעריקערע דרגות?

און דאס איז ער ניט מבאר אין דער הערה, פארלאזנדיק זיך אז מ'וועט זיך אליין כאפן אויפן ביאור, וכפי שיתבאר לקמן.

לג. כאן המקום צו מבאר זיין דאס וואס מ'האט גערעדט אין א פריערדיקער התוועדות[121] בקשר מיט א פרש"י אין סוף פרשתנו[122].

- אויף -

-------------

117) לקו"ת צו יב, ג ואילך. 118) עובדי' א, ד.
119) ל' הכתוב - תהלים קלט, יב. 120) תשא לג, טז.
121) שיחת ש"פ ראה, מבה"ח אלול. 122) לב, מה.

הנחה הת' בלתי מוגה

אויף "וידבר ה' אל משה בעצם היום הזה", שטעלט זיך רש"י און זאגט, אז "בשלשה מקומות נאמר בעצם היום הזה", בא כניסת נח וכו' אין דער תיבה[123], בא יצי"מ[124] און דא (אין אונזער פרשה),

און ער איז מבאר דעם צד-השוה שביניהם, אז בני דורו של נח, די מצריים און אידן האבן געזאגט "בכך וכך אם אנו מרגישין כו' ולא עוד אלא נוטלין וכו'", און זיי וועלן ניט דערלאזן אז נח זאל אריינגיין אין דער תיבה, ניט לאזן אידן ארויסגיין פון מצרים, און ניט דערלאזן אז משה זאל שטארבן (ווי רש"י איז מבאר בפרטיות), און - "אמר הקב"ה הריני כו' בחצי היום וכל מי שיש בו כח למחות יבוא וימחה".

האט מען דעמולט געפרעגט: אין פ' לך לך[125] בא מילת אברהם וכו' שטייט אויך "בעצם היום הזה", און רש"י איז דארטן מפרש "בעצם היום הזה" ע"ד ווי אין די "שלשה מקומות" - "בו ביום שנצטוה ביום ולא בלילה, לא נתיירא לא כן הגוים ולא מן הליצנים ושלא יהיו אויביו ובני דורו אומרים אילו ראינוהו לא הנחנוהו למול ולקיים מצותו של מקום" - איז פארוואס זאגט רש"י בפרשתנו אז (נאר) "בשלשה מקומות נאמר בעצם היום הזה" און רעכנט ניט אויך דאס וואס שטייט אין פ' לך?

לד. האט מען אמאל[126] גערעדט דעם ביאור בזה, אז אין פ' לך רעדט זיך וועגן דער גדלות פון אברהם אבינו, משא"כ אין די "שלשה מקומות" וואס רש"י רעכנט אויס, רעדט זיך וועגן מעלת הקב"ה, און דערפאר רעכנט ניט רש"י דעם פסוק אין פ' לך, וויבאלד ער איז ניט פון דעם סוג פון די "שלשה מקומות".

דאס איז אבער א תירוץ דחוק: דא איז דאך נאר נוגע דער טייטש פון "בעצם היום הזה", און למאי נפק"מ צי אברהם האט געטאן דעם ענין צי דער אויבערשטער?

לה. עס זיינען דא מפרשים[127] וואס לערנען, אז "בעצם היום הזה" אין פ' לך מיינט אז "ביום שנצטוה" האט דאס אברהם מקיים געווען, ס'איז אבער ניטא קיין הכרח אז דאס מיינט אז ס'איז געווען באמצע היום, ווי אין די "שלשה מקומות" וואס רש"י רעכנט אויס.

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן, וואדום אין פ' לך דארטן שטייט צוויי מאל "בעצם היום הזה", איז אויף איין מאל קען

- מען -

------------

123) נח ז, יג. 124) בא יב, נא. 125) יז, כג.
126) לקו"ש האזינו תשל"ו הע' 2. 127) שפ"ח עה"פ פרשתנו שם. לך שם.

מען זאגן אז דאס קומט צו זאגן אז ער האט עס מקיים געווען "ביום שנצטוה", בנוגע אבער צו דעם צווייטן מאל וואס דאס שטייט קען מען דאך דאס ניט זאגן,

ובפרט אז רש"י זאגט טאקע דעם פירוש אז ער האט עס מקיים געווען "בו ביום שנצטוה".

לו. נאך א פירוש וואס מפרשים זאגן[128]:

עס שטייט אין פרדר"א[129] אז פון דעם "בעצם היום הזה" וואס שטייט בא יוהכ"פ[130] לערנט מען אפ א גזירה-שוה אויף "בעצם היום הזה" וואס שטייט אין פ' לך - אז מילת אברהם איז געווען ביוהכ"פ.

און דער תנא וואס (רש"י ברענגט אין פרשתנו וואס) רעכנט נאר "שלשה מקומות" וואו עס שטייט "בעצם היום הזה" - לערנט די גזירה-שוה, און דערפאר קען ער ניט לערנען אז דער "בעצם היום הזה" וואס שטייט בא אברהם אבינו איז אין דעם זעלבן סוג ווי די "שלשה מקומות" (ד.ה. אז מ'לערנט דערפון אפ אז דאס איז געווען באמצע היום) - ווארום דער "בעצם היום הזה" איז פארנומען אויף דער גזירה-שוה, ניט "מופנה", במילא קען מען דערפון ניט ארויסלערנען א צווייטע זאך.

מ'קען אבער אזוי אויך ניט זאגן: ווען עס וואלט זיך גערעדט וועגן א לימוד פון פסוק - איז א נפק"מ צי ס'איז "מופנה" צי ניט; אבער דא רעדט זיך דאך מערניט ווי וועגן דעם אפטייטש פון די ווערטער "בעצם היום הזה", וואס א טייטש בייט זיך ניט אפילו ווען דער ווארט איז ניט "מופנה".

ועוד ועיקר: אין פ' לך איז רש"י ניט מפרש אז מילת אברהם אבינו איז געווען ביוהכ"פ (מצד א גזירה-שוה), ער זאגט אן אנדער פירוש.

לז. איז דער ביאור בזה:

רש"י (בפרשתנו) זאגט אז אין די "שלשה מקומות" וואו עס שטייט "בעצם היום הזה", איז דער פירוש אז דער מאורע וועגן וועלכן עס רעדט זיך, האט געטראפן "בחצי היום".

אין פ' לך קען מען אבער ניט לערנען אז "בעצם היום הזה" מיינט "בחצי היום" - ווארום בשעת מ'זאגט אז א געוויסער מאורע האט געטראפן "בחצי היום" הייסט עס אז בעצם האט עס געקענט טרעפן אין אן אנדער צייט, אבער מ'האט מדייק געווען עס זאל זיין דוקא "בחצי היום".

- וואס -

---

128) משכיל לדוד עה"פ פרשתנו שם. 129) פכ"ט.
130) אמור כג, כח.

וואס בנוגע צו מילת אברהם קען מען דאס ניט זאגן:

בא דער עקידה שטייט[131] "וישכם אברהם בבוקר גו'" צו מקיים זיין ציווי ה', און רש"י טייטשט דארטן "נזדרז למצוה",

[און כדי וויסן אז אברהם פלעגט מקיים זיין ציווי ה' בזריזות - פארשטייט מען אויך דערפון וואס דער אויבערשטער האט געזאגט אויף אברהם'ן[132] "כי ידעתיו גו'", און רש"י איז מפרש: "לשון חיבה", וואס דערפון פארשטייט דער בן חמש למקרא אליין אז אברהם איז געווען א איד א צדיק, א פאלגער, א מאמין - איז אז דער אויבערשטער האט אים עפעס אנגעזאגט, איז ער זיכער גלייך געגאנגען דאס מקיים זיין].

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק אז גלייך בשעת דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אברהם וועגן ברית מילה - האט ער אויף גארניט געווארט און איז גלייך געגאנגען מקיים זיין די מצוה,

במילא האט ניט קיין ארט צו זאגן אז דאס איז געווען דוקא "בחצי היום": אויב דער ציווי איז געווען צוויי שעות (למשל) פאר חצות, האט עס אברהם דעמולט מקיים געווען, אויב דער ציווי איז געווען נאך חצות, האט עס אברהם דעמולט מקיים געווען.

לח. און דער חידוש אין "בעצם היום הזה", איז - אז אברהם האט מקיים געווען די מצוה "בו ביום שנצטוה ביום ולא בלילה, לא נתיירא לא מן הגוים ולא מן הליצנים ושלא יהיו אויביו ובני דורו אומרים אילו ראינוהו לא הנחנוהו למול ולקיים מצותו של מקום":

וויבאלד אז די גוים וואלטן געזאגט אז זיי וועלן ניט לאזן אברהם'ן זיך מל זיין, אדער זיי וועלן אים הרג'נען - איז דא א סברא אז ער זאל זיך דעמולט ניט מל זיין, ווארום זיי וועלן אים טיי-ווי ניט לאזן דאס טאן, נארווארטן ביז ביינאכט, וואס דעמולט וועט ער קענען מקיים זיין מצות מילה,

[דער עניין אז מילה דארף זיין ביום ולא בלילה לערנט מען אפ[133] פון א פסוק ערשט אין פ' תזריע[134] -]

איז דער פסוק מחדש אז ער האט ניט געווארט ביז ביינאכט, נאר "בעצם היום הזה" - "בו ביום שנצטוה (און דאס גופא) ביום ולא בלילה", האט ער מקיים געווען די מצוה.

פארוואס האט ער טאקע ניט געווארט ביז ביינאכט ווען

- עד -

------------

131) וירא כב, ג. 132) שם יח, יט. 133) תו"כ עה"פ תזריע יב, ג. מגילה כ, א. 134) שם.

ער וועט זיכער קענען מקיים זיין די מצוה?

איז דאס דערפאר וואס ער האט ניט געמאכט קיינע חשבונות; בשעת ער האט געהערט ציווי הקב"ה, איז ער גלייך געגאנגען מקיים זיין די מצוה!

ועד"ז ווי ס'איז געווען בא דער עקידה, אז ווען ער האט געהערט דעם ציווי[135] "קח נא את בנך את יחידך גו'", האט ער דאס גלייך מקיים געווען אן איבערטראכטן.

אין מדרש[136] שטייט, אז אברהם האט געזאגט דעם אויבערשטן "הי' לי מה להשיב, אתמול אמרת כי ביצחק וגו'[137] ועכשיו קח נא את בנך וגו'" - אבער אין פרש"י עה"ת שטייט עס ניט.

לט. לפ"ז ווערט דאך צוריק די שאלה הנ"ל: וואס איז דער חידוש אז אברהם האט זיך מל געווען "ביום ולא בלילה" - וויבאלד אז ער איז ניט אריין אין קיינע חשבונות איז פארשטאנדיק אז ער האט זיך גלייך מל געווען?

איז די הסברה בזה:

כמדובר כמ"פ אז מסירת נפש איז שייך נאר אויף אראפ-שפרינגען פון א דאך, אבער ניט אויף ארויפשפרינגען פון אונטן אויפן דאך, ווארום דאס איז ניט הלוי ברצונו, און מס"נ וועט אויף דערויף ניט העלפן.

ועד"ז בנדו"ד:

ווען די גוים זעהן ווי אברהם גייט זיך מל זיין וואלטן זיי אים ניט געלאזן מקיים זיין די מצוה - און אויף דערויף וואלט ניט געהאלפן קיין מס"נ; וואס לפי דעם חשבון האט אברהם געדארפט ווארטן ביז ביינאכט ווען ער וועט זיכער קענען מקיים זיין די מצוה -

איז דער חידוש, אז אעפ"כ האט אברהם אפילו דעם חשבון אויך ניט געמאכט, חשבון אהער חשבון אהין - ער האט געהערט א ציווי פון דעם אויבערשטן האט ער גענומען דעם מעסער און זיך אליין מל געווען און מל געווען "את ישמעאל בנו ואת כל ילידי ביתו ואת כל מקנת כספו כל זכר באנשי בית אברהם"[138]!

מ. די הוראה דערפון איז בפשטות:

יעדער איד איז דאך א "מאמין בן מאמין"[139], וואס דאס

- נעמט -

---

135) וירא כב, ב. 136) ב"ר פנ"ו, י. 137) וירא כא, יב. 138) לך לך שם, יג. 139) ראה שבת צז, א.

נעמט זיך פון דעם ערשטן כאכין וואס דאס איז געווען אברהם אבינו[140] - דארף יעדער איד טאן וואס דער אויבערשטער הייסט אן מאכן קיינע חשבונות און ניט האבן קיינע טענות, פונקט ווי אברהם אבינו.

און דערפאר איז אפילו אויב עס טרעפט א זאך וואס איז לכאורה א דבר פלא ווי האט עס געקענט טרעפן, און מ'קען האבן טענות פארוואס האט עס געטראפן - האט מען אבער ניט קיין טענות, נאר מ'זאגט "הצור תמים פעלו" (ווי עס שטייט בפרשתנו[141]).

פאר דער מעשה - איז מען מרעיש עולמות און מ'טוט אלע ענינים צו פועל זיין אז אלץ זאל זיין בשלימות; אבער לאחר המעשה - האט מען ניט קיין טענות, און מ'פרואווט ניט משנה זיין דעם עבר און מ'איז זיך ניט מתרעם וכו'.

דערנאך אז ער ווערט א למדן און א דרשן און ער לערנט מדרש רבה - זעט ער אז אברהם האט געזאגט צום אויבערשטן "רבון העולמים בשעה שאמרת לי קח נא את בנך את יחידך הי' לי מה להשיב, אתמול אמרת כי ביצחק וגו' ועכשיו קח נא את בנך וגו'" - זעט ער אז מ'קען האבן טענות צו דעם אויבערשטן -

נוצט ער דאס אבער אויס ניט אויף האבן טענות צו דעם אויבערשטן - נאר אזוי ווי אברהם האט אויסגענוצט דאס וואס "הי' לי מה להשיב" צו בעטן בא דעם אויבערשטן "יהי רצון מלפניך ה' אלקינו בשעה שיהיו בניו של יצחק באים לידי עבירות ומעשים רעים תהא נזכר להם אותה העקידה ותתמלא עליהם רחמים" - אזוי אויך נוצט מען אויס דאס וואס מ'האט געקענט האבן טענות אויף דעם אויבערשטן לטובת ישראל, אז אויב דער אויבערשטער וועט האבן טענות אויף אידן, אז אידן זיינען ניט ראוי וכו' - וועט ער ניט האבן קיין טענות אויף זיי, און ער וועט זיי געבן אלץ וואס זיי דארפן האבן.

ובפרט אז ס'איז ניטא אויף וואס צו האבן טענות צו אידן - ווארום אלע אידן האבן תשובה געטאן,

און מ'האט א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה, און מען וועט "נכתב ונחתם לאלתר בספרן של צדיקים גמורים, און דער אויבערשטער גיט יעדן אידן בכל המצטרך לו.

*    *    *

מא. דער ביאור אין פירוש רש"י:

- דער -

------------

140) ראה שהש"ר פ"ד, ח [ג]. וראה סד"ה תשורי מראש אמנה תרפ"ט (סה"מ קונטרסים ח"א נד, ב). 141) לב, ד.

דער פירוש אין "הרנינו (גוים עמו)", איז פארשטאנדיק פון דעם וואס רש"י האט שוין פריער אפגעטייטשט אין פ' שמיני[142] אויף "וירונו" - "כתרגומו", וואס אין תרגום טייטשט ער דאס: "וירונו" - "ושבחו", ועד"ז "הרנינו" מיינט ענין השבח.

און דערפאר איז רש"י מפרש "הרנינו גוים עמו" - "(לאותו הזמן) ישבחו האומות את ישראל".

לפי זה ווערט אבער אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

פריער אין התחלת פרשתנו[143] שטייט אז משה רבינו האט געזאגט צו אידן "הלה' תגמלו זאת עם נבל ולא חכם הלוא הוא אביך קנך הוא עשך ויכוננך" - איז ווי קען מען זאגן אז "הרנינו גוים עמו", אז גוים וועלן משבח זיין אידן - בשעת אפילו משה רבינו האט געלעדט ניט בשבחם של ישראל?!

וואס דערפון איז מוכח אז משה האט גערעדט וועגן איין זמן און "הרנינו גוים עמו" רעדט זיך וועגן אן אנדער זמן.

דערפאר איז רש"י מפרש אז "הרנינו גוים עמו" מיינט: "לאותו הזמן ישבחו האומות את ישראל".

און דער אויפטו פון "אותו הזמן" (ווען עס וועט נתגלה ווערן א שבח פון אידן וואס אפילו "הרנינו גוים עמו") אויף זמן משה (וואס דעמולט האט ער גערעדט ניט בשבחם של ישראל), איז - אז נאך זמן משה זיינען אידן דורכגעגאנגען גלות, וואס דוקא נאך דעם גלות וועט בא אידן נתגלה ווערן א שבח וואס אויף אים וועלן די אומות זיי משבח זיין,

און דאס איז וואס רש"י זאגט: "(לאותו הזמן ישבחו האומות את ישראל) ראו מה שבחה של אומה זו שדבקו בהקב"ה בכל התלאות שעברו עליהם ולא עזבוהו".

וואס דאס איז א שבח אין אידן וואס מ'האט דערפון נאך ניט געוואוסט בזמן משה, וויבאלד אז דעמולט איז נאך געווען פאר דעם וואס אידן זיינען געגאנגען אין גלות, משא"כ "לאותו הזמן", נאך דערויף וואס אידן זיינען דורכגעגאנגען גלות - וועט מען דורך דעם גלות וויסן דעם שבח פון אידן, אז "דבקו בהקב"ה בכל התלאות שעברו עליהם ולא עזבוהו", און דערפאר וועט דעמולט זיין "הרנינו גוים עמו".

מב. בא גוים איז אבער ניטא קיין ענין פון א חוק [ו]וי פארשטאנדיק דערפון וואס רש"י זאגט אין ריש פ' חקת בנוגע

- צו -

------------

142) ט, כד. 143) לב, ו.

צו חוקים, אז "אומות העולם כונין את ישראל לומר מה המצוה הזאת ומה טעם יש בה כו׳" ; בשעת אידן פארשטייען עפעס ניט, קען זיין אז דאס איז א הוק, בא גוים אבער דארף יעדער ענין האבן א הסברה -

עד"ז בנדו"ד דארפן גוים האבן א הסברה בשכל אויף דעם וואס אידן "דבקו בהקב"ה בכל התלאות שעברו עליהם ולא עזבוהו".

דערפאר איז רש"י ממשיך בפירושו (אז דאס (וואס אידן "דבקו בהקב"ה בכל התלאות שעברו עליהם ולא עזבוהו") איז דערפאר וואס): "יודעים היו בטובו",

[און ווי עס שטייט פריער בפרשתנו[144], אז "ויניקהו דבש מסלע ושמן מחלמיש צור", און "וישמן ישורון גו׳", וכו׳].

מג. דערנאך איז רש"י ממשיך "(יודעים היו בטובו) ובשבחו". והביאור בזה:

אויב ס׳איז דא נאר איין ענין של שבח (אז די גוים וועלן משבח זיין אידן) - האט געדארפט שטיין אין פסוק "רננו גוים עמו" וכיו"ב;

"הרנינו", לשון הפעיל, מיינט אז מ׳איז מפעיל אחרים אז בא זיי זאל זיין דער ענין פון "רננו", ד.ה. אז ס׳איז דא ניט נאר איין ענין של שבח (וואס גוים זיינען משבח אידן), נאר אויך א צווייטער ענין של שבח.

וואס דערפאר זאגט רש"י אז דא איז אויך דא דער ענין פון "(יודעים היו בטובו) ובשבחו".

מד. דורך וואס וועט זיין "יודעים היו בטובו ובשבחו" - איז רש"י דערנאך ממשיך (מיט די ווערטער פון פסוק) "כי דם עבדיו יקום", אז דאס וועט זיין דורך דערויף וואס זיי וועלן זעהן אז "דם עבדיו יקום".

וכמדובר כמ"פ[145] אז רש"י׳ס דרך איז - צו אראפברענגען ווערטער פון פסוק און אריינשטעלן זיין פירוש צווישן זיי אין איין המשך, ועד"ז דא איז ער מעתיק אלע ווערטער "כי דם עבדיו יקום", אויך די ווערטער "כי" און "יקום" (אע"פ אז צום פירוש וואס ער זאגט דערנאך "שפיכות דמיהם כמשמעו" - איז נוגע נאר די ווערטער "דם עבדיו") - ווייל דאס קומט בהמשך צו דעם וואס רש"י זאגט גלייך פאר דערויף אז "יודעים היו בטובו ובשבחו" - אלס א נתינת טעם ("כי").

- מה. -

---

144) שם, יג-טו. 145) ראה לקו"ש חי"א ע׳ 164 הע׳ 19.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

מה. דערנאך איז רש"י ממשיך וואס דער ענין פון "דם עבדיו יקום" און "ונקם ישיב לצריו" איז - אז "דם עבדיו יקום" איז "שפיכות דמיהם כמשמעו" און "ונקם ישיב לצריו" איז "על הגזל" -

ווארום דער פסוק "כי דם עבדיו יקום ונקם ישיב לצריו" קומט בהמשך צו דעם וואס עס שטייט אין דעם פסוק שלפנ"ז "אשכיר חצי מדם וחרבי תאכל בשר מדם חלל ושבי׳ גו׳", וואס "מדם חלל ושבי׳" מיינט ווי רש"י טייטשט דארטן אפ: "זאת תהי׳ להם מעון דם חללי ישראל ושבי׳ ששבו מהם",

איז אז מען קומט דערנאך צום פסוק שלאח"ז ועגן דער נקמה וואס דער אויבערשטער וועט נעמען פון די גוים - איז די נקמה אין די צוויי ענינים: "(כי) דם עבדיו יקום, שפיכות דמיהם כמשמעו" - כנגד דעם "דם חלל", און "ונקם ישיב לצריו, על הגזל" - כנגד "ושבי׳", וואס שבי׳ איז, בפשטות, דער ענין פון גזל, אז מ׳נעמט צו די בנים ובנות און כספם וזהבם וכו׳.

מו. לפי זה ווערט אבער א שאלה:

פונקט אזוי ווי דער פסוק שלפנ"ז רעכנט בײדע זאכן, "דם חלל" און "שבי׳", צוזאמען ("מדם חלל ושבי׳") - האט ער זיי אויך געדארפט רעכענען צוזאמען אין דעם פסוק שלאח"ז, און זאגן "דם עבדיו יקום וישיב לצריו" וכיו"ב, און ניט צוטיילן די צוויי ענינים, "דם עבדיו" און "ישיב לצריו", אלס צוויי באזונדערע נקמות ("דם עבדיו <u>יקום</u>, <u>ונקם</u> ישיב לצריו")?

איז רש"י דערפון גופא מוכיח, אז ס׳איז דא נאך אן ענין אויף וועלכן דער אויבערשטער וועט נקמה נעמען, און דער ענין איז נענטער, מער בדומה, צום סוג פון גזל ווי עס איז דער ענין פון "דם עבדיו, שפיכות דמים" - דערפאר טיילט עס דער פסוק אויס אלס א באזונדער ענין פון "דם עבדיו יקום" - "ונקם ישיב לצריו".

וואס דער צווייטער ענין איז - "חמס".

וואס אע"פ אז אין פ׳ נח טיילט רש"י ניט פאנאנדער צווישן "גזל" און "חמס" - איז דאס אבער נאר בכללות, ד.ה. אז ווען עס שטייט איין לשון אין פסוק, "חמס" מיינט עס (בכללות) אויך גזל; בפרטיות אבער זיינען זיי צוויי ענינים (אע"פ וואס זיי זיינען בדומה זה לזה), און דאס איז מודגש ווען עס שטייען בײדע לשונות צוזאמען.

- און באמת דארף מען צו דעם תירוץ ניט אנקומען - ווארום רש"י האט שוין מפרש געווען וואס דער טייטש (בפרטיות) פון "חמס" איז:

אין פ׳ לך לך[146] נאך דערויף וזאס "הרתה", האט שרה געזאגט צו אברהם: "חמסי עליך",

איז רש"י מפרש: "חמס העשוי לי, עליך אני מטיל העונש, כשהתפללת להקב"ה[147] מה התן לי ואנכי הולך ערירי לא התפללת אלא עליך, והי׳ לך להתפלל על שנינו והייתי אני נפקדת עמך".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז חמס איז ניט גזל, ווארום אברהם האט גארניט גע׳גזל׳ט פון שרה׳ן - נאר דער פירוש פון חמס איז אז ער האט אפגעהאלטן אן ענין וואס שרה האט געקענט האבן, ד.ה. אן ענין וואס איז געוועז בכח - אברהם האט געקענט בעטן אויך פאר שרה און ער האט עס ניט געטאן,

- ויש לקשר זה מיט דער שקו"ט[148] צי מניעת הריוח איז א הפסד.

וואס דאס איז טאקע בדומה צו גזל, אבער דאס איז ניט קיין גזל ממש.

מז. פון וואנעט נעמט רש"י אז דער אויבערשטער איז נוקם אויך פארן חמס?

זאגט רש"י אז פון אונזער פסוק ווייס מען דאס טאקע ניט, פון אונזער פסוק ווייס מען מערניט אז דער אויבערשטער איז נוקם בנוגע צו גזל - נאר מ׳ווייס דאס פון אן אנדער פסוק: "כענין שנאמר מצרים לשממה תהי׳ ואדום למדבר שממה תהי׳ מחמס בני יהודה".

אין דעם פסוק שטייט דאך אבער "מחמס בני יהודה" - קען מען דאך טייטשן אז דאס איז נאר בנוגע צו בני יהודה, אבער ניט בנוגע צו אלע אידן (כנ"ל סכ"ט) -

דערפאר ברענגט רש"י (אויך) א צווייטן פסוק: "ואומר מחמס אחיך יעקב וגו׳", וואס "יעקב" גייט אויף אלע אידן.

דער פסוק אליין איז אבער אויך ניט גענוג - ווארום מ׳קען טייטשן אז דאס גייט נאר אויף "אחיך יעקב" כפשוטו, אבער ניט בנוגע צו אידן אין שפעטערדיקע זמנים - דערפאר ברענגט רש"י אויך דעם ערשטן פסוק.

מח. דערמיט איז אויך פארשטאנדיק פארוואס רש"י זאגט "וגו׳"

- באם -

------------

146) טז, ה. 147) לך לך טו, ב. 148) ראה בהנסמן בשדי חמד כללים מע׳ ה אות סט (כרך א קיא, סע"ב ואילך). פאת השדה לכללים שם אות ב (כרך ח א׳תרסא, א ואילך). וראה לקו"ש ח"ט ע׳ 134 ואילך.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

באס סוף פון צווייטן פסוק:

לערנענדיק דעם פסוק אליין וואלט מען סאקע געקענט טייטשן אז דאס גייט נאר אויף (זמן) יעקב, ניט אויף לע"ל; אז מ'גיט אבער א קוק אין המשך הכתובים דאַרטן זעט מען אז עס רעדט זיך וועגן דעם זמן פון לע"ל – ווי ער זאגט דארטן[149] "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו גו'", וואס דאס גייט אויף לע"ל (ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט פריער[150]).

און דערצו איז רש"י מרמז מיטן זאגן (נאכן ברענגען דעם פסוק) "וגו'".

נאך א טעם פארוואס רש"י זאגט "וגו'":

"מחמס אחיך יעקב" אליין קען מען מפרש זיין אז "חמס" איז (ניט קיין ענין בדומה צו גזל, נאר) שפיכת דמים (וואס דעמולט געהערט עס צום סוג פון "דם עבדיו");

אז מ'קוקט אבער אריין אין המשך הכתוב ("וגו'") – קען מען אזוי ניט לערנען:

דארטן שטייט (נאך "מחמס אחיך יעקב") "תכסך בושה". קען מען ניט זאגן אז "חמס" מיינט שפיכת דמים, ווארום אויף דערויף איז ניט שייך צו זאגן "תכסך בושה", ווארום דאס איז שלא בערך, דער עונש אויף דערויף איז א סאך ערגער ווי "בושה"; "תכסך בושה" איז שייך צו זאגן אויף צונעמען א פאר דאלער פון זיין ברודער – ד.ה. בדומה צו גזל.

מס. עד"ז איז פארשטאנדיק לאידך גיסא – פארוואס אין דעם ערשטן פסוק זאגט ניט רש"י "וגו'" (כאטש אז אויך יענער פסוק האט א סיום):

נאך דעם וואס עס שטייט "מחמס בני יהודה" שטייט דארטן (אין סיום הכתוב) "אשר שפכו דם נקי בארצם" – איז אויב רש"י וואלט געזאגט "וגו'" וואלט דאס געווען א סתירה צו דעם וואס ער וויל זאגן אז "חמס" איז אן ענין פון גזל, ניט שפיכות דמים (וואס דערפאר איז דאס אן אנדער סוג פון דעם וואס שטייט פריער "דם עבדיו"), ווארום מ'וואלט געטייטשט אז דער "חמס בני יהודה" איז – דאס וואס "שפכו דם נקי בארצם".

דערפאר ברענגט רש"י נאר התחלת הכתוב, "מצרים לשממה תהי' ואדום למדבר שממה תהי' מחמס בני יהודה", און שטעלט

- זיך -

---

149) פסוק כא. 150) בפרש"י עה"פ וישלח לג, יד.

זיך דא אפ ניט זאגנדיק קיין וגו׳ - וואס דערמיט איז ער מדגיש אז דא שטעלט זיך אפ דער ענין, און דאס וואס שטייט ווייטער אין פסוק, "אשר שפכו דם נקי בארצם" - איז א צווייטער ענין.

וע"פ כל הנ"ל זיינען פארשטאנדיק די אלע דיוקים אין פירוש רש"י.

ג. די הוראה דערפון:

בשעת עס וועט זיין "ואחרי כן יצאו ברכוש גדול"[151] אין דער גאולה העתידה - זאל מען ניט מיינען אז דער אויבערשטער וועט אפצאלן אידן נאר פאר די ענינים גדולים און ענינים עיקריים - נאר ער וועט אפצאלן אויך פאר אלע קלייניקייטן און פיצלעך, אפילו אויף די ענינים פון מניעת הריוח וואס זיינען געווען בא אידן,

ד.ה. אז מ׳וועט אפצאלן ניט נאר אויף די ענינים וואס מ׳האט צוגענומען פון אידן אין גלות, "גזל" - נאר אויך אויף די ענינים וואס מ׳האט מונע געווען אידן פון קענען טאן אין תומ"צ בעסער וויפל זיי האבן געטאן בפועל, "חמס".

וואס אע"פ אז לכאורה וואס וועט דעמולט תופס מקום זיין די קלייניקייטן לגבי די גרויסע ענינים וואס מ׳וועט האבן -

אעפ"כ וועט דער אויבערשטער אפצאלן פאר אלע זאכן וואס זיינען געווען אין גלות,

און ניט נאר נוקם זיין פון גוים, ("ונקם ישיב לצריו") - נאר "לפום צערא אגרא"[152], אידן וועלן באקומען שכר פאר זייער מאטערניש אין גלות,

און שכר פאר אלע ענינים וועלכע זיי האבן געטאן אין גלות, ניט נאר גרויסע ענינים נאר אויך קלייניקייטן.

ביז - אז אפילו אויף די ענינים וואס אידן האבן געקענט טאן, אבער מצד דערויף וואס זיי זיינען אין גלות, און דערצו האבן נאך גוים געמאכט א חושך אין וועלט און מ׳האט געמאטערט אידן אין גלות, און צוגענומען פון זיי מנוחת הנפש און מנוחת הגוף, ובכלל - פעלט בא זיי אין גלות כמה ענינים סיי בגשמיות און סיי ברוחניות, און בגשמיות וברוחניות גם יחד - האבן זיי ניט געטאן אין תומ"צ וויפל זיי האבן געקענט טאן.

- זאגט -

------------

151) לך לך שם, יד. 152) אבות ספ"ה.

זאגט מען אז אין דער גאולה העתידה וועט זיין "וכפר אדמתו עמו", און מ'וועט זאגן "אודך ה' כי אנפת בי"[153] מיט אן אמת - ווארום מ'וועט דעמולט זעהן אין אלע ענינים דעם ריבוי הטוב בגלוי, און ווי דער אויבערשטער צאלט אפ פאר אלע זאכן, אויך פאר דעם וואס "נורא עלילה על בני אדם"[154], און פאר דעם וואס גוים האבן געמאטערט אידן און זיי ניט געלאזן מקיים זיין תומ"צ אזוי ווי זיי האבן געקענט.

וואס אפילו אין זמן הגלות וואו אידן מאטערן זיך "בכל התלאות שעברו עליהם" - איז אויך "דבקו בהקב"ה . ולא עזבוהו", און מ'האט אויפגעטאן אין גלות ענינים נעלים ביותר - מ'האט אבער געקענט טאן נאך בעסער אויב גוים וואלטן ניט געמאכט אזא חושך אין וועלט, און ניט געמאטערט אידן און וואלטן זיי געלאזן האבן מנוחת הנפש ומנוחת הגוף.

און מ'וואלט געהאט אלץ וואס בנו של מלך מלכי המלכים הקב"ה דארף האבן און פארדינט האבן און מוז האבן!

נא. ויה"ר אז דער אויבערשטער זאל משלים זיין די אלע ענינים וועלכע אידן האבן ניט געקענט טאן אין זמן הגלות (מצד דעם וואס מ'האט זיי ניט געלאזן דאס טאן),

ובפרט אז אידן טוען תשובה נאך אין זמן הגלות, וואס דורך דערויף ווישן זיי אפ אלע ענינים בלתי רצויים, אויב עס זיינען דא ענינים וואס מ'דארף אפווישן,

וואס דאס טוט דאך אויף אפילו א תשובה "בשעתא חדא וברגעא חדא"[155]; ועאכו"כ אז מ'האט געטאן א גאנצע אריכות פון תשובה - אין חודש אלול, און נאכמער - בח"י אלול, ימי הסליחות, ערב ר"ה, ר"ה, און שבת שובה, ביז אין דעם זמן פון רעוא דרעוין פון שבת שובה.

און וויבאלד אז "כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה"[156], און ס'איז דאר דא דער "ישראל עושין תשובה" - וועדט "מיד הן נגאלין"[157].

נב. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר (פארבונדן אויך עם המדובר לעיל):

א איד געפינט זיך אין אלע עולמות; ער געפינט זיך ניט נאר אין עולם העשי', און עולם היצירה איז א באזונדער ענין,

- און -

---

153) ישעי' יב, א. וראה לקו"ש חט"ו ס"ע 415.
154) תהלים סו, ה. וראה תנחומא וישב ד. 155) זח"א קכט, סע"א. 156) סנהדרין צז, ב. 157) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

און עולם הבריאה איז א באזונדער ענין, און עולם האצילות איז א באזונדער ענין - נאר א איד געפינט זיך אין אלע ד' עולמות, און ער האט א שייכות מיט יעדער עולם.

ובלשון פון דער שיחה הידועה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[158], אז בשעה א איד איז עולה לתורה, איז די עלי' אין אלע חמש דרגות שלו, אין נפש, רוח, נשמה, חי' און יחידה, אין תחתיים, שניים, שלישיים, רביעיים און חמישיים, דאס זיינען די ד' עולמות אבי"ע און עולמות הא"ס שלמעלה מאצילות.

און וויבאלד אז א איד געפינט זיך אין יעדער עולם, אצילות, בריאה, יצירה און עשי' - דערפאר זאגט ער אין זהר אז אין יעדער עולם וואו א איד געפינט זיך איז ער דער בעה"ב, ווארום בשבילו איז דאך "נברא העולם", וואס דאס איז כולל אלע עולמות און גאנץ סדר ההשתלשלות,

און דערפאר רעכנט ער אויס אין זהר אלע פיר סוגים פון מלאכים, כנגד אלע פיר עולמות - ווארום אויב ער וואלט אויסגערעכנט נאר איין סוג, וואלט דערפון ניט געווען קיין ראי' אז "לא יהב להו" אויך צו אן אנדער סוג פון אן אנדער עולם:

אויב ער וואלט געזאגט נאר "לא לממנא" אין עולם העשי' - וואלט מען געקענט מיינען אז דארטן איז טאקע א איד א בעה"ב, אבער אין א העכערן עולם איז ער ניט קיין בעה"ב;

אויב ער וואלט געזאגט נאר "אחרא" פון עולם האצילות - וואלט מען געקענט זאגן אז אין עולם האצילות, עולם האחדות, איז טאקע א איד א בעה"ב - אבער אין עולם הבריאה, התחלת התהוות היש[159], ועאכו"כ אין עולם היצידה, וואס דאדטן איז "מחצה על מחצה"[160] - איז ער דארטן קיין בעה"ב ניט.

דערפאר דארף דער זהר אויסרעכענען בפירוש אלע פיר סוגים, וואס זיינען כנגד אלע פיר עולמות - כדי מ'זאל וויסן אז א איד איז א בעה"ב בכל עולם ועולם.

נג. די הוראה דערפון לכאו"א:

בשעת א איד טוט א מצוה און א צווייטער גיט א שמייכל - איז א זיכערע זאך אז דער שמייכל וועט ח"ו ניט אנרירן קיום המצוה במעשה בפועל, ווארום מ'האט דעם ציווי[161] "לא

- יתבייש -

---

158) לקו"ד כרך א כה, ב ואילך. סה"ש תש"ב ע' 75. וראה ד"ה ויאמר גו' לך לך דמוצאי ש"פ לך לך תשל"ח ס"ב ובהערות שם. וש"נ. 159) תפר"ח ע' קסז ואילך. סה"מ תרצ"ט ע' 223.
160) ע"ח שמ"ח רפ"ג. וראה שם שמ"ז פ"ד ובהגה"ה.
161) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח בתחלתו.

יתבייש מפני בני אדם המלעיגים";

עס קען דאך אבער זיין אז דאס זאל אנרירן און אפשוואכן זיין התפעלות און זיין חיות אין קיום מצוה זו און אויך אין קיום שאר המצוות -

זאגט-ער אים אז דער שמייכל פון גוים און פון גוי'שקייט געפינט זיך נאר אין עולם העשי', אבער ער, מיט דער מצוה וואס ער האט מקיים געווען, געפינען זיך און טוען אויף אין אלע עולמות - אין עולם העשי', עולם היצירה, עולם הבריאה, עולם האצילות און אין די עולמות הא"ס שלמעלה מאצילות (וואס בכללות איז דאס - כתר דאצילות)!

נד. עס האט זיך דאך איצטער איבערגעדרוקט[162] דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר בהשיחה שלו[163], אז דער בעש"ט האט באווייזן ווי מען דארף דינען דעם אויבערשטן, און דער אלטער רבי האט באוויזן ווי מען קען דינען דעם אויבערשטן.

און כ'האט דארטן געפרעגט א שטורעם'דיקע שאלה:

ווי איז שייך צו זאגן אז דער בעש"ט האט ח"ו ניט באוויזן דעם וועג ווי מען קען דינען דעם אויבערשטן, און ערשט דער אלטער רבי איז געקומען און באוויזן ווי מען קען דינען דעם אויבערשטן - בשעה מ'זעט אז נאך בעש"ט (נאך פאר דעם אלטן רבי'ן) איז געקומען דער מגיד, און נוסף לזה האט דער בעש"ט געהאט כו"כ תלמידים, און אויך דער מגיד האט געהאט כו"כ תלמידים (חוץ פון דעם אלטן רבי'ן) - און ס'איז דאך א זיכערע זאך אז בא זיי איז געווען עבודה בפועל ע"פ דרכי החסידות, און וויבאלד אז בא זיי איז געווען עבודה בפועל איז א ראי' אז זיי האבן געוואוסט ווי מען קען דינען דעם אויבערשטן?!

וואס דערפון קומט מען צו נאך א שטורעם'דיקערע שאלה אין דעם פתגם הנ"ל:

פאר דעם בעש"ט זיינען דאך געווען תנאים, אמוראים, ראשונים, אחרונים און פוסקים און א שו"ע וכו', און דער רשב"י וחברי' שלו און דער אריז"ל און חכמת נסתר (ח"ן) וכו' - היינט ווי קען מען זאגן אז זיי אלע האבן ניט געוואוסט ח"ו ווי מען דארף דינען דעם אויבערשטן, און ערשט דער בעש"ט האט דאס מחדש געווען?!!

נה. וואס דאס איז א שאלה פשוטה ביותר, און אעפ"כ איז אין

- פוצה -

------------

162) בלקו"ש השבועי - ח"י אלול. 163) "ההמים" חוברת ב ע' נח [עו, ב]. סה"מ תש"ח ע' 292.

פוצה פה ומצפצף, קיין איין און איינציקער האט ניט געפרעגט די שאלה (עד עתה)!

וואס די סיבה לזה איז בפשטות - דערפאר וואס "ערבה שנתיך"[164], מ'שלאפט, במילא "באדערט" עס אים ניט (בלשון המדינה).

וואס דערפאר וועט מען לאזן דעם ביאור בזה בדא"פ אויף א צווייטער הזדמנות, ווארום אזוי ווי עס האט ביז איצטער קיינעם ניט געבאדערט, אזוי וועט עס אויך קיינעם ניט באדערן ווייטער.

ומתוך מנוחת הנפש זאל מען לערנען תורה און מקיים זיין מצוות בהידור, און טאן אין די מבצעים כלליים הידועים, און אין הפצת היהדות בכלל ובמיוחד - אין הפצת המעיינות ביז אז זיי זאלן אנקומען חוצה.

און פון דעם "(מן ה)מיצר" וועט מען אנקומען צו "במרחב י-ה"[165], צו דעם מרחב פון דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם מרחב פון ירושלים עיר הקודש, "עיר בה חנה דוד"[166], און דער מרחב פון דעם בית המקדש,

וואס וועט געבויט ווערן דורך משיח צדקנו, ובמהרה בימינו ממש.

אח"כ אמר: מ'זאל זינגען (דעם ניגון) "לכתחילה אריבער", דערנאך וועט מען טיילן כוס של ברכה, און דערנאך וועט מען מאכן די ברכה אחרונה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א חילק להנאספים שיחיו מכוס של ברכה (מההתוועדות דיום ב' דר"ה).

אחר שחילק לחלק מהנאספים, אמר: אויב עס זיינען נאך פאראן אזוינע טפשים וואס ווילן אימעצן איינרעדן אז זיי טוען מיר א טובה דורך ניט גיין נעמען כוס של ברכה - זאלן זיי וויסן זיין אז זיי זיינען טפשים שבטפשים.

און "הרשעה כולה בעשן תכלה"[167], בטוב הנראה והנגלה.

און די אלע וואס זיינען נאך ניט געגאנגען נעמען כוס של ברכה - זאלן איצטער צוגיין נעמען, און זיי זאלן ניט נתפעל ווערן פון די טפשים,

- און -

------------

164) ל' הכתוב - משלי ג, כד. 165) ל' הכתוב - תהלים קיח, ב. - מהפסוקים שאומרים לפני תק"ש. 166) ע"פ ל' הכתוב - ישעי' כט, א. 167) נוסח תפלות שמו"ע דר"ה ויוהכ"פ.

און אויך די טפשים אליין - זאלן ניט נתפעל ווערן פון זייער טפשות, און אויך צוגיין נעמען כום של ברכה,

און אין אן אופן פון "נצבים - כולכם".

אחר שחילק לשאר הנאספים, אמר: סאמער עם זיינען דא אזוינע וואס האבן נאך מורא פאר די טפשים - זאלן זיי איצטער ארייגכאפן און גיין נעמען כוס של ברכה, ותבוא עליהם ברכה.

ואמר: ס'איז דאך דער מנהג המדינה אז מ'הויבט הענט - זאל מען הויבן א האנט אויב מ'האט נאך ניט באקומען.

אח"כ שאל אם יש עוד מישהו שלא קיבל כוס של ברכה.

התחיל לנגן והדיקותי לכם ברכה עד בלי די.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחר תפלת מנחה התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

---- * ----

א. היינט איז דאך דער טאג פון צום גדלי', וואס ער קומט גלייך נאך ראש השנה, "שלישי בתשרי".

ולכמה דעות איז דער מאורע וואס האט פאסירט מיט גדלי' (וואס צוליב דעם פאסט מען) געטראפן בר"ה עצמו, מ'האט אבער געוואלט אפלייגן דער ענין פון א צום בזה אויף א יום חול - דערפאר האט מען מתקן געווען אז דער צום זאל זיין א טאג נאך ר"ה, "שלישי בתשרי".

און אויב דער טאג גלייך נאך ר"ה (ג' תשרי) איז א שבת (ווי בקביעות שנה זו) - ווערט ער דעמאלט נדחה ליום ראשון שלאחרי זה.

ב. וויבאלד אז צום גדלי' און ר"ה טרעפן זיך בסמיכות זל"ז (ביז (לכמה דעות) - אז דער מאורע מיט גדלי' איז געטראפן ר"ה עצמו) - באווייזט דאס אז זיי האבן א שייכות צווישן זיך,

דארף מען פארשטיין: וואס איז בכלל די שייכות ביניהם - לכאו' זיינען זיי דאך צוויי הפכיות'דיקע ענינים:

ר"ה איז ענינה - "חדות ה' היא מעוזכם", בלשון הכתוב אין עזרא בנוגע צו דוי מ'האט דעמאלט געדארפט פראווען ר"ה,

ביז (ווי ער דערציילט דארטן) אז מ'האט דעמאלט געפראוועט ר"ה "בשמחה גדולה", און מ'האט דאס אויך פארבונדן מיט שמחת הגוף כפשוטו, ווי מ'האט זיי אנגעזאגט "אכלו משמנים ושתו ממתקים", און אויך "ושלחו מנות לאין נכון לו",

ד.ה. אז ס'איז ניט געווען קיין איין און איינציקער איד וואס ביי אים איז "אכלו משמנים ושתו ממתקים" און שמחת ר"ה געווען ניט בשלימות; מ'האט באווארענט אז בא יעדער איד, אן קיין אונטערשייד וואס זיין מעמד ומצב איז, זאל ביי אים זיין "אכלו משמנים ושתו ממתקים".

און וויבאלד אז ר"ה איז פארבונדן מיט שמחה בגשמיות, איז עאכו"כ אז דאס איז אזוי ברוחניות -

ווארום אין וועלט בכלל ווערט דאך פון רוחניות נשתלשל גשמיות - "נשתלשלו מהן",

עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן אידן, וואס זיי זיינען "גוי קדוש" בהוספה אויף דעם וואס זיי זיינען "ממלכת כהנים", ד.ה. אז ניט נאר די נשמה זייערע איז "ממלכת כהנים", נאר אויך דער גוף איז "גוי קדוש",

עאכו"כ ווען עס רעדט זיך וועגן דער זמן פון ר"ה, וואס דעמאלט איז דער אויבערשטער מקבל דעם "תמליכוני" פון אידן, און ער איז דאס מקבל בשלימות - בדוגמא ווי בא אידן איז קבלת מלכותו יתברך אין אן אופן פון "מלכותו **ברצון** קבלו עליהם", אזוי אויך נעמט זיך דעם "תמליכוני עליכם" פון פנימיות התענוג שלמעלה (של הקב"ה) כביכול, ביז פון עצמות ומהות,

[און דורך דערויף וואס אידן זיינען ממליך דעם אויבערשטן אלס "מלך ישראל", ווערט ער אויך דער "מלך על כל הארץ", כדלקמן].

משא"כ דער ענין פון צום גדלי׳, איז - בפשטות דער ענין פון א צום, וואס איז געקומען צוליב אן ענין בלתי רצוי, "שבו נהרג גדלי׳ בן אחיקם ונכבת גחלת ישראל הנשמרת וסיבב להם גלות", וואס דאס איז פונקט פארקערט ווי דער ענין השמחה וכו׳ בר"ה - איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק וואס איז די שייכות צווישן זיי, אז זיי טרעפן זיך בסמיכות זל"ז (ביז - אין איין טאג)?

ג. די קשיא ווערט נאך שטארקער:

ס׳איז דאך דא דער ציווי פון להעלות בקודש. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין צום גדלי׳ און אין די התעוררות פארבונדן בזה, קומט צו (דארף צוקומען) אן עלי׳ נעלית יותר לגבי די התעוררות וואס איז געווען ביז דעמאלט:

פריער האט מען געהאט די התעוררות פון חודש אלול, וואס ער איז דער חודש הרחמים, און דעמאלט איז דער "מלך בשדה", און ער איז "מראה פנים שוחקות ומקבל את כולם בסבר פנים יפות";

דערנאך אין חודש אלול גופא - איז דא די עלי׳ אנהויבנדיק פון דעם טאג פון ח"י אלול, דער יום הולדת פון "שני המאורות הגדולים", דעם בעש"ט און דעם אלטן רבי׳ן,

[וואס ער איז (אויך) געווען דער ממלא מקום פון דעם מגיד, און דערנאך ווערט דאס פון זיי נמשך אין די דורות שלאח"ז אין די נשיאים ממלאי מקומם, ביז צו כ"ק מו"ח אדמו"ר];

און נאך ח"י אלול קומט צו אן עלי׳ נוספת אין די ימי הסליחות;

און אין די ימי הסליחות עצמם - בערב ראש השנה,

און דערנאך ר"ה,

און דערנאך יום השבת נאך ר"ה, וואס דעמאלט איז דער "ויכולו" פון די ימים שלפנ"ז, כולל אויך ר"ה, ד.ה. אז אין דעם שבת שטייען אלע ענינים פון די ימים שלפנ"ז, אין אן אופן פון כליון און עלי׳ אין דעם העכסטן אופן פון זייער שלימות,

ביז אז דאס דערגרייכט אין תענוג און אין פנימיות התענוג, וואס דאס איז דאך ענינו פון שבת - "וקראת לשבת עונג", און דערנאך ווערט די תענוג אויך נמשך למטה ביז אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

וואס דערפאר ווערט דעמאלט (אין דעם שבת נאך ר"ה) אויך אן עלי׳ אין דעם "תמליכוני" וואס ווערט אויפגעטאן בר"ה - ווארום דער "תמליכוני" נעמט זיך דאך פון תענוג און פנימיות התענוג שלמעלה, און דערפאר ווערט דאס אנגענומען בא דעם אויבערשטן בסבר פנים יפות ובפנים שוחקות ובשמחה גדולה, למעלה "מדה כנגד מדה", פונקט ווי בא אידן איז קבלת מלכותו אין אן אופן פון "מלכותו ברצון קבלו עליהם", בשמחה גדולה למטה, כנ"ל -

און וויבאלד אז אין שבת נאך ר"ה ווערן אלע ענינים פון ר"ה נתעלה ביז אין תענוג און אין פנימיות התענוג, און דערנאך ווערט עס אזוי נמשך למטה - איז מובן אז עס קומט צו דעמאלט אן עילוי אין דעם "תמליכוני" וואס האט זיך אויפגעטאן בר"ה.

און ערשט דערנאך נאך די אלע עילויים נעלים ביותר, קומט מען צו דעם טאג פון צום גדלי׳, (וואס דאס איז דאך אין דעם טאג נאך ר"ה),

ובפרט בקביעות שנה זו וואס צום גדלי' איז א נדחה (פון דעם טאג נאך ר"ה צו דעם יום ראשון בשבוע, נאך דעם שבת נאך ר"ה), און נדחה ע"פ תורה - איז נאכמער מודגש אז דאס קומט **נאך** דעם עילוי פון ר"ה און פון דעם שבת שלאחריו -

איז דאך פארשטאנדיק, אז ע"פ דעם ציווי פון להעלות בקודש (כנ"ל), דארף צום גדלי' (ניט נאר ניט זיין בקצה ההפכי פון ר"ה, וואס ר"ה איז דער ענין פון שמחה, און צום גדלי' איז דער ענין פון צום כנ"ל, נאר אדרבה - דעמאלט דארף) צוקומען אן עלי' נאך העכער ווי מ'איז געשטאנען אין די התעוררות בהזמן שלפנ"ז, כולל אויך ר"ה און דעם שבת שלאחריו - איז ווי שטימט דאס דערמיט וואס צום גדלי' איז א צום, וואס איז פארבונדן מיט ענינים בלתי רצויים, בקצה ההפכי (לגריעותא) לכאו' פון ר"ה?!

ד. און לויט תורת הבעש"ט הידועה אז פון יעדער ענין וואס א מענטש זעט אדער הערט, דארף ער ארויסנעמען א הוראה אין עבודת ה', א הוראה אין עבודת ה' וואס קומט אים צו דורך דערויף וואס ער זעט אדער הערט די זאך,

ד.ה. אז ווי גוט זיין דינען דעם אויבערשטן ביז דעמאלט איז געווען, איז אבער נאך דערויף וואס ער זעט אדער הערט די זאך - דינט ער דעם אויבערשטן נאך בעסער און נאך טיפער און נאך ברייטער -

דארף מען אויך ארויסנעמען א הוראה דערפון וואס מ'זעט און מ'הערט אז צום גדלי' און ר"ה טרעפן זיך צוזאמען, און נאכמער - אז אין צום גדלי' דארף נאך זיין אן עלי' יתירה לגבי ר"ה.

ובפרט אז בצום גדלי' קלייבן זיך אידן צוזאמען, און ס'איז דא א קריאת התורה במיוחד, (שני פעמים ביום) און אויך (צוזאמען דערמיט) א הפטורה (צו די קריאה במנחה),

און אידן שטייען דעמלאט מיט א התעוררות רבה, ובפרט אז דאס דארף זיין נאך העכער ווי די התעוררות וואס ס'איז געווען פאר דערויף (מצד דעם ציווי פון להעלות בקודש, כנ"ל) -

איז א זיכערע זאך אז דערפון דארף מען ארויסנעמען א הוראה אין עבודת ה'.

ה. יש לומר איינער פון די ביאורים (און הוראות) בזה:

ובנקודה: ענינו פון ר"ה איז - אז אידן זיינען מקבל אויף זיך מלכותו יתברך, מ'נעמט אן דעם אויבערשטן אלס א מלך.

אין דערויף גופא זיינען דא צוויי נקודות (פרטים): א. אז אידן זיינען מקבל אויף זיך און פאר אלע אידן מלכותו ית' - אז דער אויבערשטער זאל זיין "מלך **ישראל**"; ב. אז אידן טוען אויף קבלת מלכותו ית' אין וועלט - אז דער אויבערשטער זאל זיין "מלך על **כל הארץ**".

ו. און אין דעם דריקט זיך אויס (**בפרטיות**) דער חילוק צווישן ר"ה און צום גדלי':

בר"ה זיינען אלע אידן מקבל אויף זיך מלכותו ית' (ווי מען ווייסט דאס שוין פון ערב ר"ה), און אין אופן פון "מלכותו **ברצון** קבלו עליהם": ד.ה. נוסף אויף דערויף וואס דאס (קבלת מלכותו ית') איז זייער רצון פנימי ותענוג, איז דאס אויך "ברצון" - דאס איז אויך זייער חיצוניות הרצון, ועאכו"כ אז דאס איז "בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך", מיט אלע כחות פנימיים, מיט אלע נכסים, און מיט חלקו בעולם - קבלת מלכותו ית' נעמט דורך **כל** מציאותו, ביז אז זיי שטייען בתכלית השלימות בבחי' צדיקים.

דערנאך גיט אבער א איד א טראכט:

ס'איז דאך אויך על שכמו צו מעלה זיין אלע דורות שקדמו לו, ווארום "אני נבראתי לשמש את קוני" - א איד דארף דינען דעם אויבערשטן אין אלע ענינים - דארף ער אויך אריינברייגגען דעם תיקון בכל העולם כולו, עס זאל קענען זיין דער "לתקן עולם במלכות שד-י", וואס דאס טוט אויף און איז דאס מסיים וחותם - משיח צדקנו, בגאולה העתידה, וואס דעמאלט ווערט אויסגעפירט "והיתה לה' המלוכה" - די שלימות ההמשכה פון מלכותו ית' אין וועלט.

אויף דערויף האט מען דעם לימוד והוראה פון צום גדלי':

דער צום איז דאך צוליב דערויף וואס "נהרג גדלי' בן אחיקם ונכבה גחלת הנשארת וסיבב להם גלותן" (כנ"ל), וואס דאס איז דאך דער סיום פון דער חורבן ביהמ"ק, און נאך הארבער ווי דער חורבן אליין, כמבואר אויך אין פשטות הענינים (ראה מ"ב בסופו. ר"ה יח, ב. ובחדא"ג שם).

אעפ"כ, זאגט מען א איד, אז אויך דאס קען ער מתקן זיין מיט א תשובה גמורה און א תשובה שלימה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ת, אז דורך תשובה ווערן אלע ענינים, אפילו ענינים פון קצה הכי התחון - זכיות ממש.

וואס אפילו אז בצום גדלי' האט ער אליין אינגאנצן קיין שייכות ניט צו ענינים בלתי רצויים, ווארום דעמאלט האלט מען נאך די עבודה פון אלול מיט אלע פרטים שלאח"ז, ביז אויך נאך דער שבת שלאחרי ר"ה (כנ"ל) - איז ער אבער (אויך) מעלה די אלע ענינים בלתי רצויים וואס זיינען אמאל געווען בא פריערדיקע דורות, און וואס זיינען איצטער דא אין דער גאנצער וועלט.

און דאס איז מודגש אין צום גדלי', אז נוסף לזה וואס מ'טוט אויף קבלת מלכותו ית' בא זיך בשלימות (צדיקים) בר"ה טוט מען אויך אויף קבלת מלכותו ית' אין וועלט (תשובה).

ז. דער שייכות פון עבודת התשובה, ובכללות - קבלת מלכותו ית' בעולם צו צום גדלי' במיוחד:

"גדלי'" איז מלשון גדול. וואס דאס באווייזט (ניט אויף אן ענין שלישי ח"ו, נאר) אויף גדלות.

וואס דאס איז מרמז אז צום גדלי' איז ניט ח"ו צוליב דער ענין הצום - נאר צוליב אן ענין גדול וואס דאס ברייגגט ארויס - דער ענין התשובה.

דאס איז נאכמער בהדגשה ובגלוי אין דעם וואס גדלי' איז געווען פון מלכות בית דוד,

וואס דאס איז מדגיש אז די ענינים בלתי רצויים וואס האבן גורם געווען אז עס זאל זיין דער צום, ועד"ז דער לימוד והוראה וואס מ'נעמט ארויס דערפון בנוגע צו אלע ענינים בלתי רצויים אין די פריערדיקע דורות און אין וועלט - זיינען זיכער געקומען מצד דערויף וואס "נורא עלילה על בני אדם",

אזוי ווי ס'איז געווען בא דוד המלך, אז "לא דוד ראוי לאותו מעשה", דאס איז געווען נאר בכדי אז דוד זאל מקיים זיין "עולה של תשובה", אראפברייגגען דא למטה, בא יעדן אידן, ביז ביי א "שואב מימיך", דער ענין פון עבודת התשובה.

אין דערפון נעמט מען אויך ארויס בנוגע צו צום גדלי', וואס גדלי' איז געווען פון מלכות בית דוד - אז דאס איז "נורא עלילה על בני אדם", און די כוונה אין דערויף איז מערניט אז דאס זאל ברייגגען דער ענין פון עבודת התשובה, און

מ'זאל דורך דערויף מתקן זיין אלע ענינים בלתי רצויים, אזוי ווי דוד המלך האט עס דעמאלט געטאן, און אזוי ווי דוד מלכא משיחא וועט דאס אויפטאן בקרוב בסיום פון דעם גלות - "לאתבא צדיקייא בתיובתא".

ח. און דער ענין וואס שטייט בהדגשה אין צום גדלי', דער ענין פון תשובה, ובכללות - קבלת מלכותו ית' בעולם - האט אין זיך אן עילוי לגבי די עבודה פון ר"ה (בפרטיות), עבודת הצדיקים, ובכללות - קבלת מלכותו ית' ווי דאס איז בשלימות ביי א איד:

דורך תשובה ווערט מען נאכמער חביב בא דעם אויבערשטן ווי איידער מ'האט עובר געווען אויף דעם חטא, כידוע מעלת התשובה, און ווי דער רמב"ם פסקנ'ט אויך אפ מיט אן אריכות הביאור בזה, אז ביי א בעל תשובה איז "צועק ונענה מיד שנאמר והי' טרם יקראו ואני אענה" [נוסף אויף "עוד הם מדברים ואני אשמע"].

און מ'ווערט נאך מערער חביב ווי ס'איז געווען בשעת "אלה תולדות השמים והארץ בהבראם", וואס "עולם על מילואם נבראו" איז נאר נאך א העכערע חביבות דורך דערויף וואס בא צדיקיא קומט צו די עבודת התשובה, לאתבא צדיקייא בתיובתא,

ביז וואנעט אז עס ווערט נאך יותר חביב - דער אלה תולדות פרץ, אויך מלא כתיב, אז דאס איז נאך יעלה הפורץ לפניהם, וואס דאס גייט דאך אויף מלך המשיח,

ובקרוב ממש וועט מען דעמאלט זען ווי אזוי אידן בעבודתם אין דעם חושך כפול ומכופל אין גלות האבן זיי אריינגעבראכט אור במושבותם, און דערויף אויך מאיר געווען (באלויכטן און ליכטיק געמאכט) דעם חושך יכסה ארץ וואס געפינט זיך מבחוץ פון א אידן, אז אויך דארטן זאל ווערן אתהפכא חשוכא לנהורא צוזאמען מיט מרירו למיתקו, ע"ד ווי אבלו משמנים ושתו ממתקים בר"ה,

און ער טוט דאס אפ נאך דא למטה, אין די לעצטע טעג פון גלות, און דאס אײלט נאך צו ביאת משיח צדקנו,

וואס דעמאלט וועט מען זען בעיני בשר ווי אזוי ער איז מלך על כל הארץ, און אלע וועלן זען אז דאס איז געווארן דורך דערויף וואס ער איז פריער, ולכל לראש, מלך ישראל,

וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס יעדער איד און אלע אידן איז תמליכוני עליכם, זיינען אים מכתיר ברצון, און ער נעמט אן די הכתרה אויך מיט א שמחה גדולה,

און עס ווערט דערנאך נמשך בכל השנה כולה, וביתר שאת וביתר עוז, ווי כל ענינים פון תשובה, וואס כאמור - דעמאלט זיינען אלע ענינים חביב יותר, נאך מערער ווי די חביבות וואס אידן האבן א גאנצן יאר,

און דורך זיי ווערט נמשך חביבות אין ארץ ומלואה און תבל ויושבי בה, וואס בשבילם נבראו,

און זיינען דאס ממשיך ע"י מעשינו ועבודתינו, דורך די החלטות טובות בנוגע ללימוד התורה וקיום מצוותי', און דערנאך זייענן זיי דאס מקיים בפועל - לימוד התורה בהתמדה ושקידה ובאור וחיות, קיום המצוות בהידור, ביז אין אן אופן פון מהדרין מן המהדרין.

ט. און אט דא קומט נאך צו א הוראה נוספת ווען צום גדלי' איז ביום הראשון, וואס מ'זאגט אז שירו של יום, דער שיר פון אט דעם טאג [וואס שיר איז דאך אן ענין של שמחה] איז לה' הארץ ומלואה, וואס דאס איז דאך דער לשון אין משנה און אין גמ', הויבט מען גלייך אן פון דעם פסוק, לה' הארץ ומלואה תבל ויושבי בה,

טייטשט רש"י אפ, אז לה׳ הארץ ומלואה גייט דאס אויף דער ארץ הידועה, וואס דאס איז ארה"ק, ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה, פון ר"ה און, ועד אחרית שנה, אין אלע טעג פון דעם יאר, און אין אלע טאג פון אלע יארן,

און דערנאך ערשט קומט תבל ויושבי בה, די שאר ארצות, די גאנצע וועלט וואס ארום א"י,

און ווי אזוי איז א"י, איז ער גלייך ממשיך - כי הוא על ימים יסדה, ווי רש"י ברייגנט אראפ פון מדרש, אז דאס באווייזט אויף די גבולות פון א"י וואס זי איז מסובב מיט שבעה ימים,

פון איין זייט ים הגדול, און פון די אנדערע זייטן די אנדערע ימים,

וואס דאס באווייזט אויף שלימות הארץ, און דאס איז מדגיש אז מ׳זאל וויסן זיין אז לה׳ הארץ ומלואה, אפילו דער קש ותבן, ניט ווי עס רעדט זיך אין תבל, וואס דארט דערמאנט מען יושבי בה, מין המדבר, און דא איז מען מדגיש ומלואה אלץ וואס געפינט זיך אין דער ארץ, אפילו קש ותבן, וואס דאס איז טפל אין דעם מין הצומח,

ובפרט נאך - ווען ווערט דאס קש ותבן - ווען דאס ווערט שוין דומם -

איז קומט דאס נאך פאר דעם תבל ויושבי בה,

און אין דערויף איז מען מדגיש, אז מ׳זאל וויסן זיין אז דאס געהערט להוי׳, העכער אפילו ווי שם אלקים בגימטריא הטבע, ווארום דאס איז אן ארץ וואס תמיד עיני הוי׳ און ערשט דערנאך אלקיך בה, ווי געזאגט פריער דער פסוק ברוך אין חומש, וואס תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב, וואס דאס איז דאך דער שיעור פון היינטיקן טאג, התחלה פון פרשת זאת הברכה אשר ברך משה,

און מ׳זאגט אז דאס קומט אראפ בירושה צו יעדער אידן אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל זיך [נאר] געפינען, איז ער א יורש, און ווי מ׳זאגט אז א יורש איז יורש הכל, איז אין צוגאב צו הארץ ומלואה ווי זי איז מסובב מיט די ז׳ ימים וואס דאס איז כנגד די ז׳ אומות, כנגד די גבולות פון א"י איצטער - האט מען אויך די הבטחה אז יורש הכל -

ירחיב הוי׳ את גבולך, אויך קני קניזי וקדמוני, כמדובר ומבואר במדרשים, מיוסד אויף מקרא מלא דיבר הכתוב, אז בברית בין הבתרים מיט אחד הי׳ אברהם האט מען גלייך אפגעגעבן, בהוספה צו ארץ שבעה אומות, אויך את הקני ואת הקניזי ואת הקדמוני,

און מ׳האט דאס אפגעגעבן לזרעו אחריו עד עולם.

וואס דא איז אויך מ׳דארף דאך האבן די מעשה הוא העיקר, אויף אראפברייגגען די הוראה אויך אין א מעשה בפועל,

אנהויבנדיק פון טף, בנוגע צו די קיבוצים און די כינוסים, אויף צוזאמענקלייבן אידישע קינדער, סיי אינגעלעך סיי מיידעלעך, און גאר קליינע, ווארום אידן ווערן דאך אנגערופן צבאות ה׳ לגבי כל שאר עמי הארץ, אע"פ וואס בא אידן גופא איז דא אויך דער שבט לוי וואס ער איז (צווישן אידן) לגיונו של מלך; לגבי שאר האומות, ארץ ישראל לגבי שאר הארצות - איז דאס פלטרין של מלך, ולגיונו של מלך,

וואס אויף דערויף זאגן חז"ל (און רש"י ברייננגט דאס אראפ בפירושו עה"ת) אז למוד הוא אותו השבט, שבט לוי זייעבדיק לגיונו של מלך, להיות נמנה מן הבטן, גלייך ווי א קינד ווערט געבארן,

און ווי אין דער דוגמא וועלכע רש"י מיינט, ער האט דאך גאר גערעדט וועגן א מיידעלע, יוכבד, וואס פון איר איז דערנאך געווארן ויעש להם בתים, איז געווארן בתי כהונה ובתי לוי', ובתי מלכות, מלכות בית דוד פון מרים, ובתי כהונה ולוי' פון יוכבד, וואס זיי האבן אויפגעבויט מילדות העבריות, אויגעבויט אז בא אידן זאל זיין א ריבוי קינדער, ויעצמו במאד מאד, ניט רעכענענדיק זיך מיט שווריקייטן, וואס רובם זיינען גאר מערניט בדמיון.

אפילו אט די שווריקייטן וואס זיינען יע דא, איז בשעת מילדות העבריות, אידישע פרויען און אידישע קליינע מיידעלעך, שטעלן זיך בתוקף, און מ'איז ממלא דעם רצון הקב"ה -

שטעלן זיי אויף בתי כהונה ובתי לוי' ובתי מלכות, וואס כל ישראל מלכים הם ווי ער זאגט אין הקדמה פון תקו"ז,

כאמור, אויף מוסיף זיין אין די כינוסים פון ילדי ישראל און ילדות ישראל,

בפרט נאך אין די ימי רצון פון די עשרה ימים שבין ר"ה ליוהכ"פ, וואס דעמאלט בעט זיך דער אויבערשטער דרשו הוי' בהמצאו קראוהו בהיות קרוב,

און דערנאך אויך, בהמשך לזה, אין זמן שמחתינו, אין חגה"ש,

ובפרט נאך אז דאס איז אין שנת הקהל וואס קומט נאך שנה השביעית שבת להשם, אז מ'האט דעם נתינת כח וואס תורה גיט, צוזאמען מיט דער הבטחה אז בשעת א איד איז מחליט אויף הקהל, איז ער בטוח אז ער וועט דאס דורכפירן,

און ס'וועט זיין דער הקהל את האנשים והנשים, און אויך הטף, וואס ווי ער זאגט אין ירושלמי איז דאס נאך קלענער ווי קטנים - קטני קטנים,

און אויך קטני קטנות, וואס נמנו מן הבטן, זיי ווערן שוין גערעכנט אלס איינע פון די 70 וואס בשבעים נפש ירדו אבותיך, איז איינע פון די 70 פונקט ווי דער גרעסטער צווישן זיי איז שוין אריינגערעכנט יוכבד, אע"פ וואס זי איז ערשט דעמאלט געבארן געווארן, בין החומות - א רגע איידער מ'איז אריין אין מצרים -

ווערט זי גערעכנט גלייך מיט דעם גרעסטן וואס איז געווען צווישן אט די שבעים נפש.

וואס דאס איז דאך א סיפור (אן ערציילונג) אין תורה, וואס תורה איז מל' הוראה, אויף באווייזן אונז די וועג ווי אזוי מ'דארף זיך באציען צו א גאר קליינע אידישע מיידעלע, און צו א גאר קליינעם אידישן אינגעלע, און דערנאך אזוי הולך והוסיף ביז ראשיכם שבטיכם,

וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט דעם קיום פון ואהבת לרעך כמוך, אז דאס לייגט זיך אפ בפשטות, בשעת ער איז זיך מתבונן בפשטות, און טראכט זיך ארייז וואס א איד איז,

און ווי דער אלטער רבי איז נאך בפרט מבאר בארוכה, אין פרק לב בתניא,

דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז עס דארף אויך זיין א הוספה ביתר שאת וביתר עוז אין עבודת התשובה של כל אחד ואחת פון די גדולים בישראל, בפרט נאך אז מ'קומט און מ'האט די התעוררות פון עשרת ימי תשובה בכלל, און פון שבת שובה

במיוחד, און דערנאך פון יום הראשון שלאח"ז, וואס מ'האט מקיים געווען מעלין בקודש, נאך מערער ווי אין דעם שבת שובה,

ובפרט נאך אז מ'פארבינדט דאס מיט גדלי', וואס גדלי' איז דאך מלשון גדול, און וואס ער איז דאך אויך געווען פון מלכות בית דוד -

אז דאס איז זיכער נורא עלילה על בני אדם, אז לא הי' ראוי דוד לאותו מעשה, ס'איז מערניס ווי געווען הקים עול, כדי להקים, אראפברייינגען דא למטה, ביז אין שואב מימיך, דעם ענין פון עבודת התשובה, זאל ער דאס קענען אין דערויף אויפטאן פונקט ווי דוד מלכא משיחא האט אויפגעטאן דעמאלט, און וועט אויפטאן בקרוב, בסיום פון דעם גלות, וואס עתיד לאתבא צדיקייא בתיובתא.

און זעלבסטפארשטענדליך אז תשובה קומט אלס הקדמה תשובה ומעשים טובים - אז עס זאל זיין דער ענין פון תורה ומעשים, וואס דאס מיינט מען דאך ענין המצוות, זאלן זיי זיין אין דעם אופן פון טובים, אז מ'זעט אויך בעיני בשר אז דאס איז אן ענין פון לימוד תורה לשמה, וואס דעמאלט איז דאך דאס א לימוד טוב,

קיום המצוות אויף לקיים רצונו של הקב"ה, וואס דעמאלט מאכט מען פון די מעשים אז זיי זאלן ווערן מעשים טובים,

און אט דעמאלט, אז מ'האט די אלע זאכן צוזאמען, איז דאס ברייינגט דעם קיום און די עמידה פון דעם עולם קטן זה האדם, און עולם כפשוטו, וואס לה' הארץ ומלואה תבל ויושבי בה, וואס דאס איז דער שירו של יום, שבו נברא העולם כולו, בראשית ברא אלקים את השמים לרבות תולדותיהם, ואת הארץ לרבות תולדותי',

און ווי ער טייטשט אפ אין זהר (און אין קבלה און אין חסידות) נעמט דאס ארום די גאנצע בריאה, דעם גאנצן סדר השתלשלות,

און אין דעם אלעם פועל'ט אויף, ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה אדם הראשון, דעם ענין פון ה' מלך גאות לבש, דורך דערויף וואס ער האט אויפגעטאן אין דער גאנצער וועלט בואו נשתחווה ונכרעה נברכה לפני ה' עושינו,

און דערנאך איז אתם קרוין אדם, יעדער איד בעתו ובזמנו ובמקומו, איז נזכרים ונעשים - אז עס קומט צוגיין דער ר"ה, ווערט נתגלה בגלוי ווי אזוי ער איז אן עולם מלא פאר זיך, און ווי אזוי ער מאכט פון דער גאנצער וועלט און פון דעם גאנצן סדר השתלשלות מאכט ער אן עולם מלא, על מילואו, נאכמערער ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה מצד כי חפץ חסד הוא,

איז זה היום תחלת מעשיך איז א איד מוסיף, בדוגמא ווי א בעל תשובה איז מוסיף, אז עס ווערט כפלים לתושי', און נאכמערער,

ביז אין אן אופן פון יעלה הפורץ, למעלה מכל מדוה"ג,

און דערביי איז אויך דערמאנענדיק ווי אזוי יעדער איד, און ווי געזאגט א קליינע מיידעלע גלייך ווי זי ווערט געבארן, א קלייגער אינגעלע גלייך ווי ער ווערט געבארן, איז ער גלייך אריינגעשריבן און אריינגערעכנט אין צבאות ה',

איז אויך דא דער ענין פון דעם לימוד, און אויך צוזאמען מיטן נתינת תודה וואס מ'זאגט דאך (ווי געזאגט פריער) אז לה' הארץ ומלואה גייט דאך דאס (ווי רש"י טייטשט אפ אין פשט"מ) אז דאס מיינט מען ארץ הקדוש, ארץ ישראל,

וואס זייענדיק אין גלות, נאך פאר רער אתחלתא דגאולה, מוז מען דאך אנקומען אויך צו ענינים בדרך טבע,

[וויסנדיק אז באמת איז גדול הרועה ששומר את כבשה האחת, אזן הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל, און היס יעדער אידן און אלע אידן, וואו זיי געפינען זיך, ובלתר שאת אין דער לאנד וואס דארט איז תמיד עיני ה' אלקיך בה],

איז בדרך הטבע וויל דאך דער אויבערשטער אז עס זאל זיין אנשי צבא, און זיי זאלן וויסן זיין אז זיי זיינען צבאות ה', און בשעת זיי זיינען מגין לארץ ולדרים עלי', סוען זיי דאס אלס שלוחים און ממונים ע"ז פון ממה"מ הקב"ה,

איז דאך אין דערויף די הדגשה אז א צבא האלט זיך אויף דערויף אויף דעם ענין פון קבלת עול, און בשעת עס קומט אן א הוראה און א פקודה און א ציווי צו איינעם וואס ער געפינט זיך אין צבא -

איז דעמאלט צום אלעם ערשטן (צי ער פארשטייט די זאך, אדער אים פעלט נאך אין דעם "נשמע", אין דער הבנה והשגה פארוואס ער דארף אזוי טאן) - איז הקדמת נעשה לנשמע, צום אלעם ערשטן איז ער ממלא דעם ציווי,

ער קען אויך ניט זאגן, אז וויבאלד אז מ'האט אים געגעבן א בחירה חפשית, ווי דער דין איז בא יעדער אידן (ווי דער רמב"ם זאגט) אז הרשות והיכולת נתונה ווי אזוי א איד זאל זיך אויפפירן, במילא איז ער בעה"ב וויבאלד אז דאס איז זיין ענין פרטי -

זאגט אים אן תורה ובחרת בחיים, אז דו האסט דעם כח, נאר מ'וויל אז דו זאלסט דאס טאן מיט בחירה חפשית, אז דו וועסט אויסקלייבן אין דרך החיים, וואס זי איז אנגעוויזן אין תורת חיים,

און דו זאלסט וויסן זיין אז כל ישראל ערבים זה בזה, אז אלע אידן זיינען צוזאמענגעמישט אלע, נצבים כולכם לפני ה' אלקיכם לאחדים כאחד, ווי איין קומה שלימה,

און ווי חסידות טייטשט אפ פארוואס איז דאס און ווי אזוי קומט דאס בפועל - ווייל כל ישראל ערבים זה בזה, מלשון עריבות ומתיקות,

יעדער איד זיינען בא אים יעדער אנדער איד, ביז אלע אידן, אין אן אופן פון מתיקות, אז דאס איז בילם אים א געשמאקע זאך וואס דערפאר איז ער דאס מקיים, אין אן אופן פון ואהבת לרעך כמוך,

און אין צוגאב דערצו וואס ער איז אלס יחיד ופרט אן עולם מלא דארף ער אויך וויסן זיין אז ער איז א טייל פון קומה שלימה,

און דורך דערויף וואס דער איש הצבא באטראכט זיין שליחות אז דאס איז א שליחות פון דעם אויבערשטן, און דאס איז נוגע אים ובני ביתו, ס'איז אבער אויך נוגע לארץ ולדרים עלי', און נוגע צו אלע אידן בכל מקום שהם, כמוזכר לעיל -

טוט ער דאך תפקידו אין שלימות, ובתכלית השלימות,

וואס דאס איז פארבונדן מיט שלימות התורה:

אפילו ווען עס קומט איינער צוגיין און זאגט א שאלה - זאגט ער אז ביי אים איז צום אלעם ערשטן דער ענין פון נעשה, און אויף דערויף האלט זיך דער גאנצער ענין הצבא, און דורך דערויף האלט זיך די גאנצע וועלט, און טוט דאס בשמחה,

זכלידוע די דוגמא פון נשיא דורינו כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז בשעת איש הצבא גייט ארויס לתפקידו אויף לשמור על הגבול - איז שוין דעמאלט גייט ער ארויס און האט בא זיך במיוחד א שיר של נצחון, און דער שיר של נצחון איז דאס א שיר של שמחה,

און דאס העלפט אז דער נצחון זאל אנקומען פריער און זאל אנקומען לייכטער, און דער גרעסטער אופן של נצחון - אז תפול עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן, ווארום וראו כל עמי הארץ כי שם הוי' נקרא עליך ויראו ממך.

ווען לכתחילה ניט זיין קיינע ענינים בלתי רצויים, וואום מ'שטייט צוזאמען מיט שלימות התורה, און מ'איז שומר על הגבולים פון שלימות הארץ, און צוזאמען מיט זיי שטייט שלימות העם, יעדער איד וואו ער געפינט זיך, און שטייט מיט שלימות פון אלע זיינע כחות, ווי געזאגט פריער, אנהויבנדיק פון פנימיות התענוג, פון פון זיין עצם הנפש.

און דאס ברייגנט אראפ קיום ההבטחה, אז מ'זעט אויך בעיני בשר, האלטן'דיק זיך בא שלימות התורה מיט אלע אירע פסקי דינים, אין עוה"ז התחתון -

אז אט דעמאלט זעט מען בעיני בשר אז נאך אין זמן הגלות, איז ונתתי שלום בארץ, ווארום דאס קומט צוזאמען מיט בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו, ועשיתם אותם, המעשה הוא העיקר.

ס'וועט צוזאמען אויך ושכבתם ואין מחריד, ביז ואולך אתכם קוממיות, מ'שטייט מיט א קומה זקופה אויך נאך אין זמן הגלות.

און דאס איז נאכמער מקדים, אז מ'גייט בשמחה ובטוב לבב גרייטן זיך אין די לעצטע רגעים פון גלות וואס מ'נוצט דאס אויס ווי געזאגט פריער, אויף כינוסים פון ילדים וילדות, אויף כינוסים פון גדולים און גדולות, אריינרעכנענדיק אויך דעם עניין פון זקנים, "תפארת זקנים", צוזאמען מיט "תפארת בחורים", צוזאמען מיט "תפארת חכמות נשים".

און דאס אלס קומט אראפ צוזאמען מיט שלימות התורה "תפארת - זה מ"ת" ווי תורה שטייט אין א אופן פון "תפארת" - שלימות התורה.

מ'נעמט אין דערויף אריין יעדער אידן און אלע אידן, סיי זקנים און סיי בחורים, און סיי מפי עוללים ויונקים יסדת עוז, אין עוז אלא תורה.

און סיי חכמת נשים בנתה ביתה, וואס זי בויט אויף איר אייגענע הויז און בויט אויף בית ישראל, און בויט אויף ביתו של הקב"ה.

וואס דאס איז ווי מ'זאגט אין "שירו של יום", אז לה' הארץ ומלואה תבל ויושבי בה, די גאנצע וועלט און גאנצער סדר ההשתלשלות, אע"פ וואס דער "עיקר שכינה בתחתונים היתה", און בתחתונים איז זי איצטער, און בתחתונים וביתר שאת וביתר עז בביאת משיח צדקנו.

וכאמור, המעשה הוא העיקר:

מיטנעמען די התעוררות פון גדלי' מיט דער מאורע, אז מ'זאל וויסן זיין אז א איד וואס ער אליין איז אין די דרגא פון "ועמך כולם צדיקים" איז ער אויך בכלל און האט אויך די שליחות אויף אויפטועלן די גאנצע וועלט, אז אין די גאנצע וועלט זאל מען דערקענען די שירו של יום, אז תבל ויושבי בה איז דאס "לה'".

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך מלך ישראל - ע"י מעשינו ועבודתינו.

מוסיף זיין בפשטות אין לימוד התורה און קיום המצוות, און בהקדמה לזה עבודת התפלה, און מתוך שמחה וטוב לבב, וואס שמחה איז פורץ גדר.

איז מען פורץ די גדרים פון דעם גלות לגמרי, אפי' ווי בא בנ"י הי' אורה - בא אידן איז ליכטיק מיט "נר מצוה ותורה אור" נאך זייענדיק אין גלות, און דאס ברענגט אראפ ליכטיקייט בפשטות, אויך א ליכטיקייט אין בני חיי ומזוני רויחי,

אז מ'האט די חתימה וגמר חתימה טובה, לשנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה בכל מקום, פון ראשיכם שבטיכם ביז חוטב עציך ושואב מימיך,

און מ'גרייט זיך מתוך שמחה וטוב לבב לקבל פני משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה במהרה בימינו ממש.

* * *

א. ס'איז דאך אלעמאל דער מנהג צו אנהויבן מיט א "סיום", און א סיום איז דאך אפשרי אויף כו"כ מסכתות; אן ענין שהזמ"ג איז אט די מסכתא וואס רופט זיך אן בשם יומא,

וואס זי איז דאך אנגערופן אזוי, ווי געבראכט פון ר' שרירא גאון און מפרשי המשניות ובכ"מ, אז דאס גייט אויפן יום וואס ער איז "אחת בשנה", דער יום המיוחד דער יום הקדוש יום הכפורים,

און וואס די מסכתא איז פון אנהויבס אן הויבט זיך אלייך אן רעדן וועגן די הכנה צו עניני יוהכ"פ, עבודת יוהכ"פ, און אזוי אויך ביז צום סוף המסכתא, וואס דער גאנצער פרק הויבט זיך אן מיט יוהכ"פ, און ווערט נקרא על שם זה,

ביז וואנעט אז עס איז דאך אויך דא בראשונים וואס די גאנצע מסכתא ווערט אויך אנגערופן בשם יוהכ"פ.

אע"פ וואס "יומא" איז דאך לשון יחיד, איז דאך אבער גלייך די התחלת המסכתא הויבט זיך אן וועגן די זיבן טעג שלפני יוהכ"פ, וואס דאס איז דאך כולל כל עשרת ימי תשובה, ווארום ווען הויבן זיך אן זיבן טעג פאר יום הכפורים - הויבן זיי זיך אן לאחרי ווי עס איז געווען ראש השנה.

וואס אפילו בזמן הבית, איז דאך געווען כו"כ פעמים וואס ר"ה איז געווען שני ימים, ווי דערמאנט אויך דעם פסוק פון עזרא, אז "ויהי ביום השני" ע"פ פשש"מ איז דאס געווען דער יום השני של ר"ה, און ווי מ'זאגט אז דער אלול פון ימי עזרא איז "עברוהו", איז ער געווען פון שלשים יום, איז געווען ר"ה שני ימים, אע"פ וואס דעמאלט איז דאך געווען די הקרבת הקרבנות און ביהמ"ק קיים וכו',

קומט דאך אויס, אז נאך די צווייי טעג פון ר"ה, און יוהכ"פ איז בעשור בחודש, איז די "שבעת ימים לפני יוהכ"פ מפרישין" הויבט זיך אן גלייך אויף מארגן נאך ר"ה, און דאס פילט אויס דעם גאנצן זמן - צווישן ר"ה ויוהכ"פ איז מען זיך אלץ עוסק מיט עניני יוהכ"פ, אז "מפרישין" וכו'.

ואע"פ וואס דאס איז דאך בעיקר געווען בנוגע צו כהן גדול, האבן דאך ארום דערויף געהאט צוטאן דער בית דין מיט די כהנים שמסביבו, און אויך דער כהן גדול ביוהכ"פ איז ער געווען אלס שלוחם של כל ישראל, של כל אחד ואחת מישראל, ווי ס'איז דאך אויך פארשטאנדיק פון זיינע ווידויים און בכו"כ מקומות וואס דאס איז מפורש בפירוש אזוי.

איז דאך דאס א פעולה און א הכנה וואס ווערט געטאן אין שלוחם של כל ישראל, וואס שלוחו של אדם כמותו, און אט די הפרשה מיט די הכנות, מיט אומרים לפניו וכו' איז דאס אלץ ענינים וואס דאס ווערט געטאן מיט יעדער אידן און דורך יעדער אידן,

עאכו"כ אז עס קומט נאך אין אן ענין מיוחד בימים אלה וואס איז מעורר אויף ענין התשובה,

וואס דאס איז דאך ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ אז דער ענין פון א יאר-צייט און די ענינים וואס דערמיט איז פארבונדן איז ענינם איז (בלשון הכתוב) החי יתן אל לבו, דער ענין התשובה,

ביז אין דעם אופן פון תכלית שלימות התשובה, וואס דעמאלט איז דאך נעשו לו כזכיות, און נעשו לו זכיות (און א כ"ף הדמיון).

וואס דאס קומט דאך דערנאך ארויס אויך אין פועל, פונקט אזוי ווי דא איז א איד א מעשה בלתי רצוי איז ע"י התשובה ווערט עס זכיות, און ווי דער רמב"ם זאגט נאך מערער חביב ווי געווען פריער,

איז דאס דער ענין בנדו"ז - אט דאס איז פון הקיצו ורננו שוכני עפר, וואס דאס איז דאך נעשו זכיות ממש, און נאך יתר חביב ווי כלפני - ווארום פריער-איז דאך דא דער ענין פון עפר אתה ואל עפר תשוב, משא"כ נאך הקיצו ורננו שוכני עפר ווערט דאס חיים נצחיים,

ווי ידוע די חילוקי דעות צווישן רמב"ם און רמב"ן, און ס'איז אנגענומען, ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ אין לקו"ת ובכ"מ, ווי דעת הרמב"ן אין דעם ענין, אז דער תכלית שלימות השכר, און סוף הענין אויך איז דאס כדעת הרמב"ם אז דאס איז נשמות בגופים, אז תחיית המתים איז דערנאך ווערט דאס אן ענין פון חיים נצחיים.

וואס דאס קומט אויך ע"י ווי די פעולה איז ע"י האדם השב ומפשפש במעשיו, אז נעשה חביב נאך מערער ווי עס וואלס געווען פאר דעם ענין בלתי רצוי, עד"ז אויך בנוגע מאן דנפיל מדרגא' איקרי מית, עד"ז אויך בנוגע אט דאס וואס החי יתן אל לבו - קומט דאס דערנאך אראפ בפועל אין הקיצו ורננו שוכני עפר, אבער דער הקיצו וועט זיין אין אן אופן פון חיים נצחיים,

וואס דאס איז נאך מערער ווי די חיים ווי ס'איז געווען פאר דעם ענין פון [עפר אתה ואל] עפר תשוב.

וואס אין סוף מסכתא יומא איז דאך אויך דא כו"כ ענינים, איז דאך חייב אדם לומר בלשון רבו, וואס דאס איז דער לשון פון דעם אלטן רבי'ן ווי ער הויבט אן זיין אגרת התשובה אז איתא בסוף מסכתא יומא.

אע"פ וואס פון דעם ענין וואס ער ברייננט דארטן (די ברייתא פון חלוקי כפרה) איז ביז דעם סיום נאך דא כמה דפים, און דער עיקר - דא כמה ענינים, אעפ"כ רופט ער דאס אן בשם "**סוף** מסכתא יומא".

וכמדובר כמ"פ בדומה לזה, אז ס'איז נאך דא א דבר תמוה יותר, וואס ער זאגט ווייטער אין אגה"ת בנוגע אז בתורה ובגמ"ח איז דאס מכפר אויף אלץ, און איז מסיים כדאיתא סוף פרק קמא דר"ה,

און דארט איז דאס ניט נאר אז דערנאך איז דא כו"כ ענינים ביז דעם סוף פון פ"ק דר"ה - נאר ס'איז דא נאך כו"כ משניות אפילו!

אין דעם ענין וואס ער ברייננגט פון סוף מסכתא יומא, איז דאס לאחרי די משנה סופית פון מסכתא יומא, וואס די גמ' איז דאך קומט אלס א פירוש און הרחב הביאור בעניני המשנה;

בנוגע צו ספ"ק דר"ה - איז דארט איז דא כו"כ משניות און די גמ' שעליהם, נאך דעם ענין וואס ער ברייננגט דארטן אז בתורה ובגמ"ח איז הכל מתכפר!

עד"ז אויך גלייך אין התחלת ספר התניא זאגט ער דאך אויך בספ"ג דנדה, אע"פ וואס אויך דארטן איז דא כמה ענינים לאחרי דעם ענין וואס ער ברייננגט (פון משביעין אותו תהי צדיק).

עכ"פ דאס איז אלס א מאמר המוסגר.

בנוגע צו דעם סיום, הויבט ער דאך גלייך אן דארטן בברייתא אז ס'איז דא שלשה חלוקי כפרה ותשובה עם כל אחד מהם, און דערנאך איז מפרש בארוכה און די חילוקים שביניהם, צי דאס איז אויף א מ"ע אדער אויף א מל"ת, אדער נאך אויף הארבערע ענינים,

ביז וואנעט אפילו אויף די הארבסטע ענינים איז אויך דא א תיקון, און א תיקון ווי געזאגט פריער בנוגע צו תשובה - אז תשובה איז, ווי דער רמב"ם ברענגט דאס אלס א פסק הלכה אין ספרו יד החזקה [וואס ווי ער שרייבט אין הקדמה איז דאך א ספר פון הלכות הלכות] - אז נעשה ידיד וחביב נאך מערער ווי ס'איז געווען קודם לזה.

אין די ענינים וואס ער רעכנט דארטן - רעכנט ער פארשידענע ענינים, אנהויבנדיק פון לא זז משם עד שמוחלין לו, בנוגע צו מ"ע,

דערנאך ענינים וואס מ'דארף אנקומען צו נאך ענינים, צי אין זמן - ויוהכ"פ אדער יסורים ר"ל וכיו"ב, ותשובה עם כל אחד, און אט דעמאלט ווערט דאס נתכפר.

וואס אט דא ווערט דאך גלייך די שאלה: ס'איז אינגאנצן ניט דערמאנט דער ענין פון קרבנות!

די קשיא ווערט נאך גרעסער: ער זאגט אין גמ' (כאטש דער אלטער רבי איז דאס ניט מעתיק ווער האט געזאגט די ברייתא - אין גמ' איז ער מפרש אויך אט דעם פרט), אז דאס איז די ברייתא וואס מ'האט געפרעגט און דערנאך האט מען געזאגט ברענגט די גמ' אראפ אז דאס איז די ברייתא פון ר' ישמעאל.

בנוגע צו ר' ישמעאל זאגט די גמ' אין שבת אז ר' ישמעאל האט דערציילט אז קרא בשבת לאור הנר והטה וכתב על פנקסו לכשיבנה בית המקדש אביא חטאת שמינה,

איז דאך דערפון פארשטאנדיק אז דא קען מען ניט פארענטפערן אז דא ברענגט ער ניט קרבנות דערפאר וואס דאס איז בזמן שאין ביהמ"ק קיים, ובלשון הרמב"ם אין מזבח כפרה - בשעת ר' ישמעאל מרא דברייתא זו האט ניט נאר געזאגט נאר כתב על פינקסו, אז כשיבנה ביהמ"ק אביא חטאת שמינה!

מ'געפינט דאס ניט נאר בא ר' ישמעאל, כאטש אפילו דאס איז דא במיוחד נוגע, וויבאלד ער איז דער בעל פון דער ברייתא זו.

זאגט די גמ' אויך אין יומא אז ר' אלעזר האט געזאגט, אז האוכל חלב בזמן הזה איז יכתוב שיעורו, זאל ער אנשרייבן דעם שיעור וויפל איז געווען דער שיעור וואס ער האט געגעסן,

און מ'איז מפרש: צוליב וואס דארף מען דאס האבן - און ווי רש"י זאגט דאס: שמא יבנה ביהמ"ק און דעמאלט וועט דער ב"ד פסק'נען אז דער שיעור איז אנדערש ווי ער האט דאס פארשריבן בא זיך, איז אט דעמאלט קען דאס זיין א נפק"מ צי ער דארף ברענגען א קרבן, און צי ער איז מחוייב מלקות, אדער ער דארף ניט ברענגען קיין קרבן און פטור פון די מלקות.

זעט מען דאך אז ס'איז ניט נאר בא ר' ישמעאל, וואס לדעת כמה מפרשים איז דאס דער זעלבער ר' ישמעאל אין שבת און אין דער ברייתא פון סוף יומא, נאר אפילו בזמן האמוראים, פון ר' אליעזר'ן, ועד"ז ווי ער ברענגט דאס אראפ אין ירושלמי אין פאה און אין חגיגה בשם פון ר' אושעיא, וואס איז אויך געווען פון די אמוראים, אז מ'דארף פארשרייבן, און זיי זאגן דאס בנוגע לזמנם, אז כשאוכל א דבר האסור המחויב בלאו אדער בקרבן, דארף ער פארשרייבן דעם שיעור.

דערנאך ווערט די שאלה העולה על כולנה: ס'איז דאך אן ענין וואס דאס איז מעשה רב, און מ'געפינט אז ר' ישמעאל איז "כתב על פנקסו", עד"ז געפינט מען די דעה פון ר' אליעזר און די דעה פון ר' אושיעא אין ירושלמי, אז מען דארף פארשרייבן שיעורים;

[און] די פוסקים, דער רמב"ם און דער שו"ע, ברייגנען דאס ניט אראפ!

ביז וואנעס אז מ'האט דאך געזען די הנהגה פון כו"כ גדולי ישראל, געפינט מען קיינמאל ניט אז איינער פון זיי זאל דערציילן אז "כתב על פינקסו", אע"פ וואס ס'איז דאך "אין צדיק בארץ אשר יעשה טוב ולא יחטא",

בפרט נאך לויט דער שיטה פון תוס' אז דאס וואס לא יאונה לצדיק כל עון איז דאס "במידי דאכילה", און די ראי' איז דאך אויף דערויף גופא אויך (איינע פון די ראיות) פון "הטה את הנר",

איז געווען ענינים וואס בשוגג איז געווען אמאל אן ענין בלתי רצוי, און אעפ"כ איז לא כתבו על פינקסם, און לא כתבו שיעורים!

און מ'קען ניט פארענטפערן אז דאס איז אן ענין פון "הצנע לכת" - ווארום עס איז א כלל אין תורה אז אויב לא אישתמיט תנא בשום מקום, לא אשתמיט אמורא בשום מקום, עד"ז לא אישתמיט קיין גדול בישראל פון דעם ענין פון "לכתוב על פינקסו" אדער פארשרייבן שיעורים [וואס דאס פארענטפערט אויך פארוואס מ'ברייננט דאס ניט אין די פוסקים, דערפאר וואס דאס איז איצטער ניט נוגע לפועל]?

ווערט דאך אבער די שאלה: היתכן! ומאי טעמא!

די קשיא ווערט נאך גרעסער: מ'געפינט אין אן ארט וואו עס ווערט יע געבראכט די מעשה מיט ר' ישמעאל: ווערט עס אראפגעבראכט אין מג"א, אין א פארווארפענעם ארט, וואו עס רעדט זיך גאר וועגן הלכות שבת, און אין סוף סימן שלד ברייננט ער אראפ (ניט אלץ אן ערשטער ענין, נאר אלץ אן ענין שני ושלישי) אז איתא תנא וואס בשעת ער האט געטאן אן ענין וואס איז היפך פון הל' שבת איז כתב אז ער וועט ברייננען דערנאך א קרבן.

ניט ער ברייננט דעם שם פון תנא, ניט ער ברייננט דאס אז דערפאר זאל מען זיך אזוי נוהג זיין; צווישן פארשידענע הידורים און פארשידענע ענינים (און ווי עס ווייזט אויס - אויף להדגיש גודל הענין פון טאן תשובה על ענינים בלתי רצויים) - דערמאנט ער אז ס'איז געווען א תנא וואס האט געטאן באופן כך וכך!

וואס דאס פארענטפערט אויך: דער אלטער רבי איז דאך, ווי ער האט געזאגט אליין, און דער בעל דברי נחמי' ברייננט דאס אראפ בשמו, אז בזמן וואס ער האט געשריבן דעם שו"ע האט ער זיך שטארק פארלאזן אויפן מג"א,

ברייננט ער אראפ פון דעם מג"א [הנ"ל] די שאר ענינים, ער איז אבער ניט מעתיק אט דעם ענין וואס דער מג"א שרייבט, אז ס'איז געווען א תנא וואס ער האט פארשריבן אז ער וועט ברייננען א קרבן!

מ'האט גערעדט בארוכה אז א שטר שהי' עליו ערעור, און דערנאך האט מען אים מאשר געווען בבית דין, האט ער א גרעסערן תוקף, ווארום מ'קען אויף אים שוין ניט מערער זיין,

משא"כ א שטר שלא הי' עליו ערעור, איז כאטש אפילו אז ע"פ תורה פארלאזט מען זיך אויף אים, קען אבער זיין אז מ'זאל אויף אים מערער זיין, וואס דאס גופא באווייזט אז דאס קומט ניט צו דעם תוקף לאחרי שיצא עליו ערעור און מ'האט אים מאשר געווען בבי"ד.

מ'געפינט אין דעם אלטן רבי'ן וואס ער האט געשריבן מהדו"ק, און דערנאך ווי ער האט דאס אפגעדרוקט, און דער חילוק שבינהם איז, אז אין מהדו"ק, אין הל' הכנסת שבת, שרייבט ער דארט (ס'איז א נפק"מ אנטקעגן די ענינים ווי אזוי מ'דארף זיין נזהר) אז ער וועט דערנאך דארפן ברייגען אן אשם תלוי,

וואס דאס שרייבט ער אין מהדו"ק;

אין מהדו"ב, וואס ער האט דאס אפגעדרוקט בסידורו, האט ער אט די ווערטער ארויסגענומען?!

וואס דאס איז נאך מער מדגיש דעם ענין אויף וויפל דאס איז ניט קיין הלכה פסוקה.

וואס לכאו' איז טעמא בעי - היתכן!

וואס י"ל נקודת הביאור, און דא זעט מען ווי אזוי מ'קען ארויסנעמען פון ענינים וואס לכאו' איז דאס ענינים אין חסידות - א ביאור אין אן ענין וואס איז אינו מובן פשוט אין נגלה.

און דאס איז, בהקדם אז לכאו' דארף מען האבן א ביאור: וואס איז דער גאנצער ענין פון א קרבן לאחרי שעשה תשובה;

א קרבן מוז האבן עס זאל פריער זיין תשובה, ווי די גמ' זאגט אין זבחים (ז, ב) אז אם לא עשה תשובה ח"ו איז דאך דאס זבח רשעים תועבה, קען מען קיין קרבן ניט ברייגען,

מוז מען דאך זאגן אז ס'איז געווען תשובה: בשעת מ'טוט תשובה איז אט דעמאלט דער דין אין קידושין (און ס'איז נוגע אנטקעגן קידושין, אז זי זאל ווערן אן אשת איש), אז הרהר תשובה, איז אפילו אז פריער איז ער געווען אין קצה הכי תחתון - איז נעשה צדיק,

און ווי די גירסא אין אור שרוע, וואס דער אלטער רבי ברייגגט דאס אויך אראפ אין תניא די גירסא - איז נעשה צדיק גמור!

וואס צדיק גמור, וואס דאס באווייזט אויף א תשובה בשלימותה, איז דאך דעמאלט ווי די גמ' זאגט אויך אין יומא אין די לעצטע דפים איז דעמאלט זדונות נעשו לו כזכיות, אדער זכיות ממש -

ווערט דאך דעמאלט די שאלה: אויב ער איז א זך ממש, און ער איז א צדיק, און א צדיק גמור - איז וואס דארף ער ברייגגען א קרבן חטאת, און וואס דארף ער ברייגגען א קרבן עולה שמכפר על העשה!?

זאגט טאקע דער פסוק דעם טעם, "לכפר עליו", ס'ווערט דאך אבער די שאלה: וויבאלד ער האט געטאן תשובה, און תשובה פסק'נט אפ תורה אז "נעשה צדיק", איז וואס דארף ער האבן כפרה, אויף וואס?! ער איז שוין א צדיק!!!

און מ'מוז דאך זאגן אזוי, דערפאר וואס ס'איז דאך נוגע אויך בזמן הזה דער ענין אין פסולי עדות, וואס צווישן זיי איז אויך דא פסולי עדות מה"ת, און מ'פסק'נט אפ א פס"ד ברור אין שו"ע חו"מ אין כמה סעיפים און כמה פרטים, אז אויב ער האט געטאן אט די און די פעולות איז אט דעמאלט ווערט ער אויס "עד רשע", און ער ווערט אן עד כשר, אפילו אויף אזוינע פעולות וואס דארפן האבן א קרבן, אדער וואס דארפן האבן מלקות.

און אעפ"כ פסק'נט ער אפ אין שו"ע אז ער ווערט אן עד כשר, און מעג עדות זאגן, און **דארף** עדות זאגן, און ער איז אן עדות כשר סיי אין עניני איסורי, גיטין און קידושין, און סיי אין עניני ממונות, וכו' וכו'.

און ווי דער חת"ס פרעגט טאקע די שאלה: אז היתכן ס'איז ממנ"פ, אדער עס קען ניט זיין קיין פסול עדות מה"ת בזמן הזה, אדער אויב ס'איז יע דא - קען ער דערנאך ניט חוזר זיין, ווײבאלד אז ווען ווערט ער כ"אחיך" איז ווען "ונקלה" איז אט דעמאלט ערשט איז ער "אחיך" אבער קודם ש"נקלה" איז ער ניט "אחיך", איז אט דעמאלט איז ער דאך ניט כשר לעדות.

מיט נאך כמה דיוקים בדבר.

וואס ס'איז דא דער ספר בית אלקים, וואס דאס איז אויך פון א ראשון, ר' משה מטראני, ווילל ער פארענטפערן, אז פונקט אזוי ווי ס'איז דא חילוקים בזמן הבית, און חילוקים תמיד צווישן א חטא גדול אדער כלשון הרמב"ם קלות וחמורות, אזוי איז אויך דא בכללות א חילוק צווישן א חטא בזמן שביהמ"ק הי' קיים און בזמן וואס גלינו מארצנו, אז ס'איז ניטא [דער] משם אורה יוצאה לכל העולם כולו,

וואס דאס איז דאך געווען דורך חלונות שקופי אטומים בביהמ"ק, איז דערגאנגען פון דארטן אורה בכל העולם כולו,

וואס בכללות איז דאס ווי דער חילוק אין לשון המגילה: לכבוש את המלכה עמי בבית:

בשעת דער ביהמ"ק איז קיים און די אורה איז יוצאה לכל העולם כולו, און אעפ"כ טוט ער א חטא - איז אט דעמאלט איז דאס בדוגמא פון לכבוש את המלכה עמי בבית, מצד דעם חומר הענין,

און אויך דאס באווייזט אויף דער געפאלנקייט פון דעם מענטשן וואס האט געטאן דעם דבר בלהי רצוי - אז ניט קוקנדיק וואס מ'גיט אים א סיוע מלמעלה דורך דעם אור וואס גייט ארויס פון ביהמ"ק לכל העולם כולו אויך צו אים אין זיינע ד' אמות, און אעפ"כ האט דאס אים אויך ניט געהאלפן, איז א סימן אז ער איז טיפער אראפגעפאלן;

בזמן שאין ביהמ"ק קיים, ובלשון הכתוב אנכי הסתר אסתיר פני ביום ההוא, איז דאך ניטא אט די אורה וואס יוצאה לכל העולם כולו, איז אט דעמאלט ביידע זאכן: דאס איז ניט "לכבוש את המלכה עמי בבית", און ס'איז אויך ניט דער ענין אז מ'האט אים געגעבן א תוספת סיוע פון דעם אור של ביהמ"ק און אעפ"כ האט ער געטאן קאפויר.

במילא דארף ער ניט האבן אזויפיל כפרה וויפל ער האט געדארפט האבן בזמן שביהמ"ק הי' קיים.

וואס דאס איז אן ענין וואס עס שטייט פון א ראשון, במילא דארף מען דאך זיין אפגעהיט ווי אזוי צו רעדן וועגן דעם, אבער לפענ"ד איז שווער צו געפינען אויף דערויף א יסוד אין נגלה דתורה.

און וואס נאך מערער, דעמאלט ווערט דאך אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: דער ענין [דר' ישמעאל] איז געווען בזמן שאין ביהמ"ק קיים, ווי פארשטאנדיק פון זיין לשון גופא "לכשיבנה ביהמ"ק".

עאכו"כ וואס ר' אליעזר און ר' אושעיא זאגן, אז מ'זאל שרייבן די שיעורים, זיינען זיי געווען בזמן האמוראים,

איז אויב אזוי, וויבאלד אז זיי דארפן גאר ניט ברייגנען קיין קרבן - איז וואס דארף מען פארשרייבן "אביא חטאת שמינה",

ובפרט בנוגע צו א חטאת איז דאך דער דין אז א חטאת קען מען ניט ברייגנען בתור נדבה; אויב ער איז ניט מחוייב ברייגנען א חטאת - טאר ער ניט ברייגנען קיין חטאת!

וי"ל הביאור בזה, עכ"פ בקיצור, מיוסד אויף דעם המשך וואס דער אלטער רבי ברייגנט כדי צו מבאר זיין דעם ענין התשובה, אבער דערוויילע איז ער אויך מבאר דעם ענין הקרבנות; און זאגט אז מצות התשובה מן התורה איז דאס דער ענין פון חרטה על העבר, בל ישוב עוד לכסלה, און ער וועט מערניט טאן קיין ענינים בלתי רצויים,

און אויך ווי געזעדט אמאל א חידוש גדול: ניט נאר אין דעם ענין - נאר אין אלע ענינים שבתורה, ווי דער אלטער רבי שרייבט דארטן.

דערנאך איז ער ממשיך אין דעם פרק שלאחרי זה, אז דאס איז דער ענין התשובה וואס ער טוט אויף אז "אין מזכירין לו דבר וחצי דבר בעוה"ב" און ער האט ניט קיין עונש בזה וכו' וכו'.

דערנאך איז ער ממשיך: כדי אבער ער זאל זיין "חביב" ווי ער איז געווען לפני זה - אט דא קומט דער ענין הקרבנות.

וואס דער ענין הקרבנות, ווי ער הויבט אן מיט קרבן עולה, וואס די גמ' רופט דאס אן אין זבחים (ז, ב) אז לאחרי ווי עס איז געווען דער פרקליט און ער האט מפייס געווען דעם מלך, איז דערנאך קומט דער "דורון", וואס דאס ברייגנט שוין דער מענטש אליין אויף וועמען מ'האט מפייס געווען.

ער"ז איז אויך: אט דאס וואס ער האט געטאן תשובה האט דאס אויפגעטאן אז "אין מזכירין לו דבר וחצי דבר", בדוגמא ווי א פרקליט, וואס ער האט אינגאנצן אפגעווישט דעם ענין בלתי רצוי;

מ'וויל אבער אז ער זאל זיין חביב כמו שהי' לפני החטא - אויף דערויף דארף ער ברייגנען, לפייס את המלך, אויך א דורון,

וואס וואס איז דער "דורון" - דאס איז דער ענין הקרבנות.

און דערנאך איז ער ממשיך [ער הויבט דאס אן פון קרבן עולה, און דערנאך איז ער ממשיך] אויך ברייגנגט אראפ קרבן חטאת.

וואס דערפאר איז אויך די נפק"מ ווי ער זאגט, אז בשעת ס'איז ניטא קיין קרבנות, בזמן הזה, איז דא אבער מיעוט חלבו ודמו, וואס די גמ' זאגט אויף דערויף אז דאס זאל זיין מיעוט חלבו ודמו ע"י הצום, פונקט ווי ס'איז געווען דער חלב ודם,

[וואס דאס איז דאך געווען דער ענין הקרבן, ווי ער זאגט אין יחזקאל "להקריב חלב ודם"].

און בשעת בזמן הזה, וואס מ'טאר ניט פאסטן, וויבאלד אז דאס איז אין זמנים וואס מ'איז ניט מצווה על זה, איז טאר מען ניט פאסטן, דערפאר וואס דאס פועל'ס א חלישות אין גוף, ברייגנגט דאס דערנאך א חלישות אין שקידה אין לימוד התורה, און קיום המצוות, ווי ער איז מאריך (אין אגרת התשובה), ביז וואנעט ער ברייגנגט אראפ אז ר"א הקפר האט געזאגט אז המתענה איז גאר נקרא חוטא, אז ס'איז גאר היפך התיקון -

איז אט דעמאלט זאל זיין "בצדקה פרוק", וואס דערפאר איז מען מרבה אין דעם ענין הצדקה "כל החרדים לדבר ה'" (ספ"ג).

וואס אט דא זעט מען, אז דער ענין הקרבנות, אפילו בזמן שביהמ"ק הי' קיים, אנהויבנדיק פון קרבן עולה, איז געווען ניט אן ענין אז מ'דארף אראפנעמען דעם חטא, כדי ער זאל ווערן ניט קיין "עד רשע" ח"ו נאר אן עד כשר - דאס נעמט אראפ תשובה, אפילו בזמן שביהמ"ק הי' קיים;

וואס דערפאר איז די תיקונים אז ער ווערט אן עד כשר, איז דאס ניט נאר בזמן וואס מ'האט געשריבן דעם חו"מ, אפילו בזמן שביהמ"ק הי' קיים אויך איז ער שוין געווארן אן עד כשר;

מ'וויל אבער האבן ער זאל זיין אויך דערנאך חביב כפי שהי' קודם החטא - איז דערפאר בזמן שביהמ"ק הי' קיים דארף זיין א קרבן; בזמן שאין ביהמ"ק קיים איז אט דעמאלט דער ענין הצומות,

אויב ער איז א בריא לגמרי בתוקף, אדער אין די זמנים וואס ס'איז ניט געווען די חולשה בעולם, ווי אין די דורות הראשונים, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ, איז אט דעמאלט איז דער ענין פון תענית,

אדער מ'פארבייט דאס אויף דעם ענין פון צדקה.

אע"פ וואס די גמ' זאגט דאך דאס בנוגע צו א קרבן עולה, משא"כ אויף קרבן חטאת זאגט דארטן די גמ' גופא אז חטאת איז קדמה לעולה דערפאר וואס דאס איז דער פרקליט וואס ער נעמט אראפ דעם חטא, און דערנאך קומט קרבן עולה וואס זי איז דער "דורון", וואס דורך דערויף ווערט ער דערנאך חביב כפי שהי' קודם,

זעט מען דאך אבער אז דער אלטער רבי איז גלייך ממשיך, נאך ווי ער ברענגט דאס אראפ בנוגע צו קרבן עולה - אז דאס איז אויך אזוי בנוגע צו קרבן חטאת!

ועד כדי כך אז ער ברענגט אראפ אז ס'איז דא דעות צי עס דארף זיין אזויפיל צדקה אויף כל פעם ופעם בפני עצמו וואס ער האט געטאן דעם דבר בלתי רצוי, אדער ס'איז גענוג איין מאל אויף אלע.

וואס דאס איז דער חילוק צווישן עולה און חטאת, עולה איז מכפרת על **ריבוי** מ"ע, אלע מ"ע, משא"כ חטאת דארף מען האבן על כל אחד ואחת בפני עצמו,

און זאגט אז "הכרעה המקובלת בזה" איז אז מ'איז ניט יוצא מיט איין מאל, אז ס'דארף זיין לכה"פ ג"פ,

דערנאך איז ער אויך ממשיך אז המחמיר זאל ער געבן אזויפיל צדקה ביז וואנעט אז דאס וועט זיין פאר אלעמאל וואס ער האט געטאן, פאר יעדער מאל אן ענין פון שווי פון קרבן חטאת, ווי ער איז מבאר דארט בארוכה,

זעט מען דאך אז בא חטאת איז אויך אזוי!

לכאו' ווי שטימט דאס מיט דער גמ' אין זבחים, אז די גמ' איז בפירוש מחלק צווישן פרקליט אז דאס איז חטאת און דורון וואס דאס איז עולה -

איז דאס פארשטאנדיק לויט דעם תוספות דארט על אתר: בשעת די גמ' ברענגט דארט אראפ אז עולה איז דורון, שטעלט זיך אוועק תוס' און פרעגט היתכן! בשעת מ'זאגט אז עולה איז מכפרת על מ"ע?! איז זי דאך ניט נאר א "דורון" נאר זי איז דאך אויך מכפרת, אויף אראפנעמען, פונקט ווי די זאך פון א פרקליט?!

און פארענטפערט אז דאס איז דער חילוק צי דאס איז מקופיא אדער מגופו (?) צי דאס איז א גאנצער פרקליט צי א גאנצער דורון וכו'.

וואס ווי ס'איז פארשטאנדיק פון תוס' לערנט תוס' אז אין עולה איז דא בײדע זאכן, ער איז אן ענין פון פרקליט, על מ"ע, וואס דאס איז דאך אויך א חטא, דארף מען דאך האבן א פרקליט אויף אראפנעמען דעם חטא, וואס "אין מזכירין לו דבר וחצי דבר",

און דער עיקר ענינו אבער איז דורון.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, און דאס פארענטפערט וואס דער אלטער רבי ברייננגט בפשטות דעם ענין פון קרבן חטאת:

פונקט אזוי ווי אין עולה איז דא בײדע זאכן, סיי פרקליט און סיי דורון, נאר דארט איז דער עיקר דורון, עד"ז איז פארשטאנדיק אויך בא חטאת, אז דארט איז אויך דא בײדע ענינים, סיי פרקליט און סיי דורון, אע"פ וואס דארט איז דער עיקר נוגע דער ענין הפרקליט,

ובלאה"כ איז דאס מוכח אזוי צו זאגן, ווארום אויב מ'וועט זאגן אז חטאת האט אין זיך אינגאנצן ניט דעם ענין פון דורון, בלייבט דעמאלט די שאלה: אט די חטאים וואס מ'דארף ברייננגען מערניט ווי א חטאת (ניט קיין חטאת ועולה) - איז דורך וואס וועט ער חביב כקודם החטא; ער האט דאך ניט געבראכט דעם דורון?!

איז דאס מכריח צו זאגן, אז חטאת האט אין זיך אויך דעם דורון, נאר אמאל דארף מען האבן א דורון בפני עצמו, מפני גודל הענין (חומר הענין), און אמאל איז געגוג דער ענין וואס איז דא אלס א טפל אין חטאת, וואס דאס איז דער ענין וואס אין דורון איז חטאת אויך.

עפ"ז וועט דאך אבער נאך א שאלה: ווי אזוי קען מען דאס בכלל זאגן אז א קרבן בזמן שביהמ"ק הי' קיים איז דאס מערניט כדי ער זאל זיין (ווי ער טייטשט אפ) לכפר עליו, אז דאס איז דער ענין פון נח"ר למעלה, ניט כפרה כפשוטה אויף אראפנעמען דעם חטא, (וואס דאס טוט אויף תשובה), נאר להיות לרצון לפני הוי', וואס דאס פועל'ט אויף א דורון -

אויב ער ברייננגט ניט קיין קרבן בשעת ער דארף יע ברייננגען א קרבן, איז דאך ניט נאר דער פשט אז אים פעלט דער "דורון" - ער טוט היפך ציווי הכתוב! דער דין איז אז ער דארף ברייננגען א קרבן, און ער האט ניט געבראכט קיין קרבן, איז ער עובר אויף ציווי ה',

איז דאך דאס ניט נאר וואס עס פעלט "דורון" אליין; עס פעלט דאך אים אן ענין: מ'זאגט לא ישוב עוד לכסלה - כל זמן ער ברייננגט ניט קיין קרבן איז אט דעמאלט ניט נאר ער טוט ניט קיין "דורון"; ער טוט היפך הציווי!

וואס אט דא קען מען זאגן דעם ביאור, אז דעמאלט איז דאס ניט דער ענין פון דעם חטא: אז אכל חלב בשוגג און ער דארף ברייננגען א חטאת, און האט תשובה געטאן בכל לבו ונפשו, בזמן שביהמ"ק הי' קיים, און האט ניט געבראכט דעם חטאת,

האט ער טאקע עובר געווען ציווי ה', ער האט אבער ניט עובר געווען אין דעם ענין פון חלב; ער האט עובר געווען וואס ער איז ניט מקריב קיין קרבן וואס ער דארף מקריב זיין,

וואס מצד דערויף איז דאס די זעלבע זאך ווי ביי אכל דם אדער אכל פיגול און ביי אלע ענינים וואס דארפן ברייננגען דעם קרבן חטאת, איז דאס א חטא ניט אין דעם

ענין וואס קען אים אפהאלטן דעם ענין וואס נעשה חביב כקודם החטא - דערפאר וואס דאס האט צו חלב קיין שייכות ניט.

וואס דוגמתו געפינט עד"ז נאך בכמה ענינים בתורה, ווי גערעדט אמאל בארוכה דער ענין פון חצי שיעור:

בא חצי שיעור איז דאך דאס ניט דער איסור, ניטא דער שיעור פון דעם איסור, איז דא א שקו"ט באחרונים צי דאס איז אן איסור השוה אין אלע איסורים וואס ער האט געטאן דעם חצי שיעור, איז דאס אן איסור בפני עצמו, ניט פארבונדן מיט דעם ענין אין וועלכן עס פעלט אין דעם שיעור, נאר דאס איז א דבר השוה.

אדער דאס האט אין זיך דעם חומר פון דעם ענין פרטי אין וועלכן אים האט געפעלט אין דעם שיעור.

און ווי די ראיות בזה לכאן ולכאן, דערפון וואס מ'זאגט "חזי לאיצטרופי", אדער מ'לערנט דאס אפ פון "כל חלב" אפילו חצי שיעור, וכמבואר די שקו"ט בארוכה אין אחרונים.

עד"ז איז אויך דא אין דעם איסור פון "לפני עור לא תתן מכשול", וואס דאס גילט דאך אויף יעדער מכשול; אויף יעדער ענין בלתי רצוי, איז דא דער לאו פון לפני עור לא תתן מכשול.

און אט דא איז אויך די ביידע הסברות, צי אט דער וואס האט עובר געווען האט ער עובר געווען אויף א לאו וואס ער איז בשוה בכל איסורים שבתורה, האט ער אין זיך די חומרה מערניט ווי פון א לאו,

אדער וויבאלד ער האט עובר געווען אויף לפני עור לא תתן מכשול, און דער מכשול איז א מכשול קל יותר אדער חמור יותר - איז אויך א נפק"מ בנוגע צו אים גופא, צי האט ער עובר געווען לפני עור באופן קל אדער לפני עור באופן חמור.

וואס עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ענין: אע"פ וואס לא הקריב קרבן קען מען ניט זאגן אז ער האט ניט דעם פרקליט - דער פרקליט האט אפגעטאן ענינו בשלימות, און ער האט אראפגענומען דעם ענין פון אכילת חלב;

אט דאס וואס ער איז דערנאך ניט מקריב קרבנות, אדער עובר אויף בל תאחר - איז ער עובר אויף בל תאחר, עובר אויף א ציווי וואס מ'הייסט אים ברייננגען א קרבן און ער ברייננגט ניט קיין קרבן - ער איז אבער ניט עובר אויפן איסור פון חלב ודם וכיו"ב, אין די חילוקים שביניהם, ובלאוים שכיו"ב, צי דאס איז א חמור צי דאס איז א קל, אדער א חמורה שבחמורות אדער א קלה שבקלות.

און וואס איז אויב אזוי דער ענין פון ר' ישמעאל וואס כתב על פנקסו?

וואס אט דא איז פארשטאנדיק בפשטות אז ר' ישמעאל האט געוואלט אז ניט נאר אז עס זאל זיין דער ענין פון פרקליט, נאר זאל אויך זיין חביב כמקודם, וואס דעמאלט דארף מען אנקומען צו א קרבן.

עד"ז ר' אליעזר און ר' אושיעא.

אט דא ווערט דאך אבער די שאלה: אט דאס דארף אויך זיין א דין אין שו"ע: פונקט אזוי ווי מ'זאגט אין הל' תשובה, אז ס'איז ניט מספיק אז "אין מזכירין לו דבר וחצי דבר", נאר וואס דען מ'דארף זיך משתדל זיין אויך בנוגע ער זאל זיין חביב כמקודם,

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז דערפאר דארף מען האבן תעניות, ובדורות הללו דער ענין פון צדקה - דארף מען דאך אין דערויף זיך משתדל זיין -

איז וואס איז דא דער חילוק וואס ר' ישמעאל כתב על פינקסו אביא חטאת שמינה, ניט דער ענין פון צומות, וואס דעמאלט האט ער דאך גלייך די כפרה: אזוי דארף ער דאך ווארטן ביז "יבנה ביהמ"ק"; אויב ער וועט טאן דעם ענין התעניות וצומות וצדקה - האט ער דעם ענין גלייך, דארף ער ניט ווארטן "לכשיבנה ביהמ"ק"?

איז דער ביאור בזה, עכ"פ בקיצור (ווי דער גאנצער ענין גערעדט), אז דאס איז בדוגמא וואס מ'זאגט אז תפלות במקום קרבנות תקנום:

ס'איז דא דער ענין פון קרבנות, אנהויבנדיק פון קרבן תמיד, וואס ער איז דאך מכפר אויף די אלע ענינים, ת"ח שחטא אל תהרהר עליו, דערפאר וואס דערנאך איז געקומען דער קרבן תמיד און האט מכפר געווען אויף די ענינים, קרבן תמיד של שחר בנוגע צו די ענינים שבלילה, ועד"ז קרבן תמיד של בין הערבים אויף די ענינים בלתי רצויים שביום.

דערנאך זאגט מען אז תפלות במקום קרבנות תקנום, אעפ"כ איז דאך דאס ניט אינגאנצן אויפגעטאן דאס וואס קרבנות דארפן אויפטאן,

און די ראי' אויף דערויף איז, אז מ'געפינט דוגמתו וואס די גמ' זאגט אין הוריות, אז בשעת ס'איז געווען גאולת עזרא, האט מען געבראכט קרבנות אויף די ענינים וואס מ'האט געדארפט ברענגען קרבנות בזמן שביהמ"ק הראשון הי' קיים, און מ'האט דאס דעמאלט ניט באוויזן צו ברענגען, האט מען דאס דערנאך געבראכט בשעת ס'איז אויפגעבויט געווארן דער ביהמ"ק השני בימי עזרא,

אע"פ וואס דעמאלט איז דאך געווען די אנשי כנה"ג און נאך לפני זה, אויך צווישן זיי נביאים, חגי זכרי' מלאכי, וואס זיי האבן דאך געווען בתחלת פון בית שני און אנגעוויזן דעם מקום המזבח וכו', מיט די אלע פרטים, ווי מ'זעט אויך אין זייערע נבואות;

איז דאך א זיכערע זאך אז די **תפלות** במקום קרבנות, אדער כל העוסק בתורת חטאת כאילו הקריב חטאת - האבן זיי זיכער געטאן,

אעפ"כ האט דאס זיי ניט באפרייט אז דערנאך זאל מען ברענגען די קרבנות בפועל.

וואס איז אין דערויף דער טעם? איז אויך פארשטאנדיק בפשטות, אז אע"פ וואס ער ווערט חביב כפי שהי' קודם המעשה, איז אין חביבות גופא איז דאך אויך דא כו"כ דרגות,

ביז וואנעט אז ס'איז דא אזא חביבות אז מ'מוז אנקומען צו א קרבן גשמי; ניט נאר מיעוט חלבי ודמי, נאר להקריב חלב ודם,

און ווי דער רמב"ן און די וואס ברענגען טעמי הקרבנות זיינען מבאר, אז דער אדם המקריב קרבן איז זיך מצייר אז די אלע ענינים האט מען געדארפט טאן מיט אים, להקריב חלב ודם, נאר דער אויבערשטער ברחמיו האט דאס פארביטן, און בשעת מ'טוט דאס מיט דער "מן הבהמה מן הבקר ומן הצאן" איז אט דעמאלט איז דאס פונקט ווי מ'האט דאס געטאן מיט אים,

אבער מיט דיבור פון תפלות קען מען דערמיט ניט יוצא זיין,

וואס עד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע וואס מ'פארשרייבט להקריב חטאת שמינה.

דאס איז נאך אבער אויך ניט מספיק - בלייבט דאך אבער ווייטער די שאלה: וויבאלד אז ס'איז דא א חילוק, און א קרבן בפועל איז מוסיף אפילו אויף דעם ענין התענית אדער ענין הצדקה וכיו"ב - איז יעדער איד דארף ביי אים זיין אין מצות התשובה, וואס דאס איז דאך אויך כולל (ווי דער רמב"ם פסקנ'ט אפ) ער זאל זיין מערער חביב ווי ס'איז געווען קודם החטא - דארף דאך ביי אים זיין אנגעשריבן על פינקסו להקריב חטאת שמינה?!

ווערט דאס אויך באווארנט דורך רש"י וואס רש"י שרייבט אין יומא, בנוגע צו דעם ענין פון די שיעורים וואס ער זאל אנשרייבן דעם שיעור חלב שאכל ובו', כדי ער זאל וויסן וואס ער דארף טאן כשיבנה ביהמ"ק -

און רש"י זאגט דארטן "יבנה ביהמ"ק - בחיינו".

וואס וואס איז אין דערויף בפשטות דער ענין?

דאס וואס מ'האט געבראכט בימי עזרא קרבנות אויף ענינים וואס זיינען געווען מיט הונדערט יאר פאר דעם, פאר גלות בבל, צי מיט 80 יאר פאר דעם, איז די גמ' מסביר דערפאר וואס ציבור אינו מת, דאס איז דער זעלבער ענין, דער זעלבער קהל, אויף וועלכן ס'איז חל געווען דער חיוב ברייגגען די קרבנות, איז ער אינו מת עד סוף כל הדורות, איז אז עס קומט דער זמן וואס מ'קען ברייגגען דעם קרבן - דארף ער מקיים זיין זיין חיוב;

בנוגע אבער צו א חטא של יחיד, איז דאך דעמאלט דא דער ענין פון "חטאת שמתו בעלי'" אדער קרבנות בזיר וואס מת וכו', איז ניט שייך ער זאל דאס ברייגגען בגלגול אחר, אדער אפילו כשליחין המתים, ווארום דאס איז "חטאת שמתו בעלי'" האט תורה אפגע'פסק'נט אז דעמאלט ווערט בטל דער ענין.

וואס דערפאר באווארנט דאס רש"י, אז פארוואס דארף ער פארשרייבן שיעור: אויב יבנה ביהמ"ק ניט בחיינו - איז קיין נפק"מ ניט צי וועט ער יע פארשרייבן צי וועט ער ניט פארשרייבן, ווארום א חטאת, ווי געזאגט פריער - אויב מ'איז ניט מחוייב טאר מען זי ניט ברייגגען;

אויב אבער יבנה בחיינו - איז אט דעמאלט האט ער אויף זיך דעם חיוב.

דער ענין פון חטאת און קרבנות, און בכלל פון עונשים שבתורה און שכר שבתורה, איז פארבונדן ע"פ הלכה מיט ידיעה, ס'דארף זיין "שב מידיעתו",

און ווי די גמ' איז מאריך אין מסכתא שבת, אין אנהויבס פון "כלל גדול", אז פונקט אזוי ווי מזיד איז פארבונדן אז עס דארף זיין ידיעה, אז ניט איז ער ניט מחוייב קיין ענינים וואס אן עונש איז במזיד, אזוי איז אויך חטאת איז דאך פארבונדן מיט "זדונו כרת" - דארף אויך זיין בנוגע צו חטאת אן ענין וואס ער האט עפעס-וואס א ידיעה בנוגע צו דעם ענין.

ביז וואנעט אז ס'איז גאר דא א קס"ד אז א תינוק שנשבה בין העבו"ם, איז ער דאך דעמאלט אן אנוס, וואס דעמאלט איז ער גאר פטור פון כל הענינים,

אע"פ וואס דער רוב האלט אנדערש, אבער דער קס"ד גופא איז דאך מדגיש אז יעדער ענין וואס איז פארבונדן אפילו אן ענין של שוגג, איז ניט דער פשט אז ער האט אינגאנצן קיין ידיעה ניט בדבר, וואס דעמאלט איז ער בדוגמא פון ניט קיין בר דעת, ער האט ניט קיין ידיעה, קיין דיעה בכל ענין זה, איז אנוס הוא.

עד"ז איז דאס אויך פארשטאנדיק בנוגע וואס מ'דארף האבן התראה, וואס וואס טוט אויף התראה, אז מ'איבערצייגט זיך און מ'באווייזט אים גופא אז ער ווייס וועגן דעם ענין, און ווייס וועגן דערויף מיט דעם גאנצן חוזק וחומר שבדבר,

וואס דערפאר איז דאך התראה ניט גענוג אז מ'איז אים מתרה בכלל: זאלסט וויסן זיין אז דו גייסט עובר זיין אן עבירה, מ'דארף אים מתרה זיין מיט פרטי הדברים, עד כדי כך דארף זיין די ידיעה.

פונקט אזוי ווי דאס איז בא מזיד, בנוגע לכללות הענין, איז דערפון אויך פארשטאנדיק, אז דאס וואס "שגגתו חטאת", וכיו"ב אן אשם תלוי אדער שאר קרבנות, דארף אויך זיין אן ענין מיט א ידיעה, און ידיעה דארף זיין בדוגמא פון די ידיעה פון התראה - א ידיעה מיט א תוקף מיט פרטי הדברים.

בשעת ער טוט אן ענין במזיד, דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו זיין חיוב ווען ער וועט דאס טאן בשוגג, איז כאמור, ווי מ'ווייס פון דעם ענין ההתראה, דארף ער האבן א התראה מיט פרטי הדברים,

בשעת מ'זאגט אים אז "יבנה ביהמ"ק" און דעמאלט וועסטו זיין חייב אן אשם תלוי אדער א קרבן וכיו"ב, איז אט דעמאלט איז דאס ניט מספיק אז מ'זאגט אים און ער הערט דאס מיטן אויזן, און דאס דערגרייכט ניט צו אים - מ'דארף האבן אז ער זאל דאס הערן,

במילא דארף ער אויך הערן אז ביהמ"ק קען זיין "יבנה" בחייו,

וואס אט דעמאלט אז ער הערט, און ער האט די אמונה חזקה אז "אחכה לו בכל יום שיבוא [און "בכל יום" איז ניט נאר ער וועט ווארטן בכל יום, ווי אנדערע ווילן טייטשן, נאר אחכה לו בכל יום אז יבוא אין דעם טאג גופא אדער עכ"פ בחייו], אט דעמאלט האט ער א ידיעה און ער האט א התראה בנוגע למזיד, און דערפון אויך פארשטאנדיק בנוגע לשוגג - ווערט ער דעמאלט נתחייב אין ברייגנען א חטאת שמינה.

בשעת אבער אז הערן הערט ער טאקע "אחכה לו בכל יום שיבוא", דאס פועל'ט אבער ניט אין אים ער זאל דורך דערויף נעמען דעם חומר הדבר, אז אט אט דארף ער ברייגנען א חטאת - וויבאלד אז דאס דערנעמט אים ניט, ער דערהערט דאס ניט - איז אט דעמאלט איז ער ניט מחוייב, דאס איז בדוגמא ווי אין מזיד ווען ער וואלט ניט געהאט קיין התראה, עד"ז בשוגג איז ביי אים אויך ניטא דער ענין.

אט די וואס האבן געהאלטן בא דער דרגא וואס זיי האבן געקוקט, ווי דערציילט אויף ר' מענדעלע הארדאקער אז ער פלעגט עפענען די פענסטער, זייענדיק אין ארה"ק, און א קוק טאן דורכן פענסטער, א שמעק-טאן דעם אויר צי משיח איז שוין געקומען,

בא ר' ישמעאל'ן, וואס עד כדי כך אז יבנה בית המקדש האט אים אויף אזויפיל דערנומען דעם תוקף, איז דעמאלט האט דאס אים מחייב געווען אז כשיבנה דארף ער ברייגנען א חטאת שמינה;

בשעת איינער הערט דאס, און איז מאמין בזה באמונה, אבער דאס נעמט ניט דורך זיינע כלי העשי', ידיו אדער רגליו אדער פיו, מיט וועלכע ער טוט דעם דבר בלתי רצוי, עד כדי כך אז זיי זאלן דערפילן די התראה - אט דעמאלט איז דאס אים ניט מחייב אין קיין חטאת,

און אז ס'איז אים ניט מחייב - טאר דערנאך ניט ברייגנען.

און וויבאלד אז התורה על הרוב תדבר, ובפרט נאך אין "אכשור דרא - בתמי'", אין די זמנים פון לאחרי ר' ישמעאל, וואס ס'איז געווארן נאך מער חושך פון גלות, עד"ז אין די זמנים לאחרי ר' אליעזר אדער ר' אושיעא, וואס זיי זיינען די אמוראים אין בבלי און אין ירושלמי, ובפרט נאך אין דעם זמן פון דעם מג"א -

איז אט דעמאלט איז א מציאות אז עס זאל אים אויך אזויפיל דערנעמען אז ער מעג ברייננגען א חטאת כשיבנה ביהמ"ק בזמנו,

[וואס דאס איז דאך אן ענין מה"ת, וואס אויב ח"ו ער ברייננגט ווען ער טאר ניט ברייננגען, איז דאך דאס אן איסור הכי חמור, און א ספק אין אן ענין מה"ת, משא"כ ווען ס'איז שב ואל תעשה, ניט ער טוט א מעשה, נאר וואס דען ער איז א שב ואל תעשה] -

איז אט דעמאלט איז דער דין ניטא.

וואס דאס איז מסביר פארוואס דער מג"א ברייננגט דאס אראפ בתוך שאר הדברים אויף מחזק זיין מ'זאל וויסן זיין אז אויב עס וואלט געווען אזא מציאות פון דעם תנא איצטער וואלט ער פארשריבן על פינקסו,

ס'איז מערניט וואס מ'קומט ניט צו דעם תוקף הנשמה והידיעה ווי עס איז געווען בא תנאים ואמוראים - איז דערפאר ווערט אן ענין של ספק, וועט ער דערנאך סיי-ווי ניט טארן ברייננגען דעם חטאת, איז צוליב וואס ווע ער דאס פארשרייבן.

וואס עפ"ז איז אויך מובן פארוואס די פוסקים ברייננגען ניט אראפ די בײדע דינים, ווארום כאמור ע"פ הכלל בתורה אז צום אלעם ערשטן דארף דאס זיין מערניט ווי בחיוו, ווארום טאקע ציבור איננו מת, אבער ביי א יחיד איז דא די אלע דינים ווי איז דער דין ווען די בעלים זיינען שוין ניטא,

דערנאך דארף מען האבן ווען ס'איז דא די מציאות פון "זדונו כרת", און די ענינים וואס זיינען פארבונדן דערמיט, וואס ווען איז דא אזא מציאות - ווען ס'איז דא התראה, און די התראה האט מען אים געזאגט בכל הפרטים ובכל התוקף,

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו ענין החטאת.

דערנאך קומט צו אן ענין וואס דאס איז אפשר מער אין אגדה, אבער ווי געזאגט פריער - די גמ' זאגט דאס בפירוש אין זבחים, און דער אלטער רבי איז דאס נאך מער מבאר, און דאס איז אז דער ענין הקרבנות איז דער ענין פון פיוס,

וואס ווען דארף מען מפייס זיין - דארף מען מפייס זיין דעם נותן התורה ומצוה המצוות.

וואס אויב בכל ענין זאגט מען אז איננו מבקש אלא לפי כחן, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז אנוס רחמנא פטרי', עאכו"כ אז ער ווע צוליב דערויף ניט אפהאלטן דעם פיוס, בשעת דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אז מ'טאר ניט בויען דעם ביהמ"ק, ביז וואנעט עס ווע קומען משיח צדקנו, :ואס דעמאלט איז יבנה ביהמ"ק במקומו,

און אז מ'טאר ניט בויען דעם ביהמ"ק ע"פ ציווי הקב"ה, במילא איז אין לנו (בלשון המרב"ם) מזבח כפרה, איז אט דעמאלט איז זאגט גלייך דער רמב"ם אין אנהויבס פון הל' תשובה, אז בזמן שאין ביהמ"ק ואין מזבח כפרה איז איננה אלא תשובה בלבד,

איז אט דעמאלט א מילתא שבפשיטותא אז ח"ו מ'זאל זאגן אז עס ווע עפעס פעלן אין דעם פיוס: וויבאלד אז דער אויבערשטער אליין איז מען מקיים זיין ציווי וואס מ'ברייננגט איצטער ניט קיין חטאת,

קען זיך געפינען איינער וואס ווע גיין אויפן הר הבית און ווע ברייננגען א חטאת אדער ברייננגען אן עולה,

וואס דאס געפינט מען מערניט בא קרבן פסח, מיט די אלע חילוקים שבדבר, ווי ס'איז שוין מבואר באחרונים פארוואס ר' יחיאל מפאריז מיט מאה ת"ח בדורו האבן געטראכט וועגן ברייגגען א קרבן פסח, וויילע דאס איז א קרבן וואס איז דוחה את הטומאה, מיט די התרים בנוגע צו בגדי כהונה וכו', כמבואר באחרונים די גאנצע שקו"ט בדבר, אנהויבנדיק פון ספר יוסף תהילות פון די ראשונים און נאך מערער אין אחרונים,

איז וויבאלד אז מ'איז מקיים ציווי הקב"ה אויף ניט ברייגגען איצטער קיין חטאת, און ניט ברייגגען קיין קרבן בכלל, כולל אויך א קרבן עולה, וואס דאס איז דער "דורון" בעיקר,

איז דאך א זיכערע זאך אז וויבאלד אז מ'ברענגט ניט דעם "דורון", דערפאר וואס דער אויבערשטער האט געזאגט אז מ'זאל דערמיט ווארטן, און איצטער איז דאס ניט קיין "דורון" נאר דאס איז היפך הרצון פון מקריב זיין איצטער אן עולה וקרבן -

איז דאך א זיכערע זאך אז עס וועט גארניט פעלן אין דעם פיוס,

און עס וועט זיין בהוספה וואס עס איז געוועזן שוין אין חודש אלול, אז מראה פנים שוחקות ומקבל את כולם בסבר פנים יפות,

און נאך מער בראש השנה, וואס דער אויבערשטער בעט זיך בא יעדער אידן "שתמליכוני עליכם", און דערנאך גיט מען נאך כביכול דעם אויבערשטן און מ'פירט אויס אז מלוך על העולם כולו בכבודך, ביז וידע כל פעול כי אתה פעלתו, ביז א מלך על כל הארץ,

און מ'זאגט אלס א הקדמה דערצו, ווי אזוי פירט מען דאס אויס - דערפאר וואס לפני זה איז דא מלך ישראל, וואס אידן מאכן "שתמליכוני עליכם", און דערנאך דיינען זיי אויך מתפלל און פועל'ן אויף אז ער זאל זיין א מלך על כל הארץ,

איז א זיכערע זאך אז ס'איז דא דער פנים שוחקות, ומראה פנים יפות, און ער איז ממלא כל בקשות ישראל בכל הענינים, אז ס'איז גארניט געבליבן, "אין מזכירין לו דבר וחצי דבר", און נאך מערער ס'איז דא דער פיוס בשלימותו,

און ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ אין הל' תשובה בזמן הזה, וואס ס'איז ניטא קיינע קרבנות, ואדרבה - קרבנות טאר מען איצטער ניט ברייגגען, שרייבט ער אין הל' תשובה אויף בזמן הזה, אז ניט נאר אין מזכירין לו דבר, און ניט נאר ס'איז דא דער פיוס, ווי דער אלטער רבי ברייגגט אראפ, דער פיוס כפל שהל' קודם - נאר נאך מערער ידיד וחביב ווי ס'איז געוועזן פריער,

ובפרט נאך כמדובר אז מ'האלט שוין נאך ר"ה, און מ'האלט שוין נאך שבת שובה, און מ'גרייט זיך צו דעם יום הקדוש, וואס דעמאלט איז דאך דער אחת בשנה, פארבינדן דעם הוי' אחד מיט גוי אחד בארץ, ביז אז דאס ווערט איין און איינציקע זאך, אן אחדות גמורה, ביז אז די אלע ענינים ווערן איין אן אופן ווי תוס' טייטשט אפ אין אחת אז דאס איז יחידה,

אז עס ווערט יחידה ליחדך בא יעדער אידן, און דורך דערויף איז מען דערנאך ממשיך והיתה להוי' המלוכה,

און ס'ווערט דערנאך ושם נקריב לפניך את קרבנות חובותינו כמצווה עלינו בתורתנו הקדושה, מ'וועט דאס מקריב זיין אבער - ניטא דער ענין, את רוח הטומאה אעביר מן הארץ, וועט זיין די ענינים מערניט ווי פון פיוס און פון דורון נאך מערער ווי ס'איז געוועזן בזמן הגלות, וואס שוין דעמאלט איז כאמור לעיל איז דער פס"ד הרמב"ם אז ס'איז נאכמער ידיד וחביב ווי ס'איז ווען אמאל געוועזן אזוי,

און דאס זאל זיין בקרוב ממש, ובפרט נאך אז מ'געפינט זיך אין שנת הקהל את האנשים און נשים וטף און מ'זאל זיין לירואת את פני הוי' אלקיך, ושמרו את כל דברי התורה הזאת,

בקרוב ממש - הערן קריאת די פרשיות פון הקהל פון דעם מלך המשיח,

במהרה בימינו ממש, אין שנת הקהל ה' אלפים תשמ"א לבריאת העולם.

* * *

ב. ס'איז דאך יעדער יאר האט דאך זיך זיין הוראה בפני עצמה, בדוגמא ווי ער זאגט אין זהר אז כל יומא ויומא עביד עבידתי', עאכו"כ א גאנצער יאר,

וואס דאס איז דאך ארויסגעגעבן בראש ובראשונה אויב דער יאר האט א שם מיוחד וואס טיילט אים אויס פון די אנדערע יארן.

וואס אזוי איז דאך בכלל פונקט אזוי ווי אין ימים איז דאך דא די שבוע ימים, אזוי אויך אין יארן איז דא דער שבוע ווי ער ווערט אנגערופן אמאל אין גמ' זיבן יאר בלשון שבוע, און אין חומש בשנה השביעית שנת השמיטה, ביז וואנעט אז מ'זאגט שבע שבתות שנים, אז דאס איז זיבן שמיטות וואס יעדער שמיטה ווערט אנגערופן שבתות, וואס דאס איז שבע שבתות איז דאס 49 יאר, א הקדמה צו יובל,

אזוי אויך איז דאך די שנה זו האט דאך א נאמען וואס טיילט איר אויס אין מנהג ישראל אז זי ווערט אנגערופן בשם שנת הקהל,

ע"ד ווי די שנה שלפנ"ז, און ווי אלעמאל, איז דאך פאר שנת הקהל קומט די שנה השביעית שבת לה'.

און וויבאלד אז דאס טיילט מען אויס אין דעם יאר - איז דאך פארשטאנדיק אז דאס איז אן ענין עיקרי,

וואס הקהל האט אין זיך צוויי ענינים, צום אלעם ערשטן, דער שרש התיבה איז דאס פון לשון קהל, און די צווייטע זאך איז הקהל - אז מ'דארף מאכן א קהל, ניט אז ס'איז דא דער קהל און דער קהל טוט אט די און די ענינים - נאר הקהל - מ'דארף מאכן פון "האנשים והנשים והטף" דארף זיין הקהל, אויף זיי צוזאמענקלייבן ביז אין אזא אופן אז זיי זאלן ווערן א קהל,

מיט דער מטרה, ווי ער איז דערנאך מסיים, אז ושמרו את כל דברי התורה הזאת, דאס ווערט געלייענט און געלערנט אין אן אופן אז דאס ווערט אויך פארשטאנדיק, ד.ה. געלערנט ע"י המלך.

וואס כמדובר בארוכה אין די התוועדות שלפנ"ז, איז דער ענין פון א קהל איז נוסף אויף דערויף וואס עס קלייבן זיך צוזאמען כמה יחידים אין א מקום אחד ולמטרה אחת וכיו"ב,

וואס דאס אליין איז שוין א גרויסע זאך, כמבואר בארוכה אין קונטרס החלצו, און אויך פארשטאנדיק בפשטות, ווי מ'זעט דאס, אז בשעת עס קלייבן זיך כמה צוזאמען איז "תשועה ברוב יועץ", אע"פ וואס דאס איז "רוב", לאו דוקא יעדערער זאגט די זעלבע זאך, אבער מיני' ומיני' איז מתקלית עלה, אז דורך דערויף וואס יעדערער זאגט זיך זיין סברה, ווערט די זאך קלארער און מער מבורר און נתבררו כמה ענינים וספיקות,

איז דערנאך קומט נאך צו נאך א העכערע זאך - אז מ'מאכט פון די אלע ווערט דאס א מציאות חדשה, א מציאות אחת, וואס אט די מציאות ווערט אנגערופן "קהל",

וואס עד"ז איז דאך געווען ביי אלע קרבנות ציבור. מ'האט דאך פריער גערעדט וועגן דעם ענין הקרבנות, אז ענינם איז, ווי דער רמב"ן איז מפרש (ובכמה מפרשים פון טעמי המצוות), אז מ'דארף זיך מצייר זיין אז דאס טוט זיך מיט אים, נאר וואס דען בחסדי ה' האט ער דאס איבערגעביטן, וויבאלד אז אדם כי יקריב איז **מכם** קרבן להוי', בייט דאס איבער דער אויבערשטער "מן הבקר ומן הצאן", אז עס זאל דערנאך קענען געטאן ווערן די ענינים פון להקריב חלב ודם דורך "הבקר והצאן".

און וויבאלד אז ס'איז דא די הכנה לזה, דער "**מכם** קרבן להוי'", כידוע דער דיוק פון דעם אלטן רבי'ן בזה, אז לכאו' האט דאך געדארפט שטיין דער סדר אדם מכם כי יקריב קרבן - זאל דאס זיין "מן הבקר ומן הצאן"; דער לשון אין כתוב איז "מכם" זאל זיין דער קרבן, אס דאס איז דער עיקר,

און ערשט דערנאך איז פועל דער ענין ווי געזאגט פריער, וויבאלד אז "שב מידיעתו", אט דעמאלט ווערט דאס א קרבן וואס "ונרצה לו לכפר עליו", "ונרצה" פון לשון רצוי,

איז עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו קרבן, וואס דער ערשטער קרבן וואס מ'האט דערמיט אנגעהויבן התחלת כל עבודת המקדש והקרבת כל הקרבנות - האט מען געדארפט ברענגען דעם קרבן תמיד,

וואס דאס האט געדארפט זיין א קרבן ציבור, ניט פון א יחיד,

און אעפ"כ האט ער אויפגעטאן און האט מכפר געווען און האט ממשיך געווען בכל הענינים, כולל אויך אז דערנאך קען דער יחיד ברענגען זיין קרבן יחיד, וויבאלד אז מ'האט שוין מקריב געווען דעם קרבן תמיד על המזבח כפרה.

און אט דא קומט נאך צו א חידוש נפלא, אז אע"פ וואס א קרבן תמיד איז דאך דאס לשון יחיד, און די יחידים וואס האבן געגעבן דעם מחצית השקל וכיו"ב, עד"ז די לבושים אין וועלכע מ'האט מקריב געווען די קרבנות וכיו"ב - דארף דאך זיין מוסרו יפה, און די גמ' איז ניט מסתפק איין מאל "יפה" נאר - מוסרו **יפה יפה**.

זאגט מען אז באופן נפלא בלייבט אויך גאנץ דער יחיד אלס יחיד.

וכמדובר אמאל בארוכה, און פארשטאנדיק אפילו פון רש"י בפירושו עה"ת, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז מובן גאר בשפטות, אז בשעת משה האט געזאגט אל תפן אל מנחתם, איז רש"י מפרש, אז זייער חלק אין דעם קרבן תמיד זאל זיין אל תפן:

נאך דערויף וואס מ'האט געגעבן (א זמן לפני זה) דעם מחצית השקל, און ס'איז געווען "מוסרו יפה יפה", וואס ס'איז געווען די ראשי סנהדראות וגדולי ישראל וכו' וכו',

זאגט מען אז אעפ"כ איז דאס דוקא א קרבן ציבור, און אעפ"כ ווערט דארט אויך דער יחיד, מיט די אלע מעלות וואס ס'איז דא אין א יחיד, בלייבט דאס אויך גאנץ, און ס'האט אין זיך סיי דעם ענין און סיי דעם ענין.

וואס אע"פ וואס לכאו' קען דאך ניט זיין קיין גרעסערע מעלה פון א קהל, איז א קהל האט אויך דעם ענין וואס עס ווערט א קדירא דבי' שותפא, און דערנאך ווערט אויך, וויבאלד אז קהל שטעלט זיך צוזאמען ווי א "קומה שלימה", במילא איז ראשיכם פון דעם קהל פארנעמען זיך מערניט ווי מיט ענינים וואס א **ראש** דארף זיך אפגעבן, און "שואב מימיך" פארנעמט זיך מערניט מיט די ענינים וואס שואב מימיך דארף זיך אפגעבן;

איז דאך רעכט דעמאלט אז ביי אים וועט פעלן א גאנצער ענין של כו"כ מצוות,

און ווי געבראכט אין אגרת הקודש און פון כתבי האריז"ל, ומובן אויך בפשטות, דערפון וואס די גמ' און מדרשים זיינען מדגיש אז עשרת הדברות זיינען געזאגט געווארן בלשון יחיד, איז ניט דער ביאור אין דערויף, דערפאר וואס מ'האט דאס געגעבן אלע אידן צוזאמען אלס א קהל -

נאר דער ביאור בזה איז, אז מ'האט דאס געגעבן יעדער אידן באזונדער אלס א יחיד, **דערפאר** שטייט דאס בלשון יחיד.

וואס דאס איז גלייך מסביר, אז אפילו אז מצד דערויף וואס ער איז א חלק פון דעם קהל געהערט ער צו ראשיכם, אדער צו שואב מימיך, קען ער דאך טראכטן אז ער וועט זיך אפגעבן מערניט מיט דעם ענין פון ראשיכם, אדער מערניט מיט דעם ענין פון שואב מימיך,

ביז וואנעט אז עס קען גאר ארייכפאלן א מחשבה וואס זי טוט זיך אן אין א זיידענע זשופיצע, און זאגט אים, אז פונקט אזוי ווי ס'איז דער דין בא לויים אז א "שוער", אט דער וואס דארף אכטונג געבן בא די טויערן, טאר ער זיך ניט פארנעמען מיט דעם ענין פון א "משורר" טאר זיך ניט פארנעמען מיט דער עבודה פון שוערים,

עד"ז וועט ער טראכטן בנוגע צו זיך, במילא וואס קומט דערפון ארויס, אז בכללות איז דאך עם ישראל מחולק אויף די וואס ענינם איז "יששכר", יושבי אוהל, תלמידי חכמים, און די וואס ענינם איז "זבולון", מארי עובדין טבין, הולך לפרקמטיא, און דער וועט זיך פארנעמען מערניט ווי מיט זיינע ענינים, און דער צווייטער מערניט ווי מיט זיינע ענינים,

און טענה'ן אז דאס איז דאך א שבט בפני עצמו, און ס'איז דא אזוינע מאורעות איז יעדער שבט ברייגנט זיך א קרבן פאר זיך, און האט זיך א באזונדער דגל (ווי רש"י ברייגנט אראפ) און א באזונדער מקום חני', און א באזונדער חלק בארץ, אין "ארץ החיים" איז אויך דער חלק מחולק, דער "לאלה תחלק הארץ", איז זי מחולק פאר יעדער שבט חלקו בפני עצמו,

און מ'זאגט אז דאס איז דער תיקון און די אמת'ע התשייבות בארץ, ניט ווי זי שטייט די גאנצע ארץ ניט מחולקת, נאר ווען איז "וירשת וישבת בה" און מ'איז מחוייב אין **אלע** מצוות וואס זיי זיינען תלויות בארץ - איז א ריבוי מהם איז פארבונדן דערמיט אז ס'איז ניט מספיק וואס ס'איז **כיבוש** הארץ, ס'איז ניט מספיק וואס מ'האט אויסגעטיילט, מ'האט דאך געטיילט ניט לכל השבטים בב"א, מ'האט דאך געטיילט זה אחר זה, פונקט אזוי ווי דער כיבוש איז געווען, לאחרי כיבוש הכללי ע"י יהושע, איז דערנאך האט יהודה באזונדער, דערנאך האט ער געבעטן שמעון'ן, כמסופר אין יהושע און אין שופטים די פרטי הדברים,

איז ווען איז מען מחוייב אין די מצוות התלויות בארץ - איז כמה מהם זיינען תלוי אז עס זאל זיין דער "וירשת וישבת בה", לאחרי "שבע שכבשו" לאחרי "שבע שחלקו", נאך דערויף ווי מ'איז געווען איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו און מ'האט מברר געווען דעם חלק שלו במיוחד אלס א יחיד,

איז דאך דאס גופא מדגיש די מעלה וואס ס'איז דא אין דעם ענין;

ביחד עם זה זאגט מען אבער, אז ער דארף געדיינקען אז ער איז טאקע א חלק פון א קומה שלימה, מ'האט אים אבער געזאגט די עשרת הדברות בלשון יחיד צו אים אלס א יחיד,

און די עשרת הדברות, ווי ער זאגט אין ירושלמי אין שקלים, מזה ומזה הם כתובים, איז דארט געווען אנגעשריבן אלע תרי"ג מצוות, ביז כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש, אשר כתבתי להורותם.

דארף ער וויסן זיין, אז אע"פ וואס **עיקר** ענינו איז טאקע "יששכר", איז כל האומר אין לי אלא תורה, און שרייט אז תורתו אומנתו, און שרייט אז ער איז "יששכר", און טוט דאס מצד כחמור לעול, ווי ער זאגט אין פסוק רובץ בין המשפתים,

אעפ"כ איז "אפילו תורה אין לו", עס דארף זיין "תורה וגמ"ח", ווי עס ווערט אראפגעבראכט דער פירוש פון רבינו חננאל בכ"מ, גלייך אין דעם לשון, [אין לו -] אז עס דארף זיין תורה וגמ"ח.

און ווי דערמאנט אויך פריער וואס דער אלטער רבי ברייננגט אראפ אין אגרת התשובה אז בזבח ומנחה איז ניט מספיק, אבער בשעת ס'איז דא תורה וגמ"ח איז דעמאלט אלע ענינים מתכפר, ביז אז דאס ברייננגט אריכות ימים ושנים טובות, אויף מבטל זיין גזירות בלתי רצויות וכו', ווי די גמ' ברייננגט דאס אראפ אין ר"ה, וויבאלד אז ס'איז געווען תורה וגמ"ח.

עד"ז אויך, אפילו אט די וואס געהערן צו זבולון, מוזן זיי אויך האבן קביעות עתים בתורה, ווי דער קלארער פס"ד אין הל' ת"ת פון רמב"ם, אראפגעבראכט אויך אין הל' ת"ת פון דעם אלטן רבי'ן.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז אט די ענינים וואס געפינען זיך צווישן די סוגים און צוזאמען דערמיט די עניני עבודתם פון די סוגים צווישן ראשיכם און שואב מימיך, די אנדערע אכט סוגים -

איז בנוגע אליהם אויך שייך אט דער ענין, אז אע"פ וואס **עיקר** עבודתו איז באופן מסויים און אין אן עבודה מסויימת, דארף ער אבער וויסן זיין, אז פונקט אזוי ווי ער וויל זיין געזונט, תמים תהי', מיט רמ"ח אברים ושס"ה גידים, אט אזוי דארף ער האבן דעם קיום פון רמ"ח מ"ע און די שמירה פון שס"ה מל"ת, וואס זיי זיינען אין זיך אויך כולל די אלע סעיפים והסתעפות, ביז כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש.

און ווי ער טייטשט אפ אין לקו"ת אז דורך "תמים תהי' עם הוי' אלקיך", אז ער איז תמים אין שמירת המצוות, סיי מ"ע סיי מל"ת, און דאס ברייננגט אויך אראפ תמימות בפשטות, גאנצקייט בפשטות, ביז אין בריאות (אין די געזונטקייט) פון דעם גוף; אז עס זאל זיין היות הגוף בריא ושלם איז מדרכי השם הוא, דאס איז פארבונדן דערמיט וואס ער גייט בדרכי השם אין די אלע פרטים,

אפילו וואס ער מוז דאך האבן א חלק אין א שבט, ער שטאמט דאך פון איין שבט, ניט פון אלע 12 מיטאמאל - אעפ"כ האט ער אויך די עבודה אלס א חלק פון א קומה שלימה, וואס דערפאר דארף ער זיך מתעסק זיין, נאך דערויף וביחד וואס ער טוט די עבודה העיקרית שלו, לויט זיין שבט במסילתו יעלה - אויך בענינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט אנדערע שבטים,

ווארום דוקא בצירוף כולם יחד ווערט דער ענין פון נצבים כולכם, כאיש אחד בלב אחד, אע"פ וואס די עבודה העיקרית פון איינעם איז דאס אין דעם ענין פון מארי עובדין טבין, און בא דעם צווייטן איז דאס דער ענין פון תלמידי חכמים, פון לימוד התורה.

וואס דאס איז בדוגמא ווי דערמאנט פריער אז אין א קרבן תמיד, איז אויך דא דער חלקו של כאו"א.

כדי צו מאכן לייכטער דעם ענין, און כדי דאס באוויייזן ווי אזוי דאס קען זיין אלע ענינים צוזאמען - האט מען דאס אויסגעקליבן אויף ירושלים עיר הקודש זאגט מען אז לא נתחלקה לשבטים,

ס'איז טאקע דא דער ענין אז עס דארף זיין וירשת וישבת בה, איז דא אויך דער ענין אז ירושלים לא נתחלקה לשבטים, אט דארטן ווערט פאראייניציקט כל אחד ואחת מישראל, האנשים והנשים והטף - אין אן ארט וואס דער מקום גשמי איז אויך ניט נתחלק געווערן לשבטים;

וואס דאס איז דאך מצות הקהל איז דאך פארבונדן מיט ירושלים עיר הקודש, אין ירושלים גופא במקום אשר יבחר הוי', וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט דעם הר המורי', ווי דער רמב"ם ברייגנגט אראפ אין התחלת פון הל' ביהב"ח,

וואס דער ענין פון הר המורי' איז געווען - ווי די בנים ובני בנים זיינען געשטאנען אין די אבות; ניט ווי זיי זיינען געווען יעדערער בפני עצמו, נאר ווי זיי זיינען געווען אלע אין דעם אב יצחק, ווי זיי זיינען געווען אלע אין אביו אברהם, און ווי זיי זיינען דערנאך געווען אין דעם אב יעקב,

וואס ביי אים איז דאך אויך געווען ווי רש"י ברייגנגט אראפ פון מדרשי חז"ל, אויף ויפגע במקום, אז דאס איז געווען דער הר המורי', און דארטן האט ער געזען מלאכי אלקים עולים ויורדים בו,

און ווי ער טייטשט אפ אין מדרש אז מ'האט אים באוויזן אויך אלע גליות מיט שרי כל האומות, ביז דעם גלות זה האחרון, און בשעת ער האט געזען אז דער מלאך של אדום איז עולה און ער זעט אין אים ניט קיין ירידה - האט אים דער אויבערשטער גלייך בארואיגט און געזאגט, אז ער גיט אים אפ די גאנצע א"י מיט אלע פרטים,

און ניט נאר ער גיט דאס אפ ברוחניות - נאר ווי די גמ' זאגט אין חולין אז קיפל כל א"י, און וישכב במקום ההוא - איז יעקב אבינו געלעגן במקום ההוא אויף גאנץ א"י לגבולותי'.

און דער דין איז דאך בנוגע צו חזקה, אז בשעת מ'טוט עפעס א פעולה אין דער ארץ, איז דורך דערויף איז מען איר קונה. נאך ניטא קיין גרעסערע פעולה בשעת מ'איז מקפל כל א"י און מ'לייגט דאס אוועק במקום אחד אין אן אופן קפול (א צוזאמענגעוויקעלטע) תחת יעקב אבינו, און מ'זאגט אז יעקב ליגט אויף דערויף מעשה בעה"ב, און דאס ווערט זיינע מיט דער הבטחה הטיב אטיב עמך ושמתי את זרעך כעפר הארץ, גלייך מדגיש געווען אז דאס איז א קנין וואס דערנאך גייט דאס אוועק לזרעך אחריו עד סוף כל העולם.

וכאמור, אין אן אופן וואס קיפל, וואס דאס איז דאך אן ענין (א פעולה) הכי גדולה בנוגע צו חזקה, נאך מערער ווי דאס וואס מ'האט געזאגט אברהם'ן לך בארץ, ווי מ'טייטשט דאך אפ (מפרשים) אז דורך דער הליכה בארץ, און אויך ווי דער דין איז האט ער דאס קונה געווען;

איז הליכה איז דאס הליכת האדם, און אט דאס איז די פעולה בדוגמא ווי חרש וכיו"ב אין דער ארץ עצמה איז קיפל כל הארץ והניחה תחתיו.

און בנוסף וואס מ'זאגט אז יעקב איז דאך כפשוטו געווען דער יעקב אבינו, פון אים שטאמט יעדער איד און אלע אידן, ביז אין אן אופן אז "לא יצא ממנו", ס'איז געווען "מטתו שלימה",

איז נאך אויך דערנאך אראפגעקומען די הבטחה אויך בדיבור, וואס "דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה" אז ושמתי את זרעך כעפר הארץ, מיט א ה"א הידיעה,

ווי דערמאנט פריער וואס רש"י טייטש אפ אויף להי הארץ ומלואה, אז דאס גייט אויף הארץ הידועה, א"י.

האט מען דאס גלייך אפגעגעבן שוין דעמאלט פאר כל אחד ואחד,

פוקנט אזוי ווי בנוגע צו תורה זאגט מען אז מורשה קהלת יעקב, קומט דאס אראפ בירושה צו **קהלת** יעקב, דאס איז אבער ניט א ירושה פון דעם גאנצן קהל אלס א קהל, נאר דאס איז א ירושה וואס גיט איס א היתר ער זאל לערנען כל ענינים וענין שבתורה,

אס די וואס זיי זיינען ניט אין מורשה קהלת יעקב און עוסק בתורה, ווערט ער אויס מציאות, ווי די גמ' זאגט אין סנהדרין;

א איד אז ער לערנט, צי ער לערנט הל' כהונה, צי ער לערנט הל' לויי', צי ער לערנט הל' השוה לכל נפש, אדער הל' גרים וכיו"ב - איז אן קיין אונטערשייד זאגט מען אז דאס איז זיין ירושה, ניט קוקנדיק וואס היינט לערנט ער כהונה און נעכטן האט ער געלערנט לוי', און מארגן וועט ער לערנען הל' ישראל וכיו"ב, איז דאס זיין ירושה; אין אלע אופני לימוד איז דאס זיין אייגענטום,

ביז וואנעט אז אויב ער לערנט כדבעי, איז אט דעמאלט, ווי די גמ' זאגט אין ע"ז, איז תורתו נקראת על שמו.

וואס דערפאר איז דאך אויך די קריאת התורה פון הקהל איז דאס באשטימט געווארן אז דאס זאל ליינען אן איין און איינציקער מענטש, און דערנאך איז מען נאך מער מדגיש בזה, אז דאס וואס ער לייענט דאס, און לייענט דאס א יחיד, ווארום דאס דארף דאך ליינען דער מלך, און א מלך זאגט רש"י ווייטער אין דער זעלבער סדרה אז דבר אחד לדור ולא שני דברים לדור - לייענט ער דאס, ווי דער רמב"ם ברייננט דעם לשון, שלוחו של הא-ל, ער לייענט דאס אלס א שליח פון דעם אויבערשטן, וואס מפי הגבורה שומעה,

וואס שלוחו של אדם כמותו ברייננט דאך דאס דער אלטער רבי אלס א פס"ד בנוגע צו א אידן כביכול מיט דעם אויבערשטן,

אז דערפאר איז א איד מקיים מצות דערפאר וואס ער זאגט אין תנחומא כבדו את המצות שהן שלוחי, און פארוואס קען דאס א איד מקיים זיין - דערפאר וואס ער איז א בן ברית, במילא איז ער שלוחו של אדם כמותו, ומקרא מלא דיבר הכתוב בנים אתם להי אלקיכם, און נאך מערער - בני **בכורי** ישראל.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, כמדובר כמ"פ ס'איז דאך המעשה הוא העיקר, ובפרט אז מ'שטעלט אין שנת הקהל, קען מען דאך פארגעסן אויפן יחיד און פארגעסן אויף מצות היחיד, ווארום מ'איז פארנומען אלס א קהל מיט עניני קהל,

איז מען גלייך מדגיש אז אמת טאקע דאס איז האנשים והנשים והטף, און מ'איז זיך משתדל אז פון זיי אלעמען צוזאמען זאל ווערן איין קהל, און ווערט געלייענט די תורה ע"י יחיד אלס א מלך, וואס א מלך האט אין זיך אויך ביידע זאכן:

ער איז אן איש יחיד, ווי געזאגט פריער אז עס דארף זיין דבר אחד לדור, ביחד עם זה אבער זאגט מען, ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ פון כתבי האריז"ל, אז אלע מצוות דארף מען אליין מקיים זיין, חוץ מצות המלך, וואס מצות המלך בשעת ער איז מקיים די מצוה - איז דאס מקיים יעדער איד בפני עצמו,

מ'קען ניט זאגן אז דא איז דער פשט אז דער מלך איז דאס מקיים דארף דאס א איד ניט מקיים זיין - כמדובר לעיל, וויבאלד אז רמ"ח מ"ע איז דאס כנגד זה די רמ"ח אברים - איז דאך א זיכערע זאך אז א גוף פון א אידן דארף זיין (בל' הרמבם)

בריא, און דארף אבער אויך זיין שלם, ניט נאר אז די אברים זאלן זיין געזונטע, נאר זיי ־אלן זיין בשלימותם, אלע רמ"ח אברים,

וואס פון די אברים זיינען דא אט די וואס זיי זיינען פארבונדן מיט מצות המלך, איז דאך דאס מכריח צו זאגן, אז ניט דער פירוש אז וויבאלד אז דער מלך טוט דאס איז דערפאר איז גאר מלכתחילה ניטא קיין חיוב אויף א אידן; וויבאלד דער אויבערשטער האט אים באשאפן מיט רמ"ח אברים - האט ער צוזאמען דערמיט אויף אים ארויפגעלייגט דעם חיוב אז ער דארף מקיים זיין, כדי צו האבן אט דעם אבר, אט די מצוה וואס זי איז א מצות המלך, נאר מ'האט אים געזאגט, ער קען דאס מקיים זיין ע"י המלך, און אט דעמאלט איז דאס ניט נאר **כאילו** ער האט דאס מקיים געווען נאר ער האט דאס מקיים גע֗ווען בפועל, והראי' - ער האט דעם אבר בפועל.

און אט דא קומט נאך צו נאך אן ענין, אז בכלל איז דאך געשמאקער ווי מ'זעט בטבע האדם, בשעת מ'טומלט זיך וועגן כללות'דיקע ענינים,

בטבע האדם הויבט מען מיט אים אן רעדן ווי אזוי ער קען מתקן זיין און ברייגגען א הטבה אדער א תיקון אדער א שלימות אין דער גאנצער וועלט כולה - אט דא ווערט ער בא זיך געהויבן,

אפילו, ניט שייך צו אויפהויבן די גאנצער וועלט - איז עכ"פ זיין קהילה אדער זיין בית הכנסת אדער די וואס זיינען זיך מיט אים משתתף אין ענינים של תורה אדער ענינים של מצות;

בשעת מ'הויבט מיט אים אן רעדן ער זאל בודק זיין טאקע זיך אליין און זיינע רמ"ח מ"ע און זיינע שס"ה מל"ת - אט דא דארף מען מיט אים שוין אריינקנעלן, עאכו"כ אז דאס רעדט זיך ניט וועגן זיין עבודה עיקרית, וואס דאס איז זיין שרש נשמתו, אז די געהערט צו דעם און דעם שבט, במילא האט זי א שייכות במיוחד צו אט דער און דער מצוה,

ביז כלשון הידוע אבוך במה הוי זהיר טפי, און מ'איז דאך אין דערויף מבאר, אז ס'איז א דבר פשוט אז **אלע** מצוות האט מען מקיים געווען, ס'איז געווען דער חילוק אין דער "זהיר", וואו ער האט מער געשליגט און וואו ער האט מער מדייק געווען,

און מ'זאגט דעם טעם אויף דעם, פארוואס איז ער זהיר טפי אין דער מצוה, ווי ער זאגט אין אגה"ק, דערפאר וואס דאס איז פארבונדן מיט שרש נשמתו, ס'דארף אבער ח"ו ניט פעלן אין לימוד כל התורה און קיום כל מצותי', אין דעם אופן וואס מ'קען זיי מקיים זיין אין דעם מקום וואו ער געפינט זיך און אין דעם זמן וואו ער געפינט זיך.

וואס דאס איז אויך דער כאן המקום להעיר עוד הפעם בנוגע צו די ענינים פון הקהל, אויף "הקהלי", אלע אידן צוזאמענקלייבן כאיש אחד בלב אחד אויף גרייטן זיך צו יום הקדוש, אע"פ וואס מ'האט שוין דעם להכתב לאלתר בספרן של צדיקים גמורים פון ר"ה און, וויבאלד אז ועמך כולם צדיקים,

איז דאך אבער דא דער טוב נעמט זיך דאך פון דעם אויבערשטן, וואס ער איז אין סוף, קען ער דאך מוסיף זיין אין דעם טוב, ביז אין אן אופן פון ברכתו של הקב"ה וואס זי איז דאך אין סוף,

ווי ער זאגט אין מדרש אז משה רבינו האט געזאגט אז אלף איז דאס "משלי", און הקב"ה וועט געבן ביז אין אן אופן פון בלי גבול,

איז דערפון אויך פארשטאנדיק, אז וואס מערער מ'מאכט כלים, איז בשעת ס'איז דא א כלי, כלים פון תורה און מצות, איז ווי מבואר בכ"מ, איז ניט נאר אז דאס

נעמט אויף אט דאס וואס מ'לייגט אריין אין דער כלי - נאר א כלי פון קדושה איז **ממשיך** דאס וואס מ'לייגט אין איר אריין,

זי איז כביכול מכריח, אז וויבאלד מ'שטעלט צו נאך א כלי - מוז זיך גיסן דער שמן, כל זמן ער שטעלט צו כלים,

און בשעת ער האט אויסגענוצט אלע זיינע כלים, ער איז אבער פארבונדן מיט א צווייטן אידן, איז ווי דערציילט אין דעם סיפור - האט מען געהייסן מ'זאל נעמען אויך בא שכניכי, בא די שכנים, וויבאלד אז דאס ווערט אנגערופן בשם "שכן", אז ער האט אין דערויף דעם ואהבת לרעך כמוך, איז אט דעמאלט גיסט מען אים שמן מלמעלה אויך אין די כלים וואס ער האט געליען ביי א שכן.

וואס דאס איז אויך בפשטות, אז צוזאמען דערמיט וואס מ'האט דאך די ענינים און מ'בעט אויס די כל הענינים טובים פאר כלל ישראל בכל מקום שהם, אין ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה, ובכל מקום וואו אידן געפינען זיך, וואס זיי מאכן דארטן א"י, ווארום לכל בני ישראל הי' אור במושבותם, אפילו אז דאס איז אין מצרים, אין מיצר הגלות, איז בא זיי אור, ווארום זיי זיינען פארבונדן מיט תורה אור, מיט נר מצוה ותורה אור, וואס גדול לימוד שמביא לידי מעשה,

איז ביחד ע"ז דארף זיין דער דיוק און די שמירה און די המשכת אור, דער הידור, ביז מהדרין מן המהדרין, אין כל מעשיך ובכל דרכיך, אין יעדער ענין לפי ענינו, כל מעשיך יהיו לשם שמים ובכל דרכיך דעהו,

ובפשטות, נוסף אויף דעם ענין האמור פון צוזאמענקלייבן און פועל זיין בא האנשים והנשים והטף אז זיי זאלן זיך משתתף זיין און ווערן איין קהל מיט יעדער אידן און מיט אלע אידן וואו נאר זיי געפינען זיך, ובנוגע צו אט דעם ענין איז דאך מקום ניט מפסיק, בשעת א איד איז מחליט במחשבתו, איז דאך דעמאלט במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא, כתורת הבעש"ט,

און ווי גערעדט אמאל בארוכה אז דאס איז דאך דער פס"ד בנוגע צו עירובין, אז בשעת ער האט אוועקגעלייגט פתו ניט אין דעם ארט וואו ער געפינט זיך, נאר א מהלך רב ממקומו, וויבאלד אבער אז מחשבתו בין השמשות איז במקום שהפת מונח - איז אט דעמאלט הויבט מען אן פון דארטן רעכענען זיין רשות מיט די אלפיים אמה, כמבואר דער דין אין הל' עירובין,

וואס דער ביאור בזה איז, אז וויבאלד אז דארט איז פתו, און מיט פת איז ער דאך פארבונדן במחשבתו - ווערט דארט זיין רשות, ווארום אט דארט געפינט ער זיך.

וואס דערפון איז דא אויך פארשטאנדיק במכ"ש וק"ו אז בשעת מ'פאראייניקט זיך נגד ההר, אין אן ענין של תורה, וואס דאס איז דאך הר סיני, דער נגד ההר, וואס דארט איז געגעבן געווארן די תורה ומצוותי', און מ'פאראייניקט זיך במחשבתם עם כל אחד ואחת מישראל בכל מקום שהם -

אט דעמאלט ווערט דאס א קהל אחד, א מציאות חדשה, נוסף אויף די אלע מעלות וואס יעדער יחיד האט זיך אלס יחיד,

וכמדובר לעיל בארוכה וואס די מעלה איז שוין אויך אן עולם מלא, בדוגמא ווי אדה"ר יציר כפיו של הקב"ה.

וואס דאס איז אויך דער כאן המקום נאך אמאל אויף מעורר זיין און מעודד זיין, בנוגע צו די ענינים שהזמ"ג, כמדובר, אויף מקבץ זיין און מקהיל זיין, אנהויבנדיק פון מפי עוללים ויונקים, עכ"פ פעם אחת במשך עשרת ימי תשובה, נוסף אויף דערויף וואס מ'האט זיי צוזאמענגעקליבן אלס הכנה צו ר"ה,

און אויך גרייטן זיי אז עס זאל זיין אזא הקהל פון עוללים ויונקים אויך בימי הסוכות,

נוסף אויף די ענינים כלליים וואס כל השנה זמנם הם, וואס דאס איז דאך די ענינים וואס זיינען אנגערופן בשם מבצעים, פון אהבת ישראל, און חינוך און תורה און תפילין און מזוזה, און צדקה און בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', און נרות שבת קודש און כשרות האכו"ש און טהרת המשפחה,

און דאס זאל זיין די הכנה קרובה, צוזאמען וואס זיכער וועט מען דאך אויך טאן אין דעם המשך פון שלחו מנות לאשר אין נכון לו, וואס דאס איז דאך געזאגט געווארן בנוגע צו ר"ה,

עד"ז דארף מען דאך אויך באווארענען ערב יוהכ"פ, וואס דעמאלט דארף דאך זיין די אכו"ש בכפלים, עד"ז בנוגע למוצאי יוהכ"פ, וואס דעמאלט ברייננגט זיך דאך אויך אראפ אין שו"ע לך אכול **בשמחה** לחמך,

עד"ז אויך די הכנות צו זמן שמחתנו, און זמן שמחתנו בעצמו מיט כל ההצטרכות שלו,

באווארענען אז יעדער איד זאל דאס האבן, און אין אן אופן אז ביי אים זאל דאס זיין אין א שמחה גדולה, און ווי דער לשון ווי ער זאגט אין עזרא שמחה גדולה מאד,

און טאן די אלע ענינים אין אן אופן פון **פורץ** גדר, אן זיינע מדוה"ג פון כל השנה כולה, אפילו די מדוה"ג וואס זיינען געווען מיט א טאג פאר דערויף, איז ער מקיים ביום זה דעם מעלין בקודש, אז ביי אים ווערט אן עלי', ארויס פון זיינע מדוה"ג שלפנ"ז,

אט דעמאלט איז זיין מרחב י"ה וואס ער טוט בפעולותיו, וואס איז פארבונדן מיטן מרחב י"ה שבנפשו, ברייננגט דאס אראפ די השפעות והמשכות פון דעם מרחב העצמי שלמעלה, וואס דאס גייט דערנאך דורך דורך דעם גאנצן סדר השתלשלות, און דאס פועל'ט ביחידה שבנפשו ובחי' שבנפשו ובנשמה שבנפשו וברוח שבנפשו, ובנפש שבנפשו, ביז אין זיין גוף, וואס דאס איז דאך א גוף פון א גוי קדוש ווי ער געפינט זיך אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו,

אז באך אין זמן הגלות זעט זיך אן אז דאס איז דירה לו ית' בתחתונים, וואו נאר מ'גיט זיך א קער ארום אים זעט מען אז ער האט דארטן אויפגעטאן אן ענין של קדושה של תורה ומצוות, פון אידישקייט,

ביז אפילו אז דאס איז ניכר לעיני בשר פון אן איננו יהודי,

און דאס איז ממשיך די ברכות מלמעלה, און ווי דער שיעור פון היינטיקן טאג אין חומש, וואס נוסף וואס דאס איז שנת הקהל, איז דאך אויך דא אין שנת הקהל קען דאך דאס זיין א טאג שבשבוע באופן כך אדער באופן שונה,

וואס בקביעות פון שנה זו איז דאס ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, און וואס דער שיעור בתורה הויבט זיך אן וליוסף אמר מבורכת ה' ארצו ממגד שמים מעל וממגד תהום רובצת תחת, און ווי מ'זעט דערנאך ווי ער איז אויך ממשיך, שמש וירח וכו', איז ער אלץ ממשיך בדוגמא פון טוב לשמים וטוב לבריות,

אז מ'זאגט ממגד שמים איז דאס "שמים", און דערנאך זאגט מען ממגד תהום איז דאס אן ענין של "בריות", עד"ז שמש וירח.

און ווי רש"י ברייננגט אראפ מבורכת ה' ארצו, אז ס'איז ניט געווען קיין ארץ בכל השבטים וואס זי איז געווען אזוי מבורך בכל טוב ווי עס איז געווען ארצו של יוסף,

און בשעת א איד לערנט דאס בתורה און לייענט דאס בהורה און לייגט זיך ארייין אין דעם, אט דעמאלט ווערט ער איין זאך, ווי געזאגט פריער נצבים כולכם, ביז וואנעט אז ער האט אויך א חלק אין חלקו של יוסף,

ביז וואנעט אז עס ווערט אויך בא אים דער ענין מבורכת הוי' ארצו ממגד שמים מעל ומתהום רובצת תחת, מיט די אלע פרטים ווי ער רעכנט דערנאך אויס,

און ווי ס'איז געווען אויך בפשטות אז יוסף הוא המשביר בר לכל הארץ, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז במשך כל הדורות כולם, זאגט מען נוהג כצאן יוסף, איז ער מפרש אויף דערויף אין מדרש, אז וואס האט דאס א שייכות צו יעדער אידן אז נוהג כצאן יוסף,

אז דאס נעמט זיך דערפון וואס יוסף איז געווען דער משביר בר לכל הארץ, ווערט דאס דערנאך נמשך בכל הדורות, ובפרט אין דעם דור פון עקבתא דמשיחא,

אז די אלע ברכות והמשכות אין וועלכע יוסף האט זיך אויסגעטיילט איז ער דערנאך טוב עין הוא יבורך כי נתן מלחמו לדל, וואס ער האט דאס דערנאך געגעבן יעדערן, ביז אפילו לפי הטף, וואס דארט גייט דאך אוועק א טייל וואס ווערט פאנאנדערגעברעקלט וכו' - איז נוהג כצאן יוסף בכלל, ובפרט אין דרא דעקבתא דמשיחא,

אז נאך שטייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות האט מען ברכת ה' בשפע, סיי אין ענינים פון "שמים", פארבונדן מיט אידישקייט, לימוד התורה וקיום המצוות, סיי "ומתהום רובצת תחת" שאין התחון למטה ממנו - די ענינים גשמיים כפשוטם של עוה"ז הגשמי,

און אין ביידע זאכן האט מען דאס מבורכת ה' מיט ברכת ה' וואס זי איז למעלה מכל מדוה"ג,

און דאס ווערט די הכנה קרובה דער מעמד ומצב כזה אין סוף פון ימי הגלות, צום קיום בפועל, למטה מעשרה טפחים, פון דער הבטחה פון יעלה הפורץ לפנינו, וואס דאס גייט דאך אויף משיח'ן, וואס ער שטאמט פון אלה תולדות פרץ,

במהרה בימינו ממש.

* * *

ג. ס'איז דאך אויך ווי דערמאנט פריער אין די פריערדיקע ההוועדות, וואס מ'זאגט אז תחלת השנה ווערט אנגערופן ניט "תחלת השנה" - ס'איז מערניט ווי א אנהויבס פון יאר, נאר אין "תחלת" גופא איז דאס דער ענין פון ראש השנה - אז דאס איז די "קאפ" פון דעם יאר.

און ווי דער אלטער רבי און דער מיטעלער רבי און צ"צ זיינען מבאר און דאס איז מדויק - פונקט אזוי ווי א קאפ, אפי' ווי די אברי הגוף געפינען זיך כאו"א במקומו, ביז צו דעם עקב שברגל - די נידעריקסטע טייל פון דעם גוף, ווערט דאס אויך אנגעפירט דורך דעם ראש הגוף.

עד"ז אויך אט דאס וואס בר"ה איז אידן תמליכוני עליכם, אז די ענין פון קב"ע מ"ש און אין אן אופן פון מלכותו ברצון קבלו עליהם, פירט דאס דערנאך אן מיט אלע טעג פון דעם יאר ביז בכל שעה ובכל רגע, ווייבאלד אז דאס איז א געזונטער

גוף און א געזונטער יאר, ווערט דאס אנגעפירט לויט די החלטות פון דעם ראש, וואס די החלטה איז געווען "ומלכותו ברצון קבלו עליהם".

ווי ער זאגט אין מכילתא אז נאך דערויף וואס קבלתם מלכותי אגזור עליכם גזירות, דערנאך איז מען מקיים די אלע ענינים וואס דער אויבערשטער גיט, און מ'איז זיי מקיים ניט דערפאר וואס דאס האט א ענין של טעם והסברה אין שכל אנושי וכיו"ב - נאר מ'איז דאס מקיים אלס א גזירה (כל' המכילתא).

ובל' פון נשיא דורינו דעם רבי'ן דער שווער, מ'איז מקיים דאס אלס א חוק.

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז די ברכת המצוות איז דער נוסח איז "אשר קדשנו במצוותיו וצונו" דערפאר טוט ער די מצוה.

וואס דאס זאגט ער אפי' אויף מצות סוכה, וואס ענינה איז דאך "זכר ליציאת מצרים" וואס דעמאלט איז געווען "בסוכות הושבתי את בנ"י".

און ניט נאר אז דאס איז ענינה אלס כוונת המצוות, נאר כמדובר כמ"פ ווי ער זאגט אין ב"ח און אויך פארשטאנדיק פון אלטן רבי'ןס שו"ע ווי ער איז דאס מדגיש, אז א חלק פון קיום מצות סוכה איז אז ס'זאל זיין דער זכרון און ידיעה אז "בסוכות הושבתי את בנ"י".

איז וואס איז דא שייכות צו זאגן "אשר קדשנו במצוותיו וצונו" - אפי' אז מ'וואלט עס ניט אנגעזאגט וואלט ער דאס אויכעט (ניט קיין כפוי טובה) דערמאנט ער זיך אויף דער טובה פון "בסוכות הושבתי" -

שטעלט ער אבער נאך אין א העכערן מעמד ומצב - דאס וואס ער דערמאנט זיך וואס ער פארשטייט בשכלו איז דאס אפגעמאסטן לויט דער פארנעם פון זיין שכל, זיין זכרון, און זיין ידיעה - זאגט מען אז די ידיעה ווערט א ציווי פון הקב"ה, במילא האט דאס אויך דעם פארנעם פון דעם מצוה וואס דאס איז דער אויבערשטער, נאר דאס טוט זיך אן אין "למען ידעו" - אין זיין ידיעה.

איז דאך פארשטאנדיק אז בשעת ס'טוט זיך אן א זאך בל"ג אין א דבר מוגבל איז די אנפירונג דערמיט און די גובר בזה איז דאס הגברת פון בל"ג אויף דעם גבול.

וואס עד"ז איז דאס אויכעט ביי מצות וואס זיי זיינען אויך מצות שכליות, איז אין די אלע נאך דערויף וואס ס'איז דא די החלטות פון דעם "ראש" - אז "קבלו עלי מלכותי - שתמליכוני עליכם" איז דערנאך א געזונטער יאר און א גאנצער יאר, ביז וואנעט אז ס'איז ניטא קיין יומא חסרי' - ס'פעלט ניט קיין טאג, און ס'פעלט ניט קיין טייל פון טאג, דאס איז ביי אים אלץ אנגעפילט מיט ענינים פון ציוויי ה' כולל אויך דעם ציווי ה' פון "עבדו את ה' בשמחה" - אז ער געפינט זיך בשמחה ובטוב לבב.

איז גלייך בר"ה וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק וויבאלד אז דאס איז א "ראש" איז כל ענינו הראש זיינען ענינים כלליים, און זיי גיבן זיך ארויס אין תפלות וכיו"ב, אבער תפלות איז דאס פארבונדן מיט תפיסת ידי אדם,

דערנאך איז אבער דא ווי דאס גיט זיך ארויס אין דברי ה', וואס דאס איז די קריאה בתורה.

וואס דאס איז די קריאת התורה ביום ראשון של ר"ה און ביום שני של ר"ה, וואס ס'איז דאך אויך כיומא אריכתא דמיא, דאס איז אלץ א חלק פון דעם זעלבן ראש.



הגהה פרטית בלתי מוגה

זאגט מען אז די קריאה איז פארבונדן מיט שרה און רחל און חנה, און די גמ' איז אין דערויף אויך מסביר אז בר"ה איז נפקדו שרה רחל און חנה.

און ר"ת שלהם איז שר"ח וואס זי וועט מבשר זיין די גאולה, בדוגמא ווי זי האט מבשר געווען צו יעקב אבינו אז "עוד יוסף בני חי" ווי ער זאגט אין מדרשים.

וואס דאס איז דאך א חלק פון תורה שבע"פ אז בר"ה נפקדו שרה רחל וחנה, און דערפון איז פארשטאנדיק אז ס'איז דא אין דערויף א הוראה אויף הנהגת כל השנה כולה,

און פון וואנעט נעמט מען די הוראה - איז דאס געגעבן געווארן אין תורה אור, וואס זי אליין באלייכט אירע הוראות אז מ'זאל וויסן וואס מ'מיינט דערפון.

וואס וואס האט מען די הוראה פון שרה און פון קריאת התורה וועגן שרה (וואס דאס איז שוין ביום ראשון פון ר"ה)?

איז גלייך דער ערשטער פסוק (די התחלת הקריאה) איז: "וה' פקד את שרה".

אז ביי שרה האט דער אויבערשטער איר צוגעזאגט און ממלא געווען ("כאשר דיבר") אז ביי איר איז געבארן געווארן א זון.

וואס דער זון איז דאס יצחק, ווי ער איז דערנאך מבאר באריכה.

און דערנאך אויך ממשיך אין דער קריאת התורה פון יום שני, ווי אזוי די מעלה פון יצחק'ן לאחרי וואס ער האט באקומען דער חינוך פון אברהם'ן ושרה.

וכמדובר לעיל באריכה, וואס דאס איז גלייך מדגיש שוין בר"ה אז דער תכלית און שלימות פון א אידישער פרוי איז: אז זי זאל בעטן ביי דעם אויבערשטן, און בעטן ווי ס'דארף צו זיין, איז אט דעמאלט איז א זיכערע זאך וויבאלד אז מ'וויל אז "רצון יראיו יעשה ואת שועתם ישמע ויושיעם" און זי שטייט אין אזא מין מעמד ומצב - איז א זיכערע זאך אז ס'וועט זיין "וה' פקד את שרה כאשר אמר", דערפאר וואס ער האט פריער געזאגט אז בשעת מ'וועט עם בעטן איז אט דעמאלט וועט ער ממלא זיין.

ובפרט אז דאס בהתחלה פון די עשרה ימים, וואס אויף זיי בעט דער אויבערשטער "דרשו ה' בהמצאו קראוהו בהיותו קרוב" אז אפי' א יחיד טוט דעמאלט אויף אט דאס וואס מ'דארף ערשט אנקומען צו א צבור במשך כל השנה כולה (ווי די גמ' איז מבאר בכ"מ).

און דערנאך זאגט מען, אז שרה האט זיך גלייך אפגעגעבן מיט דעם חינוך נאך מערער וויפל אברהם האט געטאן אין דעם, וואס דאס איז דאך אזוי ע"פ תורה אז די ערשטע יארן פון א קינד און דער המשך זאגט תורה אז ס'איז דא דער זמן וואס ער איז [צריך] זקוק לאמו.

ובפרט נאך אז ביי אברהם איז מצד רוב החסד איז ביי אים געווען די בקשה "לו ישמעאל יחי' לפניך", און שרה האט גלייך באווארנט אז ס'זאל זיין דער ענין פון "לא יירש" צוזאמען "עם בני עם יצחק" דערפאר וואס דאס איז "ביצחק יקרא לך זרע".

וואס דאס איז גלייך מדגיש בר"ה די ביידע ענינים: וה' פקד את שרה דערפאר וואס שרה האט געבעטן און געטהנ'ט מיט די גאנצע שטארקייט ביז צו די ווערטער וואס זי האט געזאגט צו אברהם'ן "עליך" פארוואס ער האט גלייך ניט מתפלל געווען,

זי איז דאך געווען א אשה כשרה "עושה רצון בעלה", איז ווי קומט דאס צו זאגן צו אברהם אזא מין סארט מוסר -

איז בשעת ס'רעדט זיך וועגן האבן א אידישן קינד און מחנך זיין ווי א אידישן קינד איז אט דעמאלט שטעלט מען זיך ניט אפ, און בכל דרכים וואס זיי זיינען דרכי תורה, וואס זיינען טאקע "דרכי' דרכי נעם וכל נתיבותי' שלום" - טוט מען אבער אין זיי גופא מיט א תוקף ע"פ תורה, און אט דעמאלט פירט מען אויס אז "ביצחק יקרא לך זרע".

און ווי מ'לייענט דאס גלייך אין די קריאה פון יום השני, אז "וילכו שניהם יחדיו, ווי רש"י טייטשט אפ אז ס'איז געווען "יחדיו" די מס"נ ביי ביידען פונקט בשוה.

וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט "חנוך לנער (וואס דעמאלט) גם כי יזקין לא יסור ממנה" - פארבונדן מיט דער חינוך וואס בתחלת השנים היינגט דאס אפ אן די אשה - און די מוטער כמבואר בהלכה, ביז ווי מ'זעט דאס אויך מעשה רב אין חיי יום יום.

עד"ז געפינט מען אויכעט ביי רחל, וואס "בר"ה נפקדה רחל" ווי דערציילט אין תושב"כ און נאך מערער אין תושבע"פ די מס"נ וואס זי האט אריינגעלייגט כדי אויף צו האבן א זון - א קינד, און דערנאך איז געווען "וה' פתח את רחמה" מיט די אריכות הסיפור אין תושב"כ בפרט ע"פ מדרשי חז"ל.

עד"ז אויך ביי חנה.

וואס דאס איז דער צד השוה פון די אלע דריי: אז ניט נאר סתם נפקדו שרה רחל וחנה, נאר ביי די אלע דריי איז מודגש ווי אזוי זיי זיינען געלעגן און זיך משתדל געווען און זיך ניט אפגעשטעלט פאר כל התוקף המותר ע"פ תורה, אויף זען **אז ס'זאל געבארן ווערן נאך א אידיש קינד.**

וכמדובר כמ"פ אז תורה פסק'נט אפ אז יעדער (איד) קינד איז א "עולם מלא", במילא איז אין דערויף ניט שייכות זאגן א הסברה, אז וויבאלד אז ס'איז דא כו"כ בנים ובנות איז וואו איז דא דער הכרח אז ס'זאל זיין נאך א קינד,

ובפרט נאך אז ס'איז א משנה מפורשת און אפגעפסק'נט אין שו"ע ווען מ'איז יוצא מיט מצות פרי' ורבי' - בן ובת?!

ובפרט נאך לויט דער ביאור אין חסידות (מיוסד אויף קבלה) אז דעמאלט האט מען שם ה' בשלימות.

וואס דער י-ה (ווי ער זאגט אין תניא) איז דאס בדוגמא אב ואם, און זיי זיינען מוליד בן ובת - אהבה ויראה, וואס דאס איז שלימות שם ה' - מ'האט א גאנצן שם ה'!

קומט מען צוגיין און מ'זאגט, אז התחלת התורה, די **ערשטער** מצוה **פאר** אלע מצוות וועגן וועלכע ס'ווערט דערציילט אין תורה (וואס סדר אין תורה איז אויך א הוראה) די ערשטע מצוה איז "פרו ורבו".

און ווי רש"י טייטשט אפ געענומען פון מדרש אז "פרו" וואלט מען געקענט טייטשן אז אפשר איז דאס א יחיד, זאגט מען גלייך "ורבו".

וואס דא קען מען דאך אויך טייטשן - איז מען גלייך ממשיך ביז וואנעט "ומלאו את הארץ וכבשוה" - מ'פארלאזט זיך אויפן אויבערשטן, און וויפל דער אויבערשטער זעט, דאס איז גוט פאר דער פאטער און פאר דער מוטער, בדרך ממילא פאר

דער זיידע און פאר דער באבע, וואס דאס איז אויך די גוטסקייט פון כל עם ישראל כולו, און דורכן איצטיקן דור פאר כל הדורות כולם, שלפני דור און שלאחרי דור זה!

- איז יעדער קינד וואס ס'ווערט געבארן - ווערט געבארן אן עולם מלא!

וואס דאס איז דאך א ענין וואס איז נוגע אין הלכה, נוגע אין כמה דינים און ניט נאר א ענין וואס מ'זאגט אז דאס שטייט אין אגדה שבתורה, איז אגדה שבתורה איז אויך א חלק וואס "ניתן למשה מסיני" צוזאמען מיט חלק הנגלה שבתורה און חלק ההלכה שבתורה.

נאר מ'זאגט אז ס'האט אין זיך אס די מעלה, ווי דעם אלטן רבי'ןס לשון אין אגה"ק אז "רוב סודות התורה גנוזות בה".

ובפרט נאך אז די גמ' איז דאס מסביר אין אן אופן וואס איז פארשטאנדיק אויך בשכל, איז דאך דעמאלט (כידוע בכמה ענינים בתורה) אז מ'זאגט "קרא למה לי - סברא היא" וויבאלד אז דאס לייגט זיך אין שכל פון נפה"א דארף דאס גאר ניט שטיין אין תורה - ס'איז מעצמו פשוט ומובן אז אזוי דארף דאס זיין.

וואס דאס איז א סברא ווי די גמ' איז דאס מסביר אין סנהדרין בארוכה די סברא שבדבר ווי אזוי דאס איז אן "עולם מלא", מיט די ראי' אין דערויף און די הוכחה וכו'.

וכאמור - אויב ס'איז עפעס דא א טעם (אן אמת'ער טעם) וואס ס'דארף ח"ו ניט זיין - איז אט דעמאלט קען מען זיך פארלאזן אויפן אויבערשטן וואס ער איז דער "עצם הטוב" און "טבע הטוב להיטיב", און מ'לאזט דאס איבער צו אים, און סיי ווי סיי האט מען קיין ברירה ניט, ווארום ער איז דער "זן ומפרנס לכל", און ער איז משגיח על כל אחד ואחת בהשגח"פ ביז אין פרטי פרטים, כמבואר בארוכה אין כ"מ.

ביז דער לשון הידוע אז א בלעטל וואס וואלגערט זיך (אין רה"ר) אין גאס, און דארף זיך איבערקערן מצד לצד, קען דאס אבער זיין פארשידענע אופנים ווי ער זאל זיך איבערקערן - איז דאס אויך בהשגח"פ,

וואס דאס רעדט זיך וועגן א בלעטל וואס דאס איז שוין ניט צומח, ער איז שוין ניט ביים בוים - ער וואלגערט זיך אין גאס, און לכאו' ניט אין א ענין עיקרי, ס'איז מערניט אין דעם אופן און אין דעם הכשר הענין ווי אזוי ער וועט זיך איבערקערן, - זאגט מען אז דאס איז בהשגח"פ, וכתורה פון נשיא דורינו אז דאס איז נוגע און דאס האט דעם ארט פון מחשבה הקדומה דאדם קדמון (פון א"ק).

עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן אן עולם מלא פון א נפש א' מישראל, איז ח"ו אין דערויף זיך ארייננמישן סיידן ס'איז דא א פס"ד ברור אין תורה, אז מאיזה סיבה שתהי' קען דאס אפלייגן וכיו"ב, כמדובר כמ"פ בארוכה.

אבער אזוי איז דאס א ציווי, און דאס א ציווי וואס איז געזאגט געווארן ווי אלע מצוות כדי אז אידן זאל זיין נאך בעסער ווי ס'איז געווען קודם קיום מצוה זו, ביז אין תכלית השלימות - אז דאס פארבינדט עם "מצוה - מל' צוותא וחיבור" - ער ווערט איין זאך (כביכול) מיטן אויבערשטן, וואס דעמאלט איז "באור פני מלך חיים" - איז דער מלך החיים איז "זכרנו לחיים", און ברייננגט דערנאך אראפ (ווי מ'זאגט בסיום כל תפלת העמידה) מ'ווערט פארשריבן און געחתמ'עט בספר חיים ושלום וגזירות טובות מיט די אלע פרטים וואס ער רעכנט אין דערויף אויס.

וואס דאס איז כאמור די צד השוה אין די אלע דרייר שנפקדו בר"ה וכאמור - דאס איז א תחלת השנה, און דער "זכרון" און מתבונן זיין זיך אין די הנהגה פון די דריי, פירט אן דערנאך מיט דער הנהגה פון כל השנה כולה.

און בזהע"ז איז אבער א זיכערע זאך אז ס'איז דא "עביד עבידתי'" - פון יעדער ענין איז דא א לימוד בפ"ע.

עכ"פ בקיצור - ס'איז דא א חילוק עיקרי פון יצחק'ן וואס דאס איז "נפקדה שרה" און ס'איז געבארן געווארן יצחק, ביז "נפקדה רחל" און ס'איז געבארן געווארן יוסף.

[וואס דער נפקדה גייט דאס אויפן ילד הראשון וואס דאס איז יוסף].

וואס דער חילוק איז מן הקצה אל הקצה:

יצחק איז קיינמאל ניט געווען אין גלות מחוץ לא"י, ווי רש"י ברענגט אראפ "גור בארץ הזאת" אז מ'האט געזאגט יצחק'ן אזוי ווי ער איז אן עולה תמימה דארף ער ניט ארויסגיין פון א"י. - אלי ס'דארף זיין א ענין פון "גור" - גר ניט תושב - איז וועט דאס זיין בארץ הזאת. אבער ער געפינט זיך כל ימיו אין א"י, וואס א"י איז דאס תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה.

ביי יוסף'ן איז געווען פונקט דער היפך: כל זמן ער איז געווען אין א"י, זאגט מען אז ער איז געווען מערניט ווי "נער", און א נער את בני בלהה ואת בני זלפה,

תפקידו של יוסף און שליחותו של יוסף איז געווען "שמש וירח ואחד עשר כוכבים משתחוים לי" "תסובנה אלומותיכם והשתחוינה לאלומתי", איז ווען איז דאס געווארן ביי יוסף'ן - איז דאס געווען כל ימיו איז ער געווען אין מצרים.

ער האט געזאגט אז לאחרי וואס ס'וועט דורכגיין די "מאה ועשר שנים" איז אט דעמאלט איז א משך זמן וועט ער נאך זיין אין מצרים, דערנאך אז ס'וועט דורכגיין אזויפיל און אזויפיל יארן איז "והעליתם את עצמותי מזה".

וואס וואס איז דאס די הוראה בזה:

אז א איד איז וואס פאר א מעמד ומצב ס'זאל ניט זיין און אין וואס פאר א ענין ס'זאל ניט זיין - דארף ער וויסן זיין אז מ'האט שוין פאר עם אויסגעטראטן די וועג, און אויסגעטראטן די וועג האבן דורכגעטראטן אמהות שבישראל.

האט שרה אויפגעטראטן די וועג פאר דעם אופן ההנהגה אין סדר החיים בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי יצחק'ן אז ער געפינט זיך כל ימיו - ער האט ניט קיינע דאגות, ווארום "תמיד עיני ה"א בה מראשית השנה ועד אחרית שנה", אלע ברכות קומען אין א"י, און "מתמצית א"י" קומט אן בכל העולם כולו.

ביז וואנעט ווי דאס קומט אראפ אין חיים בפועל (כמדובר כמ"פ - וואס איז די הוראה פון דעם בנוגע לפועל):

אז ס'איז דאך דא תקופות ביי א קינד און ביי אן ערוואקסענעם וואס דעמאלט איז ער בדוגמא ווי ס'איז געווען די הנהגה פון אידן אין א"י "איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו" - "ועמדו זרים ורעו צאנכם", ווי ס'איז געווען אין שלמה (וואס דעמאלט שטייט דאך דער ענין), עד"ז ווי ס'וועט זיין לע"ל, וואס דעמאלט וועט זיין "ועמדו זרים ורעו צאנכם" ווי ער דערציילט אין נבואת מיכה.

זאגט מען אז דעמאלט איז אויך דארף זיין דער גאנצער ענין פון מס"נ, ביז "וילכו שניהם יחדיו", און "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" אין וואס באשטייט כל פעולותיו וכל עניניו - דער ענין פון "יצחק" - אז מ'גיט אויף אים א קוק זעט מען א ענין למעלה מדרך הטבע.

וואס דערפאר האט מען אים אנגערופן "יצחק (לי)".

אז ס'איז דא א איד און פירט זיך באופן כך וכך, ניט קוקנדיק וואס ביי אים איז רוב טוב - "וישמן ישורון", איז ביי אים פונקט דער היפך ווי דער המשך הכתוב, נאר "וילכו שניהם יחדיו" ניט קוקנדיק אויף די גרויסע עשירות וואס ס'איז געווען אויך בפשטות ביי יצחק'ן (ווי די גמ' דערציילט אין ב"מ), ביז וואנעט אז מאכלו איז געווען שני גדיים בכל יום - א ריבוי מופלג.

בפרט נאך כמבואר אין דרשות חז"ל, פרדותיו און עשרו של אבימלך וכו'.

און אעפ"כ איז וואס האט ער בעולמו בדוגמא ווי מ'זאגט ביי ר' אלעזר חסמא אז "מחילים עשירים" ניט קוקנדיק וואס ער איז געווען אן עושר מופלג, איז אים אינגאנצן ניט געלעגן וואס ס'טוט זיך מיט זיין עגלה צאן ובקר, און איז געלעגן אין ענינים פון תורה, כמבואר בארוכה אין דברי ימי חייו, ווי דערציילט אין תושבע"פ.

אבער דאס איז א לימוד פון דברי ימי חייו פון יצחק'ן כמסופר אין תושב"כ, איז כמדובר - קיינמאל ניט געווען אין חו"ל, קיינמאל ניט געווען דער ענין פון "ארץ לא להם", מיטן גאנצן כבוד פון "אבימלך ופיכל שר צבאו וכו'", ניט קוקנדיק אויף זיך די אלע ענינים וואס אברהם האט געהאט כל זמן ער איז געווען בחרן, ער איז געווען זיבעציק יאר (אדער פינף און זיבעציק יאר - ווי די צוויי דיעות און שקו"ט בזה וכו') אפי' ניט ווי ביי יעקב'ן וואס ביי יעקב'ן איז דאך אויך געווען כמה זמן וואס ער איז געווען אין חו"ל לפני בנין בית בישראל, און לאחרי דערויף די שבע עשרה שנה וואס איז געווען אין מצרים.

און דערנאך איז דא דער צווייטער ענין:

ס'איז אזא מין הנהגה וואס מ'איז פארבונדן מיט מצרים און גבולים פון ענינים גשמיים ביז אין מצרים און גבולים און "ערות הארץ".

וואס דאס איז געווען חייו של יוסף, נאך דערויף וואס ס'איז דורכגעגאנגען די יארן פון הכנה, און ער איז געווען א "נער את בני בלהה ואת בני זלפה" און איז געווארן דערנאך דער מושל ושולט,

אבער כל ימיו געווען אין ארץ מצרים, נאך פריער - איידער ס'איז געווען דער "ואת יהודה שלח לפניו להורות לפניו גושנה" - נאך איידער ס'איז געווען דער "בית הוראה" וואס יעקב האט מייסד געווען.

וואס וואס איז דא די הוראה:

אז בשעת ס'איז דא אט די יארן און אט די טעג אז מ'מוז האבן צוטאן מיט ענינים גשמיים און זייענדיק אן "עם חכם ונבון" איז ווי גוט גשמיות איז - קומט דאס ניט צו דעם ענין הכי קל פון ענינים רוחניים.

איז ניט נאר ער וועט ביי זיך דערפון ניט בעצבות, ער ווערט דערפון ביי זיך ניט אראפפאלן - ער דערמאנט זיך גלייך אויף יוסף'ן, אז אע"פ וואס ס'איז געווען דער ענין פון "ענה בכבל רגלו" איז דאס אלץ געווען א הכנה, און א הכנה לגבי די יארן וואס ס'איז געווען לאחרי זה מעוטה? בכמות אויך.

און די הכנה איז געווען - כדי אז דערנאך ער זאל ווערן א מושל ושולט בכל ארץ מצרים,

און אפי' זייענדיק אין גלות, ווארום הכסא אגדל ממך - דער ענין פון "דינא דמלכותא דינא" "והתפללו אל שלום העיר אשר הם בתוכה כי בשלומה (איז אויך) לכם שלום",

איז האבנדיק "הכסא אגדל ממך" וואס דאס זאגט מען אז "מני' איתפריעו כל נהורין" אזוי זאגט דער אויבערשטער!

כידוע דער פתגם פון נשיא דורינו אז ניט מיט אונזער ווילן זיינען מיר געגאנגען אין גלות און ניט מיט אונזער ווילן וועלן מיר ארויס פון גלות.

אבער ביחד ע"ז דארף מען טאן די אלע ענינים "מעשינו ועבודתינו" כדי ס'זאל זיין דער "בעתה אחישנה" מיט אלע פירושים שבדבר.

וואס אויף דערויף איז אויך א ציווי הקב"ה.

און דורך וואס איז דאס - אז בשעת ער איז אין גלות איז "בלעדיך לא ירים איש את ידו ואת רגלו", אז אויב דער איד ווייס אז ער געהערט צו דעם וואס "מיני' איתפריעו כל נהורין" - דעם אויבערשטן, און אין א אופן פון מיני' אתפריעו כל נהורין, אט דעמאלט פירט ער אויס אז בלעדיך לא ירים איש את ידו ואת רגלו, אז די גאנצע וועלט פירט זיך ווי אזוי ס'איז גוט ער זאל קענען דורכפירן זיין שליחות בעולם וואס דאס איז "לעשות לו ית' דירה בתחתונים" ע"י לימוד התורה און קיום המצוות בעצמו, און דורך די השפעה "לרעך כמוך", אז ממנו יראו וכן יעשו.

און בשעת מ'האט א שאלה אדער א ספק, ווי דארף ער מדגיש זיין דעם ענין פון "ובלעדיך לא ירים איש את ידו ואת רגלו", אדער דארף מען זיך רעכנען מיט "הכסא אגדל ממך" - דארף מען גיין צו א רב, צו א משפיע און מדריך רוחני, און ביי אים א פרעג טאן (וואס ער איז ניט נוגע בדבר) - וועט ער אים זאגן איז דעם ענין וואס ס'איז דא א ספק, (וואס אין זייער וויניק ענינים אזוינע) וועט ער אים אנווייזן די דיעה און די הוראה פון תורה אור, צי דארף ער זיך דא שטעלן בתוקף, אדער ער דארף גיין אין אן אופן פון "דינא דמלכותא דינא" אע"פ וואס ער האט אין דערויף סברות און שאלות און ספקות וכו'.

ובפשטות מיינט דאס: בנוגע צו א מוסיער און מחנכת און מדריכה, אז אע"פ וואס בנוגע צו א קינד איז דאך דא כמה ענינים: א) ער דארף האבן די אכילה שתי' לינה מיט די אלע ענינים ביז אפי' דער ענין פון טשעועלס, כדי ער זאל זיין געזינטער און זאל זיך קענען גרייטן דאס וואס ער דארף זיין ממלא זיין שליחות הקב"ה בעולמו ווען ער וועט אויסוואקסן,

ב) ביחד ע"ז איז אבער אויך דא די שליחות אין דעם חינוך ווי אזוי צו מחנך זיין א קינד אין ענינים של שמים, וכמדובר כמ"פ אז גלייך ווען א קינד ווערט געבארן איז "מנהג ישראל תורה הוא" אז די ערשטע זאך אז מ'איז זיך משתדל אז ער זאל זען שמות קדושים ארום זיך, ווי ס'איז אמאל געווען דער מנהג אז מ'פלעגט אנקלעפן אין דעם חדר הילודת ענינים של קמיעות וכיו"ב, ביז אפי' אז מ'פלעגט איינוויגן א קינד ער זאל איינשלאפן ווערן, האט מען אים איינגעוויגט מיט די ווערטער - לא ידע קריי? ער פארשטייט נאך ניט - האט א מוטער געוואוסט ווי אזוי דארף זי איינשלעפערן א קינד, דורך דערויף וואס זי וועט אים דערציילן ווען ער וועט זיין א יאר אנדערהאלבן יאר, און זאגן דאס אים מיט א שירה וזמרה אז ס'איז ניטא קיין בעסערע סחורה ווי תורה,

- ס'איז טאקע דא ראזשינקעס און ס'איז דא מאנדלען, דאס קומט אבער ניט צו די אמת'ע סחורה און די בעסטע סחורה וואס דאס איז די תורה.

און דורך דערויף וואס א קינד הערט דאס, ווי מ'זאגט בנוגע צו ריב"ח אז "החזירה עריסתו" אין די בתי מדרשות, איז דערנאך געווארן "אשרי יולדתו" - דורך

דערויף איז ער דערנאך אויסגעוואקסן אלס ריב"ח, און מ'זאגט אז דאס איז זיינער א שבח - **זיינער** א שבח.

וכמדובר כמ"פ - ר' יב"ז הי' מונה שבחם (זאגט די משנה) האט ער אויף אים געזאגט אז דאס איז "בור סוד" און "מעין המתגבר" - אז ס'איז געקומען ריב"ח האט ער געדארפט זאגן א מעלה אין **אים**, פונקט ווי מ'זאגט "בור סוד" - א מעלה אין אים.

זאגט מען אז וואס איז אין אים זיין מעלה - **זיין** מעלה איז אז "אשרי יולדתו"!

אז מ'זעט אז ער פירט זיך אין אזא מין אופן וואס "יולדתו" האט אים מחזר געווען אויף בתי כנסיות און בתי מדרשות און האט זיך אין דערויף ארייננגעלייגט גלייך ווען זי איז געווארן "יולדתו", ניט זי האט געווארט ביז וואנעט ער איז געווארן פינף מיט א האלבן יאר, און ארייננגעכאפט דעם לעצטן האלבן יאר "זקוק לאמו צריך לאמו" און דעמאלט דאס טאן, נאר בשעת ער איז נאך געלעגן בעריסה!

וואס אין אן עריסה ליגט א קינד בשעת ער ווערט געבארן לייט מען אים ארייז אין אן עריסה.

און דערנאך איז דאס ניכר אין אים ביז וואנעט אז דאס ווערט זייבע א מעלה.

וואס אט דאס איז אויכעט כמדובר ביי יעדער אידיש קינד - כמדובר כמ"פ, אז וויבאלד אז א איד איז אן עולם מלא, שפיגלט זיך אין אים אויס די אלע פרטים פון דער קומה שלימה - פון דער גאנצער וועלט, אזוי איז ביי יעדער קינד בפרט שפיגלט זיך אפ סיי דער ענין פון דברי ימי הי' יצחק און סיי דברי ימי הי' יוסף.

- אז ער האט שעות אין זיין לעבן, אדער טעג אין זיין לעבן, וואס דעמאלט איז ער בדוגמא פון יצחק - א געוואלדיקע עשירות און אן עולה תמימה און אין ע"ל מיט דעם במשל מזה המובן וגם פשוט,

און האט ענינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט יוסף'ן, אז מ'געפינט זיך אין מצרים - מיצרים וגבולים, מ'האט צוטאן מיט "הכסא אגדל ממך", מ'האט אבער אויך דעם ציווי מיט דער נתינת כח, ביז וואנעט אז פרעה האט דאס אים אנגעזאגט - פרעה **בפשטות**, ניט נאר ווי דאס איז דער ענין למעלה, **דא** למטה בפשטות אין "ערות הארץ" האט פרעה אים איבערגעגעבן דעם ציווי מיט דער כח אז "איש בל ירים את ידו ואת רגלו בלעדיך".

און דא זאגט מען אז דאס איז די הוראה פון ר"ה על כל ימי השנה, צום אלעם ערשטן, זאל זיין נאך אן עולם מלא און נאך אן עולם מלא,

און אין דעם עולם מלא ווייס מען אז ס'איז דא ראזשינקעס און מאנדלען און אז ס'איז דא תורה, מ'דארף גלייך אבער באווארענען "חנוך לנער ע"פ דרכו" נאך ווען ער ליגט אין דער עריסה, ער זאל וויסן זיין אז די בעסטע סחורה איז תורה נאך בשעת ער איז א פיצל קינד, און אט דעמאלט אז ער וואקסט אויס פארשטייט ער גאר אז מ'קען דאס גארניט פארגלייכן צו וואס איז בעסער,

דאס דארף מען מערניט באווארענען און פארגלייכן ווען ער איז נאך א פיצל קינד, וואס דעמאלט איז ווי דער רמב"ם זאגט אין פיהמ"ש אז דעמאלט איז דער סדר אז כדי ארייננצייען דעם קינד, דארף זיין "ע"פ דרכו" - דארף מען אים געבן ממתקים ראשזינקעס און מאנדלען, ווארום דאס איז "מתוך כו' - בא לשמה".

דער קינד רעכנט לפי שעה אז דאס איז שלא לשמה, אבער שוין "מתוך" - ווי חסידות טייטשט אפ - אין דערויף אינעווייניק און די כוונה פנימית אז דערנאך ליגט שוין דא אינעווייניק דער "בא לשמה".

און דערנאך קומט אויך דער ענין פון חנה:

וואס ביי חנה זאגט מען דאס אז דאס איז מלשון "חן", וואס "חן" איז דאס ענינו אז דאס איז ניט דערפאר וואס דאס איז פארבונדן עפעס מיט א ענין מסויים און א ענין טוב, - אז מ'פרעגט וואס איז דאס "חן" - דאס איז א ענין וואס מ'געפינט אויף דערויף ניט קיין טעם, מ'געפינט אויף דערויף קיין הסברה און מ'זאגט אז "מצא חן בעיני ה'",

און לאידך גיסא: אט דאס וואס "חן פועל'ט אויף - פועל'ט אויף ניט יופי און ניט יפה מראה און ניט יפה קומה און ניט יפה גוף אט וואס פארא ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט טעם ושכל, איז שלא בערך ווערט אויפגעטאן דורך חן.

וואס דאס איז דער ענין און דאס איז דער שרש און מקור אין דעם ווארט "חנה".

און דערפאר אין וואס באשטייט איר נבואה - באשטייט פון דעם סיום און דעם תוכם - איז דער ענין איז "וירם קרן משיחו", וואס דאס איז דריי באזונדערע זאכן: א) משיחו פון דעם אויבערשטן וואס דאס איז דער פי' הפשוט - דאס אליין באווייזט אויף אן עילוי הכי גדול, ב) דערנאך זאגט מען אין משיחו איז דאס "קרן (משיחו)" וואס דאס איז "קרני החיות כנגד כולם" אלע ענינים וואס זיי זיינען למטה מן הקרן איז "קרני החיות" איז כנגד כולם, ג) און אין משיחו איז קרן, וואס איז דאך אלץ מצד משיח קומט נאך צו דער ענין פון "וירם" - וואס דער אויבערשטער הויבט דאס נאך אויף ביז אין אן אופן פון אי"ע צו קרן משיחו.

און בשעת מ'טייטשט אפ "אל תרבו תדברו גבה גבה יצא עתק מפיכם" ווי ס'דארף צו זיין, אט דעמאלט בלייבט דער ענין ווי ער איז אין תורה,

וכמדובר בארוכה אט דאס ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ בארוכה אט דאס וואס שטן ופנינה לש"ש נתכוונו, אז ווי זיי שטייען אין עולם הבריאה ועד"ז ווי די ענינים שטייען אין תורה - איז דאס א ענין אין תורה.

און ווי געזאגט בפרט בנוגע צו דעם גלות, אז דורכגיין דעם גלות פון מצרים האט מען געדארפט האבן חומר ולבנים כפשוטם, והראי' - אזוי איז דאס געווען! ווען ס'וואלט געווען א לייכטערער ווער וואלט ניט געווען קיין חומר ולבנים מיט עבודת פרך כפשוטו,

בשעת ס'קומט צום איצטיקן גלות - טייטשט אפ תורה אז "חומר - דא ק"ו, ולבנים - דא ליבון הלכתא" - נאר וואדען, אויב דו ווייסט דאס דורכלויפן איז דאס ניט קיין "חומר" און ניט קיין "ליבון הלכתא" -

בשעת דו ווייסט אבער אין דערויף לערנען מיט א הארעוואניע, איז אט דעמאלט איז דער ק"ו אין דערויף באשטייט דער גלות, וואס ניט דו האסט דאס גלייך הלכה פסוקה אן הארעוואניע, נאר "במחשכים הושיבני - זה תלמוד בבלי" דו דארפסט הארעווען ביז ווי מ'זאגט בנוגע צו דעם אריז"ל "הי' לומד (ביז וואנעט) הי' מזיע", ער האט זיך אזויפיל געקאכט אין לערנען [דאס שטייט בנוגע צו לימוד הנגלה] ביז וואנעט ביי אים האט זיך געגאסן שווייס!

ביז וואנעט אויף אזויפיל, אז ר"ח וויטאל איז דאס געווען זיינער א תלמיד, און געווען אן אמת'ער תלמיד, און "כל המהרהר אחר רבו" איז ווייס מען דאך וואס

מ'זאגט אויף דערויף - האט ער זיך ניט איינגעהאלטן און האט ביי אים געפרעגט וואס איז דאס פאר אן ענין וואס ער דארף מזיע זיין אין לימוד הנגלה?!

וואס די קושיא בזה איז אויך פארשטאנדיק ביתר שאת ויתר עז נאך דערויף וואס מ'זאגט אין זהר און דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק אז אין אילנא דחיא איז ניטא לית תמן לא קשיא ולא ורמינהו, איז אויף וואס שוויצט מען דארטן? אז ס'איז גלייך דא דער אור ישר?

זאגט דער אריז"ל ניין! בלימוד הנלגה דארף מען שובר זיין די ענינים המבלבלים, די ענינים המסתירים און ענינים מעלימים ביז וואנעט פירט ער דורך די שליחות - ווען זיין גוף איז מזיע בפשטות.

וואס דרך אגב: דאס איז דער ביאור הידוע אויפן סיפור הידוע פון נשיא דורנו.

וואס ער האט געזאגט אז ביים מיטעלען רבי'ן איז ניט געווען ניכר מבחוץ דעם אופן ההתרגשות וההתפעלות אין וועלכע ער איז געשטאנען; ס'איז ניט געווען ניכר אין תנועות אין ווארפן זיך וכו'.

- בנוגע צו דעם אלטן רבי'ן איז ידוע דער סיפור ביי ותן פחדך? בשעת ער האט געזאגט חסידות פלעגט ער זיך קאטשען אויפן פאל, זאגנדיק חסידות אין מיטן מאמר, וכיו"ב -

באם מיטעלן רבי'ן איז ניט געווען לגמרי ניכר אין תנועות חיצוניות, מ'האט אבער געזען אז ער האט געטראגן א "קאלקאק" (אזוי האט מען געזאגט דער לשון) - האט מען ניט געוואוסט וואס דאס איז, האט מען געזאגט אז דאס איז א קיילכדיקער היטל און פון אין מיטן גייט ארויס אזוי ווי א (איך ווייס ווי דאס צו אנרופן, אמאל פלעגט מען דאס אנרופן א) "היטל-צוקער".

איז פון דער שפיץ פון דער טייל פון דער היטל (א קיילעכדיקער היטל) וואס אינמיטן איז דערנאך געגאנגען ארויפגעשטעלט אזוי פון דעם שפיץ האט געגאסן שווייס.

וואס די שווייס האט זיך גענומען דערפון פון זיין עומק ההתבוננות וההתעמקות אין די ענינים בא וועלכע ער האט דעמאלט געטראכט.

איז געווען עד כדי כך הי' מזיע, אז ניט נאר אז ס'איז געווען ניכר אויף אן אבר וכו', אויף דער לבוש און אין דער לבוש גופא די לעצט נקודה פון דער לבוש די ווייטסטע נקודה פון דער ראש, איז עד כדי כך איז געווען די התבוננות און די התעמקות ביז וואנעט אז פון דארטן איז געווען מזיע (פון דארטן האט זיך געגאסן די שווייס).

וואס דאס איז אויך כמדובר לעיל, אז איצטער גיט מען די ברירה אז בשעת א איד וועט זיך ארייננווארפן אין לימוד התורה אין ק"ו און ליבון הלכתא ובכל יגלעהו און אין א אופן פון "יגעת" - איז אט דעמאלט דערמיט איז מען יוצא פארן גאנצן גלות, ווארום אזוי פסק'נט אפ תורה,

וואס דאס ווערט די הכנה צו דער לימוד התורה מפי משיח צדקנו.

וואס ווילבאלד אז תלמודו בידו, כמבואר בארוכה אין כמה מקומות, אז ווי אזוי לערנט מען הורה אין ג"ע - בשעת מ'קומט אהינצו צוגיין און "תלמודו בידו" וואס ער האט געלערנט ווען ס'איז געווען נשמה בגופו דא למטה.

וואס דאס איז אויך כמדובר - די מעלה פון דעם גלות וואס לכאו' איז דאס א הושך כפול ומכופל - גיט מען אבער די ברירה אז בשעת ער וועט זיך ארייננווארפן אין "ק"ו" און "ליבון הלכתא" מיט די אלע פרטים כמבואר אין זהר און מבואר באריכה אין תורה אור, איז ער יוצא דערמיט די עניני הגלות, און אלע איבעריקע ענינים איז געפינט ער זיך אין א אופן פון "הל' אור במושבותם".

און אט דעמלאט וועט ביי אים נאך אין זמן הגלות "וירם קרן משיחו" - דער משיח וואס ס'איז דא ביי יעדער אידן בפנימיות נשמתו, האט מען דאך א ניצוץ של משיח.

וואס דערפאר איז - כמדובר כמ"פ - אויף "דרך כוכב מיעקב" איז דא צוויי דרשות אין הורת אמת, ביידע אין זעלבן פסוק (וואס דאס באווייזט אז זיי זיינען חד הוא, נאר וואדען זיי האבן דעם אפטייטש אין ביידע אופנים נאר באמת איז דאס איין זאך):

א) איין אפטייטש אויף "דרך כוכב מיעקב" אז דאס גייט משיח'ן ווי רש"י ברייננגט אראפ בפירושו על התורה פון דרשות חז"ל.

ב) דער צווייטער אפטייטש ווי ער זאגט אין ירושלמי (מע"ש פ"ד ה"ו ועוד) און מרומז אויך אין בבלי, אז "דרך כוכב מיעקב" ווען בלע. ישראל - ער האט געטאן ניט קיין גוטע זאך א אידן, האט געחלום'ט זיך אז ער האט בולע געווען א כוכב האט מען געזאגט אז יעדער איד איז אויף אים געזאגט געווארן אז "דרך כוכב" דערפאר וואס ער קומט "מיעקב".

און אט קומט אויך - אויף מסיים זיין בנוגע דעם ענין פון רחל:

כמדובר לעיל וואס וועגן איר ווערט אויך דערמאנט אין דער הפטרה צום סיום פון דער יומא אריכתא, אין די הפטרה פון יום השני,

וואס אויף רחל זאגט מען, אז בשעת לע"ל אז מ'וועט גיין צוריק פון גלות וועט מען פארבייגען דער קבר רחל אמנו און זי וועט ארויסגיין און וועט מעודד זיין און הנאה האבן "מנעי קולך מבכי", דערפאר וואס ס'קומען צוגיין אלע "בניך" ביז אין אן אופן פון "קהל גדול ישובו הנה",

און פארוואס האט זי דאס - דערפאר וואס מ'זאגט אז בשעת אידן זיינען **געגאנגען** אין גלות זיינען (איז) מען פארבייגעגאנגען קבר רחל, און זי האט זיי מיטגעגעבן דעם כח אז מ'זאל קענען דורכטראגן דעם גלות און בלייבן גאנצע אידן בריאים ושלמים ברוחניות.

און דורך דערויף האט דאס דערנאך געבראכט דעם ענין פון גאולת עזרא, און ווי מ'זאגט אין חז"ל אז אילו זכו וואס דאס דעמאלט געווען די גאולה שאין אחרי גלות, וויבאלד אז ס'איז געווען ענינים בלתי רצוים איז דערנאך געווארן די אריכות אבער זי שטייט און וואַרט און בייגקט און בעט זיך ביי דעם אויבערשטן אז ס'זאל זיין דער בעתה אחישנה.

אז בקרוב ממש בנערינו ובזקננו, ובבנינו ובבנותינו, ואתם תלוקטו לאחד אחד - ווי רש"י טייטשט דאס אפ אז דער אויבערשטער נעמט יעדער אידן פארן האנט און גייט מיט אים צוזאמען - ניט אז דער אויבערשטער גייט ארויס פריער, נאר "ושב ה"א את שבותך" צוזאמען מיט יעדער אידן ניט פריער - ארויס פון גלות.

און מ'גייט ארויס אין גאולה האמיתית והלשימה, און מ'גייטפארביי און מ'נעמט מיט רחל אמנו, צוזאמען דערמיט אויך "הקיצו ורננו שוכני עפר" אברהם יצחק יעקב" און שרה רבקה ולאה וואס זיי געפינען זיך אין מערת המכפלה,

און מ'גייט צוזאמען אין ירושלים עיר הקדש, עיר בה חנה דוד, און מ'האט צוזאמען "א"י לגבולותי', וואס כמדובר לעיל איז כפל הקב"ה כל א"י און האט דאס אונטערגעלייגט אונטער יעקב'ן, און פון דעמאלט איז דאס געווארן א נחלת עולם פאר עם עולם.

שלימות הארץ צוזאמען מיט שלימות העם, דערפאר וואס מ'האלט זיך מיט שלימות התורה.

ובקרוב ממש האט מען די שלימות הגאולה, פארענדיקן דעם "קץ שם לחושך" כהרף עין נגאלין מיד.

און ס'הויבט זיך אן גלייך נאך דערויף אתחלתא דגאולה און גלייך נאך דערויף די גאולה שלימה.

במהרה בימינו ממש.

כרגיל און אויך אויף פארבינדן דאס, וויבאלד אז ס'איז געווען דער ענין פון תפלת מעריב וואס דאס איז דאך תפלת ערבית וואס יעקב אבינו תיקנה, וואס מטותו שלמה, און ער האט אויפגעטאן שלימות העם און האט אויפגעטאן שלימות הארץ, ווי געזאגט פריער אז "כפל הקב"ה כל א"י תחת יעקב, און יעקב האט דאס קונה געווען א"י בשלימותה.

און האט אויפגעטאן דעם ענין פון שלימות אויך התורה, "עדות ביעקב ותורה שם בישראל", צוזאמען מיט די שלימות למעלה וואס ער איז דאך חקוק אין דער מרכבה דלמעלה כמבואר אין כמה מדרשי חז"ל.

איז דאך דא זיין תפלת ערבית, און דערנאך דער ענין וואס מ'האט געחזר'ט דברי רבותינו נשיאנו צוזאמען מיט ענינים פון תושב"כ און הושבע.פ וואס דאס איז דאך נכלל אויך בדבריהם.

וועט מען איצטער מסיים זיין כהמנהג בזה, אויף מתנדב זיין כל אחד ואחת כפי נדבת לבו הטהור אין די מגבית פון וועלכע ס'ווערן ארויסגעהאלפן נשי ובנות ישראל אין פארבינדונג מיט חינוך הכשר, און נאך מער חינוך על טהרת הקודש.

און די וואס ווילן אויך צושרייבן אויף א צעטל שמו ושם אמו להזכירו לטובה ולברכה.

און די אלע דריי ענינים: תורה עבודה און גמילות חסדים, זאל סוף סוף פועל זיין אז "העולם עומד" - אז די וועלט זאל שטייען אט דארט וואו זי דארף שטייען, וואס דארפן דארף זי שטייען אלס משכן און א דירה לו ית' - אט דאס איז מקומו של העולם.

וואס הוא מקומו של עולם ואין העולם מקומו, וואו געפינט זיך די וועלט אט דאס איז מקומו של עולם.

און ס'זאל זיין אין א אופן פון עמידה אמיתית וואס דאס באווייזט אויף דעם ענין הנצחיות וואס דאס האט דאך פארבונדן זיך און דאס נעמט זיך דוקא פון דעם וואס "ושנותיך לא יתמו" די שלימות פון התגלות אלקות דא למטה.

וואס פועל'ט אויף אויך דעם "העולם קיים" - אז ער איז בקיומו ווי ס'דארף זיין, אז אט דארט שטייט בגלוי די אלע ענינים, ניט נאר ער איז עומד ווי העולם נברא נאך איידער "ואדם אין לעבוד את האדמה", דערנאך קומט נאך צו אים אים זיין קיום, וואס דער קיום איז אים משפיע א איד דורך זיין לימוד התורה וקיום המצוות באלייכט ער די וועלט.

וועט מען האבן דעם יעקב חבל נחלתו, מ'וועט האבן די אלע שלשה דברים, און דאך וועט אראפברענגען צוזאמען מיט די שלשה עמודים דעם ביהמ"ק השלישי שלבנה בקרוב ממש, מקדש אד' כוננו ידיך,

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

מסתמא וועט מען פאנאנדער טיילן די קאנווערטן (די איינוועלופס) מיט די צעטלען.

און דער עיקר אז ס'זאל זיין "והריקותי לכם ברכה עד בלי די", און אויך געבן בכל עניני יהדות עאכו"כ אין גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה מצד נדבת לבם הטהור,

און בקרוב ממש, גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו מיט די קלינגענדיקע צדקה פושקעס.

און ס'זאל זיין דער "ועמדו זרים ורעו צאנם", ביז אין אה"ק וואס דארט וועט זיין די ענינים וואס "ישראל עושים רצונו של מקום", נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, ועד"ז אויך בכל מקום וואו א איד געפינט זיך אויך אין דעם אופן,

און צוזאמען די אלע ענינים - כמדובר - זאל זיין דער "וזאת הברכה אשר בירך משה", וואס ער איז דאך דער "גואל ראשון הוא גואל אחרון", "עד הים האחרון", ווי ער טייטשט אפ "עד היום האחרון",

צוזאמען "משה ואהרן עמהם", בקרוב ממש.

* * *

צוה לנגן "לכתחלה אריבער". ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א) (באמצע בבא השלישית אמר שיביאו לו היין (דכש"ב) מחדרו?) ניע זשוריצי.

* * *

מ'האט דאך גערעדט די גאנצע צייט וועגן דעם ענין פון "הקהל", וואס דאס האט דאך א שייכות מיוחדת אויך צו עשרת ימי תשובה, ווי דערמאנט פריער וואס די גמ' זאגט (אין ר"ה און אין יבמות) אז כאן ביחיד גייט דאס אויף די עשרת ימי תשובה,

און ווי ר' אייזל האמילער ברענגט אראפ פון דעם אלטן רבי'ן אז "כאן ביחיד" אז דעמאלט איז די עבודה מיט יחידה שבנפש,

און יחיד איז דאך אויך בפשוטו, דאס איז מערער פון אחד, ווארום אין אחד איז ניכר די ד' רוחות העולם אין דעם ד' און די ז' רקיעים וארץ אין דעם ח' און אלופו של עולם אין דעם אל"ף, נאר דער סדר איז אז עס הויבט זיך אן מיטן אל"ף און דאס איז דער ר"ת וכו',

משא"כ אין יחיד איז דאס דער ענין פון "יחיד בעולמו", שלא בערך העכער פון אחד,

וואס עד"ז אויך, ס'איז דא "ראשיכם שבטיכם", ביז "חוטב עציך" ו"שואב מימיך", ווי דאס שטייט צוזאמען אין די זעלבע צוויי פסוקים, אדער ווי זיי שטייען אין דעם איין און איינציקן ווארט "כולכם", וואס דארט איז ניט ניכר קיין חילוק וואס פאר אן אות איז פארבונדן מיט ראשיכם און וואס איז פארבונדן מיט "שואב מימיך"; זיי זיינען אלע אין יעדער אות פון דעם ווארט "כולכם".

וואס דאס איז דאך אויך חסידות מבאר, אז אין דעם "אחדים כאחד" ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת - איז דא די בײדע ענינים, ס'איז דא דער ראש ורגל, וואס יעדערער האט דאך א מעלה, ביז וואנעט אז דער ראש דארף אנקומען צו דעם רגל, אבער אעפ"כ ווערט דאס אנגערופן ראש און רגל, דאס איז "ראשיכם" און דאס איז "שואב מימיך".

און דערנאך איז דא דער ענין "מבלי אשר ימצא ראש וסוף", אז ס'איז גאר ניטא קיין ראש וסוף, ס'איז אלץ איין זאך.

וואס אט דאס איז אויך בכללות דער חילוק פון ציבור ביז א קהל.

אדער בכללות אין קרבנות דער חילוק פון קרבן פסח וואס האט אין זיך די ענינים פון קרבן ציבור בכמה פרטים, א טעם אויף דערויף, וויבאלד אז אלע אידן ברײנגען דאס אין דעם זעלבן טאג אין דעם זעלבן ארט, בביהמ"ק.

דערנאך איז דא קרבנות ציבור, וואס ניט ווי קרבן פסח ברײנגט דאס יעדערער פאר זײנע מנויים, און פון זײנע געלט, נאר וואס דען דאס איז אין דעם זעלבן טאג, און די זעלבע כוונה און דעם זעלבן תוכן און דעם זעלבן ארט, וואס דאס איז דאך דער עיקר.

דאס קומט אבער ניט צו קרבנות ציבור וואס דארט איז דאס איין און אײנציקער קרבן תמיד אין וועלכן עס זײנען דא אלע אידן אלס יחידים און אלס כלל, ביז וואנעט "מבלי אשר ימצא ראש וסוף".

מערניט וואס דער אויבערשטער קען דארטן דערוויסן, דער "מנחתם", וואו איז דא זײער חלק אין דעם קרבן תמיד, אבער זאגן אז א בו"ד זאל קענען דאס אויסגעפינען - דאס איז אוממעגלעך, דערפאר וואס די מחצית השקל האט מען ארײנגעגעבן "יפה יפה" אין דער לשכה, פון דארט האט מען געקויפט א כבש, וואס א כבש איז א סאך מערער ווערט פון א מחצית השקל.

ובפרט נאך אז דא איז ער דאך געווען פון דער גאנצער לשכה, פון אלע וואס האבן זיך משתתף געווען אין דער לשכה - איז דאס געווען יעדער קרבן תמיד פאר יעדערן פון זיי.

וואס דאס איז אויך דער אויפטו פון הקהל, אז נוסף אויף דערויף וואס ס'איז דאך געווען בא יעדער עלי' לרגל איז דאך געווען לעלות כל ישראל לראות ולהראות, כשם שהוא רואה כך הוא נראה, מיט די אלע פרטים שבדבר,

וואס לכאו' אז מ'זאגט "כך הוא נראה", זעט דאך דער דער אויבערשטער אלץ בסקירה אחת, און אזוי איז "כך הוא רואה", בײדע גלײך אײנע פון דער צווייטער,

קומט דאס ניט ווי דער ענין קומט ארויס אין הקהל, וואס דעמאלט ווערט דאס א קהל אחד.

וואס דאס איז אויך בכללות דער אויפטו פון יוהכ"פ: ס'איז דאך דא די עשרת ימים שבין ר"ה ליוהכ"פ, וואס יעדער טאג פון זיי איז אן ענין פון "יחידי", וואס דערפאר קען א יחיד דעמאלט אויפטאן אט דאס וואס בכל השנה דארף מען האבן אויף דערויף א ציבור,

דערנאך זאגט מען, אז עס קומט דער טאג פון יוהכ"פ, ווערט ער אנגערופן א טאג וואס ער איז "אחת בשנה", טײטשט אפ תוספות "עד לאחת" - אז דאס מײנט מען יחידה שבנפש, עד"ז יחידה שבשנה.



הנחה פרטית בלתי מוגה

ובלשון הקבלה אז דעמאלט איז מלכות עולה ביז אין עתיק, ביז אין פנימיות עתיק,

וואס יעדער איד איז דאך "כל ישראל מלכים הם", אפילו אין א קלענערע דרגא איז "בני מלכים הם", אבער ווי רזי תורה זיינען דאס מגלה (ובקרוב וועט דאס משיח מגלה זיין מיטן גאנצן פירוש), איז ווי עס שטייט אין רזי תורה, אין הקדמה פון תקו"ז איז נוסף וואס די גמ' זאגט אין שבת "כל ישראל בני מלכים הם", זאגט ער דארטן אז כל ישראל מלכים הם,

ובפרט נאך אז דאס איז דאך געווען די הבטחה גלייך בא מ"ת אז "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש", וואס דאס גייט דאך און ס'איז געזאגט געווארן צו יעדער אידן בפרט,

ווי ער זאגט אין מדרשים אז יעדער איד איז דעמאלט געשטאנען אין א דרגא (אין כהנים גופא) [פון] "ממלכת כהנים" - א כהן גדול.

און אויך דער ענין פון מאן מלכי רבנן, אז יעדער איד איז דאך וכל בניך לימודי הוי', מחוייב אין לימוד התורה, ווערט ער אין דער דרגא פון "רבנן", איז ע"פ דין איז ער אן ענין פון א מלך.

עאכו"כ אז מ'קומט פון עבודת ר"ה, וואס דעמאלט איז דאך די עבודה פון "תמליכוני עליכם", אז מ'איז אין אן אופן פון אן עבד, איז דאך "עבד מלך" איז די בײדע לשונות: פריער איז דאס "כמלך", און דערנאך איז דאס מלך אן א דמיון,

בדוגמא ווי בא תורה איז דאס "כחדשים", און דערנאך ווערט דאס חדשים,

און אזוי אויך בקרוב ממש, פון לימוד התורה איצטער, וואס איז "הבל היא" לגבי "תורתו של משיח", אבער אעפ"כ איז דאך דאס מיט א כ"ף הדמיון, דאס איז דאך די כלי אין וועלכע מ'נעמט דערנאך "תורתו של משיח",

איז בקרוב ממש ללמוד תורה מפי משיח צדקנו, תורתו של משיח, וואס ער איז דאך יחידה פון כלל ישראל, בדוגמא ווי יוהכ"פ איז דער "אחת בשנה", יחידה פון שנה, און וואס דעמאלט איז דאך געווען די עבודה פון כה"ג, דער קודש הקדשים, אין דעם יום המקודש, די ענינים פון יחידה פון "עולם" און פון "שנה" און פון "נפש".

איז בקרוב ממש וועט זיין, ווי ס'איז ביוהכ"פ, וואס דעמאלט זאגט מען דאך ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד בקול רם, אז דעמאלט איז מען מכריז ומודיע, שוין אין זמן הגלות, איז שם כבוד מלכותו ווערט דאס נמשך לעולם ועד, ובקול רם, נאך גרעסער און נאך שטארקער ווי מ'שרייט שמע ישראל, ווי מ'זעט דאס אין מנהג ישראל.

ווארום דאס איז יתרון האור מהוך ההושך און יתרון החכמה מהוך הסכלות, אט דאס וואס עס קומט צו דורך ענין התשובה אויך בא "צדיקייא" - "עתיד לאתבא צדיקייא בתיובתא",

אז כן תהי' לנו בקרוב ממש,

און מ'וועט אריבערגיין מיט דער "ברכה אשר ברך משה" "עד היום האחרון", אין בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ, אז עס וועט זיין די שמים חדשים און ארץ חדשה אשר אני עושה, וכן יעמוד זרעכם ושמכם, ניט קוקנדיק אויף דעריוף וואס אכשור דרא בתמי', וועט שטיין זרעכם ושמכם להבל,

ואדרבא, וויבאלד אז מיר זיינען די מכים בפטיש, אט די וואס פארענדיקן די ימי הגלות, און זיי זיינען די מכי בפטיש, אע"פ וואט דאס איז מערניט ווי איין הורדת הפטיש, איז המצוה נקראת על שם גומרה,

און דאס גיט כח אויף איבערטראגן דעם הושך כפול ומכופל פון גלות, און באלייכטן אים, ביז אין אן אופן פון יתרון האור מתוך החושך און יתרון החכמה מתוך הסכלות,

און אע"פ אז בעיני בשר זעט מען דאס ניט, איז דאך ידוע אויף דערויף דער סיפור הידוע פון רבותינו נשיאינו, אז צי דערפאר וואס דער וואס געפינט זיך אין א מדוה"ג פון גוף גשמי ווייס ניט פון דעם ענין, איז די מציאות וועגן וועלכע די "רבנן" רעדן אין דער עגלה, אין דער מרכבה איז זי די מציאות אמיתית,"

אזוי וועט זיין דער ונגלה כבוד הוי' וראו כל בשר יחדיו, נאך אין די לעצטע טעג פון גלות טועם זיין מכל תבשיל ותבשיל,

און גייען מקבל זיין פני משיח צדקנו מתוך תענוג, וכמדובר קהל גדול ישובו הנה, וכספם וזהבם אתם, ומתוך שמחה וטוב לבב, ושמחת עולם על ראשם.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

* * *

## ברכת כ"ק ארמו"ר שליט"א ערב יום הכפורים

בביהכנ"ס אחר תפלת מנחה, ה'תשמ"א:

דער אויבערשטער זאל געבן יעדערן און יעדערע, בתוככי כלל ישראל, בכל מקום שהם, א חתימה און גמר חתימה טובה לשנה טובה ומתוקה, בטוב הנראה והנגלה למטה מעשרה טפחים,

כולל אלע ברכות — וואס יעדערע פון זיי הויבט זיך אן מיט אן אות פון אל"ף בי"ת,

אנהויבנדיק פון שנת אורה שנת ברכה כו'[1]

— אויך שנת גאולה — ביז דעם לעצטן אות פון אל"ף בי"ת — שנת תורה, שנת תפלה, שנת תשובה, און שנת תשועה.

עס זאל זיין א התעוררות תשובה אמיתית, ובמיוחד — נאך דער עבודה פון אלול און ר"ה, ובפרט באם סיום פון עשרת ימי תשובה שבין ר"ה ליום הכפורים, ערב יום כפור פארנאכט — איז דאך שוין תשובה עילאה,

וואס ענינה איז — בשמחה ובטוב לבב, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגרת התשובה[2],

וואס דאס איז פארבונדן אויך מיט „פקודי ה' ישרים משמחי לב"[3] — מיט לימוד התורה[4] בהתמדה ובשקידה, נגלה דתורה און פנימיות התורה, וואס בדורינו נתגלתה בתורת החסידות,

און אויך „פקודי ה'" כפשוטם, וואס דאס איז דער ענין המצוות[5], וואס כללותם איז צדקה[6] וגמ"ח, וואס „גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה"[7],

און אויך דער ענין פון תפלה, וואס תפלה איז אויך די הקדמה צו תורה[8] ומצוות,

ווארום תפלה איז דאך דער „סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה"[9], וואס

---

1) ראה בפרטיות ביה"ר שלאחרי העבודה דיוהכ"פ (בכמה מחזורים נשמט „שנת נחמה") — בסי' האריז"ל וכו'. שינוי נוסחאות בזה — בס' כתר ש"ט להרב גאגין.

2) פי"א. ושם (קא, רע"א): שהיא בשמחה רבה.

3) תהלים יט, ט.

4) תענית ל, סע"א.

5) כפשוטו של מקרא — תרגום יפשטני המקרא.

6) לקו"ת ראה כג, ג. וראה תניא פל"ז (מח, ב).

7) ב"ב י, א. תניא שם.

8) ראה גם לקו"ת ברכה צו, ב. ובכ"מ.

9) ויצא כח, יב. זח"א רסו, ב. ח"ג שו, ב. תקו"ז ת"מ מה.

דורך איר זיינען „עולים"[10] די תורה ומצוות[11], און דערנאך אויך „יורדים בו"[10] די אלע המשכות (וואס טוען זיך אויף דורך תומ"צ) מלמעלה למטה,

און דורך תפלה — „יהי רצון", מאכט מען אויף א רצון חדש[12], אז עס זאל זיין א התחדשות אין די השפעות — אזוינע ברכות וואס נעמען זיך פון אזא אור וואס איז נאך קיינמאל ניט געווען[13], וואס דעריבער זיינען אויך די ברכות בהפלגה וואס איז נאך קיינמאל ניט געווען,

און זיי קומען אראפ, כאמור, בטוב הנראה והנגלה, למטה מעשרה טפחים.

און ווי רש"י זאגט אין דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג, אויף „אשריך ישראל"[14], אז לאחרי ווי משה רבינו [וואס ער איז דער גואל ראשון און גואל אחרון[15]] האט אויסגערעכנט א ריבוי פרטים אין ברכת ה', ביז למטה מטה, האט ער מסיים געווען „אשריך ישראל", אז „הכל שלכם" — אז מען גיט אידן, אלע אידן און יעדער אידן, די אלע פרטים וואס ער האט אויסגערעכנט פריער, און דערנאך „הכל" און אין אן אופן פון „אשריך ישראל" וואס דאס איז דער ענין פון תענוג,

וואס „אשריך ישראל" איז פארבונדן אויך מיט יום הכפורים, וואס דערפאר איז דער סיום וחותם[16] פון מסכת כפורים[17] (יומא) און פרק יום הכפורים — „אשריכם ישראל לפני מי אתם מטהרין ומי[18] מטהר אתכם"[19] [וואס „מי מטהר אתכם כר מקוה ישראל ה'" קומט בהמשך צו „לפני גר לפני ה' תטהרו"[20] וואס ער ברענגט פריער, ביוהכ"פ].

ובמיוחד אז מ'קומט פון א יאר וואס איז א שנה השביעית, שבת לה'[21], וואס שבת איז תענוג און „כל מלאכתך עשוי"[22] — ברענגט דאס אראפ מנוחת הנפש צוזאמען מיט מנוחת הגוף אויך אין שנה שלאחרי' (שנה זו).

ובפרט אז בשנה זו איז ר"ה בסמיכות לשבת, אז פון ר"ה גייט מען אריין (גלייך) אין שבת,

---

10) ויצא שם.

11) ראה תו"א משפטים עו, א. שם, ג. לקו"ת בהר מא, א. ועוד. ובארוכה ד"ה ואברהם זקן תשל"ח.

12) וכידוע המעלה שבתפלה על ברכה (סה"מ תרכ"ס בתחלתו. ובכ"מ).

13) להעיר מאגה"ק ס"ד.

14) ברכה לג, כט.

15) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. שה"פ פ' ויחי. תו"א ר"פ משפטים.

16) ו„הכל הולך אחר החיתום" (ברכות יב, א).

17) כן נקראת בכ"מ (רמב"ם בהקדמתו לפיה"מ. אגרת ר"ש גאון (מהדורת לוין ע' 6 וע' 33). פירוש רה"ג לכלים פכ"ו מ"ד). ולהעיר ש„יומא" פירושו — יום המיוחד והידוע, „אחת בשנה".

18) במשנה שלפנינו בש"ס ובמשניות הל' הוא „מי". אבל בירושלמי, רי"ף ועוד כאן (וכ"ה ברד"ה ארע"ק אשריכם שבהערה הבאה) הוא כבפנים.

19) ראה ד"ה ארע"ק אשריכם (אוה"ת יוהכ"פ ע' א'תקעד ואילך). לקו"ש חי"ז ע' 176 ואילך.

20) אחרי טז, ל.

21) בהר כה, ב"ד.

22) ראה מכילתא ופרש"י עה"פ יתרו כ, ט. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ח (סכ"א).

און אויך דער יום הקדוש, יום הכפורים, „אחת בשנה"[23], איז ביום השבת, וואס דעמולט איז דאך דער ענין המנוחה אפילו פון ענינים של טירחא בעלמא[24], א מנוחה אמיתית בתכלית השלימות —

זאל יעדער איד און אלע אידן האבן א שנה מבורכת בכל הפרטים האמורים, ומתחיל — כפשוטם[25],

אז מתוך מנוחת הנפש ומנוחת הגוף ומתוך הרחבה אין בני חיי ומזוני ובכולם רויחי, זאל מען זיך עוסק זיין אין לימוד התורה און אין קיום המצוות ובהקדמת עבודת התפלה,

און גרייטן זיך מקבל זיין פני משיח צדקנו בקרוב ממש, און אין אן אופן פון „הקהל את העם האנשים והנשים והטף"[26], און זוכה זיין פראוועז דאס אין בית המקדש השלישי, אין דעם „מקדש אד' כוננו ידיך"[27],

און מתוך שמחה וטוב לבב, און אין אן אופן פון „שמחת עולם על ראשם"[28], אנהויבנדיק גלייך פון איצטער (נאך בגלות), „מרשית השנה ועד אחרית שנה"[29],

ובשמחה, ובטוב הנראה והנגלה,

אמן כן יהי רצון.

(23) תצוה ל, י. אחרי שם, לד.

(24) שבת קיד, ב. שו"ע אדה"ז חאו"ח סתרי"א.

(25) ראה לקו"ת ד"ה נח, ב.

(26) וילך לא, יב.

(27) בשלח טו, יז. וראה פרש"י ותוס' סוכה מא. סע"א. ועוד.

(28) ישעי' לה, י. נא, יא.

(29) עקב יא, יב.

וידבר גו׳ דבר גו׳ יברכך גו׳ יאר גו׳ ישא גו׳ ושמו גו׳ ואני אברכם.

ס׳איז דאך מעצמו מובן אז אלע וואס געפינען זיך דא זיינען נכלל אין די ברכות און אין כל הענינים וואס האבן זיך גערעדט נאך תפלת המנחה[1], בעלות המנחה פון ערב שבת קודש און ערב יום הקדוש, וואס דאס איז געווען אין אן אופן פון „נצבים . . כולכם[2] לפני ה׳ אלקיכם״[3].

בהוספה על זה קומט צו ביי אייך אז איר זייט פון די וואס דער אויבערשטער זאגט אויף זיי[4] „אני חלקך ונחלתך״, ווי דער רמב״ם[5] זאגט אז דאס גייט אויף די וואס „נדבה רוחו כו׳״ צו אפגעבן זיך מיט לעמוד לשרתו — לימוד התורה, נגלה און חסידות[6], בהקדמת עבודת התפלה[7], לימוד המביא לידי מעשה, שלימות הלימוד, וואס דעמולט איז „גדול לימוד שמביא לידי מעשה״[8] — קיום המצוות ובהידור —

זאל ביי אייך אויך מקויים ווערן, ובגלוי, דער ענין פון „אני חלקך ונחלתך״ — הצלחה רבה ומופלגה אין לימוד התורה הנגלה ופנימיות התורה, וואס בדורנו נתגלתה בתורת החסידות,

און דאס זאל אויך זיין פארבונדן מיט „נחלתך״ — עס זאל זיין מנוחת הנפש ומנוחת הגוף, א גוף בריא ושלם[9], כדי צו קענען לערנען תורה און מקיים זיין אירע מצוות בתכלית השלימות,

און שטייגן ביז אין אן אופן פון „יגדיל תורה ויאדיר״[10].

און דורך דעם אלעם, און בכלל דורך „יפוצו מעינותיך חוצה״[11] — נאכמער מקרב זיין און מזרז זיין און אראפברענגען למטה מעשרה טפחים, דעם „אתי מר״[11] דא מלכא משיחא,

---

1) שעלי׳ אמרו חז״ל: לעולם יהא אדם זהיר בתפלת המנחה, שהרי אליהו לא נענה אלא בתפלת המנחה (ברכות ו, ב. וראה בארוכה ד״ה לעולם יהא אדם זהיר בתפלת המנחה כו׳, תרצ״א (סה״מ קונטרסים ח״א רג, ב ואילך). ובכ״מ).

2) לאחדים כאחד — לקו״ת ר״פ נצבים. וראה לקו״ש ח״ד ע׳ 1141 ואילך.

3) ר״פ נצבים. וקאי על ר״ה (לקו״ת שם), ולהעיר שיוהכ״פ נק׳ ר״ה כי הוא פנימיותו (לקו״ת ר״ה נח, א. סד, א. ושׁ״נ).

4) קרח יח, כ.

5) סוף הל׳ שמיטה ויובל.

6) ברמב״ם שב (נדבה רוחו אותו) והבינו מדעו להבדל לעמוד לפני ה׳ — וי״ל כדרך אפשר: בינה, דעת, חכמה, עמידה (וביטול דכתר), לפני ה׳ — פנימיות הכתר.

7) ראה לקו״ת ברכה צו, ב. ובכ״מ.

8) ראה קידושין מ, ב. וראה הל׳ ת״ת לאדה״ז פ״ד ס״ג־ד.

9) ראה רמב״ם הל׳ דעות רפ״ד.

10) ישעי׳ מב, כא. ע״פ חולין סו, ב. — בהפצת התורה — ראה רמב״ם הל׳ ת״ת ספ״ב.

11) ראה אגה״ק דהבעש״ט — נדפסה גם בריש ספר כש״ט הוצאת קה״ת.

וואס ער ברענגט די גאולה האמיתית והשלימה במהרה בימינו ממש, און יבנה בית המקדש במקומו ויקבץ נדחי ישראל[12], „והיתה לה׳ המלוכה״[13],

ועאכו״כ — דעם „הקהל את העם האנשים והנשים והטף״[14], וואס דאס ברענגט צו „למען ישמעו״,

און ווי ער פירט דארטן אויס אז דאס וועט אויך ברענגען צו „ויראו את ה׳ אלקיכם״ — יראת ה׳ בשלימות, און „ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת״ — שלימות העשי׳, וואס דאס איז שלימות התורה,

צוזאמען מיט דער שלימות פון ארץ ישראל, „ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה״[15],

צוזאמען מיט דער שלימות פון „נצבים היום כולכם״, פון „ראשיכם שבטיכם״ ביז „חוטב עציך״ און „שואב מימיך״, מיט די אלע דרגות וואס זיינען אויסגערעכנט בינתיים, שלימות העם,

און בראשם גייען אט די וואס „תורתם אומנתם״, אנהויבנדיק פון תלמידי ישיבות בכלל, און במיוחד — תלמידי ישיבות וואו תורה ווערט געלערנט ע״י הקדמת עבודת התפלה, און צוזאמען מיטן לימוד פון פנימיות התורה, ביז אין אן אופן אז דאס (דער לימוד פון נגלה דתורה און פנימיות התורה) ווערט א תורה אחת, איין לימוד.

און גיין בכל ענינים אלו „מחיל אל חיל״[16], ובאופן דמוסיף והולך ואור,

ביז אז מ׳וועט זען בפועל ווי אזוי „קומי אורי כי בא אורך וכבוד ה׳ עליך זרח״[17] ביז „ונגלה כבוד ה׳ וראו כל בשר יחדיו כי פי ה׳ דיבר״[18],

ובעגלא דידן.

---

12) רמב״ם הל׳ מלכים ספי״א.

13) עובדי׳ א, כא.

14) וילך לא, יב.

15) עקב יא, יב.

16) ראה ברכות בסיומה. שו״ע אדה״ז או״ח סקנ״ה ס״א. וש״נ.

17) ישעי׳ ס, א.

18) שם מ, ה.



צוה לנגן "לכתחילה אריבער".

**א.** דער ניגון האט דאך א נאמען וואס חסידים האבן א נאמען געגעבן, און ער איז דאך פארבונדן מיטן בעל ההילולא פון י"ג תשרי, וואס דאס איז דער רבי מהר"ש - דער נאמען "לכתחילה אריבער".

פארבונדן מיט דעם פתגם הידוע וואס איז איבערגעזאגט געווארן בשמו, אז די וועלט זאגט דאך אז מ'קען ניט ארונטער איז דעמאלט זאל מען גיין אריבער, און איך זאג (ער זאגט איך זאג) אז מ'זאל לכתחילה גיין אריבער.

וואס בפשטות איז דאך פארשטאנדיק, אז בשעת א נשיא זאגט א ווארט, און פארשטייט זאך אז דערנאך וועט דאס איבערגעגעבן ווערן, און מ'וועט נעמען דערפון א הוראה בנוגע לפועל, למעשה הוא העיקר,

ובפרט נאך אז ער האט געוואוסט אז דורך ממלא מקומו, ביז נשיא דורינו, כ"ק מו"ח אדמו"ר, וועט דאס איבערזאגן און וועט דאס מפרסם זיין, און מפרסם זיין ביז עס וועט אפילו ווערן נתפרסם לרבים, און אין אן אופן אז עס זאל דערנאך אריבערגיין אויך לדורות -

איז דאך דערפון נאכמער פארשטאנדיק אויף וויפל דער ענין איז נוגע, און אויף וויפל דער ענין - וואס איז נאכמער נוגע - אז דאס איז שייך לכל אחד ואחת צו וועלכן דאס וועט דערגרייכן.

ובמכ"ש וק"ו: מה-דאך אז ענינים העולם, **איזה** שיהיו, איז תורת הבעש"ט, וואס תורה איז דאך מלשון הוראה, אז א איד הערט אדער זעט א זאך איז דאס א הוראה בעבודתו לקונו, ער דארף דערפון ארויסנעמען און אפלערנען, און דערנאך זאל דאס ארויס אין א פועל, וואס איז דורך דערויף ביי אים צוגעקומען אין זיין דינען דעם אויבערשטן.

עד"ז ובמכ"ש וק"ו אז ראס קומט נאך אז מ'הערט א הוראה פון נשיאי הדור, און דערנאך איבערגעגעבן רורך ממלא מקומו, וואס ווי מ'זאגט דאך עטרת זקנים בני בנים, וואס דאס איז נשיא דורינו ממלא מקומו,

ובפרט נאך ע"פ הידוע דער סיפור וואס מ'האט געהערט פון אים אליין (פון נשיא דורינו דעם רבי'ן דעם שווער): אז בשעת ער איז געווען אין א ביקור אין ארצנו הקדושה, ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה,

איז דערנאך איז דאך געווען בתוך הענינים אויך וואס ער האט אויפגענומען אידן אויף יחידות,

איז צו אים אריינגעגאנגען א איד און אריינגייענדיק האט ער אפגע'חלש'ט ... (כאן בכה כ"ק אדמו"ר שליט"א) פאר קליינע ענינים, איידער מ'האט מיט אים גערעדט איידער ער האט גערעדט...

דערנאך האט מען אפגעמינטערט דעם אידן און געפרעגט וואס האט ער גע'חלש'ט, ... זאגט ער אז ער איז געווען בא זיין זיידן באם רבי'ן מהר"ש... און קלסתר פניו איז דאס דומה אז ער... איז אריינגעגאנגען... אויף יחידות... האט ער געזען דעם רבי'ן מהר"ש, עד כדי כך... ביז וואנעט אז דאס האט אויף אים גע'פועל'ט... א התעלפות בפשטות.

און דאס האט מען דאך אויך געזען בכמה מההנהגות שלו פון נשיא דורינו, אין ענלעכקייט און די זעלבע שיטה בהנהגה - סיי מיט די ממשלות איידער ס'איז געווען די מהפכה, מיט דער ממשלה פון דעם צאר, מיט א תקיפות,

און נאך איידער ער איז געווען נשיא בפועל, מערניט ווי א בן יחיד פון א נשיא, איז ער דאך געווען דער שליח און געפארן און גערעדט מיט א תקיפות און אויסגעפירט אויף מבטל זיין כו"כ גזירות,

עד"ז אויך לאחרי וואס ער האט איבערגענומען די נשיאות, איז דאך אויך די הנהגה מיט דער ממשלה וואס איז דעמאלט געווען איז אויך געווען מיט א תקיפות,

ובלשון המוזכר לעיל - מלכתחילה אריבער.

וואס ס'איז דאך לכאו' מיהו זה ואיזהו זאל זאגן אז דערפאר דארף ער זיך אויך אזוי פירן -

איז דאס גופא וואס זיי האבן דאס דערציילט, און געוואוסט אז דאס וועט דאך אפנעמען צייט, וואס לכאו' - אין דעם זמן וואס מ'הערט דעם סיפור קען ער זיצן און לערנען,

אעפ"כ דערציילט מען דעם סיפור, וויסנדיק, אז נוסף אויף דעם זמן וואס מ'וועט אפגעבן אויף הערן דעם סיפור, וועט מען דערנאך אפגעבן אויף מתבונן זיין זיך וואס דארף מען דערפון ארויסנעמען בעבודת האדם, אתם קרויין אדם, צו דעם אויבערשטן,

און אעפ"כ האבן זיי דאס געטאן, איז דאך דער ביאור בפשטות בזה, אז אע"פ וואס לכאו' איז דאס ביטולה של תורה לפי שעה; איז אדרבה - דאס איז דער קיום אז דערנאך קומט דערפון ארויס די הוראה אין א מעשה בפועל, און דאס קומט ארויס א הוראה וואס זי איז שלא בערך וואס ער וואלט געקענט ארויסנעמען פון לימוד התורה כפשוטה, נעמט ער ארויס פון דעם סיפור.

וואס דאס איז דאך אן ענין וואס שטייט בפירוש בכ"מ אין נגלה, ביז אויך אין גמ', אז מ'זאגט אז מהנהגתו (פון דער אויפפירונג) פון ר"ג וכיו"ב האט מען געלערנט אזויפיל און אזויפיל (ג' דברים), האט מען אפגעלערנט כמה ענינים,

און ווי מ'געפינט בא תנאים, אז זיי האבן געזוכט השתדלות און עצות אויף צוקוקן זיך צו דער הנהגה אין מעשה בפועל פון זייערע מדריכים, אדער פון זייערע בא וועמען ער האט געלערנט תורה, אע"פ וואס צוליב דערויף האט ער דאך ניט געקענט דעמאלט ממשיך זיין בלימוד תורתו,

וואס דאס איז דאך דער כללות הענין וואס שימושה של תורה זאגט מען אז איז נאך גדול מלימודה, ביז אז מ'זאגט דאס בא דעם ערשטן אין ענינים פון תורה, וואס דאס איז דאך געווען משה קיבל תורה מסיני ומסרה צו אלע דורות, איז גלייך געווען די הנהגה פון נער לא ימיש מתוך האוהל, בנוגע צו יהושע.

וואס בפשטות, און ס'איז דאך אין ענין יוצא מידי פשוטו - א נער איז דער טייטש א משרת, ער האט אים באדינט, ניט נאר א תלמיד, וואס דאס איז א באזונדער ענין,

און דעמאלט ווערט יהושע אנגערופן נוצר תאנה יאכל פרי', ווי ער זאגט אין מדרש פארוואס איז דערנאך ומסרה ליהושע, דערפאר וואס ער איז געווען דער נוצר תאנה,

וואס נוצר איז אויך בפשטות איז אז ער ניט דאס אפ, ניט דער ענין וואס ער זיצט, און דערנאך איז ער קוצר אדער מאסף את הפירות בחג האסיף, נאר נוצר תאנה - ער שטייט ארום און היט דאס אפ אז קיין זאך זאל דאס ניט קענען אנרירן און גורע זיין,

ביז וואנעט אז מ'זאגט אויף ר"י אז אן ענין וואס האט אים דערנומען האט ער געזאגט מובילנו מצא לבי' מסותא, אז אין וואס באווייזט ער זיין התפעלות פון דער תורה וואס ער האט באקומען - אז ער וועט נעמען די כלים זיינע און וועט זיי אים טראגן און וועט אים נאכגיין טראגן דאס אין בית המרחץ,

וואס דאס איז דאך ניט אן ענין פון לימוד התורה,

וואס דאס זאגט מען אויף ר"י וואס ער איז געווען אפגעהיט בנוגע צו ניט גיין ד"א אן א באווארעניש וכו', כידוע הסיפורים שלו,

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז דער סיפור מיט לכתחילה אריבער מיט די ביאורים שבזה, און דער עיקר די הוראה בנוגע לפועל - איז דאס אן ענין של הוראה בפועל,

וואס דער כללות ענין התורה איז דאך גדול לימודה - דערפאר וואס דאס איז מביא לידי מעשה, במילא אז מ'האט אן ענין וואס ער ברייננגט לידי מעשה - אט דאס איז דער ענין התורה,

ביז וואנעט אז מ'זאגט אז אין תורה איז דא ענינים וואס מ'לערנט אפ פון דעם חלק התורה וואס שטייט אין א לשון פון הוראה, און דערנאך איז דא ענינים וואס מ'לערנט אפ פון דעם חלק התורה וואס שטייט גאר אין א סגנון של סיפור,

וכידוע דער ווארט פון ראגאטשאווער, אז סיפורים של תורה איז דאס ניט ח"ו א סיפור נאר דאס איז אויך א הוראה, אע"פ וואס דאס איז ארויס געווארן אין א סגנון פון א סיפור,

וואס באמת איז דאס א בפירוש'ער זהר אין פרשת בהעלותך את הנרות, וואס ער זאגט דארטן אז סיפורי דאורייתא, איז ח"ו צו זאגן אז דאס איז א סיפור, און זאגט דארטן א מורא'דיקן עונש אויף דעם וואס ער זאגט אויף דערויף; כאטש אפילו דער סיפור איז זיכער געווען בפשטות, ווארום ס'איז דאך אין מקרא יוצא מידי פשוטו,

אבער אז ער לייענט דעם סיפור דארף ער אים גלייך לערנען, ווארום דער עיקר הענין איז די הוראה וואס דאס איז ארויסגעגעבן געווארן, מטעם הידוע לנותן התורה, אין א סגנון של סיפור.

דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון לכתחילה אריבער, וואס אע"פ וואס בכללות איז דאך דאס א הנהגה כללית אין כל מעשה האדם - קען זיין די הנהגה אז פריער זאל מען זיך פרואוון ארונטער, און דערנאך אויב ס'גייט ניט זאל מען דערנאך גיין אריבער,

אדער די כללות ההנהגה זאל זיין מלכתחילה אריבער.

וואס כאמור איז אויך בשפטות, עד"ז אויך בפשטות בכל ענינֵי תורה ומצוותי', קען זיין דער צוגאנג אויף ביידע אופנים,

וואס עיקר שימוש האדם לקונו איז דאך, אע"פ וואס כל מעשיך יהיו לשם שמים, ובכל דרכיך דעהו, איז אעפ"כ דער **עיקר** שימוש לקונו - איז דאך ניט מעשיך און דרכיך - אויף דערויף דארף מען האבן א הוראה נוספת,

און עיקר שימוש לקונו איז - דורך לימוד התורה וקיום מצוותי', וואס דאס איז דרך הוי', וואס דאס איז די דרכים און די מעשים וואס דער אויבערשטער האט קלאר אנגעוויזן אז דאס איז די ענינים וואס מ'דארף טאן,

איז אין דערויף קען זיין, כאמור, בײדע אופנים ווי אזוי צוגײן צו לערנען תורה און מקיים זיין אירע מצוות,

וואס אין בײדע אופנים, פירט ער דאך אויס די תכלית הבריאה שלו, לעשות לו ית' דירה בתחתונים, דורך לערנען תורה בעוה"ז התחתון, און דורך מקיים זיין מצוות מיט עניני עוה"ז התחתון;

אין דערויף גופא, מ'קען דאך ניט כאפן כל הענינים בב"א - איז דאך פארשטאנדיק, אז לכל לראש הויבט זיך אן אין די ענינים שהזמ"ג,

און א צווייטע נקודה ובירור וואס באווייזט וואס איז קודם - אט די ענינים וואס דער בעל הפתגם (וואס דער פתגם איז א הוראה) האט זיך אין דערויף געקאכט באופן גלוי,

וואס אט דאס ווייס מען דאך, ווארום מ'האט דאס געזען בעיני בשר, משא"כ שאר ענינין איז דא אזוינע וואס האבן יע געזען יע געהערט, ניט געזען ניט געהערט וכו',

און וויבאלד אז ער האט זיך געפירט ענינים באופן גלוי - איז דאך פארשטאנדיק דערפון גופא אז דאס האט א דין קדימה,

ובפרט נאך אז מ'געפינט א נקודה משותפת צווישן די בײדע ענינים.

וואס בנוגע צו דעם ענין שהזמן גרמא, שטייט מען דאך אין דעם יום הילולא, וואס בהשגחה פרטית איז דאס אין די ימים שבין יוהכ"פ לחגה"ס, וואס וואס פאר א טעג איז דאס - זאגט ער אויף דערויף אין מדרש בנוגע צו עניני סוכות, אין פ' אמור, אז דעמאלס, אין די טעג, זיינען אידן טרוד, זה עוסק בסוכתו וזה בלולבו, מ'גרייט זיך צו דעם יו"ט,

אן ענין אין וועלכן ער האט זיך געקאכט, וואס מ'האט געזען בגלוי, איז דאס - אז בזמנו איז געווען דער מצב פון אידן במדינה ההיא, וואס דארט איז געווען דער עיקר נשיאות שלו, און דארט איז געווען דער רוב מנין און רוב בנין פון חסידים זיינע (באופן גלוי) -

איז געווען, מצד דעם מצב הכללי של המדינה, גרויסע שוועריקייטן בנוגע צו אפהיטן אידישקייט, כידוע צו די וואס ווייסן דברי ימי ישראל במדינה ההיא בזמן ההוא,

און ער האט זיך משתדל געווען און מתעסק געווען, און געמאכט כמה נסיעות, סיי אין דער מדינה גופא, סיי דורך ביקורים אין מדינות אחרות, אז זיי זאלן מאכן דעם לחץ על מדינה ההיא, אז מ'זאל מאכן לייכטער פאר אידן ברוחניות, און אויך מבטל זיין די גזירות וואס זיינען געווארן פארבונדן מיטן מצב הגשמי פון אידן,

וכידוע מקצת מזה פון סיפורי נשיא דורינו כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס ער האט דערציילט וועגן די נסיעות און וועגן די ביקורים און וועגן די השתדלות וכו',

וואס וואס קומט דערצו גלייך ארויס א הוראה, אין וואס מ'זאל זיך קאכן, און אין אן אופן פון מלכתחילה אריבער - דער ענין פון זען ככל יכלתו, ביז אין אן אופן יכולת מלכתחילה אריבער - אז אידן זאל זיין לייכטער סיי בענינים רוחניים סיי בענינים גשמיים,

- וכידוע די הדגשה אז זיין השתדלות איז געווען אויףביידע ענינים, אויף מבטל זיין די גזירות פארבונדן מיט פרנסה, מיט גשמיות, מבטל זיין די גזירות (אדער וואס מ'האט **געוואלט** מאכן) בנוגע צו רוחניות.

ועד כדי כך, אז טלטולי דגברא איז דאך קשה - איז ניט געווען קיין מניעה ועיכוב בנוגע צו די נסיעות און די ביקורים מיט די אלע הנהגות וואס זיינען דערמיט פארבונדן, וואס זיי זיינען דאך ניט מיט דער מנוחת הגוף ווי עס קען זיין ווען מ'געפינט זיך במקומו ובביתו.

ס'איז דאך דא די הנהגה וואס מ'זאגט בנוגע צו שמואל הנביא אז ושם ביתו, אז בכל מקום שהוא הולך אט דארט איז געווען זיין בית;

אעפ"כ זעט מען דאך בפועל אז איננו דומה, אז ס'איז טאקע שם ביתו, און מ'דארף צו קיינעם ניט אנקומען וכו', ווי מ'זאגט בנוגע צו שמואל הנביא, לא חמור אחד מכם לקחתי, מיט די אלע אריכות הפרטים וואס מ'רעכנט אויס.

דאס קומט אבער ניט ווען מ'געפינט זיך אין ביתו ממש, וואס דערפאר איז דאך אויך בנוגע צו שמואל הנביא, איז מען דאך גלייך מודיע, אז שמואל האט זיך אומגעקערט - האט ער זיך אומגעקערט הרמתה - כי **שם** ביתו.

איז דאך פארשטאנדיק אז אין "שם ביתו" גופא איז אויך דא דרגות, און די אמת'ע דרגא איז - אט דארט וואו זיין מקום איז בקביעות.

ובפרט נאך בנוגע צו די ענינים, איז דאך ידוע אויך פון די סיפורי נשיא דורינו, אז בשעת ס'איז געווען ענינים של בירור וכיו"ב, פלעגט ער זאגן (דער רבי מהר"ש) אז איצטער דארף מען צוגיין צום טאטן און הערן וואס עס טוט זיך - און פלעגט גיין אויפן אוהל.

וואס דאס איז דאך געווען שייך ווען ס'איז שם ביתו בפשטות, אז מ'געפינט זיך אין ביתו בפשטות.

וואס אע"פ וואס השתטחות על קברי צדיקים איז דאך אויך שייך ברוחניות אפילו ווען מ'געפינט זיך בריחוק מקום גשמי; איז דאך איננו דומה ווי דאס איז השתטחות און אויפ'ן אוהל אין דעם אוהל בפועל, בגשמיות כפשוטו.

בדומגא ווי בנוגע בא בקשות בכללות, איז דאך אע"פ וואס תקנום במקום, איז דאך איננו דומה ווי געבראכט בנוגע צו קרבן אז תפלות במקום קרבנות תקנום, און אעפ"כ קומט דאס ניט צו קרבנות עצמם; אע"פ וואס תורה זאגט אז דאס איז תקנום במקום קרבנות, במקום תמידין.

און פונדעסטוועגן, איז צוליב מבטל זיין אט די גזירות וכיו"ב - איז ניט נאר ער האט זיך משתדל געווען, נאר ס'איז געווען כו"כ פעמים (און א רבוי פעמים) ניט ע"י שלוחו כמותו נאר דוקא בגופו אליין.

סיי בנוגע צו נסיעות במדינה ההיא סיי בנוגע צו נסיעות מחוץ למדינה, וואס דאס איז נאך מער טלטול.

וואס אויף ווי געזאגט פריער אז מיהו זה ואיזהו - זאגט דאך דער אלטער רבי די הוראה כללית, בנוגע צו דעם ערטשן נשיא, וואס דאס איז געווען משה רבינו, רעיא מהימנא, אז שמץ מנהו איז דאס שייך צו יעדערן, דערפאר וואס ביי אים איז דא דער משה שבנפשו.

עד"ז, ובפרט נאך אז מ'הערט א **ווארט** פון אים ווערט מען דאך שויך אן ענין של תלמידי, בדרכיו אשר הורנו, איז דורך דעריף באקומט ער, דורך דעם איחוד והתאחדות מיטן ווארט (אדער די תורה) וואס ער האט געהערט בשמו,

קומט בא אים אויך אן ענין וואס דער בעל המאמר האט זיך אין דערויף געקאכט, און געקאכט זיך באמיתית, האט ער אין דערויף זיך ארייגעלייגט באמיתית ווערט ביי אים בנפשו א שמץ מנהו,

גיט דאס אים כח אז ער זאל דאס קענען, אויב נאר ער וועט מחליט זיין ברצונו הוא, ווערט זיין רצון א כלי אויף דורכפירן, כאמור לעיל - מלכתחילה אריבער, דעם רצון פון בעל ההוראה וואס האט מכריז געווען וועגן דעם ענין פון לכתחילה אריבער,

אנהויבנדיק פון די ענינים וואס דאס איז געווען די התעסקות שלו בגלוי ובעיקר התעסקות - די ענינים פון מאכן א אידן זאל ווערן בעסער בגשמיות, און א אידן זאל ווערן בעסער ברוחניות, און איןביידע ענינים גם יחד,

עד"ז איז דאס אויך כמדובר לעיל, די נקודה וואס זי איז א צד השוה מיט די ענינים אין וועלכע מ'געפינט זיך, אז עוסק בסוכתו און עוסק בלולבו, וואס בכללות איז דאס א שייכות און א הקדמה און א הכנה צו חגה"ס,

וואס אין חגה"ס, ווי אין אלע ימים טובים, איז דאך דער ענין וואס זיי זיינען מועדים לשמחה, און אויף שמחה זאגט מען אז ווען קען זיין שמחה - ווען ס'איז אתה ובנך ובתך ועבדך ואמתך וגרך אשר בשעריך,

זיינען מפרש מפרשים, אז ווען קען זיין א שמחה אמיתית, ביז וואנעט אז אזוי האט דאס דער איבערשטער מטביע געווען (ארייגעשטעלט) אין טבע האדם, אז ווען ער שטיט אין א תנועה של שמחה איז ער ניט בהתבודדות, אדרבה - ער טוט כל שביכלתו אויף משתף זיין כו"כ עמו,

ביז וואנעט אפילו אזוינע וואס זיי זיינען בנך ובתך, ביז וואנעט אפילו אזוינע וואס זיי זיינען עבדך ואמתך, ביז וואנעט אפילו אזוינע וואס גרך אשר בשעריך,

וואס אין דערויף איז דאך די הדגשה מיוחדת בנוגע צו חגה"ס: ווי מ'זעט דאך אז אפילו ס'איז דאך דא דער קס"ד אז מ'זאל זאגן בא **אלע** ימים טובים (אין דעם תפלה) זמן שמחתינו, וויבאלד אז מועדים לשמחה, און א קס"ד פון ראשונים;

איז דאך אבער דער פס"ד און די הוראה, ביז צו א פשוט שבפשוטים, אפגעדרוקט אין סידורים (השוים לכל נפש) - און מועדים לשמחה שטיט אויף אלע ימים טובים (אין דער סידור); **זמן** שמחתינו - שטיט מערניט ווי אויף חגה"ס,

כולל אויך חול המועד, וואס דעמאלט זאגט מען דאך אויך זמן שמחתנו אין תפלת מוסף, און אויך שמיני עצרת און שמח"ת (אע"פ וואס ס'איז דא ענינים וואס דאס איז א רגל בפ"ע, דאס איז אבער אויך איז ווערן זיי אנגערופן ביז אין תפלה, און אין תפלת העמידה - זמן שמחתנו).

איז דערפון גופא אויך פארשטאנדיק, אז די הדגשה אויף מצרף זיין, און דוקא דעמאלט ווערט דאס א שמחה - ווען ער איז מצרף כו"כ, אלעמען וועמען ער קען דערגרייכן, אפילו אזא וואס געפינט זיך מערניט [ווי] בשעריך, ער איז ניט ביי אים אין הויז, ניט ביי אים אין זיינע ד' אמות, ניט ביי אים אין חצר, ניט ביי אים אין שכונה; ער געפינט זיך אין שער העיר -

שטעלט ער אים אויך ארײן, און אט דעמאלט ווערט דאס זײן שמחה,

- וכמדובר כמ"פ, ווי ער זאגט אין ילקוט אז אין חגה"ס שטײט דרײ מאל שמחה, וואס בתלתא זימנא הוי חזקה,

וואס דאס איז נקודה, מ'נעמט דאך אין יעדער ענין ארויס א נקודה בנוגע למעשה בפועל, אז דער סיפור איז מדגיש, אז אפילו ער וועט זיך אנהויבן אויסרעכנען און מאכן חשבונות, און גײן מיט דער הנהגה אז מלכתחילה ארונטער, אדער עכ"פ גײן במישור, ניט ארונטער און ניט אריבער - האט ער די הוראה אויף מלכתחילה אריבער,

ובפרט און אנהויבנדיק פון די ענינים האמורים, וואס זײ זײנען דאך מיוסד אויף אהבת ישראל, וואס דאס איז דאך כל התורה כולה, במילא איז ער זיך מחנך, און מחנך, מצד ואהבת לרעך כמוך, יעדער אידן וועלכן ער קען דערגרײכן, אז בײ אים זאל דאס אויך אזוי זײן,

אנהויבנדיק פון די ענינים בפשטות, אז מ'זאל זען אז יעדערער זאל האבן צרכי החג, ביז אין אן אופן אז עס זאל זײן בײ אים דער חג בשמחה, אויך שמחת הגוף,

ואדרבה - שמחת יו"ט מוז זײן פארבונדן מיט אין שמחה אלא בבשר בזמן שבית המקדש הי' קיים, און אויך מיט אין שמחה אלא ביין, וואס דאס איז מה"ת אפילו בזמן שאין ביהמ"ק קיים,

און דארט וואס ס'איז ניט שייך בשר שלמים, מחוץ לא"י, אפילו בזמן שביהמ"ק הי' קיים,

און ווי דער אלטער רבי ברײנגט אראפ אין שו"ע אז דאס איז א מ"ע מה"ת אויך איצטער, סײ ביו"ט און סײ בחוה"מ און סײ בשמיני עצרת און אויך בשמח"ת,

וואס דאס דארף מען דאך באווארענען, ווי מ'זעט בפשטות לפני ימי החג, וואס דאס איז דורך דערויף וואס אין די ימים שלפני החג, ובפרט, אין די טעג גופא - אז עס קומט נאך א יום סגולה באלו הימים, וואס דאס איז דאך סילוקם של צדיקים, וואס דאס ווערט דאך אנגערופן יום ההילולא שלהם, און דער מנהג פון תלמידיו פון דעם בעל ההילולא, פון די חסידים אז דעמאלט שטײט מען מיט א גרעסערע שמחה ווי בשאר הימים,

עד"ז אויך פארשטאנדיק אז דאס איז א תנועה וואס מתוך שמחה איז ער נאכמער מוסיף אויף באווארנען אז בא יעדער אידן צו וועלכן ער קען דערגרײכן זאל זײן צוגעגרײט אז דערנאך זאל בײ אים זײן דער ושמחת בחגך כדרוש, אויך מיט א הידור,

וואס דאס דארף מען, כאמור, נאך צוגרײטן אין די ימים שלפני החג,

און אזוי אויך בימי החג, כמנהג וואס ס'איז דאך שוין אײנגעפירט כו"כ שנים, זיך משתדל זײן אויף מוסיף זײן בשמחת בני ישראל וואו מ'קען זײ דערגרײכן,

און אט דא קומט צו נאך א נקודה וואס בשנה זו איז דאך דאס א שנת הקהל, וואס ברוחניות און לימוד ההלכות שבזה איז דאך דאס בתקפו אויך אין חו"ל און בזמן שאין ביהמ"ק קיים,

וואס הקהל איז דאך האנשים והנשים והטף - אז אויך זיך משתדל זײן און זען, סײ די אנשים סײ די נשים, און אפילו די טף - אז זײ זאלן אויף נעמען אויף זיך

און טאן בפועל, כל אחד ואחד לפי ענינו ויכלתו, אבער די יכולת אין אן אופן פון לכתחילה אריבער -

אז די טף, די קטנים וקטני קטנים, זאלן משפיע זיין אויף זייערע חברים, און ווי־באלד אז דא זאגט מען אויך הנשים, איז נוגע אויך צו די מיידעלעך זיי זאלן משפיע זיין אויף זייערע חבר'טעס,

אז די וואס ווייסן נאך ניט, ווי ער זאגט בנוגע צו הקהל, וואס לא שמעו אדער לא למדו, זאלן זיי מיט זיי לערנען נאך לפני החג, דעם ענין פון חגה"ס און דעם ענין פון מועדים לשמחה, און דעם ענין פון ג"פ שמחה וואס איז דא במיוחד אין סוכות,

אויך מיט דער הוספה אז דאס איז אין א שנת הקהל, וואס הקהל בפשטות איז דער אפטייטש אז מ'זאל זיך משתדל זיין אין צוזאמענקלייבן אידן, וואס דאס קען טאן כל אחד פון די דריי סוגים, לפי ענינו ומעמדו ומצבו, אנשים בנוגע צו אנשים, נשים בנוגע צו נשים, און טף בנוגע צו טף,

נוסף וואס מ'זעט דאך אויך בפשטות, אז אנשים קענען משפיע זיין, באופן המותר ע"פ שו"ע מיט דרכי צניעות וכו', אויף נשים וטף,

עד"ז נשים קענען משפיע זיין, באופן וואס ע"פ דרכי צניעות, אויף אנשים,

ביז אפילו אז טף קען משפיע זיין אויף נשים און אפילו אויף אנשים,

וכמדובר באריכות במשך הקיץ והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים, בנוגע צו זייערע אנשים ונשים, צו די עלטערן, און צו די נאענטע קרובים,

ביז אויך משפיע זיין, ואדרבה, ביתר שאת וביתר עז, אויף דעם טף וואס געפינט זיך בסביבתם,

וכמדובר לעיל - אין די אלע ענינים אין אן אופן פון לכתחילה אריבער,

און ס'איז דאך ידוע די הנהגה פון א נשיא בכלל, ביז נשיא דורינו במיוחד, און דער נשיא וואס היינט איז זיין יום הילולא, דער רבי מהר"ש - אז בשעת זיי האבן געגעבן א הוראה צוזאמען דערמיט איז געווען אויך נתינת כח, און צוזאמען דערמיט אויך געווען א ברכה אז מ'וועט מצליח זיין בזה, ובפרט בנוגע לענינינו - מ'וועט מצליח זיין אין מלכתחילה אריבער נאך מערער ווי לפי המשוער,

און כן תהי' לנו, אז יעדערע פון די אנשים און די נשים און די טף, זאל אננעמען די החלטות טובות בנוגע לכל ענינים אלו,

און אט דעמאלט האט מען די הבטחה פון דעם נשיא וואס האט דער ערשטער מכריז געווען לכתחילה אריבער, ביז לנשיא דורינו וואס ער האט מפרסם געווען די הוראה, בהוספה פון די ברכות שלו,

ביז ווי רש"י זאגט אויף "אשריך ישראל" (פון סדרה פון שבוע זה), אז דאס איז אלץ פרטים, און "אשריך ישראל" אז איר האט דעם כלל און איר האט דעם הכל, הכל הוא שלכם,

און זוכה זיין בקרוב ממש צו מלכתחילה אריבער די אלע הגבלות ומדידות פון גלות,

און ארייננשפרינגען אין גאולה האמיתית והשלימה, וואס זי האט דאך א שייכות מיוחדת צו חגה"ס, ווי מ'זאגט דאך בארוכה אין דער הפטורה פון יום ראשון פון

חגה"ס, אז דעמאלט וועט דאס בגלוי ארומנעמען די גאנצע וועלט, ביז וואנעט אז דאס ווערט א **חיוב** און וועלכן ס'איז תלוי דער קיום פון כל אומות העולם, אז זיי זאלן יחוגו את חג הסוכות, ווי ער איז מבאר בארוכה אין דער הפטורה אין פשטות הכתובים אפילו,

זאל מען דאס זוכה זיין בלשון הרמב"ם אז עס זאל זיין נגאלים מיד, און פראוועו דעם הקהל את האנשים והנשים והטף אין דעם ביהמ"ק אין מקדש אד' כוננו ידיך, ובשמיעת קריאת התורה פון מלכא משיחא,

און מתוך **שמחה** וטוב לבב, בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו, אז קיין איין און איינציקער איד בלייבט ניט אין גלות פנימי, עאכו"כ אז קיין איין און איינציקער איד בלייבט ניט אין גלות כפשוטו, סיי אנשים און סיי נשים און סיי טף,

און מ'גייט בשמחה גדולה, און מ'איז זיך אויך משתתף אין **שמחת בית השואבה**, וואס מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו,

אין שנת הקהל הבא לקראתינו לשלום ולטובה, בטוב הנראה והנגלה, שנת ה' אלפים **תשמ"א**.

ב. ס'קומט נאך צו א הדגשה מיוחדת בשנה זו אין די ענינים וואס מ'האט גערעדט פריער, דורך דערויף וואס יום ההילולא קען דאך אויסקומען אין פארשידענע טעג פון ימות השבוע - איז בשנה זו קומט דאס אויס ביום השלישי,

וואס יום השלישי טיילט זיך דאך אויס, כמדובר כמ"פ, אז יום השלישי איז "שהוכפל בו כי טוב".

און ווי גערעדט בארוכה אויך אין די התוועדות אין יום השלישי שלפנ"ז (ו' תשרי), וואס זי איז דאך אויך פארבונדן מיט די ענינים פון חודש תשרי, און די ענינים אויך פארבונדן מיט חג הסוכות, וואס עס הויבט זיך אן פון "בכסה", פון הפטרת חנה וענינ',

און ווי דערמאנט אויך דעמאלט אז די קריאת התורה, דער שיעור חומש שבועי (דער וואכעדיקער שיעור חומש), לויט דער תקנה פון דעם אלטן רבי'ן,

און די תקנה איז ניט נאר אז מ'זאל **לערנען** דעם שיעור חומש פון דעם טאג פון פרשת השבוע - נאר כלשונו - מ'זאל **לעבן** מיט דער צייט, אז דאס זאל דורכנעמען זייער לעבן במשך פון דעם טאג,

איז דאך דער שיעור בנוגע צו ברכת משה ליוסף, "וליוסף אמר מבורכת ה' ארצו", ווי רש"י ברענגט אראפ אז "ארצו", דער חלק פון יוסף, איז געווען "מבורכת" פון חלקי כל שאר השבטים,

און דערנאך רעכנט ער אויס אויך די פרטים, וכמדובר דעמאלט בארוכה זעט מען ווי אזוי אין די פרטים רעכנט ער טוב לשמים און טוב לבריות: "ממגד שמים **מעל** ומ**תהום** רובצת **תחת**", וואס דאס איז די צוויי קצוות: "שמים", "מעל", און דערנאך "בריות", אז די איינציקע מעלה וואס זיי האבן איז - אז דאס איז א בריאה של הקב"ה, ווי דער אלטער רבי איז מאריך תניא פרק לב,

ועד"ז אויך "ממגד שמש" און אויך "ממגד גרש ירחים", וואס דאס איז דאך אויך משפיע און מקבל, ובפרט נאך ע"פ המבואר די ענינים אין ספרי חסידות, דער חילוק פון "שמשא" ו"סיהרא",

אבער אויך ווי דאס איז בפשטות, אז דאס איז "מאור הגדול" און דאס איז "מאור הקטן", וואס דאס איז דאך בדוגמא דער חילוק: דער תכלית אין גדלות איז "שמים", אין מדוה"ג, און דער תכלית פון קטנות איז "בריות", כמדובר לעיל, ועד"ז די שאר פרטים.

און בשעת די קביעות איז א שנה ווי שנה זו - לייענט מען דאס א ריבוי פעמים,

ווארום בשנה זו איז פרשת ברכה איז **דריי וואכן** נאכאנאנט! מ'הויבט איר אן לייענען אין פרשת שובה, דעם דריטן טאג אין תשרי, און מ'לייענט איר ביז שמח"ת! וואס דעמאלט לייענט מען נאך אויך די פרשה "וזאת הברכה", כולל "וליוסף אמר", וואס שמח"ת איז דאך פרייטיק; פון שבת ביז דעם פרייטיק אין דריי וואכן ארום - איז דאס פולע דריי וואכן וואס מ'לייענט "וזאת הברכה",

אע"פ וואס די גאנצע פרשה לייענט מען ניט - אבער מ'לייענט דעם חלק, ואדרבה, מ'איז מסיים וחותם, מיט "ליוסף אמר מבורכת ה' ארצו",

וואס דאס איז שוין אין דער קריאה פון מנחת שבת פון שבת שובה, און כמ"פ די זעלבע קריאה אין די ימים שלאח"ז,

וואס ויי"ל, ער איז דאך מסיים די ברכה [צו יוסף'ן] אז דאס איז פארבונדן "רבבות אפרים" און "אלפי מנשה", וואס אפרים און מנשה איז דאס דער חילוק ווי געערדט פריער בנוגע דעם חילוק צו מלכתחילה אריבער אדער לכתחילה פרואוון זיך ארונטער:

· בשעת עס רעדט זיך וועגן אפרים'ן, זאגט מען אז פארוואס האט מען אים אנגערופן בשם "אפרים" - "כי הפרני אלקים בארץ עניי", אן ענין וואס דאס איז א גדלות, וכלשון הכתוב אין ויחי אז "ואולם אחיו הקטן יגדל ממנו"!

משא"כ בנוגע צו מנשה איז דערמאנט אז מ'דארף **פארגעסן**, פארוואס - דערפאר וואס דאס איז א דבר בלתי רצוי, א מצב בלתי רצוי, "נשני אלקים את כל עמלי".

וואס דאס איז דער חילוק ווי עס קומט ארויס בהנוגע צו הנהגה, אז בשעת מ'נעמט אן די הנהגה פון, אדער ווי מ'זאגט בנוגע צו אפרים'ן [דאס זאגט מען בנוגע צו יצחק'ן, אבער בנוגע אויך צו דעם נאמען פון "אפרים"], "הפרני אלקים בארץ עניי", אבער נאך פאר דערויף איז שוין אויך געווען ופרינו בארץ, אין דעם גלות לפי ערך מצב פון יצחק'ן, וואס מ'זאגט אים "גור בארץ הזאת", אז אע"פ וואס ער דארף זיין כל ימיו אין ארה"ק, אבער אין דעם ארה"ק גופא איז ער אין א מעמד ומצב פון "גור", וואס דאס איז אן ענין של גלות [וואס דערפאר איז דאך דאס מתאים מיטן חשבון פון שנים, פון ארבע מאות שנה אדער ארבע מאות ושלשים שנה, אז יצחק איז שוין אויך געווען אין גלות, אע"פ וואס ער איז קיינמאל ניט ארויס פון א"י],

איז דעמאלט איז געווען בשעת מ'האט געהאט אויף זיך א קריגערייי פון רועי אבימלך - האט מען דעמאלט געזאגט ופרינו בארץ,

וואס דאס איז דער זעלבער שורש וואס דערנאך אז מ'איז געקומען אין גלות כפשוטו, אין חו"ל, וואס כל המלכיות נקראות ע"ש מצרים, אין מצרים, זאגט מען "הפרני אלקים בארץ עניי",

וואס דא דערמאנט ער אויך "ארץ עניי", א דבר בלתי רצוי, אבער אין דעם נאמען איז ניטא אויף דערויף קיין רמז, דער נאמען איז מערניט ווי "אפרים", "הפרני אלקים",

וואס וואס איז דאס אין הנהגה נאך זייענדיק אין גלות - אין א אופן פון "הפרנ'י", אין אן אופן פון "**ופריננו** בארץ", וואס דעמאלט אויב ער האט אין דערויף א מדוה"ג - איז דאס ניט דער אמת'ער "הפרנ'י", עס קען זיין מערער; ווען איז דער אמת'ער "הפרנ'י" און ווען איז דער אמת'ער "ופריננו" - בשעת ס'איז למעלה ממדוה"ג.

וואס דערפאר זאגט מען, אז ניט אז "אפרים", איז גרעסער פון סתם א מענטשן, אז "ידעתי בני ידעתי" אז מנשה איז אויך א גדול, אבער "הוא יגדל ממנו", ער איז נאך גרעסער פון א "גדול", אפילו פון א **בכור**, אפילו פון **זיין** בכור.

ביז ווי דאס איז דערנאך ארויס בפשטות, אז דער דגל איז נקרא ע"ש אפרים, (פרש"י עה"פ), מיט כו"כ ענינים וואס ער איז געווען דער ענין וואס לכתחילה אריבער "ופרינו בארץ", "הפרני אלקים בארץ עניי".

דערנאך איז דא די צווייטע הנהגה, וואס לכאו' איז זי געבארן געווארן פריער, פונקט ווי מנשה איז געבארן געווארן פאר אפרים, כסיפור הכתוב, וואס דעמאלט איז די הנהגה "נשני אלקים את כל עמלי ואת בית אבי", וכו', אז ס'איז דא אן ענין וועלכן מ'מאטערט זיך און מ'וויל פארגעסן אויף אים, און דער אויבערשטער העלפט און מ'פארגעסט אויף אים און מ'פירט דורך ווי א איד דארף דורכפירן ענינים.

אבער בשעת מ'פרעגט ביי אים וואס איז דער נאמען - זאגט ער אז דער נאמען איז אן ענין וואס מ'דארף אויף אים פארגעסן.

וואס דאס איז, בכללות, די הנהגה ניט מלכתחילה אריבער, נאר פרואוון זיך ארונטער, און דערנאך, אויב עס גייט ניט, וועט מען זוכן און ווארטן ביז עס ווערט געבארן א תנועה בנפשו ער זאל זיך פירן ווי אפרים.

און דערנאך איז דא די הנהגה פון אפרים.

און בשעת מ'איז מסיים ברכת משה ליוסף, לאחרי ההקדמה אז "מבורכת ה' ארצו", אט דאס איז דער חלק וואס ער איז מער מבורך פון כל שאר חלקי השבטים בארץ, זאגט מען אז דאס איז א הנהגה און דאס איז פארבונדן און דאס איז שייך צו "רבבות אפרים" און צו "אלפי מנשה".

און אין דערויף גופא, אז מ'זאל וויסן זיין אז אפרים ברייגגט דעם ענין פון "רבבה", און מנשה ברייגגט דעם ענין פון "אלפים".

וואס נוסף אויף דעם אפטייטש פון "רבבה" אז דאס איז צען מאל אזויפיל ווי "אלף" - איז דאך אויך ידוע דער פירוש בכ"מ, אז "רבבה" איז דער טייטש א **ריבוי**, דאס איז נאך מערער ווי צען מאל אזויפיל.

וואס דערפאר זאגט מען אז ס'איז ניטא למעלה מרבבה: ס'איז דא אחד און עשר און מאה און אלף, און דערנאך איז דא "רבבה", איז איין אפטייטש אז דאס איז מערנייט ווי צען מאל אזויפיל, און דער צווייטער אפטייטש (און דאכט זיך אז ער ווערט געבראכט פון אבן עזרא) אז "רבבה" איז פון לשון ריבוי.

וואס ריבוי, כאמור, איז וויפל מ'זאל ניט זאגן זאגט מען א מדוה"ג, אפילו ער זאגט א מספר הכי גדול - זאגט מען דעם לשון אז דאס איז ריבוי; וואס פאר א מספר מ'וועט נאר אנכאפן איז דאס מערער דערפון.

וואס דאס איז דאך אויך בנוגע צו יעדער אידן און אלע אידן זאגט מען אז ס'איז דא אויך דערויף "כחול הים וככוכבי השמים", וואס זיי זיינען דאך ביידע נבראים, במילא איז בפועל איז דאס אן ענין וואס האט א מספר, טאקע א מספר עצום,

אעפ"כ זאגט דאך די גמ' אז ר"ג האט געזאגט אז ער קען משער זיין וויפל טיפות ס'איז דא בים,

וואס ס'איז דא א ריבוי עצום, אעפ"כ מ'זאגט "לשער", א שיעור איז ניט שייך זאגן ער זאל זאגן א סאך, ער זאגט "א סאך" איז ניט קיין שיעור;

דערנאך איז דא דער צווייטער ענין ווי ער זאגט די דריטע ברכה: ס'איז דא "כחול הים וככוכבי השמים", און דערנאך איז דא "אשר לא יספר מרוב" - ס'איז גאר ניט שייך מ'זאל דאס ציילן דערפאר וואס דאס איז "רוב", דאס איז העכער פון ענין המספר,

וואס עד"ז אויך אין "רבבות אפרים" און "אלפי מנשה", אין "אלף" איז ניטא קיין צוויי טייטשן, "אלף" איז לכל הדעות דער אפטייטש טויזנט, און "אלפי" איז דאס מערער טויזנטער;

בשעת מ'זאגט "רבבות" איז, כאמור, אין פשטות המקרא, לויט פשטני פון דעם מקרא, האט דאס ביידע אפטייטש, דאס האט דעם אפטייטש פון "רבבה" עשר אלפים, און "רבבה" פון לשון ריבוי.

וואס דאס איז יש לקשר אויך דעם שיעור חומש, וואס כאמור דעם אלטן רבין'ס לשון איז אז "מ'זאל **לעבן** מיט דעם שיעור" - אז דאס זאל ארייננעבן נאך א לעבעדיקייט אין די פעולות האמורות,

און אנהויבנדיק בנקודה העיקרית - אין אן אופן פון "הקהל",

וואס דאס האט דאך אויך א שייכות מיוחדת צו עוסק בסוכתו און עוסק בלולבו, ווי ער זאגט אין מדרש אז דאס איז די ימים שבין יוהכ"פ לסוכות,

וואס דער ענין פון "עוסק בסוכתו" איז, איז דאך פארשטאנדיק אז ער דארף זיך משתדל זיין אז די סוכה זאל זיין בתכלית ההידור, וואס דערפאר געפינט מען דאך במיוחד בא סוכות דעם ענין פון "**נוי** סוכה",

נוסף אויף כללות ענין במצוות דארף דאך זיין "**התנאה** לפניו במצוות", "זה א-לי ואנוהו - התנאה לפניו במצוות", גייט דאס אויף אלע מצוות, כולל אויך מצות סוכה, דערנאך איז נאך דא בא סוכה א ציווי מיוחד "**נוי** סוכה", מיט כמה דינים והלכות וואס זיינען דערמיט פארבונדן,

וואס די שענסטע סוכה איז בשעת מ'איז מקיים אט דאס וואס די גמ' זאגט אז "ראוים כל ישראל לישב בסוכה אחת", ער איז זיך עוסק בסוכתו אין אזא אופן, אז מצידו טוט ער כל העניינים אז "**כל ישראל**" זאלן זיצן אין זיין סוכה,

מיט אלע פירושים וואס זיינען דא אין דערויף, אנהויבנדיק, אז וויבאלד אז ער טוט דאס מיט א סבר פנים יפות, וואס דעמאלט גייט דאס איין אט דעם וועמען ער לאדנט איין אין סוכה, אפילו ווען ער קומט צוגיין **צו** יענעם אין סוכה - ווערט דאס אויך געטאן אין אזא אופן אז ער פועל'ט בא יענעם אין זיין סוכה אז עס זאל זיין **כל** ישראל ראוים לישב בסוכה אחת,

וואס דאס איז דאך פארשטאנדיק אז דאס איז פונקט דער היפך פון פירוד הלבבות, מחלוקת עאכו"כ, ביז אין דעם אופן פון אהבת ישראל בתכלית השלימות, ווי געזאגט פריער אז "הקהל", עס ווערט איין קהל, וואס דערפאר איז אויך די סוכה וואס זיי זיצן ווערט א סוכה אחת.

ועד"ז אויך "עוסק בלולבו", וואס דאס גייט דאך אויף אלע פיר מינים, אע"פ וואס מ'דערמאנט "לולב", דערפאר וואס דער נוסח הברכה איז דאך "על נטילת לולב",

וואס אין די פיר מינים שטילט בהדגשה בגלוי די אלע סוגים, די אלע חלוקות ווי זיי זיינען דא בא אידן,

וואס אע"פ וואס בגשמיות נעמט מען דאך ניט אלע מינים און ניט פארשטייער (דוגמאות) פון אלע מיני צומח וואס איז דא בעולם, מ'נעמט טאקע פיר דוגמאות, פיר מינים, אבער זיי שטעלן מיט זיך ניט פאר כל מיני הצומח וואס איז דא בעולם,

אדרבה, מ'קלייבט אויס מערניט אט די וואס אין זיי איז ניכר ענין האחדות, ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר בארוכה אין די דרושים פון סוכות אין סידור, און די נשיאים, ביז נשיא בעל ההילולא, אין המשך פון וככה די אריכות בדבר, אז מ'האט אויסגעקליבן פון צומח דוקא אט די ד' מינים אין וועלכע ס'איז ניכר דער ענין האחדות בגלוי,

בנוגע אז מ'זאגט וואס איז דער נמשל און אויף וואס איז דאס מרמז - איז דאס מרמז אויף **אלע** אידן, בלי יוצא מן הכלל, ווי ער טייטשט אפ אין מדרש, אז פון דעם איד השלם ביותר, וואס "יש בו טעם ויש בו ריח", ביז אט דער וואס ער איז פשוט שבפשוטים, אז "אין בו טעם ואין בו ריח",

וואס דאס איז דאך כולל אלע ענינים אלע סוגים ווי ס'איז שייך צווישן אידן, ניטא מער קיין אידן מחוץ לזה -

ווערן זיי אלע צוזאמען איין מצוה, ווארום מ'קען ניט מקיים זיין די מצוה סיידן ער האט אלע פיר צוזאמען,

און ניט נאר ער האט אלע פיר צוזאמען, און איינער געפינט זיך אין איין ווינקל, און א צווייטער געפינט זיך אין אן אנדער רשות - זיי דארפן זיין אלע צוזאמען אין זיינע ד' אמות, בידו, "ולקחתם לכם".

וואס דא איז מודגש, אין דער מצוה, דער ענין פון **אחדות** כל ישראל, וואס דאס איז פארבונדן מיט אהבת ישראל אמיתית, ווארום "אמת הוי' לעולם", דער אמת'ער אמת אין וועלט איז דאס די ענינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט'ן אויבערשטן, וואס ער איז "אמת הוי'", וואס דער אויבערשטער האט זיך "ארייגעגעבן" אין וועלט, כביכול, דורך זיין תורה און זיינע מצוות.

די מצוה וואס דארט שטילט בהדגשה אחדות פון אידן, ווי זיי געפינען זיך "גוי אחד בארץ", אין "ארץ", אין ארציות, זאל דארטן זיין "אחד" - שטילט בהדגשה, און מ'זאגט דאס זען אין עוה"ז הגשמי, ביז וואנעט אז אוה"ע זאלן דאס אויך זען - איז דאס איז דער מצוה פון "עוסק בלולבו",

אט דא אז עס גייט דורך א ניט-איד און גיט א קוק און זעט אז מ'נעמט פיר מינים, איז אויב ער ווייס וואס די פיר מינים זיינען, ווייס ער אז דאס איז "יש בו טעם ויש בו ריח", ביז דער פערטער אז "אין בו טעם ואין בו ריח", און ער זעט אז בשעת דער איד איז מקיים די מצוה האט ער **אלע** פיר צוזאמען, און אז ניט - ווארט ער ביז וואנעט מ'וועט אים ברייננגען דעם מין החסר, אפילו ווען דער מין החסר איז מערניט ווי אן "ערבה",

וואס דאס איז, כאמור, ענינים וואס דאס זעט "טף", ביז להבדיל, אפילו אן אינו יהודי אויך, ווי דערמאנט פריער [אז] בנוגע צו חג הסוכות איז דאס פארבונדן מיט אוה"ע,

ביז אז לע"ל וואס דעמאלט וועט זיין דער עולם כתיקונו ובמילואו - איז אן דערויף הענגט אפ בגלוי די מציאות פון אוה"ע,

בזמן שביהמ"ק הי' קיים האט מען מקריב געווען שבעים פרים כנגד שבעים אומות, אבער מ'האט דאס ניט געזען בגלוי ווי אזוי דערפון קומט פאר זיי ארויס א תיקון, מ'ווייס אז תורת אמת זאגט אז דאס איז אויף זיי מגין, און ס'איז פוחת והולך מיט כל הענינים;

בנוגע צו חג הסוכות, ווי ער זאגט אין נבואת זכרי' - וועט מען זען **בפועל!** וועט ער פראווען חג הסוכות איז אט דעמאלט אשרי וטוב חלקו, און טאמער ניט - איז אט דעמאלט שטייט וואס דאס איז גלייך גורם,

ווי אזוי פראוועט מען חג הסוכות לע"ל - זאגט מען א כלל, אז ס'איז תלוי במעשינו ועבודתינו במשך הגלות,

פונקט אזוי ווי מ'זאגט בנוגע צו תורה, אז לע"ל וועט מען דאך לערנען תורתו של משיח, עד"ז נשמות הצדיקים לערנען תורה בג"ע בכל לילה ולילה, ווען נשמתו איז עולה למעלה ושואבת לה חיים, בשעת השינה, ווי ער זאגט אויף דערויף אין ב"ר אין מדרש.

איז אויף דערויף דארף זיין דער סדר, בלשון הגמ', אז עס דארף זיין "תלמודו בידו",

טייטשט אפ חסידות: "תלמודו", אט דאס וואס ער האט געלערנט אין עוה"ז, וואס ער האט געלערנט קודם השינה, וואס ער האט געלערנט נאך בקטנותו, וואס דאס איז דאך נגלה, איז אט דאס דארף זיין "בידו", און דאס ווערט א בלי מיט וועלכע ער נעמט דערנאך דעם העכערן לימוד (אויב מ'קען זאגן אזוי אין תורה), תורתו של משיח, אדער דער לימוד בג"ע בעת השינה, נשמה בגוף איז דאך דעמאלט בעת השינה איז נשמתו עולה למעלה ושואבת לה חיים, כמוזכר לעיל.

וואס דאס איז, כמדובר אויך די הדגשה פון "עוסק בלולבו" נוסף אויף "עוסק בסוכתו", און אין די פיר טעג, בשעת מ'געפינט זיך נאך אין גלות, איז דאס מכין, און דאס איז מזרז, און דאס היילט צו, דעם קיום **כל** ההבטחות, און קיום ההבטחה האמורה, ווי דערמאנט פריער דעם לשון הרמב"ם אז נגאלין מיד,

און אט דעמאלט פראוועט מען עלי' לרגל, און אין אן אופן ווי עלי' לרגל לע"ל, ווי ער זאגט אין ילקוט (שמעוני ישעי' רמז תקג) אז "מי אלה כעב תעופינה וכיונים אל ארובותיהם", אז עס וועלן קומען צוגיין "ענני שמיא", "כעב תעופינה", און מ'ברענגט זיי ממקומם וואו זיי געפינען זיך - גלייך אין ירושלים און אין בית המקדש,

וואס אט דא איז מדגיש נאך אן ענין בנוגע צו ביאת משיח צדקנו, איז דא אין דערויף צוויי דרכים און צוויי אופנים, בדוגמא ווי דערמאנט פריער, מלכתחילה אריבער, אדער דעם צווייטן דרך,

וואס די גמ' זאגט אין סנהדרין אז ס'איז דא צוויי פסוקים, אז ס'איז דא אן "עני ורוכב על החמור", און דערנאך איז דא דער צווייטער סדר "עם ענני שמיא", "כעב תעופינה", און מסיים, אז דאס איז ווען ס'איז "בעתו" און דאס איז ווען ס'איז "אחישנה",

זאגט מען אז ס'איז מלכתחילה אריבער, אז ניט מ'גייט על הארץ, און ניט מ'גייט מיט מדוה"ג, נאר "כעב תעופינה", משיח קומט אין אן אופן "וערו עם ענני שמיא", און אידן גייען דעם סוכות עלי' לרגל אין אן אופן "כעב תעופינה",

וכאמור, ע"י ההוספה אין מעשינו ועבודתינו אין די לעצטע רגעים פון גלות - איז אט דאס האט מען די הבטחה, אנהויבנדיק אין פשוטם של כתובים, אז "אם בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם" איז אט דעמאלט ווערן אלע ברכות גלייך

מקוילים, ביז "ואולך אתכם קוממיות", כסיום וחותם ברכות אלו, "קומה זקופה", און ווי די גמ' טייטש דאס אפ אז דאס גייט ביז די "קומה זקופה" ווי ס'איז געווען בא אדה"ר בג"ע,

און ווי דער צווייטער אפטייטש אז דאס איז דער היכל ווי ס'איז געווען, "מקדש אד' כוננו ידיך" איז דאך פארבונדן, דער מקדש בפשטות, מיט "ושכנתי בתוכם", בתוך כל אחד ואחד, איז "ואולך אתכם קוממיות", מאה אמות כגובה ההיכל, ווי די גמ' זאגט דארטן - אס דאס איז דער "ושכנתי בתוכם" אין דעם "קוממיות" פון יעדער אידן,

און די ביידע אופנים, מלמעלה למטה ומלמטה למעלה, וואס דאס האט אויך א קשר צי מלכתחילה אריבער, צי מלכתחילה ארונטער און דערנאך גיין צום אריבער.

וכאמור כמ"פ, אז נאך די גאנצע אריכות הדיבור, אדער באמת דער קיצור שבדיבור, איז נוגע איז נוגע די נקודה בפועל, אז מ'זאל נאכמער, ביתר שאת וביתר עוז ווי מ'האט געטאן ביז איצטער, זאל זיין מיט נאכמער יתר שאת און מיט נאכמער יתר עז, אין הפצת היהדות, אין הפצת המעינות, אין הפצה אין די ענינים (ווי דערמאנט פריער) שהזמן גרמא; פארבונדן מיט "עוסק בסוכתו" און "עוסק בלולבו", הפצה אין די מבצעים הידועים והמפורסמים, דער ענין פון אהבת ישראל, מבצע אהבת ישראל, און מבצע חינוך און מבצע תורה און מבצע תפילין און מבצע מזוזה און מבצע צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי',

און דער ענין וואס כל בית ישראל עומד עליהם, שלש הברכות וואס זיינען ר"ת "החן" און "חנה", וואס זי איז געווען די מוטער פון שמואל הנביא, וואס ע"ש איז דאך ידוע דער סיפור און דער ווארט פון דעם צ"צ בנוגע צו דעם נאמען פון דעם בעל ההילולא, ווי אזוי ער האט דאס פארבונדן מיט חיי שמואל הנביא בחיים חיותו בעלמא דין, ווי ס'איז שוין מפורסם דער סיפור בזה (כוונתו שאדמו"ר מהר"ש חי נ"ב שנה כמו שמואל הנביא),

וואס דאס איז דער מבצע פון הדלקת נרות שבת, און מבצע פון כשרות האכו"ש, וואס דאס איז דאך דער ענין פון "חלה", "ראשית עריסותיכם תתנו להוי'", א אידישער עסן, און אויך דער ענין פון טהרת המשפחה, וואס דאס איז דאך דער יסוד כל היסודות,

און דאס ברענגט בקרוב ממש צו דעם מבצע העיקרי, וואס דאס טוט דער אויבערשטער אליין, "ושב הוי' אלוקיך את שבותך", "והשיב לא נאמר אלא ושב", אז דער אויבערשטער גייט אליין ארויס פון גלות, ווי אזוי קען ער אליין ארויס פון גלות - ווען ער נעמט מיט מיט זיך יעדער אידן און אלע אידן, און טוט דאס באור פני מלך חיים בטוב הנראה והנגלה, ווארום עס גייט דאך דער אויבערשטער אליין ארויס פון גלות,

ובקרוב ממש, ובעגלא דידן, ולמטה מעשרה טפחים, ובנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו, אין אן אופן פון קהל גדול ישובו הנה.

* * *

ג. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה "בסוכות תשבו גו'".

* * *

ד. בהוספה צו די ענינים וואס מ'האט גערעדט פריער, ענינים שהזמן גרמא, איז דאך זעלבסטפארשטענדליך און מ'דארף דאס ניט מדגיש זיין נאכאמאל, לכה"פ דערמאנען,

און דאס איז בנוגע צו נרות שבת קודש ויו"ט, וואס דאס איז דאך דער ענין וואס מ'מאכט "שהחיינו" בשנה זו, און מאכן פיר מאל, ניט אזוי ווי בפסח, וואס אין ימים האחרונים של פסח איז דאך ניטא די ברכה, משא"כ בחג הסוכות איז דאך דא בשני ימים הראשונים די ברכת הנרות צוזאמען מיט ברכת שהחיינוביידע טעג, עד"ז אויך אין שמיני עצרת און שמח"ת.

און אויך דער יום השבת שבא לאח"ז.

וואס דא קומט דאס צו גלייך 6 מצוות אין חו"ל, און עכ"פ אויך פיר מצוות פארבונדן מיט חג אפילו אין ארה"ק איז דאך אויך דער שבת שלאחרי שמע"צ ושמח"ת איז דאך אויך פארבונדן מיט "מי שטרח בערב שבת", וואס דאס איז דאך כולל אויך דעם שמע"צ שלפני זה.

גיט דאס א כח מיוחד, ובפרט ע"ז א תביעה מיוחדת, אויף משתדל זיין זיך ביתר שאת וביתר עוז אז יעדער אידישע פרוי, יעדער אידישע מיידל, ביז יעדער אידישע גאר קליינע מיידעלע, זאל מקיים זיין, ובברכה, און צוזאמען מיט ברכת "שהחיינו" בנוגע צו ימי חג הסוכות אלה ביתר שאת וביתר עוז.

וואס דאס וועט דערנאך אויך נמשך ווערן פון דעם יתר שאת ויתר עוז על כל השנה כולה.

ובפרט נאך ווי כמדובר אז אין חו"ל איז דאס שלשה ימים רצופים, און דערנאך נאכאמאל שלשה ימים רצופים, אין די ערשטע טעג און אין די לעצטע טעג, אפילו אין ארה"ק איז דאך אויך דא די ענינים ווי זיי קומען בסמיכות, דער יום החמישי און דער שבת שלאח"ז, און יום החמישי שלאח"ז און דער שבת שלאחריו וואס דאס איז שבת בראשית.

און ס'איז דאך ידוע דער מאמר רבותינו נשיאינו, אז ווי מ'שטעלט זיך אוועק בשבת בראשית אזוי גייט דאס דערנאך בכל השנה כולה, בענין זה אז יאיר מזלן, פון די אלע וואס וועלן דאס מקיים זיין ביתר שאת וביתר עוז.

אט די וואס מאיזה סיבה שתהי' האבן דאס נאך ניט געטאן בעבר וועלן דאס טאן איצטער, וכמדובר, גלייך ווי זיי זיינען נאר שייך צו קצת הבנה בזה זאל מען זיך משתדל זיין זיי זאלן דאס גלייך טאן, אפילו אז זיי זיינען קטני קטנים, פארבונדן מיט "טף", וואס דאס איז דאך ווי ער זאגט אין ירושלמי נאך אינגער ווי קטנים - אויב ס'איז נאר שייך עפעס-וואס א הבנה והשגה אין דעם ענין,

און אויב ס'איז אפילו א ספק בדבר איז דאך כדאי אז מ'זאל דאס טאן אפילו משום ספק, ווי באלד אז דאס איז א סימן טוב אז עס זאל זיין דערנאך א "מזל טוב" ביז מזל במשך כל ימי חייהם, בדוגמא ווי מ'זאגט בא הקהל בכללות, אז אפילו בניהם אשר לא שמעו איז דאס וואס מ'הערט איין מאל אין א מעמד ומצב פון "טף", איז דערנאך פועל'ט דאס על כל הימים אשר אתם חיים על האדמה,

וואס כמדובר כמ"פ ס'איז דאך דא דער ענין פון שלימות התורה און שלימות הארץ, ארץ ישראל לגבולותי',

און דאס איז מערבינט ווי א כלי און א הקדמה צו "ירחיב הוי' את גבולך", אויך האבן קני קניזי וקדמוני,

אבער עס דארף זיין "ותלמודו בידו", האלטן זיך, און ב"קוממיות", אין כל הענינים והפרטים והשטחים, אפילו א טפח על טפח אין ארץ ישראל, איז אויך "עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה",

ובפרט אז מ'קומט פון שנה השביעית שבת להוי', און מ'זאגט אז "מקץ שבע שנים בשנת השמיטה", פרעגט רש"י פארוואס רופט מען דאס אן שנת השמיטה, דאס איז דאך שנה שמינית, און פארענטפערט, דערפאר וואס ס'איז נאך נוהג דארטן די דינים פון שנת השמיטה אין דעם חג הסוכות אין ימי הקהל פון שנה השמינית.

איז אפילו טפח על טפח אין א"י, א כל שהוא אין א"י, וואס אן עשב, א חטה, צי דאס איז א שעורה, איז גענוגע ער זאל האבן א כ"ש ער זאל קענען וואקסן, און אויב דאס איז אין א"י איז אט דעמאלט ווערט דאס אן ענין שנשתבחה בו א"י, "ארץ חטה ושעורה וגפן ותאנה ורימון ארץ זית שמן ודבש".

וואס דאס איז אפילו גענוג, ווי די גמ' זאגט א שורש כ"ש איז גענוג אפילו א כ"ש פון דעם שטח וואס ער איז א טייל פון ארה"ק, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה".

און אין די ד' ימים שבין יוהכ"פ לסוכות, ווי דער אלטער רבי איז מוסיף אין דעם לשון בנוגע צו די ד' ימים, נוסף וואס עס שטייט בכמה אחרונים דער לשון "ימי שמחה שבהם חנכו את המזבח", איז דער אלטער רבי מוסיף "בימי שלמה".

וואס שלמה איז דאך נקרא דערפאר וואס "שלום ושלוה יהי' בימיו", אז ניט מ'דארף אנקומען צו אן ענין פון נצחון און הפחדה וכו', נאר מ'וועט גאר אפילו ניט דארפן אנקומען צו הפחדה; בשעת אידן שטייען, און עס הויבט זיך אן פון די ד' ימים ווען חנכו המזבח בימי שלמה, פון שלום ושלוה, דערפאר וואס וישב על כסא ה', ער האט די שלימות התורה -

אט דעמאלט איז ברייגנען עמי הארץ בני ישראל ווי מ'ברייגנגט א מנחה בכלי טהור, און מ'איז זיך דערמיט מתכבד אז דאס זאלן טאן דוקא די מלכים און דוקא שרותיהם.

ביז אין אן אופן פון אויך כספם וזהבם אתם, און דאס הויבט זיך נאך אן אין ימי הגלות, וויבאלד אז ראו כי שם הוי' נקרא עליך, מבצע תפילין, וואס הוקשה כל התורה כולה לתפילין, איז אט דעמאלט ויראו ממך, יראת הרוממות, קומט גאר מלכתחילה ניט אן קיין ענין פון פחד, "ושכבתם ואין מחריד", ווארום "ואולך אתכם קוממיות" נאך "במושבותם" אין זמן הגלות.

וואס דאס איז אויך דער זמן אויף מזכיר זיין בנוגע צו קרן השנה.

וואס דעם יאר האט מען די הוספה צו "שלימות התורה" וואס זי איז דאך אלעמאל, און שלימות עם ישראל וואס זי איז אלעמאל און "שלימות הארץ" וואס איז אויך אלעמאל.

ווארום ס'איז ניטא קיין איין און איינציקער, ניט צווישן אידן און ניט צווישן ניט אידן, וואס האט עפעס-וואס צו זאגן אויף משנה זיין ח"ו אט דאס וואס דער אויבערשטער האט געזאגט, און האט געטאן, ווי ער זאגט אין מדרש און אין ירושלמי אז "אתן לא נאמר אלא נתתי", ער האט דאס שוין אפגעגעבן אויף "נחלת עולם" ל"עם עולם", אין אן אופן פון "ברית עולם".

איז האט מען אויך דעם יאר א "שנה תמימה", ווי די גמ' טייטש אפ אז "שנה תמימה" איז דאס "לרבות חודש העיבור", דאס איז א שנה מעוברת.

מ'זאל אויך פארבינדן דאס מיטן ענין הצדקה, כמוזכר לעיל, "קרן השנה", וואס צדקה איז דאך "ושבי' בצדקה", דאס איז "מקרבת את הגאולה".

בפרט נאך אז די קומט צוזאמען מיט "במשפט תפדה" מיט דער הוספה אין לימוד התורה, ווי גערעדט פריער בארוכה.

און אט דעמאלט אז מ'איז שוין **מחליס**, און דערנאך ווערט מען א זריז אין מקיים זיין מצוות בכלל, ובפרטיות בנוגע צו מצות הצדקה, וואס אויף דערויף איז די גמ' מדגיש ביתר שאת וביתר עוז ווי אזוי עס דארף זיין דער ענין בזריזות.

אנהויבנדיק פון "זריזין מקדימין", לערנט מען דאך אפ פון אברהם (פסחים ד, א.) וואס ענינו איז דאך געווען ענין הצדקה, און ענין הכנסת אורחים מיט כל העניינים, כמבואר בארוכה אין מדרשי חז"ל בנוגע צו אברהם'ן.

און דאס זאל נאכמער מזרז זיין ביאת משיח צדקנו, צוזאמען מיט "ושב הוי' אלקיך את שבותך" פון "ונגלה כבוד הוי' וראו כל בשר יחדיו כי פי' הוי' **דיבר**", און אויך דער דבר הוי' אין דעם "דיבר", אין דעם "דבר הוי' זה הקץ", ווי די גמ' זאגט אין מסכתא שבת,

און גיין צוזאמען מיט דעם אויבערשטן, צוזאמען מיט משיח צדקנו, אין ארצנו הקדושה בשמחה ובטוב לבב, וכאמור לעיל אין אן אופן ווי די גמ' זאגט אין סנהדרין, "עם ענני שמיא אתי", "כעב תעופינה",

ובמהרה בימינו ממש.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז. ניע זשוריצי חלאפצי.

כ"ק אדמו"ר שליט"א ניגן "צמאה לך נפשי".

אח"כ אמר די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

סרם צאתו התחיל לנגן "ניעט ניעט ניקאווא".

* * *

א. בחג הסוכות פלעגט מען מאכן אין בית המקדש א שמחה מיוחדת, "שמחה יתירה" (סוכה נא, א. רמב"ם הל' לולב פ"ח הי"ב) - נוסף אויף דער שמחה וואס איז דא יעדער יו"ט - שמחת בית השואבה, וואס איז געווען א שמחה גדולה ביותר, ביז אז "מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו" (סוכה שם, סע"א).

און וויבאלד אז דער ביהמ"ק הרוחני וואס בא יעדער אידן (ראה שלי"ה סט, א), איז בשלימות אויך איצטער, דעריבער איז מנהג ישראל צו פראווען שמחת בית השואבה אויך בזמן הזה.

און אין דעם קומט נאך צו א הוספה, אז בזמן הבית, וויבאלד אז די שמחה איז געווען פארבונדן מיט א חליל און נאך כלי שיר - פלעגט מען אנהויבן די שמחה די צווייטע נאכט סוכות, במוצאי יו"ט הראשון (סוכה שם. רמב"ם שם), ווייל "שמחה זו אינה דוחה לא את השבת ולא את יום טוב" (סוכה נ, סע"א (במשנה). רמב"ם שם הי"ג).

משא"כ בזמן הגלות, וואס די שמחה איז ניט פארבונדן מיט קיין כלי שיר [אבער אויך א שמחה בשלימות, בדוגמת שמחת בית השואבה במקדש, וואס "מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו"] - דארף זי זיין אויך די ערשטע נאכט סוכות.

ועפ"ז קומט אויס, אז נוסף צו דער שמחה פון "מועדים לשמחה" (וואס אין יעדער יו"ט)" און די שמחה מיוחדת דחג הסוכות "זמן שמחתינו", וואס בנוגע צו די צוויי שמחות איז פשוט אז זיי פאנגען זיך אן ברגע הראשונה של החג איז אויך די שמחה פון שמחת בית השואבה (וואס איז גרעסער אויך פון דער שמחה פון זמן שמחתינו), הויבט זיך אן בזמן הזה בלילה הראשונה של החג.

ב. עד"ז איז אויך בנוגע צו מצות הקהל - וואס "מצות עשה להקהיל כל ישראל אנשים ונשים וטף בכל מוצאי שמיטה בעלותם לרגל כו' שנאמר (וילך לא, י-יב)" מקץ שבע שנים במועד שנת השמיטה בחג הסוכות בבוא כל ישראל לראות וגו' הקהל את העם האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך וגו'" (רמב"ם הל' חגיגה רפ"ג) - אז אע"פ וואס אין ביהמ"ק פלעגט מען דאס מאכן במוצאי יו"ט הראשון (סוטה מא, א (במשנה). רמב"ם שם ה"ג), מצד דערויף וואס עס זיינען געווען כמה ענינים (וואס זיינען פארבונדן מיט הקהל) וואס מען האט ניט געקענט מאכן ביו"ט (ירושלמי מגילה פ"א ה"ד - הובא בפרש"י סוטה שם, ריש ע"ב ד"ה מאימת. נו"כ הרמב"ם שם בסוף הפרק).

איז אבער דער "הקהל" וואס מען מאכט איצטער - וואס מען קלייבט צוזאמען אידן, אנשים ונשים וטף (אלס זכר צו הקהל שבמקדש) - דארף זיין אויך דעם ערשטן טאג סוכות, "מאתחלתא דמועד" (סוטה שם, ריש ע"ב).

ג. נאך אן ענין וואס קומט צו בשנה זו: אז גלייך פון די ערשטע צוויי טעג יו"ט - וואס ביידע טעג יו"ט מאכט מען די ברכה "שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה" - גייט מען אריין גלייך אין שבת.

און וויבאלד אז ביו"ט איז די שמחה מער ווי בחוה"מ (ראה שיחת שבת חוהמ"ס ה'תשל"ד ס"ה (לקו"ש חי"ד ע' 420)), און אויך אויף שבת שטייט "וביום שמחתכם אלו שבתות" (בהעלותך י, י. ספרי עה"פ), קומט דאך אויס, אז בשעת די קביעות דחגה"ס איז כבשנה זו, זיינען דא דריי טעג רצופים, וואס אין זיי איז דא א שמחה מיוחדת (ומכיון שג' ימים אלו הם ימים הראשונים דחגה"ס - הם נותנים כח והוספת שמחה גם בהימים (דחגה"ס) שלאחריהם).

ד. נאך אן ענין אין דעם (וואס בשנה זו דארף זיין א תוספת אין דער שמחה דחגה"ס) איז - מצד דערויף וואס שנה זו איז א שנה מעוברת, והביאור בזה:

אלע ענינים שבחודש תשרי, אותיות רשית (אוה"ת סוכות ע' א'תשנו. וראה גם בעה"ט עה"פ עקב יא, יב), זיינען ענינים כלליים וואס ווערן נמשך על כל השנה כולה (אוה"ה שם. ברכה ס"ע א'תתסו ואילך. סה"מ תש"ב ע' 49). פון דעם איז מובן, אז די אלע ענינים דחודש תשרי דארפן זיין בריבוי גדול ביותר, ביז אז זיי זאלן פועל'ן על כל השנה כולה.

די קבלת עול דר"ה דארף זיין באופן כזה אז פון איר זאל נמשך ווערן קב"ע על כל השנה כולה, ועד"ז איז בנוגע שאר הענינים דחודש תשרי, ובנוגע לעניננו - די שמחה פון חגה"ס זמן שמחתנו - אז די שמחה דארף זיין בריבוי גדול, ביז אז זי זאל ממשיך זיין שמחה על כל השנה כולה.

פון דעם איז פארשטאנדיק אז בחגה"ס פון א שנה מעוברת, א יאר וואס האט אין זיך דרייצן חדשים - דארף זיין די שמחה נאך גרעסער (ווי דער ריבוי השמחה דחגה"ס שבכל שנה), בכדי אז די שמחה זאל (קלעקן און קענען) ממשיך זיין שמחה אויך אויף די ימים פון דעם חודש הנוסף (חודש העיבור).

ה. דער סיכום פון כל האמור איז: אז נוסף צו דער שמחה פון "מועדים לשמחה" (שבכל יו"ט), און די שמחה פון "זמן שמחתינו" (דחגה"ס), און די שמחה פון שמחת בית השואבה [וואס אויך די שמחה הויבט זיך אן בלילה הראשונה] שבכל שנה ושנה,

איז בשנה זו דארף נאך צוקומען א הוספה אין דעם, מצד דער קביעות דחגה"ס בשנה זו (כנ"ל ס"ג) און מצד דערויף וואס זי איז א שנה מעוברת (ס"ד) כנ"ל,

ונוסף לזה - קומט צו אויך די שמחה פון הקהל, וואס די שמחה דארף זיין ביי אלע אידן וואס מען האט מקהיל געווען אין הקהל - אנשים ונשים וטף.

און וויבאלד אז דער אויבערשטער גיט א ציווי אויף דעם (לשמוח בחגה"ס דשנה זו בשמחה גדולה ביותר) - איז דאך זיכער, אז צוזאמען מיטן ציווי גיט ער אויך דעם כח וסיוע (ראה במדב"ר פי"ב, ג) און די ברכה אז מען זאל קענען מקיים זיין דאס בפועל,

אז מען זאל זיין בשמחה גדולה ביותר אין די טעג פון זמן שמחתינו גופא, און מען זאל ממשיך זיין די שמחה (אויך) על כל ימות השנה.

ו. און די שמחה זאל זיין אויך א הקדמה והכנה קרובה צו די אמת'ע שמחה פון "שמחת עולם על ראשם" (ישעי' לה, י. א, יא), וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו,

אז בקרוב ממש וועלן אלע אידן, צוזאמען מיטן אויבערשטן (ראה מגילה כט, א. פרש"י עה"פ נצבים ל, ג.), ארויסגיין פון גלות און גיין אנטקעגן משיח צדקנו,

און דאס וועט זיין אין אן אופן פון "הקהל", "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו" (בא י, ס), "קהל גדול ישובו הנה" (ירמי' לא, ח), און צוזאמען מיטן אויבערשטן (וואס אויך ער וועט ערשט דעמאלט ארויסגיין פון גלות),

איז דאך מובן דער גודל השמחה וואס וועט דעמאלט זיין.

און דאס ווערט אויפגעטאן דורך מעשינו ועבודתינו איצטער (ראה תניא רפל"ז), דורך דעם וואס נאך זייענדיק בזמן הגלות פרייען זיך אידן בשמחת בית השואבה און בשמחת הקהל, וואס בזמן הזה הויבן זיי זיך אן (ניט בחוה"מ, נאר) ביו"ט (כנ"ל ס"א-ב), ווען מען מאכט ברכת שהחיינו,

און פון דעם קומט מען בקרוב ממש צו דער שמחה גדולה וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו, און מען וועט דאנקען דעם אויבערשטן אויף דעם וואס "שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה".

טרם צאתו התחיל לנגן אתה בחרתנו.

* * *

בס"ד. שיחת ליל ב' דחג הסוכות, תשמ"א. הנחה פרטית בלתי מוגה

**א.** אין דער שמחה שבחג הסוכות - זיינען דא בכללות צוויי ענינים:

א) די שמחה וואס איז פארבונדן מיט דעם יו"ט - וואס אין דעם גופא זיינען דא צוויי ענינים: א) דער חיוב "ושמחת בחגיך" וואס איז דא (אויך) יעדער יו"ט (ראה טז, יד. רמב"ם הל' יו"ט פ"ו הי"ז. שו"ע אדה"ז או"ח סתקכ"ט ס"ו), וואס אלע ימים טובים זיינען "מועדים לשמחה". ב) די שמחה מיוחדת נוספת וואס קומט צו בחגה"ס, "זמן שמחתינו".

[עס איז פאראן א דיעה (ר"א - הובא במהרי"ל הל' פסח (הל' תפלה בהגה"ה). ח"ל או"ה סת"צ סק"ט), אז אויך בשביעי של פסח זאגט מען "זמן שמחתינו", אבער די הלכה איז (רמ"א שם ס"ז), אז מען זאגט דעמאלט "זמן חירותנו"].

ב) די שמחה וואס איז פארבונדן (ניט מיט דעם יו"ט גופא, נאר) מיט געוויסע ענינים און פעולות שבחגה"ס. און אויך אין דעם זיינען דא צוויי ענינים:

א) די שמחה וואס איז פארבונדן מיט נטילת ד' מינים, כמ"ש (אמור כג, מ), "ולקחתם לכם גו' ושמחתם לפני ה' אלקיכם שבעת ימים" — שמחת לולב (ירושלמי סוכה פ"ג הי"א. וראה גם פרש"י סוכה מג, ב. ד"ה ולולב).

ב) די שמחה וואס איז פארבונדן מיט ניסוך המים, וואס די שאיבת המים (וואס מען האט מנסך געווען אויפן מזבח) איז געווען בשמחה - "ושאבתם מים בששון ממעיני הישועה" (ישעי' יב, ג. סוכה מח, ב),

אז די מים וואס מען האט מנסך געווען ע"ג המזבח האבן געדארפט קומען פון א מעין, און (ניט פון איין מעין, נאר) ממעיני לשון רבים - "מעיני הרי" (לקו"ת סוכות עט, סע"ג. המשך וככה תרל"ז פצ"ח), און פון אזוינע מעינות וואס זיינען "מעיני הישועה" (לקו"ת שם פ, ג).

און די שאיבת המים פון "מעיני הישועה" האט געדארפט זיין "בששון".

**ב.** אין דעם סדר פון די צוויי שמחות הנ"ל וואס זיינען פארבונדן מיט די פעולות דחגה"ס - שמחת לולב און שמחת בית השואבה - זיינען דא צוויי דיעות, וועלכע פון זיי איז געקומען פריער:

לויט איין דיעה (סוכה מב, ב (במשנה). תענית ג, א) [און אזוי איז די הלכה (רמב"ם שם ה"ו)], איז דער ניסוך המים [בשחרית] געווען בכל שבעת ימי החג (אויך ביום הראשון). ועפ"ז איז די שאיבת המים געווען אויך בלילה הראשונה של החג - **פאר** נטילת ד' מינים, וואס קיום מצותה הויבט זיך אן ביום (טושו"ע או"ח ר"ס תרנ"ב).

ס'איז דא אבער א דיעה (תענית שם), אז ניסוך המים האט זיך אנגעהויבן דעם צווייטן טאג סוכות (בשחרית), ולפי"ז, איז אויך די שאיבת המים בפעם הראשונה געווען בלילה השניה - **נאך** נטילת ד' מינים, וואס איז געווען שוין ביום הראשון.

און וויבאלד אז "אלו ואלו דברי אלקים חיים" (עירובין יג, ב), איז מובן, אז כאטש די הלכה איז נאר ווי איין דיעה (וואָרום בנוגע למעשה בפועל איז ניט שייך צו טאן ווי בײדע דיעות), איז אבער בנוגע לעבודה ברוחניות דארף מען אפלערנען א הוראה פון בײדע דיעות, אויך פון דער דיעה וואס אין הלכה כמותה - וויבאלד אז אויך די דיעה איז א חלק פון תורה מלשון הוראה (זח"ג נג, ב).

ג. ווערט מען עס פארשטיין בהקדם וואס דער רבי מהר"ש [וואס זיין הילולא איז געווען מיט דריי טעג צוריק] איז מבאר (בהמשך וככה הנ"ל פצ"ז ואילך) דעם ענין פון שמחת בית השואבה

- מיוסד אויף די דרושים פון דעם אלטן רבי'ן (לקו"ת ד"ה ושאבתם הא' והב' (עח, סע"ג ואילך)), דעם מיטעלן רבי'ן (סידור ד"ה הנ"ל - רסח, א. ואילך), און פון כ"ק אדמו"ר הצ"צ (ד"ה הנ"ל - אוה"ת סוכות - כרך ה - ע' ב'קמז ואילך), און דערנאך זיינען פאראן אויך כמה דרושים (בענין שמחת בית השואבה) פון בנו וממלא מקומו כ"ק אדמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע, און פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (ד"ה הנ"ל תרצ"ז. ועוד) -

די מעלה פון ניסוך המים אויף ניסוך היין [וואס דערפאר איז די שאיבת המים געווען בשמחה גדולה], און די שייכות פון ניסוך המים (מיט די שמחה וואס איז פארבונדן דערמיט) צו סוכות און ד' מינים.

ד. דער תוכן הביאור בזה [וואס קומט אויס פון די אלע דרושים הנ"ל] איז:

די שמחה וואס איז געווען פארבונדן מיט ניסוך היין ע"ג המזבח (ראה ברכות לה, א. רמב"ם הל' כלי המקדש פ"ג ה"ב) - איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט דעם טבע און תכונות פון יין, ווארום יין בטבעו איז א דבר המשמח, כמ"ש (שופטים ט, יג. וראה ברכות שם), יין המשמח אלקים ואנשים. משא"כ די שמחה וואס איז פארבונדן מיט ניסוך המים ע"ג המזבח - האט ניט קיין שייכות צו דעם טבע און תכונות פון מים, ווארום מים איז ניט קיין דבר המשמח, און די שמחה וואס איז געווען בשאיבת המים - איז געווען נאר מצד דעם ציווי פון אויבערשטן "ושאבתם מים בששון".

ה. דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו דעם מזבח הרוחני שבכאו"א מישראל,

וואס דאס איז די אידישע הארץ [דער כללות הגוף פון א אידן איז בחי' ירושלים, און אין דער "ירושלים" געפינט זיך די אידישע הארץ וואס איז "רומז כנגד המזבח" (לקו"ת שם - עח, ריש ע"ד)].

און אויף דעם מזבח איז דער איד מקריב זיין חלב און דם - די אלע ענינים אין וועלכע ער האט א געשמאק (חלב) און אלע ענינים אין וועלכע ער קאכט זיך (דם) (ראה סה"מ קונטרסים ח"ב שעג, ב. ואילך. ובכ"מ) - און מאכט פון זיי אויף א קרבן מלשון קירוב (ספר הבהיר סמ"ו (קט). וראה ד"ה באתי לגני השל"ה פ"ב. ד"ה טעמה תש"ט פ"ב), אז זיי (די זאכן אין וועלכע ער האט א געשמאק און א קאך) ווערן נאענט צום אויבערשטן,

ביז אז זיי ווערן "לחמי לאשי" (פינחס כח, ב), א ליכטיקער פייער און הייליקער פייער, וואס איז פארבונדן מיט געטליכקייט.

וואס אין דעם (קרבנות) ווערט נכלל דער קיום פון אלע מצוות, וואס דורך זיי ווערט מען באהעפט מיטן אויבערשטן (מצוה מלשון צוותא וחיבור (לקו"ת בחוקותי מה, ג. ובכ"מ)).

איז אין דער שמחה וואס עס דארף זיין בעשיית המצוה (רמב"ם סוף הל' לולב), זיינען דא צוויי אופנים: א שמחה בעשיית המצוה וואס איז פארבונדן אויך מיט דעם טבע און מציאות פון דעם אדם המקיים את המצוה - יין; און א שמחה בעשיית המצוה וואס איז פארבונדן (ניט מיט זיין טבע און מציאות, נאר) בלויז מיט דער מצוה - מים.

ו. בשעת א איד איז מקיים א מצוה וואס איז פארבונדן מיט יין (כפשוטו) - ווי יין לקידוש, אדער יין צוליב שמחת יו"ט - איז אויך דאן די שתיית היין שלו ניט צוליב תאוה ח"ו, מערניט ווי צוליב קיום המצוה.

און אויך די שמחה וואס עס ווערט ביי אים דורך דעם - איז ניט מצד דעם יין גופא, ווי ביי א ניט-אידן, נאר מצד דער מצוה שבזה.

ווארום א איד איז ניט אבי-ווער - אידן זיינען "גוי אחד בארץ" (ש"ב ז, כג. וראה אגה"ק ס"ט. תו"א וישב כז. תע"ד. ובכ"מ), און אויך מצד דעם גוף הגשמי זיינען זיי א "גוי קדוש" (יתרו יט, ו. וראה שיחת ש"פ האזינו, שבת שובה ש.ז. ס"ב), וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויך די שמחת הגוף פון א אידן איז ניט מצד דעם יין גופא, נאר מצד די מצוה שבזה.

און אפילו ווען בחיצוניות זעט זיך אויס אז די שמחה איז מצד דעם יין גופא, ווי בא א ניט-איד (ח"ו) - זאגט אבער הורת אמת, אז די שמחה פון א אידן איז מצד די מצוה שבזה.

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז יין בטבעו איז א דבר המשמח - איז אויך די שמחה של מצוה וואס איז פארבונדן דערמיט, האט א שייכות מיט דער טבע פון מציאות העולם (טבע היין), און זי קומט ניט צו א שמחה של מצוה (ווי די שמחה פון ניסוך המים) וואס איז ניט פארבונדן מיט טבע, און די שמחה איז בלויז מצד דער מצוה.

**ז.** דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו יין און מים, ווי זיי זיינען ברוחניות:

די שמחה וואס איז פארבונדן מיט ניסוך היין מיינט א שמחה של מצוה וואס איז פארבונדן מיט התבוננות (להעיר, שניסוך היין הוא בינה, וניסוך המים הוא חכמה שלמעלה מהשכל (לקו"ת שם פ, א. ובכ"מ)). בשעת א איד איז זיך מתבונן בשכלו אין דעם ווי דער אויבערשטער האט אים געגעבן די מעגליכקייט אז ער זאל קענען מקיים זיין א מצוה, און אין דעם גודל העילוי וואס טוט זיך אויף דורך קיום המצוות, אז דורך דעם ווערט ער באהעפט מיטן אויבערשטן (מצוה מלשון צוותא וחיבור) - רופט עס בא אים ארויס א שמחה גדולה.

און וויבאלד אז די שמחה של מצוה איז פארבונדן מיט שכל און התבוננות - איז דאך מובן, אז דאס איז אזא שמחה של מצוה אין וועלכע עס הערט זיך ניט בלויז די מצוה, נאר אויך דער מציאות (השכל) פון דעם אדם המקיים את המצוה (בדוגמת ווי שמחה של מצוה וואס איז פארבונדן מיט יין גשמי, וואס די שמחה איז פארבונדן (אויך) מיט דער טבע פון יין).

משא"כ די שמחה וואס איז פארבונדן מיט ניסוך המים מיינט - א שמחה של מצוה וואס איז העכער פון שכל און התבוננות.

בשעת א איד שטעלט אין א תנועה פון מסירת נפש, אז ער גיט זיך אוועק אינגאנצן צום אויבערשטן - דארף ער ניט אנקומען צו קיין הסברה בשכל (אין דעם גודל העילוי פון מצוות), און גלייך ווי ער הערט נאר אז דאס איז א ציווי פון דעם אויבערשטן - "וצונו", רופט עס בא אים ארויס א שמחה גדולה.

**ח.** עפ"ז איז אויך מובן דער טעם פון דעם וואס די שמחה דניסוך המים איז געווען א שמחה גדולה ביותר, ביז אז "מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו":

די שמחה של מצוה וואס איז פארבונדן מיט שכל והתבוננות - איז במדידה והגבלה, כפי אופן ההשגה.

משא"כ די שמחה של מצוה וואס קומט מצד די מסירה ונתינה צום אויבערשטן, מס"נ שלמעלה מהשכל - איז ניטא אין איר קיין מדידות והגבלות.

**ט.** ע"פ כל הנ"ל וועט מען אויך פארשטיין די שייכות פון ניסוך המים און שמחת בית השואבה צו סוכות און ד' מינים:

די שמחה פון סוכות, זמן שמחתנו - קומט פון די ענינים וואס האבן זיך אויפגעטאן [בר"ה ובעשי"ת ובפרט] ביוהכ"פ. וכידוע (ראה גם עט"ר שער יוהכ"פ לו, סע"א ויל"ך. אוה"ת סוכות ע' א'תשכב ואילך. המשך וככה הנ"ל פפ"ד. ועוד) אז דער סכך הסוכה ווערט פון (די תשובה און) דעם ענן הקטרת דיוהכ"פ.

און דער ענין וואס האט זיך אויפגעטאן ביוהכ"פ און ווערט נמשך ונתגלה אין סכך הסוכה - נעמט ארום דעם אדם מכל הצדדים, ביז דאס נעמט ארום ניט נאר דעם אדם עצמו נאר אויך אלע זיינע ענינים.

וכמ"ש "בסוכות תשבו שבעת ימים - תשבו כעין תדורו" (אמור כג, מב. סוכה כח, ב) - אז אלע זיינע ענינים וועלכע ער טוט בביתו (אכילה, שתי' וכו') ווערן ארומגענומען פון דער סוכה [וואס דאס איז די מעלה פון סוכה אויף טליה: טלית נעמט ארום נאר דעם אדם, ראשו ורובו. משא"כ סוכה, נעמט ארום אויך אלע עניני האדם].

**י.** אבער אעפ"כ, איז די סוכה נעמט אים ארום נאר מבחוץ. ובלשון החסידות - מקיף, וואס גייט ניט אריין אין א פנימיות.

און דאס איז דער אויפטו פון מצות נטילת ד' מינים - אז דורך דעם ווערט המשכת הדעת, וואס דעת איז בחי' פנימיות.

ואע"פ אז שכל איז אן ענין שבמדידה והגבלה, וואס דערפאר איז די טליתות העבודה דוקא אין דער עבודה דמס"נ שלמעלה מהשכל (ווי גערעדט פריער (ס"ז - ח') די מעלה פון ניסוך המים אויף ניסוך היין) - אעפ"כ לאחרי ווי ס'איז שוין דא דער מס"נ (און בל"ג) שלמעלה מהשכל, דארף מען זען, אז דער מס"נ זאל דורכנעמען אויך זיינע כחות פנימיים שכל און מדות, אז אויך זיי זאלן זיין דורכגענומען בים געטליכקייט.

וואס דערפאר איז לאחרי מצות ישיבה בסוכה דארף זיין "ולקחתם לכם" - אז דער מקיף דסוכה זאל ווערן "לכם", ער זאל ווערן **אייערער**.

וואס דאס איז אויך דער טעם וואס די ד' מינים לייגט מען צו צום הארץ, בכדי אז דאס זאל נמשך ווערן אויך אין הרגש הלב, און ליבא פליג לכל שייפין (ראה זח"ג רכא, ב) - אין אלע כחות שבכל האברים, כולל אויך דעם כח השכל שבראש.

**יא.** פירוש הנ"ל אין "ולקחתם לכם" (אז דער מקיף דסוכה שלמעלה מהשגה ווערט "לכם") איז בהתאם אויך מיטן פירוש הפשוט אז "ולקחתם לכם" גייט אויף די ד' מינים (וואס ער זאגט ווייטער אין פסוק), והביאור בזה:

די ד' מינים זיינען כנגד ד' אותיות שם הוי' (פע"ח שער הלולב, וראה בארוכה ד"ה ולקחתם לכם, עטר"ת (סה"מ עטר"ת ע' פד ואילך)), וואס שם הוי' איז למעלה מהשגה (בדוגמת בחי' מקיף דסוכה - איננו ברור), ביז אז ער איז שם המפורש, שם המיוחד און שם העצם (נסמן בלקו"ש חט"ו ע' 234 הע' 36, 37, 38). און אויף דעם זאגט מען "ולקחתם לכם גו' פרי עץ הדר כפות תמרים וענף עץ עבות וערבי נחל", אז מען דארף "נעמען" די ד' אותיות שם הוי' אין אזא אופן אז זיי זאלן ווערן "לכם", **אייערע**.

בכל השנה דארף אויך זיין "שויתי הוי' לנגדי תמיד" (רמ"א או"ה בתחלתו. שו"ע אדה"ז שם מהדו"ת ס"ה), אבער דעמאלט איז הוי' (נאר) **לנגדי**. און בחגה"ס, דורך נטילת ד' מינים, ווערט ער "לכם".

**יב.** און דאס איז אויך דער טעם (בפנימיות הענינים) פון די דעה וואס האלט אז שמחת בית השואבה הויבט זיך אן די צווייטע נאכט פון סוכות, לאחרי נטילת ד' מינים:

דער ענין פון שמחת בית השואבה איז (כנ"ל סי"ג) - די שמחה פון אן ענין שלמעלה מהשגה. און דערפאר קומט שמחת בית השואבה לאחרי נטילת ד' מינים - ווייל בשעת א איד האט דעם ענין הסוכה (שלמעלה מהשגת השכל) נאר בבחי' מקיף, קען מען פון אים ניט מאנען אז ער זאל זיין שש ושמח פון אן ענין שלמעלה מהשגת השכל שלו.

און דערפאר האלט די דעה אז שמחת בית השואבה הויבט זיך אן די צווייטע נאכט סוכות, לאחרי ווי ס'איז שוין דא דער "ולקחתם לכם ביום הראשון" - און וויבאלד אז דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה (ראה ב"ר פמ"ד, כב), איז דאך זיכער אז דורכן ציווי (דיבור) "ולקחתם לכם" האט זיך אויפגעטאן בא יעדער אידן אז עס זאל ווערן "לכם", וואס דאס האט זיך אויפגעטאן נאך "ביום הראשון" - איז לאחרי זה (בלילה השני' דסוכות) מאנט מען פון א אידן אז בא אים זאל זיין די עבודה פון "ושאבתם מים" שלמעלה מהשכל, און "ושאבתם מים בששון" - אז די עבודה דמס"נ שלמעלה מהשכל זאל זיין בא אים אין אזא אופן אז ער זאל זיין שש ושמח דערפון.

**יג.** אבער אעפ"כ איז דא נאך א דעה - און אזוי איז די הלכה - אז אויך בלילה הראשונה דסוכות איז דא שמחת בית השואבה (ס'איז מערניט וואס מצד דערויף וואס די שמחה איז געווען פארבונדן מיטן חליל, האט מען בפועל אנגעהויבן דאס בלילה השני', און בזמן הזה פראוועט מען שמחת בית השואבה אויך בפועל בלילה הראשונה).

ווייל וויבאלד אז אויך בלילה הראשונה האט מען שוין דעם סכך הסוכה בבחי' מקיף עכ"פ, און דאס איז פארבונדן מיט ענין השמחה (וכנ"ל ס"ט אז דאס וואס סוכות איז זמן שמחתנו איז עס פארבונדן מיט סכך הסוכה שנעשה מענן הקטורת) - דעריבער, קען שוין אויך דעמאלט זיין דער ענין פון שמחת בית השואבה, עס זאל זיין שמחה פון בחי' מיב שלמעלה מהשגה השכל.

אבער אעפ"כ איז פארשטאנדיק, אז די שמחה שבלילה הראשונה (ווען מען האט די סוכה נאר בבחי' מקיף) קומט ניט צו די שמחה שבלילה השני' לאחרי ווי ס'איז שוין דא דער "ולקחתם לכם" - וואס דערפאר איז לפי דעה אחת, הויבט זיך אן שמחת בית השואבה ערשט בלילה השני', לאחרי דעם "ולקחתם לכם".

**יד.** און דאס איז די הוראה וואס מען דארף ארויסנעמען פון די בילדע דעות בנוגע צום זמן ווען עס האט זיך אנגעהויבן ניסוך המים:

די הוראה פון די דעה (וואס אזוי איז אויך די הלכה) אז ניסוך המים איז כל שבעת ימי החג, איז: אז אויך בלילה הראשונה דארף זיין ניט נאר די שמחה פון "מועדים לשמחה" (שבכל יו"ט), און פון "זמן שמחתנו" (דסוכות), נאר אויך די שמחה פון שמחת בית השואבה, וואס "מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו".

און די הוראה פון די צווייטע דעה אז ניסוך המים (ובמילא אויך שמחת בית השואבה) האט זיך אנגעהויבן ביום השני דסוכות, איז: אז בלום השני דסוכות דארף זיין די שמחה א סאך גרעסער פון די שמחה שביום הראשון, און גרעסער באין ערוך, ביז אין אן אופן אז די שמחה ביום הראשון איז ניט נחשב כלל לגבי שמחה זו, און דער גאנצער ענין פון שמחת בית השואבה הויבט זיך אן ערשט ביום השני.

**טו.** ובנוגע לפועל:

אע"פ אז אויך ביום הראשון האט מען דאך זיכער געפראוועט שמחת בית השואבה [ווי גערעדט נעכטן, ובעיקר - ווייל אזוי האט דער אויבערשטער אנגעזאגט בתורתו], און ס'איז דאך זיכער געווען א שמחה גדולה ואמיתית -

זאל מען ניט מיינען אז מען קען יוצא זיין מיט דעם וואס מען האט נעכטן געפראוועט שמחת בית השואבה, און אפילו ניט מיט דעם וואס מען וועט אויך היינט

פראווען שמחת בית השואבה אין אזא אופן ווי נעכטן (כאטש אז אויך נעכטן איז מען געווען שמח בשמחה גדולה ובניגונים וריקודים),

נאר מען דארף מוסיף זיין בשמחה, בניגונים וריקודים, ביתר שאת וביתר עז, ביז אז דאס וועט דורכנעמען אין א פנימיות ("ולקחתם לכם") אלע כחות הנפש, און אויך דעם גוף.

**סז.** כמובן, אז האמור לעיל איז עס א הוראה פאר יעדער אידן. סיי פאר די אידן וואס געפינען זיך אין ארצנו הקדושה - "ארץ אשר גו' תמיד עיני הו"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב), סיי פאר די אידן וואס געפינען זיך אין חו"ל,

אבער אויך אין חוץ לארץ איז דאך פאראן דער ענין פון ארץ הקדושה ברוחניות, ווארום אכל בי עשרה שכינתא שריא (ראה סנהדרין לט, א), וואס דאס איז בכל מקום ומקום.

דערצו קומט נאך צו די קדושה פון בית הכנסת ובית המדרש - "בית גדול", "מקום שמגדלין בו תורה" (בית המדרש), און "מקום שמגדלין בו תפלה" (מ"ב כה, ס. מגילה כז, א), (בית הכנסת), ובפרט נאך ווען אין עם ביהכ"נ וביהמ"ד געפינט זיך א ארון קודש מיט א ספר תורה.

דערצו קומט נאך צו א קדושה נוספת אין דעם ביהכ"נ וביהמ"ד - וואו דער רבי נשיא דורנו איז געווען עשר שנה.

און דאס (וואס מען געפינט זיך אין א מקום קדוש) דארף צוגעבן אין די שמחה נאך ביתר שאת וביתר עז.

**יז.** נאך אן ענין אין די שמחה נוספת טביום טני דסוכות - וואס קומט צו בשנה זו ביהוד:

וויבאלד אז דער יאר איז שנת הקהל - "הקהל את העם האנשים והנשים והטף" - דארף מען ארייננציען אין שמחת בית השואבה אויך די טף וואס אין טף ווערן נכלל אויך גאר קליינע קינדער.

און וויבאלד אז דער רמז אויף ניסוך המים אין תורה הויבט זיך אן פון דעם מ' פון "ונסכיהם" וואס שטייט ביום השני (פינחס כט, יט. שבת קג, סע"ב. תענית ב, ב. פרש"י עה"פ) - איז דאך פארשטאנדיק, אז פון יום השני אן איז דער ענין פון ניסוך המים אין אזא אופן אז אויך טף ווייסן דערפון.

ווארום אותיות התורה לערנט מען דאך אויך מיט גאר קליינע קינדער. ווי דער אלטער רבי פסק'נט (בהל' ת"ת בהתחלתן), אז נאך איידער דער קינד ווערט א בן חמש למקרא, מיט א משך זמן פריער, לערנט מען מיט אים אותיות התורה.

איז בשעת דער קינד זעט דעם מ' פון "ונסכיהם" וואס שטייט ביום השני - איז מען אים מסביר, אז דער מ' איז דער אנהויב פון דעם ווארט מים, וואס מען פלעגט מנסך זיין בסוכות, און שואב זיין די מים בשמחה גדולה.

**יח.** המורם מכל האמור איז, אז היינט דארף מען מוסיף זיין אין די שמחה פון שמחת בית השואבה, ביתר שאת וביתר עוז, נאך מער ווי נעכטן.

ועד"ז אויך אין די ימי הסוכות שלאחרי יום השני, איז בכל לילה ולילה ובכל יום ויום דארף מען מוסיף זיין בשמחה, כהציווי (ברכות כח, א. וש"נ) "מעלין בקודש".



הנחה פרטית בלתי מוגה

און ממשיך זיין די שמחה על כל השנה כולה, אז עס זאל זיין א פריילעכער יאר בכל הפרטים,

ביז צו די אמת'ע שמחה און אייביקע שמחה - "שמחת עולם על ראשם" [וואס "שמחת עולם" מיינט אייביקע שמחה], בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, בקרוב ממש.

התחיל לנגן ופרצת.

* * *

**בס"ד. ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א להאורחים שיחיו, בעת ביקורו בסוכה - ליל ב' דחגה"ס ה'תשמ"א.**

א. בהמשך צו דעם וואס מ'האט פריער גערעדט (אחרי תפלת ערבית) אין שול בנוגע עם ענין פון סוכה און נטילת ד' מינים, און פאר דערויף (ראה ש י ח ה הנ"ל ס"ח. וש"נ) - שמחת בית השואבה, און נאך דערויף - ניסוך המים -

איז אזוי ווי מען געפינט זיך איצט אין א סוכה - קומט דאך צו אויך די ענינים וואס ווערן נמשך דורך סוכה.

וואס אע"פ אז מ'קען רעדן און לערנען וועגן די ענינים בכל מקום, אויך אין א שול (ווי מ'האט פריער גערעדט), און אדרבה - ס'איז גאר דא א ציווי צו רעדן און לערנען וועגן דעם בכל מקום - ווערן דעמאלט אבער אויפגעטאן די אלע ענינים נאר ברוחניות;

משא"כ ווען מ'רעדט וועגן דעם אין א סוכה - האט מען די ענינים אויך בגשמיות ובפשטות.

ביז אז דעמאלט איז אפילו אזא וואס פארשטייט ניט קיין טיפע סודות - האט דערצו אויך א שייכות, וויבאלד אז די ענינים ווערן נמשך פון זיך אליין דורך דער סוכה.

ב. איינע פון די המשכות וואס ווערן אויפגעטאן דורך סוכה איז - דאס וואס אין א סוכה קומען די "אושפיזין": אברהם, יצחק, יעקב, משה, אהרן, יוסף (בזהר דלהלן בפנים לא נזכר משה אהרן ויוסף, אבל כ"ה בכמה סידורים (מכתבי האריז"ל). ובזח"ג שא, סע"ב: אברהם, יצחק, יעקב, יוסף, משה, אהרן ודוד. וכ"ה בזח"א רסא, סע"א (אבל לא נזכר שם דוד), ודוד (ושלמה) (כ"ה בזח"ג רנה, ב, רנו, א (אבל לא נזכר שם יוסף), ווי עס שטייט אין זהר (פ' אמור - ח"ג קג, ב ואילך).

און אויך - ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט (שיחת ליל א' דחגה"ס תרצ"ז ותש"ג. סה"מ תשי"א ס"ע 47) - אונזערע אושפיזין: דער בעש"ט, דער מגיד, דער אלטער רבי, דער מיטעלער רבי, דער צ"צ, דער רבי מהר"ש, דער רבי (מהורש"ב) נ"ע, און בשמיני עצרת - כ"ק מו"ח אדמו"ר (סה"מ שם. לקו"ש ח"ג ע' 835).

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם עצם ענין פון סוכה.

און א כלי אויף צו ממשיך זיין די אושפיזין נאכמערער - איז דער ענין פון הכנסת אורחים (ראה אוה"ת סוכות ע' א'תשמח ואילך) וואס דער פירוש הפשוט פון "אושפיזין" איז - אורחים (סידור שער הסוכות רנז, ב),

וואס דערפאר איז דורך דערויף וואס מ'האט איצטער אין דער סוכה דעם ענין פון הכנסת אורחים בפשטות - ווערט דאס דער כלי אויף צו (נאכמער) ממשיך זיין סיי די אושפיזין וועלכע שטייען אין זהר און סיי "אונזערע" אושפיזין.

ג. און וויבאלד אז מ'געפינט זיך איצטער אין א סוכה בגשמיות ובפשטות - האט מען אויך דעם ענין פון שלום וואס סוכה טוט אויף, (וואס זי ווערט אנגערופן) "סוכת שלום", "ופרוש עלינו סוכת שלומך" (ראה ד"ה כי פדה לאדה"ז (סה"מ אתהלך לאזניא ע' נז. עם הגהות - אוה"ת נח (כרך ג) תרסס, א ואילך). ד"ה וככה תרל"ז פצ"ו) -

סיי דער ענין פון שלום בא יעדער אידן אין זיין אידישע הארץ (ראה ד"ה בסוכות תשבו תשל"ו ס"ד בתחלתו (קונטרס מאמרים ע' קעג), און סיי דער ענין פון

**הנחה פרטית בלתי מוגה**

שלום כפשוטו - "ונתתי שלום בארץ" (בחוקותי כו, ו),אין ארץ הקודש, "ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" (עקב יא, יב).

וואס דער איינציקער וועג צוצוקומען צו שלום (בארץ) איז דוקא דורך דעריף וואס מ׳איז מקיים תומ"צ - "בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו ועשיתם אותם" (בחוקותי שם, ג).

און דורך דעריף ווערט אויך שלום אין דער גאנצער וועלט.

און א שלום בגשמיות ובפשטות - אזוי ווי מ׳געפינט זיך איצט אין א "סוכת שלום" בגשמיות ובפשטות, און ס׳איז דא דער ענין פון הכנסת אורחים בגשמיות ובפשטות.

ד. און אזוי ווי מ׳זאגט דאך אין די תפלות (מוסף דיו"ט), "והביאנו לציון עירך ברינה ולירושלים בית מקדשך בשמחת עולם", וואס דורך דעריף טוט מען אויף אז דאס זאל אזוי זיין ברוחניות -

זאל דאס אזוי זיין (אויך) בגשמיות וכפשוטו: "והביאנו לציון עירך ברינה" בגשמיות וכפשוטו, "ולירושלים בית מקדשך" בגשמיות וכפשוטו, און "בשמחת עולם" בגשמיות וכפשוטו,

בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, אין אן אופן פון "הקהל את העם האנשים והנשים והטף" (וילך לא, יב), "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו" (בא י, ט), "קהל גדול ישובו הנה" (ירמי׳ לא, ח).

בעגלא דידן, אמן כן יהי רצון.

אח"כ אמר: גוט יו"ט, איר זאלט עסן סעודת יו"ט בשמחה.

* * *

**א.** אין דעם נאמען בית השואבה - זיינען דא צוויי פירושים: א) "שמשם שואבים רוח הקודש". ב) "על שם ושאבתם מים בששון ממעיני הישועה".

ויש לבאר דעם קשר פון די בײדע פירושים, ווײלע דער "ושאבתם מים" איז געווען פארבונדען מיט קדושה (רוח הקודש):

ס'איז געווען אין א מקום קדוש - אין ארץ הקדושה, און אין דעם גופא - אין ירושלים עיר הקודש, און אין ירושלים גופא - אין בית המקדש,

און די צלוחית אין וועלכע מען האט געשעפט (ממלא געווען) די מים, איז געווען א כלי קדושה,

און דאס איז געטאן געווארן דורך אידן וואס זיינען א גוי קדוש, און צווישן אידן גופא - דורך שבט לוי, און אין שבט לוי גופא - דורך כהנים, ויבדל אהרן להקדישו קדש קדשים.

**ב.** אע"פ אז במקדש פלעגט מען ניט פראוועז שמחת בית השואבה - איז דאס איז מער ניט ווי בנוגע צו **שמחת** בית השואבה, אבער די שאיבת המים גופא איז געווען אלע טעג אויך בשבת, ווארום וויבאלד אז דער ניסוך המים (בשחרית) איז געווען בכל שבעת ימי החג (אויך בשבת), און די מים וואס מען האט מנסך געווען בשחרית פלעגט מען שואב זיין בלילה - איז דאך פארשטאנדיק, אז די מים וואס מען האט מנסך געווען בשבת בשחרית האט מען שואב געווען בליל שבת.

ונוסף לזה: אויך **שמחת** בית השואבה, איז שייך צו כל שבעת ימי החג, ווארום דאס וואס שמחת בית השואבה "אינה דוחה לא את השבת ולא את היו"ט" - איז עס נאר מצד הגזירה, אבער לולי הגזירה, וואלט מען געפראוועט שמחת בית השואבה [ניט כלי שיר] אויך בשבת וביו"ט.

נאכמער: אויך דאס וואס מצד הגזירה איז ניט געווען (בפועל עכ"פ) שמחת בית השואבה בשבת וביו"ט - איז עס מצד דעם וואס די שמחה איז געווען פארבונדן מיט כלי שיר, ובראשם - דער חליל, און החליל אינו דוחה לא את השבת ולא את היו"ט.

ובמילא קומט אויס בנוגע צו שמחת בית השואבה בזמן הגלות - וואס אויך איצטער פראוועט מען שמחת בית השואבה (אע"פ אז שמחת בית השואבה איז פארבונדן מיט ביהמ"ק) מצד דערויף וואס דער בית המקדש איז דא אין יעדער אידישער הארץ, ווי עס שטייט אין של"ה און דער אלטער רבי ברענגט עס בכ"מ, ושכנתי בתוכם (לשון רבים) בתוך כל אחד ואחד, און דער ביהמ"ק הרוחני שבכ"א מישראל איז גאנץ אויך איצטער -

אז וויבאלד די שמחה דשמחת בית השואבה איצטער איז ניט פארבונדן מיט כלי שיר - דארף זי זיין אויך בשבת וביו"ט, אויך בפועל.

**ג.** דער טעם אויף דעם (וואס בזמן הגלות איז דא שמחת ביה"ש אויך בשבת וביו"ט) בפנימיות הענינים:

מצד דער ירידה פון גלות - דארף מען האבן איצטער א הוספת כח, בכדי צו ביי'קומען דעם חושך הגלות.

און נאכמער: וויבאלד אז די ירידה איז צורך עלי' - דארף מען האבן א תוספה כח, אז מען זאל ניט נאר בייקומען דעם חושך, נאר אז עס זאל זיין דער יתרון האור וואס קומט מן החושך.

און דעריבער איז דוקא בזמן הגלות ניתוסף געווארן ענינים און זמנים פון שמחה וואס זיינען ניט געווען בזמן הבית, ובכללם - אז שמחת בית השואבה איז דא אויך בשבת וביו"ט.

ד. ע"פ כל הנ"ל קומט אויס, אז איצטער - דער דריטער טאג פון סוכות - איז אויך דער דריטער טאג פון שמחת בית השואבה. וואס אין דעם טאג איז דא א מעלה מיוחדת (כדלקמן).

עס שטייט אין זהר אז אין די ז' ימי הסוכות קומען אין סוכה (פון יעדן אידן, וויבאלד אז ער איז מקיים מצוות ה' אין סוכה) די זיבן אושפיזין [וואס אושפיזא איז דער פירוש - "אורח הנכבד", ווי דער מיטעלער רבי זאגט אין סידור], אברהם, יצחק, יעקב, משה, אהרן, יוסף און דוד.

און יעדער טאג פון סוכות קומט בעיקר איין אושפיזא - דער ערשטער טאג קומט בעיקר אברהם, דער צווייטער טאג יצחק, און דער דריטער טאג, וואס הויבט זיך אן פון איצטער (ליל ג') - יעקב.

דערנאך בדורות שלאח"ז האט כ"ק מו"ח אדמו"ר מגלה געווארן אז עס זיינען דא אונזערע אושפיזין, די חסידי'שע אושפיזין: דער בעש"ט, הרב המגיד, אדמו"ר הזקן, אדמו"ר האמצעי, אדמו"ר הצ"צ, אדמו"ר מהר"ש, אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע,

און דער אושפיזא פון היינטיקן טאג איז - דער אלטער רבי.

ה. דאס וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט מגלה געווען אז עס זיינען דא אונזערע אושפיזין - איז ניט גורע ח"ו אין די פריערדיקע אושפיזין וואס שטייען אין זהר.

**והביאור בזה:**

דאס איז ע"ד ווי דער חידוש פון חסידות בכלל: חסידות האט מגלה געווען די פנימיות פון תורה ועאכו"כ די פנימיות פון וועלט, וואס הא בהא תליא.

עד"ז בנוגע צו די אושפיזין: כ"ק מו"ח אדמו"ר האט מגלה געווען די פנימיות פון די אושפיזין וועלכע שטייען איז זהר.

וואס בלילה זה איז דער (עיקר) אושפיזא וואס קומט אין סוכה - יעקב, און בפנימיות איז דאס - דער אלטער רבי.

ו. ווייטער איז ער ממשיך אין זהר, אז יעדערער פון די אושפיזין [ובעיקר די ערשטע דריי אושפיזין, אברהם, יצחק און יעקב] האט געזאגט א פסוק, און מידי שנה בשנה חזר'ט ער איבער דעם פסוק.

דער אושפיזא פון היינטיקן טאג, יעקב, זאגט דעם פסוק "אז יבקע כשחר אורך".

[די שייכות דערפון צו יעקב איז מרומז אין דעם וואס "יבקע" איז אותיות "יעקב"; אבער נוסף לזה (צו דעם רמז) איז פארשטאנדיק בפשטות אז זיי האבן צווישן זיך אויך א קשר בתוכן, און ווי דער אלטער רבי איז מבאר דעם קשר אין סידור].

דער ענין פון "אז יבקע כשחר אורך" איז:

"יבקע" איז דער פירוש שפאלטן, אז עס שפאלט דורך דאס וואס איז ארום איר.

און ווי דער מיטעלער רבי גיט דעם משל אויף דערויף פון א חבית וואס איז מלאה משקה, איז "כאשר תתמלא ביותר ולא תוכל להחזיק המילוי, תבקע בבקעים וסדקים ויצא המשקה דרך שם", ד.ה. אז ווען דער משקה אין דער חבית איז מיט א שטורעם גדול שפאלט עס דורך דער חבית און די משקה גיסט זיך איבער מחוץ להחבית.

עד"ז איז פארשטאנדיק דער פירוש אין פסוק "יבקע כשחר אורך":

אין "שחר" זיינען דא צוויי פירושים: "שחר" איז היפך האור; און "שחר" האט אויך דעם פירוש: די שטראלן פון טאג וואס קומען בסוף הלילה און שפאלטן דורך דער שחרות, און זאגט אן אז אט אט קומט דער פרי מארגן ממש בקרוב ממש.

ז. די הוראה דערפון בנוגע צו היינטיקע נאכט, וואס דער אושפיזא יעקב זאגט "אז יבקע כשחר אורך":

מ׳דארף מוסיף זיין אין דער שמחה פון היינטיקע שמחת בית השואבה נאכמער ווי מ׳האט דאס געפראוועט אין די נעכט פאר דערויף,

ולא כדעת הטועים וואס מיינען, אז די שמחה פון די פריערדיקע נעכט איז מספיק אויך אויף היינטיקע נאכט, אדער עכ"פ אז מ׳דארף אויך האבן שמחה היינטיקע נאכט, אבער מ׳דארף ניט מוסיף זיין אין דעם לגבי די פריערדיקע נעכט -

איז בנוסף לזה וואס וויבאלד אז "כל יומא ויומא עביד עבידתי׳", און ס׳איז צוגעקומען א נייער טאג ווען ס׳איז געווען א נייער ניסוך המים, במילא דארף אויך צוקומען א שמחה חדשה אין דער שמחה פון דעם יום נוסף אויף דער שמחה פון די פריערדיגע טעג, און וויבאלד אז ס׳איז צוגעקומען נאך א טאג איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער גיט כח און ברכות צו קענען מוסיף זיין בשמחה -

איז נאכמער: די נאכט איז די דריטע נאכט פון סוכות, וואס דעמאלט איז דער אושפיזא יעקב, און ער זאגט דעם פסוק "אז יבקע כשחר אורך" -

דארף די שמחה זיין אין אן אופן פון "יבקע": די שמחה דארף דורכשפאלטן די מדידות והגבלות פון דער שמחה אין די לילות שלפנ"ז.

ח. און אזוי ווי אין דעם משל הנ"ל איז די וואסער בוקע די חבית - אזוי איז אויך די שמחה פון יום שלישי פון חג הסוכות בוקע די מדוה"ג פון דער כלי קדוש וואס איז פארבונדן מיט שמחת בית השואבה, וואס דער דין איז דאך אז די שאיבה האט געדארפט זיין אין א כלי וואס האט געהאט די מדידה והגבלה פון שלשה לוגין -

אז דורך דער שמחה אין יום שלישי, איז מען בוקע די מדוה"ג; פון איין זייט בלייבט טאקע דער כלי א כלי שלם, ווארום דוקא דורך דערויף איז דאס א כלי כשר - אבער ביחד ע"ז שפארלט מען דורך די מדוה"ג פון דער כלי.

ט. בקביעות שנה זו קומט צו נאכמער הדגשה אז די שמחה פון יום השלישי פון חג הסוכות דארף זיין מערער ווי אין די ימים שלפנ"ז:

בקביעות שנה זו איז יום השלישי פון חגה"ס א יום השבת.

וואס עניננו פון שבת איז, ווי מ׳האט ערשט געזאגט אין תפלת ערבית "ויכולו השמים והארץ וכל צבאם", אז אלע ענינים פון די טעג שלפני שבת שטייען אין אן אופן פון "ויכולו" ביום השבת.

און ווי דער צ"צ איז מבאר בארוכה, אז "ויכולו" פון שבת איז דער ענין פון תענוג, בדוגמא ווי גאנץ שבת איז ענינו "וקראת לשבת עונג",

ד.ה. אז ביום השבת הויבט א איד אויף און היילינט און לייטערט אויס יעדער זאך וואס געפינט זיך ביי אים, ביז אין דער דרגא פון תענוג, ביז אז אלע ענינים שטייען דעמאלט אין זייער תכלית השלימות.

ביז אז אויך אלע ענינים אין וועלט, "את השמים ואת הארץ וכל צבאם", ווערן דעמאלט נתעלה אין זייער תכלית השלימות.

**י.** עד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד:

דער יום השלישי פון חגה"ס וואס איז א יום השבת, איז מעלה די טעג פון יום ראשון און יום שני פון חגה"ס, ובמילא אויך די שמחה וואס איז דעמאלט געווען,

און דאס איז אויך מעלה די טעג בשבוע שלפנ"ז - די ד' ימים שבין יוהכ"פ און חגה"ס, וואס האבן זיך אנגעהויבן ביום ראשון בשבוע (דער טאג נאך דעם יום הקדוש) און געענדיקט ביום הרביעי בשביעי,

וואס די פיר טעג זיינען, ווי דער רבי (מהורש"ב) נ"ע שרייבט, כנגד די ד' אותיות דשם הוי', און כ"ק מו"ח אדמו"ר איז מבאר אז דאס איז תשובה עילאה, וואס ענינה איז מתוך **שמחה**, כמבואר אין אגה"ת.

און די אלע ענינים פון שמחה (די שמחה (און די תשובה) בהד' ימים שבין יוהכ"פ וסוכות, און די שמחה פון די ערשטע צוויי טעג סוכות) ווערן נתעלה בתכלית השלימות אין דעם יום השבת, דער יום השלישי פון חגה"ס (בקביעות שנה זו).

און ווי דער רבי מהר"ש איז מבאר, אז בשעת ביי אן אדם [ע"ש "אדמה לעליון"], זיינען אלע זיינע ענינים בתכלית השלימות, איז דעמאלט אויך עבודתו וכוונתו, און די בהמה, די קרבנות וואס ער איז מקריב בתכלית השלימות.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע לעבודתו בשמחת בית השואבה, אז די שאיבה, בית השואבה און שמחת בית השואבה איז אויך בתכלית השלימות אין דעם שבת.

וואס מכ"ז איז פארשטאנדיק דער גודל השמחה וואס דארף זיין ביום זה (יום שלישי דחגה"ס), מערער ווי די שמחה אין די ערשטע צוויי טעג סוכות.

**יא.** דערביי קומט צו נאך אן ענין:

דער רבי מהר"ש ברענגט דארטן דעם מארז"ל "איננו דומה מאור פניו של אדם בחול למאור פניו של אדם בשבת", און זאגט אז דערפאר איז דא ביי אן אדם א "פנים חדשות" בשבת - אז מ'גיט א קוק אויף זיין פנים זעט מען א "מאור פניו" - אז עס איז אין זיין פנים נמשך געווארן א ליכטיקייט פון געטלעכקייט.

וואס דערפאר איז דער דין בא שבע ברכות, אז ביום השבת דארף מען ניט האבן א "פנים חדשות" פון נאך א אידן, ווארום בא יעדער איד איז דעמאלט דא א "פנים חדשות".

וואס דער ענין פון שבע ברכות (וואס קומט בהמשך צו א חתונה) איז פארבונדן מיט יוהכ"פ, וואס ער איז "יום חתונתו", דער נישואין צווישן הקב"ה און כנס"י, און אזוי אויך מיט די ד' ימים שבין יוהכ"פ וסוכות וואס זיינען אויך פארבונדן מיט "יום חתונתו" ווי דער אלטער רבי זאגט אין שו"ע, אז אויך חגה"ס איז "יום חתונתו", ווי עס שטייט אין איין מדרש.

און אויך די ענינים ווערן בתעלה אין דעם שבת, יום השלישי דסוכות, וואס דעמאלט האט יעדער איד א "פנים חדשות", ביז אין תכלית השלימות.

ומזה באכמער בהדגשה אז אין דעם טאג דארף זיין מערער שמחה ווי אין די ד' ימים שלפנ"ז.

יב. נוסף לזה קומט צו נאך א זאך אין דעם טאג:

דעם שבת זיינען דא ז' קרואים פון ס' ברכה.

ווארום ע"ד ווי די ז' ימי השבוע שלפנ"ז ווערן נתעלה אין דעם שבת, עד"ז ווערן אויך די ז' קרואים פון די פריערדיקע טעג בשבוע, נתעלה אין דעם שבת.

ובפרט לויט דעם מנהג פון די וואס זיינען מעביר, אדער לערנען, אדער זיינען זיך מתבונן אין גאנץ פ' ברכה דעם שבת, ע"פ תקנת כ"ק מו"ח אדמו"ר פון זאגן די שיעורי תה"ת.

יג. המורם מכל הנ"ל:

זיכער האט מען געפראוועט יום א' דחגה"ס, ט"ו בחודש, בשמחה גדולה וכדבעי, און אויך געפראוועט יום ב' דחגה"ס, ט"ז בחודש, בשמחה גדולה וכדבעי -

איז במכ"ש וק"ו אז מ'דארף דאס פראווען יום ג' דחגה"ס, י"ז (בגימטריא טו"ב בחודש, בשמחה גדולה כדבעי.

ביז אין אן אופן פון "יבקע" - אז די שמחה זאל דורכשפאלטן די מדוה"ג פון דער שמחה וואס איז געווען אין די ימים שלפנ"ז.

און דורך דערויף וועט זיין "יבקע כשחר אורך" - צושפאלטן די מדוה"ג פון די ווענט פון גלות, ביז מ'וועט זיי מבטל זיין אינגאנצן.

ע"י ביאת משיח צדקנו, בעגלא דידן במהרה בימינו ממש.

און מ'גייט צו דעם בנין בית המקדש השלישי, וואס אויף דעם איז ניטא קיינע מדוה"ג און דאס קען זיין אפילו בלילה און אפילו בשבת ויו"ט, ווארום עס וועט זיין "מקדש אד' כוננו ידיך", דער אויבערשטער אליין וועט בויען דעם בית המקדש, ווי רש"י זאגט.

און עס וועט זיין "מיד הן נגאלין".

און אין אן אופן פון "יבקע כשחר אורך", אז מ'האט דעם "אור הוי'", וואס בכל יום פון די ד' ימים בין יוהכ"פ וסוכות באקומט א איד אליין אות פון שם הוי', און נאך אלע ד' ימים האט מען גאנץ שם הוי',

און דערנאך האט מען אויך דעם "זמן שמחתינו", די שמחה כפולה פון "ישמח ישראל בעושיו" און "ישמח ה' במעשיו" -

במילא האט מען דעם "אור הוי'".

און אלע אידן, צוזאמען מיט דעם אויבערשטן כביכול, טאנצן קעגן משיח צדקנו,

"ויבנה עירך ציון... וירושלים בית מקדש", בעגלא דידן,

"ושמחת עולם על ראשם".

טרם צאתו התחיל כ"ק אדמו"ר שליט"א לנגן ניגון הקפות לאביו רלוי"צ ז"ל.

* * *

ב בס"ד. שיחת ליל ד' דחגה"ס מוצאי שבת קודש, ה'תשמ"א.

**הנחה פרטית בלתי מוגה**

א. וויבאלד אז ס'איז דא דער ציווי פון להעלות בקודש, איז דאך דאס זיכער דא אין אזא ענין פון שמחה ווי שמחת בית השואבה,

און וויבאלד אז עס דארף זיין "להעלות" - דארף דאך זיין אן ענין נוסף,

און וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט א הוראה פון תורת אמת, איז דערפון פארשטאנדיק אז די סיבה נוספת, דער ענין נוסף, איז אויך אן ענין של אמת,

וואס לפי זה דארף דאס זיכער זיין בנוגע צו מוסיף זיין אין שמחת בית השואבה פון היינט ביינאכט אן - נאך מערער וויפל ס'איז געווען אין די טעג שלפני זה.

כמדובר, אן ענין פארבונדן מיט תורת אמת, פארבונדן מיט ענינים וואס זיי ברייגען צו שמחת בית השואבה.

וואס דא איז אויך כאן מקום להוסיף ביאור וואס עס האט זיך נעכטן גערעדט בנוגע צו שמחת בית השואבה בשבת, אז בשבת איז דאך געווען דער ענין השאיבה, דער שעפן די וואסער, די גזירה איז געווען מערניט בנוגע צו הליל, צו די כלי זמר,

איז וויבאלד אז די סיבה איז געבליבן ברוחניות, איז דאך פארשטאנדיק אויך בנוגע אז ס'איז ניטא דער חשש ווי ס'איז דעמאלט - אז ס'איז אויך איצטער דא דער ענין השמחה, וויבאלד אז ס'איז ניט פארבונדן מיט חליל, וואס ער איז דער ראש און דער פארשטייער פון די אלע כלי זמר, ווי ס'איז געווען בא שמחת בית השואבה, אז יעדערער וואס האט געהאט א כלי זמר, א כלי שיר, האט אין אים געשפילט.

וואס לכאו' איז דאך דאס א חידוש גמור: די משנה זאגט דאך אז דער ניסוך המים פון שבת איז געווען דער נעמען אים, די שאיבה פון מי השילח, איז געווען בערב שבת, ניט פרייטיק ביינאכט, און דאס איז - כאמור - א משנה מפורשת, און דער רמב"ם ברייגגט עס אראפ לפסק הלכה!

דערביי ווערט אבער די שאלה דא גאר אן אנדערע: וויבאלד אז מ'האט שואב געווען די מים בערב שבת, וואס דעמאלט איז דאך ניט שייך קיין גזירה, און עס שטייט ושאבתם מים בששון - האט מען דאך געדארפט שואב זיין בערב שבת (די וואסער צוליב ניסוך המים בשבת) בששון, מיטן גאנצן שטורעם ווי ס'איז געווען בא אלע שמחות בית השואבה?!

וואס בדוחק קען מען דאס פארענטפערן, אז שמחת בית השואבה האט זיך אנגעהויבן פון דער שמחה אין בית המקדש, און פון דארטן איז מען געגאנגען צו דעם שולח כדי צו שעפן די וואסער, און דערנאך איז מען געגאנגען צוריק, כמסופר בארוכה אין מסכתא סוכה, און אויך אראפגעבראכט דערנאך אין ראשונים.

ווען קען מען אנהויבן די שמחה בבית המקדש - קען מען דאס ניט אנהויבן אין ערב שבת אין מיטן טאג, ווען דעמאלט איז די עבודת הקרבנות, מיט די אלע ענינים וואס דארפן זיין אין בית המקדש, און צוזאמען דערמיט אויך פארנומען די עזרה,

ווען קען דאס זיין, ווי ס'איז דעמאלט געווען בא שמחת בית השואבה - ביינאכט לאחרי גמר כל העבודה, וואס אט דעמאלט זיינען די כהנים געווען פנוי מעבודתם, עד"ז די לוים מדוכנם, עד"ז ישראל ממעמדם.

ס'איז אבער פארשטאנדיק אז דאס איז א תירוץ מיט א דוחק גדול.

דערנאך איז דא אין דערויף נאך א שאלה: וואס די גמ' זאגט אין סוכה בסופה אז אין תוקעין למילוי בשבת. אז דאס וואס מ'האט אנגעגאסן (ממלא געווען) די כלי אויף דערנאך מנסך זיין די מים על המזבח, האט מען דאך דעמאלט געדארפט תוקע זיין לסימן של שמחה - איז דער מילוי מים בשבת איז אין תוקעין.

פרעגט מען אויף דערויף די שאלה: וויבאלד אז בשבת איז ניט געווען קיין מילוי מים, מ'האט דאס ממלא געווען בערב שבת - איז וואס דארף מען באווארענען אז אין תוקעין למילוי שבת!

פארענטפערט רש"י, אז דאס איז טאקע דער טעם: מ'זאגט אז אין תוקעין למילוי מים בשבת - דערפאר וואס מ'האט דאס ניט ממלא געווען, כבר נתמלא מערב שבת.

וואס דעם תירוץ קען מען זאגן אין גמ', דער רמב"ם ברייננגט אראפ אין הל' כלי המקדש, ווען ער רעכנט אויס די אלע תקיעות וואס עס איז געווען במקדש - זאגט ער דארטן אז מ'האט תוקע געווען למילוי מים בחג, לניסוך המים בחג, אין תוקעין למילוי מים בשבת, ותוקעין לניסוך המים בשבת?!

וואס בשעת עס קומען די אלע ענינים בהמשך אחד פרעגן אויף דערויף מפרשי הרמב"ם די שטורעמדיקע קשיא: בשעת ער רעדט וועגן מילוי המים, (אין א באזונדער הלכה, ניט דארט וואו ער רעדט וועגן דעם אז ממלאין בערב שבת) - איז וואס דארף ער זאגן אז אין תוקעין למילוי מים בשבת בשעת ס'איז קיין מילוי מים ניט געווען?!

וואס דערפאר איז דא אזויגע מפרשים וואס פארענטפערן, אז מילוי מים איז געווען בשבת,

און דערמיט ווערט אויך פארענטפערט דרך אגב אויף די שאלה, פארוואס ושאבתם מים בששון טוט מען ניט מערב שבת, און דאס איז:

אז ושאבתם מים בששון לערנט מען אז דאס איז פארבונדן מיט די מים וואס מ'איז זיי מנסך על המזבח, און ס'פעלט מערניט ווי דער ניסוך, אבער זיי זיינען שוין קדוש להנסך על המזבח,

בשעת מ'האט ממלא געווען מערב שבת - זאגט די משנה אז מ'האט דאס ממלא געווען אין א צלוחית, ניט אין א כלי שרת, כדי די מים זאלן ניט זיין קדוש, ווארום דעמאלט ווערן זיי פסול בלינה,

ווען זיינען זיי געווארן קדוש, ווען אויף מארגן, בשבת, האט מען זיי אריבערגעגאסן, בשעת ס'איז דורכגעגאנגען דער זמן וואס פסל'ט בלינה, וואס דאס איז קריאת הגבר (אדער שפעטער - עלות השחר), בשעת מ'דארף ניט באווארענען דעם פסול הלינה, מ'האט אריבערגעגאסן דעמאלט פון דער צלוחית אין כלי שרת, וואס דעמאלט איז דאס געווארן מים קדושים, וואס דעמאלט איז געווען דער ושאבתם מים בששון - איז חל דעמאלט דער ענין אז מ'זאל תוקע זיין מיט דער גאנצער שמחה התלוי' בזה.

וואס דערפאר וואס דער רמב"ם באווארנט ניט אז אין מילוי מים בשבת - וואלט מען דעמאלט געמיינט אז מ'דארף אויך תוקע זיין ווען מ'מאכט פון די מים מים הראוים לניסוך, וואס דאס איז געווען אויך בשבת, ווען מ'האט דאס אריבערגעגאסן פון דער צלוחית אין די כלי שרת,

וואס עפ"ז זעט מען דאך אז אויך בשבת איז געווען דער ושאבתם מים, און דער רמב"ם באווארנט אז דעמאלט איז ניטא דער ענין פון בששון, אע"פ וואס ס'איז דא דער ושאבתם מים - דערפאר וואס דאס איז שבת.

וואס דאס איז אויך דער ענין וואס עס האט זיך דערמאנט נעכטן, בהנוגע אז וויבאלד אז ס'איז ניטא דער חשש שבענין שמחת בית השואבה, און דער ענין השאיבה איז דא בשבת, ווארום דאס וואס ס'איז געווען מערב שבת איז געווען מערניט ווי א צוגרייטונג, אז די מים בלייבן מים של רשות, און ערשט בשבת ווערן זיי מים קדושים הראוים לניסוך המים.

וואס אויף זיי איז אויך חל דער גאנצער ביאור וואס חסידות איז מבאר פארוואס בא ניסוך המים איז דא אן ענין יוצא מן הכלל וואס דאס ברייגגט צו א שמחה וואס זי איז אויך יוצא מן הכלל.

עפ"ז אבער, איז בשעת מ'דארף ארויסנעמען אז מ'זאל פראווען שמחת בית השואבה ביו"ט אדער בשבת, דארף מען אנקומען דערצו צו הסברות, אז אע"פ וואס בזמן שביהמ"ק היה קיים האט מען ניט געפראוועט קיין שמחת בית השואבה, אבער איצטער דארף מען יע פראווען;

בשעת ס'קומט די שמחת בית השואבה פון היינט בייגאכט - דערף מען ניט אנקומען צו קיינע הסברות, ס'איז מובן וגם פשוט אז בזמן שביהמ"ק היה קיים איז געווען שמחת בית השואבה, און עס דארף איצטער אויך זיין שמחת בית השואבה.

און מצד דערויף וואס איצטער ניטיקט מען זיך מערער אין דעם ענין השמחה, ווארום מען געפינט מען זיך דאך אין דעם חושך הגלות וואס איז היפך פון שמחה - איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז יעדער ענין של שמחה דארף זיין ביתר שאת ויתר עז.

ובפרט שמחת בית השואבה, וואס כל ענינה איז דאך אויף יתר שאת ויתר עז.

ס'איז דאך זיכער אויך דא א סיבה אויף להרבות בשמחה מצד דער קביעות בשנה זו - וואס בשנה זו איז דאך דאס דער יום רביעי.

וואס דער יום רביעי איז דאך פארבונדן מיטן אושפיז הרביעי, וואס דער אושפיז דארף דאך און איז מוסיף שמחה בכל עניני יום זה.

וואס בנוגע צו די ערשטע דריי טעג איז לכל הדעות זיינען די אושפיזין אברהם יצחק ויעקב, און ווי נשיא דורנו איז נאך מוסיף ביאור והארה (מיט אן אל"ף) - אויך די אושפיזין פון דעם בעש"ט און דעם מגיד און דעם אלטן רבי'ן;

בשעת ס'קומט צו יום הרביעי - איז דא צווי אושפיזין: ווארום דער סדר האושפיזין איז דא אין דערויף דריי שיטות:

די שיטה הפשוטה, וואס שטייט אויך אין סידורים, און וואס שטייט אין זוהר פרשת אמור - אז די ערשטע דריי טעג (כאמור) איז אברהם יצחק ויעקב, און דערנאך קומט משה ואהרן ויוסף ודוד,

דערנאך איז דא די שיטה ווי זי איז שטייט אין הוספות צו זהר, אין סוף חלק א', וואס דארטן שטייט אויך די ערשטע דריי טעג אברהם יצחק ויעקב - דער פערטער טאג איז - יוסף, און דערנאך קומט משה ואהרן ודוד.

דערנאך איז דא א דריטער סדר, וואס ער שטייט אין זהר אין פרשת פנחס.

[וואס דאס איז דאך די צוויי ערטער אין תורה פון פרשת המועדים, אין פרשת אמור און אין פרשת פנחס]

וואס דארטן שטייט דער סדר אברהם יצחק ויעקב, משה ואהרן און דוד ושלמה.

[וואס דאס איז וואס מ'האט אויך דערמאנט אין דער צווייטער נאכט דער ענין פון שלמה בקשר צו אושפיזין].

און ווי מפרשי הזהר זיינען מעמיק בזה און שקו"ט בזה, דער חילוק צווישן די דריי שיטות.

ע"פ האמור אבער, בנוגע לענינינו, איז פון דעם פערטן טאג אן איז אלו ואלו דברי אלקים חיים, איז דא דער סדר ווי אראפגעבראכט אין די סידורים, אז דער אושפיז איז דאס משה רבינו,

און דערנאך איז דא אויך דער סדר ווי ער זאגט אין זהר אין די הוספות צו חלק ראשון, דער אושפיז איז דאס דעמאלט יוסף,

וואס כאמור אלו ואלו דברי אלקים חיים -

האט מען א סיוע מיום זה, ומיום רביעי ואילך איז אלעמאל דא צוויי אושפיזין, און ביום האחרון איז דא דער ענין אויך פון שלמה, אפילו נאך דערויף, אויך צוויי אושפיזין.

וואס בנוגע לענינינו וואס נשיא דורינו איז דאך דאס כשמו כן הוא אז טוב עין הוא יבורך כי נתן מלחמו לדל, וואס דאס גייט דאך אויף ליוסף אמר מבורכת הוי' ארצו, דער שם אשר יקראו לו בלה"ק פון נשיא דורינו,

האט מען אן ענין מיוחד, נוסף אויף זיין נשיאות במשך כל השנה כולה, כולל אויך ימי הימים טובים, כולל אויך חול המועד,

איז בשעת עס קומט נאך במיוחד אז בא אן אורח נכבד, אין אן אופן מיוחד ביום זה, און אלס אן אושפיז, אין דער סוכה, און אויך ווען מ'גרייט זיך גיין אין סוכה -

האט מען דאך דעמאלט נאך יתר שאת און יתר עז אין די ברכות און הבטחות און נתינת כח פון דעם אושפיז פון יוסף,

וואס דערנאך קומט דאס אראפ בא די וואס זיי ווערן אנגערופן מיט דעם נאמען בצדק און ע"פ תורה און ע"פ תורת חיים און תורת אמת,

נוסף צו דעם ענין השוה לכל נפש - וואס דאס איז דער אושפיז פון משה.

וואס בכללות צווישן משה ויוסף, בהנוגע אין הנהגתם פון אידן, איז דאך בפשטות, וואס דאס פארשטייען אנשים און נשים און אפילו טף - אז משה רבינו איז געווען ענינו - כשמו - משה רבינו - אז תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב,

בהנוגע צו יוסף'ן זאגט מען נוהג כצאן יוסף, איז דער מדרש מבאר אז דורך יוסף האבן זיך אידן אויפגעהאלטן בשעת ס'איז געווען דעמאלס ויכלכל יוסף, און אויסגערעכנט אפילו לפי הטף,

וואס דורך דערויף איז די פעולה נמשכת אז נוהג כצאן יוסף במשך כל הדורות כולם,

וואס אין וואס איז דעמאלט געווען יוסף'ס השפעה, בפשטות - איז דאס געווען אין ענינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט גשמיות, ווארום בנוגע צו תורה איז

דאך געווען ואת יהודה שלח לפניו גושנה להורות לפניו, ווי רש"י טייטשט אפ - מאכן דעם ענין פון תורה דארטן.

וואס בכללות איז דאס די כל השפעות רוחניות.

און דערנאך קומט דאס אויך אראפ, וואס דערפאר איז דאס שוה לכל נפש - דער ענין פון אושפיז פון משה.

דערנאך נשתלשלו מהן - קומט דאס אויך אראפ אין השפעות גשמיות, ביז אפילו לפי הטף, וואס דאס איז דער אושפיז פון יוסף.

ובפרט נאך וואס נשיאי חב"ד, ביז נשיא דורינו דער רבי דער שווער, איז דאך געווען ענינו בײדע זאכן, סיי דער ענין פון רבינו, אויף להשפיע די השפעות רוחניות, אנהויבנדיק פון לימוד התורה, נגלה דתורה, אנהויבנדיק פון אל"ף בי"ת, ביז רזין דאורייתא און רזי דרזין.

צוזאמען דערמיט אויך - השתדלות בטובתם אפילו בטובת פון טף בפשטות, אפילו בטובת פון טף ברוחניות בידיעת היהדות.

וואס לא לדרשה קאתינא, מ'דארף דאך האבן דעם מעשה בפועל - זאל מען וויסן אז בהוספה להטעמים האמורים קומט נאך צו נאך א טעם אויף להוסיף אין דער שמחה פון בית השואבה היינט ביינאכט, נאכמערער ווי אין די פריערדיקע דריי טעג.

און דאס איז אז דער שיעור תורה, שיעור חומש, פון היינטיקע נאכט (פון דעם טאג שלאחריו) הויבט מען אן דעם דריטן מאל די פרשה וזאת הברכה אשר ברך משה, וואס בתלתא זימנא הוי חזקה.

און אין תחלת הפרשה ווערט דאך בכלל כל הפרשה.

און בפרט אז אויך אין פשוטם של דברים איז וזאת הברכה אשר ברך משה גייט דאך דאס סיי אויפן שיעור וואס איז פארבונדן במיוחד מיט יום ראשון (מיטן פערטן שיעור), ביז עד הים האחרון, ביז צו סוף הסדרה איז דאס אלץ נכלל, אויך אין פשטות הדברים, אין וזאת הברכה אשר ברך משה.

ויה"ר, אז פון דעם דיבור זאל ארויס בפועל, אז עס זאל זיין די שמחת בית השואבה פון היינט ביינאכט נאך ביתר שאת וביתר עז אפילו לגבי די שמחה בית השואבה שבשלשה ימים הראשונים.

און די הוכחה דערפון זאל זיין - אז דאס וועט ברענגען א פעולה נמשכה על כל ימי הסוכות, כולל אויך הושענא רבה ושמיני עצרת און שמחת תורה.

און פון דעם חודש תשרי הכללי - על כל ימות השנה, שנת הקהל.

און אנהויבנדיק אז דאס זאל אראפברענגען, למטה מעשרה טפחים, דעם בית המקדש, וואס ער איז בנוי ומשוכלל, דעם מקדש אדנ' כוננו ידיך, דערפאר וואס עס וועט זיין דער נגאלין מיד, בלשון הרמב"ם -

גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

און מ'וועט פראווען דעם הקהל את האנשים והנשים והטף, וואס לכמה דעות איז דאך דאס ביז יום הרביעי, ביז וואנעט אויך די דעה אז דאס קען זיין במשך כל ימי החג.

און דער עיקר - אז עס זאל זיין דער ענין בפועל, וואס דאס איז דאך תלוי אן מעשינו ועבודתינו בזמן הגלות, אז בא יעדער אידן זאל זיין אור במושבותם נאך אין גלות זייענדיק,

בא יעדער אידן זאל זיין מועדים לשמחה, וואס דאס איז אויך כולל חול המועד, ווי דער אלטער רבי פסק'נט אפ אין שו"ע, אפילו בזמן הגלות,

און דאס וועט פורץ גדר זיין ביי אים בכל עניני יהדות, אין לימוד התורה וקיום מצוותי' בהידור,

וואס דאס וועט נאך צוהיילן אויף פורץ זיין די גדרי הגלות און זיי אינגאנצן מבטל זיין, וכיתרון האור מן החושך של הגלות וכיתרון החכמה מן הסכלות של הגלות,

און גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו מיט א שטורעמדיקן טאנץ, ושמחת עולם על ראשם,

במהרה בימינו ממש.

טרם צאתו התחיל לנגן ופרצת.

* * *

בס"ד. שיחת י"ח תשרי, אור ליום ב', ג' דחוהמ"ס, תשמ"א.

הנחה פרטית בלתי מוגה

שמחת בית השואבה, וואס דאס איז דאך געווען בכל ימי חוה"מ, און ס'דארף אויך זיין בימי שבת ויו"ט, נאר מצד א גזירה דרבנן האט מען דאס דעמאלט ניט געמאכט,

און ווי געדעדט כמ"פ, אז מ'קען דאך ניט זאגן אז מצד א גזירה נעמט מען צו ביי א אידן ח"ו א גוטע זאך, עאכו"כ אזא זאך ווי א שמחה של מצוה, און א שמחה של מצוה אויך נאך ביתר שאת וביתר עוז, אזא שמחה אויף וועלכע מ'זאגט אז מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו, וועט מען דאס ביי אים ח"ו צונעמען?!

איז דער ביאור אויף דעם, ע"ד ווי מ'איז מבאר בא יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת, אז דעמאלט איז אין תוקעין במדינה, אז דעמאלט איז ניטא דער ענין פון תק"ש, איז דאס ניט ח"ו אז עס ווערן ניט אויפגעטאן די ענינים וואס תק"ש טוט אויף,

וואס דאס איז דאך בנוגע אויף כל השנה כולה, ווארום דורך תק"ש איז דאך דעמאלט תמליכוני עליכם ובמה בשופר, דערמיט מאכט מען דעם אויבערשטן פאר מלך ישראל, און דערויף - אויך מלך כל הארץ,

קען מען דאך ח"ו ניט זאגן אז דערפאר וואס ר"ה חל להיות בשבת, וועט אין דערויף עפעס ח"ו ניט זיין מיסן גאנצן שטורעס,

נאר דער ביאור בזה איז, אז דעמאלט ווערט דאס אויפגעטאן דורך דעם עצם ענין פון שבת ויו"ט, דארף מען ניט אנקומען צו תק"ש,

ואדרבה, וויבאלד אז דאס ווערט אויפגעטאן מצד אן ענין מן השמים, ווי "שבת מקדשא וקיימא", וכיו"ב - איז אט דעמאלט ווערט דאס אויפגעטאן נאך מיט מער שלימות,

דער ענין תמליכוני עליכם, בנוגע צו יו"ט שר"ה שחל בשבת, וואס שבת טוט אויף אט דאס וואס ווען ר"ה איז בימות השבוע ווערט דאס אויפגעטאן דורך תק"ש, און מיט נאכמער שטארקייט, וויבאלד אז דאס איז בידי שמים,

און דערפון אויך פארשטאנדיק, אז שמחת בית השואבה בשעת זי ווערט ניט געפראוועט בשבת וביו"ט בזמן שביהמ"ק הי' קיים אין ביהמ"ק, איז דאס ניט וואס דעמאלט האט ח"ו געפעלט אין ענינים וואס שמחה טוט אויף - נאר אדרבה, דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון שבת און דורך דעם ענין פון יו"ט,

און וויבאלד אז דאס ווערט אויפגעטאן אזוי ע"פ גזירת התורה, אדער דורך גזירת רבנן, וואס זיי זיינען דאך מקבלי התורה ומוסרי התורה פון משה רבינו אן וואס קבל תורה מסיני - ווערט דאס אויפגעטאן נאך ביתר שאת וביתר עוז.

וואס דאס איז אויך א ביאור נוסף, וואס מ'זאגט אז בשעת ס'איז דא א מעגליכקייט ע"פ תורה צו מאכן דעמאלט אויך א שמחת בית השואבה - איז אט דעמאלט קומט דאס נאך מיט א הוספה,

אז נוסף אויף דערויף וואס עס ווערט אויפגעטאן מצד שבת ויו"ט, זאגט נאך הורה, אז מצד דעם ענין וואס מ'איז אין חו"ל וכיו"ב, ווי גערעדט באריכה במשך פון די שני ימים טובים ובמשך יום השבת - איז נאך צוגעקומען נאך א שמחה נוספת

דורך רערויך וואס אידן האבן זיך משמח געווען שמחת בית השואבה באופן המותר ע"פ תורה, במילא ווערט דאס א זכות און א חיוב ע"פ תורה - אויך ביו"ט ושבת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווילבאלד ווי דערמאנט פריער, ס'איז דא דער אנזאג להעלות בקודש, אז אין אלע ענינים וואס זיי זיינען פארבונדן מיט הייליקייט, וואס דאס איז קדושת התורה וקדושת המצות, וואס זיינען געגעבן געווארן צו דעם גוי קדוש דורך אלקים קדושים, פון דעם אויבערשטן,

איז נאך צוגעקומען א להעלות בקודש אויף דעם שמחה בשמחת בית השואבה ביו"ס ראשון של חג, וואס דערנאך איז צוגעקומען נאך די הוספה אין דער שמחת בית השואבה פון יו"ט שני של חג, און דערנאך איז נאך צוגעקומען אן עלי' והוספה אין דער שמחת בית השואבה פון יום שבת קודש, און דערנאך איז נאך צוגעקומען א שמחה אין שמחת בית השואבה פון מוצאי שבת קודש,

וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט "מלכא משיחא", וואס דערפאר איז דאך דעמאלט די סעודתא דדוד מלכא משיחא, ווי עס שטייט דער לשון אין סידור האריז"ל,

איז דאס אלץ מיום ליום אלץ מערער און מערער.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז דערנאך קומט א שמחת בית השואבה, וואס נאך די אלע פיר שמחות בית השואבה - קומט דער פעם החמישית, בדוגמא פון דער הפלאה פון ענין של חמש, ווי דערמאנט בנוגע ליוהכ"פ,

וואס סוכות איז דאך פארבונדן מיט יוהכ"פ, ווי גערעדט בארוכה פריער וואס עס ווערט דערקלערט פון רבותינו נשיאינו, גענומען פון זוהר וספרי קבלה, אז די סוכה, וואס זי נעמט ארום און דעקט צו, איז דאס בדוגמא פון כיסוי ענן הקודש, דער ענן וואס האט צוגעדעקט די אלע ענינים ביום הקדוש ביוהכ"פ,

אבער דעמאלט איז דער ענן געווען און האט זיך געזען בעיני בשר מערניט ווי אין קודש הקדשים, דער מקום אחד ומיוחד במקום אין וועלט, אין ארט,

דערנאך טוט אויף פון דעם "בכסה", וואס ס'איז דעמאלט געווען פאבאהאלטן אין קודש הקדשים, ווערט דאס דערנאך בגלוי, אז עס ווערט אוועקגעשטעלט א צודעק, א סוכה,

וואס דער עצם אפטייטש פון "סוכה" איז דאך פון לשון מסך ויסך וכיו"ב, וואס דער אפטייטש איז צודעקן,

וואס דאס זעען אלע, ווארום דאס שטייט בחוץ, ניט אין א בית דירה, און דאס ווערט אפילו געזען פון עמי הארץ: אז עס גייט דורך א ניט איד, דערזעט ער אז עס שטייט אזא זאך וואס א איד גייט אהינצו אריין אינעווייניק און דאס באדעקט אים און דאס באשיצט אים מכל הצדדים,

און בשעת ער פרעגט וואס דאס איז, וואס ס'איז דאך ניט פארשטאנדיק אין שכל וואס מ'גייט אריין אין סוכה ניט אין אנהויבס זומער, ווען עס הויבט זיך אן דער זמן החמה, ימות החמה, און וואס דעמאלט איז געווען די יציאה, בהוציאי אותם מארמ"צ, און מ'ווארט אריבער די אלע הייסע טעג, און ערשט דערנאך, אז עס הויבט זיך אן די קילערע טעג, דעמאלט ערשט גייט מען אריין אין א סוכה,

דערציילט מען אים, אז דאס איז א הייליקע זאך, און דאס איז אנגעזאגט געווארן און דאס איז גענומען געווארן, ווי דער אלטער רבי הויבט אן הלכות סוכה אין שו"ע, פון דעם ענין פון ענני הכבוד, וואס דאס איז געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן, ווי געזאגט פריער פון אלקים קדושים, געגעבן געווארן ענני כבוד אויף באשיצן אידן בהוציאי אותם מארמ"צ,

און דערנאך ווערט דאס מידי שנה בשנה, דערמאנט מען נאכאמאל א אידן, וועגן דעם אלעם,

און מיט דער אונטערשטרייכונג, אז למען ידעו דורותיכם, דאס איז ניט נאר א זאך אין וועלכע ער האט אמונה שלימה ופשוטה, נאר פון דער אמונה קומט דאס ביי אים אראפ אויך אין ידיעה, אז דאס ווערט פארשטאנען פון זיין שכל,

און אין שכל גופא - ווערט דאס פארשטאנען ביז אין אן אופן פון ידיעה, ווי דער אלטער רבי טייטש אפ אין ספר תניא קדישא דילי', אז דאס איז יתקע מחשבתו בחוזק, ער פארשטייט דאס מיט דער גאנצער שטארקייט אויך שטארקייט פון שכל, וואס דערפאר ווערט דערפון גלייך די אהבה ויראה וענפיהן, קומט דאס גלייך אראפ אין הארצן, סיי אין דער תנועה פון אהבה סיי אין דער תנועה פון יראה, וענפיהם, ביס אלע זייערע אפשפיגלונגען,

ביז דאס קומט אראפ אין מעשה בפועל, און ווי דערמאנט פריער - אז מ'גייס ארייין אין סוכה געפינט ער זיך דארטן, בשעת מ'איז מקיים מצות סוכה בשלימותה, געפינט ער זיך דארטן סיי זיין קאפ און סיי זיין הארץ און סיי זיינע פיס, און אפילו די נעליים, אפילו די שיך, וואס זיינען די לבושים אויף דער פוס - געפינען זיך אלע ארומגערינגלט מיט דעם ענין פון דער סוכה,

וואס דאס איז דער ענין פון ענני הכבוד, געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן צו אידן.

און אין אן אופן פון ידעו דורותיכם, אז פון דעם ערשטן מאל וואס מ'האט דאס מקיים געווען און געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן איז דאס שוין דעמאלט געווען אין אן אופן אז ס'איז א זיכערע זאך אז אלע דורות פון אידן, צי עס וועט זיין בזמן שביהמ"ק קיים, צי בשעת מ'וועט זיין אין גלות, צי אפילו מ'וועט זיין אין גלות אין א צייט ווען החושך יכסה ארץ וערפל לאומים, אז אין וועלט איז טונקל און פינסטער און מ'זעט ניט די אמת'קייט וואס עס טוט זיך ארום זיך -

וועט זיין בא אידן די באשיצונג פון דער סוכה, און אין אן אופן אז כל עמי הארץ וועלן זען ווי אזוי אידן געפינען זיך אין א סוכה.

און דאס וועט זיי ברענגען אז עס זאל זיין דער יחס של כבוד, גענומען בדוגמא פון ענני הכבוד, ביז אין אן אופן אז והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך, אז די גרויסע צווישן זיי און די גאר וויכטיקע צווישן זיי, ביז אפילו זייערע פירער און מלכים, וועלן פארשטיין אז דאס איז זייער בבוד און דאס איז זייער שליחות און דאס איז זייער תפקיד - זעט אז א איד זאל האבן אלץ וואס ער דארף, און זאל דאס האבן אין א אן אופן של כבוד,

און זאל קענען דורכפירן זיין שליחות אין וועלט, אז כאטש אפילו החושך יכסה ארץ - באלייכט דער איד די וועלט מיט דער אמת'ער ליכטיקייט, וואס דאס איז נר מצוה ותורה אור, דורך דער ליכטיקייט פון תורה וואס זי איז תורת אמת,

און וואס זי באלייכט די וועלט אז מ'זאל דערקענען אז די וועלט האט דעם איין און איינציקן בעה"ב, וואס דאס איז דער אויבערשטער.

וואס ער איז מלך ישראל און מלך על כל הארץ, וואס אידן האבן אויפגעטאן אין דעם ר"ה לפני זה אין דעם "בכסה", און דערנאך ווערט דאס נתגלה אין די טעג פון "ליום חגנו", וואס סתם חג מיינט מען דאך, ובפרט דא, די טעג פון ימי הסוכות,

און מתגלה נאך אין אן אופן של שמחה, אז אפילו עמי הארץ ווערט בא זיי אויך גע'פועל'ט, ווי מ'זאגט אין הלל, אז הללוהו כל האומים כי גבר עלינו חסדו,

אז מ'זעט בחג הסוכות ווי אזוי אידן זיינען באשיצט ביז אין אן אופן אז גבר עלינו חסדו - פועל'ט דאס אויף אזויפיל אז הללו את ה' כל גוים שבחוהו כל האומים, אז אפילו די פעלקער אורם אנערקענען אויך ווי אזוי דער אויבערשטער איז בעה"ב פון דער גאנצער וועלט,

און ער איז דער גדול הרועה ששומר את הכבשה, ער שטילט אין אן אופן פון גדלות און אין אן אופן פון "רועה", וואס ער פיטערט און ער פירט אן און היט אפ דעם שה פזורה ישראל, אפילו ווען אידן זיינען פאנאנדערגעשפרייט ווי א שה צווישן שבעים אומות, ווערן זיי אויך אפגעהיט און באשיצט מזרם וממטר, פון אלע-ערליי ענינים וואס זיי זיינען ניט רצויים, כדי ער זאל קענען דורכפירן זיין שליחות ווי געזאגט פריער, באלייכטן די גאנצע וועלט,

דורך דערויף וואס ביי אים איז דא די תורה בשלימות און די מצות בשלימות,

ווי זיי ווערן אויך אויסגעדריקט, וואס בסוכות איז דאך דא דער ולקחתם לכם, אז מ'נעמט די ד' מינים, וואס ווי דער מדרש טייטשט דאס אפ באווייזט דאס אויף די ד' סוגים אין וועלכע אידן ווערן פאנאנדערגעטיילט,

אנהויבנדיק און כולל אט די וואס מ'מאכט נטילת לולב, וואס דאס גייט דאך אויף די וואס ענינם איז ת"ח, זיך אפגעבן מיט לערנען תורה, ביז גאר דעם פשוט'ן סוג, ביז דעם פשוט שבפשוטים,

און פון זיי אלע צוזאמען ווערט אן איין און איינציקע מצוה, און מיט אט דער מצוה איז מען מנענע לששה קצוות, אין אלע פיר זייטן (אין רוחות) פון דער וועלט, און צו מעלה און מטה, אז א איד דורך תורה ומצוות ווערט ער בעה"ב סיי למעלה כביכול סיי למטה, און אין אלע פיר ווינקלען און זייטן פון דער וועלט, ווארום אומעטום ברייגנט ער אריין א מצוה פון דעם אויבערשטן, ווי אויסגעדריקט אין דער מצוה פון ולקחתם לכם, וואס זי איז דאך פארבונדן בחמשה עשר בחודש, מיט די טעג פון סוכות,

אן טוט דאס אין אז א אופן אז ער איז דער וואס ברייגנט דאס אין די אלע ששה קצוות.

און ער איז דער וואס איז דערנאך מסיים, ווי מ'זאגט דאס דערנאך בבית הכנסת, למען דעת כל עמי הארץ, אז דורך דערויף וואס מ'זאגט הלל מיט די ד' מינים, און דערנאך די הושענא, איז דערנאך דער סיום און דער סך הכל אז מ'האט אויפגעטאן אז אלע פעלקער פון דער וועלט ווייסן אז הוי' הוא האלקים, און "אין עוד", דאס איז די איין און איינציקע זאך וואס געוועלטיקט אין וועלט און פירט אן מיט דער וועלט, און דאס איז מקיים און מהוה די גאנצע וועלט און אלץ וואס געפינט זיך אין איר בכל עת ובכל רגע מאין ואפס ממש, ווי די תורה פון בעש"ט, ווי אראפגעבראכט אין שעהיוה"א גלייך אין אנהויבס,

און דאס ווערט אזוי אויפגעטאן אין די טעג פון סוכות - אז מ'נעמט דאס דערנאך על כל השנה כולה, אז דער גאנצער יאר ווערט א יאר וואס "דעה כל עמי הארץ" אז "הוי' הוא האלקים אין עוד".

וואס דער ענין ווי געזאגט פריער די שמחת בית השואבה, איז א טייל פון חג הסוכות, ואדרבה, ער קומט נאך דערויף ווי ס'איז דא דער ענין אז מ'גייט אריין אין סוכה, אז עס ווערט די מצות סוכה, וואס דאס איז דאך דער ערשטער רגע וואס עס הויבט זיך אן דער בסוכות תשבו שבעת ימים, די זיבן טעג פון סוכות,

און ערשט דערנאך איז דא די שמחת בית השואבה - ביי נאכט, און ערשט דערנאך, אויף מארגן אינדערפרי איז דא דער "ולקחתם לכם", וואס מ'נעמט די ד' מינים און מ'איז מקיים נטילת לולב, דעם אתרוג און דעם לולב און די הדסים און די ערבות,

און ערשט דערנאך קומט נאך צו, דער להעלות בקודש, די הוספה אין שמחת בית השואבה מיום ליום.

און מיט וואס פארבינדט מען אין סוכה גופא דער ענין פון דער שמחה - איז דאס פארבונדן מיט בית השואבה, מיט דעם שעפן וואסער וואס מ'האט געשעפט פון דעם "שילוח", כדי דערנאך מנסך זיין על המזבח דעם ניסוך המים, כדי מ'זאל דערנאך אינדערפרי קענען גיסן דעם וואסער אויפן מזבח אין ביהמ"ק.

און דאס ווערט איינע פון די פיר הייליקסטע עבודות אין ביהמ"ק, ביז וואנעס ווי דער רמב"ם פסק'נט אז ס'איז אינגאנצן דא פיר עבודות אויף וועלכע דער חיוב פון כהונה איז מיט דער גאנצער שטארקייט און מיטן גאנצן שטורעם, אז א זר, א פרעמדער, ווערט דאס היפך פון זיין מציאות, היפך פון זיין חיים, אז ער טוט די עבודה, און איינע פון די פיר עבודות איז דאס ניסוך המים!

ווי גערעדט מערערע מאל איז דאך א כלל אין תורה אז המעשה הוא העיקר, אז פון יעדער ענין דארף מען אראפנעמען און אפלערנען אן אנווייזונג אין טאג טעגליכן לעבן און בנוגע אויך למעשה.

דערפון אויך פארשטאנדיק, ובמכ"ש ועאכו"כ, צו ענינים כלליים, ווי דערמאנט פריער - דער ענין פון סוכות, און אין סוכות גופא - דער ענין פון סוכה און שמחת בית השואבה און ד' מינים און ניסוך המים.

וויבאלד אז זיי זיינען אלע פארבונדן מיט סוכות, איז דאך פארשטאנדיק אז די התחלה אין דערויף הויבט זיך אן פון דעם ענין פון סוכה.

און ווי גערעדט פריער, אין דעם אלעם ווערט אונטערשטראכן, ווי אזוי א איד איז בעה"ב אויף וועלט און טבע, ניט ח"ו ער ווארפט זיך אונטער טבע.

ביז וואנעט אז מ'זעט דאס אויך בגלוי, אז אתם המעט מכל העמים, וואס דאס איז דאך געווען אלעמאל אפילו בזמן שביהמ"ק הי' קיים, אויך ווען קיימא סיהרא באשלמותא, אין ימי שלמה, וואס שלום יהי' בימיו, איז אויך געווען המעט מכל העמים.

האט מען געזען אויך בעיני בשר, אז פון אלע עקן וועלט האט מען אים געטראגן מתנות און מסים, אויף באווייזן אז מ'אונטערווארפט זיך אים, און מ'גיט אים אפ דעם גרעסטן כבוד, ווארום מ'זעט אז וישב שלמה על כסא ה', אז שלמה איז א מלך מיט דער שטארקייט וואס עס זיצט אויף דעם כסא, וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן.

וואס דערבון איז אויך די ערשטע אפלערנונג פאר יעדער איד, וואס מ'זאגט אז פונקט ווי ס'איז געווען דער ביהמ"ק הכללי אין דער וועלט, אזוי איז דא בא יעדער אידן דער ביהמ"ק הפרטי, וואס דאס איז דער ושכנתי בתוכם, די אידישע הארץ, און פנימיות לבבו, וואס דארטן רוט די שכינה און דארטן רוט דער אויבערשטער,

איז בשעת ביי אים געוועלטיקט דאס, און ליבא פליג לכל שייפין, אז דערפון און מיט דעם ווערט אנגעפירט אלע זיינע אברים, וואס דורך דערויף ווערט דערמיט אנגעפירט זיינע מעשים, אפילו דיבורים און אפילו מחשבות -

איז אט דעמאלט בדוגמא ווי ס'איז געווען בא מלך שלמה, וואס דער מלך איז דאך כללות הכל, אדער לבם של כל ישראל, און ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ פון כתבי האריז"ל אז דער מלך, אין די מצוות המלך, איז ער מוציא את כל ישראל, דערפאר וואס ער איז, אין דעם ענין, דער פארשטייער און דער בא כח און דער שליח פון יעדער איד און אלע אידן,

איז דערפון אויך פארשטאנדיק, אז בשעת א איד בויט אויף זיין טאג טעגליכן לעבן אין אן אופן אז דאס ווערט א ביהמ"ק, דערפאר וואס ס'איז דא דער ושכנתי בתוכם, עס רוט געטליכקייט אין זיינע אלע מעשים, דורך דערויף וואס דער אויבערשטער רוט און פירט אן מיט זיין הארץ, און דורך דערויף בכל שייפין, מיט אלע זיינע מעשים,

איז אט דעמאלט פועל'ט דאס, דורך דערויף וואס ביי אים איז דא די שלימות פון דעם אויבערשטן, און דאס דריקט זיך אויס אין שלימות התורה, אז זיי לעבן איז א גאנצער, ווארום ער פירט זיך אינגאנצן לויט דער שלימות, די גאנצקייט, פון תורה,

קומט דאס דערנאך אראפ אין שלימות החיים שלו, אז ער האט א גאנצן לעבן, און אויך ווי דער צווייטער אפטייטש - א לעבן דורכגענומען מיט שלום, ווארום ס'איז דא ביי אים דער שלום בפמליא של מטה צוזאמען מיט פמליא של מעלה, אז בכל לבבך בשני יצריך, האט ער געמאכט צווישן זיי שלום, דורך דערויף וואס ער האט מהפך געווען אז אויך דער יצר וואס ער איז היפך פון יצר הטוב איז ער געווארן אתהפכא און העלפט אים ארויס אין דינען דעם אויבערשטן,

ווערט דאס א שלום אמיתי, וואס דאס איז נאכמער מוסיף אין דעם שלום וואס איז דא נאך פאר זיין עבודה, וואס עולם על מילואו נברא בשלימותו,

וואס דערפאר איז דא אויך גלייך אנהויבנדיק פון סוכה, זאגן מיר דאך אין דער תפלה, און ס'איז מיוסד אויף כמה פסוקים, אז בשעת מ'זאגט סוכה, מיינט מען און מ'טראכט און דאס איז דער ענין פון "סוכת שלום".

און פארוואס איז דאס סוכת שלום - ווי מ'זאגט אויך אין דער תפלה "ופרוס עלינו סוכת שלומך", דאס איז דער שלום געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן, ווארום דאס פירט זיך לויט די אנווייזונגען פון דעם אויבערשטן,

און אט דעמאלט ברייננגט דאס אראפ די אמת'ע סוכת שלום אויך אין וועלט.

וואס דא קומט דער מאמר המוסגר וואס מ'דארף דאס במיוחד באווארענען,

ווי באלד אז מ'געפינט זיך אין א צייט וואס החושך יכסה ארץ, איז דא אמאל אידן וואס האבן ר"ל א טעות און זיי מיינען אז מ'קען ברייננגען שלום היפך התורה, היפך ההנהגה לויט א פס"ד ברור אין שו"ע, ביז א פס"ד ברור אין שו"ע או"ח, הלכות שבת סימן שכ"ט,

וואס דער אויבערשטער האט דארט אנגעוויזן קלאר און דייטלעך, ווי אזוי מ'דארף זיך פירן, אז מ'דארף זיך שטעלן "קוממיות", מיט דער גאנצער שטארקייט, ווארום דאס איז ניט קיין שטארקייט פון כחי ועוצם ידי, דאס איז די שטארקייט פון א פס"ד אין שו"ע,

און בשעת מ'שטעלט זיך מיט אט דער שטארקייט איז דוקא אט דאס איז די איינציקע וועג עס זאל זיין ונתתי שלום בארץ, ווארום עס וועט זיין דער תפול עליהם אימתה ופחד, דערפאר וואס דאס איז בגדול זרועך, ניט כחי ועוצם ידי, נאר מ'גייט מיטן פס"ד פון שו"ע,

אז אט דעמאלט וועט ווערן פון דער אימתה ופחד - א יראת הכבוד, ווארום ראו כל עמי הארץ כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך, וואס דאס איז א יראת הכבוד,

אז כאטש מ'הויבט אן מיט דעם ענין וואס מ'שטעלט זיך מיט א תוקף, און מ'באווייזט אז מ'האט נשק גשמי, וויבאלד אז דער אויבערשטער וויל אז בזמן הגלות זאל מען אויך טאן בדרך הטבע וואס מ'דארף טאן כדי מ'זאל מורא האבן זיך צורירן

צו אידישקייט, אנרירן א אידן, און אנרירן א זאך וואס געהערט צו אידן, און טאן דאס אין אן אופן, ווי געזאגט, ע"פ שו"ע -

איז אט דעמאלט קומט דערפון ארויס דער אמת'ער יראת הכבוד פון אלע פעלקער, און פון יעדער פאלק, ניט קוקנדיק וואס זיי האבן גערעדט מיט א ווילדע פריער, ווערט דאס גלייך איבערגעקערט, ווארום ס'איז עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום, דערפאר וואס עמנו א-ל, מ'גייט מיטן פס"ד אין שו"ע און מ'פירט זיך אזוי,

און מ'ערקלערט גלוי לעיני כל העמים, אז כאטש אפילו מ'איז מפוזר ומפורד בין העמים, ווארום מ'געפינט זיך אין גלות,

און פארוואס געפינט מען זיך דארטן איז דאס מערניט דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אונז אהינצו געשיקט, ביז ח"ו אז עס קען זיין אז אימעצער פון די שבעים אומות זאל האבן מצ"ע א שליטה און א יכולת עפעס אנרירן א אידן, מערניט ווי דער אויבערשטער האט אזוי געוואלט, דערפאר געפינט מען זיך אין גלות,

און דערפאר ריכט מען זיך אז בשעתא חדא וברגעא חדא איז מיד הן נגאלין, ווארום אידן, דורך שלימות התורה, זיינען מבטל די סיבת הגלות, וואס דאס איז די איין און איינציקע סיבה - "מפני חטאינו גלינו מארצנו",

און אין דער רגע וואס מ'איז מבטל די סיבה, איז לא עכבם אפילו כהרף עין, ווי עס שטייט בא ימי צאתך מארץ מצרים, אזוי אויך אראנו נפלאות באם ארויסגיין פון דעם גלות,

אז בשעתא חדא וברגעא חדא קומט משיח צדקנו און ער איז מבטל דעם חושך הגלות מיט דעם גלות, און עס ווערט גלייך די **אתחלתא** דגאולה ערשט דעמאלט, און דערנאך די גאולה עצמה, און דערנאך דער קיבוץ גלויות, און נאך פאר דעם דער יבנה ביהמ"ק במקומו,

ווי אויך דער קלארער פס"ד אין "יד החזקה" פון דעם "מורה נבוכים" פון אלע דורות, אט די וואס זיינען אליין צוטומלט, אדער די וואס ווילן פארטומלען אנדערע - איז א קלארער פס"ד פון "מורה נבוכים", וואס ער האט דאס ארויסגענומען אלס א פס"ד פון תורה אין "משנה תורה", וואס דאס איז דער נאמען פון זיין ספר,

און האט דאס אויך א נאמען געגעבן "יד החזקה", מ'זאל וויסן זיין אז מ'האט זיך ניט וואס צו רעכענען מיט קליינע חשבונות ניט, ווארום בשעת מ'גייט מיט דעם כח פון דעם אויבערשטן ווערט דאס דער "יד החזקה" און דאס געוועלטיקט איבער אלע חשבונות, איבער אלע פעלקער און איבער דער גאנצער וועלט.

און עס ווערט אויסגעפירט דוקא ווי דער אויבערשטער וויל, אז פריער קומט משיח צדקנו, און ער איז ערשט דער ילחם מלחמות ה' וינצח, אט דעמאלט ווייסט מען משיח ודאי, און דעמאלט איז נאך דא דער ענין פון מלחמת ה', ווארום ס'איז נאך גלות,

און ערשט דערנאך, בשעת וינצח, משיח בן דוד, ווייסט מען ערשט דעמאלט אז איצטער איז דער רגע וואס א רגע לאח"ז ענדיקט זיך קץ שם לחושך, דער חושך הגלות,

און ערשט דערנאך איז יבנה ביהמ"ק במקומו ויקבץ נדחי ישראל, עס ווערט דער אמת'ער קיבוץ גלויות.

און אויך בזמן הגלות, ווי געזאגט פריער, איז דער איין און איינציקער וועג אויף ונתתי שלום בארץ, אז עס זאל זיין דער אמת'ער שלום, אן פחדים, ושכבתם ואין מחריד, און א שלום וואס וועט האבן א קיום, און א שלום וואס וועט זיין גוט פאר

אידן, און אויך דער איין און איינציקער שלום וואס איז אויך גוט פאר עמי הארץ - איז דאס מערניס ווי דער וועג פון תורה, וואס כל נתיבותי' שלום, ניתנה לעשות שלום בעולם, ווי דער קלארער פס"ד אין יד החזקה פון דעם רמב"ם, אז דאס איז דער איין און איינציקער וועג פון מאכן שלום אין וועלט,

ודבר אלקינו יקום לעד, די אלע עצות ר"ל אויף אנרירן שלימות הארץ, די גאנצקייט פון ארץ הקדושה, ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה.

וואס דורך דערויף רירט מען אן שלימות התורה ר"ל, די גאנצקייט פון תורה, ביז ווי זי איז ארויסגעגעבן געווארן "כשולחן ערוך לפניהם", א קלארער פס"ד,

סיי בנוגע ווי אזוי עס וועט זיין די אתחלתא דגאולה, אז דאס וועט זיך אנהויבן דורך משיח צדקנו, און נאך דערויף וואס מ'וועט זען אז יכוף כל ישראל לחזק בדקה, אז ער וועט פועל זיין און וועט דאס דורכפירן אז אידן וועלן זיך האלטן מיט שלימות התורה און שלימות המצוה, וואס דאס איז די אמת'ע מלחמת ה', וינצח.

איז דאס איז די איין און איינציקע וועג אויף ארויסגיין פון גלות,

אבער אויך אין גלות האט דער אויבערשטער אנגעזאגט אז ער איז דער שומר ישראל, וואס לא ינום ולא יישן, און האט אויך אנגעוויזן א קלארע וועג ווי אזוי דאס קומט ארויס בגלוי, דורך דערויף וואס מ'האלט זיך, ווי דערמאנט פריער, אין שלימות התורה, אין שלימות המצוות.

כולל אויך די מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט סובות, די מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט הלכות שבת ווי דערמאנט פריער, אז אויב ס'איז דא צרים על עיירות ישראל, אז עס קומען צוגיין ביז אידן און שטעלן זיך אויפן גבול פון אן ארט וואו אידן לעבן,

צי דאס איז אין ארץ הקודש, אדער אין חו"ל, ווי די גמ' ברענגט דעם ביישפיל פון נהרדעא, וואס זי איז געווען אין בבל,

און זיי זאגן אז זיי ווילן מערניט אריינגיין אויף א ווייל און דערנאך גייען זיי ארויס, איז אויך דעמאלט, וויבאלד אז מ'זעט אז ס'איז דא א חשש און א ספק, אפילו מערניט ווי א ספק, עאכו"כ אז זיי זאגן קלאר וואס זיי מיינען, אז תפתח הארץ ר"ל לפניהם,

איז אט דעמאלט, סיי אין נהרדעא, סיי אין ארה"ק, שטעלט מען זיך אוועק מיט נשק לויט די הלכות פון שבת,

אזן דאס שרעקט אפ, ווי געזאגט פריער, וויבאלד אז מ'גייט מיט גדול זרועך, איז ידמו כאבן, אז זיי שטייען על מקומם ווי א שטיין, און פאר דערויף איז תפול עליהם אימתה ופחד, אז זיי ציען זיך צוריק און זיי גייען אוועק יעדערער אויף זיין ארט,

און לאזן אידן צורו דורכפירן זייער שליחות פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים.

וואס דאס איז, ווי געזאגט פריער, ווערט אויך אונטערשטראכן נאכמערער אין דער מצוה פון סוכה, וואס זי ווערט אנגערופן מיטן נאמען "סוכת שלום", אז מ'טוט פארקערט ווי דער חשבון פון וועלט איז:

דער חשבון פון וועלט זאגט אז אויב מ'וויל ארייגגיין אין א סוכה, ובפרט נאך אז מ'וויל דאס פארבינדן מיט א קרומן פשט אין תורה - טייטשט ער אפ אז וויבאלד אז דאס איז למען ידעו דורותיכם כי בסוכות הושבתי את בנ"י בהוציאי אותם מארמ"צ - לערנט ער א קרומקייט אין דער הלכה און אין שו"ע, ביז וואנעט אז ער גייט ארום און שרייט אז דער וואס זאגט אנדערש איז ר"ל דברים בטלים, בשעת אט די דברים זיינען א דין אין שו"ע הלכות שבת, און ברייגגט א ראי' פון תורה ווארום בהוציאי אותם מארמ"צ איז געווען בחמשה עשר בניסן,

איז אויב מ'וויל גיין אין א סוכה - דארף מען גיין בחמשה עשר בניסן!

האט גלייך תורה באווארנט, אז דו קענסט דאך האבן א קרומע קאפ און זאגן א קרומע זאך, פון וואנעט ווייסט מען אז דאס איז קרום - ווארום דאס איז היפך א פס"ד אין שו"ע -

זאגט מען אז דו דארפסט זיין בסוכות דוקא אין ימות הגשמים,

ווען אלע שרייען אז מ'דארף ארייגגיין אין אן ארט וואס איז באשיצט פון קעלט, וואס דאס איז דוקא בבית, זאגט א איד, אז אים איז ניט נוגע קיין חשבונות, און אים איז ניט נוגע טבע, דערפאר וואס ער איז בעה"ב אויף טבע,

פארוואס איז ער בעה"ב - ווארום ער גייט מיטן כח פון דעם אויבערשטן און אין זיין שליחות, וואס דער אויבערשטער איז בעה"ב אויף טבע, לה' הארץ ומלואה תבל ויושבי בה, און ווי דערמאנט פריער ווי רש"י טייטשט אפ אז לה' הארץ ומלואה גייט דאס אויף דער ארץ הידועה, אויף ארה"ק, און אויך תבל ויושבי בה, אויף דער גאנצער וועלט, כולל אלע עולמות עליונים ותחתונים -

איז אז ער גייט אין א שליחות פון דעם אויבערשטן, מקיים זיינע הלכות, ניט ארייגמישנדיק אייגענע חשבונות און סברות און קרומקייטן, און איז מקיים דעם דין ווי ער שטייט אין שו"ע הלכות שבת,

איז אט דעמאלט דוקא פירט ער אויס אז עס ווערט א סוכת שלום, ווארום ער גייט אין דער וועג פון תורה, ווי געזאגט, וואס דרכי' דרכי נועם וכל נתיבותי' שלום, דאס ברייגגט צו נועם און קירוב הלבבות,

ניט ר"ל ארייגברייגגען מחלוקת און חילוקים צווישן אידן, און מבטל זיין אידן, און זאגן וועגן א אידן ניט קיין גוטע ווערטער,

איז פארקערט איז דאס היפך דרך התורה,

און דאס ווערט אונטערשטראכן אויך אין דער מצוה פון די ד' מינים, וואס בשעת די גמ' טראכט און וויל ברייגגען א ראי' וואס די ד' מינים זיינען, זאגט די גמ' גלייך דעם כלל, אז עס דארף זיין אזוינע מינים, און דוקא פון זיי קען מען מאכן די מצוה - אויב דאס איז גענומען דורך דרכי נועם,

און אז מ'זעט אז דער וועג ברייגגט צו "פלפלין", צו שארפקייט און ביטערקייט און פאנאנדערטיילן צווישן אידן - איז דאס היפך התורה, און דערמיט קען מען ניט מקיים זיין קיין מצוה, ווארום מ'פירט זיך ניט מיט די מינים, ניט מיט די וועגן וואס זיי זיינען פארבונדן מיט דרכי נועם און נתיבות של שלום!

וואס אט דאס, כאמור, ווערט אויך אונטערגעשטראכן, נוסף וואס דאס איז אין דעם ענין פון סוכה, וואס אויף סוכה זאגט מען "ראויין כל ישראל לישב בסוכה אחת", אז דער ענין פון סוכה איז - אז ער עפנט אויף זיין סוכה און איז מכריז אז ראויין כל ישראל, יעדערער וואס ער איז א בן אברהם יצחק ויעקב, איז פאר אים אפן

זיין סוכה, און ער זיצט מיט אים אין סוכה, און זיצט מיט אים אין סוכה אין א אופן של שלום,

ניט אז ער באווייזט אז ער איז בעה"ב, און מבטל ח"ו א צווייטן אידן, און זאגט אים אז ער איז מערניט ווי אן אורח, און ער דארף צו אים צוקומען, און דערפאר זאל ער זיצן אין ווינקל, און זאל זיך פאר אים אויפשטעלן און אפגעבן אים כבוד - איז דאס היפך התורה, היפך די אושפיזין,

וואס דאס איז דאך אויך דער ענין וואס איז אונטערשטראכן אין ימי הסוכות, וואס דוקא דעמאלט איז אונטערשטראכן דער ענין פון אושפיזין,

און דאס איז במיוחד אונטערשטראכן אין דער היינטיקער שמחת בית השואבה, אין היינטיקן טאג פון סוכות, וואס היינט איז דער אושפיז פון אהרן הכהן,

וואס דער ענין פון אהרן איז געווען, ווי די משנה זאגט אין קלארע ווערטער הוי מתלמידיו של אהרן הכהן, ניט קוקנדיק וואס דיין מעמד ומצב איז, ביז וואנעט אז אפילו ווי ס'איז געווען דער מעמד ומצב פון הלל הזקן, איז דוקא ער מכריז און זאגט אז ס'איז דא א ציווי אז מ'זאל זיין מתלמידיו של אהרן הכהן,

וואס בא אהרן הכהן איז דאך געווען די גרעסטע זאכן, אנהויבנדיק פון יום הכיפורים, אין קודש הקדשים, מקריב געווען דעמאלט, אין אחת בשנה - דער קודש הקדשים צווישן אידן וואס דאס איז אהרן הכהן, ווי ער זאגט אין דברי הימים, מקריב געווען אין קודש הקדשים פון מקום, וואס דאס איז דער קודש הקדשים פון דעם מקדש, און מקריב געווען אין קודש הקדשים פון יאר, וואס דאס איז דער שבת שבתון פון יום הקדוש,

זאגט מען אז מתלמידיו של אהרן הכהן, איז צום אלעם ערשטן וואס מ'דארף נעמען פון אים - איז דאס אוהב את הבריות!

און ווי דער אלטער רבי טייטשט דאס אפ אין תניא פרק "לב", אז דאס איז די וואס האבן מערניט די איין און איינציקע מעלה אז זיי זיינען בריות, ס'איז דא דער אומן שעשאני, דער אויבערשטער האט אים באשאפן,

איז ניט נאר ער רירט אים ניט אן, ניט נאר ער רעדט ניט קיין שווערע ווערטער וועגן אים, און אדרבה, ער איז מלמד זכות אויף אים - נאר נאכמערער - ער איז "אוהב את הבריות", ער האט אים ליב,

און אט דאס איז אנגעזאגט געווארן אין א "דבר משנה", וואס דארט איז גאר ניט שייך זאגן קיין טעות און קיין קרומקייט, ווארום יעדער טעות דארטן איז "טעה בדבר משנה", איז גאר לכתחילה קיין טעות ניט - אויף אזויפיל איז די זאך קלאר און דייטלעך, און ס'איז גאר ניט שייך אין דערויף זאגן עפעס וואס א רמז א פשט'ל א דרייערייל וכיו"ב אין א אנדער אופן,

וואס דאס איז אנגעזאגט געווארן ווי מ'זאגט במיוחד ספעציעל היינטיקע נאכט, וואס דעמאלט הויבט זיך אן דער אושפיז פון אהרן הכהן,

וואס אע"פ וואס די אלע זיבן אושפיזין זיינען דאך דא יעדער נאכט פון סוכות און יעדער טאג פון סוכות, ווי מ'זאגט דאך אין דעם נוסח דעם אושפיז פון דעם טאג, דערנאך זאגט מען "ועמי'", אט די וואס קומען מיט אים צוזאמען - די אנדערע זעקס,.

און ווי ער רעכנט זיי אויס אין זהר (ברוב המקומות) אברהם יצחק יעקב משה אהרן יוסף ודוד,

האט מען אלע זיבן אושפיזין;

ס'איז דאך אבער דא אין יעדער טאג איז דא אט דער אושפיז וואס ער איז בראש, און די אנדערע קומען "וימי", מיט אים צוזאמען.

וואס דאס איז אין דעם טאג אונטערשטראכן דעם ענין פון דעם אושפיז פון אהרן הכהן,

;וואס גלייך בשעת מ'גיט א פרעג ביי א אידן, וואס יעדער איד וויל דאך מקיים זיין וואס עס שטייט אין תורה, עאכו"כ וואס עס שטייט אין א קלארן פס"ד אין משנה, הוי מתלמידיו של אהרן - ברייננגט דאס אים גלייך צו די תוצאה דערפון אז ער זאל זיין אוהב את הבריות ומקרבן לתורה.

און דורך וואס ווערט דאס - דורך אוהב שלום ורודף שלום,

ניט דורך דעם ענין פון מחלוקת, אונטערשטרייכן די חילוקים צווישן אידן, עאכו"כ נאך ערגער - מאכן פירוד הלבבות, היפך פון ואהבת לרעך כמוך, ביז צו אויפשטעלן איין אידן רח"ל אנטקעגן דעם צווייטן.

זאגט מען די התחלה אוהב שלום, און נאכמערער - רודף שלום, אז אפילו אז ער זעט ניט דעם שלום נאענט לעבן זיך, לאזט דאס אים ניט רוען, און ער גייט ארום און לויפט ארום און יאגט נאך, ביז וואנעט ער געפינט דעם וועג אויף מאכן שלום צווישן אידן,

וואס דאס איז פארבונדן, ווי געזאגט פריער, מיט אוהב את הבריות ומקרבן לתורה, ווי געזאגט פריער אז דער איין און איינציקער וועג אויף דעם אמת'ן שלום צווישן אידן און ניט אידן, דערפון אויך פארשטאנדיק - צווישן איין אידן מיט א צווייטן - איז דאס דער וועג פון תורה,

און ניט ח"ו אז דאס מיינט אז דער וואס איז דערווייילע נאך ניט קיין גרויסער למדן, האט ער מיט אים ניט וואס צו טאן -

זאגט מען, אז אפילו אז יענער איד איז מערניט ווי א "בריי" של הקב"ה און ער ווייס נאך גארניט וואס תורה איז - הויבט ער גלייך אן מקרב זיין דעם אידן צו תורה, ניט ר"ל ער סריבם אים ח"ו אדער ער פייניקט אים ח"ו אדער ער זאגט אים שווערע ווערטער ח"ו, נאר ער גייט צו צו אים אין אן אופן פון "ומקרבן", ער איז אים מקרב,

נאר ער איז אים מקרב ניט כדי ער זאל האבן זיין פני' און זיין טובה, אדער א טובה פאר זיין מוסד, ווי גוט דער מוסד איז - נאר ער איז אים מקרב ווארום ער וויל ער זאל נאענט ווערן צו תורה, ביז וואנעט ער וועט ווערן א שומר תורה, ביז וואנעט ער וועט ווערן א לומד תורה, ביז וואנעט ער וועט צוקומען צו דער דרגא אז התורה נקראת על שמו, ובתורתו יהגה,

כמבואר בארוכה די דרגות ווי אזוי מ'קומט צו צו די העכסטע דרגות אין תורה איז דאס ניט אז מ'ווערט געבארן א למדן, נאר פריער הויבט מען אן לערנען אותיות, און דערנאך לערנט מען ווערטער, און אין די ווערטער הויבט מען אן לערנען מיט תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב, אז דאס געהערט ניט צו געציילטע אידן ח"ו, די תורה איז אפגעגעבן געווארן בירושה צו יעדער אידן און צו אלע אידן, וויבאלד אז זיי געהערן און זיי זיינען א טייל פון קהלת יעקב,

און ערשט דערנאך, נאך דערויף ווי מתחיל לדבר, און אין וואס הויבט זיך אן זיין דיבור, מיט מורשה קהלת יעקב - ערשט נאך דערויף הויבט מען מיט אים אן לערנען פסוקים און ווערטער און מקרא און משנה וגמרא,

ביז ווי ער זאגט אויך אין מדרש אז אחד יוצא להוראה, אז בשעת ער האלט זיך מיטן אחד הי' אברהם, וואס זיין ענין איז געווען הכנסת אורחים און גמ"ח, און זיין ענין איז געווען אז ער האט מכריז געווען אז ס'איז דא א-ל אחד, איין און איינציקער אויבערשטער, און ער האלט זיך מיט אט דעם אחד, במילא ווערט בטל זיינן מציאות, ווארום אין אני והוא יכולין לדור בכפיפה אחת, אויב ער גייט מיט ישות ומציאות,

איז דורך דערויף איז אחד יוצא להוראה, ווערט זיין פס"ד א הוראה ווי עס שטייט אין שו"ע,

וואס דאס וואס שטייט אין שו"ע נעמט זיך דאס דערפון וואס משה קבל תורה מסיני, וואס דאס איז דאך אויך מתאים לויט דער צווייטער דעה, אז היינט איז דער אושפיז פון משה, כמדובר בארוכה אין דער פריערדיקער התוועדות לויט דעם צווייטן ארט אין זהר,

אז משה קבל תורה מסיני ומסרה דערנאך צו כל הדורות כולם, ביז אז עס ווערט דער פס"ד ברור אין די אמת'ע פוסקים בישראל, ווי דער אלטער רבי ברייננגט אראפ אין הל' ת"ת שלו די אמת'ע פוסקים בישראל בזמן הזה ביז מיטן גאנצן תוקף פון משנה, איז דאס דער שולחן ערוך פון דעם "מרא דארעא דישראל", פון דעם ב"י.

און "מרא" דחו"ל הרמ"א צוזאמען מיט די הגהות הרמ"א,

וואס אויף דערויף זאגט מען דאך ע"ד הצחות ובני ישראל יוצאים ביד רמה, אז אידן גייען ביד רמה, גייען מיט א שטארקייט און מיט אן אויפגעהויבענער האנט און פירן אויס אלץ וואס מ'דארף אויספירן, ווען זיי גייען "ביד רמ"א", "רמ"א" מיט אן אל"ף, וואס דאס איז מרמז און דער רמז אויפן רמ"א,

וואס ער האט דאך ממלא געווען און משלים געווען דעם ספר השולחן ערוך פון "מרא דארעא דישראל", כמבואר אין גדולי האחרונים, די אמת'ע פוסקים פון דורותינו אלה,

וואס דאס איז אויך, ווי געזאגט פריער, אונטערשטראכן אין דעם ענין פון סוכה, אז דאס איז סוכת שלום, אז דאס מאכט שלום צווישן אידן און אנדערע פעלקער, ווארום אידן באווייזן א גלט איד, אז בשעת ביי א גלט איד קומט אויס דער חשבון אז מ'דארף ערשט אריינגיין אין אן ארט וואס איז מער געשיצט פון קעלט, דורך דערויף וואס מ'וועט אריינגיין אין א בית מיט א תקרה און א תקרה גדולה וכו' -

זאגט א איד, אז ווייבאלד אז אים איז נוגע און די איינציקע "תורה אור" וואס באלייכט זיין וועג איז דאס - טאן ווי דער אויבערשטער הייסט, און דער אויבערשטער האט געהייסן אריינגיין אין סוכה ניט חמשה עשר בניסן נאר דוקא חמשה עשר בתשרי!

און טוט אזוי - אט דאס ברייננגט דעם ופרוס עלינו סוכת שלומך, ברייננגט דאס די אמת'ע סוכת שלום, ביז שלום כפשוטו,

ביז ווי געזאגט פריער, אז עס ווערט הללו את ה' כל גוים שבחוהו כל האומים, און די סיבה אויף דערויף איז - כי גבר עלינו חסדו, זיי אלע זעען און אנערקענען אז דעם אויבערשטן'ס חסד שטייט אין אן אופן פון גאר שטארק, "גבר עלינו", אויף יעדער אידן און אויף אלע אידן,

און דערנאך ווערט דאס אויך אונטערשטראכן, אז בשעת ס'איז דא דער שמחת בית השואבה, וואס קומט, ווי דערמאנט פריער, גלייך נאכן אריינגיין אין סוכה, איז כאטש אפילו דעמאלט איז דאך דא דער אונטערשייד, אז מ'זעט אז ס'איז דא ראשיכם שבטיכם, און ס'איז דא דער חוטב עציך ושואב מימיך;

בדוגמא ווי מ'זאגט אין די ד' מינים איז דא פיר פארשידענע מינים, אזוי איז דאך אויך בא שמחת בית השואבה, ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ, איז געווען אט די וואס זיינער איינטייל אין דער שמחה איז געווען אין אן אופן אז זיי האבן געזונגען און געטאנצט וזורקין אבוקות של אור, מ'האט געווארפן אין אויר ארום זיך אבוקות, פלאקערן של אור וואס האבן געמאכט ליכטיק די נאכט פון שמחת בית השואבה.

און דאס איז געווען ווי די צוויי דיעות אין דעם, ד' אבוקות אדער שמונה אבוקות.

און ווי דער רבי מהר"ש, און אויך די רביים שלפניו ושלאחריו, סיידטשן אז דאס באווייזט אויפן שם הוי' צוזאמען מיט אדנ', וואס צוזאמען האבן זיי שמונה אותיות.

און פון די אלע שמונה ווערט אן אבוקה של אור, דאס איז ניט נאר אז עס געפינט זיך ביי אים אין הארצן נאר דאס ווערט א פלאקער פון ליכטיקייט אין דעם גאנצן ארום אים, אפילו וואס דאס איז בלילה, ווי דערמאנט פריער "החושך יכסה ארץ.

מאכט ער ליכטיק, און ניט נאר אז דאס מאכט ליכטיק, ווען ער האלט דאס אין האנט, בא זיך, נאר זיין האלטן איז דאס אין אזא אופן אז ער ווארפט דאס באויר און דאס שטייט אין לופטן, און דאס באלייכט דעם גאנצן ארום, דורך די ד' און דורך די שמונה, וואס אלו ואלו דברי אלקים חיים.

און ווי דאס ווערט אויך אונטערשטראכן אין דעם נאמען פון סוכה, וואס ווי עס שטייט דאך אין קבלה, אראפגעבראכט אין סידור, אז סוכה איז בגימטריא די ביידע שמות הוי' אדנ', וואס זיי זיינען נרמז אין די שמונה אבוקות של אור.

דערנאך קומט צוגיין א איד נאך שמחת בית השואבה, אין וועלכע, ווי געזאגט פריער, ס'איז אונטערשטראכן אז ס'איז דא חילוקים צווישן אידן, ווי געזאגט פריער ביי אהרן הכהן איז דא אהרן הכהן און דערנאך איז דא די בריות אבער זיי שטייען צווישן זיך אין אן אופן אז ער איז אוהב את הבריות.

און ניט נאר ער האט זיי ליב און טוט אין דערויף גארניט, נאר ומקרבן לתורה, ער טוט אין דערויף און לייגט זיך אריין אין דערויף.

ביז ווי ער זאגט אין אדר"נ אז אהרן האט זיך ניט גערעכנט מיט די שטארקייט און מיט די הארבקייט ביז וואנעט אז ער האט משנה געווען מפני השלום, און האט געזאגט א אידן ער זאל וויסן זיין אז דער צווייטער איד איז זיינער אן אוהב, און פארוואס איז ער משנה מפני השלום דערפאר וואס אזוי שטייט אין הורת אמת, און פארוואס זאגט אזוי הורת אמת דערפאר וואס דער שינוי איז דאס מערניט ווי בחיצוניות, און יעדער איד צו א צווייטן אידן שטייט אין אן אופן של אהבה, און אהבה עצמיה.

בדוגמא פון אהבת אב לבן, וואס דאס פועל'ס אויך אן אהבה צווישן די בנים, כידוע דער משל אין דעם מגיד'ס ספרים בתחלתם, סיי אין אור תורה און סיי אין לקוטי אמרים.

און ווי אויך אנגעדייטעט אין פרק לב אין תניא, אז ואהבת לרעך כמוך איז דאס א זאך וואס מ'קען דאס מקיים זיין מיט דער גאנצער שלימות, דערפאר וואס ס'איז אב אחד לכולנה און הנשמות כולם מתאימות, אז מ'איז אחים ממש.

און ווי אויך אנגעדייטעט אין ירושלמי, אז דאס איז נאכמערער - דאס איז טיילן פון דעם זעלבן גוף, אע"פ אז דאס איז איין יד, יד ימין, און דער צווייטער בדוגמא פון יד שמאל, יד כהה.

ווי געבראכט אויך באריכה אין דעם ספר המצוות פון צ"צ, און מבואר אין די מאמרים פון נשיא דורנו פון דעם רבי'ן דעם שווער, און אין די מאמרים (ובפרט אין קונטרס "החלצו") פון דעם רבי'ן נ"ע, ווי אזוי דאס איז א קומה שלימה, און ווי אזוי איז דאס איין קומה, לאחדים כאחד - דערפאר וואס נצבים לפני הוי' אלקיכם,

אז יעדער איד, אין וואס פאר א מעמד ומצב ער זאל נאר שטיין, איז זיין אמת איז, אז ער וויל ממלא זיין דעם אויבערשטן'ס רצון כולל אויך דעם ואהבת לרעך כמוך,

ס'איז מערניט אז עס קען זיין אז לפי רגע איז יצרו אנסו, ווי דער פס"ד פון דעם רמב"ם, איז בשעת מ'איז מבטל דעם אונס פון דעם יצר - איז אט דעמאלט ווערט ביי אים נתגלה אז דער שינוי איז געווען מערניט ווי בחיצוניות, ווארום דער אמת און אין פנימיות איז ער אן אוהב את חבירו, וויבאלד אז דאס איז מורשה קהלת יעקב, ער געהערט צו דער זעלבער קהלה ["קהלת"],

וואס דערפאר איז אויך, אין שמחת בית השואבה, צוזאמען דערמיט וועו מ'זאגט בנוגע צו נצבים כולכם, איז אויך דא חילוקים פון ראשיכם שבטיכם, אט די וואס זיי האבן געווארפן די אבוקות של אור, און די וואס האבן משורר געווען און געטאנצט, און אט די וואס רואין ושומעין, אט די וואס זייער ענין איז געווען בדוגמא פון חוטב עציך ושואב מימיך, צוקוקן זיך און ארייגקוקן זיך אין דעם און איבערלעבן דאס, אע"פ וואס לפי שעה שטייט ער נאך ניט אין דער דרגא אויף צו ווארפן אבוקות של אור,

איז אבער כדי די שמחת בית השואבה זאל זיין א שמחה ע"פ תורה - דארף מען האבן סיי אט די וואס ווארפן די אבוקות של אור, סיי אט די וואס זאגן די פארשידענע נוסחאות פון שמחת בית השואבה (עיי"ש בגמרא), וואס זיי ווערן דאך געטיילט אין חסידים ואנשי מעשה און ראשי סנהדראות און גדולי ישראל, ווי דער רמב"ם רעכנט אויס די אלע דרגות,

און פון זיי אלעמען צוזאמען ווערט דאס די אמת'ע שמחת בית השואבה, דאס פאראייניקט זיי אלעמען צוזאמען אין דער אמת'ער שמחה, ביז וואנעט אז מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו,

און דערנאך ווערט דאס ווייטער אונטערשטראכן, אנהויבנדיק, ווי געזאגט פריער, פון דעם שלום און אהבת ישראל פון ראויים כל ישראל לישב בסוכה אחת, און דערנאך אין דער שמחת בית השואבה, וואס דארט האבן זיך פאראייניקט און פאראייניקט אין דעם זעלבן ביהמ"ק אין דער עזרה, ניט אט דארט וואו מ'גייט ארייז מערניט ווי אחת בשנה, נאר דאס איז א הנהגה וואס מ'נעמט איר מיט אויפן גאנצן יאר, און אין אן ארט וואו עס קענען שטיין האנשים והנשים והטף,

און דאס קלייבט זיי אלעמען צוזאמען און ס'פאראייניקט זיי, ביז וואנעט אז דעמאלט ווערט דאס די שמחה גדולה ביותר, ביז מפזז ומכרכר בכל עוז, וואס דערפון לערנט דער רמב"ם אפ פון דער הנהגה פון דוד [מלכא משיחא] ווי אזוי עס דארף זיך פירן יעדער איד, בכל המקומות ובכל הזמנים, סיי אנשים סיי נשים סיי טף, וועו מ'איז מקיים א מצוה פון דעם אויבערשטן, וואס פאר א מצוה דאס זאל נאר זיין,

וואס נאך דער הדגשה אין דעם שלום, אין די אלע ענינים שלפני זה, איז אונטערשטרייכט מען נאכאמאל, ווי דערמאנט פריער, אז נאך דערויף קומט דער ענין פון ניסוך המים, וואס בשעת עס רעדט זיך וועגן יין, איז אט דעמאלט הענגט דאס אפ, ס'איז דא כמה מינים און כמה טעמים, און מ'דארף צאלן דערפאר געלט, מיט נאך כמה ענינים וואס ס'איז דא בא יין,

בשעת עס קומט אבער צו וואסער, האט דער אויבערשטער באשאפן א מענטשן אין אזא אופן אז ער מוז אנקומען צו מים, ווארום אין דערויף הענגט אפ זיין קיום,

הנחה פרטית בלתי מוגה

נאר צוזאמען דערמיט האט דער אויבערשטער אויך באווארנט, אז כאטש אפילו אויף האבן א בית ולבוש און מזון (ווי יין וכיו"ב) דארף מען האבן אויף דערויף געלט, און סכומים פון געלט, משא"כ מים קומט אן גאר ביליג, אדער אינגאנצן אן געלט, ווי מ'זאט דאס אויך בפועל, אז מ'האט נהרות ואגמים וכיו"ב וואס זיי געפינען זיך אין רשות הרבים,

און ווי דער רבי מהר"ש איז מבאר באריכה אין התחלה פון דעם המשך מים רבים לא יוכלו לכבות את האהבה, אז די אלע פילע וואסערן פון דעם עוה"ז וועלן ניט קענען רח"ל פארלעשן די אהבה וואס איז דא צווישן די אידן מיטן אויבערשטן, צווישן דעם אויבערשטן מיט אידן,

וואס דאס איז אויך פארבונדן, ווי דער אלטער רבי זאגט, אז ואהבת לרעך כמוך איז דאס א כלי צו ואהבת את הוי' אלקיך,

וואס דאס איז, כאמור, אויך אויסגעדריקט אין דעם ניסוך המים, אז דוקא אין וואסער, וואס דאס איז צוגענגלעך פאר יעדערן צו יעדערן, און וואס בשעת מ'פרעגט ביי א ניט אידן, אדער בא ניט אידישקייט, זאגט ער אז שמחה און וואסער האט צווישן זיך קיין שייכות ניט, אז ווען איז "ושמחת בחגך" איז דאס דוקא יין אדער בשר -

זאגט מען אים, אז בשעת דער אויבערשטער הייסט א אידן, און זאגט אז זיין שליחות איז, אז עס זאל זיין מים, נאר אט די מים זאלסטו נעמען ממעינות, פון מקור מים חיים פון אידישקייט, פון דעם אויבערשטן, אט דעמאלט וועסטו זיין ושאבתם מים בששון, מיט א שמחה גדולה ביותר,

וואס דאס ווערט אויך אונטערשטראכן אין ניסוך המים, אז מ'האט דאס מנסך געווען על המזבח, און די הקדמה דערצו איז געווען, און אויך די תוצאה דערפון ביום שלאח"ז, ביום השני - דער ענין פון שמחת בית השואבה, וואס דאס האט פאראייניקט אלע אידן צוזאמען,

בדוגמא ווי מ'זאגט דער חילוק בנוגע צו יין איז דאס פארבונדן מיט באזונדערע סוגים און באזונדערע זמנים, משא"כ דער ענין פון מים איז דאס פארבונדן מיט יעדער אידן און מיט אלע אידן, ווארום מים ביי א אידן איז דאס בדוגמא פון אין מים אלא תורה,

און מ'זאגט פארוואס ווערט תורה אזוי אנגערופן - ווארום מה מים יורדים ממקום גבוה למקום נמוך, אזוי לאזט זיך אראפ א איד, אפילו אז דאס איז א איד וואס באמת געפינט ער זיך אין מקום גבוה, איז די ראי' אז ער איז א איד וואס איז פארבונדן מיט תורה - אויב ער איז יורד ממקום גבוה למקום נמוך.

וואס נשתלשל מהם, אז ניט דער פשט פון "נמוך" איז אז ער איז נידעריקער ס'איז אבער דא נאך א נמוך ממנו (נאך א נידעריקערער ארט),

זעט מען אז בשעת מים זיינען יורדים - זיינען זיי יורד צו מקום הכי נמוך שאין תחתון למטה ממנו, אז ער האט ניט קיין אנדער מעלה,מערניט אט דאס וואס ער איז א מציאות און א "ברי'", אוהב את הבריות.

און דערנאך קומט אויך די ווייטערדיקע אונטערשטרייכונג, דער ענין פון ולקחתם לכם, דער ענין פון די ד' מינים, וואס אין זיי זאגט מען אויך אז מ'ווייסט ע"פ תורה אז ס'איז דא "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך", [וואס ער ברייגנט אט די מים אריין אן וועלכע עס הענגט אפ אויך אין מים אלא תורה],



הנחה פרטית בלתי מוגה

איז אזוי אויך דא, ווי אזוי קען ער מקיים זיין די מצוה - בשעת ס'איז דא אין איר אלע ד' סוגים, אין וועלכע אידן ווערן פאנאנדערגעטיילט, ווי דערמאנט פריער:

דער גבוה שבמינים, דער ענין הלולב, וואס זיין זאך איז ת"ח, לערנען תורה,

ביז דער פשוט שבפשוטים, די ערבות,

און מ'זאגט אז עס זיינען דא די פיר מינים, ווארום פונקט ווי דער אויבערשטער האט באשאפן דעם ת"ח אין אן אופן ער זאל קענען לערנען און פארשטיין תורה, האט ער אויך באשאפן א איש פשוט, וואס מצד למעלה האט מען אים ניט געגעבן די יכולת אויף בדרך הטבע זאל ער קענען ווערן א למדן גדול,

[ווי ער איז מבאר אין קונטרס ומעין בארוכה, אז דאס איז אלץ ניט כחי ועוצם ידי פון דעם למדן, אדער כחי ועוצם ידי פון מארי עובדין טבין, דאס איז אלץ ה' אלקיכם הוא הנותן לכם כח לעשות חיל,

אנהויבנדיק פון דעם אמת'ן חיל, וואס דאס איז דער אמת'ער גוטס און האב וואס א איד האט, תורה ומצוותי'].

איז בשעת מ'פאראייניקט אט די אלע פיר מינים צוזאמען, וואס זיי בלייבן יעדער מין מיט זיין תכונה, אבער בשעת עס קומט צו דער מצוה די טעג פון סוכות און מ'דארף מקיים זיין דעם אויבערשטן'ס א מצוה - אונטערשטרייכט די מצוה, אז ווי אזוי קען ער איר מקיים זיין דער לולב אדער דער אתרוג אדער דער הדס - בשעת דאס ווערט גענומען דורך א אידן, און דער איד איז דערצו לייגט צוזאמען די ערבה.

און ניט ער לייגט אוועק די ערבה אין א ווינקל, און דעם אתרוג אין א צווייטן ווינקל, און דעם לולב און הדסים אין א דריטן און א פערטן ווינקל -

דוקא דורך דערויף וואס ער מאכט פון זיי אלעמען צוזאמען איין און אייבציקע מצוה, ניט קוקנדיק וואס דאס איז פיר פארשידענע מינים, איז אט דעמאלט, ווי ער איז ממשיך, ולקחתם לכם פרי עץ הדר און ווי ער רעכנט אויס די אלע ד' מינים, ווערט ושמחתם לפני הוי' אלקיכם, די אמת'ע מצוה - א שמחה שאין גדול הימנה,

וכידוע אויך דער פלא, דבר נפלא, אין רמב"ם, אז בשעת ער ברייננגט און רעדט וועגן שמחת בית השואבה, ווארום ער איז מעתיק פון די גמ' די ענינים וואס שטייט בא שמחת בית השואבה - ברייננגט ער אויף דערויף דעם פסוק פון ושמחתם לפני הוי' אלקיכם שבעת ימים,

ניט דערמאנענדיק אין דער הלכה גאר דעם פסוק ושאבתם מים בששון, כידוע די שקו"ט בדבר,

וואס די הדגשה ווי געזאגט פריער, אז עס ווערט דער אמת'ער שלום צווישן די ד' מינים, ביז וואנעט אז זיי פאראייניקן זיך, ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלום, אט דעמאלט ווערט דאס דער ענין אין אן אופן פון אחת, פארבונדן מיט "אחת בשנה", כמבואר בכמה דרושים,

ביז וואנעט אז אין די ד' מינים איז יעדער מין פאר זיך, איז אויך אונטערשטראכן דער ענין פון אחת ואחדות, ווי אזוי מ'פאראייניקט די אלע זמנים שבשנה, ווי דאס ווערט אונטערשטראכן במיוחד אין דעם אתרוג,

ביז וואנעט ווי ער איז מבאר בארוכה אין סידור, און נאכמער בארוכה אין המשך וככה, אז דער אתרוג איז גדל פון די אלע זמנים ביחד, ניט נאר ער פארטראגט

זיי און לײדט זיי און ערלױבט זיי און ער שטעלט זיך ניט אנטקעגן, נאר ער װײס אז דורך װאס קען ער װאקסן און זײן אן אתרוג װאס האט דעם שיעור און װעלכן מ'קען מצרף זײן צו דעם קיום המצוה - דארף ער זײן גדל מכל האוירים, ער דארף װאקסן פון יעדער קלימאט און פון אלע קלימאטן צוזאמען, און ערשט דעמאלט װערט ער צוזאמענגעלײגט מיטן לולב און הדס און ערבות, און עס װערט ושמחתם לפני הוי' אלקיכם,

װי אזוי פירט מען דאס אויס ביי א אתרוג, װאס דורך דערויף פירט מען דאס אויס במכ"ש וק"ו בא די װאס בא זיי שטילט ניט בגלוי פרי עץ הדר און מ'דארף אפלערנען דעם הדר פון דעם אתרוג, איז דאס דורך דערויף, װי עס שטײט אין מאורי אור (אין קבלה), אראפגעבראכט אין הפידות, אז אתרוג איז א ר"ת אל תביאני רגל גאוה,

אט דאס אז אין קאפ זאל ניט זײן קיין גאוה - איז מאי קמ"ל! דאס איז א זיכערע זאך, אפילו אין רגל זאל אויך ניט זײן ניכר אז ער אויך אין א הילוך של גאוה, װי דערמאנט אין גמ' דער סדר בדבר,

איז שטעלט זיך צוזאמען פון די אותיות װאס זיי זײנען די ר"ת אל תביאני רגל גאוה, אז ער גיט א הבטחה אז אפילו אין זײן רגל װעט ניט ניכר זײן קיין גאוה, איז אט דעמאלט װערט צוזאמענגעשטעלט פון די אותיות די אותיות פון אתרוג,

און דאס װערט א פרי עץ הדר, און פון אים נעמט מען דעם הדר אויך אויף דעם לולב און די הדסים און אויך אויף די ערבות,

און עס װערט אלץ צוזאמען פון די ד' מינים, װי ער ברײנגט אראפ אין מגן אברהם (פון קבלה) אז דאס איז כנגד די ד' אותיות פון שם הוי', װי דערמאנט פריער אין די ד' אבוקות של אור, און עס װערט דערנאך די מצוה,

װאס דערנאך איז זי אויך, װי דערמאנט פריער, ולקחתם לכם, אז ער נעמט דאס צו זיך און אין זיך, און ער לעבט דערמיט די שבעת ימי חג הסוכות, און דערנאך אויך איז דאס ממשיך חיים פון דעם יו"ט הכללי, און פון חודש הכללי, על כל השנה כולה, אז אזוי פירט ער זיך דעם גאנצן יאר,

װאס כאמור אין דערויף איז אויך אונטערשטראכן דער ענין פון שלום און דער ענין דער היפך װי דאס איז בא אנדערע פעלקער, אז בא זיי צוזאמענלײגן זאכן װאס זיי זײנען הפכים, און זאגן אז װיבאלד פרי עץ הדר איז אן אמת'ער הדר ע"פ טבע, משא"כ ערבות איז דאס אין בהם לא טעם ולא ריח,

זאגט א איד אז תורה זאגט, און איז מבטיח, און זאגט אז דאס איז תורת אמת, אט דאס איז די אמת'קײט פון דער זאך - אז עס װערט אײן און אײנציקער הדר פון די אלע פיר מינים צוזאמען,

דערנאך קומט צו נאך די הדגשה בשנה זו במיוחד אויך אין דעם ענין װאס איז אויך פארבונדן מיט שלום, אז דאס איז א שנת הקהל,

װאס בא הקהל איז די מצוה איז הקהל האנשים והנשים והטף,

ביז װאנעט װי דער רמב"ם פסק'נט אפ אין סוף הל' חגיגה, אז אפילו די װאס פארשטײען ניט די קריאת התורה פון דעם מלך, װאס דער מלך לײענט דאס בלשון הקודש, איז פונדעסטװעגן, איז ניט נאר אז זיי דארפן זײן בא דעם הקהל, און ניט נאר אז זיי דארפן שטײן, נאר זיי דארפן זיך צוגרײטן און זיי דארפן זיך אריינקוקן און זיי דארפן זיך ארײנהערן,

און דעמאלט ווערט אויך בא זיי ווי דער סיום הכתוב, אז ישמעו און ילמדו ויראו ביז ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת, וזאס המעשה הוא העיקר,

און מ'זאגט אז אין דעם הקהל איז יעדערער אין דערויף מחוייב, אפילו קטני קטנים וואס האבן דאך לגמרי קיין ערך ניט לגבי ראשיכם, עאכו"כ לגבי דעם מלך, ווי דעדמאנט פריער אז ער איז לב כל ישראל, און ער איז דער כלל כל ישראל, און ער איז דער אשר יצא לפניהם ואשר יבוא לפניהם -

זאגט מען אז ער לערנט תורה און לייענט תורה און מאכט אויף דערויף שמונה ברכות, און ווער דארף בשעת מעשה זיין - דארף זיין האנשים והנשים והטף, און ווי ער טייטשט אפ אין ירושלמי אין אנהויבס חגיגה - אפילו די וואס זיינען נאך קלענער פון קטנים, וואס דערפאר ווערן זיי אנגערופן מערניט ווי בשם טף,

און דוקא דעמאלט ווערט די מצוה מתקיים בשלימות.

וואס דערפון קומט אויך ארויס אין מעשה הוא העיקר, נוסף אויף די ענינים וואס מ'האט גערעדט פריער, אז עס קומט א זמן וואס דעמאלט שטייט בהדגשה און גיט כח במיוחד אויף מקיים זיין אן ענין מיוחד אין עבודת ה',

וואס אז עס קומט אין די זמנים פון הקהל, ובפרט חוה"מ סוכות פון שנה זו, וואס דעמאלט איז דאך דאס דער זמן המיוחד אויף דער ענין פון הקהל - איז אט דעמאלט דארף זיך דאך א איד נעמען דערפון כח אויף פארנעמען זיך בימי הסוכות און דערנאך אויך אין דעם גאנצן יאר פון הקהל, און דאס זאל אים אויך געבן כח אזוי פארזעצן אין די יארן לאח"ז,

אויף זען, אז ער טרעפט א אידן, צי דאס איז פון אנשים אדער נשים אדער פון טף, אפילו פון "טף" אין ידיעות פון אידישקייט, איז צום אלעם ערשטן אז ער טרעפט זיי - לייגט ער זיך ארייך ער זאל זיי צוזאמענקלייבן אין א מקום קדוש, בדוגמא ווי ס'איז דעמאלט געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים אין ביהמ"ק,

ער איז זיי מקרבן לתורה, וואס דאס איז דאך דער מקום רוחני קדוש, צוזאמען מיט דער השתדלות אויף ארייננברייגגען זיי אין א מקום קדוש כפשוטו, וואס דאס איז א בית הכנסת, בית גדול שמגדלין בו תפלה, און א בית המדרש, בית גדול שמגדלין בו תורה, ביז אויך אין א "מקום קדוש" - אין א בית ספר וואס מ'איז מחנך אין א חינוך קדוש, וואס דאס האדעווערט אויף די קינדערלעך, סיי אינגעלעך סיי מיידעלעך, אז אין זיי זאל אנטפלעקט ווערן אז זיי געהערן צו גוי קדוש,

און בשעת ער ברייגגט זיי ארייך, דורך דערויף וואס ער לייגט זיך אין דערויף ארייך, און טוט דאס בחצוצרות, ווי ער זאגט אין תוספתא, ער טוט דאס מיט א שטורעם און מיט א געזונג און מיט א שמחה אויף מכריז זיין ברחובות העיר, אין די גאסן פון די שטעט, אז אידן דארפן זיך צוזאמענקלייבן אין קדושה, אין א מקום קדוש ברוחניות, וואס דאס איז תורה, א מקום קדוש כפשוטו, אין בית הספר פון חינוך על טהרת הקודש, און אין בית הכנסת ובית המדרש,

איז אט דעמאלט האט מען די הבטחה פוקנט ווי ס'איז דעמאלט געווען, אז זיי זיינען געגאנגען די כהנים, ווי ער זאגט אין תוספתא,

וואס דאס גייט דאך און מרמז אויף יעדער אידן אויף וועלכן ס'איז אנגעזאגט געווארן ואתם תהיו לי ממלכת כהנים, איז דאס געזאגט געווארן פאר מ"ת צו יעדער אידן,

און דערנאך קומט דאס אראפ "מורשה", אין א ירושה, צו יעדער אידן אין אלע ערטער און אין אלע זמנים,



הנחה פרטית בלתי מוגה

גייס ער ארום בחצוצרות, צי דאס איז אנשים אדער נשים, געהערן זיי דאך אויך צו ממלכת כהנים, און זיי גייען ארום בחצוצרות ברחובות העיר, און זיי זיינען מכריז ומודיע אז עס איז געקומען די צייט אז מ'דארף זיך צוזאמען קלייבן אין קדושה און דארטן הערן פרשיות בתורה, און הערן אין אזא אופן אז עס זאל זיין ישמעו וילמדו, ביז לעשות, אין טאן בפועל,

און מ'זאל ניט מיינען ח"ו אז דער וואס וועט לערנען מיט אים זוכט ער אויף אים אז ער איז ניט בשלימות, אדער ער האט אין זיך א חסרון אדער ער שטילט העכער פון אים -

איז מען גלייך ממשיך אז מ'זאל וויסן זיין אז דאס קומט ער צוגיין ניט מצד אייגענעם שכל, נאר ווי דער רמב"ם זאגט - ער איז שליח הא-ל, דער אויבערשטער האט אים געשיקט ער זאל מעורר זיין אידן אויף קלייבן זיך אין קדושה, אין היילקייט, וואס דאס איז אידישקייט, און קלייבן זיך סיי אנשים סיי נשים און סיי טף,

און טאן דאס אין אזא אופן ווי ס'איז געווען אין דער עזרה, אז מ'האט געמאכט און באלויכטן מיט אזא ליכטיקייט ביז וואנעט דאס האט ליכטיק געמאכט דעם גאנצן ארום, ביז וואנעט דאס האט אויך ליכטיק געמאכט אין דער גאנצער וועלט,

ווי געזאגט בנוגע צום מקדש בכלל אז משם אורה יוצאה לכל העולם,

ובפרט בחג הסוכות, וואס ווי ס'שטייט אין תורת אמת אז ווען די וועלט וואלט געוואוסט וואס סוכות טוט אויף אויף די פעלקער פון דער וועלט - איז אט דעמאלט וואלטן די פעלקער באשיצט דעם ביהמ"ק וואו מ'האט מקריב געווען די שבעים פרים כנגד שבעים אומות,

וואס פון דארטן ווערט בא זיי זייער קיום, ביז דער קיום אין דעם שלימות - אז זיי זיינען הללו את ה' כל גוים שבחוהו כל האומים דערפאר וואס גבר עלינו חסדו,

וואס אין דערויף איז דאך אויך דער ענין השלום, און נאכמערער אז די סוכת שלומך ברייינגט אראפ, אין צוגאב צו סוכת שלום צווישן יעדער אידן און צווייטן אידן און אלע אידן, ברייינגט דאס אויך דעם אמת'ן שלום צווישן אידן און שבעים אומות, ווארום, כאמור לעיל, מ'פירט זיך ע"פ הורה, און מקיים די דינים פון תורה, גייט מען דעמאלט בכח התורה,

איז כח ההורה בעה"ב אויף אלע פעלקער און אויף דער גאנצער וועלט, אז אויך זיי פירן זיך ווי עס שטייט אין הורה, וואס תורה זאגט דאך אז די גאנצע וועלט דארף העלפן א אידן מקיים זיין זיין שליחות, "בראשית - בשביל ישראל שנקראו ראשית", און אין וואס באשטייט זיין שליחות - "בשביל ההורה שנקראת ראשית", ער לערנט תורה, און תורה מלשון הוראה - מקיים אירע מצוות.

אט דעמאלט זעט מען ווי אזוי תורה ווערט בעה"ב אויף וועלט, און עס ווערט מתהפך אז לעבדו כולם שכם אחד, אז נאך אין דעם זמן פון גלות, בדוגמא ווי עס איז געווען כימי צאתך מארץ מצרים, איז געווען לכל בני ישראל הי' אור במושבותם.

און דאס האט זיי געעפנט און צוגעגרייט אז דערנאך איז געווען וינצלו את מצרים, די ניט אידן האבן זיך אנגעשלאגן און געבעטן זיך בא אידן, אז זיי זאלן נעמען די כלי כסף וכלי זהב וואס געהערט צו אידן און ארויס גיין פון מצרים ביד רמה,

און מ'האט דאך די הבטחה כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות אין דער גאולה פון דעם גלות,

ובפרט נאך אז מ'האלט שוין אין די רגעים וואס כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה, און מ'איז גלייך מוסיף אז תשובה איז דאס בשעתא חדא וברגעא חדא: בשעת אידן שטייען אין אן אופן פון הקהל און והרהר תשובה, מ'גיט א טראכט אן איין און איינציקע מחשבה אז מ'קערט זיך אום אלע צוזאמען כאיש אחד בלב אחד לאבינו שבשמים -

איז מיד הן נגאלין בפשטות הלשון קומט צוגיין מיד משיח און פירט ארויס אידן ביד רמה, בנערינו ובזקנינו ובבנינו ובבנותינו,

און די אלע פעלקער ארום העלפן ארויס אין דערויף און ברענגען אידן ווי מ'ברענגט א מנחה בכלי טהור, ווי ער זאגט אין נבואת הגאולה, לארצנו הקדושה,

וואס זי בלייבט גאנץ בשלימותה, אין ארץ ישראל לגבולותי', מ'גיט ניט אפ קיין איינציקע כלשהו פון ארץ הקודש, וואס דער אויבערשטער האט אפגעגעבן אין נסים למעלה מדרך הטבע וואס ראו כל עמי הארץ ווי אזוי מ'האט באקומען אט די אלע שטחים,

איז אפילו א כלשהו איז ניט שייך אויף דערויף זאל האבן א שליטה אימעצער אויף אנרירן א נס וואס איז געווען ע"י מלך מלכי המלכים הקב"ה בעצמו ובכבודו,

און מ'טרעפט די שלימות הארץ ווארום מ'גייט מיט שלימות התורה און ווי געזאגט פריער - עס גייט שלימות העם, בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו, און מ'גייט דאס מיט דער צוגרייטונג פון א שמחת בית השואבה, אין א אופן דהולך ומוסיף ואור מיום ליום,

בפרט נאך אז מ'האלט דעם אושפיז פון אהרן כהן גדול, וואס ער איז דאך געווען אט דער וואס האט געמאכט דעם ענין הקטורת ביום הקדוש ביום הכפורים, און אויך לויט דעם צוויטן ארט אין זהר דעם אושפיז פון משה רבינו, וואס ער איז דאך גואל ראשון הוא גואל אחרון כמבואר בכ"מ,

האט מען זיי בײדע צוזאמען ומשה ואהרן עמהם בלשון הגמ', בכ"מ, און מ'גייט בקרוב ממש, דורך דער הכנה פון אוהב את הבריות ומקרבן לתורה, וואס דאס איז דער ענין פון אהבת ישראל, און דאס פועל'ט אויף אים אז ניט נאר ער לערנט וועגן דעם און טראכט וועגן דעם, נאר דאס פועל'ט אין אים דער אמת'ן חינוך אז ער ווערט אזוי נתחנך -

פועל'ט דאס אויף אים דער ענין פון תורה - שלימות התורה,

דער ענין פון תפילין [לאחרי חוה"מ ויו"ט ושבת] וואס הוקשה כל התורה כולה לתפילין, וואס דא איז דאך דאס געמיינט מצוות.

דער ענין פון מזוזה, וואס דאס פועל'ט, ווי ער זאגט אין זהר, הוי' ישמור צאתך ובואך מעתה ועד עולם,

און ווי ער טייטשט אפ אין זהר, אז בשעת ער האט א כשר'ע מזוזה אויף זיין הויז, איז אט דעמאלט אפילו ווען ער גייט ארויס פון הויז היט דאס אים, ניט דער פארמעט פון דער מזוזה - נאר עס היט אים הוי', דער אויבערשטער אליין היט אים, מעתה ועד עולם,

און דאס ברענגט אים צו דעם ענין פון צדקה, ווארום ער ווארט דאך ומחכה בכל יום צו דער צדקה פון דעם אויבערשטן אז אט קומט משיח צדקנו, ובמדה שאדם מודד - האט ער דעם ענין של צדקה,

וואס דאס איז אויך פארבונדן דורך דערויף וואס זיין גאנצע הויז, אלע זיינע ענינים, אלע זיינע אברים, ביז זיין הויז בפשטות, איז מלא ספרים - יבנה וחכמי׳, וואס ענינה פון יבנה וחכמי׳ איז דאך נתייסד געווארן זיך אנגעהויבן ערשט צוזאמען מיטן חורבן, מיטן גלות, און דוקא דעמאלט איז געווארן דער ריבוי אין לימוד התורה און די שקו"ט ופלפולא דאורייתא, כמובן בפשטות.

וואס דאס איז דאך אלץ מיוסד אויף די דריי מצוות חביבות וגדולות ביותר, וואס זיינען איבערגעגעבן במיוחד צו נשי ישראל ובנות ישראל, וואס דער ר"ת זייערער איז "החן",

דער ענין פון חלה, וואס דערמיט הויבט זיך אן און דאס איז כולל אין זיך כשרות האכו"ש,

דער ענין פון הדלקת הנר, וואס דאס מאכט ליכטיק א אידישע הויז מיט דעם "נר מצוה", א נר של מצוה, און דאס מאכט ליכטיק ווי ס׳איז געווען בא דער ערשטער אידישער פרוי, אז זי האט אנגעצונדן ערב שבת די ליכט האט דאס געלויכטן מערב שבת עד ערב שבת הבא, און דעמאלט איז ניט ח"ו ס׳איז געווארן אויס ליכטיקייט, נאר דעמאלט, פארקערט, האט זי אנגעצונדן ווייטער א נר של שבת, און זיכער מקיים געווען דעם ציווי פון להעלות בקודש, איז דאס געווען נאך א גרעסערע ליכטיקייט פון דעם פרייטיק לפני זה.

ובררוחניות איז דאך דאס דער כח, און אזוי ווערט מקויים, אין הדלקת הנר של כל אשה ובת בישראל, אז א קליינע מיידעלע ווען זי איז הגיעה לחינוך, און מ׳קען איר געבן צו פארשטיין וואס איז דאס נר שבת - האט זי שוין דעם כח, און האט שוין די שליחות פון דעם אויבערשטן, אויף מאכן ליכטיק בא זיך אין הויז,

און פון דער הויז און דורך דער ליכטיקייט אין דער הויז - עפנט מען אויף א טיר, ווארום מ׳דארף דאך אויך ליכטיק מאכן חלקו בעולם, אבער דאס איז א טיר אויף וועלכע ס׳איז אנגעקלאפט א מזוזה - לאזט דאס ניט אריין די השפעה בלתי רצוי׳, די ניט געוואונטשענע ווירקונגען פון חוץ אין פנים, דאס איז אבער ממלא תפקידה די טיר אז דורך איר גייט ארויס די ליכטיקייט פון אידישקייט אין רהי"ר.

און אויך דער ענין פון טהרת המשפחה, וואס דורך דערויף ווערט געבויט דער אידישער פאלק, ווארום מ׳פירט א חיים קדושים, א ריינעם פאמיליע לעבן און א הייליקן פאמיליע לעבן,

במילא איז מען מקיים דעם ציווי הקב"ה פרו ורבו ומילאו את הארץ וכבשוה, אז יעדער אידישע פרוי האט חתונה כדת משה וישראל, און זי שעצט זיך גליקלעך וואס זי קען מקיים זיין דעם אויבערשטן׳ס אנזאג אז זי לעבט א ריינעם אידישן לעבן און א הייליקן אידישן לעבן, און פארלאזט זיך אויפן אויבערשטן, במילא איז זי מקיים אלע זיינע מצוות, און זיכער מקיים די ערשטע מצוה בתורה, וואס דאס איז די מצוה פון פרו, האבן קינדער, ורבו, טאן וואס עס הענגט אפ אן איר אז עס זאל זיין א סאך קינדער, בנים ובנות עוסקים בתורה ובמצוות.

ביז וואנעט ומלאו את הארץ, אז מ׳וועט אנפילן זיין חלק אין וועלט, ביז די גאנצע וועלט, און אין אן אופן פון וכבשוה, אז מ׳וועט איינגעמען די וועלט, אז יעדערער וועט דערקענען, אפילו עמי הארץ, וועט אויך זיין "דעת כל עמי הארץ" אז "הוי׳ הוא האלקים אין עוד",

און דורך וואס קען זי און איר מאן דאס דורכפירן, בשעת עס וועט זיין, נוסף אויף "פרו" - אויך דער ענין פון "ורבו",

און בשעת מ׳זאגט א חשבון אז ס׳איז דא א וועלט און די וועלט זאגט אין אן אנדער אופן - זאגט מען, אויף דערויף האט מען איר אפגעגעבן אט די טייערע

שליהוד, און אויף דערויף האט מען איר געגעבן אט דעם טייערן כח אז זי זאל קענען דורכפירן וכבשוה, **איינבעמען** די וועלט, כאטש אפילו דער כיבוש בפועל איז כל כבודה בת מלך פנימה, און אן ענין של כיבוש בחוץ - דערמיט פארנעמט זיך דער מאנסביל,

אבער "פנימה" הענגט דאס אפ דער עיקר און **עקרת** הבית, וואס זי ווערט אנגערופן אזוי מצד "עקרי בתים", אן איר האלט זיך די הויז, און זי איז דער עיקר פון דער הויז, און זי מאכט פון דער הויז אן עיקר וואס כל בית ישראל נשען עליו,

ווארום קוקנדיק אויף איר אז זי איז מקיים דעם פרו ורבו ווי עס דארף צו זיין, טוען אזוי אויך אלע אידישע פרויען וואס קענען איר עאכו"כ די אויף וועלכע זי קען איינווירקן,

בפרט נאך אז אין צוגאב וואס זי רעדט מיט זיי אין דברים היוצאים מן הלב, וואס דעמאלט איז דאך נכנסים אל הלב ופועלים פעולתם, באווייזט זי אויך א לעבעדיקן ביישפיל אין המעשה הוא העיקר, אז ביי איר אין הויז איז א "שמחת עולם", אן אמת'ע און א שטענדיקע שמחה, ווארום ס'איז דא אינגעלעך און מיידעלעך וואס קלייניוויז שפילן זיי זיך, און שפילן זיך אין אן אופן הכשר,

דערמאנענדיק, ווי באוואוסט דער סיפור פון בעש"ט, דערציילט פון נשיא דורנו פון רבי'ן דעם שווער, אז דער בעש"ט איז ארומגעגאנגען איבער פעלדער און וועלדער און אידישע שטעטלעך,

און פלעגט אפשטעלן א אידישן מאנסביל, א אידישע פרוי, א אידישן קינד א אינגעלע אדער א מיידעלע, און א פרעג טאן בא זיי וואס זיי מאכן אדער וואס זיי טוען וכיו"ב, כדי צו גורם זיין ווי א אידיש קינד ענטפערט "געלויבט דער אויבערשטער", אדער דער וואס רעדט אין לשון הקדוש "ב"ה" וכיו"ב.

אנהויבנדיק אז אזוי פירט זיך בא איר אין הויז, אז ס'איז אן אמת'ע שמחה און א שטענדיקע שמחה, דערפאר וואס דער ענין פון ומלאו את הארץ הויבט זיך אן ביי איר - ביי איר איז א פולע הויז מיט אמת'ע אידישע וואוילע קינדערלעך, במילא איז דאס אויך מלא ברכת ה', גיט דער אויבערשטער בני חיי ומזונא רויחי, ובכולם רויחי,

און טוענדיק אין די אלע זאכן, וואס דאס איז דאך די עשרת מבצעים הידועים ומפורסמים, און טאן אין דערויף ווי עס דארף צו זיין, דאס הייסט, בשמחה ובטוב לבב, ובמילא שטערט ניט אט דאס וואס ס'איז דא ח"ו מלעיגים, אז איינ'ער גיט א שמייכל און דער צווייטער איז "באפס הרגו איש" - ער קרימט מיטן נאז,

זאגט מען אז דאס איז א קרימקייט און אז דאס איז היפך פון שויתי הוי' לנגדי תמיד, וואס דאס איז מבטל דעם יבוש מפני המלעיגים, ווי דער אנהויבס אין דעם ערשטן **חלק** אין שו"ע, אין דעם ערשטן חלק - דעם ערשטן **סימן**, אין דעם ערשטן סימן - אין דעם ערשטן **סעיף**, דער שויתי הוי' לנגדי תמיד, צוזאמען מיטן אנזאג אל יבוש מפני המלעיגים,

וואס דאס איז דאך ביידע זאכן - סיי אן אנזאג סיי א הבטחה, אז ער וועט באשליסן אזוי איז א זיכערע זאך אז ער וועט זיך ניט שעמען פאר די מלעיגים, ואדרבה, ווי מ'זעט בפועל, אז דער מלעיג זעט אז ער שטילט מיט א שטארקייט - שעמט ער זיך פאר אים,

און דערנאך אז עס גייט דורך א ווייילע, איז ער דאך א איד גייט ער אים נאך און בעט זיך ביי אים אז ער זאל אים אויך באווייזן דעם "אורח חיים" וואס דאס

איז זיין ערשטער סימן און ערשטער סעיף, ווי אזוי ער זאל גיין אין זיין טאג טעגליכן לעבן,

און אט דעמאלט האט מען דעם "שולחן ערוך לפניהם", דעם טאג טעגליכן לעבן לויט דעם שו"ע, דורך דערויף וואס מ'האט, ווי דערמאנט פריער, דעם לימוד התורה וקיום המצוות,

ובענין שהזמ"ג - מ'איז מוסיף אין דער שמחת בית השואבה נאך מערער ווי ס'איז געווען אין דער שמחה פון די ימי בית השואבה שלפני זה,

און מ'טוט דאס מיטן כח און מיטן סבר פנים יפות און מיט דער אהבה פון אהרן כהן גדול, וואס דאס איז דאך זיין אושפיז, זיין טאג, כמוזכר לעיל, אויך ע"פ תורת משה רבינו וואס דאס איז געווען זיין אושפיז פון היינט אינדערפרי, וואס בא קדשים הלילה הולך אחר היום, ובפרט נאך לויט דעם צווייטן ארט אין זהר אז היינט איז זיין יום אושפיז,

און מ'גייט בקרוב ממש, נאך דער הכנה האמורה, ביז אין די אלע פרטים, מיט א שמחה גדולה ביותר, וואס מי שלא ראה שמחה זו, פון דער שמחה וואס אידן גייען בקרוב ממש מקבל זיין פני משיח צדקנו, לא ראה שמחה מימיו, ווארום דאס איז א שמחת עולם על ראשם,

און זאל זיין במהרה בימינו ממש, ובשעתא חדא וברגעא חדא, ומשה ואהרן עמהם, "ודעמי'", אברהם יצחק ויעקב, יוסף ודוד (און ווי ער זאגט אין זהר אין א דריטן ארט, אין פנחס אין פרשת המועדים - אויך ושלמה, וואס דאס איז דאך ווי דער רמב"ם איז מדייק אז משיח בן דוד איז פון זרע דוד ושלמה, בא דוד'ן איז דאך געווען כמה בנים - איז דאס דארף זיין פון דוד'ן און פון שלמה),

און מ'גייט מיט זיי אלעמען צוזאמען, וכמדובר לעיל בשמחת עולם נאך אין די לעצטע רגעים פון גלות, לקבל פני משיח צדקנו, ובשמחה גדולה ביותר,

ובעגלא דידן, אמן כן יהי רצון.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ושמחת בחגך".

* * *

בס"ד. שיחה להתלמידים ולהתלמידות שיחיו
- בבית הכנסת. אחרי תפלה מנחה -
יום ב׳, ג׳ דחוה״מ סוכות ה׳תשכ"א*.

הנחה הח׳ בלתי מוגה

א. אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל[1].

ב. מ׳האט דאך אייך זיכער איבערגעגעבן מיין ווענדונג אין בריוו[2], אז וויבאלד מיר געפינען זיך אין א יאר וואס ווערט אנגערופן שנת הקהל,

ווייל ווען דער ביהמ"ק איז געווען גאנץ פלעגט מען אין דעם יאר, געגנוי אין די טעג פון חול המועד סוכות, מקיים זיין מצות הקהל, "הקהל את העם האנשים והנשים והטף גו׳ למען ישמעו גו׳ ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת"[3],

וואס דערפון לערנט מען אפ, אז אע"פ וואס מ׳געפינט זיך אין גלות און דער ביהמ"ק איז נאך ניט געבויט געווארן - דארף אבער די צוגרייטונג דערצו (צו דעם בנין ביהמ"ק) זיין אין אן ענליכן אופן ווי מ׳האט זיך דארטן (אין דעם ביהמ"ק) געפירט - אז נאך זייענדיק אין גלות, און עס קומען די טעג פון סוכות פון א שנת הקהל, טוט מען (און אין אן אופן פון "יגעת") אין צוזאמענקלייבן אידן -

דארפן אידישע קינדער, אינגעלעך און מיידעלעך וואס זיי ווערן אנגערופן אין דעם אנזאג פון מצות הקהל מיטן נאמען "טף", וואס דאס מיינט קליינע קינדער, ביז - גאר קליינע אידישע קינדער[4], באווייזן א ביישפיל צו אלע אידן, אז ווען עס קומען די טעג פון סוכות קלייבן זיי זיך צוזאמען,

און זיי קלייבן זיך צוזאמען - ווי דער המשך הציווי אויף מצות הקהל - "למען ישמעו גו׳ את כל דברי התורה הזאת", כדי צו הערן ווערטער פון דער תורה,

- אזוי -

------------

1) נדפסו בחוברת "י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל" (ברוקלין, ה׳תשל"ו). 2) לילדי ישראל שלפני בר/בת מצוה - חול המועד סוכות שנה זו. 3) וילך לא, יב. 4) ראה רמב"ן ואוה"ח עה"פ שם, יג. גו"א (לפרש"י עה"ה) עה"פ שם, יב. חדא"ג מהדש"א לחגיגה ג, א. מנ"ה מצוה הריב. כלי יקר עה"פ שם, יב. וראה ירושלמי ריש חגיגה.

------------

*) ע"פ הוראת כ"ק אדמו"ר שליט"א בשיחתו ביום ג׳ פ׳ תבוא, י"ד אלול ה׳תש"מ סכ"ב, לסדר כינוסים לילדים וילדות ג׳ פעמים: לפני ר"ה, בעשי"ת ובחול המועד סוכות.

אזוי ווי איר האט ערשט געהערט א טייל פון די - פסוקים און אויך מאמרי חז"ל,

מיט דער כוונה, אז דערנאך זאל זיין "לעשות את כל דברי התורה הזאת" - מ׳זאל מקיים זיין דאס וואס עס שטייט אין דער גאנצער תורה.

און דערנאך נעמט מען דערפון אויך "כל הימים אשר אתם חיים על האדמה"[5]: דאס וואס מ׳נעמט אויף זיך אן צו מקיים זיין אין די טעג פון סוכות - נעמט מען אויף זיך אן מיט אזוי פיל לעבעדיקייט און מס"נ, אז דאס איז דערנאך גענוג, אז אפילו ווען דער קינד וואקסט-אויף און ווערט בר-מצוה (אדער בת-מצוה) און נאך עלטער, זאל ער דאס געדענקען, און דער זכרון זאל אים ברענגען צו דאס מקיים זיין בפועל - זיך אויפפירן אין זיין טאג-טעגליכער אויפפירונג און אין אלע זיינע אויפפירונגען, לויט ווי ס׳איז געשריבן געווארן אין דער תורה ("התורה הזאת").

ג. און דער טעם פארוואס דער עניין פון "הקהל גו׳ למען ישמעו גו׳ ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת" איז בהדגשה בא "טף" מער ווי בא "האנשים והנשים" - איז פארשטאנדיק בפשטות:

קינדער זיינען דאך באפרייט פון אלע דאגות, און דערפאר קענען זיי זיך איינגאנצן אפגעבן מיט דער תורה, וואס "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב"[6] (ווי מ׳האט ערשט געהערט אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל) - די איז אפגעגעבן געווארן צו יעדערן פון אייך, און צו יעדערן פון דעם אידישן פאלק, אלס א פולשטענדיקע ירושה.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז זיי (קינדער) דארפן אויסנוצן דאס וואס זיי זיינען באפרייט פון אנדערע דאגות, אויף טאן מיט דער גאנצער שטארקייט אין תורה ומצוות, "לעשות את כל דברי התורה הזאת",

און ניט רעכענען זיך מיטן יצר, ואדרבה - מלחמה האבן מיט אים, און מלחמה האבן אין אן אופן אז מ׳וועט זיכער מנצח זיין, דערפאר וואס די מלחמה ווערט אנגעפירט אין אן אופן פון "יגעה", וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז "ומצאת" (ווי איר האט ערשט געזאגט אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל[7]), אז מ׳וועט מנצח זיין אין דער מלחמה קעגן דעם יצר.

ד. וואס דערפאר ווערט יעדער איד, אנהויבנדיק פון גאר - קליינע -

---

5) וילך שם, יג. 6) ברכה לג. ד. 7) ממגילה ו, ב.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

קליינע קינדער, אנגערופן מיטן נאמען "צבאות השם"[8], אז זיי זיינען דעם אויבערשטן'ס ארמיי, דעם אויבערשטן'ס "סאלדזשערס" און אפיצערן - ווארום זיי זיינען די ארמיי וואס דער אויבערשטער האט אויפגעשטעלט און פאדלאזט זיך אויף איר, אז זי וועט אנפירן און מנצח זיין "מלחמה ה'" - די מלחמה וואס דער אויבערשטער וויל אז מ'זאל פירן מיט ניט-אידישקייט, מיטן יצר.

און דורך דערויף זאל מען באווייזן, אז "שמים" און "ארץ", אלץ וואס געפינט זיך ארום אונז (ארום יעדער קינד), צי דאס איז דער הימל צי דאס איז די ערד - איז דאס באשאפן געווארן דורך דעם אויבערשטן, "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ"[9] (ווי מ'האט ערשט געזאגט אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל);

באווייזן אז דער אויבערשטער איז דער איינציקער בעל-הבית אומעטום, און דערפאר דארף זיך אלץ אויפפירן ווי ער וויל.

און בשעה דער יצר וויל דאס מבלבל זיין און שטערן - האט יעדער אידיש-קינד, וואס יעדערעד פון זיי איז א טייל פון "צבאות השם", מלחמה מיטן יצר ביז אז ער איז אים מנצח.

ה. דערפאר איז אויך דער פארשלאג (ווי געשריבן אויך אין בריוו), אז די אלע "יוניאן'ס", די פאראייניקונגען צווישן קינדער וואס וועלן זיך צוזאמענקלייבן אלס א "קהל", א גרופע (אויף מוסיף זיין אין לימוד התורה און קיום המצוות) - זאלן זיי אנגערופן ווערן מיטן נאמען "צבאות השם".

און אזוי אויך די "יוניאן'ס" אין אלע לענדער זאל מען אנרופן מיט דעם זעלבן נאמען, וואס דאס וועט זיי אלע פאראייניקן.

און דער עיקר - אז זיי זאלן זיך אלע אויפפירן ווי א צבא דארף זיך אויפפירן (כדלקמן).

ו. און ווייבאלד אז זיי זיינען דעם אויבערשטן'ס ארמיי, איז זעלבסטפארשטענדליך אז אויב זיי ווילן נאר, וועלן זיי זיכער היטן וואס עס שטייט אין דער תורה, און זיי וועלן דאס זיכער מקיים זיין מיט א סאך הצלחה.

און די ארמיי וועט זיין אן ארמיי ווי ס'איז געווען צום ערשטן מאל ווען אידן זיינען אנגערופן געווארן "צבאות השם" -

------------

8) בא יב, מא. 9) בראשית א, א. וראה פרש"י עה"פ שם, יד.

השם", בא יציאת מצרים - אז "יוצאים ביד רמה"[10], דער נצחון וועט זיין א לייכטער, א גרויסער און א פולשטענדיקער,

ד.ה. אז אין יעדער מעשה, און אפילו אין דיבור, וועט מען דערקענען אז דער קינד איז א "חיל", אן איש צבא אין "צבאות השם", און פירט זיך אין אזא אופן און געדענקט וועגן דערויף יעדן טאג.

ובפרט אז דער קינד קומט פון די טעג פון חג הסוכות, וואס דעמולט האט מען אים נאכאמאל דערמאנט (אין דעם בריוו) אז ער איז פון "צבאות השם",

און דערנאך וועט מען אים אויך מיטגעבן דעם בריוו (הנ"ל), ער זאל דאס מיטנעמען מיט זיך -

וועט דאס אים געבן די שטארקייט ער זאל ווירקן אויף זיך, אז ער זאל געדענקען אז ער איז אין דעם אויבערשטן'ס ארמיי.

ז. און וויבאלד אז איר האט ערשט געהערט און געלערנט (אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל) אז "ואהבת לרעך כמוך"[11] און אז "ר' עקיבא אומר זה כלל גדול בהורה"[12] - וועט איר זיכער אויך איינווירקן אויף אייערע חברים/ות - איינגעלעך אויף איינגעלעך און מיידעלעך אויף מיידעלעך, אז זיי, און אלע אידישע קינדער, זאלן וויסן אז זיי זיינען פון "צבאות השם", און זיי זאלן ארייגגיין אין "צבאוה השם", און זיך אלעמאל אויפפירן אין אן אופן אז אלע זאלן דערקענען אז זיי זיינען "צבאות השם".

און דעמולט האבן זיי די הבטחה פון דעם אויבערשטן, "יגעת ומצאת" - אז עס וועט זיין "ובני ישראל יוצאים ביד רמה", זיי וועלן זיכער בנצח זיין די מלחמה מיטן יצר (כנ"ל).

און דאס וועט זיין א נצחון וואס קומט מתוך שמחה, ווארום דעם כח אויף דעם נעמט מען אנהויבנדיק פון די טעג פון סוכות, וואס ער ווערט אנגערופן "זמן שמחתנו",

וואס דאס איז א צווייענדיקע שמחה[13] - "ישמח ה' במעשיו"[14], דער אויבערשטער פרייט זיך מיט יעדערן פון אייך, און "ישמח ישראל בעושיו"[15], יעדערער פון אייך פרייט זיך מיט דעם אויבערשטן (ווי איר האט ערשט געזאגט און געלערנט אין די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל - פון הניא[16].

- און -

---

10) בשלח יד, ח. 11) קדושים יט. יח. 12) תו"כ הובא בפרש"י עה"פ. 13) ראה לקו"ת סבע"צ פח. ד ואילך. 14) תהלים קד, לא. 15) שם קמט. ב. 16) ספל"ג.

און מ'נעמט-מיט פון דער שמחה אויף א גאנצן יאר[17].

- - -

ה. נאך דער ערקלערונג און פארשטענדעניש, אז יעדערער פון אונז און יעדערער פון אייך איז "מאבילייזט" (מגויים), אריינגענומען געווארן און געווארן א טייל פון דעם אויבערשטן'ס ארמיי -

איז פארשטאנדיק אז מ'דארף זיך פירן אין אלע איינצלהייטן ווי אנשי צבא פירן זיך אין אן ארמיי כפשוטו למטה צווישן מענטשן.

ווארום דאס וואס דער אויבערשטער האט איינגעשטעלט אז אן ארמיי צווישן מענטשן פירט זיך באופן מיוחד - איז דאס בכדי אז מ'זאל וויסן ווי אזוי עס דארף זיך פירן אויך דעם אויבערשטן'ס ארמיי,

און דערפאר איז דורך דערויף וואס מ'קוקט זיך צו ווי אן ארמיי פירט זיך צווישן מענטשן - קען מען וויסן ווי מ'דארף זיך פירן אין דעם אויבערשטן'ס ארמיי.

ט. אנהויבנדיק דערפון וואס אן ארמיי האלט זיך צום אלעם ערשטן אויף דעם, אז יעדער "סאלדזשער" (איש צבא) ווייסט אז אן ארמיי (און א מלחמה) איז ניט קיין "שפילאכל", און ניט א זאך וואס מ'מאכט דאס כ'וויים-ווי - נאר דאס איז אן ערענסטע זאך;

דאס (אן ארמיי) איז טאקע א געזונטע זאך און א גליקלעכע זאך און א פרייליכע זאך - אבער מ'באציט זיך דערצו מיט ערענסטקייט.

עד"ז אין דער ארמיי פון דעם אויבערשטן, דארפן די "צבאות השם" וויסן אז דאס איז ניט קיין שפיל, נאר דאס איז אן ערענסטע זאך - מ'געהערט צו אן ארמיי וואס דער אויבערשטער האט אויפגעשטעלט און פארלאזט זיך אויף איר אז די וועט מנצח זיין מלחמת ה', און מ'פארגעסט ניט פאר קיין איין רגע אז מ'געהערט צו דער ארמיי.

י. אן ארמיי האלט זיך (אויך) אויף דעם, אז בשעה עס קומט אן "אָרדער" (א פקודה) צו די אנשי צבא אז מ'דארף טאן א געוויסע זאך - פרעגט מען ניט קיין שאלות און מ'זוכט ניט קיין טעמים, און צי מ'פארשטייט דאס יע אדער ניט - איז צום אלעם ערשטן ערפילט מען דעם "אָרדער".

- אזוי -

------------

17) אוה"ת ברכה ס"ע א'תתסו (וראה גם אוה"ת סוכות ע' א'תשנו). סה"מ תש"ב ע' 49.

אזוי אויך אין דער ארמיי פון דעם אויבערשטן:

בשעה א אידיש-קינד דערהערט אז עס שטייט אין "התורה הזאת" אז מ׳דארף מקיים זיין א געוויסע מצוה - איז ער דאס צום אלעם ערשטן מקיים אן פרעגן שאלות און אן זוכן טעמים, ווארום דאס איז דער סדר ביי א אידן, וואס אלע אידן זיינען דאך דעם אויבערשטן׳ס ארמיי - אז עס דארף זיין "נעשה" פאר "ונשמע".

ווי צום ביישפיל: בשעה ער דארף עפעס עסן אדער טרינקען, שטייט אין דער תורה אז ער דארף פריער וויסן צי דאס איז כשר -

איז אויב ס׳איז ניט כשר, איז אפילו אויב דאס איז געשמאק, און עס ווייזט זיך אים אויס אז דאס איז גוט פארן געזונט פון דעם גוף וכיו"ב - פרעגט ער ניט קיינע שאלות, און זוכט ניט קיינע טעמים, און ער עסט און טרינקט נאר כשר, ווארום ער האט באקומען דעם "אָרדער" פון דעם וואס פירט-אן מיט דער ארמיי, דער אויבערשטער, אז מ׳מעג עסן בערניט ווי כשר׳ע זאכן.

ועד"ז - איידער ער עסט אדער ער טרינקט, דארף ער מאכן א ברכה, מיט די אלע פרטים ווי די ברכה איז אויסגעשטעלט, פאר יעדער עסן און געטראנק זיין באזונדער ברכה וכיו"ב.

יא. א צווייטע זאך וואס מ׳לערנט זיך אפ פון אן ארמיי פון בענטשן אויך דער ארמיי פון דעם אויבערשטן:

א "סאלדזשער" וואס געפינט זיך אין ארמיי, קען ניט זאגן, אז אזוי ווי ער איז א בעה"ב אויף זיך, קען ער זיך פירן ווי ביי אים קומט אויס.

און אפילו אויב ער וועט דערפאר באקומען א שטראף - איז ער מסכים באקומען די שטראף, און פירן זיך ווי ביי אים קומט אויס -

ווארום בשעה מ׳איז אין אן ארמיי, קען זיין אז דורך זיין פירן זיך ווי ביי אים קומט אויס, פארקערט ווי אן ארמיי דארף זיך פירן - שטעלט ער אין סכנה די גאנצע ארמיי, דעם גאנצן "פראָנט" (חזית),

און אויך די שטראף וואס ער וועט באקומען - ברענגט א סכנה פאר דער גאנצער ארמיי.

אזוי אויך אין דער ארמיי פון דעם אויבערשטן:

א איד. א "סאלדזשער" אין דעם אויבערשטן׳ס ארמיי, קען ניט זאגן אז וויבאלד ער איז א בעה"ב אויף זיך וויל ער זיך פירן ווי ביי אים קומט אויס,

און אפילו אויב ער איז משמים דערפאר באקומען א שטראף. ווי צום ביישפיל אין דעם אויבנדערמאנטן ביישפיל: ער זאגט אז ער וויל עסן (אדער טרינקען) ניט-כשר רח"ל, און איט הארט ניט אז מ'וועט אים באשטראפן, ווארום אים ווייזט זיך אויס אז דאס איז געשמאק - קען ער אזוי ניט זאגן -

ווארום וויבאלד ער געפינט זיך אין אן ארמיי, קען זיין אז דורך זיין'אויפפירן זיך פארקערט ווי די גאנצע ארמיי פירט זיך אויף, שטעלט ער אין סכנה רח"ל די גאנצע ארמיי, דעם גאנצן אידישן פאלק, און אויך די שטראף וואס ער וועט באקומען ברענגט סכנה פארן גאנצן אידישן פאלק.

יב. און וויסן צי די זאך וואס ער טוט ווי ביי אים קומט אויס (ניט ווי די אנדערע אידן פון דעם אויבערשטן'ס ארמיי טוען) - איז נוגע מערניט ווי צו אים אליין, אדער צו נאך אידן, אדער צום גאנצן אידישן פאלק -

קען דאס באמת וויסן מערניט ווי דער "קאמענדער-אין-טשיף" פון דער ארמיי, דער וואס שטייט גאר אין דער הויפט פון דער ארמיי. דער וואס ווייסט דעם פלאן פון דער גאנצער מלחמה. און ער ווייסט ווי דער פראנט איז אויסגעשטעלט, און ווייסט וועלכע זאך איז וויכטיקער און וועלכע איז ווייניקער וויכטיק - מלך מלכי המלכים הקב"ה:

דאס קען אבער ניט וויסן אן איש צבא, אן איינפאכער "סאלדזשער", און אפילו ניט אן אפיצער, און אפילו ניט א "דזשענעראל".

יג. און דערפון קומט מען צו א דריטע זאך וואס מ'דארף וויסן בשעה מ'געפינט זיך אין אן ארמיי:

אפילו בשעה ביי א "סאלדזשער" ווייזט זיך אויס אז ער קען טאן לטובה דער ארמיי, דורך ניט פאלגן דעם "אָרדער" וואס ער האט באקומען, און טאן א צווייטע זאך וואס ביי אים קומט אויס אז דאס איז גוט פאר דער גאנצער ארמיי -

זאגט מען אים, אז וויסן וואס איז באמת גוט פאר דער גאנצער ארמיי - קען וויסן מערניט ווי דער וואס שטייט אין דער הויפט פון דער ארמיי און פירט-אן מיט דער גאנצער ארמיי און מיט דער גאנצער מלחמה;

אין דערויף קען אבער קיין זאך ניט זאגן אן איינפאכער "סאלדזשער".

און דאס וואס ביי אים קומט אויס ניט אזוי ווי עס קומט אויס בא דעם הויפט פון דער ארמיי - איז דאס דערפאר וואס ער ווייס ניט די אנפירונג און די אויסשטעלונג פון ארמיי פון דעם יצר אנטקעגן דער ארמיי פון דעם אויבערשטן.

- יד. -



הנחה הת' בלתי מוגה

יד. און דערנאך קומט צו נאך אן ענין (וואס איז דא דוקא) אין דער ארמיי פון דעם אויבערשטן:

ענינו פון א "סאלדזשער" איז - קבלה עול (כנ"ל ס"י), אז ער זאל זיין "עובדו כראוי"[18] צו דעם אנפירער פון דער גאנצער ארמיי - דער אויבערשטער.

זאגט מען אים, אז אין דער ארמיי פון דעם אויבערשטן, איז "ה' נצב עליו כו' ומבים עליו ובוחן כליות ולב אם עובדו כראוי"[18] - דער אויבערשטער, דער אנפירער פון דער גאנצער ארמיי, שטייט לעבן יעדער איינצעלנעם "סאלדזשער", און קוקט זיך צו צי ער דינט אים ווי עס דארף צו זיין,

דורך דעם וואס ער איז מקיים די אלע פקודות ווי דער אויבערשטער האט זיי אנגעזאגט אין דער תורה.

און טוט דאס אויך מיט א שמחה, ווארום ער האט דעם גרויסן זכות צו מלחמה האבן פאר דעם אויבערשטן, אין מלחמת ה', דעם אויבערשטן'ס מלחמה.

און דעם זכות האט יעדער אידישער קינד, אינגעלע און מיידעלע, אנהויבנדיק נאך בשעה זיי זיינען "טף", גאר קליין, וואס דעמאלט האבן זיי שוין בא זיך דעם ציווי (דעם "צו") אז מ'האט זיי אריינגענומען אין "צבאות השם".

און דערפאר גיט מען זיי אויך דעם כח אז זיי זאלן קענען בייסטייין מלחמה היצר, און דורכפירן דעם אויבערשטן'ס שליחות,

און טאן דאס, כאמור, מיט שמחה.

*   *   *

טו. ס'איז דא נאך א זאך וואס מ'זעט ביי אן ארמיי אין דער וועלט:

עס זיינען דא צייטן וואס מ'טרענירט (מ'לערנט) די אנשי צבא ווי אזוי זיך אויפצופירן;

דערנאך מאכט מען פון צייט-צו-צייט א "פארייד": מ'קלייבט צוזאמען אלע "סאלדזשערס", און דורך דערויף וואס מ'זעט ווי זיי זעהן אויס באם פאראד ווייסט מען צי זיי האבן זיך אויפגעפירט ווי עס דארף-צו-זיין,

און צו די וואס האבן זיך אויסגעצייכנט אין זייער אויפפירונג, גיט מען דעמאלט מעדאלן (ע"ד ווי פרסים), דער-פאר וואס זיי האבן זיך אויסגעצייכנט אין זייער אויפפירונג.

- אזוי -

------------

18) ל' אדה"ז בתניא רפמ"א (מהי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל).

הנחת הת' בלתי מוגה

אזוי דארף אויך זיין בנוגע צו "צבאות השם":

יעדער טאג פון דעם יאר דארף מען זיך אויפפירן (טרענירן זיך) און מאן די מעשים, דיבורים און מחשבות לויט ווי דער אויבערשטער האט אנגעוויזן אין זיין תורה;

דערנאך מאכט מען פון ציט-צו-ציט א פאראד, וואו עס קלייבן זיך צוזאמען די "צבאות השם", ובפרט קינדער.

וואס אזא פאראד וועט דאך בעזרת השם זיין (אויך) דעם קומענדיקן חנוכה (אזוי ווי מ'מאכט דאס יעדער יאר), ובפרט אז שנה זו איז א שנת הקהל.

דאל דעמולט יעדער קינד מיטברענגען מיט זיך א "רעקארד", א באווייז, אז ער האט זיך אויפגעפירט אויפן בעסטן אופן.

און די וואס וועלן האבן די בעסטע "רעקארד'ס" פון צווישן אלע - וועט מען זיי געבן פרסים (ווי מ'האט זיך אויך געפירט אין פאריקע יארן).

טז. דער מיין דערפון בנוגע לפועל:

אין די טעג פון חול המועד סוכות פון שנת הקהל (די איצטיקע טעג) ביז די טעג פון חנוכה פון שנת הקהל - זאלן זיך די אידישע קינדער במיוחד משתדל זיין (נוסף צו דעם וואס זיי האבן געטאן ביז איצטער) צו ארייננציען און מאבילידירן נאך אידישע קינדער, אז זיי זאלן וואלונטירן צו אריינגיין אין "צבאות השם",

ווארום וויבאלד אז מ'איז מקיים מיט יעדן אידישן קינד (אינגעלעך מיט אינגעלעך, און מיידעלעך מיט מיידעלעך) דעם ציווי "ואהבת לרעך כמוך" - איז זייענדיק אליין אין "צבאות השם", און ער זעט אז ס'איז דא נאך א אידיש-קינד וואס איז נאך ניט אין דעם צבא - לייגט ער זיך ארייין און איז זיך משתדל. דורך זיין א גוטער ביישפיל און דורך רעדן הארציק, ביז אין אן אופן פון "יגעת". וואס דעמולט איז דאך א זיכערע זאך אז "ומצאת" (ווארום "יגעתי ולא מצאתי אל תאמין") - צו ארייננציען אים. אז ער וואלונטירט אויך ארייננציען אין דער ארמיי.

און צוליב דעם פאראד פון דעם קומענדיקן חנוכה וועט מען ספעציעל איבערדרוקן די ביכעלעך פון די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל,

און דערפאר וועט מען עס אויך אפדרוקן אויף ספעציעלע פאפיר, כדי מ'זאל וויסן אז דאס איז ספעציעל אפגעדרוקט צוליב דעם פאראד פון דעם חנוכה.

וואס צום סוף פון די ביכעלעך איז דא אן ארט (עטליכע

- בלעטלעך) -

בלעטלעך) וואו מ'קען פארצייכענען דעם נאמען פון דעם קינד (קינדער) וועלכן ער האט צוגעצויגן,

וועט ער דארפן פארצייכענען, אז אין די טעג צווישן חול המועד סוכות פון שנת הקהל ביז חנוכה פון שנת הקהל, האט זיך אים איינגעגעבן צו אריינציען אלס וואלונטירן אין דעם אויבערשטן'ס ארמיי, אט די און די חברים (און מיידעלעך - חבר'טעס).

און בשעה ער וועט קומען חנוכה צו דעם פאראד, וועט ער באווייזן (אדער אפגעבן) דעם מיכעלע וואו ס'איז אנגעשריבן די נעמען פון די קינדער וועלכע ער האט מאביליזירט אז זיי זאלן אריינגיין אין דעם אויבערשטן'ס ארמיי, אין "צבאות השם". און זיך אויפפירן ווי יעדער איינער פון דער ארמיי דארף זיך אויפפירן אין טאג-טעגליכן לעבן.

און די וואס וועלן זיך אויסצייכענען אין דעם פון צווישן אלע אנדערע - וועט מען געבן פרסים.

יז. דערנאך קומט צו נאך א הוראה צו אידישע קינדער פון דעם ענין פון הקהל (ווי אויך אנגעוויזן אין דעם בריוו):

יעדער איד, אנהויבנדיק פון קינדער, דארף זעהן, אז פונקט אזוי ווי אין שנת הקהל בזמן שבית המקדש הי' קיים, האט מען זיך צוזאמענגעקליבן אין דעם הייליקן ארט, אין דעם בית המקדש -

אזוי זאל ער אויך מאכן פון זיין הויז וואו ער לעבט, אז די זאל זיין א אידישע הויז: א ליכטיקע הויז מיט דער ליכטיקייט פון "תורה אור"[19], און א הייליקע הויז מיט דער הייליקייט פון אידישקייט.

און אזוי אויך מאכן פון דעם בית-ספר וואו ער לערנט.

אין איינפאכע אותיות:

בשעה א אידיש-קינד קומט אהיים פון דעם היינטיקן "הקהל", און ער דערציילט זיין פאטער און מוטער, זיין ברודער און שוועסטער, וואס זיינען שוין נאך בר-מצוה און בת-מצוה. וועגן דעם "הקהל" -

בעט ער בא זיי אויך, אז זיי זאלן טאן וואס עס הענגט אפ אן זיי. אויף מאכן די הויז נאך הייליקער ווי זי איז געווען פריער. איידער ער האט מיט זיי גערעדט.

אזוי אויך ווען ער הויבט אן גיין אין בית-ספר - רעדט

- ער -

---

19) משלי ו. כג.

ער מיט דעם "מיטשער". מיט דעם מורה אדער מורה. אז זיי זאלן צוגעבן אין לערנען תורה און מקיים זיין מצוה וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין דעם בית-ספר. רעדן וועגן דערויף בעסער. און לערנען וועגן דערויף בעסער ווי ס'איז געווען פריער. איידער ער האט מיט זיי גערעדט.

יח. און בשעה איר (די אידישע קינדער) וועט בעטן דאס אויבנדערמאנטע ביי אייערע פאטערס און מוטערס, עלטערע ברידער און שוועסטער, און צוזאמען דערמיט באווייזן דעם ביישפיל אז איר זייט אליין אנשי צבא (אדער א מידעלע וואס געפינט זיך אין צבא), און איר זייט מקיים אלע פקודות פון דעם אנפירער פון דעם צבא, דער אויבערשטער, אנהויבנדיק פון דעם ציווי[20] "כבד את אביך ואת אמך" -

איז דעמולט א זיכערע זאך (ווי גערעדט במשך פון דעם לעצטן זומער), אז "אביך" און "אמך", סיי דער פאטער און סיי די מוטער, סיי דער זיידע און סיי די באבע - וועלן נאכמער צוגעבן אין דער הייליקייט פון דער הויז.

יט. און דאס וועט אויך זיין איינע פון אייערע גרויסע דערגרייכונגען אלס מיטגלידער פון "צבאות השם",

און דאס וועט אויך ברענגען גרויס נחת רוח (פארגעניגן) צו דעם מלך מלכי המלכים הקב"ה, צו דעם אויבערשטן וואס ער פירט-אן מיט דעם צבא.

און בשעה מ'פארשאפט אים מערער נחת רוח - איז זעלבסט-פארשטענדליך אז ער גיט צו אין זיינע ברכות צו יעדן וואס האט אין דערויף געטאן, צו די אלע מיטגלידער פון דער ארמיי,

און אויך אט די וואס האבן זיי (די מיטגלידער פון דער ארמיי) געפאלגט: צי דאס איז דער פאטער צי די מוטער, אדער די אנדערע בני בית, די מיטגלידער פון דער משפחה -

גיט ער צו זיי אויך צו זיינע ברכות אין וואס זיי נויטיקן זיך -

אז עס זאל זיין א שנה טובה ומתוקה, יעדער טאג פון דעם גאנצן יאר זאל זיין א גוטער טאג און א זיסער טאג אין אלע הינזיכטן, ווארום וויבאלד עס וועט זיין גוט און זיס ברוחניות, ברענגט דאס אויך אז עס זאל זיין גוט און זיס בגשמיות,

א שנה מבורכה בכל טוב.

* * *

- כ. -

------------

20) יתרו כ, יב.



הנחה הת' בלתי מוגה

כ. איידער מ׳פארענדיקט, וויל איך אויך מוסיף זיין:

ס׳איז זעלבסטפארשטענדליך אז די פון אייך וואס שטייען אין פארבינדונג מיט חברים (און מיידעלעך - מיט חבר׳טעס) אין אנדערע שטעט - איז מצד "ואהבת לרעך כמוך" דארף מען זיי אויך איבערגעבן וועגן דערויף וואס עס האט זיך דא געטעט,

כולל אויך - איינווירקן אויף זיי, אז זיי זאלן אויך אריינגיין אין "צבאות השם" (אויב זיי האבן ביז איצטער דאס נאך ניט געטאן).

כא. אויך:

די וואס הערן איצטער וואס מ׳רעדט (דורך דעם "הוק-אפ"), אדער די וואס הערן און וועלן דאס דערנאך איבערגעבן צו אנדערע - זאלן זיך אויך משתדל זיין אין די אלע ענינים ווי געטעט פריער בפרטיות:

איבערדרוקן אין יעדער מדינה פון-דאס-ניי די חוברות פון די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל, מיט די עמודים צום סוף פון יעדער חוברת, אויף קענען פארשרייבן די נעמען פון די קינדער אויף וועלכע ער האט איינגעווירקט אז זיי זאלן אריין אין דעם אויבערשטן׳ס ארמיי;

און אנהויבן גרייטן זיך צו דעם פאראד וואס מ׳וועט מאכן פאר אלע "צבאות השם", יעדערער אין זיין שטאט און אין זיין מדינה, מיט די פרטים ווי דערמאנט פריער.

כב. אין די אלע ערטער וואו מ׳האט נאך ניט געמאכט א "הקהל" פון קינדער דעם חול המועד סוכות - זאל מען דאס טאן פאר שמיני עצרת, און אין אן אופן אז דאס זאל זיין מיט הצלחה רבה.

און מ׳זאל דארטן טאן אלע ענינים ווי מ׳האט דא געטאן: פארבינדן דאס מיט אן ענין פון תפלה, מיט אן ענין פון תורה, און אויך מיט אן ענין פון צדקה, גמילות חסדים,

אזוי ווי מ׳האט דא געטאן: מ׳האט געהאט דעם ענין פון תפלה, מ׳האט געדאווענט צוזאמען, דעם ענין פון תורה, מ׳האט גע׳חזר׳ט און געלערנט די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל פון תושב"כ און תושבע"פ, און מ׳וועט איצטער (באם ארויסגיין) מקיים זיין מיט דעם ענין פון גמילות חסדים, צדקה (ווי מ׳האט זיך געפירט בא די פריערדיקע פאראדן).

כג. און דאס אלץ זאל צוברענגען און צואיילן, אז גאר אינגיכן זאל יעדער איד און אלע אידן, יעדערער און יעדערע,

- "בנערינו -

"בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[21]. וואס יעדערער פון זיי איז דאך א טייל פון "צבאות השם" - ארויסגייען פון גלות - "כימי צאתך מארץ מצרים"[22] - "ביד רמה". מיט א שטארקייט און א פעסטקייט.

און ארויסגייען מתוך שלום, ווארום ס׳קומט דאך פון חג הסוכות, וואס א סוכה ווערט אנגערופן "סוכת שלום"[23], "ופרוש עלינו סוכת שלומך"[24] -

אז אלע אידן, גאנצערהייט, בגשמיות וברוחניות און אן קיינע שוועריקייטן, גייען מקבל זיין פני משיח צדקנו. ווארום ער קומט גאר אינגיכן ארויסנעמען אונז פון גלות און ברענגען די גאולה האמיתית והשלימה.

וואס דעמולט וועלן מיר אלע צוזאמען גיין אין ארצנו הקדושה. "ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[25]

- און אויך ביז דעמולט, נאך זייענדיק אין גלות, האט מען די הבטחה אז "הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[26] -

און קומענדיק גאנצערהייט אין ארץ ישראל, וועט מען דארטן אויך געפינען די ארץ הקודש אין איר גאנצער גאנצקייט, דעם אידישן פאלק אין זיין גאנצער שלימות, און מקיים זיין די תורה אויך אינגאנצן, ווי ס׳זאגט בא הקהל "לעשות את כל דברי התורה הזאת" - מקיים זיין אלע זאכן וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין תורה.

און אין ארץ הקודש גופא - קומען אין ירושלים עיר הקודש, און ירושלים וואס זי איז די הייליקע שטאט און די הויפט-שטאט פון גאנץ ארץ ישראל, און פון יעדער אידן וואו נאר ער געפינט זיך - ווארום "ירושלים לא נתחלקה לשבטים"[27], די איז אפגעקויפט געווארן און געבויט געווארן דורך דוד מלך ישראל, אין אן אופן אז יעדער איד, פון גאר קליינע קינדער אן, האט דארט א חלק,

און קיינער קען פון איר גארניט אפגעבן, ווארום זי געהערט ניט צו אים; יעדער איד איז א בעה"ב אויף גאנץ ירושלים, מיטן כותל המערבי, מיטן הר הבית, מיט אלע בנינים און אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ירושלים.

- און -

------------

21) בא י, ט. 22) מיכה ז, טו. 23) פיוט הושענות דיום ב׳. 24) ראה ד"ה כי פדה לאדה"ז (סה"מ אההלך לאזניא ע׳ נז. עם הגהות - אוה"ת נח (כרך ג) הרנט, א ואילך). ד"ה ובכה הרל"ז פצ"ו. 25) עקב יא. יב. 26) תהלים קכא, ד.
27) יומא יב, א. מגילה כו, א. ועוד. רמב"ם הל׳ ביהב"ח פ"ז הי"ד.

און אין ירושלים גופא - קומען אין בית המקדש, ווארום ווייבאלד אז עס קומט משיח צדקנו, וועט ער דאך זיכער טאן ווי דער דין איז[28] - יבנה מקדש במקומו, ער וועט גלייך אויפבויען דעם ביהמ"ק.

ויקבץ נדחי ישראל, ער וועט צוזאמענקלייבן אלע אידן צוזאמען אין ארץ ישראל, ארץ הקודש, און אין ירושלים עיר הקודש. און אין בית המקדש,

וואס דארטן (אין ביהמ"ק) איז געווען דער נס אז "עומדים צפופים ומשתחוים רווחים"[29], אז בשעת אלע אידן האבן עולה לרגל געווען "האנשים והנשים והטף" - האבן זיי זיך אלע געקענט צוזאמענקלייבן אין דעם שטח פון ביהמ"ק.

און דארטן (אין ביהמ"ק בשנת הקהל) וועט מען נעמען אויף זיך נאכמער לעבעדיקייט (חיות) און נאכמער שמחה אין הערן וואס עס שטייט אין תורה, "למען ישמעו גו׳ את כל דברי התורה הזאת",

און דערנאך מקיים זיין אלע זאכן וואס עס שטייט אין תורה, "לעשות את כל דברי התורה הזאת",

און דאס מקיים זיין "כל הימים אשר אתם חיים על האדמה", אלע טעג און אלע יארן וואס מ׳לעבט אויף דער הייליקער לאנד,

וואס געהערט צו אידן אומעטום, און קיינער איז קיין בעה"ב ניט אויף אפגעבן עפעס-וואס פון דער לאנד, ווארום דאס איז אפגעגעבן געווארן פון דעם מלך מלכי המלכים הקב"ה צו יעדער אידן און צו אלע אידן, אלס א נחלה עולם, אלס אן אייביקע ירושה און אן אייביקע נחלה.

און דאס וועט מען אויך זעהן בפועל ובקרוב ממש.

און ישראל נגאלין מיד[30], יעדער איד און אלע אידן לייזן זיך אויס פון ניט-אידישקייט, דורך דעם נצחון אין דער מלחמה מיטן יצר,

וואס איר, אידישע קינדער, אלס "צבאות השם", באווייזט אין דערויף א ביישפיל.

און דאס ברענגט דעם נצחון אויף דעם גלות, אז עס ווערט אויס גלות, און עס הויבט זיך אן די גאולה האמיתית והשלימה, דורך משיח צדקנו,

- בקרוב -

---

28) רמב"ם הל׳ מלכים ספי"א. 29) אבות פ"ה מ"ה. 30) ראה רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה.

בקרוב ממש.

אח"כ אמר:

נאך דעדויף וואס מ'וועט איבערגעבן דעם תוכן פון דער שיחה אין שפת המדינה - וועט מען פאנאנדערטיילן די געלט אויף קענען אויך מקיים זיין דעם ענין פון צדקה.

און מ'בעט (מנ"ל) אז מ'זאל אזוי אויך טאן אין די אלע שטעט און מדינות וואו מ'האט געהערט די בקשה וועגן וועלכע עס האט זיך פריער גערעדט.

און וויבאלד אז עס זיינען נאך דא צוויי טעג ביז שמע"צ (ביז יו"ט) - קען מען נאך טאן אין די אלע ענינים,

וכל המרבה הרי זה משובח - וואס מערער מ'וועט טאן קומט אים א שבח, און ער פארשאפט דערמיט א פארגעניגן דעם נותן התורה, דעם אויבערשטן. וואס האט אנגעזאגט אז אין קיום המצווה דארף זיין להעלות בקודש[31], צוגעבן אלעמאל אלץ מער און מער,

און דערמיט וועט דער אויבערשטער צוגעבן נאכמער אין זיינע ברכות, סיי בגשמיות סיי ברוחניות (מנ"ל),

ובקרוב ממש די הויפט-ברכה - ברענגען משיח צדקנו און ברענגען די גאולה האמיתית והשלימה,

במהרה בימינו ממש.

[כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן להמדריכים ולהמדריכות שיחיו: עותקים מהמכתב לילדי ישראל שלפני בר/בת מצוה - מול הכועד מזכות שנה זו (בתרגום אנגלי) ומטבעות של עשר סענט להלק לכל אחד ואחת מהילדים והילדות שיהיו: מכתב ושתי מטבעות: א' להם לצדקה, והב' - לעשות בה כטוב בעיניהם.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו].

---

31) ברכות כח, א. וש"נ.

בס"ד. שיחת י"ס תשרי, אור ליום ד' דחוהמ"ס, תשמ"א. הנחה פרטית בלתי מוגה

מ'האלט דאך בא דעם זעקסטן טאג פון סוכות, און אויך בא דעם זעקסטן מאל פון שמחת בית השואבה.

איז דאך דא אזוינע וואס האבן געטראכט, איזה טעם וזעט מען איצטער געפינען אז מ'זאל מוסיף זיין שוין נאך די אלע 5 מאל שמחת בית השואבה, וואס בא יעדער מאל האט מען געפונען אן ענין און א טעם, ביז א טעם אויך בפשטות, אז דעם ציווי פון להעלות בקודש זאל אויך זיין במיוחד בנוגע צו שמחת בית השואבה, מצד אן ענין וואס איז פארבונדן מיט שמחה, ווי דערמאנט פריער, אין די פריערדיקע רייד בקשר צו שמחת בית השואבה.

וואס איז דער ענין וואס לייגט זיך בפשטות אויף מוסיף זיין נאכמער אין שמחת בית השואבה פון היינט ביינאכט -

איז בשעת מ'גיט א קוק ווער איז די אושפיזין - ווייס מען גלייך און מען געפינט גלייך ווארום כשמו כן הוא, וואס דער אושפיז, לויט דעם סדר הרגיל ווי ער זאגט אין זהר און אנגענומען אין די סידורים, איז דאך דער אושפיז פון היינטיקער נאכט און טאג שלאח"ז, איז דאס יוסף הצדיק.

וואס בשמו כן הוא ווערט ער אנגערופן בשם "יוסף", דערפאר וואס דאס איז אן ענין של הוספה, ווי דער פשטות פון דעם נאמען, ובפרט נאך ווי אפגעטייטשט אין חומש גופא, אז פארוואס האט מען איס א נאמען געגעבן יוסף, ע"י רחל - ווארום בשעת ער ווערט געבארן איז שוין דא די בקשה, און צוזאמען דערמיט די הבטחה, אז יוסף לי ה' בן אחר.

וואס בפשטות איז דאס, אז עס ווערט דאך געבארן דער זון, איז דאס אבער אזא זון וואס גלייך מיט אים צוזאמען גייט די תפלה ובקשה און דער מילוי הבקשה אז ער ברענגט מיט זיך א "בן אחר", נאך א זון,

וואס דאס איז דאך, עיקר ענין השמחה איז דאך אויף פורץ זיין גדרים, ביז וואנעט ווי מ'זעט דאס אויך בפשטות, אין וואס זעט מען אז ער איז באמת שמח - אז ער גייט ארויס פון זיך און ער איז מצרף צו זיך אתה ובנך ובתך ועבדך ואמתך והלוי והגר אשר בשעריך, ווי עס שטייט דאך אין פארשידענע ערטער בנוגע צו שמחה.

און ווי דער רמב"ם איז דאס מפרש, אז דוקא דעמאלט איז דאס אן אמת'ע שמחה,

ובפרט נאך ווי דער צ"צ ברענגט אראפ דעם אפטייטשט פון יוסף לי ה' בן אחר, אז דאס איז אזא בן וואס ער ברענגט מיט זיך א הוספה פון נאך א בן, און ווער איז דער צווייטער בן - איז דאס וואס ער מאכט פון "אחר" מאכט ער א "בן". אט דער וואס פריער איז "אחר" לאביו שבשמים, מאכט ער פון אים א "בן",

וואס דעמאלט איז דאך פארשטאנדיק די שמחה גדולה ביותר, ווי ס'איז מבואר בנוגע צו דעם ענין פון א בעל תשובה, אז צדיקים, אפילו צדיקים גמורים, איז דאס בדוגמא פון א בן וואס ער איז בל ימיו בבית המלך ומתנהג כפי רצון המלך, איז דאך פארשטאנדיק אז דער מלך האט פון אים א תענוג ושמחה וכו', אבער תענוג תמידי איז ניט דער אמת'ער ענין התענוג, און שמחה תמידית איז אויך ניט דער אמת'ער ענין השמחה,

משא"כ א בן וואס ער איז געווען אין גלות, און אין גלות איז שכינה עם ולטון, ווי ער איז מבאר אין כתר ש"ט, תורת הבעש"ט, אז עס קלעפט זיך צו פון דער גאס און פון די חיצוניות העולם קלעפט זיך צו אויך צו א אידן, וויבאלד אז ער

געפינט זיך ראשון און מ'דארף דאך מאכן פון דעם "אחר", פון רה"ר דארף ער מאכן א רשות ליחידו של עולם, דעם אמת'ן רה"י.

איז דאך אט דעמאלט המברר טוט זיך אן אין לבושי המתברר, ווי מ'זעט דאך אפילו בא דעם אויבערשטן זאגט ער אז נורא דרכתי לבדי איז דאך דעמאלט את מלבושי אגאלתי,

אז ווילבאלד ער דארף זיך פארנעמען מיט אדום, וואס דאס איז דאך דער כללות ענין הגלות בכלל, ובפרט דער איצטיקער גלות וואס דאס איז גלות אדום, איז את מלבושי אגאלתי, געפינט זיך דער אויבערשטער אין רחוב של בורסקי, ווי ער זאגט אין זהר סוף פרשה בחוקותי, וואס דעמאלט ווערט מלבושי אגאלתי, אז זיי ווערן לבושים פון גלות, עס זעט זיך ניט אן אלקות בגלוי ווי ס'איז געווען בזמן שביהמ"ק הי' קיים, וואס עשרה נסים נעשו לאבותינו בביהמ"ק, און מ'האט דאס געזען בעיני בשר, אלקות בגלוי, ווי אזוי טבע ווערט אויפגעהויבן אז אין עיני הטבע זעט מען ווי אזוי דאס איז א נס, ארים נסי על ההרים, אויפגעהויבן העכער פון טבע, ביז אפילו אז "על ההרים" איז דאס אויך "נס על ההרים".

משא"כ משחרב ביהמ"ק, וואס אט דעמאלט אותותינו לא ראינו ואין אתנו יודע עד מה, איז דאך אלקות פארדעקט און טוט זיך אן אין לבושי אגאלתי, אין לבושים פון גלות,

ווילבאלד אז צדיקים דומין לבוראן,

וואס דאס שטייט דאך בנוגע צו יעדער אידן, וואס כל ישראל ווערן דאך אנגערופן בשם צדיקים, כלשון הכתוב ועמך כולם צדיקים,

און ניט נאר דאס איז א שם בעלמא, נאר ווי עס ברייננגט זיך אראפ דער פסוק אז דערפאר האבן זיי חלק בעוה"ב,

וואס בשעת מ'ווייס אז ער האט א חלק לעוה"ב, איז דאס ניט דער פשט אז דעם חלק וועט מען באקומען דעמאלט, דער פשט איז אז ווילבאלד אז תורה זאגט אז יש להם חלק בעוה"ב - האט ער שוין איצטער,

ער קומט אהינצו אין דעם חלק און באזעצט זיך דארט וכו' נאך דערויף ווען עס קומט עוה"ב, ווי דער רמב"ם טייטשט דאס אפ אז ער איז "בא" נאך דער עבודה פון עוה"ז הגשמי,

ביז וואנעט אז ס'איז אויך א נשמה בגוף, און בשעת זי פארענדיקט עבודת כל יום ויום אין אן אופן פון כל יומא ויומא עביד עבידתי', איז אט דעמאלט, כלשון הגמ' אין מסכתא ברכות אין אנהויבס המסכתא - איז עולמך תראה בחייך, אז דעם חלק עוה"ב האט מען נאך בהיים חיותו בעלמא דין, א נשמה בגוף, לאורך ימים ושנים טובות.

וואס בכללות איז דאך דאס דער כללות הענין פון ארץ הקודש בערך שאר ארצות איז דאס בדוגמא פון עוה"ב לגבי עוה"ז,

וואס אויך ווי אזוי האט מען זוכה געווען צו א"י איז דאס נאך דערויף ווי ס'איז געווען ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה, איז ואחרי כן יצאו ברכוש גדול און והבאתי אתכם אל ארץ טובה ורחבה, אין ארץ הקודש, אין אן אופן פון וירשתה וישבת בה,

דורך דערויף וואס זיילענדיק אין גלות מצרים, און דערנאך אויך די 40 יאר אין מדבר הנורא נחש שרף ועקרב וצמאון אשר אין מים, און אידן האבן זיך געהאלטן

בא דעם ארון הקודש, און נאכגעגאנגען משה ואהרן און מרים הנביאה, און געגאנגען וואו דער ארון האט זיי באוויזן - איז ע"פ ה' יחנו וע"פ ה' יסעו.

וואס דאס איז דאך אלץ סיפורים אין דער תורה, וואס תורה איז מלשון הוראה, און התורה היא נצחית, אז דאס איז איביקע אנווייזונגען,

איז דאך דאס ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ אין דעם דרוש פון אלה מסעי פון די מסעות, אז יעדער איד געפינט זיך אין אלה מסעי בני ישראל בצאתם מארץ מצרים, ביז וואנעט ער קומט אל עבר הירדן מזרחה, און שטייט אנגעגרייט אויף אריבערגיין דעם ירדן און אריינגיין מיט א שמחה גדולה און מיט א נצחון גמור אין ארץ שבעה אומות,

אט אזוי איז אויך בא יעדער אידן האט מען אים געשיקט, די נשמה זיינע, מאיגרא רמה לבירא עמיקתא, אין עולם התחתון שאין תחתון למטה ממנו, אין וועלכן ס'איז דא דער נחש שרף ועקרב וצמאון אשר אין מים, ווי ער ברענגט אראפ אין תניא (פון ע"ח) אז דאס איז אן עולם וואס דארטן זיינען גובר ניט דער צד הטוב,

און דארטן קומט צוגיין א נשמה פון א אידן און זי טוט זיך אן אין א גוף, מ'גיט אים אבער א גוף קדוש, און מ'גיט אים א שליחות קדושה אז ער זאל מאכן דוקא אין עוה"ז התחתון א דירה לו ית' בתחתונים,

און ווי ער טייטשט אפ אין תניא, אז דערהערנדיק אז מ'האט אזא שליחות, שנעשה אושפזיכן לגבורה [אויך דער לשון פון אושפיזן] - איז אט דעמאלט, ווי ער ברענגט דארטן דעם משל און די דוגמא, וואס פאר א שמחה גדולה ס'איז ביי אים אז ער האט אט די שליחות, נאך איידער ער האט איר אנגעהויבן ממלא זיין,

דערפון גופא וואס דער אויבערשטער האט אים אויסגעקליבן, און פארלאזט זיך אויף אים אז ער וועט עס זיכער ממלא זיין די שליחות, און זאגט אים אז דער אויבערשטער האט אפגעפסק'נט בתורתו אז שלוחו של אדם כמותו,

גייט מיט אים מיט דער חלק אלוקה ממעל ממש, ווי דער בעש"ט ברענגט (פון רס"ג) און געבראכט כמ"פ אין די דרושים פון דעם רבי'ן נ"ע [וואס מארגן איז זיין אושפיז אין די חסידישע אושפיזין], אז העצם כשאתה תופס בחלקו אתה תופס בכולו - איז מיט דעם חלק אלוקה ממעל ממש האט מען דעם גאנצן עצם,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דערפון אליין שטייט ער אין א שמחה גדולה ביותר,

ובפרט נאך אז ער האט אנגעהויבן ממלא זיין די שליחות, און האט געזען אז חפץ ה' בידו מצליח,

ווי עס שטייט בנוגע צו יוסף'ן, אז זייענדיק אין גלות מצרים, [וואס דאס איז דאך די התחלה פון כל הגלויות, ביז וואנעט אז כל המלכיות נקראים ע"ש מצרים ע"ש שהם **מצירות** לישראל, מלשון מצרים], איז בשעת ער איז געווען בבית אדוניו - האט ביי אים מצליח געווען אז כל אשר הוא עושה איז ה' מצליח בידו,

נוסף אויף דערויף וואס ער איז מצליח אין די ענינים פון תורה ומצוותי' - איז **"כל** אשר הוא עושה" איז "כל מעשיך לש"ש", במילא קומט אויך ארויס די ברכה פון דעם אויבערשטן, און די ברכה אין אן אופן פון הצלחה, וואס דאס איז דאך נאך מערער ווי ברכה סתם, אין כל אשר הוא עושה, אפילו אין זיינע ענינים הכי גשמיים והכי פשוטים, וואס דערווייללע איז דאס נאך ענייני רשות, מערניט ווי **"לשם** שמים", אזער אפילו, ווי ער ברענגט אראפ אין תניא, "אוכל סתם", איז שוין אין דערויף דא א הצלחה מרובה, וואס דאס איז נאך מערער ווי ברכה.

וואס ווי דארט האט זיך דאס אנגעהויבן דער ערשטער בא וועמען דאס איז געווען בפועל אין גלות - איז דאך דאס געווען בא יוסף'ן, וואס כאמור איז היינט זיין אושפיזין, זיין טאג,

וואס כל יומא ויומא עביד עבידתי', דער טאג אליין גיט כח און איז מבטיח, אז בשעת עס וועט זיין "ובחרת", א איד קלייבט אויס מיט זיין בחירה אויף צו טאן אט דעם ענין - איז א זיכערע זאך אז כל אשר הוא עושה ה' מצליח בידו.

איז נוסף אויף האמור לעיל, אז ס'איז דאך פארשטאנדיק די שמחה גדולה פון דער עצם השליחות, ווי ער זאגט די דוגמא מיטן משל אין תניא - עאכו"כ אז אין דער שליחות גופא איז אויך דא א שליחות אז מ'זאל זיין בשמחה, ווארום דאס איז זמן שמחתנו, אז די שמחה אליין ווערט א מצוה,

ובפרט נאך אז אין זמן שמחתנו עצמו איז דאך ווי ער זאגט אין רמב"ם אז ס'איז דא די שמחה פון מועדים לשמחה פון כל הימים טובים, דערנאך איז דא די שמחה נוספת ע"ז פון זמן שמחתנו נוסף אויף דערויף וואס זי איז מועדים לשמחה, און דערנאך איז אין זמן שמחתנו עצמו נאך דא די שמחה נוספת פון שמחת בית השואבה, וואס כל מי שלא ראה שמחה זו לא ראה שמחה מימיו,

און ווילבאלד אז מ'זאגט דאס מחדש בשעת עס קומט דער זעקסטער טאג פון שמחת בית השואבה, און דאס ווערט געזאגט אין תורת אמת - איז א זיכערע זאך אז דער "יוסף", קען אראפקומען און קומט אראפ אין א הוספה אין דעם ענין השמחה עצמה.

אזוי אויך, ווי נשיא דורינו דער רבי דער שווער האט מסביר געווען כמ"פ, און צום ערשטן מאל אז מ'האט דאס געהערט ברבים איז דאס געווען זיצנדיק אין סוכה ביי א סעודת יום טוב, אז ס'איז דא די חסידישע אושפיזין וואס זיי גייען צוזאמען מיט די אושפיזין ווי אויסגערעכנט אין זהר,

און ס'איז דאך פארשטאנדיק אז ס'איז מתאים זה לזה -

האט מען דערפון ארויס, אז פונקט אזוי ווי בא די שבעה אושפיזין פון זהר, זאגט מען דאך דעם לשון אין סידור, אז ס'איז דא דער אושפיז וואס דאס איז דער עיקר פון דעם טאג, און דערנאך איז דא "דעמי'", וואס קומען מיט אים, די אנדערע זעקס, ווארוב אלעמאל האט מען אלע זיבן צוזאמען,

עד"ז אויך בנוגע צו די חסידישע אושפיזין, וואס דאס איז דאך אנהויבנדיק פון דעם בעש"ט און דעם מגיד און דעם אלטן רבי'ן און דעם מיטעלן רבי'ן און צ"צ און רבי'ן מהר"ש און דעם רבי'ן נ"ע,

איז דער אושפיז פון היינטיקער שמחת בית השואבה, ווארום דאס איז דער אושפיז פון דעם גאנצן טאג - איז דאס דער רבי מהר"ש.

וואס ביי אים איז דאך געווען דער סדר, און ער האט געזאגט אז דאס איז א סדר וואס איז מבטל דאס וואס "וועלט זאגט", אז ס'גייט מלכתחילה אריבער.

און אז מ'גייט לכתחילה אריבער ווערט דאס די הנהגה אין כללות הענינים, אין סתם ענינים, עאכו"כ אין עניני תורה ומצוותי', עאכו"כ אין ענינים של שמחה, וואס דער גאנצער ענין פון שמחה איז - פון גיין אריבער.

און דאס קומט צוזאמען, ווי געזאגט פריער, דער אושפיז פון יוסף און דער אושפיז פון רבי'ן מהר"ש פון לכתחילה אריבער, וואס זיי זיינען דאך מחזק זה את זה און מוסיף זה בזה, און זיי קומען בצירוף שניהם יחד.

און מ'גיט דאס אפ' יעדער אידן, ווארום ס'איז דאך די צייט פון יפוצו מעינותיך חוצה, איז דערגרייכט געווארן אט די ענינים פון חסידות, כולל אויך דער פתגם פון די שבעה אושפיזין וואס חסידות איז מדגיש, וואס גייען צוזאמען מיט די אושפיזין ווי אויסגערעכנט אין זהר, האט דאס אויך דערגרייכט ביז אין "חוצה",

וואס דאס גופא איז א הוכחה אז ס'איז שוין די צייט וואס דער חוצה נעמט דאס אויף און טוט דערמיט אט דאס וואס עס דארף געטאן ווערן,

אויך בהנוגע [און ניט "אויך" אלס א טפל, נאר אלס אן עיקר] אין דעם ענין השמחה,

אז עס ווערט דער "יוסף לי ה' בן", און מ'פועלט אויף א צווייטן אידן, וואס א צווייטער איד אז מ'הויבט מיט אים אן רעדן וועגן די זאכן - זאגט ער "אחר", ער פירט זיך אין אן אנדער וועג, און מ'קען אויף אים ניט נויטן און מ'קען אויף אים ניט לוחץ זיין,

ביז וואנעט אז ער שטייט פון דער זייט, ניט צווישן די טאנצנדיקע -

זאגט מען אים אז דאס איז דער טאג וואס שטייט בגלוי ובהדגשה אז פון דעם "אחר" ווערט אויך א "בן",

עד כדי כך, אז דער ערשטער בן ווערט אנגערופן "יוסף", ע"ש ענינו, וואס דאס ווערט אן עיקר אין זיין דינען דעם אויבערשטן - מאכן פון אן "אחר" א "בן".

וואס דאס איז דאך אויך דער ענטפער, מ'זאגט דאך אז נהרא נהרא ופשטי', אז ס'איז דא כו"כ פירושים,

ביז וואנעט ווי ער זאגט אין אריז"ל אז אין יעדער ענין אין תורה איז זעקס הונדערט טויזנט (ששים ריבוא) פירושים ע"ד הפשט, ששים ריבוא פירושים ע"ד הרמז ששים ריבוא פירושים ע"ד הדרוש און ששים ריבוא פירושים ע"ד הסוד, ווארום יעדער נשמה כללית, וואס דאס איז דאך די ששים ריבוא נשמות כלליות, וואס אלע נשמות זיינען סניפים פירות פרטים פון די נשמות כלליות ווי ער זאגט אין תניא - האט דאך יעדער איר וועג און איר פירוש.

וכלשון הרגיל אין הושבע"פ, אז מ'זאגט לישנא אחרינא, דבר אחר, וכיו"ב, וואס מ'נוצט דעם ווארט "אחר" אויף באווייזן אז ס'איז דא נאך א וועג אין תורה, אויסגעהאלטן ע"פ תורה, און דאס ווערט אן ענין און א וועג פון תורה, אע"פ וואס דאס איז "אחר", אן אנדער וועג ווי די אנדערע וועגן,

וכאמור, אז ס'איז אזוינע זעקס הונדערט טויזנט פירושים אין אלע פיר דרכים,

איז אבער אלע פירושים האבן א צד השוה, נקודות, אין וועלכע זיי זיינען אלע גלייך, ווי פארשטאנדיק פון דעם ווארט גופא: אז מ'זאגט אז דאס איז א "פירוש" אין דער זעלבער זאך, אין דעם זעלבן פסוק אין דעם זעלבן מאמר רז"ל, איז דאך דאס גופא אונטערשטרייכט אז ס'איז דא א זאך אין וועלכע זיי זיינען אלע גלייך - ס'איז ביי אלעמען דער זעלבער לשון הכתוב, און ס'איז ביי אלעמען דער זעלבער לשון פון מאמר חז"ל,

און ווייבאלד אז אלע פירושים זיינען אין דעם זעלבן לשון, צי אין הושבע"פ צי אין תושב"כ - איז דאך דאס גופא אונטערשטרייכט אז ניט ח"ו אלע זאכן זיינען פארשידן, נאר אדרבה, בעיקר זיינען זיי אלע דער זעלבער פסוק און דער זעלבער מאמר חז"ל, ס'איז מערניט וואס דער אויבערשטער וויל אז צוזאמען מיט "נצבים

כולכם", "לאחדים כאחד", זאל אויך זיין דער "ראשיכה" און ביז די לעצטע דרגא פון "שואב מלמיך".

און ווי געזאגט אויך בנוגע צו שמחה בית השואבה, איז אויך געווען בשעת השמחה חילוקים פון אט די וואס האבן געזוארפן ד' אבוקות של אור אדער שמונה אבוקות של אור, ביז אט די וואס זייער ענין איז געווען - זיי זיינען געשטאנען און געקוקט און זיך איינגעקוקט און איבערגעלעבט, ביז וואנעט מ'האט דערפון מיטגענומען על כל השנה כולה,

און מיט גענומען דאס אין אן אופן פון שמחה, אז דאס האט מבטל געווען די גדרים און די חילוקים צווישן איינעם מיט א צווייטן, ביז וואנעט אז ס'איז געווארן "שמחת בית השואבה", וואס דער לשון אין דערויף איז דאך "שמחת" לשון יחיד, ניט "שמחת בית השואבה", [אע"פ וואס דאס איז דאך זיבן טעג, ושמחתם לפני הוי' אלקיכם שבעת ימים, ווי דער רמב"ם ברענגט אראפ בנוגע צו שמחת בית השואבה "שבעת ימים"],

אע"פ וואס בשעת השמחה גיט מען א קוק אז דער טאנצט מיט א גרויסן שטורעם, און א צווייטער טאנצט (מצד דער שוואכקייט פון דעם רגל הגשמי) מיט א קלענערן שטורעם - אבער די שמחה איז ביי אלעמען די זעלבע, די שמחה פון ושמחתם לפני הוי' אלקיכם.

און אפילו אז מ'געפינט זיך אין זמן הגלות, אפילו אז מ'געפינט זיך מחוץ לארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה, און דארטן גופא געפינט מען זיך מחוץ פון א בית הכנסת אדער בית המדרש, אדער אפילו פון א סוכה, און מ'שטעלט אין מיטן גאס און מ'טאנצט -

מאכט מען פון דעם רה"ר א מקום קדוש, ביז וואנעט אז דער אויבערשטער זאגט אז ושכנתי בתוכם, איז פונקט ווי דאס איז געווען אין דעם ביהמ"ק הכללי, איז דאס דא אין "מקדש מעט", אין בתי כנסיות און בתי מדרשות.

און דאס ווערט אין דעם מקום וואס א איד מאכט פון א מקום סתם אפילו אין רה"ר - מאכט ער דערפון א רה"י ליהידו של עולם,

ווער מאכט דאס, דער גוי קדוש האט דאך דעם כח וואס דער אויבערשטער גיט אים אלס שלוחו של אדם העליון כמותו ער זאל מאכן אין א רה"ר, אין חו"ל, בשעת החושך יכסה ארץ: ע"פ תורה איז דאס פינסטער, דאס איז פינסטערניש פון דער נאכט,

זאגט א איד אז ער קומט צוגיין בשליחותו של הקב"ה און ער שטעלט אפ דעם ארומפארן דורך דער גאס, און שטעלט דאס ארום מיט מענטשן וואס שטייען און האלטן זיך אן איינער אן דעם צווייטן -

ווערט דאס דעמאלט ע"פ הלכה אין הלכות שבת ווערט דאס א רשות היחיד ע"פ דין!

און [מיט] וואס טוט ער דאס - טוט ער דאס מיט שמחה, און ער טוט דאס צוליב שמחה, און נעמט מיט אט די שמחה על כל ימי זמן שמחתנו, עאכו"כ אין דערויף גופא - די שמחה וואס איז דא שמע"צ ושמח"ת.

אויב דאס איז אזוי אין חו"ל עאכו"כ אז דאס איז אזוי אין ארץ וואס תמיד עיני ה' אלקיך בה, איז דאך פארשטאנדיק אז באור פני מלך חיים, אז ס'איז ניטא קיין ענין פון היפך השמחה "במעונו", מערניט "הוד והדר", ווי דער דין איז אז וואו ס'איז א מלך איז דא דער ענין של שמחה,

און וויבאלד אז דער מלך שטילט דארטן תמיד - איז כל השנה כולה, אפילו ווען גלינו מארצנו, זייענדיק אין "ארצנו" שטילט מען דארט אין אן אופן פון גלות,

און דערפאר דארף מען רעדן און מ'דארף באווארענען ווען כמה ענינים מבהלים ומצערים וואס זיינען דא אין ארה"ק, ואין פוצה פה ומצפצף.

אנהויבנדיק פון דעם אזוי גערופענעם חוק האומלל, דעם אומגליקלעכער געזעץ, וואס האט אומגליקלעך געמאכט אידן ר"ל, אומגליקלעך געמאכט, להבדיל, די גוים וועלכע מ'האט זיי אפגענארט און מ'נארט זיי אפ מידי יום ביומו, דורך דערויף וואס מ'גיט זיי ארויס א פאפירל אויף וועלכע ס'איז געשריבן מיט אותיות מרובעות אז ער איז א יהודי -

בשעה ס'איז גלוי לעין כל אז דאס איז א שקר מוחלט! ער איז קיינמאל ניט געווארן קיין יהודי, דערפאר וואס ער האט זיך ניט מגייר געווען כהלכה,

אט די וואס גיבן אים ארויס דעם פאפיר - ווייס זיי אז זיי חתמ'נען אויף א פאפיר של שקר, און א שקר וואס דער גוי ווייס אז ס'איז א ליגן, דער איד ווייס אז ס'איז א ליגן, און ס'איז געמאכט געווארן כדי צו פארגרעסערן די פינסטערקייט פון גלות, אין ארה"ק,

עד כדי כך, אז מ'פירט דאס ארויס, מ'פירט ארויס גוים מיט אזוינע תעודות אין חו"ל, אויף ברייגנען דארטן באותיות מרובעות וואס איז גע'חתמ'ט דורך א אידן, וואס ער זאגט אז ער התמ'ט דאס אלס א שליח פון כלל ישראל, הילי"ת!

און נארט אפ גאנץ חו"ל, אלע שבעים אוה"ע! וואס זיי דארפן אז אידן זאלן זיין אן אור לגויים, אז זיי וועלן באלייכטן די אייגענע גוי'שקייט וועלן זיי באלייכטן אויך די גוים פון דער וועלט, אז זיי וועלן אויך לעבדו שכם אחד, אז זיי וועלן מקיים זיין זייערע ז' מצוות, כולל אויך, ארויסהעלפן אידן, און ארויסהעלפן א"י אז מ'זאל האבן אלץ וואס מ'דארף, און האבן דאס ביד רחבה, און האבן דאס אין אן אופן של כבוד, והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך,

תמורת זה, צוליב א שטות שאין כמוהו, וואס ס'איז געווען אן אפשטימונג, וואס אין דער אפשטימונג האט מען געהייסן אז ניט אידן, נוצרים און מוסלעמינער, זאל אויך מצביע זיין און זאגן א דעה ווער ס'איז א איד און ווער איז ניט קיין איד, וכן יקוב וארוב אט דאס ווערט אן ענין של חוק!

און מ'שפילט זיך דערמיט, און מ'לייגט דאס אפ אויף מארגן און אויף איבערמארגן, בשעת עם ישראל און אידישקייט נויטיקט זיך אין "הושיעה את עמך" בכל יום ויום,

און זינט אט דער חוק איז אנגענומען געווארן, און מ'גיט ארויס און מ'שיקט ארויס אזוינע תעודות, און מ'ברייגנגט זיי אין חו"ל, און מ'בארימט זיך פאר עמי הארץ, אז אט זעט איר וואס ער קען טאן בשם כלל ישראל,

אז אלע ווייסן אז דאס איז א ליגן, און אלע ווייסן אז דאס האט קיין תוקף ניט - חתמ'ט ער, און דוקא באותיות מרובעות, און דוקא בשם פון כלל ישראל, און זאגט אז פארוואס חתמ'ט ער - דערבאר וואס אידן און, להבדיל, נוצרים און להבדיל מוסלומענער און אויך אידן קאמוניסטן - האט ער זיי געגעבן און האט בא זיי געפרעגט וואס איז זייער דעה ווער איז א יהודי און ווער איז ניט קיין יהודי!

און יעדער קול פון א אידן שומר תורה ומצוה איז גערעכנט ניט מער ווי איינער, און אויך דער נוצרי און דער מוסלימענער און דער קאמוניסט, וואס ער האלט נאך ניט דערוויילע פון תורה משה און עניני יהדות, איז, היפך השכל לגמרי

מאכט מען אים פאר א מומחה און מ'גיט אים דעם זעלבן תוקף פון א שומר תורה ומצוה - מחלט זיין וואס איז יהדות ובמילא - **וואס איז "יהודי"!**

וואס ווען אימיצער וואלט זיך דאס געפרואווט צו טאן בנוגע צו בריאות הגוף, אין א דבר קטן, ניט דוקא אין א זאך וואס איז נוגע צום גאנצן לעבן, אין א קלייניקייט וואס איז פארבונדן מיט די געזונטקייט פון גוף, און אז עס וואלט געקומען צוגיין איינער וואס האט קיין ידיעה ניט אין חכמת הרפואה, עאכו"כ איינער וואס וואלט געזאגט אז אלץ וואס שטייט אין חכמת הרפואה טויג ער פארקערט, דערפאר וואס יצרו אנסו, אבער ער טוט פארקערט, און באווייזט דאס בפועל,

עאכו"כ איינער וואס זאגט אז די גאנצע זאך "יהודי" האט צו אים קיין שייכות ניט ווארום ער איז א נוצרי, נוצרים האט מען אים אויסגעקליבן ווייל ער איז א נוצרי, אדער א מוסלעמענער, און דערפאר האט מען אים אויסגעקליבן דערפאר וואס ער איז א מוסלעמענער,

זאגט מען אז דאס איז א "חוק", אז דאס איז א געזעץ, אז זיי דארפן האבן די זעלבע דעה, בשעת עס רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז נוגע צו דער נשמה, און ס'איז נוגע צו דער נשמה אויך צו דעם גוף, און ס'איז נוגע אין טאג טעגליכן לעבן בכל פרט ופרט, איז דאך דתיהם שונות מכל עם, אין אלע זאכן איז "יהודי", ווי זיי ווערן אנגערופן אין מגילת אסתר, יעדער איד און אלע אידן, זאגט מען אז "דתיהם", וואס דא איז דער טייטש "דתיהם" זייערע מנהגים, אין טאג טעגליכן לעבן, באכילתם ובשתיתם זיינען אנדערש פון אלע פעלקער של כל האדמה,

וואס אט דאס האט מודה געווען המן הרשע האט דאס געזאגט! און ער האט צוגעטראפן צו דעם אמת, האט מען דאס ארייגעשריבן אין דער מגילה, און מ'דערמאנט דאס יעדער אידן מידי שנה בשנה אין ימי הפורים האלה,

און מ'איז גלייך דערנאך מוסיף אז די מגילה איז "לא יסוף", וועט ניט פארגעסן ווערן ולא יסופו מפיהם ומפי זרעם, ובלשון חז"ל, אז אלץ קען בטל ווערן, אבער "הלכות" און מגילת אסתר וועט ניט בטל ווערן,

אז גיור מוז זיין כהלכה, און דאס איז אנערקענט דורך אלעמען, א חוץ אט די געציילטע, וואס יצרם אנסם, און בא דער אסיפה האומללה, אין דער אומגליקלעכער אסיפה, ווען ס'איז אנגענומען געווארן אט דער חוק, וואס אט די אלע וואס האבן דעמאלט געשטימט פאר גיור, אן דעם ווארט "כהלכה", זיינען פארשריבן געווארן לשמצה ולדראון בכל הדורות,

ביז וואנעט יערה עליהם רוח ממרום און זיי וועלן תשובה טאן, און תשובה צום אלעם ערשטן איז דאס דער תיקון פון דעם אומגליק וואס זיי האבן אראפגעבראכט אויף די אידן און, להבדיל, אויך אויף די גוים, וואס מ'האט זיי מגייר געווען מיט גיור ניט ע"פ הלכה - איז דער גיור **היפך** ההלכה.

וכמדובר, מ'שפילט זיך דערמיט, מ'לייגט דאס אפ מיום ליום, מ'זאגט אז מ'איז פארנומען מיט וויכטיקערע זאכן, און מ'פארגעסט זיך אז ר"ל דאס איז אן ענין וואס דערנאך ווערט דאס צוזאמענגעמישט, און עס וועט ניט זיין קיין מעגליכקייט צו פאנאנדערקלייבן זיך אין א קורצן זמן ווער עס קומט פון גיור כהלכה און ווער עס קומט פון גיור שלא כהלכה!

און ווייבאלד אז דאס איז שוין בכח די סכנה, און א סכנה וואס ברענגט ר"ל צו גילוי עריות, צו שפיכת דמים, צו עבודה זרה, ווי מ'האט געזען בפועל אין ארה"ק, אין די הייזער וואו עס לעבן די וואס האבן זיך מגייר געווען שלא כהלכה, הענגט אין ווינקל אן ענין וואס איז פארבונדן מיט נצרות,

וואס דאס איז ע"ז ממש, ווי דער פס"ד ברור אין רמב"ם.

און בשעת מ'האט געפרעגט בא דער בעה"ב'סטע פון דער הויז, וואס טוט דאס דא, דו האסט זיך דאך פארשריבן אז דו ביסט א "יהודי'", האט זי געענטפערט: דאס איז דער פקיד האט דאס פארשריבן, און איך האב אים גלייך געזאגט אז זי בלייבט א נוצרי', און זי וועט מחנך זיין די קינדער ווי נוצרים, און זי טוט דאס אזוי בפועל, און זי האלט זיך מיט דער תעודה פון "יהודי'"!

און גייט אזוי אן פון דעמאלט אן - שנים אחרי שנים!

אזוי ווי מ'שטעלט אין זמן שמחתנו דארף מען דאך מקצר זיין אין כל ענינים המצערים, ובפרט נאך אין א מקום קדוש, שמגדלין בו תורה ומגדלין בו תפלה, וואו מ'דאוונט און מ'לערנט, און ס'איז דאך א צייט וואס מ'קומט פון יוהכ"פ, וואס "עיצומו של יום מכפר", האט דאס אויך מכפר געווען אויף דעם עוון, און מבטל געווען דעם עונש -

אבער דער היזק און די צרה און די סכנה - איז בתקפה עומדת כל זמן מ'איז ממשיך ארויסגעבן אזוינע תעודות, כל זמן מ'איז ניט מבטל און מ'ציט ניט צוריק די ארויסגעגעבענע תעודות.

וואס זיי זיינען תעודות של שקר, גע'חתמ'ט אויף א זאך וואס אלע ווייסן אז דאס איז א שקר גמור, ער איז קיינמאל ניט געווארן קיין יהודי, איז דאך פשיטא אז ער איז איצטער ניט קיין יהודי.

און א גאנצע ממשלה שטעלט הינטער דעם, און זאגט אז זי איז מעיד, און גיט ארויס א פאפיר, אז ער איז א "יהודי'"!

איז וואס איז דער וואונדער אז די זעלבע ממשלה מאכט נאך ענינים של סכנה לישראל, ביז אין אן אופן וואס דאס איז א סכנה גלוי', אז מ'האט געהאט בא זיך "נעפט", און געהאט "נעפט" וואס האט צוגעשטעלט א דריטל פון די גאנצע נעפט וואס א"י דארפן האבן.

און ווי אלע זיינען שוין איצטער מודה בגלוי, האבן געוואוסט וועגן דערויף פריער אויך, אז דורך באארבעטן דאס וועט מען קענען האבן פון די קוואלן די גאנצע נוטיקייט וויפל נעפט מ'וועט דארפן האבן.

וואס נעפט במצב זה איז דאס ניט נאר א זאך וואס מ'קען דערמיט באלייכטן, מ'קען דערמיט ווארעם מאכן, און מ'קען דערמיט באוועגן "מאשינערי" - נאר נעפט איצטער איז "נשק", דאס איז וואפן וואס דאס איז מגין על חיי כל ישראל בארץ הקודש, הילי"ת אויב עס וועט זיין אן ענין של סכנה.

האט מען גענומען אט דעם וואפן, און אט די וואס האבן גע'חתמ'ט אויף דעם חוק פון מיהו יהודי, זיינען געווען פון די ראשונים וואס זיי זיינען געפארן און פירן אונטערהאנדלונגען, וואס פון זי' אונטערהאנדלונגען איז ארויסגעקומען דער אומגליק, וואס איצטער זיינען שוין אלע מודה אז מ'האט גענומען מיט די אייגענע הענט און אפגעגעבן די קוואלן פון וואפן צו די וואס זיי זיינען שוין איצטער זאגן שוין בגלוי, אז מ'דארף זיי אפגעבן ירושלים עיר בה חנה דוד! און מ'דארף זיי אפגעבן די שטחים "הכבושים".

וואס דאס איז א שקר געקומען פון יענעם שקר, דאס איז ניט קיין שטחים "הכבושים" - דאס איז שטחים "המשוחררים"! דאס איז נחלת עולם, געגעבן געווארן ברצונו נתנה להם.

איז דערנאך איז געווען א סיבה, "מפני חטאינו", די איין און איינציקע סיבה, וואס לשעה האט מען דאס אפגעגעבן אנדערע, און דערנאך ברצונו נתנה להם, אין אן אופן פון א נס גלוי, אפגעגעבן צוריק צו די אידן, באפרייט אט די שטחים פון פעלקער וואס האבן צו זיי קיין שייכות ניט!

אפילו ע"פ שכל הפשוט, אפילו אז דורך אזוי גערופענעם חוק בין לאומי, איז אט די פעלקער וואס מאנען דאס איצטער, האבן קיינמאל ניט געהאט קיין שייכות און קיין שליטה און קיין ממשלה אויף די שטחים, זיי זיינען אהינצו געקומען לאחרי הכיבוש אין דעם אומגליקלעכן מעמד ומצב ווי ס'איז געווען בזמן ידוע, און האבן זיך דארט געהאלטן א קורצע ווײַלע,

און דוקא די וואס מאנען דאס בתוקף הכי גדול - האבן קיינמאל ניט געהערט צו זיי אט די שטחים!

וכאמור, פונקט אזוי ווי א מצוה איז גוררת מצוה - האט מען אנגעהויבן דורך אראפנעמען די מחיצה צווישן אידן און, להבדיל, ניט אידן, און מ'האט אנגעהויבן ארויסגעבן אין אותיות מרובעות א באשטעטיקונג אז א ניט איד גייט אריין אין כלל ישראל, אראפגענומען די מחיצה והבדלה -

האט מען פורץ געווען די גבולות מובטחים, די פארזיכערטע גרעניצן וואס טיילן אפ ארץ הקודש פון חו"ל, און וואס זיי זיינען באשיצט דורכן אויבערשטן און מיטן אויבערשטן, דער אויבערשטער האט אבער געוואלט אז א איד זאל באווייזן אז זיי געהערן צו אן עם חכם ונבון,

וואס חכמה ובינה איז פארבונדן מיט אמת, ניט ענינים של שקר ר"ל,

ובפרט נאך אז מ'גייט בדרך השקר איז סוכ"ס זעט מען אז ס'איז ניט נאר ניטא אין דערויף קיין תועלת, נאר מ'האט נאך דערפון צרות צרורות ר"ל,

ווי מ'האט געזען בפשטות אין א גרויסן טייל אט די וואס מ'האט מגייר געווען שלא כהלכה, וואס דאס מיינט אן הלכה ניט היפך אן הלכה, און מ'האט אין זיי משקיע געווען הונדערטער טויזנטער דאלארן, וואס מ'האט געקליבן ביי אידן צו "כל נדרי" און צו "יזכור" וכו', אויף העלפן זיי באזעצן זיך אין ארה"ק, און דערנאך איז גאר א גרויסער צאל פון זיי איז ארויסגעפארן פון ארה"ק ובניהם עמהם,

כידוע בנוגע צו דעם מיט וועמען עס האט זיך אנגעהויבן די פירצה פון מיהו יהודי, אז דערנאך האט מען אים געכאפט ביי א ניט קיין שיינע מעשה, האט ער געכאפט די פרוי זיינע, וואס מ'האט איר מגייר געווען שלא כהלכה, גענומען די קינדער וואס זיינען געבארן געווארן פון דער פרוי, וואס ע"פ תורת אמת זיינען זיי נוצרים ווי פריער געווען [צו זיי האט מען קיין טענות ניט], און זיינען ארויסגעפארן מיט דער תעודה אין אותיות מרובעות,

און מ'האט זיך געהיט אויף אים ניט מעניש זיין פאר דעם חטא וואס ער האט געטאן בשטח אחר, פארבונדן מיט צבא, כדי עס זאל ניט ווערן קיין טומל אז אט דא זעט מען וואס דער חוק מיהו יהודי האט אויפגעטאן מיט דעם ערשטן וואס צוליב אים האט מען זיך איינגעשפארט אז מ'מוז דורכפירן דעם חוק וכו' וכו'.

האט ער באוויזן דער ערשטער דעם ביישפיל, אז אלץ וואס מ'האט אין אים משפיע געווען, מ'האט אים געלערנט ווי אזוי צו זיין אן איש צבא, און אין צבא גופא ווי אזוי צו זיין א מורם אין צבא, וואס דעמאט דארף מען ארייננלייגן נאך מערער געלט אין דעם, און ארייננעלייגט געלט אין דעם חינוך פון זיינע קינדער און אין זיין הויז מיט די אלע ענינים,

וואס כאמור, דאס איז געלט וואס מ'האט געקלייבן ביי אידן צו "כל נדרי" און צו "יזכור"!

האט ער באוויזן גלוי לכל העמים, און איז אוועקגעפארן, אנטלאפן, פון ארץ הקודש.

און פון דעמאלט אן האט מען אנגעזאגט מ'זאל אויפהערן רעדן וועגן דעם, מ'זאל אויפהערן שרייבן וועגן דעם, ווארום דאס איז דער גרעסטער פאטש אין פנים, דער גרעסטער בזיון, וואס די בזיון וקצף, וואס דער חוק האט געליטן און האט דאס באוויזן גלוי לכל העמים,

לכה"פ פאריכט **איצטער** דעם חוק! וואס ס'איז ניט דער פשט מ'דארף פארריכטן דעם חוק - דער חוק האט מלכתחילה ניט געהאט קיין קיום, וואס שקר האט ניט קיין קיום, ער קען אויף א קורצע ווילע קען ער פארבלענדן די אייגן בא די וואס זיי זיינען משוחד מאיזה ענין שיהי', אבער דערנאך איז אמת מארץ תצמח,

וואס דער פירוש הפשוט גייט דאס אויף אלע ארצות, אבער בודאי גייט דאס אויף "ארץ" הידוע, לה' הארץ ומלואה, וואס דאס גייט אויף ארה"ק (פרש"י עה"פ) -

קען מען ניט באהאלטן דעם אמת, ווארום דאס איז אן ארץ קדושה, וואס דער אמת וואקסט פון דארטן ארויס, ביז וואנעט אז ס'איז נראה על פני הארץ און מ'זעט דאס אויך בעיני בשר,

פונקט ווי מ'האט דאס געזען, ווי געזאגט פריער, בא דעם אותו האיש וואס צוליב אים האט מען זיך איינגעשפארט אז די אזוי גערופענע דעמאקראטיע פארלאנגט אז מ'זאל אים ארויסגעבן א תעודה אז די פרוי זיינע, וואס ע"פ דין איז זי ניט זיין פרוי, ע"פ דין פון הורת אמה, און די קינדער זייען **אירע** קינדער, דארף מען אים ארויסגעבן אט די תעודה,

וכאמור, דאס איז די זעלבע זאך, אז בשעת מ'דארף היילן בריאת הגוף אדער ווען א גוף איז א געזונטער און מ'דארף אים אויסשטעלן א סדר חיים ווי אזוי זאל ער לעבן ער זאל בלייבן בילם געזונט,

וועט מען צוזאמען קלייבן הונדערט און צוואנציק מענטשן, וואס צווישן זיי איז דא 10 אדער 15 אדער 16 וואס זיי זיינען מודה אז זיי פארשטייען און זיי לעבן און זיי פירן זיך לויט אט די כללים - ווי אזוי מ'זאל האלטן א אידישן גוף געזונט?! אדער סתם א גוף געזונט,

און צו די 120 האט מען אויך מצרף געווען, ווי דערמאנט פריער, אזוינע וואס זיי זיינען בגלוי אפילו ניט נתגייר שלא כהלכה, זיי זיינען געבליבן נוצרים, וואס בנוגע אין דער דוגמא פון געזונט פון גוף איז דאס - אזא וואס האט קיין שייכות ניט צו וויסן וואס א גוף איז, ווארוב ער איז ניט קיין איד, האט ער קיין שייכות ניט צו וויסן וואס אידישקייט איז!

און ער זאגט אז ער האט קיין שייכות ניט דערצו! עאכו"כ אט די וואס זאגן אז זייער ענין איז **מלחמה** האבן מיט דת יהודית (ניט אין א מקום קדוש גערעדט)!

און דערנאך שטעלט מען דאס אויף אן אפשטימונג,

עס רעדט זיך וועגן פקוח נפש ממש, נאר נפש הרוחנית, שטעלט צו אן אפשטימונג, און וואס איז דער אפשטימונג, ווי דערמאנט פריער, גיט מען דעם "קול", דעם זעלבן הוקף און די זעלבע צאל אט די וואס זיינען מחליט אז זיי האבן קיין שייכות ניט צו דת יהודיה, דערפאר וואס ער איז א נוצרי אדער א מוסלמענער,

צו די וואס זאגן אז זיין ענין איז מלחמה האבן מיט דת ישראל, ווארום ער איז א קאמוניסט וכיו"ב,

און דערנאך טוט מען דאס אן אין דעמאקראטיע, בשעת דאס איז אן ענין של פקוח נפש וסכנה וכו',

און דערנאך איז אויך אזוי געווארן בנוגע צו אפגעבן די נעפט, וואס כאמור איז דאס וואפן - דער זעלבער טעות,

אז בשעת מ'האט געדארפט מחליט זיין צי מעג מען אפגעבן וואפן צו א צד וואס מ'ווייס ברור ווארום בחשאי האט ער געזאגט גלייך אין אנהויבס אז ער וועט פארלאנגען ירושלים העתיקה, און וועט פארלאנגען די שטחים (ווי ער רופט דאס אן די שטחים) הכבושים, נאר וואס דען מ'האט ביי אים גע'פועל'ט אז מ'זאל אפלייגן דעם רעדן וועגן דעם אויף שפעטער,

איז בשעת עס רעדט זיך וועגן וואפן, און בשעת מ'רעדט וועגן אפגעבן די וואפן אט דעם צד, וואס ער זאגט בגלוי צו די וואס האבן גע'חתמ'ט דעם בארימטן אומגליקלעכן פאפיר אנגערופן ע"ש ר"ל פון דוד, "קעמפ דייווידד",

און זיי זאגן בפירוש אז זיי האבן קיין ידיעה ניט אין תכסיסי מלחמה, קיין ידיעה ניט אין טובתם של ישראל בפשטות, ווי אזוי צו באשיצן די גבולים, און מ'האט זיי געגעבן חשבונות, אז אזוי ווי די וואס געהערן צו דער מפלגה וועלן זאגן באופן כך, און די וואס געהערן צו א צווייטער מפלגה וועלן זאגן באופן אחר -

דארף מען אפגעבן די וואפן! און ר"ל בנוגע צו 90% פון די וואפן - האט מען דאס אפגעטאן בפועל!

וואס דאס איז בדוגמא ווי ס'איז געווען בנוגע צו פקוח נפש ברוחניות, אין דעם חוק פון מיהו יהודי, האט מען דאס איצטער אפגעטאן דורך דער אפשטימונג,

וואס ס'איז ניט געווען קיין אפשטימונג פריער, אבער מ'האט פריער אויסגעציילט וויפל עס וועט זיין קולות פון די קאמוניסטן, וויפל עס וועט זיין קולות פון די נוצרים וואס זיצן דארטן, וויפל עס וועט זיין קולות פון די מוסלעמינער, וויפל וועט זיין קולות פון אזעלנע וואס האבן ניט קיין ידיעה און פארשטאנד אין תכסיסי מלחמה, און זאגן דאס בפירוש, און זאגן אז זיי איז נוגע אז זיי דארפן בלייבן בראש פון זייער מפלגה, לכן וועלן זיי שטימען באופן כך אדער באופן כך,

און דערפאר, אט די וואס האבן זוכה געווען מ'זאל זיין אויסקלייבן און זיי זאלן פארן אין עיר הבירה פון ארצות הברית און שטעלן זיך בתוקף ובגלוי און זאגן אז א"י איז נחלת עולם צו עם עולם, געגעבן געווארן דורך אלקי עולם,

און אין דערויף איז ניט שייך קיין אפשטימונגען און אין דערויף איז ניט שייך וואס וועט זאגן דער רוב, דערפאר וואס עס האט שוין געזאגט דער בעה"ב פון דעם גאנצער וועלט, לה' הארץ ומלואה תבל ויושבי בה, האט ער איין מאל געזאגט, ודבר אלקינו יקום לעד,

ניט קוקנדיק אויף די פשוט'ע זאכן, וואס די ניט אידן פון דער צווייטער זייט זיי האבן דאס פארשטאנען בפשטות, ניט קוקנדיק אויף דעם אלעם - איז פונקט אזוי ווי מ'האט נאכגעגעבן אין מיהו יהודי,

און דבר האינו במציאות, מ'קען ניט מאכן פון איין זאך, פון א ניט אידן, א איד פסקן דאס זאגט אזוי דת יהודית, וואס א מומחה אין דת יהודית איז דאס אט



הנחה פרטית בלתי מוגה

דער וואס האט געלערנט דת יהודית, אט דעם וואס דאס האט דערנומען און ער לערנט דאס אויף אזויפיל אז ער לעבט אזוי, און דאס איז דער איינציקער מומחה אין דת יהודית,

איז דערנאך איז געווארן פון דעם ענין - א צווייטער אומגליק אין פקוח נפש בפשטות הכל"ת, אז מ'האט גענומען מיט די הענט און אפגעגעבן 90 אחוז (90 פראצענט) פון דעם אמת'ן וואפן, וואס ער באוועגט די אוירונים מיט די טאנקען מיט די בתי חרושת וואס ארבעטן אויס אלע-ערליי נשק - און מ'האט דאס אפגעגעבן צו דעם צד שכנגד,

וואס איצטער מעג מען זיך שוין מודה זיין, פאר דעם חתמ'נען דעם פאפיר האט ער געזאגט, אז ער וועט פארלאנגען ירושלים העתיקה, וועט פארלאנגען נאך שטחים,

און האט אויך מסביר געווען, אז ער האט אין דערויף קיין בהירה ניט, ווארום ער דארף זיך רעכענען מיט אט די וואס שטייען אויף גבול מזרח, און וואס שטייען על גבול צפון, און וואס שטייען על גבול דרום, און זאגן די גאנצע צייט בגלוי, אפילו ווען מ'האט גע'חתמ'ט דעם פאפיר- אז זיי ווילן האבן כל ארץ ישראל לגבולותי' הכל"ת!

און ר"ל, ס'איז עד כדי כך, אז איצטער שטייט בספק, אז די עטליכע פראצענט וואס מ'האט נאך פון דעם וואפן - זאל מען אויך אפגעבן, מיט א טענה פון דעמאקראטיע וכיו"ב,

ווי דערמאנט פריער אז מ'שטעלט צו שטימונג צי מ'זאל שטיין על הגבול צו אפהיטן דעם לעבן פון דריי מיליון אידן, און אויך דעם לעבן פון ניט אידן וואס לעבן דארטן, וואס זיי מיינט מען דאך אויך אין שלום, און מ'שטעלט דאס אפ צו אן אפשטימונג, און מ'רעכנט זיך מיט דעמאקרטיע, היפך פון דער דיעה פון **אלע** מומחים, און פון **יעדער** מומחה, סיי פון צווישן אידן סיי פון צווישן ניט אידן, אפילו די מומחים פון דעם צד שכנגד!

וואס אלע זיינען בדיעה אחת, אז דאס איז נוגע צו דעם בטחון פון ארץ והדרים עלי',

אפילו וואס יעדער מאמין ווייס דאך אז הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל, און ה' שומריך ה' צילך על יד ימינך, און דערפאר איז יומם השמש לא יככה וירח בלילה, סיי ביינאכט און סיי בייטאג זיינען אידן באשיצט -

ווייל אבער דער אויבערשטער אז בזמן הגלות בפרט זאל מען טאן אויך בדרך הטבע, דורך דערויף, ווי דער פס"ד ברור אין שו"ע אפילו בנוגע צו חו"ל, אז מ'נעמט נשק ביד און מ'שטעלט זיך אוועק על הגבול,

און דא ר"ל האט מען גענומען דעם נשק און מ'האט דאס אפגעגעבן צו דעם צד השני, וואס דורך אים פון צד מערב איז דאס אנגעקומען צו די וואס שטייען מצד מזרח און מצד דרום און אויך מצד צפון, ווי ס'איז שוין איצטער נתברר געווארן,

און ער האט אליין געזאגט גלוי, אז אלץ וואס מ'האט מיט אים געפירט די אונטערהאנדלונגען - האט ער דערנאך איבערגעגעבן צו די אנדערע אראבער, ווארום ער האט אין דערויף קיין ברירה ניט איצטער, און וועט ניט האבן אין דערויף קיין ברירה אויך שפעטער,

און מ'דינגט זיך נאך עד היום הזה!

צוזאמען מיט די עשי' בדרך הטבע, איז דאך פארשטאנדיק, ווי הנ"ל אמת דערציילט, אז דאס איז מערניט ווי א לבוש חיצוני, און ווען ווירקט דער לבוש

חיצוני און איז מגין - בשעת אין דעם לבוש איז אנגעטאן געווארן א לעבעדיקער מענטש,

פונקט אזוי ווי ווען איז נשק מגין בשעת ער ווערט געהאלטן דורך א אידן וואס ער איז לעבעדיק, און אים איז נוגע בטחון הארץ בשפטות,

ניט נוגע קיין אנדערע חשבונות, און ניט נוגע וואס וועט זיין בנוגע צו געלט, אים איז נוגע דאס וואס ס'איז נוגע צו בטחון, בדרך הטבע,

און ווי געזאגט פריער, אלע מומחים בזה, אן איין יוצא מן הכלל, אפילו פון ניט אידן, אפילו פון צווישן אראבער, אפילו פון צווישן מצרים - האבן אלע מודה געווען פה אחד, און זיינען **אלצטער** מודה פה אחד, אז דאס איז נוגע אין דעם עצם קיום הבטחון!

אבער א איד, וואס ער איז דאך פארבונדן מיט דת יהודית, פארבונדן מיט תורת חיים הוראה בחיים, פארבונדן וואס זי איז אויך תורת אמת, אז זי ברייננגט ארוים דעם אמת ה' לעולם, ווי אזוי דער אמת שטילט אויך אין וועלט, ובפרט וואס ס'איז פארבונדן מיט א"י, וואס אמת מארץ תצמח,

איז דאך זעלבסטפארשטענדליך אז לכל לראש דארף מען פארשטארקן דעם נשק רוחני, וואס דאס איז דער אמה'ער באשיצער פון א אידן וואו ער געפינט זיך, און דער אמת'ער באשיצער פון **ארץ** ישראל, די לאנד וואס האט **אלעמאל** געהערט צו אידן און געהערט **אלצטער** אידן, און וועט געהערן צו אידן תמיד לעולם, ארץ ישראל לגבולותי', אין אלע אירע גבולות,

וואס דער אמת'ער נשק איז ווי דער אויבערשטער האט געזאגט אין קלארע ווערטער אין הורתנו הורת חיים און הורת אמת, אז בחוקותי תלכו, ס'איז א זיכערע זאך אז סוכ"ס וועט איר גיין אין מיינע געזעצן, ואת מצוותי תשמרו ועשיתם אותם, איר וועט היטן די מצווה און מקיים זיין די מצוות,

און דער אויבערשטער בעט זיך: **אם** בחוקותי תלכו, ווי חז"ל טייטשן אפ, אין אם אלא לשון התחונים, דער אויבערשטער בעט זיך בא יעדער אידן אז ניט קוקנדיק וואס עס איז געווען זיין הנהגה ביז אט דער רגע, אז עכ"פ זיי ממלא אלצטער דעם אויבערשטן'ס תחנונים, גיי בחוקותי און היט אפ מצוות תשמרו ועשיתם אותם,

און דאס איז דער איינציקער וועג אז ונתתי גשמיכם בעתם, ונתתי שלום בארץ, ושכבתם ואין מחריד, דערפאר וואס תפול עליהם אימתה ופחד, ווייבאלד אז זיי זעען כי שם ה' נקרא עליך, פועל'ט דאס דער "ויראו ממך", אז מ'הויבט זיך גאר ניט אן לכתחילה טשעפען מיט אידן, אדרבה מ'העלפט ארויס אידן, ווי דערמאנט פריער אז אפילו מלאכים איז אומניך ושרותיהם מניקותיך,

נאך זייענדיק אין גלות, ווען די "מלכים" זיינען אויך, דינא דמלכותא דינא, אויף די אידן וואס געפינען זיך אין זייערע מדינות, און אזוי אויך אויף די אידן וואס געפינען זיך אין א"י, איז דאך ענינים וואס זיינען ניט פארבונדן מיט קדושת הארץ, ענינים וואס זיינען ניט פארבונדן מיט ענינים פון אידישקייט בכלל - ווייל דער אויבערשטער אז מ'זאל בעטן און באקומען נשק פון אומות העולם, און זיכער ניט אויף אפגעבן זיי נשק, באקומען געלט פון אוה"ע,

און איז מבטיח אז ושכבתם ואין מחריד, אז מ'וועט זיך ניט דארפן שרעקן צי מארגן איבערמארגן וועט מען מודיע זיין אז מ'וועט מקיים זיין די הבטחה אז מ'וועט געבן דעם נשק און געבן דעם געלט, און באשיצן מיט די אלע ענינים -

דערום ס'איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער האט צוגעזאגט אז איר היינט ושכבתם, ואין מחריד, ווארום קיינער וועט אייך ניט איבערשרעקן, דערפאר וואס

גדול הרועה שהומר את הכבשה פון די טבעים זאבים, וואס דאס גילט דאך אויפן זמן הגלות,

עד"ז אויך ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד וחרב לא תעבור בארצכם, ווי רש"י טייטשט אפ אפילו הרב של שלום, אפילו די אנשי צבא וואס זיי זיינען של שלום, און זיי קומען צוגיין פון יו-ען, מערנלט ווי באשיצן און אפהיטן וכו' - האט דאס אויך קיין שייכות ניט צו ארץ הקודש,

ווארום אפילו חרב של שלום איז אויך לא תעבור, ווארום דאס איז "ארצכם", דאס איז "אייער" לאנד, "אונזער" לאנד, עד סוף כל הדורות.

נאר דער וועג דערצו איז, דער בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו ועשיתם אותם, וואס דאס איז אויך כולל אין זיך אויף טאן בדרך הטבע, בעטן נשק באופן של כבוד אן קיינע וויהורים אויף ענינים פון אידישקייט, עאכו"כ ניט קיין וויהורים ח"ו אויף ענינים פון פקוח נפשות,

וואס דאס איז דאך פון די גרעסטע מצוות התורה. אן ענין פון פקוח נפש פון אידן, עאכו"כ פון א גאנצע צאל, און א גרויסע צאל, כן ירבו, פון א סאך אידן,

סיי זיי געפינען זיך אין ארה"ק בזמן שביהמ"ק הי' קיים, סיי זיי געפינען זיך אין ארה"ק אין דעם זמן וועען גלינו מארצנו, אז אי"י געפינט זיך אין גלות, אין גלות בא פחד פאר גוי'שקייט און בא פחד פאר גוים!

און כיי בא אידן וואס זיי לעבן אין "הוץ לארץ" כפשוטו, ווי די גמ' ברייננגט דעם ביישפיל פון נהרדעא. וואס דאס איז געווען א שטאט וואו אידן האבן געלעבט אין בבל, עד"ז בכל דור ודור וואו אידן לעבן און טוען התלוי בהם אויף דורכפירן ענינים פון אידישקייט,

זאל מען בעטן נשק, און דער אויבערשטער איז מבטיח אז "אין מחריד", קיינער וועט אייך ניט שרעקן, און קיינער וועט אויף אויך ניט לוחץ זיין, אויב איר וועט זיך האלטן שטארק בא "בחוקותי" און בא "מצוותי",

כולל אויך דעם פס"ד ברור אין "שולחן ערוך לפניהם", אין חלק "אורח חיים", א וועג ווי אזוי צו לעבן אין טאג טעגליכן לעבן, אין הלכות שבת סימן שכ"ט, אז מ'שטעלט זיך אוועק מיט א תוקף און מיטן נשק, און מ'זאגט אז די לאנד געהערט צו אידן, און מ'קען אהינצו קיינעם ניט ארייינלאזן,

ניט דערפאר וואס מ'רייסט זיך אדער מ'ווילל יע פאלגן ניט פאלגן - דערפאר וואס דער אויבערשטער האט דאס געגעבן,

און אז דאס ווערט פארנומען פון ניט אידן - איז אס דעמאלט זאגט ער אין דער זעלבער סדרה אז דאס ווערט אן אומגליק פאר די ניט אידן וואס זיי נעמען צו שטחים וואס געהערן צו אידן,

פונקט אזוי ווי דערמאנט פריער בנוגע צו מיהו יהודי, איז דאס געווארן א שטענדיקער אומגליק פאר אט די גוים וואס מ'האט זיי מגייר געווען שלא כהלכה, און מ'האט נאך זיי אנגעזאגט אז זיי זאלן וויסן זיין אז מ'טוט דאס, רי"ל, בשם כלל ישראל, וואס האט קיינמאל דאס ניט אנערקענט און וועט דאס ניט אנערקענען, און באכמערער - ער קען דאס ניט אנערקענען, ווארום דאס איז היפך פון דבר ה' זו הלכה,

און זיי געזאגט, ווי מ'האט דאס שוין געזען בפועל - די צרות צרורות וואס עס האבן די ניט אידן און וואס עס האבן אידן דורך דעם חוק,

און איצטער די צרות צרורות וואס מ'האט דורך דעם אומקערן דעם וואפן,

ויה"ר דערמיט זאל זיך ענדיקן, ומכאן ולהבא זאל זיין מערניט ווי גזירות טובות ישועות ונחמות,

וואס אין דערויף, כאמור, איז דאס פארבונדן מיט בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו,

וואס איינע פון אט די חוקים איז, אז ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס מען געפינט זיך אין גלות, ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס מ'געפינט זיך אין חו"ל, ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס דער ביהמ"ק איז שמם און הר הבית און ביהמ"ק איז "שועלים הלכו בו",

וואס מ'דארף דאס ניט אפטייטשן, יעדערער פארשטייט, און מ'הערט, און די וואס זיינען דארטן זעען דאס, ווי אזוי שועלים הלכו בו,

איז ניט קוקנדיק אויף דעם אלעם, איז אז עס קומט זמן שמחתנו, ועד"ז אז עס קומט א גליקלעכע געלעגנהייט, אז ער קען מקיים זיין דעם אויבערשטן'ס א מצוה, ווי דערמאנט פריער - שטייט ער מיט א שמחה גדולה ביותר,

ווי דער רמב"ם ברייגנט אויף דערויף אראפ "מפזז ומכרכר מאד", אז פונקט ווי דאס האט געטאן דוד מלך ישראל, אזוי מאנט מען דאס און מ'גיט כח, און אזוי פירט דאס דורך יעדער איד, אפילו גאר דער פשוט שבפשוטים, און אפילו גאר דער קליינער בשנים, אדער דער קליינער בידיעות, ובשמחה וטוב לבב,

כולל אויך די שמחה פון בית השואבה, כולל אויך פון היינטיקער נאכט,

ובפרט נאך אז מ'האט שוין דורכגעפירט דעם ענין השמחה אין די 5 טעג שלפנ"ז,

ויה"ר אז עס זאל זיין אין אן אופן פון "יוסף לי ה' בן אחר", אז אט די אידן וואס שטייען ר"ל אין אן אופן פון "אחר", זיי האבן געטאן, אדער טוען, מצד א טעות, מצד א לחץ, מאיזו סיבה שתהי', אן ענין פון "אחר", וואס דאס איז אנדערש ווי אידישקייט מאנט און ווי אידישער בטחון מאנט -

זאלן זיי אבערקענען און זיך ניט שעמען צו מודה זיין אין דעם טעות,

און ניט דא איז נוגע דער ענין פון ווערטער, דא איז נוגע דער ענין של מעשה, אז מכאן ולהבא וועט מען שטיין מיט דעם גאנצן תוקף און מ'וועט טאן כל האפשרי, אויף צוריקבאקומען עכ"פ א טייל פון דעם וואפן וואס מ'האט אפגעגעבן,

וואס דאס איז אויך אן ענין וואס מ'וויל אפנארן די וועלט אז ס'איז שוין פארפאלן! און מ'קען ניט ציען צוריק -

איז דאס איינער פון די שקרים ווי דער שקר פון מיהו יהודי, ווי דער שקר אז ס'איז א טובה פאר אידן אז מ'זאל אפגעבן די נעפט קוואלן, דעם נשק, צו דעם צד שכנגד פון מערב,

און וואס ס'איז געווען ברור פאר יעדערן אז דאס וועט אויך מחזק זיין דעם צד שכנגד פון די אנדערע דריי זייטן פון מזרח דרום וצפון,

זאל מען זיך ניט שעמען און טאן במעשה בפועל, המעשה הוא העיקר, ובשמחה ובטוב לבב, אבער מיטן גאנצן תוקף, אויף פארלאנגען צוריק,

איז א זיכערע זאך אז עכ"פ א טייל וועט מען באקומען צוריק,

ס'איז א זיכערע זאך אז מכאן ולהבא וועט מען עכ"פ ניט געבן,

ס'איז א זיכערע זאך אז מ'וועט באקומען דעם גאנצן נשק וואס מ'האט שוין צוגעזאגט, און מ'וועט באקומען נאך א הוספה בזה, בשעת מ'וועט זען אז דאס איז אן ענין וואס איננו ניתן לדיון, ווי געזאגט בלשון המדינה "נאט נעגאשיעבל", און דערויף איז ניט שייך קיין אפשטימונגען, ניט שייך פרעגן דעות; דאס איז מלכתחילה ניט ארויפגעשטעלט על שולחן הדיון,

און אז מ'וועט דאס זאגן קלאר, מיט דער הסברה אז דאס איז ניט קיין אייגענע המצאה וסברא ורצון, נאר הוא הנותן לך כח לעשות חיל, אזוי האט אנגעזאגט דער אויבערשטער אין זיין הייליקע תורה, אין דער "ביבל", וואס זי איז אנגענומען געווארן דורך כל עמי הארץ, און זיינען דאס מודה באופן גלוי, נאר וואס דען דערנאך טוט מען שלא כהלכה, ע"ד ווי מ'האט געטאן מיטן הוק מיהו יהודי,

איז בשעת עס וועט זיין במדה שאדם מודד, מ'וועט זיך אומקערן צו חיזוק אין דת האמה, ווי דער רמב"ם זאגט בנוגע צו הקהל,

און דאס וועט ארומנעמען און פאראיינציקן האנשים והנשים והטף, ביז אין אזא אופן אז אין יעדער ארט וואו זיי געפינען זיך וועלן זיי מאכן דערפון א מקום קדוש, דורך דערויף וואס מ'וועט דארט רעדן ענינים של קדושה און טאן פעולות און מעשים של קדושה,

אנהויבנדיק, ווי געזאגט פריער, מיט א שמחה וואס זי איז פארבונדן מיט ושמחתם לפני ה' אלקיכם, פארבונדן מיט א קיום פון דער מצוה פון זמן שמחתנו, און אין זמן שמחתנו גופא, דער ענין פון שמחת בית השואבה, א שמחה נוספת על השמחה,

וועט דאס ארויסווייזן בגלוי, אז יעדער איד ווייס און יעדער איד אנערקענט אז ער געהערט צו צבאות השם, ווי מ'האט גערעדט בארוכה פאר אידישע קינדער מיט עטליכע שעה פאר דעם אויך אין זמן שמחתנו אין דעם זעלבן ארט,

און זאל אנגענומען ווערן אט דאס וואס יעדער איד איז מגוייס, צי ער וויל יע, אדער דאס איז נאך ניט דערגאנגען צו אדורך נעמען זיין רצון, אבער דער אויבערשטער האט אים ארייגעשטעלט אין זיין ארמיי, אין זיין צבא,

וואס אין צבא איז א כלל ראשון אז נעשה קודם לנשמע, אז עס קומט אן א "פקודה" פון דעם ראש הצבא, וואס דאס איז ה' אלקים צבאות, איז צום אלעם ערשטן טוט ער די פקודה, און דערנאך איז "ונשמע", אז עס קומט א "פריליע" צייט זעצט ער זיך אוועק לערנען דעם אויבערשטן'ס תורה,

ווי דער אויבערשטער וויל מ'זאל לערנען די תורה, אבער ניט ארייגלערנען אין דער תורה און א פרעג טאן בא דעם נוצרי און בא דעם מוסלמי און בא דעם קאמוניסט - ווי וויל ער אז מ'זאל אפטייטשן דעם דת יהודית!

און ווי דער רמב"ם, דער מורה הנבוכים פון אלע דורות, ווי גערעדט נעכטן בארוכה, האט אפגע'פסק'נט א קלארן דין, אז יעדער איד, ניט קוקנדיק אויף זיין מעמד ומצב, ניט קוקנדיק אויף זיין אויפפירונג, זיין לעבן ביז דער רגע איידער ער האט זיך דערוואוסט וואס דער רצון ה' איז, און מ'גיט דאס אים צו פארשטיין בכל אופנים האפשריים, אפילו אז כופין אותו,

איז אט דעמאלט אנטדעקט ער בא זיך אליין אז דאס איז זיין אמת'ער רצון, זיך אויפפירן ווי דער אויבערשטער וויל,

במילא טוט ער דאס אז ער האט אט דעם זכות, און די מעגלייכקייט אז ה' אלקי צבאות האט אים אריינגעשטעלט אין זיינע צבאות, און האט אים א נאמען געגעבן אז ער געהערט צו צבאות הוי', און האט אים מבטיח געווען אז כימי צאתך מארץ מצרים, וואס דעמאלט איז צום ערשטן מאל וואס דער אויבערשטער האט אויפגעשטעלט זיין ארמיי, אלע אידן האנשים והנשים והטף, ווי דערציילט בא יצי"מ, אז יצאו מארץ מצרים על צבאותם,

און דאס האט גע'פועל'ט אז גם ערב רב עלה אתם, ניט נאר מ'האט זיי ניט געשטערט נאר אדרבה, מ'האט זיי געהאלפן, און מיט-געגעבן אלץ, וואס זיי האבן געוואלט האבן, ווי דערציילט בארוכה בנוגע צו יצי"מ, און מ'איז ארויס ביד רמה,

זאל אויך אט די הוספה, ביז וואנעט אז דער "אחר" וועט זיך אויך משתתף זיין, ווארום ער האט אנדעקט בא זיך אליין אז ער איז א "בן", בנים אתם לה' אלקיכם, ווארום כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב שנאמר ועמך כולם צדיקים, און זיינען מעשה ידי להתפאר, דער אויבערשטער בארימט זיך און שיינט זיך מיט זיי,

נאר מ'דארף אראפנעמען דאס וואס עס האט זיך צוגעקלעפט פון דעם נארישקייט און פון דעם שקר פון עלמא דשיקרא, און פון די נארישקייט פון דעם "זקן וכסיל" זה יצה"ר,

וויבאלד אז דאס איז א פרעמדע זאך, "אלקים אחרים", איז גאר לייכט דערפון באפרייט ווערן, בשעת ער איז מחליט אין דערויף, און זיכער איז ער דאך מחליט ווי עס דארף צו זיין, ווארום ער געהערט דאך צום עם חכם ונבון, און מ'קומט ערשט פון יוהכ"פ וואס "עיצומו של יום מכפר", און אנדעקט דעם עצם פון יעדער אידן, ווי דערמאנט פריער אז יעדער איד אנשים נשיף וטף זיינען אין צבאות השם,

און דערביי איז דאך דער אלטער רבי מחדש, ווי דער צ"צ איז דאס מסביר, אז אין זהר און אין ע"ח געפינט מען, אז איהו וחיוהי חד איהו וגרמוהי חד, איז דאס ביז עולם האצילות ועד בכלל, אבער אין בי"ע איז דאס באופן אחר,

און דער אלטער רבי איז מחדש,וכן יקום, אז בשעת ס'איז געווען צבאות השם, וואס דאס איז געווען ארויסגייענדיק פון מצרים, איז דער ענין פון צבאות השם האט אויפגעטאן אז אויך אין עולמות בי"ע איז געווארן איהו וחיוהי חד איהו וגרמוהי חד,

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון והי' הוי' למלך על כל הארץ ביום ההוא יהי' ה' אחד ושמו אחד, וואס דאס איז נאך אין דעם זמן פון גלות, עאכו"כ אין גלות גופא, ווען מ'שטעלט אין א מעמד ומצב פון נאך יוהכ"פ, און אין די טעג פון זמן שמחתנו, און אין זיי גופא טאנצנדיק אין שמחת בית השואבה,

און דאס ברייגנט גלייך אראפ נאך זייענדיק אין גלות, אז לכל בני ישראל הי' אור במושבותם, אפילו אז ע"פ דין זאגט מען אז אין וועלט איז דאס לילה,

און אויך ווי געזאגט בנוגע צו כללות ענין הגלות וואס ווערט אנגערופן בשם לילה, איז ניט מיט אונזער רצון זיינען מיר געגאנגען אין גלות, כידוע דער ווארט פון דעם רבי'ן נ"ע איבער-געזאגט דורך נשיא דורינו דעם רבי'ן דעם שווער, און ניט מיט אונזער רצון וועלן מיט ארויס פון גלות, ווארום ס'איז נאך פאר דער אתחלתא דגאולה,

און הלואי וואלט מען ניט פארטומלט אידן מיט דער אתחלתא דגאולה מיט פאלשע געלט, וואלט אט דעמאלט שוין לאנג געקומען די גאולה, און עס וואלט געווען די ריכטיקע געלט, ווי מ'זעט בפשטות, אז מ'פארפלייצט אן ארט מיט פאלשע געלט פאלט דעמאלט די ווערט פון די אמת'ע געלט,

אז מ'האט געוואלט איינשמועסן מיטן שקר אז ס'איז אתחלתא דגאולה, זעענדיק די צרות און דעם לחץ און די סכנות, און רח"ל די קרבנות וואס מ'האט דוקא אלצעטער, אין אילצטיקע זמנים בכלל, ובפרט נאך דער חתימה פון דעם חוזה האומלל פון "קעמפ דיוויד", ווי דערמאנט פריער,

איז א זיכערע זאך אז עס איז נאך צוגעקומען אין חושך הגלות אין וועלכן מ'געפינט זיך און אין דעם לחץ פון אוה"ע, ווי מ'זעט דאס בפשטות, ביז וואנעט אז מ'האט שוין קיין ברירה ניט און מ'דרוקט שוין וועגן דערויף אין די צייטונגען,

האט מען די הבטחה אז בשעת א איד מאכט ליכטיק במושבותם, בא זיך וואו ער געפינט זיך, און ער מאכט ליכטיק מיט די אמת'ע ליכטיקייט מיט נר מצוה ותורה אור, ווי דערמאנט פריער, בחוקותי תלכו ואת מצוותי תשמרו ועשיתם אותם, ובפרט נאך אז מ'האט נאך די תחנונים דעם געבעט פון דעם אויבערשטן, אז ער בעט זיך אז מ'זאל דאס טאן מיט א רגע פריער,

איז א זיכערע זאך, אז אין מיטן נאכט, ווען החושך יכסה ארץ ע"פ תורה, איז דאס די צייט ווען מ'דאוונט תפלת ערבית, ווארום ס'איז נאכט, און מ'גרייט זיך צו ק"ש שעהמ"ט, ווארום עס איז נאכט,

אבער א אידן האט מען געגעבן דעם כח אז לא ראינו שנה בעינינו, ווי עס שטייט בא שמחת בית השואבה, אז ביי אים ווערט ניט אנשלאפן אפילו ווען ער געפינט זיך אין גלות איז אני ישנה אבער ולבי ער, ער איז וואכעדיק ווי ער טייטשט אפ אין מדרש צו יעדער אידן פון תורה ומצוותי', צו יעדער ענין פון אידישקייט,

און דאס מאכט אים וואכעדיק אינגאנצן, אז אפילו ווען ער שלאפט איז לא ינום ולא יישן שומר ישראל, עס איז וואכעדיק דער אפהיטער פון אידן, וואס דאס איז דער ה' אלקי הצבאות,

און דאס ברענגט א הצלחה רבה אין די אלע פעולות וואס מ'טוט בדרך הטבע, ווארום אידן טוען וואס העגנט אפ אן זיי אין דער אויפפירונג, ווי עס דארף זיין די אויפפירונג ע"פ תורת אמת און ע"פ תורת חיים.

און פון דעם טאנצן אין א רה"ר אין גלות און אין חו"ל, גרייט מען זיך און מ'גייט בקרוב ממש טאנצן לקבל פני משיח צדקנו,

און עס גייען אלע צבאות השם, האנשים והנשים והטף, און מ'גייט ביד רמה, און מ'גייט בעצם היום הזה, ווארום לא עכבם אפילו כהרף עין, דער אויבערשטער פארהאלט ניט אפילו אויף קיין איין רגע ניט, און פירט ארויס יעדער אידן און אלע אידן, און אלע אידן צוזאמען כאיש אחד בלב אחד,

לקבל פני משיח צדקנו, און גיין מיט אים צוזאמען אין ארצנו הקדושה ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה,

און פונקט אזוי ווי דער אויבערשטער איז א שלם אזוי איז אויך ארצו, דעם אויבערשטן'ס לאנד, איז זי אויך בשלימות,

און דאס ברענגט אויך אריין און פארבינדט דאס מיט דער שלימות פון דעם אויבערשטן'ס לאנד, איז זי אויך בשלימות,

און דאס ברענגט אויך אריין און פארבינדט דאס מיט דער שלימות פון דעם אויבערשטן'ס פאלק וואס דאס זיינען אידן,

און זיי האלטן אויך בשלימות התורה,

און מ'גייט גאנצערהייט און געזונטערהייט און פריילעכערהייט, בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותינו, אין אן אופן פון קהל גדול,

און דאס ווערט יבואו הנה, אין ארץ הקודש, און אין ארץ הקודש גופא אין ירושלים עיר הקודש עיר בה חנה דוד,

וואס דוד מלך ישראל חי וקיים, און ער שטייט און זאגט אן און באשיצט אז מ'קען ניט אנרירן די גאנצקייט פון ירושלים עיר שחוברה לה יחדיו,

און אין ירושלים גופא איז משיח צדקנו יבנה ביהמ"ק במקומו, און נאך מערער - מקדש אד' כוננו ידיך,

און ווי געזאגט פריער, מיט א שמחה גדולה ביותר, מפזז ומכרכר מאד, נאך אין גלות און אין זמן הגלות,

און אין דער שמחה גופא איז מען מעלה ומוסיף, להעלות בקודש, ביז אין אן אופן אז עס ווערט שמחת עולם על ראשם, מיט גאולת עולם, שאין אחרי' גלות, ווארום דאס איז די אמת'ע גאולה וואס הויבט זיך אן נאך דעם ענדע פון גלות, ע"י משיח צדקנו,

און וואס וועט זיכער זיין אחכה לו בכל יום שיבוא, אז מ'ווארט און מ'האפט און מ'בענקט יעדער טאג און יעדער רגע פון טאג אז אט אט קומט ער,

און עס קומט די גאולה האמיתית והשלימה במהרה בימינו ממש.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן הושיעה את עמיך.

* * *

אזוי ווי ס'איז דאך "הושענא רבה, איז דא אן עבודה מיוחדת אויף לילה זו, וואס בפשטות מוז זי דאך פארנעמען כו"כ זמן, ובפרט אויב מ'טוט דאס בשלימותו פארנעמט דאך דאס א זמן רב אויך בכמות,

ובפרט אז ס'איז דאך פארבונדן מיט משנה תורה און אויך דערנאך מיט אמירת תהלים, און דערנאך אויך אמירת פון רזי תורה, פון זהר, כמבואר ומודפס אין די "תיקונים" פון הושע"ר -

איז דאך לכאו' דא אן ארט בנוגע צו שמחת בית השואבה אז עס זאל ניט זיין ווי עס איז געווען אין די פריערדיקע נעכט, וויבאלד אז דעמאלט איז דאך דער סדר אז אין עבודה במקדש בלילה, און ס'איז אן אויסנאם בנוגע צו ניסוך המים אז דער דין איז אז אפילו נסכם בלילה איז אויך כשר,

עאכו"כ שמחת בית השואבה איז דאך געווען בעיקר בלילה,

איז דאך די לילה פנוי' (פנוי) בנוגע צו ענינים פון שמחת בית השואבה, משא"כ אז ס'קומט הושע"ר איז דאך דעמאלט לכאו' איפכא מסתברא,

איז דאך דא אויף דערויף דער סיפור הידוע פון נשיא דורינו בנוגע צו ר"נ טשערנאבעלער, אז בשעת ס'איז איינגעפאלן א סברה מצד אן אנדער מצוה זאל מען אפלייגן א צווייטע מצוה - האט ער גלייך בודק געווען ווען איז אים די סברה איינגעפאלן, און פארוואס איז דאס ניט איינגעפאלן צו פריער אדער שפעטער,

עד"ז בנוגע צו הושע"ר זעט מען אז ניט קוקנדיק אויף די עבודה נעלה המיוחדת ללילה זו, כאמור לעיל פון תיקון הושע"ר, וואס דאס ווערט דא אנגערופן בשם "תיקון" ע"פ מנהג ישראל, וואס מנהג ישראל תורה היא,

ובפרט נאך ע"פ המבואר אין דעם זהר וואס מ'זאגט דעם גודל הענין פון הושע"ר,

איז פונדעסטוועגען בשעת ס'קומט צו אכילת ארוחת הערב, וואס אמת טאקע זיכער עסט מען דאס כדי אז דער גוף זאל זיין בריא און מ'זאל דינען דעם אויבערשטן כדבעי בשלימותו, ווארום היות הגוף בריא ושלם מדרכי השם הוא, ווי דער רמב"ם זאגט,

אבער אעפ"כ איז דאס ניט ממעט בתכלית, ביז וואנעט אויף פארגעסן, בנוגע צו ארוחת הערב מצד דעם גודל הענין פון דער עבודה,

איז דאך עאכו"כ וואס שמחת בית השואבה איז דאך זיכער אן ענין פארבונדן מיט עבודת השם און מיט דרכי השם, דארף דאך דאס זיכער אין דערויף ניט אנרירן.

ובמכ"ש אז ס'איז דאך דא אמאל וואס במשך לילה זו טוט מען נאך ענינים, בנוגע צו שינה וכיו"ב, וואס זיי זיינען ווייניקער נוגע צו היות הגוף בריא ושלם מדרכי השם הוא,

און דערביי איז ניט מבלבל וואס מ'מוז זאגן משנה תורה בכוונה המתאימה, מ'מוז דערנאך זאגן תהלים בכוונה המתאימה, און דערנאך אויך די ענינים און די ערטער אין זהר, ווי אנגעוויזן אין תקוני זהר,

וואס דערפון איז גלייך פארשטאנדיק, אז אויב ס'איז דא להעלות בקודש, די הוראה, וואס צוזאמען דערמיט איז דאס אויך א נתינה כח, בכל ימי כון שמחת בית השואבה, אין לילה שני' לגבי לילה ראשונה, און לילה שלישית לגבי לילה שני' וכיו"ב,

איז אדרבה, מצד דעם עילוי פון הושע"ר איז במכ"ש וק"ו אז דא איז דא דער נתינת כח פון להעלות בקודש,

און ווייבאלד אז ס'איז דא דער נתינת כח, איז דאך דאס גופא נאכמער מזכה און מחייב אז טאקע עס זאל זיין דער ענין פון להעלות בקודש.

ווי אזוי ברייננגט מען דאס צוזאמען, ס'איז דאך פאר א לילה איז דאך אויסגערעכנט א מספר שעות מוגבל, און דערפון מוז מען דאך אפגעבן סיי די שעות בכמות און סיי די שימת לב באיכות צו די ענינים המיוחדים צו הושע"ר, עס קען דאך ניט זיין בב"א די ביידע אחת, ווארום ס'איז אינגאנצן פון אן אנדער סוג.

[אע"פ וואס פיקודי הוי' ישרים משמחי לב, אבער שמחת בית השואבה איז דאך ניט באשטאנען אין דעם וואס די ראשי סנהדראות (אדער די סנהדרין בכלל), וואס זיי האבן אנגעפירט מיט דער שמחת בית השואבה, האבן זיך געזעצט לערנען מיט די אלע וואס האבן זיך דעמאלט צוזאמענגעקליבן,

נאר ווי דער פס"ד בהלכה ברורה, אז ס'איז געווען דער ענין פון ריקודים און דער ענין פון שירה, ביז ווי דער רמב"ם איז מסיים דערנאך - מפזז ומכרכר מאד,

און ווי דערציילט בארוכה אין עין יעקב, וואס רוב סודות התורה גנוזין בה [ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגרת הקודש], גענומען פון מסכתא סוכה און פון מדרשי הז"ל, און אויך אראפגעבראכט אין ראשונים און אחרונים].

און אויף דערויף דער הסבר, און וואס מ'זעט דאס אויך בפועל, אז עס הענגט אפ אן א מענטשן, דער גודל השמחה איז ניט אויף אדורפאל נוגע דער כמות פון זמן,

אז ס'איז דא אמאל אז א משך זמן ארום איז ער פארנומען מיט אן ענין של שמחה אין מיט שמחה, און מ'רופט דאס באמת, און דאס איז ביי אים באמת, אבער אעפ"כ קען ער שפילן אין אזא מצב רוח של שמחה ביי א צווייטער געלעגנהייט וואס דעמאלט וועט ער בשעתא חדא וברגעא חדא בפשטות, עכ"פ בשעתא חדא וברגעא חדא בערך דעם אריכות הזמן פון שמחה הראשונה, האט ער דעם ענין השמחה כמ"פ ככה מערער, אע"פ וואס אין כמות הזמן איז ביי אים כמ"פ ככה וויינציקער ווי יענע שמחה,

ווי מ'זעט דאס בכמה ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט רגש האדם, אז ביי אים קען זיין א מועט בכמות ומחזיק את המרובה, אע"פ וואס דאס איז א רגש וואס ניט זיין ענין איז פורץ גדר זיין,

אעכו"כ בנוגע צו ענין השמחה וואס ענינה איז כמדובר לעיל בארוכה (בא די פריערדיקע נעכט) אויף מבטל זיין כל המדידות והגבלות איז דאך זיכער אז דא איז דער ענין פון מועט מחזיק את המרובה, בעל התוקף וביתר שאת וביתר עז,

וואס דערפאר איז בפשטות מובן, אז שמחת בית השואבה, ווי פארשטאנדיק בפשטות פון די הלכות שבדברים אלו, זיינען דא בהושע"ר ווי זיי זיינען דא אין די פריערדיקע נעכט, מצד דעם עילוי פון הושע"ר זיינען זיי נאך דא נאך מערער פון די פריערדיקע נעכט,

און דאס הענגט אפ אן דעם אדם, וואס אתם קרויין אדם און ע"ש וואס אדמה לעליון, וואס דארט איז דאך למעלה ממדוה"ג של עוה"ז און אפילו פון עולמות עליונים,



הנחה פרטית בלתי מוגה

אז דא זאל מען נעמען א מועט בכמות, עכ״פ א מועט בכמות לגבי די פריערדיקע נעכט, און דאס זאל מחזיק זיין את המרובה, א מרובה שלא בערך צו די פריערדיקע נעכט, אפילו צו די נאכט פון וועלכע מ׳קומט, וואס בקדשים איז דאך הלילה הולך אחר היום, איז דאך די לילה פון הושע״ר האט אויך א שייכות צו יום הששי של חגה״ס והאושפיזין שלו,

און וואס בקביעות שנה זו, איז נוסף אויף כל הענינים ווי מ׳האט נעכטן גערעדט בארוכה, וואס זיי באווייזן אויף דעם ענין פון שלום, און אויב שלום כאן איז הכל כאן, איז דאך עאכו״כ אז שמחה כאן - איז אוין דא דער ענין **בפשטות**, (וואס דערפאר האט מען אים ניט דערמאנט במפורש) וואס דאס איז געווען ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, טוב לשמים וטוב לבריות, וואס דאס איז דאך דער אמת׳ער שלום, און דאס איז די אמת׳ע שמחה פון ישמח הוי׳ במעשיו, אז ער זעט אז בא זיי איז דא דער טוב לבריות, און ישמח ישראל בעושיו, בשעת ביי א אידן איז ישמח ישראל בעושיו,

און כאמור, איז וויבאלד אז מ׳האט דעם להעלות בקודש אויך אויף דעם אושפיז פון יום השישי, האט מען דאך אין דערויף די אלע ענינים וואס מ׳האט נעכטן דערמאנט, בהוספה פון דעם ענין פון יום השלישי שהוכפל בו כי טוב,

און מ׳גרייט זיך צו יום הרביעי, וואס ווי דער אלטער רבי איז ידוע דער פתגם שלו (איבערגע׳הזר׳ט פון נשיא דורנו דער רבי דער שווער) אז ביום הרביעי איז נתלו המאורות (נתלו מיט א תי״ו), דער יום הולדת פון דעם בעש״ט און דער יום הולדת פון דעם אלטן רבי׳ן,

וואס ביידע זיינען דאך פארבונדן מיט די גרעסטע שמחה, וואס דאס איז דאך די שמחת עולם וואס וועט זיין בקשר מיט דער גאולה ע״י משיח צדקנו, וואס ״אתי מר״ איז דאך ווען וועט זיין בקשר מיט דער גאולה ע״י משיח צדקנו, וואס ״אתי מר״ איז דאך ווען ״יפוצו מעינותיך חוצה״, די מעינות פון בעש״ט, און אין אן אופן פון יפוצו און יתפרנסון - וואס דאס איז ע״י תורת החסידות חב״ד, די תורה וואס עס האט מגלה געווען און איז נתגלה געווארן (אראפגעקומען למטה) דורך דעם אלטן רבי׳ן,

ובפרט נאך אז מ׳האט דאך א ספעציעלן ענין וואס איז פארבונדן מיטן אושפיז השביעי וואס יומו איז ביום השביעי פון הגה״ס, הושע״ר, אנהויבנדיק פון בלילה,

וואס אויף דערויף זאגט ער דאך אין זהר (אין פ׳ אמור), וועגן וועלכע עס שטייט בכ״מ אז דאס איז א פרשה וואס הויבט זיך אן אמור ואמרת, ווי די גמ׳ טייטשט דאס אפ אז דאס איז דער דין פון להזהיר גדולים על הקטנים,

און ווי חסידות טייטשט אפ אז דורך דערויף וואס ס׳איז דא בפשטות דער להזהיר גדולים על הקטנים, איז דא דער פירוש הפנימי אין דערויף אז דורך דערויף ווערט דער ״להזהיר״ פון לשון ״זוהר הרקיע״, ״המשכילים יזהירו כזהר הרקיע״, אז עס לייכט בא זיי אין אלע זייערע ענינים, דורך דערויף וואס זיי זיינען מזהיר די קטנים בכל הענינים אין וועלכע די קטנים דארפן צו זיי אנקומען,

זאגט ער אין זהר [וואס דאס איז דאך אויך ע״ש ההתחלה וואס הויבט זיך אן מיט ״המשכילים יזהירו כזהר הרקיע״] אין פ׳ אמור ואמרת להזהיר גדולים על הקטנים, אין דער טייל פון דער פרשה ווא עס רעדט זיך וועגן חגה״ס,

און ער רעכנט דארט אויס די שבעה אושפיזין: אברהם יצחק ויעקב משה ואהרן יוסף ודוד, און ער זאגט די פסוקים וואס זיי זאגן יעדערער פון זיי, וואס יאן [illegible] זאגט ער דאך ארויס ענינו, און וואס ער טוט אויף אויך ווען ער קומט אלס [illegible] נכבד״ (ווי דער מיטעלער רבי זאגט בסידורו) אין א סוכה פון א אידן,

אז בשעה עס קומט ד'ער יום השביעי, וואס אושפיזא שלו איז דוד מלכא זאגט (דיין פסוק איז) "כל כלי יוצר עליך לא יצלח", אז יעדער ענין, יעדער כלי וואס וויל זיך פארטשעפען מיט אידישקייט, אדער וויל זיך פארטשעפען מיט אידן (וואס ס'איז דאך היינו הך),

איז אפילו אז ס'איז דא דער "יוצר עליך", די כלי איז שוין דא במציאות, און די מציאות זיינע לכאו' איז אז דאס איז "יוצא עליך" -

דארף מען וויסן זיין אז "לא יצלח", וואס דאס איז דאך א נתינת כח במיוחד מ'זאל ניט נתפעל ווערן פאר די רוחות משונות וואס בלאזן אין רשות הרבים און ווילן אנשרעקן ח"ו א אידן, אדער אנשרעקן אידישקייט,

האט מען דעם אושפיז פון דוד המלך, וואס ער איז דא ביי אלע זיבן טעג פון סוכות, ווי דערמאנט פריער אז "ודעימי'", במילא איז אויך דא זיין ענין, אבער ווען שטילט ער נאכמער בגלוי - שטילט ער בגלוי ובהדגשה ביום השביעי,

וואס אט דעמאלט ווערט געזאגט דער פסוק, והתורה היא נצחית, פונקט [ווי] ווען דוד המלך האט דאס געזאגט דעם ערשטן מאל, און פונקט ווי דעם ערשטן מאל איז דאס געלערנט געווארן אין זהר, אין תורתו של רשב"י, אזוי איז דאס נצחי בכל שנה ושנה, ובמיוחד אז עס קומט הושע"ר,

אז מ'האט די הבטחה ברורה, און די הבטחה וואס ווערט ארויסגעזאגט דורך דוד מלך ישראל חי וקיים, וואס דער פירוש אין דערויף איז אז ער איז "חי וקיים" אלס א "מלך ישראל", און אין אן אופן ווי ער איז געווען מלך ישראל בשעתו בפשטות, כמבואר אין תורה, אין תושב"כ, אין נביאים,

איז דאך דעמאלט געווען מלכותו ביד רמה, ביז וואנעט אז ער האט איינגענומען אלעמען, ביז וואנעט אז דערנאך וועט דאס ארפאגעבראט (כמדובר) "חי וקיים" אלס מלך ישראל, דורך דוד'ן בכל שנה ושנה, בכל חודש וחודש, וואס מ'זאגט דאך בא קידוש החודש "דוד מלך ישראל חי וקיים",

ובמיוחד אין חודש תשרי, אין חודש השביעי, בדוגמא ווי דער אושפיז השביעי, וואס דער בעש"ט טייטשט דאך דאס אפ אז שביעי איז פון לשון וואס ער איז אליין זאט, ומשביע, אז ער מאכט זאט אלע **חדשים** פון יאר, און דורך זיי אלע **טעג** פון דעם יאר,

זאגט ער מיט א פשטות,

[וואס אין תושב"כ זיינען דאך אפילו צדוקים אויך מודה, עד כדי כך איז דער ענין בפשטות, און לכאו' מאי נפק"מ וואס צדוקים זאגן - איז דאך דא כמה דינים וואס מ'דארף האבן און מ'זאגט אז דער דין איז ברור ביותר אויב אפילו הצדוקים איז אויך מודים בזה, איז הצדוקים אויך מודים אויף תושב"כ],

וואס אין הושב"כ שטייט אז כל כלי יוצר עליך איז לא יצלח,

און ער אי זגלייך מבאר אין זהר, אז דוד האט געהאט א שייכות בכל מיני אלע מינים וואס זיינען שייך אין כלי, לטוב אדער ח"ו אויף פארקערט, איז דאס געווען בידו,

איז אז **ער** זאגט אז "כל כלי יוצא עליך לא יצלח" - דאס אפילו אין דרך הטבע וועט דאס אויך דורכגעפירט ווערן.

און אט דא קומט נאך צו, ווי דערמאנט אויך פריער, אז ס'איז דא ווי ער זאגט אויך אין זהר, אין צווייטן ארט פון פרשת המועדים,

[וואס כמדובר איז איין ארט איז דאס אין פרשה אמור און דעם צווייטן מאל פרשת המועדים איז דאס אין פרשת פינחס],

אין אין פרשת פינחס אין זהר זאגט ער, אז ביום השביעי איז דער אושפיז איז שלמה, ביום הששי איז דער אושפיז דוד, וביום השביעי איז דער אושפיז שלמה,

וויבאלד אז אלו ואלו דברי אלקים חיים - האט מען ביום זה פון הושע"ר בײדע אושפיזין, סײ דוד סײ שלמה,

וואס דאס איז מתאים דערצו וואס מ'האט דערמאנט פריער, אז דער רמב"ם איז מדייק אז משיח בן דוד, וואס דורך אים קומט די גאולה האמיתיה והשלימה, איז ער א בן דוד, און בא דוד'ן גופא (וואס ער האט געהאט כמה בנים) - איז ער אויך פון שלמה בן דוד,

בדוגמא ווי דערמאנט, אז דער ענין פון אושפיז איז דוד ושלמה, ובדוגמא אויך אין ספר תהלים [וואס מ'גייט דאך זאגן לאחרי חצות לילה] איז דאך דא דער לשלמה אלקים [משפטיך] למלך תן וצדקתך לבן מלך, וואס בפשטות אין די רמזים וואס איז געדרוקט אין תהלים האט דאס דוד געזאגט בנוגע לשלמה בנו בפשטות,

אז מ'זעט אבער מדרשי הז"ל אין דעם קאפיטל, וירד מים עד ים און אויביו עפר ילחכו ועד שמש ינון שמו, מיט די אלע ענינים וואס ער רעכנט דארט אויס - איז דאס מוכח בפשטות אז דאס רעדט זיך וועגן מלך המשיח,

אילו זכו וואלט דאס געווען בזמן שלמה, וואס וישב על כסא ה', דערנאך מצד כמה סיבות איז דאס געווארן א באזונדער תקופה, די תקופה פון משיח בן דוד ושלמה, כמוזכר לעיל,

וואס אין דערויף איז אויך היילט מען דאס צו דורך די ענינים פון הושע"ר **המיוחדים** להושע"ר,

[וואס אין דערויף איז דאך דער אמירת תהלים, כולל אויך אט דעם קאפיטל "לשלמה אלקים [משפטיך] למלך תן וצדקתך לבן מלך", מיט די אלע הבטחות וואס ווערט דערציילט:

"יהי פיסת בר בארץ", אז לע"ל וועט דער ענין פון דאגת הפרנסה אינגאנצן בטל ווערן (ווי ער איז מסיים אויך אין רמב"ם סוף הל' מלכים ומלחמותיהם), דערפאר וואס עס וועט זיין עתידה ארץ ישראל שתוציא גלוסקאות, ווי ער איז מבאר באריכה אין מסכתא שבת],

וואס דאס איז (כמדובר) ענין המיוחד אין דעם לימוד ותיקון פון הושע"ר,

עד"ז אויך אין משנה תורה, וואס ווי די גמ' זאגט אין מגילה און אין תוס' דארטן אז משנה תורה איז משה מפי עצמו אמרו, און ווי עס שטייט אויף דערויף דער ביאור אין לקו"ת, איז דאך משה זאגט מען אז הוא גואל ראשון, ער איז געווען דער גואל בימי צאתך מארץ מצרים, און הוא גואל אחרון, פון איצטיקן גלות אדום,

און וואס פון אלע חמשה חומשי תורה איז הושע"ר פארבונדן מיט דעם חלק אין תורה וואס מפי עצמו אמרו, און דער חלק אין תורה ווערט אנגערופן "**משנה** תורה", ע"ש וואס אין אים ווערט איבערגע'חזר'ט כל הענינים פון אלע חמשה חומשי תורה, זייבע ענינים, און אויך די ענינים פון די ד' ספרים שלפנ"ז,

און וואס כאמור דאס איז די עבודה מיוחדת פון הושע"ר,

ביחוד מיט די עבודה וואס זי איז לכאו' שוה צו שאר ימי הסוכות, וואס בכל שבעת ימים אלו איז דאך ושמחתם לפני ה' אלקיכם שבעת ימים, ווי ער רמב"ם טיילט דאס אפ אז דאס גייט אויף שמחת בית השואבה, שבעת ימים שטייען זיי אלע צוזאמען,

וויבאלד אבער אז מ'האט די הוראה פון תורת חיים להעלות בקודש - איז דאך פארשטאנדיק אז מלילה ללילה ווערט דאס אלץ מערער,

און דאס ווערט בתכלית השלימות אין יום השביעי, וואס דעמאלט ענדיקט זיך די שמחת בית השואבה און עס הויבט זיך אן א שמחה פון א סוג שונה, די שמחה פון שמע"צ און די שמחה פון שמח"ת,

וואס בנוגע לפועל, איז דאס איז בפשטות מובן אז מ'דארף פראווען שמחת בית השואבה אין לילה פון הושע"ר און ניט נאר ס'איז מובן אז מ'דארף אויך פראווען, נאר אדרבה, אויב מ'האט געפראוועט אין די ערשטע 6 נעכט, עאכו"כ אז מ'דארף דאס פראווען אין הושע"ר,

ובפרט ע"ז גיט הושע"ר דעם כח [דורך דערויף וואס דער אויבערשטער הוא הנותן לך כח לעשות חיל, און האט זיך ארויסגעגעבן דורך זיינע הוראות, וואס אורייתא וקוב"ה כו"ח], אז מ'זאל אין הושע"ר בשעתא חדא וברגעא חדא מאכן א שמחה גדולה ביותר און האבן א שמחה גדולה ביותר, און פילן א שמחה גדולה ביותר לגבי כל ששת הלילות שלפנ"ז,

און דאס זאל אלץ זיין באמיתות,

וואס דערפאר איז דא ניט נוגע אז מ'זאל גיין אין אריכות הזמן, און דוקא בריחוק מקום, דאס קען געטאן ווערן דא אין דער סוכה אדער אין דעם בית הכנסת, בית שמגדלין בו תורה [און] מגדלין בו תפלה, אדער אין א צווייטן בית הכנסת וכיו"ב,

ובחוץ, ברשות הרבים, זאל דאס זיין מערניט ווי שעתא חדא בפשטות, אדער רגעא חדא בפשטות, כדי אנצוהאלטן און האבן די כלי אין וועלכע צו ממשיך זיין אט דאס וואס מ'האט פריער אויפגעטאן אין רה"ר לעשותו רשות היחיד,

איז וויבאלד אז דאס קומט בהמשך, און דאס קומט אין דער לילה פון הושע"ר, איז אט דעמאלט איז געציילטע מינוטן, ווארום דא איז דאך בשעתא חדא ניט דוקא 60 מינוט, נאר ס'איז גענוג געציילטע מינוטן,

ובפרט נאך אז עס וועט זיין ח"י מינוטן, אדער זיבן מינוטן, האט דאך דאס אויך א קשר צו ענין השמחה, וואס דאס איז דאך די הוראה פון חיים, און צו ענין פון הושע"ר, וואס דאס איז דאך דער זיבעטער טאג -

אז דאס זאל ממשיך זיין, פריער, און דערנאך א פעולה נמשכת לאחרי זה, און דערנאך ממשיך זיין אויך א שעתא חדא אין סוכה אדער אין בית הכנסת ובית המדרש,

און דערנאך קען מען אויך אפזאגן דעם גאנצן תיקון פון הושע"ר, און די אלע וואס זיינען שייך דערצו - ניט נאר זאגן נאר אויך לערנען,

און אלע זיינען דאך שייך, בדוגמא ווי מ'זאגט בא הקהל, אז אפילו אט די וואס לא ידע מאי קאמר, ער פארשטייט ניט לשון קודש, איז אעפ"כ דארף ער זיך גרייטן און דארף שטיין דערביי און דארף הערן, און דאס פועל'ט אויף אים ווי ער זאגט אין תושב"כ בפשטות, לעשות את כל דברי התורה הזאת כל הימים אשר אתם חיים על האדמה,

אט אזוי איז אויך בנוגע צו **כל** ענינו שנת הקהל, עאכו"כ צו די ענינים פון **חגה"ס** פון שנת הקהל, עאכו"כ פון **חוה"מ** פון הגה"ס, וואס דעמאלט האט זיך אנגעהויבן הקהל, ולכמה דעות, איז אויב מאיזה סיבה האט געפעלט אין די ערשטע נעכט האט מען דאס געקענט ממשיך זיין ביז דעם לעצטן טאג פון חוה"מ וואס דאס איז הושע"ר,

איז כן תהי' לנו, אז וויבאלד אז ס'איז דורכגעגאנגען 6 טעג און מ'געפינט זיך נאך אין גלות, איז דאך א זיכערע זאך אז ס'איז נאך ניט געווען דער הקהל בשלימות - זאל מען מאכן איצטער דעם הקהל, אנהויבנדיק דורך ענין השמחה, וואס דאס פאראיינציקט דאך מן הקצה אל הקצה, כמבואר בארוכה אין דעם המשך פון שמח תשמח פון דעם רבי'ן נ"ע,

און דאס זאל דורכנעמען בשוה האנשים והנשים והטף, אין דעם אופן אז דאס זאל דערנאך ווירקן אויף זיי אין כל הימים אשר אתם חיים על פני האדמה,

ובנוגע צו דעם מצב הכללי וואס דערמאנט פריער - איז ניטא זיך וואס צו דאגה'ן, ווארום אידן האלטן זיך בא שלימות התורה, תורה בשלימותה, ובלשון הכתוב וואס שטייט בא הקהל, כל דברי התורה הזאת,

און מ'זאגט אויף דערויף "הזאת" - אז מראה באצבע ואומר זאת - אן קיינע שינויים, און אן קיינע פשט'לעך און אן קיינע דריידלעך, יעדער הלכה בפשטות ווי זי שטייט אין שו"ע, וואס ער איז שולחן ערוך לפניהם, ווי די הלכה ברורה ובפרט אין הלכות שבת סימן שכ"ט, כמדובר כמ"פ, ובפרטיות,

עד"ז אויך בנוגע צו שאר הלכות התורה,

אנהויבנדיק פון דעם ענין פון מיהו יהודי, כמדובר בארוכה אין דער לילה שלפנ"ז,

און דערפון אויך ממשיך זיין אין די ענינים שהזמ"ג - משמח זיין אידן בהושע"ר און דערנאך בשמחת שמיני עצרת, און דערנאך בשמחת שמח"ת, און משמח זיין אתה ובנך ובתך ועבדך ואמתך והגר אשר בשעריך, יעדער אידן און אלע אידן צו וועלכע מ'קען דערגרייכן,

וואס דאס איז דאך אן ענין שהזמ"ג,

וואס דאס איז נאכמער מחזק די אלע פעולות כלליות וועגן וועלכע מ'רעדט שוין כמה זמן, הקרויים בשם מבצעים,

דער מבצע פון אהבת ישראל, וואס דאס איז כל התורה כולה, ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא פרק לב,

וואס דאס ברייגגט צו מבצע חינוך, אנהויבן פון מחנך זיין זיך, ובדרכי נועם ובאופן המתאים מחנך זיין יעדער אידן און אלע אידן צו וועלכע ער קען דערגרייכן,

דורך דערויף וואס ער ברייגגט זיי אלעמען אריין, ער מאכט פון זיי א קהל אחד, און א קהל גדול, אין דעם ענין פון תורה, אין דעם ענין פון תפילין, וואס הוקשה כל התורה כולה לתפילין,

און אין דעם ענין פון מזוזה און אין דעם ענין פון צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', און אין די דריי ענינים וואס זיינען אפגעגעבן געווארן במיוחד, אע"פ וואס אנשים זיינען אויך אין דערויף מחוייב, האט מען דאס אנגעטרויט און אפגעגעבן דעם זכות אין דעם צו נשי ובנות ישראל, וואס יעדערע פון זיי ווערט דאך

אנגערופן בה שרה רבקה רחל ולאה, בית ישראל, און חכמות נשים בנתה ביתה אויך אלצטער,

וואס דאס איז דאך דער ענין פון כשרות האכילה ושתי', כמובן פון מצות חלה, הדלקת נרות שבת ויו"ט, אנהויבנדיק פון יו"ט פון שמיני עצרת שמח"ת און שבת בראשית, ובפרט נאך אז דאס איז דאך בעיללוי לגבי ימים האחרונים של פסח איז דאס ביחד אין ברכת שהחיינו - שמיני עצרת און אויך שמח"ת,

און דער מבצע פון טהרת המשפחה,

וואס דאס איז דאך די הקדמה קרובה, לאחרי ווי עס ווערט אפגעטאן, וואס דאס ברייננגט דאך אויך צו פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה, א ריבוי בנים ובנות עוסקים בתורה ובמצוות,

וואס יכלו כל הנשמות בגוף, אין דעם אוצר הנקרא גוף, קומט גלייך משיח צדקנו, ווי די גמ' זאגט,

וואס דאס איז דאך אויך די הכנה קרובה צו דעם ענין פון טהרה, ווי דער סיום פון מסכתא יומא ופרק יוהכ"פ,

[וואס חגה"ס, סוכה, נעמט זיך דאס פון ענן הקטורת וואס איז אויפגעטאן געווארן ע"י עבודת פון כה"ג בקודש הקדשים ביום הקדוש, שבת שבתון],

איז דער סיום בזה: אשריכם ישראל, אז גליקלעך איז יעדער איד און אלע אידן אין דער גאנצער אידישער פאלק, לפני מי אתם מטהרים,

ווי חסידות טייטשט דאך אפ דעם פסוק וואס ער ברייננגט אויף דערויף, לפני הוי' תטהרו, אז דאס איז נאך העכער פון דעם שם העצם און שם המפורש און שם המיוחד, איז דאס לפני הוי' - ווארום א איד איז פארבונדן מיט אנכי וואס שטייט נאך פאר הוי' אלקיך, און ווי ער טייטשט אפ אין זהר דלא אתרמיז לא בשום אות ולא בשום קוץ,

און אט דארטן, אין עצמות ומהות, אט דארט געפינט זיך א איד, כמבואר אויך דורך דעם מגיד, אין דעם אנהויבס פון ביידע זיינע ספרים, פון לקוטי אמרים און פון אור התורה,

און דערנאך ווי ער איז ממשיך ומי מטהר אתכם זאגט ער גלייך אז מקוה ישראל הוי', מקוה מלשון מקוה, ביחד ע"ז מקוה מלשון תקוה, ווי פירוש הפשוט אין דעם פסוק,

אז אט די תקוה הזקה, וואס יעדער איד זאגט, ביז וואנעט אז מ'זאגט אז אני מאמין באמונה שלימה בביאת המשיח, און אע"פ שיתמהמה ביז דעם זעקסטן טאג פון סוכות ועד בכלל, איז אחכה לו בכל יום שיבוא,

ובפרט אז דאס איז יום השביעי, מיט אלע סגולות, וואס כל השביעין חביבין, ובפרט דער יום השביעי אין זמן שמחתנו, און וואס דעמאלט באקומט יעדער איד די פתקא מיט דעם גמר חתימה טובה אויף א שנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה למטה מעשרה טפחים, און אין אלע ברכות, וואס יעדערע פון זיי הויבט זיך אן מיט אן אות פון אל"ף בי"ת,

אנהויבנדיק פון שנת אורה, ביז צום אות תי"ו שנת תורה און שנת תפלה און שנת תשועה, תשועה בשלימותה, גאולה האמיתית והשלימה,

זאל דאס אזוי זיין בפועל, און ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים בפועל ולמטה מעשרה טפחים ובעגלא דידן,

און די שמחת בית השואבה פון דעם הושע"ר ביחד מיט דעם זאגן דעם תיקון און לערנען דעם תיקון, און געפינען צילט אויף בײדע ענינים, און אויף בײדע ענינים אין אן אופן עס זאל ניט אנרירן אין בריאות הגוף, ווארום הלות הגוף בריא ושלם מדרכי השם הוא, ווארום א גוף פון א אידן איז דאס א גוי קדוש,

און דערפאר איז דאך כל עניני הברכות, ווי אויסגערעכנט אין הושב"כ, איז דאס פארבונדן מיט ענינים גשמיים, ווי דער רמב"ם איז דאס מדגיש בארוכה אין הל' תשובה ובכ"מ, ווארום די גשמיות פון א אידן איז נוגע ביז למעלה מעלה, כמבואר בארוכה דורך רבותינו נשיאנו,

און אין די אלע ענינים אין אן אופן פון אשריכם, אז מ'טוט דאס מתוך תענוג, און ווי ער איז מסיים אויך אין זהר אז גליקלאך איז כל גברא וואס ער האט די שבעה אושפיזין,

לאחר דערויף וואס ער ברײנגט אראפ וועגן דעם זיבעטן אושפיז, דוד, אז ער זאגט אז כל כלי יוצר עליך לא יצלח, ווארום ער איז בעה"ב אויף כל זיני, אויף אלע מינים וכלים וואס האבן דערמיט א שייכות,

איז ער דערנאך מסיים, אז גליקלעך איז יעדערער וואס האט דאס, וואס האט געהאט אט די אלע אושפיזין, און מ'האט דאך איצטער שוין אויך דעם זיבעטן, ווי באלד אז דער חיוב פון סוכה הויבט זיך אן פון תחלת הלילה, און דאס איז לילה השביעית,

און ער זאגט אז דאס גילט אויף די אידן, און מסיים דערפאר וואס עס שטייט ועמך כולם צדיקים, וואס דאס איז דאך כולל כל ישראל, ווארום כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב, וואס אויף דערויף ברײנגט מען דאך אראפ דעם פסוק,

און אפילו אויף די וואס מ'זאגט דערנאך הוץ, זאגט ער דאך אין ירושלמי אין דבריב ברורים, אז זיי האבן שוין לאנג באקומען זייער ענין וואס האט אראפגעווילשט דעם ענין בלתי רצוי שלהם, און זיי זײנען אויך נכלל אין ועמך כולם צדיקים,

ויה"ר אז מ'זאל טאן בכל האמור, אין שמחת בית השואבה און אין אמירת היקון און לימוד תיקון, ובאמת'ע שמחה, ובשמחה וטוב לבב,

און דאס זאל גלייך ברײנגען די שמחת עולם על ראשם, וואס אנחנו עמך וצאן מרעיתך נודה לך לעולם לדור ודור נספר תהלתך, נאך אין דעם דור פון גלות, און דערנאך גלייך פון דעם דור גייט מען אריבער אין דעם דור פון דער גאולה, ווארום עס ווערט דער קץ שם לחושך, צום גלות,

ובשעתא חדא וברגעא חדא, מיד הן נגאלין, הויבט זיך אן דער דור פון אתחלתא דגאולה און גאולה בשלימותה, און דאס טוט זיך אפ תיכף ומיד,

אין אן אופן אז דאס איז כולל האנשים והנשים והטף, קהל גדול יבוא הנה, ונהרו אל טוב הוי', ווי ער איז ממשיך אין דער נבואה,

במהרה בימינו ממש.

* * *

**א.** אין דער התוועדות פירט מען זיך דאך אלעמאל צו מאכן קידוש ברבים, ע"פ דברי רז"ל אז "אין דבר שבקדושה בפחות מעשרה", און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ת אז ס'איז א מעלה בשעת מ'טוט תורה ומצוות בעשרה, ועד"ז איז אויך בנוגע צו כל דבר שבקדושה, כולל אויך קידוש, אז ס'איז דא א מעלה בשעת מ'טוט עס ברבים (ניט נאר שלשה, נאר) עשרה.

ובפרט אז דאס איז א קידוש של יום טוב, "מועדים לשמחה", וואס שמחה איז פארבונדן מיט נאך מענטשן, מיט א רבים.

נאכמער: נוסף לזה וואס ס'איז "מועדים לשמחה" (ווי אין א אנדערע יו"ט) איז דאס "מועדים לשמחה" בשמע"צ ושמח"ת, וואס קומען בהמשך צו חג הסוכות, וואס דעמאלט דוקא זאגט מען "זמן שמחתנו", ניט "זמן חירותנו" אדער "זמן מתן תורתינו".

**ב.** אמת טאקע אז די ענינים פון "(זמן) חירותנו" און "(זמן) מתן תורתנו" זיינען אויך דא בחג הסוכות:

מצות סוכה איז "למען ידעו דורותיכם כי בסוכות הושבתי את בני ישראל **בהוציאי אותם מארץ מצרים**", "זמן חירותנו",

ועד"ז - "זמן מתן תורתנו":

נוסף לזה וואס ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תורה אור אז בכל יום איז דא דער ענין פון מתן תורה, וואס דערפאר זאגט מען "**נותן** התורה", לשון הווה,

ובפרט אין טעג ווען עס זיינען דא ענינים און מצוות מיוחדים, אזוי ווי דער ענין פון קידוש אינצטער, וואס דעמאלט איז נאכמער בהדגשה דער ענין פון מתן תורה בהוה, ווארום ס'איז דא בהווה א מצוה (אדער מצוות) וואס איז געגעבן געווארן במתן תורה -

איז היינט אויך שמחת **תורה**, וואס דאס איז פארבונדן מיט דער ענין מתן תורה, "זמן מתן תורתנו".

ובפרט לויטן פירוש פון כ"ק מו"ח אדמו"ר אין "שמחת תורה" (סה"ש תש"א ע' 31. תש"ג ע' 3), אז דאס איז ניט נאר די שמחה וואס אידן פרייען זיך מיט תורה, נאר אויך די שמחה וואס תורה פרייט זיך מיט אידן,

און די בידע שמחות שטייען אין איין ווארט "שמחת תורה" לשון יחיד, ווארום אידן מיט תורה ווערן איין זאך ממש, ווי ער זאגט אין תניא אז צווישן זיי ווערט א "יחוד נפלא שאין יחוד כמוהו ולא כערכו נמצא כלל", "ישראל ואורייתא כולא חד".

אבער אעפ"כ זאגט מען בחג הסוכות (ניט "זמן חירותנו" אדער "זמן מתן תורתנו", נאר) "זמן שמחתנו", ווארום דאס איז דער עיקר פון חג הסוכות, דאס איז דער שער דורך וועלכן אלע אנדערע ענינים פון חג הסוכות זיינען עולה.

ע"ד המבואר בנוגע דער ענין "אבוך במאי הוי זהיר טפי", אז ס'איז דא א מצוה אין וועלכע ער איז "זהיר טפי", דאע"פ אז "תמים תהי' עם ה' אלקיך" - איז אזוי ווי עו"ד דארף האבן אלע רמ"ח אברים, דארף ער אויך מקיים זיין אלע רמ"ח מצוות עשה וואס זיינען כנגדם, און אזוי ווי ער דארף האבן אלע שס"ה גידים, דארף ער זיין

נזהר אין אלע שס"ה מצוות לא תעשה וואס זיינען כנגדם - גייען אבער אלע אנדערע מצוות דורך דעם שער פון דער מצוה אין וועלכע ער איז "זהיר טפי".

ג. וע"ד ווי דער ענין (וואס אלע ענינים זיינען עולה דורך איין שער) איז אין נפש, עד"ז איז דאס אויך אין מקום:

אנדערע מקומות זיינען מסוגל אויף דברים טובים און אנדערע אויף דער היפך דערפון, ובלשון פון רש"י (עה"פ שלח יג, יח): "יש ארץ מגדלת כו' ויש ארץ מגדלת כו'".

ועד"ז איז דא דער "מקום אשר יבחר ה' אלקיכם בו לשכן שמו שם", ארץ ישראל, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", און דארטן גופא אין ירושלים עיר הקודש, עיר ה', און דארטן גופא - דער הר ה', ביהמ"ק, ובפרט אין קדש הקדשים.

ועד"ז איז אויך בזמן הזה דא מעין זה - א "מקדש מעט", וואס ווערט אנגערופן "מקדש" סתם, און דארטן איז אויך דא מעין דעם ענין פון קדש הקדשים.

ד. מצד כל ענינים אלו - איז געווען טעם אויף צו מאכן קידוש ברבים, בעשרה, און נאכמער - "ברוב עם הדרת מלך" פון עם מלך מלכי המלכים הקב"ה, וואס ער איז דער מצוה און נותן התורה כולה - די מצוה פון קידוש.

וויבאלד אבער אז די התוועדות הויבט זיך אן כמה זמן נאך די התחלה פון יו"ט (מצד טעמים הידועים אדער שאינם ידועים) - איז אויב מ'וואלט ניט געמאכט קידוש בהתחלת היו"ט, נאר געוואַרט ביז דער התוועדות, קענען דאך זיין אזוינע וואס וואלטן דאס וועלן נאכמאכן - קען דאך דערפון אויסקומען אז מ'זאל נכשל ווערן אין דעם ענין אז אין די שעות וואס ביז דער התוועדות זאל פעלן אין דעם שמחה וואס קומט צו דורך קידוש.

וואס דאס וועגט איבער דעם ענין פון "ברוב עם הדרת מלך" - און דערפאר האט מען געמאכט קידוש פריער, און ניט געוואַרט ביז עס וועט זיין ברבים בעת דער התוועדות.

ה. מ'געפינט זיך דאך אבער אין א חושך כפול ומכופל פון גלות, און אין חו"ל, [אע"פ וואס ס'איז א שנת הקהל, ובפרט אז מ'געפינט זיך איצטער אין די טעג ווען ס'איז געווען הקהל (בימי חג הסוכות), ובפרט אין שמע"צ ושמח"ת, וואס דעמאלט איז דער קליטה פון אלע ענינים פון חג הסוכות, כולל אויך דער ענין פון הקהל - פונדעסטוועגן איז] "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים",

וואס מצד דערויף קען דאך זיין אז ס'איז דא איינער (און נאך אנדערע) מצד סיבות שונות ומשונות האט ער ניט געמאכט קיין קידוש -

זאל ער מאכן קידוש און מוציא זיין דערמיט אלעמען.

ו. און וויבאלד אז "ישראל קדשינהו לזמנים", איז שוין דא דער ענין פון "קדשינהו" אין דעם ערשטער רגע פון יו"ט נאך פארן קידוש -

זאל דער קידוש וואס מ'מאכט איצטער און די שמחה נוספת וואס קומט דורך דערויף, פועל'ן אויף דער רגע שלפניו און לפני פניו, ביז - אויף דער ערשטער רגע פון יו"ט.

און דערנאך אויך פועל'ן אויף דער זמן שלאח"ז, ביז על כל השנה כולה, און על כל הזמנים כולם.

והמעשה הוא העיקר:

פון דעם שמחת תורה, וואס דאס איז (כנ"ל) די שמחה פון אידן מיט תורה און די שמחה פון תורה מיט אידן, זאל מען דערנאך נעמען און ממשיך זיין על כל השנה כולה.

וכידוע דער ווארט פון רבותינו נשיאינו ובפרט - כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז חודש תשרי, איז אותיות רשית, איז א חודש כללי, וואס אלע ענינים אין דעם חודש זיינען ענינים כלליים וואס ווערן נמשך על כל השנה כולה.

זאל אזוי אויך דער שמחת תורה נמשך ווערן על כל חדשי השנה און על כל ימי השנה, אז עס זאל זיין א יאר פון שמחת תורה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניגון הקפות לאביו רלוי"צ ז"ל.

**ז.** מ'האט פריער גערעדט (ס"ב) וועגן דעם וואס "שמחת תורה", איז לשון יחיד.

אזוי ווי אלע ענינים אין תורה זיינען בתכלית הדיוק, עד"ז איז אויך דער ענין - אז שמחת תורה איז לשון יחיד, וואס דאס איז דאך א נאמען ע"פ מנהג ישראל וואס "תורה הוא" - בתכלית הדיוק.

ובפרט לויט תורת הבעש"ט אז "שמו אשר יקרא לו בלה"ק" פון א זאך איז מהווה און מחי' און מקיים דער זאך, וואס דערפאר גיט דער נאמען ארויס די נקודה ותוכן פון דער זאך.

**ח.** דארף מען פארשטיין:

רבותינו ז"ל זאגן (ווי דערמאנט פריער) אז שמחת תורה איז כולל אין זיך **צוויי** שמחות - די שמחה פון אידן מיט תורה און די שמחה פון תורה מיט אידן - איז ווי קען מען דאס אנרופן "**שמחת** תורה" לשון **יחיד?**

וואס "שמחת תורה" איז דאך ניט בדומה צו דעם לשון "זמן שמחתנו" וואס איז אויך לשון יחיד, ניט "(זמן) שמחתינו" נאר "(זמן) שמחתנו", אע"פ וואס אויך "זמן שמחתנו" איז א שמחה כפולה - "ישמח ישראל בעושיו", וואס אידן פרייען זיך מיט דעם אויבערשטן, און "ישמח ה' במעשיו", וואס דער אויבערשטער פרייט זיך מיט אידן, ווי דער אלטער רבי איז מבאר -

ווארום אין "זמן שמחתנו" איז מודגש אז דאס איז שמחה פון צוויי מציאות'ן, "שמחתנו", **אונזערע** א שמחה, ניט "שמחתי", אדער "שמחתו", ס'איז נאר וואס די שמחה פון די צוויי מציאות'ן, "ישמח ישראל בעושיו" און "ישמח ה' במעשיו", איז געווארן איין שמחה ("שמחתנו" ניט "שמחתינו") - "ישראל וקב"ה כולא חד";

משא"כ "שמחת תורה" איז דאך (ניט נאר לשון יחיד, נאר דאס) מיינט אז דא איז פאראן נאר **איין** שמחה פון **איין** מציאות - די שמחה פון תורה -

איז ווי שטימט עס מיט פירוש רבותינו נשיאנו אז ס'איז א צווייענדיקע שמחה?

**ט.** נאכמער: לפי זה וואס רבותינו נשיאינו זאגן אז שמחת תורה איז (א שמחה פון תורה און) די שמחה פון אידן איז אויך ניט פארשטאנדיק דער לשון "שמחת **תורה**" וואס מיינט (אז די שמחה לשון יחיד איז) די שמחה פון תורה - לכאו' איז דא אינגאנצן ניט מרומז די שמחה פון **אידן?**

ואדרבה:

"שמחת תורה" מיינט **בפשטות** (ניט די שמחה פון תורה מיט אידן, נאר) די שמחה פון אידן מיט תורה, ווי מ'זעט עס בפשטות בעיני בשר אז בשמח"ת פרייען זיך אידן מיט די תורה.

ביז אז אידן פרייען זיך דעמאלט נאכמערער ווי אין די טעג פאר דערויף, אין שמחת בית השואבה אע"פ וואס דאס איז געווען א שמחה גדולה ביותר, און ווי עס שטייט אין ירושלמי דער פירוש אין שמחת בית השואבה, אז "משם שואבין רוח הקודש", ביז אין רוח הקודש גופא א דרגא גבוהה ביותר - נבואה. און אין דערויף גופא די נבואה פון יונה בן אמיתי -

ווארום ס'איז דאך דא דער ציווי פון להעלות בקודש, איז ווי גרויס די שמחה פון שמחת בית השואבה איז געווען, איז ווען עס קומט לאח"ז שמח"ת, דארף די שמחה זיין נאך גרעסער.

וואס דאס איז ניט קיין סתירה צו דעם וואס די משנה זאגט "מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו" - ווארום עס שטייט ניט אז שמחת בית השואבה איז די גרעסטע שמחה, עס שטייט נאר אז אן פריער זען שמחת בית השואבה קען מען ניט זען קיין אמת'ע שמחה, אבער נאך דערויף וואס מ'האט געזען שמחת בית השואבה, קען זיין אז עס זאל זיין א גרעסערע שמחה (כמדובר אמאל בארוכה).

[וואס עפי"ז וועט מען אויך פארשטיין דעם דיוק הלשון "מי שלא **ראה** שמחת בית השואבה לא **ראה** שמחה מימיו" - דלכאו' האט געדארפט שטיין "מי שלא **שמח** בשמחת בית השואבה לא **שמח** מימיו"?

בנוגע צו דעם ערשטן מאל וואס עס שטייט "ראה" ("מי שלא ראה שמחת בית השואבה") קען מען נאך פארענטפערן, אז היות נאר "חסידים ואנשי מעשה" האבן געפראוועט די שמחה (געווארפן די ד' אדער ח' אבוקות של אור (רש"י ד"ה באבוקות - סוכה נא, ריש ע"ב), געזאגט פתגמים פון תורה וכו'), אבער שאר "כל העם האנשים והנשים כולן באין **לראות** ולשמוע" (סוכה נא, סע"א ואילך במשנה. רמב"ם הל' לולב פ"ח הי"ד) - דערפאר נוצט ער דעם לשון "מי שלא **ראה** שמחת בית השואבה כו'".

אבער דאס פארענטפערט ניט פארוואס שטייט דעם צווייטן מאל "ראה" ("לא ראה שמחה מימיו") און ניט "שמח"?

איז די הסברה בזה: די משנה וויל אויך כולל זיין אזא וואס פראוועט ניט אליין שמחה (מאיזה סיבה שתהי'), נאר קוקט זיך צו, "ראה", ווי אנדערע זיינען בשמחה, און דער "ראה" פועל'ט אויך אים אז ער זאל זיין מיט א זמן לאח"ז בשמחה - איז אויך אויב אזא האט פריער ניט געזען שמחת בית השואבה, קען ניט זיין אז ער זאל **זען** א שמחה אמיתית (וואס זאל אויף אים האבן א השפעה אז ער זאל דערנאך זיין בשמחה)].

און אזוי ווי שמחת בית השואבה איז דער פירוש בפשטות- אז **אידן** פרייען זיך מיטן ענין פון "(בית ה)שואבה" - וואס מ'שעפט וואסער וועלכע מ'וועט מנסך זיין אויפן מזבח, און לא אשתמיט שום תנא ואמורא צו זאגן אז (דער פירוש אין דעם איז, אז) די **מים** זיינען בשמחה, און ס'איז אויך ניטא קיין סברא צו מכריח זיין אזוי -

עד"ז איז אויך דער פירוש בפשטות פון "שמחת תורה", ניט אז די תורה איז בשמחה, נאר אז **אידן** פרייען זיך מיט דער תורה.

און ערשט דערנאך קומט צו דער צווייטער פירוש אין "שמחת תורה", אז די תורה פרייט זיך מיט אידן, והפירוש בזה:

דער טעם אויף שמחת תורה (אז די תורה פרייט זיך מיט אידן) איז - "לפי שמסיימין בו התורה וראוי לשמוח בסיומה" (טור או"ח טתרס"ט. רמ"א שם. ורא"ה תקו"ז תכ"א), א שמחה צוליב "גמרה של תורה", און דערפאר וואס אידן זיינען גומר די תורה, איז זי בשמחה,

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער תורה הידועה פון לעבן מיט דער צייט, מיט דער פרשת השבוע וואס מ'לייענט און מ'לערנט אין דער צייט, און וויבאלד אז שמע"צ איז מען מסיים די תורה, דערפאר איז די תורה דעמאלט בשמחה, און מ'פראוועט שמח"ת.

[וואס אע"פ אז די תורה האט מגלה געווען דער אלטער רבי (און דערנאך האט עס בנו ממלא מקומו, דער מיטעלער רבי, מפרש געווען), אז דאס מיינט לעבן מיט פרשת השבוע), און אין די דורות שלפנ"ז האט מען דערפון ניט געוואוסט -

איז דאך אבער "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש ניתן למשה מסיני", ובפרט פון דעם אלטן רבי'ן, וואס ער איז געווען א נשמה חדשה א נשיא און א נשמה כללית - איז זיכער אז דער ענין וואס ער האט מגלה געווען איז שוין געווען פון פריער].

ד.ה. אז באמת טאנצט דעמאלט די תורה (צוליב "גמרה של תורה"), ס'איז מערניט כדי מ'זאל זען אויך בעיני בשר ווי די תורה איז בשמחה, דארף זיין א איד וואס זאל ווערן די רגלים של תורה (לקו"ש ח"ד ע' 1169) וועלכע בירן איר ארום דער בימה און טאנצן מיט איר.

אבער אעפ"כ איז דאך דער פירוש אין "שמחת תורה" בהוספה אויף דעם פירוש הפשוט, אז אידן פרייען זיך מיט תורה (כנ"ל) - איז ניט פארשטאנדיק דער לשון "שמחת תורה", וואס איז לשון יחיד, וואס באוויזט לכאו' נאר אויף א שמחה פון איין זאך, תורה "שמחת תורה", און ניט פון צוויי זאכן - אויך אידן?

**יא.** איז דער ביאור אין דעם:

תורה און אידן ווערן איין זאך, ווי דאס שטייט אין תניא (כנ"ל (ס"ב)) אז בשעת א איד לערנט תורה ווערט צוזאמען מיט דער תורה א "יחוד נפלא שאין יחוד כמוהו ולא כערכו נמצא כלל", אז דער שכל מיטן מושכל מיטן משכיל ווערן איין זאך, דורך דערויף וואס דעמאלט איז "שכל תופס את המושכל ומקיפו בשכלו והמושכל נתפס ומוקף ומלובש בתוך השכל שהשיגו והשכילו כו'",

ביז אז מ'איז דאס מדמה צו דער ענין פון "הוא היודע והוא הידוע והוא הדעה עצמה" ווי דאס איז בא דעם אויבערשטן, וואס וויבאלד אז הורת אמת איז דאס מדמה, איז פארשטאנדיק אז זיכער איז דאס דער זעלבער ענין, ובמילא איז ע"ד ווי בא דעם אויבערשטן איז "הוא היודע והוא הידוע והוא הדעה עצמה", אלץ איין זאך ממש, וויבאלד אז דער אויבערשטער איז אחדות הפשוטה - עד"ז איז אויך בא אידן, אז דורך דערויף וואס זיי לערנען תורה, ווערט דער שכל מיטן מושכל מיטן משכיל ד.ה. אידן מיט תורה, איין זאך ממש.

דער ענין (אז א איד וואס לערנט תורה ווערט איין זאך מיט די תורה) איז מרומז (ווי אלע ענינים) אויך אין נגלה דתורה:

די גמ' (קידושין לב, סע"ב ואילך) זאגט אז בשעת א ת"ח לערנט תורה ווערט די תורה נקראת על שמו (רש"י ד"ה ובתורתו שם), און דערפאר איז "הרב שמחל על כבודו כבודו מחול" - ווארום ער איז אויך אזויפיל בעה"ב אויף תורה, אז כאטש מ'פארטשעפעט זיך מיט אים, וואס ער איז תורה, קען ער מוחל זיין אויף דערויף ביז אז עס זאל ניט בלייבן קיין רושם אז מ'האט זיך פארטשעפעט מיט תורה.

**יב.** לפי זה ווערט אבער א תמי' גדולה:

דאס וואס א איד ווערט איין זאך מיט לימוד בלא אז צווישן זיי ווערט א "יחוד נפלא כו'", איז דאך דוקא דורך לימוד התורה בעיון, באורך ברוחב ובעיקר - בעומק, ובעומק רב;

בשמחת תורה איז דאך אבער ניטא קיין לימוד התורה בהבנה והשגה ובהעמקה, שמחת תורה איז אין אן אופן פון "הקהל את האנשים והנשים והטף" און מ'הויבט אויף די תורה מיט די הענט און מ'טאנצט מיט איר, און אפילו אזא וואס האט קיין שייכות ניט צו הבנה והשגה בתורה פראוועט אויך שמח"ת.

ביז אפילו קטנים, און גאר קליינע קינדער, פראוועט אויך שמח"ת, ווי מ'זעט אז פאר שמה"ת גיט מען קינדער במתנה א קליינע ספר תורה אדער א זאך וואס האט א צורה פון א תורה און פון שמחת תורה, אדער א פענדל, א דגל וואס אויף דערויף שטילט תורה און שמחת תורה, און דערמיט טאנצן זיי בשמחת תורה, אדער אפילו אויב זיי טאנצן ניט מיט דעם, איז מען זיי מסביר אז זיי טאנצן צוליב שמחת תורה.

אפילו גדולים וואס זיינען שייכות צו הבנה והשגה אין תורה - איז אבער שמחת תורה זיצן זיי ניט און לערנען תורה בהבנה והשגה, נאר זיי טאנצן מיט דער ספר תורה בריקודים וניגונים ובשמחה גדולה, וואס דאס איז גאר א סתירה צו לימוד התורה בהבנה והשגה אין שכל, ועאכו"כ אין שכל דתורה;

עס קען טאקע זיין אז דורך דער שמחה זאל ער דערנאך האבן א בעסערע הבנה והשגה, אדער אז דורך דער הקדמה פון הבנה והשגה אין תורה זאל ער דערנאך קומען צו א שמחה בתורה - אבער בשעה וואס ער איז שמח קען ניט זיין אז ער זאל לערנען תורה בהבנה והשגה.

אויך: דער ריקוד בשמח"ת איז מיט דער תורה ווי זי איז פארמאכט און איינגעוויקלט אין א מפה און אויף איר איז אנגעטאן א מענטעלע, א פרוכת, און ניט מיט א תורה וואס איז אפען באופן אז מ'זאל אין איר קענען לערנען.

וואס דאס אלץ ברענגט ארויס אז שמח"ת איז ניט פארבונדן מיט תורה ווי זי איז פארבונדן מיט הבנה והשגה, איז במילא דאך אויך ניטא דער ענין פון "יחוד נפלא כו'" וואס ווערט צווישן א איד מיט תורה אז זיי זאלן ווערן איין זאך - ווערט צוריק די שאלה פארוואס ווערן די צוויי שמחות די שמחה פון אידן און די שמחה פון תורה אנגערופן "שמחת תורה" לשון יחיד?

**יג.** והביאור:

מקרא מלא דיבר הכתוב "ויצונו ה' לעשות את כל החוקים האלה ליראה את ה' אלקינו", וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק בפשטות אז "כל החוקים האלה" איז זיכער און לכל לראש כולל לימוד התורה, וואס דערפון קומט מען צו "כל החוקים האלה" - ד.ה. אז די כוונה פון לימוד התורה איז "ליראה את ה' אלקינו".

וכמבואר די שאלה בנוגע צו "אם אין חכמה אין יראה אם אין יראה אין חכמה" פון וואנעט דארף מען אנהויבן, פון חכמה צי פון יראה?

און מ'איז מבאר, אז אין יראה זיינען דא צוויי דרגות - יראה וואס קומט **פאר** חכמה, און יראה וואס קומט **נאך** און דורך חכמה, ד.ה. יראה וואס קומט פאר לימוד התורה און יראה וואס קומט נאך לימוד התורה, ובלשון החסידות - יראה תתאה און יראה עילאה.

**יד.** דער ענין פון יראה וואס קומט פאר חכמה, פאר לימוד התורה, איז בפשטות (פארבונדן מיט) דער ברכת התורה וואס מ'מאכט קודם הלימוד - "אשר בחר בנו מכל

העמים", וואס דער טייטש דערפון בפשטות איז - אז אע"פ וואס "לה' הארץ ומלואה תבל ויושבי בה", האט ער אבער אונז אויסגעקליבן, "בחר בנו מכל העמים", און בוחר געווען יעדער איד אלס יחיד (כמובן דערפון וואס יעדער איד אלס יחיד מאכט די ברכה), וואס וויסנדיק דאס אליין פועל'ט דער ענין פון יראה אפילו ביי אן איש פשוט.

און דערנאך איז מען ממשיך "ונתן לנו", וואס "כל הנותן בעין יפה נותן", און וואס איז ער "נותן" - "את תורתו", ניט "תורה" סתם (ווי עס שטייט אין כמה פיוטים), נאר "תורתו", די "חמודה גנוזה", און דאס איז ער "נותן" צו יעדן אידן,

וואס בכדי אז דאס זאל פועל'ן יראה, דארף מען אויף דערויף ניט האבן קיין השגה אין דער הפלאה פון אלקות, נאר יעדער איינער וואס זאגט דאס, וויבאלד אז ער איז א "מאמין בן מאמין" פועל'ט דאס אויף אים יראה.

[פאר דעם וואס מ'בייסט די נעגל בשבת ויו"ט דארף מען פרעגן ביי א רב צי מ'מעג עס דעמאלט טאן, אדער מ'דארף עס אפלייגן אויף מוצאי שבת ויו"ט.

וואס דאס איז א מאמר המוסגר - דאס האט אבער א שייכות צו שמחת תורה:

עס זיינען דא אזוינע וואס דורך לערנען תורה, וואקסט בא זיי נעגל און די נעגל נוצן זיי אויף אנדערע מענטשן.

וואס דעמאלט איז דאך לכאו' א מעלה און אן ענין צו אפשערן, אדער אפבייסן די נעגל - איז דאס אבער ניט קיין עבודה אויף שמחת תורה, נאר מ'דארף עס אפלייגן אויף נאך יו"ט.

ונוסף לזה: בשעת מ'שערט אפ די נעגל דארף מען וואשן נעגל-וואסער, מיטן גאנצן שטורעם בזה, ובנוגע צו אפבייסן די נעגל איז דא א שקו"ט צי מ'דארף דעמאלט אפגיסן נעגל-וואסער, ואין כאן המקום להאריך בזה.

וויבאלד אבער ס'איז שמח"ת, איז דאך בעיקר נוגע **שמחת** תורה און ניט די שקו"ט בתורה].

**סו.** און דערנאך - נאך די יראה שקודם הלימוד - קומט דער לימוד התורה עצמו, "חכמה", און נאך דערויף קומט מען צו א העכערער דרגא אין יראה, די יראה וואס קומט נאך חכמה, יראה עילאה.

ובפרט נאך לימוד התורה פון "ישיגו דעת בוראם" (כלשון הרמב"ם סוף הל' מלכים), ובפרט נאך דערויף ווי עס האט זיך אנגעהויבן דער ענין פון יפוצו מעינותיך חוצה, און די מעינות קומען אן צו אים, און ער לערנט דאס אין אן אופן פון "יגעת ומצאת" - ווערט דורך דערויף "דע את אלקי אביך", ובמילא - "ועבדהו בלבב שלם", וואס דאס איז עבודת היראה.

וואס דאס איז אויך וואס דער רמב"ם שרייבט (הל' יסוה"ת פ"ב ה"ב), "והיאך היא הדרך לאהבתו ויראתו, בשעה שיתבונן האדם במעשיו כו'" [און ווי דער רמב"ם רופט עס שפעטער אן (שם ספ"ד) "מעשה מרכבה" און "מעשה בראשית", ווי מפרשים זאגן אז דער רמב"ם איז דא מרמז אויף דער מעשה מרכבה, און אז "אין דורשין מעשה מרכבה ביחיד"(?)].

וואס דאס איז די יראה צו וועלכע מ'קומט צו נאך דערויף וואס "יתבונן האדם במעשיו כו'", די יראה וואס נאך חכמה ("אם אין חכמה אין יראה" עילאה);

ס'איז אבער פארשטאנדיק אז אויך פאר דעם "יתבונן האדם כו'" איז ביי אים געווען יראה (תתאה), ווארום בכדי צו לערנען די הלכה אין רמב"ם, ועד"ז בכדי עס זאל זיין "יתבונן האדם כו'" - דארף זיין די הקדמה פון יראה, כנ"ל.

ובפרט לויט דעם וואס דער חינוך זאגט, אז אהבת ה' ("ואהבת את ה' אלקיך") און יראת ה' ("את ה' אלקיך תירא") זיינען מצוות תמידיות בכל מקום ובכל זמן, סיי בא זכרים און סיי בא נקבות - איז דערפון פארשטאנדיק אז ס'איז אויך דא יראה פאר דעם לימוד און פאר דעם "יתבונן האדם כו'", אבער די יראה וואס קומט פאר חכמה, איז יראה תתאה, משא"כ די יראה וואס קומט נאך חכמה, נאך לימוד התורה - איז יראה עילאה.

און דאס איז דער פירוש אין "אם אין חכמה אין יראה אם אין יראה אין חכמה": אם אין חכמה אין יראה **עילאה**, און אם אין יראה **תתאה** אין חכמה.

**טז.** אט דער חילוק צווישן די צוויי דרגות פון יראה, יראה עילאה און יראה תתאה, איז ניט אין איין דרגא, אדער אפילו אין כמה דרגות - נאר דאס איז ע"ד ווי דער חילוק צווישן דער מעמד ומצב פאר לימוד התורה און נאך דערויף, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז צווישן (יראה עילאה מיט יראה תתאה) זיינען דא א **ריבוי** דרגות.

אבער לאידך גיסא איז דא אין דערויף א דבר נפלא: אלע יראות, פון דער נידעריקסטער דרגא אין יראה פון א פשוט שבפשוטים, ביז דער העכסטער דרגא אין יראה עילאה פון א גדול שבגדולים, זיינען חד הוא.

וואס לכאו' האט עס קיין הסברה ניט; אבער באמת איז דאס מובן גאר בפשטות:

יראה, אין וואס פאר אן אופן דאס זאל נאר זיין, איז ענינה - ביטול במציאות.

אין אהבה, קען אפילו א צדיק וואס איז עובד ה' באהבה בתענוגים - זיין א "**יש** מי שאוהב", ווארום אהבה איז ניט שולל און איז ניט מבטל דער מציאות פון דעם אוהב; דערפאר זיינען אין אהבה דא כו"כ דרגות, וויבאלד דער אוהב בלייבט א יש און א מציאות, און ס'איז דאך "אין דיעותיהן שוות ואין פרצופיהן שוות כו'", ובמילא איז דא איין דרגא, א צווייטע, א דריטע א פערטע דרגא וכו'.

משא"כ בא יראה, איז אויב ער בלייבט א יש ומציאות, ווי ער איז געווען קודם היראה, איז דאס ניט קיין יראה אמיתית, און דערפאר איז אע"פ אז עס זיינען דא דרגות אין יראה, זיינען אלע יראות חד הוא - זיי האבן א צד השוה, אז מצד יראה, איזו שתהי', איז דער ירא בטל ממציאותו, ובמילא איז ער דומה צו אן אנדער ירא וואס איז אויך בטל במציאות.

**יז.** ואע"פ אז אויך אין יראה זיינען דא דרגות - יראה תתאה, יראה עילאה, ביטול היש, ביטול במציאוה וכו', און אויך אין יראה איז דא א מציאות אז ביי אים איז דא מערניט ווי ביטול היש, אבער ער בלייבט א מציאות -

איז דאס אבער מערניט ווי בחיצוניות, און באמת איז דאס אויך ביטול במציאות, ס'איז מערניט אז אין די (נידעריקערע) דרגות פון יראה, האט די יראה און דער ביטול נאך ניט דורכגענומען זיין גאנצער מציאות, זיינע הענט און זיינע פיס, ביז זיין הארץ, וואס דערפאר האט ער נאך אין זיין הארץ א רגש אז דאס איז **ער** אוהב און דאס אי זער ירא, אבער בפנימיות איז דאס אויך (און דאס נעמט זיך פון) ביטול במציאות.

וכמבואר אין חסידות בנוגע צו אן עבד פשוט, אז אע"פ וואס ער איז ניט מכיר מעלת האדון, און איז ניט מכיר אז דער אדון האט אים כובש און קונה געווען, און "עבדא בהפקירא ניחא לי'" - אעפ"כ איז בנוגע צו מעשה בפועל, טוט ער פונקט אזוי

ווי אן עבד המכיר מעלת האדון, און איז מכיר וואס איז דער ענין העבדות, און ווייס אז "מה שקנה עבד קנה רבו" מלכתחילה, כמדובר כמ"פ, כאטש אז ער (דער עבד פשוט) טוט עס מצד יראת הרצועה, יראת העונש - ווארום בפנימיות איז דער עבד פשוט אויך בטל במציאות ס'איז מערניט וואס דאס האט נאך ניט דורכגענומען כל מציאותו בגלוי.

**יח.** וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם רמב"ם בידוע אין הלכות גירושין סוף פרק ב'.

וואס ער זאגט דארטן, אז אויב א איד וויל ניט טאן א זאך וועלכע ער איז מחוייב צו טאן ע"פ תורה, איז כופין אותו עד שאומר רוצה אני, און אע"פ אז מ'האט אים כופה געווען, און נאכמער - אויך נאכן זאגן "רוצה אני", שרייט ער אז מ'האט אים כופה געווען, אבער לולא זאת וויל ער דאס ניט טאן, ביז אז אפילו אויב אין אנדערע ענינים אין וועלכע מ'האט אים ניט כופה געווען איז "בהפקירא ניחא לי'" - אעפ"כ זאגט מען אז דאס וואס ער טוט יע (ע"י הכפי') איז זיין אמת'ע רצון, ווארום אמיתית ופנימיות רצונו איז צו טאן רצון ה', ס'איז מערניט וואס יצרו אנסו, לפי שעה, במילא דארף ער אנקומען צו א כפי' ועבודה אז פנימיות רצונו זאל ארויסקומען בגלוי.

וואס עד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו יראה, אז אלע יראות זיינען חד הוא - אויך די נידעריקסטע דרגא פון יראה תתאה, וואס האט נאך ניט דורכגענומען כל מציאותו פון דעם ירא, איז בפנימיותה ביטול במציאות - יראה עילאה.

**יט.** עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס "שמחת תורה", וואס גייט אויף צוויי שמחות, די שמחה פון אידן מיט תורה, און די שמחה פון תורה מיט אידן, איז לשון יחיד:

די שמחה פון שמח"ת איז א שמחה לגמרה של תורה (כנ"ל).

וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק אז דעמאלט שטייט מען אין דער העכסטער דרגא פון יראה עילאה, וואס קומט נאך חכמה, ווארום דעמאלט האלט מען נאכן לערנען גאנץ תורה, גמרה של תורה.

און וויבאלד אז ער האלט בא יראה עילאה, ער איז אינגאנצן בטל ממציאותו בגלוי, ביז אז זיין גאנצע מציאות ווערט די מציאות פון תורה - איז במילא **זיין** שמחה די שמחה פון **תורה** - "שמחת תורה" לשון יחיד.

ואע"פ אז אלע יראות זיינען חד הוא, אויך די נידעריקסטע דרגות פון יראה איז ענינם ביטול במציאות, כנ"ל, קומט דאך אויס עד"ז אז דאס איז בכל השנה כולה בשעת ביי אים איז דא יראה, און ניט נאר בשמח"ת -

איז אבער דוקא יראה עילאה, וואס קומט נאך חכמה (וואס דערביי האלט מען בשמח"ת, שמחה אויף **גמרה** של תורה כנ"ל), מגלה אז אויך יראה תתאה (און אלע יראות) זיינען בפנימיותם ביטול במציאות,

און דערפאר איז דוקא שמח"ת ווען מ'האלט בא יראה עילאה וואס קומט נאך חכמה - מודגש דער ענין פון "שמחת תורה, לשון יחיד, אז אידן זיינען איין מציאות מיט תורה, דער ענין אז אידן זיינען בטל במציאות, וואס דאס איז מגלה אז אויך אין

**כ.** לפי זה דארף מען אבער פארשטיין:

וויבאלד אז מ'פראוועט שמחת תורה בא גמרה של תורה (מצד דערויף דעמאלט האלט מען בא יראה עילאה וואס קומט נאך חכמה) - האט מען געדארפט פראוועון שמחת תורה

ניט נאר ווען מ'איז מסיים די תורה פעם אחת בשנה, נאר יעדער מאל וואס מ'איז מסיים א מסכת?

לדוגמא: בערב פסח דארפן בכורים מאכן א סיום המסכת (בכדי צו זיין פטור פון פאסטן) - האט מען געדארפט איינפירן אז מ'זאל דעמאלט פראוועןשמחת תורה?! און מ'געפינט ניט אזא זאך.

**כא.** איז דער ביאור בזה - אז דער חילוק באשטייט אין דעם וואס בשמח"ת איז מען מסיים תורה **שבכתב**, משא"כ א סיום המסכת איז א סיום פון תורה **שבעל פה**:

דער רמב"ם שרייבט אז "תורה בפירושה ניתנה", וואס דאס גופא איז' מדגיש אז ס'איז דא די תורה כמו שהיא, און נוסף לזה איז דא "פירושה", הורה ווי מ'לערנט איר בהבנה והשגה מיט טעמים וכו'.

וואס דאס איז בכללות דער חילוק צווישן תושב"כ און תושבע"פ:

תושב"כ איז די תורה כמו שהיא, עצם ענין התורה ניט פארבונדן מיט "פירושה"; און הושבע"פ איז "פירושה" פון הורה, די טעמים וכו' שבה, תושבע"פ איז טאקע געבויט אויף הושב"כ, "מנא הני מילי", "אמר קרא" וכיו"ב, אבער דאס איז הושב"כ אליין.

והגם אז אויך אין תושב"כ זיינען דא טעמים, לדוגמא - אויף "הקהל את העם האנשים הנשים והטף גו'" שטייט אז דאס איז "**למען** ישמעו **ולמען** ילמדו גו'" - איז אבער די עצם נקודה פון תורה ניט פארבונדן מיט טעמים, און די טעמים וואס שטייען אין הושב"כ זיינען אויך א חלק פון דער עצם נקודה.

משא"כ די פירושים אויף תושב"כ - וואס זיי זיינען תושבע"פ - כולל אויך פירוש רש"י (וואס איז מפרש דעם פירוש פון תושב"כ), און תרגום (וואס איז מפרש די הורה פאר די וואס פארשטייען ניט קיין לשון הקודש) - זיינען **פירושים** אויף תורה, און ניט דער עצם ענין פון תורה אליין ווי תושב"כ איז.

און ווי מ'זעט פון דעם דין אז אויך אן עם הארץ, וואס לא ידע מאי קאמר אין תורה, איז אויך מחוייב צו מאכן ברכה ההורה אויף תושב"כ - ווארום הגם אז ער פארשטייט ניט וואס עס שטייט אין תורה, האט ער אבער דעם עצם התורה וואס איז ניט פארבונדן מיט פירושים וטעמים וכו',

און דערפאר איז הגם "לא תשא את שם ה' אלקיך לשוא" איז א איסור חמור ביותר - איז אבער בנדו"ד איז ניט נאר מ'גיט אזא וואס לא ידע מאי קאמר א רשיון אויף מאכן ברכת התורה, נאר מ'איז אים מחייב און מזכה אז ער זאל דאס טאן!

און דערפאר איז שמחת תורה (אז אידן ווערן איין מציאות מיט הורה כנ"ל) דוקא בשעת מ'איז מסיים תושב"כ (און ניט תושבע"פ).

**כב.** לפי זה אבער וואלט מען געדארפט מאכן שמח"ת יעדער מאל וואס אן עם הארץ איז עולה להורה, ווארום דעמאלט דריקט זיך אויס דעם עצם ענין ההורה, אין דערויף וואס ער מאכט א ברכת התורה אע"פ וואס לא ידע מאי קאמר?!

איז אויך דערויף דער ביאור, אז שמח"ת פראוועט מען דוקא **לגמרה** של תורה (תושב"כ), כנ"ל בארוכה.

ע"ד ווי בנוגע צו הבנה והשגה אין הורה, אז דורך דערויף וואס עס קומט צו הבנה והשגה אין איין ענין אין תורה, קומט אויך צו הבנה והשגה אין כמה ענינים, והרבה ענינים, ביז אין **אלע** ענינים בהורה -

עד"ז אויך בנוגע צו דער עצם נקודה פון תורה (תושב"כ) - אז דורך גמרה של תורה קומט צו אין כל התורה כולה.

וואס הגם אז יעדער אות אין תושב"כ איז אן עולם מלא, ביז ווי דער רמב"ן זאגט אז "כל התורה כולה שמותיו של הקב"ה הוא" - קומט עס אבער ניט צו גמרה של תורה ווען מ'האט (ניט נאר דער סיום פון תורה, נאר אויך) כל התורה כולה.

**כג.** און דערפאר איז דוקא דעמאלט, ווען מ'איז מסיים תושב"כ, פראוועט מען שמחת תורה - די שמחה פון אידן מיט תורה און די שמחה פון תורה מיט אידן, ווי זיי ביידע ווערן איין זאך ממש:

דאס איז א שמחה פון אידן - וואס **אלע** אידן, אין אן אופן פון "הקהל... את האנשים והנשים והטף", פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך", פרייען זיך צוזאמען מיט דער תורה, ווי מ'זעט עס אויך בפשטות.

ועד"ז יעדער **יחיד** בישראל בפרט פרייט זיך מיט דער תורה, און בדוגמא ווי אין כללות ישראל פרייען זיך "ראשיכם שבטיכם" צוזאמען מיט "חוטב עציך" און "שואב מימיך" - אזוי אויך בא יעדער אידן בפרט פרייט זיך זיין גאנצע מציאות, פון די העכסטע דרגות ביז די נידעריקסטע דרגות, און - בשוה: בשעת ער טאנצט, טאנצן זיינע רגלים, ביז די פאנטאפל (מנעלים) שעל הרגלים, צוזאמען מיטן מקיף שעל הראש, מיט אלע דרגות שבינתיים, בשוה.

ועד"ז פרייט זיך די **גאנצע** תורה (ניט נאר סיומו, כנ"ל) מיט אידן, דורך דערויף וואס אידן ווערן די רגלים, די פיס און די הענט פון דער (גאנצער) תורה, כדי מקיף זיין די בימה מיט דער תורה און טאנצן מיט דער תורה.

און די ביידע שמחות, פון אידן מיט תורה און פון תורה מיט אידן, זיינען א שמחה אמיתית, ניט אז ער קנייפט די באקן ביז זיי ווערן רויט, נאר ער איז באמת בשמחה, א שמחה וואס נעמט דורך אינגאנצן, אז בשעת ער זינגט, איז הגם אז שירה איז בפה, טוט ער דאס מיט דער גאנצער התלהבות, און אין אופן פון "כל עצמותי תאמרנה", און בשעת ער טאנצט איז דאס "ערוכה בכל רמ"ח אברים" און "כל עצמותי תאמרנה".

**כד.** און דורך דערויף ווערט א יחוד לגמרי צווישן (שמחת) תורה און (שמחת) ישראל, זיי ווערן ביידע אנגערופן "שמחת תורה" לשון יחיד, און ביז אז מ'דארף גאר ניט אויסטייטשן וואס מ'מיינט, ווארום זיי זיינען געווארן איין זאך ממש,

בדוגמא ווי בשעת מ'זאגט אז א איד טאנצט דארף מען ניט אויסטייטשן אז עס טאנצן סיי זיינע רגלים און סיי זיין ראש וכו', ווארום ס'איז מובן מעצמו אז בשעת **ער** טאנצט, טאנצט אלץ וואס איז דא אין אים - אזוי אויך, וויבאלד זיין גאנצע מציאות איז געווארן תורה, דארף מען ניט אויסטייטשן אז "שמחת **תורה**" דאס מיינט אויך די שמחה פון א **אידן**.

און דאס איז נאך העכער און נאכמערער ווי "זמן שמחתנו", ווארום כאטש אז דאס איז "שמחתנו" שמחה ל' יחיד (ניט "שמחתינו" לשון רבים) - הערט זיך אבער פארט אן א התחלקות פון צוויי זאכן, "שמחת**נו**", אז ס'איז דא שמחת הקב"ה, "ישמח ה' במעשיו", און שמחת ישראל, "ישמח ישראל בעושיו".

ס'איז טאקע "ישראל אורייתא וקוב"ה כולא חד" - אבער מ'זאגט פארט אז ס'איז דא "ישראל", ס'איז דא "קוב"ה" און ס'איז דא "אורייתא", ביז אז אפילו אין דער דרגא וואו קוב"ה איז "חיד" און זאגט "נצחוני בני נצחוני", און מתיבתא דרקיע מיט מתיבתא דקוב"ה קומען הערן וואס עס זאגט א איד דא למטה - הערט זיך דארטן אויך אן אז ס'איז דא "קוב"ה" און ס'איז דא "בנ"י".

משא"כ אין "שמחת תורה" (לשון יחיד) זיינען זיי חד הוא **ממש**, אז דער שכל מיטן מושכל מיטן משכיל ווערן איין זאך ממש, אחדות הפשוטה.

**כה.** ובנוגע לפועל:

שמחת תורה - דארף פשוט זיין שמחה בפועל און שירה בפועל און ריקודים בפועל.

און דערנאך דארף מען נעמען די שמחה און דאס ממשיך על כל השנה כולה.

אז עס זאל זיין א שנת תורה, און א שנת גאולה, וואס דעמאלט וועט בדרך ממילא זיין א שנת תורה מ'וועט לערנען תורתו של משיח, "ישקני מנשיקות פיהו",

לימוד התורה בבחי' נשיקה, בדוגמא ווי די נשיקה וואס איז געווען בא מרים, אהרן און משה, וואס בא זיי איז געזוען "על פי ה'" און דאס וועט זיין בא אידן ווי זיי זיינען נשמות בגופים, ווי דער רמב"ן זאגט, און ווי דער אלטער רבי פסק'נט אין לקו"ת, אז דער תכלית השכר לע"ל איז עוה"ב, נשמות בגופים - ניט ווי ס'איז געווען בא בני אהרן;

מ'וועט טאקע האבן די התלהבות וואס די בני אהרן האבן געהאט, כמבואר אין אוה"ח הקדוש - אבער דאס וועט זיין בא נשמות בגופים.

אין אן אופן ווי ס'איז געווען בא ר' עקיבא, אז "נכנס בשלום ויצא בשלום" (ניט ווי ס'איז געווען בא די אנדערע וואס נכנסו לפרדס),

דער חילוק איז אבער בא ר' עקיבא'ן איז דאס געווען נאר אין דער בחי' פון "פרדס", וואס דאס איז אין עולם היצירה, אדער עולם הבריאה, און ניט העכער - משא"כ לע"ל וועט דאס זיין אין עולם האצילות און נאך העכער, ווארום דעמאלט וועט זיין די בחי' פון יחידה, משיח צדקנו, וואס יחידה איז כנגד עולמות הא"ס שלמעלה מאצילות,

און מצד דער בחי' פון יחידה וועט דעמאלט אויך זיין די שלימות פון יעדער יחיד בישראל און פון כל ישראל.

וואס מעין זה (בחי' יחידה) איז דא בשמח"ת, וואס דעמאלט שטייען אלע אידן צוזאמען אן התחלקות, מצד דערויף וואס יחידה נעמט זיי אלע ארום אינגאנצן,

און אלע אידן צוזאמען פראווען שמחת תורה בשמחה גדולה, ווארום ס'איז דאך פשוט אז וויבאלד "משה שמח בשמחת תורה" און "אהרן שמח בשמחת תורה" - איז זיכער יעדער איד דעמאלט בשמחה.

און דערנאך איז מען ממשיך די שמחה פון שמחת תורה על כל השנה כולה, אז די עבודה בכל השנה כולה טוט מען בשמחה וטוב לבב.

* * *

**כו.** עס רעדט זיך אין מאמרים, ובפרט אין די מאמרים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (סה"מ תש"ד ע' 54), אז דער כללות הענין פון אמירת פסוקי "אתה הראת" קודם הקפות, איז "שמביאים טעמים על השמחה דשמע"צ ושמח"ת", און דער מספר פון די פסוקים איז - ל"ז, בגימטריא "טוב", וואס "אין טוב אלא תורה", ווארום די פסוקים זיינען טעמים פון פסוקי תורה אויף שמחת **תורה**.

דערפון וואס עס זיינען דא ל"ז באזונדערע פסוקים וואס מ'ברענגט אלס טעמים אויף דער שמחה בשמע"צ ושמח"ת - איז פארשטאנדיק, אז יעדער פסוק גיט א **באזונדער**

טעם אויף דער שמחה, און ווי מ'זעט אויף מנהג ישראל - צו מכבד זיין מיט יעדער פסוק פון אתה הראת אן אנדער מענטש.

ס'איז אויך פארשטאנדיק, אז היות אז שמחת תורה פראוועו אלע אידן, פון קליין ביז גרויס, "האנשים והנשים והטף" - דארפן די טעמים אויף שמחה בשמע"צ ושמח"ת זיין פארשטאנדיק בפשטות, אויך פאר טף.

און הגם אז אין די פסוקים זיינען דא כו"כ פירושים ניט ע"ד הפשט - איז אבער בשמח"ת נוגע דער פירוש הפשוט, ווארום דאס איז דער צד השוה וואס פארבינדט אלע אידן צוזאמען,

משא"כ די פירושים פון רזין און רזין דרזין דאורייתא, וואס אין די פסוקים אדער א לימוד עמוקה אין נגלה דתורה - קענען פארשטיין נאר געוויסע מענטשן, און דערפאר איז שמח"ת נוגע דוקא דער פירוש הפשוט, וואס איז פאר אלע אידן, אפילו אויב דער פירוש פון רזין דאורייתא איז געשמאקער.

און ווי דער כלל הידוע, אז אין ענין יוצא מידי פשוטו.

וואס אע"פ אז דאס איז א כלל אין אלע ד' חלקי התורה, אין פרד"ס, פשט, רמז, דרוש און סוד, אז אין יעדער חלק איז דא דער חלק הפשט לפי ענינו, און אע"פ אז דער פשט אין יעדער חלק פון תורה איז אן אנדערער, האבן זיי אבער א צד השוה צווישן זיך, אז זיי זיינען אלע פשט -

אבער פונדעסטוועגן איז בשמח"ת, וואס איז שייך צו אלע אידן, אויך צו טף - נוגע דער פירוש הפשוט אין פשט גופא, באופן ווי דאס איז פארשטאנדיק צו א בן חמש למקרא.

**כז.** וואס אזוי איז אויך בנוגע צו דעם ערשטן פסוק פון "אתה הראת" - "אתה הראת לדעת כי ה' הוא האלקים אין עוד מלבדו" - אז דער טעם אויף דער ענין השמחה וואס מ'נעמט ארויס פון אים, דארף זיין צו אלעם ערשטן פארשטאנדיק ע"ד הפשט, אפילו פאר טף.

חסידות (סה"מ תש"ד שם), טייטשט "אתה הראת לדעת גו'" - אז "אתה" גייט אויף עצמות ומהות, ווארום "אתה" "דו" איז לשון נוכח, וואס דער אמת'ער נוכח ("אתה") קען מען זאגן נאר אויף אזא וואס געפינט זיך בכל מקום, וואס וואו נאר מ'איז קען מען אים זאגן "אתה",

וואס דער איינציקער וואס געפינט זיך בכל מקום איז דער אויבערשטער, וואס ער איז ממכ"ע און סוכ"ע, און דאס איז א הקדמה דערצו וואס "לית אתר פנוי מיני'", ובלשון הרמב"ם - אמיתת המציאות, ובלשון החסידות - עצמות ומהות, וואס ער איז דער מקור אויף אור אין סוף [מ'נוצט דער לשון "מקור" ווייל מ'האט ניט קיין בעסערן, אדער אנדער לשון].

און דערפאר גייט דער "אתה" (פון "אתה הראת") אויף עצמות ומהות, און דער פירוש אין דעם פסוק "אתה הראת לדעת כי ה' הוא האלקים אין עוד מלבדו" איז: "דו, עצמות א"ס ב"ה, האסט זיך באוויזן אז מען זאל דיר וויסן" אין צוויי סוגי ידיעות אין השגת אלקות: אז "הוי' הוא האלקים" און אז "אין עוד מלבדו".

ס'איז דאך פארשטאנדיק אז בשעת מ'איז מסביר דעם קינד דער פסוק בפשטות, ביז אפילו א קינד וואס האט נאך ניט געלערנט קיין חומש - זאגט מען אים דעם אמת'ן פירוש, ווארום נוסף לזה וואס בכלל דארף זיין "מדבר שקר תרחק" איז דאס דאך במיוחד בנוגע אן ענין וואס איז פארבונדן מיט תורת **אמת**, ועאכו"כ אן ענין פארבונדן מיט שמחת תורה,

ס'איז מערגיט וואס דעם פירוש האמיתי וואס מ'זאגט דעם קינד, איז מען אים מסביר לפי ידיעתו און אין זיינע אותיות.

וואס דערפאר איז דער פירוש הנ"ל אין "אתה הראת לדעת גו'", וואס איז א פירוש אמיתי, דארף זיין אויך פארשטאנדיק צו א קינד בפשטות, און באופן אז אין דער פשטות ליגט די גאנצע עמקות שבדבר.

**כח.** והביאור בזה:

כ"ק מו"ח אדמו"ר דערציילט אין די שיחות, אז דער בעש"ט פלעגט ארומגיין אין פעלדער און אין שטעט און שטעטלעך און רעדן מיט אידן, אויך מיט קטני קטנים, באופן אז במשך דער רעדן מיט זיי פלעגט ער ביי זיי ארויסרופן אז זיי זאלן זאגן "געלויבט איז דער אויבערשטער", "ברוך השם" וכיו"ב.

וואס בשעת אז א קינד זאגט "ברוך השם" מיינט ער דערמיט דעם אויבערשטן אליין, עצמות ומהות.

וכמבואר אין תורה אור, אז אמיתית הענין פון "אליו ולא למדותיו" שטייט בגלוי ביי א קינד, ווארום ווען א קינד איז מתפלל צו דעם אויבערשטן מיינט ער ניט קיינע דרגות, ווארום ער ווייס ניט פון זיי:

בשעת מ'זאגט אים אז עס זיינען דא עולמות און אין יעדער עולם זיינען דא ספירות, און אורות וכלים, "איהו", "חיוהי" און "גרמוהי" - פארשטייט ער ניט וואס דאס איז, ער ווייס נאר אז ס'איז דא אן אויבערשטער גאר בפשטות און צו אים איז ער מתפלל - צו עצמות ומהות אליין!

און ווי דער צ"צ איז ברייננגט אין שרש מצות התפלה (פון תשובות הריב"ש) אז "אני מתפלל לדעת זה התינוק", וואס דאס איז א תפלה צו "אליו (ולא למדותיו)" צו עצמות ומהות אליין.

און מ'קען זיך ניט אוועקזעצן אים מסביר זיין, אז עס זיינען דא מלאכים, און עולמות, אצילות, בריאה, יצירה און עשי' - ווארום ער פארשטייט דאס ניט, ער פארשטייט דער גאנצער ענין גאר בפשטות, אז ס'איז דא א אויבערשטער און צו אים איז ער מתפלל.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו ברוך השם וואס א קינד זאגט:

ווען א קינד זאגט ברוך השם, מיינט ער דערמיט ניט דער שם הוי', און ווי ער איז דער שם העצם, אדער ווי ער איז פון די ז' שמות שאינן נמחקין, אדער ווי ער איז דער שם שלפני הצמצום וכו' - נאר ער מיינט דערמיט, בפשטות, דעם אויבערשטן אליין, וואס איז העכער פאר אלע שמות, ווארום ער ווייסט ניט וואס שמות זיינען.

און אויך דאס וואס שטייט אין תורה אור אז "שם שמים שגור בפי כל", מיינט דאס ניט א שם כפשוטו - נאר דאס מיינט עצמות ומהות.

און אזוי אויך ווען ער זאגט "געלויבט איז דער אויבערשטער", מיינט ער ניט דער אויבערשטער, "עליון", אין אצילות - נאר ער מיינט דער אויבערשטער בפשטות, עצמות ומהות.

**כט.** ועד"ז אויך ווען א קינד מאכט א ברכה אויף א גלאז וואסער (למשל), און ער זאגט "ברוך אתה כו' שהכל נהי' בדברו", מיינט ער בפשטות: אזוי ווי דער אויבערשטער אליין האט געמאכט די וואסער, בענטשט ער אים פארן געבן אים די וואסער וואס ער גייט טרינקען.

דער קינד ווייס ניט אז בכדי די וואסער זאל אנקומען צו אים איז דא א גאנצער סדר ההשתלשלות: עס זיינען דא מלאכים, און א מלאך מט"ט הממונה על הפרנסה, און דערנאך איז דא א שקו"ט בכל עולם ועולם צי דאס זאל יורד זיין, און אפילו אויב יע, צי דאס זאל יורד זיין בגשמיות אדער נאר ברוחניות,

ביז אז ר' ייבא סבא האט זיך געפירט, אז אפילו ווען די מזונות זיינען שוין געווען בגשמיות על שולחנו, און ער האט געוואוסט אז ער האט געהאט א כתיבה וחתימה טובה בר"ה ויוהכ"פ, און ס'איז געווען נכתבין ונחתמין לאלתר בספרן של צדיקים גמורים, און דערפאר איז נמשך געווארן מזונותיו דא למטה, והראי' - ער זעט עס על שולחנו - אעפ"כ פלעגט ער שטיין על פתחו און מתפלל זיין אז דער אויבערשטער זאל אים געבן מזונות (זח"ב סב, ב), און ער האט ניט מתפלל געווען סתם אזוי צו יוצא זיין, נאר - מיט אן אמת!

וכמבואר בקונטרס ומעין בארוכה (מאמר יז ואילך).

א קינד אבער ווייס ניט פון די אלע ענינים, ער ווייס נאר אז ס'איז דא אן אויבערשטער וואס ער האט באשאפן די וואסער, און ער גיט אים די וואסער, און דערפאר דארף ער מאכן א ברכה אויף דערויף, און א ברכה בלשון נוכח - "ברוך **אתה** כו'", ווארום ער ווייסט אז דער אויבערשטער איז בכל מקום, במילא קען ער זאגן "אתה" (און ניט "הוא").

**ל.** פרעגט מען בא דעם קינד: וואס איז דאס דער אויבערשטער צו וועמען דו זאגסט "ברוך אתה כו'"?

ענטפערט ער בפשטות: אזוי ווי ער האט אן אב גשמי וואס גיט אים אלץ וואס ער דארף האבן - אזוי האט ער אויך אן אב בשמים וואס גיט זיין אב גשמי אלע ענינים און זיין אב גשמי גיט עס דערנאך צו אים.

און דער קינד מיינט ניט "אב" - ספירת החכמה - נאר ער מיינט דעם אויבערשטן כפשוטו, "**אליו**" (ולא למדותיו)", וואס אין דערויף זיינען אויך דא כמה פירושים - דער קינד אבער מיינט דער פירוש הכי עליון אין "אליו" - עצמות ומהות ממש.

פרעגט מען ווייטער באם קינד: דו זאגסט דאך "ברוך **אתה**" לשון נוכח, אז דער אויבערשטער געפינט זיך בכל מקום - איז וואו איז ער? פארוואס זעט מען אים ניט?!

ענטפערט דער קינד בפשטות:

אז עס זיינען דא כמה זאכן וואס ער ווייסט אז זיי זיינען דא אע"פ וואס ער זעט זיי ניט און קען זיי ניט אנטאפן, קען זיי ניט תופס זיין מיט די חושים און קען זיי ניט אפוועגן אויף א וואג - אזוי איז אויך דער אויבערשטער זיכער דא בכל מקום ומאיזה סיבה שתהי' זעט מען אים ניט!

און לדוגמא דער ענין פון "כל הנשמה תהלל י-ה", "על כל נשימה ונשימה תהלל י-ה": ס'איז זיכער דא דער ענין פון אויר, והראי' - זאגט דער קינד - אויב ער וועט צוקוועטשן דעם נאז וועט ער ניט קענען אטעמען, און וועט ער דאס מוזן אויפעפינען צוריק, און אעפ"כ זעט ער ניט דעם אויר.

[דא מיינט מען ניט דאס וואס שטייט אין דרושי חנוכה, אז אויר איז "אור י'", חכמה און חיות - נאר אויר בפשטות].

**לא.** ע"פ הנ"ל איז אויך פארשטאנדיק ווי א קינד פארשטייט דעם פסוק "אתה הראת לדעת":

ווען א קינד זעט (אדער הערט) בשמח"ת אז עס שטייט "אתה הראת לדעת", "אתה" לשון נוכח - מיינט דאס ביי אים גלייך בפשטות, אז דער אויבערשטער אליין, "אליו ולא למדותיו", עצמות ומהות ממש, "הראת" - האט זיך באוויזן, "לדעת" - אין אן אופן אז מ'זאל אים וויסן,

און מ'איז אים מסביר אז ווי ער וועט אים וויסן (דעם אויבערשטן וואס "הראת לדעת") - דורך דערויף וואס ער וועט לערנען תורה.

וואס דאס פועל'ט ביי אים אז ער זאל זיין בשמחה הכי גדולה, ווארום ער ווייס אז ביי אים וועט זיין "לדעת" פון דעם אויבערשטן אליין.

**לב.** דערנאך איז דער פסוק ממשיך: - "כי הוי' הוא האלקים":

דאס וואס ער מאכט א ברכה אויף די וואסער, איז ניט דער פשט אז ער לויבט דער אויבערשטער סתם, און דאס איז ניט נוגע צו די וואסער אליין, ווארום דער אויבערשטער איז פאר זיך און די וואסער בלייבן פאר זיך - נאר "הוי' הוא האלקים": דער אויבערשטער אליין ווערט איין זאך מיט די וואסער.

והביאור בזה:

אפילו א קינד וואס האט נאך ניט געלערנט "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" - ווייסט אז דער אויבערשטער האט אלץ באשאפן, אלץ מהווה געווען, וואס דאס איז (בלשון החסידות) דער ענין פון "הוי'" מלשון מהווה;

דעם פירוש אז שם הוי' איז "הי' הוה ויהי' כאחד" (מיט די אלע פרטים שבזה) - ווייס דער קינד ניט; אבער אז דער אויבערשטער האט אלץ באשאפן, הוי' מלשון מהווה, ווייס ער בפשטות.

דער קינד זעט בפשטות אז ס'איז דא די מציאות פון די וואסער, ובמילא פארשטייט ער אז אין די וואסער איז דא א כח וואס דאס איז דער ענין פון "אלקים", וואס פירושו איז (ווי עס שטייט אין שו"ע): "בעל היכולת ובעל הכחות כולם", כולל אויך דער כח וואס איז אין די וואסער.

און מ'זאגט דעם קינד אז "הוי' הוא האלקים": הוי' מלשון מהווה, דער אויבערשטער וואס באשאפט די וואסער, איז "האלקים - בעל היכולת ובעל הכחות כולם" - די כח וואס אין די וואסער.

ד.ה. אז דער אויבערשטער מיט וואסער זיינען איין זאך.

**לג.** דער קינד קען אבער מיינען:

אמת טאקע אז דער אויבערשטער האט באשאפן די וואסער און ער איז איין זאך מיט די וואסער ("הוי' הוא האלקים"), און דערפאר דארף ער מאכן א ברכה לפני' אויף די וואסער ועד"ז אויף אנדערע עסן, און אויב עס האט א שיעור - דארף ער אויך מאכן א ברכה לאחרי' -

אבער נאך דערויף וואס ער האט אויס געטרונקען די וואסער, ווערט דאך דאס "דם ובשר כבשרו" און מער דארף ער ניט טאן.

איז דער פסוק ממשיך: - "אין עוד מלבדו": אויך נאך דערויף וואס די וואסער ווערן "דם ובשר כבשרו" איז דאס אויך איין זאך מיט דעם אויבערשטן, ווארום "אין עוד מלבדו",

און דערפאר דארף ער עובד זיין עבודתו אויך נאכן טרינקען די וואסער, וואס בכללות איז דאס די עבודה פון מגלה זיין דער ענין פון "אין עוד מלבדו" אין וועלט.

**לד.** און אין אותיות ווי חסידות איז דאס מבאר, זיינען די צוויי ענינים פון "הוי' הוא האלקים" און "אין עוד מלבדו" - דער יחוד מלמעלמ"ט און דער יחוד מלמטלמ"ע;

א קינד פארשטייט אבער דער זעלבער ענין ותוכן בפשטות, אין זיינע אותיות, כנ"ל.

און ער זעט דאס אויך בא זיך, כל יום בבוקר:

יעדער טאג ווען ער שטייט אויף אינדערפרי זאגט ער "מודה אני לפניך... שהחזרת בי נשמתי",

וואס דאס איז מדגיש צוויי ענינים: א) אז ער האט א נשמה וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן, ד.ה. אז ער איז א מציאות און די מציאות קומט פון דעם אויבערשטן - וואס דאס איז דער ענין פון "הוי' הוא האלקים", יחוד מלמעלמ"ט,

און ב) אז זיין נשמה ווערט פון אים נסתלק, און דערנאך איז "החזרת בי נשמתי", און אויף דערויף זאגט ער "מודה אני", ד.ה. אז דער אויבערשטער מאכט אים אויס מציאות, **סילוק** הנשמה, און דערנאך איז "החזרת בי נשמתי", און אויף דערויף זאגט ער "מודה אני" - וואס דאס איז דער ענין פון "אין עוד מלבדו", יחוד מלמטלמ"ע.

**לה.** און דאס אלעס - זאגט מען דעם קינד - האט מען אים אפגעגעבן אז דאס זאל ביי אים זיין אין אן אופן פון "לדעת",

כולל אויך דעם ענין פון "אין עוד מלבדו", וואס דער "מלבדו" גייט דאך בפשטות אויף "אתה" וואס שטייט אין התחלת הכתוב,

און אזוי ווי דער קינד פארשטייט דאך בפשטות וואס "אתה" איז, כנ"ל בארוכה, דערפאר איז בשעת מ'זאגט אים אז "אתה" קען ביי אים זיין אין אן אופן פון "לדעת" פועל'ט דאס ביי אים א שמחה גדולה ביותר - איז דאך פארשטאנדיק וואס פאר א שמחה קומט נאך צו בא עם ווען מ'זאגט אים אז דער "אתה" איז "אין עוד מלבדו", און דאס האט מען אים אפגעגעבן אז דאס זאל ביי אים זיין "לדעת".

**לו.** והלואי אז המדובר לעיל וואלט דערנומען דערוואקסענע, עאכו"כ משכילים, און עאכו"כ די וואס קאכן זיך אין הבנה והשגה - ווי עס דערנעמט טף און פועל'ט בא זיי א שמחה גדולה ביותר,

וואס בא זיי ליגט זיך דאס בפשטות, ווארום בא זיי לייכט בגלוי דער ענין פון אמונה, דאס וואס זיי זיינען "מאמינים", נוסף צו "בני מאמינים", און בא זיי וועט עס דערנאך אראפקומען אויך אין הבנה והשגה בשעת זיי וועלן עלטער ווערן - אבער דערווייליע, אלס קינדער, איז דאס בא באופן פון אמונה;

משא"כ בא גדולים וואס בא זיי איז דא הבנה והשגה והסברה, פארשטעלט דאס אויף דער ענין האמונה, און דערפאר דערנעמט עס זיי ניט אויף אזויפיל.

**לז.** ביז אז מ'קומט צו דעם לעצטן פסוק - "כי מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים": אז מ'קומט צו "תורה" מלשון הוראה, ביז אז דאס ווערט "דם וכשר כבשרו", "ותורתך בתוך מעי", כמבואר אין תניא,

און "דבר ה' מירושלים": וואס "דבר ה' זו הלכה", וואס אין לימוד התורה (כולל אויך לימוד הלכות) דארף זיין "דהולין מללין דדוכמתא כו'", לימוד התורה אין אן אופן פון יגיעה והעמקה כו', וואס דורך דעריף קומט ער צו שלימות היראה, יראת שלם, "ירושלים", כמבואר אין המשך ורס"ו.

**לח.** דערפון קומט מען צו דער הוראה מכל הנ"ל:

פון דעם שמחת תורה דארף מען מיטנעמען על כל השנה כולה ניט נאר די שמחה, נאר דער מקיף (פון שמחה) דארף אויך אראפקומען אין א פנימיות:

אז מ'מאכט א החלטה תקיפה אז בשנה זו וועט זיין א הוספה אין לימוד התורה בהתמדה ושקידה און מיט א חיות,

און לימוד התורה אין כל חלקי התורה, ווי דער אלטער רבי ברייננגט אין הל' ת"ת שלו פון "חכמי האמת", אז יעדער איד דארף לערנען כל חלקי התורה, וואס "חכמי האמת" באווייזן די אמיתית פון יעדער זאך, דער אמת בתורה און דער אמת בעולם, וואס "אמת ה' לעולם".

און עס זאל זיין א שנת תורה, און א שנה פון אלע ברכות וואס שטעלן זיך אויס אין די אותיות פון אלי"ף בי"ת, אנהויבנדיק פון א שנת אורה, וואס "אין אור אלא תורה", און א שנת גאולה, און א שנת תורה - וואס משיח ילמד תורה את כל העם כולו,

וואס דאס איז אויך שלימות העם ("כל העם כולו"), און שלימות התורה, און אויך שלימות הארץ - ווארום "תורה לא בשמים היא", און זי איז אפגעגעבן געווארן דוקא בארץ למטה, בעוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, און אין דער ארץ וואס דארטן איז "מציון תצא תורה ודבר ה' מירושלים",

וואס דאס וועט זיין בשלימות ובגלוי בביאת משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה, בעגלא דידן ובמהרה בימינו ממש.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי.

אח"כ חילק לכמה בקבוקי יי"ש לחלק בין העולם. וצוה לנגן (ניגון שקשור עם "יציאת מים") על הסלע הך ויצאו מים.

**לט.** אחר חלוקת היי"ש אמר: אזוי ווי איצטער איז נאר א התחלה און דער המשך וועט זיין מארגן - איז די אלע וואס האבן ניט באקומען משקה זאלן ניט איבערטראכטן, ווארום זיי וועלן מארגן באקומען.

און מחשבתם רצוי', און "מחשבה טובה הקב"ה מצרפת למעשה", אז דער "מחשבה טובה" פון היינט וועט דער אויבערשטער מצרף זיין צו דער "מעשה" פון מארגן, ווי ער טייטשט אפ דער מארז"ל אין תניא,

און דערפאר איז ניטא וואס צו שטופן זיך און וואס צו איבערטראכטן.

און איצטער וועט מפסיק זיין בכדי מ'זאל קענען גרייטן זיך צו הקפות לויט דער סדר ווי מ'וועט איצטער מכריז זיין.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, זאלן מאכן א ברכה אחרונה.

קודם צאתו התחיל לנגן ניגון הקפות לאביו רלוי"צ ז"ל.

בס"ד. שיחת יום שמחת תורה (עש"ק) ה'תשמ"א.

<u>הנחה הה' בלתי מוגה</u>

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

א. אזוי ווי די התוועדות איז א המשך צו די התוועדות פון נעכטן (דיום שמע"צ וליל שמח"ת), און ניט אלע האבן דעמולט באקומען משקה (ווייל ס'איז ניט געווען מספיק) – וועט מען איצטער טיילן, און אזוי ווי ס'איז געבליבן א קורצע צייט ביז צו דער שקיעה, זאל מען גלייך זאגן לחיים.

די וואס האבן געלערנט, אדער לערנען איצטער, אין כולל זאלן צוגיין און נעמען משקה פון דאנעט און דערנאך פאנאנדער-טיילן דאס צו דעם גאנצן עולם.

וחילק לכאו"א מחברי הכולל שני בקבוקי יי"ש.

אח"כ אמר שרק אלו מהכולל דפה יגשו. ואמר: די וואס האבן באקומען זאלן דאס גלייך פאנאנדערטיילן.

* * *

ב. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ביום השמיני שילח את העם גו'.

* * *

ג. מ'האט גערעדט נעכטן[1], אז דער כללות הענין פון אמירת פסוקי "אתה הראת" פאר הקפות איז "שמביאים טעמים על השמחה דשמע"צ ושמח"ת"[2],

און דערפון וואס עס זיינען דא <u>כמה</u> פסוקים אין "אתה הראת", איז פארשטאנדיק אז יעדער פסוק גיט צו א טעם <u>נוסף</u> פארוואס מ'דארף זיין בשמחה, וואס פון די אנדערע פסוקים ווייס מען עס ניט – ווארום אויב ניט איז (בלשון הידוע) "מאי ואומר"[3].

אזוי איז אויך בנוגע צו דעם צווייטן פסוק פון "אתה הראת". "לעושה נפלאות גדולות לבדו גו'"[4], אז אין דעריויף דארף זיין א הוספה אויף דעם ערשטן פסוק "אתה הראת לדעת גו'".

און וויבאלד אז אלע אידן פראוועז שמח"ת אין אן אופן פון "הקהל . . האנשים והנשים והטף"[5] – דארפן די טעמים (וואס זיינען אין די פסוקים אויף שמחה) זיין פארשטאנדיק בפשטות פאר יעדערן, אויך פאר טף – קליינע קינדער.

– האט –

---

1) שיחת ליל שמח"ת מכ"ו. 2) סד"ה לעושה נפלאות הש"ד (סה"מ תש"ד ע' 54). 3) ברכות סד, א. מכות כג, ב. ועוד. 4) תהלים קלו, ד. 5) וילך לא, יב.

האט מען מבאר געווען בארוכה נעכטן דעם ערשטן פסוק[6] "אתה הראת לדעת כי הוי' הוא האלקים אין עוד מלבדו" - ווי ער איז פארשטאנדיק בפשטות אויך פאר טף, הגם אז אין אים איז דא א פירוש עמוק אין חסידות.

וואס אזוי איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם צווייטן פסוק, "לעושה נפלאות גדולות לבדו כי לעולם חסדו", אז הגם אז אין חסידות, אין די מאמרים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[7] איז דא א פירוש אין אים - דארף אבער דאס (כיט די הוספה וואס דאס גיט צו אויף דעם פסוק "אתה הראת לדעת גו'") אויך זיין פארשטאנדיק בפשטות אויך צו טף.

ד. דאס וואס מ'דארף מסביר זיין די ענינים פון שמח"ת באופן אז אויך טף זאלן פארשטיין (וויבאלד אז שמח"ת איז אין אן אופן פון "הקהל . . האנשים והנשים <u>והטף</u>") - איז אן ענין עיקרי וואס איז נוגע (ניט נאר צו די קינדער אליין, נאר) אויך צו די אנשים ונשים - ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דער עצם ענין וואס בא הקהל איז געווען "הקהל . . האנשים והנשים והטף":

רש"י בפירושו עה"פ "הקהל . . האנשים והנשים והטף" ברענגט אראפ (דברי ר' אלעזר בן עזרי'[8]): "האנשים - ללמוד, והנשים - לשמוע, והטף למה באו, ליתן שכר למביאיהם".

וואס דאס קען מען לערנען אויף צוויי אופנים:

א) אזוי ווי "רצה הקב"ה לזכות את ישראל לפיכך הרבה להם תורה ומצות"[9] - דערפאר איז נוסף לזה וואס בא הקהל קומען די אנשים "ללמוד" און די נשים "לשמוע", האט דער אויבערשטער זיי צוגעגעבן <u>נאך</u> א זאך, אז דורכן ברענגען די טף וועט זיין "ליתן שכר למביאיהם".

ב) דער ענין פון "שכר למביאיהם" טוט אויף (ניט נאר נאך אן ענין בא די אנשים ונשים נוסף צו "ללמוד" און "לשמוע", נאר) אז דער "ללמוד" בא די אנשים און דער "לשמוע" בא די נשים זאל זיין אויף א העכערן אופן.

ה. והביאור בזה:

טף, קינדער, זיינען בדוגמא ווי תלמידים, כמארז"ל[10] עה"פ[11] "ושננתם לבניך", אז "לבניך - אלו התלמידים", "שהתלמידים קרויים בנים",

- וואס -

6) וואתחנן ד, לה. 7) דאה ד"ה הנ"ל (סה"מ שם ע' 18 ואילך). 8) חגיגה ג, סע"א. 9) מכות כג, ב. 10) בספרי (הובא בפרש"י) עה"פ וואתחנן ו, ז. 11) וואתחנן שם.



<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

וואס דאס איז דאך אפילו ווען דער טאטע פונעם קינד איז א תלמיד חכם, איז אבער היות אז דער רב האט געלערנט תורה מיטן קינד, ווערט ער אנגערופן זיין בן. ווי ס'איז פאר-שטאנדיק דערפון וואס נדב ואביהוא אלעזר ואיתמר ווערן אנגע-רופן "תולדות" פון משה רבינו, דערפאר וואס ער האט מיט זיי געלערנט תורה[12], אע"פ וואס זייער פאטער, אהרן, האט דעמולט געלעבט און איז געווען א ת"ח.

וואס בנוגע צום לימוד מיט תלמידים זאגן דאך רז"ל[13]: "הרבה למדתי מרבותי ומחבירי יותר מרבותי ומתלמידי יותר מכולן".

דאס גופא אבער וואס עס ווערט "מתלמידי יותר מכולן" איז ניט בהתחלת הלימוד פונעם רב מיטן תלמיד: דאס ווערט ערשט נאכדעם וואס דער רב האט געלערנט מיטן תלמיד א משך זמן און דער תלמיד האט א סאך מקבל געווען פונעם רב - ווערט ער א תלמיד המחכים את רבו ביז אין אופן פון "מתלמידי יותר מכולן".

ווארום דאס גופא וואס ער איז א תלמיד המחכים את רבו, קומט ניט פון דעם תלמיד מצ"ע, נאר בדוגמא ווי א בן מיט אן אב, וואס עס קען דאך זיין "יפה כח הבן מכח האב"[14], איז אבער דאס גופא וואס "יפה כח הבן" קומט "מכח האב" - עד"ז איז ביי א תלמיד ורבו (וואס "התלמידים קרויים בנים"), אז דאס וואס "מתלמידי יותר מכולן" קומט פון כח הרב וואס ער האט מיט אים אזויפיל געלערנט ביז אז ער איז מחכים את רבו.

משא"כ בהתחלת הלימוד פון דעם רב מיטן תלמיד, קומט צו מערניט ווי א הוספה קטנה (לפי ערך) בא דעם רב דורך לימודו מיטן תלמיד.

ד. וואס עד"ז איז בנוגע צו "הקהל . . האנשים והנשים והטף":

"האנשים - ללמוד" איז ע"ד ווי דער ענין פון "הרבה למדתי מרבותי"; "והנשים - לשמוע" איז ע"ד ווי דער ענין פון "ומחבירי יותר מרבותי" [ווארום אן אשה איז ענינה א מקבל, ווי דאס איז בנוגע צו שמחה, אז "אשה בעלה משמחה"[15]]. "הטף - לתת שכר למביאיהם", איז ע"ד ווי "מתלמידי יותר מכולן".

וע"ד ווי בא "מתלמידי יותר מכולן" איז דא ההתחלה הלימוד, וואס דעמולט איז דער תלמיד בוסיף נאר א ביסל צום רב. און דערנאך - ווי דער תלמיד לערנט א משך זמן מיטן רב.

- וואס -

------------

12) פרש"י עה"פ במדבר ג, א. 13) תענית ז, א. וש"נ.
14) שבועות מח. סע"א. וש"נ. 15) ר"ה ו, סע"ב.

הנחה הת' בלתי מוגה

וואס דעמולט איז ער אויך מחכים את רבו, ביז "מתלמידי יותר מכולן" -

עד"ז זיינען דא די צוויי אופנים אין דעם וואס טף טועך אויך אז עס זאל זיין "לתת שכר למביאיהם": א) זיי זיינען מערניט ווי מוסיף נאך אן עניך בא די אנשים ונשים וואס ברענגען זיי, נוסף צו דעם "ללמוד" בא די אנשים און דעם "לשמוע" בא די נשים; ב) זיי טועך אויך אז דער "ללמוד" פון די אנשים און דער "לשמוע" פון די נשים זאל זיין אויף א העכערן אופן ווי דאס וואלט געווען אן ברענגען די טף (כנ"ל ס"ד).

ז. דערפון האט מען אויך א הוראה:

בשעה מ'טוט אין הפצה היהדות און אין הפצה המעיינות, און מ'ווייסט אז כ"ק מו"ח אדמו"ר האט אים מזכה געווען און אים בוחר געווען און איז געמאכט פאר זיינעם א שליח, וואס "שלוחו של אדם כמותו"[16], אז ער זאל אין דערויף טאן - איז דאס גופא גורם אז ער זאל זיין בשמחה -

דערצו דארף ער אויך וויסן אז דורך הפצה צו אנדערע אידן, ווערט בכח אז עס זאל אויך זיין "לתת שכר למביאיהם", ביז אין דעם העכסטן אופן אין דעם.

ח. ס'איז אויך דא א הוראה מיוחדת פון קביעות שנה זו (וכמדובר כמ"פ אז דאס איז ניט נאר א הוראה אויף שנה זו, נאר אויף כל השנים):

ס'איז ידוע וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט[17], אז במוצאי שמחת תורה הויבט זיך אן די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו"[18],

און הכשך וככה[19] שטייט אז דאס הויבט זיך אן במוצאי יוהכ"פ, אבער כמדובר כמ"פ[20] אז די שלימות בזה הויבט זיך אן במוצאי שמח"ת.

איז בקביעות שנה זו וואס מוצאי שמח"ת איז שבת, הויבט זיך אן די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" בשבת,

וואס דאס איז א נתינת כח אז די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" זאל זיין אין א שבת'דיקן אופן - אין אן אופן פון

- "כל -

---

16) ברכות לד. ב במשנה. וש"נ. 17) נסמן בלקו"ש חט"ו ע' 259 הע' 1. 18) ל' הכתוב - ויצא לב, ב. 19) הרל"ד רפצ"ו. 20) שיחת מוצאי שבת בראשית השל"ח ס"ג. לקו"ש ח"י ע' 192. ובכ"מ.

"כל מלאכתך עשוי'"[21], און אן עבודה וואס איז בתוך מנוחה ומתוך עונג ובתוך שמחה.

און אן עבודה אין ענינים רוחניים, בדוגמא ווי אין מקדש. וואס דארטן האט מען געטאן עבודה בשבת (ובפרט אז "אין שבות במקדש[22]) - ד.ה. עבודת התפלה וואס איז במיוחד פארבונדן מיט שבת, און לימוד התורה, וואס "(בקושי) התירו לדבר דברי תורה בשבת"[23].

---

ס. און נאכמער:

די אלע ענינים הנ"ל וואס זיינען פארבונדן מיט יום השבת וואס ווערן נמשך אין דער עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" (בקביעות שנה זו כנ"ל) - ווערן נמשך מלמעלה מצ"ע, ווארום "שבת מקדשא וקיימא"[24];

אין דערויף אבער קומט צו נאכמער דורך דער עבודה פון א אידן:

די גמרא[25] זאגט, אז "כל המענג את השבת נותנין לו נחלה בלי מיצרים", וואס דער לשון איז דאך ניט "כל המענג את עצמו בשבת" וכיו"ב, נאר "כל המענג את <u>השבת</u>" - ד.ה. אז נוסף לזה וואס שבת האט אין זיך עונג מצ"ע - טוט אויף א איד ע"י עבודתו [ניט נאר "לעשות את יום השבת"[26], נאר אויך] אז אין שבת זאל זיין נאכמער עונג, ע"ד ווי "מהלמידי יותר מכולן" (ווי גערעדט פריער (ס"ה)).

און דורך דערויף "נותנין לו נחלה בלי מיצרים", וואס דאס איז "נחלת יעקב אביך"[27],

און יעדער איד האט דערצו א שייכות, ווארום יעדער איד האט אין זיך דעם ענין פון יעקב און ישראל, ובפרט לויט דעם וואס עס שטייט אין אגה"ק[28] אז נשמת יעקב איז כולל אין זיך נשמות כל ישראל, ובמילא איז דא בא כאו"א מישראל א חלק פון נשמה יעקב, וואס דערפון איז מובן אז בא יעדער אידן איז דא נחלה יעקב - "נחלה בלי מיצרים".

י. וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער נתינת כח מיוחדת וואס מ'האט בשעת די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" הויבט זיך אן ביום השבת (כנ"ל ס"ח):

- וויבאלד -

---

21) מכילתא ופרש"י עה"פ יתרו כ, ט. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סש"ו ס"ה (סכ"א). 22) פסחים סה, א. ביצה יא, ב. 23) ראה ירושלמי שבת פט"ו ה"ג. הובא בספר היראה לרבינו יונה אות שיט. וראה הו"א הוספות קיג, א-ב. סידור רצז, ד. 24) ביצה יז, א. 25) שבת קיח, סע"א. 26) תשא לא, טז. 27) ישעי' נח, יד. 28) ס"ו (קי, ב).

וויבאלד אז ביום השבת שטייט א איד אין א מעמד ומצב, און זיין עבודה איז אין אן אופן פון "המענג את השבת", ובמילא האט ער די "נחלה יעקב", "נחלה בלי מיצרים" - פועל'ט דאס אויך אויף זיין עבודה אין "ויעקב הלך לדרכו", אז זי זאל זיין אין א שבת'דיקן אופן, אין אן אופן פון "נחלת יעקב", א "נחלה בלי מיצרים", ובפשטות - אן עבודה מתוך תענוג שלמעלה ממדוה"ג,

און דערפון נעמט ער כח אויף דער עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" במשך כל השנה כולה,

אז ער בויט א דירה בתחתונים, ער איז מברר און מעלה די ניצוצי קדושה וואס אין וועלט, ביז ער קערט זיי אום לשרשם ומקורם - און דאס אלץ טוט ער אין אן אופן פון תענוג.

אין פשוט'ע אותיות:

קומענדיק איצטער פון שמע"צ ושמח"ת, ובפרט אז מ'האט געפראוועט הקפות, און מ'גייט אריין אין א שבת - וויל ער זיך אפרוען בכדי אז ער זאל האבן כח אויף דער עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" -

זאגט מען אים אז די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" הויבט זיך אן שבת, ובמילא איז דאס אן עבודה וואס איז פארבונדן מיט תענוג און מיט שמחה,

און דאס גיט אים דערנאך כח אז די עבודה במשך כל השנה כולה זאל אויך זיין אין אזא אופן.

יא. דער ביאור אין דעם פסוק "לעושה נפלאות גדולות לבדו כי לעולם חסדו", און די הוספה וואס דאס גיט צו לגבי דעם פסוק "אתה הראת לדעת כי הוי' הוא האלקים אין עוד מלבדו" - ווי דאס איז פארשטאנדיק בפשטות אויך פאר טף:

מ'האט נעכטן גערעדט באריכות דעם ביאור אין "אתה הראת לדעת גו'" ווי דאס פארשטייט א קינד: אז "אתה" גייט אויף עצמות ומהות, ווארום א קינד פארשטייט ניט פון קיין אנדערע זאכן, ער ווייסט ניט פון קיין עולמות און ספירות און "מדותיו", בשעת ער מאכט א ברכה און זאגט "ברוך אתה כו'" אויף א גלאז וואסער - מיינט ער דערמיט עצמות ומהות ממש, און ביי אים לייגט זיך בפשטות אז ער רעדט מיט דעם אויבערשטן אליין און דער אויבערשטער רעדט מיט אים:

אפילו אז ער האט נאך ניט געלערנט "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ"[29] - ווייס ער אבער אז דער אויבערשטער

- אליין -

---

29) בראשית א, א.

אליין האט אלץ באשאפן. הוי׳ בלשון מהווה[30], און דער "הוי׳" איז "הוא האלקים", איין זאך מיט די וואסער וועלכע ער טרינקט.

לאחר כל ביאור זה - פרעגט אבער דער קינד:

פונקט ווי ער האט וואסער, וואס דער אויבערשטער האט אליין באשאפן, האט אויך זיין שכן, א אינו יהודי די זעלבע וואסער לכאורה,

דער איינציקער חילוק איז נאר, אז ער (דער אידיש קינד) ווייס אז ס׳איז דא אן אויבערשטער וואס האט באשאפן די וואסער, און דערפאר מאכט ער א ברכה אויף דערויף, און דער אינו יהודי ווייס דאס ניט - אבער אין די וואסער אליין איז לכאורה ניטא קיין חילוק?

יב. אויף דערויף קומט דער צווייטער פסוק פון "אתה הראת": "לעושה נפלאות גדולות":

פאר א אידן איז דער אויבערשטער "עושה נפלאות גדולות", און דערפאר איז די וואסער וואס א איד האט, ניט נאר באשאפן געווארן פון דעם אויבערשטן (הוי׳ - מהווה), און דאס איז איין זאך מיטן אויבערשטן, ווי די וואסער וואס א אינו יהודי האט, וואס דאס איז וואסער ע"פ טבע הבריאה - נאר דאס איז וואסער וואס איז פארבונדן מיט "נפלאות גדולות", מיט הנהגה נסית, וואס דער אויבערשטער איז "עושה" פאר א איד דוקא.

בדוגמא ווי ס׳איז געווען בזמן משה רבינו, אז בשעת די אידן האבן געבעטן בא משה רבינו מים - האט ער געבעטן בא דעם אויבערשטן, און דער אויבערשטער האט געמאכט א נס, אז בשעת "על הסלע הך" איז "ויצאו מים"[31].

יג. און דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה נוספת וואס קומט צו פון "לעושה נפלאות גדולות" לגבי דער הוראה פון "אתה הראת לדעת גו׳":

פון "אתה הראת לדעת גו׳" האט דער קינד די הוראה אז ער דארף לערנען תורה און מקיים זיין מצוות ע"פ הטבע שלו; בשעת ער איז אבער פארמאטערט און ער וויל שלאפן - דארף ער דעמולט ניט לערנען וכו׳.

בשעת ער הערט אבער אז "לעושה נפלאות גדולות" - קומט ביי אים צו די הוראה, אז אפילו ווען ער איז פארמאטערט און וויל שלאפן, גייט ער ארויס פון זיינע הגבלות הטבעיים, און

- ער -

---

30) שעהיוה"א רפ"ד. וראה זח"ג רנז, ב. פרדס ש"א פ"ט.
31) בשלח יז, א ואילך.

ער פירט זיך אין אן אופן פון למעלה ממדידה והגבלה, נס, און לערנט אויך דערמיט.

עד"ז אויב ער איז א תלמיד כמולה - לערנט ער תורה ניט נאר לויט זיינע כחות, נאר למעלה ממדוה"ג שלו.

יד. אויף דערויף וואס מ'זאגט דעם קינד אז די וואסער וואס ער טרינקט איז פארבונדן מיט "נפלאות גדולות" - פרעגט ער: ער זעט ניט קיינע "נפלאות גדולות" אין די וואסער?!

איז דער פסוק ממשיך: "לעושה נפלאות גדולות לבדו": דאס זיינען אזוינע "נפלאות גדולות" וואס נאר דער אויבערשטער אליין, "לבדו", ווייס פון זיי[32],

פרעגט דער קינד ווייטער:

אויב אזוי, אז נאר דער אויבערשטער אליין ("לבדו") ווייס אז זיי זיינען "נפלאות גדולות", אבער ניט ער ווייס און ניט זיין מלמד ווייס און ניט אנדערע אידן ווייסן דערפון - איז וואס איז די תועלה אין דעם?!

די גאנצע כוונה פון די "נפלאות גדולות" איז בכדי אז אידן זאלן וויסן אז דער אויבערשטער מאכט נסים צוליב זיי, און דאנקען דעם אויבערשטן אויף דעם,

און ווי מען זעט עס אין דעם נס פון "על הסלע הך ויצאו מים", אז דער אויבערשטער האט געמאכט דעם נס דוקא נאך דעם ווי די אידן האבן געבעטן דעם אויבערשטן אז ער זאל זיי געבן וואסער ווײַלע דוקא דאן (לאחרי ווי זיי האבן עס געבעטן). ווילן זיי וויסן אז דאס קומט פון אויבערשטן און דאנקען אים אויף דעם.

איז וואס איז די תועלה פון די "נפלאות גדולות" וואס קיינער ווייס ניט פון זיי?

טו. דערפאר איז דער פסוק ממשיך: אז דער טעם פון "לעושה נפלאות גדולות לבדו" איז - "כי לעולם חסדו":

ס'איז דא אן עולם, וואס דער עולם האט זיינע הגבלות - ע"פ טבע זיינען דא אין דעם עולם מקומות וואס זיינען מצמיח פירות און מזריע זרע (חטה וכו'), און מקומות וואס דארטן וואקסט גארניט, מדבריות, וואס דארטן איז אן "ארץ ציה ועיף בלי מים"[33].

מצד החסד של הקב"ה אבער. מאכט דער אויבערשטער "נפלאות גדולות" אז בכל מקום וואו א איד געפינט זיך, אפילו אין א

- מקום -

32) ראה נדה לא. א. 33) ל' הכתוב - תהלים סג, ב.

בקום וואס ע"פ טבע איז ניטא קיין מים, ביז אפילו אין א מדבר. אן "ארץ ציה ועיף בלי מים", מאכט דער אויבערשטער "נפלאות גדולות", אז דארטן זאל זיין מים להועלת פון דעם אידן.

ד.ה. אז בשעה א איד גייט אין א מדבר און ער טרעפט דארטן וואסער - דארף ער וויסן אז דאס וואס דארט געפינט זיך וואסער, איז עס ניט מצד הטבע, נאר אז דער אויבערשטער האט געמאכט "נפלאות גדולות" ספעציעל צוליב אים, אז ער זאל האבן וואסער צו טרינקען.

ועד"ז אין אויך אין בקום ישוב, אז דאס וואס פונקט איצטער (בשעה זו ווען ער איז דארשטיק) איז דא פאראן וואסער - איז עס ניט בצד הטבע (כאטש דאס איז א בקום ישוב), נאר דאס איז "נפלאות גדולות" וואס דער אויבערשטער מאכט ספעציעל צוליב אים (וכדלקמן סעיף טז).

און דאס איז א הועלה ניט נאר פאר דעם אידן אליין, נאר דאס טוט אויף אן עליה אין עולם - "כי לעולם חסדו".

וכידוע דער סיפור מיטן בעש"ט און ר' חיים ראפאפארט[34], אז דער בעש"ט האט אים געשיקט אין א געווויסן מקום, און ער האט דארטן געטרונקען פון א מעין - האט דער בעש"ט דערנאך געזאגט, אז דער מעין האט געווארט זינט ששת ימי בראשית אז ער זאל דארטן קומען און מאכן א ברכה אויף די מים פון דעם מעין!

טז. עד"ז האט א אידיש קינד דעם ענין פון "לעושה נפלאות גדולות לבדו כי לעולם חסדו" בחייו הפרטיים:

בשעת א אידישער אינגעלע אדער מיידעלע גייט אין גאס און ער (אדער זי) איז דארשטיק, און וויל טרינקען - ניט טהם אזוי, נאר בכדי צו האבן א קלארע קאפ אויף לערנען, און עס פארט דורך א "טראק" וואס פארקויפט א כשר'ן געטראנק -

זאל ער וויסן זיין אז אע"פ וואס דער "טראק-מאן" קען אים ניט, און ווייס ניט פון זיין מציאות כלל, ועאכו"כ אז ער ווייס ניט אז א אידישער קינד וועט היינט דורכגיין דעם אדט וואו ער וועט דורכפארן וכו' - אעפ"כ איז דאס ניט קיין בקרה נקרית ח"ו[35], נאר בהשגח"פ, אז דער אויבערשטער האט מסבב געווען סיבות, אז דער "טראק-מאן" זאל אויפשטיין אין די און די שעה, און ארויספארן מיט זיין "טראק", און אין דעם זמן זאל דער קינד דורכגיין די זעלבע גאס וואו דער "טראק" פארט דורך. און אז זיי זאלן זיך ביידע טרעפן - בכדי אז דער קינד

- זאל -

---

34) לקו"ד כרך ד (הקפד, א) הקצו, א ואילך. 35) ראה רמב"ם הל' תעניות פ"א ה"ג.



הנהה הת' בלתי מוגה

זאל האבן וואס צו טרינקען און ניט זיין דארשטיק ובצער, און דורך דערויף האבן א קלארע קאפ אויף לערנען.

און ס'איז רעכט, אז דער "קארנער" וואו דער קינד מאכט די ברכה אויף דעם געטראנק - ווארט זיינט כשה ימי בראשית, אז דער אידיש-קינד זאל דארטן בענטשן דעם אויבערשטן!

יז. און דאס איז א זאך וואס יעדער אידיש-קינד פארשטייט בפשטות - ווארום מ'דערציילט אים דעם סיפור הנ"ל פון דעם בעש"ט, ועד"ז נאך כו"כ סיפורים פון תורה וועגן נסים און השגחה פרטית.

וואס דוקא אזעלכע סיפורים דארף מען דערציילן קינדער, און ניט דערציילן זיי - ווי אנדערע טוען - באבע-מעשה'ס, נאר דערציילן זיי סיפורים גענומען פון תושב"כ און תושבע"פ, אדער סיפורים אמיתיים וועגן צדיקים.

און דערפון קומט מען צו נאך א הוראה אין דעם ענין החינוך פון אידישע קינדער:

אמאל איז געווען דער מנהג ישראל בא אידישע פרויען - והלואי וואלט מען ממשיך געווען פירן זיך אזוי אויך איצטער - אז זיי פלעגן איינוויגן זייערע קליינע קינדער ביט זינגען אז עס זיינען טאקע דא ראזשינקעס און מאנדלען. אבער "תורה איז די בעסטע סחורה".

וואס בנוגע צו דעם דארף מען ניט אנקוקען צו דעם וואס תוספות[36] זאגט אז "מנהג ישראל תורה הוא" - ווארום מ'געפינט דעם מנהג אין א בפירוש'ן ירושלמי, און ניט א לימוד, נאר א "מעשה רב"[37]:

ווען ר' יהושע בן חנני' איז געווען נאך א גאר קליין קינד אין וויגעלע, "היתה אמו מוליכה עריסתו לבית הכנסת בשביל שיהדבקו אזניו בדברי תורה"[38],

און דורך דערויף איז ער אויסגעוואקסן צו זיין ווער ער איז געווען, ביז - אז בשעת די משנה[39] וויל זאגן א שבח פון ריב"ה, זאגט מען "אשרי יולדתו" - אז געלויבט איז ריב"ה וואס ער האט געהאט אזא מאמע.

און וויבאלד אז דאס שטייט אין א משנה איז אין דערויף זיכער דא א הוראה לכאו"א, ביז אז ס'איז ניט שייך זאגן אז מ'זאל אין דערויף האבן א טעות, ווארום "טעה בדבר משנה חוזר"[40].

- יח. -

---

36) ד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 39) ראה שבת כא, א. וש"נ.
38) ירושלמי יבמות פ"א ה"ו. 39) אבות פ"ב מ"ט.
40) כתובות פד, ב. וש"נ. רמב"ם הל' סנהדרין פ"ו ה"א. טושו"ע חו"מ רסכ"ה.



הנחה הת' בלתי מוגה

יח. וואס דערפון האט מען די הוראה לכל אם בישראל וועגן גודל הענין פון חינוך הבנים והבנות:

א אידישע מאמע זאל ניט מיינען אז מ'דארף ווארטן ביז דער קינד וועט ווערן שטארק, און וועט אנהויבן גיין אין הדר, אדער אין די הקדמה צו הדר - און ערשט דעמולט וועט מען אנהויבן רעדן מיט אים וועגן דעם אויבערשטן און וועגן תורה ומצוות -

נאר אפילו ווען דער קינד געפינט זיך נאך בעריסהו (אין א וויגעלע), דארף מען אים (אדער איר) מחנך זיין אין אן אופן אז באם קינד אין די עווערן זאלן קלינגען ענינים און אותיות פון תורה.

און דאס דארף יעדער אידישע מאמע טאן אליין און ניט פארלאזן זיך אויף א שליח - אזוי ווי די מאמע פון ריב"ח האט אים אליין געפירט אין ביהכנ"ס און ניט געשיקט קיין שליח.

יט. עד"ז איז אויך די הוראה בנוגע צו מחנך זיין א אידיש קינד אין דעם ענין פון "לעושה נפלאות גדולות גו'" (כנ"ל):

מ'דארף מחנך זיין א אידיש קינד אין אן אופן אז ער זאל וויסן אז דער אויבערשטער איז "עושה נפלאות גדולות" צוליב אים, און ער איז מסבב סיבות אין וועלט אז דער קינד זאל האבן וואס ער דארף האבן, וואסער אויף טרינקען וכיו"ב, כנ"ל.

וכידוע דער סיפור[41] אז כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט אז אפילו גאר קליינע קינדער זאל מען דערציילן זיי וועגן נסים, שלא כדעת המחנכים הטועים, אז דורך דערציילן קינדער וועגן נסים איז מען מבלבל די קינדער.

לדוגמא: בשעת מ'דערציילט א קינד וועגן דעם אז בשעה "על הסלע הך" איז "ויצאו מים" - האלטן די מחנכים הטועים, אז דורך דערויף איז מען מבלבל דעם קינד, ווארום ער ווייסט אז דער סדר אין וועלט איז, אז מים קומט פון מעינוה, פון נהרות, פון נחלים - אבער ניט פון א סלע, איז אויב דער אויבערשטער האט געוואלט געבן אידן וואסער - האט ער געדארפט באשאפן א מעין, א נהר וכיו"ב, אבער ניט ארויסנעמען וואסער פון א סלע!

זאגט אבער כ"ק מו"ח אדמו"ר אז דאס איז א טעוה גמור אין דעם צוגאנג צו חינוך פון אידישע קינדער, ואדרבה - מ'דארף זיי בפירוש דערציילן וועגן נסים, און אז אויך היינט איז דער אויבערשטער "עושה נפלאות גדולות" מיטן קינד, וואס דאס איז א יסוד גדול אין חינוך.

- כ. -

---

41) ראה לקו"ש עקב תש"מ ס"ה.

כ. און דאס וואס כ׳דערציילט א קינד אז דער אויבערשטער איז "עושה נפלאות גדולות" פאר אים איז ניט נאר מצד דעם ענין החינוך - נאר דערפאר וואס דער אמת איז טאקע אזוי, ווי די משנה[42] זאגט, אז "כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם".

און אפילו אה"ל אז דאס רעדט זיך וועגן א גדול - איז אבער בכדי צו ווערן א גדול מוז ער פריער זיין א קטן, און "זה הקטן גדול יהי׳"[43] - ווארום נאר אדה"ר איז באשאפן געווארן א גדול[44], ועד"ז זיינען דא דעות אין מדרשים[45] אז ביז דעם מבול איז מען געבארען געווארן גלייך גדולים - אבער נאך דערויף, ועאכו"כ נאך מ"ת, איז געווארן דער סדר אז מ׳ווערט געבארען א קטן און ערשט דערנאך איז "זה הקטן גדול יהי׳",

און ס׳איז א זיכערע זאך אז יעדער גדול וואס לעבט היינט און וואס האט געלעבט אין די דורות שלפנ"ז, איז מיט 5700 יאר צוריק, געווען אדער א קינד, אדער איז בכלל ניט געווען -

ובמילא איז פארשטאנדיק אז דאס וואס "כל אחד ואחד חייב לומר בשבילי נברא העולם" איז כולל אויך דעם "בשבילי" פון א קינד.

און דערפאר איז רעכט אז דער אויבערשטער זאל מסבב זיין סיבות און מאכן "נפלאות גדולות" און שינויים אין וועלט נאר צוליב דעם קינד, ובפרט אז ביי אים איז "הבל שאין בו חטא", וואס דאס פועל׳ט דאך אין וועלט[46], ווי גערעדט פריער די דוגמא בנוגע צו דעם "טראק" און דעם "טראק-מאן" וואס ברענגען א געטראנק פאר א אידיש קינד.

און כאמור, דערציילן דאס א קינד איז א יסוד גדול אין חינוך, און דאס וועט פועל׳ן אז ער זאל קוקן אויף וועלט, ובעיקר - אויף חלקו בעולם באופן אחר לגמרי.

כא. ע"פ כל הנ"ל איז פארשטאנדיק די שמחה נוספה וואס דער פסוק "לעושה נפלאות גדולות לבדו כי לעולם חסדו" טוט אויף בא דעם קינד בשמח"ת (ובכל הזמנים) אויף דער שמחה וואס ווערט פון דעם פסוק "אתה הראת לדעת כי הוי׳ הוא האלקים אין עוד מלבדו".

און דערפון קומט מען דערנאך צו די אנדערע פסוקים פון "אתה הראת", ביז כ׳קומט צום סיום פון די פסוקים - "כי

- מציון -

---

42) סנהדרין לז, א. 43) נוסח סדר ברית מילה. 44) ב"ר פי"ד, ז. במדב"ר פי"ב, י. שהש"ר פ"ג, כ. 45) ראה ב"ר רפל"ו. ויק"ר רפ"ה. פדר"א ספכ"ב. 46) שבת קיט, ב.

בציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים"[47], וואס תורה איז מלשון הוראה[48] און "דבר ה׳ זו הלכה"[49] - אז פון שמח"ת נעמט מען ארויס א הוראה אויף כל השנה כולה, אז עס זאל זיין לימוד התורה בהתמדה ושקידה כל השנה כולה,

און דערפון קומט מען צו "כי מציון תצא תורה", און ווי א קינד פארשטייט דאס, וואס ווען א קינד הערט וועגן דעם ענין פון "ציון"׳ ווייסט ער ניט פון קיינע רמזים - ביי אים איז דאס גאר כפשוטו - ביאת משיח צדקנו,

און ווי די קינדער זינגען אז מיר ווילן משיח איצטער, און זיי זינגען דאס בשפת המדינה, וואס דאס קלינגט אפ אין דעם אויר פון אמעריקא, און דאס פועל׳ט אויף דעם "קאנגרעס" און "סענאט" און כל הכנויים שם,

ביז אז ס׳איז רעכט אז דאס וואס ס׳איז געווארן דער "קאנגרעס" און "סענאט" וכו׳ מיט 200 יאר צוריק - איז דאס בכדי אז מ׳זאל דארפן איצטער מחליט זיין צו געבן הון תועפות אויף שטיצען מקומות של תורה, אז מ׳זאל קענען לערנען תורה במנוחה, און אויך געבן מתנות.

און דאס איז א טובה אויך פאר זיי אליין, ווארום דאס איז זייער תיקון צו העלפן אידן,

און דורך דערויף איז מען אויך מקרב די גאולה, וואס דעמולט וועט אויך בא זיי זיין מערער מעלה ווי אין זמן הגלוה (ווען זיי האבן געהאלפן אידן) - ווארום וויבאלד אז א איד וועט דעמולט זיין העכער, וועט אויך דער גוי וואס העלפט אים זיין העכער,

און ווי דער רמב"ם שרייבט[50] אז "אז אהפוך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ה׳ ולעבדו שכם אחד"[51], "והיתה לה׳ המלוכה"[52], במהרה בימינו ממש.

צוה לנגן ופרצת. ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי.

* * *

כב. אזוי ווי מ׳דארף דאך אויך עסן סעודת שבת מיט די אלע ענינים בזה - וועט דער המשך צו דער ההוועדות זיין בל"נ מארגן, שבת, אין דעם זמן פון רעוא דרעוין, נוסף אויף דער התוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת מברכים, וואס וועט זיין נאך שחרית ומוסף בזמן הרגיל,

- ובפרט -

---

47) ישעי׳ ב, ג. 48) זח"ג נג, ב. 49) שבת קלח, ב.
50) הל׳ מלכים ספ"י. 51) צפני׳ ג, ט. 52) עובדי׳ א, כא.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

ובפרט אז ס'איז אויך שבת בראשית, וואס ווי מ'שטעלט זיך אוועק שבת בראשית אזוי גייט עס כל השנה כולה, כידוע דער ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[53].

כג. ויה"ר אז מ'זאל אויסנוצן די לעצטע שעות פון שמח"ת ווי מ'דארף עס אויסנוצן, וואס כל זמן מ'האלט נאך פאר ברכת המזון איז דאס נאך אלץ שמח"ת.

און אויך דערנאך זאל מען וויסן אז מ'מאכט ניט קיין הבדלה נאר מ'מאכט קידוש, וואס דאס איז דאך אן עלי' נעליה יותר ווי מ'איז געשטאנען פאר דערויף - במילא דארף מען דעמולט נאכמער ממשיך זיין, נאך אין א העכערן אופן, די ענינים פון שמח"ת.

און ווי ס'איז פארשטאנדיק אויך צו א בן חמש: בשעת ער זעט אז מ'גייט אוועק פון שמח"ת אין שבת - גיט ער א פרעג פארוואס מאכט מען ניט קיין הבדלה? פארשטייט ער דערפון גופא - אז מ'גייט טאקע ניט אוועק פון שמח"ת, און דערפאר איז מען ניט מבדיל צווישן שמח"ת און שבת, נאר מ'גייט ארייז אין א העכערע דרגא - די דרגא פון שבת, וואס אין איר איז דא אויך די דרגא פון שמח"ת - "בכלל מאתיים מנה"[54].

כד. ענינו פון שמה"ת איז דאך א המשך צום יו"ט פון שמע"צ, ווארום שמח"ת איז דער יו"ט שני של גליות פון שמע"צ, ווי ס'איז אויך מרומז אין דעם פסוק אין דברי הימים[55] אז "וביום עשרים ושלשה לחודש השביעי שילח גו'", וואס כ"ג לחודש איז שמח"ת, משא"כ אין מלכים שטייט[56] "ביום השמיני שילח גו'", וואס דאס גייט אויף שמע"צ, כ"ב לחודש, ווי גערעדט פריער אין מאמר וואס מ'האט גע'חזר'ט פון לקו"ת[57].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אזוי ווי דער ענין פון שמע"צ איז די קליטה פון כל עניני תשרי - אזוי איז אויך דער ענין פון שמח"ת (וואס איז נכלל אין שמע"צ) די קליטה פון כל עניני תשרי.

ובעיקר איז דער ענין פון שמע"צ ושמח"ת - שמחה, ביז ווי דער פתגם הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[58], אז די ענינים וואס מ'טוט אויף בר"ה אין דעם קו העבודה פון ר"ה, טוט מען אויף אין שמע"צ און שמח"ת אין דעם קו פון שמחה.

כה. און דערנאך, נאך שמע"צ און שמה"ת, גייט מען גלייך

- ארייז -

---

53) סה"ב השי"א ע' 59. וראה לקו"ש ה"א ע' 1 ואילך.
54) ב"ק עד. א. ועוד. 55) ב' ז, י. 56) א' ח, סו.
57) שמע"צ פו, ג ואילך. 58) סה"מ קונטרסים ח"ב שלט, א. "היום יום" ע' צח. וראה לקו"ש ח"ב ע' 647. ועוד.

הנחת הה' בלתי מוגה

אריין (בקביעות שנה זו) אין שבת (כנ"ל) - וואס דערבולט קומט צו דער ענין פון "מטביה מזיקין בן העולם"[59], אז נאך זייענדיק אין זמן הגלות זאל זיין "אור במושבותם"[60],

וכמארז"ל[61] אז ביום השבת איז "ל"ו שעות שמשה אותה האורה", ד.ה. אז פון יום השישי בייטאג ביז מוצאי שבת איז "שמשה אותה האורה", וואס דערפאר שטייט ניט בא שבת "ויהי ערב".

ובפרט אז מ'שטייט איצטער אין שבת בראשית, וואס דאס איז דער ערשטער שבת וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין חומש, וואס אויף אים שטייט בפשטות אז "ל"ו שעות שמשה אותה האורה", און כל שבתות השנה נעמען זיך פון דעם שבת.

ואע"פ אז אין גאס זעט מען אז ס'איז לילה, ס'איז פינסטער, ביז אז אויך מצד ההלכה איז דאס אזוי, ווי מ'רופט אן די תפלה פון ליל שבת - תפלה ערבית, "ערבית" מלשון ערב -

איז מען אבער דערנאך גלייך מוסיף "(תפלת ערבית) של שבת", וואס דאס באווייזט אויף דער ענין פון אור, ביז אז דאס פועל'ט אויך אויף דער יום השישי שלפניו, ערב שבת, ווי דער דין איז אז בכמה ענינים הויבט זיך אן שבת שוין פון ערב שבת נאך חצות.

כו. ויה"ר אז מ'זאל פראוועז שמחה און יו"ט פון שמח"ת בשבת זו, און אויסנוצן דעם שבת אויף לימוד התורה בהתמדה ושקידה און מיט א חיות, ועאכו"כ בנוגע צו די וואס האבן טועם געווען פון עץ החיים, פון פנימיות התורה[62],

און דערנאך זאל מען דאס ממשיך זיין על כל השנה כולה - אז עס זאל זיין א שנה פון לימוד התורה און קיום המצווה, און אויך - "אחכה לו בכל יום שיבוא"[63],

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

ברך ברכת המזון.

——— * ———

------------

59) תו"כ בחוקותי כו, ו. יל"ש שם רמז הערב. 60) ל' הכתוב - בא י, כג. 61) ירושלמי ברכות פ"ח ה"ה. ב"ר פי"א, ב. פי"ב, ו. ספפ"ב. מדרש תהלים צב, א. ועוד. 62) ראה זח"ג קכד, ב (ברע"מ). אגה"ק סכ"ו. קונטרס עץ החיים פי"ג. 63) עיקר הי"ב מהי"ג עיקרים.

בס"ד. שיחת ש"פ בראשית, מבה"ח מרחשון
- ההוועדות א׳ - ה׳תשמ"א.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט שבה בראשית.

וואס הגם אז אין דעם טאג זיינען דא נאך ענינים - ער איז "אסרו חג"[1], און ער איז א טאג אין א שנה הקהל - איז אבער לכל לראש דא דער צד השוה פון דעם שבת בכל השנים, אז ער איז שבת בראשית.

דער טעם פארוואס דער שבת ווערט אנגערופן שבת בראשית איז (נוסף לזה וואס ער איז דער שבת <u>ראשון</u> (ווען מ׳הויבט אן ליינען די תורה) פון כל שבתות השנה) - בפשטות על שם די התחלה פון דער פרשה וועלכע מ׳ליינט דעם שבת - "<u>בראשית</u> ברא אלקים את השמים ואת הארץ".

וואס אויב א איד דארף ארויסנעמען א הוראה אין עבודהו לשמש את קונו[2] פון יעדער זאך וואס ער זעט אדער הערט, כתורת הבעש"ט[3] - איז עאכו"כ אז ער דארף ארויסנעמען א הוראה בעבודתו לקונו פון דעם ענין פון שבה בראשיה, על שם "בראשית ברא גו׳".

ב. די הוראה אין דערויף איז בפשטות:

יעדער איד דארף אויפטאן אין וועלט "בראשיה ברא", אז די זאל ווערן א נייע וועלט.

וואס הגם אז ס׳איז שוין דא א וועלט פון פריער - איז דאס אבער ע"ד ווי עס דארף זיין אין תורה:

אויף תורה איז דאך דא די באווארעניש[4] אז די דארף זיין בכל יום "כחדשה", און נאכמער - "בכל יום יהיו בעיניך חדשים" (אן א כ"ף הדמיון)[5], די זאל ניט זיין "ישנה", וואס דער פירוש פון א דבר ישן איז ניט אז ס׳איז א זאך וואס ער האט געהאט בעבר און האט עס ניט בהווה - נאר א זאך וואס ער האט שוין גאר לאנג, און אויף דערויף איז די באווארעניש אז אויך דעקולט דארף דאס ביי אים זיין "בכל יום . . חדשים".

עד"ז דארף אויך זיין אין וועלט, וואס וועלט איז "נשתלשלו כהן"[6] פון תורה, ווי עס שטייט אין זהר[7] אז "קוב"ה

- אסתכל -

---

1) שו"ע אדה"ז או"ה סתכ"ט סי"ז. וש"נ. 2) ראה קידושין בסופה. 3) כש"ט (הוצאת קה"ה) הוספוה אות קכז-קכט. וש"נ. 4) ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ ואהחנן ו. ו. 5) פרש"י עה"פ הבוא כו, טז. וראה גם פרש"י עה"פ יהרו יט, א. עקב יא, יג. 6) ל׳ אדה"ז בתניא רפ"ג. 7) ה"ב קסא, ריש ע"ב.

אכהכל באורייתא וברא עלמא", און ווי עס שטייט אין מדרש[8] דער פירוש אין דעם פסוק וואס עס שטייט אויף תורה[9] "ואהי' אצלו אמון", אז "אמון" איז "אומן": אזוי ווי אן אומן קוקט אריין אין זיינע "דיפתראות ופינקסאות" צו וויסן ווי צו בויען א בנין - "כך הי' הקב"ה מביט בתורה ובורא את העולם".

וואס דערפאר איז אזוי ווי אין תורה דארף זיין דער ענין פון "חדשים" - אזוי אויך דארף א איד אויפטאן אין וועלט אז דארט זאל זיין א חידוש, "בראשית ברא".

ג. ווי טוט אויף א איד אז עס זאל זיין "בראשית ברא" אין וועלט, אז עס זאל זיין א נייע וועלט - איז דאס דורך דערויף וואס פריער ווערט ער אן אדם חדש.

וואס דאס איז דער ענין וואס מ'לייענט פרשת "בראשית (ברא)" נאך (רוב) חודש תשרי:

חודש תשרי איז פארבונדן מיט עבודת התשובה, וואס דורך תשובה ווערט דער מענטש (העושה תשובה) אן אדם חדש.

ווי ס'איז פארשטאנדיק מהמבואר אין אגה"ת[10], אז תשובה וכו' טוט אויף ניט נאר אז "אין מזכירין לו דבר וחצי דבר כו'", און אז ער האט דעם ענין ה"פרקליט"[11], נאר אז ער ווערט דורך דערויף אויך "לרצון לפני ה' ומרוצה וחביב לפניו יה' כקודם החטא כו'".

וואס לכאורה ווי ווערט ער "מרוצה וחביב לפניו יה' כקודם החטא": בשלמא "אין מזכירין לו דבר וחצי דבר כו'" איז פארשטאנדיק ווי דאס ווערט אויפגעטאן ע"י תשובה, ווארום "אין מזכירין לו דבר כו'" איז מדגיש אז ס'איז דא א "דבר". נאר מ'איז דאס אים ניט מזכיר, ווארום וויבאלד אז ער האט חרטה געהאט באמיתיה פון דער זאך וואס ער האט געטאן און עס איז אויך געווען א קבלה טובה על להבא[12] - איז ניטא קיין ענין צו אים מזכיר זיין וועגן דעם[13] - אבער ווי קען זיין אז ער זאל דורך תשובה וכו' ווערן "מרוצה וחביב לפניו יה' כקודם החטא", ער האט דאך עובר געווען אויף א חטא?!

איז דער ביאור בזה, אז דורך תשובה ווערט ער אן אדם חדש, א נייע מציאות, ובמילא איז ער איצטער (נאכן תשובה טאן) ניט דער מענטש וואס האט חוטא געווען, דערפאר קען ער ווערן "מרוצה וחביב לפניו יה' כקודם החטא כו'".

- און -

---

8) ב"ר בתחלתו. 9) משלי ח, ל. 10) פ"ב. 11) ראה גם זבחים ז, ב. 12) ראה רמב"ם הל' תשובה פ"ב ה"ב. אגה"ת פ"א (צא, א). 13) ראה רמב"ם שם ספ"ז.

און ווי דער רמב"ם איז מבאר אין שמונה פרקים שלו[14] (און אזוי איז אויך מובן בפשטות צו אן איש פשוט), אז ס'איז אינו בדומה א צדיק וואס האט קיינמאל ניט פארזוכט אן ענין פון פארקערט, צו אזא וואס "טעם טעם החטא", און איז דערנאך אוועק דערפון, ווארום אפילו דערנאך ציט דאס אים צוריק דארטן, און די עמי-הארץ און די אנשים שמסביבו וואס ליגן נאך אין די ענינים ציען אים צו דעם - און אעפ"כ קערט ער זיך ניט אום צו דעם, ווארום דאס איז ביי אים געווארן א דבר המאוס בתכלית המיאוס.

ד. והביאור בזה פארוואס איינער וואס האט תשובה געטאן בשלימות ווערט אן אדם חדש:

דורך תשובה (בשלימותה) איז "זדונות נעשו לו כזכיות"[15], וואס זיי זיינען א נייער סארט "זכיות" וואס זיינען ניטא בא צדיקים, ווארום לולא דעם ענין החטאים והתשובה עליהם וואלט ער זיי קיינמאל ניט געקענט האבן:

די זכיות וואס זיינען דא ביי א צדיק זיינען די ענינים וואס ער טוט אין הומ"צ אין דברים המותרים; משא"כ אין דברים האסורים מוז די עבודה מיט זיי זיין אין אופן פון דחי' ושלילה.

און ווי דער צ"צ איז מבאר בביאור ענין הנסיונות[16], אז עבודה דארף זיין נאר מיט דברים המותרים, כמרז"ל[17] "לא הוכשר למלאכה שמים אלא טהורים ומותרים בפיך", און דורך דערויף איז מען דאס מברר, משא"כ דברים האסורים דארף מען מברר זיין באופן פון דחי' ושלילה[18], ווארום מ'האט קיין שייכות ניט צו די ניצוצות וואס געפינען זיך אין די דברים האסורים.

בשעת אבער איינער איז עובר אויף א חטא, און ער טוט דערנאך תשובה, איז ער מברר אויך די ניצוצות וואס געפינען זיך אין די "זדונות", און דערפאר קומט ביי אים צו א נייער סוג פון "זכיות", "זכיות" וואס זיינען געווארן פון "זדונות"[19].

און דורך דערויף ווערט אויך דער אדם אליין א נייער מענטש.

ה. וואס דאס איז די מעלה נפלאה פון תשובה, אז דורך

- דערויף -

------------

14) פ"ו. וראה גם רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ד. 15) יומא פו. ב. 16) דרמ"צ קצא. א ואילך. 17) ראה שבת כח. א. הניא רפל"ז. 18) ראה גם לקו"ת שה"ש ו. ד. 19) ראה גם לקו"ש אחרי תשל"ז סוס"ד.

דערויף קומט צו דער כענטש צו א דרגא הכי גבוה. וואס לולא דעם ענין התשובה וואלט ער אהינצו קיינמאל ניט צוגעקומען.

וכמבואר אין הסידור[20] בנוגע צו דעם ענין פון "כל הגבוה גבוה יותר נופל למטה מטה יותר", אז וואס נידעריקער אן ענין איז געפאלן, אלט העכער איז דער ארט פון וואנעט די זאך נעמט זיך.

וואס דערפאר[21] דארף אן אדם אנקומען צו אכילה לחם וכיו"ב, ווארום אין דעם לחם איז דא א "מוצא פי ה׳" וואס איז העכער פאר דעם ניצוץ אלקי וואס געפינט זיך אין דער נשמה פון דעם אדם, און דערפאר גופא איז דער "מוצא פי ה׳"[22] אראפגעפאלן למטה יותר פון דער נשמה - אין לחם.

ועד"ז איז פארשטאנדיק נאכמער בנוגע צו דברים אסורים: וויבאלד אז זיי זיינען למטה יותר ווי לחם, איז דער ניצוץ וואס געפינט זיך אין זיי א העכערער.

און דערפאר איז בשעת מ׳איז מברר די ניצוצות דורך דעם ענין התשובה - קומט צו דער אדם וואס איז זיי מברר צו א גאר הויכע מדריגה, האבנדיק אויך די ניצוצות.

אבער ע"ד הרגיל טאר ער ניט האבן קיין שייכות מיט די ניצוצות, נאר זיין עבודה מיט די דברים האסורים דארף זיין אין אן אופן פון דחי׳ ושלילה, ווארום "האומר אחטא ואשוב אין מספיקין בידו לעשות תשובה"[23]; דוקא דורך דערויף וואס ער האט שוין עובר געווען אויף א חטא און ער טוט דערנאך תשובה - איז ער מברר אויך די ניצוצות, און ער קומט צו צו א העכערע מדריגה ווי ער איז געשטאנען פאר דעם וואס ער האט געהאט דעם נייעם סוג פון "זכיות".

ו. וואס דערמיט וועט מען אויך פארשטיין דאס וואס די גמרא זאגט "האומר אחטא ואשוב כו׳" (כנ"ל), דלכאורה: א איד איז דאך פון דעם "עם חכם ונבון"[24] און "עמך כולם צדיקים"[25] - איז ווי קומט צו אים זאגן אזא זאך?

והביאור בזה:

דער איד ווייס אז אין די דברים האסורים זיינען דא ניצוצות - קען ער ניט פארליידן אז ער טוט גארניט אויף צו זיי מברר זיין.

- דערפאר -

------------

20) דרמ"צ שם קפט, ב ואילך. ובכ"מ. 21) לקו"ת צו יג, ב ואילך. ובכ"מ. 22) ל׳ הכתוב - עקב ה, ג. וראה ל"ת להאריז"ל עה"פ. 23) יומא פה, ב במשנה. 24) ואתחנן ד, ו. 25) ישעי׳ ס, כא.

דערפאר זאגט ער "אחטא ואשוב": ער גייט אויף מס"נ פאר אידישקייט, מס"נ אויף דעם עניין פון פקו"נ, ביז אפילו אויף א ספק פקו"נ, און אויף פדיון שבוים (וואס פדיון שבוים איז א "מצוה רבה"[26]), צו ראטעווען די ניצוצות וואס געפינען זיך אין די דברים האסורים, און זיי אומקערן לשרשם, וואס דאס איז דאך דער פירוש פון תשובה - השבה הניצוצי קדושה לשרשם,

און ער טוט עס ניט צוליב כסף אדער צוליב עוה"ז און עוה"ב - נאר צוליב ראטעווען די ניצוצות,

און דערביי איז ער מוותר ניט נאר אויף זיין גשמיות, נאר אויך אויף זיין רוחניות - דורך טאן א חטא, און ניט נאר חטא מלשון חסרון[27], נאר אויך נידעריקער דערפון!

און דאס אלעס טוט ער ניט מצד דעם וואס ער וויל טאן אן עבירה ח"ו - נאר דערפאר וואס ער איז זיך מוסר נפש אויף אידישקייט, אויף דעם עניין פון פקו"נ, ביז אפילו אויף א ספק פקו"נ.

ז. און ס׳איז גאר א הכרח צו מפרש זיין אזוי די גמרא -

ווארום "ברשיעי לא עסקינן"[28], איז דאך דאס שולל צו זאגן אז דער פירוש אין גמרא איז - אז מ׳רעדט דא וועגן א גרויסן בעל תאוה, וואס ער וויל אבער אויך מקיים זיין רצון ה׳ און ניט חוטא זיין - איז מצד זיין האוה גדולה ברגע זה, איז ביי אים רעכט צו עובר זיין אויף א חטא בכדי צו ממלא זיין זיין תאוה, און גלייך דערנאך איז ער גרייט צו תשובה טאן!

אויף דערויף איז מען אבער ניט חושד קיין אידן; אויף וואס איז מען יע חושד א אידן - אז ער וויל זיך מוסר נפש זיין אויף א ניצוץ וואס איז געפאלן גאר נידעריק, און טאן אין פדיון שבוים צו ראטעווען דעם ניצוץ.

ח. וואס לכאורה איז דאס אן עבודה אין קדושה:

זאגט אבער תורה אז לא זו הדרך פון תורה - ווארום "האומר אחטא ואשוב אחטא ואשוב אין מספיקין בידו לעשות תשובה": תורה זאגט אז ס׳איז א דבר וודאי אז אויב עס וועט זיין "אחטא ואשוב" איז "אין מספיקין בידו לעשות תשובה".

וואס אויב עס וואלט געווען א ספק בדבר, איז דאך א

- ספק -

------------

26) ב"ב ח, ריש ע"ב. רמב"ם הל׳ מ"ע פ"ח ה"י. טושו"ע יו"ד ר"ס רנב. 27) ראה מ"א א, כא ובפרש"י. לקו"ה מטות פב, א. 28) ראה יומא ו, א. ועוד.

ספק פקו"נ אויך דוחה הכל[29] - וויבאלד אבער אז ס'איז א ודאי אז ע"פ טבע איז "אין בספיקין בידו לעשות תשובה", און ס'איז דא דער כלל[30] אז "אין סומכין על הנס" (וואס דאס איז דאך א כלל אין הלכה) - טאר ער דאס ניט טאן.

בשעת ער האט אבער בפועל עובר געווען אויף אן עבירה - קען ער דערנאך תשובה טאן, און דורך דערויף טוט ער אויף אז די "זדונות" זאלן ווערן ווי "זכיות", וואס די זיינען זכיות חדשות וואס ער וואלט ניט געקענט האבן לולא דעם חטא.

ט. וואס מעין זה איז אויך בא דעם ענין פון נסיונות, כמבואר אין די מאמרים[31], ובפרט אין דעם מאמר "וידעת - מאסקווא"[32] - ס'איז אבער דא א חילוק ביניהם:

"זדונות נעשו לו כזכיות" וואס תשובה טוט אויף, ווערט אויפגעטאן דורך א מענטשן; משא"כ א נסיון איז מען מזכין מלמעלה.

ביז נאכמער: בנוגע צו נסיונות זאגט מען דאך בכל בוקר[33] "אל תביאני . . לידי נסיון",

ביז אז בשעת דוד המלך האט געזאגט[34] "בחנני ה' ונסני" האט מען געזעהן וואס דערפון איז דערנאך ארויס[35].

וזאס דערפון זעט מען אז א נסיון איז ניט קיין עבודה וואס א מענטש דארף איר נאכלויפן, ס'איז מערניט אז בשעה מ'איז אים מזמין א נסיון מלמעלה און ער שטייט-ביי דעם נסיון דערגרייכט ער צו א דרגא הכי נעלה, ע"ד ווי איינער וואס האט חוטא געווען און ער טוט דערנאך תשובה, וואס דורך דערויף ווערט ער א נייער מענטש, כנ"ל.

י. ס'איז אבער פארט ניט פארשטאנדיק: ווי קען זיין אז דוד המלך, וואס ער האט געזאגט[36] "אם לא שויתי ודוממתי", זאל בעטן אז דער אויבערשטער זאל אים ברענגען לידי נסיון, "בחנני ה' ונסני", בשעה עס דארף זיין "אל תביאני . . לידי נסיון"?

איז דער ביאור בזה ע"ד הנ"ל בנוגע צו "אחטא ואשוב":

- דוד -

------------

29) ראה יומא פג, א. רמב"ם הל' שבת פ"ב ה"א. טושו"ע או"ה סשכ"ח ס"י. שו"ע אדה"ז שם ס"ב. ס"י. 30) ראה פסחים סד, ב. זה"א קיא, ב. ועוד. 31) דרמ"צ שבהע' 16. ד"ה כי מנסה הש"ה. 32) הרנ"ז. 33) בברכות השחר - מברכות ס, ב. 34) תהלים כו, ב. 35) סנהדרין קז, א. זח"א פב, א. 36) תהלים קלא, ב.

דוד המלך האט געזעהן אז עס זיינען דא ניצוצות וואס וועלן קיינמאל ניט האבן קיין בירור, האט ער אויך זיי געוואלט מברר זיין, ער האט אבער געוואוסט אז ער אליין קען זיי ניט מברר זיין, נאר די איינציקע וועג דערצו איז דורך א נסיון הבא מלמעלה - דערפאר האט ער געבעטן "בחנני ה׳ ונסני".

עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק נאך א זאך: ווי קומט עס אז דוד זאל עפעס בעטן און דער אויבערשטער זאל דאס ניט ממלא זיין?

איז דער ענטפער אויף דעם, אז דער אויבערשטער האט עס טאקע ממלא געווען, ווי די גמרא[37] זאגט אז "לא דוד ראוי לאותו מעשה", און ס׳איז נאר געווען להקים "עולה של תשובה", וואס דאס איז די מעלה וואס קומט ארויס דורך דעם ענין התשובה, ע"ד ווי דורך דעם ענין הנסיון.

יא. וויבאלד אז דאס איז אזוי געווען בא דוד המלך, ווערט עס אזוי אויך ביי אלע אידן - ווארום מ׳זאגט[38] דאך "דוד מלך ישראל חי וקיים", וואס בפשטות מיינט דאס, אז ער איז "חי וקיים" אלס מלך ישראל פאר אלע אידן.

ובפרט לויט דעם וואס חסידות איז מבאר אז דוד איז ספירה המלכות, וואס ענינה פון ספירה המלכות איז "כנסת ישראל", ווארום זי איז אין זיך כונס בחי׳ ישראל דלעילא[39], און פון איר ווערט אויך נמשך למטה צו אידן, כמרז"ל[40] "כל ישראל בני מלכים הם", וואס דער פירוש אין דעם איז (ווי עס שטייט אין די מאמרים[41]), אז ישראל זיינען מקבל פון מלכות ("בני מלכים").

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אזוי ווי בא דוד המלך איז צוגעקומען די מעלה פון תשובה, אזוי איז דאס אויך שייך בא יעדן אידן, אז אויב ער האט חוטא געווען קען ער תשובה טאן, און דורך דערויף ווערן א נייער מענטש.

יב. וואס כל הנ"ל איז פארבונדן מיט דער עבודה פון חודש תשרי, עבודה התשובה, וואס דורך דערויף ווערט ער אן אדם חדש.

און דורך דערויף וואס ער איז אן אדם חדש, קען ער דערנאך גיין טאן אין וועלט אין אן אופן אז די זאל ווערן אן עולם חדש - די עבודה פון "בראשיה ברא".

- יג. -

------------

37) ע"ז ד, סע"ב ואילך. 38) ר"ה כה, א. זה"א קצב, ב. 39) הו"א הצוה פד. ב. לקו"ה הצא לה, ג. שה"ש לה, ב. קה"י בערכו. 40) שבת סז, א. וש"נ. 41) אוה"ה נצבים ב"ע א׳רלו. המשך הרס"ו ע׳ חצר. המשך הער"ב ה"ב ע׳ התצב. ובכ"כ.



הנחה הה׳ בלתי מוגה

יג. וואס דאס איז ניט דער פירוש אז אין חודש תשרי איז ניטא אן עולם - נאר דערכולט איז אויך דא אן עולם, כמובן דערפון וואס אין גאנץ חודש תשרי איז אויך דא עבודה האדם, וואס עבודה האדם באשטייט אין דעם אז ס'איז דא אן עולם, וואס דער עולם איז א מציאות אמיתי [ווי דער רבי מהר"ש איז מבאר[42] אז ס'איז דא אן עולם און דאס איז ניט קיין אחיזת עינים], און א איד טוט אויף דורך עבודתו אן עלי' אין דעם עולם, דורך טאן א מצוה אין און מיט דעם עולם,

און אויף קענען פועל'ן אין וועלט, דארף דאך זיין א וועלט, און דער איד דארף זיך געפינען אין דער וועלט אלס א נשמה בגוף, און ניט א נשמה וואס איז "חצובה מתחת כסא הכבוד"[43] אדער נאך העכער דערפון.

און די עבודה אין חודש תשרי איז בעיקר אין די מועדים [וואס זיי זיינען דער עיקר פון חודש תשרי, און ווי הויך גאנץ חודש תשרי איז - זיינען דאך די מועדים דעמולט נאך העכער, כמובן בפשטות], אנהויבנדיק פון ראש השנה, וואס דעמולט איז די עבודה פון "תמליכוני עליכם"[44], וואס דער אויבערשטער בעט יעדער אידן אז ער זאל אים מכתיר זיין, און דאס בעט מלך מלכי המלכים הקב"ה, ביז נאך העכער דערפון - עצמות ומהות, ווארום אויך מלך מלכי המלכים הקב"ה איז א תואר,

און דאס ווערט אויפגעטאן דורך שופר, "ובמה - בשופר"[44]. וואס א שופר איז א קרן פון א בהמה גשמית וואס געפינט זיך דוקא אין עוה"ז, און דורך דערויף טוט אויף א איד דעם ענין פון "תמליכוני עליכם"[45], און במילא פועל'ט ער דורך דערויף אין דעם חלק בעולם פון דעם קרן גשמי,

ביז ע"ד ווי עס שטייט אין תניא[46] (ועד"ז אין סוף פון אגה"ת), אז דורך הקרבת "בהמה אחת" אלס קרבן לה' "הי' כל החי עולה לה'", ועד"ז "כל הצומח ע"י עשרון סולת אחד בלול בשמן" - עד"ז איז אויך בשעת מ'מאכט פון איין קרן פון א בהמה א שופר [און דוקא איין קרן, ווארום ע"פ הלכה טאר ניט זיין מער ווי איין קרן[47]], און מ'נוצט אים בר"ה אויף אויפטאן דעם ענין פון "תמליכוני עליכם" - איז מען דורך דערויף מעלה אלע בהמות פון דער גאנצער וועלט.

ועד"ז דערנאך בשמע"צ ושמח"ת, ווען מ'טאנצט מיט דער

- תורה -

---

42) בד"ה מי כמוך תרכ"ט (סה"מ תרכ"ט ע' קמח-קמט).
43) ראה זח"ג כט, ריש ע"ב. 44) ד"ה טז, א. לד, ב.
45) ראה ד"ה וביום שמחתכם ה'תש"מ. וש"נ. 46) פל"ד (מג, ב). 47) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סתקפ"ו ס"כ. וש"נ.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

תורה - דארף מען האבן פיס מיט וועלכע צו טאנצן און אן ארט וואו צו טאנצן, ד.ה. אז עס מוז זיין א וועלט בכדי צו מקיים זיין דעם ענין פון שמחה תורה.

יד. וואס מכל זה איז מובן, אז אין חודש השרי איז (נוסף לזה וואס דער אדם ווערט אן אדם חדש, איז דעמולט אויך) דא א וועלט מיט וועלכע מ׳איז מקיים מצוות;

אבער אעפ"כ זאגט מען אז נאך דערויף וואס ער איז געווארן אן אדם חדש, דארף זיין "בראשית ברא" - ער דארף אויך מאכן אן עולם חדש.

והגם אז ס׳איז שוין פון פריער דא אן עולם בחודש השרי, ביז אז מ׳האט דערגרייכט אין דעם עולם אין עצמות ומהוה דורך תקיעת שופר כנ"ל -

דארף אבער ביי א איד זיין "ילכו מחיל אל חיל"[48], ביז אז "ת"ח אין להם מנוחה לא בעולם הזה ולא בעולם הבא"[49], וואס דאס גייט דאך אויף אלע אידן, ווארום יעדער איד איז פון "כל בניך לימודי ה׳"[50],

און יעדער איד איז א תלמיד חכם, ווי געדעדט כמ"פ אז "ישראל" איז ר"ת "יש ששים ריבוא אותיות לתורה"[51], ווארום יעדער איד פון די ששים ריבוא מישראל האט זיין אות אין תורה וואס דער אות איז כל מציאותו, און דורך אים קומען צו אים אן אלע השפעות,

און וויבאלד אז יעדער איד איז א ת"ח - דארף ביי אים זיין "ילכו מחיל אל חיל", אז ווי הויך די מדריגה וואו ער איז געשטאנען בחודש השרי איז - דארף ער נתעלה ווערן נאך העכער.

וואס דערפאר איז הגם אז אין חודש השרי איז געווען א וועלט און ער האט עובד געווען עבודתו באופן הכי נעלה אין דער וועלט, און דערצו איז ער אויך געווארן אן אדם חדש -

איז אבער דערנאך ווען עס קומט נאך חודש תשרי, און מ׳לייענט "בראשית ברא" - דארף ער דערפון ארויסנעמען א הוראה בעבודתו, אז איצטער דארף ער מאכן "בראשית ברא" - אן עולם חדש,

און דעם כח אויף דערויף (אויף מאכן אן עולם חדש) נעמט ער דערפון וואס אין חודש תשרי איז ער געווארן אן אדם חדש, כנ"ל.

- טו. -

---

48) תהלים פד, ח. 49) ברכות בסופה. 50) ישעי׳ נד, יג. וראה בפרשים עה"פ. 51) מגלה עמוקה אופן קפו.

הנחה הה׳ בלתי מוגה

טו. והביאור בזה:

דער ענין הנ"ל, אז בהודש השרי ווערט א איד אן אדם הדש - איז ניט קיין ענין וואס איז שייך נאר ביי א מענטש וואס האלט בא הויכע מדריגות, נאר דאס איז בטבע הבריאה, און שייך בא יעדן אידן, אויך ביי אנשים פשוטים, ביז אויך ביי אינם יהודים:

בא יעדן מענטשן זיינען דא זמנים מיוחדים, בעת א זמן פון שמחה אדער דער היפך דערפון, וואס אויף א רגע אדער כמה רגעים (עכ"פ) פילט ער זיך ווי א נייער מענטש[52], און ווי ידע אינש בנפשי', אפילו ביי א ניט-איד.

ביי א ניט-איד אבער ווערט ער אזוי ווי אן אדם חדש אוי מערניט; משא"כ א איד איז דאך א בעה"ב אויף וועלט און אויף טבע, איז בשעת ער ווערט אן אדם הדש - מאכט ער איבער די גאנצע וועלט אז אויך זי זאל זיין א נייע וועלט, "בראשית ברא . . את השמים ואת הארץ", "את[53] השמים לרבות תולדותיהם ואת הארץ לרבות תולדותי'".

און ווי טוט דאס אויף א איד אין וועלט - דורך דערויף וואס ביי אים איז די תורה א תורה חדשה, אז ער לערנט די תורה מיט א נייעם חיות און אויף א נייעם אופן -

ווארום ס'איז דאך "בראשית - בשביל התורה . . ובשביל ישראל"[54],

ביז אז "תורה" מיט "ישראל" ווערן איין זאך, זיי שטייען אין איין ווארט - "בראשית",

וואס בשעת מ'לערנט ע"ד הרמז איז דאס צוויי ווערטער - "ב' ראשית"[55], אבער ע"ד הפשט איז דאס נאר איין ווארט - "בראשית"

און הגם אז דעם פירוש הנ"ל ("בראשית - בשביל התורה . . ובשביל ישראל") איך פשט"מ ברענגט רש"י אלס א דרש, "אין המקרא הזה אומר אלא דרשוני" - איז אבער אויך לויט דעם צווייטן פירוש פון רש"י אין "בראשית", וואס איז "כפשוטו", איז "בראשית" איין ווארט.

וע"ד ווי געדעט פריער[56] בנוגע צו דעם נאמען "שמחת תורה", אז אע"פ וואס דאס איז כולל אין זיך סיי די שמחה

- פון -

------------

52) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ס"ע 49 ואילך. 53) פרש"י עה"פ פרשתנו א, יד. 54) פרש"י ריש פרשתנו. 55) תקו"ז הי' א' וה' בהחלתם. 56) שיחת ליל שמח"ת ס"ב. ס"ז ואילך.

פון אידן מיט תורה און סיי די שמחה פון תורה מיט אידן, איז דאס אבער לשון יחיד, "שמחת תורה" - ווארום דאס איז ווי (די שמחה פון) אידן און (די שמחה פון) תורה ווערן איין זאך -

עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם איין ווארט "בראשית", אז ער איז כולל אין זיך אידן און תורה ווי זיי ווערן איין זאך.

און דורך דערויף וואס א איד פארבינדט זיך מיט תורה ביז אז ער ווערט איין זאך מיט איר, און דער איד איז אן אדם חדש, און ער לערנט תורה אויך אין אן אופן חדש - מאכט ער דערמיט איבער די גאנצע וועלט אז די זאל זיין אן עולם חדש, ווארום די גאנצע וועלט איז "בראשית - בשביל התורה . . ובשביל ישראל".

טז. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

אריינגייענדיק פון חודש השרי אין דעם נייעם יאר, אין "ויעקב הלך לדרכו"[57] - דארף מען גיין מיט א נייעם חיות און א נייעם שטורעם און א נייע לעבעדיקייט אין תורה, און אין "גדול לימוד שמביא לידי מעשה"[58] - אין קיום המצוות,

און דעם דרך פון "ויעקב הלך לדרכו" דארף מען מאכן פאר א נייעם דרך - אז פון "דרכו" זאל ווערן "דרך ה׳ לעשות צדקה ומשפט"[59], און מאכן פון "דרכו" א דירה לו ית׳ בתחתונים,

וואס "דרכו" איז "מאכלו ומשקהו כו׳" און אלע זיינע ענינים גשמיים - איז אין די אלע זאכן דארף זיין ניכר אז ער איז א "חכם", ווי דער רמב"ם[60] זאגט, און דערצו האט יעדער איד א שייכות, ווארום יעדער איד איז פון דעם "עם חכם ונבון".

ועד"ז דארף ער אויך פועל׳ן אין וועלט כפשוטו - אז די זאל ווערן אן עולם חדש, ד.ה. אז אלע ענינים אין דער וועלט זאלן זיך פירן אין אן אופן חדש און מיט א חיות חדש - "בראשית ברא . . את השמים ואת הארץ".

יז. און דורך דער עבודה מאכט מען א הכנה צו דעם מעמד ומצב וואס וועט זיין לע"ל, וואס דעמולט וועלן זיין "שמים החדשים וארץ חדשה"[61],

וואס וויבאלד אז "במדה שאדם מודד בה מודדין לו"[62],

- "מדה -

---

57) ל׳ הכתוב - ויצא לב, ב. וראה לקו"ש חט"ו ע׳ 259 ואילך. ובהנסמן שם בהע׳ 1. 58) קידושין מ, ב. 59) ל׳ הכתוב - וירא יח. יט. 60) בהל׳ דעות רפ"ה. 61) ישעי׳ סה, יז. 62) סוטה ח. ב (במשנה).



הנחה הת׳ בלתי מוגה

"מדה כנגד מדה" - דארף די עבודה זיין מעין זה נאך איצטער, אז א איד זאל מאכן אן עולם חדש.

וואס דאס וועט ברענגען אז עס זאל זיין "אלה תולדות פרץ"[63] תולדות מלא כתיב[64], וואס דאס איז העכער פאר דעם תולדות מלא פון "אלה תולדות השמים והארץ בהבראם"[65], ע"ד ווי די מעלה פון תשובה לגבי דעם מצב האדם פאר דערויף וואס ער האט חוטא געווען (כנ"ל ס"ג ואילך),

און עס וועט זיין בשלימות ובגלוי דער "לתקן עולם במלכות ש-ד-י" ע"י משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין שלימות הענין פון "בראשית ברא . . את השמים ואת הארץ".

יח. און דערפון קומט מען צו דעם סיום פון פ' בראשית[66] - "ונח מצא חן בעיני ה'",

וואס "חן" איז א דרגא וואס איז העכער פאר אלע מדידות והגבלות[67], העכער אויך פון מתנה, ווארום א מתנה איז סוף כל סוף פארבונדן מיט "עביד לי' נייחא לנפשי'" (ווארום "אי לא דעביד לי' נייחא לנפשי' לא הוה יהיב לי' מתנהא"[68]), משא"כ "חן" איז ניט פארבונדן מיט קיין טעם און מיט קיין מדידה והגבלה, ווארום אויב ס'איז דא א טעם אויף דערויף - איז דאס ניט "חן", נאר עושר, יופי אדער יחוס וכיו"ב.

און אפילו בשעת מ'גיט יע א טעם אויף "חן" - זאגט מען אז דאס איז אן ענין עצמי, אז היות די צוויי ענינים זיינען איין זאך - דערפאר איז דא דער ענין פון "חן".

און דאס ("חן") איז די דרגא וואס נח האט באקומען, פארבונדן מיטן ענין וואס "נח נח" איז "נייחא לעליונים נייחא לתחתונים"[69], העכער פאר "נייחא לנפשי'" וואס עס דארף זיין בכדי צו באקומען א מתנה.

און דאס איז אין אן אופן פון "ונח <u>מצא</u> חן בעיני ה'", אין אן אופן פון מציאה, "למעלה מהדעת"[70].

יט. און דערפון קומט מען צו "<u>מצאתי</u> דוד עבדי"[71], וואס דאס גייט אויף דוד מלכא משיחא, וואס ער וועט קומען (ניט ע"י

- יגיעה -

---

63) רות ד, יח. 64) ב"ר פי"ב, ו. שמו"ר פ"ל, ג. 65) פרשתנו ב, ג. ב"ר ושמו"ר שם. 66) ו, ח. 67) ראה ביאוה"ז נח ס"ע כה ואילך. ועוד. 68) כן הובא בב"מ בדא"ח (המשך תרס"ו ע' קלא. סה"מ תש"ה ע' 53. ועוד). וראה מגילה כו, ב. גיטין נ, ב. ב"מ טז, א. ב"ב קנו, א. 69) ב"ר פ"ל, ה. 70) ביאוה"ז שם. 71) תהלים פט, כא.

יגיעה, נאר) אין אן אופן פון מציאה, "בהיסח הדעת"[72].

ויה"ר אז משיח זאל שוין קומען בהיסח הדעת, און ער וועט "געפינען" יעדער איד אין זמן הגלות, אין אן אופן פון מציאה,

ויקבץ נדחי ישראל[73], און ער וועט זיי ברענגען אין ארץ ישראל, אין ירושלים און אין בית המקדש,

"ושם נעשה לפניך . . תמידים כסדרם ומוספים כהלכתם כו׳"[74], אין דעם "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים", ווי עס שטייט אין סוף מסכת תמיד,

וואס בפשטות איז דער נאמען פון דער מסכת, "תמיד", על שם די קרבנות תמיד[75].

וואס ע"ד הרגיל איז די עבודה אין אן אופן פון "תמידים כסדרם" - עבודת הצדיקים; דער חידוש לע"ל וועט זיין אז עבודת התשובה וועט ווערן די עבודה פון "תמידים כסדרם", "כל ימיו בתשובה"[76].

און דאס איז אויך דער חילוק צווישן דער התחלה פון מסכת תמיד מיט סיומה: אין ההתחלת המסכת רעדט זיך וועגן דעם ענין השמירה; משא"כ בסיום המסכת רעדט זיך וועגן דעם ענין המנוחה, ווארום דעמולט וועט מען ניט דארפן האבן קיין שמירה, ווארום עס וועט זיין "שבת ומנוחה לחיי העולמים" - "כל ימיו בתשובה", אין אן אופן פון "משבית מזיקין מן העולם"[77],

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דער עבודה איצטער אין אן אופן פון "שמש גדול"[78], און דורך עבודת התשובה,

וואס דורך דערויף (דורך דער תשובה) ווערט "מיד הן נגאלין"[79].

* * *

כ. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה בראשית ברא אלקים גו׳.

* * *

- כא. -

------------

72) סנהדרין צז, א. וראה לקו"ש ח"ד ע׳ 1165.
73) רמב"ם הל׳ מלכים ספי"א. 74) נוסח תפלת מוסף דשבת ויו"ט. 75) ראה ג"כ הקדמת הרמב"ם לפיהמ"ש ד"ה והחלק הששי.
76) ל׳ רז"ל - שבת קנג, א. וראה תניא פל"א (מ, סע"א).
77) ראה הו"כ עה"פ בחוקותי כו, ו. מדרש תהלים עה"פ צב, א. וראה יהל אור להצ"צ לתהלים שם (ע׳ שכה ואילך). וב"מילואים" לשם (ע׳ תרל ואילך). 78) ראה סנהדרין נט, ב. 79) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה.

כא. ס׳איז דאך רגיל צו אפלערנען א פסוק פון השבו"ק מיט פירוש רש"י. אויף ביידע אופנים: מדייק זיין אין דעם וואס רש"י איז יע מפרש, אדער זיך אפשטעלן אויף אן עניין וואס רש"י איז ניט מפרש, כאטש אז דאס איז ניט פארשטאנדיק אין פשוטו של מקרא -

וועט מען זיך אפשטעלן אויף ביידע אופנים. אנהויבנדיק פון דעם צווייטן אופן:

ס׳איז דא א פסוק אין פרשתנו[80] וואס אין הכידוע ובכ"מ איז מען אים מבאר, און אויך אין פשש"מ איז ער צורך ביאור:

עס שטייט אין פסוק "ויצר ה׳ אלקים מן האדמה כל חית השדה ואת כל עוף השמים, ויבא אל האדם לראות מה יקרא לו וכל אשר יקרא לו האדם נפש חי׳ הוא שמו".

וואס לכאורה איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: וואס איז דא די גרויסע הפלאה אז אדם הראשון האט געקענט רופן די אלע חיות מיט זייערע נעמען, אז מ׳זאגט "ויבא אל האדם לראות מה יקרא לו":

אדה"ר איז דאך געווען יציר כפיו של הקב"ה[81] [בלשון הכתוב[82] - "נצר מטעי מעשה ידי להתפאר"], ווי דער בן חמש למקרא האט געלערנט[83] אז "וייצר ה׳ אלקים את האדם עפר מן האדמה ויפח באפיו נשמה חיים גו׳", וואס דערפון פארשטייט דער בן חמש למקרא אז דער אויבערשטער אליין, "אליו ולא למדותיו"[84], האט אים באשאפן, וואס דאס איז דאך א מעלה נפלאה - איז וואס איז אזוי די הפלאה אז אדה"ר קען אנרופן די חיות בשמם?!

אויב עס וואלט געשטאנען נאר אז אדה"ר האט זיי אנגערופן מיט נעמען, וואס די כוונה אין דעם איז - צו מחלק זיין צווישן איין חי׳ מיט דער צווייטע - וואלט דאס אויך ניט געווען אזוי פארשטאנדיק, דאס איז אבער ניט אזא געוואלדיקע קשיא;

דא שטייט אבער "ויבא אל האדם לראות מה יקרא לו", אז מ׳וועט גיין זעהן וואס פאר א נעמען וועט זיי אדה"ר אנרופן, ד.ה. אז אין דערויף איז דא א גרויסער ענין און מ׳גייט זעהן ווי אדה"ר דוקא וועט עס טאן - איז ניט פארשטאנדיק וואס איז די גרויסע הפלאה אין דעם?!

- כב. -

---

80) ב, יט. 81) קה"ר פ"ג, יא [ב]. ב"ר פכ"ד, ה. 82) ישעי׳ ס, כא. 83) בראשית שם, ז. 84) פרדס של"ב פ"ב בשם הספרי עה"פ ואתחנן ד, ז. וראה שיחת ליל שמח"ת סכ"ח ואילך.

כב. דער של"ה[85] יז מבאר, אז די חכמה פון אדה"ר צו אנרופן יעדע בהמה וכו׳ מיט א נאמען איז באשטאנען אין דעם - וואס אין דעם נאמען פון א זאך ("שכו אשר יקראו לו בלה"ק[86]) איז כרומז איר שורש, און אדה"ר האט כשיג געווען דעם מקור ושורש פון יעדער באשעפעניש, און לויט איר שורש האט ער איר געגעבן א נאמען.

ובלשון השל"ה, אז די חכמה פון אדה"ר איז געווען וואס "בידיעת התחתונים ידע סוד המרכבוה העליונות".

דאס הייסט אז ער האט געזעהן פני ארי׳ שבמרכבה, לדוגמא, און לויט דעם האט ער אנגערופן די חי׳ למטה - בשם "ארי׳". ועד"ז בנוגע צו די אנדערע באשעפענישן.

דער בן חמש למקרא האט אבער ניט געלערנט קיין של"ה, כמובן, און ער האט אויך נאך ניט געלערנט יחזקאל וואו עס רעדט זיך וועגן דער מרכבה, ער האלט ערשט בא פ׳ בראשית, און ער פארשטייט אויך ניט קיינע ענינים ווי דער מרכבה -

איז אויב דער פירוש אין פשש"מ איז אזוי ווי דער של"ה איז מבאר, האט דאס רש"י געדארפט זאגן בפירוש.

און אויב רש"י האט אין דערויף ניט קיין פירוש ע"פ פשש"מ - האט ער געדארפט זאגן "לא ידעהי", ווי מ׳זעט בכ"מ, אז אמאל איז דא א פירוש אויף א פסוק אין הושבע"פ, און אעפ"כ זאגט רש"י "לא ידעהי", ווארום דער פירוש אין הושבע"פ איז ניט קיין פירוש ע"פ פשוטו של מקרא[87],

און ווי רש"י זאגט בפרשהנו[88], אז "יש מדרשי אגדה רבים וכבר סדרום רבוהינו על מכונם בב"ר ובשאר מדרשות, ואני לא באהי אלא לפשוטו של מקרא ולאגדה המיישבת דברי המקרא דבר דבור על אופניו".

און ס׳איז ניטא קיין הועלה צו זוכן אין מפרשי רש"י צו זעהן אויב זיי זיינען מבאר דעם ענין - ווארום קיינע מפרשים (וואס איך האב געזעהן) שטעלן זיך ניט אויף דעם.

וכפי שידובר לקמן.

לג. א פירוש רש"י וואס אין אים איז צריך ביאור כמה פרטים:

אין זיין ערשטן פירוש אויף בראשית, שטעלט זיך רש"י

- אויף -

------------

85) יד, א. וראה גם בהנסמן בלקו"ש חט"ו ע׳ 13 הע׳ 2.
86) ל׳ אדה"ז בשעהיוה"א פ"א. וראה גם או"ה (הוצאה קה"ת) ד, בע"ב ואילך. 87) ראה לקו"ש ה"ה ע׳ 1 הע׳ 2 ובשוה"ג הב׳ שם. 88) ג, ח.

אויף דעם ווארט "בראשית" [איז זיין צווייטן פירוש שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "בראשית ברא"], און זאגט "אמר ר' יצחק לא הי' צריך להתחיל את התורה אלא מהחודש הזה לכם שהיא מצוה ראשונה שנצטוו בה ישראל, ומה טעם פתח בבראשית, משום כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים[89], שאם יאמרו אומות העולם לישראל לסטים אתם שכבשתם ארצות שבעה גוים, הם אומרים להם כל ישראל של הקב"ה היא הוא בראה ונתנה לאשר ישר בעיניו, ברצונו נתנה להם וברצונו נטלה מהם ונתנה לנו".

דארף מען פארשטיין:

א) דער פירוש רש"י, "כח מעשיו הגיד לעמו כו'", איז דאך בעיקר אויף די ווערטער פון פסוק "(בראשית ברא אלקים) את השמים ואת הארץ" - פארוואס איז רש"י מעתיק נאר דעם ווארט "בראשית", און איז אפילו ניט מרמז אויף די אנדערע ווערטער פון פסוק מיט א "וגו'"?

ב) פארוואס ברענגט רש"י דעם פירוש בשם "ר' יצחק"?

מיט נאך כמה דיוקים,

און ווי שוין גערעדט אמאל בארוכה[90], אבער אי אפשר בלא חידוש.

כד. ס'איז במיוחד נוגע איצטער צו רעדן וועגן דעם פירוש רש"י הנ"ל, ווארום מצד דעם חושך כפול ומכופל פון גלות זיינען דא אזוינע וואס פארטשעפען זיך מיט דעם פירוש רש"י הנ"ל, און מיט רש"י בכלל.

וואס ווער רש"י איז געווען ווייסט יעדער איינער וואס וויל וויסן: רש"י איז געווען א גדול בדורו און א גדול בכל הדורות עד היום הזה, און רש"י איז ר"ת "רבן של ישראל", וואס דאס אליין באווייזט אויף זיין גדלות אז אויף אים זאגט מען "רבן של ישראל" סתם, און ער איז געווען א פוסק און געוואוסט חכמת הנסתר וכו' וכו',

און דער עיקר - רש"י דארף ניט אנקומען צו קיינע הסכמות פון אנשים כערכנו, ועאכו"כ ניט פון אים!

און ער האט די חוצפה צו זיך פארטשעפען מיט רש"י!

רש"י זאגט אז "ברצונו נתנה להם וברצונו נטלה מהם ונתנה לנו", קומט ער און זאגט, אז וויבאלד מ'זעט אז דערנאך איז דא א גלות - איז א ראי' אז נאך דערויף וואס - "נטלה" -

------------

89) תהלים קיא, ו. 90) לקו"ש ח"ה וח"י בחלחם. שיחת מוצאי ש"פ בראשית תשל"ח ותשל"ט.



הנחת הת' בלתי מוגה

"נטלה מהם ונהנה לנו" האט דאס דער אויבערשטער צוריקגעגעבן צו די גוים!

רש"י האט געלעבט אין גלוה, אין פראנקרייך, וואס דארטן זיינען געווען געטא'ס, און די קינדער מיט וועלכע רש"י האט געלערנט זיינען געקומען פון משפחות וואס זיי האט אנגערירט די "מסעות הצלב", כידוע צו אלע וואס ווילן וויסן וואס אידישקייט איז און וואס אידן זיינען, און אויב מ'ווייסט ניט זאל זיין "שאל אביך ויגדך זקניך ויאמרו לך"[91],

און אעפ"כ שרייבט ניט רש"י אז בשעה ס'איז געווארן דער גלות, איז נאך דערויף וואס "ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו", האט דאס דער אויבערשטער צוריקגעגעבן צו די גוים!

און רש"י שרייבט דאס ניט - דערפאר וואס ס'איז ח"ו צו זאגן אזא זאך: דער אויבערשטער האט געגעבן אידן ארץ ישראל אלס א נחלה עולם, אויף אייביק, און ווי דער בן חמש למקרא וועט לערנען אין נאך קלערערע אותיות אין פ' לך לך.

כה. וואס אפילו אויב דאס וואלט געשריבן א "הלמיד ותיק" סתם, איז אויך "כל מה שהלמיד והיק עתיד לחדש הכל ניתן למשה בסיני"[92], ועאכו"כ בשעה דאס שרייבט "רבן של ישראל", רש"י,

וואס כאמור, די וואס ווילן וויסן ווער רש"י איז געווען ווייסן אז ער איז געווען א גדול בדורו און א פוסק בישראל, און ער האט זיך מוסר נפש געווען אויף אויפשטעלן תלמידים וואס לערנען תורה און זיינען מקיים מצווה, און ער איז געווען א גדול ניט נאר בדורו, נאר אין אלע דורות עד היום הזה.

און ווי דער היד"א[93] שרייבט וועגן דער גדלות פון רש"י.

[וואס יענער וועדט דאך ניט נהפעל פון רש"י - וועט ער דען נהפעל ווערן פון היד"א?!].

ביז ווי דער פס"ד הידוע אין הלכות שבת[94], בנוגע צו "שנים מקרא ואחד תרגום", אז "אם למד הפרשה בפירוש רש"י חשוב כמו תרגום".

כו. און וויבאלד אז יענער האט זיך פארטשעפעט מיט רש"י דארף ער וויסן און אלע דארפן וויסן אז המבזה תלמיד חכם הרי זה אפיקורס[95]!

- האט -

------------

91) האזינו לב, ז. 92) נסמן בלקו"ש ח"י אלול ה'תש"מ 20-21. 93) בספרו "שם הגדולים" ה"ב בערכו. 94) סרפ"ה ב"ב. 95) סנהדרין צט, ב.



הנחה הה' בלתי מוגה

האט מען דאך לכאורה אויף דערויף געדארפט אויפהויבן דעם גרעסטן שטורעם - היתכן אז איינער איז בבזה א ה"ה!

אעפ"כ זעט מען בפועל אז ס׳איז שא שטיל! אין פוצה פה ומצפצף!

וואס מען מיינט ניט אז מ׳זאל גיין מיט "ידים ידי עשו"[96] - דאס איז ניט דער דרך פון תלמידי רש"י און תלמידי הבעש"ט;

די כוונה איז נאר, אז אויף אזא זאך טאר מען ניט בלייבן שטיל, מ׳מוז מאכן דעם גרעסטן טומל - אז היתכן איינער איז מבזה א ה"ה, און נאך א ה"ח ווי רש"י!

כז. וואס דער ביאור אין דעם וואס יענער טענה׳ט - אז וויבאלד מ׳געפינט זיך אין גלוה איז א ראי׳ אז נאך דערויף וואס "נטלה מהם ונהנה לנו" האט דאס דער אויבערשטער צוריקגעגעבן צו די גוים - איז גאר בפשטות:

דאס ליגט אין די ווערטער "מפני חטאינו גלינו מארצנו", אז כאטש מ׳האט אונז אוועקגעשיקט פון ארץ ישראל אין גלות - בלייבט דאס אבער "ארצנו", אונזער לאנד,

ווארום דער גלות רירט ניט אן אין דער בעלות פון ארץ ישראל; דער אויבערשטער האט טאקע געשיקט אידן אין גלות, דאס רירט אבער ניט אן קיין הוא-זה אין אונזער בעלות אויף ארץ ישראל, ווארום דער אויבערשטער האט אפגעגעבן ארץ ישראל צו אידן אלס א נחלה עולם, און האט דאס דערנאך קיינעם ניט אפגעגעבן.

וע"ד דער משל הידוע פון א מלך וואס הגלה את בנו מעל שולחנו, וואס רח"ל צו זאגן אז ער זאל אריינעמען א צווייטן במקומו.

און אע"פ אז לכתחלה איז "נתנה להם" און די איז געווען ארץ כנען - דערנאך אבער האט ער זיי פון דארטן "ארויסגעווארפן"[97] וואס "מעשיהם של . . כנעניים מקולקלים מכל האומות"[98], און "נטלה מהם ונהנה לנו", און פון דעמולט אן באלאנגט ארץ ישראל צו אידן,

און אפילו אויב די אידן געפינען זיך במקום אחר, ניט אין ארץ ישראל (דערפאר וואס דער אויבערשטער האט זיי פון דארט אוועקגעשיקט) - רירט עס ניט אן אין דער בעלות פון אידן אויף ארץ ישראל.

- כח. -

------------

96) תולדות כז, כב. 97) ראה אחרי יח, כח. 98) תו"כ ופרש"י עה"פ אחרי שם, ג.

כח. פון וואנעט קומט יענעמ'ס גאנצע חוצפה - קומט עס גאר פון אן אנדער ענין, פון דעם ענין פון מראי מקומות וציונים:

מ'געפינט בא גדולי ישראל, אז ווען זיי פלעגן איבערזאגן בעה"ק רעדן א לשון הכתוב אדער א מאמר רז"ל, פלעגן זיי אים אמאל איבערזאגן שלא כצורתו,

וואס די סיבה דערצו איז - אדער מצד דערויף וואס בהוך הדיבור שלהם איז בא זיי געווען בעיקר נוגע דער תוכן פון דעם פסוק אדער מרז"ל, און ניט דער לשון, ווי מ'געפינט בפירוש רש"י עה"ת[99], אז אמאל איז ער משנה א לשון הכתוב אדער א מרז"ל ווי דאס איז מערער מתאים ע"פ פשש"מ, ווארום בפירושו איז ער אויסן דעם תוכן הכתוב אדער מרז"ל ווי ער שטימט אין פשש"מ און ניט דעם לשון הכתוב אדער מרז"ל בדיוק;

אדער: וויבאלד אז דער ספר פון וואנעט זיי האבן געבראכט איז ניט אלעמאל געווען ההה ידם, איז דאך "שגיאות מי יבין" (וואס ניט מיר זאגן אזוי אויף זיי ח"ו, נאר זיי אליין שרייבן אזוי אויף זיך) - האט געקענט זיין אז זיי זאלן איבערזאגן א פסוק אדער א מרז"ל ניט פונקט ווי עס שטייט.

בשעת אבער עס זיינען דא מראי מקומות על אתר, איז דאס א תועלה פאר דעם זאגער, ווארום ער קען דעמולט ארייינקוקן אין פנים אויב ער וויל דעם תוכן ווי עס שטייט אין דעם ארט, אדער א צווייטן תוכן, און לויט ווי ער וויל דעם תוכן אזוי זאגט ער (אדער שרייבט) דעם לשון.

און בשעת איין ענין שטייט בכמה מקומות - קלייבט ער אויס דעם מראי מקום וואס איז דער מערסטער מתאים צו דעם ענין וועלכן ער וויל זאגן.

כט. נאך א תועלה אין דעם ענין פון מראי מקומות וציונים - איז פאר דעם שומע און קורא און תלמיד:

בשעת דער תלמיד וואס לייענט אדער הערט דעם ענין זעט די מ"מ צו דעם ענין, קען ער ארייינקוקן אין פנים און זיך מעמיק זיין מערער אין דעם ענין,

ווארום דיבור און כתב זיינען אלעמאל במדידה והגבלה, און אויך דער שכל פון דעם כותב אדער מדבר איז מדוד ומוגבל - בשעה אבער מ'צייכנט צו די מ"מ צו דעם ענין, איז דאס מרחיב דעם ענין, אין אן אופן פון "תן לחכם ויחכם עוד"[100], ביז אז ער ווערט א "תלמיד המחכים את רבותיו"[101].

- ובכלל -

------------

99) ראה לקו"ש חי"ד ע' 46. בשוה"ג להע' 12. ושנ"ג.

100) ל' הכתוב - משלי ט, ט. 101) ראה חגיגה יד, א.

ובכלל וואס איז די עולה אין טרייבן א ב"כ - דאס גיט די מעגלעכקייט אז א איד זאל ארייננקוקן אין א פסוק אין הושב"כ, אדער אין א כרז"ל אין הושבע"פ!

ל. א דריטער טעם פארוואס כ'צייכנט-אן מ"מ, והוא העיקר:

די משנה[102] דערציילט וועגן דעם סדר וואס איז געווען פאר שחיטה התמיד: "אמר להם הממונה (צו די וואס זיינען געווען ביי אים) צאו וראו (על ההומה או על הגג - פרש"י) אם הגיע זמן השחיטה (כלוכר אם האיר המזרח שהשחיטה פסולה בלילה - פרש"י), הרואה (זה שעלה לגג) אומר ברקאי (לשון צוהר כו'), מתיא בן שמואל אומר (צו די וואס זיינען געווען על הגג) האיר פני כל המזרח עד שבחברון, והוא אומר הן".

זאגט דער ירושלמי,[103] אויף דעם, אז דאס וואס ער האט געפרעגט "האיר פני כל המזרח עד שהוא בחברון", דלכאורה וואס איז דא נוגע צו דערמאנען חברון [- אין זהר[104] טייטשט ער אז "חברון" איז מלשון חיבור וכו', אבער בפשטות לערנט דער ירושלמי אז דאס] איז - דערפאר וואס "בא להזכיר זכות אבות", וואס די אבות ליגן אין חברון.

דערפון האט מען א הוראה בנדו"ד, אז ווען מ'ברענגט אן עניין אין הורה זאל מען אנצייכענען דעם מראה מקום (למשל - מסכת סוכה), וואס דורך דערויף איז מען מעורר דעם זכות פון דער משנה אדער גמרא אדער פסוק וועלכן מ'צייכנט-אן, און דער זכות פון דעם וואס האט געזאגט דעם עניין אין תורה.

און דאס איז א הוראה לכאו"א, ווארום דאס שטייט אין א משנה מפורשה, און וויבאלד אז דאס שטייט אין א משנה, איז אין דערויף ניט שייך מאכן א טעות, ווארום "טעה בדבר משנה חוזר"[105], און דאס איז א זאך וואס קומט-אן צו יעדן אידן - אויב עד ווייסט נאך ניט דערפון דערפאר וואס ער קען ניט לערנען, וועט ער זיך מיט א ווילע שפעטער דערוויסן דערפון, אדער מ'וועט אים דערציילן וועגן דעם.

לא. עס ווערט אבער א שאלה בנוגע צו א פסוק וואס אלע ווייסן אים און וואו ער שטייט - צי מ'דארף אויף אים אויך מאכן א מראה מקום. ווי דער פסוק "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" - צי מ'דארף אנצייכענען אז דאס שטייט אין בראשית א, א?

וואס אויך בא מיר איז געווען א שקו"ט אין דעם - אבער

- נוסף -

------------

102) יומא רפ"ג. 103) יומא פ"ג ה"א. הובא ברע"ב ליומא שם. 104) ח"א קכב, ריש ע"ב (במהנ"ע). 105) סנהדרין ו, א. וש"נ.

נוסף לזה וואס מצד דעם דריכן טעם הנ"ל אויף אנצייכענען מראי מקומות (אז דאס איז בכדי צו מעורר זיין דעם זכות פון דעם פסוק און פון דעם וואס האט עס געזאגט), דארף מען דאס אויך טאן אין א פאל וואו אלע ווייסן וואו דאס שטייט - קומט צו נאך א טעם פארוואס מ'זאל דאס אנצייכענען:

אויב מ'וועט אנצייכענען נאר די מראי מקומות אויף די ענינים וואס ניט אלע ווייסן וואו זיי שטייען, און ווען עס קומט צו אן ענין וואס אלע ווייסן וואו דאס שטייט וועט מען ניט אנצייכענען דעם מראה מקום - וועט דאס באפן אן ענין פון היפך הכבוד פאר דעם ארט.

לב. די וואס האבן זיך פארטשעפעט מיט רש"י - האבן זיך אויך פארטשעפעט מיט דעם ענין פון מראי מקומות - וואס אין דערויף קען מען זיך אפלערנען אן ענין פון דעם מונקאטשער:

דער מונקאטשער שרייבט[106] אז איינע פון די זאכן וועלכע מתנגדים פלעגן זיך אפלאכן פון חסידים איז געווען: וואס חסידים געפינען אין יעדער ענין, אפילו אין א דבר פשוט, א יחוד למעלה, א רמז, א הלכה, ביז א הוראה אין עבודת ה'.

וואס באמת איז דאס דער דרך און תורת הבעש"ט הידועה[107].

עד"ז קען מען ארויסנעמען א הוראה פאר די וואס האבן זיך פארטשעפעט מיט רש"י און מיט מראי מקומות, ובמיוחד מיט דעם מראה מקום בראשית א, א - פון דעם ענין גופא פון בראשית א, א:

זיי מיינען אז אלץ וואס זיי טוען איז דאס "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[108], און ניט אז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", און אז ער פירט-אן מיט דער גאנצער וועלט און אלע אירע איינצלהייטן עד היום הזה!

זאגט מען זיי: אז דער פסוק "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" שטייט אין בראשית א, א:

די ערשטע זאך וואס שטייט אין דעם ערשטן חומש פון גאנץ תורה (בראשית א, א) איז - אז "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ":

אז דער אויבערשטער האט באשאפן די גאנצע וועלט, מיט אלע ענינים וואס געפינען זיך אין איר,

און ס'איז ניט דער פשט אז ער האט איר אמאל באשאפן

- און -

------------

106) בספרו דברי תורה מהדו' ב' סכ"ז. 107) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכח. 108) ל' הכתוב - עקב ח, יז.

הנחה הת' בלתי מוגה

און איצט פירט ער מיט איר ניט אן ח"ו - נאר אויך איצטער, אין שנה ה'תש"מ און ה'תשמ"א. פירט ער אן מיט איר און מיט אלע ענינים וואס געפינען זיך אין איר, מיט אלע מענטשן, כולל אויך איט, מיט זיינע בני חיי ומזוני! ווי דאס פארשטייט אויך א בן חמש למקרא.

ובפרט אויב מ'האט דעם זכוה צו האבן א ידיעה אין תורת הבעש"ט[109] און ווי עס שטייט שוין פריער אין מדרש תהלים[110], אז ניט נאר וואס דער אויבערשטער האט אמאל, לערך 5700 יאר צוריק, באשאפן די וועלט - נאר ער באשאפט איר בכל רגע ורגע מחדש, אויך איצטער אין די רגעים פון שנה תש"מ און תשמ"א,

ובמילא באשאפט ער אויך יענעם מיט אלע זיינע ענינים, בני חיי ומזוני, בכל רגע ורגע מחדש!

יענער מיינט אבער אז "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"! ער האט געזונט און א ביסל געלט, און כחות צו שרייבן, וואס די אלע זאכן גיט אים דער אויבערשטער - אבער ער מיינט אז דאס קומט פון "כחי ועוצם ידי"!

און ער מיינט דאס מיט רעכט - ווארום ער מאכט דעם חשבון אז לויט זיין הנהגה איז דאך ניט מתאים אז דער אויבערשטער זאל אים געבן די אלע ענינים וואס ער האט, געזונט און כחות און געלט וכו' - איז ווי ווי קומען צו אים די אלע זאכן - מוז מען זאגן אז דאס קומט פון "כחי ועוצם ידי"!

דער אמת איז אבער, אז בעת מעשה וואס ער שרייבט מיט אזא חוצפה איז דאס מיט דעם כח פון דעם אויבערשטן, און דער "דבר הוי'" געפינט זיך רעמולט אין גלות אין אים!

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר[111], אז אפילו בשעה איינער איז מכה אדער מקלל א צווייטן איז "בשעה זו ממש שמכהו או מקללו מתלבש בו כח ה' ורוח פיו ית' המחייהו ומקיימו וכמ"ש (בנוגע צו דעם וואס שמעי בן גרא האט מקלל געווען דוד המלך[112]) כי ה' אמר לו קלל", וואס דער כח אויף דעם אז ער זאל קענען מקלל זיין קומט פון דעם אויבערשטן, און בשעת מעשה וואס ער איז אים מקלל איז אים דער דבר הוי' מחי'.

עד"ז בנוגע צו דעם וואס פארשעפעט זיך און חוצפה'ט זיך מיט רש"י, מיט דעם חילוק אבער - אז שמעי בן גרא איז געווען א גדול משא"כ ער איז בכלל ניט אין דעם סוג!

- און -

------------

109) שעהיוה"א בתחלתו. 110) עה"פ תהלים קיט, פט. וראה לקו"ת אחרי כה, סע"ג. סה"ש ה'ש"ה ע' 170. הש"ג ע' 146. "היום יום" ע' צט. 111) אגה"ק סכ"ה (קלח, ב). 112) ש"ב טז, י.

און כאמור, בשעת מעשה וואס ער רעדט און שרייבט און דרוקט אזוי אויף רש"י - געפינט זיך דער דבר הוי' אין אים אין גלות, און די מעגלעכקייט אז עס זאל קענען זיין אזא זאך, איז פארשטאנדיק ע"פ וואס רז"ל[113] זאגן אז עס קען זיין די מציאות פון "נכרים מרקדין בהיכלו"!

לג. און דאס איז די נקודה וואס פעלט ביי אים - עס פעלט ביי אים דער "בראשית א, א", אז די ערשטע זאך איז - אז דער אויבערשטער האט אים באשאפן און איז אים מחי' און פירט מיט אים אן די גאנצע צייט. און אז ס'איז ניט "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"

[וואס איינער וואס זאגט אזוי איז עובר אויף א לאו, ווי דער סמ"ג[114] זאגט; ער האלט אבער ניט פון רש"י, איז עאכו"כ אז ער האלט ניט פון סמ"ג!]

און דערפון קומט ער צו רעדן קעגן רש"י'ן, וואס רש"י איז געווען א "תלמיד והיק", וואס "כל מה שתלמיד והיק עתיד להדש הכל ניתן למשה בסיני" - קומט אויס אז ער רעדט ניט נאר קעגן רש"י'ן, נאר קעגן משה רבינו, ביז קעגן דעם אויבערשטן וואס ער האט געגעבן די תורה בסיני!

וואס בכלל ווער איז ער אז מ'זאל אים בכלל מייחס זיין צו רש"י - ער איז בכלל ניט אין דעם סוג פון רש"י! ס'איז מערניט וואס אויף א איד א זאגט מען ניט קיין להבדיל (ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט)!

ער מיינט אז ער קען טאן וואס ער וויל: ער קען רעדן וואס ער וויל שרייבן וואס ער וויל, דרוקן וואס ער וויל.

ער דארף אבער וויסן אז ס'איז דא אן אויבערשטער אויף דער וועלט וואס ער איז דער בעה"ב אויף אלץ, אויך אויף אים, און צו אים דארף ער געבן א דין וחשבון!

און מצד דעם גרויסן טעות זיינעם - קומט ער צו רעדן מיט אזא הוצפה, און רעדן פארקערט ווי עס שטייט אין רש"י: רש"י זאגט אז "נטלה מהם ונהנה לנו", זאגט ער אז וויבאלד ס'איז דא א גלות, איז א דאי' אז דעמולט האט דאס דער אויבערשטער צוריקגעגעבן צו די גוים רה"ל!

רש"י איז אויך געווען אין גלות, און. ער האט געלערנט מיט קינדער וואס זיינען געווען אין גלות, ביז אין אזא גלות, אז זיי האבן געדארפט לעבן אין א געטא, און זיי האבן געוואוסט אז אויב מ'גייט ארויס פון דעם געטא אין געווי-סע שעה - וועט מען באקומען אן עונש הכור ביותר -

- און -

---

113) יומא כט, ב (ע"פ גירסא הע"י). 114) מל"ת כד.



הנחה הת' בלתי מוגה

און אעפ"כ שרייבט רש"י אז "נטלה מהם ונתנה לנו" און ווייטער שרייבט ער ניט. וואס דאס הייסט אז אזוי איז דאס געבליבן, און ח"ו צו זאגן אז דערנאך האט דער אויבערשטער צוריקגעגעבן ארץ ישראל צו די גוים.

לד. עפ"ז, אז דער בן חמש למקרא כיט וועלכן רש"י לערנט פירושו געפינט זיך אין גלות - וועט מען פארשטיין דעם ערשטן פירוש רש"י על התורה:

די ערשטע זאך וואס א אידיש-קינד פון פינף יאר (וואס כיט אים לערנט מען פירוש רש"י על התורה) דארף וויסן, איז, אז וויבאלד ער געפינט זיך אין גלות, ווי ער זעט במוחש, און בשעת ער קוקט זיך ארום זעט ער אז "אתם המעט מכל העמים"[115] - דארף ער וויסן ווי דארף זיין זיין כללות'דיקער צוגאנג צו אידישקייט און צו תורה ומצוותי'.

זאגט אים דאס רש"י אן גלייך אין זיין ערשטן פירוש על התורה:

אלס א הקדמה כללית צו זיין גאנצן פירוש [וכידוע אז רש"י האט ניט געשריבן קיין הקדמה צו זיין פירוש, ווי אנדערע מחברים טוען], פאר דערויף וואס ער איז מפרש א פירוש פרטי על התורה, און אלס א הקדמה צו גאנץ תורה און אידישקייט - זאגט אן רש"י, אז "לא הי' צריך להתחיל את התורה אלא מהחודש הזה לכם, שהיא מצוה ראשונה שנצטוו בה ישראל":

די ערשטע זאך וואס איז נוגע א אידן איז - תומ"צ, און דערפאר האט זיך די תורה דערמיט געדארפט אנהויבן.

"ומה טעם פתח בבראשיה, משום כח מעשיו הגיד לעמו להת להם נחלת גוים, שאם יאמרו אומות העולם לישראל לסטים אתם שכבשתם ארצות שבעה גוים, הם אומרים להם כל הארץ של הקב"ה היא, הוא בראה ונתנה לאשר ישר בעיניו, ברצונו נתנה להם וברצונו נטלה מהם ונתנה לנו":

די תורה האט אבער אנגעהויבן מיט "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", בכדי צו באווארענען א אידן, אז אע"פ וואס ער איז פון "אתם המעט מכל העמים", און ער געפינט זיך אין גלות - זאל ער דערפון ניט נתפעל ווערן, ווארום דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט און די גאנצע וועלט געהערט צו אים, און ער האט אפגעגעבן צו אידן ארץ ישראל און גאנץ תומ"צ - איז במילא בשעה דער איד פירט זיך אויף

- ווי -

------------

115) ואתחנן ז, ז.

ווי דער איבערשטער וויל, ווערט ער אויך דער בעה"ב אויף דער גאנצער וועלט.

לה. פרעגט אבער דער קינד: ווי אזוי קען ער דאס דורכפירן, ער איז דאך פארט נאר איינער קעגן א גאנצע וועלט?!

זאגט אים רש"י, אז דאס האט געזאגט ר׳ יצחק, וואס דער נאמען "יצחק" באווייזט און איז על שם יצחק אבינו,

וואס ער וועט לערנען וויי'טער (אין פ׳ וירא), אז ס׳איז געווען ישמעאל, און בני ישמעאל און די בני הפילגשים - און ס׳איז אויך געווען יצחק, וואס ער איז געווען אן איין און איינציקער אידיש-קינד (און דערנאך - א גדול) אין דער גאנצער וועלט (ביז ער איז געווארן בן ששים שנה, וואס דעמולט זיינען יעקב און עשו געבארן געווארן[116]), און אעפ"כ איז ער דערפון ניט נתפעל געווארן, און האט זיך אויפגעפירט ווי עס פאסט פאר א אידיש-קינד.

וואס דערפון האט דער בן חמש למקרא א לעבעדיקן ביישפיל ווי ער דארף זיך אויפפירן בנוגע צו עניני תומ"צ אפילו אין זמן הגלות און ס׳איז "אתם המעט מכל העמים" - אז ער דארף דערפון ניט נתפעל ווערן, ווארום ער ווייסט אז דער איבערשטער איז דער בעה"ב אויף דער גאנצער וועלט, כנ"ל.

לו. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס רש"י איז מעתיק נאר דעם ווארט "בראשית", און ניט די אנדערע ווערטער פון פסוק, און שרייבט אויך ניט קיין "וגו׳":

כמדובר כמ"פ[117] אז ווען רש"י איז מעתיק נאר דעם ערשטן ווארט פון א פסוק אדער פון אן ענין - איז זיין כוונה דערמיט, צו מפרש זיין ניט נאר דעם ווארט וועלכן ער איז מעתיק, נאר דעם גאנצן ענין וואס רעדט זיך דערנאך.

עד"ז בעניננו: מיט מעתיק זיין נאר דעם ווארט "בראשית" איז רש"י אויסן צו באווארענען, אז זיין פירוש - וואס ער איז א הקדמה צו גאנץ תורה און אידישקייט, אז דער איבערשטער איז דער בעה"ב אויף דער וועלט, ובמילא איז ניטא פון וואס צו נתפעל ווערן, כנ"ל - איז ניט נאר אויפן ווארט "בראשית", נאר אויך אויף גאנץ מעשה בראשית, ביז אויף גאנץ תורה וואס קומט דערנאך.

לז. און פארוואס האט טאקע א איד דעם כח צו זיין א בעה"ב אויף דער גאנצער וועלט (דורך דערויף וואס ער איז מקיים תורה ומצוותי׳) - באווארענט רש"י אין זיין צווייטן פירוש -

- אז -

---

116) תולדות כה, ו. 117) ראה "כללי רש"י" פ"ו סעיף 6.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

אז דער גאנצער ענין פון "בראשית ברא" איז "בשביל התורה . . ובשביל ישראל".

וואס דערפאר איז בשעה א איד פירט זיך ע"פ תורה - ווערט ער א בעה"ב אויף דער גאנצער וועלט, אויף "שמים" און "ארץ", ווארום בשבילו און בשביל התורה זיינען זיי באשאפן געווארן.

וואס האמור לעיל איז דער ביאור אין דעם וואס רש"י איז יע מפרש (אין זיין ערשטן פירוש); כ׳דארף נאך אבער האבן ביאור אין דעם ערשטן ענין וואס געווערט אין פרש"י בנוגע צו קריאת שמות פון די חיות וכו׳ דורך אדה"ר, וכפי שיתבאר לקמן.

לח. בנוגע צו די הערוה פון דעם טאטן אויפן זהר פון פרשתנו - איז בהמשך צו דעם וואס מ׳האט פריער גערעדט אז די עבודה פון א אידן איצטער דארף זיין צו אויפמאכן "שמים חדשים וארץ חדשה", א נייע וועלט - איז א דבר נכון צו רעדן אין דער הערה אויפן זהר וואס רעדט וועגן דעם ענין פון נרות שבת קודש.

דער זהר[118] זאגט "ואתתא בעיא בחדוה דלבא ורעותא לאדלקא בוצינא דשבת דהא יקרא עלאה היא לה וזכו רב לגרמה, למזכי לבנין קדישין דיהון בוצינא דעלמא באורייתא ובדחלתא, ויסגון שלמא בארעא, ויהיבת לבעלה אורכא דחיין".

וכפי שידובר לקמן

ויה"ר אז עס זאל זיין שלום בעולם, דורך תורה, וואס אפילו "נתיבותי׳" זיינען "שלום"[119], ועאכו"כ תורה אליין, און תורה איז ממשיך שלום בעולם, ווי דער רמב"ם[120] ברענגט (פון ספרי[121]) אז "כל התורה ניתנה לעשות שלום בעולם",

און עס זאל זיין שלימות התורה, שלימות הארץ און שלימות העם, ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

אח"כ אמר: ס׳איז דאך מנהג ישראל צו פארקויפן די מצוות בשבת זו (שבת בראשית) - זאל מען דאס איצטער טאן, און טאן בזריזות און מיט א שטורעם, און דער עיקר - אז עס זאל זיין א ריבוי כסף וזהב.

[אחרי שמכרו המצוות, אמר כ"ק אדמו"ר שליט"א להגבאי (ר׳ י.פ. -

------------

118) ח"א מח, ב. 119) משלי ג, יז. 120) סוף הל׳ חנוכה. 121) עה"פ נשא ו, כו. וראה לקו"ש ח"ה ע׳ 349 ואילך.

(ר' י.פ. שי') שיאמר דבר תורה. וסיפר הנ"ל[122]:

אדמו"ר הזקן נ"ע בשעה שנשפט בפעטערבורג על המסירה הידועה והשרים הגדולים וחכמים בחנוהו בכמה חכמות וענינים כידוע, אז שאלוהו אם הוא בקי בחכמוה ציור כדור הארץ, ואמר להם כן. והראוהו המפה החדשה של ציור ארץ החדשה אמעריקא, והראה להם אדמו"ר טעות א' בהציור. ונתרבה הוויכוח בין החכמים עד שהודו לו אח"כ שהצדק אתו. ושאלוהו בפליאתם איך יודע הוא זה, שהרי זאת המפה היא הראשונה שהגיעה לארץ רוסי'? והשיב להם שבאות בי"ת של בראשית מצויר כל העולם ומשם יודע היטב כל הציור של העולם.

ואמר כ"ק אדמו"ר שליט"א: דער מוסר השכל דערפון איז - אז זייענדיק אין אמעריקא זאל מען ניט מאכן קיין טעות.

אח"כ התחיל לנגן והריקותי לכם ברכה.

* * *

לט. די הפלאה אין דעם וואס אדה"ר האט אנגערופן די חיות וכו' מיט נעמען, ווי עס שטייט "ויבא אל האדם לראות מה יקרא לו גו'", און פאדוואס רש"י דארף דאס ניט באווארענען בפירוש על אתר:

וואס דער ענין פון א נאמען איז, האט דער בן חמש למקרא שוין געלערנט פריער:

פריער אין פרשתנו[123] דערציילט די תורה די נעמען פון די פיר נהרות וואס זיינען געווען אין גן עדן, "שם האחד פישון גו' ושם הנהר השני גיחון גו' ושם הנהר השלישי חדקל גו' והנהר הרביעי הוא פרת",

און רש"י איז מפרש אויף יעדן נאמען פון יעדער נהר, ווי דער נאמען האט א שייכות מיטן תוכן און מהות פון דעם נהר: "פישון - הוא נילוס נהר מצרים, וע"ש שמימיו מתברכין ועולין ומשקין את הארץ נקרא פישון כמו ופשו פרשיו[124], ד"א פישון שהוא מגדל פשתן שנא' אצל מצרים[125] ובושו עובדי פשתים". "גיחון - שהי' הולך והומה והמייתו גדולה מאד, כמו וכי יגח[126] שמנגח והולך והומה". "חדקל - שמימיו חדין וקלין". "פרת - שמימיו פרין ורבין ומברין את האדם".

וואס דערפון פארשטייט דער בן חמש למקרא, אז די נעמען פון די נהרות זיינען ניט נאר בכדי צו פאנאנדערטיילן

- צווישן -

---

122) הסיפור נדפס בס' "מגדל עז" (להר"י שי' מונדשיין) ע' רנו. 123) ב, יא ואילך. 124) חבקוק א, ח. 125) ישעי' יט, ט. 126) משפטים כא, כה.

צווישן איין נהר מיטן צווייטן,

וואדום אויף צו פאנאנדערטיילן צווישן איין נהר מיטן צווייטן נהר - האט מען געדארפט אנרופן דעם ערשטן נהר "נהר ראשון", דעם צווייטן נהר - "נהר שני", דעם דריטן נהר - "נהר שלישי" און דעם פערטן נהר - "נהר רביעי";

דערפון אבער וואס מ׳רופט זיי אן מיט נעמען, "פישון" וכו׳, באווייזט דאס אז די נעמען זיינען אויך פארבונדן מיטן תוכן און מהוה פון די נהרות, ווי דש"י איז דאס מבאר בפרטיות.

דערפון פארשטייט דער בן חמש למקרא בנוגע צו די נעמען פון אלע זאכן, כולל אויך פון חיות און בהמות וכו׳ - אז זיי זיינען ניט נאר בכדי צו פאנאנדערטיילן צווישן איין זאך מיט דער צווייטער, צווישן איין חי׳ אדער בהמה מיט דער צווייטער - נאר זיי באווייזן אויך אויפן תוכן און מהות פון די חיות און בהמות וכו׳.

און ווי מ׳זעט אז אדה"ר האט ניט אנגערופן די חיות און בהמות וואס ער האט געזעהן - "ראשון" "שני" און "שלישי" לויט דעם סדר וואס ער האט זיי געזעהן: די ערשטע חי׳ אדער בהמה וואס ער האט געזעהן - מיטן נאמען "ראשון", די צווייטע - "שני" און אזוי ווייטער -

נאר ער האט אנגערופן יעדער חי׳ און בהמה מיט א פרטיות׳דיקן נאמען, לפי דעם תוכן און מהות פון דער חי׳ און בהמה.

מ. עפ"ז וועט מען פארשטיין דעם אויפטו פון דעם וואס אדה"ר האט געקענט אנרופן די חיות ובהמות וכו׳ מיט נעמען, וואס דערפאר איז "ויבא אל האדם לראות מה יקרא לו":

רש"י על תחלת כתוב זה, אויף "ויצר וגו׳ מן האדמה", זאגט אז "בשעת יצירתן מיד בו ביום הביאם אל האדם לקרוה להם שם".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פאר דערויף וואס מ׳האט געבראכט אלע חיות ובהמות וכו׳ צו אדה"ר, האט ער זיי ניט געזעהן, און בשעה מ׳האט זיי געבראכט צו אים האט ער גלייך במשך פון כמה רגעים זיי אנגערופן מיט זייערע נעמען -

וואדום איך פשטות הכתובים איז פארשטאנדיק אז קריאת השמות ע"י אדה"ר איז געווען פאר דעם וואס "ויפל ה׳ אלקים תרדמה על האדם גו׳"[127] און פון אים געמאכט חוה - קומט דאך

- אוים -

------------

127) פרשתנו שם, כא.

אוים אז במשך א זמן קצר ("בו ביום" פון יצירת החיות ובהמות איידער "ויפל ה' אלקים תרדמה על האדם") האט אדה"ר געזעהן די אלע חיות און בהמות, און זיי אנגערופן מיט זייערע נעמען.

[אין גמרא[128] שטייט בפירוש אין וועלכע שעה בדיוק אין יענעם טאג איז געווען די קריאת השמות, "ששיה קרא שמות"; אין פשש"מ איז אבער פארשטאנדיק אן דעם אז דאס איז געווען בהתחלת היום (פון דעם וואס ערשט דערנאך איז געווען "ויפל ה' אלקים תרדמה על האדם")].

וואס דאס איז דאך א געוואלדיקע הפלאה - אז בשעת מ'האט געבראכט די חיות און בהמות צו אדה"ר, איז מיט איין קוק, ובמשך כמה רגעים, ניט וויסנדיק און ניט זעהנדיק זייערע הכונות פון פריער, אז די חי' לויפט און די לויפט ניט וכיו"ב (ווארום "בשעת יצירתן מיד בו ביום הביאם את האדם לקרות להם שם", האט ער פון פריער זיי ניט געזעהן, כנ"ל) - האט ער אנגערופן אלע ריבוי מינים פון חיות און בהמות כו' מיט זייערע ריכטיקע נעמען וואס פאסן-צו און באווייזן אויף דעם תוכן און מהות און תכונות פון די חיות און בהמות כו'!

און די ראי' אז די נעמען וואס אדה"ר האט זיי געגעבן זיינען טאקע זייערע ריכטיקע נעמען לפי תוכנם ומהותם ותכונתם, איז - דערפון וואס די נעמען פון די חיות און בהמות כו' וואס אדה"ר האט געגעבן זיינען אזוי געבליבן אויף אייביק, ווי רש"י זאגט אז "כל נפש חי' אשר יקרא לו האדם שם הוא שמו לעולם".

מא. וואס דאס איז דער ביאור אויף דער הפלאה אין דעם וואס אדה"ר האט אנגערופן די חיות און בהמות כו' מיט נעמען אין פשוטו של מקרא;

באם של"ה אבער איז דאס ניט אזא גדלות: וואס איז די גרויסע זאך אז ער האט אנגערופן א פערד א פערד און א בהמה א בהמה וכיו"ב?!

דערפאר איז דער של"ה מבאר אז די חכמה פון אדה"ר איז געווען וואס "בידיעה ההתהונים ידע סוד המרכבות העליונות", אז אדה"ר האט משיג געווען דעם מקור ושורש פון יעדער באשעפעניש, און לויט איר שורש האט ער איר געגעבן א נאמען - ער האט געזעהן פני ארי' שבמרכבה, און לויט דעם האט ער אנגערופן די חי' וואס שרשה איז פני ארי' שבמרכבה מיטן נאמען "ארי'", ועד"ז בנוגע צו די אנדערע באשעפענישן.

- וואס -

---

128) סנהדרין לח, ב.

וואס דער ביאור אין דעם של"ה איז ניט אזוי איינפאך ווי ב'לייענס עס אפ כהם אזוי - נאר אין דערויף איז דא א גאנצע השתלשלות:

בכדי צו ממשיך זיין אן ענין ווי דאס געפינט זיך אין דער מרכבה למעלה אז אזוי זאל דאס אראפקומען למטה אין עולם הזה, ווי אדה"ר האט געטאן ווען ער האט געגעבן די חיות און בהמות זייערע נעמען - דארף דאס נשתלשל ווערן דורך א ריבוי מדריגות,

וכמבואר אין די דרושים[129] בנוגע צו "הנותן לשכוי בינה"[130], אז דאס וואס ס'איז דא דער קריאת הגבר בחצות צו מעורר זיין אויף תיקון חצות - ווערט דאס נשתלשל דורך א ריבוי מדריגות פון ווי דער ענין איז למעלה בחצות.

ועד"ז בשעה עס דארף נמשך ווערן פון אן ארי' למעלה צו אן ארי' הגשמי למטה, דארף עס פריער נמשך ווערן פון דעם ארי' ווי ער איז בשרשו הראשון - כתר[131], דערנאך ווי ארי' איז בחי' חכמה, דערנאך ווי ער איז בחי' חסד, דערנאך בחי' גבורה, ביז ווי ער איז אין דער מרכבה, ביז ער ווערט נמשך דא למטה אין עולם הזה,

און בשעה אדה"ר האט אנגערופן די חיות און בהמות מיט זייערע נעמען, האט ער דאס ממשיך געווען במשך עטליכע רגעים, כנ"ל - איז פארשטאנדיק די הפלאה בזה.

מב. דערפון האט מען אויך די הוראה, אז מ'דארף ממשיך זיין למטה אלע ענינים ווי זיי שטייען מיטן גאנצן תוקף למעלה.

וכידוע דער סיפור וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט וועגן דעם מגיד[132]:

פאר דעם וואס דער מגיד איז געווארן א תלמיד פון דעם בעש"ט פלעגט ער (אויך) מתפלל זיין באריכה מיט כוונת האריז"ל. דערנאך ווען ער איז געקומען צום בעש"ט איז דער זמן התפלה ביי אים געווארן א סאך מערער באריכות ווי ס'איז געווען פריער.

אמאל איז געקומען צום מגיד איינער וואס איז געווען א חבר פון דעם מגיד, וואס זיי האבן געלערנט און געדאווענט צוזאמען, איידער דער מגיד איז געווארן א תלמיד פון דעם

- בעש"ט -

-------------

129) אוה"ת מסעי ע' א'שם ואילך. ביאוה"ז להצ"צ ע' רצה. סה"מ תשי"א ע' 14. ובכ"מ. 130) ברכות השחר. ברכות ס, ב. 131) אוה"ת נ"ך ע' תמז. ובכ"מ. 132) נדפס (בשינויים) בס' הרב המגיד ע' 130 ואילך.

בעש"ט, און יענער איז אויך געווען א גרויסער מקובל און ער פלעגט אויך דאווענען באריכה ע"פ כוונה האריז"ל.

האט יענער געזעהן אז דער מגיד דאווענט א סאך מערער באריכות ווי ער. האט ער ביי אים דערנאך געפרעגט:

מיר זיינען דאך אמאל ביידע געווען צוזאמען און געלערנט צוזאמען און געדאווענט באריכה ע"פ כוונת האריז"ל צוזאמען, און דעמולט פלעגט ער (דער מגיד) דאווענען אזוי לאנג ווי ער (דער מקובל) - איז פארוואס דאווענט ער איצטער מיט אזא אריכות גדולה, בשעת ער (דער מקובל) דאווענט מיט די זעלבע כוונות און ניט מיט אזא אריכות?!

דער מקובל פלעגט באקומען זיין פרנסה פון מסחר, וואס אין דעם מסחר פלעגט עוסק זיין פרוי און ער פלעגט לערנען א גאנצן טאג. אבער איין, צוויי מאל א יאר האט ער געדארפט פארן קיין לייפציג וואס דארטן איז געווען א יריד און אנקויפן נייע סחורה, און זעהן וואס פאר א סחורה מ׳דארף האבן וכו׳, און דערנאך פלעגט ער צוריקקומען מיט דער סחורה און זיין פרוי פלעגט דאס פארקויפן.

דער מגיד האט דערפון געוואוסט, האט ער ביי אים געפרעגט: פארוואס דארף ער אראפנעמען פון זיין צייט פון לערנען אויף פארן קיין לייפציג - ער קען זיך פארשפארן אין א צימער אז קיינער זאל אים ניט מבלבל זיין, און היוה ער ווייסט דאך די וועג קיין לייפציג, זאל ער זיך מהבונן זיין אין דער גאנצער וועג ווי מ׳פארט אהינצו כאילו ווי ער פארט בפועל: ער זאל זיך מהבונן זיין ווי ער פארט צו דער ערשטער קרעטשמע און דארטן שפאנט מען איין די פערד אויף מאכן די נסיעה, און דערנאך ווי מ׳פארט שוין בפועל מיט די פערד, און דערנאך ווי מ׳שטעלט זיך אפ אינמיטן וועג בא נאך א קרעטשמע, ביז מ׳קומט אן קיין לייפציג, און דערנאך ווי ער קויפט דארטן די סחורה, און דערנאך זיין נסיעה אויף צוריק, און ווי ער שטעלט זיך אפ אין די אלע קרעטשמע׳ס, ביז ער קומט-אן צוריק אהיים?!

וואס אויף אזא התבוננות - האט דער מגיד געזאגט - נעמט צייט, אבער דאס נעמט ניט אזוי פיל צייט ווי פארן בפועל - איז פארוואס דארף ער פארן בפועל?!

האט אים דער מקובל געזאגט, אז מיטן גאנצן דרך ארץ, איז ער א בטלן: דא דארף מען ניט האבן די כוונות - נאר די סחורה בפועל, און אויף דערויף דארף מען פארן קיין לייפציג בפועל און דארטן קויפן די סחורה און דאס דערנאך צוריקברענגען!

האט אים דער מגיד געזאגט: הוא הענין אזוי איז טאקע

- אויך -



הנהה הה׳ בלהי מוגה

אויך בנוגע צו תפלה: בשעת מ'וויל האבן נאר די כוונות התפלה - נעמט דאס טאקע נאר א קורצע ווייל'ע; בשעה מ'וויל אבער האבן די "סחורה" אליין - דארף מען אהינצו פארן דאס נעמען, און דערנאך דאס צוריקברענגען און אויספאקן, וואס דאס נעמט א ריבוי זמן!

מג. די הוראה דערפון:

ס'איז ידוע די שיחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[133], אז חודש תשרי איז ע"ד ווי ווען מ'איז אויף א יריד, וואס דעמולט קויפט זיך א איד איין "סחורה" פאר דעם גאנצן יאר, און קומענדיק אהיים, במשך ימות השנה, פאקט מען עס פאנאנדער.

האט מען די הוראה פון האמור לעיל - אז מ'זאל ניט בלייבן בא די כוונות: אז מ'ווייסט אז אין חודש תשרי איז געווען א ראש השנה, א יוהכ"פ, א סוכות, א שמע"צ און א שמח"ת וכו' - נאר מ'דארף האבן די "סחורה" אליין,

און דערמיט דארף מען אוועקפארן פון חודש תשרי, און דערנאך אויספאקן די "סחורה" במשך כל ימות השנה,

וואס "סחורה" איז דאך דער ענין פון לימוד התורה, ווארום תורה איז דאך "לקח טוב (נתתי לכם)"[134], און זי איז "טוב סחרה מכל סחורה"[135] -

אז מ'זאל לערנען תורה בכל ימות השנה, און "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[136] - מקיים זיין מצוות.

און דורך דערויף וועט מען באקומען דעם ריוח וואס קומט פון דער "סחורה" - אז עס וועט זיין א שנה מבורכת בכל, א שנה של הרחבה - הרחבה ברוחניות ובמילא הרחבה בגשמיות, אדער בא די וואס דער סדר דארף זיין פארקערט - הרחבה בגשמיות ובמילא הרחבה ברוחניות,

און א שנה מבורכת און שנה של הרחבה בגשמיות וברוחניות וברוחניות ובגשמיות גם יחד,

און אויך א פריילעכער יאר אין אלע ענינים.

און דאס זאל אזוי אויך נמשך ווערן אין וועלט, אז עס זאל זיין "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", "ברא" מלשון "בריא", געזונט, און מלשון גילוי[137] - אז עס זאל זיין

- א געזונטע -

------------

133) שמע"צ תש"ז - נעתקה בסה"מ שם ע' 78. 134) משלי ד, ב. אבות פ"ו מ"ג בסופה. 135) פיוט "שישו ושמחו" דשמח"ה. 136) ראה קידושין מ, ב. 137) סה"מ תש"ה ע' 74. תש"ח ע' 79. סה"ש תש"ה ע' 64.

א געזונטע וועלט און מ'זאל מגלה זיין די פנימיות פון וועלט.

ביז צו דער ברכה העיקריה - גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

מד. אן ענין וועלכן מ'קען ארויסנעמען פון דעם זהר אין פרשתנו וואס רעדט וועגן נרות שבת קודש:

מ'דארף מסביר זיין כל בת ישראל, אויך קטנות, דעם גודל הענין פון אנצינדן נרות שבת קודש.

אז דורך דעריף איז זי זוכה צו "בנין קדישין דיהון בוצינא דעלמא באורייהא ובדחלתא, ויסגון שלמא בארעא, ויהיבת לבעלה אורכא דחיין".

און דאס טוט אויף יעדע אידישע מיידל בשעת מעשה ווען זי צינדט אן נרות שבת קודש, ביז אז אפילו ווען א קטנה צינדט אן נרות שבת קודש טוט זי דאס אויף נאך ווען זי איז א קטנה, און דערנאך ווען זי וועט אויסוואקסן וועט דאס מערניט ווי נתגלה ווערן - אז זי וועט האבן אזוינע קינדער וואס וועלן לערנען תורה, און א מאן וואס וועט מאריך ימים זיין!

און פון דעם ענין פון נרות שבת קודש, וואס איז אן ענין פון "זהיר טפי"[138] בא נשי ובנות ישראל - קומט מען צו די אנדערע מבצעים:

"מבצע אהבה ישראל", "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "מבצע בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע טהרה המשפחה", און "מבצע כשרות האכילה ושתי'".

וואס דא איז ניט נוגע דער סדר פון די מבצעים - אבי מ'זאל עס אפטאן בפועל.

מה. ויהי רצון אז מ'זאל אין דעריף האבן הצלחה - אז עס זאל זיין א שנה פון מבצעים, א שנה פון הפצה היהדות און הפצה המעיינות און הפצה המבצעים.

און דורך דעריף וועט דאס אויך האבן א השפעה אין וועלט, וואדום עס וועט זיין "ונודע בגוים זרעם וצאצאיהם בתוך העמים כל רואיהם יכירום כי הם זרע ברך ה'"[139],

וואס דאס גייט דאך אויף אלע אידן, ובפרט אויף אידישע - קינדער -

---

138) ל' הש"ס - שבת קיה, סע"ב. 139) ישעי' סא, ט.

הנחה הת' בלתי מוגה

קינדער כפשוטם, וואס זיי זיינען "זרע ברך ה'" כפשוטו.

און די קינדער בראש פון אלע אידן וועלן גיין מקבל זיין משיח צדקנו ביז א מארש של נצחון.

כ"ק אדמו"ר שליט"א צוה להילדים שיחיו לנגן נאפאליאן'ס מארש.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן ופרצת.

—— * ——

בס"ד. שיחת ש"פ בראשית - התוועדות ב' (המשך ליום שמח"ת) תשמ"א.

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

צוה לנגן אתה בחרתנו.

**א.** "אתה בחרתנו" (ובמילא אויך דער ניגון אויף די ווערטער) האט א שייכות מיט שמחת תורה:

דער אלטער רבי פסקנ'ט אין שו"ע (או"ח ס"ס ס"ד) אז בשעת מ'זאגט "ובנו בחרת" - וואס דאס איז דאך דער ענין פון "אתה בחרתנו" - בא קי"ש, "יזכור מתן תורה", ובלשון ווי מ'זאגט אין די שש זכירות - "יום אשר עמדת לפני ה' אלקיך בחורב".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די שייכות פון "ובנו בחרת", "אתה בחרתנו", צו שמחת תורה.

און די שייכות פון "אתה בחרתנו" צו דער ענין השמחה איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא (פמ"ט (ע, ריש ע"א)) במיעוט ובדברים קצרים בכמות, אבער שמהזיק מרובה באיכות - אז "ובנו בחרת מכל עם ולשון" גייט אויף "הגוף החומרי הנדמה בחומריותו לגופי אומות העולם", וואס וויסנדיק דאס, אז דער אויבערשטער האט בוחר געווען אידן פון צווישן אלע פעלקער - ברייגנגט דאס ביי אים ארויס א שמחה גדולה, און דער עיקר (ווי ער איז דאס דארטן מבאר) - ברייגנגט דאס ביי אים ארויס א הוראה בעבודה בפועל.

**ב.** הנ"ל איז בכל שנה ושנה, דערנאך קומט צו א הוראה וואס מ'דארף ארויסנעמען פון דער קביעות מיוחדת פון שמח"ת בשנה זו.

וואס כמדובר כמ"פ, איז שנה זו א שנת הקהל, ובמילא איז דער שמח"ת פון שנה זו במיוחד אויסגעטיילט פון שמח"ת אין אנדערע יארן דערמיט וואס דאס איז א שמח"ת אין א שנת הקהל.

און אע"פ אז די הוראה איז בהדגשה נאר בקביעות שנה זו (וואס זי איז א שנת הקהל) - איז דאס אבער א הוראה אויך אויף כל הזמנים, כמדובר כמ"פ.

ובפרט אז דאס איז פארבונדן מיט הקהל, וואס הקהל האט א השפעה אויף "כל הימים אשר אתם חיים על פני האדמה",

וואס דאס איז ניט נאר ווי דער ענין פון עלי' לרגל אין די שלש רגלים, חג הסוכות, חג המצות און חג השבועות, וואס פון יעדער עלי' לרגל האט מען געגומען חיות ביז דעם קומענדיקן מאל וואס מען האט עולה רגל געווען, (לקו"ת ברכה צח, ב) אדער ביז דעם קומענדיקן מאל וואס דער רגל איז געווען (איבער איאר), משא"כ פון הקהל האט מען גענומען אויף "כל הימים אשר אתם חיים על פני האדמה".

והגם אז אין זיבן יאר ארום וועט נאכאמאל זיין הקהל - וועט אבער דעמאלט זיין נאר נאך אן עלי' אין דער השפעה אויף "כל הימים אשר אתם חיים על פני האדמה" גופא, ווארום עס דארף דאך זיין "ילכו מחיל אל חיל" ביז אין אן אופן פון הליכה אמיתית, וואס דאס איז הליכה באין ערוך.

**ג. דער ביאור אין דעם ענין נוסף וואס קומט צו בשעת שמח"ת איז אין א שנת הקהל:**

אזוי ווי שמח"ת האט א שייכות מיט מתן תורה, כנ"ל - אזוי אויך האט הקהל א **שייכות מיט מתן תורה (דבמילא האט שמח"ת א שייכות מיוחדת מיט הקהל):**

ע"ד ווי בא הקהל שטייט (וילך לא, יב) "הקהל את העם האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך למען ישמעו ולמען ילמדו. ויראו את ה' אלקיכם ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת", און דאס איז געטאן געווארן דורך דער מלך ישראל וואס ער האט קורא געווען בתורה ובניהם אשר לא ידעו ישמעו ולמדו ליראה את ה' אלקיכם כל הימים אשר אתם חיים על פני האדמה -

עד"ז אויך פאר מתן תורה האט דער אויבערשטער אנגעזאגט משה רבינו, דער מלך בישראל דעמאלט [ווי עס שטייט "ויהי בישורון מלך", וכמבואר בכמה מדרשי חז"ל]: "הקהל לי את העם ואשמעם את דברי אשר ילמדון ליראה אותי כל הימים אשר הם חיים על האדמה ואת בניהם ילמדון".

און אזוי ווי בא מ"ת איז געגעבן געווארן די גאנצע תורה - אזוי אויך בא הקהל שטייט" ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת".

**ד.** לאידך גיסא איז אבער דא א חילוק עיקרי צווישן די צוויי הקהל'ס: דער הקהל וואס איז געווען פאר מ"ת און דער הקהל וואס איז דא יעדער זיבן יאר אין ביהמ"ק.

בא דער הקהל וואס איז געווען יעדער זיבן יאר - שטייט "הקהל את העם האנשים והנשים והטף גו'", משא"כ בא הקהל וואס איז געווען פאר מ"ת ווערט ניט אויסגערעכנט קיינע פרטים, עס שטייט בלויז "הקהל לי את העם גו'".

והביאור בזה:

דער עיקר אויפטו פון מ"ת איז געווען ניט אין תורה נאר אין וועלט.

ווי מ'זעט בפועל, אז אויך פאר מ"ת איז געווען דער ענין התורה בא די אבות: "אברהם זקן ויושב בישיבה", "יצחק זקן ויושב בישיבה" און "יעקב זקן ויושב בישיבה",

און וויבאלד אז אזוי איז געווען בא די אבות, איז פארשטאנדיק אז אזוי איז געווען ביי אלע אידן פאר מ"ת, ווארום אלע אידן נעמען זיך פון אלע אבות [משא"כ צו די שבטים האבן ניט אלע אידן א שייכות], כמבואר אין תורה אור,

און ס'איז פארשטאנדיק אז בא יעדערער פון די אבות איז צוגעקומען מערער אין לימוד התורה ווי ס'איז געווען בא זיין פאטער: ס'איז פארשטאנדיק אז נוסף לזה וואס יצחק האט באקומען פון זיין פאטער אברהם אין תורה - איז ביי אים אויך צוגעקומען מערער ענינים אין תורה, ווארום ס'איז דאך דא דער ציווי אז לימוד התורה דארף זיין אין אן אופן פון "לאפשא לה", ביז ווי דער אלטער רבי פסקנ'ט אין הל' ת"ת, אז אויב איינער קען מחדש זיין אין לימוד התורה און ער איז ניט מחדש, איז ער ניט יוצא מצות ת"ת.

ועד"ז דערנאך בא יעקב'ן זיינען זיכער צוגעקומען נאכמער ענינים אין תורה,

ובפרט אז יעקב איז געווען "יושב אהלים שם ועבר", און ווי דער צ"צ איז מבאר אז שם ועבר איז כנגד תושב"כ און תושבע"פ - "שם" איז דער ענין פון תושב"כ וואס "כל התורה כולה שמותיו של הקב"ה", און "עבר" איז דער ענין פון תושבע"פ, דער תורה וואס ווערט איבערגעגעבן (העברה) מדור לדור.

וואס מהנ"ל זעט מען אויך פאר מ"ת איז געווען תורה, און מיטן גאנצן שלימות,

מ"ת האט (בעיקר) אויפגעטאן אויך אין וועלט, און אז עס זאל זיין א התחלקות תמידית צווישן אידן - "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך", ועד"ז א התחלקות תמידית פון "אנשים" "נשים" און "טף".

וואס דערפאר, בא דער הקהל **פאר** מ"ת, ווערט ניט אויסגערעכנט קיינע פרטים וועמען מ'האט צוזאמענגעקליבן, משא"כ בא הקהל נאך מ"ת (הקהל יעדער זיבן יאר) שטייט "הקהל את האנשים והנשים והטף גו'", וויבאלד אז דעמאלט איז שוין געווען אין וועלט דער התחלקות תמידית צווישן אידן פון "אנשים" "נשים" און "טף".

**ה.** ס'איז טאקע דא א מציאות אז עס זאל זיך ארייננעמען פון איין סוג אין א צווייטער סוג,

וכמבואר אין כתבי האריז"ל (געבראכט אין אחרונים) בנוגע צו די דריי ברכות "שלא עשני" וואס מ'מאכט יעדער פרי מארגן, וואס לכאו' האט מען נאר געדארפט מאכן די ברכה איינמאל בשעת מ'איז געבארן געווארן, אבער דערנאך ווייסט ער דאך אז ער איז א ישראל בן חורין וואס איז מחוייב במצוות, און א זכר - איז צוליב וואס דארף ער יעדער פרי מארגן נאכאמאל מאכן די ברכה?!

ובפרט אז זאגן הלל בכל יום איז היפך דער ענין פון הלל, ווארום דורך דערויף שוואכט מען אפ דער חידוש פון א נס - איז היתכן אז מ'זאל בכל בוקר מאכן די ברכות "שלא עשני כו'" וויסנדיק אז מ'איז א ישראל בן חורין און א זכר?!

און ער איז מבאר, אז עס קען זיין א מציאות אז תמורת זה וואס יעדער אינדערפרי איז "החזרת בי נשמתי", איז אבער ביחד עם זה קען זיך צוטשעפען צו דער נשמה אויך א נשמה פון אן עבד וכו', כמבואר אין סודות הקבלה דער ענין בזה,

און דאס זאל זיך צו אים צוטשעפען אין אן אופן אז דאס פועל'ט אויף אים, ביז אין אן אופן פון "עשני", אין עשי' כפשוטו (וואס דערפאר דארף ער שולל זיין אז "לא **עשני**").

און וויבאלד אז יעדער אינדערפרי שטייט ער אויף און עס האט צו אים ניט צוגעטשעפעט אזא נשמה - מאכט ער יעדער אינדערפרי פון דאס ניי דער ברכה "שלא עשני כו'".

וואס מהנ"ל איז מובן אז דער התחלקות וואס איז דא צווישן אידן, אנשים, נשים וטף, "ראשיכם שבטיכם" ביז "שואב מימיך" וכיו"כ - איז א התחלקות תמידית. [סעיף זה - אינו ברור].

**ו.** און אין יעדער סוג פון דער התחלקות תמידית צווישן אידן, אנשים, נשים וטף, איז דא א מעלה וואס איז ניטא אין דער צווייטער סוג:

"אנשים" האבן אין זיך די מעלה, ווי רש"י ברענגט אראפ אויף "הקהל.. האנשים" - "ללמוד"; "נשים" האבן די מעלה פון "לשמוע"; און "טף" האבן די מעלה וואס זיי טוען אויף אז עס זאל זיין "לתת שכר למביאיהם" - דער ענין פון "והשיב לב אבות על בנים".

דער ביאור אין די מעלה פון טף (וואס דערצו דארפן אנקומען אלע אנדערע אידן):

אין דעם סדר ווי צו מתפלל זיין צו דעם אויבערשטן זיינען דא צוויי אופנים: מ'קען מתפלל זיין מיט מכוון זיין כוונות עליונות און רמזים וכו'; אדער מ'קען

מתפלל זיין "לדעת זה התינוק", ד.ה. האבן די כוונה וואס א תינוק האט בשעת ער איז מתפלל צו דעם אויבערשטן.

וואס אין מצוות איז א זיכערע זאך אז דער עיקר איז דער מעשה בפועל, און ניט די כוונות ורמזים וכו' -

דא איז אבער דער חידוש, אז אפילו בנוגע צו תפלה וואס איז אן עבודה שבלב, איז ער מתפלל לדעת זה התינוק.

וואס דאס איז ע"ד ווי אין מצוות איז דער עיקר דער מעשה בפועל, וואס מצד דערויף גלייכן זיך אויס אלע אידן:

עס קען זיין דער גרעסטער גדול בישראל וואס פארשטייט די סודות און רמזים און טעמים און כוונות פון מצוות, ביז ווי שלמה המלך וואס ער האט אלע מצוות פארשטאנען חוץ פון מצות פרה אדומה, ביז נאכמער - משה רבינו, וואס צו אים האט מען מגלה געווען אויך דער טעם פון מצות פרה אדומה -

אעפ"כ איז דער עיקר פון קיום המצוות - דער מעשה בפועל, און מצד דערויף איז דער גדול שבגדולים מיט דער פשוט שבפשוטים בשוה,

און אויך דער גדול שבגדולים וואס פארשטייט די טעמי המצוות, דארף מקיים זיין די מצוות ניט מצד דעם וואס ער פארשטייט זיי, נאר מצד "אשר קדשנו במצוותיו וצונו", און ווי דער אלטער רבי איז מוסיף, אז דאס דארף זיין אין אן אופן "אפילו אם נצטווינו לחטוב עצים" וואלט מען דאס אויך געטאן.

און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר איז מבאר בכ"מ, אז אלע מצוות דארף מען מקיים זיין אזוי ווי חוקים, נאר מצד דעם וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן טאן,

וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק אז דא רעדט ער ניט וועגן מצוות וואס האבן קיין טעם ניט - ווארום מאי קמ"ל אז מ'דארף זיי מקיים זיין ווי חוקים, זיי זיינען דאך חוקים?! נאר ער רעדט אז אפילו א מצוה שכלית - דארף מען אויך מקיים זיין ווי א חוקה, אין אן אופן וואס "אין לך רשות להרהר אחרי'".

וואס א חוקה - איז דער ענין פון טף.

ועד"ז אין תפלה איז דער ענין פון מתפלל לדעת זה התינוק - ע"ד ווי דער ענין החוקה אין מצוות.

**ח.** די מעלה פון טף, דער ענין פון א חוקה - איז אויפגעטאן געווארן בא מ"ת (אזוי ווי דער גאנצער ענין פון התחלקות תמידית פון אנשים, נשים און טף איז אויפגעטאן געווארן בא מ"ת, כנ"ל):

בא מ"ת האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון נעשה קודם לנשמע, וואס דאס איז דער ענין פון מקיים זיין א מצוה ניט מצד שכל, "נשמע", נאר מצד דעם וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן, "אשר קדשנו במצוותיו וצונו" - "נעשה".

דער ענין פון "נשמע" איז געווען אויך פאר מ"ת, ובאופן נפלא ביותר, כמבואר בכ"מ דער גודל העילוי פון הבנה והשגה אין לימוד התורה וואס איז געווען פאר מ"ת, און כמדובר לעיל בנוגע צו די אבות,

ובפרט בא שבט לוי, וואס ווילאלד אז זיי זיינען ניט געווען בשעבוד מצרים, האבן זיי געהאט מערער צייט אויף לימוד התורה.

מ"ת האט אבער אויפגעטאן דער ענין פון נעשה קודם לנשמע, אז ווי הויך דער "נשמע" זאל זיין דארף אבער זיין "נעשה" קודם ל"נשמע",

וואס דאס איז דער עיקר חידוש פון מ"ת, ניט קיין חידוש אין דעם אדם, וואס אויך פאר מ"ת איז ביי אים געווען "נשמע" באופן הכי נעלה ונפלא - נאר אין וועלט, אז עס זאל זיין "נעשה".

און דורך דערויף איז צוגעקומען א נייער אופן העבודה לגבי ווי ס'איז געווען פאר מ"ת - דער עבודה פון "נעשה" קודם ל"נשמע", אז אלע ענינים אין תומ"צ איז מען מקיים בלויז מצד דעם וואס דער אויבערשטער האט זיי אנגעזאגט אין תורה, אין אן אופן פון חוקה.

וכמבואר אין פירוש המשניות להרמב"ם (ספ"ז דחולין), אז נאך מ"ת "אין אנו מלין מפני שאברהם אבינו ע"ה מל עצמו ואנשי ביתו אלא מפני שהקב"ה צוה אותנו ע"י משה רבינו שנמול כמו שמל אברהם אבינו ע"ה",

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז בשעת אברהם אבינו קומט היינט (נאך מ"ת) צו א ברית מילה - ווייסט ער אז מ'איז ניט מקיים די מצוה צוליב אים, נאר צוליב דעם וואס אזוי האט דער אויבערשטער אנגעזאגט בא מ"ת דורך משה רבינו.

ס. מהמבואר לעיל איז פארשטאנדיק די הודאה נוספת וואס קומט צו אין שמח"ת בשעת שמח"ת איז אין א שנת הקהל,

אז דעמאלט איז מודגש די התחלקות תמידית צווישן אידן פון אנשים נשים וטף (וזאס ווערט אויפגעטאן דורך מ"ת), און די מעלה מיוחדת וואס איז דא בא טף.

און דאס (דער התחלקות תמידית פון אנשים, נשים וטף וואס איז דא בא הקהל נאך מ"ת) איז קיין סתירה ניט צו דעם וואס מ'האט פריער געבראכט פון כתבי האריז"ל - ווארום ווען עס קומט הקהל איז בנוגע צו הקהל איז נוגע ווי אידן זיינען געטיילט אין דער התחלקות תמידית פון "אנשים", "נשים" און "טף". [או: בא הקהל זיינען אידן געבליבן די גאנצע צייט צוטיילט אויף די סוגים, "אנשים", "נשים" און "טף"?].

און כאמור לעיל, די הוראה דערפון נעמט מען על כל השנה כולה און על הזמנים.

י. כמדובר כמ"פ אז דער אמיתית ושלימות ענין פון הקהל וועט זיין דורך משיח צדקנו בקרוב ממש.

דער הכנה דערצו אבער, איז דורך מעשינו ועבודתינו בזמן הזה, ובפרט בזמן הגלות.

נאכמער: ניט נאר וואס מעשינו ועבודתינו איז א הכנה צו הקהל פון לע"ל - נאר דורך אונזער עבודה טוט מען אויף דער ענין הקהל ברוחניות, אין דעם ביהמ"ק דוחני וואס איז דא בא יעדן אידן אין הארץ בפרט, ובכללות - אז ער פועל'ט אז אין זיין גוף וחלקו בעולם זאל זיין א "מקום אשר יבחר ה' אלקיכם בו לשכן שמו שם",

וכהורת הבעש"ט (כש"ט הוספות ג) אויף "והי' כי תבוא אל הארץ גו' ושמת בטנא והלכת אל המקום אשר יבחר ה' אלקיך לשכן שמו שם" (תבוא כו, א-ב),

און לויט דעם וואס ער פירט אויס אין דער הורה, אז די כוונה איז אז א איד זאל זיך מוסר נפש זיין אויף מפרסם זיין אלקות בעולם, וואס די מפ"ב אין דעם איז - מיט א ברכה ופסוק תהלים - איז פארשטאנדיק אז דאס איז א הוראה וואס איז שייך לכאו"א, ווארום אותיות פון תהלים זיינען שייך לכאו"א,

ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו שמח"ת, אז מ'טאנצט דעמאלט מיט די תורה ווי זי איז כרוך במפה און פארדעקט מיט א מענטעלע, וואס דערפאר איז דאס שייך לכאו"א, ווארום יעדער איינער האט א שייכות צו די תורה אליין (ניט ווי זי איז פארבונדן מיט הבנה והשגה).

ועד"ז איז בנוגע צו אמירת תהלים, אז דאס איז שייך לכאו"א.

און ווי דאס איז ערשט געווען בגלוי בשעת אמירת תהלים בהושענא רבה, ועד"ז בשבת מברכים כפי תקנת כ"ק מו"ח אדמו"ר,

און דערנאך איז דאס אלץ געווארן אין אן אופן פון לקיטה בשמע"צ, און דערנאך נמשך געווארן באסרו חג, "אסרו חג בעבותים עד קרנות המזבח".

**יא.** און דורך דערויף מאכט מען נאכמער כלי און כלים רחבים אויף צו מקבל זיין די ריבוי השפעות.

ביז צו דעם הקהל וואס וועט זיין דורך משיח צדקנו, וואס דאס וועט כולל זיין אלע אידן, "הקהל את העם האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך" ע"פ גיור כהלכה.

און עס וועט זיין "לא יחמוד איש את ארצך", אז עס וועט ניט נאר ניט זיין דער דער שטות פון וועלן עפעס אפגעבן פון ארץ ישראל, נאר די גוים וועלן דאס ניט וועלן נעמען;

וואס אזוי איז דאס בכל רגל ורגל ("בעלותך לראות את פני ה' אלקיך שלש פעמים בשנה") - ועאכו"כ אז דאס איז אזוי בא הקהל, ווילבאלד אז דעמאלט זיינען אלע אידן עולה אין ארץ ישראל, "האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך", דארף מען האבן מערער באווארעניש אז "לא יחמוד איש את ארצך".

און משיח וועט אויפטאן דער הקהל בגשמיות און ברוחניות, "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל", און וועט זיי ברייינגען אין "עיר בה חנה דוד", ירושלים עיר הקודש, אין דעם ביהמ"ק וואס „מקדש אד' כוננו ידיך",

און ילמד את כל העם כולו, אלס א שליח פון דעם אויבערשטן "להשמיע דברי הא-ל" וואס דערפאר איז דאס "מפי הגבורה שומעה",

במהרה בימינו ממש.

* * *

**יב.** בקשר מיט דעם ענין פון הקהל קומט צו נאך א זאך וואס ביז איצטער האט מען וועגן דעם ניט דערמאנט.

נאך דערויף וואס עס שטייט "הקהל את העם האנשים והשנים והטף" שטייט "וגרך אשר בשעריך".

וואס ווילבאלד אז אזוי שטייט אין תורת אמת, איז פארשטאנדיק בפשטות אז "גרך" מיינט א גר וואס איז נתגייר געווארן ע"פ הלכה, און דערפאר ווערט ער אנגערופן "גרך" און איז "בשעריך", און ער ווערט נכלל אין הקהל צוזאמען מיט "האנשים והנשים והטף", מיט די אלע פרטים הקשורים בזה.

**יג.** וואס דאס האט אויך א שייכות מיוחדת מיט היינטיקן טאג - כ"ד תשרי:

בנוגע צו דעם טאג פון כ"ד תשרי.

[בהמשך צו דעם וואס מ'האט נעכטן גערעדט, אז בנוגע צו כ"ב תשרי שטייט אין מלכים (א' ח, סו) אז "ביום השמיני שילח גו'", וואס דאס איז דער טאג פון שמע"צ, און אין דברי הימים (ב' ז, י) איז ער מוסיף וואס איז געווען בכ"ג תשרי - "וביום עשרים ושלשה לחודש השביעי שילח גו'", וואס דאס גייט אויף דער טאג פון שמח"ת, ווי גערעדט נעכטן; און בנוגע צו כ"ד תשרי].

שטייט אין נחמי' [אדער אין עזרא, ווי דער אלטער רבי רופט אן דער ספר נחמי', מיוסד אויפן מחז"ל, ווי גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות] (ט, א ואילך): "וביום עשרים וארבעה לחודש הזה (חודש תשרי) נאספו בני ישראל בצום ובשקים ואדמה עליהם, ויבדלו זרע ישראל מכל בני נכר (ומנשיהם הנכרית כמו שנאמר למעלה (עזרא ט, א ואילך) (פרש"י עה"פ)) ויעמדו ויתודו על חטאתיהם ועוונות אבותיהם".

וואס דאס ברייינגט אויך ארויס דער גודל הענין פון דעם אז א איד איז א איד און א גוי איז א גוי, און מ'קען זיי ניט צומישן צוזאמען, סיידן אויב דער גוי ווערט נתגייר ע"פ הלכה.

יד. דערפון האט מען די הוראה בנוגע צו דער חוק האומלל פון "מיהו יהודי" - אז מ'זאל טאן אלץ וואס מ'קען נאר טאן אין מתקן זיין דעם חוק.

וואס דאס איז דאך א חוק האומלל וואס איז געווארן מצד דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, אז ס'איז כאילו שייך דינגעגנישן און ספיקות אין ווער איז א איד ר"ל - בשעת ס'איז דא די הוראה ברורה אין תורת אמת און תורת חיים, אז א איד איז מערניט ווי איינער געבארן צו א אידישן מוטער, אדער איינער וואס איז נתגייר געווארן ע"פ הלכה!

און תורה זאגט אז "כל הכופר בעבודה זרה כמודה בכל התורה כולה", ועאכו"כ אז אין תורה גופא איז דאס א ענין חמור, וואס אע"פ אז רז"ל זאגן "אל תהי יושב ושוקל במצוותי' של תורה כו'" איז מען אבער דערנאך גלייך ממשיך "הוי זהיר במצוה קלה כבחמורה", וואס דאס איז מדגיש אז עס זיינען דא מצוות חמורות.

ועד"ז איז דער חוק פון "מיהו יהודי" אן ענין חמורה בתורה, ווארום דורך דערויף ווילל מען ר"ל איבערמאכן א גוי ער זאל זיין א יהודי!

וואס דאס איז היפך דערפון וואס א גוי דארף זיין און היפך פון וואס א איד דארף זיין! און דורך דערויף מאכט מען אומגליקלעך אויך דעם גוי!

וואס די וואס פארשרייבן דעם גוי פאר א איד יאגן נאך די גוים און ווילן נושא חן זיין בא זיי און באווייזן זיי אז מ'טוט זי א טובה - אבער באמת מאכט מען דורך דערויף אומגליקלעך דעם גוי.

ועאכו"כ אז מ'מאכט דורך דערויף אומגליקלעך אידן, ווארום בשעת מ'פארשרייבט גוים, גוי'שע מענער און גוי'שע פרויען, אלס אידן, און מ'טוט דאס אין אן אופן וואס מ'פארשרייבט דאס אין אותיות מרובעות און מ'חתמ'ט דאס און מ'גיט אים אפ א צעטל וואו עס שטייט אין אותיות מרובעות "יהודי" - פארדארבט דאס דער גדר און מחיצה צווישן אידן מיט גוים ר"ל!

טו. און בשעת עס קומט כ"ד תשרי, ווערט "הימים האלו נזכרים ונעשים", פון דעם וואס איז געטראפן אין דעם טאג ווי עס ווערט דערציילט אין נחמי' [וואס דאס איז די איינציקע ארט אין תושב"כ (לפי ידיעתי) וואו עס ווערט דערמאנט דער תאריך פון כ"ד תשרי] -

אז אידן האבן זיך דעמאלט צוזאמענגעקליבן, אויך אידן וואס זיינען מסבות שונות נכשל געווארן און געהאט צו טאן מיט נשים נכריות, און מיט בנים ובנות נכריות, און זיי האבן חרטה געהאט על העבר און געמאכט א קבלה טובה על להבא ביז על כל הדורות כולם, און זיי האבן געטאן א מעשה בפועל, וואס "מעשה רב", וואס דעמאלט איז דאס אן ענין אין הורה און א הוראה לכאו"א - אז "ויבדלו... מכל בני נכר", "ומנשיהם הנכריות",

און דורך דערויף האבן זיי געטאן א טובה סיי פאר די גוים, און סיי פאר זיך אליין, און אויך פאר עזרא הסופר.

ד.ה. אז זיי האבן אנגענומען אויף זיך און אויף כל הדורות, מיט א מעשה בפועל - אז א איד איז א איד און א גוי איז א גוי, און ס'איז ניטא קיין מצוה אויף א גוי צו זיך מגייר זיין, מיט די אלע פרטים בזה.

ועאכו"כ אז מ'זאל ניט נכשל ווערן אויף א מכשול עצום ונורא ומבהיל עד אין שיעור, פון געבן א גוי גע'חתמ'עטע פאפיר וואו עס שטייט באותיות מרובעות אז ער איז א "יהודי", און נאך שרייען אז ער טוט עס בשם כלל ישראל!

און ער טענה'ט נאך אז ס'איז איצטער דער אתחלתא דגאולה. וואס הי' לא תהי' צו אזא אתחלתא דגאולה אז ער איז בטל פאר א גוי עד כדי כך, אז ער רייסט זיך אפ פון תורת משה און פון "דבר ה' זו הלכה" עכ"פ לפי שעה זו, און אויך בשעה זו - ביז ער טוט תשובה צו ה' אלקים חיים, וואס "אמת ה' לעולם"!

**טז.** וואס בנוגע צו מתקן זיין דער חוק האומלל פון "מיהו יהודי" - דארף מען מאכן א שטורעם בכל השנה כולה; אבער בשעת עס קומט כ"ד תשרי, וואס דעמאלט דערמאנט מען זיך אויף דעם וואס ווערט דערציילט אין תורה הנצחית וואס איז געטראפן אין דעם טאג, וואס דערפאר איז דאס א מעשה נצחית - האט מען דעמאלט א נתינת כח מיוחדת צו טאן אין דעם.

ווארום דעמאלט האבן אידן זיך צוזאמענגעקליבן, אפילו אידן וואס זיינען נכשל געווארן, און אנגענומען בכל התוקף אז א איד איז א איד און א גוי איז א גוי, און מ'טאר ניט צומישן איינעם מיטן צווייטן.

ובמכ"ש וק"ו אז מ'טאר ניט אפנארן גוים און זיי געבן א תעודה אז זיי זיינען יהודים בשעת זיי זיינען גוים.

וואס נוסף צו דעם ענין המבהיל בזה כנ"ל - קומען דערפון ארויס תוצאות פון גילוי עריות, שפיכות דמים און עבודה זרה בפשטות,

ווי מ'זעט עס בפועל, אז וויבאלד דער גוי בלייבט א גוי איז ער דאך ניט מחוייב בשיתוף, און אפילו לויט די דעות אז ער איז אין דערויף יע מחוייב - פאלגט ער אבער ניט, און ס'איז "הטו את לבבו לאלקים אחרים",

און דערפון קומען ארויס צרות צרורות! און מ'זעט בפועל אז דאס איז אלץ געווארן אין דער משך זמן זינט מ'האט אנגענומען דעם חוק.

ואין פוצה פה ומצפצף כדרוש!

**יז.** און דער עצה אויף דאס מתקן זיין - איז ניט צו מתחנן זיין אויף דעם, אדער מאכן לחץ, אדער מאכן דריידלעך און ליצנות - אז ס'איז דא א בעסערע און גרעסערע עבודה דערפון, די עבודה פון תורה ומצוות און תפלה וכיו"ב, און וואס דארף מען שטורעמען וועגן דעם וכו'.

ווארום נוסף לזה וואס מ'וויסט וואס ליצנות איז מצ"ע, ווי עס שטייט אין תהלים בתחילתו, און וואס עס קומט דערפון ארויס -

איז דורך זיין ליצנות לאזט ער ניט צו אז מ'זאל דאס קענען מתקן זיין, און ער מאכט דאס א תקלה שאין לה קצבה, ביז אז דערמיט שטיצט ער די וואס חתמ'נען אויף די פאפירעלעך אז גוים זיינען יהודים, אדער ער אליין (דער וואס מאכט די ליצנות) חתמ'ט אויף דעם, און דורך זיין ליצנות לאזט ער ניט צו שטיין בהתנגדות לזה.

איי ער איז א ליצן בטבעו אדער מצד רגילותו, און מ'וויסט וואס דערפון קומט ארויס - אעפ"כ איז דער היזק וואס דאס טוט אויף אין לשער, ובפרט אז דער וואס מאכט די ליצנות שטיצט יענעם מאיזה סיבה שתהי'.

**יח.** מ'שטייט דאך איצטער אין א יום השבת, וואס "וקראת לשבת עונג", און ס'איז אויך אסרו חג פון שמחת תורה, וואס דעמאלט זיינען אלע אידן שמחים מיט די תורה - איז די כוונה מיט רעדן וועגן דעם ניט צו מצער זיין אימעצן אדער מאכן מחלוקת און מלחמות -

נאר בכדי אז מ'זאל דעם ענין מתקן זיין, ויפה יום אחד קודם, ושעה אחת קודם ורגע אחד קודם.

און בנוגע צו די וואס עס ווייזט זיך בא זיי אויס אז ביז מ'וועט מתקן זיין דעם חוק וועט מען זיך פארנעמען מיט ענינים נעלים, און דורך דערויף וואס מ'רעדט וועגן דעם רירט מען אן זיין ישות - און דערפאר לייגט ער עס אפ אויף מחר לאחר זמן, און כיון דאידחה אידחה מיט די אלע הסברות בזה - איז לא מהם ולא מהמונם!

און די כוונה איז - אז עס זאל זיין יערה רוח ממרום אויף אלע די וואס קען אין דערויף טאן, טאקע בדרכי נועם ובדרכי שלום, אבער מיטן תוקף המתאים.

**יט.** וואס די נתינת כח דערצו נעמט מען פון כ"ד תשרי, ווי עס ווערט רערציילט אין נחמי' אין אותיות ברורות וואס איז דעמאלט געטראפן, און דערפון נעמט מען ארויס א הוראה ברורה צו וועלכע ענין מ'דארף שטרעבן ביום זה, וואס אויך מיט ליצנות קען מען ניט פארדרייען וואס עס ווערט דערציילט באותיות ברורות אין נחמי'.

און דאס האט אויך א קשר מיט הקהל, כנ"ל (סי"ב), ווארום בכדי אז הקהל זאל זיין בשלימות דארף מען האבן ניט נאר "האנשים והנשים והטף" נאר אויך "גרך אשר בשעריך".

וואס דאס זיינען גרים וואס זיינען נתגייר געווארן ניט מצד דעם וואס מ'האט מורא געהאט פאר גוי'שקייט אדער פאר גוים - נאר דאס איז "גרך אשר בשעריך", גרים וואס זיינען נתגייר געווארן ברצונם הטוב, און דעמאלט זיצן זיי "בשעריך", און מ'האט פון זיי נחת, ווי עס שטייט בכ"מ וואס גרי צדק אמיתיים זיינען,

און דוקא בשעת מ'האט אויך די גרים, "גרך אשר בשעריך,, איז דער הקהל בשלימות.

אין יעדער ענין אין תורה איז דאך דא דער כלל (ווי רש"י ברייגנגט דאס אראפ) "מכלל הן אתה שומע לאו" - ועד"ז בעניננו: דערפון וואס מ'זאגט אז דער שלימות פון הקהל איז דוקא בשעת מ'האט אויך "גרך אשר בשעריך" - איז פארשטאנדיק אז גרים וואס זיינען ניט "גרך אשר בשעריך", ד.ה. גרים וואס זיינען נתגייר געווארן שלא כהלכה, און די וואס טוען אין דעם און וואס שטיצן דאס - טוען אויף א פארקערטע זאך!



הנחה פרטית בלתי מוגה

**כ.** און תורה איז מחדש אז בא הקהל איז דא אן ענין מיוחד - אז דאס האט א השפעה אויף "כל הימים אשר אתם חיים על האדמה", און די "כל הימים" זיינען ימים טובים, ניט פארבונדן מיט ב"ד און מיט עונשים, נאר מיט טוב הנראה והנגלה.

ובפרט אז הקהל איז אין זמן שמחתנו, וואס דעמאלט איז דא א ריבוי פון שמחה, ווי עס שטייט אין ילקוט אז בקשר מיט זמן שמחתנו שטייט אין תורה דריי מאל שמחה.

וואס דערפאר איז דער זמן א זמן מסוגל, אז עס זאל זיין יערה עלינו ועליהם רוח ממרום, ובדרכי נועם ובדרכי שלום - אז מ'וועט זען וואס איז אן אמת'ער איד, און ניט געבן קיינע פאפירן מיט חתימות און חוקים אז א גוי איז א "יהודי" ח"ו, נאר אז א גוי בלייבט א גוי און א איד בלייבט א איד, מיט די אלע סעיפים ופירות דערפון.

און מ'וועט זען דעם "אמת הוי' לעולם", וואס דעמאלט וועט דער אמת אויך זיין בעולם מל' העלם והסתר, אז דער עולם וועט זיין אין אן אופן פון אמת

און דאס וועט נאכמער מקדים זיין דעם "קץ שם לחושך", כולל אויך דער חושך פון די ענינים האמורים לעיל.

און עס וועט זיך אנהויבן דער אתחלתא דגאולה, און תיכף ומיד - דער גאולה האמיתית והשלימה אין אלע פרטים.

און אלע אידן, "האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך", וועלן גייען אין ביהמ"ק, אין "מקדש אד' כוננו ידיך", און מ'וועט לערנען תורתו של משיח מלך ישראל.

**כא.** בנוגע צו דעם וואס מ'האט גערעדט אין דער התוועדות בייטאג (ש"פ בראשית התוועדות א') בנוגע צו דער וואס טשעפעט זיך מיט רש"י, וואס רש"י איז ניט נאר א תלמיד ותיק, נאר א רב ותיק, וואס דאס באווייזט וואס פאר א מענטש איז דער וואס טשעפעט זיך מיט רש"י, וואס מ'האט וועגן דעם גערעדט בארוכה לפי ערך, און באמת האט מען געדארפט רעדן מערער בארוכה וועגן דעם -

איז אבער ני די כוונה אז מ'זאל דאס אים איבערגעבן, וואס דערפאר האט מען אים ניט פורש געווען בשם **בכוונה** - ווארום דאן וועט דער כסלל אין אים ארומגיין שרייען בחשאי, אז מ'זאל וויסן זיין אז ער איז דער וואס האט זיך פארטשעפעט מיט רש"י, און עוד ידו נטוי'.

און דערנאך וועט מען קומען מיט הסברות וכו' אז ניט דאס האט מען געמיינט און ניט דאס האט מען געזאגט -

דערפאר האט מען אים ניט פורש געווען בשמו, אויב ס'איז ניט ער - איז ניט ער.

דער עיקר וואס איז נוגע וואס דערפאר האט מען גערעדט וועגן דעם, איז - וואס ס'איז געווארן דער סדר וואס לא הי' מעולמים בא אידן, אז איינער זאל זיך פארטשעפען מיט רש"י.

וואס רש"י איז געווען א תלמיד חכם, מיט אלע גרויסע עילויים זיינער, ווי דער של"ה און חיד"א און גדולי ישראל שרייבן, און בכלל איז דאס גלאט ניט במקומו צו רעדן וועגן גדלות פון רש"י, ווארום רש"י דארף ניט אנקומען צו קיינע הסכמות, ניט פון אים, און ניט פון גרעסערע פאר אים און אין די דורות שלפנ"ז - שויך בדורו איז רש"י געווען א פוסק בישראל ווי מ'זעט עס אין זיינע תשובות, און א פרשן בישראל ווי מ'זעט עס בפירושו על התורה און על הש"ס, מיט די אלע מעלות

ומדריגות זיינע, וואס "לו דומי' תהלה", און ער דארף ניט אנקומען אז מ'זאל אים משבח זיין,

או דא קומט איינער און איז מבזה רש"י! וואס וועגן אזא זאגט די גמ' אז "המבזה תלמיד כחם הרי זה אפיקורס", ועאכו"כ איינער וואס האט מבזה געווען רש"י'ן, רבן של ישראל!

און ס'איז ניט די כוונה אז מ'זאל דאס אים איבערגעבן - ווארום די גמ' פסקנ'ט אפ אז אויב מ'פארנעמט זיך מיט אן אפיקורס איז "פקר טפלי"!

דארף מען זיך ניט פארנעמען מיט די עבודה צו ברייגגען אים אז ער זאל זיין "פקר טפלי"! ובפרט אז ער אליין איז מבטיח אז "אכלתי ואוכל עוד"!

**כב.** וואס די כוונה אין רעדן וועגן דעם איז:

עס זיינען דא אזוינע תמימים וואס עיניהם כחגבים, וואס בשעת זיי הערן א זאך וואס קלעפט ניט און וואס איז היפך דת ישראל, אז איינער האט מבזה געווען א תלמיד חכם און "פקר טפלי" - ווערן זיי אראפגעפאלן און בטל בא זיך, און זיי ווייסן ניט וואס צו טאן, און זיי לויפן ארום זובן עצות, צי מ'דארף א געניץ טאן, אדער זאגן א ווארט, אדער א קרעכץ טאן, אדער א וועקגיין צו זיך אין מסחר, אדער טאן אן אנדער זאך.

זאגט מען אים אז צו אלעם ערשטן זאל ער ניט האבן צו טאן מיט יענעם, ווארום עס שטייט אין שו"ע אז אזא וואס האט זיך פארטשעפעט מיט א ת"ח איז אן אפיקורס, און בשעת מ'האט צוטאן מיט אן אפיקורס איז "פקר טפלי".

און צו די וואס זיינען אים מסייע, קען מען (אויב מ'וויל) מסביר זיין בדרכי שלום ובדרכי נועם צו וואס זיי זיינען מסייע, און וואס זיי זיינען גורם צו דעם אפיקורס דורך אים מסייע זיין.

און די אלע דרבים ווי מ'דארף צוגיין צו דעם ענין שטייען אין שו"ע

כולל אויך - אז דער דרך פון צוגיין מיט "ידים ידי עשו" איז פסול! דאס איז דער דרך און שיטה פון אן אפיקורס, זיין דרך, און אזא דרך קומט ניט צוזאמען מיט "הקול קול יעקב"!

וואס דערפאר איז אפילו אויב יענער שרייבט דארטן אין אותיות מרובעות פון "הקול קול יעקב" - דארף מען אבער וויסן אז וויבאלד ער איז דארטן מבזה א ת"ח, איז ער אן אפיקורס, און צוזאמען דערמיט קען ער ניט האבן א שייכות מיטן אויבערשטן!

און וויבאלד אז ער איז אן אפיקורס איז אויב מ'וועט האבן צו טאן מיט אים - איז "פקר טפלי" - במילא לאזט אים צורו! וואס אך אין ווי צו אזא רו!

און פועל'ט אויך אז אנדערע זאלן זיין הבדלו ממנו, וכאמור, מ'דערמאנט אים ניט בשמו, רש"י ווייסט אבער זיין נאמען און ס'איז זיין ענין טאן עפעס וועגן דעם אויב ער וויל, בנוגע צו אנדערע אבער - דארף זיין הבדלו ממנו און פון דעם וואס ער האט געשריבן!

און "אמת מארץ תצמח", ובפרט אז ס'איז ניטא קיין ממשות אין דעם וואס ער האט געשריבן.

**כג.** דערביי קומט צו וואס מ'זעט אז יענער האט אויך צוגעטראפן און ער מאכט ליצנות פון דעם ענין פון "מיהו יהודי", וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג, כ"ד תשרי, כנ"ל בארוכה.

וואס ע"פ דער כלל אז "כל הפוסל במומו פוסל", און מ'זעט אז ער מאכט ליצנות פון "מיהו יהודי", אז מ'וועט גארבעט אויפטאן אין דעם וואס מ'מאכט א גוי'שע פרוי פאר א איד - דארף מען בודק זיין אין חלי אישות שלו, און בשעת מ'וועט בודק זיין ווייסט מען ניט וואס מ'וועט דארטן געפינען!

וואס דערפאר איז די וואס האבן ניט וואס צו טאן און מ'וויל זיך פארנעמען מיט אים - איז צו אלעם ערשטן זאלן זיי וויסן אז "כל הפוסל במומו פוסל", ובמילא זאלן זיי בודק זיין חלי אישות שלו.

דאס איז אבער נאר אויב מ'האט ניט וואס צו טאן; דער צוגאנג פון א איד דארף זיין - אז ער דארף לערנען תורה, און "יבוא בעל השדה כו'", "ה' ילחם לכם ואתם תחרישון" - ער דארף לערנען תורה וכדבעי און "גדול לימוד שמביא לידי מעשה", מקיים זיין מצוות, און דער אויבערשטער וועט זיין "ילחם לכם", ווי ער איז מבאר אין זהר אז דאס איז פארבונדן מיט תענוג, מיט עתיקא קדישא.

און דערביי דארף אויך זיין דער באווארעניש און דער שלילה פון נוצן "ידים ידי עשו", און אויך זיך ניט מתווכח זיין מיט אים, ווי ס'איז דא דער הודעה ברורה פון חז"ל צו וואס דאס וועט ברענגען, כנ"ל.

ובפרט אז ס'איז כ"ד תשרי וואס דאס איז מדגיש דער ענין פון תיקון החוק פון "מיהו יהודי", און אויך אויף דעם וואגען האט ער זיך ארויפגעכאפט, דורך מאכן ליצנות פון דעם - וואס דאס איז מגלה נאך אן ענין אין דברי ימי חייו!

**כד.** דאס וואס איך בין ארויס פון גדר הרגילות שלי אין רעדן וועגן דעם - איז מצד דעם וואס מ'מאכט ליצנות פון אידישקייט, און צוזאמען דערמיט טוט מען זיך אן אין אן איצטלא פון פרומקייט אז מ'וועט באגליקן דעם אויבערשטן, און דערפאר זאל דער אויבערשטער בלייבן שטיל!

וואס אין ישעי' שטייט שוין וואס דערפון קומט ארויס און וואס דער אויבערשטער ענטפערט אויף דעם - (א, טו) כפיכם אעלים עיני מכם גם כי תרבו תפלה אינני שומע ידיכם דמים מלאו"!

ואין כאן המקום להאריך בזה, ובפרט אז דאס איז מצער.

**כה.** דאס וואס יענער איז א איד - איז אין דעם ניטא קיין ברירה, ווארום ווילבאלד ער איז געבארן געווארן צו א אידישע מוטער איז ער א איד!

ס'איז אבער אך און וויי אויף זיין גוף און נשמה וואס טוט אלע זיינע ענינים און פעולות, ביז צו די פעולה וואס עס האט אפגעטאן!

וכידוע דער מאמר פון דעם רבי נ"ע וואס ער האט געזאגט צו כ"ק מו"ח אדמו"ר אויפן מארז"ל "כל מי שאין לו דעה אסור לרחם עליו" - אז דערפון קען מען משער זיין וואס פאר א רחמנות איז אויף דעם וואס תורה זאגט אויף אים "אסור לרחם עליו";

בנוגע אבער צו דער וואס איז מבזה א ת"ח, וואס ער איז אן אפיקורס, וואס בשעת מ'שמועסט מיט אים איז "פקר טפי" - איז אויך דער ענין ניטא!

ובפרט אז ער האט דאס אפגעדרוקט, וואס דעמאלט איז פארשטאנדיק וואס דערפון קען ארויסקומען.

און וואס וועט זיין מיט אים - וועט שוין זיין "יבוא בעל השדה כו'", דער אויבערשטער וועט טאן וואס מ'דארף טאן, כנ"ל.

ובפרט אז יענער האט זיך פארטשעפעט מיט רש"י, וואס "דברי צדיקים קיימים לעד", ע"ד ווי מ'זאגט בנוגע צו דוד המלך, אז "דוד מלך ישראל חי וקיים", ובפרט בנוגע צו פירוש רש"י, וואס זיין פירוש איז ניט נאר געווען בזמנו, נאר ס'איז אויך דא איצטער בכל תפוצות גדולי ישראל און אויך אין ארץ ישראל.

ובפרט אז ס'איז איצטער שבת בראשית, וואס דעמאלט הויבט זיך אן כל התורה כולה, און במילא אויך פירוש רש"י על כל התורה כולה, וואס אויף דעם ערשטן פירוש רש"י אין בראשית - האט זיך אנגעהויבן זיין לצנות ר"ל.

**כו.** ויה"ר אז עס זאל זיך אויספירן די כוונה בדבר - אז יערה עליהם רוח ממרום.

און ע"פ תורת הבעש"ט - דארף אין דערויף אויך זיין א הוראה פאר אונז - איז די הוראה בזה, ובהקדם:

ס'איז ידוע דער משל אז בשעת ס'איז דא א קראנקער אבר, זיינען דא צוויי אופנים ווי מ'קען אים היילן: א) מ'היילט דעם אבר במקומו, אדער ב) מ'איז מחזק שאר הגוף, און דעמאלט וועט דער גוף אדער אויסהיילן דעם אבר, אדער מאכן אז ער זאל ניט קענען מזיק זיין שאר הגוף.

אזוי איז אויך בא אידן, וואס אלע אידן זיינען ווי איין גוף, אז בשעת ס'איז דא א איד וואס איז ניט כדבעי - קען מען אים מתקן זיין אויף צוויי אופנים: א) מ'זאל אים אליין מתקן זיין, אדער ב) מ'איז מחזק אלע אנדערע אידן ובמילא ווערט ער אויסגעהיילט, אדער אז ער זאל ניט קענען מזיק זיין.

וואס בנוגע צו דעם ערשטן אופן - איז דאס ניט אונזער ענין, דאס איז דער ענין פון כלל ישראל, און פון די מנהיגי ישראל,

אונזער ענין איז - ווי עס שטייט אין די דרושים פון רבותינו נשיאנו, ובפרט אין די דרושי שמע"צ ושמח"ת - אז מ'דארף מוסיף זיין אין לימוד התורה, אין נגלה דתורה און אין פנימיות התורה וואס בדורינו נתגלתה בתורת החסידות, בהתמדה ובשקידה.

וואס דעמאלט וועט מען בדרך ממילא זיך ניט פארנעמען מיט דרכים וואס זיינען היפך דרך התורה, וואס דאס איז ניט עבודתו, כולל אויך ניט דער דרך פון "ידיהם ידי עשו", וואס בשעת ער פארנעמט זיך מיט די דרכים איז דערווייליגע ברגע זה, אדער בשעת זה - איז ביי אים ביטול תורה און קיום המצוות, וואס אין זיי איז ער זיכער מחוייב, משא"כ אין שאר הענינים איז א ספק צי ער איז זיי מחוייב טאן,

וואס דערפאר דארף ער מוסיף זיין אין לימוד התורה, און אין קיום המצוות - אנשטאט ארומלויפן א צוטומעלטע, וואס דעמאלט טוט ער אליין גארניט אויף און אויך אנדערע טוען דורך דערויף גארניט אויף,

און דעמאלט, בשעת ער וועט מוסיף זיין אין תורה ומצוות, און אין אמירת תהלים וכו' - וועט דאס מחזק זיין דעם גאנצן גוף פון כלל ישראל, און דעמאלט וועט זיך דער גוף שוין איינקערן מיט דער חלק וואס איז שלא כדבעי, און וועט ברענגען א תועלה אין דער אופן ווי עס דארף זיין.

**כז.** אין דערויף האט מען אויך די הוראה פון נח:

עס שטייט אין זהר אז נח האט ניט מתפלל געווען און זיך מהעסק געווען על בני דורו, "לא בעי רחמין על עלמא", און דעריבער ווערן די מי מבול אנגערופן "מי

נח", "דבי' הוו תליין, דלא בעי רחמא על עלמא", משא"כ די צדיקים וואס זיינען געווען נאך אים האבן זיך יע מתעסק געווען מיט בני דורם.

וואס דערפון האט מען די הוראה לכאו"א, אז מ'דארף זיך עוסק זיין מיט בני דורו, אין מפיץ זיין תורה און אידישקייט און די מעינות און די מבצעים, וואס אידישקייט איז דאס אלעס כולל, און כולל יעדער דבר טוב ומועיל,

כולל אויך ממשיך זיין די המשכות און ברכות אין ענינים גשמיים כפשוטם; צו יעדער איינעם.

און מ'האט דערצו נאך א נתינת כח מיוחדת קומענדיק איצטער פון שמע"צ און שמח"ת, און שטייענדיק אין אסרו חג, (וואס בקביעות שנה זו איז דאס) ביום השבת, וואס דעמאלט איז ניט די מציאות פון סט"א, ווי מ'זאגט אין כגוונא, אז בשבת ווערט בטל די שליטה פון סט"א, ביז אז "וקראת לשבת עונג".

**כח.** ובפשטות - איז המעשה הוא העיקר: וויבאלד אז ס'איז צו אים אנגעקומען די ידיעה פון דעם ענין וואס יענער האט אפגעטאן - דארף ער דערפון ארויסנעמען א לימוד אין עבודתו.

און דאס איז - אז ער זאל מוסיף זיין אין לימוד התורה, וואס זי איז תורת אמת, און צוזאמען דערמיט איז "אין אור אלא תורה",

און דערפאר איז אפילו דורך מעט פון תורה איז מען דוחה הרבה חושך, ווארום מעט אור דוחה הרבה חושך, ועאכו"כ אז דער חושך איז מעט און די תורה איז הרבה - וועט דאס זיכער מאיר זיין און באשיינען און ליכטיק מאכן די וועלט, און איר צוגרייטן צו ביאת משיח צדקנו.

**כט.** ובנוגע לפועל:

שטייענדיק איצטער אין דעם טאג פון כ"ד תשרי, האט מען א הוראה און א נתינת כח מיוחדת - אז ס'איז שוין געוונג די שפילן זיך מיט דעם חוק פון "מיהו יהודי", און וואס איז געטראפן אין דעם טאג איז מדגיש דער גודל הענין בזה, און עס ווייזט אויך אן דער קלארער וועג ווי צו מתקן זיין דעם חוק, כנ"ל בארוכה.

און ס'איז אויך ניט דער פירוש, אז בשעת ער זעט אויפן קאלענדאר אז דער טאג פון כ"ד תשרי גייט אוועק, באפרייט דאס אים פון טאן אין דעם - נאר דערפון וואס דער יאר איז א שנת הקהל לערנט ער אפ אז ער דארף אין דעם טאן "כל הימים אשר אתם חיים על האדמה", און פועל זיין אויף "האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך" וואס זיינען בסביבתו.

און דורך דעריויף וועט ער אויפטאן דעם "קץ שם לחושך" בא זיך אליין און אויך אין וועלט, ביז אז עס וועט מאיר זיין דער אור אמיתי - "קומי אורי כי בא אורך וכבוד ה' עליך זרח", וויבאלד אז "עליך יזרח ה'",

בקרוב ממש ובמהרה בימינו, ובשמחה ובטוב לבב.

* * *

**ל.** די התוועדות קומט דאך אלס המשך וסיום פון דער התוועדות פון שמח"ת וואס איז געווען בערב שבת, ומפני כבוד השבת איז דער סיום איצטער.

איז דאך רגיל, אז וויבאלד ס'איז פאראן א כינוס תורה יעדן מוצאי יו"ט, עאכו"כ נאך שמחת תורה - איז מען זיך משתתף אין דעם כינוס בשעת ההתוועדות.

ד.ה. נוסף צו די השתתפות עיקרית בדברים גשמיים, דורך "גדולה לגימה שמקרבת", דורך דעם וואס מ'נעמט מיט דברי אכילה ושתי' פון דער התוועדות און מ'טיילט זיי בשעת הכינוס - איז אויך דא א השתתפות אין אן ענין אין תורה, עכ"פ בראשי פרקים און אין קורצן.

בכלל איז דאך תורה "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים", במילא זיינען דא כו"כ ענינים וועגן וועלכע מ'קען רעדן - איז אבער פאראן אן ענין וואס איז פארבונדן במיוחד מיט שמח"ת, און דערפון קען מען אפלערנען בנוגע צו כו"כ אנדערע ענינים אין תורה; און דאס איז אן ענין וואס האט א שייכות מיוחדת צו אנזער דור, וויבאלד ס'איז פארבונדן מיט א תקנה פון נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר.

**לא.** איינע פון די תקנות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר איז וועגן די שיעורים הקבועים בכל יום ויום, וואס איינער פון זיי איז דער שיעור חומש.

וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו שמח"ת, ווארום מ'איז דאך מסיים דעם לימוד החומש, צוזאמען מיטן סיום פון קריאת כל התורה בציבור על הבימה ביום שמח"ת, און גלייך נאכדעם איז "מתכלפין התחלה לסיום", מ'הויבט אן לייענען פון אנהויב תורה, בראשית ברא אלקים גו' (בראשית א, א).

וויבאלד דאס איז א מנהג ישראל וואס "תורה הוא", איז פארשטאנדיק אז ס'זיינען פאראן אין דערויף כו"כ פרטים והוראות - אבער יעצט וועט מען זיך אפשטעלן וועגן א פרט וואס איז פארבונדן מיט דעם שיעור חומש פון היינטיקער וואך.

[ניט "וואך" מלשון "וואכעדיקייט", לשון "חול" - נאר "וואך" מלשון "שבוע", ווארום די וואך איז דאך ניט געווען קיין "וואכעדיקע" וואך, נאר א וואך פון חול **המועד**].

וואס אין דערויף זיינען דא צוויי סברות בנוגע דעם שיעור וואס מען דארף לערנען ביום שמח"ת ובשבת בראשית.

**לב.** דאס איז א דבר הברור אז בשמח"ת דארף מען מסיים זיין דעם לימוד פון פ' ברכה, ולדוגמה בשנה זו, ווען שמח"ת איז געווען ביום הששי, האט מען דעמאלט געדארפט לערנען פ' ברכה פון ששי ביזן סוף.

די שאלה איז אבער בנוגע צו דעם לימוד פון פ' בראשית:

פון איין זייט איז פאראן א סברא, אז וויבאלד בשמח"ת לייענט מען שוין פ' בראשית, און עד"ז אין די טעג וואס צווישן שמח"ת מיט שבת בראשית (וואס שמח"ת קען דאך ניט אויספאלן בשבת, ווארום שמח"ת פאלט אלע מאל אויס אין דעם זעלבן טאג ווען דער צווייטער טאג פון ר"ה, און וויבאלד אז "לא אד"ו ראש", דער ערשטער טאג פון ר"ה קען ניט אויספאלן פרייטיק, במילא קען ניט דער צווייטער טאג פון ר"ה, ועד"ז שמח"ת, אויספאלן שבת) -

איז דא א סברא צו זאגן, אז נוסף צום שיעור אין פ' ברכה, זאל מען לערנען בשמח"ת אויך פ' בראשית, פון אנהויב ביז שביעי, ווייל דאס איז שוין א טאג וואס האט א שייכות צו פ' בראשית.

לאידך גיסא זעט מען, אז אין דעם מורה שיעור וואס איז געדרוקט אין "היום יום" (וואס דעמאלט, בשנת הש"ג, איז די קביעות אויך געווען אזוי ווי בשנה זו), שטייט אז מ'זאל לערנען בשמח"ת פ' ברכה פון ששי ביזן סוף, און פ' בראשית זאל מען לערנען בשבת.

וואס דער "היום יום" איז געדרוקט געווארן, כאמור, בחייו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, און ער האט דאס געזען און ס'איז נסחדר געווארן לפי הוראותיו, און ער האט געזאגט און געהייסן שרייבן, כאמור, אז בשמח"ת זאל מען לערנען ששי ושביעי פון פ' ברכה, און פ' בראשית זאל מען לערנען אינגאנצן בשבה בראשית (ווארום לאח"ז הויבט זיך דאך שוין אן די וואך פון פ' נח).

**לג.** ווילבאלד דאס זיינען צוויי סברות אין א מנהג, איז מובן, אז ס'איז פאראן אויף זיי א פארגלייך ומקרו ודוגמא אין הלכה.

ויש לומר ההסברה בזה:

מ'געפינט אין הלכה צוויי אופנים אין חישוב ימים וכו', אדער "מחשבין שעות" אדער "אין מחשבין שעות".

לדוגמא: בא מצות מילא איז דער דין "וביום השמיני ימול בשר ערלתו"; איז דאך "אין מחשבין שעות", נאר גלייך ווען עס הויבט זיך אן דער אכטער טאג הייסט דאס "יום השמיני". עד"ז בנוגע "בן י"ג למצוות", איז דאך דער דין אז אין מחשבין שעות ורגעים, נאר גלייך ווען ס'קומט דער טאג פון י"ג שנה ויום אחד ווערט ער א מחוייב במצוות.

ולאידך גיסא: דער דין בא מילה גופא איז, אז אויב דער תינוק איז געווען א חולה, דארף מען ווארטן זיבן טעג לאחרי שהבריא מחליו - איז דארטן דער דין, אז "מחשבין שעות", מ'דארף ווארטן גאנצע זיבן מעל"ע, ובמילא, אויב למשל ער איז געווארן געזונט א רגע פאר ביה"ש, דארף מען ווארטן גאנצע זיבן מעל"ע ביז דער רגע ווען עס זיינען דורכגעגאנגען ז' מעל"ע שלמים.

ועד"ז זיינען פארן נאך כו"כ דוגמאות אין הלכה, וואו מ'איז מונה שעות און וואו מ'איז ניט מונה שעות.

און דאס איז אויך די הסברה אין דער שאלה הנ"ל בנוגע צו דעם שיעור חומש פון שמח"ת: אויב מ'איז מחשב שעות, האט אן ארט צו זאגן, אז פון אינמיטן שמח"ת איז דער טאג שייך צו פ' בראשית, במילא דארף מען דעמאלט לערנען דעם שיעור פון פ' בראשית (פון אנהויב ביז שביעי); אויב אבער מ'איז ניט מחשב שעות, איז ווילבאלד אז דער טאג פון שמח"ת בתחלתו האט נאך א שייכות צו פ' ברכה, במילא קומט אויס אז פ' בראשית הויבט זיך אן פון דעם קומענדיקן טאג, פון שבת בראשית, אז דעמאלט דארף מען לערנען גאנץ פ' בראשית.

**לד.** לכאו' וואלט מען געקענט ברייננגען א ראי', אז בנדו"ד איז מחשבין שעות, און מ'דארף אנהויבן לערנען פ' בראשית בשמח"ת - דערפון וואס מ'לייענט בשמח"ת פ' בראשית (וכנ"ל). און מ'קען ניט לכאו' זאגן אז דאס איז בלויז א מנהג (די קריאה פון פ' בראשית), כדי להתכיף התחלה לסיום - ווארום מ'זעט דאך אז מ'מאכט א ברכה אויף די קריאת התורה, און ס'איז דאך א כלל אז אויף א מנהג מאכט מען ניט קיין ברכת המצוות, ווי די גמ' זאגט בנוגע צו "ערבה" אז דאס איז א "מנהג נביאים", און דעריבער מאכט מען ניט אויף דעם קיין ברכה.

דער אמת איז אבער, אז די ראי' קען מען דוחה זיין, ווייל עס קען זיין אז די קריאה פון פ' בראשית איז טאקע מערניט ווי א מנהג - און דאס וואס מען מאכט א ברכה איז ניט אויף דעם מנהג, נאר אויף דעם ענין פון קריאת התורה בציבור. ד.ה. אז ס'איז ניט נוגע וואס איז די **סיבה** אויף דער קריאה, ווייל די ברכה איז אויף עצם הקריאה בתורה בציבור.

**לה.** נאך א ראי' קען מען ברייננגען לכאו' פון דעם ענין פון ראש חודש:

דער דין איז אז "אי אתה מחשב שעות לחדשים" (מגילה ה, א. רמב"ם הל' קידוה"ח רפ"ח), ד.ה. אז הגם דער מולד הלבנה איז אין מיטן טאג וכו', אעפ"כ איז דער מנין החדשים פון תחלת היום.

וואס דערפון קען מען ברייגנען א ראי' לעניננו, אז "אי אתה מחשב שעות", און דער שיעור פון פ' בראשית הויבט זיך אן פון שבת בראשית.

באמת איז דאס אבער א ראי' לסתור: די גמ' זאגט דארטן "מנין שאין מחשבין שעות לחדשים שנא' עד חדש ימים, ימים אתה מחשב לחדשים ואי אתה מחשב שעות לחדשים". דערפון זעט מען, אז מען דארף האבן א לימוד מיוחד אז "אין מחשבין שעות לחדשים", ומזה מובן אז לולי דעם לימוד, וואלט מען אנגענומען אז מען דארף יע מחשב זיין שעות.

ומזה מובן בעניננו, אז וויבאלד עס איז ניטא קיין לימוד מיוחד והיראה מפורשת בנוגע צום שיעור חומש בשמח"ת, און ס'איז נאך פאראן א ראי' פון דער קריאה פון פ' בראשית ביום זה - לייגט זיך זאגן אז "אתה מחשב שעות" און מען דארף לערנען דעם שיעור פון בראשת ביום שמח"ת.

**לו.** עס זיינען פאראן נאך דוגמאות פון מקראות מפורשים בנוגע צו כמה ימים טובים, אז הגם די סיבה פון דעם יו"ט איז געווען באמצע היום, פונדעסטוועגן הויבט זיך אן דער יו"ט מתחלת אותו יום, ד.ה. אז מ'איז ניט מחשב שעות.

ווי מ'זעט למשל ביי פסח, אז הגם די גאולה פון מצרים איז געווען "בעצם היום הזה", אינמיטן דעם טאג פון ט"ו בניסן - אעפ"כ זאגט דער פסוק "בראשון בארבעה עשר יום לחדש בערב תאכלו מצות עד יום האחד ועשרים לחדש בערב" (בא יב, יח), ד.ה. אז דער יו"ט הויבט זיך אן פון אנהויב נאכט פון ט"ו לחדש.

אין דעם פאל קען מען אבער פארענטפערן, אז הגם דער "חפזון דישראל" איז טאקע געווען "בעצם היום הזה", אעפ"כ איז געווען פאר דעם, בתחלת הלילה, דער "חפזון דשכינה" און דער "חפזון דמצרים".

איז פאראן נאך א דוגמא, פון יום הכיפורים: יום הכיפורים איז דאך דער טאג פון סליחה ומחילה, ווייל ביום זה האט דער אויבערשטער געזאגט משה'ן "סלחתי כדבריך", בסוף פון די ארבעים יום האחרונים. איז דאך די אמירה געווען **בסיום** פון דעם יום הארבעים, בסיום פון יום כיפור - או אעפ"כ איז דער ענין פון יום כיפור, ווי עס שטייט אין פסוק "מערב עד ערב תשבתו שבתכם", פון אנהויב מעת לעת פון יום כיפור. [ויתירה מזו, עס'איז נאך דא די מצוה פון תוספת יום הכיפורים, נאך פאר דער התחלה פון דעם "ערב", און פון יום כיפור לערנט מען אפ די מצוה פון "תוספת מחול על הקודש" ביי שבת און ביי יו"ט, ולכמה דיעות איז עס מן התורה].

נאך א דוגמא איז פון דעם יו"ט פון שבועות, זמן מתן תורתנו: מתן תורה איז געווען אין דערפרי פון דעם טאג ("ביום השלישי בהיות הבוקר"), וכידוע וואס עס ווערט דערציילט אין מדרש אז יענע נאכט זיינען אידן געשלאפן מיט א שינה עריבה וכו'.

עד"ז ברייגנגט זיך דאך אין אחרונים דער טעם פון אכילת מאכלי חלב בשבועות אינדערפרי, אז דאס איז דערפאר וואס זיי האבן ניט געקענט באותו יום עסן מאכלי בשר פון לפנ"ז - וואס אויך אין דעם איז מודגש אז דער ענין פון מ"ת איז געווען באמצע היום,

און אעפ"כ הויבט זיך אן דער יו"ט פון שבועות פון דער נאכט שלפנ"ז.

**לז.** קען מען זאגן אין סברא דעם חילוק בדבר, ווען מ'איז מחשב שעות, און ווען מען איז ניט מחשב שעות - אז דאס איז תלוי צי עס רעדט זיך וועגן ענינים "טבע" אדער ענינים "קדושה":

בשעת עס רעדט זיך מצד טבע, ווי למשל בנוגע דער געזונט פון דעם תינוק וואס מען דארף מל זיין, דארט איז ניט נוגע דער מהלך השמש והירח וכו' - עס איז נוגע דאס וואס מצד הטבע דארף דער גוף האבן ז' ימים שלמים. ווייל דער מהלך השמש והירח האט ע"פ טבע קיין שייכות ניט צו בריאות התינוק; ס'איז פאראן די פעולה פון "וממגד תבואות שמש וממגד גרש ירחים" - אבער צו דער בריאות התינוק האט עס ניט.

בשעת עס רעדט זיך אבער וועגן ענינים תורה וקדושה - האט תורה געזאגט אז ס'זיינען פאראן גדרים פון יום ולילה, וואס דאס איז ניט פארבונדן מיט טבע, נאר תורה זאגט אז "יום ולילה לא ישבותו".

דערמיט וועט מען אויך פארשטיין פארוואס מען דארף האבן א לימוד מיוחד אז "אי אתה מחשב שעות לחדשים": דער ענין פון קביעות החדשים איז טאקע אן ענין פון תורה וקדושה, אבער תורה זאגט "כזה ראה וקדש", אז דער ענין איז פארבונדן מיט א ראי' פון דעם מולד אין טבע. דעריבער וואלט געווען א סברא אז מען דארף ציילן חדשים פון אמצע היום, פון דעם זמן המולד אין טבע. דערפאר דארף מען דעם לימוד אז "אי אתה מחשב שעות לחדשים".

אבער בנוגע צו שאר ענינים קדושה, ווי די ימים טובים פון פסח און שבועות וכו' - איז א דבר הפשוט אז דאס איז פארבונדן מיט די גדרים פון יום ולילה שע"פ תורה, און עס האט ניט קיין שייכות צו טבע, ובמילא "אי אתה מחשב שעות".

ובנוגע לעניננו: מיר האבן דאך די הוראה ברורה, כאמור, אז בשמח"ת זאל מען לערנען די פרשיות ששי און שביעי פון פ' ברכה - איז בהתאם צו דער תורה פון אלטן רבי'ן, אז מען דארף לעבן מיט דער צייט, מיט פרשת השבוע - איז כאן המקום אפצושטעלן זיך (בהמשך צו שמח"ת) אויף די פסוקים פון דעם שיעור הנ"ל.

דער שיעור הויבט זיך אן מיטן פסוק "מעונה אלקי קדם גו'", איז רש"י מפרש אז דא רעדט ער די מעלה פון אידן.

און עס ענדיקט זיך מיט די ווערטער "לעיני כל ישראל" ד.ה. אז דאס האט א שייכות צו כל ישראל, אלע אידן אן קיין יוצא מן הכלל, ובלשון פון נשיא דורנו בנוגע לגאולתו "וגם את אשר בשם ישראל יכונה",

ביז ווי רש"י ברייגנט אראפ אז דאס רעדט זיך וועגן שבירת הלוחות, "אשר שברת יישר כחך ששברת", ד.ה. עס רעדט זיך וועגן אזעלכע אידן וועלכע האבן געבראכט צו א מצב פון שבירת הלוחות, ד.ה. פאר דער תשובה אויף חטא העגל (וואס איז בדוגמת החטא הראשון, חטא עה"ד).

וואס לכאו' איז דאס ניט נאר א איד וואס פירט ניט אויס דעם ענין פון "בראשית - בשביל ישראל ובשביל התורה", נאר ער איז פונקט דער היפך דערפון, ביז וואנעט אז דער אויבערשטער זאגט "יישר כחך ששברת" -

און אעפ"כ איז אויך דער איד נכלל אין "לעיני כל ישראל"!

**לט.** אין דעם שיעור חומש הנ"ל זעט מען, ע"פ האמור, ווי עס רעדט זיך וועגן אלע אידן מן הקצה אל הקצה, פון אנהויב שיעור וועלכער רעדט וועגן דער מעלה פון אידן, ביז צום סיום וועלכער רעדט וועגן שבירת הלוחות,

און דאס אלץ איז א חלק פון דער סדרה "וזאת הברכה אשר ברך משה גו'" - ווייל דאס האט א שייכות מיוחדת צו משה'ן, ווארום דער מקור פון כל הברכות איז די תורה, וואס נקראת על שמו של משה, "זכרו תורת משה עבדי",

ביז ווי ער זאגט "תורה צוה לנו משה מורשה גו'", אז משה האט געגעבן די תורה אין אן אופן של ירושה - און דער סדר פון ירושה איז, אז אין וועלכן מצב דער יורש זאל זיך נאר ניט געפינען, איז ער אלץ יורש בשלימות, וואס דעריבער איז דאס שייך צו אלע אידן אין וועלכן מצב זיי געפינען זיך.

און ווי מ'זעט אויך להלכה, אז הגם בנוגע צו לימוד עם הזולת איז פאראן די באווארעניש וועגן א "תלמיד שאינו הגון" - פירט אבער אויס דער אלטער רבי, אז דאס איז אלץ גערעדט געווארן בנוגע לזולת, אבער בנוגע לעצמו, דארף יעדער איד לערנען תורה כאטש ער האט נאך ניט תשובה געטאן (אויף וואס ער דארף תשובה טאן), ביז אז זיין לימוד התורה קען פועל'ן אן ענין הפכי (ווי עס ברייננגט זיך אין תניא, און אויך אין הל' ת"ת) - פונדעסטוועגן איז א פסק דין ברור פון דעם אלטן רבי'ן, מיוסד אויף פוסקים און אויף גמ' ביז צו "ניתן למשה מסיני" אז ער דארף זיך משתדל זיין לערנען תורה.

**מ.** ענין האמור איז נוגע במיוחד בזמננו זה, בעקבתא דמשיחא, ווען "כלו כל הקיצין", וואס במילא מוז די הבטחה "לא ידח ממנו נדח" מקויים ווערן בגלגול זה,

ובקרוב ממש, ווייל אט אט קומט משיח,

ובפרט נאך דער עבודה אין הפצת היהדות, תורה ומצוותי'.

אנהויבנדיק פון "מבצע תפילין", זיך משתדל זיין אז אלע אידן זאלן לייגן תפילין, וואס אין דעם איז פאראן א הוראה ברורה פון סמ"ג, וואס דערציילט אין זיין ספר ווי ער האט מעורר געווען בזמנו אין ספרד צענדליגער טויזנטער אידן אויף הנחת תפילין,

וואס פון דעם גופא וואס מ'האט זיי געדארפט מעורר געווען אויף דעם, איז מובן זייער מעמד ומצב,

און אעפ"כ האט דער סמ"ג געטאן א מעשה בגופו, און זיך ניט פארלאזן אויף קיין שלוחים, און איז ארומגעגאנגען מעורר זיין אידן זיי זאלן לייגן תפילין,

און האט דאס אליין פארשריבן און דערציילט אין זיין ספר, וואס ער האט אים א נאמען געגעבן "ספר המצוות"!

דערנאך זיינען דורכגעגאנגען נאך כו"כ דורות, מיט כו"כ גדולים, און "מדשתיק הודה לי'", פון דעם וואס זיי האבן ניט געשריבן ניט ווי דער סמ"ג, איז מובן, אז זיי האלטן אויך אזוי.

ויתירה מזו, זיי האבן געשריבן בפירוש און זיך משתדל געווען אין דעם ענין וכו' וכו'.

**מא.** צו דעם קומט נאך צו די הדגשה האמורה, אז אין אמאליקע צייטן האט מען זיך געקענט פארלאזן אז דער "לא ידח" וועט מקויים ווערן "בגלגול אחר" [וואס בנוגע צו הקרבת קרבנות פון א ציבור איז קיין נפק"מ ניט, ווייל "ציבור לא מת", אבער בנוגע צו א יחיד, איז דער דין אז "חטאת שמתו בעלי'" האט א גדר בפ"ע] - עאכו"כ בדורנו זה, ווען נשיא דורנו האט געזאגט אז ס'איז שוין "כלו כל הקיצין", און ס'איז זיכער אז דאס וועט זיין "בגלגול זה", ובקרוב ממש.

ובפרט אז מ'האט די תביעה און נתינת כח פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, מען זאל טאן אין הפצה היהדות, און מ'גיט יעדערן א יישר כח פאר זיין עבודה.

**מב.** ויהי רצון, אז דער כינוס תורה אין אסרו חג פון דעם יו"ט, זאל זיין א לימוד המביא לידי מעשה, א לימוד וואס איז מקרב אידן צו תורה, "ומקרבן לתורה".

ס'זאל זיין א לימוד אין אן אופן פון "לאסוקי שמעתתא אליבא דהלכתא", "דבר ה' זו הלכה", און מפיץ זיין איר בכל מקום ומקום, צו לערנען מיט אלעמען "הלכתא", און וואו מען דארף - לערנען א"ב כפשוטו אדער א"ב פון אידישקייט.

ויה"ר, אז דערפון זאל מען קומען צום צווייטן טייטש אין "דבר ה'" - דבר ה' זה הקץ, הקץ האמיתי, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

**מג.** כאן המקום, כרגיל בכל שנה ושנה, צו דערמאנען וועגן "קרן השנה" -

וואס וויבאלד מען געפינט זיך שוין איצטער לכל הדיעות אין דער צייט פון דער עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו", וואס "דרכו" ווערט תיכף ומיד "דרך ה'",

דארף מען דאך די עבודה זאל זיין מיט הצלחה רבה ומופלגה;

איז דאך ידוע, אז כדי להוסיף ברכה אין דער הצלחה - דארף מען מוסיף זיין אין מצות הצדקה.

און דאס ברייננגט די המשכה פון "לך הוי' הצדקה", די צדקה פון דעם אויבערשטן.

וואס דעם ענין האט מען שוין געבעטן אין אנהויב פון "סליחות", אלס הכנה צו ר"ה, דערנאך איז עס נמשך געווארן בר"ה, און דערנאך, אין א "קליטה" בפנימיות, בשמע"צ ושמח"ת,

און דערנאך האט דאס עולה געווען בעלי' יתירה ועילוי גדול אין דעם שבת וואס נאך שמח"ת, היינטיקן שבת,

וואס דעמאלט איז די עלי' אין אן אופן של תענוג (כידוע), און דערנאך ווערט דער תענוג נמשך למטה מטה, ווי עס שטייט "וקראת לשבת עונג", איז מ'איז קורא וממשיך דעם עונג למטה, ביז ווי דער ענין איז כפשוטו, אז בשבת איז כל מעשיך עשוי'".

**מד.** אויך איז נהוג צו דערמאנען אין דער געלעגנהייט וועגן די שלשה שיעורים הידועים - חומש, תהלים און תניא.

ד.ה. דעם שיעור פון פרשת השבוע, ווי די פרשה איז מחולק לימות השבוע (זונטיק פון אנהויב ביז שני; מאנטיק פון שני ביז שלישי וכו'); דעם שיעור אין תהלים ווי ער איז מחולק לימי החודש; און דעם שיעור פון תניא ווי ער איז מחולק לימי השנה.

וואס איך ווייס ניט צו מ'איז משים לב דערצו, אבער די דריי שיעורים האמורים זיינען כולל די אלע סוגים אין התחלקות הזמן:

דעם ענין פון ימות השבוע - וואס איז פארבונדן מיט שמש; דעם ענין פון ימי החודש - וואס איז פארבונדן מיט דער לבנה; און דעם ענין פון ימות השנה.

וידוע וואס עס ברייננגט זיך אין חסידות און קבלה, אז "שנה" איז שייך צו ספירת המלכות; שבוע - וואס איז פארבונדן כאמור מיט שמש - צו ז"א (שמש הוי'); און יום - איז פארבונדן מיט ספירת הבינה "אם הבנים שמחה".

ולפי"ז קומט אויס, אז דער ענין פון שיעורי חת"ת נעמט ארויס גאנץ סדר ההשתלשלות: פון ספירת הבינה, דערנאך אין שבעת ימי הבנין, ז"א, וואס אויך דאס איז כולל ספירת המלכות, ווארום זי איז דאך די ספירה השביעית, די שלימות פון ז' ימי הבנין, שבת; דערנאך קומט דאס אראפ נאכמער בפרטיות אין ימי החודש, וואס איז אויך רומז אויף מלכות, "חודש אשתו", און נאכמער - אין בחי' שנה וואס איז רומז אויף מלכות, כנ"ל.

דא איז אבער ניט נוגע דעם פלפול ושקו"ט אין קבלה און אין חסידות -

מען זעט דא בפשטות, אז דער ענין פון שיעורי חת"ת, נעמט דורך אלע אופנים וסוגים פון זמן, שבוע אדער חודש אדער שנה.

**מה.** אין דעם ענין פון התחלקות הזמן לשנה - זעט מען דעם מנהג העולם, אז מען מאכט א "חשבון צדק" איינמאל א יאר.

ויש לומר, אז דאס איז דערפאר וואס כל הענינים שבעולם איז "נשתלשלו מהם", פון די ענינים אין תורה:

וויבאלד אז אין תורה וקדושה איז דער סדר, אז "אחת בשנה" מאכט מען א חשבון צדק אויף אלע ענינים פונעם גאנצן יאר -

דעריבער איז אזוי אראפגעקומען אויך אין דעם מנהג ההגרים (הגרי לוד), און אויך אין מנהג המלכות, אז איין מאל א יאר מאכט יעדער סוחר א חשבון פון אלע הכנסות והוצאות; ועד"ז דארף מען אפגעבן א חשבון צדק צו דער ממשלה פון אלע הכנסות וכו'.

דאס איז אבער על דרך הרגיל, אז מען מאכט דעם חשבון פעם בשנה - ס'איז אבער פאראן אז מ'מאכט דעם חשבון אפטער;

ועד"ז איז אויך אין קדושה, אז ס'איז פאראן דער ענין פון חשבון צדק אין אלע אופני ההתחלקות פון זמן, המנויים לעיל.

ס'איז דא דער ענין פון "יום כיפור קטן", יעדן ערב ר"ח (ווי דער צ"צ ברייננגט דאס אויך אראפ) - וואס דאס איז דער חשבון צדק וואס איז פארבונדן מיט ימי החודש; עד"ז בנוגע לימות השבוע - איז דאך "שבת אותיות תשב" (כמובא באגרת התשובה), וואס דאס מיינט "תשובה עילאה", און לפנ"ז, בערב שבת, דארף זיין די הקדמה פון תשובה תתאה; עד"ז בכל יום ויום, מאכט מען דאך דעם חשבון צדק ביי קריאת שמע שעל המטה.

וואס דא זעט מען פיר חלוקות אין זמן: יום, שבוע, חודש ושנה.

און וויבאלד אז "המעשה הוא העיקר" - קומט ארויס פון דעם חשבון צדק (בכל סוגי הזמן הנ"ל), אין מעשה בפועל: יעדער טאג האט זיך זיין עבודה, "בכל יומא ויומא עביד עבידתי'"; יעדער וואך האט אין זיך איר פרשה בתורה; יעדער חודש האט זיין צירוף פון שם הוי'; און יעדן יאר איז נמשך א "אור עליון חדש שלא הי' מאיר מעולם אור עליון כזה", ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק.

**מו.** די נקודה הפנימית מהאמור לעיל - אז מען דארף אויפנוצן יעדן ענין אין וועלט אין דער עבודה פון "אני נבראתי לשמש את קוני",

ביז אז מען ווערט א מרכבה לו ית'.

ווייל ער איז דאך א בן אברהם יצחק ויעקב און זי איז דאך א בת שרה רבקה רחל ולאה - און ס'איז ידוע אז רחל צוזאמען מיט די ג' אבות זיינען די ד' רגלי המרכבה.

והמעשה הוא העיקר -

מען זאל לערנען א סאך תורה, און מקיים זיין מצוות מיט א סאך הידור,

און דער אויבערשטער האט דאך מבטיח געווען אין זיין תורה הנצחית, אז דאס וועט ברענגען אלע ברכות, "ונתתי גשמיכם", וכפירוש הבעש"ט, איך וועל אייך געבן אלערע גשמיות, און "בעתם".

ביז מען וועט שטיין "קוממיות", מיט א קומה זקופה נאך אין זמן הגלות,

וואס דאס וועט מבטל זיין דעם "ונהי בעינינו כחגבים" וואס שטערט צום כיבוש פון ארץ ישראל,

וואס זי איז שוין איצטער ארצנו, אונזער לאנד,

מען דארף נאר קומען אהינצו ברינה, ווי עס שטייט (ירמי' לא, יב) "ובאו ורננו במרום ציון ונהרו אל טוב ה' וגו'".

און זיכער קען יעדערער טאן אין דעם און מצליח זיין, ואין הדבר תלוי אלא ברצוננו.

ויה"ר אז פון דעם ענין פון תיבת נח (פ' השבוע הבא) וואס איז מעין פון לע"ל - זאל מען קומען צום זמן וואס וועט זיין ניט נאר "מעין", נאר טאקע "וגר זאב עם כבש וגו'" ביז "ונער קטן נוהג בם", ביז "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים",

ע"י משיח צדקנו, "ויצא חוטר מגזע ישי ונצר משרשיו יפרה".

צווה לנגן ניגון הכנה לניגון אדה"ז, ניגון אדה"ז (בבא הד' - פ"א),ניע זשורישצי.

אח"כ אמר: ס'זיינען דא פאראן אנשי צרפת - זאלן זיי זינגען אונזער "האדרת והאמונה" מיט זייער ניגון.

אח"כ שאל בצרפתית אם גמרו את כל הניגון.

אח"כ אמר: עס איז דאך פאראן א חכם פון אחינו בנ"י פון בוכרה וסמוכות שלה, וואס געפינט זיך איצטער אין א"י - זאלן זיי אלע זיך מתאסף זיין און זינגען א ניגון משלהם.

ניגנו "אין אדיר".

אח"כ אמר: עס זיינען זיכער פאראן אזעלכע וואס געדענקען נאך רוסיש - איז דאך פאראן דער שליח ציבור וואס האט געדאוונט פארן עמוד, הרב ר' בערל זאלצמאן.

אח"כ הכריז: שא שטילער!

התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

ברך ברכת המזון, תפלת ערבית, הבדלה וחילק לכל אחד ואחד מכוס של ברכה.

* * *

בס"ד.

**ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א להת' השלוחים שיחיו**
**הנוסעים ל"לאס-אנז'עלעס" ו"ניו-הייווען"**
**יום ב' פ' נח, כ"ו תשרי ה'תשמ"א.**

איר זאל האבן א נסיעה כשורה ובהצלחה.

עס זאל זיין "ויעקב הלך לדרכו"1, עם כל הפירושים.

און עס זאל זיין, ווי גערעדט בארוכה אין די פריערדיקע התוועדויות - א "שנת אורה" זו תורה, ווארום "אין אור אלא תורה"2.

ביז א שנת תורה בהקדמת שנת תפלה3,

און אין אן אופן פון א שנת תשובה.

און מתוך שמחה וטוב לבב מאכן ליכטיק זיך און מאכן ליכטיק חלקו בעולם, און מאכן ליכטיק כל העולם כולו,

ביז ס'וועט קומען, בקרוב ממש, "שמחת עולם על ראשם"4, צוזאמען מיט "קומי אורי כי בא אורך"5.

ובמהרה בימינו ממש.

נתן לכאו"א מהשלוחים שיחיו דולר ואמר: דאס זאל זיין אויף שליחות מצוה.

ואמר להם לקחת את לקו"ש השבועי דחגה"ס.

---

1) ל' הכתוב - ויצא לב, ב. וראה לקו"ש חט"ו ע' 259. קונטרס "ויעקב הלך לדרכו" ה'תש"מ. וש"נ.

2) תענית ז, ב.

3) ראה לקו"ת ברכה צו, ב.

4) ישעי' לה, י. נא, יא.

5) שם ס, א.

**שיחה להתלמידים ולהתלמידות שיחיו**

**— בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה —**

**יום ד', כ"ח תשרי ה'תשמ"א.**

**א.** [לפני התפלה ניגנו הניגון „נאפאליאנ'ס מארש"[1].

אחרי התפלה ניגנו כמה ניגונים, ואח"כ אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל[2]].

**ב.** אזוי ווי איר, אידישע קינדער, זייט „צבאות השם"[3], איר זייט „סאָל־דזשער'ס" אין דעם אויבערשטנ'ס אַרמיי, איז דעריבער דער רעדן איצטער צו אייך אין דעם דרך ווי מען רעדט צו אַן אַרמיי.

הגם אַז אייגנטליך זיינען אַלע אידן, אפילו די וואָס זיינען שוין אַלט אין יאָרן, דעם אויבערשטנ'ס „קינדער", ווי עס שטייט (אין פאַרבינדונג מיט שמח"ת) „כי נער ישראל ואוהבהו"[4], און „הבן יקיר לי אפרים אם ילד שעשועים"[5] — ד.ה. אַז דער אויבערשטער באַטראַכט און קוקט אויף יעדער אידן אַז ער איז זיינער אַ קינד, און נאָכמער — אַ „ילד שעשועים", אַ קינד וואָס פאַרשאַפט אים גרויס פרייד און פאַרגעניגן — ובמילא מובן אַז אַלע אידן זיינען אין דעם אויבערשטנ'ס אַרמיי —

פונדעסטוועגן, איז דאָס בהדגשה יתירה בנוגע צו אידישע קינדער.

און ווי דערמאָנט שוין ביי פריער־דיקע געלעגנהייטן, בנוגע צו די „צבאות השם" וואָס זיינען געווען אין מצרים, אין דעם ערשטן גלות, אַז צווישן זיי (צווישן די זיבעציק מיטגלידער פון „צבאות השם" וואָס זיינען אַריין אין מצרים) ווערט גערעכנט[5*] יעקב אבינו אַלס איינער, און אַ קליינע אידישע מיידעלע וואָס איז געבאָרן געוואָרן מיט אַ רגע לפני זה (אָדער — באותו הרגע) — יוכבד[6] — אַלס איינע[7], און זיי שטעלן צוזאַמען דעם מספר פון „שבעים נפש"[8*], וואָס דאַמאָלס זיינען דאָס גע־ווען די „צבאות השם".

וואָס דער מספר פון „שבעים נפש" איז דאָך דער מספר היסודי פון „צבאות השם" — ווי עס שטייט[9] „יצב גבולות עמים למספר בני ישראל", אַז דאָס וואָס דער מספר פון די הויפט־אומות איז „שבעים", איז דאָס דערפאַר וואָס דער מספר פון די „הויפט־אידן", די אידן אַריינגייענדיק אין מצרים, איז געווען „שבעים"[10*].

וכאמור, איז דער מספר פון „שבעים נפש" שטעלט זיך צוזאַמען אַריינ־נעמענדיק — אַ קליינע אידישע מיידעלע און[10*] — יעקב אבינו, דער

---

1) ס' הניגונים ח"א ע' 142 (ניגון מס' 170). תקליט „ניח"ח" מס' 2 (ניגון 7).

2) נדפסו בחיברת „י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל" (ברוקלין, ה'תשל"ז).

3) בא יב, מא.

4) הושע יא, א. עיין ד"ה זה, שמח"ת תרס"ע (נדפס בהמשך תרס"ו ע' תקנ ואילך).

5) ירמי' לא, כ.

*5) לדיעה אחת — ב"ר פצ"ד, ט. וכ"ה בכמה מפרשי התורה (רשב"ם ויגש מו, כז. ועוד).

6) סוטה יב, א. ב"ב קכ, רע"א. קכג, ריש ע"ב. פרש"י עה"פ ויגש מו, טו. פינחס כו, נט. ובכ"מ.

*8) לדיעה שני' — ב"ב וב"ר שם. פרש"י עה"ת ויגש בי. כו. במדבר ג, טו. פינחס שם.

7) שמות א, ה.

8) האזינו לב, ח.

9) פרש"י שם.

*10) דאלו יאלי דא"ח.

גרעסטער צווישן די אבות[10], און דער גרעסטער צווישן אידן (וואס דערפאר ווערט דאך יעדער איד אנגערופן מיטן נאמען „יעקב", „ישראל").

און אזוי ווי עס איז געווען אין מצרים, אז דארטן איז געווען בהדגשה די מעלה פון קליינע קינדער אלס מיטגלידער פון „צבאות השם", „הם הכירוהו תחלה"[11], אזוי וועט אויך זיין בקרוב ממש, וואס „כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[12], ווען מיר וועלן ארויסגיין פון דעם איצטיקן גלות — גאר אינגיכן, דורך משיח צדקנו.

ג. האמור לעיל איז אויך די סיבה פארוואס מען שטעלט ארויס א „פאריידי" פון „צבאות השם", און אין „פראנט" גייען אידישע קליינע אינגעלעך און קליינע מיידעלעך, ווארום יעדערער פון זיי שטעלט צוזאמען דעם אויבערשטנ'ס ארמיי, און איז זייער[13] וויכטיג כדי דעם אויבערשטנ'ס ארמיי זאל זיין ווי עס דארף-צו-זיין.

און וויבאלד אז מען רעדט צו אייך, כאמור, אלס מיטגלידער פון „צבאות השם", און דער דיבור איז אין אן ארט וואו אידן דאווענען[14] צום אויבערשטן השם צבאות, און וואו אידן לערנען דעם אויבערשטנ'ס תורה[15] — איז פאר־שטאנדיק, אז מען דארף רעדן צו אייך אין דעם דרך און לויט די מנהגים וואס זיינען איינגעפירט אין אן ארמיי.

ד. איינער פון די מנהגים וואס זיינען איינגעפירט אין אלע ארמייען, וואס מזה מובן אז אזוי איז דאס להבדיל אין דעם אויבערשטנ'ס ארמיי [און אדרבה — וויבאלד דאס איז אזוי אין דעם אויבערשטנ'ס ארמיי — דערפאר איז דאס אויך אזוי אין ארמייען במלכותא דארעא], איז — אז עס זיינען פאראן געוויסע טעג אין יאר וואס דעמולט זיינען די „סדרים" ניט אזוי שטרענג.

ד.ה. אז כאטש א „סאלדזשער" (איש צבא) איז אלע מאל א „סאלדזשער" — האט אבער דער „קאמענדער-אין-טשיף" (דער הויפט-אנפירער פון דער ארמיי) איינגעארדענט אז אין געוויסע טעג זיינען די סדרי הצבא ניט אזוי שטרענג.

אזוי איז אויך אין דעם אויבערשטנ'ס ארמיי, אז דער אויבערשטער (דער „קאמענדער-אין-טשיף") זאגט, אז עס זיינען פאראן שעות און טעג פון שבת ויום טוב וחול המועד — וואס דעמולט איז ניט אזוי שטרענג דער גיין אין חדר אדער אין בית-הספר, און דער לערנען א סאך שעות אין טאג[16]; מ'גיט אפ דעם „סאלדזשער" (דעם אידישן קינד) א טייל פון טאג אויף אפרוהען זיך און שפילן זיך אין א כשר'ן און א גוטן אופן, אויף טרעפן זיך מיט חברים (אדער מיידעלעך — מיט חבר'טעס), וכיו"ב.

און נאך די טעג אין וועלכע מען רוהט זיך אפ, לערנט מען (וואס דאס איז, כאמור, די מטרה פון דעם אוי־בערשטנ'ס ארמיי) מיט נאך מערער חשק ווי פריער.

---

10) ראה ב"ר פע"ו, א. זח"א קיט, ב. קמו, ב. ובכ"מ.

11) סוטה יא, ב. שמו"ר פ"א, יב.

12) מיכה ז, טו.

13) כנלמד מהסיפור אודות יוכבד — שהיא השלימה ע' נפש (מקומות שבהערה 7).

14) דשעת צלותא שעת קרבא (לקו"ת ר"פ תצא בשם הזהר).

15) שהיא תבלין ליצה"ר (קידושין ל, ב). — החילוק דמלחמה ע"י תפלה או תורה — ראה סה"מ תרנ"ט ע' קנב ואילך. תש"ד ע' 83 ואילך. ובכ"מ.

16) הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ס"י. וש"נ.

ה. בכללות, אין די טעג פון דעם גאנצן יאר — זיינען די טעג פון אפרוה פאר קינדער — במשך חודש תשרי.

במשך חודש תשרי, איז באַטש אַז אויך דעמולט דאַרף מען זיך, כפשוט, אויפ־פירן ווי דעם אויבערשטנ׳ס אַ „סאָלדזשער״ דאַרף זיך אויפפירן, לערנען זיין תורה און מקיים זיין זיינע מצוות, עסן נאָר כשר׳ע זאַכן, און מאַכן אויף זיי אַ ברכה א. ז. וו., און נאָך פאַר־דעם — גלייך ווען מ׳כאַפּט זיך אויף פון שלאָף[17] דערמאָנען זיך אַז מ׳איז אַ „סאָלדזשער״ פון דעם אויבערשטן, פון דעם „מלך חי וקיים״, און דאַנקען אים („מודה אני״).

אַזוי אויך באַם אָפּשלוס פון טאָג, פאַרן גיין שלאָפן — זאָגט מען „שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד״[18], אַז דער אויבערשטער איז דער אַנפירער פון יעדער אידן, כולל — דעם אינגעלע און מיידעלע וואָס זאָגט די קריאת שמע:

פונדעסטוועגן, זיינען דאָך דעמולט דאַ די טעג פון ראש השנה, צום גדלי׳, ערב יום כיפור, יום כיפור, מחרת יום כיפור[19], די טעג פון סוכות און שמיני עצרת און שמח״ת, און אסרו חג,

די טעג ווען אידישע קינדער זיינען פאַרנומען מיט העלפן מאַכן אַ סוכה, צוגרייטן די ד׳ מינים (אתרוג לולב הדסים און ערבות), און העלפן אין די צוגרייטונגען צו שבת ויו״ט בכלל,

ובמילא איז דער לערנען (און — דער חזר׳ן פון דעם לערנען) במשך די טעג פון חודש תשרי ניט אויף אַזויפיל שטרענג — וואָרום מ׳איז פאַרנומען מיט אַנדערע אַרבעטן וואָס דאַרפן אויך געטאָן ווערן דורך „צבאות השם״.

ו. דער סדר ווי עס פירט זיך אין יעדער אַרמיי איז, אַז נאָך דעם וואָס עס גייען דורך די צייטן ווען מ׳איז ניט אויף אַזויפיל אָנגעשטרענגט, און עס קומט די צייט ווען מ׳דאַרף טאָן אין די „אַרבעטן״ פון דער אַרמיי מיט דעם גאַנצן שטורעם — קלייבט מען צוזאַמען אַ סאַך, אַלע „סאָלדזשער׳ס״, מ׳שטעלט זיי אויס אין אַ „פּאַרייד״, און זיי זינגען אַ מאַרש של נצחון[20] —

כדי אַריינגיין אין דער נייער אַרבעט מיטן גאַנצן שטורעם און — מיט דער זיכערקייט אַז מ׳וועט געווינען אין דער מלחמה.

דערפון איז אויך מובן בנוגע צו „צבאות השם״ — אַז באַ דער ענדע פון חודש תשרי, ווען מען דאַרף זיך צוגרייטן צו די טעג וואָס קומען נאָך דעם, צו לערנען (און חזר׳ן וואָס מ׳לערנט) און איינווירקן אויף חברים (און מיידעלעך — אויף חבר׳טעס), זיי זאָלן זיך מתנדב זיין (וואָלאַנטירן) און אַריינגיין אין „צבאות השם״ — מיט דער גאַנצער שטאַרקייט און לעבע־דיקייט —

איז דעמולט די צייט אויף מאַכן אַ „פּאַרייד״ פון אַ סאַך „סאָלדזשער׳ס״ צוזאַמען, און — זינגען אַ ניגון של נצחון.

ס׳איז אַ זיכערע זאַך אַז זיי וועלן מלחמה האַבן דעם אויבערשטנ׳ס מלחמה, די מלחמה מיטן יצר, און וועלן זיכער געווינען, וואָרום מען האָט די בטחה (ווי ערשט געזאָגט אין די י״ב

17) כלשון אדה״ז „מיד כשניעור משנתו״ (שו״ע אדה״ז או״ח ס״א ס״ה (ובמהדו״ב שם ס״ו). סידור אדה״ז לפני „מודה אני״).

18) ואתחנן ו, ד.

19) ראה ספר המנהגים חב״ד ע׳ 59 הע׳ 12*.

20) ראה ס׳ השיחות תש״ה ע׳ 59.

פסוקים ומאמרי חז״ל[21], אז „יגעת ומצאת" — וויבאלד זיי וועלן זיכער מלחמה האבן ווי עס דארף־צו־זיין, וועלן זיי זיכער מנצח זיין דעם יצר.

וואס דערפאר זינגט מען שוין פון פריער א מארש של נצחון — ווי איר האט דא געטאן.

ז. דער „פאררייד" דא איצטער איז א חינוך („טריינינג") און א חגיגה („פעסטיוואל"), וואס מען מאכט נאך אין די טעג פון חודש תשרי —

אלס צוגרייטונג צו דער שנת הלימודים (צום לערן־יאר) וואס קומט יעצט אן,

מען זאל מנצח זיין אין דער מלחמה מיטן יצר דורך לערנען תורה,

און מען זאל זען בגלוי אין דער גאנצער וועלט אז „מלא כל הארץ כבודו" (ווי ערשט געזאגט אין די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל, פון תניא[22]), אז דער אויבערשטער איז פול אומעטום — וואס דאס טוט מען אויף דורך קיום המצוות.

איז יעצט די צייט אויף אננעמען דעם באשלוס, מען זאל לערנען תורה במשך דער שנת הלימודים הבאה (אנהויבנדיק פון חודש חשון) מיט א חיות און מיט א שטורעם,

און מען זאל מקיים זיין די מצוות פון דעם אויבערשטן ווי עס דארף־צו־זיין.

און וויבאלד אז דורך דעם וועט מען פארשאפן דעם גרעסטן פארגעניגן דעם „קאמענדער־אין־טשיף" (דעם אויבערשטן) — וועט ער זיכער געבן פרסים (באלוינונגען) און מעדאלן צו יעדערן פון אייך, ווארום יעדערער וועט זיך זיכער אויסצייכענען אין דער מלחמת השם — אין דער מלחמה מיטן יצר.

און וויבאלד אז מען טוט דאס קומענדיק פון שמחת תורה — זאל די עבודה זיין מיט א שמחה ענליך ווי די איז געווען בשמח״ת, ווי איר האט געזונגען און געטאנצט בשמח״ת, און אויך אין דעם שבת שלאח״ז.

און טאן אין כל האמור אלץ מערער און מערער, וואס דורך דעריף וועט מען גאר אינגיכן (ווי איר האט ערשט געזונגען) ברענגען די גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו.

• • •

ח. אזוי ווי עס פירט זיך אין אלע ארמייען, אז עס זיינען פאראן פארשידענע אפטיילונגען אין יעדער ארמיי, וואס יעדער אפטיילונג האט אויף זיך א געוויסע פליכט און א ספעציעלע ארבעט — איז פארשטאנדיק אז אזוי איז דאס אין „צבאות השם".

מיר וויסן דאך, אז מען דארף זען עס זאל זיין בגלוי „מלא כל הארץ כבודו" (ווי געזאגט פריער אין די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל, פון תניא), וואס דאס ווערט דורך דעם וואס „ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה"[23] (ווי איר האט געזונגען שמח״ת), ד.ה. אויפטאן אין אלע פיר זייטן פון דער וועלט.

געפינען מיר, אז די „צבאות השם" ווערן געטיילט אויף פיר, כנגד די פיר זייטן פון דער וועלט[24]:

דאס איז פארבונדן מיט אברהם, יצחק, יעקב און דוד, וואס יעדערער פון זיי איז פארבונדן מיט א באזונדער רוח פון דער וועלט: אברהם מיט דרום:

21) ממגילה ו, ב.
22) רפמ״א.

23) ויצא כח, יד.
24) ד׳ דגלים לד׳ רוחות העולם (במדבר ב, ב ואילך).

יצחק מיט צפון; יעקב מיט מזרח און דוד מיט מערב[25].

איז פארשטאנדיק, אז לויט דעם קען מען טיילן די אפטיילונגען אין „צבאות השם״ — צי מ׳טוט אין מלחמת היצר לויט די „אנווייזונגען״ (מעשים) פון אברהם, פארבונדן מיט גמילת חסדים, און אזוי אויך בנוגע צו די אנדערע דריי, יעדערער אין זיין זאך.

אזוי אויך בנוגע מיידעלעך, וואס זיינען פארבונדן במיוחד מיט די אמהות — פיר אמהות: שרה, רבקה, רחל און לאה, וואס אויך זיי זיינען כנגד די ד׳ רוחות „ימה[26] וקדמה וצפונה ונגבה״.

ט. על פי האמור לעיל, איז א גוטע זאך, אז בשעת איר וועט זיך צוזאמענקלייבן פון צייט צו צייט און מאכן א תכנית („פלען״) ווי אזוי אנגיין אין מלחמת היצר —

זאל די „הויפט־אטאקע״, די הויפט־אנשטרענגונג, אמאל זיין אין די מעשים טובים וואס תורה דערציילט וועגן אברהם אבינו און וועגן שרה אמנו,

אמאל זאל דאס זיין אין די מעשים טובים פון יצחק ורבקה,

און אזוי אויך בנוגע צו יעקב ולאה, און דוד ורחל[27].

און ווי עס ווערט דערציילט אין חומש און אין מדרשים וועגן די ספעציעלע מעשים וואס יעדערער פון זיי האט געטאן.

יוד. אין דעם אופן ווי אפטיילונגען פון א צבא פירן א מלחמה, זעט מען, אז אפילו ווען מ׳פירט אן אטאקע אויף איין „פראנט״ — פארלאזט מען ניט די אנדערע זייטן זיי זאלן בלייבן אפן ח״ו, נאר אויך דארטן באשיצט מען; נאר דער חילוק איז — וואס די הויפט־אנשטרענגונג, די אטאקע, איז אין איין רוח, דרום אדער צפון א. ז. וו.

דערפון איז מובן אויך בנוגע צו „צבאות השם״, אז אויך ווען מען מאכט די אנשטרענגונג אין די מעשים פון אברהם ושרה (לדוגמא), אויך דעמולט באשיצט מען זיך פון דעם יצר אויך אין די זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט די אנדערע אבות און דוד המלך, ועד״ז מיט די אנדערע אמהות.

יא. און איר וועט זיך צוזאמענרעדן מיט די אנפירער (די „דזשענעראל׳ס״) פון „צבאות השם״, וואס דאס זיינען די מדריכים און מדריכות — ווי אזוי מען זאל צוטיילן די תכניות — אופני המלחמה: אדער אויף יעדער וואך אין חודש (וואס א חודש האט אין זיך בערך פיר וואכן), אז יעדער וואך זאל זיין א באזונדערער „פלען״ אין דער „אטאקע״; אדער פאנאנדערטיילן דאס אויף חדשים, וכיו״ב.

יב. און אזוי ווי אין יעדער ארמיי זעט מען, אז אלץ וואס דער „סאלדזשער״ דארף האבן, עסן און טרינקען און קליידער און א הויז אויף שלאפן און לעבן, שטעלט אים צו די ארמיי, לויט די אנווייזונגען פון דעם „קאמענדער־אין־טשיף״ —

---

25) כידוע שחסד גבורה ת״ת מלכות הם כנגד דרום צפון מזרח ומערב (פרדס שער ערה״כ בערכם. ביאורי הזהר לאדהאמ״צ סה, א. פו, א ואילך. אמרי בינה פתח השער פ״ב. ובכ״מ).

26) רחל היא במערב. ר״ת רחל מבכה על בני׳ (ל״ת להארידל ירמי׳ לא, טו).

27) להעיר שלאה נקברה ביחד עם יעקב במערת המכפלה (ויחי מט, לא) ורחל בבית לחם (שם מח, ז) עיר ישי ודוד (ש״א טז, א. שם, יח. ובכ״מ): רחל ודוד — שניהם רגל הד׳ של המרכבה — מאורי אור א, סד. זח״א רמח, ב. ובכ״מ. וראה לקו״ש ח״ז ע׳ 301. ושי״נ.

אזוי אויך אין „צבאות השם״, אז דורך דערויף וואס איר וועט מלחמה האבן מיטן יצר, און אין אן אופן פון „יגעת״ — וועט דער אויבערשטער בענטשן אייך און בענטשן אייערע עלטערן, אז איר זאלט האבן אלץ וואס איר דארפט האבן, געזונט און פרייליכקייט און שטארקייט, און עסן און טרינקען און א ליכטיקע הויז — כדי צו קענען נאך בעסער און נאך שנעלער מנצח זיין די מלחמה.

יג. איינע פון די וועגן צו מנצח זיין אין דער מלחמה האמורה, איז ווי גערעדט כמה פעמים, בשעת מען פאר־בינדט דאס מיט דריי זאכן: תורה, לערנען תורה: תפלה, דאוונען צום אויבערשטן און אים בעטן הצלחה אין אלץ: און אויך דער ענין פון מצוות בכלל, אנהויבנדיק פון מצות הצדקה[28].

דעריבער איז כדאי א הוספה — אז איין מאל א חודש (לפחות) זאל יעדע־רער פון אייך געבן אין א פושקע של צדקה אדער גמ״ח פון זיין פלוגה (אפטיילונג), אין א מספר פון צען, דערמאנען אויף וואס עס שטייט אין חומש[29] במצות „מחצית השקל״ אז דאס איז געווען „עשר גרה״.

זאל מען געבן אין „יונייטעד־סטייט׳ס״ א „דיים״, אין ארץ ישראל — עשר אגורות, ועד״ז בכל מדינה ומדינה לויט מטבע שלה —

און דאס וועט אויך דערמאנען אויף צוויי זאכן (צווישן מערערע זאכן):

ערשטנ׳ס, אז בשעת א איד טוט א גוטע זאך, פארבינדט ער זיך דורך דעם מיט אלע אידן, מיט אלע סארטן אידן, וואס ווערן געטיילט אויף צען — פון „ראשיכם״ ביז „שואב מימיך״[30]:

און צווייטנ׳ס, וויבאלד אז דאס איז די צאל פון „מחצית השקל״, דערמאנט דאס יעדן אידן אז ער איז נאר ווי א „מחצית״, א האלבע זאך, און נאר דורך דעם וואס ער וועט זיך צוזאמענרעדן מיט „רעך״ און אין אן אופן פון „כמוך״[31] — דעמולט וועט ער ווערן א גאנצע זאך, א גאנצער שקל, שקל הקודש,

וואס דעמולט ווערט ער אויך א „סאלדזשער״ ווי עס דארף־צו־זיין, ווי מ׳זעט דאס אויך אין יעדער ארמיי, אז כדי צו זיין זיכער אין דעם נצחון, דארף יעדער „סאלדזשער״ האבן אמ־וויניקסטנס נאך איינעם ער זאל אים ארויסהעלפן און קוקן וואס טוט זיך הינטער אים,

און אזוי אין דעם אויבערשטנ׳ס ארמיי, אז איין „סאלדזשער״ העלפט ארויס דעם צווייטן, ובפרט בשעת ער אטאקירט דעם יצר מיט תורה ומצוות,

וואס דאס איז דער אמת׳ער נשק (וואפן) פון יעדערן פון אייך (אינגע־לעך און מיידעלעך) אין מלחמת היצר,

און דאס אלץ פארזיכערט א נצחון גמור, א פולשטענדיקן נצחון.

• • •

יד. דאס וואס מ׳האט פריער דער־מאנט די צוויי דוגמאות אויף די פיר אפטיילונגען אין „צבאות השם״, פון אברהם יצחק יעקב ודוד, און פון שרה רבקה רחל ולאה —

איז זעלבסטפארשטענדליך, אז דאס מיינט ניט ח״ו אז אינגעלעך זיינען ניט

28) ששקולה כנגד כל המצוות (ב״ב ט, א).

29) תשא ל, יג.

30) ר״פ נצבים. וראה לקו״ת שם (מז, ב סב, א).

31) קדושים יט, יח.

אזויפיל מחוייב אין די מעשים טובים וואס זיינען פארבונדן מיט שרה רבקה רחל ולאה, אדער מיידעלעך זיינען ח״ו ניט אזויפיל מחוייב אין די מעשים טובים פון אברהם יצחק יעקב ודוד:

אדרבה, תורה זאגט אן[32], „כבד את אביך ואת אמך", „איש אמו ואביו תראו" — מען דארף און מוז אפגעבן כבוד און פאלגן סיי דעם פאטער און סיי דער מוטער.

ומזה פשוט, אז אינגעלעך דארפן טאן אלע מעשים טובים, סיי פון אברהם יצחק יעקב ודוד, סיי פון שרה רבקה רחל ולאה; ועד״ז מיידעלעך דארפן טאן סיי אלע מעשים טובים פון שרה רבקה רחל ולאה, סיי אלע מעשים טובים פון אברהם יצחק יעקב ודוד.

טו. וכאמור לעיל, אז פון צייט צו צייט זאל זיין די הויפט־אטאקע אין איין ענין (פון די אבות אדער אמהות), און א באשיצונג אין די אלע אנדערע זאכן.

צום ביישפיל: בשעת עס קומט צוגיין אן ארעמאן, און דער יצר וויל איינרעדן ער זאל אים ניט געבן קיין צדקה ח״ו — דארף דעמולט זיין די הויפט־אטאקע לויט די אנווייזונגען פון אברהם אבינו, גמילת חסדים, און די באשיצונג אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט די אנדערע אבות ואמהות.

נאך א ביישפיל: ווען עס קומט די צייט פון דעם סדר הלימודים אין חדר אדער אין ישיבה (סיי ביי אינגעלעך סיי ביי מיידעלעך) — קומט צוגיין דער יצר און וויל איינרעדן מען זאל דאס אפלייגן אויף שפעטער — איז דעמולט די הויפט־אטאקע לויט די אנווייזונגען פון יעקב, מען זאל זיך אפלערנען פון זיין אויפפירונג, אז ער איז געווען א „יושב אוהלים"[33] (בשעת עשו איז ארומגעלאפן אין די פעלדער און פארנומען זיך מיט ציד („האנטינג"), ווי עס שטייט „איש יודע ציד איש שדה"[34]),

און די באשיצונג אויף די אלע אנדערע פראנטן וואס זיינען אנגעוויזן געווארן דורך אברהם יצחק ודוד און שרה רבקה רחל ולאה.

און אזוי איז אויך בנוגע די אנדערע אבות ואמהות, וואס יעדערער פון אייך וועט קענען געפינען דעם ביישפיל (און ביישפילן) וואס איז פארבונדן מיט דער עבודה פון יעדערן פון זיי.

טז. מ׳האט גערעדט מערערע מאל, אז בשעת מען געפינט זיך אין א געוויסן טאג אין וואך, קען מען אפלערנען א הוראה פון דער בריאה וואס איז געווען ביום זה (בששת ימי בראשית), ד.ה. מען לערנט זיך אפ פון דעם ביישפיל וואס דער אויבערשטער כביכול האט באוויזן בשעת ער האט באשאפן די וועלט.

היינט איז דאך יום הרביעי בשבוע — שטייט אין פסוק[35] אז ביום הרביעי איז געווען „ויעש אלקים את שני המאורות הגדולים, את המאור הגדול לממשלת היום ואת המאור הקטן לממשלת הלילה", דעמולט האט דער אויבערשטער באשאפן די זון און די לבנה.

לערנט אונז תורה, אז אין דערויף איז פאראן אן אפלערנונג פאר יעדן אידן,

32) יתרו כ, יב. קדושים שם, ג. וראה פרש״י עה״פ קדושים כאן.

33) תולדות כה, כז. וראה פרש״י עה״פ. מב״ר פס״ג, י.

34) תולדות שם.

35) בראשית א, טז.

ספעציעל פאר די וואס געפינען זיך און דינען אין „צבאות השם״, וואס בא זיי איז דאך העכסט-וויכטיק צו וויסן וואס דער „קאמענדער־אין־טשיף״, דער אויבערשטער, האט געהייסן טאן, און געלערנט (— ל׳ תורה) און באוויזן די וועג, אין דעם באשטימטן טאג.

חז״ל[36] זאגן, אז אידן ווערן געגליכן צו דער לבנה, „המאור הקטן״.

אזוי ווי די לבנה איז א „מאור הקטן״, אזוי זיינען אלע אידן אין אן אופן פון „קטן״, און ווי דערמאנט פריער אז יעדער איד ווערט באטראכט ביים אויבערשטן ווי א „ילד שעשועים״, ווי א קליין קינד מיט וועמען ער האט זיין גרעסטן פארגעניגן און זיין הויפט-פאר־געניגן.

דערפון איז פארשטאנדיק דער לימוד פון דער בריאה פון דער לבנה „לממשלת הלילה״, אז פונקט ווי די לבנה באלייכט די וועלט בלילה, אין דער פינצטערניש,

אזוי דארף א איד באלייכטן די וועלט אין דער נאכט פון גלות, אין א ווינקל וואו עס איז נאך ניט צוגעקומען אור — מיט „תורה אור״[37], מיט ליכטיקייט פון אידישקייט און תורה.

און אזוי ווי די לבנה באלייכט די וועלט דורך דעם וואס זי באקומט פריער איר ליכטיקייט פון דער זון —

אזוי אויך יעדער איד, אנהויבנדיק פון גאר קליינע קינדער, באלייכט זיין הויז און זיינע חברים (א מיידעלע — אירע חבר׳טעס), דורך דער ליכטיקייט וואס ער באקומט פון דעם אויבערשטן וואס איז געגליכן צו דער „זון״, ווי עס שטייט[38] „כי שמש ומגן ה׳ אלקים״ — וואס ער האט געגעבן[39] פון זיין ליכטי־קייט צו אידן דורך זיין תורה, „תורה אור״.

יז. אין פשוט׳ע ווערטער:

דורך דעם וואס יעדערער פון אייך לערנט „תורה אור״, מיט לעבעדיקייט און מיט ליכטיקייט, ווייס ער ווי אזוי צו ווערן א „מאור הקטן״, אויף באלייכטן די פינצטערניש פון גלות, און באלייכטן די פינצטערניש פון וועלט,

און צו מקיים זיין מצוות לויט די הוראות פון דער ליכטיקייט פון תורה, עסן נאר כשר׳ע מאכלים, אין א כשר׳ן אופן, מיט א ברכה: אויפשטיין פון שלאף מיט זאגן „מודה אני״, און פאר־ענדיקן דעם טאג, לייגן זיך שלאפן, מיט זאגן „שמע ישראל״,

און אויך במשך דעם גאנצן טאג פירן זיך ווי עס דארף זיך פירן א „סאל־דזשער״ אין דעם אויבערשטנ׳ס ארמיי.

וואס דורך דעם וואס יעדער אידישער אינגעלע און יעדע אידישע מיידעלע באלייכטן די וועלט — ווערט די וועלט א ליכטיקע וועלט, ווי זי איז געוועזן ביום הרביעי, אין דעם טאג וואס דער אויבערשטער האט באוויזן אז דאס איז דער טאג וואס לערנט, אז אויך א „קטן״, אפילו א קליין קינד, קען באלייכטן די נאכט פון דער גאנצער וועלט, דורך דערויף וואס ער באקומט די ליכט פון דער זון, ד.ה. פון דעם אויבערשטן.

און מ׳באשיינט די וועלט, און מ׳שפיגלט אפ אין וועלט דעם אור פון

36) ראה חולין ס, ב. חדא״ג מהרש״א שם.
37) משלי ו, כג.
38) תהלים פד, יב.
39) „ונתן לנו את תורתו״ — יכל הנותן בע״ן יפה נותן (ב״ב נג, א).

דעם אויבערשטן, אנהויבנדיק אז מען ברענגט אריין דעם אור ביי זיך אין הויז און ביי זיך אין הארצן, און אויך בא די חברים אדער חבר׳טעס.

יח. און דער אויבערשטער זאל בענטשן יעדערן פון אייך, און יעדערן פון אונז, און דעם גאנצן אידישן פאלק צוזאמען —

אז גאר אינגיכן זאלט איר פארענדיקן אייער באלייכטן די וועלט, און יעדער איד — זיין חלק אין וועלט, וואס דעמולט וועט די וועלט ווערן א ליכטיקע, און עס וועט קומען משיח צדקנו, און עס וועט זיין "והי׳ לך ה׳ לאור עולם"[40], אז אלע וועלן זען ווי דער אויבערשטער באלייכט די וועלט און זי ווערט אן אמת ליכטיקע וועלט.

און מ׳וועט ארויסגיין פון דער פינצטערניש פון גלות, און גיין אין ארץ הקודש, אין דער ליכטיקער לאנד[41], אין ארץ ישראל, און מיט־ברענגען אהינצו די מעשים טובים אין "נר מצוה ותורה אור"[11], א ליכטיקע תורה און ליכטיקע מצוות, וואס דאס ווערט געבראכט דורך "נר ה׳ נשמת אדם"[42], דורך ריינע און ליכטיקע אידישע נשמות וואס זיינען דא בא יעדערן פון אייך.

וואס דורך דעם וואס מ׳גייט אלע צוזאמען, האט מען "שלימות העם", דעם גאנצן אידישן פאלק, מיט די קינדער בראש:

מיט "שלימות התורה", מיט דער גאנצער תורה — ווארום מ׳האט מקיים געווען "את כל דברי התורה הזאת"[43], אלע מצוות וואס שטייען אין תורה;

און מ׳געפינט דארטן "שלימות הארץ", א גאנצע און א ליכטיקע ארץ הקודש, ארץ ישראל,

און מיד נגאלין[44] — מ׳האט גלייך די ליכטיקייט פון דער גאולה האמיתית והשלימה, פון דער אמת׳ער און גאנצער גאולה וקיבוץ גליות, וואס הויבט זיך אן — דער "קיבוץ — גליות" נאך זייענדיק אין ארצות הגלות, דורך משיח צדקנו[45] ובקרוב ממש.

און מ׳קומט גלייך אין ארץ הקודש, ובשמחה ובטוב לבב, מיט אן אמת׳ע פריילעכקייט און מיט אלע גוטע זאכן, ווארום מ׳פירט זיך אויף לויט דער אנווייזונג פון די טעג פון שמחת תורה (פון וועלכע מיר קומען איצטער),

במהרה בימינו ממש, גאר אינגיכן, אין די איצטיקע טעג ממש.

• • •

יט*. אזוי ווי עס זיינען פאראן אידישע קינדער, אינגעלעך אדער מיידעלעך, וועלכע פארשטייען (דער־וויל) נאר רוסיש, אייניקע פון זיי דא, ובמיוחד די וועלכע לעבן אין אזעלכע מדינות ווי יו.ס.ס.ר. (רוסלאנד) וכדומה,

איז נעמענדיק אין אכט, אז מיר געפינען זיך יעצט אין א זמן פון איבערגאנג פון חודש תשרי אין חודש חשון —

40) ישעי׳ ס, יט.

41) תהלים נו, יד (כפרש״י — ממדרש תילים שם).

42) משלי כ, כז.

43) ל׳ הכתוב — וילך לא, יב (בקשר למצות הקהל).

44) ראה רמב״ם הל׳ תשובה פ״ז ה״ה.

45) רמב״ם הל׳ מלכים ספי״א.

*) מכאן עד סו״ס כב — הוא תרגום מרוסית.

וועט מען רעדן צו זיי עכ״פ בקיצור, עטליכע ווערטער, אויף רוסיש.

און איך האָף, אַז דאָס וועט דערגיין צו זיי, ובעיקר, אַז זיי וועלן דאָס אויסנוצן ווי מען דאַרף עס אויסנוצן,

אויסנוצן דאָס אַלס מיטגלידער פון דעם אויבערשטנ׳ס אַרמיי, פון „צבאות השם״.

ויאָס דעריבער געפינען זיי זיך אונטער דער פירערשאַפט פון דעם „הויפּט קאָמאַנדיר״, פון דעם אויבערשטן, וועלכער האָט געגעבן יעדערן פון אייך און יעדערן פון אונז זיינע הוראות אין זיין הייליקער תורה — אין וועלכן אופן מען זאָל מלחמה האַבן און מנצח זיין דעם יצר, ד. ה. די רצונות און אויפפירונגען וועלכע פּאַסטן ניט פאַר דער אידישער נאַטור און פאַרן אידישן כאַראַקטער, ובמילא — זיי פּאַסטן ניט פאַר אַ אידישן אינגעלע אָדער אידישע מיידעלע, וואו זיי זאָלן זיך נאָר געפינען.

און עס איז פאַראַן אַ הבטחה און ברכה פון דעם אויבערשטן (פון דעם „הויפּט-קאָמאַנדיר״), אַז „יגעת ומצאת״.

אַז אויב נאָר מען וועט האָבן אַן אמת׳ן רצון צו גיין לויט די אָנווייזונגען פון דעם אויבערשטן אין זיין תורה, וועט מען מנצח זיין אין דער מלחמה מיטן יצר,

און מען וועט קענען לעבן דעם טאָג-טעגליכן לעבן, אָנהויבנדיק דעם טאָג מיט זאָגן „מודה אני לפניך מלך חי וקיים שהחזרת בי נשמתי בחמלה, רבה אמונתך״, און ענדיקן דעם טאָג זאָגנ-דיק: „שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד״, און אין משך פון דעם גאַנצן טאָג זאָל די אויפפירונג זיין אין אַלע פרטים לויט די הוראות פון דעם אויבערשטן.

כ. דער ענין האמור באַקומט אַ ספּעציעלן חיזוק אין די איצטיקע טעג, ווען מיר קומען פון חודש תשרי.

במשך דעם חודש זיינען אַלע אידן, איר צוזאַמען מיטן גאַנצן אידישן פאָלק אומעטום, געשטאַנען אין אַ פאַר-אייניקונג אין אַלע ספּעציעלע ענינים פון חודש תשרי.

ראש השנה, אין אָנהויב פון יאָר, אין מקיים זיין השם׳ס בקשה „שתמליכוני עליכם״[46], אָנגענומען אויף זיך די הער-שאַפט און די פירערשאַפט פון דעם אויבערשטן,

וואָס דערפון באַקומט מען אַ חיזוק מיוחד אין דער עבודה פון „צבאות השם״, וואָרום דורך „תמליכוני עליכם״, ווערט מען אַ טייל פון דער אַרמיי פון דעם אויבערשטן, „מלך ישראל״, דער פירער און מלך פון אַלע אידן וואו נאָר זיי געפינען זיך.

דערנאָך, יום כפור, האָט יעדערער פון אייך און פון אונז זיך אומגעקערט אינערליך צו זיין מקור, און דעם מקור פון אַלץ וואָס מיר האָבן, וואָס דאָס איז דער אויבערשטער,

וואָס דעמולט האָט דער אויבערשטער פאַרגעבן אַלץ וואָס איז געטאָן געוואָרן ניט ווי עס דאַרף-צו-זיין —

ווייל ער האָט געזען אין האַרצן פון יעדער אידן, אָנהויבנדיק פון גאָר קליינע אינגעלעך און מיידעלעך, אַז זיי נעמען אויף זיך (פון דעם טאָג און פון דעם מאָמענט אָן) די התחייבות אויף דעם גאַנצן יאָר, צו אויספילן אַלע זיינע הוראות.

46) ר״ה טז, סע״א.

דערנאָך, בחג הסוכות, זמן שמחתנו, איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אַז יעדער איד פאָלגט נאָך די הוראות פון תורה מיט אַן אמת׳ער שמחה,

און דערנאָך דער סיום בשמחת תורה, ווען אַלע אידן טאַנצן אומעטום, אפילו אין די גאַסן,

אין די גאַסן פון מאָסקווע און לענינ־גראַד, אין די גאַסן פון אַנדערע שטעט אין דער וועלט, כולל די גאַסן פון ניו־יאָרק און ירושלים.

וואָס פון דער שמחה נעמט יעדערער פון אייך און איר אַלע צוזאַמען מיט אונז, די שמחה אין מקיים זיין די הוראות פון תורה במשך פונעם גאַנצן יאָר,

און ווי ערקלערט פריער[47] באריכות (אין אידיש), נעמט אויף זיך דער אויבערשטער (דער „הויפּט־קאָמאַנדיר״) די התחייבות צו באַזאָרגן יעדערן פון זיינע „סאָלדאַטן״, אָנהויבנדיק פון די אידישע קינדער, אינגעלעך אָדער מיידעלעך, וואו זיי זאָלן זיך נאָר געפינען.

כא. און ווי שוין דערמאָנט אַ סאַך מאָל[48], איז עס גאַראַנטירט דורך דער קאָנסטיטוציע פון אַלע מדינות פון דער וועלט, כולל פון די „יונייטעד־סטייטס״, פון יו. ס. ס. ר. (דער פאַרבאַנד פון די סאָוועטישע רעפּובליקעס בכלל, כולל די אוקראַינער סאָוועטישע רעפּובליק, און אַלע אַנדערע רעפּובליקעס וועלכע שטעלן צוזאַמען דעם פאַרבאַנד) — אַז יעדערער האָט די פולע פרייהייט און רעכט צו פירן זיין פּריוואַטן לעבן לויט ווי זיין האַרץ דיקטירט אים,

ד. ה. אַז יעדער אידישער אינגעלע אָדער אידישע מיידעלע (און אויך — ערוואַקסענע) האָבן די פולע רעכט צו לעבן לויט ווי זייער אידישע האַרץ דיקטירט זיי, צו לעבן דעם טאָג־טעג־ליכן לעבן לויט די אָנווייזונגען פון דעם אויבערשטן אין זיין תורה.

און נאָכמער: די קאָנסטיטוציע הייסט און זאָגט אַז צו אַלע פאַרשטייער פון דער מאַכט, ומסתמא וועלן זיי דאָס דורכפירן בפועל, זיי זאָלן טאָן אַלץ, אַז יעדערער פון אייך און איר אַלע צו־זאַמען זאָלט קענען יעדן טאָג פון יאָר לערנען תורה און מקיים זיין מצוות (די הוראות פון תורה), אָן קיינע שטערונגען.

און מען זאָל טאָן אין דעם אַלעם בשמחה ובטוב לבב, מיט אמת׳ע שמחה,

און דאָס וועט ברענגען מיט זיך די ברכות פון דעם אויבערשטן, אין כל המצטרך.

כב. ובקרוב ממש אין גיכן ממש וועט קומען די באַפרייאונג פון דעם גלות, די גאולה האמיתית והשלימה,

ווען מיר אַלע צוזאַמען וועלן גיין אין ארץ ישראל, אין אונזער הייליקער לאַנד, וועלכע איז געגעבן געוואָרן פון דעם אויבערשטן צום גאַנצן אידישן פאָלק און צו יעדער אידן, אָנהויבנדיק פון גאָר קליינע אידישע אינגעלעך און מיידעלעך, אויף אייביק,

מיט דער הבטחה, אַז סוף כל סוף וועט ער — יעדער איד — זיך אַהינצו אומקערן, און וועט זיך אומקערן מיט אַ געזונטער נשמה און מיט אַ געזונטן גוף, צוזאַמען מיט זיינע ברידער און שוועסטער, פאָטער און מוטער, און אַלע קרובים,

47) סעיף י״ב.

48) שיחת ל״ג בעומר תשכ״ח; יום ה׳ פ׳ במדבר, ער״ח סיון תשי״ט (נדפסה בלקו״ש חכ״ג ע׳ 253 ואילך); יום א׳ פ׳ נשא ג׳ סיון תשי״ - ה׳תשמ.

וואס דאס וועט זיין בגאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו, אז בראש וועט גיין משיח צדקנו, און נאך אים — יעדערער פון אייך און יעדערער פון אונז,

און ווי געזאגט, מיט אן אמת׳ער האר־ציקער שמחה, במהרה בימינו ממש, אמן.

• • •

כג. ווי גערעדט מערערע מאל, וויל מען באם פארענדיקן מצרף זיין אויך אן ענין של צדקה וגמ״ח, נוסף צו תורה ותפלה וואס איז געווען דא (תפלת מנחה, און דער לימוד פון די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל) —

וועט מען איצטער אויסטיילן צוויי מטבעות, וואס יעדערע פון זיי האט דעם צאל פון צען (ווי גערעדט פריער די מעלה שבדבר) — איר זאלט אפגעבן איינע אויף צדקה, און מיט דער צווייטער זאלט איר טאן ווי איר ווילט לטובה.

פאר דערויף — זאל מען נאכאמאל איבער׳חזר׳ן דעם פסוק „שמע ישראל״ און דעם פסוק[49] „בראשית״ — מ׳זאל דערמאנען און וויסן, אז די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן און ווערט אנגעפירט פון דעם אויבערשטן בכל מקום ובכל זמן.

און דערנאך, פארן ארויסגיין, פארענדיקן מיט „ופרצת ימה וקדמה וצפונה ונגבה״,

און גיין יעדערער אין זיין אפטיילונג אין „צבאות השם״, און מנצח זיין אין מלחמת השם, און מנצח זיין מתוך שמחה אמיתית,

ובקרוב ממש גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, און מיט אים צוזאמען און מיטן אויבערשטן גיין (ווי דערמאנט פריער) במהרה בימינו ממש, אין „ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה״[50], אין ארץ ישראל, ובשמחה ובטוב לבב.

[אמרו (עוה״פ) את הפסוקים שמע ישראל גו׳, בראשית ברא גו׳.

כ״ק אדמו״ר שליט״א נתן להמדריכים ולהמדריכות שיחיו מטבעות של עשר סענט לחלק לכל אחד ואחת מהילדים והילדות שיחיו שתי מטבעות: א׳ לתת לצדקה, והב׳ — לעשות בה כטוב בעיניהם.

ניגנו הניגון „ופרצת״].

49) בראשית א, א.

50) עקב יא, יב.



א. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט שבת ראש חודש.

וואס די ביידע ענינים, שבת און ראש חודש זיינען פארבונדן מיט שמחה:

אויף שבת שטייט "וביום שמחתכם אלו שבתות".

ראש חודש איז ענינו כשמו - דער ראש של חודש, וואס בטבע האדם זעט מען אז פון א דבר תמידי האט ער ניט קיין תענוג ושמחה, דוקא ווען עס קומט א חידוש, ובפרט א ראש פון א חידוש, האט ער דערפון תענוג ושמחה.

והגם אז דאס שטייט נאר בנוגע צו תענוג, אז תענוג תמידי אינו תענוג, און דוקא פון א חידוש האט מען תענוג, און דאס שטייט לכאורה ניט בנוגע צו שמחה - געפינט מען אבער דער זעלבער זאך בנוגע צו שמחה:

בנוגע צו די שבעת ימי המשתה איז דער דין אז מ'דארף האבן א פנים חדשות בכדי קענען מאכן די ברכות, ולכאורה: וויבאלד אז דאס זיינען טעג פון ימי המשתה איז צוליב וואס דארף מען האבן א פנים חדשות בכדי מאכן די ברכות?

איז די הסברה בזה, אז אן א פנים חדשות קומט איין טאג פון די ימי המשתה אלס המשך פון דעם פריערדיקן טאג, ובמילא איז דאס ניט קיין דבר חדש, האט מען דערפון ניט קיין שמחה מערער ווי אין דעם פריערדיקן טאג;

משא"כ בשעת עס קומט צו א פנים חדשות, טוט עס אויף דער ענין פון שמחה (מערער ווי אין דער טאג פאר דערויף), ביז אז דער דבר חדש (דער פנים חדשות) פועל'ט אויך אויף די אלע מסובים, אויף די שלשה, צי עשרה, וואס מ'דארף האבן בכדי קענען מאכן די ברכות, אז בא זיי זאל אויך זיין שמחה - קען מען דעמולט מאכן די ברכות.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו ראש חודש, אז וויבאלד דאס איז אן ענין של חידוש, און א ראש פון חידוש - פועל'ט דאס דער ענין השמחה,

און דערפאר זאגט מען דעמולט ניט קיין תחנון, אפילו ווען דאס קומט אויס בימות השבוע, ועאכו"כ ווען ר"ח קומט אויס בשבת, וואס שבת איז אויך פארבונדן מיט שמחה.

ב. ע"פ הנ"ל איז פארשטאנדיק אז בשעת ר"ח קומט אויס אין א שבת, איז נוסף לזה וואס שבת מצ"ע איז פארבונדן מיט תענוג ושמחה - איז ר"ח מוסיף אין דערויף נאכמער תענוג ושמחה.

וואס די הוספה פון תענוג ושמחה וואס ר"ח טוט אויף איז מצד דער עצם ענין וואס ר"ח איז פארבונדן מיט א חידוש ע"פ טבע - וואס אין דעם טאג ווערט א חידוש אין דער לבנה, וואס דעמולט איז מען מקדש די לבנה - "כזה ראה וקדש".

אין דערויף קומט אבער צו נאכמער תענוג ושמחה אין דעם שבת, ווען דער ר"ח (וואס פאלט אויס אין דעם שבת) איז א ר"ח (ניט ע"פ טבע העולם, וואס דעמולט ווערט א חידוש אין דער לבנה, נאר) ע"פ חשבון אין תורה.

ווי מ'זעט בפועל אז ניט אלעמאל איז ר"ח חל אין דעם זעלבן טאג ווען ס'איז געווען דער מולד הלבנה, נאר אמאל איז ר"ח נאך דערויף, ע"ד ווי דר"ח זה - וואס דאס איז מצד דערויף וואס ע"פ תורה (ע"פ חשבון) איז ר"ח אין דעם טאג, ניט אין דעם טאג ווען ס'איז געווען דער מולד.

וואס אע"פ אז ע"פ תורה איז דער ר"ח אפגעשטופט געווארן מזמנו, איז דאס אבער ניט קיין ירידה ודיחוי ח"ו - נאר אדרבה: דאס איז גאר אן עלי' אין דעם

ר"ח, ווארום אזוי איז דאס א ר"ח נאר ע"פ טבע, און דא ווערט דער ר"ח א חלק פון תורה.

ג. דערנאך איז דא נאך א העכערן אופן ווי עס קען ווערן ר"ח - דורך דערויף וואס א איד איז מקדש דעם ר"ח, וואס דאס איז העכער סיי פאר ר"ח ווי דאס איז ע"פ טבע, און אפילו העכער פאר ר"ח ע"פ תורה, והביאור בזה.

דער דין איז (ר"ה כה, א. ובכ"מ רמב"ם ספ"ב דהל' קידוש החודש), אז בשעת אידן (א ב"ד) זיינען מקדש דעם חודש איז "אפילו שוגגין אתם אפילו מזידין אתם כו'", ווערט דאס דער ר"ח.

וואס אז דאס רעדט זיך בנוגע צו אלע אידן, ניט נאר אזעלכע וואס שטייען בדרגא נעלית - ווי פארשטאנדיק דערפון גופא וואס מ'זאגט אז "אפילו שוגגין", וואס דער ענין השוגג איז ניט שייך ביי א צדיק, ועאכו"כ ניט ביי א צדיק גדול, ועאכו"כ דער ענין פון "אתם מזידין", נאר דאס רעדט זיך וועגן אזעלכע אידן וואס בא זיי איז שייך דער ענין פון "שוגגין" און "מזידין", און אעפ"כ ווערט דער ר"ח לויט ווי זיי זאגן, און ניט ווי דאס איז ע"פ טבע אדער אפילו ע"פ תורה.

ד. וואס זאגן אז אידן זיינען למעלה מן הטבע, און דערפאר זיינען זיי א בעה"ב וועג ר"ח זאל זיין, אפילו אויב ע"פ טבע דארף זיין אנדערש - איז מאי קמ"ל, ס'איז דאך "בראשית - בשביל ישראל"?!

אפילו ווי אידן זיינען לגבי תורה - קען מען זיך דינגען, ווארום "בראשית" איז דאך "ב' ראשית", "בשביל התורה ובשביל ישראל", און ס'איז א שאלה "מי קדם למי", ווי ער זאגט אין תנא דבי אלי', און דערנאך פירט ער דארטן אבער אויס, אז ישראל קדם לתורה, און דאס גופא איז תורה מגלה, דורך דעם וואס די תורה אליין רעדט אין א לשון "דבר אל בני ישראל", "צו את בני ישראל",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ע"פ תורה האלט אויס אז אידן זיינען העכער פאר תורה, און במילא איז ניט אזא פלא אז ר"ח ווערט נקבע לויט ווי בא אידן קומט אויס, אפילו אויב דאס איז ניט ע"פ חשבון התורה.

בשעת מ'זאגט אבער "אפילו מזידין אתם" איז דער ר"ח אויך לויט ווי אידן האבן קובע געווען - באוויייזט דאס ווי אידן זיינען העכער פאר טבע, און אפילו פאר תורה - ווארום אזא ר"ח וואס איז נקבע געווארן אין אן אופן פון "מזידים אתם", איז דאך לכאורה ניט ע"פ טבע און ניט ע"פ תורה - און אעפ"כ זאגט מען אז דאס ווערט דער ר"ח בפשטות.

און דער טעם לזה איז: וויבאלד אז תורה איז שולט אויף טבע און אידן זיינען שולט כביכול אויף תורה, דערפאר ווערט ר"ח לויט ווי אידן זאגן "אפילו מזידים אתם".

ביז אז מ'זאגט נאכמער:

אפילו הקב"ה מיט פמליא שלו קומען פרעגן בא בית-דין למטה דוקא ווען איז ר"ח נקבע געווארן; מ'פרעגט ניט בא דער מזל פון דער לבנה, אדער בא דער לבנה אליין, מ'פרעגט אפילו ניט ווי דאס איז ע"פ החשבון אין תורה, ווארום עס קען דאך זיין "מזידין" - נאר מ'פרעגט דוקא בא אידן דא למטה.

ה. והביאור בזה וועט זיין פארשטאנדיק ע"פ די תורה הידועה פון דעם מגיד, אז אידן זיינען מושרש אין עצמות ומהות,

וואס דאס איז דאך העכער פאר "הקדוש ברוך הוא", און דערפאר דארף "הקב"ה" (און

פמליא שלו) אנקומען צו אידן בכדי צו וויסן וועו ר"ה איז:

"הקדוש ברוך הוא" גייט טאקע אויף דעם אויבערשטן, אבער דאס איז סוכ"ס א תואר - א תואר פון "הקדוש", פון "ברוך" און "הוא".

אפילו "אנכי" וואס "לא אתפיס בשם ולא אתרמיז בשום אותא וקוצא כלל" (לקו"ת פנחס, ב) - איז אבער דאס גופא וואס מ'איז שולל אז "לא אתפיס בשם ולא אתרמיז כו'" באווייזט, אז עס האט עפעס פאר א שייכות,

ע"ד ווי עס שטייט אין שעהיוה"א, אז אויף א חכמה עמוקה קען מען ניט זאגן אז "אי אפשר למששה בידים", ווייבאלד אז דער חוש המישוש בכלל ניט מתייחס און איז בכלל ניט אין דעם זעלבן סוג וגדר פון חכמה אז מ'זאל קענען זאגן אז זיי האבן צווישן זיך א שייכות ודמיון, אפילו א שייכות ודמיון שלילי, אז "אי אפשר למששה בידים", נאר ס'איז לגמרי העכער פאר דעם און דערפאר קען מען דאס ניט שולל זיין דערפון.

און ווייבאלד אז מ'זאגט אז "אנכי לא אתפיס כו' ולא אתרמיז כו'", איז פארשטאנדיק אז זיי האבן צווישן זיך א שייכות אז מ'זאל קענען איינער שולל זיין פון דעם צווייטן.

משא"כ א איד געפינט זיך העכער דערפון, ער געפינט זיך אין עצמות ומהות, וואס דארטן דארף מען ניט באווארענען אז ס'איז ניט נתפס און מרומז אין אן אות וקוץ וכיו"ב.

וע"ד ווי דער ענין איז בנוגע צו דעם וואס אידן טוען אויף בר"ה "תמליכוני עליכם" (ר"ה טז, סע"א):

ס'איז מבואר אין סידור אז דער ענין פון "תמליכוני עליכם" זיינען אידן ממשיך פון פנימיות התענוג, ביז פון פנימיות עצמות ומהות.

וואס בשעת מ'זאגט פנימיות התענוג, איז דאס שוין א תואר, און דאס באווייזט אז ס'איז דא חיצוניות התענוג וכו' וואס ווערט נמשך אין סדר ההשתלשלות;

משא"כ דאס וואס אידן זיינען דאס ממשיך פון פנימיות עצמות ומהות, איז דאס העכער פאר אלע תוארים, וואס די המשכה דארף טאקע דורכגיין פנימיות התענוג מיט די אלע דרגות לאח"ז - אבער פון וואנעט קומט עס, פון עצמות ומהות.

ו. וואס הגם אז אויך "עצמות ומהות" איז לכאורה א תואר - מ'דארף דאך דאס אבער עפעס רופן, רופט מען דאס עצמות ומהות,

ובלשון הרמב"ם (ריש הל' יסוה"ת) "אמתת המצאו", וואס "הוא ממציא כל נמצא וכל הנמצאים ... לא נמצאו אלא מאמתת המצאו".

וואס "אמתת המצאו", עצמות ומהות איז העכער פאר אלע תוארים און פאר אלע ענינים,

און דערפאר קען מען דאס ניט אנרופן מיטן נאמען "הוא", ווארום דאס איז שוין א תואר, און דאס גייט אריין אין דער גדר צי דאס איז נוכח אדער נסתר, ועד"ז בנוגע צו "הקדוש" און "ברוך";

בשעת מ'רופט עס אבער "אמתת המצאו", מיינט דאך "המצאו" מערניט אז ער געפינט זיך, ובפרט אז מ'זאגט גלייך דערביי, אז ער איז אזא מציאות וואס איז "ממציא כל נמצא וכל הנמצאים ... לא נמצאו אלא מאמתת המצאו".

ז. און א איד איז די זעלבע זאך אזוי ווי עצמות ומהות, און ער איז איין זאך מיט עצמות ומהות.

נאר עצמות ומהות וויל אז א איד זאל זיין א נשמה, און די נשמה זאל יורד זיין למטה, און דורכגיין כו"כ פרסאות וכו' וכו', ביז זי קומט אן אין עולמות בי"ע, און זי זאל אלקות, א "חלק אלוקה ממעל ממש" אויך למטה,

וואס אין תושב"כ שטייט נאר "חלק אלוקה ממעל", אבער אין תושבע"פ ביז אין רזין דרזין דתורה, ביז אין אן אופן פון הבנה והשגה, "יתפרנסון" , אין תניא, גיט מען צו דעם ווארט "ממש" - ווארום תושבע"פ איז מגלה דאס וואס שטייט אין תושב"כ.

וכידוע דער מכתב פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס ער שרייבט אז (די הוספה פון) "ממש" איז כולל אין זיך צוויי פירושים: א) אז דאס איז ממש אלקות, ב) אז דאס איז פארבונדן מיטן חוש המישוש,

ד.ה. אז דאס קומט אראפ למטה אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, ביז אז דאס איז פארבונדן מיטן חוש המישוש, וואס איז דער חוש הכי תחתון,

וכמבואר אין מו"נ, אז אע"פ וואס "דברה תורה בלשון בני אדם", און דערפאר געפינט מען תוארים גשמיים אויף דעם אויבערשטן - געפינט מען אבער נאר תוארים בנוגע צו פיר חושים: "וידבר", "וישמע", "וירח" און "ויראו" - בנוגע אבער צו דער חוש המישוש געפינט מען ניט אז מ'זאל נוצן אויף דעם אויבערשטן, ווארום דער חוש המישוש איז גאר א נידעריקע דרגא, וואס אפילו לויט דעם כלל אז "דברה תורה כלשון בני אדם" נוצט מען דאס אויך ניט אויף דעם אויבערשטן.

אבער דער נשמה פון א איד וואס איז א "חלק אלוקה ממעל ממש", ממש אלקות, האט מען אראפגעשיקט למטה אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, ביז אז זי איז פארבונדן מיטן חוש המישוש.

ח. ע"פ הנ"ל איז פארשטאנדיק פארוואס הקב"ה (און פמליא שלו) קומען דוקא צו א איד דא למטה צו וויסן ווען ר"ח איז נקבע געווארן.

און דערפון איז אויך פארשטאנדיק אז דער אויפטו פון דעם ראש חודש אין שבת (אז עס זאל זיין נאכמער תענוג ושמחה, כנ"ל), איז אסאך גרעסער מצד דערויף וואס דער ר"ח ווערט נקבע דורך אידן, ווי מצד דעם וואס דאס איז א ר"ח ע"פ טבע אדער אפילו ע"פ תורה,

ווארום דעמולט איז דער חידוש פון ראש חודש אסאך א גרעסערער, וויבאלד אז דאס ברענגט ארויס ווי אידן זיינען שולט כביכול אויף תורה און תורה איז שולט אויף טבע, ובמילא איז די תענוג ושמחה וואס קומט ארויס פון דער חידוש א גרעסערער.

ט. דערביי קומט צו נאך א זאך:

ראש חודש וואס קומט אויס בשבת זה איז יום ב' דר"ח, וואס דעמולט איז דא נאכמער חידוש ווי אין יום ראשון דר"ח:

יום ראשון דר"ח חשון איז אויך יום ל' פון דער חודש שלפנ"ז, חודש תשרי, ובמילא איז דאס ניט א דבר חדש ממש, וויבאלד אז עס איז א חלק פון דער חודש שלפנ"ז;

משא"כ ביום ב' דר"ח הויבט זיך אן א נייער זמן, דער חודש חשון, וואס דערפאר איז דעמולט דא מערער חידוש.

הנחה פרטית בלתי מוגה

י. די הוראה מהנ"ל פאר יעדן אידן איז בפשטות:

מ'זאגט דאך אין קידוש הלבנה בנוגע צו אידן, "שהם עתידים להתחדש כמותה" (מסנהדרין מב, א).

וואס אין עבודת האדם מיינט דאס, אז עס דארף זיין א חידוש אין עבודה, ד.ה. ווי נאר די עבודה איז געווען ביז איצטער, דארף דאס איצטער ווערן אויף א נייער אופן לגמרי.

והגם אז דער לשון איז "עתידים להתחדש" - איז אבער יעדער איד פון "ממלכת כהנים", און כהנים "זריזין הם", ובפרט אז בא אידן איז "זריזין מקדימין למצוות", ובפרט אז יעדער איד האט פון דעם "ראש אמנה", אברהם אבינו, דער ענין הזריזות, ווי עס שטייט ביי אברהם'ן, "וישכם אברהם בבוקר" -

איז דאך א זיכערע זאך אז דער "עתידין להתחדש" טוט זיך אפ שנעל במשך א רגע, אדער כמה רגעים, וואס אויך א רגע שפעטער איז ניט הזה, נאר עתיד, "עתידין להתחדש".

יא. ובפרט ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט אז ס'איז שוין "כלו כל הקצין", און איצטער דארף מען מערניט ווי צופוצן די לעצטע קנעפ (שיחת שמח"ת תרפ"ט (הנחה)),

ד.ה. אז לולא זאת שטייט מען שוין אין דעם מקום המתאים אין דעם מארש פון "צבאות השם", און מ'טראגט אויך די בגדים וואס מ'דארף טראגן, און דאס זיינען בגדים פון א איד, ד.ה. אן שעטנז וכיו"ב, כולל אויך דער פירוש אין דעם ברוחניות,

און זיי זיינען בגדים "לכבוד ולתפארת", ווארום יעדער איד איז דאך פון "ממלכת כהנים" (כנ"ל), וואס מפרשים טייטשן אז דאס זיינען כהנים גדולים, איז אזוי ווי בא דעם כה"ג זיינען בגדים "לכבוד ולתפארת", אזוי זיינען אויך די בגדים פון יעדן אידן "לכבוד ולתפארת",

און וויבאלד דאס איז אזוי ברוחניות, ווערט דערפון אזוי אויך בגשמיות;

די איינציקע זאך וואס איז געבליבן - איז כ"ק מו"ח אדמו"ר, נשיא דורינו, וואס "הנשיא הוא הכל" (ווי רש"י זאגט) - איז, אז מ'דארף צופוצן די לעצטע קנעפ!

און דערפאר איז א זיכערע זאך אז דער "עתידים להתחדש" קומט ברגע כמימרא.

יב. פרעגט אבער א איד:

ס'איז דאך א חושך כפול ומכופל פון גלות - און מ'זעט ניט קיין וועג אז עס זאל ווערן ובקרוב, "עתידים להתחדש"?!

ענטפערט מען אים גלייך, אז ס'איז "(עתידים להתחדש) כמותה":

די לבנה ווערט נתחדש (און דעמולט איז ר"ח) ניט ביום ט"ז בחודש אדער אין די טעג נאך דערויף, וואס אויך דעמולט איז די לבנה וויינקער ווי בט"ו בחודש, ווען "קיימא סיהרא באשלמותא" -

נאר זי ווערט נתחדש נאך דערויף וואס די לבנה איז נתמעט געווארן מיום ליום (נאך ט"ו בחודש) ביז זי שטייט בתכלית ההעלם וההסתר, אז מ'זעט גאר גארניט פון דער לבנה, וואס דאס איז דער מעמד ומצב פון דער לבנה א רגע פאר דעם מולד,

און דעמולט ברגע א', ברגע כמימרא אין דעם העלם והסתר ווערט זי נתחדש און

זי הויבט אן צו שיינען, ווארום וויבאלד אז דער לבנה איז "לא ישבותו" - איז ברגע וואס די לבנה איז בהעלם והסתר, הויבט זי אן לייכטן.

ביז ווי דער ראגאטשאווער זאגט, אז דער מולד איז נאך פאר דערויף וואס מ'קען איר זען מיט אן עין טבעית [און ער גיט אויף דערויף א מאדנער ביאור, וואס בכלל גיט דער ראגאטשאווער א הסבר אויף וואס ער זאגט, דא גיט ער אבער א מאדנע הסבר].

און וויבאלד אז "הם עתידים להתחדש כמותה", איז פארשטאנדיק אז אזוי וועט אויך זיין בא אידן, אז כאטש מ'געפינט זיך אין א חושך כפול ומכופל פון גלות, איז אבער דורך די עבודה פון א איד אין דעם גלות, טוט ער אויף אז עס זאל זיין "הם עתידים לההחדש" ברגע כמימרא, תיכף ומיד אין דעם חושך הגלות - ווערט די גאולה.

יג. וואס דא איז ניט דער פירוש אז ער ווערט ניט נתפעל פון דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, נאר ער ווערט בפירוש נתפעל דערפון, ווארום אויב ניט ווייס ער ניט אז מ'דארף מתקן זיין דעם גלות, ביז אין אן אופן אז עס זאל זיין "יתרון האור מן החושך כו'",

און אזוי אויך אפילו אויב ער ווייס וועגן דעם גלות און ווערט דערפון נתפעל, איז ער זיך ניט מסתפק מיט געבן א קרעכץ, וואס דאס ברענגט דאך צו עצבות ח"ו און יאוש ר"ל -

נאר ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר זאגט, אז טובה פעולה אחת מאלף אנחות, ער טוט עבודתו אין מתקן זיין דעם חושך הגלות און ברענגען דעם "עתידים להתחדש כמותה".

דא זיצט א איד (והראה כ"ק אדמו"ר שליט"א עם ידיו הק' לאחוריו) און גיט א קרעכץ, און בשעת ער הערט אז טובה פעולה אחת מאלף אנחות - גיט ער נאך א קרעכץ!

אנשטאט קרעכצן אויף דעם גלות, האט ער געדארפט איבערטראכטן אן ענין אין תושב"כ אדער אין תושבע"פ און דורך דערויף מתקן זיין דעם גלות,

ונוסף לזה איז דאך א קרעכץ היפך דער ענין פון "עבדו את ה' בשמחה".

יד. און די הסברה אין דעם פארוואס מ'זאל ניט ארייגפאלן אין יאוש און קרעכצן בשעת מ'זעט וואס פאר א חושך הגלות דאס איז -

איז ווי כ"ק מו"ח האט אמאל געזאגט איינעם וואס האט געהאט דאגות פרנסה און לדעתו האט ער זיך געפונען אין שפלות המצב בגשמיות - אז דער גאנצער ענין איז אזוי ווי א גלגל החוזר, וואס נאך דערויף וואס דער גלגל החוזר קומט צו דער נידעריקסטע ארט וואו ער קען אנקומען, קען ער ניט גיין נידעריקער, און ער הויבט אן נתעלה ווערן, ניט מיט אן עלי' לרגע, נאר ער ווערט שטענדיק נתעלה און גייט אלץ אין דער ריכטונג פון אן עלי' בתכלית השלימות,

ועד"ז בשעת מ'געפינט זיך אין א נידעריקע מעמד ומצב פון א חושך כפול ומכופל פון גלות, דארף מען וויסן אז דאס איז אזוי ווי א גלגל החוזר, וואס ווען מ'קומט צו די נידעריקסטע דרגא, הויבט זיך אן אן עלי' ביז אז מ'קומט צו אן עלי' בתכלית השלימות.

ד.ה. אז דער וואס גרעסער דער חושך הגלות, באווייזט דאס וואס מערער אז עס זיינען נאך געבליבן נאר כמה רגעים צו דעם גלות, און אט באלד קומט דער גאולה דער "עתידים להתחדש כמותה".

טו. וויבאלד ס'איז נאך אבער פארט געבליבן כמה רגעים פון גלות, דארף מען האבן א הוראה וואס צו טאן אין די לעצטע רגעים פון גלות.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

וואס הגם אז אין די לעצטע רגעים פון גלות האלט מען אין מיטן דעם שטורעם פון גרייטן זיך אויף משיח'ן,

וואס אין הוראה בפועל מיינט דאס, אז אזוי ווי בזמן משיח וועט זיין "תלמודו בידו", וועט דאך משיח פארהערן יעדער אידן און זאגן לאמיר זען וואס האסטו געלערנט אין זמן הגלות אין תושבכ"כ און אין תושבע"פ, און אין דעם לימוד וואס האט מכין געווען צו ביאת המשיח - לימוד המעיינות און פנימיות התורה,

[והגם אז דעמולט וועט זיין "כולם ידעו אותי" - וועט אבער אויך דעמולט בלייבן די התחלקות פון "מקטנם" און "גדולם"] -

במילא דארף מען זיך צוגרייטן צו דעם דורך לערנען תורה נאך אין די לעצטע רגעים פון גלות;

איז אבער נוסף לזה דארף מען אויך טאן אין די לעצטע רגעים פון גלות אין אן ענין וואס איז מעכב די גאולה.

טז. וואס דאס איז:

אזוי ווי "כימי צאתך מארץ מצרים" האט מען געדארפט ארויסגיין פון גלות מיט א "רכוש גדול" און "כספם וזהבם אתם" - אזוי אויך וועט זיין "אראנו נפלאות" בגאולה האמיתית והשלימה, אז מ'וועט ארויסגיין פון דעם איצטיקן גלות מיט א "רכוש גדול" און "כספם וזהבם אתם".

און אזוי ווי בא יצי"מ האט זיך דאס אויפגעטאן דורך דערויף וואס נאך אין זמן פון חושך הגלות, ביז אין אן אופן פון "וימש חושך" (בא י, כא), וואס דאס איז א חושך בלתי טבעי (אדער עכ"פ א חושך ניט ע"פ טבע) - איז אבער "ולכל בני ישראל הי' אור במושבותם" (שם, כג),

און דאס איז געווען בכדי אז "חפשו ישראל וראו את כליהם" פון די מצריים, אז ווען זיי וועלן ארויסגיין פון מצרים און זיי וועלן דארפן מקיים זיין דעם "וישאלו ... כלי כסף וכלי זהב" (שם יא, ב), און די מצריים "היו אומרים אין בידינו כלום, אומר לו אני ראיתיו בביתך ובמקום פלוני הוא" (פרש"י שם י, כב).

וואס דאס גופא באווייזט אז די אידן זיינען נאך געווען אין חושך הגלות פאר די גאולה, ווארום די כלים זיינען געווען אונטער די בעלות פון מצרים, און דערפאר האבן די אידן ניט געקענט גלייך מקיים זיין דער ציווי "וישאלו ... כלי כסף וכלי זהב",

און ס'איז דאך געווען פאר מ"ת, און אפילו פאר מכת בכורות און פאר דעם "ונגלה עליהם בכבודו ובעצמו" -

און פונדעסטוועגן איז נאך זייענדיק אין גלות כמה ימים פאר די גאולה - איז "לכל בני ישראל הי' אור במושבותם" בכדי זען וואו די כלים כו' פון די מצריים זיינען, אז ווען זיי וועלן ארויסגיין פון מצרים וועלן זיי קענען נעמען די כלים, ביז אין אן אופן פון "וינצלו את מצרים" (בא יב, לו).

עד"ז דארף אויך זיין אין דעם איצטיקן גלות, אז מ'דארף נאך אין זמן הגלות ארויסגיין אין די "מיצרים וגבולים" בכדי מברר זיין די ניצוצות וואס געפינען זיך דארטן.

יז. ובמיוחד דארף די עבודה זיין אין אן אופן חדש לגמרי לגבי ווי ס'איז געווען פריער, לויט די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון דעם וואס דער שבת איז ב' דר"ח מר-חשון:

אז אע"פ וואס מ'קומט איצטער פון חודש תשרי, וואס דעמולט איז די עבודה געווען בתכלית העילוי, ביז אז מ'איז דעמולט געשטאנען אין א מעמד ומצב וואס ביז דעם חודש השרי איז מען נאך קיינמאל ניט געשטאנען אין אזא מעמד ומצב, אנהויבנדיק פון ר"ה, ובלשון פון דעם אלטן רבי'ן אין אגה"ק (סי"ד (קכא, רע"א)), אז בר"ה איז "יורד אור חדש עליון שלא הי' מאיר עדיין מימי עולם אור עליון כזה",

און דערנאך בזמן שמחתנו, חג הסוכות, זיינען די אלע ענינים פון פריער אראפגעקומען אין אן אופן פון קליטה ובפנימיות,

און דערנאך איז געווען שבת בראשית, ווי געערעדט אין דער התוועדות פון שבת בראשית דער ענין אין שבת בראשית -

פונדעסטוועגן ווען עס קומט חודש חשון, דארף די עבודה זיין אין אן אופן חדש לגמרי.

והגם אז חודש תשרי איז דער חודש השביעי, וואס ער איז מושבע ומשביע אלע חדשי השנה כולל אויך חודש חשון (כתורת הבעש"ט) - קומט עס אבער ניט ווי ווען מ'שטייט אין חודש חשון עצמו, און דערפאר דארף די עבודה דעמולט זיין באופן חדש לגמרי.

ווארום אע"פ אז אין חודש תשרי זיינען אלע ענינים געווען בשלימות - איז אבער ווען עס קומט א נייער חודש, מלשון חידוש - דארף מען געבן א שפרונג אין אן אופן פון באין ערוך לגבי ווי ס'איז געווען פריער אין חודש תשרי, וואס דאס איז דאך דער ענין פון הליכה אמיתית, א הליכה באין ערוך,

ביז אז די עבודה אין חודש חשון איז אפילו ניט אין אן אופן פון "קרני החיות כנגד כולם", וואס אויך דער קרן איז א חלק פון דער חי', און "כנגד כולם" באווייזט אויף אן ענין בערך צו די חיות, אז דאס איז דער חשבון פון אלע חיות צוזאמען, "כנגד כולם" - נאר דא דארף זיין א נייע עבודה, אינגאנצן באין ערוך לגבי די פריערדיקע עבודה.

יח. דער עיקר איז אז עס זאל זיין "טאפארא דא פלאחאי" (ראה סה"ש תש"ד ע' 104):

מ'זאל טאן אין הפצת היהדות און אין הפצת המעיינות, און אין די מבצעים המפורסמים:

אין דעם ענין פון "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים", וואס דאס איז דאך אויך כולל דער פירוש אז דורך בני ישראל זאל זיך אומקערן דער לב פון אבינו שבשמים - "שובה אלי ואשובה אליכם",

און דער ענין פון "צבאות השם", וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט "והשיב לב אבות על בנים".

און אין "מבצע אהבת ישראל", וואס דאס איז איין זאך מיט "ואהבת את ה' אלקיך", און דערפון קומט מען אויך צו דער אהבה משולשת - אהבת ישראל, אהבת ה' און אהבת התורה.

אין "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע טהרת המשפחה", און "מבצע כשרות האכו"ש",

ביז אז דאס וועט ברענגען צו דער מבצע הכי גדול - דער "הם עתידים להתחדש כמותה", וברגע כמימרא, ד.ה. אז דער "עתידין" איז נאר א רגע אין שפעטער, אין דער עתיד (כנ"ל), אין אן אופן פון "נגאלין מיד",

אז עס וועט זיין "חדש ימינו כקדם", "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים",

בביאת משיח צדקנו, דוד מלכא משיחא,

וואס אויף דוד שטייט "דוד הקטן", און אזוי אויך בנוגע צו יעקב - "יעקב הקטן", און די גמרא פארבינדט דאס אלץ צוזאמען מיט דעם ענין פון "מאור הקטן",

און וועלכע גמרא - ניט א גמרא אין זבחים אדער מנחות - נאר א גמרא אין חולין (ס, ב), וואס דאס באווייזט אז דאס איז פארבונדן אפילו מיט אן עבודה פון "חולין".

יט. און דער עיקר איז כאמור - אז עס זאל זיין א פעולה אחת עכ"פ, און ניט קיין הרגש פון אנחה, ווארום טובה פעולה אחת מאלף אנחות, ועאכו"כ אלף פעולות אנשטאט אלף אנחות.

וואס בכלל איז דער ענין פון אנחות, וואס דאס איז דאך אן אופן פון ברעכן דעם גוף, ניט ע"פ תורה - ווארום א "גוף בריא ושלם מדרכי ה' הוא", ובפרט אז ס'איז א דין אין הל' ממונות אז מ'טאר ניט ברעכן דעם גוף,

וואס דערפאר דארף מען ניט ברעכן דעם גוף אפילו אויב מ'טוט עס שלא לשמה.

און מ'דארף ניט גיין זוכן סגולות און ווילדע איינפאלן וואס זיינען ניט ע"פ תורה, נאר מ'דארף זיך פירן ע"פ תורה, וואס דורך תורה, די "חמדה גנוזה", ווערט אויפגעטאן אז עס זאל זיין "והייתם לי סגולה".

און פירן זיך אין אן אנדער אופן פון ברעכן דעם גוף כו', איז ניט דער סדר און דרך פון תורה,

און בפרט אויך ניט דער דרך פון חב"ד,

וואס דער אלטער רבי האט געזאגט אז דרך חב"ד איז שייך צו אלע אידן, נאר מצד סיבות האט עס געדארפט נעמען צייט ביז אז דאס זאל אנקומען צו אלע אידן, און עס האט געדארפט זיין פעטערבורג וכו';

איצטער אבער איז דאך "כלו כל הקצין", און דער דרך פון חב"ד דארף איצטער בפועל אנקומען צו אלע אידן.

עס דארף נאר זיין אז דער וואס האט זוכה געווען צו דאס מפיץ זיין ביי אנדערע אידן, זאל דאס מפיץ זיין בדרכי נועם ובדרכי שלום, און רעדן מיט "דברים היוצאים מן הלב" וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז "נכנסים אל הלב",

און ער דארף וויסן אז ער גייט דאס טאן בשליחותו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס "שלוחו של אדם כמותו", ובמילא דארף דאס זיכער זיין כפי רצונו העליון שלו, וואס דאס איז אז די השתדלות בזה זאל זיין בדרכי נועם ובדרכי שלום,

און פונקט ווי ער האט געבעטן אז דער נשיאות זאל זיין בחסד וברחמים - אזוי אויך דארף די עבודה וואס מ'טוט בשליחות זיין אין אן אופן פון בחסד וברחמים.

מ'דארף דערצו נאר האבן דעם "אצבע קטנה" פון כאו"א, ווי עס שטייט אין קהלת רבה און שיר השירים רבה בקשר מיט עלי' לרגל און בנין ביהמ"ק.

כ. בכדי מ'זאל ניט מיינען אז האמור לעיל איז דער עיקר עבודה - וועט מען נאכאמאל איבער'חזר'ן וואס דער עיקר איז:

אריינגייענדיק פון חודש תשרי אין א נייעם חודש, חודש מר-חשון - דארף די עבודה זיין אין אן אופן חדש לגמרי, ווי מ'לערנט עס אפ פון דעם וואס דער שבת איז שבת ראש חודש.

און דערפון קומט צו דער ענין וואס מ'לייגט אין תורה דעם שבת - "נח נח", "ניחא לעליונים ניחא לתחתונים", ווי עס שטייט אין זהר, מיט די אלע פירושים שבזה,

ביז צו ביאת משיח צדקנו, און אין אן אופן פון "נגאלין מיד", בעגלא דידן.

*　　　　*　　　　*

כא. האמור לעיל איז אויך פארבונדן מיט די פרשה פון היינטיקן שבת - פ' נח, וואס דארטן רעדט זיך וועגן דעם מבול וואס האט חרוב געמאכט וועלט, און דערנאך נאכן מבול, זיינען געווען די ג' אנשים (נח מיט זיינע זין) וואס "ראה עולם חדש" (ויק"ר פ"ל, ח).

וואס דאס איז בהתאם מיט המדובר לעיל וועגן ראש חודש, אז ענינו איז דער ענין החידוש, און דערפון נעמט מען ארויס די הוראה אז אלע ענינים דארפן זיין ובפרט יום ב' דר"ח מר-חשון שנה זו, וואס איז א ר"ח ניט ע"פ טבע, ווארום דער מולד הלבנה איז געווען פאר ר"ח, דער מולד האמצעי איז געווען ביום ה' - נאר א ר"ח ע"פ זה וואס אידן זיינען קובע, איז דאס נאכמער ענין של חידוש,

און דערפון נעמט מען ארויס די הוראה אז אלע ענינים דארפן זיין אין אן אופן חדש לגמרי.

וואס דא זעט מען ווי דער ענין וואס מ'לערנט ארויס פון דעם זמן, אז דאס איז א שבת ר"ח - האט מען דערצו א ראי' פון דעם וואס עס רעדט זיך אין די פרשה אין תורה פון דעם זמן, אז "ראה עולם חדש",

ע"ד ווי די פסוקים פון מלכיות זכרונות ושופרות וואס מ'זאגט בר"ה אלס א ראי' צו דער ענין, ועד"ז די פסוקים פון "אתה הראת" וואס מ'זאגט בשמע"צ ושמח"ת, אלס א ראי' אויף דער ענין השמחה (סה"מ תש"ד ע' 54).

כב. דערפון וואס עס רעדט זיך אין פרשתנו אז "ראה עולם חדש", קומט צו נאך אן ענין אין די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון ר"ח מר-חשון אז אע"פ וואס מ'קומט פון חודש תשרי, דארף מען איצטער אין חודש חשון טאן אין א נייער אופן לגמרי:

אין חודש תשרי איז טאקע אויך געווען די עבודה באופן חדש וואס איז נאך ביז דעמולט קיינמאל ניט געווען, ווי עס שטייט אין אגה"ק, אז דעמולט (בר"ה) איז "יורד אור חדש עליון יותר שלא הי' מאיר עדיין מימי עולם אור עליון כזה" -

דאס איז אבער נאר אן "אור חדש" וואס איז מאיר אין דער זעלבער עולם וואס איז געווען פאר דערויף; משא"כ אין חודש חשון, דארף די עבודה זיין אין אן אופן פון "ראה <u>עולם</u> חדש", אז דער גאנצער עולם זאל זיין חדש.

כג. והביאור בזה:

ס'איז מבואר אין עטרת ראש, אז די התחדשות פון ר"ה איז נאר א פרט וואס ווערט נמשך פון "יומו של הקב"ה", ווארום ס'איז דאך "אלף שנים בעיניך כיום אתמול", און פון דער "יום" וואס דאס איז "יומו של הקב"ה" ווערט נמשך די "אלף שנים", אין אן אופן פון פרט מכלל.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

א איד האט אבער דעם כח צו אויפטאן העכער ווי די דרגא פון "יומו של הקב"ה", כמובן ע"פ נגלה וע"פ חסידות, א איד איז א בעה"ב אויף טבע, און אויף אלע דרגות וואס זיינען דא אין דעם, כולל אויך די דרגא פון "יומו של הקב"ה",

און דורך דערויף וואס ביי א איד איז דא דער "לדלג שור" דערגרייכט ער העכער אויך פאר "יומו של הקב"ה".

און דערפאר איז אע"פ וואס אין חודש תשרי איז נמשך געווארן אן "אור חדש", איז דאס אבער נאר א המשכה פון "יומו של הקב"ה" - און אין ווען עס קומט חודש חשון, א נייער חודש, קען דער איד דערגרייכן נאך העכער פאר "יומו של הקב"ה", און ממשיך זיין אז עס זאל זיין "ראה עולם חדש".

כד. און דאס איז שייך בא יעדן אידן - ווארום די ענינים פארבונדן מיט נח נאכן מבול, כולל דער ענין וואס "ראה עולם חדש", איז שייך צו יעדן אידן.

וכמבואר אין המשך תער"ב, ווי אראפגעבראכט אין דעם ליקוט וואס איז געדרוקט געווארן לשבת זה, אז דער זכרון פון "ויזכור אלקים את נח גו'" (וואס איז געווען פאר דער כריתת ברית) איז געווען אויף נח'ן מצד "עצם מעלת נש"י", און דערפאר זאגט מען דאס אין "וגם את נח באהבה זכרת" אין תפלת מוסף פון ר"ה אין די זכרונות - ווארום דאס מיינט די "אהבה פנימית ועצמית" צו נש"י, וואס ווערט נתגלה בכל הדורות.

וואס בר"ה הויבט זיך אן דער ענין בשעת ס'איז דא דער "תמליכוני עליכם", בר"ה, און דעמולט איז דאס אין אן אופן פון "בכסה"; דערנאך קומט עס ארויס בגילוי אין "יום חגנו", בחג הסוכות, און דערנאך קומט עס אין שמח"ת און אין שבת בראשית,

ביז אז דערנאך קומט עס אראפ אין "ויעקב הלך לדרכו", אז דאס דארף זיין אין אן אופן פון "ראה עולם חדש" - מאכן פון "דרכו" דער "דרך ה'", און ניט נאר משנה זיין זיך באופן חדש, נאר אויך פועל'ן אז דער וועלט זאל זיין אן עולם חדש.

וע"ד דער תורת הבעש"ט אויף "תקעו בחודש שופר", וואס אויף דערויף איז דאך דא די שאלה הידועה "והל"ל תקעו שופר בחודש", און ער איז מבאר, אז "כי יראה אדם תדיר שיהי' בחודש ר"ל לחדש מעש"ט שלא יהי' כמו חוק קבוע",

ועד"ז דארף ער אויך ממשיך זיין אין וועלט אז די זאל זיין אן עולם חדש.

כה. און דאס זיינען ניט קיין הימל ווערטער וואס זיינען שייך נאר צו יחידי סגולה - נאר וויבאלד אז דאס שטייט אין נגלה דתורה און אין פנימיות התורה, איז דאס א הוראה וואס איז בפועל שייך צו יעדער איינעם, ובפרט אז דאס שטייט אויך אין תורת חסידות חב"ד, וואס דער אלטער רבי האט געזאגט אז דאס איז שייך צו אלע אידן.

און אין אותיות פשוטות מיינט עס:

קומענדיק פון חודש תשרי, וואס מ'האלט יעצט א קארגע מעל"ע זינט חודש תשרי, קען מען דאך מיינען אז די עבודה פון תשרי איז געבנוג אויך אויף שפעטער -

זאגט מען אז ער דארף איצטער זיין "ראה עולם חדש" - אז מ'דארף טאן די עבודה מיט א באנייטער חיות און מיט א באנייטער חשק און א באנייטער תענוג און א באנייטער שמחה.

כו. און הגם אז די עבודה פון תשרי איז געווען באופן נעלה ביותר, און דעמולט האט יורד געווען אן "אור חדש שלא הי' מאיר עדיין מימי עולם אור עליון כזה" - איז אבער דא רעדט מען דאך וועגן בנו יחידו של הקב"ה, און נאכמער - "עמך וצאן

הנחה פרטית בלתי מוגה

מרעיתך", וואס דער יחס פון רועה מיט צאן איז נאך העכער ווי דער יחס פון אב ובנו, ביז אז דאס איז ווי אידן זיינען איין זאך מיט עצמות, וכמבואר און ווי דער צ"צ איז דאס מבאר (ווי שוין געדרוקט), מיט די אלע ביאורים בזה.

איז דאך א זיכערע זאך אז ווען עס קומט א נייער חודש קען און דארף ער זיך ניט מסתפק זיין מיט די עבודה וואס איז געווען ביז דעמולט, ווי הויך די עבודה איז נאר געווען, נאר ביי אים דארף זיין א נייער אופן העבודה לגמרי, מיט א נייער חיות און א נייער תענוג און א נייער שמחה און א נייער כח והשתדלות.

כז. און ס'איז א זיכערע זאך אז מ'האט דעם כח דאס אויפטאן, ווארום ס'איז דאך "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן", און דעמולט טוט זיך אן "כחי", דער כח פון דעם אויבערשטן, אין "כחן", אין דעם כח פון אידן.

ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו "בכל מאדך", אז הגם וואס דער "מאדך" פון איין אידן קען זיין אן עבודה במדוה"ג לפי ערך די עבודה פון א צווייטן אידן, און אפילו לגבי עבודתו בזמנים אחרים - אבער וויבאלד אז דאס איז "בכל מאדך", ווערט אין דערויף נתלבש דער "מאד העליון" פון דעם אויבערשטן.

ועד"ז איז אויך בנוגע לעניננו: דורך דערויף וואס ער טוט אויף אז עס זאל זיין "ראה עולם חדש" לפי הכחות שלו - טוט זיך אין דערויף אן דער חידוש האמיתי וואס קומט פון דעם אויבערשטן.

כח. קומט צוגיין דער קלוגינקער און זאגט דעם אידן:

נאך דערויף וואס מ'האט געטאן די עבודה פון חודש תשרי, האט מען לכאורה אלץ אפגעטאן - איז וואס קען מען שוין אין דערויף מוסיף זיין אין חודש חשון?!

אין חודש תשרי האט מען געלייגט תפילין מיט דריי אידן, מיט צען אידן, מיט הונדערט אידן - איז וואס וועט מען שוין אויפטאן אין חודש חשון אז מ'וועט לייגן תפילין מיט נאך איין אידן, מיט נאך צוויי אידן, מיט נאך דריי אידן?!

אויף דערויף קומט דער ביאור פון דעם רמב"ם הידוע (הל' תשובה פ"ג ה"ד): אז די וועלט איז שקול, "חציו זכאי וחציו חייב", און דורך איין פעולה קען מען מכריע זיין עצמו און כל העולם כולו לכף זכות, וגרם לו ולהם תשועה והצלה.

און דער רמב"ם זאגט אז ניט נאר דאס קען זיין אזוי, נאר אדרבה - "צריך כל אדם שיראה עצמו כל השנה כולה כאילו הוא חציו זכאי וחציו חייב, וכן כל העולם כולו חציו זכאי וחציו חייב ... עשה מצוה אחת הרי הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות, וגרם לו ולהם תשועה והצלה".

וואס דערפאר איז בשעת עס קומט חודש חשון נאך די עבודה פון חודש תשרי, איז מען ח"ו ניט ממעט אין די עבודה וואס מ'האט געטאן בחודש תשרי - מ'זעט אבער אז משיח עדיין לא בא אין חודש תשרי, וואס דאס איז דאך בפשטות דער ענין פון "ישועה והצלה" - איז דערפון א ראי' אז די עבודה פון חודש תשרי האט אויפגעטאן אז עס זאל זיין אן עולם שקול,

און איצטער אין חודש חשון קען מען מיט איין פעולה מכריע זיין "את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות, וגרם לו ולהם ישועה והצלה", ד.ה. ברענגען די גאולה דורך משיח צדקנו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז די פעולה וואס האט דאס מכריע געווען און אויפגעטאן איז באי"ע לגבי די אלע פעולות, אפילו אויב זיי זיינען א ריבוי פעולות, וואס זיינען געווען פאר דערויף - ווארום די פעולה האט אויפגעטאן א חידוש סיי

בא דעם מענטשן, אז "הכריע עצמו ... לכף זכות", און ס'יי אין גאנץ סדר ההשתלשלות, "עולם חדש ראה", אז ער האט מכריע געווען "את כל העולם כולו לכף זכות", און אויפגעטאן אז עס זאל זיין "לתקן את העולם במלכות שד"י", און "גרם לו ולהם ישועה והצלה".

כט. און פון דער "ראה עולם חדש" אין פ' נח קומט מען דערנאך צו פ' לך לך (וואס מ'גייט ליינען צו מנחה), וואס דאס האט אויך א קשר צו די עבודה הנ"ל,

וכידוע דער פירוש אין "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך אל הארץ אשר אראך" - אז מ'דארף אוועקגיין פון די אייגענע מדות און רגילות'ן און חינוך, און גיין צו דער ארט וואס דער אויבערשטער וועט אים באווייזן,

און דער "לך לך" איז א הליכה אמיתית, וואס דאס איז א הליכה באין ערוך, א הליכה חדשה לגבי וואו ער איז געשטאנען לפנ"ז,

וואס דאס איז די עבודה - אז ער טוט אויף בא זיך אן ענין של חידוש, אז ער גייט אוועק פון זיינע מדות וכו', און ער טוט אויף אויך אין וועלט אז זי זאל זיין אן עולם חדש, דורך דערויף וואס ער גייט "אל הארץ אשר אראך",

און עס ווערט "ונברכו בך כל משפחות האדמה", אז זיין השפעה דערגרייכט בכל העולם כולו.

ביז אז מ'קומט צו דער פירוש און דורך דער "לך לך" קומט מען צו די גאולה האמיתית והשלימה, ווי דער רבי מהר"ש און דער צ"צ זיינען מבאר, אז אותיות כפולות, אזוי ווי "פקד פקדתי", ועד"ז "לך לך" באווייזן אז זיי זיינען פארבונדן מיט דער ענין הגאולה,

בביאת משיח צדקנו, "והיתה לה' המלוכה", במהרה בימינו ממש.

* * *

ל. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה כה אמר ה' השמים כסאי גו'.

* * *

לא. ס'איז רגיל צו אפלערנען אן ענין אין פירוש רש"י פון פרשת השבוע, אויף איינע פון צוויי אופנים: מפרש זיין אן ענין וואס איז דורש ביאור אין פירוש רש"י, אדער מפרש זיין אן ענין אויף וועלכע רש"י שטעלט זיך ניט אע"פ וואס ער האט אויף דערויף לכאורה זיך געדארפט שטעלן.

וועט מען זיך שטעלן אויף צוויי ענינים אויף דער צווייטער אופן הנ"ל, וואס זיינען דא בפרשתנו, וואס דער ערשטער ענין קען מען נאך פארענטפערן בקל אדער בדוחק, משא"כ דער צווייטער ענין איז לכאורה אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

בשעת דער אויבערשטער האט אנגעזאגט נח אז ער זאל ארויסגיין פון תיבה נאכן מבול, האט ער געזאגט (פרשתנו ח, טז) "צא מן התיבה אתה ואשתך ובניך ונשי בניך אתך", אין א סדר פון "איש ואשתו", און ניט ווי ווי דער אויבערשטער האט אנגעזאגט באם אריינגיין אין תיבה (שם ו, יח) "ובאת אל התיבה אתה ובניך ואשתך ונשי בניך אתך", און ווי עס שטייט בשעת נח איז אריין אין תיבה (שם ז, ז) "ויבא נח ובניו אתו אל התיבה", "האנשים לבד והנשים לבד" -

וויארום בשעת זיי זיינען אריין אין תיבה "נאסרו בתשמיש המטה מפני שהעולם שרוי בצער" (פרש"י שם), משא"כ בשעת זיי זיינען ארויס פון תיבה "התיר להם תשמיש המטה" (פרש"י שם ח, שם).

זעט מען אבער אז ווען נח ומשפחתו זיינען בפועל ארויס פון תיבה שטייט (שם ח, יח) "ויצא נח ובניו ואשתו ונשי בניו אתו", די אנשים באזונדער און די נשים באזונדער, ניט ווי דער אויבערשטער האט אים אנגעזאגט!

וואס דאס איז א שאלה אין פשוטו של מקרא, ביז אז אלע פשטני המקרא שטעלן זיך אויף דעם - אבער רש"י שטעלט זיך בכלל ניט אויף דעם?!

און ער זאגט אפילו ניט קיין "לא ידעתי", ווי ער זאגט אין אן ארט וואו ס'איז דא א שאלה אין פשש"מ און רש"י האט אויף דערויף ניט קיין פירוש אין פשש"מ.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער בן חמש למקרא פארשטייט דער ביאור אין דעם פסוק פון זיך אליין - איז מה-דאך אז דער בן חמש למקרא פארשטייט דאס מעצמו, עאכו"כ אז די מפרשים וואס זיי זיינען דאך גדולי ישראל האבן דאס געדארפט פארשטיין - געפינט מען אבער אז זיי זיינען דאס מפרש, ביז אז עס זיינען דא גאר חילוקי דעות צווישן זיי?!

לב. א צווייטער ענין וואס איז ניט פארשטאנדיק אין פשש"מ און רש"י באווארנט עס לכאורה ניט:

חסידות איז מבאר (המשך וככה פצ"ה ואילך) אז דאס וואס אין תיבה זיינען געווען אלע חיות און אלע בהמות, כולל אויך חיות הטורפות, און אעפ"כ האבן זיי זיך איינער דעם צווייטן ניט מזיק געווען - איז דערפאר וואס די תיבה איז געווען מעין ודוגמת לע"ל, וואס דעמולט וועט זיין "לא ירעו ולא ישחיתו", "וגר זאב עם כבש", "ופרה ודוב תרעינה יחדיו".

דער חילוק איז מערניט אז אין תיבה איז דאס געווען נאר אין תיבה און נאר פאר א יאר צייט, משא"כ לע"ל וועט עס זיין בכל מקום און בתמידות.

וואס די שאלה ווי קען זיין אז די אלע חיות זאלן זיין צוזאמען און זיך איינער דעם צווייטן ניט מזיק זיין - איז ניט קיין שאלה ע"פ חסידות, נאר דאס איז א שאלה פשוטה פאר א בן חמש למקרא אין פשש"מ,

און אעפ"כ געפינט מען ניט אז רש"י זאל דאס באווארענען, און מ'קען ניט זאגן אז רש"י פארלאזט זיך אויף דעם וואס עס שטייט אין המשך וככה און אז מ'וועט וועגן דעם רעדן אין דער התוועדות!

לג. בנוגע צו דער אופן ווי די חיות ובהמות זיינען געקומען צו די תיבה - זאגט רש"י (פרשתנו ו, כ) עה"פ "מהעוף למינהו ומן הבהמה למינה וגו'", אז "מאיליהם באו וכל שהתיבה קולטתו הכניס בה", און אזוי האט מען געוואוסט וועלכע זיינען למינהו,

וכמובן אויך בפשטות, אז בשעת דער אויבערשטער האט געזאגט צו נח'ן אז אלע בהמות וחיות דארפן אריינגיין אין תיבה, איז נח ניט געגאנגען אליין צוזאמענקלייבן אלע בהמות וחיות, ווארום דאס איז א זאך וואס איז ניט געווען בגדר טאן ובפרט אין א זמן קצר,

ועד"ז בשעת דער אויבערשטער האט געזאגט "מהעוף למינהו ומן הבהמה למינה וגו'" - האט דאך נח ניט געקענט פון זיך אליין וויסן וועלכע זיינען למינהו און וועלכע ניט,

און דערפאר איז א זיכערע זאך אז די בהמות וחיות זיינען אליין געקומען צום תיבה, ע"פ ציווי ה'.

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

און ווייבאלד אז זיי זיינען אזוי געקומען, האבן זיי זיכער ניט מזיק געווען איינעם דעם צווייטן בשעת'ן קומען און בשעת'ן אריינגייין אין תיבה, ווארום די כוונה פון דעם וואס דער אויבערשטער האט זיי אנגעזאגט אז זיי זאלן גיין צום תיבה איז דאך געווען בכדי אז אלע בהמות וחיות זאלן געראטעוועט ווערן פון מבול בכדי אז עס זאל זיין קיום העולם אויך נאכן מבול - האט עס קיין ארט ניט אז זיי זאלן זיך איינער דעם צווייטן מזיק זיין בשעת'ן גיין צום תיבה,

און ווי מ'זעט טאקע אז איצטער זיינען דא די אלע חיות ובהמות, איז דערפון א ראי' אז זיי האבן זיך דעמולט ניט מזיק געווען איינער דעם צווייטן;

אבער דערנאך ווען זיי זיינען געווען אין תיבה, וואס דארטן זיינען זיי געווען א גאנצן יאר, ביז א גאנצער שנת לבנה מיט נאך י"א ימים (אדער א שנת החמה), "שנה תמימה" (ווי רש"י זאגט (ח, יד)) - איז ניט פארשטאנדיק ווי האט געקענט זיין אז "לא ירעו ולא ישחיתו"?!

לד. און מ'קען ניט זאגן אז אין תיבה איז געווען אן אנדער מצב ווי דאס איז ע"פ טבע הבריאה - ווארום מ'זעט דאך אז ווען איחר מזונות לארי" איז "הכישו", וואס דאס איז דאך ניט דער סדר (וואס וועט זיין לע"ל) פון "ארי' כבקר יאכל תבן", דער ארי' אין תיבה איז ניט געווען אן ארי' וואס עסט תבן ווי א רמש - נאר אן ארי' וואס האט געביסן א מענטשן ווען ער איז געווען הונגעריק, כטבע שלו,

און מה-דאך ער האט געביסן דעם מענטשן וואס פלעגט אים אלעמאל ברענגען עסן, נאר דעם איינמאל האט ער פארשפעטיקט האט ער אים גלייך געביסן - איז עאכו"כ אז ער וועט עסן א שוואכערע בהמה אדער חי' בשעת ער וועט ווערן הונגעריק!

און אעפ"כ באווארנט ניט רש"י ווי אין תיבה איז געווען "לא ירעו ולא ישחיתו".

וכפי שיתבאר לקמן.

דרך אגב:

דער טעם פארוואס מ'רעדט וועגן דעם ענין וואס עס שטייט אין חסידות אז די תיבה איז מעין לע"ל - איז דערפאר וואס דאס איז במיוחד נוגע איצטער אין דעם זמן ווען ס'איז שוין "כלו כל הקצין", בכדי מ'זאל וויסן ווי צו זיך מכין זיין צו דער מצב וואס וועט זיין לע"ל.

לה. דער ביאור אין די ערשטע שאלה פארוואס רש"י באווארנט ניט פארוואס נח ובני ביתו זיינען ארויס פון דער תיבה אין דעם סדר "נח ובניו ואשתו ונשי בניו" ניט ווי דער אויבערשטער האט אנגעזאגט "צא מן התיבה אתה ואשתך ובניך ואנשי בניך" - קען מען זאגן אז רש"י באווארנט דאס שפעטער:

רש"י זאגט שפעטער (ט, ט), אז "הי' נח דואג לעסוק בפרי' ורבי' עד שהבטיחו הקב"ה שלא לשחת העולם עוד", און דערפאר האט דער אויבערשטער אים געדארפט נאכאמאל אנזאגן דעם ציווי פון פרי' ורבי' (שם, ז).

בנוגע צו זיך אליין האט נח ניט מורא געהאט, ווארום ער האט געוואוסט אז "ונח מצא חן בעיני ה'", און אזוי ווי דער אויבערשטער האט אים מציל געווען איין מאל פון א מבול וועט ער אים נאכאמאל מציל זיין, ועד"ז בנוגע צו בניו, עכ"פ מצד די מעלה פון זייער פאטער נח -

אבער בנוגע צו די קינדער וואס וועלן דערנאך זיין, האט ער מורא געהאט אז עס קען נאכאמאל ווערן "ותמלא הארץ חמס" און עס וועט זיין א מבול,

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

ווארום הגם אז די קינדער וועלן ארויסקומען פון נח וואס ער איז "מצא חן בעיני ה'" - אבער אויך די מענטשן וואס האבן געבראכט דעם ערשטן מבול זיינען געווען קינדער פון מתושלח און חנוך, ביז פון אדה"ר וואס ער איז געווען "יציר כפיו של הקב"ה", און נח האט געזען וואס עס איז געווארן מיט די "בני האלקים", בשעת זיי האבן געהאט צו טאן מיט טבע העולם - האט ער מורא געהאט אז עס קען נאכאמאל געשען אזא זאך,

און דערפאר "דואג לעסוק בפרי' ורבי'" נאכן מבול.

לו. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס נח איז ארויס פון די תיבה מיט דעם סדר "נח ובניו ואשתו ונשי בניו", אע"פ וואס דער אויבערשטער האט געזאגט "צא מן התיבה אתה ואשתך ובניך ונשי בניך", אז "התיר להם תשמיש המטה" - ווארום נח "דואג לעסוק בפרי' ורבי'".

און דאס וואס דער אויבערשטער האט אים אנגעזאגט "צא מן התיבה אתה ואשתך ובניך ונשי בניך" - האט נח געטייטשט אז דאס מיינט ניט קיין ציווי, אז ער דארף טאן אין פו"ר, נאר דאס איז א היתר, אז ער קען טאן אין דעם אויב ער וויל.

ווי מ'געפינט בכ"מ אין חומש אז דער אויבערשטער זאגט עפעס אן ניט אלס ציווי, נאר אז מ'קען אזוי טאן אויב מ'וועט וועלן,

ולדוגמא: אין פ' בראשית בעת בריאת האדם האט דער אויבערשטער אנגעזאגט (בראשית א, כח) "ורדו בדגת הים גו'", וואס מובן אז דאס איז ניט קיין חיוב על כאו"א אז מ'דארף גיין זוכן אלע דגים שבים, כולל אויך די "תנינים הגדולים", און אויפטאן דעם "וירדו בדגת הים" - נאר דאס איז אן ענין וואס דער אויבערשטער האט מטיל אימה געווען אויף דגת הים וכו', און דאס איז א נתינת כח אז אויב איינער וויל קען ער רודה זיין בדגת הים.

ועד"ז קען מען אויך לערנען דא, אז דאס וואס דער אויבערשטער האט געזאגט "צא מן התיבה אתה ואשתך ובניך ונשי בניך", איז דאס נתינת רשות אז איצטער (משא"כ באם ארייננגיין אין תיבה) קען ער טאן אין פו"ר, אבער ער האט ניט קיין חיוב בדבר.

לז. די גמרא (סנהדרין קח, ב) דערציילט, ווי דער מהרש"א איז דאס מבאר, אז מ'האט געפרעגט בא שם (בנו הגדול פון נח) "כתיב למשפחותיהם יצאו מן התיבה אתון היכן הויתון"? - "שדקדקו כל אחד לצאת במינו ומשפחתו, ולמה לא יצאתם ג"כ כדרך הזה שצוה לכם השי"י צא אתה ואשתך וגו' ואתם לא כן יצאתם דכתיב ויצא נח ובניו וגו'"?!

האט ער געענטפערט "צער גדול הי' לנו בתיבה כו'", און מפרשים (מהרש"א שם) זיינען מסביר אז ער האט געענטפערט: "ומתוך הטרדא והדאגה שהי' לנו יצאנו משם כמו שהיינו בתיבה שהי' אסור לנו התשמיש".

וואס בפשטות איז דער ביאור בזה, דלכאורה: דאס גופא וואס זיי זיינען ארויס פון תיבה "נח ובניו אשתו ונשי בניו" איז אויך א סדר - איז אויב זיי האבן זיך געמאטערט אין תיבה פארוואס זיינען זיי ארויס מיט דעם סדר?

נאר וויבאלד אז דער צער גדול וואס זיי האבן געהאט אין תיבה איז געווען פון זיך פארנעמען מיט די חיות ובהמות (ווי די גמרא דערציילט), איז פארשטאנדיק אז די אנשים האבן זיך פארנומען מיט די מלאכות כבידות בזה און די נשים האבן זיך פארנומען מיט די מלאכות קלות,

און דערפאר נאכן מבול ווען די אנשים האבן פארענדיקט זייערע מלאכות כבידות מיט די חיות ובהמות - זיינען זיי ארויס פון תיבה, און די נשים זיינען נאך געבליבן אין תיבה פארענדיקן זייערע מלאכות קלות, אפרייניקן וכיו"ב, און דערנאך ווען זיי האבן פארענדיקט זייערע מלאכות זיינען זיי ארויס.

אין פשוטו של מקרא קען מען אבער דער גאנצער פירוש ניט זאגן:

אין פשש"מ לייגט זיך ניט צו זאגן אז וויבאלד זיי זיינען געווען צוטומעלט פון די טרדות מיט די חיות ובהמות, האבן זיי עובר געווען אויף א ציווי פון דעם אויבערשטן אז זיי זאלן ארויסגיין בסדר "אתה ואשתך ובניך ונשי בניך".

ונוסף לזה: נאך דערויף וואס די אנשים האבן פארענדיקט זייערע מלכאות האבן זיי געקענט צוריק אריינגיין אין תיבה און צו ווארטן אויף די נשים, אדער זיי צוהעלפן, בכדי דערנאך קענען מקיים זיין דער ציווי פון דעם אויבערשטן.

לח. אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו, שטעלט ער זיך (בלקוטי לוי"צ לזח"א ע' כט ואילך) אויף דעם וואס דער זהר (ח"א סז, א) איז מפרש דעם פסוק (תהלים כד, א) "לדוד מזמור לה' הארץ ומלואה תבל ויושבי בה", אז "הארץ" גייט אויף ארץ ישראל וכו'.

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מ'האט גערעדט פריער (שיחת צום גדלי', וא"ו תשרי) בנוגע צו פירוש רש"י על פסוק זה, וואס ער טייטשט אויך אז "הארץ" איז דער "ארץ הידועה - ארץ ישראל" און "תבל ויושבי בה" גייט אויף שאר הארצות (ווי ער טייטשט אויך ווייטער אין זהר),

און עפ"ז טייטשט ער אויך דער פסוק שלאח"ז "כי הוא על ימים יסדה ועל נהרות יכוננה" - אז "ימים" גייען אויף די ז' ימים אין ארץ ישראל, און "נהרות" אויף די ד' נהרות לעבן ארץ ישראל, און אין די הערות וביאורים ותיקונים אויף מדרש תהלים עה"פ (וואס פון דארטן נעמט רש"י פירושו כדלקמן) איז מען מפרש וועלכע ימים און נהרות דאס זיינען.

וואס מ'דארף ניט זאגן אז דער מקור פון רש"י איז דער זהר, ווארום מ'געפינט דאס שוין אין מדרש תהלים, אין ירושלמי, און אין בבלי אין מסכת ב"ב.

אין דער הערה אויפן זהר איז דער טאטע אבער נאר מבאר כללות הענין, אבער ניט די פרטים שבזה, און די הוראה במעשה בפועל וואס מ'נעמט דערפון ארויס,

וכפי שיתבאר לקמן.

לט. מ'האט פריער גערעדט (סל"ה ואילך) אז בשעת נח איז ארויס פון תיבה האט ער מורא געהאט צו האבן קינדער טאמער עס וועט נאכאמאל זיין א חורבן העולם, און דערפאר האט ער משנה געווען אז ער איז ארויס פון תיבה אין דעם סדר "נח ובניו אשתו ונשי בניו" ניט ווי דער אויבערשטער האט אים אנגעזאגט.

וואס לכאורה איז דאס אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

ווי קומט עס צו נח וואס "איש צדיק תמים הי'" אז בשעת דער אויבערשטער זאגט אים א ציווי "צא מן התיבה אתה ואשתך ובניך ונשי בניך" - זאל ער דאס ניט טאן, און מורא האבן און דאגה'ן?!

וואס הגם אז ס'איז אויך דא דער פירוש אין "איש צדיק תמים הי' בדורותיו" שלא לשבח - איז אבער בכלל ווען עס זיינען דא צוויי פירושים און איינער איז לשבח, דארף מען מלמד זכות זיין אויף יענעם און טייטשן לשבח.

ובפרט בנוגע צו נח, וואס דוקא דורך אים זיינען דא מענטשן כולל אויך אידן עד סוף כל הדורות, כולל אויך די וואס זיצן דא בא דער התוועדות!

ובפרט ע"פ המבואר אין המשך תער"ב (כנ"ל סכ"ד) אז "גם את נח באהבה זכרת"

מיינט די "אהבה פנימית ועצמית" צו אלע נשמות ישראל, כולל אויך די וואס זיינען דא בא דער התוועדות, און וואס זיינען דא בכל מקום, במקום שני, ובמקום שלישי וכו',

[מ'זאגט בכוונה ניט דעם לשון במקום אחר - ווארום א איד געפינט זיך ניט במקום אחר, א איד געפינט זיך בכל מקום וואו ס'איז "הוא מקומו של עולם"].

דערפאר דארף מען זיכער טייטשן "איש צדיק תמים הי' בדורותיו" לשבח.

ונוסף לזה: אפילו דער פירוש שלא לשבח, אז "לפי דורו הי' צדיק ואילו הי' בדורו של אברהם לא הי' נחשב לכלום" - איז ניט לשבח בערך אנדערע דורות, ובפרט נאך מ"ת; אבער אין זיין דור איז ער געווען א צדיק.

איז ניט פארשטאנדיק כנ"ל: בשעת דער אויבערשטער האט אים אנגעזאגט א ציווי - ווי קומט עס אז ער האט גע'דאגה'ט און דאס ניט מקיים געווען?!

מ. די קשיא ווערט נאך שטארקער:

חזקי' האט געזען בנבואה אז פון אים וועט ארויסקומען מנשה - האט ער ניט געוואלט האבן צו טאן מיטן גאנצן ענין פון פו"ר, און דערפאר האט מען אים מעניש געווען ווי עס ווערט דערציילט אין מדרשים.

וואס בא חזקי' איז דאס געווען א דבר ברור אז פון אים וועט ארויסקומען מנשה, און אעפ"כ האט מען אים מעניש געווען פאר ניט וועלן האבן קינדער -

. איז דאך במכ"ש וקו"ו בנוגע צו נח'ן, וואס ער האט ניט געוואלט מקיים זיין ציווי ה' פון פו"ר מצד א ספק טאמער עס וועט נאכאמאל זיין א חורבן - איז דאס זיכער ניט געווען א ריכטיקע זאך צו טאן - איז ווי קומט עס אז ער זאל דאס טאן?!

מא. דער ביאור בזה קען מען זאגן אויף כמה אופנים, איינער פון זיי:

נח האט געוואוסט פון דעם ציווי "שופך דם האדם באדם", און ער האט פארשטאנען די טייערקייט פון א נפש, ובמילא פון פקו"נ און אפילו פון ספק פקו"נ,

און ער האט אויך ערשט געזען א מבול וואס האט אפגעווישט דער גאנצער מין האנושי פון די וועלט, און ניט נאר דער מין אנושי, נאר אויך מין החי, ביז אויך מין הצומח, ביז אז דאס האט אויך גע'פועל'ט אין דומם, ווי רש"י זאגט עה"פ (ו,יג) "והנני משחיתם את הארץ" - "את הארץ - עם הארץ, שאף ג' טפחים של עומק המחרישה נמוחו ובטשטשו" -

איז זעענדיק דאס אלץ און זעענדיק וואס האבן קינדער קען צוברענגען, און כל זמן אז ער האט ניט געוואוסט בודאות אז עס וועט ניט זיין נאך א מבול וואס וועט אלץ בטל מאכן - איז דאס ניט בגדר אנושי אז גלייך דער ערשטער זאך ווען ער גייט ארויס פון תיבה, פאר טראכטן וועגן א צווייטע זאך, זאל ער ארויסגיין פון תיבה מיט אשתו, און האבן נאך קינדער!

אבער אעפ"כ האט דער אויבערשטער געזאגט נח אז דאס איז ניט דער דרך, און ער האט אים נאך צוויי מאל געזאגט אז עס דארף זיין "פרו ורבו ומלאו את הארץ" (ט, א. ח).

מב. וואס אפילו בנוגע צו די הוה אמינא און די טענה פון נח - איז דאס געווען פאר מ"ת, און אין א מצב וואו די גאנצע וועלט איז חרב געווארן (חוץ פון נח ובני ביתו);

משא"כ אבער איצטער איז דאך נאך מ"ת און ס'איז דא א גאנצע וועלט, און מ'האט א ציווי אז מ'דארף האבן קינדער, "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה", ואדרבה - דאס איז די ערשטע מצוה אין די תורה, וואס דאס באווייזט אויך אויף דער חשיבות שבדבר,

ובנוסף לזה האט מען דעם ציווי צו מחנך זיין קינדער - "ושננתם לבניך" און "למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה' לעשות צדקה ומשפט" - דארף מען דאך האבן קינדער צו מקיים זיין דעם ציווי -

דערפאר איז ניטא קיין ענין און קיין הוה אמינא אין ארייננגיין אין חשבונות און טאן פעולות שונות צו מונע זיין פון האבן קינדער וכו' וכו', ווי מ'טוט דאס היינט.

מג. און מ'דארף זיך ניט ארייינלאזן אין חשבונות וואו וועט מען געפינען מזון פאר נאך קינדער וכו' - ווי יעדער איד זאגט און גלויבט אז "ברוך אתה ה' אלקינו מלך העולם הזן את העולם כולו בטובו בחן ובחסד וברחמים",

וואס דאס גלויבט דאך יעדער איד, ווארום היינט איז ניט שייך דער ענין פון "מקטני אמונה" ווי ס'איז געווען בא נח'ן.

און דערפאר דארף מען זיך ניט ארייינמישן אין דעם אויבערשטן'ס חשבונות, וואו ער וועט געפינען מזון פאר נאך קינדער.

בנוגע צו זיך אליין און די קינדער וואס ער האט שוין פון פריער - האט ער ניט קיין ברירה, און וויבאלד אז "אדם לעמל יולד" הארעוועט ער אויף האבן אכילה ושתי'; בנוגע אבער צו אראפברענגען נאך א נשמה אין א גוף - דאס וויל ער ניט!

זאגט מען אים, כאמור, אז דאס איז דעם אויבערשטן'ס חשבון ווי צו שפייזן אלע קינדער אין דער וועלט - און ער דארף מקיים זיין דעם ציווי פון דעם אויבערשטן "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה", און איבערלאזן אלע אנדערע חשבונות פאר דעם אויבערשטן.

מד. ובפרט בזמן זה, וואס מ'וויל דאך האבן די גאולה און וואס שנעלער -

זאגן רז"ל אז "אין בן דוד בא עד שיכלו כל נשמות שב(אוצר הקרוי) גוף".

איז דורך דערויף וואס א פאר-פאלק האבן ניט קיין קינד, און קינדער - האלטן זיי אפ משיח פון קומען ח"ו, און מ'האלט זיך אליין מיט אלע ששים ריבוא מישראל נוסף אויף נשים וטף, אז מ'זאל זיך מאטערן אין גלות! און מ'האלט אויך די שכינתא בגלותא!

וואס מצד דעם ענין ווערט נאכמער נתחזק פארוואס מ'זאל האבן קינדער, און אויפהערן געבן הסברות מיט טעמים וכו', און ארומגיין צוטומלט און זוכן וואס צו טאן.

מה. מ'דארף נאר האבן א בטחון חזק אין דעם אויבערשטן און מקיים זיין זיין ציווי פון "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה".

און דורך דערויף איז מען פארזיכערט אז עס וועט אלץ זיין מתוך שמחה, וואס שמחה איז פורץ גדר, און מתוך עונג,

וואס אע"פ אז אויף עונג שטייט ניט אז דאס איז פורץ גדר - איז אבער ידוע דער סיפור אין גמרא ווי תענוג האט גע'פועל'ט דער ענין פון פריצת גדר, ובהקדם:

הנחה פרטית בלתי מוגה

אין חיי האדם זיינען דא כמה זמנים: ס'איז דא דער זמן הגידול, ווען ער וואקסט, וואס דאס איז בכלל אין ימי הבחרות, דערנאך איז דא דער זמן און גיל העמידה, וואס דעמולט האט ער אויפגעהערט וואקסן, ועאכו"כ אין דעם סיום פון שני העמידה.

אין גידול גופא איז שייך מערער דער ענין הגידול אין בשר ווי אין עצם האדם; און אין דערויף גופא איז שייך מערער גידול אין די ידים ווי אין די רגלים, אדער עכ"פ אין די רגלים ניט מערער ווי אין די ידים.

דערציילט די גמרא (גיטין נו, ב) אז בשעת אספסיינוס האט באקומען א שמועה טובה וואס האט ביי אים ארויסגעבראכט תענוג, האט עס גורם געווען אז דער עצם אין זיין רגל זאל גרעסער ווערן, און אזוי אויך ווען ער האט געהאט צער האט עס גורם געווען פארקערט, אז דער עצם זאל קלענער ווערן, ביז אז ער האט ניט געקענט אנטאן זיין מנעל,

וואס אספסיינוס איז דאך זיכער געווען אין דער סיום פון שני העמידה, ווי פארשטאנדיק דערפון וואס זיין זון טיטוס איז שוין דעמולט געווען אין די שני העמידה, און איז געווען א גאנצער אנפירער פון ארמיי, ווי די גמרא דערציילט דארטן, [אפילו אויב מ'וועט ניט וועלן גלויבן דאס וואס עס שטייט אין זייערע דברי הימים ווי אלט ער איז געווען],

און אעפ"כ האט דער ענין התענוג וואס איז ביי אים געווען נאר לרגע גורם געווען אז זיין עצם, ניט זיין בשר, אין זיין רגל, ניט אין זיין האנט, זאל גרעסער ווערן, ביז אז ער האט ניט געקענט אנטאן זיין מנעל!

וואס מה-דאך אז דאס איז אזוי געווען ביי איינער וואס איז ניט קיין מאמין אין דעם אויבערשטן, איז עאכו"כ אז דאס איז אזוי ביי איינעם וואס איז יע א מאמין אין דעם אויבערשטן, ובפרט ביי א איד, ובפרט אויב דאס איז א תענוג פארבונדן מיט קדושה, ובפרט מיט תומ"צ.

און דערפאר איז דער תענוג ושמחה וואס מ'וועט האבן דורך דערויף וואס מ'וועט מקיים זיין דעם ציווי פון דעם אויבערשטן "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה", פורץ זיין אלע מדוה"ג, און אלע ענינים וואס מ'וועט דארפן האבן וועט דער מאן און אויך זיין פרוי האבן, אדער דער פרוי און אויך איר מאן האבן.

מו. און דערביי דארף מען אויך וויסן, אז אזוי ווי יעדער מצוה טוט אויף א פעולה אין וועלט, לדוגמא - מצות צדקה [וואס איז "שקולה כנגד כל המצוות"]טוט אויף אז עס זאל זיין "החיית נפש העני", עד"ז אויך די מצוה פון פו"ר טוט אויף א פעולה אין וועלט און א פעולה נפלאה:

דורך דעם וואס מ'איז מקיים מצוות פו"ר און מ'האט א קינד איז מען מגלה דער כח הא"ס אין וועלט. און דאס איז די איינציקע וועג צו מגלה זיין כח הא"ס אין וועלט!

און דערנאך בשעת ער איז מחנך דעם קינד (אדער קינדער) כדבעי, וועט דער קינד (ווען ער וועט אויסוואקסן) אויך האבן קינדער און מגלה זיין דער כח הא"ס אין וועלט, ביז אז די בני בנים וועלן אויך האבן קינדער און מגלה זיין דעם כח הא"ס אין וועלט, און אזוי עד סוף כל הדורות!

וואס דערפון קומט אויס אז דורך דערויף וואס ער איז מקיים איינמאל די מצוה אחת פון פו"ר, קומט דערפון ארויס מצוות עד סוף כל הדורות!

מז. פון כל הנ"ל איז פארשטאנדיק דער זכות גדול און גילוי גדול און חיוב גדול

אויף כאו"א צו מקיים זיין דער ציווי פון דעם אויבערשטן "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה".

און הגם אז נח האט געהאט א טענה פארוואס ניט צו מקיים זיין דער מצוה - איז אבער פון דארטן גאר א הוראה - ווארום דער אויבערשטער האט גלייך באווארנט נח'ן מיט נאך צוויי מאל איבער'חזר'ן דעם ציווי "פרו ורבו ומלאו את הארץ", אז ער (נח) איז ניט גערעכט מיט זיין טענה און חשבון, נאר ער דארף מקיים זיין דעם ציווי פון "פרו ורבו גו'".

און כאמור, דורך דערויף טוט מען א טובה פאר זיך, און מ'איז אויך פארזיכערט אז מ'וועט האבן אלע ענינים וואס מ'דארף האבן, און מ'וועט האבן א סאך נחת, ניט נאר וואס מ'טוט דורך דערויף א טובה דעם אויבערשטן און דער אויבערשטער האט דערפון נחת - "נייחא לעליונים" - נאר מ'האט אויך דער צווייטער "נח" - "נייחא לתחתונים", מנוחה און נחת אויך בגשמיות פאר זיך אליין.

מח. ואין כאן המקום להאריך בדבר מובן ופשוט - מ'דארף נאר נאכאמאל מעורר זיין וועגן דעם מצד דער גודל הענין בזה.

ובפרט איצטער וואס מ'דארף האבן די גאולה, אז "בן דוד" זאל קומען, דארף מען אויפטאן וואס שנעלער אז עס זאל זיין "יכלו כל הנשמות שבגוף".

און ווי די קינדער רופן און בעטן אז מ'וויל האבן משיח "נאו" (איצטער) און מ'וויל ניט ווארטן - איז טוט אייערע קינדער א טובה און ברענגט משיח צדקנו דורך דעם וואס "יכלו כל הנשמות שבגוף"!!!

און מ'טוט אין דעם בשמחה וטוב לבב, ומתוך טהרת המשפחה און אויך אין די אנדערע מבצעים, און דער עיקר - מ'האט בטחון אין דעם אויבערשטן אז אלס וועט זיין גוט, און כאמור לעיל, מ'האט דעקונג (ווי מ'זאגט במדינה זו) פון דעם אויבערשטן אויף דעם.

און דורך דערויף טוט מען אויף אז מ'גייט בקרוב ממש מקבל זיין פני משיח צדקנו, און זיי - די קינדער - גייען בראש, "הם הכירהו תחלה",

"בבנינו בבנותינו בנערינו ובזקנינו", "קהל גדול ישובו הנה".

צוה להילדים לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

* * *

מט. שנה זו איז א שנת הקהל, ווי שוין גערעדט כמ"פ.

וואס דער ענין פון הקהל איז פארבונדן מיט שמחה - ווארום דעמולט פלעגן זיך דאך אלע אידן, "האנשים והנשים והטף", קומען צוזאמען, האט מען דאך דעמולט געזעען אידן וואס מ'האט שוין ניט געזען א זמן רב, אדער אפילו א זמן קצר, אבער ביחס צו די אהבה צווישן די צוויי (אדער מערער) אידן, איז דאס אזוי ווי א זמן רב וויבאלד אז אויך דעמולט האבן זיי געדארפט זיין צוזאמען - האט דער הקהל גע'פועל'ט אן ענין פון שמחה.

ובפרט אז הקהל איז געווען בזמן פון חג הסוכות, זמן שמחתנו, האט דאס גע'פועל'ט נאכמער שמחה.

ובפרט אז אין מקום איז מען דעמולט געווען אין ביהמ"ק, וואס אויף אים שטייט "וביום שמחת לבו זה בנין ביהמ"ק".

ובפרט אז דעמולט הערט מען אויך קריאת התורה פון דעם מלך, "מלך ביפיו תחזינה עיניך", און זיין מצב איז "עוז וחדוה במקומו".

און אויך דער ענין פון קריאת התורה איז פארבונדן מיט שמחה - ווארום "פקודי ה' ישרים משמחי לב".

וואס מכל זה איז מובן דער גודל השמחה וואס איז געווען בא הקהל בזמן שביהמ"ק הי' קיים.

דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע ווי דאס דארף זיין ברוחניות הענינים אויך איצטער, ובפרט אז מ'האלט איצטער נאך דער זמן בפועל ווען ס'איז געווען הקהל אין ביהמ"ק (בזמן שמחתנו), וואס "הימים האלו נזכרים ונעשים".

נ. מ'זעט דאך אבער אז העולם מתנמנם, ובפרט פון דעם "מים רבים", פון דאגות הפרנסה און פון דער הו-הא פון וועלט - דארף מען פרואוון (האט מען געפרואווט?) כמה דרכים ווי דאס צו מבטל זיין - וועט מען איצטער פרואוון נאך א וועג וואס דאס איז בדוק ומנוסה אז עס העלפט, ולמרבה הפלא אז ביז איצטער האט מען עס ניט געפרואווט:

ס'איז דאך א דבר הפשוט אז עס דארף זיין "עבדו את ה' בשמחה" אין אלע עניני תורה ומצוות, און אזוי דארף אויך זיין אין "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און אין "בכל דרכיך דעהו", ווארום אויך דאס איז אן עבודה, ווי דער דין איז אין שו"ע,

ד.ה. אז די שמחה דארף זיין באכילתו ובשתייתו ובשינתו און אין אלץ וואס ער טוט במשך היום, וואס אלע די ענינים דארפן געטאן ווערן אין אן אופן פון "לשם שמים" און "דעהו", ובמילא דארפן זיי זיין דורכגענומען מיט שמחה.

וואס דאס איז די הצעה אז מ'זאל טאן אלע ענינים מיט וועלכע מ'האט נאר צוטאן, עניני תומ"צ כפשוט, אבער אויך עניני רשות, אכילה ושתי' ושינה וכו', מתוך שמחה.

נא. און ווי זאל מען פועל זיין די שמחה - איז ראך "פקודי ה' ישרים משמחי לב" - דערפאר איז מיין הצעה:

אז יעדערער און יעדערע זאל אננעמען אויף זיך, בלי נדר, מוסיף זיין בכל יום לערנען נאך אן אות אחת אדער פסוק אחד אדער ענין אחד אין תורה,

וואס דאס וועט פועל'ן אן ענין פון שמחה, ווארום תורה איז דאך "פקודי ה' ישרים משמחי לב".

און אזוי מוסיף זיין בכל יום (פון ימות השבוע) אין מצות צדקה, פשוט מוסיף זיין אין געבן צדקה, וואס אויך דאס פועל'ט שמחה.

נב. און ביום השבת וואס דעמולט קען מען ניט געבן צדקה כפשוטו - איז אבער דא דער ענין פון הכנסת אורחים.

פונדעסטוועגן איז אויך הכנסת אורחים בשבת ניט אלעמאל מצוי, ונוסף לזה דאס איז ניט אלעמאל גורם שמחה,

ווימ'זעט עס בפועל איצטער: אויב הכנסת אורחים וואלט אזוי גע'פועל'ט אן ענין פון שמחה, און די אידן וואס לעבן אין קראון הייטס אין ברוקלין, אין ניו-יורק, וואלטן אריינגענומען די אלע אורחים - וואלט מען ניט געדארפט אנקומען אז א איד זאל זיך מטלטל זיין און קומען פון ארץ ישראל אויף טאן מיט די אורחים דא!



הנחה פרטית בלתי מוגה

מ'רעדט ניט לגריעותא פון די תושבים דא - נאר לשבח פון דעם איד, וואס "מקצת שבחו אומרים בפניו" - אז ער קומט אהערצו פון מקומו אין א"י, איז זיך מטלטל באכמער, אדער עכ"פ ניט ווייניקער ווי די אנדערע אורחים, בכדי אז די אורחים זאלן האבן אלע זייערע הצטרכיות.

זעט מען דערפון אז הכנסת אורחים איז ניט אלעמאל גורם דער ענין השמחה.

ובפרט אז ווען זיין ווייב וועט הערן אז ער (דער מאן) וויל ברענגען אורחים בכל שבת ושבת במשך השנה, און דערנאך במשך כל השנים, בכדי צו מוסיף זיין אין שמחה - קען דאס אנרירן ענינים בדקות דדקות, וואס אויך בדקות דדקות דארף עס ניט אנרירן.

דערפאר איז די הצעה, אז בכדי האבן דער ענין פון צדקה אויך ביום השבת - זאל מען ערב שבת, ביום הששי, געבן "לחם משנה", צדקה פאר יום הששי און אויך צדקה פאר יום השבת, ובפשטות - געבן ביום ערב שבת צוויי מאל (אזויפיל) צדקה ווי אין שאר הימים.

נג. און די כוונה איז אז מ'זאל די הצעה ניט האלטן א סוד, נאר מ'זאל דאס מפרסם זיין, אין אן אופן פון "אל ייבוש מפני המלעיגים", וואס די מלעיגים וועלן פרעגן:

וואס איז דא דער טומל און מה רעש אז מ'וועט מוסיף זיין לערנען נאך אן ענין אין תורה?!

זאל מען בעסער גיין מאכן א דאלער, און קלייבן געלט אויף מוסדות התורה, און אסאך געלט - אבער פארוואס זאל ער זיין א בטלן און זיך זעצן לערנען תורה!

אזוי בנוגע צו די הוספה אין צדקה בכל יום:

וואס דארף ער מוסיף זיין אין געבן צדקה בכל יום ויום - ער וועט געבן איין מאל א ריבוי צדקה, און מ'זאל אים זאגן אז אין דעם טאג זאל ער זיין בשמחה גדולה אויף כל ימות השנה, און זיך דערנאך לייגן שלאפן?!

זאגט מען אים, אז עס דארף זיין "בכל יומא ויומא עביד עבידתא", במילא דארף ער געבן צדקה בכל יום.

אויב ער וויל געבן איין מאל אסאך צדקה - איז דאס א גוטע זאך; אבער דאס איז בנוסף לזה וואס ער דארף געבן צדקה בכל יום ויום, און דורך דערויף מוסיף זיין בשמחה בכל יום ויום.

און דא איז ניט נוגע די כמות פון לימוד התורה אדער פון נתינת הצדקה בכל יום - ווארום דער עיקר וואס איז דא נוגע איז דער ענין השמחה בכל יום ויום.

נד. און אפילו אויב מ'טוט עס שלא לשמה, מיט די כוונה צו דורך דערויף ברענגען משיח'ן - איז הלואי אויף יעדן אידן בכל מקום געזאגט געווארן אזא שלא לשמה!

ובפרט אז משיח וועט דאך מגלה זיין דער יחידה אין יעדער זאך, דער יחידה אין נפש האדם, ועאכו"כ אין רוח שלו, ועאכו"כ אין נשמה שלו, ועאכו"כ אין חי' ויחידה שלו -

וועט דעמולט אויך נתגלה ווערן דער "לשמה" וואס איז דא "בתוך" דער "שלא לשמה", "לעולם ילמוד אדם שלא לשמה שמתוך שלא לשמה בא לשמה".

נה. דא איז אבער ניט נוגע די הסברה שבזה בעמקות ברוחב ובאריכות - נאר דער פועל ממש -

אז מ'זאל מפרסם זיין אז כאו"א זאל מוסיף זיין בכל יום אין לימוד התורה, און אין נתינת הצדקה מתוך שמחה.

און דאס איז נוגע ניט נאר צו "האנשים והנשים", נאר אויך צו טף, ואדרבה - בא זיי לייגט זיך דאס גאר בפשטות, ווארום קינדער ווייסן ניט פון קיינע קונצן, און בשעת מ'זאגט זיי אז מ'דארף זיין בשמחה זיינען זיי בפשטות בשמחה.

נו. אויף יעדער זאך וויל מען דאך וויסן וואו איז דא דער מקור אויף דערויף אין נגלה צי אין חסידות - אזוי אויך בנוגע צו דער ענין אין מוסיף זיין בשמחה בא אידן, וויל מען וויסן וואו איז דא דער מקור אויף דערויף:

זאגט די גמרא (תענית כב, א) אז עס זיינען געווען צוויי "אינשי בדוחי", "שמחים ומשמחים בני אדם" (רש"י ד"ה בדוחי שם), און דערפאר זיינען זיי "בני עלמא דאתי נינהו", זיי האבן א חלק לעוה"ב.

וואס די גמרא זאגט ניט אז מצד דערויף וואס זיי האבן געהאט עפעס פאר א יחוס, אדער מצד זייער לומדות וכיו"ב, דערפאר האבן זיי זוכה געווען צו עוה"ב - נאר מערניט דערפאר וואס זיי זיינען געווען "שמחים ומשמחים את האדם"!

אזוי ווי אלע ענינים אין תורה, איז אויך דער ענין - א הוראה לכאו"א.

ובפרט אז די גמרא דערציילט עס ניט אלס א הוראה, נאר די גמרא דערציילט א מעשה וואס איז געטראפן בפועל, וואס "מעשה רב".

ובפרט לויט תורת הבעש"ט אין דער גמרא, ווי געדרוקט בכ"מ אין כתר שם טוב (סנ"ח. סער"ב. סשע"ה).

וואס מכ"ז איז מובן אז דאס איז זיכער א הוראה לכאו"א מישראל, ביז צו אידן וואס געפינען זיך אין ברוקלין שנמצא בעיר ניו-יורק אין חו"ל אין שנת ה'תשמ"א, און אזוי אויך אין ארץ הקודש, ובמקומות דומות לזה.

נז. ויה"ר אז די הצעה זאל נתקבל ווערן בא יעדער איינעם, און יעדער איינער זאל פועל זיין אז די הצעה זאל אנקומען און נתקבל ווערן בא אנדערע אידן,

און ס'איז א זיכערע זאך אז זי וועט נתקבל ווערן, וויבאלד אז זי איז אנגענומען געווארן אין א מעמד פון עשרה מישראל, און אין א "בית גדולי" שמגדלין בו תורה, ומגדלין בו תפלה,

און דער עיקר - אז עס זאל זיין מתוך שמחה, ביז אז עס וועט זיין "ושמחת עולם על ראשם" נאך אין זמן הגלות,

ביז צו "ושמחת עולם על ראשם" כפשוטו הביאת משיח צדקנו, וואס יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

נח. דער ביאור אין דער זהר פון פרשתנו אויף "לה' הארץ ומלואה וגו'":

דער זהר איז מפרש דעם פסוק "לה' הארץ ומלואה", אז "האי קרא על ארעא דישראל אתמר דאיהי ארעא קדישא" (ווי דערמאנט פריער),

און דאס וואס ער איז דערנאך ממשיך אין דעם קאפיטל תהלים - "כי הוא על ימים יסדה ועל נהרות יכוננה", גייט אויף די ז' ימים און די ד' נהרות אין און

לעבן ארץ ישראל, וואס א חלק פון די ימים ונהרות מאכן אויף די גבולות פון ארץ ישראל - דער ים הגדול, דער ירדן, און ים כנרת (ים טבריא).

ד.ה. אז "לה' הארץ ומלואה גו' כי על ימים יסדה ועל נהרות יכוננה" באווייזט אויף ארץ ישראל לגבולותי' - שלימות הארץ.

און מ'זאגט אז דאס ("הארץ ומלואה" גאנץ א"י לגבולותי') איז "לה'", געהערט צו דעם אויבערשטן, ביז אין אן אופן פון "ומלואה", ווי ער טייטשט דערנאך אין זהר אז "ומלואה דא שכינתא כד"א כי מלא כבוד ה' את בית ה' וכתיב וכבוד ה' מלא את המשכן, מאי מלא ולא מילא, אלא מלא ודאי דאתמליא מכולא", ד.ה. אז דער אויבערשטער פילט אן ארץ ישראל ("ומלואה") ניט ווי א דבר שני איז ממלא א זאך, נאר ער אליין ווערט איין זאך מיט דעם.

און דערנאך גיט צו דער זהר אין די הוספות (זח"א רסו, א), וואס זיינען שייך דא, (ווי אנגעצייכנט אין זהר) נאך א פירוש אין דעם פסוק "על ימים יסדה ועל נהרות יכוננה": "על ימים יסדה אלין חכימין דישראל רברביא דיסדן אורייתא וחכמתא דאתקריאת הים הגדול כו', ועל נהרות אלין תלמידים דאינון רברבין מן נהרא כו'" (כמובן אויך בפשטות אז אזוי ווי נהרות קומען פון ים, אזוי אויך קומען תלמידים פון זייערע רביים).

וואס דער פירוש איז אויך פארבונדן מיטן ערשטן פירוש, אז דער פסוק גייט אויף ארץ ישראל לגבולותי' כפשוטו - ווארום די הנהגה אין ארץ ישראל בכל פרטי' דארף זיין ע"פ תורה, ווי די תלמידי חכמים ווייזן אן - דער ענין פון שלימות התורה.

נט. דערמיט ווען מען פארשטיין דעם קשר פון דעם מאמר אין זהר מיט פ' נח, דלכאורה איז ניט פארשטאנדיק דער קשר ביניהם.

עס זיינען דא מפרשים וואס ווילן זאגן אז דער מאמר פון ר' יהודה, קריגט אויף דער מאמר פאר דערויף פון רשב"י, און דערפאר האט מען דאס אריינגעשטעלט דא אין פ' נח - אבער לפענ"ד איז דאס א דוחק, און מ'דארף דערצו ניט אנקומען, ווארום בסיום פון דעם מאמר (פון ר' יהודה) שטייט, אז "בשעתא דאסגיאו זכאין בעלמא כדין ארעא דא עבדת פירין ואתמליא מכולא, ובשעתא דאסגיאו חייבין בעלמא" איז דעמולט ווערט חרוב דער עולם, וואס דאס איז געווען דער מעמד ומצב באם מבול, ווי ער איז דערנאך ממשיך, וואס ווען דער מבול רעדט זיך אין פ' נח.

דאס איז אבער אויך ניט קיין ביאור מספיק, ווארום דאס איז נאר א שייכות פון סיום המאמר צו פ' נח, אבער ניט קיין קשר פון דער עיקר המאמר, וואס דאס איז דער פירוש אין פסוק "לה' הארץ ומלואה וגו'" מיט פ' נח.

ס. איז דער ביאור בזה:

די גמרא (קיג, א) זאגט (לויט איין דעה) אז אין ארץ ישראל איז לא ירד המבול, ווי עס שטייט (יחזקאל כב, כד) "ארץ לא מטוהרה היא ולא גושמה ביום זעם".

וואס אין דערויף זעט מען בגלוי ווי ס'איז "לה' הארץ ומלואה", אז ארץ ישראל ("הארץ") געהערט בגלוי צו דעם אויבערשטן און דער אויבערשטער פילט איר אן אינגאנצן - ווארום ווען עס האט געדארפט זיין א מבול אין דער גאנצער וועלט [אדער מצד אן עונש אדער מצד טהרה], איז בנוגע צו ארץ ישראל האט דער אויבערשטער מקדים געווען רפואה למכה און דארטן איז לא ירד המבול.

און דער אויפטו דא איז געווען אז דער "לה' הארץ ומלואה" האט מען געזען בגלוי אין ארץ ישראל בשעת'ן מבול, נאך פאר דערויף וואס דער אויבערשטער האט אפילו בוחר געווען אין ארץ ישראל מבין כל הארצות,

וכידוע אז בחירת הקב"ה אין ארץ ישראל איז געווען אדער בימי אברהם, אדער בימי יהושע, אבער ניט בימי נח, ועאכו"כ ניט בזמן המבול -

און אעפ"כ איז לא ירד המבול אין ארץ ישראל, ווייבאלד אז שוין דעמולט האט דער אויבערשטער מקדים געווען רפואה למכה, אז אין ארץ ישראל (דער מקום וואס ער וועט שפעטער בוחר זיין) זאל ניט זיין שייך קיין מבול, וואס דאס באווייזט אז "לה' הארץ ומלואה".

סא. דערפון איז פארשטאנדיק אז עאכו"כ נאך מ"ת, וואס דעמולט האט דער אויבערשטער בוחר געווען אין אידן וואס צוליב זיי האט ער בוחר געווען אין ארץ ישראל, ווי עס שטייט אין מדרש (תנחומא ראה ח. וראה במדב"ר פכ"ג, ז (בסופו)) "בחר בארץ ישראל כו' ובחר לחלקו ישראל כו' אמר הקב"ה יבואו ישראל שבאו לחלקי וינחלו את הארץ שבאה לחלקי" - איז דעמולט זיכער געווען "לה' הארץ ומלואה".

וואס דאס זיינען די צוויי שלימות'ן פון שלימות הארץ און שלימות העם.

און ווייבאלד אז ס'איז געווען נאך מ"ת, איז דאס זיכער אויך פארבונדן מיט דער ענין פון תורה, וואס דאס זיינען די תלמידי חכמים און זייערע תלמידים, וואס צו זיי דארף מען זיך צוהערן ווי מ'דארף זיך פירן ע"פ תורה אין ארץ ישראל,

און צוהערן זיך ניט נאר צו די ת"ח אליין, נאר אויך צו זייערע תלמידים, ווארום אויך דער תלמיד איז א "תלמיד ותיק" וואס "מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש ניתן למשה מסיני", "מסיני" וואס איז "מכיך מכל טוריא", ביז צו דעם אויבערשטן אליין,

ד.ה. אז ער (דער תלמיד ותיק וואס זאגט זיין דעה ע"פ תורה וועגן ארץ ישראל) איז פארבונדן מיט דער שלימות פון דעם אויבערשטן אליין, "לה' הארץ", וואס דער אויבערשטער האט געמאכט אז זיין שלימות זאל זיין פארבונדן מיט דער שלימות פון תורה און שלימות פון אידן און שלימות פון ארץ, "לה' הארץ", ביז אין אן אופן פון "ומלואה", "מלא" ניט "מילא", אז ער איז ממלא די גאנצע זאך ניט ווי א צווייטע זאך נאר ווי ער איז איין זאך מיט דעם.

סב. בנוגע לפועל:

ס'איז א זיכערע זאך אז עס וועט זיין "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל", און עס וועט זיין (בנוגע צו אלע ענינים פון?) ארץ ישראל לגבולותי'.

אזוי אויך אין חוץ לארץ, איז דאך ידוע דער ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (בשם אביו), אז ניט מיט אונזער רצון זיינען מיר געגאנגען אין גלות, נאר מיטן רצון פון דעם אויבערשטן, און ניט מיט אונזער רצון וועלן מיר ארויס פון גלות, נאר מיטן רצון פון דעם אויבערשטן, און ס'איז תלוי מערניט ווי אין אים אליין -

זאל דער אויבערשטער אונז שוין ארויסנעמען פון גלות, און ברענגען די גאולה האמיתית והשלימה,

און עס זאל אויך זיין שלימות התורה, און שלימות העם און גיין אין שלימות הארץ, און דארטן מקריב זיין שלימות הפירות, "ראשית עריסותיכם" "ושם נקריב לפניך כמצות רצוניך" אין דעם "מקדש אד' כוננו ידיך",

בביאת משיח צדקנו, והוא יוליכנו קוממיות לשלימות ארצנו, ולמטה מעשרה טפחים ובעגלא דידן.

* * *

סג. דער ביאור אין דעם פארוואס רש"י באווארנט ניט (דער ענין וואס ווערט נתבאר אין חסידות) ווי האבן די אלע חיות אין תיבה געלעבט צוזאמען און זיך איינער דעם צווייטן ניט גע'מזיק'ט.

וואס בנוגע צו דער אופן ווי די חיות ובהמות זיינען געקומען צו דער תיבה, איז פארשטאנדיק אז זיי האבן זיך איינער דעם צווייטן ניט גע'מזיק'ט - ווארום, ווי געהערדט פריער, "מאליהם באו" ע"פ ציווי ה', האבן זיי זיכער ניט געטאן היפך פון ציווי ה', וואס דער אויבערשטער האט געוואלט אז זיי זאלן בלייבן בקיום.

נוסף לזה קען מען זאגן נאך א טעם בפשטות (פארוואס זיי האבן זיך ניט גע'מזיק'ט בשעת'ן קומען צום תיבה):

דער טבע פון חיות און בהמות, אויך בזמן הזה, איז - אז ווען ס'איז דא א סכנה, א שריפה וכיו"ב, לויפן זיי אלע אין איין וועג און זיי זיינען זיך איינער דעם צווייטן ניט מזיק.

ועד"ז איז געווען פארן מבול, אז וויבאלד ס'איז געווען א סכנה פאר זיי, זיינען זיי אלע געלאפן אין איין וועג און זיך איינעם דעם צווייטן ניט גע'מזיק'ט.

אבער ס'איז לאו דוקא אז דער בן חמש למקרא ווייס דער טבע פון חיות, ווארום ער ווייס ניט וועגן חיות וטבעם; ער ווייס מערניט וועגן אן ארי' און אז ער איז דורס, און וועג צאן, "שה פזורה ישראל", אבער ניט וועגן שאר החיות וטבעם -

וואס דאס איז אלץ בנוגע זייער קומען צום תיבה; דער ביאור אין דעם פארוואס זיי האבן זיך איינער דעם צווייטן ניט גע'מזיק'ט אין דער תיבה עצמה במשך א יאר צייט:

אין דעם ציווי אויף עשית התיבה שטייט (פרשתנו ו, יד) "קנים תעשה את התיבה".

וואס דער טייטש בפשטות פון "קנים" איז - נעסטן, וואס א נעסט איז א דבר חלש, ווי מ'זעט ביי א נעסט פון עופות, אז דאס נוצט דער עוף אויף אריינגייין און ארויסגיין פון דעם נעסט, אדער דאס איז צוליב די אפרוחים - אבער דערנאך ווען זיי וואקסן אויס דארף מען ניט האבן דעם נעסט.

טייטשט אבער רש"י, אז "קנים" מיינט: "מדורים מדורים לכל בהמה וחי'".

וואס "מדורה" מיינט ניט נאר א חדר, נאר דאס איז מלשון "דירה", [ווי דער בן חמש למקרא פארשטייט פון זיך אליין, כמדובר כמ"פ אז דאס לערנט רש"י מיט א בן חמש למקרא וואס פארשטייט לשון קודש],

ד.ה. אז נח האט געמאכט א גאנצער דירה "לכל בהמה וחי'", וואס א בן חמש למקרא פארשטייט וואס א דירה איז, אז דאס האט אויף זיך אן אייזערנעם בריח מיט אן אייזערנעם שלאס וואס האט צו זיך א שליסעל, און די ווענט פון דער דירה זיינען געמאכט פון שטארקע האלץ,

און ער פארשטייט אויך בפשטות אז דער שליסעל צו די מדורות האט נח געהאלטן, און בכדי צו באווארענען אז די חיות ובהמות זאלן זיך איינער דעם צווייטן ניט מזיק'ן, האט ער פארמאכט די טירן פון די מדורות, און במילא איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט אז די חיות ובהמות זאלן זיך איינער דעם צווייטן מזיק'ן.

און דאס אלץ דארף רש"י ניט מפרש זיין, וויבאלד אז דער בן חמש למקרא פארשטייט די אלע פרטים פון זיך אליין

סה. לפי זה איז אבער ניט פארשטאנדיק וואס איז דער הכרח אין חסידות אז

די הנהגה אין תיבה איז געווען מעין ודוגמת לע"ל, וואס דעמולט איז "לא ירעו ולא ישחיתו" - בשעת מ'זאגט אז דאס וואס די חיות ובהמות האבן זיך איינער דעם צווייטן ניט גע'מזיק'ט איז מצד דעם וואס נח האט געמאכט "מדורים מדורים לכל בהמה וחי'"?!

איז דער ביאור בזה:

דער גאנצער מעמד ומצב אין תיבה איז געווען בלתי טבעי: ס'איז ניט ע"פ טבע אז א מספר מועט פון מענטשן זאלן אנפירן מיט אלע בהמות וחיות כו' פון דער וועלט אין אזא קליינער שטח ווי דער תיבה במשך א גאנצער יאר צייט.

און ווי מ'זעט עס היינט אין א "זו" (גן חיות), אז אפילו האלטן כמה חיות (ניט אלע חיות פון דער וועלט) אין א שטח גדול און א סך מענטשן וואס טוען דאס - איז אויך ניט קיין גרינגע זאך.

סו. אע"פ וואס הנ"ל איז א סיפור אין תורה וועגן ווי נח האט געבויט דער תיבה - איז אבער מובן בפשטות אז דערפון איז אויך דא א הוראה אין עבודת כאו"א:

בשעת מ'האט מציל געווען די בהמות וחיות פון דעם מבול, און נאר מציל געווען צוויי פון יעדער בהמה וחי' - איז דאס לכאורה גענוג, און די בהמות וחיות זיינען ניצל געווארן דארפן שוין זיין בשמחה פון דעם אליין -

זאגט אבער דער אויבערשטער צו נח אז דאס איז ניט גענוג, מ'דארף אויך מאכן "מדורים מדורים לכל בהמה וחי'": מ'דארף ניט נאר מאכן א "קיידש" פאר יעדער בהמה וחי', אדער קאם אן ארט וואו זיי זאלן זיך דרייען - נאר א מדורה, א גאנצער דירה מיט אלע פרטים פארבונדן דערמיט.

סז. וואס מה-דאך אז דאס איז אזוי געווען בנוגע צו חיות, איז דאך עאכו"כ אז דאס דארף אזוי זיין בא דעם סוג המדבר, ובפרט בא אידן:

"ואהבת לרעך כמוך" דארף זיין בנוגע צו יעדן אידן ווער עס זאל נאר זיין, אפילו אויב מ'זעט ניט אן בגלוי די מעלות פון דעם אידן, ווארום אדרבה, "מי יודע גדולתן ומעלתן בשרשן ומקורן באלקי' חיים" (תניא פל"ב),

און יעדער איד אפילו פון די נידעריקסטע דרגות צווישן אידן, איז "מלאים מצוות כרימון", ועאכו"כ אויב ער שטייט נאך אין א העכערע דרגא, און ס'איז דא דער משנה מפורשת [וואס אין משנה איז ניט שייך מאכן א טעות], אז "כל ישראל יש להם חלק לעוה"ב".

און דער "ואהבת לרעך כמוך" דארף זיין ביז אין אן אופן אז אפילו אויב איין איד איז מציל א צווייטן אידן פון א "מבול", וואס דאס איז דאך א דבר גדול במאד, קען ער דאך מיינען אז ער דארף מער גארניט טאן -

זאגט מען אים אז ער דארף דערנאך מאכן א "מדורה" פאר אים און געבן אים אלץ וואס ער דארף האבן!

איי ער דארף הארעווען אויף דערויף 120 יאר (ווי נח האט געטאן אין תיבה) - זאגט אים דער אויבערשטער - נו!

[ס'איז דא א לשון הרגיל ביי אן אדם, וואס ער איז "אדמה לעליון" צו זאגן - נו!]

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

און דער אויבערשטער גיט אים אריכות ימים און אלץ וואס ער דארף האבן, בריאות נכונה וכו', בכדי קענען דורכפירן דער שליחות.

און דורך דערויף וואס מ'פירט זיך ווי נח האט זיך געפירט אין תיבה, איז מען מכין צו לע"ל (וואס אין די תיבה איז געווען מעין ודוגמת זה), צו ביאת משיח צדקנו,

און בקרוב ממש, ווי מ'זאגט "ווי וואנט" משיח איצטער,

וואס דעמולט וועט זיין "ומלאה הארץ דעה את הוי' כמים לים מכסים".

סח. און דערפון קומט מען דערנאך צו פ' לך לך: "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך" (לך יב, א) - אז מ'דארף אוועקגיין פון די אייגענע מדות און רצון און רגילות, וואס הגם אז "הרגל נעשה טבע" איז ע"פ תורה - פונדעסטוועגן דארף ער זיך ברעכן,

און גיין "אל הארץ אשר אראך", און דארטן וועט זיין "ואעשך לגוי גדול ואברכך ואגדלה שמך" (שם, ב),

ביז צו "קום התהלך בארץ לארכה ולרחבה גו'" (שם יג, יז), וואס דאס איז דאך א קנין פון ארץ ישראל עד סוף כל הדורות, ווי די גמרא זאגט אין בבא בתרא.

ביז אז פון דעם גלות וועט זיין "והי' כי תבוא אל הארץ" אויף מקיים זיין מצות ביכורים.

ובפשטות:

אז מ'וועט קומען אין "ארץ טובה ורחבה", "ארץ חטה ושעורה וגפן ותאנה ורימון ארץ זית שמן ודבש" (עקב ח, ח),

ע"י משיח צדקנו וואס יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, בעגלא דידן, ובקרוב ממש.

* * *

סט. עס שטייט אין ספרים אז ביום טוב זאגט מען "אתה בחרתנו", וויבאלד אז יו"ט איז פארבונדן מיט מ"ת וואס דעמולט איז געווען "ובנו בחרת";

משא"כ שבת ראש חודש זאגט מען "אתה יצרת", וויבאלד אז סיי שבת איז פארבונדן מיט די בריאה וואס איז געווען פאר מ"ת, און סיי ראש חודש איז געווען פאר מ"ת נאך אין מצרים.

דער סיום אבער פון "אתה בחרתנו" און "אתה יצרת" איז בשוה; וואס אע"פ אז די התחלה פון די ביידע זיינען אנדערש ("אתה בחרתנו", "אתה יצרת") - איז אבער דער סיום זייערע איז בשוה.

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם ניגון פון "אתה בחרתנו", אז דאס קען מען זינגען מיט די ווערטער "אתה יצרת".

זאל מען איצטער זינגען דעם ניגון מיט די אותיות פון "אתה יצרת", און דורך דערויף אויפטאן דער ענין אז "אתה בחרתנו" פועל'ט למפרע אין "אתה יצרת".

און מ'זאל בקרוב ממש קומען צו דער צייט ווען עס וועט זיין "והי' מדי חודש

בחדשו ומדי שבת בשבתו יבוא כל בשר להשתחוות לפני אמר ה'" (ישעי' סו, כג), און ווי עס שטייט אין ילקוט אז לע"ל וועט מען עולה לרגל זיין בכל ר"ח, און אויך בכל שבת,

בביאת משיח צדקנו במהרה בימינו ממש.

[אח"כ אמר: זאל מען ארייַנקוקן אין סידור און זען ווי דארטן שטייט].

* * *

ניגנו הניגון ד"אתה בחרתנו" עם התיבות "אתה יצרת".

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, ווען זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

נתן המזונות להר' מ.י. שי' עבור ה"אשי"ל".

התחיל (עוה"פ) לנגן ניעט ניקאווא.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "אך צדיקים".

* * *

ב"ה. ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א להת' השלוחים שי' הנוסעים לישיבה גדולה ד"מיאמי",

- יום א' פ' לך לך, ב' מר-חשון ה'תשמ"א. 

איר זאלט פארן געזונטערהייט, און מצליח זיין אין לימוד הנגלה והחסידות, אין עבודת התפלה, אין קיום המצות בהידור און אין הפצת היהדות ועמיינות, ובשמחה ובטוב לבב.

[נתן לכאו"א מהשלוחים שיחיו: לקו"ש פ' נח ש.ז. ודולר. אח"כ אמר:]

פארן געזונטערהייט און האבן א שנה של שמחת תורה, א שנה של תורה און א שנה של שמחה.

בשורות טובות.

* * *

הנחה פרטית בלתי מוגה

א. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט שבת פרשת לך לך, וואס בשבת זיינען עולה די שבעת ימי השבוע.

מער דיוק אין דעם לשון (שבעת ימי השבוע, ובלשון הידוע "שבעת ימי הבנין") איז: אז בשבת זיינען עולה ניט נאר די ששת ימי החול, נאר אלע שבעת ימי השבוע, כולל אויך דער יום השביעי.

והביאור בזה: אין שבת זיינען דא צוויי ענינים:

א) ווי ער איז איינער פון די ימי השבוע - שבעת ימי ההיקף.

ב) דער עיקר ענין פון שבת איז - וואס ער איז "למעלה מבחי' זמן", וואס ווערט ניט נכלל אין דעם היקף (הזמן) פון די ימי השבוע.

ווי ס'איז מבואר אין חסידות דער טעם אויף דעם וואס בכל יום ראשון בשבוע זאגט מען "היום יום ראשון" (אע"פ אז "כבר עברו רבבות ימים משי"ב עד עתה"), ווייל שבת איז "למעלה מבחי' זמן", און נאך שבת הויבט זיך אן (נאכאמאל) דער זמן פון-דאס-ניי, און דעריבער איז יעדער זונטיק (ניט נאר דער יום הראשון פון דער וואך, נאר) יום ראשון ממש.

[און דאס איז אן ענין וואס ווערט געזאגט דורך יעדן איינעם בתפלתו, אויך דורך אן איש פשוט, וואס הגם אז דער איש פשוט מיינט, אז "יום ראשון בשבת" מיינט דער ערשטער טאג אין דער וואך - איז אבער דער פירוש הפנימי בזה, אז דאס איז "יום ראשון" ממש, וכנ"ל].

און יעדער שבת זיינען עולה אלע שבעת ימי השבוע (כולל אויך דער יום השביעי) אין דער דרגא פון למעלה מהזמן - עיקר הענין פון שבת.

און דער ענין איז מודגש במיוחד אין שבת פרשת לך לך, (כדלקמן ס"ז ואילך).

ב. פירוש הנ"ל אין "היום יום ראשון" - אז יעדער זונטיק איז ניט נאר דער "יום הראשון בשבת" (דער ערשטער טאג פון וואך), נאר "ממש יום ראשון, כמו יום א' של ששת ימי בראשית" - איז מרומז (ווי יעדער ענין פון פנימיות התורה) אויך אין נגלה:

דער שיר וואס די לויים האבן געזאגט במקדש יעדער טאג פון די שבעת ימי השבוע, איז געווען על שם פון דעם ענין וואס איז געווען אין דעם טאג בשבעת ימי בראשית:

ביום הראשון בשבוע האבן זיי געזאגט דעם מזמור "לה' הארץ ומלואה" מצד דערויף וואס אין דעם ערשטן טאג פון שבעת ימי בראשית האט דער אויבערשטער באשאפן די וועלט אין אזא אופן אז זי זאל שטענדיק געהערן צו אים (ניט אין אן אופן פון "עזב הוי' את הארץ" ח"ו, נאר "מלא כל הארץ כבודו") - "לה' הארץ ומלואה".

ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם שיר וואס די לויים האבן געזאגט בשני, בשלישי, וכו' ביז "בשביעי" (אדער ווי דער צווייטער לשון: בשבת), אז דער שיר פון יעדן טאג בשבוע איז על שם פון דעם טאג דשבעת ימי בראשית.

און וויבאלד אז דאס איז א שיר וואס די לויים האבן געזאגט אין ביהמ"ק, ובפרט נאך אז דער שיר איז געווען פארבונדן מיט די קרבנות - וואס ס'איז ניט שייך אז אין ביהמ"ק זאל זיין אן ענין וואס איז ניט אמת ח"ו - איז דאך פארשטאנדיק, אז די שבעת הימים שבכל שבוע ושבוע זיינען באמת, און באמת לאמיתו, בדוגמת די שבעת ימי בראשית בכל הפרטים.

- ש"פ לך לך תשמ"א - ב -

ביז אפילו דאס וואס דער יום הראשון פון די ימי בראשית ווערט אנגערופן "יום אחד", "לפי שהי' הקב"ה יחידי בעולמו" - איז מעין זה אויך בכל יום ראשון דכל שבוע.

[ועד"ז איז בנוגע די "שית אלפי שנין דהוי עלמא", וואס זיינען כנגד די ו' ימי השבוע, ווארום "יומו של הקב"ה אלף שנה" - אז יעדער אלף פון די ששת אלפים איז בדוגמת דעם יום שכנגדו צווישן די ו' ימי בראשית:

אנהויבנדיק פון דעם ערשטן אלף, וואס דעמולט איז די וועלט געווען אין א מצב של "אור", כנגד דעם יום הראשון למע"ב, וואס דעמולט איז געווען בריאת האור; ביז צום אלף הששי, "אלף הגאולה", וואס אין דעם אלף איז די תקופה פון משיח צדקנו, די צייט ווען "והי' ה' למלך על כל הארץ ביום ההוא יהי' ה' אחד ושמו אחד", "כשאני נכתב כך אני נקרא" - כנגד דעם יום ששי למע"ב, ווען "ה' מלך גאות לבש", ווען אדם הראשון האט געזאגט אלע נבראים "בואו נשתחוה ונכרעה נברכה לפני ה' עושנו"].

ג. פון דעם איז פארשטאנדיק בנוגע לעניננו: כשם ווי אין דעם יום ראשון דימי בראשית איז באשאפן געווארן די מציאות פון זמן [כידוע אז זמן איז א נברא, און די התהוות פון זמן איז געווען אין (דער ערשטער רגע פון) יום ראשון דימי בראשית], אזוי אויך ביום הראשון דכל שבוע (ברגע הראשונה שבו), ווערט נתהוה מחדש מציאות הזמן, וואס דערפאר הייסט ער מיטן נאמען "יום ראשון".

ולכאורה: וויבאלד אז ברגע הראשונה של הבריאה איז שוין באשאפן געווארן די מציאות פון זמן, טא ווי איז שייך צו זאגן אז בכל יום ראשון ווערט ער באשאפן (נאכאמאל) מחדש?

איז דערפון מוכח, אז בשבת, פאר דעם יום ראשון, איז נתבטל געווארן די מציאות פון זמן, וע"פ הכלל "מעלין בקודש" - איז מובן, אז דאס וואס בשבת ווערט בטל דער זמן, איז עס מצד דערויף וויילע דעמולט איז "למעלה מבחי' זמן".

ד. דער מקור אין נגלה אויף ענין הנ"ל (אז שבת איז למעלה מהזמן) איז ניט נאר פון דעם וואס די גמרא זאגט בנוגע צו יום הראשון (שלאחרי שבת), נאר אויך פון דעם וואס שטייט אין נגלה בנוגע צו שבת גופא.

ובהקדים: די צוויי דרגות הנ"ל אין שבת - (א) ווי ער איז איינער פון די שבעת ימי השבוע (ס'איז מערניט וואס אין די ימי השבוע גופא איז ער העכער פון די אנדערע טעג), (ב) ווי ער איז למעלה מהזמן, וואס ווערט ניט נכלל אין די ימי השבוע - זיינען די צוויי דרגות פון "קדוש" און "קדש".

דער לשון "קדוש" ווייזט אז ס'זיינען דא אויך אנדערע זאכן, און די זאך וועלכע איז "קדוש" - איז אויסגעטיילט פון די אנדערע זאכן, ובלשון הידוע: קדושים תהיו פרושים תהיו, פרוש ומובדל פון אנדערע זאכן; משא"כ דער לשון "קדש" - קדש מלה בגרמי' - ווייזט אז די זאך (וואס איז קודש) איז אן ענין בפני עצמו, וואס איז זיך ניט מתייחס צו אנדערע זאכן (אפילו ניט קיין יחס שלילי, צו זאגן אז די איז מושלל און מובדל פון אנדערע זאכן).

און דעריבער, ווערט די דרגא פון שבת וואס ער איז דער יום השביעי, אנגערופן "קדוש": דער יום השביעי האט א שייכות צו די אנדערע ימי השבוע, מערניט וואס ער איז מובדל פון זיי; משא"כ די דרגא פון שבת וואס איז למעלה מהזמן און איז ניט שייך צו די ימי השבוע (אויך ניט צום יום השביעי) - ווערט אנגערופן "קדש".

ה. און אויך דער ענין - אז אין קדושה שבת זיינען דא צוויי ענינים (דרגות) - איז מרומז אין נגלה: מען געפינט צוויי ענינים סותרים לכאו' בנוגע צו קדושת שבת: פון איין זייט איז "שבת מיקדשא וקיימא" - ניט ווי יו"ט וואס "ישראל דקדשינהו

לזמנים" און אעפ"כ זאגן חז"ל אז "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", ד.ה. אז די אכילה בשבת ווערט דורך עבודה האדם. וע"ד מ"ש "זכור את יום השבת לקדשו", "שמור את יום השבת לקדשו" - אז דער "לקדשו" טוט זיך אויף דורך דעם "זכור" און "שמור" פון א אידן. [און נאכמער: "ושמרו בנ"י גו' לעשות את השבת" - אז אויך דער עצם מציאות פון שבת, ווערט אנגערופן דורך אידן].

דער ביאור אין דעם:

די קדושה פון שבת מצד דערויף וואס ער איז דער "יום השביעי", וויבאלד אז די קדושה פון שבת

איז שייך צו אנדערע זאכן ("קדוש") - איז שייך אז א איד זאל איר קענען אויפטאן דורך זיין עבודה.

[און וויבאלד אז די קדושה דשבת איז דאס וואס ער איז מובדל פון די ששת ימי החול, דערפאר איז אויך דורך דעם "זכור" שבימי החול, טוט זיך אויף דער "לקדשו"].

משא"כ די קדושה פון שבת וואס איז ניט שייך צו קיין אנדערע זאכן ("קדש מלה בגרמי'") - איז ניט שייך אז זי זאל זיך אויפטאן דורך א געוויסער זאך, אפילו ניט דורך דער עבודה פון אידן.

ו. ע"פ הנ"ל קען מען אויך מבאר זיין דעם טעם המנהג (וואס רבותינו נשיאינו האבן איינגעפירט), אז אין דער ברכה פון נרות שבת זאגט מען דעם לשון "להדליק נר של שבת קודש":

אז גלייך דער ערשטער אריינפיר צו שבת, וואס ברענגט אריין ליכטיקייט אין הויז און (דורך דעם, אויך) אין דער גאנצער וועלט, זאל זיין דורכגענומען פון דרגת "קודש" דשבת וואס איז העכער פון (זמן און פון) וועלט,

און באלייכטן די וועלט מיט דער ליכטיקייט פון "(נר של שבת) קודש" וואס איז העכער פון וועלט.

און ניט נאר ביום השבת עצמו, נאר אריינברייינגען די ליכטיקייט אויך אין די ששת ימי החול (וואס נאך שבת)- אזוי ווי בא שרה אמנו (וואס פון איר ווערט עס נמשך צו אלע אידישע טעכטער, בנות שרה) וואס ס'איז געווען "נר דלוק מערב שבת לערב שבת".

ז. די דרגא פון שבת - בחי' "קודש" דשבת (וואס דאס איז דער עיקר ענין פון שבת) - איז מודגש במיוחד אין שבת פרשת לך לך, וואס דער תוכן הסדרה איז בשמה - לך לך, הליכה.

ובפרט נאך אין א יאר וואס ש"פ לך לך איז (כבקביעות שנה זו) דער ערשטער שבת נאך ז' חשון, ווען עס הויבט זיך אן דער "ויעקב הלך לדרכו" - וואס אויך אין דעם איז מודגש דער ענין פון הליכה ("ויעקב הלך לדרכו").

דער ביאור אין דעם:

עס שטייט אין חסידות, אז אמיתית ענין ההליכה איז דוקא ווען מען גייט אריבער אין א נייעם ענין (ודרגא) לגמרי, וואס איז העכער באין ערוך פון דעם ענין (ודרגא) וואו מען איז געווען פריער.

בשעת אז מען איז עולה אין א דרגא וואס איז בערך צו דער פריערדיקער דרגא - איז עס ניט אמיתית ענין ההליכה, וויבאלד אז אויך נאך דער עלי' איז ער נאך

הנחה פרטית בלתי מוגה

אלץ בערך און ניט "אוועקגעגאנגען" פון דער פריערדיקער דרגא, און אמיתית ענין ההליכה איז ווען די עלי' איז באין ערוך.

און דערפאר איז בשבת פרשת לך לך מודגש דער ענין פון דרגת "קודש" דשבת: די דרגא פון "קדוש" דשבת, וויבאלד זי האט א ערך ושייכות צו די ימי החול (ס'איז מערניט וואס זי איז מובדל פון זיי) - איז ניט אמיתית ענין ההילוך, וויבאלד אז אויך לאחרי העלי' דשבת, איז ער נאך אלץ פארבונדן און גייט ניט אוועק לגמרי פון די ימי החול; און דער ענין ההליכה, לך לך - איז מדגיש די דרגא פון קודש דשבת, וואס האט ניט קיין פארבונד מיט די אנדערע טעג.

ח. א נקודה נוספת אין דעם צד השוה פון לך לך און דרגת קודש דשבת:

עס שטייט אין חסידות, אז אין אן עלי' שבאין ערוך (אמיתית ענין ההליכה) - איז ניט נאר וואס די נידעריקע דרגא האט ניט קיין ערך ושייכות צו דער העכערער דרגא, נאר נאכמער: די נידעריקע דרגא איז גאר מבלבל צו דער העכערער, און דערפאר איז בכדי צו עולה זיין אין דער העכערער דרגא, דארף זיין (פריער) דער ביטול פון דער נידעריקער דרגא.

ט. ווי געזעדט פריער, האט יעדער ענין א מקור אין נגלה דתורה - איז אזוי אויך בנוגע לפרט זה, אז אן אמת'ע עלי' איז אין אן אופן אז די דרגא הקודמת זאל אינגאנצן בטל ווערן.

די גמרא דערציילט, אז ר' זירא האט געפאסט מאה (אדער ארבעים) תעניות אויף צו פארגעסן תלמוד בבלי, כדי ער זאל קענען לערנען תלמוד ירושלמי.

לכאורה דארף מען פארשטיין: דער סדר הרגיל ביי לערנען איז, אז דער לימוד הקודם העלפט ארויס צום לימוד הבא לאחריו, ווי דאס איז בפשטות, אז ערשט נאכדעם וואס מ'איז א "בן חמש למקרא", און מ'לערנט מקרא, קען מען ווערן א "בן עשר למשנה"; עד"ז נאך "בן עשר למשנה" ווערט מען א "בן ט"ו לגמרא" וכו' - און דאס איז דער אבן הבוחן צי ער וועט מצליח זיין אין זיין ווייטערדיקן לערנען - אויב ער האט מצליח געווען אין דעם פריערדיקן;

און דא זעט מען א סדר הפוך לגמרי, אז כדי ער זאל קענען לערנען תלמוד ירושלמי, האט ער געדארפט פארגעסן תלמוד בבלי!

איז דערפון מוכח, אז בשעת די עלי' איז באי"ע, ווי עס איז (לדוגמא) די עלי' פון תלמוד בבלי אין תלמוד ירושלמי (כדלקמן) - איז די דרגא הקודמת מבלבל, און זי דארף פארגעסן ווערן לגמרי.

י. נאך א דוגמא אויף דעם ברענגט זיך אין חסידות (און מ'פארגלייכט דאס מיט דעם סיפור הנ"ל פון גמרא) - פון די עליות אין גן עדן, וואס ס'שטייט אין זהר אז ס'איז פאראן אן "עמוד" בין ג"ע לג"ע (ועד"ז דער "נהר דינור"), כדי מ'זאל פארגעסן "חיזו דהאי עלמא" עס זאל ניט שטערן צו מקבל זיין די ענינים פון ג"ע.

וואס דער לימוד פון ג"ע איז פאראן אויך ביי א נשמה בגוף, כמ"ש "עולמך תראה בחייך" - עולמך איז עולם הבא, עולמו פון א איד, ווייל עוה"ב איז דאך דער "טרקלין" (און עוה"ז איז מערניט ווי א "פרוזדור") - ד.ה. אז א איד האט איצטער (זייענדיק א נשמה בגוף) "עולמך", ג"ע, און אין דעם דארף ער אויפטאן דורך תומ"צ, ווי עס שטייט "ויניחהו בג"ע לעבדה ולשמרה" - לעבדה רמ"ח מ"ע ולשמרה שס"ה מל"ת.

און אין דעם ענין איז פאראן די עלי' אין ג"ע, וואס מען דארף האבן אן "עמוד" וכו' ד.ה. אן עלי' באי"ע, ווערן א ברי' הדשה.

דאס קען זיין אויך (בנשמה בגוף) אין מיטן טאג, עאכו"כ ביי נאכט, ווען נשמתו איז "עולה ושואבת לו חיים מלמעלה", וואס דעמולט ווערט ער א בריי' חדשה [וכידוע דער ביאור פארוואס מען דארף מאכן יעדן טאג פון-דאס-ניי די ברכות השחר].

און אויך א איש פשוט פארשטייט דעם אי"ע צווישן "האי עלמא" מיט ג"ע.

יא. וויבאלד עס איז אזוי אין חיי האדם - איז מובן אז דער מקור דערפון איז אין תורה, וואס "היא חיינו ואורך ימינו", "תורת חיים".

וכמדובר לעיל, אז ר' זירא האט געדארפט פאסטן כו"כ תעניות, בכדי ער זאל נתעלה ווערן (פון דעם לימוד פון תלמוד בבלי) צו דעם לימוד פון תלמוד ירושלמי, ד.ה. אז ניט קוקנדיק אויף דעם עילוי און די הפלאה פון תלמוד בבלי, בפרט ווי ר' זירא האט געלערנט תלמוד בבלי (כידוע מעלת ר' זירא כשעלה מבבל) - אעפ"כ, בשעת ער האט געדארפט עולה זיין אין דעם לימוד פון ירושלמי, האט ער געדארפט פארגעסן תלמוד בבלי.

יב. תורה איז דאך א הוראה, איז מובן, אז דער סיפור הנ"ל פון ר' זירא איז א הוראה בעבודת כאו"א.

וכידוע וואס עס שטייט אין זהר, אז אויך די סיפורים פון תורה זיינען ציוויים והוראות; און ח"ו צו זאגן אז ס'זיינען פאראן אין תורה סתם סיפורים וכו' - מערניט וואס עס זיינען דא ציוויים וואס זיינען געזאגט געווארן בלשון ציווי, "דבר אל בנ"י", "צו את בנ"י"; און אנדערע ציוויים זיינען געזאגט געווארן בלשון סיפור, און "תן לחכם ויחכם עוד", זיי זיינען אפגעגעבן געווארן צו דעם "עם חכם ונבון", זיי זאלן אליין אפלערנען וואס די סיפורים לערנען.

ובפרט ע"פ תורת הבעש"ט אז יעדער זאך וואס א איד זעט אדער הערט איז א הוראה אין עיקר ענינו של האדם, "אני נבראתי לשמש את קוני".

איז דערפון פארשטאנדיק אויך בנוגע לסיפור הנ"ל וועגן ר' זירא, ובפרט אז מ'רופט אים "רבי זירא", וואס "הרב קרוי אב", און "מעשה אבות סימן לבנים".

יג. והאמור האט א שייכות צו יעדן אידן, אויך צו א איש פשוט, ווארום צו יעדער אידן איז געגעבן געווארן די גאנצע תורה, תלמוד בבלי און תלמוד ירושלמי, און רזי תורה ביז צו רזין דרזין.

און ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל' ת"ת דאס וואס "אמרו חכמי האמת שכל נפש צריכה לתיקונה לעסוק בפרד"ס כפי מה שהיא יכולה כו'" און דער וואס האט ניט משיג געווען, "צריך לבא בגלגול" ביז ער וועט משיג זיין גאנץ פרד"ס התורה לויט זיין נשמה.

וואס וויבאלד ער ברענגט דאס אין הל' ת"ת, איז מובן אז דאס איז א דבר השוה לכל נפש - כידוע דער ביאור פון חסידים הראשונים בנוגע לכמה ענינים וואס ברענגען זיך ניט אין דעם אלטן רבי'נס סידור אדער שו"ע, אז דאס איז ווייל זיי זיינען ניט קיין דברים השוים לכל נפש, ומזה מובן לאידך גיסא, אז אלץ וואס ווערט געבראכט אין סידור און שו"ע איז א דבר השוה לכל נפש.

דערפון איז מובן אז יעדער איד האט א קשר צו אלע חלקי התורה, אויך צו דעם וואס "חכמי האמת" זאגן (וויבאלד דאס ברענגט זיך אראפ אין שו"ע); מערניט וואס דאס איז מצד "חכמת האמת שבו".

[ווייל פריער מוז דורכגיין "בן חמש למקרא" דערנאך קומט "בן עשר למשנה" וכו', און ערשט דערנאך קומט דער לימוד פון "חכמת האמת" -

ווי מ'זעט בפועל, אז מ'לערנט מיט קינדער ענינים פון פנימיות התורה ערשט נאכדעם וואס זיי לערנען שוין א זמן מסויים נגלה דתורה, מ'דערציילט טאקע דעם קינד אויך פריער אז די תורה איז חכמתו של הקב"ה, און דער אויבערשטער איז העכער פון חכמה והבנה והשגה, און אורייתא וקוב"ה כולא חד; דאס איז אבער נאר בדרך סיפור, אבער דער לימוד פון פנימיות התורה (שנתגלתה בתורת החסידות) איז שפעטער].

ומזה מובן אויך בענינגו, אז דער לימוד פון ר' זירא, איז שייך צו יעדן אידן.

יד. והביאור בזה:

ס'איז מבואר אין חסידות, און מ'זעט דאס אויך בפשטות, אז דער חילוק צווישן בבלי און ירושלמי - איז דאס דער חילוק פון "גמיר" און "סביר", אדער בלשון אחר, דער חילוק פון "סיני" און "בקי" מיט אן "עוקר הרים" און "חריף".

וואס די ביידע אופני הלימוד זיינען בסתירה זה לזה: ווען איינער איז רגיל צו לערנען אין אן אופן פון בקיאות, איז אים זייער שווער איבערצושטעלן זיך אין דעם אופן הלימוד פון חריפות, זיך אפשטעלן און מעמיק זיין אויף איין ארט; עד"ז לאידך גיסא, א חריף ו"עוקר הרי הרים וטוחנן זה בזה" - איז אים שווער זיך איינגעוואוינען צום אופן הלימוד פון בקיאות, ואדרבה - א בקיאות גדולה וועט אים מבלבל זיין אין העמקה במקום אחד, ווארום בשעת מען איז בקי בכל התורה כולה, שטערט דאס צו העמקה במקום אחד - סיידן ביי יחידי סגולה וואס בא זיי האט די בקיאות ארויסגעהאלפן דא אויפן ארט.

וכאמור, איז עד"ז דער חילוק צווישן בבלי מיט ירושלמי:

אין ירושלמי איז דער לימוד אין אן אופן של "אור ישר", במיעוט השקו"ט וכו';

משא"כ אין בבלי, איז פאראן א ריבוי קושיות און ורמינהו'ס, ביז מ'זאגט "במחשכים הושיבני זה תלמודה של בבל".

וואס דאס רעדט זיך וועגן תלמוד בבלי ווי ער איז בא אונז; עאכו"כ ווי דאס איז געווען בזמנו של ר' זירא, לפני חתימת הש"ס.

און ווי דער אלטער רבי ברענגט אין קו"א בנוגע צו "כל פלפול התנאים והאמוראים הראשונים", אז "לא הובא ממנו בתלמוד כ"א מעט מזעיר, כדאשכחן בפ"ב דשבת ברשב"י דעל כל קושיא דרפב"י מהדר לי' כ"ד פירוקי, ולא נמצא כזה בכולי תלמודא, ור"ל הוה פריך כ"ד קושיות על כל מימרא דר' יוחנן ולא אשכחן בכל התלמוד כ"ר קושיות אמימרא דר"י כ"א ז' וח' לכל היותר".

[ס'איז אויך דא א דוגמא לדבר וואס איז פארבונדן מיט פרשת השבוע - "לך לך מארצך גו'", וואס ארצך איז דאך "אור כשדים", וואס ווי רש"י זאגט מיינט "אור כשדים" (ניט נאר "אור בקעה", נאר אויך) "אור" לשון אור ואש, ע"ש דעם כבשן האש וואס אין אים האט מען אריינגעווארפן אברהם אבינו דערפאר וואס "כתת את צלמיו" (של תרח) - זאגט די גמרא "גמירי דעבודת כוכבים (ד.ה. מס' ע"ז) דאברהם אבינו ד' מאה פירקי הויין, ואנן חמשה תנן וכו'", ביז אז אפילו מ'וועט רעכענען די משנה וגמרא ותוספתא וכו' איז אויך דער מספר אסאך ווייניקער פון ד' מאות].

איז מכל האמור פארשטאנדיק, אז בשעת עס דארף זיין א שינוי בלימוד שבאין ערוך, ע"ד ווי חריפות ובקיאות (בבלי וירושלמי) - מוז זיין ביטול הדרגא הקודמת, כדי קענען צוקומען צו דער דרגא העליונה.

טו. דער חילוק האמור, פון חריפות און בקיאות - קען זיין מובן אויך צו א בעל עסק וואס איז אין סוג פון זבולון:

ער ווייס, אז עס איז פאראן א בעל עסק וואס איז ניט אזא שווינדלער און ניט אזא דרייער, ער איז א אדם ישר הולך; און ס'איז פאראן א בעל עסק וואס האט א דריי-קאפ, און ער מוז שווינדלען און דרייען, און פארדרייען זיך און אנדערע, ביז צו דער ממשלה בנוגע צו מסים - וואס דערנאך קען דערפון ארויסקומען אז פון דער דרייעריי האט ער צו זינגען וכו',

און ער טענה'ט: פארוואס זאל ער גיין גלייך - ער האט אזא קאפ, יעדער זאך דארף ער דרייען מיט דער טענה: מיט וואס איז ער א סוחר.

ומכל הנ"ל איז מובן בנוגע לשבת, אז דעמולט איז אן עלי' אין אן אופן של אי"ע, ביז עס ווערט בטל מציאות הזמן.

טז. די הוראה דערפון איז:

בשעת עס קומט פ' לך לך - דארף זיין דער "מעלין בקודש" אין אן אופן חדש לגמרי, וואס איז העכער באי"ע פון אופן העבודה וואס מ'האט געטאן ביז איצטער.

אז אויך די וואס ביז איצטער האבן געטאן מיט א רצון וחיות וכו' אין לימוד התורה וקיום המצוות און הפצת היהדות והפצת המעיינות - איז בשעת עס קומט פ' לך לך, דארף מען אנהויבן טאן אין אן אופן חדש לגמרי וואס איז העכער באי"ע פון אופן העבודה וואס איז געווען ביז איצטער.

ביז צו אמיתית הענין פון אין ערוך, אז די מדידה והגבלה פון דעם פריערדיקן אופן העבודה איז גאר מבלבל צו דעם נייעם אופן העבודה, און מען דארף "אוועקגיין" דערפון.

יז. וואס דאס איז דער ציווי "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך אל הארץ אשר אראך", צו אוועקגיין פון "ארצך", פון "מולדתך" און פון "בית אביך" - אפילו ווי זיי זיינען אין קדושה.

ווארום ווייבאלד אז ס'איז "ארצך", "מולדתך" און "בית אביך" (פון דעם מענטשן), זיינען זיי במדה"ג און דערפאר דארף מען אוועקגיין פון זיי.

און גיין "אל הארץ אשר אראך", וואס דער אויבערשטער ווייזט אן - למעלה ממדידה והגבלה.

וואס דער ציווי "לך לך גו'" איז געזאגט געווארן צו אברהם אבינו, צום ערשטן איד, און ער איז פון די אבות, דער ערשטער פון די אבות, "אחד הי' אברהם", וואס די אבות האבן מנחיל געווען צו יעדן אידן די אהבה מסותרת, ובפרט אברהם, "אברהם אוהבי" -

איז דערפון מובן, אז די הוראה "לך לך מארצך גו'" איז שייך צו יעדן אידן.

אין דעם קומט צו א הדגשה מיוחדת בשעת מ'לייענט די פרשה בתורה, און ברבים, בפרהסיא ובפרסום (ווארום ס'איז ניטא קיין גרעסערער פירסום ופרהסיא ווי עשרה מישראל).

איז די הוראה דערפון, כאמור, אז יעדער איד זאל ארויסגיין "מארצך וממולדתך ומבית אביך",

וואס ווי מפרשי המקרא זיינען מסביר, מיינט "ארצך" די גאנצע לאנד, און אין דעם לאנד גופא זיינען פאראן נאענטע שכנים, וואס דאס האט דאך א השפעה אויפן מענטשן, ובלשון הרמב"ם "האדם הוא מדיני" (וואס דעריבער דארף זיין די באווארעניש "הרחק משכן" בלתי רצוי) עאכו"כ אז ס'איז דא א השפעה פון "בית אביך",

דארף מען ארויסגיין פון די אלע ענינים, "אל הארץ אשר אראך", וואס דער איבערשטער ווייזט אן דורך זיין תורה, "ותורה אור".

און דורך דעם ווערט "ואברכה גו' ואגדלה שמך והי' ברכה", ביז "ונברכו בך כל משפחות האדמה" - אז דאס האט א פעולה אויף דער גאנצער וועלט.

יח. און דורך דעם וואס א איד גייט "אל הארץ אשר אראך" - צו דער "ארץ" וואס דער איבערשטער ווייזט אן (למעלה מהגבלה) - ווערט אויך נתגלה זיין אמת'ע מציאות (פון דעם אידן), וואס די מציאות פון א אידן איז בלי גבול;

ווי דער פירוש הפנימי אין "אראך", אז דאס גייט (ניט אויף דער "ארץ", נאר) אויף אברהם'ן, אויף דעם אידן - "אראה ואגלה אותך בעצמך", "במהותך ועצמותך".

יט. דאס וואס א אידן'ס מציאות איז בל"ג - וועט מען פארשטיין פון דעם חילוק צווישן די מצוות וואס אידן זיינען נצטווה געווארן במ"ת, מיט די ז' מצוות בני נח:

דער חידוש פון מ"ת איז ניט וואס פריער זיינען געווען ווייניקער מצוות, די ז' מצוות בני נח, און נאך מ"ת זיינען דא תרי"ג מצוות - ווארום דאס איז דאך ניט קיין חילוק וואס איז שלא בערך - מען קען דאך אויסרעכענען וויפל מאל איז תרי"ג מערער פון די ז';

דער חידוש פון מ"ת איז געווען, ווי מ'זאגט אין די תפילות פון ויו"ט "ורוממתנו מכל הלשונות", א חילוק שבאין ערוך.

כ. ויתר על כן: דער חידוש פון מ"ת איז ניט נאר לגבי די מצוות וואס ב"נ זיינען נצטווה געווארן לפנ"ז, נאר אפילו לגבי די מצוות שנצטוו האבות:

דער רמב"ם זאגט אין פירוש המשניות "ושים לבך על העיקר הגדול ... שכל מה שאנו מרחיקים או עושים היום אין אנו עושין אלא במצות הקב"ה ע"י משה רבינו ע"ה, לא שהקב"ה אמר זה לנביאים שלפניו", און דער רמב"ם ברענגט אויף דעם א דוגמא ניט נאר פון ז' מצוות ב"נ, ווי אבר מן החי, אז מיר טוען זיי ניט מצד דעם ציווי צו אדה"ר און צו נח, נאר מצד דעם ציווי וואס איז געווען בסיני - נאר אויך פון מילה, אז "אין אנו מלין מפני שאברהם אבינו ע"ה מל עצמו ואנשי ביתו, אלא מפני שהקב"ה צוה אותנו ע"י משה רבינו".

ד.ה. אז אפילו מצות מילה, וואס איז געגעבן געווארן צו אברהם אבינו אלס א ברית עולם, און לזרעך עד עולם - אעפ"כ איז זי נשתנה געווארן בשעת מ"ת, און אונזער קיום פון דער מצוה איז פארבונדן מיט מ"ת.

כא. והביאור בזה:

פאר מ"ת איז געווען די גזירה "תחתונים לא יעלו לעליונים", וואס דאס איז ווי א תוצאה ומסובב פון "העליונים לא ירדו לתחתונים": וויבאלד אז די "תחתונים" האבן ניט געהאט דעם כח שמלמעלה - "העליונים לא ירדו לתחתונים", דעריבער האבן זיי ניט געקענט עולה זיין, "אויפהויבן" זיך (און ארויסגיין) פון זייער מציאות.

וואס דערפון איז מובן, אז די מצוות וואס מען האט מקיים געווען פאר מ"ת - און ניט נאר די ז' מצוות בני נח, נאר אפילו מצות מילה וואס איז געגעבן געווארן צו א"א - זיינען געווען במדידה והגבלה.

און דערפאר איז א "עיקר גדול", אז די מצוות וואס מען איז מקיים איצטער זאל מען טאן "במצות הקב"ה ע"י משה רבינו ע"ה" (בסיני), אז דער קיום המצוות

זאל זיין למעלה מהגבלה - "התחתונים יעלו לעליונים", אויפהויבן זיך און ארויסגיין פון דער מדידה והגבלה פון "תחתונים".

אעפ"כ איז ידוע דער כלל (וואס שטייט אויך אין נגלה) "מעשה אבות סימן לבנים", אז מען דארף זיך אפלערנען און נעמען פון "מעשה אבות", און נאכמער: דער נוסח הברכה פון ברית מילה איז "להכניסו בבריתו של אברהם אבינו", און "אשר קדש ידיד מבטן וכו'" וואס דאס גייט אויף יצחק'ן.

וההסברה בזה: ס'איז פאראן א מעלה אויך אין עבודה במדידה והגבלה, און אויף דעם האט מען די נתינת כח פון "מעשה אבות".

כב. א דוגמא לענין הנ"ל - אז ס'איז דא א מעלה (אויך) אין עבודה שבסדר והדרגה אויף דער עבודה שבבחי' בלי גבול:

אין הנהגת העולם - זיינען דא צוויי סוגים: הנהגה טבעית (גבול), און הנהגה נסית שלמעלה מהטבע (בלי גבול).

ואעפ"כ אז הנהגה נסית איז (בכלל) העכער פון הנהגה טבעית, און לכאורה האט דאס אלע מעלות, פונדעסטוועגן איז דא (אויך) א מעלה בטבע אויף נס.

וואס דאס איז דער טעם הפנימי אויף דעם וואס מען דארף טאן דוקא בדרך הטבע, און "אין סומכין על הנס". [ביז אז די גמרא ברענגט דעם כלל ("אין סומכין על הנס") פארבונדן מיט קרבן פסח, וואס איז ע"ש שפסח ודלג, דילוג למעלה ממדוה"ג - און אפילו דארטן זאגט מען "אין סומכין על הנס"].

ולכאורה: וואס איז דער טעם הדבר? איז דאס ווייל תורה זאגט אזוי, דאס איז אבער ניט "חוקה חקקתי כו'" וואס "אין לך רשות להרהר אחרי'", איז וואס איז די הסברה בדבר - וע"פ הנ"ל איז דאס מובן, ווייל ס'איז דא א מעלה אין הנהגה טבעית.

און דאס זיינען די צוויי ענינים האמורים, לפני מ"ת ולאחרי מ"ת, די עבודה במדוה"ג, טבע, און די עבודה למעלה ממדוה"ג, נס.

כג. אין אנדערע ווערטער:

בשעת מ'מאנט ביי א אידן, זייענדיק אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, ער זאל עובד זיין עבודתו למעלה ממדוה"ג - קען ער דאך קומען צו א כליון וכו'.

איז טאקע דער ענין פון כליון א דרגא הכי נעלית, און ווי דער אוה"ח הקדוש איז מאריך אין דער מעלה פון נדב ואביהו, וואס זיינען אויסגעגאנגען פון כליון ותשוקה צו אלקות, ביז אז משה רבינו (משה אמת ותורתו אמת) האט געזאגט אז זיי זיינען העכער פון אים "בקרובי אקדש", עד"ז איז מבואר בנוגע די ארבעה וואס מתו מיתת נשיקה;

דאס איז אבער אלץ א ענין וואס ברענגט צו פירוד הנשמה מהגוף - די תכלית הכוונה איז אבער "לעשות לו ית' דירה בתחתונים", דא למטה.

כד. דאס איז אויך דער חילוק צווישן ימות החול און שבתות וימים טובים:

אין ימות החול איז די עבודה אין אן אופן פון "תמידין כסדרן", במדוה"ג; משא"כ בשבתות וימים טובים (וואס ווערן אויך אנגערופן שבתות) קומט צו דער ענין פון "ומוספין כהלכתם", הוספה שלמעלה ממדוה"ג.

כה. די צוויי ענינים האמורים זיינען אויך דא אין לימוד התורה בכלל:

אין נוסח פון ברכת התורה - וואס מ'מאכט פאר לימוד התורה, ברכו בתורה תחלה - זאגט מען "ונתן לנו את תורתו", אז די תורה וואס מיר לערנען איז תורתו פון אויבערשטן, וואס דער אויבערשטער איז העכער פון חכמה ושכל, אפילו פון שכל הכי נעלה.

אבער בעת הלימוד, דארף זיין די יגיעה אז די תורה וואס ער לערנט (כאטש זי איז תורתו של הקב"ה שלמעלה מהשכל) זאל ער פארשטיין אין שכל, ביז אז ער דארף עס פארשטיין אין זיין שכל.

ס'איז ניט מספיק וואס ער ווייס אז דער תלמיד ותיק וואס האט מחדש געווען דעם ענין אין תורה האט עס פארשטאנען אין זיין שכל (דער שכל פון דעם תלמיד ותיק), נאר ער דארף הארעווען, אז ער זאל עס פארשטיין מיט זיין שכל (דער שכל פון דעם אדם הלומד).

וואס דאס איז מן הקצה אל הקצה: אין ברכת התורה (שלפני הלימוד) - איז מען מדגיש אז ס'איז תורתו של הקב"ה, וואס ער איז העכער פון שכל בכלל אפילו פון שכל הכי נעלה; און דערנאך, בעת הלימוד - דארף מען עס לערנען אין אזא אופן אז דאס זאל זיין מובן אין שכל, ביז אין שכל פון דעם אדם הלומד.

וואס דאס זיינען די צוויי קצוות הנ"ל (בל"ג און גבול) ווי זיי זיינען אין לימוד התורה: די הקדמה און יסוד צו לימוד התורה [ברכת התורה] איז - דער אפלייג אז די תורה וואס ער לערנט איז תורתו של הקב"ה שלמעלה מהשכל; אבער לאחרי ווי ער האט שוין די הקדמה - דארף דער לימוד זיין אין אן אופן אז ער זאל עס פארשטיין בשכלו.

אבער אויך דער לימוד בהשגה והבנה, וויבאלד אז דאס קומט לאחרי (ובהמשך צו) ברכת התורה - איז נרגש (בבחי' מקיף עכ"פ) אויך בעת הלימוד גופא, אז דאס איז תורתו של הקב"ה.

כו. א אופן נעלה יותר בענין הנ"ל:

דאס וואס אויך בעת הלימוד בהבנה והשגה ווייס ער אז די תורה וואס ער לערנט איז תורתו של הקב"ה שלמעלה מהשכל,

איז עס ניט נאר מצד דערויף וואס ס'איז געווען בא אים דער "ברכו בתורה תחלה", לפני הלימוד, אבער דער לימוד גופא איז פארבונדן נאר מיט הבנה והשגה.

[ובדוגמת המבואר בתניא בנוגע די כוונה פון "לשמה", וואס (אע"פ אז די כוונה האט זיכער א השפעה אויף דעם לימוד התורה שלאח"ז, פונדעסטוועגן) די כוונה גופא (בא בינונים) איז נאר "בתחלת הלימוד", און אויך "בכל שעה ושעה", אבער ניט בעת הלימוד גופא],

נאר נאך מערער: אויך אין דער הבנה והשגה גופא (שבעת הלימוד) איז נרגש אז דאס איז תורתו של הקב"ה שלמעלה מהשכל, ווארום אפילו די ענינים אין תורה שנתלבשו בשכל, איז אין זיי נרגש אז עיקרם ויסודם איז למעלה מהשכל.

ביז צום לשון הרגיל (וואס שטייט אין תושבע"פ, הבנה והשגה) "מנא הני מילי, אמר קרא": אן ענין וואס איז פארשטאנדיק בשכל - דארף מען ניט אנקומען צו א פסוק, ובלשון הגמרא: "למה לי קרא, סברא היא": און בשעת מ'זאגט "מנא הני מילי אמר קרא" - איז דאס מדגיש, אז אויך מצד הבנה והשגה (דתושבע"פ) איז נרגש אז דער מקור (ויסוד) פון דעם איז "אמר קרא" - תושב"כ, שלמעלה מהשכל.

כז. ענין הנ"ל - אז אויך אין די ענינים דתושבע"פ (הבנה והשגה) איז נרגש אז

זייער מקור איז "אמר קרא" (תושב"כ שלמעלה מהשכל) - איז מדגיש, ווי די צוויי דרגות (גבול ובל"ג) זיינען דא אויך אין תורה גופא.

און פון די צוויי דרגות בתורה - ווערט עס נשתלשל אויך בהלימוד, אז אויך בלימוד התורה דארפן זיין די ב' ענינים: ברכת התורה און לימוד התורה בהבנה והשגה.

און פון דעם ווערן נשתלשל די צוויי ענינים אויך אין קיום המצוות: עיקר קיום המצוות (אויך די מצוות וואס די אבות האבן געטאן) איז מצד הציווי דמ"ת, און אעפ"כ דערמאנט מען (בכמה מצוות) אויך "מעשה אבות".

און פון דעם ווערט עס נשתלשל אין כללות עבודת האדם: עבודה דבחי' "לך לך", און עבודה שבסדר והדרגה.

און מזה נשתלשל ב' הענינים בעולם: הנהגה נסית און הנהגה טבעית.

וואס די ב' הענינים, ווי זיי שטעלן זיך אויס אין זמן - איז עס שבת וחול.

און אין שבת גופא - ווי שבת איז למעלה מהזמן, און ווי ער איז דער יום השביעי.

כח. די הוראה לפועל מכל האמור לעיל:

וויבאלד ס'איז שבת פ' "לך לך", וואס דעמולט לייענט מען דעם ציווי "לך לך מארצך גו'" (און דאס הייסט א "מצות עשה", ווי ער זאגט אין זהר, וכפי שיתבאר לקמן (בהמאמר)), און דאס איז דער שבת נאך ז' מרחשון, ווען ס'איז שוין לכל הדיעות דא דער ענין פון "ויעקב הלך לדרכו" -

דארף מען זיך אפלערנען דערפון, עס זאל זיין א הליכה אמיתית, הליכה שבאין ערוך, אין אלע ענינים פון תומ"צ,

ביז אז פון דעם וועט מען קומען צו דער הליכה לקבל פני משיח צדקנו, ומתוך שמחה, "כי בשמחה תצאו ובשלום תובלון וגו'", במהרה בימינו ממש.

* * *

כט. ווי דערמאנט פריער איז דער שבת אויף מארגן נאך שבעה בחשון - דער טאג אין וועלכן עס האט זיך פארענדיקט דער אומקערן זיך פון דער עלי' לרגל דחג הסוכות, ווארום דעמולט "יגיע אחרון שבישראל לנהר פרת", וואס דאס איז דער ווייטסטער מקום ישוב פון ירושלים, און דאס איז אויך על גבול פון ארץ ישראל [וואס דאס איז מדגיש שלימות ארץ ישראל לגבולותי'].

מצד דערויף איז אויך געווארן די הלכה, אז אין ארץ ישראל בעט מען ניט גשם ביז ז' חשון, בכדי צו באווארענען אז די וואס קערן זיך אום פון עלי' לרגל זאלן קענען גיין בנקל און אן בלבולים.

ובפרט אין א שנת הקהל וואס דעמולט זיינען עולה לרגל מערער אידן ווי בא סתם עלי' לרגל, "האנשים והנשים והטף".

וואס די הלכה איז ניט נאר בזמן שביהמ"ק הי' קיים, נאר עד היום הזה בעט מען ניט גשם אין ארץ ישראל ביז ז' חשון.

[ונוסף לזה איז דאס אויך נוגע להלכה בנוגע צו שטרות, וואס אין שטרות איז

נוגע לשון בני אדם (אזוי ווי בא נדרים) - אז אויב מ'האט געשריבן אין א שטר "אחר הרגל", איז די כוונה אין דעם - "ט"ו יום אחר הרגל", ד.ה. ז' חשון, ווייל ביז דאן איז נאך "כאילו ... עסוקים בעניני הרגל"].

דערפון האט מען א הוראה נפלאה אין דעם ענין פון אהבת ישראל:

אפילו ווען עס רעדט זיך וועגן באווארענען אן איין און אייבציקער איד פון אומבאקוועמליכקייט לרגע, איז ניט נאר וואס מ'באווארנט א צווייטער יחיד פאר דעם יחיד, אדער אפילו א רבים פאר דעם יחיד - נאר מ'זאגט אן אז גאנץ כלל ישראל זאל ניט בעטן גשם צוליב דעם וואס דער איין איד קען דערפון האבן עפעס וואס פון אומבאקוועמליכקייט אפילו לרגע!

[אין דערויף קען מען פרעגן די שאלה: צי עד ז' חשון איז עד בכלל אדער ולא עד בכלל?

קען מען זאגן אז דאס איז אזוי ווי בא תפלת גשם, וואס מ'הויבט אן בשמע"צ, וויבאלד אז אין די ז' ימי הסוכות ביז שמע"צ זיצט מען אין סוכה, און ירידת הגשמים אין סוכה איז אן ענין של צער, לייגט מען אפ תפלת גשם ביז שמע"צ.

וואס דא איז דער פירוש ביז שמע"צ, עד ולא עד בכלל, ד.ה. אז ביז דער טאג פאר שמע"צ זיצט מען נאך אין סוכה, במילא איז א טאג נאך דערויף, בשמע"צ, ווען מ'זיצט שוין ניט אין סוכה הויבט מען אן זאגן תפלת גשם.

עד"ז קען מען זאגן בנדו"ד: אז דאס וואס מ'בעט ניט גשם ביז ז' חשון איז דער פירוש עד ולא עד בכלל, ד.ה. אז ו' חשון "יגיע אחרון שבישראל לנהר פרת" במילא קען מען אויף מארגן, ז' חשון, הויבט מען אן בעטן גשם].

כח. ס'איז דאך ידוע דער ווארט פון רבותינו נשיאינו אז נאך שמח"ת הויבט זיך אן דער סדר העבודה פון "ויעקב הלך לדרכו".

וויבאלד אבער אז ביז ז' חשון איז נאך א המשך פון דער (עלי' ל)רגל דחג הסוכות (וויבאלד אז ביז דעמולט האט זיך ניט געענדיקט דער אומקערן זיך פון עלי' לרגל פון אלע אידן), כנ"ל - איז פארשטאנדיק אז דער אמת'ער ענין פון "ויעקב הלך לדרכו" הויבט זיך אן (בעיקר) נאך ז' חשון.

והביאור בזה:

דער ענין פון "ויעקב הלך לדרכו" איז דער סדר העבודה וואס א איד טוט אין וועלט, אין "דרכו".

וואס כל זמן ס'שטייט נאך אין חודש תשרי איז דער סדר העבודה ניט אין וועלט, די עבודה דעמולט איז פארבונדן בעיקר מיט די מועדים, און מצד דערויף וואס חודש תשרי איז "מרובה במועדות", זאגט מען ניט קיין תחנון גאנץ חודש תשרי אפילו נאך די מועדות.

משא"כ נאך חודש תשרי הויבט זיך אן סדר העבודה אין וועלט, אנהויבנדיק פון ר"ח חשון, און דאס וואס מ'זאגט ניט קיין תחנון בר"ח חשון איז דאס ניט מצד חודש תשרי, נאר מצד דעם וואס דאס איז ראש חודש, ועאכו"כ יום ב' דר"ח חשון (וואס איז שוין ניט אין חודש תשרי, נאר א' חשון), ועאכו"כ אין די טעג נאך דערויף, וואס דעמולט זאגט מען שוין יא תחנון.

אבער וויבאלד אז ביז ז' חשון האט זיך נאך ניט פארענדיקט ביי אלע אידן

דער עלי' לרגל פון חג הסוכות, איז פארשטאנדיק אז ביז דעמולט האט זיך נאך ניט אנגעהויבן די עבודה אין וועלט, כל ישראל במקומו.

וואס דערפאר הויבט זיך אן דער אמת'ער עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" נאך ז' חשון.

כט. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

וויבאלד אז דער שבת איז דער טאג נאך ז' חשון, דארף זיך הייגט אנהויבן דער אמת'ער ענין פון "ויעקב הלך לדרכו".

וואס דאס איז ניט דער פירוש אז מ'גייט אוועק פון חודש תשרי און מ'האט מערניט קיין שייכות מיט חודש תשרי - נאר די כוונה איז, צו מיטנעמען חודש תשרי און די ענינים פון חודש תשרי על כל השנה כולה, און כאמור אין אן אופן פון "ויעקב הלך לדרכו":

"ויעקב": דא רעדט מען ניט (נאר) וועגן אידן בבחי' ישראל, על שם "כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל", נאר וועגן אידן וואס זיינען בבחי' יעקב, וואס דאס איז כולל אלע אידן, ביז אויך א איד וואס איז ערשט געבארן געווארן, און אפילו אין אן אופן פון "וידו אוחזת בעקב עשו", און דוקא "בעקב", ניט ווי ישראל וואס איז די אותיות "לי ראש".

"הלך": אע"פ וואס ער שטייט אין די דרגא פון "יעקב", איז אבער זיין עבודה אין אן אופן פון הליכה, וואס אמיתית ענין ההליכה איז הליכה באין ערוך, ווי גערעדט פריער בארוכה.

"לדרכו": ער גייט ניט אין "דרך ה'", אין אופן פון "ושמרו דרך ה'", נאר אין "דרכו", זיין עבודה איז אין "כל מעשיך" און אין "בכל דרכיך" - אבער אפילו אין "דרכו" מאנט מען אויך אז עס זאל זיין "הלך לדרכו" - א הליכה באי"ע, ביז אז עס ווערט "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו", ביז "דעהו" אין אן אופן פון "דע את אלקי אביך ועבדהו בלבב שלם".

ל. האמור לעיל, אז קומענדיק פון ז' חשון דארף מען מיטנעמען פון דער עלי' לרגל בחודש תשרי על כל השנה כולה, איז שייך צו חודש תשרי בכל שנה ושנה.

בשנה זו קומט צו נאך אן ענין וואס זי איז א שנת הקהל, וואס דעמולט איז די עלי' לרגל געווען א גרעסערער בכמות ובאיכות ווי בכל שנה, ובמילא האבן אידן דעמולט מערער מיטגענומען ווען זיי זיינען אוועק פון חודש תשרי ווי בשאר השנים.

ווארום דעמולט האבן אלע אידן עולה לרגל געווען, "האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך" צו הערן די פרשיות התורה וואס דער מלך האט געליינט, וואס ווי דער רמב"ם זאגט (סוף הל' חגיגה) אז בשעת מ'האט געהערט די קריאת התורה האט מען געדארפט מכוון זיין און "יראה עצמו כאילו עתה נצטוה בה ומפי הגבורה שומעה שהמלך שליח הוא לשמוע דברי הא-ל", וואס "מפי הגבורה" הייסט אזוי ווי מ'האט עס געהערט מסיני.

און דאס האט גע'פועל'ט אויף אלע אידן וואס האבן דאס געהערט, אפילו אויף די טף, וואס זיי זיינען גאר קליינע קינדער ערשט געבארן געווארן, אדער בן שלשים יום, ווי דער ירושלמי זאגט, וכמבואר אין אחרונים,

ביז אז דאס האט גע'פועל'ט אויך אויף גדולים וואס האבן ניט פארשטאנען וואס מ'ליינט, ווי דער רמב"ם זאגט (שם) אז אזוינע וואס "אינן מכירין" די שפראך פון לה"ק אויף וועלכע דער מלך האט געליינט די פרשיות (שם ה"ה), וואס דערפון איז אויך מובן בנוגע צו אלע אנדערע מניעות וואס קענען זיין אויף ניט פארשטיין וואס

הנחה פרטית בלתי מוגה

ער האט געליינט, איז אויך זיי "חייבין להכין לבם ולהקשיב אזנם לשמוע באימה ויראה וגילה ברעדה כיום שניתנה בו בסיני".

וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק: בשלמא בשעת מעשה וואס דער מלך האט געליינט די פרשיות איז פארשטאנדיק פארוואס אויך זיי דארפן דאס הערן - אבער צוליב וואס האבן זיי זיך דערצו געדארפט מכין זיין פאראויס, זיי זיינען דאך לא יודעים מאי קאמר?!

פונדעסטוועגן זאגט מען אז אויך זיי דארפן זיך מכין זיין "לבם ולהקשיב אזנם לשמוע כו'", ווארום די קריאה האט געהאט א השפעה ניט נאר אויף די וואס האבן דאס געהערט, "למען ישמעו" בשמיעה לשון הבנה, נאר אויך אויף די וואס האבן דאס געהערט בשמיעה כפשוטו, און די השפעה איז געווען אין אן אופן אז בא זיי זאל זיין "יראו את ה' אלקיכם ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת".

ביז אז דאס האט אויף זיי משפיע געווען, ניט נאר ביז דעם קומענדיקן שנת הקהל (אין זיבן יאר ארום), נאר "על כל הימים אשר אתם חיים על האדמה".

וואס ע"פ כל זה איז פארשטאנדיק אז בשנה זו איז נאכמער מודגש ווי בשאר השנים דער ענין אז מ'דארף מיטנעמען פון חודש תשרי אויף די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" בכל השנה כולה.

און וויבאלד אז דער אויבערשטער גיט כח אויף דערויף (דורך דעם וואס דער שנה איז א שנת הקהל) איז א זיכערע זאך אז מ'קען דאס דורכפירן בפועל, ווארום "איני מבקש אלא לפי כחן".

לא. דער אויבערשטער האט אבער אויך געגעבן א אידן דער כח הבחירה, אז ער זאל קענען אויסקלייבן אויף איינע פון צוויי אופנים - "את החיים ואת הטוב", אדער פארקערט.

וואס אע"פ אז דער אויבערשטער האט דערביי אויך געזאגט "ובחרת בחיים", וואס דאס איז דאך א הבטחה אז סוף סוף וועט זיין "ובחרת בחיים", וויבאלד אז "בל ידח ממנו נדח" - איז דאס אבער מלשון ציווי, וואס דערפון איז מובן אז אין אנהויבס (עכ"פ) קען זיין אז א איד זאל בוחר זיין אין פארקערט פון "בחיים".

וואס לבאורה ווי קען א איד בוחר זיין אין דער היפך פון חיים, וכקושיית הזהר הידועה (ח"ג יג, ב) "ונפש כי תחטא - תווהא"?!

שטייט אויף דערויף דער ביאור אין ספרי מוסר און נאכמער אין ספרי חסידות: אז דער יצה"ר איז אן "אומן במלאכתו" און "היום אומר לו עשה כך ולמחר אומר לו עשה כך עד שאומר לו לך ועבוד ע"ז הולך ועובד" (שבת קה, ב):

דער יצה"ר קומט לכתחילה ניט זאגן א אידן אז ער זאל טאן אן עבירה, ווארום א איד וועט דערצו קיינמאל ניט מסכים זיין - נאר "היום אומר לו עשה כך" - ער זאגט אים טו א מצוה, ד.ה. ער זאגט אים אז ער איז מסכים מיטן יצ"ט אז ער דארף טאן א מצוה, ער מאכט זיך פאר א שותף אין דעם,

"ולמחר אומר לו עשה כך": וויבאלד אז ער איז געווארן א שותף און האט א דעה - זאגט ער אים אז ער זאל איצטער טאן אן עבירה, "עד שאומר לו לך ועבוד ע"ז והולך ועובד": ער זאגט אים ער זאל טאן אן עבודה וואס איז פרעמד פאר א איד, אן ענין של חול, וואס ביי א איד וואס יעדער איד איז פון "גוי קדוש", איז יעדער ענין של חול ביי אים פרעמד - "עבודה זרה", און יעדער זאך פון א אידן דארף זיין פארבונדן מיטן אויבערשטן, וואס דערפאר איז אפילו אויב ער טוט אן עבודה וואס איז זיינער אן עבודה איז דאס "עבודה זרה", וויבאלד אז ס'איז ניט דעם אויבערשטן'ס אן עבודה, ביז אז דערפון קומט ער צו עבודה זרה כפשוטו, ר"ל.

און דאס האט זיך אלץ אנגעהויבן פון "היום אומר לו עשה כך", וואס דער יצה"ר האט מסכים געווען אז ער זאל טאן א מצוה!

וואס דערפאר דארף זיך א איד היטן אפילו ווען ער טוט א מצוה פון דעם יצה"ר, דער "אומן במלאכתו".

לב. פון וואנעט ווייס טאקע א איד בשעת ער טוט א מצוה צי דאס קומט פון דעם יצ"ט אדער פון דעם יצה"ר? וואס איז די בחינה אויף דערויף?

איז די בחינה אויף דעם פון די תוצאות וואס קומען דערפון ארויס דערנאך: אויב אויף מארגן פון ווען ער האט געטאן די מצוה פילט ער זיך בשמחה און בשבע רצון, און ער זעט אז דערפון קומט ארויס א הוספה אין תומ"צ, און אז דאס פועל'ט אויך אויף זיינע תלמידים אז בא זיי זאל זיין א הוספה אין תומ"צ - איז א הוכחה אז דאס וואס ער האט געטאן איז געווען א גוטע זאך און אז דאס קומט פון יצ"ט

אויב אבער אויף מארגן פילט ער אז ער האט עפעס חרטה, און ער פילט אז ער האט דורכגעלאזן א מצוה עוברת, ד.ה. אז ער האט געטאן א מצוה שאין הזמן גרמא, און דערביי פארפעלט א מצוה שהזמן גרמא וואס ער האט געדארפט טאן - איז דעמולט א הוכחה אז דאס וואס ער האט געטאן איז ניט געווען א גוטע זאך און אז דאס קומט פון דעם יצה"ר, וואס דער יצה"ר איז צו אים ניט געקומען און געזאגט אז ער זאל טאן אן עבירה, וויסנדיק אז ער וועט אים ניט פאלגן, נאר ער איז צו אים געקומען און געזאגט אז ער זאל טאן א מצוה, נאר א מצוה שאין הזמן גרמא, און דערביי פארפעלן א מצוה שהזמן גרמא!

לג. די הוראה דערפון איז בפשטות:

מ'דארף זיך קאכן אין די ענינים שהזמן גרמא.

און אע"פ אז אמאל זעט אויס אז מ'דארף טאן א צווייטע גוטע זאך, דארף מען זיך אבער צוקוקן צי יענער צווייטער זאך איז אן ענין שהזמן גרמא, אדער מ'קען עס אפלייגן אויף שפעטער.

איי מיט דער צווייטער זאך קען ער אויפטאן גדולות און געוואלדיקע זאכן - דארף מען אבער וויסן צי מ'דארף דאס איצטער טאן אדער ניט!

און ווי מ'זעט אין די הנהגה פון ר' שמעון בן יוחאי:

רשב"י איז געווען "תורתו אומנתו", ובתכלית השלימות פון דעם, און ס'איז ידוע די הפלאה פון לימודו פון רשב"י, ווי די כמה סיפורים בזה, אז בשעת רשב"י האט געלערנט תורה האט דער אויבערשטער מיט מתיבתא שלו מיט די מלאכים וכו' אלע געלערנט תורה,

אעפ"כ דערציילט דער ירושלמי אז ווען ס'איז געקומען צו מאכן א סוכה ולולב, האט רשב"י מפסיק געווען מלימודו און געגאנגען מאכן דעם סוכה ולולב.

וואס לכאורה וויבאלד אז ער האט געלערנט תורה מיט אזא הפלאה אז גאנץ סדר ההשתלשלות האט זיך געקערט בשעת ער האט געלערנט, האט ער דאך געקענט האבן א קס"ד אז ער זאל ניט מפסיק זיין מלימודו צוליב עשית סוכה ולולב - אעפ"כ זעט מען אז ווען ס'איז געקומען צו די מצוות שהזמן גרמא, איז וויבאלד אז מ'האט זיי געמוזט טאן, איז בא רשב"י ניט געווען קיין צווייטער קס"ד אז ער זאל ניט מפסיק זיין מלימודו און גיין מקיים זיין די ענינים, נאר ער איז גלייך געגאנגען מאכן דעם סוכה און לולב!

הנחה פרטית בלתי מוגה

עד"ז איז די הוראה צו יעדערן:

וואס פאר א הויכע זאך ער זאל נאר טאן, איז ווען עס קומט צו אן ענין שהזמן גרמא דארף ער דאס פריער טאן.

און ניט ווען עס קומט צו אן ענין שהזמן גרמא גייט ער עפענען א ספר לערנען תורה, אדער טאן ענינים של מה-בכך, וואס זיינען ניט ענינים שהזמן גרמא - נאר ער טוט דער ענין שהזמן גרמא.

לד. אן ענין וועלכע איז איצטער אן ענין שהזמן גרמא:

דער סדר העולם איז, אז נאך חודש תשרי מאכט מען קאנווענשען'ס.

און וויבאלד אז "אזלת לקרתא הלך בנימוסי'" (שמו"ר פמ"ז, ה), איז אזוי אויך דער סדר בא אידן, אז נאך חודש תשרי מאכט מען קאנווענשען'ס

דער סדר וואס וועט זיין בא דעם קאנווענטשען און די ענינים וועגן וועלכע מ'וועט דארטן רעדן - שטעלט מען אויס פון פריער, ובמילא איז נאך דעמולט דא א האפענונג אז מ'קען בייטן אדער מוסיף זיין ענינים וועלכע מ'דארף וועגן זיי במיוחד רעדן.

נאך דערויף וואס דער מזכיר חתמ'עט אויף דעם סדר פון דעם קאנווענשען - איז פארפאלן ואין להשיב! מ'קען גארניט טאן דאס צו בייטן.

אפילו אויב מ'קומט מיט א רמב"ם, מיט א שו"ע, מיט א רמ"א, וואס זאגן אז דער סדר היום פון דעם קאנווענטשן דארף זיין באופן אחר - קען מען גארניט טאן דאס צו משנה זיין, וויבאלד אז דער מזכיר האט שוין גע'חתמ'עט אויף דערויף, און מ'האט עס שוין פאנאנדערגעשיקט צו די קכ"ז מדינות, ובמילא איז דאס אויך פארבונדן מיט טירחא דציבורא וכו'.

אבער פאר דערויף וואס דער מזכיר האט אויף דערויף גע'חתמ'עט, וואס דאס איז בערך דעם איצטיקן זמן - איז נאך דא האפענונג אז מ'זאל דארטן אריינשטעלן ענינים וואס דארפן דארטן שטיין, אע"פ וואס אויך דעמולט איז דאס ניט אזוי גרינג פועל'ן, וויבאלד אז דער נוסח פון דעם סדר היום איז אזוי ווי דער נוסח פון פאר-א-יארן און אזוי ווי כל השנים - וויל מען דאך דאס ניט בייטן פון ווי דאס איז געווען פאר-א-יארן.

לה. וואס בנוגע צו דער כללות האויסשטעל פון ווער עס פירט אן מיט די ארגונים וואס מאכן די קאנווענטשן'ס איז אויך דא א חסרון:

אלס ראשים פון די מארגנים האט מען אוועקגעשטעלט גדולי ישראל און תלמידי חכמים.

וואס דאס איז ניט קיין גוטע זאך צו טאן, ווי דער דין איז בנוגע צו א תלמיד חכם וואס איז א ראש העיר, אז ס'איז א שאלה צי מ'מעג אין אזא שטאט לעבן, ווארום א ת"ח ליגט ניט אין עניני תורה ניט אין עניני העיר.

איך וויל אבער וועגן דערויף ניט רעדן, ווארום איך וויל זיך ניט פאררייסן מיט קיינעם, ובפרט אז איך בין שוין פארריסן מיט גענוג אידן,

ובפרט אז איך וויל אז דער רעדן דא זאל מועיל זיין.

לו. די כוונה פון דעם רעדן איצטער איז צו באווארענען אז בא די קאנווענטשן'ס וואס וועלן בקרוב זיין זאל מען רעדן וואס מ'דארף רעדן.

ואע"פ אז מ'האט וועגן די ענינים ניט גערעדט אין די שנים שלפנ"ז - איז אבער ווייבאלד אז מ'גרייט נאך צו דעם סדר היום פון די קאנווענטשן'ס, כנ"ל - איז כולי האי ואולי אז מ'וועט עפעס קענען פועל'ן אין דערויף דורך רעדן וועגן דעם.

און דאס איז:

עס פירט זיך במדינה זו אז נאכן זמן הקיץ, בהשגח"פ, גיט מען ארויס די סטאטיסטיק'ס (בלשון המדינה) וויפל אידישע קינדער האבן באקומען אין דעם לעצטן יאר א חינוך פארבונדן מיט אידישקייט.

היי-יאר האט מען ארויסגעגעבן די סטאטיסטיק, אז הלואי א ¼ פון די אידישע קינדער במדינה זו באקומען א חינוך פארבונדן מיט אידישקייט!

וואס בכלל איז דער מספר פון אידישע קינדער וואס באקומען א חינוך פארבונדן מיט אידישקייט, פוחת והולך משנה לשנה - און היי-יאר איז דאס שוין געקומען צו א מעמד ומצב וואס א ¼ פון אידישע קינדער באקומען א אידישן חינוך!

וואס אידישע חינוך איז דא דער טייטש אויך לערנען אל"ף בי"ת בפשטות (אפילו ניט אל"ף בי"ת פון אידישקייט), ובלשון שלהם - אז מ'לערנט שפה עברית, און אויך כולל "סאנדיי סקול" און "עפטערנון סקול", פעם אחת ביום, אדער נאר כמ"פ בשבוע וכו' - און דער סך הכל פון אלע אידישע קינדער וואס באקומען א אידישן חינוך אין איינע פון די אופנים הנ"ל איז א ¼ פון אידישע קינדער במדינה זו!

און ס'איז ניט דער פשט אז ¾ פון דעם ¼ לערנען אין ישיבות און כוללים - נאר ליידער ס'איז פונקט פארקערט: ¾ פון דעם ¼ לערנען אין די אנדערע סוגים פון סקולס, און א מיעוט פון דעם ¼ לערנען אין ישיבות און כוללים!

און נאך אלעס איז דער סך הכל - בלויז א ¼ פון אלע אידישע קינדער במדינה זו!

לז. וואס דאס איז דער מספר פון קינדער וואס באקומען עפעס וואס פון א אידישן חינוך וואס זיינען בגיל חינוך, וואס בנוגע צו זיי זיינען נאך דא כו"כ וואס טוען אין קריגן נאך קינדער בגיל זה צו באקומען א אידישן חינוך;

דערפון איז אבער פארשטאנדיק במכ"ש וק"ו בנוגע צו די קינדער וואס זיינען נאך פאר גיל חינוך, וואס בנוגע צו זיי טוען ממש איינציקע אז זיי זאלן באקומען א אידישן חינוך המתאים לגיל זה, וואס זיי דארף מען מכין זיין אויף קענען באקומען א חינוך המתאים שפעטער, דורך דעם וואס זיי עסן כשר, ווי דער רמב"ן איז מבאר אז ניט כשר'ע מאכלים איז מטמטם דער לב מיטן מוח, דארף מען עסן כשר בכדי מזכך זיין דעם קאפ פון דעם קינד אז ער זאל קענען נעמען א אידישן חינוך, און פארשטיין תורתו של הקב"ה.

לח. נאך אן ענין וואס הזמן גרמא - דער ענין פון נישואי תערובת

וואס דאס איז אויך אן ענין וואס איז פוחת והולך בכל שנה ושנה, און איצטער האלט עס ביי א מעמד ומצב וואס א דריטל פון די נישואין פון אידן אין ארצות הברית זיינען ר"ל נישואי תערובת ! און ניט דאס בלייבט בא דעם מספר, נאר ס'איז פוחת והולך!

וואס דער הארבקייט פון דעם ענין פון נישואי תערובת איז פארשטאנדיק בפשטות, און ווי דער ראגאטשאווער איז דאס מבאר, אז בכלל קען קיינמאל ניט זיין א מציאות אז פון א איד זאל ווערן אויס איד, "אע"פ שחטא ישראל הוא"; דער איין און איינציקער

פאל וואס א איד קען ווערן אויס איד, איז - ווען א איד האט חתונה מיט ניט קיין אידישע מיידל, איז דער קינד וואס ווערט געבארן ניט קיין אידישער קינד, פון "בנך" איז געווארן איר זון.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בפשטות אז דער ענין פון נישואי תערובת איז פשוט פקו"נ בגשמיות וברוחניות!

און וואס איז דער מעמד ומצב אין דעם אין ארצה"ב - אז א דריטל פון די נישואין בא אידן זיינען נישואי תערובות!

וואס דאס איז דער מצב אין ארצה"ב, וואו ס'איז רוב מנין ורוב בנין פון אידן בזמן זה, און דארטן זיינען דא אסאך ישיבות וכו', און אסאך עסקנים אין אידישקייט, וואס זיי טוען אויך קעגן נישואי תערובות - איז דאך פארשטאנדיק במכ"ש ווי דער מצב איז אין דעם ענין פון נישואי תערובות אין אנדערע מקומות.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו חינוך אין אנדערע מקומות, במכ"ש פון ווי ס'איז דא אין ארצה"ב.

האט מען אבער געזען בפועל אז ווען ס'איז געקומען צו די קאנווענטשן'ס אין די פריערדיקע יארן, וואס זיי דארפן באהאנדלען און טאן בפועל בנוגע צו די ענינים נחוצים פארבונדן מיט אידישקייט - האבן זיי בפועל וועגן דערויף גארניט גערעדט און געטאן!

וועגן וואס רעדט מען דארטן יע - מ'רעדט אפ פאראויס אז "גמול לי ואגמול לך": איינער שטעלט זיך אויף און איז משבח דעם צווייטן מיט אלע שבחים, אז ער האט געטאן פאר אידישקייט מיט מס"נ וכו', און מ'גיט אים טאוולען,

וואס דאס איז טאקע א גרויסע זאך, ווי דער רשב"א זאגט אז מצוה לפרסם עושי מצוה - ער טוט גאר א מצוה מיט דעם - אבער דערפון קומט גארניט ארויס בפועל.

און דערנאך שטעלט זיך אוועק דער צווייטער און איז משבח דער וואס האט אים משבח געווען.

און אזוי גייט די גאנצע אסיפה און דער קאנווענטשן אן אפרעדן עפעס בנוגע לפועל, פונקט ווי די אסיפה פון קאנווענטשן וואס איז געווען א יאר פאר דערויף, און דערנאך איז "הולכים לאהליהם שמחים וטובי לב".

וואס פאר אן איינדרוק מאכט מען דורך דערויף - אז ס'איז הכל שלום על ישראל, ס'איז מערניט וואס עס פעלט געלט, און עס פעלן מערער חברים אין דעם ארגון - אשר על כן דארף מען מאכן מערער געלט, און צוציען מערער חברים.

וואס געלט איז טאקע א גוטע זאך, מ'מאכט עס ניט אפ, מ'דארף האבן געלט פאר ישיבות, און דורך דערויף קען מען מרבה זיין אין תלמידים,

[באמת אבער איז ידוע דער ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, בנוגע צו אריינגעמען אין א מוסד חינוך נאך אידישע קינדער, אז ווען א קינד קומט קלאפן אויפן טיר און וויל אריינגיין אין דער ישיבה, חדר, וכיו"ב, און דאס וועט זיין פארבונדן מיט נייע הוצאות מ'דארף צוליב זיי אריינגיין אין חובות - טאר מען בשום אופן ניט אפזאגן דעם קינד, נאר מ'דארף אים אריינגעמען אין דער ישיבה,

ווארום א חוב קען מען אפצאלן שפעטער, וואס סתם חוב איז אויף שלשים יום, אדער מ'רעדט אפ אויך נאכמערער - א יאר וכיו"ב; משא"כ בנוגע צו דעם קינד ווייס מען ניט צי מ'וועט אים שפעטער קענען געפינען, ע"ד דער סיפור הידוע מיט נחום איש גם זו, אז ביז ער האט זיך אויסגעטאן, איז דער עני געשטארבן].

און אויך געבן מערער געלט דעם ראש ישיבה, וועט ער במילא זיין מער במנוחה און ניט האבן קיינע בלבולים, וועט ער זיך קענען מערער נתינת לב זיין צו די תלמידים,

און דורך דערויף וועלן די תלמידים קענען האבן ליכטיקע און וואַרעמע חדרים, און האבן גענוג וואס צו עסן, פת במלח, ביז ווי די גמרא זאגט אז מ'דארף יעדן אידן געבן אזוי ווי סעודת שלמה בשעתו, און אויך דעמולט איז א שאלה צי מ'האט יוצא געווען, א חוץ אויב מ'מאכט פריער א תנאי באופן אחר,

[וואס היינט האט מען שוין אויף אזויפיל ניט די אחריות, וויבאלד אז די מאמעס פון די תלמידים קומען און דאגה'ן וועגן דעם].

וואס דאס איז אויך נוגע אין דעם לערנען תורה, ווי דער רמב"ם זאגט אז אויב מ'איז רעב אדער צמא קען מען ניט לערנען.

פונדעסטוועגן טוט דאס גארניט אויף מיט די ¾ פון אידישע קינדער במדינה זו וואס באקומען ניט בכלל קיין אידישן חינוך! און אפילו דאס טוט אויך גארניט אויף מיט די אידישע קינדער וואס באקומען יא א אידישן חינוך.

עס בלאנדזשען ארום אידישע קינדער, און זיי ווערן פארכאפט פון כל מיני דברים בלתי רצויים, און ניט נאר אין די גאנצע מדינה, נאר אויך אין זיינע ד' אמות, וואַרום וואו אידן געפינען זיך נאר זיינען דא אידישע קינדער וואס בלאנדזשען ארום - האט מען לכאורה געדארפט שטורעמען וועגן דעם: וואס הייסט אז עס זיינען דא אזויפיל קינדער וואס בלאנדזשען ארום און האבן קיין שייכות ניט בכלל צו א אידישן חינוך, ס'איז דאך א מצב איום ונורא -

זעט מען אבער בפועל אז ניט מ'רעדט וועגן דעם בא די קאנווענטשן'ס און קיין איינער טראכט אפילו ניט וועגן דעם!

מא. און ניט רעדן וועגן דערויף ביי א קאנווענטשן, מאכנדיק דערמיט א רושם אז ס'איז הכל שלום - איז דאך דער ערגסטער מצב וואס קען נאר זיין,

כידוע וואס דער רמב"ם שרייבט אז חולי הנפש איז אזוי ווי חולי הגוף, וואס בנוגע צו חולי הגוף, ומזה מובן אויך בנוגע צו חולי הנפש זיינען דא צוויי אופנים ווי עס קען זיין א חולי און ער זאל ניט האבן קיין רפואה:

איין אופן - אז דער חולה ווייס אז ער איז א חולה, אבער ער ווייס ניט דעם אדרעס פון א דאקטער, אדער ער גייט צו דעם דאקטער און דער דאקטער זאגט אים אז ער דארף איבערטראַכטן וועגן דעם, אדער דער דאקטער זאגט אים ווי צו היילן דעם חולי און ער פאלגט ניט.

א צווייטער אופן - אז דער חולה ווייס גאר ניט אז ער איז א חולה און ער מאכט א רושם אז ס'איז אלץ בסדר און אלץ גוט, און ער לאזט אויך אנדערע ניט רעדן וועגן דעם אז ס'איז דא א פראבלעם -

וואס דער צווייטער אופן איז באי"ע א ערגערער מצב ווי דער ערשטער אופן.

ועד"ז בנדו"ד: דורך דערויף וואס מ'רעדט ניט בא די קאנווענטשן'ס וועגן דעם ענין החינוך און דעם ענין פון נישואי תערובות - מאכט מען א רושם אז ס'איז אלץ פיין און גוט, אע"פ וואס בלויז א ¼ פון אידישע קינדער באקומען עפעס פון א אידישן חינוך, און א דריטל נישואין בא אידן זיינען נישואי תערובות!

ס'איז דאך א מצב מבהיל, ואין פוצה פה ומצפצף!

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

עס וואלגערן זיך ארום אידישע קינדער אין די גאסן פון ניו יארק, שיקאגא, קאנאדא, דרום אמעריקא, מיטל אמעריקע, צפון אמעריקע וכו', וואס באקומען ניט קיין שום אידישן חינוך - איז דאך דאס פשוט א רחמנות אויף זיי, און ס'איז דאך א ענין וואס "גם כי יזקין לא יסור ממנו" - איז דאך דאס פשוט א גרויסע רחמנות אויף זיי - און קיינער טוט גארניט!!!

אידישע קינדער בלאנדזשען - וואס טוסטו וועגן דעם?!

וויבאלד אז ס'איז שבת וועט עס קיינעם ניט שאטן.

מג. ועד"ז איז אויך בנוגע צו נישואי תערובות:

נישואי תערובות איז אן ענין גדול ביותר, כנ"ל, וואס איז נוגע צו דעם גאנצן לעבן פון דעם אידישן אינגל אדער מיידל, און דאס איז אן ענין פון פקו"נ ממש בגשמיות וברוחניות, און נוגע צו גאנץ אידישקייט,

און אעפ"כ רעדט מען ניט וועגן דעם בא די קאנוועגטשן'ס.

מ'רעדט טאקע וועגן וויכטיקע זאכן און וועגן גרויסע זאכן, און מ'וויל מעמיד זיין דת על תילה, און איינער איז דעם צווייטן משבח, וואס דערמיט איז ער גאר מקיים דערביי אויך א מצוה (כנ"ל) - אבער דערפון ווערט גארניט נשתנה בנוגע צו דער מצב אין גאס, סיי בנוגע דער ענין פון נישואי תערובות, סיי בנוגע דער ענין החינוך.

טענה'ט מען אז מ'איז פארנומען מיט אנדערע גוטע זאכן: מ'דארף מחזק זיין די אייגענע קהילות וכיו"ב, האט מען ניט קיין צייט פאר דעם.

דער תירוץ העלפט אבער ניט די אידישע קינדער וואס בלאנדזשען און באקומען ניט קיין אידישן חינוך, און "אונס כמאן דעביד לא אמרינן"!

און די טענה אז דורך רעדן וועגן דערויף וועט מען ביי אלעמען פועל'ן א מרה שחורה, און וויבאלד אז ס'איז א קאנווענטשן פון "מאן מלכי רבנן" דארף דאך זיין "עוז וחדוה במקומו" - איז דאס כמובן קיין טענה ניט: זאל מען רעדן וועגן דעם ניט אין אן אופן פון מרה שחורה, נאר דערציילן דעם מצב כמו שהוא, אז ס'איז א מצב פון פקו"נ ממש וכו', כנ"ל.

און דא איז ניט גענוג נאר דער רעדן וועגן דעם, און אפילו ניט שרייבן וועגן דעם, ווי אנדערע ווילן יוצא זיין דערמיט וואס מ'שרייבט אפ א "רעפארט" און אן ארטיקל און מער טוט ער ניט.

וואס אן ארטיקל איז א זאך וואס נאר מתי מספר לייענען, און אפילו זיי פארגעסן במשך הזמן וואס זיי האבן געלייענט.

ובכלל - איז דער ענין פון שרייבן ארטיקלען ניט קיין נייע זאך, דאס איז שוין געווען אין די צייט פון די ערשטע אימיגראנטן, און דערנאך אויך אין די צייט פון די שפעטערדיקע אימיגראנטן נאכן מלחמת עולם השני' (ווי מ'רופט עס אן) [וואס בא זיי איז געווען "לא הכיר את יוסף"].

והעיקר הוא - אז דורך שרייבן ארטיקלען און מאכן "רעפארטס" איז נאך דערווייל קיינער ניט ניצול געווארן, כנראה במוחש!

מד. די איינציקע עצה אויף צו מציל זיין די אידישע קינדער, איז דורך מאכן א שטורעם און דערנאך ארויסגיין טאן אין דעם בפועל ממש.

אנהויבנדיק דערפון וואס מ'רעדט וועגן דעם בא די קאנוועגטשן'ס און מ'שטעלט אויס א תכנית ווי מ'וועט אלע ענינים דורכפירן בפועל, סיי בנוגע צו דער ענין פון חינוך, און סיי בנוגע צו דער ענין פון נישואי תערובות, צוויי ענינים שהזמ"ג וואס איז נאך פוחת והולך ר"ל.

און ניט ווי מ'האט זיך געפירט בא די קאנוועגטשן'ס פון די פריערדיקע יארן, אז מ'האט אויסגעשטעלט דעם זעלבן סדר און גערעדט וועגן די זעלבע ענינים וועגן וועלכע מ'האט גערעדט א יאר פאר דערויף.

און ווי מ'זעט עס במוחש אין דעם סדר היום פון דעם קאנוועגטשן: בשעת מ'פארגלייכט עס מיטן סדר היום פון דעם קאנוועגטשן א יאר פאר דערויף, איז דאס פונקט די זעלבע זאך, ס'איז מערניט וואס עס האט זיך געביטן דער תאריך, אז אנשטאט תש"מ שטייט דעם יאר תשמ"א!

מה. איינער איז צו מיר אריין און האט בא מיר געפרעגט וועגן וואס זאל מען רעדן בא דעם קאנוועגטשן,

האב איך אים געזאגט: וואס דארף מען זוכן וואס צו רעדן, זאל מען נעמען דעם סדר היום פון פאר-א-יארן, און רעדן וואס מ'האט דעמולט גערעדט, אזוי ווי מ'האט געטאן פאר-א-יארן, אז מ'האט גערעדט דאס וואס מ'האט גערעדט פאר צוויי יאר!

און אזוי אויך דעם יאר זאל מען אפדרוקן עטלעכע מערער סדר היום'ס, און זיי האלטן ביז איבער א יאר און דעמולט וועט מען נאר בייטן דעם תאריך, פון תשמ"א צו תשמ"ב!

איז יענער געווארן ברוגז, האב איך אים געזאגט זאל ער אליין גיין און א קוק טאן אין דעם סדר היום פון פאר א יארן און פון פאר צוויי יאר, און פאר די לעצטע עטלעכע יאר, און זען אז ס'איז ניטא קיין עיקר שינוי אין דעם, ס'איז נאר דא א שינוי אין ענינים טפלים - אין דעם תאריך, אין דעם האל, אמאל אין דעם "ספיקער", אין דעם וואס מ'וועט געבן באם סוף פון דער סעודה, איין יאר תפוחים, א צווייטן יאר אן אנדער זאך בדומה לזה וכיו"ב.

און אזוי איז דא בכל שנה ושנה - אין דעם סדר היום פון תש"מ זעט מען דער זעלבער זאך וואס עס שטייט אין דער סדר היום פון תשל"ט, און פון תשל"ח, און פון תשל"ז, און ע"ד הרגיל וועט דאס מסתמא אויך זיין אין דעם סדר היום פון תשמ"א און דערנאך תשמ"ב.

יענער איז צו מיר ניט צוריקגעקומען.

מו. יענער האט מיר דעמולט אויך געבעטן, אז ער וויל האבן א דבר חדש וועגן וואס צו רעדן בא דעם קאנוועגטשן.

האב איך אים געזאגט וואס דארף ער א דבר חדש, זאל ער נעמען א דבר ישן, וואס איז שוין א פראבלעם כו"כ שנים, און ס'איז פוחת והולך משנה לשנה, און אויך די מדברים בזה זיינען פוחת והולך משנה לשנה - און וועגן דערויף זאל ער רעדן.

וואס איז דאס - דאס איז דער ענין פון חינוך, וואס איצטער האט מען מודיע געווען אז הלואי ¼ פון אידישע קינדער באקומען א אידישן חינוך, וואס דאס איז כולל אויך דער לימוד פון אל"ף בי"ת כפשוטו צו טף, נוסף צו די "האנשים והנשים" וואס דארפן לערנען די אל"ף בי"ת פון אידישקייט; און אויך דער ענין פון נישואי תערובות, וואס איצטער זיינען א דריטל פון די נישואין בא אידן נישואי תערובות.

און בקשר מיט דעם מצב פון אידישן חינוך איצטער אין ארה"ב - האב איך אים געזאגט אז דאס איז אויך א דבר חדש (ווי ער וויל האבן):

איך האב ביי אים געפרעגט צי ער האט געליינט די צייטונג פון דעם און דעם טאג וועגן דעם מצב פון אידישן חינוך אין ארה"ב? האט ער געזאגט יע, האט עס דיר א טרייסל געטאן? ניין, פארוואס? ווייל אויפן ערשטן זייט פון צייטונג איז געשטאנען א נייער ענין וואס איז צוגעקומען אין דער מצב צווישן איראן און איראק, וואס ליינענדיק דאס האט דאס אים מבלבל געווען, ווארום ער האט געטראכט פארוואס האט ער זיך ניט געכאפט אז עס קען ווערן אזא שינוי אין דער מצב דארטן, און עד כדי כך האט דאס אים מבלבל געווען אז אים איז שוין ניט געווען נוגע א צווייטער ענין וואס ער האט געליינט!

און פארוואס איז אים נוגע דער מצב אין איראן און איראק? זאגט ער אז דאס איז דערפאר וואס די גמרא זאגט, אז בשעת "מלכיות מתגרות אלו באלו" איז "צפה לרגליו של משיח", און דא איז אין דער מצב אין איראן און איראק איז דער "מלכיות מתגרות אלו באלו" אין אזא ווילדן אופן וואס לא הי' לעולמים.

וואס אוועקשטעלן זיך רעדן בא דעם קאנוועטשן וועגן דעם מצב אין איראן און איראק פאסט אים ניט, ווארום ס'איז ניט נוגע בא דעם קאנוועטשן - במילא טוט ער עס אן אין אותיות אז דאס איז נוגע צו דער מצב הבטחון אין ארץ ישראל, ובמילא קען ער דעמולט רעדן וועגן דעם!

איי איז די שאלה: דו קענסט דאך סיי-ווי גארניט טאן צו בייטן דעם מצב דארטן - איז צוליב וואס טומלסטו וועגן דעם?! צי דען האט מען צוליב דעם אראפגעשיקט דיין נשמה מאיגרא רמה לבירא עמיקתא?!

ואין כאן מקומו להאריך בזה, ווארום אויב מ'וועט צורעדן וועגן איראן און איראק וועט מען פארגעסן אויף דעם עיקר.

מז. וואס דער עיקר איז:

בא די קאנוועטשן'ס זאל מען רעדן וועגן די צוויי ענינים עיקריים שהזמן גרמא - דער ענין פון חינוך פון אידישע קינדער, און דער ענין פון נישואי תערובות, און נאך ענינים וואס מ'דארף צו זיי האבן א שימת לב מיוחדת, מ'דערמאנט אבער נאר די צוויי ענינים וויבאלד אז בנוגע צו זיי איז איצטער א מצב איום ונורא און זיי זיינען יסודות כפשוטו פון אידישקייט, כנ"ל בארוכה.

און וועגן דעם דארף מען רעדן ניט נאר בא קאנוועטשן'ס וואס טרעפן פעם אחת בשנה, נאר אויך די וואס קומען פאר פעם בחודש אדער פעם בשבוע.

ובפרט אז בא א קאנוועטשן געפינען זיך עשרה מישראל, ועאכו"כ נאכמער, וואס "אכל בי' עשרה שכינתא שריא" - האט מען דעמולט זיכער דער כח צו אויפטאן מיטן רעדן דארטן וועגן דעם.

און דערצו זאל מען נאך צוגרייטן פאר דעם קאנוועטשן, און פאר דעם וואס דער מזכיר חתמ'עט שוין אויפן סדר וואס וועט זיין, ובמילא וועט דעמולט אלץ זיין באופן הכי מתאים בא דעם קאנוועטשן אליין.

און דערנאך איז דער עיקר אז עס זאל ניט בלייבן בכתב אדער בדיבור - נאר עס זאל אראפקומען בפועל ממש.

מח. ויה"ר אז מ'זאל טאן אין די אלע ענינים האמורים לעיל אין אן אופן פון "אל יבוש מפני המלעיגים", ווי עס שטייט אין שו"ע בתחילתו.

און דערפון וואס דער שו"ע הויבט זיך אן דערמיט האט מען אויך א הוראה מיט וואס אנצוהויבן דעם קאנוועטשן, און וואס אנצושרייבן אויף דער התחלה פון סדר היום:

מ'דארף ניט אנקומען צו שרייבן אז ס'איז דא א ראש כל הכית מיט די אלע מאדנע לשונות וואס מ'נוצט - נאר מ'הויבט אן ווי דער שו"ע הויבט אן, אז "שויתי ה' לנגדי תמיד", און במילא דארף זיין "אל יבוש מפני המלעיגים".

וואס דאס מיינט אין פשוט'ע אותיות: ניט ער זאל מיינען אז ער איז א סטאטעטשנער מענטש, ער גייט "עקב בצד אגודל", ער טוט אלץ מיט שכל, ער מאכט ניט מיט די הענט בשעת ער רעדט, ער ווערט ניט אויפגערעגט וכו' - נאר ווען עס קומט צו ענינים פון אידישקייט דארף ער זיך דערמיט ניט שעמען, און אויב ער רעדט וועגן אן ענין וואס רירט אים אן, שעמט ער זיך ניט וויינען אויף דעם.

והגם אז אין די יארן פאר דערויף האט קיינער זיך אזוי ניט געפירט, און אויך היי יאר שטייט דאס ניט על סדר היום, אז מ'זאל וויינען - זאגט מען אים אז דער ערשטער דין אין שו"ע איז "שויתי ה' לנגדי תמיד", און דערמיט דארף ער זיך ניט שעמען, "אל יבוש מפני המלעיגים".

מט. און ער דארף זיין "עז כנמר וקל כנשר רץ כצבי וגבור כארי" (ווי עס שטייט די פיר ענינים אין טור און אין דעם אלטן רבין'ס שו"ע, משא"כ אין שו"ע (פון דעם ב"י) שטייט נאר צוויי פון די פיר), און ווי מ'איז דארטן דאס מפרש בפרטיות, ביז אז עס דארף זיין "אני מעורר השחר ואין השחר מעיר אותי".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק פארוואס מ'ברענגט דוגמאות דוקא פון חיות און ניט פון בני אדם:

מ'געפינט בכ"מ אז עס זאל שטיין אז יהודה איז א גבור, און נפתלי איז רץ כצבי וכו' האט מען געדארפט זאגן "הוי גבור כיהודה ורץ כנפתלי וכו'" - איז פארוואס נוצט מען דוקא חיות, וואס פון צווישן זיי גופא איז נאר א צבי כשר, משא"כ א נמר, נשר און ארי זיינען ניט קיין כשר'ע חיות [למעלה בשרשם איז אן ארי און א נשר אין דער מרכבה - אבער ווען זיי ווערן נשתלשל למטה זיינען זיי ניט כשר].

נאר דער ביאור בזה איז - אז דערפון לערנט מען אפ אז אמאל דארף מען זיך ניט פירן ע"פ די מדוה"ג פון שכל ווי עס קומט אויס ביי א בן אדם, נאר למעלה ממדוה"ג פון שכל.

נ. דאס הייסט:

ווען ער שטעלט זיך אוועק רעדן בא דעם קאנווענטשן וועגן דעם מצב איום פון אידישן חינוך, און דאס רירט אים אן באמת - וויינט ער! און ער וויינט באמיתית, ניט אין אן אנגעשטעלטער אופן וויסנדיק פאראויס אז ער וועט וויינען.

ער איז טאקע בשמחה וטוב לבב, אבער וויבאלד אז דער זאך איז <u>אים</u> נוגע וויינט ער.

איי דאס רעדט זיך וועגן דער חינוך פון א צווייטער מענטש, ניט וועגן זיך אליין לכאורה - איז אבער "כל ישראל ערבים זה לזה" און "כל ישראל חברים" - איז אזוי ווי ווען מ'גיט אים א קנייפ אין באק רירט עס אים אן און דאס שטערט אים, אפילו אן קוקן אין שו"ע, אזוי אויך רירט עס אים אן בשעת ער ווייס אז עס דרייען זיך ארום אידישע קינדער וואס באקומען ניט קיין אידישן חינוך.

ובמילא איז אויב משיח וועט ביז דעם קאנווענטשן ניט קומען - וועט ער וויינען בשעת ער וועט וועגן דעם רעדן.

נא. האמור לעיל (אז מ'דארף אמאל ארויסגיין פון די אייגענע מדוה"ג) איז אויך פארבונדן מיט שמחת תורה:

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

דער טאטע האט דאך געוואלט און געארבעט אויף מעמיד זיין דת על תילה אין רוסלאנד אונטערן צאר ניקאליי.

האט מען אים אמאל פאר'מסר'ט און מ'האט געוואלט אז מ'זאל אים ארויסשיקן ניט נאר פון דעם שטאט נאר פון דער גאנצער גובערניע.

וואס איז געווען די מעשה אויף וואס מ'האט אים פאר'מסר'ט: מ'האט אים אמאל געזען טאנצן אין גאס מיט א שוסטער, און ס'איז אויך א סברא אז ער האט פאר דערויף געגומען משקה - און היות ער איז א רב פון א גאנצער שטאט איז דאס א זאך וואס איז אינגאנצן ניט אויסגעהאלטן.

די מעשה איז טאקע געווען אמת - דאס האט געטראפן שמחת תורה וואס דעמולט פראווועט מען הקפות נאך מאכן קידוש (אדער ס'האט געטראפן י"ט כסלו).

האט מען זיך געפרואווט מיט כל מיני השתדלות בא דעם גוי אז ער זאל פארשטיין פארוואס דער טאטע האט אזוי געטאנצט מיט א שוסטער.

אבער וויפל מ'האט נאר מסביר געווען דעם גוי האט ער דאס ניט געקענט פארשטיין: ער האט אפילו ניט געקענט פארשטיין ווי דער רב פון שטאט קען זיצן אויפן זעלבן באנק מיט א שוסטער און א שניידער, ועאכו"כ ניט טאנצן מיט זיי, ובפרט נאך מיט משקה, ובפרט מיט א ספר תורה, ובפרט אז דאס איז ניט סתם א רב, נאר א רב פון א גאנצע שטאט.

האט זיך דאס בא דעם גוי בשום אופן ניט אפגעלייגט.

ביז אז מיט א ריבוי השתדלות האט מען ביי אים גע'פועל'ט מיט זאגן אים, אז אידן זיינען דאך בכלל א מאדנער פאלק, "דתיהם שונות מכל עם", און אויך דאס וואס דער רב האט געטאנצט מיטן שוסטער איז איינע פון די מאדנע זאכן וואס איז דא בא אידן, און ער איז ניט אנדערש ווי אנדערע רבנים וואס אויך זיי פירן זיך אזוי.

נב. ועד"ז דארף מען זיך פירן בא די קאנווענטשן'ס, אז מ'זאל וויסן אז "שויתי ה' לנגדי תמיד", און מ'דארף פון קיין זאך ניט שעמען, און רעדן אפן וועגן דער מצב פון חינוך פון אידישע קינדער, און וועגן נישואי תערובות,

און אויסנוצן די צו זאמענקומען זיך פון כו"כ עסקנים אויף מאכן החלטות טובות בנוגע לפועל אין די ענינים, און וויבאלד אז עס וועט זיין אין א אופן פון "יגעת" וועט זיכער זיין "ומצאת", אז מ'וועט אין דערויף מצליח זיין.

ויה"ר אז מ'זאל אויפשטעלן "צבאות השם", ובפרט אידישע קינדער, אבער דאס איז כולל אויך עלטערע,

אויף גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, וואס הוא ילמד את כל העם תורה - שלימות התורה, צוזאמען מיט שלימות העם, און אין שלימות הארץ, וויבאלד אז ס'איז שלימות העם, אין ארץ ישראל, אין ירושלים, אין ביהמ"ק,

בקרוב בימינו ממש.

* * *

נג. מ'האט גערעדט פריער אז דער אמת'ער ענין פון "ויעקב הלך לדרכו" פאנגט זיך אן (בעיקר ובכל ההיקף) בשבעה בחשון, וואראם ביז דעמולט האט זיך נאך ניט פארענדיקט דער אומקערן זיך פון עלי' לרגל ביי אלע אידן, ובמילא איז פארשטאנדיק אז ביז דעמולט איז נאך א המשך צו עניני תשרי,

[וכמובן איך דערפון וואס בה"ב הויבט זיך אן (ניט נאך דער ערשטער שבת אין חודש חשון, נאר) נאך דער צווייטער שבת אין חודש חשון].

משא"כ בשבעה בחשון איז "יגיע אחרון שבישראל לנהר פרת", איז פארשטאנדיק אז דעמולט פאנגט זיך אן (ביי אלע אידן) דער סדר העבודה פון "ויעקב הלך לדרכו", די עבודה וואס א איד טוט אין זיין וועג, מיט זיינע וואכעדיקע ענינים.

נד. וואס ס'איז דאך פארשטאנדיק דער גודל הירידה וואס איז געווען בא אידן קומענדיק בא זיך אין דער היים פון דער מצב און מדריגה ווען זיי זיינען געווען אין בית המקדש:

יעדער מאל ווען א איד האט עולה געווען אין ירושלים, אפילו בימי החול באמצע השנה, האט דאס גע'פועל'ט אויף אים און אים געבראכט צו א העכערע מדריגה, ווארום דארטן האט ער געזען "קדושה גדולה", און געזען די "כהנים בעבודתם ולויים בדוכנם כו'", ווי מ'איז דאס מסביר בנוגע צו מעשר שני וואס דאס האט מען געדארפט עסן אין ירושלים (ווי דער רמב"ם ברענגט אויך אראפ להלכה) (תוספות ד"ה כי מציון - ב"ב כא, א),

וואס דאס איז געווען אפילו ווען א איד האט עולה געווען אין ירושלים בימי החול באמצע השנה, ועאכו"כ בשעת דער איד איז געגאנגען אין ביהמ"ק, וואס דארטן האט ער געזען די "עשרה נסים",

וכמ"ש בעת די עלי' לרגל לראות "את פני ה' אלקיך" שלש פעמים בשנה, ביום טוב, "מועדים לשמחה", ובפרט בחג הסוכות, זמן שמחתנו, ועאכו"כ אין א שנת הקהל, ווען אלע אידן צוזאמען, "האנשים והנשים והטף וגרך אשר בשעריך" האבן געהערט פון מלך פרשיות פון תורה ובאופן "כאילו ... מפי הגבורה שומעה", איז פארשטאנדיק אז דעמולט איז געווען נאכמער עילוי און שמחה.

נה. וואס מכ"ז איז מובן דער גודל הירידה וואס איז געווען נאך דערויף וואס מ'האט זיך אומגעקערט אהיים,

און ווי דאס איז אויך געווען בגשמיות: ארץ ישראל איז דאך "גבוה מכל הארצות" און דער בית המקדש איז געווען "גבוה מכל ארץ ישראל" [אע"פ וואס אויך דער הר הבית איז געווען אביסל נידעריקער (כ"ב אמה) ווי דער מקום הכי גבוה ווי עס שטייט "ובין כתפיו שכן"], (זבחים נד, ב ובפרש"י),

ובמילא בשעת מ'האט זיך אומגעקערט אהיים פון ארץ ישראל ובפרט פון דעם ביהמ"ק האט מען געדארפט יורד זיין בגשמיות, וכמובן אויך פון דער לשון "עלי' לרגל", אז גיין קיין ארץ ישראל איז געווען אן עלי', און במילא אומקערן זיך פון דארטן איז געווען א ירידה.

און דערפון וואס דאס איז א ירידה בגשמיות איז פארשטאנדיק אז דאס איז מצד דערויף וואס דאס איז א ירידה ברוחניות.

ביז אז בשבעה בחשון איז "יגיע אחרון שבישראל לנהר פרת", וואס דאס איז דער מקום האחרון אין ארץ ישראל על הגבול, וואס די איינציקע זאך וואס טיילט אים אפ פון חו"ל איז א נהר - איז דאך פארשטאנדיק דער גודל הירידה פון ווי ער איז געשטאנען אין ביהמ"ק,

ווארום נוסף לזה וואס ער האט יורד געווען פון ביהמ"ק אין ארץ ישראל, וואס לכמה דעות איז ארץ ישראל ניט פון די עשר קדושות - האט ער שוין אויך יורד געווען פון ארץ ישראל לביתו בא "נהר פרת", און די איינציקע זאך וואס טיילט אים אפ פון חו"ל איז דער נהר פרת.

נו. אבער פונדעסטוועגן לאחרי די גאנצע ירידה גדולה - זאגט מען אז ערשט איצטער הויבט זיך אן די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו", בהדגשה - אין אן אופן פון הליכה -

מוז מען דאך זאגן אז אין די עבודה קומט צו אן עילוי לגבי די עבודה וואס איז געווען באופן נעלה ביותר אין ירושלים, אין ביהמ"ק, אין חג הסוכות, אין א שנת הקהל.

נז. והביאור בזה:

ירידת הנשמה בגוף איז דאך א ירידה גדולה ביותר, א ירידה "מאיגרא רמה" אין "בירא עמיקתא", ובלשון פון דעם אלטן רבי'ן, אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק ווי האט געקענט זיין אזא ירידה?!

איז מען מבאר, אז די ירידה איז צורך עלי', וואס דער פירוש אין דעם איז: וויבאלד אז די איינציקע וועג צו צוקומען צו דער עלי' איז דורך די ירידה, דערפאר, און מערניט ווי דערפאר, איז געווען די ירידה.

ומזה מובן אז די עלי' צו וועלכע מ'קומט צו (דורך די ירידה) איז א דרגא נעלית יותר ווי די דרגא וואו ער איז געשטאנען איידער די ירידה - ווארום אויב ניט איז וואס האט מען מרויח געווען פון דער ירידה.

נח. עד"ז איז אויך בנוגע צו די ירידה פון ביהמ"ק וכו' צו זיך אין דער היים, אז די ירידה איז צורך עלי', און אן עלי' נעלית יותר לגבי ווי ער איז געשטאנען איידער די ירידה.

וואס די ירידה איז באשטאנען דערפון וואס יעדערער האט זיך צוריק אומגעקערט למקומו, "איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו", און לעבודתו במשך כל השנה כולה - די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו", אבער די כוונה פון די עבודה איז געווען צו פארבינדן אויך דאס מיט עבודת ה', און דורך דערויף צוקומען צו אן עלי' נעלית ביותר, נאך העכער ווי די דרגא אין וועלכע מ'איז געשטאנען אין ביהמ"ק איידער די ירידה (כדלקמן),

און דערפאר איז זייער גיין פון ביהמ"ק צו זיך אהיים געווען בשמחה - "וילכו לאהליהם שמחים וטובי לב".

לכאורה איז דאס אבער ניט פארשטאנדיק: ווי קומט עס אז בשעת אידן גייען אוועק פון ביהמ"ק צו זיך אהיים - זאלן זיי זיין "שמחים וטובי לב":

אין ביהמ"ק זיינען זיי דאך געשטאנען בתכלית העילוי, ובמילא אויך בשמחה גדולה, ובפרט אז דאס איז געווען אין א זמן פון "מועדים לשמחה", ובפרט אין "זמן שמחתנו", ובפרט אין שנת הקהל, וואס דאס איז פארבונדן מיט נאכמער שמחה, ווי גערעדט פריער,

ובפרט נאך ווי דאס איז געווען אין דער שנה הראשונה נאך דעם וואס שלמה האט געבויט דעם בית ראשון, וואס אויף אים זאגט מען אז "יום שמחת לבו זה בנין ביהמ"ק", ובפרט אז מ'האט דעמולט אויך געפראווועט דעם חנוכת הבית, וואס דאס איז געווען מיט א שמחה גדולה, אז מ'זאגט אז די אכילה ושתי' וואס איז דעמולט געווען ביוהכ"פ האט (ניט נאר ניט געשטערט, נאר דאס האט) זיי געבראכט אז זיי זאלן זיין "מזומן לחיי העוה"ב".

איז דערנאך ווען זיי זיינען אוועק פון דער מעמד ומצב און ארײַן אין וועלט, ביז אז זיי זיינען פון דארטן אוועק אין אן אופן פון "ביום השמיני שִלַח את העם

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

גו'", וואס דאס איז דאך א ירידה גדולה ביותר לגבי די דרגא פון שמחה אין וועלכע זיי זיינען געשטאנען אין ביהמ"ק - איז דאך א סתירה מיני' ובי' צו זאגן אז זיי גייען פון דארטן אוועק צו זיך אהיים "שמחים וטובי לב"?!

ובפרט נאך אז אידן זיינען דאך "ממלכת כהנים", וואס דער בעל הטורים טייטשט אפ אז דאס מיינט כהנים גדולים, און א כה"ג טאר דאך ניט ארויסגיין פון ירושלים (רמב"ם הל' כלי המקדש פ"ה ה"ז) - איז ווי קומט עס אז ארויסגייענדיק פון ירושלים זיינען אידן "שמחים וטובי לב"?!

נט. איז דער ביאור אין דעם:

אויב אידן וואלטן ארויס פון ירושלים און געגאנגען שפאצירן - וואלט טאקע קיין ארט ניט געהאט אז זיי זאלן זיין "שמחים וטובי לב"; דא גייען אבער אידן אוועק פון ירושלים און פון ביהמ"ק צו זיך אהיים מיט די כוונה, אז פון זייערע וואכעדיקע און גשמיות'דיקע זאכן מיט וועלכע ער פארנעמט זיך בא זיך אין דער היים, זאל ער ממלא זיין די שליחות פון דעם אויבערשטן אויף מאכן פון זיי א דירה לו ית' בתחתונים.

[וואס "שלוחו של אדם כמותו", ובפרט אז ער איז פון "אתם קרויים אדם", וואס איז על שם "אדמה לעליון" (ווי דער של"ה זאגט), איז ער בדומה צו דעם אדם העליון].

אז פון זיינע וואכעדיקע און גשמיות'דיקע זאכן זאל ער מאכן א משכן און מקדש צום אויבערשטן, ווי עס שטייט "ושכנתי בתוכם" לשון רבים, וואס דער פירוש אין דעם איז, אז דער אויבערשטער רוט ניט נאר אין דעם ביהמ"ק (כפשוטו), נאר אויך אין יעדע אידישע הויז און אין אלע גשמיות'דיקע וואכעדיקע זאכן מיט וועלכע א איד פארנעמט זיך אין אן אופן פון " כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו".

און דורך דעריף טוט אויף א איד נאכמער עילוי ווי עס איז אויפגעטאן געווארן אין ביהמ"ק כפשוטו - ווארום בנוגע צו דעם ביהמ"ק (כפשוטו) שטייט (מ"א ח, כז. דה"ב ו, יח) "הנה שמים ושמי השמים לא יכלכלוך אף כי הבית הזה אשר בניתי" - בניחותא, וויבאלד אז דאס איז ניט אזא גרויסער חידוש;

משא"כ בשעת אידן זיינען "ילכו לאהליהם", "איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו", און דארטן טוט אויף יעדער איד באזונדער אז אין זיינע וואכעדיקע זאכן זאל זיין "ושכנתי בתוכם" לשון רבים, א "מקום מנוחתי - איז דאס נאך העכער פון דעם "ושכנתי בתוכם" לשון יחיד, אין דעם ביהמ"ק כפשוטו, ווארום דא טוט אויף א איד א חידוש, כיתרון האור מן החושך כו', אז אויך זיינע וואכעדיקע זאכן זאלן זיין א משכן און מקדש פאר דעם אויבערשטן, און דא טוט עס אויף יעדער איינציקער איד באזונדער במקומו אין חו"ל, ביז א איד וואס איז פון די "נמושות", דער "אחרון שבישראל", משא"כ אין ביהמ"ק כפשוטו איז דאס ניט אזא גרויסער חידוש און דאס ווערט אויפגעטאן ע"י כמה וכמה.

ס. די עבודה פון א אידן צו מאכן במקומו א דירה לו ית' בתחתונים, א משכן ומקדש פאר דעם אויבערשטן פון אלע זיינע ענינים - באשטייט בכללות פון די צוויי עבודות, לימוד התורה און קיום המצוות:

דורך דעריף וואס א איד לערנט תורה במקומו, טוט ער אויף אז דער אויבערשטער זאל אויך קומען צו דעם מקום און דארטן לערנען תורה, כמארז"ל "כל הקורא (תושב"כ) ושונה (תושבע"פ) הקב"ה קורא ושונה כנגדו", ד.ה. אז בא דעם זעלבן טיש וואו דער איד לערנט תורה קומט דער אויבערשטער און לערנט דארטן תורה, און ניט אז דער אויבערשטער זיצט אויפן צווייטן זייט טיש, נאר "קורא ושונה כנגדו", בא זיין זייט.

הנחה פרטית בלתי מוגה

דערפון איז פארשטאנדיק ברוחניות העבינים, אז לויט ווי ער איז "קורא ושונה בתורה", אזוי איז אויך דער אויבערשטער "קורא ושונה כנגדו":

אויב א איד איז "קורא ושונה בתורה" אין אן אופן פון "כל עצמותי תאמרנה", מיטן גאנצן חיות זיינער וכו' - איז "הקב"ה קורא ושונה כנגדו" פונקט אין דעם זעלבן אופן, אז "כל עצמותי (פון דעם אויבערשטן) תאמרנה".

וואס דאס איז דער חידוש נפלא וואס א איד טוט אויף אין ממשיך זיין אלקות בעולם - ווארום דער יחס פון דעם אויבערשטן מיט וועלט איז אין אן אופן אז "לא זה הוא עיקר האלקות מה שהעולמות מתהוים ממנו", און ווי עס שטייט אין זהר אז די גאנצע וועלט איז באשאפן געווארן דורך די עשרה מאמרות וואס זיי זיינען "מילין דהדיוטא" פון דעם אויבערשטן;

בשעת אבער א איד לערנט תורה אין וועלט אין אן אופן פון "כל עצמותי תאמרנה", איז ער מחדש אז דארטן וואו ער לערנט די תורה נעמט ער דעם עצם פון דעם אויבערשטן, דער "כל עצמותי תאמרנה" פון דעם אויבערשטן, ווארום לויט ווי ער לערנט די תורה איז מדה כנגד מדה, אזוי לערנט אויך דער אויבערשטער תורה "כנגדו".

אויב ער לערנט תורה מן השפה ולחוץ, איז הקב"ה טאקע "קורא ושונה" אבער "כנגדו", אין אן אופן ווי ער איז "קורא ושונה"; בשעת ער איז "קורא ושונה" אין אן אופן פון "כל עצמותי תאמרנה" איז "הקב"ה קורא ושונה כנגדו" אויך אין אזא אופן פון "כל עצמותי תאמרנה", וואס כ'מיין מיט "כל עצמותי" פון דעם אויבערשטן - די רמ"ח אברין דז"א וכו', כמבואר בכ"מ (אין זהר, אין לקו"ת) די פרטים בזה.

סא. עד"ז מאכט אויף א איד א דירה לו ית' בתחתונים א משכן ומקדש פאר דעם אויבערשטן במקומו, דורך דערויף וואס ער איז דארטן מקיים מצוות, מלשון צוותא וחיבור, ד.ה. אז דורך דערויף וואס ער טוט א מצוה במקומו וואו ער געפינט זיך, פארבינדט ער דעם מקום און דער זאך מיט וועלכע ער האט געטאן די מצוה מיט דעם אויבערשטן, ביז אז דאס ווערט א משכן ומקדש פאר אים, אז ער זאגט אויף דערויף "ושכנתי בתוכם".

וואס דער שלימות ענין פון מצוות קען א איד טאן דוקא במקומו וואו ער לעבט און ניט אין מקום פון דעם ביהמ"ק (כפשוטו), לדוגמא: מצות שמיטה קען מען ניט מקיים זיין אין מקום המקדש, ווארום דארטן איז גאר אסור אז עס זאל זיין חרישה וזריעה; וואו קען ער יע מקיים זיין מצות שמיטה - איז דאס דוקא במקומו, "איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו".

און אין דעם מקום זיינער טוט ער די מצוה וואס דורך דערויף פארבינדט ער דעם מקום און דעם דבר גשמי מיט וועלכע ער איז מקיים די מצוה מיט דעם אויבערשטן, אין אן אופן פון צוותא וחיבור.

ד.ה. אז יעדער מצוה וואס ער טוט ווערט מציאותו די מציאות פון די מצוה וואס זי איז פארבונדן מיט דעם אויבערשטן: ווען ער לייגט תפילין של יד, ווערט זיין יד ידו של הקב"ה, און ווען ער לייגט תפילין של ראש ווערט זיין ראש ראשו של הקב"ה - ווארום די גאנצע מציאות וואס ער האט א יד און א ראש (מצח) איז בכדי אז ער זאל אויף דעם יד און ראש לייגן תפילין און דורך דערויף פארבינדן באופן פון צוותא וחיבור דער יד וראש מיטן אויבערשטן.

וואס דאס איז דער אמת'ער ענין פון "שלוחו של אדם כמותו", ניט אז דער משלח בלייבט במציאותו און דער שליח בלייבט במציאותו, און מערניט וואס דער שליח טוט א זאך פאר דעם משלח - נאר אז דער מציאות השליח ווערט דער מציאות המשלח, ובמילא אלץ וואס דער שליח טוט איז בדרך ממילא א פעולה פון דעם משלח, כמדובר כמ"פ.

וואס דערפאר ווערט דער יד און ראש פון דעם אידן ידו און ראשו של הקב"ה בשעת ער לייגט תפילין של יד און תפילין של ראש;

[ולאידך גיסא, איז בכדי אז דורך תפילין זאל זיין יד ווערן ידו של הקב"ה און זיין ראש ראשו של הקב"ה, דארף ער אנטאן די תפילין באופן מסויים: תפילין של ראש באמצע המצח און תפילין של יד אויף זיין יד כנגד הלב, און ניט משנה זיין דערפון - ווארום אויב ער איז דאס משנה ווערט ער אויס שליח, במילא קען ער ניט ווערן איין זאך מיט דעם משלח.

אבער אויב ער איז מקיים די מצוה אין דעם אופן מסויים ווי דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אז מ'דארף איר מקיים זיין, דעמ.לט ווערט ער איין זאך מיט דעם אויבערשטן, זיין יד ווערט ידו של הקב"ה און זיין ראש ראשו של הקב"ה, דורך מקיים זיין די מצוה].

סב. דאס איז אויך דער ביאור פנימי אין דער מארז"ל "דיברה תורה כלשון בני אדם", דלכאורה תמוה: תורה איז דאך תורת אמת (משה אמת ותורתו אמת), איז ווי קומט עס אז תורה זאל רעדן ניט בלשון תורה אדער בלשון חכמים, נאר בלשון בני אדם?

איז מבאר אין דעם דער של"ה (בסוף בית אחרון - יג, ב ואילך), אז "התורה מדברת בעליונים ומרמזת בתחתונים", דאס הייסט אז דער אמת'ער נאמען פון יעדער זאך איז - ווי די זאך איז למעלה, און דאס וואס אויך למטה הייסט עס מיטן זעלבן נאמען איז עס ווייל די זאך מלמטה איז א "סימן" און "רמז" אויף שרשו שלמעלה.

אזוי ווי דער נאמען "יד" לדוגמא, אז דער אמת'ער טייטש פונעם ווארט יד איז - דער "יד" שבאדם העליון, און דאס וואס אויך די האנט פון א מענטשן הייסט "יד" איז עס ווייל זי איז א סימן ורמז אויף דעם יד שבאדם העליון, ועד"ז בשאר האברים.

וואס דער ביאור דערפון אין עבודה איז: אז כל מציאותם פון די אברים שבאדם התחתון איז - דאס וואס זיי זיינען א סימן ורמז אויף די אברים שבאדם העליון, ביז אז די אברים שבאדם התחתון ווערן איין זאך מיט די אברים שבאדם העליון, וכנ"ל אז די אמיתית המציאות פון דעם שליח איז - דער מציאות פון דעם משלח.

סג. ע"פ המבואר לעיל איז פארשטאנדיק פארוואס דער "וילכו לאהליהם" פון דעם מעמד ומצב ווי מ'איז געשטאנען בתכלית העילוי אין ביהמ"ק איז געווען אין אן אופן פון "שמחים וטובי לב":

אמת טאקע אז מ'איז אוועק פון א מעמד ומצב נעלה ביותר וואס איז געווען אין ביהמ"ק מיט די אלע עילויים שבזה (כנ"ל בארוכה), משא"כ דערנאך האט זיך יעדערער אומגעקערט למקומו, וואס דאס איז דאך לכאורה א ירידה -

אבער מ'האט זיך אומגעקערט למקומו בכדי דארטן מקיים זיין תורה און מצוות, און דורך דערויף מאכן א דירה לו ית' בתחתונים.

און דערפון איז צוגעקומען א שמחה נוספת אויף די שמחה וואס איז געווען ביז דעמולט.

וואס אפילו בשעת א איד מאכט א "אושפזיכין לגבורה" איז דאס אויך גורם א שמחה גדולה ביותר, כמבואר אין תניא, וואס דאס איז דאך נאר אן ענין פון "אושפזיכין לגבורה", אז דער אויבערשטער איז אזוי ווי א אורח ביי אים - איז דאך במכ"ש וק"ו בשעת ער לערנט תורה בהבנה והשגה, וואס דורך דערויף ווערט צווישן אים מיט די תורה וואס ער לערנט א "יחוד נפלא שאין יחוד כמוהו ולא כערכו נמצא כלל כו'" (תניא פ"ה), און דאס ווערט בכל מקום וואו ער לערנט די תורה - איז דאס זיכער גורם ביי אים א שמחה גדולה ביותר.

ועאכו"כ בשעת ער איז מקיים מצוות במקומו, וואס מצוות קען ער נאר מקיים

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

זיין אין דעם ארט וואו ער לעבט (ניט אין ביהמ"ק), כנ"ל, און דורך די מצוות ווערט כל מציאותו דער מציאות פון דעם אויבערשטן - איז דאך פארשטאנדיק דער גודל השמחה וואס ער האט דערפון.

סד. די הוראה מהאמור לעיל:

שוין גערעדט פיל מאל, אז ברוחניות איז דער ביהמ"ק און אלע זיינע ענינים, גאנץ אויך איצטער.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז האמור לעיל בנוגע צו די ירידה גדולה וואס ווערט נאך חודש תשרי ווען אידן קערן זיך אום פון דעם ביהמ"ק מיט די אלע עילויים וואס זיינען דארטן געווען צו זיך אין דער היים, און מאכן אויך במקומם א דירה לו ית' בתחתונים, און דערפאר איז דער "וילכו לאהליהם" אין אן אופן פון "שמחים וטובי לב" - איז אויך דא איצטער בזמן הזה:

קומענדיק פון חודש תשרי מיט די אלע גילויים וואס זיינען דערמיט פארבונדן, קען מען דאך מיינען אז ווען עס ענדיקט זיך דער חודש און מ'קערט זיך אום אהיים, און עס הויבט זיך אן די עבודה פון "ויעקב הלך לדרכו" - איז דאס א ירידה גדולה פון דער מעמד ומצב ווי מ'איז געשטאנען בחודש תשרי, ובמילא איז ניטא וואס צו זיין בשמחה -

זאגט מען אים אז ס'איז ניט קיין ירידה, נאר אדרבה - איצטער פאנגט זיך אן די עבודה פון מאכן פאר דעם אויבערשטן א דירה בתחתונים, אז יעדער איד במקומו וואו ער געפינט זיך זאל מאכן פון זיינע וואכעדיקע און גשמיות'דיקע זאכן א משכן ומקדש פאר דעם אויבערשטן, וואס ער זאגט אויף דעם "ושכנתי בתוכם",

און דורך דערויף - דארף דער איד וויסן - מאכט ער פון זיין חלק בעולם קדושה, ביז נאך א העכערע קדושה ווי ס'איז געווען אין חודש תשרי, וויבאלד אז דא קומט צו די מעלה פון יתרון האור מן החושך כו'.

און דערפאר דארף ער זיין בשמחה "בשמחת ה' אשר שש ושמח בדירתו בתחתונים כו'" (תניא ספל"ג),

ביז אז ער דארף זיין בשמחה פון דער עצם ענין אז ער איז דער וואס פירט דורך שליחותו של הקב"ה אין מאכן פאר אים א דירה בתחתונים, און דורך דערויף פירט ער דורך די כוונה פון "נתאוה הקב"ה להיות לו ית' דירה בתחתונים", וואס דער ענין פון "נתאוה" איז למעלה פון שכל און חכמה און למעלה מכל טעם, און דערפאר זאגט דער אלטער רבי אז דער ענין פון "נתאוה" איז - אז אויף א תאוה איז קיין קשיא ניט און די דרגא פון "נתאוה" שיקט דעם אידן צו ממלא זיין דער שליחות פון מאכן פאר אים א דירה בתחתונים, און די דרגא פון "נתאוה" איז ער ממשיך אין תחתונים.

סה. און דעריבער, איז בשעת מ'גייט ארויס פון חודש תשרי וואס איז "מרובה במועדות", ביז אז מ'גייט ארויס פון די "ענינֵי הרגל" וואס ציען זיך ביז ז' חשון, און מ'גייט ארייַן אין די "ימי המעשה" במשך כל השנה, פארנעמען זיך מיט עובדין דחול,

איז ניט נאר וואס עס דארף ניט געמינערט ווערן פון די שמחה וואס איז געווען בחודש תשרי, אין "זמן שמחתנו", און דערנאך אין שמ"ע"צ ושמח"ת, וואס דאס איז דער סיום פון חודש תשרי, און מ'דארף מיטנעמען די שמחה של תורה ומצוה (פון שמחת תורה) על כל השנה כולה -

נאר נאכמער: וויבאלד אז איצטער הויבט מען אן די עבודה פון מאכן פון די ענינֵי חול א דירה צום אויבערשטן, דארף מען נאך מוסיף זיין אין שמחה, מצד דערויף

וואס מ'האט זוכה געווען צו ווערן א שליח פון דעם אויבערשטן צו מאכן פאר אים א דירה בתחתונים (כנ"ל), בדוגמת דער "וילכו לאהליהם" (וואס האט זיך פארענדיקט בז' חשון) וואס איז געווען אין אן אופן פון "שמחים וטובי לב".

סו. ובפשטות מיינט דאס אז די עבודה פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים במשך כל השנה כולה דורך תורה ומצוות זאל זיין מיט א הוספה אין שמחה, דורך דעריף וואס מ'מאכט א הוספה אין לימוד התורה און אין קיום המצוות,

אנהויבנדיק פון דעם ענין פון אהבת ישראל, "ואהבת לרעך כמוך", וואס די מצוה איז "כל התורה כולה ואידך פירושה הוא", און ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין תניא (פל"ב).

אבער דערנאך דארף זיין (ווי ער איז מסיים) "זיל גמור": ס'איז ניט מספיק אז ער זאל זיך קושן מיט נאך א אידן א גאנצן טאג, נאר ער דארף פועל'ן אויף אים "זיל גמור", אז ער זאל ארויסגיין לערנען תורה, און אין אן אופן פון "תלמוד גדול שמביא לידי מעשה", אז דער לימוד זאל אראפקומען אין מעשה בפועל, אין א הוספה אין לימוד התורה און אין קיום המצוות.

און ווי ער זאגט אין תנא דבי אלי' (פכ"ז. וראה לקו"ד ח"ד תשכט, א)עה"פ (ישעי' נח, ז) "כי תראה ערום וכסיתו", אז בשעת מ'זעט א איד וואס איז "ערום" פון תורה און מצוות (וואס "אין לך ערום בישראל אלא מי שאין בו תורה ומצוות"), דארף זיין "וכסיתו", דארף מען מיט אים לערנען תורה און פועל'ן אויף אים אז ער זאל מקיים זיין מצוות,

און (דערנאך איז דער פסוק ממשיך) "ומבשרך אל תתעלם" - מ'דארף אויך ניט פארגעסן אויף זיך, און אליין אויך מוסיף זיין אין לימוד התורה און אין קיום המצוות.

סז. ואין ענין יוצא מידי פשוטו:

יעדער איינער און איינע זאל אליין מוסיף זיין בכל יום אין לימוד התורה און אין כללות כל המצוות - מצות גמילות חסדים, מצות צדקה, אין נתינת הצדקה, און ערב שבת ויו"ט (אנהויבנדיק פון דעם לעצטן ערב שבת - ז' חשון) - געבן צוויי מאל צדקה (איין מאל פאר ערב שבת און א צווייטן מאל פאר שבת ויו"ט).

און אזוי זאל יעדערער און יעדערע פועל'ן אויך אויף אנדערע אידן.

און אזוי זאל מען טאן בכל השנה כולה ומתוך שמחה גדולה, מיטנעמענדיק דעם כח דערצו פון חודש תשרי (פון וועלכע מ'קומט איצטער), וואס סיומו איז שמחת תורה - מיטנעמען דערפון אז עס זאל זיין א שנה פון שמחה של תורה.

און עס זאל זיין אין אן אופן פון "כי בשמחה תצאו" - אז די הליכה פון חודש תשרי אין כל השנה כולה זאל זיין מתוך שמחה,

"ובשלום תובלון" - אז ניט קוקנדיק אויף דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, פון "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים", וועט זיין "בשלום תובלון", וואראום "עליך יזרח ה'".

וכידוע דער ווארט פון צדיקי פולין, אז בשעת עס קומט צו א מצב וואו מ'זעט אז א איד וועט דאס ניט קענען איבערטראגן שלעפערט מען אים איין ער זאל ניט מרגיש זיין דער מצב, עכ"פ פרטי המצב,

און מ'סוט דעמולט אויך נסים אין אופן וואס "אין בעל הנס מכיר בנסו", און ער בלייבט במנוחה ניט פילנדיק קיין זאך וויבאלד אז מ'האט אים פארשלעפערט.

בפנימיות אבער איז זיין הרגש פון מנוחה דער אמת - ווארום ס'איז "לא ינום ולא יישן שומר ישראל", און "ה' ישמור צאתך ובואך",

און דאס טוט זיך אפ בטוב הנראה והנגלה בא יעדן אידן און ביי אלע אידן.

און אידן גייען ארויס פון גלות צוזאמען מיט דעם אויבערשטן, ווי עס שטייט "ושב ה' אלקיך את שבותך", "והשיב לא נאמר אלא ושב", צוזאמען מיט משיח צדקנו, וואס יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, און אין אופן פון "שמחים וטובי לב", בקרוב בימינו ממש.

* * *

סח. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ויאמר ה' אל אברם לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך גו'.

* * *

סט. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען אן ענין אין תושב"כ מיט פירוש רש"י, ובפרט דעם שבת וואס קומט נאך ז' חשון וואס דעמולט הויבט זיך אן דער אמת'ער ענין פון "ויעקב הלך לדרכו",

און אפלערנען דאס אויף איינע פון צוויי אופנים: מבאר זיין א פירוש רש"י, אדער מבאר זיין אן ענין וועלכע רש"י האט לכאורה געדארפט מפרש זיין און ער איז דאס ניט מפרש.

וועט מען זיך אפשטעלן אויף אן ענין לויט דעם צווייטן אופן:

אין פרשתנו אין קאפיטל יז שטייט (פסוק א'): "ויהי אברם בן תשעים שנה ותשע שנים וירא ה' אל אברם ויאמר אליו אני א-ל שד-י התהלך לפני והי' תמים".

איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

צי דען האט אברהם אבינו ערשט אנגעהויבן עובד זיין דעם אויבערשטן צו 99 יאר, און ווי דער בן חמש למקרא ווייס די גאנצע הפלאה פון אברהם אבינו אויך פאר דעם וואס ער איז געווען 99 יאר, כמפורש אין תושב"כ, ובפרט ווי עס שטייט אין רש"י, ועאכו"כ ווי עס שטייט אין די סיפורים אין מדרש, וואס הגם אז דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט קיין מדרש, זעט מען אבער אז ס'איז נהוג אין א אידישע שטוב צו דערציילן די קינדער סיפורים פון מדרש וועגן די אבות ואמהות -

איז היתכן זאגן אז ביז 99 יאר איז ניט געווען "התהלך לפני והי' תמים" - וויבאלד אז ער האט עובד געווען דעם אויבערשטן אויך לפנ"ז, האט אים דער אויבערשטער דעמולט געדארפט זאגן "התהלך לפני והי' תמים"?!

ע. די קשיא ווערט נאך גרעסער לויט פירוש רש"י על הכתוב:

אויף די ווערטער "והי' תמים" זאגט רש"י (אין זיין צווייטן פירוש "לפי מדרשו"): "התהלך לפני במצות מילה ובדבר הזה תהי' תמים שכל זמן שהערלה בך אתה בעל מום לפני".

וואס לפי"ז קומט אויס אז דער פירוש אין "התהלך לפני והי' תמים" איז ניט נאר אז פאר דעם איז אברהם אבינו ניט געווען א תמים, נאר אז ער איז גאר געווען א בעל מום!

וואס לכאורה היתכן אז דער אויבערשטער האט געווארט ביז אברהם איז געווען

99 יאר אלט און אים ערשט דעמולט געגעבן דעם יכולת צו ווערן א תמים, און ביז דעמולט איז ער געווען א בעל מום - דער אויבערשטער האט אים געדארפט גלייך בתחלת עבודתו זאגן "התהלך לפני והי' תמים", און אים געבן מצות מילה?!

וואס וויבאלד אז דאס איז א קשיא אין פשטות הכתובים, איז מוכרח צו זאגן אז אדער רש"י באווארנט עס ערגעץ וואו, אדער ס'איז אזוי פשוט אז רש"י דארף עס גאר ניט מפרש זיין.

עא. ע"ד ווי די שאלה הנ"ל בנוגע צו אברהם (פארוואס האט דער אויבערשטער גלייך אין תחלת העבודה פון אברהם אים ניט געגעבן מצות מילה אז ער זאל ווערן א תמים, אויס בעל מום) איז דא א שאלה אין מדרש (ב"ר פי"א ובפירש"י שם):

א פילוסוף האט אמאל געפרעגט, אויב דער אויבערשטער האט געוואלט אז מ'זאל זיין מהול און ניט קיין ערל, פארוואס האט ער לכתחילה ניט באשאפן דעם מענטשן א מהול?

האט מען אים געענטפערט: "כל מה שנברא בששת ימי בראשית צריכין עשי', כגון .. התורמוסים צריך למתוק כו', אפילו אדם צריך תיקון", און ווי רש"י טייטשט אפ (אין מדרש) אז "אשר ברא אלקים לעשות" מיינט "לעשות - לתקן".

דער בן חמש למקרא האט אבער ניט געלערנט מדרש מיט פירש"י, און ביי אים איז די שאלה פון דעם פילוסוף לכתחילה קיין שאלה ניט, וואס דערפאר דארף דאס רש"י ניט מפרש זיין בפירושו על התורה:

דער בן חמש למקרא ווייס בפשטות אז גאנץ (רובו פון) תורה ומצוות דארף א איד טאן:

בשעת מ'דארף האבן א טלית קטן מיט ציצית, ווערט עס ניט גלייך באשאפן פון דעם אויבערשטן, נאר מ'דארף האבן א כבש און דערפון נעמען צמר, און דערפון מאכן חוטין, און ערשט דעמולט דארף א איד מאכן פון די חוטין ציצית.

עד"ז בשעת מ'דארף האבן א סוכה דארף מען דערצו האבן פסולת גרן ויקב, און ניט די סוכה ווערט געמאכט און קומט אראפ מלמעלה, נאר מ'דארף עס אליין בויען. [וועגן דעם דין אז א סוכה טאר ניט זיין " עשוי" נאר מ'דארף עס בויען ווייס נאך ניט דער קינד - אבער ער ווייס בפשטות אז מ'דארף בויען א סוכה].

ועד"ז פארשטייט ער בפשטות פארוואס דער אויבערשטער האט מלכתחילה ניט באשאפן א אידן מהול, ווארום מצות מילה דארף אויפגעטאן ווערן דורך די מעשה פון א איד.

וואס איז ביי אים אבער יע א שאלה, איז - פארוואס האט דער אויבערשטער ניט געזאגט אברהם "התהלך לפני והי' תמים" און אים געגעבן מצות מילה פאר דעם וואס ער איז געווארן 99 יאר?

וכפי שיתבאר לקמן.

עב. אין די הערות אויפן זהר פון פרשתנו, שטעלט ער זיך (לקוטי לוי"צ לזח"א ע' נג) אויף כמה פרטים פון א סיפור נפלא וואס ווערט דערציילט אין זהר (ח"א פח, א ואילך), ער איז אבער ניט מבאר דער כללות הסיפוד, וואס אין דערויף זיינען דא כמה ענינים שצריכים ביאור (כדלקמן).

דער סיפור אין זהר:

ר' אבא איז אמאל געקומען "מהתם" (פון ארץ ישראל קיין בבל, אדער פון בבל

קיין א"י), און ער האט מכריז געווען: "מאן בעי עותרא (עשירות) ומאן בעי אורכא דחיי בעלמא דאתי ייתי וישתדל באורייתא [ווי עס שטייט (משלי ג ) "אורך ימים בימינה וגו'", ווי דער זהר זאגט פריער]" הוו מתכנשין כולי עלמא לגבי'".

דארטן איז אויך געווען א "רווק חד", א ניט קיין חתונה געהאטער בחור, וואס "יומא חד אתא לגבי' (צו ר' אבא) א"ל: ר' בעינא למלעי באורייתא כדי שיהי' לי עותרא", האט אים ר' אבא געזאגט "הא ודאי", און ער האט ביי אים געפרעגט "מה שמך", האט דער רווק געענטפערט אז זיין נאמען איז יוסי, האט ר' אבא געזאגט צו זיינע תלמידים אז מ'זאל אים אנרופן "ר' יוסי מארי דעותרא ויקרא", און דער רווק "יתיב ואתעסק באורייתא".

א משך זמן שפעטער איז דער רווק צוריקגעקומען צו ר' אבא און אים געזאגט "אן הוא עותרא", האט ר' אבא געזאגט "שמע מינה דלאו לשם שמים קא עבדי", און ר' אבא איז "עאל לאדרי'", אריין צו זיך אין חדר, און דארטן "שמע חד קלא דהוה אמר לא תענשי' דגברא רבא ליהוי'",

און ווי מפרשים זיינען מפרש אז ר' אבא האט אים געוואלט מעניש זיין פאר זיין לימוד התורה שלא לשמה, און מצד דעם וואס ער האט געהערט דער קול מלמעלה אז "לא תענשי' דגברא רבא ליהוי'" האט ער אים ניט מעניש געווען.

דערנאך איז ר' אבא צוריקגעקומען צו דעם רווק און אים געזאגט "תיב ברי תיב ואנא יהיבנא לך עותרא".

אין יענער זמן איז געקומען צוגיין צו ר' אבא "גברא חד ומאנא דפז בידי' כו'", און ווי ער זאגט ווייטער אז ער האט געהאט י"ג כוסות פון פז אויף זיין שולחן, וואס דאס באווייזט אויף דער גודל העשירות זיינער, ווארום "פז" איז נאך טייערער ווי גאלד, ווי מ'טייטשט אין חדר "פז" - "גין-גאלד",

[אזוי האט מיר מיין מלמד אויך געטייטשט דעםווארט "פז", "גין-גאלד".

האב איך ביי אים דעמולט געפרעגט: גאלד ווייס איך וואס דאס איז, ווארום עס זיינען דא גילדענע צענערלאך - אבער וואס איז דאס "גין-גאלד"?

האט ער מיר געזאגט אז ווען דו וועסט אויסוואקסן וועסטו וויסן וואס דאס איז.

אבער עד היום הזה ווייס איך ניט וואס "גין-גאלד" איז! און איך פארשטיי אז דער מלמד האט דעמולט אויך ניט געוואוסט וואס דאס מיינט, האט ער זיך געכאפט אויף א המצאה צו מיר זאגן אז ווען איך וועל אויסוואקסן וועל איך דעמולט וויסן וואס דאס איז.

- עכ"פ "פז", "גין-גאלד", איז טייערער פאר סתם גאלד].

און ער האט געזאגט צו ר' אבא: "ר' בעינא למזכי באורייתא ואנא לא זכינא, אית לי עותרא סגי דקא שבק לי אבא דכד יתיב על פהורי' הוה מסדר עלי' תליסר כסי מאלין, ובעינא למזכי באורייתא ואנא יהיבנא עותרא".

האט ער געזאגט "לההוא רווק": "תשתדל באורייתא ודא יהיב לך עותרא", און דער נאך "יהב לי' ההוא כסא דפז".

ס'איז דערנאך אדורך א משך זמן, און "יומא חדא הוה יתיב (דער רווק) והוה בכי", האט ר' אבא געזען ווי ער וויינט האט ער ביי אים געפרעגט: "על מה קא בכית"? האט ער געענטפערט "ומה מנחנא חיי דעלמא דאתי בגין האי לא בעינא אלא למזכי לגבאי",

האט ר' אבא געזאגט "השתא ש"מ דהא לשם שמים קא עביד", און ער האט אים געזאגט "טול עותרך והב לי' ליתמי ולמסכני כו'".

"אהדר לי' ר' יוסי ההוא כסא דפז ועד יומא לא אעדי שמי' ומן בנוי בן פזי, והיינו ר' יוסי בן פזי כו'".

ע"כ דער סיפור אין זהר.

עג. דער טאטע אין די הערות איז נאר מבאר דער ענין וואס בא דעם עשיר איז געווען י"ג כוסות פון פז על שולחנו - אז שולחן איז לנגד שושנה (ווארום שולחן איז מלכות און כנס"י), "והי"ג כסי הוא לנגד הי"ג עלין דשושנה" (ווי עס שטייט אין זהר בתחלתו אז א שושנה האט י"ג עלין), וואס די י"ג עלין דשושנה זיינען אויך כנגד די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהן,

און דער עשיר "רצה ליתן כל העושר שלו הי"ג כסי הגשמיים בכדי שיתעסקו בתורה בשבילו בהי"ג מדות שהתורה נדרשת בהן כו'".

עד. אין דעם סיפור זיינען אבער דא נאך כמה ענינים וואס צריכים ביאור:

עס שטייט (סוטה כא, סע"א ובפרש"י ויק"ר פכ"ה, ב. ועוד) אז דאס וואס שמעון אחי עזרי' ווערט אנגערופן מיט דעם נאמען איז - דערפאר וואס שמעון האט געלערנט תורה "ע"י אחיו (עזרי') שהי' עוסק בפרקמטיא כדי שיחלוק בזכות לימודו של שמעון, לכך הוא נקרא על שם עזרי' אחיו",

און אזוי ווי דאס איז געווען בא יששכר און זבולון, ווי עס שטייט "ולזבולון אמר שמח זבולון בצאתך ויששכר באהליך" - אז "ע"י שהי' זבולון מפרש מישוב ועוסק בפרקמטיא ובא ונותן לתוך פיו של יששכר נותן לו שכר בעמלו, לפיכך נקרא הפסוק על שמו שנא' שמח זבולון בצאתך ויששכר באהליך".

לאידך גיסא זאגט אבער די גמרא (סוטה שם) אז "הלל ושבנא אחי הוו, הלל עסק בתורה שבנא עבד עיסקא, לסוף א"ל תא נערוב ונפלוג, יצתה בת קול ואמרה אם יתן איש את כל הון ביתו באהבה בוז יבוזו לו (שה"ש ח, ז)", ד.ה. אז מ'קען ניט פארבייטן די תורה פאר געבן געלט.

און דאס איז קיין סתירה ניט צו דעם וואס עזרי' האט באקומען א חלק אין די תורה פון שמעון, דורך דעם וואס ער האט אים אויסגעהאלטן -

ווארום דער חילוק איז ווי דער רמ"א זאגט (שו"ע יו"ד סרמ"ו ס"א): "יכול אדם להתנות עם חבירו שהוא יעסוק בתורה והוא ימציא לו פרנסה ויחלוק עמו בשכר (כלומר שכר תורה ושכר מה שירויח זה יהי' בין שניהם ביחד (ש"ך שם), אבל אם כבר עסק בתורה אינו יכול למכור חלקו בשביל ממון שיתן לו".

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו שמעון אחי עזרי' און הלל ושבנא: בא שמעון און עזרי' האט מען פאר דעם לימוד התורה אפגערעדט אז מ'וועט צוטיילן די שכר פון תורה, משא"כ בא הלל און שבנא איז דאס געווען נאך דערויף וואס "כבר עסק בתורה", ווי די גמרא זאגט "<u>לסוף</u> א"ל כו'".

עפ"ז דארף מען אבער פארשטיין אין דעם סיפור אין זהר:

א) ר' יוסי האט דאך געלערנט תורה סתם אזוי אן קיין תנאי פאר דערויף אז אן עשיר וועט האבן אין דערויף א חלק - איז ווי האט דער עשיר אים געקענט געבן די כוסות <u>נאך</u> זיין לימוד התורה און דורך דערויף האבן א חלק בלימודו?

<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

לאידך גיסא אויב דער עשיר האט יע א חלק אין דער לימוד התורה פון ר' יוסי דורך געבן אים די כוסות - איז ווי האט ר' יוסי שפעטער געקענט הרטה האבן דערפון?!

עה. אויך דארף מען פארשטיין אין דעם סיפור:

ב) ס'איז דאך דא דער דין בנוגע צו א גר (ב"מ נח, ב במשנה, רמב"ם הל' מכירה פי"ד הי"ג, טושו"ע חו"מ סרכ"ח ס"ד) אז "לא יאמר לו זכור מעשה אבותיך", ועד"ז בנוגע צו א בעל תשובה "לא יאמר לו זכור מעשיך הראשונים".

איז ניט פארשטאנדיק: נאך דערויף וואס ר' יוסי האט חרטה געהאט פון דעם וואס ער האט געלערנט תורה שלא לשמה (צוליב האבן עשירות) - איז פארוואס זאל מען דאס אים כסדר דערמאנען דורך אריינשטעלן דאס אין זיין נאמען, אז ער הייסט ר' יוסי בן פזי צוליב די כוסות של פז וואס ער האט באקומען?!

ג) ס'איז דאך דא דער כלל (פסחים נ, ב. וש"נ. וראה הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ה"ג ובקו"א שם) אז "לעולם יעסוק אדם בתומ"צ (אדער ווי די צווייטע גירסא - "לעולם ילמוד אדם תורה") אע"פ שלא לשמה שמתוך שלא לשמה בא לשמה",

איז פארוואס האט ר' אבא געוואלט מעניש זיין ר' יוסי בשעת ער האט געזען אז ער לערנט תורה שלא לשמה?

ד) וואס איז דא דער דיוק אז ער איז געווען א רווק דוקא?

מיט נאך כמה דיוקים, וכפי שיתבאר לקמן.

עו. די צוויי ענינים המדוברים לעיל, דער פירוש רש"י און דער ענין אין זהר, זיינען ביידע פארבונדן מיט פ' לך לך,

וואס נוסף לזה וואס זיי זיינען ביידע אין פ' לך לך (דער רש"י אין פ' לך לך בתושב"כ און דער זהר אין פ' לך לך אין זהר), איז אויך דא א קישור ביניהם בתוכן. והביאור בזה:

מ'האט פריער גערעדט (בהמאמר) אז "לך לך" איז דער ענין ההליכה בסדר והדרגה מלמטה למעלה,

ווי עס שטייט אין פשטות הכתובים אז דער "לך לך" פון אברם איז געווען "מארצך וממולדתך ומבית אביך" ביז אז ער איז אנגעקומען "אל הארץ אשר אראך":

פריער איז אברם געווען מיט תרח אין אור כשדים, דערנאך איז דארטן געווען דער ערשטער נסיון פון כבשן, וואס דאס איז געקומען מצד דערויף וואס בא "אחד הי' אברהם" איז געווען די אמונה אין ה' אחד, ניט אין אן ענין פון שיתוף, פון "אלקא דאלקיא", אבער אעפ"כ איז אברם דארטן דערנאך געבליבן, דערנאך איז ער פון דארטן אוועק אבער נאך אלץ מיט תרח, און דערנאך ווען ער איז געקומען אין ארץ ישראל איז ער געווען צוזאמען מיט זיין פלימעניק לוט, און ערשט "אחרי הפרד לוט מעמו" איז געווען "וה' אמר אל אברם גו'" (פרשתנו יג, יד), ווי רש"י טייטשט אפ אז "כל זמן שהרשע עמו הי' הדיבור פורש ממנו",

און אזוי איז אברם געגאנגען מדרגא לדרגא מלמטה למעלה ביז אז צו 99 יאר האט אים דער אויבערשטער געזאגט "התהלך לפני והי' תמים", און ער האט באקומען די מצוה פון מילה, וואס דאס איז געווען דער לעצטער נסיון זיינער.

עז. וואס דאס איז אויך דער פירוש אין "לעולם יעסוק אדם בתומ"צ אע"פ שלא לשמה שמתוך שלא לשמה בא לשמה":

עבודת האדם דארף זיין מדרגא לדרגא מלמטה למעלה: בתחלת העבודה איז אן אדם עובד עבודתו שלא לשמה און דערנאך ווערט ער נתעלה מדרגא לדרגא ביז אז ער קומט אן צו די דרגא פון עבודה לשמה.

עח. די הוראה דערפון:

עס זיינען דא אזוינע וואס בשעת מ'מאנט פון זיי עפעס טענה'ן זיי, מצד פוילקייט, אז זיי האלטן ניט בא די דרגא!

דאס איז שייך צו מאנען - טענה'ן זיי - בא די וואס האבן דאס געהערט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, און האבן פון אים געזען מופתים, און ער האט דאס פון זיי געמאנט איין מאל און כמ"פ; אבער דאס איז ניט שייך מאנען פון אים - ער האלט ניט בא די דרגא!

און טאן דאס צוליב א פני' וויל ער אויך ניט - ווארום ער וויל ניט זיין קיין "היפאקריט" (בלשון הידוע), וואס א "היפאקריט" איז איינער וואס טוט א זאך נאר צוליב א פני' צדדית, ניט צוליב עיקר הענין.

זאגט מען אים "לעולם יעסוק אדם בתומ"צ אע"פ שלא לשמה שמתוך שלא לשמה בא לשמה": דו דארפסט טאן אין תומ"צ אפילו אויב דאס איז שלא לשמה.

ואדרבה - אזוי דארף זיין תחלת העבודה אז מ'הויבט אן פון שלא לשמה, וואס דערפאר זאגט מען ניט אז ס'איז מותר (און ניט אסור) "לעסוק בתומ"צ אע"פ שלא לשמה", נאר אז "לעולם יעסוק אדם בתומ"צ אע"פ שלא לשמה כו'", ווארום דער מענטש איז באשאפן געווארן אין אופן אז סדר העבודה איז בסדר והדרגה מלמטלמ"ע; תחלת העבודה הויבט זיך דאך אן ווען ער איז נאך א קינד, וואס ער פארשטייט נאך ניט די מעלה פון לערנען תורה לשמה, במילא דארף מען אים געבן ממתקים בכדי ער זאל לערנען תורה, ד.ה. אז דער לימוד התורה ביי אים איז שלא לשמה, נאר לשם די ממתקים,

דערנאך ווען ער ווערט עלטער דארף מען אים צוזאגן ממון און כבוד, און נאך עלטער - עוה"ב וכו', ווי דער רמב"ם איז מבאר בארוכה אין פירוש המשניות.

עט. און דערנאך זאגט מען נאכמער: פארוואס דארף זיין "לעולם יעסוק אדם בתומ"צ אע"פ שלא לשמה" דערפאר וואס "מתוך שלא לשמה בא לשמה":

ד.ה. ניט נאר וואס עבודת האדם דארף זיך אנהויבן פון שלא לשמה, נאר <u>דורך</u> <u>דערויף</u> וואס ער טוט די עבודה שלא לשמה, וועט ער קומען צו עבודה לשמה, וואס דערפאר איז "<u>לעולם</u> יעסוק אדם בתומ"צ אע"פ שלא לשמה".

וואס דאס איז ניט קיין גזירה גזרתי וחוקה חקקתי פון תורה, נאר דאס איז פארשטאנדיק ע"פ דער ביאור פנימי אין דעם מארז"ל - דלכאורה האט דא געדארפט שטיין "לעולם יעסוק אדם בתומ"צ אע"פ שלא לשמה שמלא לשמה בא לשמה", און ניט "<u>שמתוך</u> שלא לשמה בא לשמה"?

איז דער ביאור בזה:

בשעת א איד איז זיך עוסק אין תומ"צ שלא לשמה, איז דער שלא לשמה נאר בחיצוניות, אבער דער אמת און פנימיות און "תוך" פון דער "שלא לשמה" איז "לשמה",

וואס דערפאר איז "לעולם יעסוק אדם בתומ"צ אע"פ שלא לשמה <u>שמתוך</u> שלא לשמה בא לשמה": דאס וואס ער וועט שפעטער קומען צו "לשמה", איז דאס דערפאר וואס אויך איצט איז דער "שלא לשמה" נאר בחיצוניות אזוי, אבער דער "תוך" און פנימיות פון דעם איז "לשמה", דעריבער איז "מתוך שלא לשמה בא לשמה",

און ווי דער רמב"ם פסק'נט (הל' גירושין ספ"ב) אז באמת און בפנימיות וויל יעדער איד אלעמאל טאן רצון ה', נאר אמאל איז יצרו אנסו פארדעקט דאס אויף זיין פנימיות הרצון, במילא איז "כופין אותו", ביז אז עס ווערט נתגלה זיין פנימיות און אמת'ער רצון, "עד שיאמר רוצה אני".

ועד"ז איז אויך דער "תוך" און פנימיות פון דער "שלא לשמה" פון א אידן "לשמה", ס'איז מערניט וואס בכדי מבטל זיין דעם יצרו אנסו וואס איז דא בא דעם אידן טוט זיך דאס אן בחיצוניות אין "שלא לשמה", אין אן ענין פון ממתקים, כבוד, ממון, אדער עוה"ב,

און דעריבער איז נאך דערויף וואס דער "שלא לשמה" האט מבטל געווען דעם יצרו אנסו, "בא לשמה" - ווערט נתגלה דער "תוך" און פנימיות פון דעם "שלא לשמה".

און דערפאר דארף גלייך בהתחלת העבודה זיין "לך לך" אפילו אויב דאס איז שלא לשמה, ווארום בפנימיות איז דאס אויך "לשמה", און סוף סוף וועט נתגלה ווערן אז אויך דאס איז לשמה.

פ. וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק די הוראה לכאו"א, אפילו בנוגע צו אזוינע וואס טענה'ן אז זיי האלטן ניט בא קליינע דרגות און זיי ווילן ניט טאן א זאך מיט פניות צדדיות -

אז עס דארף זיין "<u>לעולם</u> יעסוק אדם בתורה ומצוות"!

און צי דאס טוט ער לשמה אדער שלא לשמה - וועט ער דערנאך טראכטן.

ווארום אפילו אויב ער טוט עס שלא לשמה איז אבער בשעת מעשה וואס ער טוט עס שלא לשמה איז דער "תוך" און פנימיות פון דעם "לשמה", און נוסף לזה וועט דערנאך אויך נתגלה ווערן אז דאס איז לשמה.

וואס דערפאר איז וואס פאר אן ענין עס זאל זיין אין תומ"צ - דארף ער עס גלייך טאן אן איבערטראכטן צי דאס איז לשמה אדער שלא לשמה.

איי ער טוט עס שלא לשמה - ער גייט לייגן תפילין מיט א צווייטן אידן צוליב דעם ענין הכבוד, אז דערנאך זאל ער זיין יקרא בשם "טאנקיסט", און ער וועט באקומען געלט צו טיילן צו דעם גאנצן עולם, ווי ס'איז שוין געווען כמ"פ, ועד"ז אנדערע ענינים כיו"ב -

איז אבער דער בחינה פאר יעדער ענין, איז - צי די טענה (אז ער טוט עס שלא לשמה) איז אים אזוי מבלבל אז דאס רירט אן אין מעשה בפועל, אז ער זאל ניט גיין לייגן תפילין מיט נאך א אידן - איז דעמולט מוכרח אז די טענה איז היפך פון אן ענין רצוי!

און באמת דארף ער גאר וויסן זיין - אז דאס וואס ער גייט לייגן תפילין מיט נאך א אידן איז ניט, ווי ער מיינט, מצד דערויף וואס ער וויל זיין יקרא "טאנקיסט" - נאר בפנימיות איז דאס דערפאר וואס ער וויל לייגן תפילין מיט נאך א אידן.

פא. דאס איז אויך די מענה לכמה וכמה שואלים: ווי קען ער אליין גיין רעדן מיט א צווייטן אידן אז ער זאל לייגן תפילין דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן - בשעת ער אליין האלט ניט בא דעם, און ניט נאר וואס ער האלט ניט בא דעם, נאר ער טוט עס אויך ניט בפועל?!

זאגט מען אים:

דאס וואס ער לייגט תפילין שלא לשמה איז מצד דעם "לב כסיל" וואס איז "לשמאלו" (קהלת י, ב), משא"כ זיין "לב חכם" איז "לימינו" (שם), וואס ער איז פארבונדן מיט "מימינו אש דת למו", תומ"צ,

און בשעת ער וועט רעדן מיט א צווייטן אידן אז ער זאל לייגן תפילין לשמה, דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן, וועט דאס סוף סוף אויך פועל זיין אויף אים, אז דאס וועט מבטל זיין דעם "לב כסיל לשמאלו", און עס וועט נתגלה ווערן זיין אמת'ע מציאות, דער "לב חכם לימינו".

דערווײַלע דארף ער אבער מיט יענעם גלייך גיין לייגן תפילין, ווארום יענער איז מחוייב לייגן תפילין, און ער דארף ניט ווארטן ביז ער וועט זיך אויסטשוכען!

און אויב ער וועט עס ניט טאן גלייך איצטער, קען מען ניט וויסן צי ער וועט אים בכלל קענען געפינען שפעטער, ע"ד ווי גערעדט פריער בנוגע צו דער ענין פון חינוך.

פב. המדובר לעיל בנוגע צו כללות התומ"צ, אז עס דארף זיין "לעולם יעסוק אדם בתומ"צ אע"פ שלא לשמה שמתוך שלא לשמה בא לשמה" - דארף אזוי אויך זיין בנוגע צו דעם ענין וועגן וועלכע מ'רעדט איצטער, צו מוסיף זיין אין שמחה אין אלע ענינים, פארבונדן מיט א הוספה אין לימוד התורה און א הוספה אין נתינת הצדקה -

אז צום אלעם ערשטן דארף מען זיין בשמחה, צי דאס איז לשמה צי דאס איז שלא לשמה, און דעמולט איז א זיכערע זאך אז אפילו אויב דאס איז שלא לשמה, איז "מתוך שלא לשמה בא לשמה".

וואס נוסף צו די טעמים וואס מ'האט געגעבן אויף דעם - קומט צו מהנ"ל נאך א טעם אויף דעם, ובהקדם:

ס'איז דא א סיפור מיט איינעם פון די גדולי צדיקי פולין, [וואס וויבאלד אז איך האב דאס ניט געהערט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר וועל איך אים ניט דערמאנען באם נאמען, ווארום הגם אז דער סיפור איז טאקע אן אמת'ער און א געשמאקער, קען אבער זיין אז דאס איז געטראפן מיט א צווייטן צדיק.

א חסיד האט מיר אמאל געפרעגט: פארוואס קאכט מען זיך אזויפיל וועלכער רבי האט געזאגט א געוויסער מאמר - ס'איז דאך א מאמר פון דעם אויבערשטן, "דברי אלקים חיים", איז למאי נפק"מ דורך וועלכן רבי'ן דאס איז נתגלה געווארן?!

דאס איז אבער היפך פון שיטת כ"ק מו"ח אדמו"ר, ווי מ'זעט אין זיינע שיחות, (ווי שוין אויך געדרוקט), אז בשעת ער דערציילט וועגן עפעס דערציילט ער דאס מיט אלע פרטים און דיוקים, [נוסף לזה וואס "האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם"];

בנוגע אבער צו דעם סיפור דנדו"ד, איז וויבאלד אז איך האב אים ניט געהערט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, וועל איך ניט דערמאנען דעם נאמען פון דעם צדיק מיט וועמען דאס האט געטראפן]:

בשעת ער איז נאך געווען א קליינער אינגל, האט ער אמאל געוואלט האבן א פרי צו עסן (אויף אידיש - אן עפל) און מ'האט עס אים ניט געוואלט געבן, איז אזוי ווי "בוצין בוצין מקטפי' ידיעא", האט ער זיך געכאפט אויף א המצאה און ער האט געזאגט די ברכה "בורא פרי העץ", און וויבאלד אז מ'האט ניט געוואלט אז דאס זאל זיין א ברכה לבטלה, איז מען געווען מוכרח אים געבן דאס.

פג. עד"ז דארף מען זיך אויך פירן איצטער בנוגע צו די שמחה:

וויבאלד אז ס'איז אזא חושך כפול ומכופל, דארף מען זיך שטעלן קעגן דעם חושך דורך דערויף וואס מ'איז בשמחה גדולה, ווארום די איינציקע סיבה וואס מ'קען זאגן פארוואס ס'איז אזא חושך כפול ומכופל איז דערפאר וואס דורך דערויף זאל זיין "יתרון האור מן החושך", אז גאר בקרוב קומט משיח צדקנו,

דארף מען זיך דאך שוין צוגרייטן און איינגעוואוינען זיך איצטער אין דעם ענין פון שמחה צו וויסן ווי צו זיין בשמחה בשעת משיח וועט קומען.

בנוגע צו תשובה קען דאך דאס זיין "בשעתא חדא וברגעא חדא", דארף מען זיך דערצו ניט צוגרייטן בהכרח נאך איצטער; אבער בנוגע צו שמחה וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו, דארף מען זיך שוין צוגרייטן איצטער צו וויסן ווי מ'דארף טאנצן און ווי מ'דארף זינגען.

דערפאר זאגט מען יעדן אידן: זייט בשמחה און געוואוינט זיך איין צו די שמחה פון די גאולה האמיתית והשלימה, ס'איז טאקע א חושך כפול ומכופל פון גלות, אבער גייט ניט ארום צוסיפעט און פארכמורעט אבער ביחד עם זה דארף מען וויסן אז דאס גופא איז א באווייז אז אט באלד קומט משיח צדקנו, במילא דארף מען שוין איצטער איינגעוואוינען זיך צו די שמחה וואס וועט דעמולט זיין.

און אויב ער גייט ארום צוסיפעט און פארכמורעט און בלשון העולם, אז דער הימל לייגט זיך אויף דער ערד - זאגט מען אים: טיפש! דאס איז דאך גוט אז דער הימל לייגט זיך אויף דער ערד - דאס איז דאך דער ענין פון מ"ת, ווי רש"י זאגט אז בא מ"ת האט זיך דער הימל געלייגט אויף דער ערד - און דאס איז מ"ת!

און דאס וואס ס'איז אזא חושך הגלות איז דאס נאר דערפאר וואס דורך דערויף זאל זיין "יתרון האור מן החושך" - במילא דארף מען זיין בשמחה און זיך איינגעוואוינען צו די שמחה וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו.

טאקע ניט קיין שמחה פארבונדן מיט ווילדקייטן, נאר מיט תורה ומצוות - אבער א שמחה גדולה, און א שמחה פארבונדן מיט "אחכה לו בכל יום שיבוא".

ובפרט בנוגע צו מחנכים - אז זיי דארפן מרגיל זיין קינדער אז דער "אחכה לו בכל יום שיבוא" וואס אט אט קומט ער, דארף זיין בשמחה,

והגם אז ס'איז א חושך כפול ומכופל - איז אבער "חדוה תקיעא בלבאי מסטרא דא", הגם אז ביחד עם זה איז "בכי' תקיעא בלבאי מסטרא דא".

און דערפאר קען און דארף זיין שמחה נאך אין די לעצטע טעג אין גלות, וויבאלד אז משיח קומט בקרוב ממש.

פד. פון פ' לך לך קומט מען דערנאך צו פ' וירא, וואס בקשר מיט פ' וירא איז דאך ידוע דער סיפור וועגן דעם רבי'ן נ"ע, וואס האט פאסירט ווען ער איז געווען א קינד פון פיר אדער פינף יאר, בשבת פ' וירא:

דער רבי נ"ע איז אריין צו זיין זיידן דער צ"צ און האט זיך פאנאנדערגעוויינט, זאגנדיק: פארוואס האט זיך דער אויבערשטער באוויזן צו אברהם אבינו און צו אים באווייזט ער זיך ניט?

וואס ע"כ בנוגע לעניננו פון דעם סיפור.

וויבאלד אז דאס איז א סיפור וואס איז דערציילט געווארן צו אונז, איז דאס זיכער א הוראה פאר יעדער איינעם.

ואע"פ אז דער קינד מיט וועמען ס'איז געטראפן דער סיפור איז דערנאך געווען א נשיא, און איז געבאוירן געווארן א נשמה כללית, און איז געווען א זון און אן אייניקל וכו' פון א נשמה כללית - אבער אויב דאס וואלט געווען א זאך וואס איז שייך נאר צו אים אליין, וואלט מען דאס אונז ניט דערציילט, וויבאלד אבער אז מ'האט דאס אונז דערציילט איז א ראי' אז דאס איז שייך צו אידן עד סוף כל הדורות,

צו די הולכים באורחותיו ובעקבותיו, און אויך צו אלע אנדערע אידן, וויבאלד אז דאס איז דערציילט געווארן פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו דער נשיא פון כל הדור.

פה. וואס די נקודה אז כ"ק מו"ח אדמו"ר איז געווען דער נשיא פון זיין גאנצן דור, איז א דבר ברור לכל -

ווארום הכל מודים בלי שום קושיות ופירכות כלל, אז ס'איז ניט געווען קיין איין און איינציקער אין יענעם דור וואס אים איז געווען נוגע יעדן אידן בכל העולם כולו,

ביז אפילו ווען די ק.ג.ב. איז געשטאנען ביי אים הינטערן טיר, הינטערן וואנט, איז בשעת מעשה האט ער געטראכט און בפועל געשיקט בריוו וועגן וואס עס טוט זיך מיט אידישע קינדער וואס געפינען זיך אין די גאסן פון ברוקלין ניו-יארק, און אז מ'זאל זיי מקרב זיין צו תורה ומצוות.

און דאס איז א זאך וואס כולים מודים בזה; עס זיינען דא אזוינע וואס האבן טענות מיט שאלות - אבער בשעת מ'גיט זיי א פרעג וואו איז דא נאך איין איד פון יענעם דור וואס האט גע'דאגה'ט פאר יעדער אידיש קינד וואו ער זאל נאר זיין - איז ניטא קיינער חוץ פון אים.

מ'רעדט ניט לא לשבחם של ישראל - נאר אזוי איז דער מציאות אז "דבר אחד לדור ואין שני דברין לדור" (סנהדרין ח, א), וואס דערפאר איז דאס גאר אפשר צו זייער זכות.

עס זיינען דעמולט געווען אמת'ע צדיקים גדולים, וואס זיי האבן אויפגעטאן גרויסע זאכן און ברייטע זאכן און טיפע זאכן, אבער אלץ אין ענינם, און ניט מיט אלע אידן פון דעם דור,

משא"כ כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געטאן מיט יעדער אידן פון זיין דור, ביז אויך פאר קינדער וואס ער האט וועגן זיי קיינמאל ניט געהערט, און ער האט געשיקט בריוו און שלוחים אז מ'זאל מקרב זיין די קינדער צו תומ"צ, און אויב עס האט ניט געהאלפן האט ער געשיקט נאכאמאל בריוו, ביז אז ער האט זיך אויף דערויף געבייזערט, וואס דאס איז דאך בכלל היפך טבעו, ווי ער האט געבעטן אז זיין נשיאות זאל זיין בחסד וברחמים,

און אזוי האט ער גע'דאגה'ט פאר אלע אידן פון דעם דור, "האנשים והנשים והטף", ביז אויך פאר "גרך אשר בשעריך" - גיור כהלכה סיי טף בידיעות און סיי טף כפשוטו,

און דאס איז אזוי ביי אים געווען במשך פון די גאנצע שלשים שנה אלס נשיא בחיים חיותו בעלמא דין, אז במשך פון די שלשים שנה איז ער געווען דער איין און איינציקסטער וואס ביי אים איז געווען נוגע אלע אידן פון דעם דור.

[דאס איז ביי אים אויך געווען ווען זיין פאטער, דער רבי נ"ע, האט נאך געלעבט - אבער דעמולט איז דאס אן אנדער ענין, וויבאלד אז זיין פאטער איז געווען דער נשיא, און אזוי ווערט עס דערנאך א פעולה נמשכת עד סוף כל הדורות.

און דאס ווערט נמשך אויך בא זיינע תלמידים, אז נאך דערויף וואס ס'איז געווען די שלשים שנה הראשונים איז דאס הולך ונמשך אויף די שלשים שנים שניים].

פו. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז דער סיפור הנ"ל וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר, נשיא דורנו, האט דערציילט און די הוראה דערפון איז שייך צו אלע הולכים באורחותיו און צו אלע אידן אין די גאנצע וועלט אויך בזמננו זה.

וואס די הוראה דערפון איז בפשטות:

אויך איצטער דארפן קינדער וועלן זען געטליכקייט ביז אז זיי וויינען אויב זיי זען דאס ניט!

וואס דאס איז תלוי אין די מחנכים, וואס פאר אן אופן החינוך זיי גיבן די קינדער, און אז זיי זאלן ניט נאר טאן מיט קינדער וועלכע קומען צו זיי, נאר אויך אויסזוכן אנדערע אידישע קינדער, וואו זיי זאלן נאר זיך געפינען און אויך בא זיי דאס פועל'ן.

וואס פון איין זייט איז דער מצב איום ונורא בקשר מיט א אידיש חינוך פאר אידישע קינדער, און בכל שנה ושנה איז דאס פוחת והולך, כנ"ל בארוכה;

אבער לאידך גיסא איז היינט אסאך גרינגער צו פועל'ן אז אידישע קינדער זאלן באקומען א אידישן חינוך.

און דער חינוך דארף זיין עד כדי כך, אז מ'פועל'ט בא דעם קינד אז ער זאל גלוסטן און בענקען צו זען געטלעכקייט.

ווארום ביחד עם זה וואס מ'דערציילט אים דער סיפור אז דער אויבערשטער האט זיך באוויזן צו אברהם אבינו ווען ער איז געווען 99 יאר, זאגט מען אים אז ער דארף אבער ניט ווארטן ביז ער וועט ווערן 99 יאר ביז דער אויבערשטער זאל זיך צו אים באווייזן (וואס זאגן אזוי איז היפך דעם פירוש הפשוט אין דעם סיפור),

ס'איז נאר אז אויב ער וועט מחליט זיין נאך אלס קינד צו זיך פירן ווי אברהם אבינו האט זיך געפירט, וועט זיך דער אויבערשטער צו אים באווייזן.

און אויף דערויף גלוסטן און בענקען אידישע קינדער, און זיי זאגן אז "ווי וואנט נאו" דעם ענין ביז אז זיי וויינען אויף דעם!

פז. און אין דערויף דארף מען טאן מיט די גאנצע השתדלות, ביז געפינען קינדער וואס האבן ביז איצטער ניט געהאט קיין אידישן חינוך און אויך זיי געבן אזא חינוך.

און בשעת מ'וועט טאן אין דעם כדבעי וועט מען זיכער מצליח זיין.

מ'דארף נאר וויסן בשעת מעשה אז מ'גייט און מ'טוט דאס מיט דעם כח ובשליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס "שלוחו של אדם כמותו",

און אז תורה זאגט אז "יגעת ומצאת".

ביז אז דאס ברענגט צו דעם " מצאתי דוד עבדי" וואס דאס גייט אויף משיח צדקנו, ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין,

בגאולה האמיתית והשלימה, בקרוב ממש.

* * *

פח. דער ביאור אין דעם סיפור אין זהר (עכ"פ בנקודות מצד קוצר הזמן):

דאס וואס דער עשיר האט געגעבן ר' יוסי די י"ג כוסות פון פז - קען מען זאגן בדוחק אז דאס רעדט זיך אז ער האט ארויסגענומען א תנאי אז ער זאל האבן א חלק אין די תורה וואס ר' יוסי וועט פון איצטער (ווען ער גיט אים די כוסות) און ווייטער לערנען תורה, און ניט אין די תורה וואס ער האט געלערנט פאר דערויף.

דער ביאור אין דעם פארוואס ר' אבא האט געוואלט מעניש זיין ר' יוסי פאר לערנען תורה שלא לשמה כאטש אז ס'איז דא דער כלל אז "לעולם יעסוק אדם בתומ"צ אע"פ שלא לשמה כו'" - קען מען זאגן אויף צוויי אופנים:

א) דער סיפור איז געטראפן פאר דערויף וואס דער "תלמיד ותיק" האט מחדש געווען אז "לעולם יעסוק אדם בתומ"צ אע"פ שלא לשמה כו'", און אפשר איז דער סיפור דער יסוד פון דעם מארז"ל.

ב) די גמרא (שבת לא, א) דערציילט בשבת פון הלל "מעשה בנכרי אחד שבא לפני שמאי, א"ל גיירני ע"מ שתלמדני כל התורה כולה כשאני עומד על רגל אחת, דחפו באמת הבנין שבידו, בא לפני הלל גיירי', אמר לו דעלך סני לחברך לא תעביד זו היא כל התורה כולה, ואידך פירושה הוא זיל גמור".

פרעגט מען אויף דערויף די שאלה: שמאי האט זיך דאך לכאורה געפירט ווי דער דין, אז ווען עס קומט צוגיין א גוי און וויל זיך מגייר זיין דארף מען אים דוחה זיין און בודק זיין צי ער וויל דאס ניט טאן צוליב אן ענין פון ממון אדער עריות וכיו"ב, משא"כ הלל האט זיך געפירט אין א פארקערטן אופן - איז פארוואס קומט אויס פון גמרא אז דער סיפור איז לשבח פון הלל?

ענטפערן מפרשים: אז הלל האט געזען דעם פנימיות פון דעם גוי, אז בעצם און בפנימיות וויל ער זיך מגייר זיין, ער האט עס אבער ניט געקענט זאגן בפירוש, ווארום יענער וואלט עס ניט געקענט נעמען - דערפאר האט ער אים געזאגט אז דערווייל זעץ זיך לערנען, "זיל גמור", און דערנאך (האט הלל געוואוסט) וועט נתגלה ווערן אז די כוונה פון דעם גוי איז לשמה.

עד"ז קען מען אויך זאגן דעם פירוש אין דעם סיפור אין זהר, אבער אין א פארקערטן אופן:

ר' אבא האט געזען אז ר' יוסי וויל דער עשירות מיט אזא תוקף גדול - אז ער האט ניט געקענט זען ווי דער לימוד התורה זיינער זאל דערנאך ווערן לשמה, דערפאר האט ער אים געוואלט מעניש זיין.

פט. למעלה האט מען אבער געזען נאך טיפער אין זיין פנימיות, אז ער וועט זיין א "גברא רבא", און זיין לימוד התורה וועט דערנאך זיין לשמה, און דערפאר האט מען געזאגט ר' אבא אז ער זאל אים ניט מעניש זיין.

עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק דער דיוק אין דעם וואס ער איז געווען א רווק דוקא:

אויב ער וואלט געווען א חתונה געהאטער האט ער דעם חיוב פון "שארה כסותה ועונתה לא יגרע", במילא דארף ער האבן געלט צוליב מקיים זיין די מצוה, איז אפילו אויב ער לערנט תורה שלא לשמה נאר צוליב די געלט - איז דאס עכ"פ צוליב א מצוה, קען ר' אבא דערפון ניט וויסן בודאות אז ער וועט קיינמאל ניט צוקומען צו לימוד התורה לשמה (וואס מצד דערויף האט ער אים געוואלט מעניש זיין);

ווייבאלד ער איז אבער געווען א רווק, דארף ער קיין געלט ניט האבן, און

אעפ"כ לערנט ער תורה צוליב די עושר - האט ר' אבא דערפון פארשטאנען אז ער מאכט די תורה פאר א "קרדום לחתוך בו" פאר זיך אליין, ביז אין אן אופן אז דערנאך וועט ער עס ניט קענען מתקן זיין.

צ. דער ביאור אין דעם וואס ער ווערט אנגערופן ר' יוסי בן פזי:

די הוראה אז "לעולם יעסוק אדם בתומ"צ אע"פ שלא לשמה שמתוך שלא לשמה בא לשמה", איז אן ענין וואס האט א תוקף אין דעם וואס דאס איז א הוראה וואס שטייט נאר אין גמרא און אין שו"ע;

בשעת מ'זאגט אבער אז ס'איז געווען א מענטש וואס הייסט ר' יוסי בן פזי - האט מען דעמולט א לעבעדיקער איד, א לעבעדיקער ביישפיל פון איינעם וואס איז "בן פזי" - וואס האט געלערנט תורה שלא לשמה, צוליב כוסות של פז (גין-גאלד), און דערנאך איז ער אבער געווארן ר' יוסי בן פזי, א רבי פון תלמידים!

צא. דער ביאור אין פירוש רש"י:

אויפן פסוק "ואברם בן שמונים שנה ושש שנים בלדת הגר את ישמעאל לאברם" (דער פסוק גלייך פאר "ויהי אברם בן תשעים שנה ותשע שנים וגו'") זאגט רש"י: "לשבחו של ישמעאל נכתב להודיע שהי' בן י"ג כשנימול ולא עיכב".

וואס א בן חמש למקרא פארשטייט דאך די חביבות פון יעדער ווארט אין תורה, און דא זאגט מען אז עס קומט צו א גאנצער פסוק לשבחו פון א גוי, און איינער וואס איז א "פרא אדם ידו בכל ויד כל בו".

וואס דערפון פארשטייט א בן חמש למקרא אז במכ"ש וק"ו ווען עס רעדט זיך וועגן אברהם אבינו, טוט דער אויבערשטער אן ענין מיוחד צו ארויסברענגען שבחו פון אברהם אבינו,

און דאס איז וואס דער אויבערשטער האט געווארט ביז אברהם זאל זיין 99 יאר ביז ער זאל אים געבן מצות מילה און דעמולט האט אברהם ניט געווארט נאר ער האט גלייך מקיים געווען דעם ציווי.

וואס דער חידוש בדבר איז מובן בפשטות: אפילו אויב אברהם וואלט באקומען די מצוה צו 13 יאר און וואלט דאס דעמולט מקיים געווען, איז דאס אויך פארבונדן מיט יסורים - אבער דעמולט איז ער א בעל כח; אפילו ווען ער וואלט דאס געטאן צו 86 יאר - האט ער דעמולט נאך אויך כחו במתניו;

משא"כ אבער צו 99 יאר איז דאך שוין תשש כחו של האדם, ביז אז ער האט שוין דעמולט ניט געקענט האבן קינדער (ראה פרש"י עה"פ פרשתנו יז, יז), ווי שרה האט געזאגט אז "אדוני זקן", און אע"פ אז דער בן חמש למקרא האט דאס נאך ניט געלערנט, קען ער אבער משער זיין אז דעמולט איז תשש כחו און קיין קינדער קען ער שוין ניט האבן, [ביז אז אפילו אין די אצטגנינות פון אברהם האט ער דעמולט ניט געדארפט האבן קינדער (פרש"י פרשתנו טו, ה)], און דערפאר האט אברהם געדארפט האבן א הבטחה מיוחדת אז ער וועט האבן קינדער -

און אעפ"כ האט זיך אברהם דעמולט מל געווען גלייך ווען ער האט געהערט דעם ציווי פון דעם אויבערשטן, "בעצם היום הזה".

וואס צוליב ארויסברענגען דעם שבח פון אברהם'ן האט דער אויבערשטער געווארט ביז ער איז געווען 99 יאר אויף אים זאגן "התהלך לפני והי' תמים" דורך מצות מילה.

צב. אין דערויף קומט צו נאך א זאך פון פירוש רש"י עה"פ:

דער עיקר העבודה אז זייענדיק שוין 99 יאר האט אברהם ניט געווארט און גלייך מקיים געווען די מצות מילה - איז ניט קיין הוספה והידור אין עבודת אברהם אבינו,

ביז אז די עבודה פעלט ניט נאר א הידור - נאר עס פעלט אין די גאנצע זאך - ער ווערט א בעל מום.

און דער טעם אויף דערויף איז - ווייל אברהם אבינו איז געווען א בעל מדריגה האט זיך פון אים געמאנט אז אפילו זייענדיק 99 יאר און ער באקומט די מצוה פון מילה, זאל ער עס מקיים זיין בזריזות,

און דערפאר איז אויב ער איז דאס ניט מקיים - איז ער א בעל מום.

צג. די הוראה דערפון:

עס זיינען דא אזוינע וואס זיינען פויל און עס פעלט בא זיי אין זריזות, און ער טענה'ט: ער גיט דאך געלט און ער האלט אויס כמה שלוחים וכיו"ב - איז פארוואס דארף ער אליין טאן?!

זאגט מען אים: ער דארף טאקע זיין א "נדיב בממונו נדיב בגופו ונדיב בנשמתו" - אבער צוזאמען דערמיט דארף ער טאן זיין עבודה מיט זיך - ס'איז ניט מספיק וואס ער מל'ט ישמעאל בנו און יצחק בנו און "כל ילידי ביתו ואת כל מקנת כספו", נאר ער דארף זיך אליין אויך מל'ן.

און אויב ער טענה'ט אז ער איז אן איש מובחר און פון יחידי סגולה, און אפשר איז דער אמת טאקע אזוי - איז דעמולט דארף ער ערשט טאן מיט זיך, און אויב ניט איז ער ערשט דעמולט א בעל מום!

צד. און פון דער סיום פון פ' לך לך קומט מען דערנאך צו פ' וירא, אז דער אויבערשטער האט זיך באוויזן צו אברהם נאך דעם וואס ער האט מקיים געווען מצות מילה.

און בקשר לזה איז דאך דא דער סיפור הנ"ל, און די הוראה דערפון אז מ'דארף פועל'ן אויף אידישע קינדער אז זיי זאלן מאנען און ווילנען אז זיי ווילן זען געטלעכקייט.

וואס דאס איז דאך א סיפור וואס איז געטראפן בשעת דער צ"צ איז געווען דער נשיא,

וואס ביי אים זעט מען אן ענין מיוחד, אז פון אים זיינען דא א ריבוי ספרים, מערער ווי פון אלע אנדערע נשיאים, ביז אז אפילו א קליין קינד ווען ער גייט אריין אין א חדר זעט ער אז פון דעם צ"צ זיינען דא א ריבוי ספרים אסאך מערער ווי פון אלע אנדערע נשיאים.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער שירה הידועה, אז דער אלטער רבי איז ספירת החכמה, דער מיטעלער רבי - ספירת הבינה און דער צ"צ - ספירת הדעת, וואס דעת איז זיך מערער ווי חכמה און בינה, ווארום דעת איז דער "מפתחא דכליל שית".

און דאס איז א הכנה צו "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים".

ויה"ר אז עס זאל זיין "ומלאה הארץ דעה את ה' כמים לים מכסים", בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

צוה לנגן מלכתחילה אריבער. אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, ווען זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

* * *

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן אך צדיקים.

בס"ד. שיחת אור ליום ה׳ פ׳ חיי שרה, כ"ף מרחשון ה׳תשמ"א.

הנחת הת׳ בלהי מוגה

א. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ויהיו חיי שרה גו׳.

* * *

ב. ס׳איז ידוע דער סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר וועגן דעם בעל יום ההולדת פון כ"ף מרחשון, כ"ק אדמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע[1] - אז "בכל שנה ביום הולדת הי׳ אאמו"ר (כ"ק אדמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע) אומר דא"ח, אלא שהי׳ בחשאי", נאר פאר בנו יחידו[2] (כ"ק מו"ח אדמו"ר).

דערנאך האט עס בנו ממלא מקומו, כ"ק מו"ח אדמו"ר, מפרסם געווען, ביז - אז דערפון איז דערנאך דער גאנצער ענין פון פראוועון יום ההולדה געווארן בפרסום, אע"פ וואס ביז דעמולט איז דאס געווען בהשאי, און בא כמה וכמה איז דאס אפילו בחשאי אויך ניט געווען.

און ווייבאלד אז מ׳האט עס מפרסם געווען, איז דאס גופא א הוכחה אז דאס איז שייך (לאחדי פרסום זה) צו יעדערן צו וועמען די ידיעה בזה איז דערגאנגען.

ובפרט אז דערנאך איז אויך געווען די הוראה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז "ביום ההולדת על האדם להתבודד וכו׳" (ווי ס׳איז שוין געדרוקט בכ"מ[3], פון דער רשימה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר).

און בנוגע צום בעל יום ההולדה פון כ"ף מרחשון, האט כ"ק מו"ה אדמו"ר מדגיש געווען, אז דעמולט פלעגט ער זאגן א מאמר חסידות.

ג. אין דעם ענין גופא, אז דער רבי נ"ע, בעל יום ההולדה פון כ"ף מרחשון, פלעגט זאגן א מאמר חסידות ביום הולדתו - איז דערנאך נתגלה געווארן נאך א פרט:

צווישן די מאמרים בקשר מיט כ"ף מדחשון וועלכע זיינען נתפרסם געווארן צוזאמען מיט זייערע ההחלות וואס ניט ביי אלע מאמרים זיינען די ההחלות זייערע נהפרסם געווארן, אבער בכמה מהם[4] זיינען נהפרסם געווארן אויך די התחלות - זעט מען, אז בכמה מהם זיינען די ההחלות פארבונדן מיטן קאפיטל תהלים -

\-\-\-\-\-\-\-\-\-\-\-\-

1) "היום יום" כ׳ חשון (ע׳ קו). 2) "ההמים" הו׳ ג ע׳ לב ואילך (קלב, סע"ג ואילך). 3) "היום יום" יא ניסן (ע׳ כד). 4) ד"ה לבנצה אל השהה (קאפיטל נז) - עזד"ה (נדפס בסה"כ עזר"ת ע׳ עז); ד"ה לכנצה על שושן (קאפיטל ס) - פר"ת (נדפס בסה"כ פר"ת ע׳ סד ואילך). וראה "היום יום" ע׳ קו.

תהלים וואס איז מתאים למספר שנותיו פון דעם בעל יום ההולדת (דער רבי נ"ע).

מיוסד אויף דעם מנהג (בקבלה מהבעש"ט)[5] "לאמר הקאפיטל תהלים המתאים למספר שנותיו". ד.ה. לדוגמא, בשעה ער ווערט י"ג שנה, בר מצוה, זאל ער אנהויבן זאגן מזמור י"ד. ועד"ז אי, די שנים שלאח"ז.

ד. און דאס איז שייך ניט נאר בשעה די נשמה פון דעם בעל יום ההולדה געפינט זיך דא למטה, אין גוף - נאר יוז געדעט אמאל באריכה". אז אפילו וועז די נשמה געפינט זיך למעלה אין עולם האמת, איז דא אן עלי' אין שנים לויט דעם זמן דא למטה, בהמשך צו די שנים פון זיין געבורט.

וואס לכאורה: וואס איז נוגע צו דער נשמה למעלה אז דא למטה קומט-צו נאך א יאר?

אעפ"כ זעט מען אז אין א רשימה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר פון כ"ף מרחשון[6], שרייבט ער, אז זיין פאטער האט אים דערציילט בחלום (אין שנת תש"ה), אז "במעל"ע זה שנתמלאו שמונים וארבע שנים לירידה נשמתי בעולם התחתון . . הנה כל אחד מכ"ק רבותינו ואבותינו הק' יאמר דרוש על פסוק דקאפיטל פ"ד",

וואס דערפון זעט מען, אז אויך לאחרי ההסתלקות, ווען די נשמה געפינט זיך למעלה, ווערט נתוסף אין מספר השנים דלמטה,

ביז - אז דער מאמר חסידות וואס מ'זאגט דעמולט (ווען די נשמה איז למעלה) איז ניט אויף דעם מזמור תהלים וועלכן מ'האט געזאגט אין די שנים שלפנ"ז, נאר אויף דעם מזמור תהלים פון שנה זו מתאים למספר שנותיו בשנה זו.

ה. עפ"ז קומט דאך אויס, אז אין כ"ף מרחשון שנה זו, שנת תשמ"א, וואס דעמולט ווערט מאה ועשרים שנה פון יום ההולדת שלו,

וואָרום ער איז געבארן געווארן כ"ף מרחשון שנת כתר"א - (תרכ"א) -

------------

5) מכתב ט' טבת תש"ח - נדפס בקובץ מכתבים לתהלים (אהלי י"י) ס"ע 214. וראה גם מאמר אדה"ז - נדפס בקונטרס חג הגאולה י"ב-י"ג תמוז תרפ"ה - הוצאת קה"ת תשל"ח - [illegible].

6) ראה קובץ מכתבים לתהלים שם הע' 33, [illegible] ע' 496. ה"ה ע' 103 ואילך ובהע' 45 שם. ועוד. [illegible] - נעתקה בלקו"ש ח"ב שם הע' 10. [illegible] פר"ת (ברוקלין, תשי"ב). [illegible] פר"ת ע' [illegible].

<u>הנהת הת' בלתי מוגה</u>

(הרכ"א). וואס אין דערויף זיינען דא צוויי כפי"ן, כידוע דער סיפור וואס דער צ"צ האט געזאגט בשעה דער רבי נ"ע איז געבארן געווארן[9] -

הויבט זיך דעמולט אן מזמור קכא אין תהלים - "שיר המעלות אשא עיני אל ההרים וגו'".

ו. ויש לקשר דעם מזמור תהלים עם המדובר לעיל אין דעם מאמר (גענומען פון דעם מאמר פון בעל יום ההולדת[10]) וועגן גודל ענין השמחה,

[ביז וואנעט, אז וויבאלד בא יעדער אידן איז דא דער ענין הביטול, און ער האט עס בירושה [וואס וויבאלד אז ער איז א יורש, ווערט די ירושה זיינע אן קיין קנין און פעולה מצדו ווי מ'דארף האבן ביי אנדערע עניינים[11]] - איז דערפאר די שמחה א שמחה שלימה וואס איז כולו טוב],

כמבואר בארוכה אין דעם מאמר פון דעם בעל יום ההולדת, און דערנאך אויך אין דעם ביאור "נראה לי" (וואס איז אפגעדרוקט נאך דעם מאמר[12] (און איז אויך פון דעם בעל יום ההולדה)), מיט נאכמער הדגשה וועגן דעם ענין השמחה.

ז. דער עיקר דערפון איז דאך דער מעשה בפועל, ווארום המעשה הוא העיקר[13] - אז עס זאל זיין דער ענין פון שמחה בפועל. ווי מ'מאנט אין זמן האחרון[14].

שטעלט זיך אויף דעם די שאלה:

מ'מאנט דאך, און מ'זאגט אז ס'איז אן ענין שהזמן גרמא, אז עס דארף זיין דער ענין פון שמחה, און ניט נאר שמחה של מצוה[15] כפשוטה, און נאכמער - די שמחה בשעת לימוד התורה, וואס "פקודי ה' ישרים משמחי לב"[16] - נאר אויך שמחה אין "מעשיך" [וואס "כל מעשיך יהיו (אויך פון לשון הבטחה)' לשם שמים"], און "דרכיך" [וואס "בכל דרכיך דעהו"][17]:

וביחד עם זה זאגט מען אז איינער פון די טעמים אויף

- דעם -

------------

9) הנוך לנער ע' 8. 10) ד"ה ויהיו חיי שרה עטר"ת - נדפס בסה"מ עטר"ת ע' פז ואילך. 11) ראה סה"מ שם ע' צא. 12) שם ס"ע צז ואילך. 13) אבות פ"א מי"ז. 14) שיחת ש"פ נח, בדר"ה מרחשון. מכתב עש"ק פ' לך לך, ז' מ"ח. שיחת ש"פ לך לך, ה' מרחשון. 15) ראה רמב"ם סוף הל' לולב. 16) תהלים יט, ט. טושו"ע או"ח ר"ס הקנד. 17) אבות פי"ב. משלי ג, ו. וראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א. טו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ב.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

דעם ענין פון שמחה, איז - דערפאר וואס הזמן גרמא, דערפאר וואס די וועלט שטייט איצטער אין א מצב מבהיל, מיט אלע פרטים שבזה, וואס וויפל מ'וועט זאגן - איז דאס נאך אלץ ניט גענוג, ווארום מ'וויינט דאך מערניט ווי א מקצה פון די ענינים המבהילים.

וואס דאס איז דאך א דבר והיפוכו:

פון איין זייט זאגט מען, אז ס'איז א מעמד ומצב מבהיל, "החושך יכסה ארץ"[19], וואס דער לשון "יכסה ארץ" איז דאך א מבהיל'דיקער אויסדרוק! און דערנאך זאגט מען אז דאס איז נאך "ווייניק", נאר "וערפל לאומים"[18], וואס "ערפל" איז נאך מער פון חושך,

און ס'איז דאך "אין סומכין על הנס" און מ'דארף טאן די ענינים בדרך הטבע וכו':

און פון צווייטן זייט זאגט מען, אז ביהד עם זה טאר דאס ניט אנרירן, כמעט זיין, און אפילו ניט מהליש זיין, אין דער שמחה של מצוה און שמחה של תורה, כולל אויך די שמחה אין "מעשיך" און "דרכיך",

ואדרבה - פון דעם חושך הגלות, וואס "החושך יכסה ארץ", דארף זיין "יתרון האור מן החושך"[19] (וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט "יתרון החכמה מן הסכלות"[20]),

ובדוגמא ווי עס שטייט אין זהר[21], ומבואר אין דעם מאמר הנ"ל פון דעם בעל יום ההולדת, בנוגע צו שרה, אז דורך דערויף וואס "אהת שרה ונהחה", האט דאס אין איר אויפגעטאן דעם ענין פון "וסלקת", אן עלי' גאר שלא בערך,

כמובן אויך בפשטות פון דעם כלל הידוע אז א ירידה איז צורך עלי', וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז וויבאלד דער "נחתת" איז געווען אין "ערות הארץ"[22], איז די עלי' דערנאך שלא בערך.

ועד"ז איז אויך בנדו"ד: פון דעם "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים", ביז אז מ'זעט אפילו בעיני בשר און הכל מודים אז ס'איז א מצב וואס לא הי' כמוהו [און זיכער וועט זיך דאס אויסלאזן הכל לטוב] - דארף דערפון זיין דער "יתרון האור מן החושך", דער יתרון השמחה מן החושך.

- מ'מאנט -

------------

18) ישעי' ס, ב. 19) ראה פסחים סד, ב. זח"א קיא, ב. ועוד. 20) ע"פ ל' הכתוב - קהלת ב, יג. וראה ספר הערכים-חב"ד ע' אור - ביחס לחושך ס"ח. וש"נ. 21) ח"א קכב, ב. 22) מקץ מב, ט. שם, יב.

מ'מאנט אבער אז בשעת מעשה וואס ס'איז נאך "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים", זאל ער שוין האבן א שמחה, און א שמחה ווי הורת אמת פארלאנגט, ד.ה. א שמחה אמיתית,

ניט אז ער קנייפט די באקן און זאגט אז וויבאלד מ'דארף זיין בשמחה איז ער (נאר) מחליט אז ער וועט זיין בשמחה - נאר זיין בשמחה אמיתית בפועל ממש איצטער,

ווארום בשעת ער איז אזוי נאר מחליט, ווערט טאקע דורך דער מחשבה טובה שוין אויפגעטאן דער ענין, ווארום "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה"[23]; דאס איז אבער נאר "מצרפה" צו דער מעשה וואס ער וועט טאן ערשט לאחרי זמן, כמבואר אין הניא[24] דער דיוק אין "מצרפה למעשה", און דאס קומט ניט צו דעם אז ער טוט אפ דעם ענין בפועל בשעה מעשה ממש.

וואס דערפאר דארף ער זיין בשמחה און מיט א שמחה אמיתית בפועל ממש איצטער.

און מ'זאגט אז דאס איז שייך לכל אחד ואחת צו וועמען עס האט דערגרייכט אט דער ענין פון חסידות אז מ'דארף איצטער זיין בשמחה, ווי עס שטייט אין די הסידוה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר [וואס ער איז ממלא מקומו פון דעם בעל יום ההולדת], אין אזא סגנון, אדער אין א צווייטן הגנון - דער תוכן הנקודה איז אבער די זעלבע.

וכהורת הבעש"ט הידוע[25], אז וויבאלד ער האט וועגן דעם געהערט - איז אין דערויף דא פאר אים ביחוד א הוראה וואס ער דארף דערפון ארויסנעמען בעבודתו בפועל לקונו.

איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק ווי עס קען זיין דער דבר והיפוכו, אז מ'זאגט אז "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים" אין א חושך כפול ומכופל פון גלוה ובאופן כבהיל, און צוזאמען דערמיט מאנט מען ביי אים אז ער זאל זיין בשמחה אמיתית (כנ"ל)?!

ה. אויף דערויף האט מען דעם ענטפער פון מזמור קכא אין תהלים

- וואס ספר התהלים איז דאך געזאגט געווארן דורך דוד מלכא משיחא, וואס ער ווערט אנגערופן "נעים זמירות ישראל"[26], דערפאר וואס ער איז "מנעים זמירותיהם של ישראל"[27]. ער האט געזאגט די זמירות בשם כל אחד ואחד מישראל -

- אז -

------------

23) קידושין מ, א. 24) פמ"ד. 25) "היום יום" ע' נב. כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ. 26) ש"ב כג, א. 27) שהש"ר פ"ד, ד (בתהלתו).

אז ס'איז לגמרי קיין סתירה ניט צווישן דעם וואס "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים", מיט דעם וואס ביחד עם זה דארף מען זיין בשמחה:

ווען קען "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים" אים מבלבל זיין פון זיין בשמחה - איז דאס אידער ער גיט א קוק אדער אידער ער ווייסט וואס עס שטייט אין מזמור קכא פון תהלים, אבער נאך דערויף וואס ער ווייסט וואס דארטן שטייט איז דאס אים ניט מבלבל.

ט. דער מזמור קכא אין תהלים הויבט זיך אן: "(שיר למעלות אשא עיני אל ההרים) מאין יבוא עזרי".

וואס דער פירוש אין דעם איז, ניט אז דאס איז א המי' און א שאלה וכיו"ב, אז "מאין יבוא עזרי"? - נאר דאס איז גלייך אן אנזאג פון וואנעט עס קומט דעם אידן'ס עזר - אז א אידן'ס עזר, "עזרי", קומט פון (דער דרגא פון) "מאין",

וואס "מאין" איז בגימטריא מאה ואחד, וואס דאס איז פארבונדן מיט אלע מעלות וואס זיינען דא אין מאה ואחד, כמבואר אין לקו"ת[28], און מ'פארבינדט דאס אויך אין די מאמרים פון רבותינו נשיאינו מיטן מאמר חז"ל הידוע[29] "אין מזל לישראל".

י. וואס דאס איז ע"ד ווי מ'האט געלייענט (און געלערנט) אין הורה בשמחת תורה - אז "וישכון ישראל בטח בדד עין יעקב"[30], וואס דער פירוש אין דעם איז, ניט נאר אז דערפאר (וואס "וישכון ישראל בטח בדד") דארף מען ניט איבערטראכטן און מורא האבן - נאר ווי ער איז דערנאך גלייך ממשיך אז דערפאר איז "אשריך ישראל", אידן זיינען נאך מער גליקלאך, ביז אין אן אופן פון תענוג, וואס דאס איז דער אפטייטש פון "אשריך" - דערפאר וואס אידן זיינען "עם נושע בה'" וואס ער איז "מגן עזרך".

און דערנאך - "ויכחשו אויביך לך ואתה על במותימו תדרוך", מיטן גאנצן שטורעם בזה ווי ס'איז פארשטאנדיק פון מפרשי התורה, ס'איז אבער אויך געגנוג פשוטו של מקרא שבדבר.

וע"פ שיחת כ"ק מו"ח אדמו"ר[31], אז בחודש תשרי נעמט מען "סחורה" על כל השנה כולה, און דערנאך פאקט מען עס פאנאנדער במשך ימות השנה -

נעמט מען מיט אויך דעם ענין וואס מ'האט געלייענט און

- געלערנט -

------------

28) ראה כב, ג. 29) שבת קנו, סע"א. 30) ברכה לג, כח-כט. 31) שיחה שמע"צ תש"ז - נעתקה בסה"מ השי"א ע' 78. ועוד.

געלערנט בשמח"ה, על כל השנה כולה, ועאכו"כ אויף די ימים הסמוכים צו שמח"ת און צו חודש השרי, וואס ראס זיינען דאך די טעג פון חודש חשון.

ואדרבה - אין חודש השרי בשעת ער האט די "סחורה", האט ער אלע ענינים, כולל אויך דעם ענין פון "אשריך ישראל" - ס׳איז אבער "איינגעפאקט", און מ׳נוצט עס ניט בפועל; דוקא נאך חורש השרי פאקט מען עס פאנאנדער, און ערשט דעמולט הויבט מען דאס אן נוצן מיטן גאנצן שטורעם.

וכמבואר בארוכה ווי דאס איז אין עבודה אין קונטרס היחוד (קונטרס ההתבוננות) לאדמו"ר האמצעי[32], אין קונטרס העבודה[33] ובכמה מקומות - אז הכליה העבודה איז ניט אז ער זאל האבן דעם ענין אין אן אופן כללי, נאר דאס דארף זיין "פאנאנדערגעפאקט" אין פרטים און אין פרטי פרטים און ער דארף נוצן יעדער ענין במקומו ובזמנו,

וואס דוקא בשעה ער האט עס "פאנאנדערגעפאקט" און נוצט יעדער ענין במקומו ובזמנו, וביחד עם זה - בתכלית השלימות, כדבעי למיעבד[34] - פירט זיך דורך עבודתו בתכלית השלימות.

יא. וואס המדובר לעיל איז די התחלה פון מזמור קכא אין תהלים - אז א אידן׳ס עזר קומט מלכתחלה בפשטות פון (דער דרגא פון) "מאין", אז "מאין" איז "יבוא עזרי";

מ׳דארף דאך אבער האבן אז דער עזר זאל זיין ניט נאר אין רקיע השביעי, ניט נאר אין "מזל" שבנשמה[35], ניט נאר אין יחידה שבנשמה - נאר אז דאס זאל ביי אים אויך זיין בטוב הנראה והנגלה, עס זאל זיין "אוצרך הטוב לנו תפתח"[36] -

איז ער גלייך ממשיך אין דעם (צווייטן פסוק פון דעם) מזמור תהלים: "עזרי מעם הוי׳ עושה שמים וארץ":

דער עזר ("עזרי") ווערט פריער נמשך פון "מאין", פון א דרגא "דלא[37] אתפס בשם ולא אהרמיז בשום אות וקוצא כלל", העכער פון שם הוי׳[38];

דערנאך ווערט דער "עזרי" גלייך נמשך אין "הוי׳ עושה שמים וארץ", וואס דאס איז כולל גאנץ סדר ההשתלשלות ביז דעם עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

יב. דערנאך בשעה דער "עזרי" קומט אראפ אין עוה"ז התחתון

- שאין -

------------

32) בתחלתו. 33) פ"ו. 34) ראה כתובות סז, רע"א. 35) ראה לקו"ת האזינו עא, ד. ובכ"מ. 36) ראה מכתב כללי בין יוהכ"פ לחגה"ס ש.ז. הע׳ ד"ה הטוב לנו. 37) לקו"ת פינחס פ, ב. 38) לקו"ה שמע"צ צ, ב - מזה"ב פג, רע"א.

שאין ההוין למטה כבנו - דארף מען דאך דארטן האבן ספעציעלע באווארעניש און וואס מ'דארף זיי ניט באווארענען אין די עולמות שלמעלה מזה. אפילו ניט אין עולם העשי' הרוחני -

איז אויף דערויף זאגט ער ווייטער אין דעם מזמור, אז עס קומט צו אין עוה"ז התחתון א שמירה מיוחדה: "הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל":

אע"פ וואס מ'געפינט זיך אין א וועלט וואס דארטן קען זיין א קס"ד אז עס איז דער היפך פון "לא ינום ולא יישן שומר ישראל",

ובפרט אז ידע איניש בנפשו אז ס'איז דא דער ענין וואס צוליב אים איז "גלינו מארצנו"[39], וואס דעמולט איז א איד ישן מן המצוות[40], און דעמולט איז דא דער ענין השינה למעלה[41] -

אעפ"כ זאגט מען אז דאס האט קיין שייכות ניט מיט דעם וואס "לא ינום ולא יישן שומר ישראל", ווארום דאס נעמט זיך פון בחי' "עינא פקיחא", וואס דארטן איז אינגאנצן ניט שייך דער ענין פון שינה, ווי עס שטייט אין זהר[42], ומבואר בחסידות[43],

וכמדובר לעיל אז דאס נעמט זיך פון "מאין", וואס איז א דרגא "דלא אתפס בשם ולא אהרמיז בשום אות וקוצא כלל", וואס די דרגא איז העכער אפילו פון שם הוי', ועאכו"כ אז דאס איז העכער פון ווי דאס קומט אראפ דערנאך אין "(עושה) שמים וארץ", און דארטן איז די דרגא פון "עינא פקיחא", אז ס'איז דארטן לכתחלה ניט שייך דער גאנצער ענין פון שינה.

ביז וואנעט אז מ'זאגט[44] אז "לא ינום ולא יישן שומר ישראל" גייט אויף בחינת עתיק, וואס "לית שמאלא בהאי עתיקא"[44], אפילו שמאל דקדושה איז דארטן אויך ניטא, ווארום ס'איז "כולא ימינא"[45].

און מ'פארבינדט דאס אויך[46] מיט דעם ענין פון "לא שניתי"[47], אז דער ענין פון "לא ינום ולא יישן שומר ישראל" שטייט אין אן אופן פון "לא שניתי",

וואס דערפאר איז אפילו ווען מ'קומט אראפ אין עוה"ז

- התחתון - ------------

39) נוסח תפלה מוסף דיו"ט. 40) שהש"ר פ"ה, ב. יל"ש עה"פ שה"ש ה, ב (רמז תקפח). יל"ש אסתר רמז תתרנז קרוב לסופו. 41) יל"ש אסתר שם. וראה ד"ה בלילה ההוא ה'ש"ת. 42) זח"ג קכט, ב. 43) ראה הו"א הוספות קיז, א. ובכ"מ. 44) זח"ג שם. יהל אור ע' העט. וש"נ. אוה"ת בלק ע' התקפט. 45) זח"ג שם, א. ועוד. 46) ראה יהל אור שם. אוה"ת שם ע' א'ס ואילך. ובכ"מ. 47) מלאכי ג, ו.

הנחה הת' בלתי מוגה

התחתון שאין למטה ממנו, אין "בירא עמיקתא"[48], און אין "בירא עמיקתא" גופא קומען נאך צו ענינים בלתי רצויים - איז אבער א דבר ברור און מ'האט גלייך די פארזיכערונג און הבטחה גמורה, ביז א ודאות גמורה, אז "לא ינום ולא יישן שומר ישראל", מיט די אלע פרטים בזה, ווי ער רעכנט זיי אויס אין די פסוקים שלאחרי זה.

יג. וואס דערפון האט מען דעם ביאור בפשטות (און דאס גיט אויך א נהינת כח), ניט נאר פאר "ראשיכם שבטיכם" נאר אויך פאר "חוטב עציך" און "שואב מימיך"[49] - ווי עס קען זיין ביידע זאכן צוזאמען, אז כאטש "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים", איז א איד שמח מיט א שמחה אמיתית און א שמחה למעלה ממדידה והגבלה:

שטייענדיק אין עוה"ז התחתון שאין התחון למטה ממנו, איז א איד בשמחה אמיתית - ניט דערפאר וואס ער ווייס ניט וואס עס טוט זיך אין וועלט, נאר ע"ד המדובר לעיל אין מאמר בנוגע צו ענוה, אז ס'איז ניט דער פירוש אז אן עניו ווייס ניט זיינע מעלות, נאר ער ווייס פון זיי און אעפ"כ שטייט ער בביטול - עד"ז בענינינו:

ער ווייס אז "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים", און דערפאר טוט ער כמה פעולות בכדי דאס צו באווארענען: ביחד עם זה אבער איז "חדוה תקיעא בליבאי כסטרא דא"[50], ווארום ער ווייס אז אויך אין וועלט. אין "(הוי' עושה) שמים וארץ", ווערט נמשך "עזרי" פון (דער דרגא פון) "מאין", ביז אז דאס ווערט נמשך אין אן אופן פון "לא שניהי" אויך לכטה, אין עוה"ז התחתון וואס דארטן איז "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים" - אז "לא ינום ולא יישן שומר ישראל",

און וויבאלד אז דאס נעמט זיך פון "לית שבאלא בהאי עתיקא . . כולא ימינא" - ווערט די שמחה אויך אין דעם צווייטן סטרא.

יד. און דאס איז א הוראה פון תורת אמת, ובמילא איז פארשטאנדיק אז דאס איז א הוראה אמיתית וואס איז מתאים צו דער אמיתית המציאות ווי דאס איז אין עוה"ז, וואס דאס איז - אז "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים" און ניט אז מ'מאכט זיך ניט ווויסנדיק פון דעם מצב.

וואס אויך אין הורה (וואס גיט ארויס די הוראה הנ"ל)

- זיינען -

------------

48) ל' הש"ס - חגיגה ה, ב. 49) נצבים כט, ט-י.
50) ראה זח"ג עה, א. תניא ספל"ד. אגה"ה רפ"י.

זיינען דא די ביידע הפכיות'דיקע קצוות: פון איין זייט רעכנט מען זיך מיט די כדוה"ג פון וועלט, און לאידך איז אין תורה גופא דא דער ענין פון למעלה מכדוה"ג:

תורה איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים"[51], ביז נאך העכער - "נעלמה מעיני כל חי"[52]; צוזאמען דערמיט אבער איז תורה "לא בשמים היא"[53] - מ'דארף לערנען תורה און מקיים זיין די מצוות לויט ווי עס שטייט אין תורה, וואס דאס איז - ווי מצוות זיינען פארבונדן מיט א מדידה והגבלה[54] - תפילין בקלף גשמי. און ציצית בצמר גשמי וואס יכול למששו בידים,

ואדרבה - ער מוז אים קענען ממשש זיין בידים, כדי צו זעהן אז ער האט דעם שיעור מיט די אלע הנאים און מדידות וואס תורה, וואס זי איז "ארוכה מארץ מדה", האט אנגעזאגט.

האט מען דא די ביידע הפכים: די תורה איז "ארוכה מארץ מדה", און דאס ווערט אויפגעטאן דוקא ווען די מצוות שבתורה זיינען פארבונדן מיט מדידה והגבלה.

טו. עד"ז אין לימוד התורה גופא זיינען אויך דא די ביידע קצוות:

די תורה איז טאקע "ארוכה מארץ מדה" - אבער בשעת איינער לערנט תורה דארף ער דאס פארשטיין מיט זיין שכל.

ער קומט צוגיין און טענה'ט: צוליב וואס דארף ער הארעווען אין תורה, אדער ער האט שוין געהארעוועט גענוג - ער וועט זיך פארלאזן אויפן שכל פון א צווייטן, און לויט דעם וועט ער פסק'נען די הלכה;

זאגט מען אים: ניין! דו דארפסט אליין לערנען תורה און אליין פארשטיין, און דאס דארף ווערן דיין הבנה והשגה, ביז אין אן אופן ווי ער איז מבאר בארוכה אין תניא[55] די פרטי הדברים, אז זיין שכל איז תופס און משיג דעם מושכל, און דער מושכל ווערט נתפס און מושג אין זיין שכל, ביז אז עס ווערט צווישן אים מיט דער תורה וואס ער לערנט א "יחוד נפלא שאין יחוד כמוהו ולא כערכו נמצא כלל כו'".

טז. וואס עד"ז איז אויך בנדו"ד בנוגע צו דעם ענין השמחה, אז אין דערויף זיינען דא די צוויי הפכיות'דיקע קצוות:

א איד ווייס אז אין וועלט איז "החושך יכסה ארץ וערפל

- לאומים" -

------------

51) איוב יא, ט. 52) שם כח, כא. 53) נצבים ל, יב. ב"מ נט, ב. 54) ראה גם אגה"ק ס"י. 55) פ"ה.

לאומים", ביחד עם זה אבער ווייס ער אז ער דארף דאס מתקן זיין, ווארום א איד דארף דאך מתקן זיין אויך די וועלט, און ער דארף אויך באווארענען די הנהגה פון בני נח אין וועלט.

כמדובר כמ"פ דער פס"ד פון רמב"ם[56] (בספרו וואס איז "הלכות הלכות"[57]), אז א איד דארף באווארענען אז בני נח זאלן אפהיטן די מצווה וועלכע זיי זיינען מחוייב, און מיט דער הדגשה בדבר, אז דער בן נח דארף זיי אפהיטן "מפני שצוה בהן הקב"ה והודיענו ע"י משה רבינו" בשעת מתן תורה.

וואס צווישן די אלע עצות אויף צו מתקן זיין דעם עניין פון "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים" אין וועלט, איז למרבית הפלא, אז מ'האט זיך געפרואווט אויף אלע-ערליי וועגן, און דעם דרך השמחה, צו דורך דערויף פורץ זיין גדרי הגלות - האבן דאס געטאן מערניט ווי יחידים, אדער געטאן בחשאי, אדער מזמן לזמן וכו' -

מ'דארף דאך אבער איפשטורעמען די וועלט, און ארויסנעמען די וועלט פון איד גלות, וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס א איד נעמט זיך אליין ארויס פון זיין אינעווייניקסטן גלות[58] - וואס די עצה אויף דערויף איז דורך זיין בשמחה וואס שמחה איז פורץ אלע גדרים[59] אויך די גדרי הגלות.

יז. און ווי געזעדט פריער, אז דאס איז ניט דערפאר וואס ער זעט ניט וואס עס טוט זיך אין וועלט, און באהאלט זיך הינטער דעם פאפליץ און טענה'ט אז אים איז דאס ניט נוגע, די וועלט איז אן אחיזת עינים וכו';

די וועלט איז א מציאות[60], נאר וואס דען - דאס איז א מציאות וואס איז נמצא "מאמיתת המצאו"[61], אבער דאס איז א מציאות, ואדרבה - דאס איז אזא מציאות וואס עס האט געקענט באשאפן מערניט ווי דער וואס "מציאותו מעצמותו ואינו עלול באיזה עילה שקדמה לו ח"ו"[62],

און אויך דאס וואס מ'געפינט זיך אין גלות, וואס "גלינו מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתנו"[39] - איז דאס דערפאר וואס דאס קומט דורך דעם וואס "אינו עלול באיזה עילה שקדמה לו ח"ו";

- וביחד -

------------

56) הל' מלכים ספ"ח. 57) רמב"ם בהקדמתו לספרו יד החזקה. 58) ראה אגה"ק ס"ד. 59) ראה בארוכה ד"ה שמח תשמח הרנ"ד ס"ע 49 ואילך. 60) ראה סה"ב הרס"ט ע' קמה-קמט. ובכ"מ. 61) רמב"ם ריש הל' יסוה"ת. 62) אגה"ק ס"כ (קל, ריש ע"ב).



הנהת הה' בלתי מוגה

וביחד עם זה גיט דער אויבערשטער כח, און זאגט אז דאס איז אן אמת'ע זאך - אז מ'זאל זיין בשמחה אמיתית,

ואדרבה - מ'איז מבטיח אז בשעה עבודה ה' איז בשמחה וטוב לבב - איז דאס מבטל לגמרי דאס וואס מ'זאגט אויב די עבודה איז ניט "בשמחה ובטוב לבב" ח"ו, "ועבדת את אויביך"[63] - אז עס זאל זיין פונקט פארקערט - "ויכחשו אויביך לך".

יח. וע"ד ווי עס שטייט אין דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג, יום חמישי פון פ' חיי שרה[64] -

אז לבן הארמי, וואס ער איז געווען "אובד אבי"[65], נאך ערגער פאר פרעה, וואדום "פרעה לא גזר אלא . . ולבן ביקש לעקור את הכל"[66] - איז ער וכל השייכים אליו האבן געבענטשט רבקה'ן, אז "יירש זרעך את שער שונאיו".

וואס דאס איז בדוגמא ווי מ'געפינט בכמה מקומות, אז דער "יתרון האור" נעמט זיך דוקא "מן החושך", און "יתרון החכמה" דוקא "מן הסכלות",

בדוגמא ווי דאס איז אין עבודת האדם בחייו הפרטיים (אלס א פרט) - דער עניין וואס "זדונות נעשו לו כזכיות"[67], ועד"ז בשעת ער שטייט ביי נסיונות[68].

יט. מהמדובר לעיל - אז פון איין זייט דארף מען וויסן אז ס'איז דא א וועלט מיט אלע אירע גדרים און הגבלות און מ'דארף זיך דערמיט רעכענען, אבער לאידך גיסא דארף מען אריינברענגען אין וועלט אן עניין וואס איז העכער פאר גדרי העולם (און דורך דעדויף מתקן זיין די וועלט) - האט מען א הוראה נוספת לכאו"א בעבודתו:

ס'איז ניטא קיין גרעסערער נסיון ווי דער נסיון בזמננו זה צו פועל זיין ביי א אידן אז ער זאל זיך ארויסנעמען פון זיין אינעווייניקסטן גלות,

ווי מ'זעט בפועל די שוועריקייטן צו פועל זיין ביי אים אז בשעת ער געפינט זיך אין א נאכט פון, לכאורה, אן איינפאכן דאנערשטיק, און ער לעבט אין ניו-יארק עיר הבירה, וואס דארטן זיינען דא 9 מיליאן מענטשן, און ער האט דארטן זיינע געשעפטן, און ער ווייס אז ער איז ערשט געקומען פון זיינע געשעפטן, און גרייט זיך און טראכט (ווילנדיקערהייט

- אדער -

---

63) תבוא כח, מח. 64) כד, ס. 65) תבוא כו, ה. 66) הגש"פ פיסקא "צא ולמד" (מספרי עה"פ. וראה גם פרש"י עה"פ). 67) יומא פו, ב. 68) ראה דרמ"צ קצ, א ואילך. ובכ"מ.



הנחת הת' בלתי מוגה

אדער ניט ווילנדיקערהייט) ווי אזוי ער וועט זיך פירן אין זיינע געשעפטן מארגן אינדערפרי - זאל ער וויסן אז ס'איז דער יום הולדת פון אן אדם גדול, וואס ער איז געבארן געווארן מיט 120 יאר צוריק, און געבארן געווארן אין א קליינע שטעטל מעבר לים, ובכילא דארף דאס האבן א השפעה אויף אים ווי ער געפינט זיך אין ברוקלין און האט צוטאן מיט זיינע געשעפטן וכו'!

ער ווייס אז דער בעל יום הולדה איז געווען אן אדם גדול, געווען א נשיא, א נשמה כללית, מיט די אלע ענינים - ער ווייס אבער ניט און ער זעט ניט וואו איז דא דער קשר רערפון מיט זיינע "מעשיך" און "דרכיך" ביום ה' פ' חיי שרה תשמ"א אין ברוקלין!

אמת טאקע, מפני הנימוס, מפני הכבוד, מפני כמה ענינים, קומט ער צוגייין און זיצט בא דער ההוועדות (פארבונדן מיטן יום הולדה); אבער וואס זיצט דא - זיצט דא דער בשר זיינער, וואו עס געפינט זיך זיין מחשבה ווייס מען ניט!

אט טראכט ער וועגן דעם געשעפט וואס ער האט געהאט אייער-נעכטן, אט טראכט ער וועגן דעם געשעפט וואס ער האפט אז ער וועט אין אים מצליח זיין מארגן אינדערפרי און דער אויבערשטער זאל אים געבן הצלחה נאך מערער וויפל ער האפט וכו'.

כ. מאנט מען ביי אים (אן עניין וואס ביי אים ווייזט זיך אוים אז דאס איז א דבר והיפוכו) -

אז צוזאמען דערמיט וואס ער ווייס אז ער געפינט זיך ביום ה' פ' חיי שרה השמ"א, אין ברוקלין, און ער האט זיינע געשעפטן -

איז אבער די מינוטן (אדער שעות) וואו דו געפינסט זיך אין א מקום קדוש, וואו כ"ק מו"ה אדמו"ר נשיא דורנו האט געלערנט און געדאווענט, און געבענטשט אידן, און מקבל געווען בקשות, און האט זיך מצטער געווען בצערן של ישראל, און משתתף געווען בשמחתן של ישראל וואס געפינען זיך בכל קצוי תבל - זאלסטו פועל זיין בא זיך אז אין די מינוטן זאל זיין "הורהו[69] אוכנתו"[70] - איצטער ביסטו א חסיד פון דעם רבי'ן נשיא דורנו, וואס ער איז כללא בקוכו פון בעל יום ההולדת, און אלס א חסיד דארפסטו בא זיך פועל זיין אז דו ווערט אוים מציאות פאר-זיך!

- דו -

------------

69) ראה שבת יא, א. טוש"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ד-ה. 70) ראה לקו"ש חי"ב ס"ע 229.

דו ווייסט אז דו ביסט אין ברוקלין, במילא דארפסטו זיך פירן אין אן אופן ווי מ'פירט זיך אין גלות - דאס איז אבער ניט שייך צו דיינע איבערלעבונגען, צו דיין היות, צו דיין חלב ודם, דיין העגוג און טאך[71].

און דערפאר מאנט מען בא דיר, אז בשעה דעם פארברענגען, וואס ער קען דאך געדויערן אזוי פיל און אזוי פיל שעות (עכ"פ אזוי פיל און אזוי פיל מינוטן) - זאלסטו פועל זיין בא זיך, אז אט די רגעים אדער שעות ביסטו ניט פלוני בן פלוני וואס געפינט זיך אין ברוקלין, און אז ס'איז שנת השמ"א און חודש חשון און עשרים בחשון.

- ניט דערפאר וואס די מציאות איז ניט אזוי - די מציאות איז אזוי, און דערפאר זאגט מען אין דעם שיעור חומש יומי דעם שיעור פון יום המישי, און דערפאר לייענט מען בתורה פ' חיי שרה, און דערפאר שטורעמט מען אז תשמ"א איז ניט הש"מ, וואס תש"מ איז ניט געווען קיין שנת הקהל, משא"כ תשמ"א איז יע א שנת הקהל -

אבער ביחד עם זה זאלסטו פועל זיין בא זיך אז אט די רגעים ביסטו ניט אט-דער - דו ביסט מערניט ווי א חסיד פון נשיא דורנו!

און מ'זאגט אים אז דאס איז אן עבודה וואס איז שייך ניט צו יחידי סגולה - ווארום אויב עס וואלט געווען שייך מערניט ווי צו יחידי סגולה, וואלטן רבותינו נשיאינו דערפון ניט געמאכט קיין פרסום הכי גדול, און דערצו - מיט א שטורעם הכי גדול.

כא. דערנאך איז מען נאך מוסיף - אז דאס איז פארבונדן מיטן יום הולדת פון דעם רבי'ן נ"ע, וואס ער איז געבארן געווארן מיט 120 יאר צוריק אין א קליינע שטעטל מעבר לים, און וויבאלד אז ס'איז שוין דורכגעגאנגען 120 יאר איז דאס אויך פארבונדן מיטן מזמור קכא אין תהלים.

וואס אויך אין דערויף דארף ער מצרף זיין צוויי הפכיות'דיקע קצוות צוזאמען:

ער ווייס אז ס'איז למעלה ממדידה ולמעלה מזמן ומקום, מיט אלע גוטע זאכן - אבער ביחד עם זה ווייס ער אז דער יום הולדת איז געווען מיט 120 יאר צוריק אין א קליין שטעטל מעבר לים.

און אזוי אויך לאידך גיסא:

- ער -

------------

71) ראה סה"מ קונטרסים ח"ב שעב, ב ואילך. ובכ"מ.

ער ווייס טאקע אז ס'איז שוין דורכגעגאנגען 120 יאר פון ווען דער בעל יום ההולדת איז געבארן געווארן אין א קליין שטעטעלע אין רוסלאנד מעבר לים;

אבער ביחד עם זה ווייס ער אז וויבאלד "הימים האלה נזכרים"[72] דורך תורת אמת, מאנט מען ביי אים און מ'גיט אים כח אז עס זאל זיין "ונעשים"[72] - אז ביי אים זאל דער ענין פון דעם יום ההולדת זיין ניט אן ענין פון "למפרע" (כתורה הבעש"ט הידועה[73] אויף "הקורא את המגילה למפרע לא יצא"[74]), נאר אן ענין וואס טרעפט ביי אים "היום הזה"[75], דאס איז ביי אים ניט "כחדשים"[76], נאר "חדשים"[77] ממש, און דאס זאל פועל זיין אויף אים אין מעשה בפועל.

כב. און ווי געזעגדט פריער (סי"א) - ס'איז ניט מספיק אז יחידה שבנפש זאל זיך אזוי פירן, נאר ער דארף זיך אזוי פירן אין מעשה בפועל,

וארבה - לכל לראש דארף מען האבן דעם מעשה בפועל, ווארום "המעשה הוא העיקר",

און דוקא דורך דערויף (וואס ס'איז דא דער מעשה בפועל) וועט ער פועל זיין אז אזוי זאל זיין אויך בדיבורו ובמחשבתו, און אין זיין נפש, רוח, נשמה, חי' און יחידה.

וכידוע דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[78], אז בשעת א איד איז עולה לתורה דא למטה - זיינען דעמולט עולה לתורה אלע פינף בחינות שבנשמה, נפש, רוח, נשמה, חי' יחידה, ההיים, שניים, שלישיים, רביעיים און חמישיים.

און פון וואס הויבט זיך אן די עלי' - פון דעם וואס ער איז עולה לתורה אין עולם העשי' הגשמי, עוה"ז התחתון.

און וויבאלד דאס איז אזוי אין תורה, איז "גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[79] - דארף ביי אים דערנאך ווערן אזוי ביז אין זיין מעשה בפועל בפשטות, אין "מעשיך".

כג. מ'וויל דאך יעדער ענין אפטייטשן בפירוש, בכדי מ'זאל

- זיך -

-------------

72) ל' הכתוב - אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בספר התיקון שובבים. הובא ונתבאר בספר לב דוד להחיד"א פכ"ט.
73) הובאה בלקו"ש ח"ו ע' 189 (כס' דברי שלום פ' בא). כש"ט הוספות אות עח. 74) מגילה רפ"ב. 75) ל' הכתוב - תבוא כו, טז. 76) ראה ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ ואתחנן ו, ו.
77) פרש"י עה"פ הבוא שם. וראה גם פרש"י עה"פ יתרו יט, א. עקב יא, יג. 78) לקו"ד כרך א כה, ב ואילך. סה"ש תש"ב ע' 75. 79) ראה קידושין מ, ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

זיך ניט פארטראכטן אין עולמות העליונים, און דערנאך אז עס קומט למטה, ווייס ער ניט וואס מ'וויל פון אים -

זאגט מען בפשטות וואס מ'וויל פון אים:

מ'וויל אז ביי אים זאל זיין אן ענין וואס ביי אים ווייזט זיך אויס אז דאס איז א דבר והיפוכו:

ער זאל וויסן אז ס'איז 120 יאר פון ווען דער בעל יום ההולדת איז געבארן געווארן אין א קליין שטעטל מעבר לים;

און ביחד עם זה איז ווי ער געפינט זיך אין ברוקלין, דאנערשטיק ביינאכט פון פ' חיי שרה שנת תשמ"א - זאל ביי אים זיין "הימים האלה נזכרים", און ער זאל דאס אראפברענגען אין "ונעשים". אז דאס זאל אויף אים איצטער פועל זיין אין זיין מעשה בפועל, אזוי ווי דאס האט ערשט איצטער געטראפן, אין אן אופן פון "חדשים" ממש.

כד. ובפשטות מיינט דאס:

ער זאל זיך אפרייסן פון זיך און פון דעם גאנצן ארום, און זיך אוועקשטעלן אין א מעמד ומצב אז אט איז ער און אט איז דער רבי נ"ע,

ועוד והוא העיקר - ס'איז דא דער פתגם הידוע פון רבי'ן נ"ע[80], אז "איך גיי אין הימל און די כתבים לאז איך פאר אייך", וואס דער פירוש אין דעם איז, אז דורך דערויף וואס מ'פארבינדט זיך מיט זיינע כתבים, ד.ה. אז מ'לערנט זיין תורה, פארבינדט מען זיך מיט אים אליין.

און דאס מאנט מען פון אים - אז ער זאל זיך אוועקשטעלן אין א מעמד ומצב אז אט איז ער און אט איז דער רבי נ"ע, דורך דערויף וואס ער לערנט א מאמר זיינעם, צי דעם מאמר פון פ' חיי שרה (דשנת עטר"ת) אדער אן אנדער מאמר - אבער א מאמר זיינעם, וואס אין אים איז "אנא נפשי כתבית יהבית"[81]:

אין דערויף האט דער בעל יום ההולדת אריינגעלייגט זיין נפש, "נפשי", און האט עס דארנאך אראפגעבראכט אין "כתבית", און דערנאך אין "יהבית" - ער גיט דאס אפ יעדערן, ס'איז מערניט וואס עס דארף זיין "ובחרת בחיים"[82], מ'בעט זיך ער זאל אליין עפעס טאן און דאס אויסקלייבן.

- כה. -

------------

80) ראה לקו"ש ח"ט ע' 90 הע' 23 בסופה. 81) שבת קה, א (ע"פ גירסת הע"י). וראה לקו"ת שלח מח, סע"ד. ובכ"מ.
82) נצבים ל, יט.



הנחת הח' בלתי מוגה

כה. און דאס מיינט בפשטות, אז ניט ער זאל קוקן אויפן זייגער און זאגן אז ס'איז שוין "פאסט איינע מינוטע'[83] וואס ער האט זיך מתבונן געווען אין דעם ענין - נאר ער זאל פארגעסן אויפן זייגער, פארגעסן אויף זיך אליין.

און אע"פ וואס ער געדיינקט אז ס'איז דורכגעגאנגען 120 יאר פון דעם יום הולדת ביז איצטער - זאל ער פילן, עכ"פ אין די רגעים, און נאכמער - אין די שעוה, אז דאס איז א דבר חדש ממש.

און אויב דער "נזכרים" וועט זיין אין אזא אופן, וועט דאס אויך אראפקומען בי: אים אין "ונעשים", און "ונעשים" ניט אין דעם ווי ער וועט דאס איבערלעבן און ווי ער וועט טראכטן און ווי דאס וועט אויף אים פועל זיין - נאר דאס וועט אראפקומען אויך אין "מעשיך" און אין "דרכיך" (כנ"ל).

און נאך מער: דאס וועט איבערמאכן די וועלט, ביז וואנעט אז דער חושך וואס געפינט זיך אין "ארץ" און אין "ערפל" וואס געפינט זיך אויף די "לאומים" וועט נתבטל ווערן, ווי דער רמב"ם[84] פסק'נט, אז דורך א "מצוה אחת" "הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה". ישועה והצלה, מיט אלע לשונות וואס ער ברענגט אראפ אויף דעם.

כו. ויהי רצון אז יעדערער זאל עכ"פ פרואוון טאן אין דערויף, צו זיך אפרייסן פון זיך און פון דעם גאנצן ארום, עכ"פ אויף כמה רגעים אדער מערער, און זיך מתבונן זיין אין א מאמר (וכיו"ב) פון דעם רבי'ן נ"ע, און אז ער איז איצטער א חסיד פון דעם רבי'ן וכו', כנ"ל,

און אויב ער קען עס ניט טאן איצטער, זאל ער דאס טאן א האלבע שעה שפעטער, אדער א שעה שפעטער כו'.

און דאס איז ניט מוגבל דוקא צו דעם טאג פון יום ההולדת - נאר עס איז אן עבודה הכי נהוצה והכי טובה אלעמאל -

אז ע"ד ווי בנוגע צו יום ההולדת איז ידוע דער פתגם און הוראה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר בנוגע צו א יום ההולדת (כנ"ל ס"ב). אז "ביום ההולדה על האדם להתבודד, ולהעלות זכרונותיו ולהתבונן בהם כו'" -

אזוי אויך מזמן לזמן, ומה טוב בכל יום ויום [וואס בכל יום ויום איז דער יום ההולדה פון יעדער בענטשן, וויבאלד אז בכל יום "נעשה כבריה חדשה"[85]], איין מאל א טאג,

- עכ"פ -

83) ראה לקו"ש חט"ז ע' 201. 84) הל' תשובה פ"ג ה"ד.
85) שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ק רב"ד.



הנחה הת' בלתי מוגה

עכ"פ איין מאל א וואך - זאל ער זיך פארשליסן און זיך אוועקזעצן אין א צימער פאר-זיך. און פארבאכן די אויגן (כדי דאס זאל אים אנקומען לייכטער), און פועל זיין אויף זיך (עכ"פ לכמה רגעים) אז ער שטייט איצטער באם בארג סיני בשעת די תורה איז דארטן געגעבן געווארן.

ס'איז טאקע דא א ברוקלין - ער שטייט אבער באם בארג סיני, און זאגט א פסוק אין תורה, "קורא" בתורה, און הקב"ה קורא כנגדו, זאגט א מאמר רז"ל, "שונה" בתורה, און הקב"ה שונה כנגדו[86].

און ער טוט עס מיטן גאנצן שטורעם, וואס דעמולט ווערט דאס ביי אים "באימה וביראה וברתת ובזיע", אזוי ווי ס'איז געווען בא מ"ת[87] - ער הויבט אן שוויצן בפועל [וואס דאס איז דאך דער טייטש פון "זיע"[88]].

און די טענה אז דאס איז אן עבודה וואס איז שייך צו יחידי סגולה - האט מען דאך בשעת מ"ת געמאכט אידן פאר אן "עם סגולה"[89], און דאס האט מען געמאכט יעדער איד אלס יחיד, כמדובר כמ"פ, אז די עשרת הדברות זיינען געזאגט געווארן בלשון יחיד[90].

און דערנאך האט מען אנגעזאגט יעדן אידן, אז "בכל יום" זאל די תורה ביי אים זיין אין אן אופן פון "חדשים", אז איצט ממש באקומט ער די תורה מחדש.

כז. ביחד עם זה זאגט מען אבער אז דאס איז ניט מבלבל צו זיין הנהגה מסודרת (ווי גערעדט פריער (סי"ד ואילך) אז עס דארף אויך זיין דער צווייטער קצה - די עבודה פון מצוות פארבונדן מיט די מדוה"ג פון וועלט):

אז עס קומט זמן מעריב, דאוונט ער מעריב בציבור און ענטפערט "אמן" און "ברוך הוא וברוך שמו", און דערנאך טוט ער די הכנות צו קריאת שמע שעל המטה, דערנאך לייענט ער קריאת שמע שעל המטה עצמה.

וכמדובר לעיל, אז ביחד עם זה וואס די תורה איז "ארוכה מארץ מדה ורחבה מני ים", ביז נאך העכער, "נעלמה מעיני כל חי" - לייגט ער זיך אריין אין לימוד התורה ביז אז ער האט עס אין זיין הבנה והשגה כפשוטה, אז עס ווערט צווישן זיין שכל מיט דער תורה א "יחוד נפלא כו'".

- כח. -

------------

86) ראה תדבא"ר רפי"ח. יל"ש איכה רמז התרלד.
87) ברכות כב, א. 88) ראה לקוטי לוי"צ לזה"ג ע' רלו.
89) יתרו יט, ה. הבוא שם, יח. 90) יל"ש יתרו רמז רפו.

כח. און אויך אין דער עבודה הנ"ל - אז ער זעצט זיך אוועק בא זיך אין צימער און פועל'ט אויף זיך אז ער שטייט איצטער באם בארג סיני - זיינען דא די צוויי הפכיות'דיקע קצוות הנ"ל, אז ער שטייט אין וועלט און ביחד עם זה איז ער העכער פאר וועלט:

פון אייך זייט זיצט ער בא זיך אין צימער אין ברוקלין, אין א צימער מיט "וואל-טו-וואל קארפעטינג", און די שאפע אין צימער האט ער געבראכט דוקא מעבר לים - אנדערש שטייט אים ניט אן, ער מוז האבן אזא שאפע בכדי צו האלטן אין איר דעם חומש ארער דעם תניא, אע"פ וואס דעם אלטן רבי'ן האט ניט געהארט אז דער תניא איז געלעגן אויף א פשוט'ן, ניט קיין געהבלעטן, ברעט!

ביחד עם זה זיצט ער דארטן און בשעת מעשה פארמאכט ער די אויגן במילא זעט ער ניט דעם "קארפעט" פון "וואל-טו-וואל" און די שאפע וואס ער האט געבראכט מעבר לים, בכדי עס זאל אים אנקומען לייכטער צו פועל זיין אויף זיך צו זיך אוועקשטעלן אין א מעמד ומצב ווי ער שטייט בא מהן הורה.

כט. און די צוויי ענינים זיינען קיין סתירה ניט -

וכידוע דער סיפור מיטן צ"צ:

באם צ"צ איז די מעבל געווען ניט קיין געפארבטע; ער האט ניט געוואלט אויסגעבן געלט אויף צופוצן און פארבן דעם מעבל - האט ער אים געמאכט דורך צוזאמענקלאפן ברעטער, און דערפון איז געווארן א באנק, א טיש וכיו"ב, אבער צופוצן דאס מיט פארב האט ער ניט געוואלט.

האט דאס דערזעהן איינער פון די הסידים, וואס ער איז געווען א גביר, און האט געהאט א מופת פון דעם צ"צ, אדער אנדערע ענינים, ברוהניות אדער בגשמיות - האט ער געבראכט דעם צ"צ א מתנה אט אזא מעבל (געפארבטע).

האט אים דער צ"צ געזאגט א זאך וואס איז לכאורה א' דבר והיפוכו: אז ער (דער צ"צ) דארף ניט האבן דעם מעבל, נאר ער זאל דאס אפגעבן זיין זון (און ער האט אנגערופן מיטן נאמען דעם רבי'ן מהר"ש).

וואס לכאורה איז דאס א דבר והיפוכו: איז דאס אן עניין פון מותרות, האט ער אים געדארפט זאגן ער זאל דאס צונעמען, און אויך ניט געבן דעם רבי'ן מהר"ש; אויב דאס איז ניט קיין מותרות - האט עס דער צ"צ אליין געדארפט נעמען?!

דערפון וואס ער האט געזאגט ביידע זאכן, אז ער דארף עס ניט האבן און ער זאל עס אפגעבן דעם רבי'ן מהר"ש - איז פארשטאנדיק, אז ביידע זאכן זיינען אמת און ס'איז קיין סתירה ניט:

- ער -

ער (דער צ"צ) דארף עס ניט האבן. ווייבאלד אז ביי איס איז א סדר עבודה אז מ'דארף האבן ניט קיין געפארבטע טיש און ביינק;

באם רבי'ן מהר"ש איז אבער א פארקערטער סדר עבודה -

דערפאר זאגט ער ביידע זאכן: ער ניט, און דער רבי מהר"ש יע.

וואס עד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד, אז ס'איז קיין סתירה ניט די צוויי זאכן. אז ער האט "וואל-סו-וואל קארפעטינג" און א שאפע געבראכט מעבר לים, און אז ער פארמאכט די אויגן און איז זיך מתבונן ווי ער שטייט בא מ"ה העכער פאר די אלע ענינים.

ל. עד"ז איז דא א סיפור וועגן דעם רוזשינער [וואס איך האב עס געהערט פון חסידים, ניט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר - אבער אזוי ווי ס'איז א געשמאקער סיפור וועל איך דאס איבער'חזר'ן]:

דעם רוזשינער'ס הנהגה איז געווען מיט א הרחבה, א סדר הנהגה פון מלכות,

[ביז וואנעט אז מ'זאגט, אז איינער פון די ענינים אויף וואס ס'איז געווען די מסירה אויף אים, איז געווען - אז ער פירט זיך ווי א מלך פירט זיך, וואס דאס איז א מרידה אין מלכות המדינה ההיא].

וואס מצד זיין הנהגה אין אזא אופן פון הרחבה, זיינען אויך זיינע פאנטאפל געווען געמאכט פון זהב צי פון כסף וכיו"ב.

ס'איז זעלבסטפארשטענדליך אז קיינער האט ניט געהאט די ברייטקייט א פרעג-טאן ביי אים - היתכן, מ'געפינט זיך דאך אין גלות, און מ'קען נוצן די געלט אויף געבן אויף צדקה וכיו"ב, און גיין מיט פאנטאפל פון עור.

דערנאך האט מען זיך געכאפט אז ער טראגט טאקע גילדענע צי זילבערנע פאנטאפל, אבער די פאנטאפל האבן אונטער זיך ניט קיין פאדעשווע - במילא איז בשעת ער איז געגאנגען, האט ער געהאט דעם גאנצן צער פון גיין מיט אן א פאדאשווע,

ווי עס שטייט אין ספרים, אז דער טעם פארוואס שלילת נעילת הסנדל ביום הכפורים ווערט אנגערופן בשם "עינוי"[91] - איז דערפאר וואס אן א נסדל איז ניטא דער מגן אויף די כפות

- הדגל -

------------

91) יומא עז, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סתרי"ד ס"ב ואילך.

הרגל. פון די פארשידענע ענינים בלתי רצויים וואס ליגן אויף דער ערד ווען ער גייט ממקום למקום, צי דאס איז קוצים אדער בערגלעך וכיו"ב.

זעט מען דא אויך דיביידע זאכן: ער האט געהאט גילדענע (אדער זילבערנע) פאנטאפל, וואס דאס האבן אלע געזעהן; מ׳האט אבער ניט געזעהן אז ער האט געמאכט די פאנטאפל אזוי אז עס זאל ניט זיין קיין פאדעשוועס, און במילא איז יעדער הליכה געווען פארבונדן מיט אן ענין וואס הורת אמת זאגט אויף דעם אז דאס איז אן "עינוי".

לא. און עד"ז דארף בא יעדער אידן זיין די צוויי ענינים:

ביי אים דארף זיין די הנהגה אין אן אופן פון "ואתהלכה ברחבה"[92] אפילו אין ענינים גשמיים, דער ענין פון "אוצרך הטוב לנו תפתח", ווי דערמאנט פריער, און מ׳זאגט אויף דערויף אז דאס דארף זיין בטוב הנראה והנגלה, און מ׳חזר׳ט דאס איבער בכל פעם ופעם;

ביחד עם זה אבער - דארף אין דערויף ניט ליגן זיין חלב ודם, זיין העינוג און זיין קאך.

לב. וואס אין עבודה בפועל בפשטות מיינט דאס ווי גערעדט פריער וואס אע"פ אז עס רעדט זיך ניט וועגן דערויף, עאכו"כ ניט בהרחבה - זעט מען אבער אויף וויפל דאס איז נוגע אין הנהגה יום יומית:

אז מזמן לזמן, איין מאל א טאג, עכ"פ איין מאל א וואך זאל מען אפגעבן אויף זיך אוועקזעצן פאר-זיך מיט פארמאכטע אויגן, און זיך אוועקשטעלן אין א מעמד ומצב ווי ער שטייט באם בארג סיני בשעה מתן תורה.

אדער אין אנדערע אוהיוה - אוועקשטעלן זיך אין א מעמד ומצב ווי עס איז געווען (ניט א פרעמדער איד, נאר) זיין עלטער זיידע צי זיין זיידע.

וואס ער איז ניט געלעגן אין די אלע ענינים וועלכע דער רמב"ם[93] רופט אן "הבלי הזמן", און זיין גאנצער חיוה בפשטות איז ביי אים געווען דער חיות פון תורה און דער חיות פון מצוות - ער האט גארניט געוואוסט פון אן אנדער מציאות!

און ער זאל זיך אין דערויף בהבודד זיין בדוגמא ווי מ׳דארף טאן ביום ההולדת, כנ"ל (סכ"ו), ביז וואנעט ער

- ווערט -

------------

92) תהלים קיט, מה. 93) הל׳ תשובה שם.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

וועט בא זיך פועל זיין אז אט די רגעים איז ער ממש ובאמת ווי עס איז געווען זיין עלטער זיידע, אדער ווי ער האט געהערט ווי זיין עלטער זיידע איז געווען,

וואס ס'איז ניט דער פירוש אז ער האט ניט די ענינים גשמיים וואס ער דארף האבן בהרחבה; ער האט זיי בפירוש יע, ווארום ער דארף זיי האבן - אבער ביחד עם זה ליגט ער ניט אין דעם, ער האט פארמאכט זיינע אויגן און בא זיך פועל געווען אז ער איז ממש ווי זיין עלטער זיידע.

און מאן דאס מתוך שמחה, במכ"ש וק"ו פון דעם אז ער דארף טאן אלע אנדערע זיינע ענינים מתוך שמחה,

וואס דאס האט דערנאך א ווירקונג און א השפעה על הנהגתו בכל היום כולו.

לג. אויף אומקערן זיך צו עיקר נקודת הענין:

אמת טאקע אז "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים", ווי מ'זעט דאס לויט אלע סימנים אין סוף מסכת סוטה,

און באמת לויט דעם כלל וואס די גמרא[94] זאגט, אז בשעת מ'זעט א "מעשה רב", דארף מען ניט זוכן קיין אנדערע ראיות - דארף מען אויך אין דעם ענין ניט זוכן קיין ראיות - ווארום בשעת מ'גייט ארויס אין גאס, אדער מ'הערט וואס עס טוט זיך אין גאס, זעט מען צו וואס פאר א מעמד ומצב די אומות העולם האבן זיך דערפירט,

און ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[95] וועגן "מלכיות מתגרות אלו באלו[96]" וכו', נאך מערער ווי מ'לערנט דאס אין פירוש הפשוט,

און דער עיקר - אז עור ידם נטוי';

ביחד עם זה ווייס ער אבער א דבר פשוט, אז "מאין יבוא עזרי", און "עזרי מעם הוי' עושה שמים וארץ", און "הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל", און ווי רש"י טייטשט אפ[97], אז בשעת עס שטייט "הנה" איז דאס א לשון של שמחה,

וואס דאס פועל'ט אויף אים, אז בשעת ער רעדט - רעדט ער בדיבורו מיט א לשון של שמחה. ביז אז ער פירט זיך אויך בפועל אין אן אופן פון שמחה.

ובפרט לויט ווי חסידות טייטשט אפ (כנ"ל סי"ב), אז

- דאס -

------------

94) שבת כא, א. וש"נ. 95) ש"פ לך לך, ח' מרחשון.
96) ב"ר פמ"ב, ד. 97) עה"פ קרח יח, ח. מספרי עה"פ.

דאס וואס "לא ינום ולא יישן שומר ישראל" איז דערפאר וואס דאס נעמט זיך פון "עינא פקיחא", וואס דארט איז מלכתחלה ניט שייך דער גאנצער ענין פון שינה.

און מ'זאגט אז דאס מיינט מען אלעס דא בעוה"ז הגשמי אין דעם זמן הגלות וכו', כמדובר לעיל בארוכה.

לד. ויהי רצון אז אלע ענינים המדוברים לעיל זאלן זיין בשלימות ומתוך שמחה,

וואס דעמולט (בשעת דאס איז מתוך שמחה), איז דאס נאכמער בשלימות, ואדרבה - שמחה איז נאך פורץ גדר:

שלימות איז פארבונדן מיט אן ענין פון מדידה והגבלה - ווארום בשעת מ'זאגט אז א זאך איז בשלימות, אז דאס איז גאנץ. מיינט מען דאך אז דאס איז ניט מערער און ניט ווייניקער, אבער אויך ניט מערער,

ולדוגמא, בשעת מ'זאגט אז א כלי איז שלם, איז דער טייטש אין דעם אז דאס איז א גאנצע כלי, אבער ניט אז ס'איז צוגעוואקסן אדער צוגעקלעפט געווארן דא א שטיקל צי דארט א שטיקל;

ס'איז אבער דא נאך א העכערע שלימות דערפון - אז "פרזות תשב ירושלים"[98], אז ס'איז למעלה ממדידה והגבלה[99].

לה. והמעשה הוא העיקר:

עס זאל זיין א שמחה כפשוטה אין "כל מעשיך . . לשם שמים" און אין "בכל דרכיך דעהו" כפשוטם.

אנהויבנדיק פון א השתדלות נוספת אין די מבצעים:

"מבצע אהבת ישראל", וואס דאס איז דאך פון די ענינים העיקריים פון דעם בעל יום ההולדה,

"מבצע חינוך", וואס איז אויך געווען פון זיינע ענינים העיקריים[100],

און דערנאך זאל דאס אראפקומען אין: "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "מבצע בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש" און "מבצע טהרה המשפחה",

ביז דעם "מבצע והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים"[101],

- און -

------------

98) זכרי' ב, ח. 99) ראה מצו"ד עה"פ. 100) ראה גם הו"ש ע' 54. "היום יום" כ"ע יג. 101) מלאכי ג, כד ובפרש"י.

און דער "מבצע צבאות השם"[102].

און "כימי צאתך מארץ מצרים"[103] אז "יצאו צבאות ה׳ מארץ מצרים"[104], און מ׳איז אדוים "ביד רמה"[105], און נאך אין די לעצטע טעג פון גלות איז שוין געווען "לכל בני ישראל הי׳ אור במושבותם"[106] -

איז כן תהי׳ לנו, ובאופן הנראה והנגלה אויך לעיני בשר,

ובעגלא דידן ממש.

* * *

לו. אין דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג, חמישי ביז ששי אין פ׳ חיי שרה, איז דא א קשר מיט דעם ענין המבצעים, ובמיוחד מיט די דריי מבצעים וואס מ׳האט ספעציעל אפגעגעבן צו נשי ובנות ישראל, "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש" און "מבצע טהרת המשפחה", ובמיוחד ווי דאס איז פארבונדן אפילו מיט קליינע אידישע מיידעלעך (כדלקמן).

דארטן ווערט דערציילט וועגן נישואי יצחק ורבקה, און אין דעם סיום פון דעם שיעור חומש שטייט[107]: "ויביאה יצחק האהלה שרה אמו גו׳",

איז רש"י אויף דערויף מפרש (וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז פשוטו של מקרא): "ויביאה האוהלה והרי היא שרה אמו, כלומר ונעשית דוגמת שרה אמו, שכל זמן ששרה קיימת הי׳ נר דלוק מערב שבת לערב שבת וברכה מצוי׳ בעיסה וענן קשור על האוהל, ומשמתה פסקו, וכשבאת רבקה חזרו".

וואס די דריי ענינים וועלכע רש"י ברענגט, "נר דלוק מערב שבת לערב שבת ברכה מצוי׳ בעיסה וענן קשור על האוהל" זיינען די דריי מצוות - מבצעים וואס זיינען אנגעזאגט געווארן (במיוחד) צו אידישע טעכטער (כמדובר כמ"פ[108]):

"נר דלוק מערב שבת לערב שבת" - דער ענין פון נרות שבת קודש;

"ברכה מצוי׳ בעיסה" - דער ענין פון כשרות האכילה ושתי׳, וואס דאס איז דאך ממשיך די ברכה בעיסה;

און "ענן קשור על האוהל" - דער ענין פון צניעות, "גן נעול אחותי כלה" און "גל נעול"[109] - דער ענין פון טהרת המשפחה.

- ובפרט -

---

102) ראה באדוכה שיחת יום ב׳, ג׳ דחוהמ"ס. יום ד׳, כ"ח תשרי ש.ז. 103) מיכה ז, טו. 104) בא יב, מא. 105) בשלח יד, ח. 106) בא י, כג. 107) כד, סז. 108) ראה לקו"ש חט"ו ע׳ 172 ואילך. וש"נ. 109) שה"ש ד, יב. וראה שהש"ר פ"ד, יב. פרש"י עה"פ.

ובפרט אז דאס רעדט זיך וועגן אוהל, ווי עס שטייט אין פסוק "ויביאה האהלה שרה אמו", און ווי דער ראב"ע טייטשט דאס אפ, אז דאס איז כאילו עס וואלט געשטאנען "האהלה אוהל שרה אמו",

וואס אוהל שרה איז דאך געווען פארבונדן מיט צניעות מיט טהרת המשפחה[110],

און ווי מ'זעט אז דער ענין פון טהרת המשפחה איז איינער פון די ענינים וואס זיינען געווען מודגש בא שרה, וואס דערפאר האט אברהם געגעבן צו די מלאכים נאר "חמאה וחלב ובן הבקר"[111] און ניט קיין לחם - "לפי שפירסה שרה נדה, שהזר לה אורח כנשים אותו היום ונטמאת העיסה"[112].

לז. וואס דערפון האט מען די הדגשה אין די דריי מבצעים, "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה", וואס זיינען ספעציעל אפגעגעבן געווארן צו יעדער אידישע פרוי,

וואס זי ווערט דאך אנגערופן "עקרת הבית" - סיי עקרת הבית הפרטי, און סיי עקרת בית ישראל הכללי,

וואס דער בית הפרטי פון א אידן איז דאך בדוגמת בית הכללי פון בית ישראל בכלל, און בדוגמה דעם "בית זבול לך מכון לשבתך עולמים"[113], דער בית וואס דער אויבערשטער זאגט אויף אים[114] "ושכנתי בתוכם", וואס דאס זאגט דער אויבערשטער אויף יעדער בית בישראל - "ושכנתי בתוכם", אז ער איז שוכן בתוך ביהו של כל אחד מישראל ובהוך לבו של כל אחד מישראל[115].

לח. די הדגשה וועגן די דריי מבצעים שבפרשתנו (ובמיוחד - וועגן "מבצע נרות שבת קודש") איז בםיוחד פארבונדן מיט קליינע אידישע מיידעלעך:

"ויביאה האהלה שרה אמו", נישואי יצחק ורבקה, וואס דעמולט האט רבקה אויפגעטאן אז (עס זאלן זיך אומקערן די ענינים וואס זיינען געווען בא שרה) "נר דלוק מערב שבת לערב שבת ברכה מצוי' בעיסה וענן קשור על האוהל" - איז געווען בעת רבקה איז געווען בלויז דריי יאר אלט,

ווי רש"י איז מפרש[116] אז רבקה איז געבארן געווארן נאך - עקידה -

---

110) ראה פרש"י עה"פ וירא יח, ט. מב"מ פז, א.
111) וירא שם, ח. 112) פרש"י עה"פ. מב"מ שם. ב"ר שם, יד.
113) מ"א ח, יג. דה"ב ו, ב. 114) תרומה כה, ח. 115) ראה של"ה סט, א. ובמ"מ ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו.
116) עה"פ תולדות כה, כ. וראה לקו"ש שם ס"ע 168 ואילך ובהערות שם. וש"נ.



הנחת הת' בלתי מוגה

עקידת יצחק (ווי עס שטייט[117] "ויהי אחרי הדברים האלה ויוגד לאברהם לאמר הנה ילדה מלכה גם היא". און איז מקיים[118] "ובתואל ילד את רבקה"). וואס בעת די עקידה איז יצחק געווען בן ל"ז שנה,

און "המתין לה עד שהא ראוי' לביאה ג' שנים", ווי עס שטייט[119] "ויהי יצחק בן ארבעים שנה בקחתו את רבקה".

וואס דערפון קומט דאך אויס אז רבקה איז דעמולט געווען דריי יאר אלט, און שוין דעמולט האט זי אויפגעטאן די דריי ענינים, "נר דלוק מערב שבת לערב שבת וברכה מצוי' בעיסה וענן קשור על האוהל"!

לט. וואס דערפון האט מען די הוראה, אז מ'דארף ניט ווארטן ביז א אידישע מיידעלע האלט נאך דער ההונה וכיו"ב אויף טאן אין די ענינים - נאר בשעה זי איז נאך א גאר קליינע מיידעלע פון דריי יאר מוט זיך שוין דאן אויף דער ענין.

און ווי גערעדט אמאל בארוכה[120], אז וויבאלד "קיים אברהם אבינו כל התורה כולה . . אפילו עירובי תבשילין"[121], אויך מצוות דרבנן[122], און דער דין איז[123], אז אויב די פרוי בענטשט ניט קיין ליכט בערב שבת (מאיזו סיבה שתהי') דארף דאס דער מאן טאן - דארף מען זאגן אז זינט שרה איז נפטר געווארן האט אברהם געצונדן נרות שבת (ויום טוב).

און אעפ"כ איז אט דער ענין אז עס זאל זיין "נר דלוק מערב שבת לערב שבת" - האט אויפגעטאן דוקא רבקה זייענדיק אלט דריי יאר!

און וויבאלד דאס ווערט א סיפור אין תורה, ווערט דער סיפור א הוראה, ווארום תורה איז מלשון הוראה[124], און וויבאלד אז התורה היא נצחית[125] - ווערט דאס א הוראה בכל מקום ובכל זמן, אז וואו און ווען עס געפינט זיך א אידישע מיידעלע וואס הגיעה לגיל חינוך, עכ"פ דריי יאר אלט [און אויב זי פארשטייט נאך פון פריער, איז דעמולט דער ענין החינוך נאך חל פון פריער, ווי אפגע'פסק'נט (אויך) אין הלכות שבת[126]] - איז אנהויבנדיק פון דעמולט, דארף מען איר מחנך זיין אין דער מצוה פון הדלקת נרות שבת ויום טוב.

- ועד"ז -

------------

117) וירא כב, כ. 118) שם, כג. 119) תולדות כה, כ.
120) לקו"ש שם ע' 169. ס"ע 170 ואילך ובהערות שם.
121) יומא כח, ב. 122) פרש"י יומא שם. פרש"י עה"פ תולדות כו, ה. 123) שו"ע אדה"ז או"ח סרס"ג ס"ה, ס"ט וי"א.
124) זח"ג נג, ב. 125) תניא רפי"ד. ובכ"מ. 126) שו"ע אדה"ז סשמ"ג ס"ג.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו די אנדערע צוויי מבצעים.

מ. און דאס זיינען די דריי מבצעים וואס שטייען אין היינטיקן שיעור חומש,

וואס כאמור, זיי זיינען די דריי מבצעים עיקריים, וויבאלד אז זיי זיינען פארבונדן מיט דער "עקרת הבית", דער עיקר פון בית ישראל, סיי הפרטי און סיי הכללי.

און דאס איז אויך פארבונדן מיט כל שאר המבצעים, וואס אויך זיי זיינען מרומז אין די פסוקים פון היינטיקן שיעור חומש, פון חמישי ביז ששי אין פ׳ חיי שרה;

דא איז אבער ניט דער דיוק אז מ׳מוז אויסרעכענען אויך שאר המבצעים ווי זיי זיינען מרומז אין רעם שיעור חומש - ווארום כמדובר כמ"פ, אז בשעת מ׳איז זיך עוסק אין איין מבצע, קען מען זיך בשעת מעשה ניט עוסק זיין אין א צווייטן מבצע,

אז ער רעדט מיט א מיידעלע וועגן אנצינדן נרות שבת קודש, קען ער בשעת מעשה ניט רעדן מיט א איד וואס איז שוין בר-מצוה וועגן הנחת תפילין, וכיו"ב אין די אנדערע מבצעים;

ער איז אבער דערפון ניט אפגעריסן ח"ו - ס׳איז מערניט וואס בדיבור רעדט ער וועגן איין מבצע, אבער אויך די אנדערע מבצעים שטייען ביי אים על סדר היום, און זיי וועלן דערנאך אויך אראפקומען אין דיבור, און רערוויילע איז דאס ביי אים במוח הזכרון שלו, וואס אויך דארטן איז דאס בתקפו ובקיומו, ואדרבה - נאך מערער ווי בשעת דאס קומט אראפ בדיבור, ווי פארשטאנדיק פון לקו"ת ד"ה והדרת פני זקן כו׳[127].

מא. והמעשה הוא העיקר:

מ׳שטייט דאך איצטער בליל המישי בשבוע, וואס דעמולט איז שוין מעלי שבהא [וואס דאס הויבט זיך שוין אן פון יום הרביעי בשבוע[128]], וואס מעלי שבהא איז פארבונדן מיט דעם עניין פון נרות שבת קודש -

דערפאר איז איצטער די הדגשה מיוחדה צו רעדן און זיך משהדל זיין וועגן דעם מבצע פון נרות שבת קודש (מערער ווי אין די אנדערע מבצעים), אז יעדער אידישע מיידעלע,

- אנהויבנדיק -

------------

127) לקו"ת ס"פ קדושים. 128) ראה פסחים קו, סע"א. שו"ע אדה"ז או"ח סרצ"ט ס"ה.

אנהויבנדיק נאך פון גאר קליין, זאל אנצינדן נרות שבת קודש.

און מ'האט איך דערויף די הבטחה, אז אזוי ווי בשעה שרה און דערנאך רבקה האט אנגעצונדן נרות שבת, האט מען געזעהן בעיני בשר אז דער נר איז געווען "דלוק מערב שבת לערב שבת" - אזוי וועט זיין אויך בשעה יעדער אידישע מיידעלע וועט אנצינדן נרות שבת, ווארום יעדער אידישע טאכטער ווערט אנגערופן בת שרה רבקה רחל ולאה[129] - וואס דערפאר איז אפילו אז בעיני בשר זעט מען דאס ניט איז אבער די פעולה אירע (פון אנצינדן די נרות) ווערט א פעולה נמשכת "מערב שבת לערב שבת" ברוחניות[130].

און "מערב שבת לערב שבת" איז ניט דער פירוש, אז דערנאך האט דארט א שליטה דער חושך וואס איז דא בלילה של העולם, ח"ו - נאר דאס איז דלוק נאר ביז "ערב שבת" הבא דערפאר וואס דעמולט צינדט זי אן א נר חדש, און אין אן אופן פון "מעלין בקודש"[131], אז דער נר איז נאך ליכטיקער פון פריער.

מב. דערביי קומט צו נאך א זאך וואס ווערט אויפגעטאן דורך הדלקת נרות שבת קודש:

דורך הדלקת נרות, און מרבה זיין בנרות - איז נוסף אויף דעם וואס עס טוט אויף אז "לא יכשל כו'"[132], דער ענין פון סור מרע[133] - איז דאס אויך מוסיף אורה און מוסיף שמחה, ווי מפרשי הש"ס און פוסקים און אחרונים זיינען מבאר[134].

עד"ז - דורך דעם ענין פון טהרת המשפחה ווערט אויפגעטאן דער ענין השמחה:

כמבואר בענין המילה[135], אז פארוואס איז מילה ביום השמיני דוקא, דערפאר וואס ערשט נאך דערויף וואס מ'היט אפ טהרת המשפחה, און עס גייען דורך די זיבן טעג, דעמולט זיינען אביו ואמו שמחים,

עד"ז דורך כשרות האכילה ושתי' ווערט אויפגעטאן דער ענין השמחה:

שמחה איז פארבונדן דוקא מיט בשר ויין, ווארום "אין שמחה אלא בבשר" און "אין שמחה אלא ביין"[136], און ס'איז פארשטאנדיק, אז א שמחה של תורה, א אידישע שמחה, איז דוקא

- בשעה -

------------

129) וראה ברכות טז, ב. 130) ראה לקו"ש שם ע' 171.
131) ברכות כח, א. וש"נ. 132) שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רסג.
133) ראה לקו"ש שם ע' 529. 134) ראה לקו"ש שם ע' 374 ובהערות שם. וש"נ. 135) נדה לא, ב. 136) פסחים קט, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

בשעה דאס איז פארבונדן מיט בשר כשר און יין כשר,

ביז ווי רער אלטער רבי איז מבאר אין די מאמרים[137] בנוגע צו "אין שמחה אלא בבשר", אז דאס איז גאר פארבונדן דוקא מיט בשר שלמים,

[וואס דערפאר איז "עכשיו שאין ביהמ"ק קיים אין יוצאים ידי חובת שמחה (מה"ת) אלא ביין"[138], וואס ער איז "משמח אלקים ואנשים"[139]. משא"כ שמחה בבשר בזמן הזה איז נאר מדרבנן און א פרט פון דעם ענין כללי פון "ושמחת בחגך"[140], כמדובר אמאל באריכה[141]].

מג. עד"ז ווערט אויפגעטאן דער ענין השמחה דורך כללות ענין פון די אלע מבצעים, ווארום יעדערער פון זיי איז פארבונדן מיט שמחה של מצוה (וואס דאס איז דאך אן "עבודה גדולה"[142]).

און אויב עס דארף זיין שמחה של מצוה באיזו מצוה שיהי' - איז עאכו"כ בנוגע צו דער שמחה וואס דארף זיין אין (די התחלה פון די אלע מבצעים -) "מבצע אהבת ישראל", וואס אהבת ישראל איז דאך "כל התורה כולה, ואידך פירושא הוא, זיל גמור"[143], און אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער שמחה וואס דער מבצע ברענגט,

וכמדובר כמ"פ. אז הא בהא תליא: אז מ'איז זיך עוסק אין אהבת ישראל ברענגט דאס שמחה, און אז מ'שטייט בשמחה איז מען מוסיף אין אהבת ישראל, ווי דער פשטות ענין השמחה פארלאנגט דאך, אז ער זאל זיין ניט פאר-זיך, נאר מיט אנדערע מענטשן, וכידוע אז "ושמחת (בחגיך)" איז דוקא דעמולט ווען ס'איז דא "אתה ובנך ובתך ועבדך ואמתך והלוי והגר גו'"[144].

מד. ויהי רצון אז פון די אלע ענינים וועגן וועלכע עס רעדט זיך אין פ' חיי שרה, וואס מ'איז זיך מסיים (אין דעם שיעור חומש פון יום זה) מיט דעם ענין פון נישואי יצחק ורבקה -

זאל מען קומען צו דער צייט ווען מ'וועט זאגן אויף - יצחק -

------------

137) ראה לקו"ת ר"פ שמיני. סה"מ הקס"ה ע' קעא.
138) שו"ע אדה"ז או"ח סתקכ"ט ס"ז. 139) שופטים ט, יג.
וראה ברכות לה, א. 140) ראה טז, י. 141) ראה גם לקו"ש ח"ב ע' 432. 142) רמב"ם סוף הל' לולב. 143) שבת לא, א.
144) ראה שם. וראה רמב"ם הל' יו"ט פ"ו הי"ח. שו"ע אדה"ז שם סי"א. וראה ד"ה שמח תשמח הנ"ל ע' 50 ואילך.

הנחה הת' בלתי מוגה

יצחק "אתה אבינו". כמבואר בארוכה אין דער סוגיא אין מסכת שבת[145], און מ'זאל זעהן "ואלה תולדות יצחק בן אברהם אברהם הוליד את יצחק"[146] בפועל ובעיני בשר, וואָרום "הקיצו ורננו שוכני עפר"[147] והם בתוכם,

און עס וועט זיין דער "וידו אוחזה בעקב עשו"[148], און דערפון וועט דערנאך דער נצחון - "והיתה לה' המלוכה" דורך "ועלו מושיעים בהר ציון (לשפוט את הר עשו)"[149],

ע"י גאולה האמיתית והשלימה דורך משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו במהרה בימינו ממש.

* * *

מה. אויף "שיר למעלות אשא עיני אל ההרים" שטעלן זיך מפרשים[150] אויף דעם וואס דער קאפיטל הויבט זיך אן מיט "שיר למעלות", מיט א למ"ד, ניט "שיר המעלות" (כמיט א ה"א), ווי די איבעריקע פון די ט"ו "שיר המעלות"[151] הויבן זיך אן.

והביאור בזה:

עס שטייט אין ילקוט שמעוני עה"פ, אז "שיר למעלות אשא עיני אל ההרים" גייט אויף מלך המשיח,

און אין מדרש תהלים עה"פ טייטשט ער אפ "שיר למעלות" - וואס עס ווייזט אויס אז דער אפטייטש איז מיוסד אויף דעם שינוי וואס דא שטייט "שיר למעלות" (ניט "שיר המעלות") - "דוד אמר שיר למעלות משנתת עלינו מעלה זו אין אנו יורדין, משיושיענו ממלכות עשו שוב אין אנו יורדין עוד לשעבוד מלכות כו'":

אזוי איז דאך נאך יעדער עלי', נאך יעדער גאולה, געווען א ירידה, א גלות; משא"כ "שיר למעלות" איז פארבונדן מיט דער גאולה ע"י משיח צדקנו, וואס די איז א גאולה שאין אחרי' גלות[152], און עלי' שאין אחרי' ירידה ח"ו.

און דער חיד"א[153] איז מוסיף (אויפן ילקוט שמעוני), אז מיטן למ"ד פון "(שיר) למעלות", איז "רמז ל' מעלות שיהי' למשיח, והמשיח בא מיהודה"[154].

און ער איז מפרש אז "נקט למעלות רמז שהמל' נקנית בל' - מעלות" -

---

145) פט, ב. 146) תולדות כה, יט. 147) ישעי' כו, יט. 148) תולדות שם, כו. 149) עובדי' א, כא. 150) פרש"י, רד"ק, אלשיך ומצו"צ עה"פ. 151) ראה סוכה נג, א-ב. 152) ראה גם תוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז, ב. 153) בספרו "יוסף תהלות" לתהלים מזמור קכא. 154) ראה ה"א ופרש"י עה"פ ויחי מט, י. הנחומא ויחי י. ועוד.

* הנחת הת' בלתי מוגה

מעלות"[155]. וואס דער ענין המלכות בשליטותה. ביז "והיתה לה' המלוכה", איז פארבונדן מיט מלכא משיחא.

[ס'איז אויך דא א נפלא'דיקע רש"י אין תהלים על הכתוב ("שיר למעלות"), וואס אין כאן מקומו להאריך בזה].

מו. וואס דאס קומט אויך בהמשך להמבואר לעיל, אז מ'טענה'ט דאך אז "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים", איז ווי קען מען זיין בשמחה וכו' -

זאגט מען אז אדרבה: וויבאלד אז מ'האט איצטער די סימנים וואס שטייען אין סוף מסכת סוטה - איז דאס א הוכחה אז "הנה זה עומד אחר כתלינו משגיח מן החלונות מציץ מן החרכים"[156], אז עס זיינען געבליבן בלויז רגעים ספורים צו דעם "שיר למעלות", די עלי' שאין אחרי' ירידה.

וואס דערפאר דארף מען זיין בשמחה.

וואס דער עצם ענין וואס מ'האט געזאגט די ט"ו "שיר המעלות" איז דאס בפשטות געווען פארבונדן מיט שמחה:

סיי דאס וואס דוד המלך האט עס געזאגט אין תהלים, כמובן פון דעם לשון "שיר", וואס "שיר" איז דאך פארבונדן מיט שמחה, כמרז"ל[157] "אין אומרים שירה אלא על היין . . המשמח אלקים ואנשים";

ועאכו"כ בשעת די לויים האבן געזאגט די ט"ו "שיר המעלות" ווען זיי זיינען געשטאנען אויף די "חמש עשרה מעלות"[158], וואס דאס איז געווען בשמחה בית השואבה.

מז. וואס דאס איז דער ענין שהזמן גרמא וועגן וועלכע מ'האט פריער גערעדט - דער ענין השמחה, און דורך דערויף פארברענגען די שיריים פון גלות, ע"ד ווי מען פארברענט די עשרה פתיתים פון חמץ בערב פסח.

און דאס וועט גלייך די הכנה צו "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" - צו דער גאולה ע"י משיח צדקנו,

וואס ער קומט פון שבט יהודה, און דאס איז אויך פארבונדן מיט די "שלשים מעלות" וואס המלכות נקנית בהם, כנ"ל פון דעם חיד"א. וואס אמיתית ענין המלכות, ביז "והיתה לה' המלוכה", איז דאך פארבונדן מיט מלכא משיחא,

וואס דוגמתו איז אויך געווען בשנת הקהל - וואס שנה

- זו -

------------

155) אבות פ"ו מ"ו. 156) שה"ש ב, ט. וראה לקו"ש ח"ד ע' 104 הע' 38. 157) ברכות עבהע' 139. 158) סוכה שם.

זו איז א שנת הקהל - וואס דעמולט האט דער מלך קורא געווען פרשיות התורה פאר אלע אידן[159], ביז וואנעט, אז איינע פון די פרשיות וואס דער מלך לייענט ווערט אנגערופן "פרשה המלך"[160], ווארום אין איר רעדט זיך וועגן עניני מלכות,

און בשעת מ'הערט די קריאה פון דעם מלך, איז דאס "כאילו . . מפי הגבורה שומעה, שהמלך שליח הוא להשמיע דברי הא-ל"[161].

וואס דאס איז מדגיש די אלע ענינים ווי זיי קומען זיך צוזאמען בשנה זו ובזמנים אלו, כולל אויך דעם ענין פון פ' חיי שרה (וואס מ'לייענט איצטער), כנ"ל.

מח. און דערביי קומט צו אויך דער קשר מיט דעם וואס שנה זו איז דער סיום פון שנת המאה ועשרים להולדת כ"ק אדמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע, ווי געדעט פריער אין מאמר:

עס שטייט אין זהר[162] עה"פ[163] "והיו ימיו מאה ועשרים שנה" - אז דאס איז "רמז למשה רבינו כו' שממשיך חיין לבני נשא (צו יעדער אידן) מההוא אילנא דחיין", און ווי עס שטייט דארטן אין זהר (לפנ"ז), אז "בשגם דא משה כו' ("בשגם בגימטריא כמו משה, וכתיב שם והיו ימיו מאה ועשרים שנה וכך היו ימי משה"[164]) דמחילא דא קיימין בני נשא בעלמא יזמין סגיאין".

און ווי ער זאגט דארטן אין זהר[165], אז "משה לא מית", וואס דערפאר איז ער ממשיך "חיין לבני נשא", וויבאלד אז ביי אים אליין איז ניט געווען דער ענין פון היפך החיים.

און מפרשי הזהר[166] פארבינדן דאס מיט דעם וואס די גמרא[167] זאגט, אז "לא מת משה" און "מה להלן עומד ומשמש אף כאן עומד ומשמש".

און דאס וואס משה רבינו איז ממשיך "חיין לבני נשא", איז דאס (ווי ער איז ממשיך אין זהר, כנ"ל) "מההוא אילנא דחיין", ד.ה. דורך תורה, כמבואר אין זהר דארטן באריכה.

וואס דאס איז פארבונדן מיט "מבצע תורה",

ובפרט מיט דעם ענין שהזמן גרמא אין תורה - הורתו פון

- בעל -

---

159) סוטה מא, א (במשנה). הובא בפרש"י עה"פ וילך לא, יא. ובפרשיות ברמב"ם הל' חגיגה פ"ג ה"ג. 160) סוטה שם. 161) רמב"ם שם ה"ו. 162) ח"א לז, סע"ב. 163) בראשית ו, ג. 164) פרש"י ד"ה בשגם - חולין קלט, ב. 165) וכ"ה גם בזח"ב קעד, א. 166) נצו"ז לזהר ח"א וח"ב שם. 167) סוטה יג, סע"ב.



הנחת הת' בלתי מוגה

בעל יום ההולדת, די מאמרים שלו, וואס זיינען געשריבן און קופירט און אפגעדרוקט,

וואס ס'איז שוין דא דערפון א ריבוי מופלג;

אפילו אין איין מאמר איז אויך דא א ריבוי מופלג - עאכו"כ אז ס'איז דא פשוט בכמות א ריבוי מופלג, און מ'דארף נאר האבן די החלטה אז "יגעה" און דעמולט האט מען די הבטחה[168] אז "ומצאת",

און מיט דער הדגשה אז עס ווערט "ומצאת" שלא לפי ערך היגיעה[169], בדוגמא ווי א מציאה כפשוטה (וואס דערפאר ווערט דאס אנגערופן בשם מציאה, "ומצאה") וואס איז שלא לפי ערך היגיעה אין דעם געפינען די מציאה[170],

און דאס איז אויך פארבונדן (ווי גערעדט אין א פריערדיקע ההוועדות[95]) מיט "מצאתי דוד עבדי"[171], ביאת משיח צדקנו[172].

מט. און דערפון קומט מען צו נאך א מבצע וואס איז מרומז אין סיום פון מזמור קכא פון תהלים - "ה' ישמר צאתך ובואך מעתה ועד עולם",

וואס ער פארבינדט דאס אין זהר[173] מיט דעם ענין פון מזוזה, אז בשעת מ'האט א מזוזה בפתחא, איז דעמולט "הוי' ישמר צאתך ובואך", ניט נאר דעם טאג וועז ער גייט ארויס אדער אריין ("צאתך ובואך"). נאר - "מעתה ועד עולם", אלעמאל,

וואס אין פשוטו של מקרא איז דער טייטש פון "מעתה ועד עולם" - כל זמן ס'איז דא דער מציאות הזמן בעולם.

נ. ועד"ז זיינען דא די רמזים בנוגע צו שאר המבצעים, כנ"ל (ס"מ);

מען דארף אבער אין דערויף ניט האבן קיינע רמזים, ווארום דאס זיינען דינים אין שו"ע - סיי דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[174], און סיי דער ענין פון "הוכח תוכיח את עמיתך"[175], ועד"ז שאר הענינים.

- און -

---

168) מגילה ו, ב. 169) ראה לקו"ש ח"ג ע' 810. ח"ד ע' 127. שם ע' 1165. ועוד. 170) ראה סנהדרין צז, א. 171) תהלים פט, כא. 172) ראה סנהדרין שם. 173) זח"ג רסג, ב. ועוד. וראה גם רמ"א יו"ד סרפ"ה ס"ב. 174) קדושים יט, יח. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ה. ועש"נ. 175) קדושים שם, יז. שו"ע אדה"ז ס"ו ואילך. ועש"נ.



הנחה הת' בלתי מוגה

און דערביי קומט צו אויך דער דין[176] אז "לעולם יעסוק אדם בתורה ומצווה אע"פ שלא לשמה שמתוך שלא לשמה בא לשמה",

וואס דאס איז דאך אן ענטפער אויף דער טענה: היתכן אז מ'איז זיך מתייגע צו פועל'ן אויף א צווייטן אידן צו טאן אין תומ"צ - בשעת יענער טוט עס נאר דערפאר וואס מ'בעט ביי אים אז ער זאל דאס טאן, ניט דערפאר וואס ער וויל מקיים זיין תורה לשמה אדער מצווה לשמם בתכליה השליכות?!

זאגט תורה אמת, וואס זי איז אויך תורת חיים - אז "לעולם יעסוק אדם בתורה ומצוות אע"פ שלא לשמה" מיט דער הבטחה אז "מתוך שלא לשמה בא לשמה",

און ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[95] באריכה, אז דאס איז קיין סתירה ניט דערצו וואס תורת אמת זאגט אזוי - ווארום דער פירוש אין דעם איז[177], אז דער "תוך" פון דעם "שלא לשמה" איז "לשמה",

ווי דער פס"ד הרמב"ם[178], אז יעדער איד, אין וואס פאר א מעמד ומצב ער געפינט זיך נאר, אפילו ווען ער שרייט בפה מלא איני רוצה צו טאן אן עניין פון תומ"צ - איז באמיתתו וויל ער מקיים זיין מצוות ה'.

און דערפאר איז אזוי מיט אזוינע אידן וואס עס ווייזט זיך אויס אז זיי זיינען דאס מקיים "שלא לשמה" - אויך מיט זיי דארף ער טאן אז זיי זאלן מקיים זיין תורה ומצווה.

עאכו"כ בשעת מ'האט דעם נתינת כח מיט די הוראות מפורשות פון רבותינו נשיאינו, ביז די הוראות פון בעל יום ההולדת, און דערנאך די הוראות פון בנו ממלא מקומו,

וואס זיי האבן דאס געזאגט אין א סגנון וואס אין דערויף קענען ניט זיין קיינע פשט'לעך און רמזים וכו', ווארום מ'זאגט בפירוש אז מ'מאנט און מ'גיט כח און מ'גיט א ברכה און הבטחה - אז מ'זאל זיך עוסק זיין אין הפצת היהדות בכלל און אין הפצת המעיינות חוצה במיוחד, און אז מ'וועט אין דערויף זיכער מצליח זיין.

נא. ויהי רצון אז מ'זאל טאן אין די אלע ענינים מתוך שמחה, און א שמחה רבה ואמיתית,

און דאס זאל ברענגען צו דעם אז די שמחה וועט פורץ זיין גדרי הגלות בפשטות,

- און -

------------

176) פסחים נ, ב. רמב"ם הל' ת"ת פ"ג ה"ה. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ה"ג. 177) לקו"ש ח"ח ע' 167. 178) הל' גירושין ספ"ב.

און גייך מקבל זייך פני משיח צדקנו "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[179]. "קהל גדול ישובו הנה"[180], נאך אין התחלה פון שנה הזו, וואס זי איז שנת הקהל,

"ושמחת עולם על ראשם"[181].

[צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית - פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, זאלן מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא].

—— * ——

179) בא י, ט. 180) ירמי' לא, ח. 181) ישעי' לה, י. נא, יא.

בס"ד. שיחת ש"פ תולדות, מבה"ח וער"ח כסלו ה'תשנ"א.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

א. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט שבת קודש מברכים החודש - לויט תקנת כ"ק מו"ח אדמו"ר אז אין יעדער שבת מברכים החודש זאל מען מאכן א התוועדות, ווי שוין מפורסם אין כמה פון זיינע מכתבים, און אויך אין זיינע שיחות, וואס זיינען שוין אויך אפגעדרוקט[1].

וואס דאס איז א צד השוה צווישן אלע התוועדויות וואס זיינען פארבונדן מיט אלע שבת מברכים החודש;

נוסף לזה קומט צו א דבר חדש אין יעדער שבת מברכים החודש בפני עצמו, ווארום ס'איז פארבונדן מיט א נייעם חודש.

אפילו אויב עס וואלט ניט צוגעקומען א נייער חודש - איז דעמולט אויך דא דער ציווי אין תורה אז אין יעדער ענין אין תורה ומצוות דארף מען זיך מתבונן זיין אזוי אז דאס זאל ביי אים ווערן אין אן אופן פון "היום" - "כחדשה"[2], און נאכמער - אין אן אופן פון "היום הזה" - "חדשים" ממש[3].

און דוקא אז תורת אמת מאנט אזוי, איז א ראי' אז דאס דארף אזוי זיין באמת, ניט קיין געמאכטע זאך, נאר טאקע יעדער מאל ווי א נייע זאך ממש.

עאכו"כ בשעת עס קומט צו א נייער חודש, וואס דאס איז אן ענין חדש וואס איז ניט געווען אין דעם פריערדיקן חודש - דארף דעמולט צוקומען א חיות חדש ביתר שאת וביתר עז,

און דערנאך דארף דאס אויך אראפקומען אין זיין מעשה בפועל אז יעדער מאל איז זיין מעשה בפועל מיט א חיות חדש.

ב. אזוי ווי דאס איז בנוגע צו חדשים, אזוי איז דאס אויך בנוגע צו שנים - אז אע"פ וואס דער שבת מברכים החודש פון דעם חודש איז דא בכל שנה און איז שוין געווען פאר-א-יארן, וויבאלד אבער אז ס'איז צוגעקומען א נייער יאר, דארף צוקומען א חיות חדש, ווארום דאס איז א שבת מברכים החודש פון א נייעם יאר.

וואס דאס איז דאך בנוגע צו כל שנה ושנה, אפילו בנוגע צו א יאר אין וועלכן מ'דארף גרינגלען און משתדל זיין און

- זוכן -

------------

1) קובץ מכתבים לתהלים (אהל יו"ט) ע' 192 ואילך. "היום יום" ע' ו. ועוד. 2) ואתחנן ו, ו. ספרי (הובא בפרש"י) עה"פ. 3) תבוא כו, טז ובפרש"י. וראה גם יתרו יט, א ובפרש"י. וראה שיחת ש"פ תבוא, ח"י אלול ה'תש"מ סמ"ה וסנ"ג.

זוכן און לערנען וואס איז דער חילוק צווישן דעם יאר מיט אנדערע יארן;

ועאכו"כ בשנה זו, וואס מ'דארף ניט זוכן אין וואס טיילט זיך אויס דער יאר פון אנדערע יארן, ווארום דאס איז מעצמו בולט - ס'איז א שנה הקהל:

ע"ד ווי שנת השמיטה איז אויסגעטיילט פון אנדערע יארן, ווי דער פסוק[4] זאגט בפשטות אז "שש שנים תזרע שדך", ד.ה. אז אלע שש שנים איז מען כולל צוזאמען [און מ'דארף זוכן א נפק"מ צווישן איין יאר מיטן צווייטן בנוגע צו מעשרות[5] וכדומה], און דערנאך איז "ובשנה השביעית שבת שבתון יהי' לארץ שבת לה'" -

עד"ז איז שנת הקהל אויך אויסגעטיילט פון אנדערע יארן, ווי דער פסוק[6] זאגט אז "מקץ שבע שנים במועד שנת השמיטה . . הקהל את העם גו'".

ג. והגם אז הקהל איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן ביהמ"ק, און ס'איז לכאורה ניט נוגע איצטער -

איז אבער ע"ד ווי בנוגע צו שמיטה איז הגם אז מ'זאגט[7] "ושבתה הארץ", "הארץ" בה"א הידיעה, וואס דאס גייט אויף ארץ ישראל[8], אז שמיטה איז נוהג נאר אין א"י[9] - אעפ"כ זאגט מען אז שמיטה איז שייך צו יעדן אידן בכל מקום שהוא, ווארום יעדער איד מאכט פון חלקו בעולם "ארץ ישראל"[10], אז דארטן זאל זיין "ושכנתי בתוכם"[11] -

עד"ז איז אויך בנוגע צו הקהל[12], אז הגם הקהל איז פארבונדן דוקא מיטן זמן שביהמ"ק הי' קיים, און דעמולט גופא - אין ארץ ישראל, און אין ארץ ישראל - אין דעם ביהמ"ק - אעפ"כ איז דער ענין פון הקהל דא ברוחניות אויך איצטער בכל מקום.

און דערפאר - ווען עס קומט א שנת הקהל דארף זיין "נזכרים"[13], מ'דארף זיך דערמאנען וועגן דעם ענין, ביז אז

- מ'זאגט -

------------

4) בהר כה, ג-ד. 5) ראה יד, כח. ר"ה יב, ב. רמב"ם הל' מה"ע פ"ו ה"ד. הל' מע"ש בהתלהן. ובכ"מ. וראה לקוטי לוי"צ אגרות ע' רלט ואילך. 6) וילך לא, י-יב. 7) בהר שם, ב. 8) ראה ראב"ע עה"פ שלח טו, טו. 9) ירושלמי שביעית רפ"ו. רמב"ם הל' שמיטה ויובל פ"ד הכ"ה. 10) ראה לקו"ש ח"ב ע' 621. לקו"ש מסעי תשל"ו שוה"ג להע' 48. וראה (בנדו"ד) מכתב ח"י אלול ה'תשל"ט. 11) תרומה כה, ח. וראה של"ה (סט, א. ובכ"מ). ד"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו. 12) ראה מכתב ערב ש"ק ח"י אלול ש.ז. וש"נ. 13) ל' הכתוב - אסתר ט, כח.

מ'זאגט אז ווען עס קומט דער זמן ווארט דער ענין אז מ'זאל זיך אויף אים דערמאנען, און דערמאנען ווי תורה מאנט אז מ'זאל זיך דערמאנען.

און בשעה עס איז דא דער "נזכרים" קומט עס אראפ אין "ונעשים"[14], ווי דער אריז"ל טייטשט דאס אפ[14], אז בשעה ס'איז דא דער "נזכרים" כדבעי, ווערן דעמולט נמשך אלע המשכות והשפעות פון דעם ענין.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון הקהל איז דא אויך איצטער ברוחניות.

ד. ואע"פ אז דאס איז דא איצטער נאר ברוחניות, ניט בגשמיות ווי דאס איז געווען אין ביהמ"ק - איז אבער אויך עיקר ענינו פון דעם ביהמ"ק הגשמי געווען רוחניות - "ושכנתי בתוכם"[9]. כמ"ש[15] "הנה השמים ושמי השמים לא יכלכלוך אף כי הבית הזה" - בניהותא[16].

עס קומט טאקע צו א שלימות בשעה מ'האט דעם ביהמ"ק אויך בגשמיות,

וואס דערפאר בעט מען כמה פעמים בכל יום "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים", וואס דער פירוש אין דעם איז, כפשוטו, אז עס זאל זיין "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים" בפשוטו בגשמיות,

און דאס בעט יעדער איינער, פון "חוטב עציך" און "שואב מימיך" ביז "ראשיכם שבטיכם"[17], ווי דער רמב"ם[18] זאגט אז (נוסח ה)תפלה איז א דבר השוה לכל נפש - אז עס זאל זיין "ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים" ווי דער פירוש המילות אין דעם איז בפשטות, אז עס זאל זיין "ותחזינה" בגשמיות בעיני בשר, "ציון" בגשמיות און "ברחמים" בגשמיות,

און אפילו אזוינע מענטשן וואס זיינען שייך צו דעם ענין הרוחני שבזה - דארפן דאס אויך זאגן מיט דעם פירוש המילות כפשוטו -

אעפ"כ איז דער עיקר פון דעם ביהמ"ק די רוחניות שבזה, און ווען דער ביהמ"ק הגשמי איז ניטא דארף זיין די עבודה הרוחניה שבזה מיט דער גאנצער שלימות.

ועוד: עס שטייט אין תנחומא[19], אז דורך דערויף וואס

- מ'איז -

------------

14) רמ"ז בספר תיקון שובבים. הובא ונתבאר בספר לב דוד להחיד"א פכ"ט. 15) מ"א ח. כז. דה"ב ו, יח. 16) ראה לקו"ש ח"ג ע' 894. 17) נצבים כט, ט-י. 18) ראה רמב"ם ריש הל' תפלה. וראה דרמ"צ שרש מצות התפלה פ"א. 19) צו יד.

הנחה הת' בלתי מוגה

מ'איז זיך עוסק אין לערנען בהורה "צורת הבית והכונתו ומוצאיו ומובאיו" פון דעם ביהמ"ק[20], זאגט דער אויבערשטער אז "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית", ד.ה. אז דורך דערויף וואס מ'לערנט וועגן ווי דער ביהמ"ק איז געווען. וואס דאס איז ווי דער ביהמ"ק איז ברוחניות, איז דאס "כאילו הם עוסקין בבנין הבית" הגשמי, ווי גערעדט בארוכה אין כמה התוועדויות[21].

וער"ז איז אויך בנוגע צו הקהל, אז הגם הקהל איז פארבונדן מיטן ביהמ"ק הגשמי - איז דאס אבער דא אויך איצטער ברוחניות.

און דערפאר איז אויך איצטער שנת הקהל אויסגעטיילט פון אנדערע יארן, ע"ד ווי שנת השמיטה, כנ"ל.

ה. מ'דארף דאס אבער פארשטיין: בשלמא בנוגע צו שנת השמיטה טיילט דער פסוק איר אויס פון שאר השנים אלס א סוג בפ"ע, אז ס'איז דא "שש שנים" וועו "תזרע שדך", אלע שש שנים צוזאמען אין איין סוג, און "בשנה השביעית" איז "שבת שבתון . . שבת לה'"; שנת הקהל אבער איז א חלק (דער ערשטער) פון די שש שנים, ד.ה. אין דעם זעלבן סוג ווי די אנדערע פינף יאר - איז ווי זאגט מען אז זי איז אויסגעטיילט פון אנדערע יארן?

איז דער ביאור אין דעם, אז אדרבה - אין א פרט איז שנת הקהל נאך מערער אויסגעטיילט פון שאר השנים ווי שנת השמיטה איז פון זיי אויסגעטיילט:

בנוגע צו (שנת) הקהל שטייט אין פסוק (כנ"ל) אז דאס איז "מקץ שבע שנים במועד שנת השמיטה",

טייטשט רש"י, אז דאס מיינט "בשנה ראשונה של שמיטה שהיא שנה שמינית, ולמה קורא אותה שנת השמיטה שעדיין שביעית נוהגת בה בקציר של שביעית היוצא למוצאי שביעית".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די מעלה וואס איז דא אין שנת הקהל אויף שנת השמיטה:

שנת הקהל איז סיי שנה השמינית, וביחד עם זה (ווי זי איז שנה השמינית) איז זי אויך א חלק פון שנת השמיטה, ביז אז זי ווערט אנגערופן אין תורה "שנת השמיטה", און אזוי ווערט איר מציאות אין גשמיות העולם, אע"פ וואס בגשמיות איז זי לכאורה שנה השמינית - וואדום וויבאלד אז תורה איז

- בעה"ב -

---

20) יחזקאל מג, יא. 21) ראה לקו"ש מסעי - בין המצרים ה'תש"מ. שיחה ש"פ ראה, כבה"ה אלול ה'תש"מ. ועוד.

בעה"ב אויף וועלט, איז כצד דערויף וואס "עדיין שביעית נוהגת בה (אין שנה השמינית) בקציר של שביעית היוצא למוצאי שביעית" - ווערט די אויך א חלק פון "שנת השמיטה" (דער גאנצער יאר - וויבאלד אז פון הקהל ווערט נמשך על כל השנה כולה),

ביז אז די איז גאר דער שלימות פון שנת השמיטה, וויבאלד אז די איז דער סיום אידער, "מקץ שבע שנים", וואס "הכל הולך אחר החיתום"[22].

וואס דערפון קומט אויס אז אין שנת הקהל איז דא א מעלה לגבי שנה השביעית, ווארום די האט אין זיך צוויי מעלות - די איז שנה השמינית, וביחד עם זה איז די אויך שנת השמיטה בשלימות.

ד. נוסף לזה וואס דער שבת מברכים החודש איז פארבונדן מיט א שנה מיוחדת - שנת הקהל - איז ער אויך פארבונדן מיט א חודש מיוחד, כנ"ל (ס"א): ער איז שבת מברכים חודש כסלו (און די אלע ענינים, שנת הקהל, שבת מברכים החודש און שבת מברכים חודש כסלו, זיינען פארבונדן, כדלקמן).

וואס (עיקר) ענינו פון חודש כסלו איז דאך דער סיום וחותם פון דעם חודש, ווארום "הכל הולך אחר החיתום" - דער ענין פון חנוכה.

וואס חנוכה איז פארבונדן מיטן ביהמ"ק (אזוי ווי הקהל, כנ"ל), ווארום חנוכה איז דאך געווען אין ביהמ"ק בפשטות, און חנוכה איז געווען אין ביהמ"ק אין א מצב פון גלות,

ווי די גמרא[23] דערציילט, אז דעמולט איז "נכנסו יוונים להיכל" און "טמאו כל השמנים שבהיכל".

וואס אין א פרט איז דאס נאך א טיפערער גלות ווי סתם גלות:

בשעה מ'געפינט זיך אין גלות און ס'איז ניטא קיין היכל (אדער דער היכל איז אויס היכל), און ס'איז דא דער ענין פון "טמאו" - איז דאס טאקע א געוואלדיקע ירידה - טומאה בחול;

דאס קומט אבער ניט צו דעם בשעת ס'איז דא דער היכל, און עס זיינען דא "שמנים", און וואס פאר א שמנים, שמנים פאר דער מנורה, וואס דאס איז געווען "כתית למאור"[24], מובחר שבשמן[25], מובחר ניט נאר בגשמיות נאר אויך ברוחניות - און

- דעמולט -

------------

22) ברכות יב, א. 23) שבת כא, ב. 24) תצוה כז, כ. אמור כד, ב. 25) מנחות פו, א. תנחומא תצוה ו. פרש"י עה"פ.

הנחת הת' בלתי מוגה

דעמולט איז "טמאו כל השמנים שבהיכל"! וואס דאס איז דאך דער ענין פון "לכבוש את המלכה עמי בבית"[26], וואס דאס איז אין א פרט א סאך א גרעסערע ירידה ווי בשעה ס'איז "טמאו" סתם אין גלות.

און דער ענין פון חנוכה איז - אז די ירידה גדולה ביותר האט דערנאך געבראכט אז עס זאל זיין "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות"[27] - אז "מצאו . . פך אחד של שמן"[27] און דערפון איז געווארן נרות חנוכה, וואס די נרות זיינען "אינן בטלין לעולם"[28];

די נרות אין ביהמ"ק וואס זיי זיינען געווען פאר דער ירידה קענען יע בטל ווערן - משא"כ נרות חנוכה וואס קומען אלס א הוצאה פון דער ירידה - קומט אין זיי צו די מעלה פון "יתרון האור מן החושך כו'" - אז "אינן בטלין לעולם"[29].

וואס דאס איז ע"ד ווי דער אויפטו פון דעם ביהמ"ק השלישי לגבי דעם בית ראשון און בית שני, וואס זיי זיינען דערנאך בטל געווארן, משא"כ דער בית שלישי וועט זיין א בנין נצחי[30], וואס אינו בטל לעולם.

ז. און דאס איז אויך פארבונדן מיטן ענין פון הקהל,

און אזוי ווי יעדער ענין אין תורה איז מרומז אויך אין נגלה - אזוי אויך דער ענין הנ"ל (אז ענין וואס ווערט ניט בטל לעולם) איז דא דוגמתו אויך אין נגלה:

די גמרא זאגט אין הוריות[31] אז "אין מיתה בציבור" וואס דערפאר איז דער דין פון "חטאה שמתו בעלי' במיתה" נאר "ביחיד, אבל לא בציבור, לפי שאין מיתה בציבור".

וע"ד ווי עס איז געווען קודם חטא עה"ד, וואס דעמולט איז ניט געווען דער ענין המיתה[32], און ע"ד ווי עס וועט זיין לע"ל, וואס דעמולט וועט זיין "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[33], אבער דעמולט (לע"ל) וועט אויך זיין די מעלה (לגבי קודם החטא) פון "יתרון האור מן החושך כו'", וויבאלד אז דאס קומט נאך זמן הגלות.

וואס דאס איז דער קשר פון הקהל מיט דעם ענין פון

- "אין" -

---

26) מג"א ז, ח. 27) ע"פ קהלת ב, יג. 28) תנחומא בהעלותך ה. במדב"ר פט"ו, ו. ע"פ רמב"ן ר"פ בהעלותך.
29) ראה לקו"ש ח"ג ע' 811. ח"י ע' 314. 30) ראה זהר ח"ג רכא, א. ח"א כח, א. 31) ו, א. 32) ראה שבת נה, ריש ע"ב. תנחומא חקת טז. וראה רמב"ן ורבינו בחיי עה"פ בראשית ב, יז.
33) זכרי' יג, ב.

"אין מיהה בציבור". ווארום דער ענין פון הקהל, איז - א ציבור פון אידן - "הקהל את העם האנשים גו'".

וואס דערפון זעט מען די שייכות פון (שבת מברכים) חודש כסלו, וואס עיקר ענינו איז חנוכה, מיט שנת הקהל - וואס ביידע פון זיי זיינען פארבונדן מיט נצחיות וואס אינו בטל לעולם, און מיט דער גאולה העתידה.

ח. אין חודש כסלו קומט צו נאך אן ענין (וואס איז אויך פארבונדן מיט דער גאולה העתידה) - וואס ער איז דער חודש השלישי (פון חודש תשרי):

עס זיינען דא צוויי אופנים פון וועלכן חודש מ'הויבט אן ציילן די חדשים - פון חודש ניסן אדער פון חודש תשרי:

בכלל ציילט מען די חדשים אנהויבנדיק פון חודש ניסן, אבער אמאל ציילט מען זיי אנהויבנדיק פון חודש תשרי, און דעמולט איז חודש תשרי דער חודש הראשון [ער איז טאקע דעמולט אויך דער "חודש השביעי", משובע בכל[34] ומשביע[35] - אבער מצד בריאת העולם איז ער חודש הראשון], וואס דאס איז ווען מ'ציילט די חדשים ווי זיי זיינען מצד בריאת העולם, ווי עס שטייט אין מדרש[36], כמבואר אין חסידות[37],

און ווי עס שטייט אין כתבי האריז"ל[38], אז ס'איז דא מנין החדשים מלמעלמ"ט אדער מלמטלמ"ע, דכורא אדער נוקבא.

וואס לפ"ז איז דא דער חודש השלישי פון חודש ניסן, וואס דאס איז דער "בחודש השלישי . . באו מדבר סיני"[39], חודש סיון;

און ס'איז דא דער חודש השלישי פון חודש תשרי - חודש כסלו.

וע"פ הידוע[40] אז חודש ניסן איז פארבונדן מיט עבודת הצדיקים און חודש תשרי מיט עבודת הבעלי תשובה - קומט אויס, אז חודש כסלו איז דער חודש השלישי פון בעלי תשובה.

וואס דער ענין פון תשובה איז אויך פארבונדן מיט דער גאולה האמיתית והשלימה בביאת משיח צדקנו - ווארום "משיח

- אתא -

------------

34) ויק"ר פכ"ט, ח. וראה ד"ה יו"ט של ר"ה ה'תש"י בהחלתו. 35) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות לא. וש"נ. 36) שמו"ר פט"ו, יא. 37) ראה לקו"ש הזריע - פ' החודש תשל"ה. וש"נ. 38) ל"ח להאריז"ל פ' ויצא ד"ה ענין הז' כוכבי לכת. וראה סה"מ ה'ש"ח ע' 28 בהערה. 39) יתרו יט, א. 40) ראה אוה"ת בא ע' רנז ואילך. לקו"ש חט"ז ע' 484.

אתא לאתבא צדיקייא בתיובתא"[41], אז אויך בא צדיקים זאל זיין דער ענין התשובה.

ונוסף לזה איז חודש כסלו דער חודש השלישי - פארבונדן מיטן ביהמ"ק השלישי.

ט. והמעשה הוא העיקר[42]:

די אלע ענינים האמורים לעיל זיינען פארבונדן מיט דער גאולה העתידה:

סיי דער ענין פון שמיטה, וואס די שלימות פון דער מצוה בכל פרטי' וועט מען קענען מקיים זיין ערשט לע"ל;

ועד"ז דער ענין פון הקהל וועט זיין בשלימות ערשט לע"ל אין דעם ביהמ"ק השלישי;

עד"ז דער ענין פון שבת מברכים החודש, וואס דעמולט מאכט מען ברכת החודש, וואס איז פארבונדן מיט "שהם עתידים להתחדש כמותה"[43];

עד"ז דער עצם ענין פון שבת איז מעין "יום שכולו שבת ומנוחה לחיי העולמים"[44].

און אויך דער ענין פון א התוועדות פון כמה עשיריות מישראל, איז דאך די כוונה אין דעם - צו זיך מקשר זיין און מצרף זיין מיט אלע אידן וואו זיי זאלן נאר זיין, אפילו אויב זיי זיינען ניט דא, וואס דאס איז געווען כוונה כ"ק מו"ה אדמו"ר אין דעם ענין פון א התוועדות.

ובמכ"ש וק"ו פון ווי דאס איז בא דעם ענין פון תפלה: מה-דאך בא תפלה וואס די איז א מ"ע מן התורה ווי דער רמב"ם[45] זאגט, דארף די הקדמה און הכנה לזה זיין, אז מ'איז זיך כולל מיט אלע אידן צוזאמען[46] - איז עאכו"כ אז דער תיקון חכמים, דער ענין פון התוועדות, דארף זיכער זיין אין אן אופן אז מ'איז זיך כולל מיט אלע אידן בכל מקום שהם, און מיט אלע סוגים, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך",

ווי דאס איז געווען בא הקהל, אז אלע אידן, "האנשים והנשים", ביז "הטף", קטנים וקטני קטנים, ביז אויך "גרך אשר בשעריך", האבן זיך כולל געווען צוזאמען.

- . -

---

41) הובא בלקו"ת שמע"צ צב, ב. שה"ש נ, סע"ב. וראה זח"ג קנג, ב. 42) אבות פ"א מי"ז. 43) ברכת קידוש לבנה. בסנהדרין מב. א. 44) הכיד בסופה. 45) ריש הל' תפלה. 46) ראה שער הכוונות בהתלהו. פע"ח ש"ג ספ"ב. וראה לקו"ש ח"א ע' 201. ח"ה ע' 47.

י. און דערפון האט מען די הוראה - אז מ'דארף אויפשטורעמען די וועלט אין די ימים האחרונים פון גלות, דורך די אלע ענינים וואס זיינען מקרב און מזרז, מגלה און ממשיך די גאולה האמיתית והשלימה.

וואס בכללות איז דאס - דורך "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[47], דורך לערנען תורה[48] און מקיים זיין מצוות[49].

און מאן דאס מתוך שמחה. וואס שמחה איז פורץ גדר[50]. אלע גדרים. כולל אויך די גדרים איובים וואס דאס זיינען די גדרי הגלות

- וואס ענינה פון דער התוועדות און פון אלע התוועדויות איז צו נעמען דערפון א נתינת כח אויף דער עבודה -

ובמהרה בימינו ממש. און נאכמערער - בלשון הרמב"ם[51] "מיד" - זאל זיין דער "מיד הן נגאלין", און גיין אין אן אופן פון "מיד" מקבל זיין פני משיח צדקנו בעגלא דידן.

* * *

יא. בנוסף צו די ענינים מיוחדים המבוים לעיל וואס דער שבת מברכים החודש איז דערמיט פארבונדן - אז דאס איז שבת מברכים החודש כסלו, און דאס איז אין א שנת הקהל - קומען צו נאך צוויי פרטים נוספים:

א) די סדרה וועלכע מ'לייענט דעם שבת - פ' תולדות. וואס עס קען דאך זיין אז אין שבת מברכים חודש כסלו זאל מען לייענען אן אנדער סדרה ניט פ' תולדות: טאקע אלעמאל א פרשה וואס איז בסמיכות צו פ' תולדות, אבער פארט אן אנדער סדרה - און בקביעות שנה זו לייענט מען דעם שבת פ' תולדות.

ב) צווישן שבת מברכים החודש מיט ראש חודש עצמו קען זיין א הפסק פון כמה ימים - און בקביעות שנה זו איז שבת מברכים החודש - מחר חודש, ד.ה. אז ראש חודש קומט תיכף נאך שבת.

וואס אויך פון די צוויי ענינים מיוחדים (בקביעות שבת מברכים חודש כסלו) בשנה זו דארף זיין א נפק"מ בנוגע למעשה בפועל, ובלשון ווי די גמרא פרעגט אויף כמה ענינים - "מאי בינייהו"?

ובפרט ע"פ המבואר אין המשך הרס"ו[52], אז בשעת מ'דארף

- מברר -

------------

47) ישעי' א, כז. 48) ראה לקו"ת ר"פ דברים (א, סע"ב ואילך). 49) ראה לקו"ת שם. ד. 50) ראה בארוכה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ס"ע 49 ואילך. 51) הל' תשובה פ"ז ה"ה. 52) ע' שצ ואילך. שם ע' הו. שם ע' תב ואילך.

הנחה הת' בלתי מוגה

מברר זיין אן ענין וואס דערפון וועט ארויסקומען א נפק"מ אין מעשה בפועל - איז אפילו ביי א בעקיק און משכיל הכי נעלה קומט צו אין חב"ד שלו בשעה ער לערנט אן ענין וויסנדיק אז דאס וועט זיין נוגע אין מעשה בפועל.

וואס דערפאר דארף מען אויך פון די צוויי פרטים האמורים ארויסנעמען א הוראה וואס זאל זיין א נפק"מ בנוגע למעשה בפועל, און אויך א הוראה פון די צוויי ענינים ווי זיי קומען צוזאמען.

יב. אנהויבנדיק פון דעם ענין פון מחר חודש:

ס'איז ידוע דער גודל הענין פון צוויי זאכן וואס קומען בסמיכות זל"ז, איינע היכף נאך דער צווייטער, וכמרז"ל[53] "היכף להלמידי חכמים ברכה", "היכף לנטילה ידים ברכה".

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בפשטות בעניננו, אויף פאר איינעם אין דעם סוג פון "הוטב עציך":

בשעה מ'גייט אריין פון שבת מברכים החודש (וואס דעמולט בענטשט מען דעם ראש חודש) גלייך אין ראש חודש, אן א הפסק ימים בינתיים - איז די ברכה פון שבת מברכים וואס בענטשט ר"ח באופן אחר לגמרי ווי בשעה ס'איז דא א הפסק ימים בינתיים:

בשעה מ'גייט אוועק פון שבת מברכים החודש און ס'איז דא א טאג, ועאכו"כ כמה טעג, ביז ר"ח, געדענקט ער טאקע אין דעם טאג (אדער - אין די טעג) דעם שבת מברכים החודש, ביז אז ס'איז דא א פעולה נמשכת פון דעם שבת אויך דערנאך. און ביי אים איז אויך דא א הכנה צו ר"ח. און דאס איז אים נוגע און דאס פועל'ט אויף אים - אבער אעפ"כ דארף ביי אים זיין ע"פ תורה "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[54], און ער דארף אין דערויף ליגן אינגאנצן, ובמילא איז פארשטאנדיק אז ווען עס קומט ר"ח איז דאס ניט מיטן גאנצן תוקף ווי אויב ער וואלט אריין היכף פון שבת מברכים החודש אין ראש חודש;

משא"כ ווען ער גייט אריין היכף פון שבת מברכים החודש אין ר"ח, איז דעמולט די ברכות וואס מ'בענטשט ר"ח אין שבת מברכים מיט די אלע ו' לשונות, ביז מ'זאגט "ונאמר אמן", וואס אין דערויף איז דא די מעלה פון "גדול העונה אמן יותר מן המברך", כמבואר אין סוף מסכת נזיר, אז דער אמן איז דער סיום הנצחון - שטייען זיי אין ראש חודש מיטן גאנצן תוקף.

- יג. -

---

53) ברכות מב, א. 54) זהר"ג צד, ב.

הנחת הת' בלתי מוגה

יג. דער צווייטער ענין מיוחד אין דעם שבת איז - אז דאס איז שבת פ' תולדות.

וואס אין פ' תולדות געפינען זיך אין-סוף ענינים - איז אבער כמדובר כמ"פ, אז אין דעם נאמען פון דער סדרה. "שמו אשר יקראו לו בלה"ק"[55], גיט זיך ארויס דער תוכן פנימי ועיקרי פון דער גאנצער סדרה.

און ווי מ'זעט בפועל, אז בשעת מ'פרעגט ביי אייניגע אידן וועלכן טייל סדרה דאס זאל נאר זיין, אין וועלכע סדרה דאס שטייט - ענטפערט ער אז דאס שטייט אין פ' תולדות.

יד. האט מען אין דערויף געפרעגט אמאל בארוכה[56], אז עס געפינען זיך צוויי סדרות אין תורה וואס האבן לכאורה געקענט האבן דעם זעלבן נאמען, "תולדות". ווייבאלד אז אין ביידע פון זיי איז דער ווארט "תולדות" גלייך בהתחלת הסדרה (ובפרט אז דער נאמען פון א סדרה איז על שם די ערשטע ווערטער וואס שטייען אין איר[57]) - פ' נח, וואס אין אנהויב סדרה שטייט "אלה תולדות נח". און פרשתנו, פ' תולדות, וואס אין אנהויב סדרה שטייט "ואלה תולדות יצחק".

וואס ע"פ שכל וואלט זיך געלייגט אז דעם ערשטן מאל (ד.ה. פ' נח) וואלט מען געדארפט אנרופן די סדרה מיטן נאמען "תולדות". ווארום ע"פ פשטות איז דער נאמען פון דער סדרה ע"פ די ערשטע ווערטער אירע, און דא (אין פ' נח) קומט דער ווארט "תולדות" פארן ווארט "נח".

און דערנאך, ווען עס קומט צו דער צווייטער סדרה וואס האט אויך דעם ווארט "תולדות" בהתחלתה - איז בכדי צו איה מחלק זיין פון דער ערשטער סדרה, וואלט מען איר געדארפט אנרופן מיטן נאמען "יצחק" (וואס קומט נאך דעם ווארט "תולדות").

וואס דאס, אז מ'רופט אן די סדרות מיט ווערטער פון אנהויב סדרה, איז קיין סתירה ניט דערצו אז דער נאמען פון דער סדרה איז פארבונדן מיט איר תוכן (כנ"ל) -

ווארום דער אויבערשטער ווייס פאראויס וואס דער תוכן פון יעדער סדרה וועט זיין, האט ער אויסגעשטעלט אז אין יעדער סדרה זאל דער ווארט וואס גיט ארויס דעם תוכן הסדרה זיין אין אנהויב סדרה,

ביז אז אין פ' בראשית, שטייט דער ווארט וואס גיט

- ארויס -

------------

55) ראה שעהיוה"א פ"א. 56) לקו"ש ח"ה ס"ע 354 ואילך. וראה גם לקו"ש ח"ז ע' 25 הע' 40. 57) להעיר מלקו"ש ח"ה ע' 58.

ארויס דעם תוכן פון דער סדרה ("בראשית") גאר אלס דער ערשטער ווארט אין סדרה.

אעפ"כ זעט מען אז מנהג ישראל וואס "תורה הוא"[58], איז - אז מ'רופט אן די ערשטע סדרה - פ' נח (ניט פ' תולדות), און די צווייטע סדרה - פ' תולדות!

האט מען דערמיט מבאר געווען. אז דאס איז דערפאר וואס אין פ' נח איז דער תוכן פון דער גאנצער סדרה דער ענין פון "נח", "נייחא לעליונים נייחא לתחתונים"[59] (און ניט דער תוכן וואס גיט זיך ארויס אין דעם ווארט "תולדות"), משא"כ אין פרשתנו, פ' תולדות, איז דער תוכן פון דער גאנצער סדרה - "תולדות", דערפאר הייסט די גאנצע סדרה ניט מיטן נאמען "יצחק" (אזוי ווי דארטן הייסט די סדרה מיטן נאמען "נח" און ניט "תולדות"), נאר מיטן נאמען "תולדות".

טו. דער פשוט'ער טייטש (און תוכן) פון דעם ווארט "תולדות", איז - אז עס דארף זיין א תולדה.

וואס די הוראה דערפון איז בפשטות: א איד דארף אויפטאן אין וועלט נאך מערער וויפל ס'איז דארטן געווען פון פריער, ער דארף אויפטאן אז פון אים זאלן זיין "תולדות" אין וועלט

אפילו בשעה עס איז "עולם על מילואו נברא"[60], ווי עס שטייט[61] "אלה תולדות השמים והארץ בהבראם", תולדות מלא[62] - דארף אויך אין דערויף א איד אויפטאן.

וואס אע"פ אז ס'איז דאך "עולם על מילואו". און "תולדות מלא", איז לכאורה וואס קען ער אין דערויף אויפטאן?!

אעפ"כ זאגט מען אז בשעה עס איז נאר דא א וועלט, אפילו אויב די וועלט איז "על מילואו" - איז "ואדם אין לעבוד את האדמה"[63]

און דערפאר מוז מען האבן עבודת האדם, "לעבדה ולשמרה"[64], און דאס טוט אויף א שלימות אין וועלט, אויך אין א וועלט וואס איז "על מילואו", ווארום ס'איז "בראשית - בשביל ישראל"[65], דורך דערויף וואס דער איד טוט אויף אין וועלט מיט תורה, וואס "בראשית - בשביל התורה"[65],

ביז אז עס ווערט נאכמער שלימות אין דעם "אלה תולדות

- השמים -

------------

58) תוד"ה נפסל - מנחות כ. ב. 59) ב"ר פ"ל. ה.
60) ראה ב"ר פי"ד, ז. פי"ג. ג. 61) בראשית ב, ד.
62) ראה ב"ר פי"ב, ו. שמו"ר פ"ל, ג. 63) בראשית שם, ה.
64) שם. טו. 65) פרש"י ר"פ בראשית.

הנחה הת' בלתי מוגה

השמים והארץ בהבראם" - עס ווערט "אלה תולדות פרץ"[66].

טז. און די עבודה פון א איד אין אן אופן פון "תולדות", אז ער זאל אויפטאן אין וועלט - מאנט מען ביי אים ניט דערפאר וואס עס פעלט אים עפעס אין זיין עבודה - נאר אויך ביי אזא וואס האלט בא שלימות העבודה,

ואדרבה - אויב ער האלט בא שלימות העבודה מאנט זיך פון אים נאכמער "תולדות" ווי ביי איינעם וואס האלט ניט ביי אזא הויכע דרגא אין עבודה,

וכמרז"ל[67], אז "כי שיש לו מנה רוצה (מערניט ווי) מאתים", אבער "מי שיש לו מאתים רוצה ארבע מאות".

יז. דערמיט וועט מען פארשטיין דעם סדר פון די פרשיות, פריער פ' חיי שרה און דערנאך פ' תולדות:

בשעה מ'קומט פון פ' חיי שרה, וואס דעמולט האט ער געטאן די עבודה אין אן אופן פון "חיי שרה", אז אלע זיינע ימים זיינען "כולן שוין לטובה"[68], יעדער טאג און יעדער רגע איז "חיי שרה" - קען ער דאך טראכטן וואס קען ער ווייטער אויפטאן, ער האלט שוין בא תכלית השלימות?!

- דערפאר קומט דערנאך פ' תולדות, און זאגט אים אן, אז ער דארף האבן "תולדות", ער דארף אויפטאן אין וועלט.

ואדרבה - וויבאלד אז ער קומט פון פ' חיי שרה, פון אזא דרגא נעלית אין עבודה, אז "כולן שוין לטובה" - מאנט זיך ערשט דעמולט פון אים אז ער זאל האבן "תולדות",

און דעריבער קומט פ' תולדות גלייך נאך פ' חיי שרה, ווארום אלס המשך און הוצאה פון דער עבודה אין אן אופן פון "חיי שרה" דארף זיין די עבודה אין אן אופן פון "תולדות".

יח. דערנאך קומט צו נאך א נקודה אין דער עבודה אין אן אופן פון "תולדות":

"תולדות" איז לשון רבים. וואס וויבאלד אז אויך דאס איז אן ענין אין תורה, איז אויך דאס בתכלית הדיוק:

דע"י[69] איז מפרש אז "תולדות" לשון רבים מיינט - "יעקב ועשו האמורים בפרשה".

- וואס -

------------

66) רות ד, יח. וראה ב"ד ושמו"ר שבהע' 62. 67) ראה שערי תשובה לר"י ב, כז. בחיי ס"פ חיי שרה. וראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י. 68) פרש"י ר"פ חיי שרה. 69) ריש פרשתנו.

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק פארוואס רש"י איז מוסיף "האמורים בפרשה": רש"י האט נאר געדארפט זאגן אז "תולדות" מיינט "יעקב ועשו" און דער בן חמש למקרא וואלט שוין אליין פארשטאנען וועגן וועמען מ'רעדט?

איז דער ביאור בזה (ווי גערעדט כמ"פ[70]) ע"פ די "נפלאות" וואס זיינען דא אין פירוש רש"י[71]:

רא רעדט מען ניט וועגן יעקב און עשו סתם אזוי, נאר ווי זיי שטייען אין תורה, כדלקמן.

[וואס עפ"ז (אז דא רעדט זיך וועגן "יעקב ועשו האמורים בפרשה") - וועט מען פארשטיין א זהר הכוה בפרשתנו:

עס שטייט אין זהר[72] עה"פ[73] "ויגדלו הנערים" - "סטרא דאברהם גרים לון לאתגדלא וזכותי' סייע לון, הוא הוה מחנך לון במצות דכתיב[74] כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו וגו'".

וואס לכאורה: וואס הייסט אז "סטרא דאברהם גרים לון לאתגדלא וזכותי' סייע לון, הוא הוה מחנך לון במצות כו'" - עשו איז דאך אויסגעוואקסן צו זיין א רשע?!

ע"פ הנ"ל אבער אז דא רעדט זיך ווי יעקב און עשו זיינען "אמורים בפרשה" - וועט דאס זיין פארשטאנדיק, וכפי שיבואר לקמן צוזאמען מיט די הערות פון דעם טאטן אויפן זהר].

יט. והביאור בזה:

"יעקב" און "עשו" באווייזן אויף צוויי באזונדערע עבודות:

"יעקב" איז פארבונדן מיט עבודת הצדיקים, און "עשו" איז פארבונדן מיט דער עבודה פון "וגם רשע ליום רעה[75] שישוב מרשעו ויעשה הרע שלו יום ואור למעלה כו'", ווי ער זאגט אין תניא[76].

וואס דאס זיינען די צוויי עבודות וואס ער איז מבאר אין תניא דארטן עה"פ (וואס שטייט בפרשתנו[77]) "ועשה לי מטעמים כאשר אהבתי" - "מטעמים לשון רבים", וואס אזוי ווי "במטעמים גשמיים ד"מ יש שני מיני מעדנים אחד כמאכלים ערבים ומתוקים, והשני מדברים חריפים או חמוצי' רק שהם מתובלים ומתוקני' היטב עד שנעשו מעדנים להשיב הנפש", עד"ז

- זיינען -

---

70) שיחה מוצאי ש"פ חיי שרה ה'תשל"ח סל"ט ואילך.
71) ראה של"ה במס' שבועות שלו (קפא, א). 72) ח"א קלח, סע"ב. 73) פרשתנו כה, כז. 74) וירא יח, יט. 75) משלי טז, ד. 76) פכ"ז (לד, ב). 77) כז, ד.

הנחה הת' בלתי מוגה

זיינען דא צוויי עבודות. איינע אין ענינים טובים, "ועשה טוב"[78]. און די צווייטע – אין איבערמאכן אז פון "רשע" זאל ווערן "יוכ טוב", "סור מרע"[78].

כ. וואס אין "אני נבראתי לשמש את קוני"[79] דריקט זיך דאס אויס אין צוויי עבודות ("תולדות" לשון רבים):

"יעקב" איז "איש תם יושב אהלים"[73] – די עבודה פון תורה"צ[80]: און "עשו" איז "איש יודע ציד איש שדה"[73] – די עבודה פון ארויסגיין אין "שדה", אין וועלט. און דארטן נעמען פון עניני העולם און מאכן דערפון א "ציד" לאבינו שבשמים, די עבודה פון "בכל דרכיך דעהו" וועאכו"כ די עבודה פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[81].

כא. די הוראה דערפון איז: עס דארף זיין די עבודה פון "תולדות" לשון רבים – בא יעדן איינעם דארפן זיין די ביידע עבודות, די עבודה פון "יעקב" און די עבודה פון "עשו":

מ'דארף זיין א "יושב אהלים", לערנען תורה, און אין אן אופן פון "איש תם"[82] – אז ער מאכט ניט קיין חכמה'לעך און קיין שפיצעלעך און קיין קונצעלעך, אז ניט אים מיינט מען, און ער איז זיך מורה היתר וכיו"ב.

דערנאך שיקט מען אים ארויס אין וועלט. אין "שדה". "צא השדה"[83], אויף צודה זיין "ציד"[83] פון די עניני העולם, און דערפון מאכן "מטעמים" פאר'ן אויבערשטן, אבינו שבשמים.

און דוקא דורך דערויף וואס מ'איז צודה "ציד" פון עניני העולם און מ'מאכט דערפון "מטעמים", און מ'ברענגט זיי צו יצחק – איז מען מקבל די ברכות פון יצחק.

און בכדי צו דאס אויפטאן דארף ער זיין א "יודע ציד" – ער דארף וויסן דרכי העולם און זיך אנטאן אין לבושי העולם, און דורך דערויף פאנגען די זאכן אין וועלט און זיי מברר זיין און מאכן פון זיי קדושה.

ד.ה. אז ווען ער גייט ארויס אין גאס אויף אויפטאן

- דארטן -

------------

78) ל' הכתוב – תהלים לד. טו. לז. כז. וראה לקו"ת בלק ד"ה מה טובו (עג, א ואילך). 79) קידושין בסופה. 80) ראה פרש"י עה"פ. כב"ר פס"ג, י. וראה אוה"ת פרשתנו קמה. ב. 81) משלי ג, ו. אבות פ"ב מי"ב. וראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א. שו"ע אדה"ז סי' קנ"ו ס"ב. וראה לקו"ש ח"ג ע' 907. עם ע' 1032. ועוד. 82) ראה פרש"י עה"פ. 83) פרשתנו כז, ג.

דארפן מיט א צווייטן אידן. דארף ער רעדן ניט אויף לשון הקודש, נאר אויף שפת המדינה. אבער מיט דעם הוכן זכהאים בכדי צו פועל׳ן אויף יענעם -

ווארום אויב ער וועט רעדן אויף לה"ק וועט ער גארניט קענען אויפטאן מיט יענעם, וויבאלד אז יענער פארשטייט ניט לה"ק, משא"כ בשעה ער רעדט אויף שפת המדינה, פארשטייט יענער, וועט ער פון אים מקבל זיין, ביז אז ער וועט אויף יענעם פועל׳ן אז ביי אים זאל זיין דער ענין פון "חולין על טהרת הקודש"[84], כמבואר אין תורה אור[85].

כב. ס׳איז טאקע דא א סדר העבודה ווי ס׳איז געווען בא שלמה המלך[86], אז ער איז געבליבן בא זיך במקומו און מ׳האט צו אים געבראכט די ניצוצי קדושה, ווי מלכה שבא האט צו אים געבראכט[87] - אבער דאס איז אן אופן מיוחד אין עבודה, וואס איז שייך נאר בזמנים מיוחדים;

משא"כ איצטער מוז זיין די עבודה אין אן אופן אז מ׳גייט ארויס זוכן די ניצוצות אין וועלט, ווארום אויף אן אנדער אופן וועט ער זיי ניט קענען מברר זיין.

און דוקא דורך דערויף וואס ער גייט ארויס אין וועלט, אין גלות, אין אן ארט וואס איז חוץ פון היכל מלכותו, און דארטן טוט ער עבודתו - דוקא דעמולט ווערן נהגלה די כחות פנימיים פון דעם בן מלך, כמבואר אין המשך תרס"ו[88].

כג. וואס דאס איז דאך דער כללות הענין פון ירידת הנשמה בגוף מאיגרא רמה לבירא עמיקתא[89], בכדי אז א איד זאל איבערמאכן די "בירא עמיקתא", מיט אלע ענינים וואס געפינען זיך אין איר אז זיי זאלן ווערן קדושה.

וואס דערפאר איז ניט גענוג אז נאר בחי׳ מזל שבנשמה (יחידה שבנשמה) זאל טאן די עבודה, און די נשמה שבגוף קען זיך לייגן שלאפן - נאר די עבודה דארף זיין דוקא אין דער נשמה שבגוף - אז די נשמה שבגוף זאל לייגן תפילין, און אנטאן ציצית וכיו"ב.

כד. וכמבואר בנוגע צו יונה,

וואס יונה איז דאך דער מפטיר וואס מ׳זאגט ביוהכ"פ,

- ביז -

---

84) חגיגה יט, סע"ב. וש"נ. 85) משפטים עז, ד.
86) ראה לקו"ת במדבר ג, ד ואילך. סה"מ הרנ"ט ע׳ קסב ואילך. הש"ד ע׳ 107. שם ע׳ 110 ואילך. ובכ"מ. 87) מ"א קאפיטל י.
88) ס"ע שפ ואילך. 89) ל׳ הש"ס - חגיגה ה, ב.

ביז אז דער מפטיר ווערט אנגערופן "מפטיר יונה",

וואס לכאורה איז דאס ניט פארשטאנדיק: ווי קומט עס אז ביוהכ"פ, יום הקדוש. און בסיום היום - זאל מען זאגן די הפטורה פון יונה?

אמת טאקע אז דארטן רעדט זיך וועגן תשובה - אבער די הפטורה ווערט דאך אנגערופן ניט "מפטיר תשובה" (דאס איז גאר די הפטורה פון שבת שובה) - נאר "מפטיר יונה" כבנהג ישראל) -

איז מען מבאר בזה[90], מיוסד אויף א זהר[91] - אז יונה באווייזט אויף ירידת הנשמה בגוף מאיגרא רמה לבירא עמיקתא, אז בשעת די נשמה קומט אראפ למטה אין גוף דארף זי רעדן אין אן אופן פון "יונה" מלשון אונאה, ווארום אלס א נשמה בגוף האט ער צוטאן מיט אכילה ושתי׳, די אלע דריי ענינים אין וועלכע ער איז דומה לבהמה[92], וואס דאס זיינען ענינים וואס ער האט מיט זיי קיין שייכות ניט געהאט אלס א נשמה למעלה, איז דאס איצטער ביי אים אן עניך פון "אונאה",

און דאס דארף ער מאכן א כלי צו אלקות, אז "במאכלו ובמשקהו . . ובהילוכו כו׳" מיט די אלע ענינים וואס דער רמב"ם[93] רעכנט אויס, זאל זיין ניכר אז ער איז א "חכם" פון דעם "עם חכם ונבון"[94],

און די איינציקע וועג בכדי דאס אויפצוטאן איז - דורך דערויף וואס ער פירט זיך לויט די גדרים און סדר פון וועלט: בשעת ער האט צוטאן מיט דער עבודה אין "שדה", אין וועלט, פירט ער זיך אין אן אופן פון "אונאה", בדוגמא ווי די וועלט אליין איז - ד.ה. אז בשעת ער גייט רעדן מיט א צווייטן אידן רעדט ער ביט אים ניט אויף לה"ק וואס יענער פארשטייט ניט, נאר בשפת המדינה מיטן תוכן המהאים (כנ"ל) וכיו"ב.

כה. וואס די עבודה איז ניט שולל דעם ערשטן אופן העבודה אין אן אופן פון "איש תם יושב אהלים", די עבודה פון תומ"צ - ווארום עס דארפן זיין, כאמור לעיל,ביידע עבודות, סיי די עבודה פון "יעקב", "איש תם יושב אהלים", און סיי די עבודה פון "עשו", "איש יודע ציד איש שדה":

בשעת ער טוט די עבודה פון "יושב אהלים", קיום התומ"צ, דארף עס טאקע זיין אין אן אופן פון "איש תם";

- בשעת -

---

90) אוה"ת בהר ס"ע קצ ואילך. שה"ש כרך ב ע׳ הקלג.
91) ח"ב קצט, א. 92) חגיגה טז, א. 93) הל׳ דעות רפ"ה.
94) ואתחנן ד, ו.

בשעת אבער ער האט צוטאן מיט דער צווייטער עבודה, וואו ער גייט ארויס טאן אין "שדה", אין וועלט - דארף ער זיך פירן אין אן אופן ווי די וועלט איז, אין אן אופן פון "אונאה", בכדי צו קענען מברר זיין די וועלט.

און ווי דאס איז געווען בא יעקב גופא, אז ער האט דערציילט צו רחל אז "אחי אבי' הוא" - "אם לרמאות הוא בא גם אני אחיו ברמאות"[95],

וואס לכאורה - ווי קומט עס אז יעקב זאל אזא זאך זאגן: בשעת יעקב איז געקומען צו לבן נאך דערויף וואס ער האט עובר געווען עבודתו בקדושה פאר דערויף, איז וואס האט ער געדארפט טאן ווען ער קומט צו אזא ווי לבן - איז "בקעה מצא וגדר בה גדר"[96], אבער ניט "אם לרמאות הוא בא גם אני אחיו ברמאות"?!

איז דער ביאור בזה, כנ"ל: בשעת מ'גייט ארויס טאן די עבודה אין וועלט, איז בכדי צו קענען מברר זיין די וועלט דארף ער זיך פירן אזוי ווי די וועלט פירט זיך, און דורך די לבושי העולם אריינברענגען קדושה אין וועלט.

וכמרז"ל[97] "לעולם יהא אדם ערום ביראה (להערים בכל מיני ערמה ליראת בוראו[98])", וואס לכאורה איז דאך ניטא קיין נידעריקערע זאך ווי "ערום" (ערמה), און אעפ"כ זאגט מען אז ווען עס קומט צו עובר זיין רעם אויבערשטן דארף מען זיין "ערום ביראה",

און ווי יעקב האט בפירוש געזאגט צו רחל, אז "אם לרמאות הוא בא גם אני אחיו ברמאות".

כו. און דערפון האט מען די הוראה הנ"ל:

ס'איז ניט גענוג אז ער זאל טאן נאר די עבודה פון "יעקב", "איש תם יושב אהלים", זיצן בא זיך אין "אהל" און מקיים זיין תומ"צ - נאר עס דארף זיין "הולדות" לשון רבים, אויך די עבודה פון "עשו", "איש שדה" און "איש יודע ציד", ארויסגייין אין וועלט, אין די ערטער וואס זיינען אין אן אופן פון רמי', און דארטן זיך פירן אין אן אופן פון "גם אני אחיו ברמאות", בכדי צו מברר זיין די וועלט און אלע אירע ענינים.

טענה'ט ער, אז ער וויל ניט גיין האבן צוטאן מיט רמאוה, ער וויל זיך פירן ווי ריש לקיש, ווי די גמרא[99]

- דערציילט -

---

95) ויצא כט, יב ובפרש"י. 96) עירובין ו, א. וש"נ.
97) ברכות יז, א. 98) פרש"י שם ד"ה ערום ביראה.
99) יומא ט, סע"ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

דערציילט אז ריש לקיש פלעגט רעדן נאר מיט אן איש נאמן, און דערפאר פלעגן כענטשן לייען געלט אן שטרוה, אן עדים, און אן תנאים וכו' צו א מענטש וואס מ'האט געזעהן אז ריש לקיש רעדט מיט אים -

וואס דאס איז דאך א חידוש אין תורה ובמילא איז דאס א הוראה - טענה'ט ער אז ער וויל דערפון ארויסנעמען א הוראה אויך בנוגע צו זיך:

בשעת דער רבי נשיא דורנו מאנט אז מ'זאל ארויסגיין אין גאס און פרעגן ביי א איד צי ער האט היינט געלייגט תפילין - טענה'ט ער, אז פאר דערויף וואס ער רעדט מיט יענעם דארף ער וויסן צי יענער איז אן איש נאמן, אז ער האט ניט עובר געווען אויף אבק גזילה אדער אבק גניבה וכיו"ב, און צי יענער פירט זיך ע"פ תורה. וואס דערכולט איז ער א נאמן; ומכה-נפשך: אויב יענער פירט זיך ע"פ תורה האט ער ניט וואס צו רעדן מיט אים וועגן לייגן תפילין; און אויב ער דארף בא יענעם ערשט פרעגן צי ער האט היינט געלייגט תפילין - איז ער דאך זיכער ניט קיין נאמן!

איי יענער איז א תינוק שנשבה לבין העכו"ם ובמילא איז דאס ניט יענעמ'ס שולד - זאגט ער: ס'איז טאקע ניט יענעמ'ס שולד - אבער איך דארף זיך היטן פון צו רעדן מיט אים, ווארום דורך דערויף וועט מען מיינען אז איך האב אויף אים געגעבן א הכשר!

איי עס זיינען דא די אלע חשבונות: עס וועט סיי-ווי זיין "לא ידח ממנו נדח"[100], און לב ישראל ער הוא[101], און דורך דערויף וואס ער וועט מיט יענעם רעדן "דברים היוצאים מן הלב" וועט עס זיין "נכנסים אל הלב"[102], און ס'איז א מצב פון פקו"נ. און אפילו אויב ס'איז נאר ספק פקו"נ אדער א ספק ספיקא - דארף ער אויך גיין יענעם מציל זיין, ווארום בא פקו"נ איז ניטא דער גאנצער ענין פון ספק און ספק ספיקא - אפילו אויב עס זיינען דא א ריבוי ספיקות דארף מען דאס אויך טאן[103] -

זאגט ער: ס'איז אלץ גוט און פיין - אבער פארוואס דארף ער האבן צוטאן מיט דעם, ער וויל זיין אן "איש תם יושב אהלים", און וויל ניט מפסיק זיין און ארויסגיין פון זיין "אוהל" וואו ער לערנט תורה.

- איי -

------------

100) ע"פ ל' הכתוב - ש"ב יד, יד. וראה תניא ספל"ט. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד סוף ה"ג. 101) ראה יל"ש עה"פ שה"ש ה, ב (רמז התקפח). 102) ראה ס' הישר לר"ת שי"ג, הובא בשל"ה סט, א. 103) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סשכ"ט ס"ג.

הנחת הת' בלתי מוגה

איי ער איז מפסיק בלאו הכי?! זאגט ער אז דאס איז בכדי להשיא את בתו לתלמיד חכם, אדער צוליב געבן צדקה וכיו"ב, וואס דאס איז ער מוכרח צו טאן - אבער צוליב גיין מקרב זיין נאך א אידן צו אידישקייט, וואס יענער איד איז ניט בתכלית השלימות, וואס אין דערויף איז ניטא קיין הכרח צו טאן - וויל ער ניט!

כז. זאגט מען, אז אויף דערויף האט מען דעם לימוד פון "הולדות" לשון רבים - אז ער דארף אויך האבן צוטאן מיט דער עבודה פון "עשו", "איש שדה", ארויסגיין אין וועלט און זיין א "יודע ציד", צו "פאנגען" די עניני העולם און זיי מברר זיין, וואס בכדי דאס אויפצוטאן דארף ער זיך פירן אין אן אופן פון רמאות, כנ"ל.

ער דארף טאקע אויך טאן די עבודה פון "יעקב", "איש תם יושב אהלים", קיום התורה והמצוות בא זיך - אבער ווען מ'זאגט אים אז ער דארף גיין טאן אין וועלט און דורך דערויף דורכפירן זיין שליחות בעולם - דארף זיין "צא מן הענן" אויף מלחמה האבן מיט עמלק[104],

אפילו ווען משה זאגט אים אן אז ער זאל מלחמה האבן מיט עמלק - דארף אויך זיין "צא מן הענן" בכדי צו מלחמה האבן בפועל - ווארום ער דארף יורד זיין צו דער מדריגה פון עמלק און אין זיין דרגא מלחמה האבן מיט אים.

און ער קען ניט ווארטן ביז "עמלק" וועט פון זיך אליין נתהפך ווערן און ברענגען אים די ניצוצי קדושה, ע"ד ווי ס'איז געווען בזמן שלמה - ווארום ס'איז ניטא קיין צייט צו ווארטן, אט קומט דאך משיח,

דערפאר דארף ער ארויסגיין און זוכן "עמלק" און מברר זיין די ניצוצות וואס זיינען ביי אים דא; ער דארף טאקע מלחמה האבן מיט אים, אבער דורך דערויף וועט ער מברר זיין די ניצוצות וואס זיינען דארטן דא.

כח. און דאס איז אן עבודה וואס מ'מאנט בא יעדער איינעם, ס'איז ניט דער פשט אז מ'רעדט וועגן דעם צו איינעם און מ'מיינט א צווייטן - נאר מ'מיינט יעדער איינעם בפרטיות, אז יעדערער זאל אין דערויף אליין טאן און ניט שיקן קיין שליח כאטש אז "שלוחו של אדם כמותו"[105].

און ע"ד ווי דאס איז געווען בא די עשרת הדברות, אז דער אויבערשטער האט געזאגט "אנכי ה' אלקיך"[106] און שאר

- הדברות -

---

104) בשלח יז, ט ובפרש"י. 105) ברכות לד, ב (במשנה). 106) יתרו כ, ב.

הדברות בלשון יחיד, צו יעדער אידן באזונדער[107] -

עד"ז איז אויך בא צדיקים וואס "דומין לבוראן"[108] - אז בשעת רבותינו נשיאינו באנגען אז מ'זאל ארויסגיין אין וועלט טאן מיט אידן וואס געפינען זיך דארטן און מיט עניני העולם - מיינען זיי דערמיט יעדער איינעם בפרטיות.

כט. דערביי דארף מען אבער האבן די באווארעניש אז דאס איז "יעקב ועשו האמורים בפרשה":

בשעת מ'טוט די צוויי עבודות פון "יעקב" און "עשו", די עבודה פון תומ"צ, און די עבודה פון "איש שדה", ארויסגייען אין וועלט און מברר זיין די עניני העולם לויט די דרכים וגדרי העולם - דארף ער זיי טאן אין אן אופן ווי די עבודות זיינען "אמורים בפרשה". ד.ה. אז ער טוט זיי לויט ווי תורה ווייזט אן ווי מ'דארף זיי טאן, וואס דעמולט איז ער פארזיכערט אז דאס זיינען עבודות כדבעי.

דאס הייסט: ווען ער גייט טאן די עבודה פון "עשו", ארויסגייען אין "שדה", אין וועלט, און דארטן "פאנגען" און מברר זיין די עניני העולם - טוט ער דאס לויט די הוראות פון תורה, די הוראות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר וואס שיקט אים אהינצו:

ער טוט עס ניט ח"ו אין אן אופן פון "אחטא ואשוב"[109], נאר ער גייט טאקע אין וועלט, אבער ער פירט זיך לויט די הוראות פון תורה.

ל. און דוקא בשעת ס'איז דא די עבודה פון "תולדות" לשון רבים, ניט נאר די עבודה פון "יעקב", נאר אויך די עבודה פון "עשו", אז "יעקב" טוט זיך אן אין די "בגדי עשו . . החמודות"[110], כמבואר אין די מאמרים[111] די מעלה בזה,

און דוקא בשעת ס'איז דא ניט נאר "הקול קול יעקב"[112] נאר אויך "הידים ידי עשו"[112] -

דוקא דורך דערויף נעמט מען די ברכות פון יצחק אבינו, כמבואר אין דרושי ר"ה[113] דער עילוי בזה.

לא. ויה"ר אז מ'זאל נעמען דעם כח צו דער עבודה - פון דעם

- שבת -

------------

107) ראה יל"ש עה"פ (רמז רפו). 108) ב"ר פפ"ז, ה. ועוד. 109) ראה יומא פה, ב (במשנה). 110) פרשתנו כז, טו. 111) ראה תו"א בשלח סא, ב. אוה"ת שם (כרך ז) ע' ב'תרנט. 112) פרשתנו שם, כב. וראה אוה"ת פרשתנו קמה, ב ואילך. ובכ"מ. 113) סידור שער התקיעות בסופו.

שבת מחר חודש וואס פון איס גייט מען תיכף אריין אין ר"ח,

און אויך פון דעם וואס דער שבת איז שבת פ' תולדות, "תולדות" לשון רבים - אויף טאן סיי די עבודה פארבונדן מיט "יעקב" און סיי די עבודה פארבונדן מיט "עשו", ארויסגיין פון וועלט און מאכן פון די עניני העולם אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו".

און דערצו האט מען אויך דעם נתינת כח והבטחה פון דעם וואס דאס איז שבת מברכים חודש כסלו, וואס עיקר ענינו פון חודש כסלו איז - חנוכה (כנ"ל ס"ו):

בשעת מ'גייט ארויס אין א גרויסע שטאט צו רעדן מיט נאך א אידן וועגן אן ענין אין תומ"צ, וואס מ'דארף זיך מיט יענעם אמפערן און אויס'טענה'ן וכו' - קען מען דאך מיינען אז מ'האט אויף דערויף ניט דעם כח -

לערנט דער ענין פון חנוכה, און דאס גיט אויך א נתינת כח צו יעדער איינעם - "מסרת גבורים ביד חלשים ורבים ביד מעטים", ועד"ז איז אויך איצטער בשעת א איד איז עובד עבודתו.

און די עבודה דארף אויך זיין פארבונדן מיט שמחה, ווארום עס דארף דאך זיין "עבדו את ה' בשמחה"[114], איז וויבאלד אז ער איז זיך עוסק אין וועלט אין מאכן אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים" - דארף דאס אויך זיין מתוך שמחה, וויבאלד אז ער איז מקיים וואס עס שטייט אין שו"ע, ווי גערעדט אין די ההתוועדויות הכי אחרונות[115].

און די שמחה דארף זיין אין אן אופן פון "שמחהנו" לשון רבים - אליין זיין בשמחה און אויך פועל'ן אז א צווייטער איד זאל זיין בשמחה, וואס דעמולט ווערט "מאיר עיני שניהם ה'"[116], און אויך - "ישמח ישראל בעושיו"[117] און "ישמח[118] ה' במעשיו"[119].

לב. ובפרטיות איז די עבודה הנ"ל - די ההעסקות אין די מבצעים:

אנהויבנדיק פון "מבצע אהבת ישראל",

וואס אהבת ישראל איז "כל התורה כולה ואידך פירושה

- הוא" -

---

114) תהלים ק, ב. וראה רמב"ם סוף הל' לולב. 115) ש"פ נח, בדר"ח מרחשון. ש"פ לך לך, ח' מרחשון. אור ליום ה', כ"ף מרחשון. וראה גם מכ' עש"ק פ' לך לך, ז' מ"ח ש.ז. 116) משלי כט, יג. תמורה טז, א. 117) תהלים קמט, ב. 118) שם קד, לא. 119) ראה לקו"ה שמע"צ פה, ד ואילך.

הוא"[120]. אבער דערנאך איז מען מבשיך אז (ס'איז ניט גענוג צו בלייבן ביי אהבת ישראל. נאר) עס דארף זיין "זיל גבור": ניט "זיל" - גיין שפאצירן. נאר "זיל גבור" - גיין לערנען תורה, און לערנען ניט אין אן אופן אז ער איז מפסיק אינמיטן לערנען און לייגט זיך שלאפן, נאר - "גבור", לויט דעם צווייטן טייטש אין דעם - אז ער פארענדיקט לערנען גאנץ תורה -

קומט ער פון "מבצע אהבת ישראל" צו "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "ביה מלא ספרים - יבנה והבמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש" און "מבצע טהרת המשפחה".

ביז מ'קומט צו דעם מבצע הכי גדול - גאולה האמיתית והשלימה,

וואס דעמולט וועט מקוים ווערן (בשלימות) די ברכה פון יצחק "ויתן לך האלקים מטל השמים ומשמני הארץ ורוב דגן ותירוש"[121],

און ניט "ויתן" לשון עתיד, נאר "ויתן" בהוה, און "יתן ויחזור ויתן"[122].

און ניט נאר "מטל השמים ומשמני הארץ ורוב דגן ותירוש" ברוחניות - "מטל השמים זו מקרא, ומשמני הארץ זו משנה, דגן זו תלמוד, תירוש זה אגדה"[123] - נאר אויך בגשמיות - אז מ'זאל האבן הרחבה אין פרנסה, און בני חיי און אויך אין אן אופן פון רויחי.

ביז אז מ'וועט גיין מתוך הרחבה ומתוך אור אמיתי ואור גדול מקבל זיין פני משיח צדקנו, אין דער גאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמולט וועט מען זאגן צו יצחק "אתה אבינו"[124], "והיתה לה' המלוכה"[125], בקרוב ממש.

* * *

לג. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ויאמר לו יְהוֹנתן מחר חודש וגו'.

* * *

לד. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן עניין אין די הערות פון טאטן אויפן זהר פון פרשתנו.

- בפרשתנו -

-------------

120) שבת לא, א. 121) פרשתנו שם, כח. 122) ב"ר פס"ו, ג. פרש"י עה"פ. וראה לקו"ש ח"י ע' 80 ואילך. ובהע' 7 שם. 123) ב"ר שם. 124) שבת פט, ב. 125) עובדי' א, כא.

בפרשהנו קאפיטל כז פסוק כז שטייט, אז בשעת יעקב איז צוגעקומען צו יצחק'ן צו מקבל זיין פון אים די ברכות, איז "וירח (יצחק) את ריח בגדיו ויברכהו ויאמר ראה ריח בני כריח שדה אשר ברכו ה'".

שטעלט זיך רש"י אויף "וירח וגו'" (ווארום זיין פירוש באציט זיך צו דעם גאנצן פסוק), און פרעגט א שאלה וואס ווערט דא אין פשוטו של מקרא:

"והלא אין ריח רע יותר משטף העזים": מ'האט געלערנט פריער[126] אז רבקה האט אנגעטאן "עורות גדיי העזים" אויף "ידיו" און "חלקת צואריו" פון יעקב, איז ווי קען מען זאגן, ווי עס שטייט אין פסוק, אז יצחק האט געשמעקט א ריח טוב - "והלא אין ריח רע יותר משטף העזים"?

און אע"פ אז יעקב האט אויך געטראגן "בגדי עשו . . החמודות" - האבן בגדים "המודות" קיין שייכות ניט מיט דעם ענין הריח: סיי לויטן ערשטן פירוש אין רש"י (אויף "החמודות") אז דאס מיינט "הנקיות", ווארום "נקיות" האט קיין שייכות ניט צו ריח; און אפילו לויטן צווייטן פירוש אין רש"י "שחמד אותן מן נמרוד", ווערט אבער ניט מורגש אז זיי האבן געהאט א ספעציעלן ריח טוב,

און אפילו אויב זיי האבן געהאט א ריח, איז דאס אבער ניט געווען גענוג שטארק צו מבטל זיין דעם ריח רע פון "שטף העזים" (כמובן דערפון וואס דער פסוק איז ניט מדגיש אז זיי האבן געהאט א ספעציעלן ריח טוב), ובפרט אז דער ריח רע פון "שטף העזים" איז אין ריח רע יותר מזה.

וואס דערפאר ווערט דא די שאלה - ווי קומט עס אז יצחק האט געשמעקט א ריח טוב - בשעת יעקב האט געטראגן די "עורות גדיי העזים" אויף "ידיו" און "חלקת צואריו", וואס "אין ריח רע יותר משטף העזים".

[ו]ואס עפ"ד (אז די שאלה איז ניט פארבונדן מיט דעם ריח פון בגדיו) איז אויך פארשטאנדיק פארוואס רש"י איז מעתיק פון פסוק נאר דעם ווארט "וירח" און דערנאך שרייבט ער גלייך "וגו'", און ער איז ניט מעתיק אויך די ווערטער "(וירח) את ריח בגדיו" -

ווארום דא איז די שאלה ניט פון "ריח בגדיו", ווארום זיי האבן ניט געהאט קיין ריח - נאר פון דעם ריח פון "שטף העזים" וואס ער האט געטראגן אויף "ידיו" און "חלקת צואריו".

ונוסף לזה: דאס וואס עס שטייט אין פסוק אז "וירח את

- ריח -

------------

126) פרשהנו שם, טז.

ריח בגדיו" איז נאר וואס יצחק האט אדוי געמיינט אז דער ריח איז פון בגדיו - אבער באמת איז דער ריח געווען פון אן אנדער זאך (ווי רש"י זאגט ווייטער) - און דערפאר איז רש"י ניט מעתיק די ווערטער "את ריח בגדיו".

און וויבאלד אז דאס איז א קשיא אין פשוטו של מקרא, פרעגט דאס רש"י.

און ער פארענטפערט: "אלא מלמד שנכנסה עמו ריח גן עדן".

דארף מען פארשטיין: פון וואנעט נעמט רש"י אז דער ריח טוב וואס איז געווען בא יעקב איז געווען "ריח גן עדן" - ס'איז ניטא אויף דערויף קיין רמז אין פסוק!?

און אויב דאס איז א זאך וואס שטייט אין מדרשי חז"ל - האט רש"י געדארפט שרייבן אז דאס שטייט אין מדרשי חז"ל, ווי ער שרייבט אין דעם צווייטן ד"ה, "כריח שדה אשר ברכו ה'" - "שנתן בו ריח טוב, וזה שדה תפוחים כן דרשו רז"ל"?

לה. ווייטער שטייט אין פסוק, אז ווען יצחק האט געשמעקט "את ריח בגדיו" האט ער געזאגט "ראה ריח בני כריח שדה אשר ברכו ה'".

זיינען דא מפרשים[127] וואס מיינען אז "אשר ברכו ה'" גייט אויף "בני", אין פשש"מ איז דאס אבער א דוחק - דערפאר איז רש"י מעתיק די ווערטער "כריח שדה אשר ברכו ה'" און איז מפרש (כנ"ל), אז "אשר ברכו ה'" גייט אויף דער שדה, און דאס באשטייט דערפון וואס "נתן בו ריח טוב", און דערנאך גיט ער צו: "וזה שדה תפוחים כן דרשו רז"ל".

וואס פון ואנעט נעמט רש"י אז די שדה איז געווען א "שדה תפוחים" איז[129] קיין שאלה ניט (ווי בנוגע צו "ריח גן עדן" אין דעם פריערדיקן ד"ה, כנ"ל) - ווארום רש"י זאגט בפירוש אז "כן דרשו רז"ל"[128] -

ס'איז אבער א שאלה: וואס איז דער הכרח אין פשש"מ צו ברענגען (פון רז"ל) אז נוסף לזה וואס "נתן בו ריח טוב" אין דער שדה, איז די שדה געווען א "שדה תפוחים"?

ואדרבה: דער בן חמש למקרא ווייסט אז וואס פאר א שדה האט א ריח טוב, איז דאס א שדה וואס דארטן זיינען דא בשמים, אדער פרחים (בלומען) - אבער ניט קיין שדה פון פירות, כולל אויך תפוחים?!

ביז נאך כמה דיוקים וואס דארפן זיין פארשטאנדיק צו א

- בן -

------------

127) רא"ם עה"פ. 128) תענית כט, ב. וראה גם מת"כ לב"ר פס"ו. כב.

בן חמש למקרא בפשטות אין פשוטו של מקרא, אן כפרשי רש"י,
וכפי שיתבאר לקמן.

לו. אין די הערה אויפן זהר פון פרשתנו[129] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר[72] עה"פ "ויגדלו הנערים" - "סטרא דאברהם גרים לון לאתגדלא וזכותי׳ סייע לון, הוא הוה מחנך לון במצות דכתיב כי ידעתיו למען אשר יצוה וגו׳".

דאס הייסט, אז דריי זאכן פון אברהם האבן גע׳פועל׳ט אז עס זאל זיין "ויגדלו הנערים", יעקב און עשו [וואס דער פירוש פון זהר אין "ויגדלו" איז (כמובן) ניט בפשטות, גדלות אין יארן - נאר גדלות ברוחניות]:

"סטרא דאברהם", דאס וואס זיי האבן געשטאמט פון אברהם׳ן - "גרים לון לאתגדלא", נאכמער - "זכותי׳", דער זכות פון די מעשים טובים פון אברהם׳ן - "סייע לון" ווי ער איז מבאר אין דער הערה אז "זכותי׳". זיינע מעשים טובים, איז מערער ווי "סטרא דאברהם", אז זיי האבן פון אים געשטאמט. וואס דערפאר שטייט בא "זכותי׳" "סייע לון", ווארום א סיוע איז מקרוב, משא"כ בא "סטרא דאברהם" שטייט "גרים לון", וואס "גרים" איז מרחוק;

און נאכמער - "הוא הוה מחנך לון במצות כו׳", אז ער האט זיי מחנך געווען, וואס כמובן בפשטות אז דאס האט געהאט נאך א גרעסערע השפעה אויף זיי ווי "סטרא דאברהם" און "זכותי׳".

לז. אין דער הערה איז ער מבאר כמה פרטים אין דעם זהר; ער איז אבער ניט מבאר א דבר הכוה ביותר:

ווער עשו איז אויסגעוואקסן צו זיין ווייסן אלע, ווי ס׳איז ע"פ פשטות הענינים, ע"פ דרוש, ע"פ הלכה און ע"פ כל חלקי התורה,

ביז אז אין המשך הכתוב פון "ויגדלו הנערים" (אויף וועלכן דער זהר שטעלט זיך), שטייט גלייך: "ויהי עשו איש יודע ציד איש שדה" וואס דאס באווייזט דאך בפשטות ווער עשו איז אויסגעוואקסן צו זיין -

איז וואס הייסט אז מצד דעם וואס ער האט געשטאמט פון "סטרא דאברהם" און מצד "זכותי׳", ־ער זכות פון די מעשים טובים פון אברהם און מצד דעם וואס אברהם האט אים מחנך געווען במצוות - איז ער געווארן א גדול (ברוחניות)?!

- די -

------------

129) לקוטי לוי"צ לזח"א ע׳ צב ואילך.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

די קשיא ווערט נאך שטארקער:

ווען יעקב און עשו זיינען נאך געווען במעי רבקה שטייט[130] "ויתרוצצו הבנים בקרבה". מ'טייטש רש"י[131]: "כשהיתה עוברת על פתחי תורה של שם ועבר יעקב רץ ומפרכס לצאת, עוברת על פתחי ע"א עשו מפרכס לצאת".

וואס דערפון זעט מען וואס פאר א הכוונות עשו האט געהאט און צו וואס ער האט זיך געצים שוין פאר דערויף וואס ער איז געבארן געווארן - איז ווי קען מען זאגן אז ביי אים איז געווען "ויגדל" צוליב אברהם כו'?!

לה. די שאלה פון "ויתרוצצו הבנים בקרבה" - קען מען נאך לכאורה פארענטפערן, אז שיטת הזהר אין דעם פירוש פון "ויתרוצצו הבנים בקרבה" איז (ניט לגריעותא פון עשו. ווי דער פירוש הנ"ל וואס רש"י ברענגט אראפ. נאר) ווי עס שטייט אין מדרש[132], "שהיו חולקין בשביל העולם הזה והעולם הבא". עשו האט געוואלט עוה"ז און יעקב האט געוואלט עוה"ב.

וואס דאס איז א פירוש אין "ויתרוצצו הבנים בקרבה" למעליותא פון עשו. והביאור בזה:

לכאורה איז דער מדרש אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: עוה"ז און עוה"ב זיינען דאך הפכים, דער וואס וויל עוה"ז וויל ניט עוה"ב און דער וואס וויל עוה"ב וויל ניט עוה"ז - איז ווי איז שייך זאגן א מחלוקת בזה, "שהיו חולקין בשביל העולם הזה והעולם הבא"?!

נאר דערפון גופא איז מוכח. אז ביידע יעקב און ביידע עשו האבן געוואלט ביידע עולמות. עוה"ז און עוה"ב (ס'איז מערניט וואס יעקב האט געוואלט בעיקר עוה"ב און עשו האט געוואלט בעיקר עוה"ז). און דערפאר איז בא זיי געווען א מחלוקת.

לט. והביאור בזה:

עס שטייט אין מדרש[133] אז "מתחילה ברייתו של עולם צפה הקב"ה במעשיהן של צדיקים ומעשיהן של רשעים כו', והארץ היתה תהו ובהו[134] אלו מעשיהן של רשעים. ויאמר אלקים יהי אור[135] אלו מעשיהן של צדיקים. אבל איני יודע באיזה מהם חפץ אם במעשה אלו אם במעשה אלו. כיון דכתיב[136] וירא אלקים את

- האור -

------------

130) פרשתנו כה, כב. 131) מב"ר פס"ג, ו. 132) מדרש אגדה ויל"ק עה"פ. ועד"ז הוא גם בפירוש הב' בפרש"י.
133) ב"ר פ"ב. 134) בראשית א, ב. 135) שם, ג. 136) שם, ד.

האור כי טוב הוי במעשיהן של צדיקים חפץ ואינו חפץ במעשיהן של רשעים".

פרעגט אויף דערויף חסידות[137]: ווי איז שייך עס זאל זיין א ספק און א הו"א בדבר צי דער אויבערשטער איז חפץ אין מעשיהן של צדיקים אדער אין מעשיהן של רשעים?!

איז דער ביאור אין דעם:

עס שטייט אין גמרא[138] "מלכא ומלכתא הוו יתבי, מלכא אמר גדיא יאי ומלכתא אמרה אימרי יאי".

איז חסידות[139] מבאר, אז "גדיא" איז בע"ה, און "אימרי" - צדיקים, וואס אין יעדער איינעם איז דא א מעלה וואס איז ניטא אין דעם צווייטן, און אין דעם באשטייט די מחלוקת פון "מלכא" און "מלכתא" וועלכע פון זיי איז העכער:

צדיקים האבן די מעלה וואס עבודתם איז אין טוב, און מצד דער מעלה זאגט "מלכתא" אז "אימרי יאי",

און בע"ת האבן די מעלה וואס זיי זיינען מהפך רע לטוב, ע"ד דער ענין פון "וגם רשע ליום רעה", אז פון דעם רע מאכט ער "יום ואור כו'", כנ"ל (סי"ט), ביז אז מ'זאגט אז "מקום שבעלי תשובה עומדין אין צדיקים גמורין יכולין לעמוד בו"[140], און מצד דער מעלה זאגט "מלכא" אז "גדיא יאי".

ועד"ז איז דער ביאור אין דעם מדרש הנ"ל[141]:

דער ענין פון "מעשיהן של צדיקים" איז, בפשטות, עבודת הצדיקים און דער ענין פון "מעשיהן של רשעים" איז די תשובה וואס קומט ארויס פון "מעשיהן של רשעים", וואס יעדער איינע האט א מעלה אויף דער צווייטער, און דערפאר איז לכתחלה געווען א ספק בא דעם אויבערשטן אז "איני יודע באיזה מהם חפץ אם במעשה אלו (עבודה הצדיקים) אם במעשה אלו (עבודת התשובה פון רשעים)".

אבער אעפ"כ איז די מסקנא פון דעם אויבערשטן אז "במעשיהן של צדיקים חפץ", ווארום "עשה האלקים את האדם ישר"[142], ובמילא דארף א מענטש עובד זיין עבודתו אין א סדר ע"פ תורה, אין אן אופן פון סור מרע ועשה טוב, ניט האבן צוטאן מיט ענינים בלתי רצויים:

- ביהד -

---

137) לקו"ת צו ז, ד. ובכ"מ. 138) פסחים ספ"ד. כריתות בסופה. 139) אוה"ת ויקהל הכו, א-ב. סד"ה שה תמים הרכ"ט (סה"מ תרכ"ט ע' קיא ואילך). ד"ה מלכא ומלכתא תרצ"ז.
140) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. וראה ברכות לד, ב.
141) ראה גם לקו"ש חט"ו ע' 178 ובהע' 49 שם. 142) קהלת ז, כט.



הנחה הת' בלתי מוגה

ביחד עם זה אבער קענען צדיקים באקומען, בכמה אופנים, אויך די מעלה פון בעלי תשובה, כמבואר אין די מאמרים[143].

ויש לקשר זה עם פירוש הבעש"ט[144] אין סור מרע ועשה טוב, אז פריער איז דא די עבודה פון סור מרע, און דערנאך איז "ועשה טוב" - מ׳מאכט פון דעם רע טוב,

וואס דאס איז ווי דער ענין פון תשובה איז אויך דא בא צדיקים בעבודתם אין סור מרע ועשה טוב.

בדוגמא צו דעם ענין התשובה בא צדיקים - געפינט מען בא משה רבינו,

וואס דער ס"מ האט געגעבן משה׳ן א מתנה קטורת[145], וואס דער ענין פון די י"א סממני הקטורת איז, וואס זיי זיינען מהפך די ענינים פון היפך הקדושה צו קדושה[146], ע"ד ווי דער ענין פון תשובה,

און דאס האט משה באקומען ניט דורך גיין און דאס אליין באקומען, נאר דער ס"מ האט עס אים געבראכט, ע"ד ווי בימי שלמה האט מען צו אים געבראכט אלע ניצוצי קדושה, און ניט אז ער איז ארויס און ווען זיי געפינען (כנ"ל סכ"ב).

מ. וע"פ הנ"ל וועט מען אויך פארשטיין בנוגע צו יעקב און עשו וואס "היו חולקין בשביל העולם הזה והעולם הבא":

עשו ווי ער געפינט זיך בשרשו איז ער קדושה, ס׳איז מערניט וואס בשעת ער ווערט נשתלשל למטה ווערט ער היפך הקדושה אבער די פנימיות דערפון איז, אז עס זאל זיין דער ענין התשובה (ע"ד ווי גערעדט פריער דער ענין אין "מעשיהן של רשעים") - ע"ד ווי דער ענין פון "שטן ופנינה לשם שמים נתכוונו"[147], וואס בשרשם איז זייער כוונה לשם שמים[148].

וואס מעין זה (ווי עשו איז בשרשו - קדושה) איז אויך בשעת עשו איז געווען בעיבור (מיט יעקב) בבטן רבקה, ווארום "עובר ירך אמו הוא"[149] - אז ער איז פארבונדן מיט עבודת התשובה.

און יעקב איז פארבונדן (בכלל - ועאכו"כ ווי ער איז בעיבור בבטן רבקה) - מיט עבודת הצדיקים.

און וויבאלד אז דיביידע עבודות, עבודת הצדיקים און - עבודת -

---

143) ראה כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות פג ובהנסמן שם. וראה לקו"ש ח"י ע׳ 166. 144) כש"ט סס"ט (ס, ב). וראה גם שם סמ"א (ז, א). 145) ראה שבת פט, א. אוה"ת במדבר (הוספות) ע׳ א׳תסז. 146) תו"א סוף פרשתנו. ובכ"מ. 147) ב"ב טז, א. 148) ראה מאמרי אדה"ז (אתהלך לאזניא) ע׳ קנה. לקו"ת חקת סב, א. אוה"ת (כרך ה) ויצא תתמה, א ואילך. 149) חולין נח, א. וש"נ.

עבודת התשובה, דארפן זיין בהתכללות זה עם זה - דערפאר געפינענדיק זיך בבטן רבקה האבן ביידע פון זיי, סיי יעקב און סיי עשו, געוואלט האבן ביידע עבודות, סיי עבודת הצדיקים, וואס איז בעיקר עבודת יעקב, און סיי עבודת התשובה, וואס איז בעיקר פארבונדן מיט עשו, ווי ער איז מצד שרשו בקדושה,

וואס די צוויי ענינים, עבודת הצדיקים און עבודת התשובה, זיינען ע"ד ווי דער ענין פון עוה"ב און עוה"ז - עוה"ב איז דער ענין פון צדיקים און עוה"ז - דער ענין התשובה, אז מ'מאכט איבער עוה"ז צו קדושה.

און דערפאר איז געווען "ויתרוצצו הבנים בקרבה", "שהיו חולקין בשביל העולם הזה והעולם הבא":

בא יעקב איז עיקר עבודתו "יושב אהלים", די עבודה פון תומ"צ, עבודה הצדיקים עוה"ב - ער האט אבער געוואלט האבן אויך עוה"ז, עבורת התשובה, כנ"ל אז אויך בא צדיקים קען זיין (אויך) די מעלה פון תשובה;

בא עשו איז עיקר עבודתו "איש יודע ציד איש שדה", עבודת התשובה, עוה"ז - ער האט אבער געוואלט האבן אויך עוה"ב, עבודת הצדיקים.

מא. וואס עפ"ז קומט דאך אויס אז דער "ויתרוצצו" איז (ניט קיין ענין לגריעותא פון עשו, ווי רש"י ברענגט אראפ, כנ"ל, נאר) אן ענין למעליותא פון עשו.

קען מען לכאורה זאגן אז דער זהר לערנט דעם פירוש אין "ויתרוצצו" ווי דער מדרש (למעליותא פון עשו) - ובמילא ווערט אויס די קשיא וואס מ'האט פריער געפרעגט פון "ויתרוצצו" אויפן זהר.

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן - ווארום אין זהר פריער[150] טייטשט ער "ויתרוצצו הבנים בקרבה" לגריעותא פון עשו, נאך ערגער ווי רש"י טייטשט דאס - אז ראס איז פארבונדן מיט דעם נחש הקדמוני און ס"מ -

ווערט צוריק די קשיא פון "ויתרוצצו" אויפן זהר: ווי קען מען זאגן אז ס'איז געווען דער ענין פון "ויגדל" בא עשו צוליב די מעלות וכו' פון אברהם - בשעת אז אפילו ווי ער איז נאך געווען בבטן אמו איז ער שוין געווען ניט ווי עס דארף-צו-זיין, כנ"ל?! וכפי שיהבאר לקמן.

מב. דער שבת איז דאך שבת מברכים חודש כסלו (כנ"ל).

וואס בנוגע צו חודש כסלו שרייבט דער טאטע אין איינע - פון -

---

150) קלז, ב ואילך.



הנחת הת' בלתי מוגה

פון זיינע בריוו[151] אז "כסלו" איז אותיות "כס לו", וואס "לו" איז ז"א ומלכות, יחוד זו"נ, און "כס לו" איז דער פירוש אז אויף דעם יחוד זו"נ איז דא א העלם והסתר.

וואס בפשטות מיינט דאס:

אין חודש כסלו איז דא חנוכה, וואס חנוכה באווייזט אויף א זמן פון העלם והסתר אין עולם, ווארום פאר דערויף איז געווען גברה מלכות יון בעולם, ווי געדעדט (עכ"פ בקיצור) פריער (ס"ו), און די עבודה פון דעם חודש איז - צו אראפנעמען דעם העלם והסתר (דעם "כס") פון וועלט און מבטל זיין דעם חושך.

וואס דאס טוט אויף חנוכה[152], וואס חנוכה איז מלשון "חינוך"[153], ביז ווי מ'זעט אז כמה מאמרים פון חנוכה הויבן זיך אן מיטן ד"ה "חנוך לנער ע"פ דרכו"[154], וואס דורך דעם עניין החינוך איז מען מבטל דעם העלם והסתר אין דעם חודש.

מג. וואס דערפאר איז כאן המקום צו רעדן וועגן חינוך פון אידישע קינדער.

וואס אין חנוכה איז דא א הדגשה מיוחדת בנוגע צו אידישע קינדער - ווי ס'איז דא דער מנהג וואס ברענגט זיך אין אחרונים[155] וועלכער פארבינדט אידישע קינדער מיט צדקה - להנהיג אז בימי החנוכה זאלן אידישע קינדער געבן צדקה.

ולמרבה הפלא זעט מען ניט אז מ'זאל זיך אזוי פירן היינט - זאל מען עכ"פ מכאן ולהבא זיך אזוי פירן.

איך האב אמאל געפרעגט ביי א רב: היתכן אז ביי אים - אין -

-------------

151) ראה לקוטי לוי"צ אגרות ס"ע רה. שם ע' רכב.

152) ראה תו"א סד"ה רני ושמחי. סד"ה נ"ח. שערי אורה סד"ה בכ"ה בכסלו. סידור ערה, ב-ג. ד"ה נ"ח תרמ"ג. ובכ"מ.

153) ראה תו"א סד"ה בכ"ה בכסלו (כט, ד). 154) אוה"ת חנוכה שב, א ואילך. שם (כרך ה) תתקלב, ב ואילך (וראה תו"א שם).

155) מג"א או"ח ר"ס עת"ר (ריש הל' חנוכה). הועתק בדברי נחמי' - השלמה לשו"ע ארה"ז סו"ס עת"ר (ש"נוהגין הנערים העניים לסבב בחנוכה על הפתחים כו'")*.

כן מובא מנהג שנתפשט בכמה מקומות שהתינוקות מוליכים מעות לרבן בחנוכה עם יתר מנות.

-------------

*) וצ"ע בזה כי לא ראיתי כל רמז לזה במנהגי חנוכה של כ"ק מו"ח אדמו"ר. ואף שאין לא ראינו ראי', ובפרט בצדקה שמתן בסתר יפה בה - הרי, לכאורה מילתא הוא מה ש(לבד ממשנ"ת בר"ה בכ"ה בכסלו - בתו"א וביאוריו בשערי אורה ואוה"ת - דמעשה הצדקה נק' כובע ישועה ומס"נ דחנוכה המשיכה מתנה מרובה המשכת כובע ישועה להיות כו') לא אשתמיט להזכיר בשום מאמר חסידות (שראיתי ע"ע) או שיחה ומכ' רבותינו ע"ד צדקה במיוחד - בחנוכה -

איך שול באם דאווגעך זיינעך דא אידך וואס שפאצירך זיך אזוי ארום פאר סיום התפלה, וואס דאס טאר מען דאך ניט טאן ווארום מ'איז מבלבל די מתפללים וואס דאווגעך נאך[156]?!

האט ער געענטפערט: צי דען איז דאס די איינציקע זאך וואס פעלט בא די אידך?!

וואס בנוגע לענינגו איז דאס קיין תירוץ ניט, און אויך ניט קיין חצי נחמה;

והלואי אז עכ"פ מכאן ולהבא זאל מען נאכאמאל מחדש זיין (אדער מחזק זיין) דעם מנהג אז אידישע קינדער זאלך געבן צדקה בימי החנוכה.

מד. די כוונה פון דעם רעדן איצטער וועגן קינדער, איז - בקשר מיט דעם וואס קינדער זיינעך "צבאות השם"[157], און זיי דארפן וויסן אז זיי זיינען "צבאות השם".

וואס דערפון איז אויך מובן גודל האחריות פון א אידישן טאטע און מאמע, וואס זיי דארפן מסביר זיין זייערע קינדער, מערער וויפל די קינדער ווייסן פון זיך אליין, אז זיי זיינען פון "צבאות השם" - וואס "השם" איז און וואס "צבאות השם" איז,

און - דער גודל הזכות און אחריות וואס דער קינד האט צו זיין פון "צבאות השם", ווארום דורך דערויף וואס ער פירט זיך אויף ווי איינער וואס איז פון "צבאות השם", נעמט ער ארוים זיך און זיין טאטע און מאמע און אלע אידן פון גלות!

מה. וועגן דעם עניך פון "צבאות השם" האט מען גערעדט אין חודש השרי[158], און מ'האט דעמולט אויך געזאגט[159], אז מ'זאל אפדרוקן פון-דאס-ניי די ביכעלעך פון די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל אויף ספעציעלע פאפיר, און דארטן זאלן אידישע אינגעלעך און מיידעלעך קענען אריינשרייבן די קינדער אויף וועלכע זיי האבן גע'פועל'ט זיי זאלן אריינגיין אין "צבאות השם" און אויסלערנען די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל.

מ'האט עס אבער דעמולט געמאכט אין אן אופן פון א - "קדירא -

---

156) ראה גם טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סק"ב ס"ד. 157) בא יב, מא. 158) שיחת יום ב', ג' דחוהמ"ס. יום ד', כ"ח תשרי. 159) בשיחת יום ב', ג' דחוהמ"ס סט"ז וסכ"א.

---

בחנוכה (אף שכו"כ עניני חנוכה נזכרו ונתבארו בהם ובפרטיות). ובפרט שנמצא הוא בכמה מס' פולין וכו'. - ומי שימצא עד"ז בתורת נשיאינו ודאי יודיעני ות"ח מראש מקול"ע. - בסי' מהרי"ד (ואולי - קטע זה מהצ"צ) מבאר הנ"ל שבחנוכה חולקין "מעות לעניים שמחזרין על הפתחים, שהוא על פתח הבית מבחוץ שהוא בחי' בכל מאדך בכל ממונך" (ממכתב כ"ק אדמו"ר שליט"א - נדפס בס' המנהגים חב"ד ע' 72-71. לקו"ש ח"ה ע' 443).

"קדירא דבי שותפי"[160] - מ'האט ניט ממנה געווען ווער זאל געניצן צו דרום און ווער זאל געניצן צו צפון, און ווער זאל דאס טאן און ווער זאל יענץ טאן -

איז ווייזט אויס, אז וויבאלד מ'האט ניט געוואוסט ווער זאל אין דערויף טאן - האט קיינער גארניט געטאן!

פינף וואכן זיינען שוין אדורך זינט מ'האט גערעדט וועגן אפדרוקן די ביכעלעך - און במשך די גאנצע פינף וואכן האט מען ניט אפגעדרוקט קיין איין און איינציקן ביכעלע!

און ווער ליידט דערפון - ליידן די קינדער, אז במשך פון פינף וואכן האבן זיי ניט געהאט די ביכעלעך וואס וואלט זיי געשטופט צו גיין זוכן נאך קינדער וואס זאלן אריינגיין אין "צבאות השם"!

מו. האב איך געפרעגט וואס האט געטאן אין דערויף עסקן פלוני - האט מען מיר געזאגט, אז וויבאלד ער איז דאך אן "עסקן", במילא איז ער פארנומען מיט זיינע עסקים און אויף דערויף האט ער ניט קיין צייט:

פריער דארף ער עסן און טרינקען און דערנאך זיך אויסשלאפן און זיין אויסגערוהט, וואדום דער רמב"ם[161] זאגט דאך אז א "גוף בריא" איז "מדרכי השם",

און דערנאך, וויבאלד ער איז אן "עסקן" - דארף ער זיך פארנעמען מיט זיינע עסקים, און טאן זיי בפועל ממש, בכדי ער זאל זיין ווערט דעם כבוד וואס מ'גיט אים אפ, ווארום אויב ער וועט עס ניט טאן - איז דער כבוד וואס ער באקומט ניט קיין פארדינטער!

און ער דארף אויך מאכן זיכער אז נאר ער זאל טאן, ניט קיין צווייטער, בכדי אז יענער זאל פון אים ניט צונעמען דעם כבוד!

און ערשט דערנאך, אויב ער האט צייט, גייט ער ארויס זוכן ווועמען צו ממַנה זיין אלם א שליח צו טאן אין דעם - צו געפינען פאפיר און א דרוקער און א בינדער און אזוינע וואס וועלן געבן געלט אויף דערויף וכו'!

און דערנאך אז עס הויבט אן גיין א רעגן - לויפט ער צוריק צו זיך אין שטוב צולייגן זיך!

בשעת עס קומט צו אפדרוקן זיינע ענינים, בכדי ער זאל דערפון האבן כבוד - געפינט מען אלע-ערליי וועגן דאס צו טאן: מ'געפינט פאפיר מיט געלט וכו', און מ'דרוקט עס אפ
- אין -

---

160) ראה עירובין ג, סע"א. ב"ב כד, ב. 161) הל' דעות רפ"ד.

אין אלע צייטונגען, און נאך מיט א תמונה, מיט א "פיקטשער" (ווי מ'רופט עס אן במדינה זו), ווארום ס'איז דאך "מצוה לפרסם עושי מצוה", ווי דער רשב"א[162] זאגט -

אבער אויף אפדרוקן במשך פון פינף וואכן צייט די ביכלעך פון די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל, האט ער ניט געהאט קיין צייט!

וואס זיינען די קינדער שולדיק אז דו ווילסט האבן כבוד און דו האסט ניט קיין צייט פאר זיי!

מז. און אזוי ווי אין אלע ענינים - בין איך דער וואס איז "שולדיק" אין דעם: פארוואס האב איך דאס געמאכט פאר א "קדירא דבי שותפי" - איך האב געדארפט ממנה זיין ווער זאל דאס טאן און דעמולט וואלט דאס יענער געטאן!

ס'איז אבער ניט מיין ענין צו טיילן עוה"ב,

וואס אין דערויף איז תלוי עוה"ב, און ניט נאר עוה"ב נאר אויך עוה"ז: מ'מיינט אז דערמיט טוט מען אימעצן א טובה - דארף מען וויסן אז דערמיט טוט מען זיך אליין א טובה: סיי עוה"ב און סיי עוה"ז, די עניני פרנסה זיינען און אלע ענינים וואס מ'האט בטוב הנראה והנגלה - זיינען אין דערויף תלוי!

און וויבאלד אז ס'איז ניט מיין ענין צו טיילן עוה"ב - דערפאר האב איך קיינעם ניט ממנה געווען צו טאן אין דעם - נאר דאס איז שייך צו יעדער איינעם.

און אעפ"כ זיינען אדורך פינף וואכן און קיין איין און איינציקער האט ניט אפגעדרוקט די ביכלעך מיט די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל! און אפגעהאלטן אידישע קינדער פינף וואכן פון לערנען די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל!

דאס איז ניט מיינער אן ענין - דאס זיינען די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל פון דעם איבערשטן, וואס ער וויל אז מ'זאל זיי לערנען!

מה. די גרעסטע עולה אין דעם איז - אז אין פוצה פה ומצפצף, וואס דאס באווייזט אז דאס ארט קיינעם ניט, ווארום אויב דאס וואלט געארט אימעצן וואלט ער לכה"פ. געזאגט עפעס א ווארט, היתכן אז מ'האט ניט אפגעדרוקט די ביכלעך שוין פינף וואכן?!

ווי מ'זעט אז בשעה מ'נעמט א דינע נאדעל און מ'וועט

- איד -

---

162) תשובות הרשב"א ח"א סתקפ"א. הובא ברמ"א יו"ד סרמ"ט סי"ג.

איך שטעכן אין דעם קליינעם פינגער פון זיין פוס - וועט ער ניט נאר ניט שווייגן, נאר ער וועט מאכן די גרעסטע מחאה, היתכן אז מ'האט אים אנגערירט און מ'שטערט אים!

און וויבאלד אז בעניננו האט קיינער גארניט געזאגט - איז א ראי' אז עס ארט יעדער איינעם נאך ווייניקער דערפון (ווי א שטאך מיט א נאדעל כו') !

מט. וואס גודל ההבהלה בזה איז - אז דאס איז ניט נאר אזוי איך דעם ענין, נאר בכמה וכמה ענינים וועלכע מ'האט גערעדט.

ועד"ז איז אויך געוועזן בנוגע צו דעם ענין פון "כולל תפארת זקנים":

נאך דערויף וואס מ'האט וועגן דעם גערעדט, האט מען געמיינט אז מ'וועט מאכן א שטורעם בכל מקום און אויפשטעלן כוללים אין יעדער ארט וואו מ'קען דאס טאן;

וואס איז געוועזן בפועל - איך האב גלייך באקומען צעטלעך מיט שאלות אז כמה פון די זקנים זיינען ניט שפויים בדעתם, און ווער זאל זיין דער יושב ראש (אין דעם ענין פון "כולל תפארת זקנים"), צי ס'איז שייך צו דעם אדער צו יענעם וכו'.

האב איך ניט געענטפערט, ווייל כאמור, ס'איז ניט מיין ענין טיילן עוה"ז און עוה"ב און כיבודים.

און בנוגע צו די טענה אז כמה פון די זקנים זיינען ניט שפויים בדעתם -

איז אזוי ווי איך באקום דאך בריוו פון אלע ערטער וואו מ'איז געגאנגען באזוכן אין די ערטער וואו עס זיינען דא זקנים - וואס דארטן איז געוועזן - האב איך פון איין ארט באקומען אז דארטן איז געוועזן אזא מעשה: בשעת דער בחור איז אריין מיט א לולב ואתרוג (ב' מינים) צו איינעם א זקן, וואס מ'האט אים גערעכנט פאר איינעם וואס איז ניט שפוי בדעתו - האט זיך דער זקן אויפגעהויבן פון זיין "הינערפלעט" און האט מיטאמאל דערקענט אלץ וואס עס טוט זיך ארום אים, און ער האט געמאכט אויף דעם די ברכה מתחלתה ועד סופה אן קיין הילף - ווארום ווען דער בחור איז אריין מיטן לולב ואתרוג האט דאס אים דערמאנט אויף זיינע ימי הנערות, האט דאס אים אויפגעהויבן פון זיין "הינערפלעט"!

די דאקטוירים וואס זיינען דארטן געשטאנען זיינען שאקירט געווארן, ווארום שוין חדשים נאכאנאנד וואס דער זקן האט ניט דערקענט העולם שמסביבו, און מ'האט געפרואווט כל מיני עצות ווי אים צו ארויסנעמען פון זיין "הינערפלעט" און ניט מצליח געוועזן - און דא איז אריין א בחור מיט א

- לולב -

הנחת הת' בלתי מוגה

לולב ואהרוג, און ער האט אפילו גארניט גערעדט, און דאס האט שוין גע׳פועל׳ט אויף דעם זקן אז ער זאל דערקענען וואס עס טוט זיך ארום אים!

דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו די השפעה וואס מ׳קען האבן אויף אלע זקנים און אויך זקנות דורך טאן מיט זיי אין ענינים פון אידישקייט.

ואעפ"כ בנוגע לפועל איז עד היום הזה הערט מען ניט אז מ׳זאל טאן ווי מ׳דארף טאן בנוגע צו "כולל תפארת זקנים", "תפארת חכמות נשים" און "תפארת בחורים"!

ג. וואס אויב דאס איז אזוי בנוגע צו זקנים און צו אזוינע וואס זיינען ניט שפויים בדעתם - איז דאך עאכו"כ בנוגע צו געזונטע אידישע קינדער דארף מען זיך משהדל זיין בכל התוקף צו זיי צושטעלן וואס זיי דארפן האבן אלס א חלק פון א געהעריקן אידישן חינוך,

וואס דאס איז כולל אויך דעם ענין פון איבערדרוקן די ביכעלעך פון די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל, בכדי אז די קינדער זאלן אין דערויף לערנען און דארטן אויך ארייג-שרייבן די קינדער אויף וועמען זיי האבן משפיע געווען צו ארייננגיין אין "צבאות השם" און צו אויס׳חזר׳ן די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל.

איז אויב מ׳וואלט דאס געדרוקט ביז פינף וואכן צוריק, וואלטן די קינדער שוין דעמולט אנגעהויבן טאן אין דעם, און ביז היינט וואלטן זיי שוין צוריקגעקומען אויף נאך ביכעלעך צו אנפילן.

וואס איז אבער געווען בפועל - קיין איין און איינציקער האט ניט אפגעדרוקט די ביכעלעך במשך פון די פינף וואכן זינט מ׳האט גערעדט וועגן דעם!

מ׳האט געפונען צייט אויף טאן כל מיני אנדערע זאכן וואס זיינען ניט אזוי בילך ווי דער ענין פון אפדרוקן די ביכעלעך - אבער אויף דעם האט מען ניט קיין צייט!

איי איז די טענה: ווער האט דאס געדארפט טאן, און ווער איז דער ממונה אויף דעם און מי בראש וכו׳ - זאלן דאס אלע טאן! פארוואס דארפן די קינדער דערווייל ליידן און ניט האבן די ביכעלעך!

וע"ד ווי גערעדט[163] בנוגע צו די קאנווענשאן׳ס, אז

- דארטן -

---

163) בשיחת ש"פ לך לך, ח׳ מרחשון.

דארפן פירט מען זיך צו טיילן מעדאלן און פרסים וכו׳ פאר די אלע זאכן וואס מ׳האט אויפגעטאן - איז דאס אלץ גוט און פיין, אבער מען דארף דאך עפעס טאן בפועל אויף צו מציל זיין די קינדער וואס געפינען זיך אין גאס!

טענה׳ט ער, אז ער האט ניט געוואלט טאן אין דעם, ווארום דאס געהערט צו א צווייטן וואס יענער איז בראש פון די ענינים, און ער׳איז א "קארעקטער" מענטש און ער וויל ניט עובר זיין אויף השגה גבול, וואס איז איינע פון די י"א "ברכות"![164]

זאגט מען אים, אז דערווייליע איז דאך א רחמנות אויף די קינדער!

איי ווער זאל דאס טאן בפועל - זאלן דאס אלע טאן! זאלן דאס דריי, פיר, צען מענטשן טאן - אבי אז עס זאל זיין אפגעטאן!

איי עס וועט זיין א בלבול - וועט זיין א בלבול; דערווייליע וועלן אבער די קינדער האבן די ביכעלעך!

ס׳איז בעסער אז עס זאלן איבערבלייבן עטליכע איבעריקע ביכעלעך איידער עס זאל גארניט זיין פאר פינף וואכן!

נא. און כאמור - דאס וואס מ׳האט עס ניט געטאן די פינף וואכן ביז איצטער, בין איך אין דערויף "שולדיק" - פארוואס? ווייל איך האב געמאנט אז מ׳זאל דרוקן די ביכעלעך אויף ספעציעלע פאפיר - איז דער פראבלעם אז מ׳דארף זוכן די פאפיר!

אין גאנץ ניו-יארק, במשך פון פינף וואכן, קען מען ניט געפינען פאפיר!

וועט עס קומט צו זיינע ענינים פארבונדן מיט זיין אייגענעם כבוד, געפינט ער פאפיר מיט אלע ענינים בבדי דאס מפרסם זיין, כנ"ל - אבער אויף דעם קען ער דאס ניט געפינען!

אויב די קינדער וואלטן געוועזן ערוואקסענע, וואלטן זיי ארייך אין די משרדים און פאנאנדערגעטראגן די שרייב-מאשינקע׳ס און די ארטיקלען מיט די "פיקטשער׳ס", און זיי וואלטן אליין אפגעדרוקט די ביכעלעך פון די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל!

נב. און איך בין אין דערויף "שולדיק":

אנשטאט מאכן דאס פאר א "קדירא דבי שותפי" - האב איך

- געדארפט -

------------

164) תבוא כז, יז.

געדארפט צוגיין צו איינעם און אים אנכאפן בא דער טשופרינע, אדער בא דער בארד, און אים זאגן: הער זיך איין, איך בין דיר ממנה אז דו זאלסט זיך פארנעמען מיט אפדרוקן די ביכלעך!

אבער דעמולט וואלטן זיך אלע אנדערע אפגעטרייסלט, און מ'וואלט געמיינט אז דער ענין איז שייך נאר צו יענעם און א צווייטער טאר דאס ניט אפדרוקן וכו'.

דארף מען וויסן אז מ'האט קיינעם ניט אפגעגעבן אלס א ירושה אז דוקא ער דארף טאן אין הפצת היהדות און הפצת תורה ומצוותי', און אז דוקא ער איז דער יושב ראש פון דער ארגאניזאציע און דוקא ער דארף טאן וכו',

קיינער האט אים ניט געמאכט פארן יושב ראש פון כלל ישראל!

דאס איז אן ענין וואס איז שייך צו יעדער איינעם אן אויסנאם, און קיינער איז ניט קיין בעה"ב אויף דעם קיינער האט אויף דערויף ניט קיין ירושה!

יעדער איינער וואס וויל באיזה מקום וואו ער געפינט זיך קען זיך עוסק זיין אין הפצת היהדות!

נג. האט מען מיט $5\frac{1}{2}$ וואכן צוריק גערעדט וועגן אפדרוקן די ביכעלעך פון די י"ב פסוקים ובאמרי חז"ל – און קיין איין און איינציקער האט ניט אפגעדרוקט אפילו איין ביכעלע!

מ'האט געמאכט א רשימה פון דעם וואס מ'האט גערעדט וועגן אפדרוקן די ביכעלעך און דערצו אויך געמאכט מ"מ און דאס אפגעדרוקט און אויך אפגעדרוקט אין די צייטונגען –

וויבאלד אבער אז דאס וואס מ'האט אפגעדרוקט איז ניט אראפגעקומען במעשה בפועל. מ'האט ניט אפגעדרוקט די ביכעלעך – איז דאס דברים בטלים!

וכידוע אז "דברים בטלים" איז ניט דער פירוש דברים האסורים לדבר, נאר בשעה מ'רעדט וועגן א זאך בנוגע למעשה בפועל. און עס קומט דערנאך ניט אראפ אין מעשה בפועל – איז דאס אכת'ע דברים בטלים.

דא זיצן רבנים, שוחטים, ראשי ישיבנה, ראשי משפחוה וכו', וואס אלע פון זיי קענען אין דערויף טאן – און אעפ"כ האט קיינער פון זיי גארניט געטאן, און אויך גארניט געזאגט לכל הפחות!

מ'טענה'ט אז מ'מאנט מ'זאל טאן אין אן אופן פון "בכל מאדך", ביז "בכל מאדך" פון כלל ישראל – וואס העלפט אבער די טענה די קינדער, און פארוואס דארפן די קינדער ווארטן

ביז ער וועט האלטן בא דער ריכטיקער רגא בעבורתו - זאל ער דערוויילע טאן בפועל!

מ'האט עס שוין אפילו אויך פארבונדן מיט "שלא לשמה" - נאר מ'ליגט אין פוסטע זאכן לפי ערך דעם אין וואס מ'דארף ליגן.

נד. אמאל פלעגט זיין אין א שול א שמש וואס ער איז געווען א שמש אמיתי, וואס לבד זאת וואס ער פלעגט ריי[ני]קן די שול ניט נאר ברוחניות נאר אויך בגשמיות - האט ער אויך געהאט א גרויסער שטעקן וואס דערמיט פלעגט ער ארומגיין אינדערפרי און קלאפן מיטן שטעקן אויף די לאָדען און זאגן: וועקט זיך אויף אידן צו עבודת הבורא[165]!

איך וויל ניט ממנה זיין ווער זאל זיין דער שמש - ויה"ר אז דער עניין זאל זיך אויפטאן אן דעם,

און די ענינים זאלן אראפקומען אין מעשה בפועל, באיזה אופן שיהי' - דער עיקר איז אז מ'זאל עס אפטאן בפועל.

אויב דו וועסט טאן דוקא אויב מ'וועט דיר מאכן פאר א ממונה, ביז אז דו זאלסט זיין דער אנפירער פון גאנץ "צבאות השם", וואס דער אויבערשטער איז "אלקי הצבאות", דער אנפירער פון "צבאות השם", און דו קומסט גלייך נאך דעם אויבערשטן - איז אויב דו ווילסט אזוי און דערפאר וועסטו טאן - זאל זיין אזוי, אבי דו זאלסט טאן!

נה. ויה"ר אז דער רעדן וועגן דעם איצטער זאל העלפן אויף ווייטער, אז מ'זאל בהקדם ובזריזות אפדרוקן די ביכעלעך פון די י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל,

און אזוי אויך זאל דער רעדן איצטער העלפן אויף ווייטער אז אלע ענינים וועלכע מ'האט גערעדט בעבר, און וועלכע מ'רעדט בהוה, און אלע ענינים וועלכע מ'וועט רעדן - זאל בא זיי ניט זיין וואס עס האט געטראפן מיט דעם ענין, נאר מ'זאל זיי אראפברענגען במעשה בפועל ובזריזות, און מ'זאל ניט דארפן רעדן וועגן דעם ענין און וועגן אלע אנדערע ענינים.

און דאס וואס איך האב איצטער גערעדט וועגן דעם אין אזא אופן, איז ניט דערפאר וואס איך בין ברוגז אויף אימעצן אדער איך וויל זיך מיט אימעצן טשעפען - נאר די כוונה איז אז די זאך זאל זיך אפטאן, און אפטאן באיזה אופן מ'וועט

- נאר -

------------

165) ראה גם ספר השיחות תורת שלום ע' 44.

נאר קענען פועל'ן, "יבוא הנס מכל מקום"[166] - אויב מ'דארף האבן א נס דאס צו אויפטאן - זאל זיין א נס, און אויב ניט קיין נס - זאל דאס זיין בדרך הטבע - אבי עס זאל זיך אפטאן!

וואס דאס וואס מ'האט די $5\frac{1}{2}$ וואכן גארניט געטאן אין דעם - האט מען דורך דערויף אפגעהאלטן ביאה משיח צדקנו אויף $5\frac{1}{2}$ וואכן!!

אויב מ'וואלט אפגעדרוקט די ביכעלעך מיט $5\frac{1}{2}$ וואכן פריער וואלט משיח געקומען מיט $5\frac{1}{2}$ וואכן פריער!

וואס דאס איז א זאך וואס ניט נאר איך זאג אזוי - נאר אזוי שטייט אין חסידות, אין מוסר, אין נגלה אין "עין יעקב" וכו'.

זאלן די קינדער מאכן א "בונד" צווישן זיך און איבער-ווארפן זייערע גענעראלן וכו' און טאן וואס מ'דארף טאן!

נו. ויהי"ר אז דורך טאן (עכ"פ פון איצטער אן) אין די ענינים - זאל מען באלייכטן דעם גלות מיט אור, ובפרט אז עס וועט זיין "יתרון האור מן החושך", פון דעם חושך וואס איז געווען די $5\frac{1}{2}$ וואכן, און "יתרון החכמה מן הסכלות", פון די שטותים (לפי ערך ענין זה) אין וועלכע מ'איז געלעגן די $5\frac{1}{2}$ וואכן,

און מ'זאל גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו בגאולה האמיתית והשלימה, און "הם הכירוהו תהלה"[167], בכהרה בימינו ממש.

נז. דער ביאור אין פירוש רש"י (בקיצור עכ"פ) - ובהקדם נאך א קשיא אין די פסוקים, וואס דאס איז גאר א "קלאץ קשיא":

רבקה האט בפשטות ניט געוואוסט אז ווען יעקב וועט אריינגיין צו יצחק וועט זיין "נכנסה עמו ריח גן עדן" - איז ווי האט זי (און אזוי אויך יעקב) אים אנגעטאן "עורות גדיי העזים" וואס האבן א ריח רע, ביז אז "אין ריח רע יותר כשטף העזים", וואס יצחק וועט דאס שמעקן און וויסן אז דא איז עפעס ניט בסדר?!

ובפרט אז יעקב האט געזוכט באווארענען אנדערע זאכן אז יצחק זאל ניט וויסן אז ער איז ניט עשו.

איז דער ביאור אין דעם:

- יצחק -

------------

166) ל' הש"ס - מגילה יז, ב. 167) סוטה יא, ב. שמו"ר פ"א, יב.

יצחק האט דאך געבעטן עשו׳ן "צא השדה וצודה לי ציד, ועשה לי מטעמים כאשר אהבתי והביאה לי גו׳"[168], און ער האט געוואוסט אז נאכן פאנגען דעם ציד דארף מען עס שחט׳ן און פליקן און טרויבערן און דערנאך קאכן אדער בראטן, און יצחק האט עס געוואלט האבן ניט כ׳ווייס-ווען, נאר בזריזות פון ווען ער האט עס געבעטן - איז ניט נאר וואס ביי אים וואלט ניט געווען קיין פלא אז עשו קומט און ביי אים איז דא א ריח רע, נאר אדרבה - ער האט ערווארט אז אזוי זאל זיין.

און דערפאר האט רבקה (און יעקב) ניט באווארנט דעם ריח רע פון די "עורות גדיי העזים" - ווארום ע"פ טבע האט זיך גאר געמאנט (לדעת יצחק) אז ער זאל האבן א ריח רע קומענדיק צו יצחק מיט די מטעמים וואס ער האט צוגעגרייט פאר אים.

און דערפאר, בשעת יעקב איז געקומען צו יצחק און ס׳איז ביי אים געווען א ריח טוב - ווערט די שאלה אין פשש"מ וואס רש"י פרעגט: "והלא אין ריח רע יותר משטף העזים"?

און רש"י פארענטפערט אז דאס וואס ביי אים איז געווען א ריח טוב איז טאקע ניט ע"פ טבע, נאר ס׳איז געווען א נס, "שנכנסה עמו ריח גן עדן".

נח. ע"פ הנ"ל וועט אויך זיין פארשטאנדיק וואס רש"י זאגט אז דער ריח איז געווען א ריח פון "שדה תפוחים", און ניט פון (א שדה פון) בשמים אדער פרחים:

יצחק האט דאך ניט געוואוסט אז "נכנסה עמו ריח גן עדן", און ער האט געמיינט אז דער ריח טוב איז פון די בגדים. וכמפורש בכתוב: "וירח את ריח בגדיו גו׳".

שטעלט זיך דאך די שאלה: וויבאלד אז נאכן "צא השדה וצודה לי ציד ועשה לי מטעמים" האט געדארפט זיין א שלעכטער ריח (כנ"ל סנ"ז), איז ווי האט טאקע יצחק געקלערט פון וואנעט איז דער ריח טוב?

דארף מען זאגן, אז היות ער האט געזאגט עשו׳ן "וצודה לי ציד ועשה לי מטעמים גו׳", האט ער (עשו) ארייגגעגעבן אין די פלייש תבלין פון אנדערע מאכלים, בכדי עס זאל זיין "מטעמים",

און וויבאלד אז עשו האט זיך עוסק געווען מיט דעם תבלין פון אנדערע מאכלים וואס האבן א ריח טוב, דערפאר איז "ריח בני כריח שדה אשר ברכו ה׳ - שנתן בו ריח טוב".

- און -

------------

168) פרשתנו כז, ג-ד.

און דעריבער קען רש"י ניט לערנען אז דאס מיינט א שדה פון בשמים אדער פרחים - ווייל פון פשטות הענין איז מוכח, אז ס'איז געווען א ריח פון מאכלים (ניט פון בשמים, פרחים וכיו"ב). און דעריבער זאגט רש"י: "וזה שדה תפוחים".

עס בלייבט נאך אבער די שאלה: עס זיינען דאך פאראן נאך מאכלים (פירות וואס וואקסן אין א שדה) וואס האבן א ריח טוב, איז פון וואנעט נעמט רש"י "שדה הפוחים"?

אויף דעם זאגט רש"י "כך דרשו רז"ל": אז בנוגע צו דעם פרט (הפוחים) איז טאקע ניטא קיין הכרח פון פשטות הכתובים, נאר היוה אז פון פשטות הכתובים איז מוכרח אז "שדה" דא מיינט א שדה פון מאכלים (און ניט פון בשמים וכיו"ב) - זאגט שוין רש"י "שדה הפוחים", ווייל "כך דרשו רז"ל".

נס. עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם וואס רש"י זאגט (אין פריערדיקן דיבור המתחיל) "שנכנסה עמו ריח גן ערן" - אז דאס וואס ס'איז מוכרח פון פשטות הכתוב איז בלויז אז דער ריח טוב איז געווען ניט קיין דבר טבעי נאר אז "נכנסה עמו" א ריח טוב; און דאס וואס רש"י זאגט אז "נכנסה עמו ריח גן עדן" נעמט ער עס פון דרשה רז"ל.

ווארום וויבאלד אז פון פשטות הכתוב איז מוכרח צו זאגן אז "נכנסה עמו ריח.." (פון א דבר טוב), זאגט שוין רש"י "ריח גן עדן", ווייל אזוי שטייט אין דרשת רז"ל.

שטעלט זיך דאך די שאלה: אויב אזוי האט דאך רש"י געדארפט זאגן אז דער פרט ("ריח גן עדן") איז גענומען פון דרשה רז"ל, אזוי ווי ער זאגט עס (אין צווייטן דיבור המתחיל) בנוגע צו דעם פרט פון "שדה הפוחים"? sz

איז דער ביאור אין דעם: "כך דרשו רז"ל" וואס רש"י זאגט (אין צווייטן ד"ה) אין דעם סיום פון זיין פירוש אויף דעם פסוק (און אין דעם זעלבן ענין), באציט זיך אויך צו "ריח גן עדן" וואס רש"י זאגט פריער (אין דעם זעלבן ענין - ענין הריח).

ויש לעיין אין די כתבי-יד פון רש"י, וואס עס קען גאר זיין אז "כריח שדה אשר ברכו ה' - שנתן בו כו'" איז ניט קיין נייער דיבור המתחיל, און דער גאנצער פירוש איז אין דעם זעלבן דיבור המתחיל - וואס דעמולט איז דאך גלאטיקער, אז "כך דרשו רז"ל" באציט זיך אויך צו "ריח גן עדן".

אבער אפילו אויב דאס זיינען צוויי ד"ה - געפינט מען בכמה מקומות, אז אן ענין וואס רש"י שרייבט אין סוף פון זיין פירוש פון זעלבן פסוק (און ענין) באציט זיך אויך צו דעם וואס ער שרייבט בהחלת פירושו, אפילו ווען דאס איז אן אנדער דיבור המתחיל.

- ס. -



הנחה הת' בלתי מוגה

ס. דער ביאור אין דעם זהר אז אברהם האט אויפגעטאן אז עס זאל זיין "ויגדלו הנערים", כאטש אז עשו איז לכאורה געווען עשו הרשע - ובהקדם נאך א שאלה:

דער אויבערשטער האט מבטיח געווען אברהם׳ן[169] "ואתה תבוא אל אבותיך בשלום הקבר בשיבה טובה", דאס הייסט אז דער אויבערשטער האט צוגעזאגט אברהם׳ן אז "לא יצא עשו להרבות רעה בימיו"[170].

שטעלט זיך די שאלה: אמת טאקע אז דאס וואס עשו איז יצא "להרבות רעה" איז געווען נאך דערויף וואס אברהם איז נסתלק געווארן - ס׳איז אבער "בוצין בוצין מקטפי׳ ידיע"[171], וואס דאס איז דאך אן ענין טבעי אין בני אדם, איז דאך פארשטאנדיק אז וויבאלד אז נאך דעם "ויגדלו הנערים" איז עשו געווען א רשע, איז דאס שוין געווען קענטיק אין אים בקטנותו (ווען אברהם האט נאך געלעבט), פאר "ויגדלו הנערים" - איז וואס איז דאס פאר א "שיבה טובה" פאר אברהם׳ן, בשעת ער האט געזעהן אז זיין אייניקל וועט ארויסגיין "להרבות רעה"?!

אויף דעם קומט דער ביאור פון דעם זהר - "סטרא דאברהם גרים לוס לאתגדלא וזכותי׳ סייע לון, הוא הוה מחנך לון במצות כו׳":

אע"פ וואס ע"פ טבע האט געדארפט זיין קענטיק אין עשו׳ן זיינע שלעכטע תכונות (וואס זיינען שפעטער ארויס-געקומען בפועל - איז אבער דער כח פון אברהם - "סטרא דאברהם", זיין זכות און זיין חינוך, וואס אויף דערויף (חינוך) האט אברהם געהאט א נתינה כח מיוחדת וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן, "כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו גו׳" - געווען אזוי שטארק, אז ניט נאר וואס עס האט זיך ניט אנגעזען אין עשו׳ן קיינע שלעכטע זאכן, נאר אדרבה: דאס האט גע׳פועל׳ט אויף אים (און אויף יעקב׳ן) "לאתגדלא" - אמת׳ע גדלות.

אבער דער "ויגדלו הנערים" (וואס איז כולל אויך עשו׳ן) איז געווען נאר כל זמן וואס אברהם האט געלעבט. אבער לאחרי ווי אברהם איז נפטר געווארן, דאן איז עשו ארויס "להרבות רעה", וויבאלד אז עס האבן געפעלט די דריי זאכן ("סטרא דאברהם", דער זכות און דער חינוך) פון אברהם.

סא. עס בלייבט נאך אבער די שאלה אז נאך זייענדיק בבטן - רבקה -

-------------

169) לך לך טו, טו. 170) פרש"י עה"פ. וכ"ה בפרש"י עה"פ פרשתנו כה, ל. 171) ברכות מח, א.

רבקה איז געווען דער ענין פון "ויתרוצצו הבנים בקרבה", וואס דער זהר לערנט דאס לגריעותא פון עשו (כנ"ל סס"א).

איז דער ביאור אין דעם:

די גמרא[172] זאגט אז א קינד זייענדיק במעי אמו איז "מלמדין אותו כל התורה כולה", און דערנאך "כיון שבא לאויר העולם בא מלאך וסטרו על פיו ושכחו כל התורה כולה".

וואס אויב דאס איז אזוי בנוגע צו עניני קדושה, אז "משכחו כל התורה כולה" - איז עאכו"כ אז דאס איז אזוי בנוגע צו דברים בלתי רצויים וואס זיינען דא בשעת א קינד געפינט זיך במעי אמו, ווארום "מדה טובה מרובה ממדת פורענות"[173], אז דורך דערויף וואס "מלאך סטרו על פיו" מאכט דאס אים פארגעסן אויך אלע ענינים בלתי רצויים וואס זיינען ביי אים געווען במעי אמו.

איז דערפון פארשטאנדיק, אז דאס וואס ס'איז געווען בא עשו'ן לגריעותא בשעה ער איז געווען בבטן רבקה - איז אינגאנצן אוועק פון אים בשעה ער איז ארויס לאויר העולם.

און דערנאך האט אברהם גע'פועל'ט אויף אים, דורך די דריי ענינים ("ספרא דאברהם", זיין זכות און זיין חינוך) אז ער זאל זיין גוט, ביז אז עס זאל זיין "ויגדלו הנערים", ווארום אברהם האט געהאט א כח מיוחד דאס אויפצוטאן דורך זיין חינוך, ווי עס שטייט "כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו גו'", כנ"ל.

סב. עפ"ז וועט מען פארשטיין נאך א זאך:

פונקט אזוי ווי אברהם האט געדארפט מחנך זיין (יעקב ו)עשו. אזוי האט אויך יצחק אים געדארפט מחנך זיין, ואדרבה - יצחק איז נאכמער מחוייב אין דעם ווי אברהם, ווארום ער איז זיין פאטער - איז פארוואס איז דער זהר מדגיש אז נאר דער חינוך פון אברהם האט אויף עשו'ן גע'פועל'ט - וואס איז געווען מיט דער חינוך פון יצחק?!

ע"פ האמור לעיל איז דאס פארשטאנדיק: ע"פ טבע האט געדארפט זיין קענטיק אין עשו'ן נאך בקטנותו זיינע שלעכטע הכונות (וואס זיינען שפעטער ארויסגעקומען בפועל) - אברהם האט אבער געהאט א נתינת כח מיוחדת אין דעם, וואס דוקא ביי אים שטייט "כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו גו'", דערפאר האט ער מצליח געווען מיט עשו'ן;

משא"כ יצחק האט אים טאקע אויך מחנך געווען, ער האט אבער ניט געהאט קיין כח מיוחד אין דעם, האט ער אין דערויף ניט מצליח געווען, און ע"ד ווי עס שטייט דערנאך

------------

172) נדה ל, ב. 173) סוטה יא, א. ועוד.

(גלייך נאך "ויגדלו הנערים")[174] אז עשו האט יצחק'ן אפגענארט: "ויהי עשו איש יודע ציד" - "לצוד ולרמות את אביו בפיו ושואלו אבא היאך מעשרין את המלח ואת התבן, כסבור אביו שהוא מדקדק במצות", און "ויאהב יצחק את עשו כי ציד בפיו" - "בפיו של עשו, שהי' צד אותו (יצחק) ומרמהו בדבריו".

סג. ע"פ דעם ביאור הנ"ל אין זהר - איז דער זהר מתאים אויך מיט דעם וואס עס שטייט אין ילקוט שמעוני (וואס דער טאטע ברענגט אראפ אין דער הערה):

אין ילקוט שמעוני עה"פ[175] "האדם הגדול בענקים" שטייט: "אדם זה אדם הראשון, הגדול אלו אברהם יצחק ויעקב שנקראו גדולים . . ביעקב כתיב ויגדלו הנערים, ועשו הי' בכלל אלא שקלקל במעשיו כו'".

וואס דאס איז מתאים מיט דעם וואס עס שטייט אין זהר, אז אברהם האט גע'פועל'ט אז בא עשו זאל זיין "ויגדל" ("ויגדלו הנערים"), און נאך פטירה אברהם איז ער יצא "לתרבות רעה".

און דאס וואס ס'איז געווען "ויתרוצצו" לגריעותא פון עשו נאך בבטן רבקה - איז דערנאך בטל געווארן דורך דעם וואס "בא מלאך וסטרו על פיו", כנ"ל.

סד. די הוראה דערפון:

די הנהגה בא יעדער איינעם דארף זיין ווי אברהם - האבן א כח מיוחד אין דעם ענין ההינוך פון אידישע קינדער, ביז אז מ'פועל'ט אויף זיי אז עס זאל זיין "ויגדלו הנערים",

וואס דעם כח דערצו נעמט מען פון אברהם, וואס ער האט דעם ספעציעלן צוזאג פון דעם אויבערשטן "כי ידעתיו למען אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו גו'",

און ער האט געהאט דעם כח אויף "את הנפש אשר עשו בחרן"[176] - "אברהם מגייר את האנשים"[177], און ער האט אויך גע'פועל'ט אויף שרה אז "שרה מגיירת הנשים"[178].

און דורך אויפטאן די עבודה אויך איצטער - גייט מען דערמיט מקבל זיין פני משיח צדקני, און אברהם בראש, בקרוב ממש.

- אח"כ -

---

174) פרשתנו שם, כז-כח ובפרש"י. 175) יהושע יד, טו (רמז כג). 176) לך לך יב, ה. 177) פרש"י עה"פ. 178) פרש"י שם.

אה"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אהרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן (ורמז להילדים שיחיו שינגנו) "ווי וואנט משיח נאו".

——— * ———

בס"ד. שיחת אור ליום ג׳, יו"ד כסלו ה׳תשמ"א.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. די התוועדות איז דאך פארבונדן מיט דער גאולה פון דעם מיטעלן רבי׳ן, ממלא מקומו פון דעם אלטן רבי׳ן, וואס איז געווען אין דעם צענטן טאג אין חודש כסלו[1].

וואס די גאולה איז אויך פארבונדן מיטן שיעור תהלים כפי שנחלק לימי החודש פון דעם טאג:

ס׳איז ידוע[2] אז רבותינו נשיאינו "היו אומרים השיעור תהלים בכל יום כפי שנחלק לימי החודש", וואס אין דעם שיעור תהלים פון עשירי בחודש (ובנדו"ד – עשירי בכסלו) איז דא אויך דער קאפיטל אין וועלכן ס׳איז דא דער פסוק[3] "פדה בשלום נפשי מקרב לי כי ברבים היו עמדי"[4].

וואס "פדה בשלום" איז פארבונדן מיט דעם ענין הגאולה, ווי מ׳געפינט כמה דרושים, ביז אויך דער דרוש פון דעם בעל הגאולה (וואס איז שוין אפגעדרוקט בספרו שערי תשובה[5]), וואס הויבן זיך אן מיטן פסוק "פדה בשלום נפשי גו׳", און זיינען מבאר דעם קישור פון "פדה בשלום" מיט ענין הגאולה[6].

וכמבואר אין דעם מאמר הנ"ל פון בעל הגאולה די פרטים אין דיוק לשון הכתוב, אז דא איז טאקע פאראן אן ענין פון "קרב", אן ענין פון מלחמה (ווי דער אפטייטש פון "קרב" איז); ביחד עם זה אבער איז "קרב" אויך מלשון "קירוב", אז דאס איז א מלחמה וואס קומט-פאר ע"י קירוב הנלחמים זה בזה.

און אין "קרב" גופא, אין א מלחמה, קען דער נצחון דערפון זיין בכמה אופנים – זאגט מען אז דא ווערט דער אופן הנצחון אנגערופן "פדה", אז ס׳איז א פדי׳, און "פדה בשלום", א פדי׳ בשלום.

ב. ס׳איז דאך "הימים האלה נזכרים ונעשים"[7]:

מידי שנה בשנה בשעת עס קומט דער יום סגולה יו"ד כסלו

– ע"ד –

------------

1) שנת תקפ"ז – "התמים" חוברת ב ע׳ פד (פט, ד). מבוא לקונטרס "בד קודש" ע׳ 9. "היום יום" י׳ כסלו (ע׳ קיא). 2) מכתב ח׳ טבת תרצ"ו – קובץ מכתבים לתהלים (אהל יו"י) ע׳ 200 ואילך. 3) נה, יט. 4) וראה בית רבי ח"ב ספ"ה בהערה. 5) מט, א ואילך. 6) ולהעיר שביו"ד כסלו תרס"ז נאמר ד"ה פדה בשלום – התמים חוברת ב׳ ע׳ עה [פו, ד]. 7) ל׳ הכתוב – אסתר ט, כח. וראה רמ"ז בספר תיקון שובבים. הובא ונתבאר בספר לב דוד להחיד"א פכ"ט.

- ע"ד ווי עס שטייט אין שו"ה מן השמים[8] בנוגע צו י"ט כסלו, אז ער איז א "יום בשורה", עד"ז איז פארשטאנדיק אז דערנאך איז דאס נמשך געווארן אין דער גאולה פון בנו מבלא מקומו (פון דעם אלטן רבי'ן), די גאולה פון יו"ד כסלו -

דערמאנט מען זיך, "נזכרים", וועגן דעם וואס ביי א נשמה כללית איז געווען דער ענין פון "פדה בשלום נפשי מקרב לי כי ברבים היו עמדי",

[וואס א נשמה כללית האט אין זיך כו"כ ענינים, אבער דא איז די הדגשה ווי די נשמה כללית איז כולל אין זיך כל נשמות הדור ההוא],

און וויבאלד אז דער "נזכרים" איז ווי תורת אמת וויל אז דאס זאל זיין, אז דאס ווערט אן אמת'ער זכרון - ווערט דאס אן אמת'ע איבערלעבונג[9], ניט ווי אן ענין וואס האט געטראפן "לפנים"[10], נאר - אן ענין וואס איז בהוה אין יום העירי בכסלו שנה זו.

און בשעה דער "נזכרים" איז על מנת אז עס זאל זיין מעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[11] - ווערט דעמולט, כהמשך לשון הכתוב - "ונעשים". אז פון זיין החלטה קומט עס אראפ און דאס ברענגט אים צו מעשה, ביז אז עס ווערט א מעשה בפועל.

ביז אין אן אופן אז אין חלקו בעולם טוט זיך אויף דער ענין פון "פדה בשלום נפשי מקרב לי כי ברבים היו עמדי", בפרט לויט דעם ביאור פון דעם בעל הגאולה בספרו שערי תשובה ד"ה פדה בשלום גו' (הנ"ל).

ג. עד"ז געפינט מען אויך אין דער גאולה פון דעם אלטן רבי'ן אין "יום בשורה" פון י"ט כסלו:

דער אלטער רבי שרייבט במכתבו הידוע בקשר לגאולתו[12], אז "כשקריתי בס' תהלים בפסוק פדה בשלום נפשי, קודם שהתחלתי פסוק שלאחריו, יצאתי בשלום מה' שלום",

- ווארום -

------------

8) להר"י מקורביל (מבעלי התוספות) - ס"ה. וראה לקו"ש ח"י ע' 270 בהערה. 9) ראה לקו"ד כרך א קסד, א ואילך. 10) דאה תורת הבעש"ט - הובאה בלקו"ע ח"ו ע' 189 (מס' דברי שלום פ' בא). כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות עה. 11) אבות פ"א מי"ז. 12) אגרות קודש אדה"ז סל"ח (ע' צז ואילך). וראה גם שם סל"ט (ע' צט). בית רבי ח"א פי"ח (לה, סע"א ואילך). ספר התולדות אדה"ז ע' ריח ואילך. וראה גם "היום יום" י"ט כסלו (ע' ד).

וואָרום די קביעות פון י"ט כסלו דעמולט איז דאָך געווען ב"יום ג' שהוכפל[13] בו כי טוב"[12], וואָס לויט ווי אמירת התלים איז "בשופי", "היינו כמו שהתהלים נחלק לימי השבוע"[14], און בכל שבוע ושבוע איז מען גומר גאַנץ תהלים - איז ביום השלישי בשבוע זאָגט מען (אויך) דעם קאַפּיטל מיטן פסוק "פדה בשלום נפשי גו'", און דאָס האָט דער אַלטער רבי דעמולט געזאָגט[15].

און ער שרייבט דאָרטן אין דעם בריוו[16] די פרטי הדברים ווי אַזוי די גאולה איז געווען, אַז דאָס איז נתפרסם געוואָרן און "ראו כל אפסי ארץ את ישועת אלקינו" -

ע"ד המדובר לעיל (בנוגע צו דער גאולה פון יו"ד כסלו), אַז דער "פדה בשלום נפשי גו'" ווערט "ונעשים" (ניט נאָר בהחלטתו פאַר זיך, און ניט נאָר אַן עשי' צו זיך אַליין, אין דער "עיר קטנה זה הגוף"[17], אין (כח ה)עשי' פון זיין גוף - נאָר אויך) אין אַן עשי' אין חלקו בעולם,

און דערנאָך ווערט דאָס נמשך אין כל העולם כולו, כיוסד אויפן פס"ד פון רמב"ם[18], אַז "צריך כל אדם שיראה עצמו כל השנה כולה כאילו חציו זכאי והציו חייב, וכן כל העולם כולו[19] חציו זכאי וחציו חייב . . עשה מצוה אחת (במעשה, בדיבור אָדער במחשבה) הרי הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות".

ד. און וויבאַלד אַז דאָס איז אַן ענין, און נאָכמער - אַ פּסק דין, אין תורת חיים, הוראה בחיים, וואָס "לא בשמים היא"[20], נאָר בחיים אין עוה"ז הגשמי, און צוזאַמען דערמיט איז די תורת אמת -

איז פאַרשטאַנדיק, אַז אע"פ וואָס מ'זעט ניט בעיני בשר פון דעם פליישיקן גוף ווי אַ פעולה פון אַ איד האָט אַ השפעה בכל העולם כו' - איז דאָס אַן ענין וואָס איז אמת און אמת לאמיתו.

ואדרבה: דאָס וואָס לע"ל קומט אַרויס בגלוי אַז "ראו כל אפסי ארץ", ביז אין אַן אופן פון "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[21], וואָס דעמולט איז דער אמיתית הענין פון "פדה בשלום", אַז ס'איז אינגאַנצן ניטאָ די מציאות מיט וועלכע

- מ'דאַרף -

-------------

13) ראה פרש"י עה"פ בראשית א, ז. 14) מכתב הנ"ל שבהע' 2. 15) ראה מכתב הנ"ל שם. 16) אגרות קודש שם סל"ט. בית רבי וספר התולדות שם. 17) נדרים לב, ב. 18) הל' תשובה פ"ג ה"ד. מקידושין מ, ריש ע"ב. 19) ראה לקו"ש חי"ג ע' 288 הע' 13. 20) נצבים ל, יב. ב"מ נט, ב. 21) זכרי' יג, ב.

כ'דארף כלהכה האבן (ווי דער בעל הגאולה (פון יו"ד כסלו) איז מבאר במאמר הנ"ל) - איז דאס דורך מעשינו ועבודתנו בזמן הגלות בכלל[22], ובפרט אין ימי סגולה פון גלות, וואס איינער פון זיי - איז היינטיקער טאג, עשירי בכסלו, "העשירי יהי' קודש"[23].

און וויבאלד אז די מעשה ועבודה ("מעשינו ועבודתנו") פון איצטער איז די סיבה וואס ברענגט דערנאך דעם מסובב אז ס'וועט דאס זעהן בעיני בשר - איז פארשטאנדיק אז דער מסובב איז נכלל שוין אין דער סיבה.

ה. אין יו"ד כסלו בקביעות שנה זו קומט צו אן ענין נפלא:

דובר כמ"פ אז בנוסף צו הוראות וואס זיינען דא בכל יום ויום, ווארום "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[24], זיינען אויך דא הוראות פון דער שנה מיוחדה ווען דאס קומט אויס, און פון דער קביעות מיוחדת בימות השבוע.

ועד"ז בעניננו: אע"פ אז דער טאג פון יו"ד כסלו איז דער זעלבער טאג אין חודש ווי ס'איז געווען בשנה שעברה - אעפ"כ איז דא א שינוי בכל שנה ושנה ווען יו"ד כסלו קומט אויס בימי השבוע, אדער א שינוי וואס דער יאר איז אן אנדער יאר ווי די יארן פאר דערויף און נאך דערויף.

וואס יו"ד כסלו בשנה זו איז ביום השלישי בשבוע, און דער יאר איז א שנת הקהל.

ו. דער ענין און לימוד אין דעם וואס יו"ד כסלו (בקביעות שנה זו) איז חל ביום השלישי בשבוע:

בשעת יו"ד כסלו איז ביום השלישי בשבוע ווערט דער ענין פון "פדה בשלום גו'" סיי מצד ימי החודש, ווארום דער שיעור חדשי אין תהלים פון עשירי בחודש (כסלו) איז כולל דעם פסוק "פדה בשלום גו'", און סיי מצד ימות השבוע, ווארום דער שיעור שבועי אין תהלים פון יום השלישי (כפי שנחלק לימי השבוע) איז כולל דעם פסוק "פדה בשלום גו'" (כנ"ל).

דאס הייסט, אז אין יו"ד כסלו בקביעות שנה זו קומט צוזאמען דער ענין פון "פדה בשלום" מצד ימי החודש און "פדה בשלום" מצד ימות השבוע.

ז. דער ביאור אין דעם אויפטו פון דעם "פדה בשלום" וואס

- קומט -

---

22) ראה תניא רפל"ז. 23) ל' הכתוב - בחוקותי כז, לב. וראה זח"ב רעא, א. 24) זח"ג צד, ב.



הנחה הת' בלתי מוגה

קומט צו אין יו"ד כסלו בקביעות שנה זו מצד דעם וואס דאס קומט אויס ביום השלישי בשבוע, לגבי דעם "פדה בשלום" וואס איז דא אין יו"ד כסלו בכל השנים (מצד דעם יום בחודש) -

וועט מען פארשטיין בהקדם דעם חילוק (בדא"פ) צווישן דער גאולה פון דעם אלטן רבי'ן בי"ט כסלו, וואס איז געווען דעמולט (בפעם הראשונה) ביום השלישי בשבוע, ובמילא איז דער "פדה בשלום" געווען מצד ימי השבוע, מיט דער גאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן, וואס איז געווען דעמולט ביום הראשון בשבוע,

[במבואר ומסופר אין די רשימות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[25], אז דער מאסר האט זיך אנגעהויבן ביום א' פ' נח, און די גאולה איז געווען ביום א' פ' וישלח],

נאר וויבאלד אז בימי החודש איז דאס געווען בעשירי בחודש (כסלו), איז דעמולט אויך דא דער ענין פון "פדה בשלום" (מצד ימי החודש).

ח. וביאור החילוק וועט מען פארשטיין פון דעם חילוק צווישן די צוויי גאולות ווי זיי זיינען געווען בפשטות לויט די דברי הימים וועגן זיי:

לויט דברי הימים זעט מען אז די גאולה פון דעם אלטן רבי'ן איז געווען מער בגלוי און מער בפרסום און מיט מער שטודעם, ביז דער "ראו כל אפסי ארץ". ווי ס'איז געווען די גאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן.

נוסף אויף ווי דער ענין איז בפועל אין "מעשה רב"[26] - אז די חגיגה פון י"ט כסלו איז ביהר שאת וביהר עוז ווי די חגיגה פון עשירי בכסלו,

[ובמבואר[27] די כמה סיבות בדבר; דא איז אבער נוגע דער ענין המעשה בפועל].

און ווי דאס איז אויך בפשטות:

דער הידות און שחרור פון דעם אלטן רבי'ן בי"ט כסלו איז געווען פון א סאך א שווערערע גזירה, ווי די גזירה וואס איז געווען בא דעם מיטעלן רבי'ן,

און דער מאסר און גאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן איז שוין געווען נאך דערויף ווי ס'איז נתפשט געווארן הורת החסידות, און עס זיינען צוגעקומען צענדליקער טויזנטער חסידים[28] און צענדליקער טויזנטער מאמרי חסידות, ניט נאר

- פון -

---

25) מקומות שבהע' 1. 26) ראה שבת כא, א. וש"נ.
27) קונטרס "בד קודש" שם בהערה. 28) ראה קונטרס לימוד החסידות ע' 13.



הנחת הת' בלתי מוגה

פון דעם אלטן רבי'ן, נאר אויך פון דעם מיטעלן רבי'ן,

ביז אז אויך בדפוס זיינען שוין געווען כמה ספרים וואס נדפסו פאר דעם מאסר און גאולה פון יו"ד כסלו.

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז די גזירה בא דעם מיטעלן רבי'ן האט ניט געקענט זיין מיט אזא הומרא ווי ס'איז געווען אין התהלת התפשטות פון "יפוצו מעינותיך חוצה" וואס האט זיך בכללות אנגעהויבן (בזמן פון דעם אלטן רבי'ן) לאחרי פעטערבורג, כידוע די שיחה בזה פון דעם רבי'ן נ"ע[29].

עד"ז איז אויך דער שחרור וואס מ'האט געגעבן דעם אלטן רבי'ן געווען בפשטות א גרעסערער ווי דער שחרור וואס מ'האט געגעבן דעם מיטעלן רבי'ן.

ט. דער אויפטו פון דער גאולה פון דעם אלטן רבי'ן לגבי דער גאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן - איז ע"ד ווי דער אויפטו פון יום השלישי בשבוע (ווען ס'איז געווען די גאולה פון י"ט כסלו) לגבי יום הראשון בשבוע (ווען ס'איז געווען די גאולה פון יו"ד כסלו):

ביום השלישי איז "הוכפל בו כי טוב", וואס דאס מיינט בפשטות. ווי דש"י[30] טייטשט אפ, אז ביום שני פון מעשה בראשית "לא נאמר כי טוב", ווארום "לא הי' נגמר מלאכת המים עד יום השלישי והרי התחיל בו בשני ודבר שלא נגמר איננו במילואו וטובו. ובג' שנגמרה מלאכת המים והתחיל וגמר מלאכה אחרה כפל בו כי טוב שני פעמים, אחת לגמר מלאכת השני ואחת לגמר מלאכת היום".

וואס דאס איז דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא: ביום השני איז "נבראת מחלוקת, שנאמר[31] ויהי מבדיל בין מים למים", וואס דערפאר "אין כתיב בשני כי טוב"[32], און ביום השלישי איז דאס נהתקן געווארן[33] - ווערט אתהפכא חשוכא לנהורא, און דערפאר איז ביום השלישי "<u>הוכפל</u> בו כי טוב", "טוב" אויך פאר יום השני.

אויב עס וואלט געשטאנען "כי טוב" באזונדער אין יום השני און "כי טוב" באזונדער אין יום השלישי - וואלט דעמולט בפשטות ניט געווען דער ענין פון "<u>הוכפל</u> בו כי טוב", מעדניט ווי איין מאל "כי טוב", אזוי ווי ביום הראשון;

דער יום השלישי טוט אבער אויף אז עס איז ניט נאר

- איין -

------------

29) תו"ש ס"ע 112 ואילך. 30) שבהע' 13. וראה גם ב"ר פ"ד, ו. 31) בראשית שם, ו. 32) ב"ר שם. 33) ראה גם אוה"ת בראשית לד, סע"א. סה"מ הרכ"ז ע' שכב. ובכ"מ.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

איין מאל "טוב", נאר "הוכפל בו כי טוב", שני פעמים.

י. נאכמער:

דער עילוי וואס איז דא ביום השלישי לגבי יום ראשון (ושאר ימות השבוע), אז דעמולט איז "הוכפל בו כי טוב" - איז ניט נאר אן ענין בכמות, אז יעדער טאג שטייט נאר איין מאל "כי טוב" און ביום השלישי שטייט דאס צוויי מאל (אויך פאר יום השני) - נאר דאס איז דערפאר וואס יום השלישי איז שלא בערך לגבי די אנדערע טעג אין איכות הדברים,

וואס דערפאר איז "הוכפל בו כי טוב", וואס דאס איז "טוב לשמים וטוב לבריות"[34] - אז כ'האט דעמולט סיי "טוב לשמים" און סיי "טוב לבריות", און בײדע ענינים צוזאמען,

כמדובר כמ"פ[35], אז בשעה כ'וועט פרעגן ביי איינעם אויף א רגע פון יום השלישי, פון וועלכן טאג דער רגע איז - איז אין וואס ער זאל נאר זיין פארנומען דעמולט - וועט ער זאגן אז דאס איז א רגע פון א טאג וואס זיין הוכן איז "טוב לשמים וטוב לבריות",

דאס הייסט, אז אין יעדער רגע פון דעם טאג זיינען דא די בײדע ענינים פון "טוב לשמים" און "טוב לבריות" צוזאמען, ביז וואנעט אז כ'קען גארניט אפטיילן און זאגן אז דער רגע פון טאג געהערט צו "טוב לשמים" און דער צווייטער רגע פון טאג געהערט צו "טוב לבריות"; דאס איז היפך המציאות!

יא. בשעת מ'דעצט דאס איבער אין מעשה בפועל, וואס המעשה הוא העיקר - הייסט דאס:

מ'האט געגעבן א אידן דעם כח אז ער זאל מאכן פון "שמים" און "בריות" איין זאך, ביז וואנעט אז מ'קען זיי גארניט פאנאנדערטיילן,

ד.ה. אז יעדער ענין וואס ער טוט, במעשה בדיבור ובמחשבה - איז ביי אים "שמים" און "בריות" די זעלבע זאך.

יב. מ'דארף אבער פארשטיין: "שמים" און "בריות" זיינען צוויי הפכים, איז ווי זאגט תורה אמת אז א איד האט בכח צו מאכן "שמים" און "בריות" איין זאך?!

- איז -

------------

34) קידושין מ, א. וראה אוה"ת שם לג, ב ואילך. משפטים ע' א'קנז. שם ע' א'קסא ואילך. 35) ראה גם שיחה מוצאי ש"פ נח ה'תשל"ח סי"ד. אור ליום ג', ב' מרחשון ה'תש"מ ס"ה (קונטרס "ויעקב הלך לדרכו" ע' 4).

איז דער ביאור בזה:

דער רמב"ם שרייבט בהחלה ספרו[36] אז "כל הנמצאים משמים וארץ ומה שביניהם [וואס דאס איז כולל ביז א בריאה הכי התחונה, "יתוש קטן שיהי' בטבור הארץ", ווי דער רמב"ם ברענגט אראפ אין די פרקים שלאח"ז[37]] לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו".

דאס הייסט:

נוסף לזה וואס די נמצאים זיינען נתהווה געווארן און נברא געווארן דורכן בורא, דורכן ממציא (ובלשון הרמב"ם שם: והוא ממציא כל הנמצא), מאין ליש, און הכל נברא ונוצר ונעשה ע"י הקב"ה, און מקרא מלא דבר הכתוב[38] "בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ" - וואס דאס ברענגט אלץ ארויס אז די נמצאים זיינען געווארן מאין ליש, ווי דער רמב"ן[39] טייטשט אפ אז דער לשון "(בראשיה) ברא" איז ווען די מציאות ווערט מאין ליש -

גיט דער רמב"ם צו א געוואלדיקן ענין [און ער זאגט דאס דוקא אין נגלה דתורה, און אין א ספר וואס איז "הלכות הלכוה"[40], און דארטן גופא ברענגט ער דאס אין דער ערשטער הלכה אלס א דבר ברור] - אז די נמצאים זיינען געווארן א מציאוה פון דער מציאות פון דעם ממציא און דוקא פון דעם (מציאות פון דעם) ממציא זיינען נמצא געווארן כל הנמצאים.

און וויבאלד אז דאס רעדט זיך ווענן א מציאות דלמעלה (א מציאות פון דעם אויבערשטן), איז דאס אזוי ווי אלע ענינים שלמעלה - אז אלץ איז דארטן איין זאך מיטן אויבערשטן, ווי דער רמב"ם איז מאריך ווייטער[41] אז למעלה איז "הוא היודע והוא הידוע והוא הדיעה עצמה כו'",

וואס דאס רעדט זיך אפילו ווענן הוארים אין דעם אויבערשטן, דער הואר פון "יודע", "ידוע" און "דיעה"; איז דאך עאכו"כ בעניננו וואס עס רעדט זיך לבעלה מכל הוארים, ביז וואנעט אז מ'קען אויף דערויף גארניט זאגן קיין נאמען, מ'זאגט מערניט אז דאס איז "המצאו", א מציאות וואס איז ניט ווי די מציאות איז דא למטה. נאר וויבאלד אז מ'האט ניט קיין אנדער ווארט נוצט מען אט דעם ווארט - "המצאו" - איז דאס זיכער איין זאך מיטן אויבערשטן.

און פון דער מציאות, "המצאו", נעמען זיך אלע נמצאים,

- און -

------------

36) ריש הל' יסוה"ת. 37) פ"ב ה"ט. 38) בראשיה א, א. 39) עה"פ. 40) רמב"ם בהקדמתו לספרו. 41) הל' יסוה"ת פ"ב ה"ט. וראה גם הל' השובה פ"ה ה"ה.

און אין דער מציאות גופא נעמען זיי זיך "מאמיתת המצאו":

ע"ד ווי ס'זאגט אויף הורה אז אין איר איז דא פנים ואחור[42], נגלה ופנימיות - עד"ז איז אין אלקות דא אלקות שבגלוי און אלקות שבהעלם והסתר, שם הוי' און שם אלקים, "שמש" און "מגן"[43] -

און דא זאגט מען אז "כל הנמצאים . . לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו" - אז אלקות ווערט אין אן אופן אז דאס ווערט נתגלה, ביז וואנעט אז תורה אמת פסק'נט אפ אז "כל הנמצאים . . לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו".

יג. והמעשה הוא העיקר - וואס נעמט מען ארויס פון דעם ענין וואס ביום השלישי איז "הוכפל בו כי טוב", דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא, ביז אז עס ווערט "טוב לשמים וטוב לבריות" צוזאמען אלס איין זאך (וויבאלד אז "כל הנמצאים . . לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו"):

בשעת מ'געפינט זיך אין עקבתא דמשיחא, אין חושך כפול ומכופל פון ימי הגלות, און מ'געפינט זיך אין חוץ לארץ, אויך כפשוטו,

נוסף לזה וואס אפילו די וואס געפינען זיך אין ארץ הקודש, זאגן דאך אויך[44] "מפני חטאינו גלינו מארצנו": זיינדיק אין ירושלים עיר הקודש, אדער אין חברון עיר הקודש און עיר האבות, ועד"ז בכל ארץ ישראל לגבולותי' - זאגט מען אז דאס איז אן ענין פון "גלינו מארצנו".

ווארום ארץ ישראל דארף האבן "כל יושבי' עלי'"[45], ועאכו"כ אז זי דארף האבן די אמת'ע מציאות וואס באזעצט זיך דארטן - וואס דאס איז אלקות, אז אלקות זאל דארטן שטיין אין אן אופן פון "ישוב", אין אן אופן פון התיישבות,

און בשעת דאס פעלט, איז זייענדיק אין ירושלים, אין חברון, אין טברי', אין צפת וכיו"ב בכל ארץ ישראל לגבולותי' - איז בשעת מעשה "גלינו מארצנו"!

דאס קומט אבער ניט צו דעם "גלינו מארצנו" ווען מ'געפינט זיך אין חוץ לארץ בפשטות.

וואס דערפאר איז דא א חילוק צווישן חו"ל און א"י

- בנוגע -

------------

42) ראה קו"א קסא, א. לקו"ת במדבר יח, ב ואילך. ובכ"מ. 43) ראה שעהיוה"א רפ"ד. 44) בתפלת מוסף דיו"ט. 45) ראה ערכין לב, סע"ב. רמב"ם הל' שמיטה ויובל פ"י ה"ה.

בנוגע לכמה מצוות און נוסחאות ברכות ותפלה וכיו"ב.

און דארטן גופא געפינט מען זיך בלילה,

וואס לילה פועל'ט דאך א שינוי ניט נאר אין וועלט, וואס "החושך יכסה ארץ"[46], נאר אויך אין עניני קדושה, אין עניני קרבנות וכיו"ב, אז ענינם איז דוקא ביום, "ביום צותו"[47], ניט בלילה, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו עניני קרבנות ברוחניות, אז זיי זיינען פארבונדן מיט יום ניט מיט לילה.

ואין ענין יוצא מידי פשוטו - בשעת ס'איז לילה איז ניט יום -

גיט תורה כח א אידן, ביז אויך א פשוט שבפשוטים - אז עס זאל זיין פונקט פארקערט: אע"פ וואס ס'איז "לילה", איז - "לא איברי לילה אלא לגירסא"[48], וואס דערפאר איז "קומי רוני בלילה (דוקא)"[49] ווארום בלילה איז לימוד התורה ביתר שאת וביתר עוז, כמבואר אין הלכות ת"ת פון דעם רמב"ם[50] און פון דעם אלטן רבי'ן[51].

וואס דאס איז פונקט דער היפך ווי לילה איז ע"פ תורה איידער מ'נעמט פון דער לילה און כ'ארבעט מיט איר ווי תורה פארלאנגט[52].

און מ'זאגט, ניט אז לא איברי לילה אלא לפלפול ולחידושים וכיו"ב - נאר "לא איברי לילה אלא לגירסא":

אפילו אז דער לערנען איז מערניט ווי לגירסא, ס'איז אבער א גירסא אין תורת ה' - איז אט דעמולט מאכט דאס איבער פון לילה פונקט דעם היפך.

און מ'זאגט ניט "איברי לילה לגירסא", נאר "לא איברי לילה אלא לגירסא", וואס דאס באווייזט אויף דעם עיכוב והדגשה שבדבר[53].

יד. הנקודה בזה בהנוגע לפועל:

כאמור, מ'געפינט זיך נאך אין גלות פאר דער אתחלתא דגאולה, און אין גלות גופא געפינט מען זיך אין עקבתא דמשיחא, אין חושך כפול ומכופל, און אין חו"ל (אויך כפשוטו) -

- זאגט -

------------

46) ישעי' ס, ב. 47) צו ז, לה. הו"כ עה"פ.
48) עירובין סה, א. טור או"ח סרל"ה. 49) איכה ב, יט.
50) פ"ג סי"ג. 51) פ"ד ס"ה. וראה גם שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ב ס"א ס"ג. 52) ראה יהל אור ס"ע קסו ואילך.
53) ראה מנחות פג, סע"ב ובהוד"ה מהני' שם.

זאגט מען אז בשעת א איד גייט ארוים אין "לילה" און געפינט א אידן וואס בשעת מ'קוקט "אל מראהו"[54] זעט מען אז ביי אים לייכט ניט דער "נר ה' נשמה אדם"[55], ער איז א "לילה-איד" - דארף ער אבער וויסן אז "לא איברי לילה אלא לגירסא":

די גאנצע זאך וואס ס'איז דא די מציאות פון לילה איז דאס מערניט ווי "לגירסא" - כדי דעמולט זאל זיין די גירסא פון "תורה אור"[56], און בהצלחה יותר ווי דער לימוד ההורה וואס מ'לערנט ביום.

עד"ז בנוגע צו דעם איד וואס זעט אויס ווי א "לילה-איד": אט דער איד איז באשאפן געווארן מיט דער כוונה, ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[57] דעם אפטייטש פון "ועשה לי מטעמים"[58], אז דער אויבערשטער וויל האבן (אויך) א ספעציעלן "מטעמים", אז פון "רעה" זאל מען מאכן "יום ואור כו'", "ליום רעה"[59].

וואס דערפאר איז בשעת ער טרעפט א איד וואס איין אים איז דא א נקודה וואס איז נאך ניט באלויכטן פון דעם אידן'ס "נר ה' נשמת אדם" - דארף ער מאכן פון דער נקודה אז אויך די זאל לייכטן - "כיום יאיר"[60], און נאכמער - "לילה כיום יאיר"[60], עס זאל זיין דער "יתרון האור מן החושך" און "יתרון החכמה מן הסכלות"[61].

טו. וואס המדובר לעיל איז די מעשה בפועל וואס קומט ארוים פון דער גאולה פון רבותינו נשיאינו - די גאולה פון י"ט כסלו, וואס דעמולט האט זיך אנגעהויבן לאמיתתו "יפוצו מעינותיך חוצה" (כנ"ל ס"ח), און דערנאך דער המשך שבזה אין דער גאולה פון יו"ד כסלו פון דעם מיטעלן רבי'ן,

ובפרט בקביעות שנה זו, אז אין יו"ד כסלו טרעפן זיך ביידע זאכן צוזאמען: סיי דער ענין פון "פדה בשלום" מצד ימי החודש (עשירי בחודש (כסלו)), און סיי דער ענין פון "פדה בשלום" מצד ימות השבוע (יום שלישי), וואס דעמולט האט די גאולה פון יו"ד כסלו ע"ד ווי דער "פדה בשלום" פון י"ט כסלו (וואס איז געווען (בפעם הראשונה) ביום השלישי), די מעלה פון יום שלישי "שהוכפל בו כי טוב", אההפכא חשוכא לנהורא ביז אז "טוב לשמים" און "טוב לבריות" ווערן איין זאך. כנ"ל.

- טז. -

------------

54) ל' הכתוב - ש"א טז, ז. 55) ל' הכתוב - משלי כ, כז. וראה תניא רפי"ט. 56) שם ו, כג. 57) פכ"ז (לד, ב). 58) תולדות כז, ד. 59) משלי טז, ד. 60) תהלים קלט, יב. 61) ע"פ קהלת ב, יג. וראה ספר הערכים-חב"ד ערך אור - ביחס להושך ס"ח. וש"נ.

טז. און דאס אלץ ווערט די הכנה קרובה צו "לילה כיום יאיר", דורך דערויף וואס יעדער איד טוט התלוי בו אויף מאכן פון דעם אייגענעם "לילה" און פון חלקו "בלילה" פון חלקו בעולם - אור,

אז בשעת ער טרעפט א איד וואס זעט אויס (אין כמה ענינים) ווי א "לילה-איד" מאכט ער אז אין אים זאל לייכטן - "לילה כיום יאיר".

און יעדער פעולה וואס כ'טוט אין די ענינים איז נאכמער ממהר און מקרב און ברענגט אראפ פון דער גאולה פון יו"ד כסלו - אז עס זאל נתגלה ווערן ביז אין אן אופן פון "ראו כל אפסי ארץ", און "הפליא והגדיל ה' לעשות בארץ" (ווי דער אלטער רבי שרייבט דאס דריי מאל אין אגרת הקודש שלו הידועה (הנ"ל)[62]) - די גאולה האמיתית והשלימה.

יז. ואין ענין יוצא כידי פשוטו:

מ'וויל און מ'פירט אויס ביאה משיח צדקנו בפשטות למטה מעשרה טפחים,

ביז אין אן אופן אז דאס ווערט אויפגעטאן דורך "פדה בשלום נפשי", אן קיינע שוועריקייטן און אן קיין טירחא, ווי דער בעל הגאולה איז מאריך ומבאר בבאמרו הנ"ל.

ובפשטות - אז יעדער איד איז מוסיף "כיתרון האור מן החושך" און "כיתרון החכמה מן הסכלות" אין הפצת המעיינות חוצה בתוככי פון הפצת היהדות הוצה.

און דעמולט ווערט דער "מיד הן נגאלין" (בלשון הרמב"ם[63]),

און מ'זעט "כל בשר יחדיו"[64] ווי אזוי "כל הנמצאים . . לא נמצאו אלא מאמיתת המצאו", וואס דעמולט איז פארשטאנדיק אז אלע נמצאים זיינען מסייע אז עס זאל זיין דער "שמחת עולם על ראשם"[65],

און מ'גייט ארויס פון גלות "ביד רמה"[66], און אין אן אופן פון "מיד",

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

"והקיצו ורננו שוכני עפר"[67] און דער בעל הגאולה בתוכם ובראשם,

- ובמהרה -

------------

62) כהגירסא באגרות קודש וביה רבי שבהע' 12. 63) הל' תשובה פ"ז ה"ה. 64) ל' הכתוב - ישעי' מ, ה. 65) ישעי' לה, י. נא, יא. 66) כביצי"מ - בשלח יד, ח. 67) ישעי' כו, יט.

ובמהרה בימינו ממש.

* * *

יח. וויבאלד אז מ'שטייט איצטער אין דעם טאג פון דער גאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן, איז דאס דער "שער" דורך וועלכן עס ווערן נתעלה מלמטה למעלה כל העניינים.

וואס דערפאר איז איצטער דער זמן המתאים צו רעדן אין דער מעלה וואס איז דא אין דער גאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן לגבי גאולה הראשונה - די גאולה פון דעם אלטן רבי'ן.

יט. והענין:

דער העלם והסתר וואס איז געווען פאר דער גאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן איז געווען (מצד אחד) א סאך א גרעסערער ווי דער העלם והסתר וואס איז געווען פאר דער גאולה פון דעם אלטן רבי'ן:

נאך דערויף וואס ס'איז געווען דער מאסר און די גאולה פון דעם אלטן רבי'ן, און ס'איז געווען מיט אזא שטורעם, ביז ווי דער אלטער רבי שרייבט במכתבו הנ"ל, אז "אפילו בין העמים אשר בכל מדינות המלך גם בעיניהם היתה זאת הפלא ופלא" - איז לכאורה שוין לאח"ז ניט געווען קיין ארט אויף א מאסר:

און אעפ"כ איז געווען דער חושך און העלם והסתר - אז ס'איז געווארן א מאסר און מ'האט געדארפט אנקומען צו דער גאולה לאחרי זה!

וואס דאס באווייזט אויף דעם גודל ההעלם והסתר.

און ווי דאס איז אויך בפשטות:

דער מאסר פון דעם מיטעלן רבי'ן איז דאך געווען (ווי גערעדט פריער (ס"ח)), נאך דערויף וואס מ'האט אריינגענומען (און "איינגענומען") צענדליקער טויזנטער אידן אין דעם לימוד פון די מעיינות ("מעיינותיך") אין אן אופן פון "יפוצו . . חוצה" (ווי דער מיטעלער רבי שרייבט בהקדמתו לכמה מספריו[68] וואס זיינען אפגעדרוקט געווארן בחייו על ידו נאך קודם המאסר),

האט זיך דאך דעמולט אויפגעטאן דער "יפוצו מעינותיך חוצה" מיט א מורא'דיקן שטורעם, סיי דער שטורעם אין דעם "יפוצו", די הפצה, און סיי דער שטורעם אז דאס האט דערגרייכט אין "הוצה", און סיי דער שטורעם אז מ'האט דארטן,

- אין -

---

68) ראה הקדמתו לסידור עם דא"ח.



הנחה הת' בלתי מוגה

אין דעם "חוצה", געהאט די מעיינות ("מעיינותיך") עצמם [במדובר בכ"פ דער דיוק בזה[69], אז ניט מ'זאגט יפוצו בהמעיינות חוצה, נאר "יפוצו מעיינותיך חוצה", אז די מעיינות אליין דארפן קומען אין "חוצה"];

און אעפ"כ האט געקענט דערנאך זיין אזא חושך וואס ווערט ניט נתפעל פאר אזא אור, און נאכמער - ווערט ניט נתפעל פאר אן אור וואס עניננו איז "יפוצו מעינותיך חוצה", ער זאל אויפטאן דעם "לילה כיום יאיר" - און דער חושך פירט דורך אז עס ווערט א מאסר בפועל!

און דעמולט דארף מען האבן די גאנצע השתדלות ברוחניות כדי עס זאל דערנאך אראפקומען די הצלחה אין דער השתדלות בגשמיות וואס האט דערנאך געבראכט צו דער גאולה.

וואס דאס באווייזט אויף א חושך הכי גדול - נאך מערער ווי ס'איז געווען בא דעם ערשטן מאסר (דער מאסר פון דעם אלטן רבי'ן).

און ווייבאלד אז דער חושך איז געווען א גרעסערער - איז בשעת מ'איז מנצח דעם חושך, איז דער "יתרון האור מן החושך" אויך א גרעסערער.

ב. וואס דערפאר זעט מען אויך אז "יפוצו מעינותיך חוצה" בא דעם מיטעלן רבי'ן האט אין זיך געהאט א מעלה לגבי ווי דאס איז געווען בא דעם אלטן רבי'ן:

די הדגשה פון "יפוצו מעינותיך חוצה" איז אויך בולל אז די הפצה זאל זיין אין אן אופן, אז אין דעם "חוצה" שבאדם[70], אין זיין הבנה והשגה, זאלן שטיין "מעינותיך" אין אן אופן פון "יפוצו", ביז וואנעט אז עס ווערט א "יחוד נפלא שאין יחוד כמוהו ולא כערכו נמצא כלל כו'"[71].

זעט מען אז אין דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", ווי דאס קומט אראפ אין הבנה והשגה אין תורה החסידות, איז געווען מערער בא דעם מיטעלן רבי'ן ווי בא דעם אלטן רבי'ן (כדלקמן), מצד דעם "יתרון האור מן החושך כו'" וואס האט זיך אויפגעטאן דורך דער גאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן*.

- וואס -

------------

*) ואף שרוב תורתו של אדמו"ר האמצעי נאמר ונכתב לפני גאולתו -

------------

69) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1119. ח"י ע' 106. חט"ו ע' 282.
70) ראה יהל אור ע' הנה. 71) תניא פ"ה.

וואס אע"פ אז מי הוא זה ואיזהו[72] צו-אדריינלאזן זיך און זוכן דיוקים וחילוקים וכו',

ובפרט נאך אז דער מיטעלער רבי איז געווען ממלא מקומו פון דעם אלטן רבי'ן (כיטן דיוק אין "ממלא מקומו"[73]), און ער איז געווען דער עלטסטער זון זיינער, מיט די אלע ענינ' עליות והפלאוה -

איז אבער ידוע דער ווארט פון דעם רבי'ן נ"ע (במכתבו וואס איז שוין געדרוקט און נתפרסם געווארן וכו'[74]) בנוגע צו כדייק זיין אין תניא - אז אויב מ'קען דערפון ארויס-נעמען אן ענין אין יראת שמים אדער אין תורה ומצוותי', קען מען אפילו אין תניא אויך כדייק זיין לפי שכלנו הדל; וואס ער"ז איז אויך בענייננו.

כא. בשעת מ'לערנט דעם אלטן רבי'נס א מאמר און דערנאך לערנט מען דעם מיטעלן רבי'נס א מאמר - קומט צו אין דעם לערנען הרחבת הביאור והבנה והשגה, דער ענין פון "רחובות הנהר"[75], ביז אז עס ווערט דער "יחוד נפלא כו'" נאך מערער וויפל דער "יחוד נפלא כו'" איז געווען לערנענדיק דעם אלטן רבי'נס מאמר בפני עצמו.

און ווי מ'זעט עס בפשטות:

עס זיינען דא די מאמרים פון דעם אלטן רבי'ן ווי זיי זיינען געשריבן געווארן אין זיין סגנון - על ידו, אדער דורך די וואס האבן דאס מניח געווען (פארשריבן) לויט "לשונו הזהב"[76];

דערנאך זיינען דא די זעלבע ענינים ווי זיי זיינען געשריבן געווארן דורך דעם מיטעלן רבי'ן. און בשעה מ'לערנט די ענינים ווי זיי זיינען געשריבן דורך דעם מיטעלן רבי'ן באקומט מען גאר שלא בערך א טיפערע הבנה והשגה ווי די הבנה

- והשגה -

------------

הרי הכוונה היתה שילמדוה והפצתה, ומבלי רדיפות ומפריע וכו' מהמלכות דאז וכו' - וזה נעשה ע"י הגאולה.

------------

72) ע"ד לשון אדה"ז בתניא פכ"ד (סג, א). 73) ראה כהובוה קג, ב. רמב"ם הל' כלכים פ"א ה"ז. 74) קונטרס עץ החיים ע' 88. 75) ראה ס' הליקוטים להאריז"ל עה"פ פרשתנו לו, לז. לקו"ת ראה כט, ב. שה"ש לט, ב. ובכ"מ. 76) ראה דרכי חיים בהקדמה (הובא בפסקי הסידור להרא"ה נאה בהקדמתו).

והשגה וואס מ'האט בשעה מ'לערנט דעם אלטן רבי'נס מאמר בסגנונו הוא.

וואס דאס איז ע"ד דער הילוק צי מ'לערנט אן ענין ווי ער שטייט נאר אין משנה וואס זי איז "דבר קצר"[77], אדער מ'לערנט דערנאך דעם זעלבן ענין לויט ווי ער ווערט נתפרש ונתבאר אין סוגית הגמרא, וואס דעמולט ווערט די הבנה והשגה אין דעם לשון קצר פון דער משנה גאר שלא בערך;

אפילו אויב ער איז א חכם גדול, און ער קען ארויס-נעמען דעם ענין פון ווי ער שטייט אין משנה, וכמאמר אילפא[78] "מי איכא מידי בברייתא דלא פשיטנא לי' ממתניתין" - קומט דאס אבער ניט ווי ער וואלט דאס ארויסגענומען בשעת ער לערנט די בבא פון דער משנה ווי זי שטייט אין גמרא מיט דעם ביאור הגמרא.

וואס דער חילוק צווישן משנה און גמרא איז ע"ד דער חילוק צווישן חכמה און בינה, כמבואר בב"מ דער הילוק צווישן משנה מיט איר ביאור ווי ער קומט אראפ אין "רחובות הנהר", אין הושבע"פ שלאח"ז, אנהויבנדיק פון דער גמרא.

און דער ענין פון חכמה און בינה איז דאך כנגד דעם אלטן רבי'ן מיטן מיטעלן רבי'ן, כידוע רשימת כ"ק מו"ח אדמו"ר[79].

וואס דערפאר איז אויך הודהו פון דעם מיטעלן רבי'ן לגבי הודהו פון דעם אלטן רבי'ן בסגנונו הוא - ע"ד דער חילוק פון משנה און גמרא, חכמה און בינה[80].

און דורך דעם וואס מ'לערנט הורתו פון דעם מיטעלן רבי'ן, אין אן אופן פון בינה, איז דאס דער "שעד" וואס דורך אים נעמט מען אויך די חכמה אין א טיפערן אופן,

בדוגמת המבואר[81] אין דעם ענין פון "אבוך במאי הוי זהיר טפי"[82], אז דורך דער מצוה אין וועלכע ער איז "זהיר טפי", נעמט ער אלע מצוות אין אן אופן אז אין זיי ווערט נמשך פון דעם "זהיר טפי" פון דער מצוה.

כב. והמעשה הוא העיקר: - בשעת -

------------

77) הקדמת הרמב"ם לפיה"מ ד"ה אחר כן. 78) הובא בלקו"ת שה"ש מא, ב (וראה גם שם מב, ד). אוה"ת ח"ש קכט, א. ובכ"מ. וראה העינית כא, א. 79) סה"ש תש"ה ע' 60. תש"ב ע' 19. 80) ראה התמים שם ע' עח [פו, ד]. 81) ראה סה"מ תרפ"ח ס"ע קנד ואילך. סה"ש ה'ש"ה ע' 22 ואילך. וראה גם אגה"ק סו"ס ז. 82) ראה שבת קיח, סע"ב.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

בשעת איינער הויבט אן רעדן מיט זיך און מ׳רעדט מיט אים, אז ער זאל מאכן לייכטן ביי א אידן וואס זעט אויס לעיני בשר ווי א "לילה-איד", ס׳איז אין אים ניט מאיר - עכ"פ אין א חלק פון זיין לעבן - דער "נר ה׳ נשמת אדם" (כנ"ל סי"ד) -

גיט ער זיך דערנאך א כאפ: וואס טוט זיך מיט אים אליין? כאפט ער זיך, אז אע"פ וואס ער האט געלערנט דעם אלטן רבי׳נס מאמר, און דערנאך געלערנט דעם מיטעלן רבי׳נס מאמר, און דערנאך געלערנט די מאמרי רבותינו נשיאינו שלאה"ז - אבער דערנאך ווען עס קומט דער ענין פון "טאפארו דא פלאחו"[83], אז פון מוח זאל דאס אראפקומען אין מעשה בפועל, דורך זיין לב וואס "פליג לכל שיפין"[84] - אט-דא כאפט ער זיך אז דארט האט עס ניט געלויכטן!

ווערט ער בא זיך אראפגעפאלן.

און דערנאך קומט גלייך צוגיין דער "קלוגינקער"[85] און הויבט אים אן איינשמועסן:

מה-דאך אז ווען דו ביסט געווען אין ישיבה און האסט ניט געהאט קיין דאגות ובלבולים, און האסט געלערנט בהתמדה ושקידה, און דערנאך ארויסגייענדיק אין אויר העולם האט דאס ניט גע׳פועל׳ט -

איז וואס וועסטו לייגן איצטער כחות אויף לערנען דעם זעלבן מאמר, דעם זעלבן ביאור, אויך מיט דער כוונה אז דאס זאל אראפקומען אין המעשה הוא העיקר; דאס קומט דאך ניט צו דיין אופן הלימוד ווי ס׳איז געווען ווען דו ביסט געווען "התחת" דעם אמת׳ן "גפנו" אין "התחת" דעם אמת׳ן "האנהו"[86], ווען דו ביסט געווען אין כוהלי הישיבה?!

אשר לכן - זאגט אים דער "קלוגינקער" - פארנעם זיך מיט מבצעים, לויף ארום און קלעפ צעטלען, און מאך א טומל - טאקע לשם שמים, אבער דו זאלסט זיך אפרייסן פון זיך אליין, אז ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס אין "פאספארט" שטייט אז דו ביסט אלט שבעים שנה אדער שמונים שנה, און אז דו ביסט א בעל עסק, והראי׳ אז אין "באנק" רעכנט מען זיך מיט דיר וכו׳ וכו׳ - זאלסטו זיך אפרייסן פון דעם אלעם און ווערן א "ישיבה-בחור"[87] - איז דאס ניט דיין עבודה!

- און -

------------

83) ראה ספר התולדות אדמו"ר מהר"ש (לכ"ק אדמו"ד שליט"א) ע׳ 69. סה"ש תש"ד ע׳ 104. 84) ראה זה"ג רכא, ב. 85) ראה לקו"ש חי"א ס"ע 305. 86) ל׳ הכתוב - מ"א ה, ה. 87) ראה בארוכה שיחת אור ליום ה׳, כ"ף מרחשון שנה זו סי"ט ואילך.

און ער האט דערצו די ראי' פון זיך אליין, בדידי' הוה עובדא - ער זעט וואס האט אויפגעטאן ביז איצט זיין הארעוועך מיט זיך אליין בענינים אלו!

כג. האט מען אויך דערויף די הוראה פון דעם סיפור פון דער גאולה פון דעם מיטעלן רבי'ן. וואס דאס באווייזט א מעשה במוחש:

אנהויבנדיק פון י"ט כסלו תקנ"ט (בעיקר) איז געווען הפצת המעיינות חוצה פון דעם אלטן רבי'ן, און דאס האט אזוי אנגעהאלטן ביז תקע"ג, און דערנאך איז געווען הפצת המעיינות חוצה פון דעם מיטעלן רבי'ן אין אן אופן פון "רחובות הנהר", און עס האט אזוי אנגעהאלטן צענדליקער יארן ביז תקפ"ז (שנת המאסר),

און אעפ"כ האט דערנאך געקענט זיין א מאסר!

למה עשה ה' ככה, און פארוואס דערציילט מען דאס אונז? בכדי אז מ'זאל וויסן אז הגם עד האט פריער געלערנט און דאס האט אויף אים ניט גע'פועל'ט וכו' - זאל ער דערפון ניט נתפעל ווערן, ואדרבה - דאס זאל אים בדענגען אז דערנאך זאל ערשט זיין די התעסקות מיט זיך אליין אין הפצה המעיינות חוצה, אז די מעיינות זאלן אנקומען צו זיין הבנה והשגה.

איי ער האט ניט מצליח געווען אין דעם בעבר - איז אבער היינט א נייער טאג מיט א נייעם צירוף פון שם אד', וואס איז פארבונדן מיט א נייעם צירוף פון שם הוי'[88],

און דער נייער טאג וכו' פועל'ט אז ביי אים זאל זיין מעשה בפועל אין לימוד התורה; ניט נאר מעשה בפועל ביי א צווייטן אידן, נאר מעשה בפועל ביי אים גופא, און ניט נאר מעשה בפועל אין עשי' כפשוטו, נאר מעשה בפועל אין לימוד התורה,

ביז אין דער "עשי'" שבתורה - "לאסוקי שמעתא אליבא דהילכתא"[89],

ועד"ז אין פנימיות התורה - דער "בבן"[90] אין אהבת ה' און יראת ה' וואס קומט ארויס פון דעם לימוד החסידות.

כד. וואס דאס איז אויך מתאים מיט דעם פתגם הידוע פון דעם מיטעלן רבי'ן (אדער חסידים האבן געזאגט אז אזוי האט דער

- מיטעלער -

---

88) ראה הניא ספמ"א. 89) ראה יומא כו, א. 90) ראה סה"מ קונטרסים ח"א קצה, סע"א ואילך. ה'ש"ה ע' יא. תש"א ע' 57. ובכ"מ.

מיטעלער רבי געוואלט)[91] - אז ווען צוויי חסידים טרעפן זיך זאלן זייריידן אין חסידות (אדער ווי דער לשון איז אין אנדערע נוסחאות[92] (לפי ערך תוכן זה), אז "כל רצוננו ומגמתו הי׳ . שאם שניים יפגשו זא"ז ברחוב יהי׳ דיבורם בדא"ח אריך ועתיק כו׳"[93]).

וואס דאס איז אן ענין וואס איז שייך ניט נאר צו עטליכע, נאר בלשון הכתוב[94] - "לא בשמים היא . . ולא מעבר לים היא": דאס מיינט מען יעדערן פון די וואס ווייסן וועגן דעם מיטעלן רבי׳ן, און די וואס ווייסן וועגן זיין מאסר וגאולה!

און בשעת עס קומט דער טאג פון עשירי בכסלו, שטייט ראס, דער נתינת כח בזה ובמילא אויך די תביעה אז מ׳זאל אזוי טאן - ביתר שאת וביתר עוז,

און דאס איז אויך מוסיף יתר שאת ויתר עוז אין הצלחת הלימוד.

כה. בפשטות מיינט מען דערמיט:

נוסף אויף די שיעורים אין לימוד החסידות וואס מ׳האט געהאט ביז א רגע לפנ"ז - זאל מען אין דערויף מוסיף זיין נאכמער און נאכמער.

איי איז די שאלה: ער מוז דאך זיך עוסק זיין אין הפצת המעיינות און הפצת היהדות און אין די מבצעים, און אראפברענגען כשיח׳ן "נאו", בפועל ממש אין אן אופן פון "נגאלין מיד"?! -

זאגט מען - אז א איד האט בכח צו ממלא זיין שליהותו של הקב"ה, וואס ער (הקב"ה) איז אין-סוף, און ער האט באשאפן א אידן א נשמה בגוף במדידה והגבלה, אז ער זאל אויספירן די שליחות זיינע אין אן אופן פון אין-סוף -

איז דאך פארשטאנדיק בפשטות, אז עס קען זיין סיי די עבודה פארבונדן מיט "שמים" און סיי די עבודה פארבונדן מיט "בריות" צוזאמען בכל רגע ורגע ממש (ווי ס׳איז מודגש אין קביעות שנה זו, כנ"ל (ס"י)).

כו. ויהי רצון אז מ׳זאל איבערטייטשן די ענינים אין מעשה בפועל, בנוגע צו זיך און בנוגע צו די בני-בית און בנוגע צו חלקו בעולם און בנוגע צו כל העולם כולו,

- און -

------------

91) סה"ש תש"א ע׳ 52. 92) בית רבי ח"ב פ"א הע׳ ה׳ (השני׳) - צג, א. 93) וראה סה"ש תש"ג ע׳ 13. 94) נצבים ל, יב-יג



הנחת הת׳ בלתי מוגה

און איינעמען מיט א חסידישן שטורעם די גאנצע וועלט,

און גיין מיט דער גאנצער וועלט לקבל פני משיח צדקנו, ובעגלא דידן ממש, למטה מעשרה טפחים,

ושמחת עולם על ראשם.

* * *

כז. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה פדה בשלום גו'.

* * *

כח. עשירי בכסלו האט אין זיך אויך דעם ענין אז דאס איז צוויי וואכן פאר יום ראשון דימי החנוכה.

וואס בנוגע צו שבועיים פאר א געוויסן זמן, איז דאך דא די דעה פון רשב"ג[95] אז "שואלין ודורשין בהלכות הפסח קודם הפסח . . שתי שבתות ("בפרוס החג"[96]) שהרי משה עומד בראש החודש ומזהיר על הפסח כו'".

וואס דערפאר, איז וויבאלד אז מ'שטייט איצטער שבועיים ("שתי שבתות") פאר חנוכה, ובפרט נאך אז דאס קומט אויס אין א "יום סגולה", אין דעם יום גאולה פון "החושך יכסה ארץ", פון א מלכות אדירה,

[וואס אויך נאך דער גאולה איז די געבליבן א מלכות אדירה, אבער אין דעם ענין אין וועלכן ס'איז געווען דער מאסר איז געווארן "הפה שאסר הוא הפה שהתיר"[97], ואדרבה - עס זיינען געווען כמה ענינים וואס זיינען דערנאך צוגעקומען אין "יתרון האור" און "יתרון החכמה"] -

איז נוסף לזה וואס עס האט זיך גערעדט[98] וועגן די הכנות צו חנוכה, וואס בכדי מבצע חנוכה זאל זיין כדרוש דארף זיין אן אויסגעשטעלטער סדר מלפני זה, ווי אזוי מ'זאל טאן, ווער זאל טאן און וואו מ'זאל טאן -

איז איצטער דער זמן אויף נאכמער מעורר זיין אויף דעם.

כט. וויבאלד אז כללות הענין פון חנוכה איז פארבונדן מיט "משתשקע החמה" (וואס דעמולט דארף מען אנצינדן נרות הנוכה[99]) - איז פארשטאנדיק אז די פעולות פון מבצע חנוכה דארפן זיין ביתר שאת וביתר עוז בא די אידן וואס געפינען זיך בפשטות אין א מעמד ומצב פון "משתשקע החמה" ברוחניות:

- די -

------------

95) פסחים ו, סע"א ואילך. 96) ראה גיטין לא, ב.
97) כתובות טז, רע"א (במשנה). 98) שיחה ש"פ תולדות, מבה"ח כסלו סמ"ג ואילך. 99) שבת כא, ב. טושו"ע או"ח ר"ס תערב.

די אידן וואס דער "שמש ומגן הוי' אלקים"[100] שטייט בא זיי ניט אין אן אופן גלוי; טאקע בשלימותו, ווארום נקודת היהדות איז ביי אלעמען גאנץ[101], ווארום אפילו בא די וואס "אני ישנה[102] – בגלותא"[103] איז "לבי ער"[102] להקב"ה להורתו ולמצוותיו[104] – ס'איז אבער בא זיי ניט בגלוי, אין אן אופן פון "תשקע (החמה)",

בדוגמא ווי "משהשקע החמה", וואס אין דערויף זיינען אויך דא ביידע הדגשות: ס'איז דא א מציאות פון "חמה", די שטייט אבער אין א מעמד פון "תשקע", די באלייכט ניט, עאכו"כ ניט אין אן אופן פון "מאור הגדול"[105].

ל. דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו די השתדלות וואס דארף זיין אין מבצע חנוכה מיט אידן וואס בא זיי איז "תשקע החמה" בגשמיות:

אידן וואס געפינען זיך מצד מצב הבריאות אין א מעמד ומצב וואס איז היפך פון ווי דער גוף שטייט בשלימותו, בא זיי איז דא דער חסרון אין דעם אור פון דעם גוף, אין דעם חיוה פון דעם גוף, און אין דעם כח והוזק שבגוף (וואס די אלע זאכן גייען צוזאמען);

אדער אידן וואס געפינען זיך אין א "מושב זקנים" [וואס מ'שטופט זיי ארוים פון חיים בשלימותם און מ'איז זיי מכריח אז זיי זאלן זיך ניט מישן און ניט האבן קיין דעה וכו', ווי גערעדט אכאל באריכה[106]],

וואס בא די אידן איז א מצב פון "משחשקע החמה" בערך אפילו צו חיים הגשמיים כפעוטם, ועאכו"כ בערך ווי זיי זיינען געווען ברוב הפעילות שלהם אין חיים בעלי מרץ וחיות, איידער ער איז אריין אין דעם "מושב זקנים".

ועד"ז, ועאכו"כ – די אידן וואס געפינען זיך אין בתי האסורים,

וואס דארטן דארף מען האבן דעם מבצע חנוכה ביתר שאת וביתר עוז, וויבאלד אז דארטן איז נאכמער דא דער מצב פון "משהשקע החמה" בנוגע צו אור און קדושה.

לא. וואס דאס איז בנוסף צו דעם וואס מ'דארף זיך משתדל

- זיין -

---

100) תהלים פד, יב. וראה שעהיוה"א רפ"ד. 101) ראה תניא ספכ"ד. 102) שה"ש ה, ב. 103) זח"ג צה, א. 104) ראה יל"ש עה"פ (רמז התקפח). וראה גם שהש"ר עה"פ. 105) בראשית א, טז. 106) מוצאי ש"פ עקב, כ"ף מנחם-אב ה'תש"מ.

זייך בנוגע צו אלע מבצעים, וואס יעדערער פון זיי איז דאך א מבצע פון "נר מצוה ותורה אור",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז רער טאן אין דעם איז נאכמער בהכרח אין די ערטער וואו ס'איז א מעמד ומצב אז עס פעלט "תורה" און "אור" און חיוה וכיו"ב, כנ"ל;

ועאכו"כ טאן אין דער מצוה וואס אין "נר מצוה ותורה אור" גופא איז זי פארבונדן מיט נר און אור כפשוטו, וואס דאס איז - די מצוה הקשורה בנרות, און אין נרות גופא מיט נרות וואס אויף זיי שטייט אז "אינן בטלין לעולם"[107] - נרות חנוכה.

און בכדי מ'זאל דאס דורכפירן בימי החנוכה בהכלית השלימות, וואס דאס איז פארבונדן מיט הכלית האור - דארף מען זיך דערצו גרייטן פאר דערויף,

און וויבאלד אז מ'שטייט איצטער שבועיים פאר ימי החנוכה האט מען אין דערויף א נתינת כח (כדעת רשב"ג) אז די הכנות זאלן זיין ביתר שאת וביתר עוז.

לב. און דאס וועט אויך זיין די הקדמה אז פון די נרות חנוכה וואס "אינן בטלין לעולם", דערפאר וואס מ'האט זיי אויך אין זמן הגלות אין חו"ל וכו' - זאל מען קומען צו די נרות וואס זיינען געווען די סיבה אויף נרות חנוכה - די נרות המנורה אין בית המקדש,

אז עס זאלן זיין די נרות המנורה אין דעם ביהמ"ק השלישי, אין דער גאולה השלישית, "ביום השלישי יקימנו ונחי' לפניו"[108], וואס זי איז דאך גאולת יעקב[109], וואס וועט זיין א גאולה נצחית, כנחלת יעקב וואס זי איז א "נחלה בלי מצרים"[110].

וואס דאס איז דאך אויך פארבונדן מיטן ביהמ"ק השלישי, ווי די גמרא[111] זאגט "לא כאברהם שכתוב בו הר כו' ולא כיצחק שכתוב בו שדה כו' אלא כיעקב שקראו בית כו'".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם וואס עס ווערט דערציילט אין דער פריערדיקער סדרה[112] אז עס זיינען געווען צוויי בארות, און ערשט דעם דריטן באר האט מען א נאמען געגעבן "רחובות" - דערפאר וואס "עתה [און "אין ועתה אלא תשובה"[113]] הרחיב ה' לנו ופרינו בארץ", וואס דאס גייט אויפן

- בית -

---

107) תנחומא בהעלותך ה. במדב"ר פט"ו, ו - ע"פ רמב"ן ר"פ בהעלותך. 108) הושע ו, ב ובפרש"י. 109) לקו"ת מטות פג, ג. 110) שבת קיח, סע"א ואילך. 111) פסחים פח, א. וראה לקו"ת שם. 112) תולדות כו, יט ואילך. 113) ב"ר פכ"א, ו.

בית המקדש השלישי[114].

לג. ובפשטות מיינט מען, אז פון דעם יו"ד כסלו, ובפרט אז ס'איז איצטער דא א התוועדות - זאל דער "ברוב עם"[115] מוסיף זיין אין דעם מרץ און אין דער השתדלות, און דאס זאל אראפקומען אין מעשה בפועל - בנוגע צו דער צוגרייטונג צו מבצע חנוכה.

און "מצוה גוררת מצוה"[116] - אויך אין אלע מבצעים:

אנהויבנדיק פון "מבצע חינוך", וואס דאס האט א שייכות מיוחדת צו מבצע חנוכה, ווארום "חנוכה" איז מלשון "חינוך"[117], ניט נאר חנוכת המזבח אין חנוכת בית המקדש[118], נאר אויך חינוך כפשוטו פון קטנים וקטנות,

ביז אז עס זיינען דא כמה דרושי חנוכה וואס מ'פארבינדט זיי מיטן פסוק[119] (און עניין) פון "חנוך לנער ע"פ דרכו" (ווי שוין געדרוקט אויך אין אוה"ת[120]), ווי דערמאנט אין א פריערדיקע התוועדות[121].

און דערנאך "מבצע אהבת ישראל", וואס דאס האט אויך א שייכות מיוחדת צו נרות בכלל, ווארום בא נרות איז דער כלל[122] אז "נר לאחד נר למאה": ער דארף גארניט האבן קיין השתדלות מיוחדת - בשעת ער צינדט אן א נר פאר זיך איז אין דערויף גלייך דא דער אויסדרוק פון אהבת ישראל, "נר למאה" [עשר כלול מעשר].

ועאכו"כ אז דאס האט א שייכות אין נרות גופא, צו די נרות וואס מ'צינדט אן "על פתח ביתו מבחוץ"[123], אז דאס ווירקט אויך אויף אידן וואס זיינען אין "רשות הרבים", ביז וואנעט אז "כליא ריגלא דתרמודאי"[124].

דערנאך "מבצע תורה", ובפרט פנימיות התורה, וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט נרות חנוכה - ווארום פנימיות התורה

- איז -

------------

114) רמב"ן עה"פ שם, כ. 115) ל' הכתוב - משלי יד, כח. וראה אנציקלופדי' תלמודית ערך ברוב עם הדרת מלך.
116) אבות פ"ד מ"ב. 117) הו"א סד"ה בכ"ה בכסלו (כט, ד ואילך). 118) ראה לקו"ש ח"י ע' 279 בהערה. 119) משלי כב, ו. 120) חנוכה שב, א ואילך. שם (כרך ה) התקלב, ב ואילך. וראה גם הו"א שם. 121) שיחה הנ"ל שבהע' 98 סו"ס מב.
122) שבת קכב, א. 123) שבת כא, ב. טושו"ע או"ח סתרע"א ס"ה. 124) שבת שם. וראה אוה"ת שם (כרך ה) תתקמב, א. ד"ה מצוה משתשקע החמה תר"ל (סה"מ תר"ל ע' מז), תרע"ח (סה"מ תרע"ח ע' קיח). ובכ"מ.

איז דאך דער ענין פון שכן, "שמן שצף על גבי יין"[125], כמבואר אין אמרי בינה[126], אז דאס איז "רזין דרזין" דתורה, וואס "צפין" על גבי "רזין" דתורה. און זיי ווערן נמשך דערנאך צו מים, "איז מים אלא תורה"[127], וואס "יורדים ממקום גבוה למקום נמוך"[128],

וואס וויבאלד אז ער איז א תורה-איד, דארף זיין טבע זיין אז ער איז יורד ממקום גבוה למקום נמוך.

דערנאך קומט עס אראפ אין "מבצע תפילין", וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[129].

און דערנאך אין "מבצע מזוזה", וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט חנוכה - ווי ער זאגט אין שאילתות[130], אז ס'איז "מזוזה מימין ונר חנוכה משמאל ובעל הבית בטלית מצוייצת ביניהן", וואס דעמולט ווערט דאס דער "חוט המשולש" וואס "לא במהרה ינתק"[131] [און ציצית איז אויך כולל כל הרי"ג מצוות[132]].

און פון "מבצע מזוזה" קומט עס אראפ דערנאך אין "מבצע צדקה". וואס דאס האט אויך א שייכות מיט חנוכה, כמדובר כמ"פ[133],

ובפרט לויט דער הצעה ובקשה[134] אז מ'זאל אויפלעבן דעם מנהג אז קינדער זאלן זיין פארבונדן מיט צדקה במיוחד אלס הכנה צו חנוכה ובחנוכה עצמו.

און "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", וואס די מלחמה אנטקעגן חכמת יון איז דאס דורך "יבנה וחכמי'" - "בית מלא ספרים".

לד. און "אף הן (נשים) היו באותו הנס"[135], ואדרבה - "על ידי אשה נעשה הנס", ווי רש"י[136] בדענגט אראפ, וואס די האט געהייסן יהודית[137], וואס כשמה כן היא -

זיינען דא די דריי מבצעים וואס טיילן זיך אויס אין דעם "חוט המשולש" - אותיות "הח"ן" און "חנה"[138]:

- מבצע -

------------

125) ראה טבול יום פ"ב מ"ה. 126) שער הק"ש פנ"ד ואילך. 127) ב"ק יז, א. וש"נ. 128) תניא פ"ד (ח, ב). וראה תענית ז, א. 129) קידושין לה, א. 130) שאילתא כו. 131) קהלת ד, יב. 132) ראה פרש"י עה"פ שלח טו, לט. 133) דאה לקו"ש ח"ה ע' 443 ובהערות שם. 134) שיחה הנ"ל סמ"ג. 135) שבת כג, א. 136) ד"ה היו באותו הנס - שבת שם. 137) תוד"ה שאף - מגילה ד, א. פסחים קח, דיש ע"ב (בשם הרשב"ם). 138) מגלה עמוקות עה"ת פ' שלח ד"ה ג' מצוות בשם הגמ"י.

מבצע נרות שבת קודש ונרות יו"ט, וואס זיי זיינען דאך פארבונדן מיט נרות חנוכה[139], וואס האבן זיך גענומען פון נרות המנורה;

"מבצע כשרות האכו"ש" און "מבצע טהרת המשפחה".

לה. וויבאלד אז חנוכה האט אויך א שייכות מיוחדת מיט קינדער כידוע, ווי דערמאנט אויך פריער[134] פון מגן אברהם[140] וכיו"ב, און אויך מיוסד אויפן מנהג פון רבותינו נשיאינו[141] אז בימי חנוכה פלעגן זיי געבן חנוכה-געלט צו קינדער -

דארף אויך זיין א השתדלות מיוחדת אין ימי החנוכה בנוגע צו בני ובנות ישראל בכל ענינים אלו.

ביז - אויף זיי אויך משתף זיין אז זיי זאלן אויך נעמען אן אנטייל אין די הכנות צו מבצע חנוכה, און דערנאך אין מבצע חנוכה עצמו, מיט כל הפרטים, ווי מ'וועט דאס אויסשטעלן יעדערער במקומו ובחוג אין וועלכן ער איז דערויף ער איז דער וואס טוט (און טוט-אויף) אין דעם,

און טאן אז עס זאל זיין אין אן אופן מסודר, ביז בהצלחה רבה וגדולה ועצומה ונפלאה.

ובפרט אין חנוכה בשנה זו - ווי גערעדט[142] אז בימי החנוכה בשנה זו זאל מען מאכן דעם אמת'ן שטורעם מיטן אמת'ן "פאררייד" פאר "צבאות השם"[143], פאר בני ובנות ישראל וואס עדיין לא הגיעו לבר מצוה אדער לבת מצוה [טאקע בנפרד, אבער סיי פאר בני ישראל און סיי פאר בנות ישראל],

וואס דאס דארף אויך האבן א הכנה אין אן אופן מסודר בא די וואס דארפן דאס מסדר זיין,

און אויך, והוא העיקר - א הכנה דורך בני ובנות ישראל, וואס יעדערער פון זיי איז א טייל פון "צבאות השם", און "הם הכירוהו תחלה"[144] - ס'איז מערניט וואס זיי דארפן דאס בא זיך מגלה זיין, און אז דאס זאל בא זיי שטיין אין המעשה הוא העיקר, אין מעשה בפועל - אין הנהגה טובה בכלל, ובמיוחד בנוגע צו לימוד התורה וקיום מצוותי', כיבוד אב ואם, וואס איז כולל אויך "אב" און "אם" הרוחניים, וואס דאס איז דאך דער מדריך און מדריכה.

- לו. -

------------

139) ראה פרש"י ד"ה בנים - שבת שם, ב. 140) או"ח ר"ס עה"ר. הועתק בהשלמה לשו"ע אדה"ז או"ח סו"ס עה"ר.
141) "היום יום" כ"ח כסלו (ע' ז). 142) בשיחת יום ב', ג' דחוהמ"ס שנה זו סט"ז וסכ"א. 143) בא יב, מא. 144) סוטה יא, ב. שמו"ר פ"א, יב.

לו. און די אלע זאכן צוזאמען, ובפרט אז מ'געפינט זיך אויך אין א שנת הקהל, וואס זי איז מדגיש אז "האנשים והנשים והטף"[145] זיינען אלע בשוה, זיי שטעלן אלע צוזאמען דעם "קהל גדול"[146] און דעם "קהל אחד" -

טוען אויף אז כל פעולות אלו נאך אין זמן הגלות זאלן זיין מיטן אמת'ער שמחה, וואס "שמחה פורץ גדר"[147] - וועדט דאס מיטן אמת'ער ברייטקייט סיי לאורך סיי לרוחב סיי לעומק.

ובקרוב ממש וועט זיין "הוציא ה' את בני ישראל מארץ מצרים על צבאותם"[148], און די "צבאות השם", אידישע קינדער, "נער ישראל ואוהבהו"[149], וואס "הם הכירוהו תחלה", בראשם -

גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט מען זעהן די "נרות של ציון" (נרות המנורה פון ביהמ"ק השלישי), כמובא אין ילקוט שמעוני[150],

צוזאמען מיט "הנרות הללו" וואס "אינן בטלין לעולם", וואס וועלן זיין אין ביהמ"ק השלישי וואס איננו בטל לעולם[151], ע"י בני ישראל וואס זיי זיינען אן עם עולם, וואס אע"פ אז "עומדים עלינו כו'", אעפ"כ איז "הקב"ה מצילנו מידם"[152].

און דער אויבערשטער טוט עס אין אן אופן אז "אפילו בעל הנס איננו מכיר בנסו"[153], במילא האט מען ניט די דאגות מיט די טומלעניש מיט דעם פיזור הנפש, ווארום מ'ווייס גארניט וועגן דעם גאנצן עניין,

מ'האט די מנוחה אמיתית און מנוחת הנפש אמיתית, און מ'גרייט זיך מתוך מנוחה שמחה וטוב לבב לקבל פני משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

* * *

לז. מ'האט פריער גערעדט (ס"ו. סט"ו) בקביעות שנה זו, וואס יו"ד כסלו קומט אויס ביום השלישי בשבוע איז דא אן ענין נפלא: מ'האט דעם ענין פון "פדה בשלום" סיי ווי עד איז מצד ימי החודש (ווארום מ'זאגט דעמולט דעם פסוק אין דעם שיעור פון תהלים כפי שנחלק לימי החודש), און סיי ווי עד איז מצד ימות השבוע (ווארום מ'זאגט דעמולט דעם פסוק אין דעם שיעור שבועי פון תהלים כפי שנחלק לימי השבוע).

- דאס -

------------

145) ל' הכתוב - וילך לא, יב. 146) ל' הכתוב - ירמי' לא, ח. 147) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ס"ע 49 ואילך. 148) בא שם, נא. 149) הושע יא, א. 150) ד"פ בהעלותך. 151) ראה זהר ח"ג רכא, א. ח"א כח, א. 152) הגש"פ פיסקא והיא שעמדה. 153) נדה לא, א.

דאס הייסט, אז עס ווערט א כפל׳דיקער "פדה בשלום", סיי מצד ימי החודש און סיי מצד ימות השבוע; סיי מצד הלבנה, וואס זי איז פארבונדן מיט ימי החודש, און סיי מצד השמש, וואס זי איז פארבונדן מיט ימות השבוע (ווארום "ויהי ערב ויהי בוקר" איז תלוי אין מהלך השמש).

און בקביעות שנה זו קומען זיי צוזאמען ללמד את בני ישראל תורה, בכדי צו לערנען אידן אז זיי זאלן זיך אזוי פירן אויך בנוגע לעניניהם:

אין תורה זיינען די צוויי ענינים, שמש און לבנה (ימות השבוע און ימי החודש) - תורה שבכתב און תורה שבעל פה, ווארום ע"ד ווי סיהרא (לבנה) באקומט איר אור פון שמשא[154], עד"ז איז "ליכא[155] מידי דלא דמיזא באורייתא"[156].

אין עבודת האדם איז דאס דער חילוק צווישן תורה און תפלה:

תורה איז ענינה "יום" לגבי תפלה, ווארום תפלה איז דאך פארבונדן מיט בקשת צרכיו מהקב"ה, אז בשעת עס פעלט אים צרכיו ווערט דעמולט א מ"ע מן התורה ער זאל מבקש זיין צרכיו מהקב"ה, כמבואר אין רמב"ם[157], וואס דאס איז א מצב פון "לילה" (לפי ערך ענין התורה).

אזוי אויך אין עבודת האדם במשך היום:

ס׳איז דא דער טייל פון טאג וואס דעמולט געפינט זיך א איד אין א קרן של אורה, וואס דאס איז ווען ער געפינט זיך אין בית הכנסת, און "מבית הכנסת לבית המדרש"[158], וואס דארטן האט ער דעם ענין פון "אורה",

און דערנאך איז די עבודה פון "הנהג בהן מנהג דרך ארץ"[159]: ער גייט ארויס אין וועלט, וואס "החושך יכסה ארץ", און דארטן טוט ער די עבודה אין אן אופן פון "הנהג בהן מנהג דרך ארץ".

און די עבודה אין וועלט איז ניט נאר ווען "החושך יכסה ארץ" - נאר אפילו אין שנים כתיקונם האט מען אויך געדארפט האבן דעם "אדם לעבוד את האדמה"[160]; אפילו ווי די

- אדמה -

------------

154) זח"א לג, ב. שם רמט, ב. ועוד. 155) ראה תענית ט, א. 156) לקו"ת שה"ש יא, ד. סה"מ תקס"ד ע׳ ג. רמט. ובכ"מ. 157) הל׳ תפלה פ"א ה"ב. וראה שרש מצות התפלה להצ"צ פ"א. 158) ברכות בסופה. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ה ס"א. וש"נ. 159) ברכות לה, ב. 160) ל׳ הכתוב - בראשית ב, ה.

הנחה הת׳ בלתי מוגה

אדמה שטייט אין ג"ע לפני החטא, טוט אויף דער אדם ע"י עבודהו פון "לעבדה ולשמרה"[161] אז דארטן זאל זיין ליכטיק,

ובפרט ווי מבואר אין המשך וככה[162], אז פאר עבודת האדם איז געווען דער ענין פון מציאות, און דורך עבודת האדם איז געווארן דער ענין פון מהות, מיט נאך כמה חילוקים צווישן פאר עבודת האדם אין עולם ביז נאך דערויף, אורות וכלים, וכו' וכו'.

לח. דערביי קומט-צו די הוראה פון דעם וואס (יו"ד כסלו ב)שנה זו איז א שנת הקהל (כנ"ל ס"ה):

"הקהל . . האנשים והנשים והטף" באווייזט אויף אן ענין פון גאולה פון מחיצות ומדידות והגבלות:

בשעת מ'זאגט "אנשים" באזונדער "נשים" באזונדער און "טף" באזונדער - באווייזט דאס אויף א חילוק ביניהם, וואס "חילוק" איז מלשון מחלוקת, און בשעת ס'איז דא מחלוקת קען דערביי ניט זיין דער ענין פון "טוב",

אפילו בשעת ס'איז "ויבדל אלקים"[32] - קען דערביי שוין ניט שטיין "כי טוב", ווי רש"י טייטשט אפ, כנ"ל (ס"ט), עאכו"כ ווי "ויבדל" ווערט דערנאך נשתלשל כמה דרגות;

"הקהל . . האנשים והנשים והטף" איז אבער מדגיש אז ס'איז ניטא קיין חילוק (- מחלוקת) צווישן "אנשים", "נשים" און "טף" - זיי ווערן אלע א קהל אחד.

וכמובן אז דאס איז דוקא בשעת דער "הקהל" איז ניט היפך התורה ח"ו, נאר ווי דערציילט בנוגע צו שמחת בית השואבה[163] [ועד"ז בנוגע צו הקהל ווארום הקהל איז דאך די זעלבע צייט ווען מ'האט געמאכט שמחת בית השואבה], אז מ'האט עס אויסגעשטעלט מיטן סדר אז "נשים יושבות מלמעלה ואנשים מלמטה",

און דוקא דאס ווערט אנגערופן דער אמת'ער "הקהל . . האנשים והנשים והטף", שלא כדעת הטועים אז די מחיצות זיינען מפריד - נאר אדרבה: דוקא דורך אט-די מחיצות, וואס זיינען ע"פ תורה, ווערט מען פאראייניקט[164],

ועאכו"כ אז דורך דערויף קומט מען ניט לידי מלחמה, אז איינער מישט זיך אריין בתחום חבירו און איז אים מבלבל און איז גורע פון דער עבודה וואס ער דארף טאן,

- מיט -

------------

161) בראשית שם, טו. 162) הרל"ז פנ"ח-נט. 163) סוכה נא, ב. רמב"ם הל' לולב פ"ח הי"ב. 164) ראה לקו"ש ח"ב ע' 587.

הנחת הת' בלתי מוגה

מיט די אלע ביאורים וואס זיינען אין דערויף געזאגט געווארן.

לט. וואס דערפון (אז שנה זו איז א שנת הקהל) האט מען די הוראה נוספת - אז מ'האט נאכמער חיזוק אין די עניני המבצעים האמורים, וואס זיי זיינען דאך אלע געבוים אויף מאכן פון אלע אידן א קהל אחד, וואס דעמולט ווערט דאס בודאי ובפשטות א "קהל גדול".

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם עניין פון "טוב לשמים וטוב לבריות" וואס איז דא ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, ווי געזעדט פריער (ס"י) בארוכה אז ביידע זאכן, "טוב לשמים" און "טוב לבריות", זיינען דא בכל רגע ורגע, ואין להפריד ביניהם, ווארום יעדער רגע איז א רגע פון א טאג וואס הוכפל בו כי טוב.

מ. דערצו קומט-צו א הוראה נוספת:

אין יום השלישי (אין שנת הקהל) קען זיין א שינוי משנה לשנה מיט וועלכע פרשה אין תורה ער איז פארבונדן,

און בשעת ער קומט אויס אין א פרשה מיוחדת - איז אין דערויף דא א הוראה, כידוע תורת הבעש"ט בזה[165].

בשנה זו איז ער פארבונדן מיט דעם שיעור חומש השבועי פון שלישי ביז רביעי אין פ' וישלח.

מא. וואס גלייך בהתחלת השיעור[166] שטייט: "ויקרא יעקב שם המקום (וואו ער האט מלחמה געהאט מיט שרו של עשו[167] און איס מנצח געווען) פניאל כי ראיתי אלקים פנים אל פנים ותנצל נפשי", און דערנאך אין דעם פסוק שלאח"ז איז ער ממשיך: "ויזרח לו השמש כאשר עבר את פנואל גו'", און ער איז דערנאך מאריך אין המשך העניינים ווי אזוי ס'איז געווארן בא יעקב'ן די הליכה מדרגא לדרגא.

שטעלן זיך אלע מפרשי המקרא (סיי פשטנים, סיי דרשנים, ביז אויך חכמי האמת) אויף דערויף וואס פריער שטייט "ויקרא יעקב שם המקום פניאל", "פניאל" מיט א יו"ד, און דערנאך (אין דעם פסוק שלאח"ז) שטייט גלייך "כאשר עבר את פנואל", "פנואל" מיט א וא"ו*.

- אויך -

---

165) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ.
166) פרשתנו לב, לא. 167) ב"ר פע"ז, ג. פרש"י עה"פ פרשתנו שם, כה.

---

*) הביאור בזה בפשש"מ - ראה שיחת ש"פ וישלח (השאלה), ושיחת ש"פ וישב (התירוץ).

 הנחת הת' בלתי מוגה

אויך דער צ"צ שטעלט זיך אויף דערויף אין זיינע דרושים על הכתובים[168], און צייכנט אן[169] "ועיין מזה ג"כ באו"ת מהמגיד נ"ע פ' וישלח".

וואס דאס האט אויך א שייכות צו דעם בעל הגאולה - כמבואר אין סיפורי רבותינו נשיאינו[170], אז דער אלטער רבי האט א נאמען געגעבן בנו, דער בעל הגאולה, על שם רבו, דער מעזריטשער מגיד.

וואס ענינו פון דעם מגיד (וואס על שמו הייסט דער בעל הגאולה) גיט זיך ארויס אין די ספרים שלו - ווי דאס איז ביי אלע אידן: בשעת מ'וויל וויסן ביי א אידן וואס איז ענינו - דארף מען א קוק טאן אין דער תורה זיינע, ועד"ז איז אויך בנוגע צו דעם מגיד, אז בשעת מ'וויל וויסן וואס ענינו איז - דארף מען א קוק טאן אין די ספרים שלו.

מב. און וויבאלד אז דער צ"צ צייכנט אן "ועיין מזה ג"כ באו"ת מהמגיד נ"ע" - איז דאך מצוה לקיים דברי הרב: מ'הייסט דיר אריינקוקן - פויל זיך ניט און קוק אריין!

איי דו האסט ניט דעם ספר, האסט זיך פארשאפט אנדערע זאכן - קענסטו אויך באקומען דעם ספר!

ושלא כדעת הטועים וואס מיינען, אז וויבאלד די רביים (אדער אנדערע גדולים בישראל) שרייבן "עיין", איז ער דערווייל נאך ניט געקומען צו דער דרגא פון א מעיין, ובמילא איז פאר אים גענוג אז ער וועט לערנען פשטות הענינים, און פארלאזן זיך, אז וויבאלד דער בעל הדרוש אדער בעל המאמר זאגט "ועיין" - האט דאס זיכער עפעס א שייכות דערצו - פארלאזט ער זיך אויף אים, ער האט אמונה פשוטה!

אמונה פשוטה איז זייער א גוטע זאך, און "צדיק באמונתו יחי'"[171], און "בא חבקוק והעמידן על אחת שנאמר וצדיק באמונתו יחי'"[172], אז דאס איז דער שרש און יסוד פון כל התורה ומצותי' -

אעפ"כ זאגט מען אים "דע את אלקי אביך"[173], און ווי עס שטייט אין דער התחלה פון ספר הרמב"ם (וואס ער איז א ספר

- פון -

-------------

168) אוה"ת פרשתנו רמ, ב ואילך. וראה גם אוה"ת שם (כרך ה) תתעה, א ואילך. 169) שם רמ, ב. 170) סה"ש תש"ג ס"ע 155. שם ע' 116. 171) חבקוק ב, ד. וראה לקו"ד כרך א קמא, ב. לקו"ש ח"ב ע' 475. ח"י ע' 265. 172) מכות כד, א. 173) דה"א כח, ט.

הנחת הת' בלתי מוגה

פון "הלכות הלכות") אז "יסוד היסודות ועמוד החכמות לידע שיש שם מצוי ראשון כו'" - ניט דער ענין פון "להאמין", דאס איז ניט מספיק, נאר עס דארף זיין דער ענין הידיעה, וכמבואר בארוכה אין די קונטרסים פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[174] דער חילוק צווישן "לידע" און "להאמין".

מג. שטעלט ער זיך אויך אין אור תורה (פון דעם מגיד)[175] אויף דער שאלה, פארוואס פריער שטייט "פניאל", מיט א יו"ד, און דערנאך "פנואל", מיט א וא"ו.

און ער איז מבאר: "מתחילה כשגבר יעקב שרו של עשו עדיין לא הי' ההגלוה, כי לא הי' עדיין התגלות כ"א שרו של עשו (ולכן) כתיב פניאל ביו"ד בנעלם. ואח"כ כתיב ויזרח לו השמש כאשר עבר דהיינו שעבר המסכה שנית להתגלות והי' לו כח שיגביר ידו על עשו ג"כ, קרא המקום פנואל בו' שכבר נמשך בהתגלות":

לכתחלה האט יעקב סאקע מנצח געווען איבער שרו של עשו, ווי ער האט געזאגט "כי ראיתי אלקים פנים אל פנים ותנצל נפשי", און דערפאר האט ער דעם ארט א נאמען געגעבן "פניאל";

דער נצחון איז אבער געווען אין אן אופן פון א יו"ד, אין א העלם והסתר (וואס א יו"ד באווייזט אויף אן ענין פון העלם והסתר): ער האט מנצח געווען נאר שרו של עשו, ניט עשו'ן אליין, וואס דאס איז א נצחון וואס איז שייך נאר צו עולם המלאכים.

דערנאך ווען יעקב האט מנצח געווען אויך עשו'ן, ווי דערציילט אין המשך הכתובים, אז יעקב האט גע'פועל'ט אויף עשו'ן אז ס'איז געווען "ויחבקהו . . וישקהו"[176],

[וואס אע"פ אז "הלכה היא בידוע שעשו שונא ליעקב", איז אבער "נכמרו רחמיו באותה שעה ונשקו בכל לבו", ווי רש"י ברענגט אראפ דעת רשב"י[177],

[וואס די הסתלקות פון דעם בעל הגאולה (פון יו"ד כסלו) איז דאך געווען באופן פון דער הסתלקות פון רשב"י, כמדובר כמ"פ[178], און אזוי איז אויך נרמז אין דער הקדמה פון דעם זון פון בעל הגאולה צו "תורת חיים"]] -

דעמולט איז "קרא המקום פנואל בו' שכבר נמשך בהתגלות":

- ענינו -

-------------

174) קונטרס תורת החסידות פי"ג (ע' 14). 175) בהוצאה קה"ת - טז, ד ואילך. 176) פרשתנו לג. ד. 177) בספרי עה"פ בהעלותך ט, י. - נתבאר בלקו"ש וישלח ש.ז.
178) לקו"ש ח"ה ע' 129 ובהנסמן שם בהע' 5. וראה גם לקוטי לוי"צ אגרות ע' שכז.

ענינו פון א וא"ו איז, אז פון דעם יו"ד ווערט נמשך ביז למטה, איז וויבאלד אז דעמולט איז געווען דער נצחון פון יעקב'ן ניט נאר אויף שרו של עשו נאר אויך אויף עשו'ן אליין, ביז אז ס'איז ביי אים געווען "ויחבקהו . . וישקהו", און דערנאך האט עשו אים געזאגט[179] "נסעה ונלכה ואלכה לנגדך", אז ער וועט אים היטן וכו' וכו' - דערפאר ווערט דעמולט דער מקום אויך אנגערופן "פנואל" מיט א וא"ו.

מד. נאך דערויף וואס ער צייכנט-צו אז מ'זאל אריינקוקן אין אור תורה - ברענגט ער אויך דעם ביאור אין דעם ע"ד החסידות, פון דעם אלטן רבי'ן, מיט די הערות וביאורים ופרטים פון דעם צ"צ[180]:

די נקודה וואס ער זאגט דארטן איז:

"פניאל" און "פנואל" זיינען צוויי ענינים: "פניאל" מיט א יו"ד באווייזט פריער ווי בינה באקומט פון חכמה, וואס חכמה איז עניגה יו"ד, און "פנואל" מיט א וא"ו באווייזט ווי דערנאך מלכות באקומט פון ז"א, וואס ז"א איז ענינו וא"ו, ששה מדות.

וואס בפנימיות איז דאס דער זעלבער עניך וואס עס שטייט אין אור תורה:

ווי בינה באקומט פון חכמה איז דאס אלץ אין עולם השכל, וואס בכללות איז דאס עולם העליון לגבי עולם המעשה (ע"ד ווי עולם המלאכים), און ווי מלכות באקומט פון ז"א איז דאס ווי די המשכה קומט אראפ אין ששה מדות בלב, און דערנאך איז דאס פועל ביז אין די כלי המעשה, און פאר דערויף - אין כלי הדיבור און פאר דערויף אין כלי המחשבה, וואס דאס איז ענינה פון מלכות.

מה. המדובר לעיל איז דער ביאור אין דעם יו"ד (פון "פניאל") און וא"ו (פון "פנואל"); דער יו"ד און וא"ו שטייען דאך אבער אינמיטן פון דעם ווארט "פניאל" און "פנואל" - איז דער צ"צ דארטן אויך מבאר (ווי דער יו"ד איז א חלק פון) דער ווארט "פניאל":

"פניאל" באווייזט אז פריער איז דא דער עניך פון "פני", "ראיתי פני", און דערנאך איז דא דער עניך פון "אל", דאס הייסט - פנימיות ("פני") פון אלקות ("אל"),

און ער איז דאס דארטן מבאר בארוכה, אז דאס איז דער

- ענין -

------------

179) פרשתנו שם, יב. 180) ראה אוה"ת שם רמב, ב ואילך. וראה גם סה"מ עת"ר ע' צא.

עניק פון "בקשו פני את פניך הוי' אבקש"[181] - אז דורך דערויף וואס ער נעמט "פניך הוי'", און אין יעדע אופנים, ווי דאס ווערט נמשך פון חכמה ובינה ("פניאל") און דערנאך פון ז"א ומלכות ("פנואל"), און אין יעדע ענינים א המשכה אין אן אופן פון "פנים" - איז דאס מגלה אז "בקשו פני", אז די פנימיות הלב שלו הויבט אן פועל זיין בפועל.

און בשעת ביי א אידן פועל'ט דער פנימיות הלב - דעמולט הויבט דאס אן ווידקן אין וועלט,

ווי עס שטייט אין פשטות הכתובים בנוגע צו יעקב און עשו:

עס שטייט אין מדרש עה"פ[182] "ויתרוצצו הבנים בקרבה", אז די מחלוקת זייערע איז באשטאנען אין דעם ווער עס זאל באקומען עוה"ז און ווער עס זאל באקומען עוה"ב, און ס'איז געבליבן אז עשו איז פארבונדן מיט עוה"ז און יעקב מיט עוה"ב.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז וועלט, עוה"ז, מצד עצמה איז א מציאות פאר-זיך, דאס געהערט צו עשו, און האט קיין שייכות ניט צו יעקב, ואדרבה - דאס שטייט אין אן אופן פון "ויתרוצצו" מיט יעקב (עוה"ב);

בשעת ס'איז אבער דא בא יעקב דער "בקשו פני" - דעמולט פועל'ט יעקב אין ענינים פון עוה"ז, אז עוה"ז (עשו) לויפט אים אנטקעגן, "ויחבקהו . . וישקהו", און זאגט אים "נסעה ונלכה ואלכה לנגדך", אז ער העלפט אים ארויסגיין איינעמען ארץ ישראל לגבולותי' ובשלימותה,

ווי דער בעל הגאולה איז מבאר בארוכה אין דעם דרוש אל תצר את מואב דעם עניך פון איינעמען די שבע ארצות,

ביז אז פון ארץ ישראל לגבולותי' קומט מען צו "ירחיב ה' את גבולך"[183], אויך קני קניזי וקדמוני[184],

וואס דאס וועט זיין נאך דערויף וואס "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו"[185], וואס דא איז דאך געווען יעקב'ס ענטפער צו עשו'ן אויף דער הצעה פון "נסעה ונלכה ואלכה לנגדך", ווי רש"י ברענגט דא אויך אראפ בפירושו על התורה[186].

- מו. -

------------

181) תהלים כז, ח. 182) תולדות כה, כב. מדרש אגדה ויל"ש עה"פ. ועד"ז הוא גם בפירוש הב' בפרש"י עה"פ. 183) שופטים יח, ח. 184) ספרי ופרש"י עה"פ. 185) עובדי' א. כא. 186) עה"פ פרשתנו שם. - נתבאר בההתוועדות דש"פ וישלח, י"ד כסלו, והמשכו בש"פ וישב, כ"א כסלו.

הנחת הת' בלתי מוגה

מו. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעים פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי. "דעם מיטעלן רבין׳ס קאפעליע".

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, זאלן מאכן א ברכה אחרונה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

—— * ——

הנחת הת׳ בלתי מוגה

א. ביי א חתונה פון א אידן, וואס פאר א חתונה דאס זאל נאר זיין, בא וועלכן אידן דאס זאל נאר זיין, דארף מען מאכן די זעלבע ברכות, די ברכות וועלכע אנשי כנסת הגדולה האבן מתקן געווען אלס א דבר השוה לכל נפש.

ועל דרך ווי דער נוסח התפלה וואס אנשי כנסת הגדולה האבן מתקן געווען אלס א דבר השוה לכל נפש.

לכאורה דארף מען פארשטיין:

תפלה איז אן עבודה שבלב, ווי די גמרא זאגט אין אנהויבס מסכת תענית, "אי זו היא עבודה שבלב זו תפלה", ווי דער רמב"ם איז מבאר אין אנהויבס הל' תפלה, וואס עבודה שבלב איז אן עבודה ברגש האדם, איז וויבאלד אז "אין דעותיהן שוות" איז דאך די עבודה ניט גלייך בא יעדן איינעם - האט דאך דער נוסח התפלה לכאורה געדארפט זיין אנדערש לפי כל אדם המתפלל - איז היתכן אז אנשי כנסת הגדולה זאלן מתקן זיין א נוסח התפלה וואס איז שוה לכל נפש - ס'איז דאך א סתירה מיני' ובי'?!

און אע"פ אז אין תפילת העמידה, איז "שומע תפלה" [וואס אין תפלה גופא איז דאס א בקשה אז דער אויבערשטער זאל הערן די תפלה], קען יעדער איינער מוסיף זיין וועלכע בקשות ער וויל, לויט זיינע ענינים - איז אבער רוב ועיקר התפלה האבן אנשי כנסת הגדולה מתקן געווען אין א נוסח השוה לכל נפש.

ב. איז דער ביאור בזה בפשטות:

נוסף לזה וואס ס'איז דא א התחלקות צווישן אידן, אז יעדער איד איז אנדערש ווי דער צווייטער - איז דא א דבר השוה בא יעדער אידן, וואס דאס איז דער עצם זיינער, וואס אין דעם זיינען אלע אידן גלייך.

און דער עצם איז דער עיקר פון דעם אידן, משא"כ אלע אנדערע ענינים פון דעם אידן, וואס זיי טיילן אים פאנאנדער פון אנדערע אידן, זיינען דברים חיצוניים און טפלים לגבי דעם עצם, און זיי זיינען כלול אין דעם עצם זיינעם.

ובלשון החקירה (פון דעם רמב"ם (מילות הגיון שער עשירי)), אז ס'איז דא דער עצם וואס איז נושא תשעה מקרים (מאמר האיכות, מאמר הכמות מיט די אנדערע ז' מקרים),

וואס דער עצם איז דאך דער עצם הדבר, און מקרה איז דאך, מלשון "מקרה" - א דבר נוסף און א דבר חיצוני, וואס אין אים איז שייך שינויים, משא"כ אין דעם עצם איז ניט שייך קיינע שינויים און דערפאר איז דאס א דבר השוה לכל.

וואס דערפאר בשעת אנשי כנסת הגדולה האבן מתקן געווען דעם נוסח התפלה, האבן זיי מתקן געווען א נוסח וואס איז שוה לכל, וויבאלד אז מצד דעם עצם פון א אידן, וואס דאס איז זיין עיקר איז ער גלייך מיט אלע אידן.

ג. וע"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא בנוגע צו מצות אהבת ישראל, "ואהבת לרעך כמוך", אז אהבת ישראל דארף זיין מצד דעם עצם פון א אידן, וואס מצד דעם עצם פון א אידן זיינען אלע אידן גלייך, און דערפאר קען זיין "ואהבת לרעך <u>כמוך</u>".

ווארום אע"פ אז ס'איז דא א התחלקות צווישן אידן, פון "ראשיכם שבטיכם", ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך", מיט די אלע סוגים שבינתיים ביז אז עס זיינען דא ששים ריבוא אידן,

און די התחלקות צווישן זיי איז ניט קיין ענין בלתי רצוי ח"ו, נאר אדרבה - דאס איז אן ענין ע"פ תורה און דאס איז נוגע צו עניני תורה,

ווי פארשטאנדיק (אויך) פון דעם וואס דער רמב"ם זאגט אז תפלה איז דער ענין פון בקשת צרכיו, וואס דאס גופא איז מדגיש אז ס'איז דא א חילוק צווישן איין אדם המתפלל, מיטן צווייטן, ווארום יעדער איינער האט זיינע צרכים וואס זיינען אנדערש פון דעם צווייטנס, וע"ד מארז"ל "איזהו עשיר השמח בחלקו", "בחלקו" דוקא, ניט אין דעם צווייטנס חלק, ועד"ז ווען איז ער ניט קיין עשיר ווען עס פעלט אים אין "חלקו" דוקא, ביז אז "מרובים צרכי עמך" -

אעפ"כ איז אבער די התחלקות צווישן אידן ניט זייער עיקר; זייער עיקר איז זייער עצם, און מצד דעם עצם זיינען אלע אידן גלייך ממש.

און דערפאר איז אע"פ אז בחיצוניות זיינען דא חילוקים צווישן אידן - איז אבער מצד דעם עצם זייערן - קען און דארף זיין דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך".

און אזוי ווי יעדער ציווי אין תורה איז אויך א הבטחה אז מ'וועט עס זיכער מקיים זיין - אזוי איז אויך דער ציווי פון "ואהבת לרעך כמוך" א הבטחה אז מ'וועט עס זיכער קענען מקיים זיין,

ובפרט אז "ואהבת" איז די דוגמא וועלכע דער אלטער רבי ברענגט אויף דעם אז א ציווי איז אויך מלשון הבטחה.

ד. ע"ד ווי דאס איז בא אידן, עד"ז איז דאס אויך אין תורה:

אין תורה זיינען דא ששים ריבוא אותיות, און יעדער אות איז אן אות בפ"ע, פאנאנדערגעטיילט פון אלע אנדערע אותיות, וואס דאס איז א התחלקות גדולה ביותר,

דערנאך איז דא עצם התורה, וואס מצד דעם איז ניטא קיין חילוק צווישן איין אות אין תורה מיט דער צווייטער אות; אין יעדער אות איז דא דער עצם פון תורה, און יעדער אות איז נוגע צו דער שלימות פון גאנץ תורה.

ביז ווי עס ווערט דערציילט אין זהר (און דער מיטעלער רבי האט עס אריינגעשטעלט אין "מענה לשון"), אז בשעת "אשתכח וא"ו יתיר בההוא קרא דושסעת שסע שתי פרסות" איז דאס געווען נוגע צו דער שלימות, און נאכמער - צו דער כשרות, פון דער גאנצער ספר תורה!

וואס אע"פ אז דאס איז נאר א וא"ו, און ווי מ'מאטערט זיך ווי דאס האלט אויס ע"פ נגלה, ווארום לכאורה איז דאס א וא"ו וואס איז גארניט משנה אין דעם ווארט - אעפ"כ אזוי שטייט בפירוש אין זהר, ביז ווי עס ווערט דארטן דערציילט אין דעם סיפור אז דאס האט ניט צוגעלאזט דעם ענין התפלה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך אין צד החיוב - ווי יעדער אות פרטי אין תורה, ניט קוקנדיק וואס פאר אן אות דאס איז, איז נוגע צו גאנץ תורה.

וואס דאס איז מצד עצם התורה וואס מצד דעם איז ניטא קיין חילוק צווישן איין אות אין תורה מיט דער צווייטער אות - ס'איז אלץ איין תורה.

ה. און דורך וואס נעמט מען עצם התורה - איז דאס דורך אהבת ישראל:

די גמרא זאגט אז אהבת ישראל איז "כל התורה כולה" (ווי דער אלטער רבי ברענגט עס אויך אראפ אין תניא דארטן).

וואס "כל התורה כולה" איז דער טייטש (ניט אז ער האט נאר א חלק פון תורה, נאר) אז ער האט די גאנצע תורה,

ביז ווי עס רעדט זיך אין הל' ר"ה, אז בשעת עס שטייט "כל ... כולו" מיינט דאס ניט רובו, אדער רובו ככולו, נאר כולו ממש.

און "כל התורה כולה", וואס דאס איז דער עצם ענין פון תורה - האט מען דורך אהבת ישראל, [וואס דערפאר איז אהבת ישראל איין מצוה אין תורה, און איין אהבה; איין הרגש, ניט מעורב מיט אנדערע ענינים], און דערפאר דערגרייכט עס אויך אין עצם ווארום אהבת ישראל דערגרייכט אין עצם פון א אידן (כנ"ל ס"ג), און פון תורה ("זו היא כל התורה כולה").

און ע"ד ווי מצד עצם התורה איז יעדער אות אין תורה נוגע צו דער שלימות פון גאנץ תורה, כנ"ל - עד"ז איז אויך געוועהן בא מ"ת בנוגע צו אידן, ווי רז"ל זאגן אז "אילו היו ישראל חסרים אפילו אחד (פון די ששים ריבוא)", וואלט ח"ו ניט געווען דער גאנצער ענין פון מ"ת,

און מ'טייטשט בפירוש ניט אויס וואס פאר א איד דאס איז, צי דאס איז א איד פון "ראשיכם שבטיכם", פון גדולי התורה, אדער א איד פון "שואב מימיך" - ווארום דא איז ניט נוגע וואס פאר א איד דאס איז; דא איז נוגע דער עצם פון א איד, וואס מצד דעם זיינען אלע אידן גלייך - וועלכער איד פון די ששים ריבוא אידן וואלט נאר געפעלט בא מ"ת, וואלט ניט געווען די גאנצע זאך!

ו. און בשעת מ'האט דורך אהבת ישראל דעם עצם (פון תורה און פון אידן), איז (ניט דער פירוש אז מ'האט נאר דעם עצם און קיינע פרטים, נאר) ווי גערעדט פריער (ס"ב), ווערן פון דעם עצם נסתעף אויך די פרטים וכו' וואס טיילן פאנאנדער איין זאך פון דער צווייטער -

און ווי די גמרא איז דארטן ממשיך (גלייך נאכדעם וואס זי זאגט אז אהבת ישראל איז "כל התורה כולה")- "ואידך פירושה הוא זיל גמור",

וואס דער פירוש אין דעם איז, אז די עצם מצוה פון אהבת ישראל ברענגט דערנאך צו "ואידך פירושה הוא זיל גמור", אז מ'זאל גיין לערנען "אידך, שאר דברי תורה", וואס "פירושה הוא", ווארום אויב אהבת ישראל און "ואידך פירושה הוא זיל גמור" וואלטן געווען צוויי זאכן - וואלט דאס געדארפט שטייען אין אן אנדער לשון: דערפון וואס זיי שטייען בהמשך אחד איז פארשטאנדיק אז די ערשטע זאך, אהבת ישראל, ברענגט גלייך צו דער צווייטער זאך, "ואידך פירושה הוא זיל גמור" - אז מ'זאל לערנען "שאר דברי תורה", די פרטים אין תורה.

ביז אז אהבת ישראל ברענגט צו דעם צווייטן טייטש אין "גמור", מלשון "גמרה של תורה", גמרה של הלכה, און גמרה של מצוה, אז נאך דערויף וואס ס'איז דא דער "זיל גמור", לויט דער אפטייטש "גמור" לערנען, דער לימוד פון "שאר דברי תורה" (וואס קומט אלס א תוצאה פון אהבת ישראל, וואס זי איז "כל התורה כולה", עצם ענין התורה) - קומט ער צו זיל גמור מלשון "גמרה של תורה" - צום סיום הלימוד, דער ענין ההלכה בפועל, ביז צו גמרה של מצוה, אז דאס ברענגט אים צו א מעשה בפועל.

דאס הייסט אז אין דערויף זיינען דא צוויי קצוות: ס'איז דא ווי מ'הויבט אן פון עצם ענין התורה (אהבת ישראל), און דערפון קומט מען צו די פרטים אין תורה, "אידך"; און ס'איז דא ווי מ'הויבט אן פון לערנען די ריבוי ענינים אין תורה, סברות לכאן וסברות לכאן, "אלו ואלו דברי אלקים חיים", [ווארום די תורה איז דאך ניט געגעבן געווארן "חתוכה", נאר "מ"ט פנים לכאן ומ"ט פנים לכאן", ביז ווי דער אריז"ל טייטשט, אז אין יעדער ענין אין תורה זיינען דא ששים ריבוא פירושים] - און דערפון קומט מען צו דער הלכה בפועל, "וה' עמו", וואס דאס איז עצם התורה.

ז. וואס עד"ז איז אויך בנדו"ד, בנוגע צו די ברכות וואס מ'מאכט ביי א חתונה

פון א אידן, אז אע"פ וואס עס זיינען דא חילוקים צווישן אידן, פון "ראשיכם שבטיכם", ביז "שואב מימיך" - איז אבער בנוגע צו די ברכות וואס מ'מאכט ביי א חתונה, מאכט מען די זעלבע ברכות בא דער חתונה פון יעדער אידן -

ווארום בא יעדער איד איז דא דער עצם פון דער גאנצער זאך, און מצד דעם עצם זיינען ניטא קיינע חילוקים צווישן איין אידן מיט א צווייטן אידן.

און דער ענין איז מען אויך מדגיש אין (איינע פון) די ברכות ביי א חתונה - "כשמחך יצירך בגן עדן מקדם":

אין "גן עדן מקדם" איז געווען נאר איין מציאות פון א חתונה בא וועלכע עס האט געקענט זיין "שמחך יצירך", וואס דאס איז - די חתונה פון אדם וחוה, ווארום אויסער זיי איז מער קיינער ניט געווען אין וועלט,

און דאס איז געווען אין "גן עדן מקדם", פאר דערויף וואס ס'איז געווארן א בלבול און א רשות הרבים אין וועלט, פאר דערויף וואס ס'איז געווארן א צווייטע סברא פארקערט; ווען עס איז געווען "אלה תולדות השמים והארץ בהבראם - עולם על מילואו".

און די ברכה מאכט מען בא דער חתונה פון כאו"א מישראל בכל מקום ובכל מצב - אז בא יעדער חתונה זאל די שמחה זיין "כשמחך יצירך בגן עדן מקדם",

און וויבאלד אז מ'זאגט דאס אין א ברכה איז דאס מיט א ודאות, ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ת - ד.ה. אז יעדער חתונה בא יעדער אידן האט אין זיך דעם עצם פונקט אזוי ווי די חתונה פון אדם וחוה האט אין זיך געהאט דעם עצם.

ח. דער ענין עצמי וואס איז דא בא דער חתונה פון יעדן אידן - איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס אזוי איז דאך גאנץ סדר ההשתלשלות מוגבל, ועאכו"כ עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו - ביי א חתונה אבער, וואס כוונתה איז דאך דער ענין פון הולדה - דריקט זיך אויס דער כח האין-סוף דא למטה, ווי ער איז מבאר אין המשך שמח תשמח, און דאס איז דער איינציקסטער ארט וואו עס דריקט זיך אויס דער כח הא"ס.

וואס אע"פ אז לפי דעם ביאור דארטן קומט אויס אז דאס דריקט זיך אויס ניט נאר בא בני אדם, נאר אויך בא מין החי, ווארום אויך בא זיי איז דא הולדה, ביז אויך בא מין הצומח, ווי עס שטייט "תדשא הארץ דשא עשב מזריע זרע עץ פרי עושה פרי למינו ותוצא הארץ דשא עשב מזריע זרע למינהו ועץ עושה פרי אשר זרעו בו למינהו", וואס "מזריע זרע למינהו" איז דער טייטש אז אויך דער זדע וועט מזריע זיין דעם מין, ד.ה. אז אין דעם איז דא אן ענין פון אין-סוף, וכמבואר בארוכה אין אגה"ק הידועה ד"ה איהו וחיוהי (ס"כ - קלב, סע"א ואילך) -

אעפ"כ, מאכט מען אבער ניט קיין ברכה בשעת א איד איז זורע א זרע בארץ; דוקא בשעת ס'איז דא א חתונה פון א אידן מאכט מען א ברכה.

ט. דער ענין עצמי וואס איז דא ביי א חתונה איז אויך פארבונדן מיטן עצם פון תורה, כמדובר לעיל:

די גמרא (ברכות ו, ב) זאגט אז דער וואס איז משמח א חתן איז ער "זוכה לתורה שניתנה בחמשה קולות",

וואס דורך תורה נעמט מען דעם עצם פון דעם אויבערשטן, כמארז"ל "אותי אתם לוקחים".

י. ובפרט אז מ'האלט איצט אין זמן פון עקבתא דמשיחא, וואס לויט דעם וואס חסידות איז מבאר (מיוסד אויף דעם וואס עס שטייט אין מדרש רבה פ' בא, וואו עס רעדט זיך וועגן דער גאולה), אז בזמן הזה איז מערניט ווי דער ענין פון אירוסין, וואס אויף דערויף דארף מען האבן אמונה און לערנען און זיך מתבונן זיין אין דעם, ווארום ס'איז ניט בגלוי, משא"כ לע"ל וועט זיין דער ענין פון נישואין, און מ'וועט זען דער יחוד מיט אלקות בגלוי, "וראו כל בשר" -

איז פארשטאנדיק אז אין זמן הזה גופא, אין דרא דעקבתא דמשיחא, ווען ס'איז נאך געבליבן נאר עטלעכע טעג און עטלעכע רגעים ביז דער גאולה - איז שוין דא א מעין פון דעם ענין פון נישואין,

מצד דערויף וואס ס'איז דא דער "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך", און "והביאו את כל אחיכם מכל הגוים מנחה לה'...על הר קדשי ירושלים ... כאשר יביאו בני ישראל את מנחה בכלי טהור בית ה'"(ישעי' סו, כ), "ביום חתונתו זה מתן תורה וביום שמחת לבו זה בנין בית המקדש" (תענית כו, ב במשנה).

יא. און דאס טוט זיך אויף דורך מעשינו ועבודתינו איצטער, וואס דאס איז בכללות די מעשה המצוות וואס א איד טוט, וואס דורך יעדער מצוה ווערט אויפגעטאן דער יחוד קוב"ה ושכינתי', ביז ווי עס שטייט אין פרע"ח (נסמן במפתח ללקו"ת) אז פאר יעדער מצוה דארף מען זאגן "לשם יחוד קוב"ה ושכינתי'" (אדער דער לשון "הנני מוכן ומזומן כו'"),

וואס אע"פ אז מנהג חב"ד איז ניט אזוי, און אויך בא רבותינו נשיאנו האט מען ניט געזען אז זיי זאלן זיך אזוי פירן: ולדוגמא בא נטילת לולב וכיו"ב, האט מען געזען אז זיי זאלן מאכן די ברכה אויף דערויף,מ'האט זיי אבער ניט געזען זאגן "לשם יחוד קוב"ה ושכינתי'",

[דאס וואס בא זיי איז געווען אין מחשבה קען מען ניט וויסן, אבער בדיבור האט מען ניט געזען אז זיי זאלן דאס זאגן] -

אעפ"כ איז דער ענין פון "לשם יחוד קוב"ה ושכינתי'" דא בא יעדער מצוה - און דער ביאור אין דעם איז, אז דאס וואס מ'זאגט "לשם יחוד קוב"ה ושכינתי'" בבוקר פאר "ברוך שאמר", איז א פעולה נמשכת וואס ווערט נמשך על כל היום כולו, ועאכו"כ אויף די תומ"צ פון דעם טאג,

און דערפאר איז דורך יעדער פעולה אין קיום המצוות וואס מ'טוט איצטער אין זמן הגלות, און אזוי אויך די עבודה פון "בכל דרכיך דעהו" און "כל מעשיך יהיו לשם שמים", וואס דאס איז אויך א מצוה, ובמילא טוט מען דורך דערויף אויף דעם יחוד קוב"ה ושכינתי' -

איז מען נאכמער מקרב און ממהר און מען מאכט דעם כלי אויף די נישואין פון קוב"ה ושכינתי' וואס וועט זיין לע"ל.

און די נישואין וועלן זיין דא למטה נשמות בגופים אזוי ווי מעשינו ועבודתינו איז געווען דא למטה.

יב. ובפרט אז אין די י"ב חודש וואס זיינען א הכנה צו דער חתונה (נישואין), שטייט מען שוין איצטער אין דעם סיום זייערן, ווארום אט קומט די גאולה,

איז אזוי ווי דאס איז ביי א חתונה כפשוטה, איז אין די הכנות צו דער חתונה געפינט מען אין הלכה אז דער חתן וכלה טוען כמה ענינים אלס הכנה צו דער חתונה, וואס הגם אז דאס איז לכאורה פארבונדן מיט טרחא, איז דאס אבער א מצוה און אן ענין פארבונדן מיט שמחה נאך פאר די שמחה פון דער חתונה אליין -

זאל עד"ז אויך זיין אין די לעצטע רגעים פאר די נישואין דלע"ל, אז מ'זאל טאן די עבודה אלס א מצוה, און מתוך שמחה.

און דורך דערויף וועט מען ממשיך זיין די נישואין פון הקב"ה וכנס"י און פון קוב"ה ושכינתי',

במהרה בימינו ממש, למטה מעשרה טפחים, ובעגלא דידן.

* * *

יג. מ'האט פריער געגעדט (ס"ד) אז אין תורה זיינען דא צוויי ענינים: דער ענין פון התחלקות אין תורה, וואס יש ששים ריבוא אותיות לתורה, און דער עצם התורה וואס איז איין זאך.

וואס די צוויי ענינים זעט מען אין תורה בפשטות:

דער ענין וואס יש ששים ריבוא אותיות לתורה איז בפשטות דער ענין פון התחלקות, ווי דער דין איז אז בשעת מ'שרייבט א ס"ת דארף יעדער אות זיין מוקף קלף און מוקפת גויל, ד.ה. אן אות באזונדער בפ"ע ניט דבוק צו קיין צווייטן אות, און דוקא דעמולט איז דאס א ס"ת כשר, וכמבואר אין די ענינים ע"פ חסידות אין לקו"ת;

לאידך גיסא איז ידוע וואס דער רס"ג זאגט ווי דער בעש"ט ברענגט, אז כל התורה כולה איז נכלל אין די עשרת הדברות, און די עשרת הדברות זיינען נכלל אין דעם ערשטן דיבור, "אנכי ה' אלקיך", און דער ערשטער דיבור איז נכלל אין דעם אל"ף פון "אנכי" וואז איז נכלל כל התורה כולה.

וואס אות אל"ף איז איין זאך, ע"ד ווי דער אל"ף פון "אחד", וואס דאס גייט אויף אלופו של עולם, וע"ד "יום אחד" פון מעשה בראשית, וואס ווערט אנגערופן דוקא "יום <u>אחד</u>" (ניט "יום ראשון") דערפאר וואס "בו הי' הקב"ה יחידי בעולמו, שלא הי' בעולמו אלא הוא".

און דער אות אל"ף איז ניט נאר דער ערשטער אות פון אל"ף בי"ת, נאר אויך דער "ראש" פון אלע אותיות, ווי עס שטייט אין ירושלמי בקשר מיטן ווארט "אמת", אז דער ווארט "אמת" איז אויפגעשטעלט פון דריי אותיות - פריער אן אל"ף, וואס ער איז "ראש" פון אלע אותיות, באם סוף א תי"ו, וואס ער איז סוף כל האותיות, און צווישן א מ"ם, וואס ער איז אמצע כל האותיות (בשעת מ'רעכנט אויך די אותיות כפולות), און דאס באווייזט אויף "אני ראשון (דער אות אל"ף) אני אחרון (דער אות תי"ו) ומבלעדיך אין אלקים (דער אות מ"ם)", "אלקים <u>אמת</u>",

און וויבאלד אז דער אות אל"ף איז (אויך) דער "ראש" פון אלע אותיות, איז דאס אין זיך כולל אלע אותיות, ווי דער אלטער רבי איז מבאר דער ענין פון ראש.

וואס עד"ז איז אויך בנוגע צו דעם אל"ף פון "אנכי": עצם התורה וואס איז <u>איין</u> זאך, אע"פ וואס עס זיינען דא א ריבוי חלקים און פרטים אין תורה, ביז ששים ריבוא אותיות לתורה - איז אבער דער אל"ף פון "אנכי" כולל אין זיך די גאנצע תורה אין איין אות, וואס ער איז דער ראשון און ראש כל האותיות, וואס דאס באווייזט אויף עצם התורה וואס איז איין זאך, וביחד עם זה איז דאס כולל אין זיך אלע פרטים.

יד. וע"ד ווי דאס איז בנוגע צו אדם, וואס "אדם" הויבט זיך אויך אן מיט אן אל"ף, וואס דאס איז מרמז אויף דער עצם האדם, ד.ה. אז אע"פ אז אין אן אדם זיינען דא א ריבוי פרטים, איז אבער דא דער עצם האדם, וואס איז מרומז אין דעם אל"ף פון "אדם", וואס דער עצם איז נאר איינער און איז כולל אין זיך אלע פרטי האדם.



<u>הנחה פרטית בלתי מוגה</u>

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין הנישואין, ווארום די כוונה פון בריאת האדם און דערנאך פון בריאת חוה איז בכדי אז עס זאל זיין "והיו לבשר אחד" - והפירוש בזה: אז אפילו ווי זיי זיינען "בשר" גשמי, וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט התחלקות - זאלן זיי דארטן גופא זיין "בשר אחד".

טו. מ'זוכט דאך פארבינדן יעדער זאך מיט דער פרשת השבוע וועלכע מ'לייענט אין תורה דעם שבת - וואס דעם שבת האט מען געלייענט פ' וישלח.

ובהקדם:

בכדי עס זאל קענען זיין מתן תורה האבן דארטן געדארפט זיין ששים ריבוא ישראל, און אויב עס וואלט געפעלט אפילו איינער פון די ששים ריבוא וואלט ניט געווען מ"ת, כנ"ל (ס"ד).

והטעם לזה איז - דערפאר וואס ששים ריבוא איז דער תכלית שלימות המספר און דאס איז כולל אין זיך אלץ, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא (פל"ז - מח, א), אז "כללות ישראל" איז ששים ריבוא נשמות, און "אלו הן שרשי' וכל שרש מתחלק לששים ריבוא ניצוצות כו'".

וע"ד ווי די גמרא (כתובות יז, סע"א) זאגט, אז בא הלוית המת [וואס "מעבירין את המת מלפני הכלה" (שם)] דארף זיין בששים ריבוא מישראל, ווארום "נטילהה כנתינתה (נטילתה של תורה ממנו כנתינתה בסיני נטילתה היינו כשמת ותלמודו בטל), מה נתינתה בששים ריבוא אף נטילתה בששים ריבוא".

וואס אין דערויף איז ניט דער פשט אז ששים ריבוא מישראל איז גענוג - נאר אז ששים ריבוא איז אלץ, און דאס איז כולל הכל, דערפאר דארף זיין ששים ריבוא מישראל בא מ"ת (און בא הלויה המת).

וכמבואר בכ"מ אז דער מספר פון ששים ריבוא איז דער ענין פון בל"ג ווי דאס שטעלט זיך אויס אין מספר, וואס דערפאר איז דער מספר פון ששים ריבוא תכלית השלימות אין מספר, און דאס איז כולל אין זיך אלע פרטים, כנ"ל פון תניא, און דערפאר מאכט מען די ברכה "חכם הרזים" בשעת עס זיינען דא ששים ריבוא מענטשן, און דאס איז אויך די מעלה וואס מ'זאגט בנוגע צו דוד בן ישי אז נכנס באוכלוסא (מיט ששים ריבוא תלמידים) ויצא באוכלוסא, ווארום דאס איז דער תכלית המעלה אין מספר.

טז. ע"ד ווי בא מ"ת האט געדארפט זיין ששים ריבוא (שלימות המספר) ישראל - עד"ז זיינען די ששים ריבוא ישראל נכלל בכללות יותר אין די "שבעים נפש" וואס ירד מצרימה (תו"א לב, ב),

וואס ככדי אז מ'זאל קענען אריינגיין אין מצרים און אז עס זאל דערנאך זיין יצי"מ וכו' האט מען געדארפט האבן אלע שבעים נפש (ע"ד ווי בא מ"ת האט מען געדארפט האבן ששים ריבוא ישראל),

וואס דערפאר איז כל זמן וואס יוכבד איז ניט געבארן געווארן האט מען ניט געקענט אריינגיין אין מצרים, ווארום אן איר איז בלויז געווען ס"ט נפש; בשעת זי איז געבארן געווארן "בין החומות" פון מצרים - האט מען ערשט דעמולט געקענט אריינגיין אין מצרים, און דערנאך האט געקענט זיין יצי"מ, ביז "וינצלו את מצרים", ביז אויך אז עס זאל אויך קענען זיין דער "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות".

יז. וואס דאס באווייזט נאכמער אויף דער גודל הענין פון "ואהבת לרעך כמוך":

בשעת עס רעדט זיך אז עס זאל זיין "ואהבת לרעך כמוך" צו אזא איד וואס איז מחוייב במצוות, קען מען נאך האבן עפעס א הסברה אויף דעם - אז וויבאלד ער איז

מחוייב במצוות האט ער דאך די הבטחה אז "בל ידח ממנו נדח", אז סוף סוף וועט ער צוקומען צו די דרגא פון "ראשיכם שבטיכם", במילא האט ער אים ליב ווי זיך אליין, "כמוך";

בשעת עס רעדט זיך אבער וועגן א איד וואס איז ניט מחוייב במצוות, א קליינע מיידעלע וואס איז ערשט געבארן געווארן, און ווי די גמרא זאגט "אורייתא לדרדקי, מצוות לדרדקי" - בתמי'?! - איז לכאורה ניטא קיין הסברה פארוואס עס זאל זיין צו אזא "ואהבת לרעך כמוך" -

אעפ"כ זעט מען פון די מעשה מיט יוכבד, אז דוקא זי א קליינע אידישע מיידעלע וואס איז ערשט געבארן געווארן, האט משלים געווען די שבעים נפש, און ערשט דעמולט האבן די אנדערע אידן, וואס זיינען ערוואקסענע, ביז יעקב אבינו בראשם, געקענט אריינגיין אין מצרים וכו'!

וואס דאס איז מדגיש פארוואס עס דארף זיין "ואהבת לרעך כמוך" אויך צו א קליין אידיש קינד, אפילו אזא וואס איז ערשט געבארן געווארן - ווארום יעדער מאל וואס א אידיש קינד ווערט געבארן, ווערט נאכאמאל נתגלה דער עצם, וואס "עצם כשאתה תופס במקצתו אתה תופס בכולו",

און אזוי ווי דעמולט, ווען יוכבד איז געבארן געווארן, האבן זיי תופס געווען אין איר, במילא האבן זיי תופס געווען אין דעם גאנצן עצם, און זי האט משלים געווען די שבעים נפש - ועד"ז איז בנוגע יעדער אידיש קינד.

יח. בכללות יותר זיינען די שבעים נפש נכלל אין די י"ב שבטים,

וואס די שלימות פון די י"ב שבטים, ובמילא אויך די שלימות פון יעקב אבינו, ווארום בשעת אלע י"ב שבטים זיינען געבארן געווארן האט זיך ביי אים אויפגעטאן אז דער "מטתו שלימה" - איז ערשט אין פ' וישלח, ווארום אין דער פרשה ווערט דערציילט אז בנימין, דער לעצטער שבט, איז געבארן געווארן:

פריער ווערט דערציילט וועגן אברהם אבינו, אבער דאס איז ווי אלע אידן זיינען נכלל אין איינעם, אין "אחד הי' אברהם", דערנאך איז פ' תולדות פארבונדן (ניט מיט יעקב נאר) בעיקר מיט יצחק, "אלה תולדות יצחק בן אברהם", דערנאך פ' ויצא איז שוין פארבונדן מיט יעקב, אבער ניט שלימות פון יעקב, ווארום בנימין איז נאך ניט געבארן געווארן, איז נאך ניט געווען "מטתו שלימה"; ערשט אין פרשתנו, פ' וישלח, ווערט דערציילט אז בנימין איז געבארן געווארן, ובמילא איז דעמולט געווארן דער שלימות פון יעקב, "מטתו שלימה",

ובפרט אז בנוגע צו בנימין שטייט "ומלכים מחלציך יצאו", ווי רש"י טייטשט אפ אז דאס גייט אויף בנימין.

און דער שלימות אין יעקב, "מטתו שלימה", איז ניט נאר א שלימות אין ענינים רוחניים, נאר אויך אין ענינים גשמיים, אז ער איז געווארן "שלם (אויך) בגופו", ווי רש"י ברענגט אראפ, און ניט נאר "בגופו" נאר אויך בחלקו בעולם, "שלם בממונו",

ביז אז ער האט אויך גע'פועל'ט אויף עשו'ן, אז עס זאל דערנאך זיין "וילך אל ארץ מפני יעקב אחיו", אז עשו טרעט זיך אפ פאר יעקב'ן, ביז אז עס וועט זיין "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו".

ביז ווי דאס איז ע"פ פנימיות התורה - ווי רש"י ברענגט אראפ דברי רשב"י, וואס ענינו איז פנימיות התורה, וואס ער האט ממשיך געווען רזי תורה דא למטה, ביז אין אן אופן אז ער האט מחבר געווען פנימיות התורה מיט נגלה דתורה, כמבואר

בחסידות - אז "וישקהו" עשו יעקב'ן איז געווען "בכל לבו", כאטש אז אלעמאל איז "הלכה היא בידוע שעשו שונא ליעקב".

יט. דער ענין פון "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו" וואס וועט זיין בקרוב ממש אין די גאולה העתידה - איז פארבונדן מיט "יפוצו מעיינותיך חוצה", ווארום דאס ברענגט די גאולה.

וואס דאס איז אויך דער קישור דערפון צו יו"ד און י"ט כסלו, וואס דער שבת איז ביניהם - ווארום בי"ט כסלו האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון "יפוצו מעיינותיך חוצה", און ביו"ד כסלו איז דער "יפוצו מעיינותיך חוצה" געווארן אין אן אופן פון "רחובות הנהר" (וראה שיחת יו"ד בסלו).

און אזוי חזר'ן זיך איבער די ענינים בכל שנה ושנה פריער ביו"ד כסלו און דערנאך בי"ט כסלו, אע"פ אז אין זמן איז י"ט כסלו געווען פריער, איז אבער דער יו"ד כסלו קומט בהמשך צו י"ט כסלו בשנה שלפנ"ז.

דערפון האט מען אויך די הוראה בנוגע צו לימוד פון די מעיינות, וואס דאס איז לימוד החסידות, וואס איז שייך לכל אחד ואחת,

בדיוק אויך "אחת", כידוע וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר זאגט אז לימוד החסידות איז שייך צו נשים ובנות פונקט אזוי ווי צו אנשים ובנים, וכמובן אויך דערפון וואס דער חינוך שרייבט בהקדמתו, אז מצות אהבת ה' און יראת ה' און אהבת ישראל וכיו"ב זיינען שטענדיקע מצוות און שייך לכאו"א, אנשים און נשים בשוה.

יט. ע"פ האמור לעיל אז אין פרשתנו רעדט זיך וועגן דער שלימות פון יעקב, וואס דאס דריקט זיך אויס ניט נאר אלס א שלימות פאר זיך אליין, נאר אויך א שלימות אין עבודתו בחלקו בעולם, אין פעולתו אויף עשו'ן - וועט מען פארשטיין דער קשר און "נעוץ תחלתן בסופן כו'" פון התחלת פרשתנו, "וישלח יעקב מלאכים לפניו אל עשו אחיו ארצה שעיר שדה אדום" מיט סיום פרשתנו, "עשו אבי אדום".

והביאור בזה בדרך אפשר:

ס'איז מבואר אין חסידות (תו"ח תולדות יב, ב ואילך. יט, ד ואילך. אוה"ת שם קסד, ב ואילך. תנה, א ואילך. תתלב, א ואילך), אז דאס וואס יעקב האט באקומען די ברכות פון יצחק "במרמה" ("בא אחיך ויקח ברכתיך במרמה") דורך אנטאן בגדי עשו כו', איז דער ענין וואס דורך דערויף האט יעקב, "איש תם יושב אהלים", די בחינה פון צדיק, באקומען אויך די מעלה פון בעל תשובה,

און ווי יצחק האט געזאגט "גם ברוך יהי'", וואס דער לשון "גם" באוויייזט אויף א הוספה, וואס די הוספה באשטייט פון דעם וואס נוסף לזה וואס יעקב האט געהאט די ברכות שייך צו צדיקים, כמבואר אין די מאמרים דארטן, האט ער אויך באקומען די ברכות פארבונדן מיט מעלת בע"ת, די ברכות פון עשו'ן.

וואס בכללות אין עבודה איז דאס: אז יעקב האט זיך ניט מסתפק געווען מיט עבודת עצמו, נאר ער האט אויך געטאן אין מברר זיין "עשו", די וועלט, און דורך דערויף באקומען אויך די מעלה פון בע"ת.

וואס דערפאר איז געווען "וישלח יעקב מלאכים לפניו אל עשו אחיו גו'", בכדי פועל'ן א בירור אויך אין עשו'ן, ד.ה. אז ער האט זיך ניט מסתפק געווען מיט די עבודה מיט זיך אליין, נאר ער האט אויך געשיקט שלוחים אין וועלט צו מברר זיין עשו, און ניט סתם אויף עשו, נאר ווי עשו געפינט זיך בכל התוקף אין וועלט, "עשו אבי אדום", ווי ער זאגט אין סיום הפרשה,

[וויבאלד אז מ'שטייט איצטער נאענט צו די גאולה, וואס דעמולט וועט דארפן זיין אויך "בנערינו" - דארף אויך דער ענין זיין פארשטאנדיק פאר א בן חמש למקרא, ווי ס'איז טאקע מובן פון פשטות הכתובים אז דער ענין פון "וישלח יעקב מלאכים אל עשו" איז געווען צו פועל'ן אויף אים].

ביז אז ער האט גע'פועל'ט אויף אים אז עס זאל זיין "וישקהו", "נשקו בכל לבו", ביז אז עשו אליין האט זיך פארגעשלאגן אז "נסעה ונלכה ואלכה לנגדך" וכו', כמבואר אין דער פרשה.

און דורך דעריוף באקומט יעקב אויך דער חלק פון עשו, אז בא אים ווערט ניט נאר "מטתו שלימה", און "שלם בגופו" (שלימות עצמו), נאר ער ווערט "שלם בממונו", שלימות אין חלקו בעולם - די מעלה פון בע"ת, פון מברר זיין עניני העולם און דערפון מאכן קדושה.

כ. די הוראה דערפון בעבודת כאו"א:

יעדער איד ווערט אנגערופן "יעקב", ביז אז יעדער איד האט א חלק פון יעקב אין זיך, כמבואר אין אגה"ק, און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין לקו"ת אז יעדן מוצאי שבת זאגט מען אן יעדן אידן "אל תירא עבדי יעקב", בכדי ער זאל האבן כח אויפטאן עבודתו בעולם.

איז אזוי ווי בא יעקב האט זיך ניט מסתפק געווען מיט די עבודה מיט זיך אליין און אין די אייגענע ד' אמות, "מטתו שלימה", נאר "וישלח יעקב מלאכים אל עשו" - אזוי אויך האט יעדער איד די הוראה צו זיך ניט מסתפק זיין מיט די עבודה מיט זיך אליין און אין די אייגענע ד' אמות, נאר ארויסגיין אין וועלט, אין עוה"ז, און אויפטאן דארטן מיט"עשו", ווארום רוב העולם איז דאך נחלת עשו, און אויסנוצן די עניני "עשו", דער תוקף און שטורעם פון וועלט אויף עניני קדושה.

וואס דאס איז די עבודה פון בע"ת, ווי מ'זעט אז ביי א בע"ת איז קיום תומ"צ מיט אסאך א גרעסערן שטורעם ווי בא צדיקים - וואס דער טעם לזה איז בפשטות, דערפאר וואס ער נעמט דעם שטורעם וואס ער האט פריער געהאט אין לעו"ז און ער נוצט עס איצטער אויס אין תומ"צ, די עבודה פון "בכל לבבך - בשני יצריך",

ובלשון הקבלה - אז ער נעמט די אורות מרובים דתהו, וואס זיי זיינען אסאך גרעסער פאר די אורות דתיקון, און איז זיי ממשיך אין די כלים פון תיקון.

וואס תהו איז דאך עניננו פון עשו, וואס ער איז "אבי אדום", דער ענין התוקף און שטורעם בעולם, אורות מרובים, און תיקון איז עניננו פון יעקב,

און א בע"ת נעמט די אורות מרובים דתהו, דער שטורעם אין עניני עוה"ז און נוצט עס דערנאך אויס אויף קדושה, ע"ד ווי דוד המלך, וואס ער ווערט אנגערופן "דוד אדמוני", אבער ביחד עם זה איז "דוד הוא הקטן", עולם התיקון.

ועד"ז איז אויך בא צדיקים מעין דא די עבודה פון בע"ת, דורך דעריוף וואס זיי טוען ניט נאר מיטן נה"א נאר אויך מיטן נה"ב, אז עס זאל זיין "משכני אחריך נרוצה", "נרוצה" לשון רבים, אויסנוצן אויך דער שטורעם פון דעם נה"ב אויף עניני קדושה.

כא. ובפשטות איז די הוראה דערפון - אז מ'דארף איינשפאנען דער גרויסער שטורעם פון עוה"ז ("עשו") און דאס אויסנוצן אויף מאכן א נאך גרעסערן שטורעם אין די עבודה פון תומ"צ.

און ס'איז א זיכערע זאך אז מ'האט דעם כח פון יעקב'ן דאס אויפצוטאן, וואס בא יעקב שטייט אז "ויקרא לו א-ל אלקי ישראל", און דער אלטער רבי טייטשט דאס אפ אז אלע אידן זיינען כלול אין יעקב, דערפאר ווערט ער אנגערופן "אלקי ישראל", האט דאך זיכער יעדער איד דער כח פון יעקב, ובפרט אז ס'איז אויך "ויקרא לו א-ל אלקי ישראל", וואס "א-ל" איז אויך מלשון "כח".

און דאס איז א כח אויף אויפטאן אין וועלט ע"ד ווי ס'איז געווען בא אברהם "ויקרא שם בשם ה' א-ל עולם", ניט "א-ל העולם", נאר "א-ל עולם", אז מציאות פון וועלט איז אלקות, כמבואר אין תורה אור.

און דורך דערויף וואס מ'וועט טאן די עבודה פון אויך מברר זיין "עשו" אין די וועלט, וואס דאס איז דאך עוה"ז, ווי עס שטייט אין מדרש.

און ניט סתם עוה"ז צוליב עוה"ז ח"ו, נאר ע"ד ווי דער רמב"ם איז מבאר בנוגע צו יעודים גשמיים וואס די תורה זאגט צו אויב מ'וועט מקיים זיין תומ"צ, אז דאס איז בכדי אז מ'זאל קענען מקיים זיין תומ"צ בשלימות אן בלבולים, גיט מען א אידן אויך יעודים גשמיים.

כב. וואס בכללות איז די עבודה הנ"ל פארבונדן מיט ענין החתונה - די עבודה פון "כבשוה", איינגעמען די וועלט דורך "נר מצוה ותורה אור",

וואס דאס זיינען דאס אלע מצוות, ובמיוחד די מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט א נר כפשוטו: נרות שבת קודש, נרות חנוכה און נרות המקדש, און ווי עס רעדט זיך אין רוב דרושי חסידות וועגן די אלע דריי סוגי נרות (נרות שבת, נרות חנוכה, און נרות המקדש).

וואס בכללות איז דער קישור ביניהם:

נרות חנוכה קומען דאך פון די נרות המקדש, ועד"ז בנוגע צו נרות שבת שטייט אין ילקוט בהעלותך אז "אם שמרתם נרות של שבת אני מראה לכם נרות של ציון", וואס "נרות של ציון" זיינען די נרות המקדש,

וואס דער מקדש איז פארבונדן מיטן משכן "דאיקרי מקדש", וואס דער משכן איז געווען גרייט בכ"ה בכסלו, און בפועל איז הוקם המשכן בראש חודש ניסן, אבער וויבאלד אז עס האט געדארפט זיין אין חודש כסלו, האט דער אויבערשטער געזאגט אז ער וועט געבן חנוכה בכ"ה בכסלו, וואס דעמולט צינט מען נרות חנוכה וואס "אינן בטלין לעולם", ווי עס שטייט אין רמב"ן אויך אין בהעלותך.

כג. בהמשך לזה איז כאן המקום להזכיר וועגן די נרות וואס זיינען במיוחד פארבונדן מיט נשי ובנות ישראל -

- וואס זיי האבן אויך א שייכות מיוחדת מיט (נרות) חנוכה, ווארום "אף הן היו באותו נס", ובפרט ווי רש"י זאגט אז "על ידי אשה נעשה הנס", וואס זי האט געהייסן יהודית, וואס "כל הכופר בע"ז ("שכל הכופר בה כמודה בכל התורה כולה" (קידושין מ, א)) נקרא יהודי" (מגילה יג, ריש ע"א) -

נרות שבת קודש, און אויך אויף מעורר זיין וועגן די אנדערע צוויי מבצעים וואס זיינען במיוחד פארבונדן מיט זיי - "מבצע כשרות האכו"ש" און "מבצע טהרת המשפחה".

כד. בהמשך להאמור לעיל וועגן דעם ענין פון א חתונה, וואס די כוונה דערפון איז דער "ויברך אותם אלקים ויאמר להם אלקים פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה" (בראשית א, כח) - איז כאן המקום אויך דערמאנען וועגן דעם ענין.

וואס בפשטות מיינט דאס - אז מ'זאל האבן א ריבוי בנים ובנות.

און ווי דאס איז געווען בא יעקב אבינו, אז ער האט געהאט י"ב שבטים, וואס דאס איז געווען דער מספר פון קינדער וויפל דער אויבערשטער האט פאר אים באשטימט צו האבן, און דוקא דעמולט וואס ער האט געהאט די אלע י"ב קינדער, איז געווארן "מטתו שלימה".

ועד"ז דארף זיין בא כאו"א, אז מ'דארף זיך ניט אריינמישן אין דעם חשבון פון דעם אויבערשטן וויפל קינדער ער האט באשטימט אז א געוויסע פאר-פאלק זאלן האבן - נאר עס דארף זיין "פרו ורבו ומלאו הארץ ובבשוה", מ'דארף האבן א ריבוי בנים ובנות, וויפל דער אויבערשטער האט באשטימט פאר דער פאר-פאלק.

און ס'איז ניט דער פירוש אז דורך דערויף וואס מ'האט אסאך קינדער רירט עס עפעס אן אין בריאות הגוף אדער אין פרנסה - נאר אדרבה: ע"ד ווי ס'איז געווען בא יעקב, אז דורך דערויף וואס ביי אים איז געווארן "מטתו שלימה", האט עס ניט געשטערט אדער אפגעשוואכט דעם גוף, נאר ער איז געווארן "שלם בגופו", און ניט געשטערט צו פרנסה, נאר ער איז געווען "שלם בממונו", ועד"ז איז בא כאו"א.

און בשעת מ'איז מקיים דער ציווי ה' פון "פרו ורבו ומלאו את הארץ וכבשוה", און מ'האט א ריבוי בנים ובנות - איז מען דערנאך זוכה צו זען ווי זיי זאלן אויסוואקסן צו זיין עוסקים בתומ"צ.

כה. און דורך דערויף פועל'ט מען אויך אז עס זאל זיין "כשמחך יצירך בגן עדן מקדם", אז די אלע ענינים המבלבלים אין וועלט ווערן פארקערט, ענינים מסייעים דערצו, ע"ד ווי יעקב האט גע'פועל'ט אויף עשו'ן, כנ"ל - ע"ד ווי ס'איז געווען אין "גן עדן מקדם", וואס דעמולט איז דער קליפה געווען שומר לפרי, ווי חסידות ברענגט פון של"ה, און ע"ד ווי דער נחש וואס איז דעמולט געווען א "שמש גדול", ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין.

און דאס ברענגט אז עס זאל זיין דער אתחלתא דגאולה, און דערנאך די גאולה אליין, ע"י משיח צדקנו, ויקבץ כל נדחי ישראל, און נאך פאר דערויף - יבנה ביהמ"ק במקומו, "והיתה לה' המלוכה", ובקרוב ממש.

* * *

כו. מאמר (כעין שיחה) ד"ה וכל בניך לימודי ה' גו'.

* * *

כז. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען א פירוש רש"י פון פרשת השבוע, און אויך אן ענין אין די הערות פון טאטן אויפן זהר פון פרשתנו.

אין פירוש רש"י איז מען רגיל צו זיך אפשטעלן אויף איינער פון צוויי אופנים: א) אויף דעם וואס איז צריך עיון ובירור אין א פירוש רש"י, אדער ב) אויף אן ענין וועלכע רש"י שטעלט זיך ניט אויף דעם, און שרייבט אויך ניט "לא ידעתי", אע"פ וואס דאס איז ניט פארשטאנדיק אין פשש"מ.

אין פרשתנו זיינען דאביידע אופנים.

כח. אנהויבנדיק פון דעם ערשטן אופן (א פירוש רש"י וואס איז ניט פארשטאנדיק):

אין קאפיטל לג פסוק יד איז דא א רש"י וואס רעדט זיך וועגן דער גאולה האמיתית והשלימה (ווי גערעדט אמאל, און איצטער אפגעדרוקט (לקו"ש השבועי לפ' וישלח בסופו)).

וואס דאס איז במיוחד פארבונדן מיט דעם איצטיקן זמן ווען מ'האלט אין עקבתא דמשיחא גלייך פאר דער גאולה,

וואס דאס (אז מ'האלט איצטער גלייך פאר דער גאולה) ברענגט צו דעם טעות, דעם ביטערן און אומגליקלעכן טעות בא כו"כ וואס שרייען אז ס'איז איצטער דער אתחלתא דגאולה, וויבאלד מ'געפינט זיך אין ארץ ישראל וכו'.

ניט קוקנדיק אויף דעם חושך המר והאיום פון גלות, וואס ס'איז נאך קיינמאל ניט געווען אזא חושך כפול ומכופל - שרייען זיי אז ס'איז אתחלתא דגאולה!

ס'איז טאקע ידוע דער ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז מ'טאר ניט ממעט זיין אין די זכיות וואס זיינען דא בא אידן - אבער לאידך גיסא טאר מען אויך ניט פארדעקן און ממעט זיין אין די ענינים הדרושים תיקון,

און איצטער איז א מעמד ומצב איום ונורא אין וועלט, כולל אויך אין ארץ ישראל!

אנהויבנדיק פון ווי דאס איז בנוגע צו תורה ומצוות אין ארץ ישראל:

מ'וויל ניט מצער זיין דעם עולם מיט זאגן וויפל אחוז פון אידן אין ארץ ישראל זיינען לומדי תורה און וויפל ניט ר"ל - אבער ס'איז א מספר שלא בערך כלל!

ועד"ז בנוגע צו דער מצב החינוך פון בנים ובנות אין ארץ ישראל, אז אן אחוז קטן ביותר פון אידישע קינדער דארטן באקומען א אידישע חינוך!

כט. און וואס טוען די עסקנים דארטן - פארנעמען זיי זיך מיט אנדערע זאכן! טאקע גוטע זאכן, אבער דא רעדט מען וועגן דעם חינוך פון אידישע קינדער, וואס אפילו איין אידיש קינד איז אן "עולם מלא", ביז וואנענט אז צוליב <u>אים</u> איז אדה"ר באשאפן געווארן "יחידי"! ועאכו"כ אז דא רעדט זיך וועגן א ריבוי פון אידישע קינדער!

ביז וואנענט אז עס זיינען דא א מספר גדול פון אידישע קינדער אין ארץ ישראל וואס האבן קיינמאל ניט געזען א ספר תורה! אדער אפילו געהערט וועגן דעם - חוץ אויב זיי האבן וועגן דעם געלערנט אין דברי הימים פון אידן, אז אמאל מעבר הרחוק אין אן אנדער וועלט איז געווען אזא זאך וואס הייסט א ספר תורה, משא"כ איצטער דארף מען דאס ניט האבן, און אן דעם איז מען גוטע מענטשן און מאדערנע מענטשן וכו'!

מ'האט טאקע מוסדות חינוך וואו מ'לערנט תורה - אבער מ'לערנט די תלמידים דארטן היפך פון אהבת ישראל, היפך פון תורת משה וואס "אוהב ישראל הי'", וואס דער היפך דערפון זיינען די וואס קריגן זיך אויף משה רבינו ר"ל!

מ'וויל זיך אבער דא ניט פארטשעפען מיט די מוסדות, און בשעת מ'קוקט אריין אין די מוסדות זעט מען אז דארטן איז תהו ובהו!

מ'וויל זיך אבער דא ניט פארטשעפען מיט די מוסדות - דא איז נוגע אז מ'טוט גארניט וועגן די אידישע קינדער וואס זיינען "המסולאים בפז" און זיי וואלגערן זיך "בראש כל חוצות", און באקומען בכלל ניט קיין אידישן חינוך, ביז וואנענט אז א גרויסער חלק פון זיי האבן קיין ספר תורה קיינמאל ניט געזען!

ל. וואס דאס איז בנוגע צו דער מצב החינוך אין ארץ ישראל; ועאכו"כ ווי דער מצב החינוך איז אין חוץ לארץ.

וואס דאס איז לית מאן דפליג אז רוב אחוז פון אידישע קינדער באקומען בכלל

ניט קיין אידישן חינוך! מ'דינגט זיך נאר בנוגע צו דער ¼ פון אידישע קינדער וואס באקומען יע עפעס א אידישן חינוך, צי דאס איז אן אחוז אהער אדער אן אחוז אהין!

אבער בנוגע צו טאן עפעס בפועל וועגן דעם - טוט מען ניט וויפל דער ענין מאנט אז מ'זאל טאן, און דער עיקר איז - אז מ'רעדט אפילו ניט וועגן דעם.

וואס דא רעדט מען אפילו ניט וועגן טאן אין חינוך יהודי, נאר טאן אין "דשואיש עדשוקיישאן", וואס דער פירוש אין דעם קען מען וויסן פון קוקן אין קיצור שו"ע געשריבן אויף ענגליש - איז אפילו אין דעם טוט מען אויך ניט!

מ'טוט טאקע גוטע זאכן, און א סאך גוטע זאכן, און איינער רעדט בשבחו פון דעם צווייטן אז מ'דארף אים אפגעבן כבוד, און מ'טיילט מעדאלן וכו', וואס דערמיט איז מען נאך אויך מקיים א מצוה אז מ'איז מפרסם "עושי המצוה", ווי עס שטייט אין שו"ת הרשב"א - דאס קומט אבער ניט צו דעם ענין החינוך פון א ריבוי גדול פון אידישע קינדער וואס מ'דארף פשוט ראטעווען!

און זיי אליין ווייסן אויך אז די זאכן וואס זיי טוען זיינען ניט אזא עיקר ווי דער ענין החינוך איז אן עיקר.

און דערפון קומט מען דערנאך צו דעם צווייטן עיקר - וואס עס פעלט אין דער חינוך בא די גרעסערע אויסגעוואקסענע אידן - דער ענין פון נישואי תערובות, כמדובר אין א פריערדיקע התוועדות (ש"פ לך לך), און דערנאך די שאר הענינים פארבונדן מיט "אסימיליישען".

לא. וואס א איד דארף וויסן איז - אז בשעת מ'קלייבט זיך צוזאמען רעדן וועגן דעם מצב פון אידישקייט היינט צו טאג - איז אויפן ערשטן ארט, אויפן צווייטן ארט, אויפן דריטן ארט, אויפן פערטן ארט, אויפן פינפטן ארט, אויפן זעקסטן ארט, אויפן זיבעטן ארט, אויפן אכטן ארט, אויפן ניינטן ארט, און אויפן צענטן ארט - דארף זיין דער ענין פון חינוך פון אידישע קינדער, ווארום דאס איז די "עשרה שנקראים חיים" און "עשרה שנקראים יקר" (מדרש תהלים קמז),

און נאך דערויף וואס מ'טוט דער ענין - קען מען ערשט צוגיין צו אלע אנדערע וויכטיקע און גוטע זאכן.

און ניט ווי מ'פירט זיך בא די קאנווענטשן'ס כו', אז ערשט באם סוף פון דעם קאנווענטשן, ווען רוב מענטשן זיינען שוין אוועקגעפארן, און די מענטשן וואס זיינען נאך דא זיינען פארמאטערט - דערמאנט מען זיך אז מ'דארף רעדן וועגן דעם ענין החינוך;

דערנאך כאפט מען זיך אז ס'איז ניטא קיין ענין רעדן וועגן דעם איצטער, זאגט מען אז מ'וועט עס אפלייגן אויף איבער-א-יאר.

ס'איז אבער ניטא קיין איבער-א-יאר - ווארום ס'איז "הנה זה עומד אחר כותלנו", אט קומט משיח צדקנו און וועט אונז שוין אויסלייזן פון דעם חושך כפול ומכופל פון גלות!

זאגט ער אבער: וואס גלות, וואו גלות?! ער האט נאך קיינמאל ניט געהאט אזא "גוד טיימס" ווי ער האט איצטער - ער זיצט אויבן-אן און האט אלץ וואס ער וויל האבן, און עס פעלט אים גארניט - איז וואס פעלט אים אויס ביאת משיח צדקנו?!!!

וואס בשעת משיח וועט קומען וועט ער ניט תופס מקום זיין, און ער וועט ווערן אויס "קאפעלוש מאכער" - דארף ער ניט האבן דעם גאנצן ענין!

לב. דערוויילע וואלגערן זיך אבער ארום אידישע קינדער, און א ריבוי גדול פון אידישע קינדער, וואס באקומען ניט קיין שום אידישן חינוך, און ער טוט גארנישט צו ארייננברענגען נאך א אידיש קינד אין "צבאות השם"!

וואס רורך דערויף האלט ער אף די גאולה פאר א רגע, און האלט דער קינד, מיט אביו ואמו מיט דעם עסקן אליין מיט משיח צדקנו מיט שכינתא - אין גלות!

לג. און אויף טאן אין דערויף דארף מען ניט מאכן קיינע אסיפות מיוחדות - ווארום דאס איז שייך לכאו"א אין וועלכע מעמד ומצב ער זאל זיך געפינען, ווארום ס'איז א ציווי אין תורה "אם בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם",

און דערפאר דארף יעדער איינער, סיי אנשים, סיי נשים, און בימינו - אויך קינדער, טף - טאן אין דעם אז עס זאל זיין "בחוקותי תלכו גו'" בא יעדן איינעם, דורך חינוך המתאים וכו',

און מ'דארף טאן כדבעי למיעבד, וואס בשעת מ'טוט א זאך ניט כדבעי למיעבד דערציילט די גמרא אז דאס האט אנגערירט אין "עשר בשביל שתתעשר" (תענית ט, ריש ע"א), וואס מצות צדקה איז די איינציקע מצוה אויף וועלכע דער אויבערשטער זאגט "בחנוני נא בזאת" (מלכי ג, י), אז מ'קען אים דערמיט בוחן זיין, און דורך דערויף וואס מ'האט עפעס ניט געטאן כדבעי למיעבד האט עס אנגערירט אין דעם - איז דערפון פארשטאנדיק דער גודל הענין פון טאן א זאך כדבעי למיעבד.

צוזאמען דערמיט דארף מען אבער וויסן אז ס'איז ניט "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה", נאר מ'טוט אין דערויף מיט די כחות פון דעם אויבערשטן.

לד. און דעמולט איז א זיכערע זאך אז מ'וועט אין דערויף מצליח זיין - ווארום הקב"ה עוזרו.

ולא כדעת הטועים וואס טענה'ן, אז פארוואס דארף מען אין דערויף טאן - בשעת מ'קען סיי ווי גארניט אויפטאן, און מ'וועט ניט פאלגן וכו'?!

זאגט מען זיי - אז עס וועט זיין "יגעת" וועט זיין "ומצאת", אין אן אופן פון א מציאה, וואס איז שלא בערך די יגיעה וואס מ'האט אין דערויף ארייגעלייגט.

און אפילו אויב מ'ווייס אז מ'וועט ניט אויפטאן - האט מען דאך די הוראה פון דעם סיפור וואס איז געטראפן מיט חזקי': ער האט געזען בנבואה אז פון אים וועט ארויסקומען ניט קיין גוטע זאך, האט ער זיך געוואלט אפהאלטן פון מקיים זיין א מצוה - האט מען אים צוליב דעם מעניש געווען, כמסופר במדרשי חז"ל,

- בכלל איז אין להאריך רעדן וועגן חזקי' אזוי, ווארום אט קומט משיח וואס שמו איז חזקי'; הנ"ל איז אבער א מארז"ל אין תושבע"פ וועגן חזקי', וואס תושבע"פ איז דאך רצון העליון כמבואר אין אגה"ק -

ועד"ז איז די הוראה בנוגע לכאו"א, אז מ'דארף ניט ארייגלאזן אין חשבונות צי מ'וועט אויפטאן מיט תומ"צ אדער ניט, ווארום "בהדי כבשי דרחמנא למה לך".

לה. ויה"ר אז מ'זאל ניט דארפן רעדן, וועגן דעם נאכאמאל איבער-אכטאגן, וואס דער פתרון אויף דערויף וועט זיין אז עס וועט אלץ נתתקן ווערן ביז דעמולט, אדער דערפאר וואס משיח וועט קומען ביז דעמולט.

איי (אויב משיח וועט קומען) וועט זיין די קשיא, ווי האט משיח געקענט קומען בשעת די עסקנים האבן ניט געטאן וואס זיי האבן געדארפט טאן בנוגע צו חינוך?!

איז אזוי ווי עס וועט דעמולט זיין אויך אנדערע קשיות, וועט אויך זיין דער קשיא! והלואי אז עס זאלן ניט זיין קיין גרעסערע קשיות און דאגות ווי דער קשיא!

און בפרט ס'איז אויך א זיכערע זאך אז פאר ביאת משיח צדקנו וועט אלי' הנביא קומען, וואס תשבי יתרץ קושיות ואיבעות.

לו. בנוגע צו דעם פירוש רש"י: רש"י איז מעתיק פון פסוק די ווערטער "עד אשר אבוא אל אדוני שעירה" און איז מפרש: "הרחיב לו הדרך שלא הי' דעתו ללכת אלא עד סוכות, אמר אם דעתו לעשות לי רעה ימתין עד בואי אצלו והוא לא הלך, ואימתי ילך? בימי המשיח שנאמר ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו, ומ"א יש לפ' זו רבים".

דארף מען פארשטיין:

פארוואס פרעגט רש"י "ואימתי ילך": מ'קען זאגן אז דאס וואס יעקב האט געזאגט צו עשו'ן "עד אשר אבוא אל אדוני שעירה" איז געווען מערניט בכדי צו באווארענען "אם דעתו לעשות לי רעה כו'" (ווי רש"י זאגט), אבער ער האט ניט געהאלטן בא דארטן גיין.

וע"ד ווי מ'געפינט בא די ברכות פון יצחק אז "בא אחיך (יעקב) במרמה ויקח ברכתך", אז יעקב האט זיך געפירט אין אן אופן פון מרמה.

ועד"ז האט יעקב געזאגט רחל (ווי רש"י ברענגט פריער אראפ) בנוגע צו איר פאטער לבן, אז "אם לרמאות הוא בא גם אני אחיו ברמאות כו'".

וואס רש"י טייטשט דארטן (בא ברכת יצחק) טאקע "במרמה - בחכמה" [ווי רש"י טייטשט אויך בפרשתנו] - אבער דערפון זעט מען אז אין א מצב וואס ס'איז ניטא קיין ברירה האט זיך יעקב געפירט אין אן אופן פון מרמה;

האט מען דאך לכאורה אזוי אויך געקענט זאגן בנדו"ד, אז וויבאלד עס קען זיין אז עשו וויל טאן רעה צו יעקב - האט יעקב געמוזט טאן עפעס ראס צו באווארענען - דערפאר האט ער געזאגט "עד אשר אבוא אל אדוני שעירה", אבער בפועל האט ער ניט געהאלטן בא דארטן גיין.

לז. די קשיא ווערט נאך שטארקער: פארוואס האט יעקב בכלל געדארפט זאגן "עד אשר אבוא אל א.וני שעירה":

עטלעכע טעג נאך דערויף וואס יעקב האט דאס געזאגט "עד אשר אבוא אל אדוני שעירה", האט דאך עשו געזען אז יעקב איז צו אים ניט געקומען - איז ממה נפשך: אויב ער האט אים געוואלט טאן רעה האט ער דעמולט געדארפט קומען צו יעקב אין סוכות און דארטן טאן וואס ער וויל - איז וואס וואלט געהאלפן יעקב'ן מיטן זאגן "עד אשר אבוא אל אדוני שעירה" - ער האט דערמיט מערניט ווי אפגעלייגט דער רעה וואס עשו וויל אים טאן אויף עטלעכע טעג?!

[בשלמא בשעת מעשה ווען יעקב האט גערעדט מיט עשו, האט יעקב ניט מורא געהאט אז עשו האט אים געוואלט טאן עפעס שלעכטס - ווארום ס'איז ערשט געקומען בהמשך צו דעם "וישקהו" בכל לבו וכו'; אבער ווען ס'איז אדורך א משך זמן האט געקענט זיין אז ער זאל אים וועלן טאן שלעכטס];

אלא וואס דען, ער האט אים ניט געוואלט טאן רעה - איז אויב אזוי פארוואס האט יעקב בכלל געדארפט לכתחילה זאגן "עד אשר אבוא אל אדוני שעירה"?

ובפרט אז מ'זעט בפרשתנו אז יעקב האט געטאן כמה זאכן בכדי ניט אויפצורייצן עשו'ן - איז וואס פאר א קלעפ האט עס אז ער זאל אים זאגן "עד אשר אבוא אל אדוני

שעירה", און דערנאך וועט עשו זען אז ער האט אים אפגענארט און ער האט ניט געקומען?!

לח. אויך דארף מען פארשטיין אין המשך פון פירוש רש"י, "ומ"א יש לפ' זו רבים":

דערפון וואס רש"י זאגט אז "ומ"א יש לפ' זו כו'" איז פארשטאנדיק אז דאס וואס שטייט פאר דערויף איז פשוטו של מקרא - איז פארוואס דארף רש"י ברענגען אז ס'איז דא א פירוש אין מדרש, בשעת ער האט א פירוש אין פשש"מ, וואס דאס איז ענינו לפרש פשוטו של מקרא (ווי ער זאגט בכ"מ)?

אפילו אז ער ברענגט שוין יע אז ס'איז דא א מדרש - פארוואס דארף ער אבער ברענגען אז "ומדרשי אגדה יש לפ' זו רבים", וואס דאס איז אינגאנצן ניט מובן: וועמען איז דא נוגע אז עס זיינען דא מדרשים רבים אויף דער פרשה?!

און די אלע דיוקים דארפן זיין פארשטאנדיק אין פשש"מ פאר א בן חמש למקרא, אן קוקן אין מפרשי רש"י, ובפרט אז דא שטעלן זיך ניט קיינע מפרשים (וואס איך האב געזען) אויף דעם פירוש רש"י - וועט סיי-ווי-סיי ניט העלפן אויב מ'וועט דארטן קוקן.

וכפי שיתבאר לקמן.

לט. אן ענין אין פרשתנו וואס איז ניט פארשטאנדיק אין פשש"מ און אעפ"כ איז דאס רש"י ניט מפרש:

מ'האט גערעדט אין דער התוועדות פון יו"ד כסלו וועגן דער שאלה וואס אלע מפרשי התורה, פשטנים וכו', ביז אויך אין דרושי חסידות, פרעגן אויף דעם וואס עס שטייט אין פרשתנו (לב, לא) "ויקרא יעקב שם המקום פניאל" און דערנאך שטייט (שם, לב) "כאשר עבר את פנואל".

וואס דאס איז דאך א קשיא אויך אין פשש"מ, בשעת מ'לערנט די פסוקים ווערט דאס גלייך שווער - און אעפ"כ שטעלט זיך רש"י בכלל ניט אויף דעם!

דער אור החיים פרעגט אויף די שאלה, און ער פארענטפערט: "לא קרא שם המקום פניאל אלא יעקב לבד, אבל כל חוץ ממנו ואפי' דבר תורה תקראהו פנואל".

אבער: א) רש"י זאגט דאס ניט און איז אפילו ניט מרמז אויף דעם, ב) דער ענטפער איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק אין פשש"מ: 1) בשעת יעקב האט עס גערופן מיטן נאמען "פניאל" - פארוואס האבן אלע אנדערע דאס אנגערופן מיטן נאמען "פנואל" - צי דען האבן זיי דאס געטאן אויף-צו-להכעיס יעקב'ן?! 2) און וועלכער נאמען רופט אן תורה דעם ארט - ניט מיט דעם נאמען וואס יעקב האט געגעבן ("פניאל"), נאר דעם נאמען וואס אלע אנדערע האבן דאס געגעבן ("פנואל")!

מ. אין די הערות אויף זהר פון פרשתנו איז דא א הערה (אויף א זהר) וואס איז פארבונדן מיט דער גאולה וואס וועט זיין ע"י דוד מלכא משיחא:

אין זהר (ח"א קסח, א) שטעלט ער זיך אויפן פסוק "חיים שאל ממך נתת לו", און זאגט: "חיים שאל ממך דא דוד מלכא דהא כד ברא קב"ה גנתא דעדן אטיל בי' נשמתא דדוד מלכא ואסתכל בי' וחמי דלית לי' חיים מדילי' כלום",

און דערפון וואס עס שטייט "חיים שאל ממך נתת לו", איז פארשטאנדיק אז דא איז ניט דער פירוש, אז די חיים וואס איז געווען בא דוד איז געווען אן אויפגעמאכטע זאך פון דאס-ניי - נאר אז די חיים איז געווען ערגעץ אבדערש, און פון דארטן האט מען עס געגעבן צו דוד'ן,

ווי ער איז ממשיך אין זהר "ומאדם קדמאה הוו שבעין שנין דאתקיים דוד מלכא בעלמא. תו אבהן שבקו לי' מחייהון כל חד וחד, אברהם שבק לי' וכן יעקב ויוסף כו', אברהם שביק לי' חמש שנין כו', יעקב הוה לי' לאתקיימא בעלמא כיומי דאברהם ולא אתקיים אלא מאה וארבעין ושבע שנין חסרים תמניא ועשרין כו', יוסף דאתקיים מאה ועשר ושבע שנין, הוה לי' לאתקיימא מאה וארבעין ושבע שנין כיומי דיעקב, וחסר מנהון תלתין ושבע שנין הא שבעין שנין דשבקו לי' לדוד מלכא לאתקיימא בהון כו'".
וכמבואר אין סהמ"צ פון דעם צ"צ אין דער מצוה הידועה - מצות מינוי מלך.

אין די הערות שטעלט ער זיך (בלקוטי לוי"צ לזח"א ע' קל ואילך) אויך אויף דעם און ער איז מבאר דעם זהר ע"פ קבלה.

איינע פון די ענינים אויף וועלכער ער שטעלט זיך, איז אויף דעם וואס דוקא בא יעקב און דוד זאגט דער זהר "בעלמא", און אויך, אז בא דיביידע זאגט ער ניט "כמה אתקיימו ומספר שנותיהם", (?),

און ער איז מבאר, אז דאס איז דערפאר וואס "באמת יעקב לא מת, וכן דוד מלך ישראל חי וקיים כו', א"כ לא שייך בהם לומר כמה אתקיימו, ומספר שנותיהם, כי הרי הם חיים וקיימים גם עתה. ומה שיתכן לומר בהם מספר שנותיהם הוא בקיומם בעולם בפועל ממש, דהיינו בערך העולם ולא בערך עצמם, לכן דקדק בהם לומר תיבת בעלמא".

דארף מען פארשטיין: וואס איז דער ענין אין עבודת האדם? וואס נעמט מען דערפון אין עבודת כאו"א ש"פ וישלח תשמ"א, און דערנאך אויף דעם זונטיק לאח"ז, און אויף אלע טעג פון וואך לאח"ז?

וכפי שיתבאר לקמן.

מא. בשעת יעקב האט געטראפן עשו'ן בפרשתנו, איז יעקב שוין געווען גרייט צו גיין צו די גאולה האמיתית והשלימה; דער טעם פארוואס ער האט נאך דעמולט ניט געקענט גיין צו דער גאולה איז געווען, ווי ער האט געזאגט עשו'ן: "כי הילדים רכים גו'".

דערפון איז פארשטאנדיק אז ווען עס קומט דער צייט ווען מ'דארף שוין גיין צו דער גאולה האמיתית והשלימה - ווען די ילדים ניט זיין "רכים".

וואס דערפאר איז איצטער, אין די לעצטע רגעים פון גלות, וואס אט קומט משיח צדקנו - זיינען די קינדער וואס זיינען פריער געווען "רכים", איצטער ניט "רכים", און זיי ווארטן אויף משיח'ן מיט א תשוקה גדולה.

און ניט נאר זיי ווארטן אויף אים, נאר זיי מאנען אז ער זאל שוין קומען, און זיי שרייען דאס און זינגען דאס מיט א שמחה גדולה, און אין שפת המדינה וואס אויך גוים זאלן דאס הערן און פארשטייען.

איז א זיכערע זאך אז אבינו שבשמים וואס הערט ווי די קינדער שרייען און זינגען דאס - וועט צוליב טאן דעם "נער ישראל ואוהבהו", און זיי ארויסנעמען פון דעם גלות און זיי ברענגען אין דער גאולה האמיתית והשלימה,

ובזכותם - אויך ארויסנעמען "זקנינו", ווארום "הם הכירוהו תחלה",

און אלע צוזאמען גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

* * *

מב. דער ביאור אין פירוש רש"י (בקיצור):

רש"י'ן איז שווער אין פסוק די שאלה האמורה לעיל (סל"ז) - פארוואס האט יעקב בכלל געדארפט זאגן "אשר אבוא אל אדוני שעירה", בשעת ער האט ניט געהאלטן בא דארטן גיין?

בשעת יעקב האט געוואלט מקבל זיין ברכת יצחק און בשעת ער האט געדארפט האבן צו טאן מיט לבן - האט ער קיין ברירה ניט געהאט, ער האט זיך געמוזט פירן אין אן אופן פון מרמה - אבער דא איז אין דערויף ניטא קיין תועלת אין זאגן עשו'ן אז ער וועט צו אים קומען, בשעת עשו אליין וועט זען א ווייל'ע שפעטער אז ער קומט ניט צו אים?! און עס קומט ניט צו יעקב'ן, "בחיר שבאבות", צו זאגן סתם מליצות!

איז דער ביאור אין דעם - אז מיט זאגן "עד אשר אבוא אל אדוני שעירה" האט יעקב געוואלט (ניט נאר באווארענען "אם דעתו לעשות לי רעה כו'", נאר אויך) זאגן עשו'ן אז ער וועט אמאל טאקע קומען צו אים.

און דערפאר פרעגט רש"י "ואימתי ילך": וויבאלד אז יעקב האט געזאגט "אשר אבוא אל אדוני שעירה", איז פארשטאנדיק אז יעקב האט געוואלט מודיע זיין עשו'ן אז ער וועט קומען צו אים, איז טאקע "אימתי ילך". און רש"י פארענטפערט אז דאס וועט זיין "בימי המשיח".

וואס דאס איז ניט ווי די וועלט לערנט די שאלה "ואימתי ילך", אז וויבאלד יעקב האט געוואלט באווארענען "אם דעתו לעשות לי רעה כו'" דערפאר האט ער געזאגט "אשר אבוא אל אדוני שעירה", וואס וויבאלד אז ער האט דאס געזאגט מוז מען זאגן אז דאס איז אמת - פרעגט רש"י א זייטיקע שאלה "ואימתי ילך" -

נאר די שאלה פון רש"י איז א חלק פון פירוש הכתוב, אז וויבאלד אז מיט זאגן "אשר אבוא אל אדוני שעירה" האט יעקב געוואלט מודיע זיין עשו'ן אז ער וועט אמאל קומען צו אים, פרעגט רש"י ווען וועט דאס טאקע זיין. (לשלימות הענין - ראה שיחת ש"פ וישב).

מג. דער ביאור אין דעם וואס רש"י ברענגט דערנאך "ומדרשי אגדה יש לפ' זו רבים":

נאך דערויף וואס דער בן חמש למקרא לערנט דעם רש"י ע"ד הפשט, אז יעקב האט באווארנט "אם דעתו לעשות לי רעה כו'" - ווערט ביי אים א שאלה:

אמת טאקע אז יעקב האט באווארנט אז עשו זאל זיך מיט אים ניט טשעפען - אבער ווי ווערט דאס באווארנט בכל הדורות שלאח"ז, וואס מ'זעט דאך אז "בכל דור ודור עומדים עלינו לכלותינו", ווי דער בן חמש למקרא זעט דאס בחייו, אז עס זיינען דא די כמה רדיפות פון גוים, ביז די מסעות הצלב וואס זיינען געווען בזמן פון רש"י.

וואס פון וואנענט קומען די גוים וואס זיינען רודף אידן, קומט דאס פון עשו'ן, און פון בניו ובני בניו, ווי דער בן חמש למקרא וועט ווייטער לערנען אין רש"י בפרשתנו אז פון עשו איז ארויסגעקומען רומי, ובמילא מאכט ער דעם חשבון אז דער מלכות רומי וואס איז רודף אידן בזמנו ובכל הדורות, שטאמט דאס פון עשו'ן -

ווערט ביי אים די שאלה ווי האט יעקב דאס באווארנט?

וואס אין פשוטו של מקרא איז דאס קיין שאלה ניט, ווארום אין פשש"מ האט יעקב נאר באווארנט עשו אליין, אין ניט זיינע אייניקלאך וכו' - ביי א תלמיד ממולח וועט אבער יע ווערן די שאלה.

דערפאר איז רש"י ממשיך (נאך פירושו ע"ד הפשט) "ומדרשי אגדה יש לפ' זו", וואס די מדרשי אגדה זיינען מבאר ווי יעקב האט אויך באווארנט די דורות שלאח"ז.

מד. וויבאלד אבער מ'דארף באווארענען יעדער דור ודור, ווארום ס'איז דאך "בכל דור ודור עומדים עלינו כו'" - האט דאך יעדער דור אנדערע צרות וואס זיינען ניטא אין א צווייטער דור: ס'איז דא א דור וואס דעמולט איז געווען הביהמ"ק קיים, און ס'איז געווען א כהן גדול און א מלך, און מ'איז געווען בשלום מיט מלכות רומי, ווארום מ'האט מיט זיי געמאכט א ברית [א מצב ע"ד ווי עשו האט געזאגט יעקב'ן (פרשתנו לג, יב ובפרש"י) "ואלכה לנגדך - בשוה לך כו'"]; דערנאך איז דא א דור וואס דעמולט איז חרוב געווארן דער ביהמ"ק, און מלכות רומי האט רודף געווען אידן, ועד"ז בכל דור ודור איז אן אנדער מצב מיט אנדערע צרות -

דארף דאך יעדער דור לפי ענינו האבן א באווארעניש פון די אייניקלאך כו' פון עשו'ן.

דערפאר זאגט רש"י "ומדרשי אגדה יש לפ' זו רבים": אזוי ווי עס זיינען דא דורות רבים וואס יעדערע פון זיי האט אירע באזונדערע צרות און גזירות - זיינען דא כנגדם "מדרשי אגדה ... רבים", וואס פאר יעדער דור מיט אירע צרות איז דא א מדרש וואס איז מפרש ווי דאס ווערט באווארנט.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק בפשטות פארוואס רש"י קען ניט מעתיק זיין דאס וואס שטייט אין די מדרשים - ווארום דאס זיינען מדרשים רבים כנגד כל דור ודור.

די אנדערע פרטים אין פירוש רש"י וועט מען מבאר זיין אין א התוועדות וועט עס וועט זיין מערער צייט.

מה. דער ענין אין עבודת האדם וואס מ'נעמט ארויס פון דעם זהר און די הערות אויף דעם בפרשתנו:

בעבודת האדם איז אברהם דער ענין פון גמילות חסדים - מעשה המצוות, יצחק - די עבודה פון חפירת הבארות - עבודת התפלה, יעקב - דער קו האמצעי, דער ענין התורה, כמ"ש "ויקם עדות ביעקב גו'", און דוד - ספירת המלכות, די עבודה פון ביטול, און צוזאמען דערמיט בתוקף הכי גדול (כדלקמן).

און דער ענין הנצחיות אין עבודה קען זיין דורך צוויי אופנים (בהבא לקמן - ראה לקו"ת ואתחנן ה, א ואילך): דורך תורה, די עבודה פארבונדן מיט יעקב'ן, וואס "התורה היא נצחית", און דורך די עבודה פארבונדן מיט מלכות, עבודת דוד, און אין דערויף (עבודת דוד - מלכות) גופא אין צוויי אופנים: מצד דער ענין הביטול וואס איז דא אין מלכות, וואס דורך דערויף באקומט מלכות דער ענין פון נצחיות, אדער מצד דער תוקף הכי גדול וואס איז דא אין מלכות, וואס דאס איז אויך דער ענין הנצחיות.

וואס די צוויי אופנים אין עבודת נצחיות, עבודת יעקב, תורה, און עבודת דוד, מלכות (ביטול און תוקף) - זיינען דער ענין פון "אמת" און "אמונה" ("אמת ואמונה"), וואס "אמת" און "אמונה" זיינען ביידע פארבונדן מיט דער ענין הנצחיות:

יעקב איז מדתו אמת, און תורה איז דאך תורת אמת; אמונה איז פארבונדן מיט ספירת המלכות ("מלכות נקראת אמונה"), וואס דוד המלך איז ספירת המלכות.

און אין די עבודה פון א אידן דארפן זיין ביידע ענינים פון "אמת ואמונה", סיי די עבודה פארבונדן מיט תורת אמת, און סיי די עבודה פארבונדן מיט אמונה, בתוקף, און דעמולט פארבינדט ער זיך מיט "והוי' אלקים אמת".

מו. דער ענין אין עבודת האדם בפשטות:

אזוי ווי בא דוד איז געווען צוויי קצוות בעבודתו, דער ענין פון תכלית הביטול, ווי ער האט געזאגט "אם לא שויתי ודממתי", און צוזאמען דערמיט איז ער געווען בתוקף הכי גדול, "חסיד אני" (תהלים פו, ב), טאקע א חסיד אבער אין אן אופן פון "אני", אז ער איז א מציאות בתוקף הכי גדול -

עד"ז דארף זיין אין עבודת כאו"א בידע ענינים: די עבודה פון ביטול, "נפשי כעפר לכל תהי'", וואס "ארעא מתבטלת"; און צוזאמען דערמיט דארף ער טאן עבודתו אן קיינע שינויים, ער שטייט בתוקף הכי גדול און ווערט ניט נשתנה פון דעם ארום, דורך דערויף וואס ער ווייס אז ער איז פארבונדן מיט מלכותו של הקב"ה.

וואס די צוויי עבודות דארפן ביי אים אלעמאל זיין, ווארום קבלת עול איז דאך "ראשית העבודה ועיקרה ושרשה", און עד"ז איז אן עיקר בעבודה אז ער זאל שטייען בתוקף הכי גדול און ניט נתפעל ווערן פון דעם ארום.

דערנאך דארף ער אויך פועל'ן אין וועלט - וואס דאס איז דורך תורה, וואס זי איז "תורה אור", דורך איר באלייכט א איד עולם הזה התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

און באלייכט דאס נאך אין "ערב שבת" פון "יום שכולו שבת", וואס דאס איז אין די לעצטע טעג פון גלות, ווען מ'האלט גלייך פאר דער גאולה, און מ'גרייט זיך צו דעם "יום שכולו שבת", מיט די אלע תקופות וואס וועלן זיין בביאת משיח צדקנו,

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו בקרוב ממש.

אח"כ אמר: מסתמא וועט מען איצטער מכריז זיין וועגן דער מלוה מלכה פאר נש"ק וואס וועט היינט ביינאכט פארקומען - ווארום ס'איז דאך "מפקחין בצרכי ציבור בשבת", ובפרט אין זמן פון רעוא דרעוין.

[אחרי שהכריזו אודות המלוה מלכה] צוה שיתנו ה"צבאות השם" שיאמרו לחיים. וצוה לנגן נאפאליא'ס מארש.

נתן המזונות לר' ז.ג. שיחי' עבור המלוה מלכה.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

## שיחת יום ג׳, טו״ב כסלו ה׳תשמ״א

### – לפני תפלת מנחה* –

א. ס׳איז דא דער באוואוסטער בריוו פון כ״ק מו״ח אדמו״ר [וואס איז שוין אפגעדרוקט[1] און מפורסם, און די וואס האבן אים ניט קענען אים מסתמא איצטער אויך באקומען], בנוגע צו הכנסת ספר תורה, וואס איז פארבונדן מיט סיום ספר תורה, וואס איז פאר־בונדן מיט כתיבת ספר תורה.

וואס דארטן שרייבט ער (אויך) כמה פרטים און מנהגים וואס זיינען דערמיט פארבונדן, און צווישן זיי אויך — אז „איזה ימים לפני הסיום והכנסת התורה לבית הכנסת מכריזים בכל בתי הכנסיות שבעיר אשר ביום פלוני יתקיים בעזהשי״ת סיום התורה והכנסתה לבית הכנסת״.

ב. וואס אע״פ אז דער פירוש הפשוט אין „שבעיר״ איז דאך — אין דער זעלבער שטאט וואו דער סיום און הכנסת התורה קומט־פאר: איז דאך אבער איצטער צוגעקומען א פירוש במובן הרחב יותר אין דעם, דורך די תועלת וואס איז ארויסגעקומען פון די אנטדעקונגען שבזמן האחרון:

ס׳איז דאך זיכער אז יעדער זאך וואס ווערט נתחדש און נתגלה בעולם [ניט נתחדש ממש — ווארום ס׳איז דאך „אין כל חדש תחת השמש״[2], נאר — מ׳ווארט אויף דעם זמן ווען דאס זאל נתגלה ווערן, וואס „את הכל עשה יפה בעתו״[3] — איז דאס לכל לראש צוליב די ענינים טובים וקדושים וואס קומען דערפון ארויס:

בכדי מ׳זאל אבער ניט שולל זיין דעם ענין פון בחירה, אז עבודת האדם זאל געטאן ווערן מיט בחירה [וואס בשעת מ׳איז בוחר צו פירן זיך כדבעי — באַ־ווייזט דאס אז מ׳געהערט צום „עם חכם ונבון״[4]] — דערפאר איז אויך דא די מעגליכקייט פון נוצן דאס באופן בלתי רצוי, ח״ו.

אבער דער עיקר פון דעם, ווי פון אלע ענינים, ובפרט פון ענינים חשובים, איז — צוליב די דברים טובים וואס קומען דערפון ארויס.

בדוגמא ווי עס שטייט אין מדרש[5] אז „לא הי׳ העולם ראוי להשתמש בזהב ולמה נברא בשביל בית המקדש״: אזוי ווי מ׳האט געדארפט האבן דעם זהב צוליב דעם בית המקדש (און צוליב דעם משכן וואס „איקרי מקדש״[6]), איז ער אויך געגעבן געווארן בעולם, ובמילא איז דאס ניט שולל דעם ענין הבחירה: אבער עיקר ענינו (למה נברא) איז — צוליב עניני טוב וקדושה.

---

*) התוועדות בקשר לחגיגת סיום והכנסת ספר התורה שנכתב על שם כ״ק אדמו״ר שליט״א והרבנית שתליט״א — לרגל מלאת נ״ב שנה לחתונתם לאריכות ימים ושנים טובות ולרגל שנת השלשים לנשיאות כ״ק אדמו״ר שליט״א — שהתקיים ב״ט כסלו הבע״ל, בבית הכנסת „בית מנחם״, בכפר חב״ד, בארץ הקודש.

1) בקובץ מכתבים קובץ ג (נ.י. תש״י) ע׳ 7 ואילך. חלקו נעתק גם בקובץ „יגדיל תורה״ (נ.י.) שנה ג׳ חוברת ג (כח) סל״א.

2) קהלת א, ט. וראה מדרז״ל עה״פ (נסמני ב„תולדות אהרן״ וברשימות הצ״צ עה״פ).

3) קהלת ג, יא.

4) ואתחנן ד, ו.

5) ב״ר פט״ז, ב. שמו״ר רפל״ה.

6) עירובין ב, א. וראה שמו״ר שם: ולמה נברא בשביל המשכן ובשביל ביהמ״ק.

ג. דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז בשעת ס׳איז נתגלה געווארן א מכשיר וואס גיט א מעגליכקייט אז באותה שעה קען מען זיך פארבינדן פון איין ארט מיט מרחקי תבל, ביז אפילו מיט א פנה נדחת —

איז דאס לכל לראש — כדי עס זאל קענען ווערן א קשר אין אלע ענינים טובים, ענינים פון „אין טוב אלא תורה"[7] ומצוותי׳, צווישן דעם מקום מיט די אלע מקומות מיט וועלכע מ׳פארבינדט זיך, אפילו מיט א פנה נדחת כפשוטה,

אפילו אויך מיט א פנה נדחת אין רוחניות הענינים, וואס מצד דערויף וואס ער הערט זיך צו, מאיזו סיבה שתהי׳, צו דעם מכשיר — איז דער־ווײלע, בהשגחה פרטית, עפענט ער דעם מכשיר און ער דערהערט אז ענין פארבונדן מיט תורה ומצוות.

ד. וואס דערפון איז אויך פאר־שטאנדיק בענינינו, אז וויבאלד ס׳איז איצטער נתגלה געווארן א מכשיר דורך וועלכן מ׳קען זיך פארבינדן פון איין ארט מיט מרחקי תבל — איז צוגע־קומען א פירוש במובן הרחב יותר אין דעם וואס מ׳איז מפרסם וועגן סיום והכנסת הספר תורה „בכל בתי הכנסיות שבעיר" — אז דאס איז כולל אויך די ערטער וואס מ׳קען זיך מיט זיי פאר־בינדן דורך די מכשירים, וואס דאס איז כולל א פנה נדחת בגשמיות, און אפילו א פנה נדחת ברוחניות.

דאס הייסט, אז וואו א איד זאל זיך נאר געפינען, און ער עפענט־אויף דעם מכשיר (מאיזו סיבה שתהי׳) — דער־הערט ער וועגן דעם ענין פון א ספר תורה, און אז אידן האבן זיך צוזאמענ־געקליבן און מחליט געווען צו שרייבן א ספר תורה, און האבן איר אנגעהויבן שרייבן, און האבן אויסגעפירט החלטתם הטובה בפועל אין „המעשה הוא העיקר"[8] — אז מ׳איז מסיים די ספר תורה,

און אז דאס וועט געטאן ווערן „ברוב עם"[9] בעתו, אין א פאר טעג ארום (ווי ער זאגט אין דעם מכתב הנ״ל אז דער פרסום (וואס איז איצטער) הויבט זיך אן „איזה ימים לפני הסיום והכנסת התורה לבית הכנסת", כנ״ל).

ה. דורך דערויף וואס מ׳איז מפרסם וועגן סיום והכנסת הספר תורה „בכל בתי הכנסיות שבעיר" (עטליכע טעג פאר דערויף), סיי צו די וואס הערן דאס דא, און סיי צו די וואס הערן דאס דורך די מכשירים הנ״ל — טוט דאס אויף אז אחדות צווישן אלע אידן, וואס דאס איז פארבונדן מיט דער אחדות פון תורה.

והביאור בזה:

ס׳איז ידוע אז „ישראל"

— וואס דאס גייט דאך אויף יעדן אידן, אין וואס פאר א מעמד ומצב ער געפינט זיך, ווארום „אע״פ שחטא ישראל הוא"[10], וכלשון הידוע פון כ״ק מו״ח אדמו״ר במכתבו לחג הגאולה שלו[11], אז „לא אותי בלבד גאל הקב״ה" נאר אלע אידן און יעדער אידן, ביז אפילו אזא וואס „בשם ישראל (איז נאר) יכונה" —

איז ר״ת „יש ששים ריבוא אותיות

---

7) אבות פ״ו מ״ג.

8) אבות פ״א מי״ז.

9) כלשון כ״ק מו״ח אדמו״ר במכתבי הנ״ל.

10) סנהדרין מד, רע״א.

11) נדפס בסה״מ תרפ״ה ע׳ רכו ואילך. תש״ח ע׳ 263 ואילך.

לתורה״[12], דערפאר וואס יעדער איד, וואס עס זיינען דא ששים ריבוא אידן, האט אן אות אין תורה[13], כמבואר ומפורסם.

והגם אז עס זיינען דא מערער ווי ששים ריבוא אידן (מערער אידן ווי אותיות אין תורה) — איז אבער מבואר אין תניא[14] אז אט די ששים ריבוא זיינען נשמות כלליות און שרשים, „וכל שרש מתחלק לששים ריבוא ניצוצות שכל ניצוץ הוא נשמה אחת כו׳״,

וואס דערפאר, בשעת דער אויי־בערשטער בענטשט אידן, און ס׳איז דא א מספר רב יותר ווי ששים ריבוא בפשטות — איז יעדערער פון זיי נכלל אין די ששים ריבוא מישראל, ובמילא אין די ששים ריבוא אותיות לתורה, יעדערער פון די אידן האט אן אות אין דער תורה.

דאס הייסט, אז אין תורה ווערן נכלל און נתאחד אלע אידן, ביז אז זיי ווערן איין זאך ממש,

ווארום וויבאלד אז יעדערער פון די ששים ריבוא אידן האט אן אות אין תורה וואס אין איר איז דא ששים ריבוא אותיות — איז אזוי ווי די תורה איז אן איין־און־איינציקע זאך, א תורה וואס האט אין זיך ששים ריבוא אותיות, אזוי אויך זיינען אידן אן איין־און־איינציקע זאך וואס האט אין זיך ששים ריבוא חלקים (כדלקמן).

ו. און דער ענין ווערט נתחדש יעדער מאל ווען עס ווערט געשריבן א נייע ספר תורה (ובנדו״ד — די ספר תורה וואס מ׳וועט מסיים זיין אין צוויי טעג ארום):

בשעת עס ווערט געשריבן א נייע ספר תורה, איז ניט דער פירוש אז עס קומט צו א הוספה אין דעם מספר הספרי תורה׳ס — נאר עס קומט צו אן עיקר — א ספר תורה: יעדע נייע ספר תורה איז „חדשים״ ממש (און א כ״ף הדמיון), ווי די ערשטע ספר תורה וואס משה רבינו האט געשריבן.

וואס די ספר תורה וואס משה רבינו האט געשריבן נעמט זיך פון (און איז ע״ד ווי) די עשרת הדברות וואס זיינען געגעבן געווארן בפעם הראשונה בא מ״ת, ווארום אין די עשה״ד איז געווען כלול די גאנצע ספר תורה בשלימותה (כולל אויך תושבע״פ), „מזה ומזה הם כתובים״[15],

און דערנאך איז „ויכתוב משה את התורה הזאת״[16], ער האט געשריבן י״ג ספרי תורה — איין ספר תורה פאר

---

12) ו„אף שבתורה אין נמצא ס״ר אותיות״, היינו מפני אותיות המשך שהם אותיות אהו״י שבכלל הנקודות שאינן בכתב אבל ישנן במחשבה, שהקמץ הוא א׳ והחיריק י׳ כו׳ (וכדפרש״י ספ״ו דכתובות גבי ינחם כתיב כאילו כתיב ינאחם), אך איזו מהנקודות הם אינו ידוע כו׳״ — לקו״ת בהר מא, ב. שם מג, ד. עיי״ש.

עוד בזה — ראה ניצוצי זהר לזהר חדש עד, א (במילואים — קכו, א).

13) מגלה עמוקות אופן קפו.

14) פל״ז (מח, א).

---

*) כ״א ערך ל״ו ריבוא אותיות — המשך וככה תרל״ז פפ״ט. ובכו״כ קונטרסים ח״א קצא ב: שמספר אותיות הכתובים בתורה הם בערך ש״ה אלפים כו׳. וכ״ה במאמר הנפש (לרמ״ע מפאנו) ח״ג פ״ה (שאין בתורה רק בערך ל״א וחצי ריבוא אותיות (ש״ה אלפים)). וראה בנצ״ו דלקמן בפנים ההערה, שהביא מכמה ספרים שמספר האותיות בתורה בדיוק הוא: 304,805.

---

15) תשא לב, טו. וראה ירושלמי שקלים פ״ו ה״א.

16) וילך לא, ט.

יעדער שבט באַזונדער, און איין ספר תורה וואָס מ׳האָט אַריינגעגעבן אין משכן (און לאח״ז — אין ביהמ״ק) אין דעם ארון הקודש (צוזאַמען מיט די לוחות)[17].

און די ספר תורה איז מאחד[18] די אַנדערע צוועלף ספרי תורה, אַז עס ווערט פון זיי איין ענין.

און דערנאָך בשעת אַ יחיד (אפילו) איז מקיים די מ״ע מן התורה פון כתיבת ספר תורה[19], די מ״ע פון „וכתב לו״[20] — ווערט נתחדש מיט דער גאַנצער שלימות דער ענין וואָס איז געווען אין דער ערשטער ספר תורה וואָס איז געשריבן געוואָרן דורך משה רבינו.

17) דב״ר פ״ט, ט. מדרש תהלים עה״פ צ, א. הקדמת הרמב״ם לספר היד.

18) להעיר שממנה מגיהין כל הס״ת (פסדר״כ פיסקא וזאת הברכה. יל״ש ברכה רמז תתקנ).

19) סנהדרין כא, ב. רמב״ם הל׳ ס״ת פ״ז ה״א. טושו״ע יו״ד סר״ע ס״א.

ואף שהדו״פ והש״ך כתבו שדעת הרא״ש שעתה אין מצוה בזה (ומה שהקשו על הדו״פ כבר מתורץ, ע״פ מ״ש בבאר הגולה ובנימוקי רי״ב שם), וגם השאגת ארי׳ סל״ו ס״ל שאין עתה מצוה בכתיבת ס״ת —

אבל המחבר, עס״ז, מ״מ ר״ש הל׳ ס״ת, ס״ז, ש״ך, מנחת חינוך בסופו, פסקו שתמיד ישנה מ״ע של כתיבת ספר תורה. וראה ג״כ שו״ת חת״ס חלק או״ח סנ״ב, חלק יו״ד סרנ״ד. שו״ת מנחת אלעזר ח״ג סכ״ח. וראה בארוכה לקו״ש חכ״ג חגה״ש (תשמ״א). חכ״ד פ׳ וילך (תשמ״ב).

20) כ״ה לשון כ״ק מו״ח אדמו״ר במכתבו הנ״ל (״קיים מ״ע של וכתב לו״).

וצע״ק, דהא מצות כתיבת ס״ת ילפינן (סנהדרין שם. רמב״ם שם) מ״ועתה כתבו לכם את השירה הזאת״ (וילך לא, יט). ובהפסוק (שופטים יז, יח) ״וכתב לו״ ילפינן (סנהדרין שם. רמב״ם שם ה״ב) מצות כתיבת ס״ת שעל המלך לכתוב.

אבל [illegible] (להרמב״ם) להביא הדרשא (דהפסוק. אע״פ שלא נזכר בגמרא כלל) היותר פשוט [illegible] (יד מלאכי כללי הרמב״ם ד [illegible]). והרמב״ם כאן [illegible] להביא ״ועתה כתבו״, כיון ש״וכתב לו״ [illegible] בנוגע למלך.

און במילא אויך דער ענין וואָס יש ששים ריבוא אותיות לתורה, און אַז דאָס איז כולל אין זיך אַלע אידן — איז אויך דאָ אין אַ ניי־געשריבענע ספר תורה, פונקט אַזוי ווי אין דער תורה וואָס איז געגעבן געוואָרן בא מתן תורה.

[ובפרט נאָך אַז בנדו״ד קומט־פאָר דער סיום והכנסת הספר תורה אין אַ שנת הקהל, וואָס (כדלקמן) הקהל איז דאָך פאַרבונדן מיט מתן תורה מחדש, ווי דער רמב״ם[21] שרייבט אַז בשעת מ׳לייענט די פרשיות בתורה אין דעם זמן פון הקהל — איז דאָס „כיום שניתנה בו בסיני . . כאילו מפי הגבורה שומעה״].

ז. נאָכמער:

דער אויבערשטער האָט אָנגעזאָגט „עם קרובו״[22] אַז אין עניני קדושה דאַרף זיין „מעלין בקודש״[23].

און וויבאַלד אַז „מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל״[24] — איז דער אויבערשטער, כביכול, מקיים דאָס וואָס ער האָט אָנגעזאָגט אידן, אַז אין עניני קדושה זאָל זיין „מעלין בקודש״.

ועד״ז ווי דער אַלטער רבי איז מבאר אין אגה״ק[25] בנוגע צו ראש השנה, אַז בכל שנה ושנה ווערט נמשך (בר״ה) אַן „אור חדש עליון יותר שלא הי׳ מאיר עדיין מימי עולם אור עליון כזה״.

ועד״ז איז פאַרשטאַנדיק בנוגע צו אַן ענין פון ספר תורה, אַז דער אויבערשטער איז זיכער מקיים וואָס ער האָט אָנגעזאָגט אידן — אַז בשעת מ׳איז

21) הל׳ חגיגה פ״ג ה״ו.

22) תהלים קמח, יד.

23) ברכות כח, א. וש״נ.

24) תהלים קמז, יט. שמו״ר פ״ל, ט.

25) סי׳ ס״ד.

מסיים און מ׳טראָגט אַרייַן אין בית הכנסת אַ נייַע ספר תורה (ווי מ׳וועט טאָן אין צוויי טעג אַרום), ווערט דעמולט נמשך אַ ענין חדש וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט געווען.

וואָס מצד דערויף איז דאָ אַ מעלה אין דער ספר תורה (און אין דעם וואָס דאָס איז כולל אין זיך אַלע ששים ריבוא אידן (ופרטיהם)) וואָס מ׳וועט מסיים זיין אין צוויי טעג אַרום, לגבי אַלע ספרי תורה וואָס זיינען פריער געווען,- ביז אפילו כביכול לגבי דער ספר תורה וואָס משה רבינו האָט געשריבן.

ח. וואָס ע״פ כל הנ״ל, איז בשעת מ׳איז מפרסם עטליכע טעג פריער וועגן דעם סיום והכנסת ספר תורה וואָס וועט זיין אין צוויי טעג אַרום — איז דורך דערויף וואָס אידן הערן וועגן דערויף (בכל האופנים, כולל דורך די מכשירים הנ״ל) ערוועקט דאָס אין זיי דעם אות וואָס יעדערער פון זיי האָט אין (תורה בכלל, און אין) אָט דער ספר תורה,

און דאָס פועל׳ט אַ התאחדות צווישן אַלע אידן, וואָרום ווי אַלע ששים ריבוא שטייען אין (די ששים ריבוא אותיות ל)תורה ווערן זיי אַלע נתאחד, כנ״ל.

פונקט ווי דאָס איז אין אַ ספר תורה עצמה:

אמיתית און שלימות פון אַ ספר תורה באַשטייט ניט ווי זי איז כל אות בנפרד בפני עצמה, אָדער כל יריעה בפני עצמה, אָדער כל ספר בפני עצמו, אָדער עטליכע ספרים בפני עצמם — נאָר ווי זי איז אַן איין־און־איינציקע ספר תורה,

ווי ער זאָגט אין זהר[26] (וואָס מ׳זאָגט אין „מענה לשון" (בשעת מ׳איז מבקר אויפן בית החיים פון צדיקים, וואָס זיי זיינען „דומין לבוראן"[27] און חיים בחיים נצחיים), ווי גערעדט אין דער פריער־דיקער התוועדות[28]), אַז כדי אַ ספר תורה זאָל זיין בשלימות תוקפה וקדושתה — דאַרף אין איר זיין יעדער אות בשלימותה ובמקומה (אַ „מוקפת גוויל"[29], און מיט אַלע פרטים המבוארים בזה, כמבואר אין לקו״ת[30] אין די ענינים), און אויב אפילו איין אות איז ניט בשלימות (אָדער עס איז דאָ אַן איבעריקער אות) רירט עס אָן אין דער שלימות פון דער גאַנצער ספר תורה.

ואין ענין יוצא מידי פשוטו:

אע״פ אַז אַ ספר תורה דאַרף באַשטיין פון ששים ריבוא אותיות (און דערצו „תגים"[31] וכיו״ב), און זי דאַרף זיין געשריבן אויף אַ קלף לבן — איז אָבער ח״ו צו זאָגן אַז זי איז נפרד אין חלקים, וואָרום דעמולט פעלט אין איר שלימות — נאָר זי איז בהדגשה אַן איין־און־איינציקע זאַך.

און דער ענין האחדות אין תורה איז מודגש (במיוחד) אין דעם ענין הקלף והלבן וואָס איז דאָ אין אַ ספר תורה, וואָרום דאָס באַווייזט אויפן אור מקיף[32], וואָס אור מקיף באַווייזט אויף פשיטות העליונה פון דעם וואָס ער איז בתכלית הפשיטות — עצמות ומהות אַליין, וועלכער זאָגט[33] „אנא נפשי כתבית יהבית",

26) ח״ג עא, א.

27) ב״ר פס״ז, ח.

28) שיחת ש״פ וישלח, י״ד כסלו.

29) מנחות כט, א. רמב״ם הל׳ תפילין פ״א הי״ט. טושו״ע יו״ד סרע״ד ס״ד. או״ח סל״ב ס״ד. שו״ע אדה״ז או״ח שם ס״ה.

30) בחוקותי מה, ד ואילך. שה״ש ה, א. מה, ג. מו, ג ואילך.

31) טושו״ע יו״ד שם ס״ו. רמ״א או״ח שם. שו״ע אדה״ז שם.

32) ראה לקו״ת שה״ש ה, א. מו, ג ואילך. ובכ״מ.

33) שבת קה, א (ע״פ גירסת הע״י).

ער האט זיך ארייננעגעבן אין (א ספר) תורה.

ועד״ז איז אויך בא אידן: מצד דערויף וואס זיי ווערן נכלל אין תורה — איז אע״פ וואס זיי זיינען ששים ריבוא במספר (כנגד די ששים ריבוא אותיות לתורה), זיינען זיי אבער אן איין־און־איינציקע זאך.

ט. האמור לעיל, אז ווען א ספר תורה ווערט געשריבן טוט זיך אויף פון דאס־ניי דער גאנצער ענין התורה (פונקט ווי די ערשטע ספר תורה וואס איז געשריבן געווארן), ובמילא אויך דער ענין ווי אלע אידן ווערן נתאחד אין תורה — איז דאס אפילו ווען א יחיד שרייבט א ספר תורה (און איז דערמיט מקיים די מצוה פון „וכתב לו״ (כנ״ל ס״ז));

עאכו״כ — א ספר תורה וואס ווערט געשריבן מלכתחלה ע״י התעוררות רבים.

ובפרט אז די התעוררות אויף שרייבן די ספר תורה איז געווען בדוגמא ווי ס׳איז געווען בא מ״ת, אז פריער איז „כה תאמר לבית יעקב — אלו הנשים״ און דערנאך „ותגיד לבני ישראל — אלו האנשים״[34], וואס אזוי איז געווען די התחלה פון מ״ת —

עד״ז איז אויך געווען אין דעם ענין — די התעוררות איז געקומען פון „בית יעקב — אלו הנשים״[35], און דערנאך האט דאס דורכגענומען אויך „בני ישראל — אלו האנשים״.

וואס דערפאר איז אין דעם נאכמער בגלוי, ביתר שאת וביתר עוז, אז די ספר תורה איז מאחד אלע ששים ריבוא אידן (און די ניצוצות זייערע (כנ״ל ס״ה)), וואס יעדערער פון זיי האט אן אות אין דער תורה.

י. ובפרט נאך אז דאס קומט־פאר אין א שנת הקהל, וואס ענינה איז דאך: „הקהל את העם האנשים והנשים והטף״[36],

וואס עד״ז איז אויך אין דער כתיבה וכו׳ פון א ספר תורה, אז מען איז מאסף און מקהיל און מ׳מאכט פון אלע אידן, „האנשים והנשים והטף״, איין קהל אין איין ספר תורה: גלייך ווי א קינד ווערט געבארן איז מען אים אויך מצרף להענין פון דער כתיבה וכו׳ פון א ספר תורה.

וואס דאס איז נאכמער מדגיש דעם ענין אז די תורה איז אן איין־און־איינציקע ספר תורה, וואס איז מאחד אלע אידן, „האנשים והנשים והטף״, אלס אן איין־און־איינציקן פאלק.

יא. ובפרט נאך אז דאס קומט־פאר (אין שנת הקהל גופא) אין יום הגאולה פון דעם אלטן רבי׳ן, י״ט כסלו,

וואס ע״ד ווי דערמאנט פריער (ס״ה) בנוגע צו דעם וואס כ״ק מו״ח אדמו״ר שרייבט בקשר לגאולתו, אז „לא אותי בלבד גאל הקב״ה כו׳״, איז דאך דאס זיכער אזוי בנוגע צו דער גאולה פון י״ט כסלו — אז דער „פדה בשלום נפשי״[37] איז דאס „כי ברבים היו עמדי״[37] — אז יעדער איד און אלע אידן, עד סוף כל הדורות, זיינען דעמולט נגאל געווארן

34) יתרו יט, ג. מכילתא ופרש״י עה״פ.

35) להעיר מחנוך לנער בתחלתו „די און דיין מאן זאלט שרייבן א ספר תורה״. וראה בנחת חינוך שם. ושי״נ. וראה ברכות (יז סע״א) נשים במאי כו׳. שו״ע תאו״ח סו״ס כז.

36) וילך לא, יב.

37) תהלים נה, יט.

צוזאמען מיט אים[38], און אין אן אופן פון „בשלום"[39].

און דאס ווערט נתחדש מידי שנה בשנה, און אין אן אופן ווי דער בעל הגאולה זאגט אין אגרת הקודש שלו האמורה (בנוגע לר"ה) — אז עס ווערט אזא חידוש וואס ס'איז גאר קיינמאל ניט געווען אין אזא אופן.

און דאס ווערט דערנאך נמשך למטה, ביז ווי ער שרייבט אין אגרת שלו הידועה פארבונדן מיטן יום הגאולה שלו[40], אין וועלכע ער דערציילט וועגן גאולתו — אז דאס איז געווען אין אן אופן אז „ראו כל אפסי ארץ", און אויך „כל השרים וכל העמים אשר בכל מדינות המלך" האבן דאס אויך געזען, און געזען ווי אזוי דאס איז אין אן אופן פון „הפליא ה׳ והגדיל לעשות בארץ".

און בכל יום סגולה ובשורה[41] י"ט כסלו מידי שנה בשנה, ווערט דאס נמשך ביתר שאת און אין אן אופן חדש.

און וויבאלד אז דער סיום והכנסת הספר תורה קומט־פאר בי"ט כסלו — ווערט אויפגעטאן ביתר שאת ויתר עוז כל ענינים הנ"ל פארבונדן מיט ספר תורה.

יב. ועאכו"כ אז עס זיינען זיך מצטרף די אלע ענינים: סיום והכנסת הספר תורה, אין יום הגאולה פון י"ט כסלו, אין שנת הקהל.

און נוסף לזה — קומט דאס אלץ פאר אין ארצנו הקדושה, „ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[42] —

„תמיד" אן קיין שינוי,

און „עיני ה׳ אלקיך בה" סיי אויף די הרים וואס זיינען אין איר דא, סיי אויף די בקעות וואס זיינען אין איר דא וכו׳ (וואס ארץ ישראל איז „ארץ הרים ובקעות"[43]).

וואס ווי דאס איז בגשמיות איז דאס פארבונדן מיט דעם ווי דאס איז ברוחניות[44]:

עס זיינען דאך דא כמה קדושות אין ארץ ישראל[45], א קדושה בדוגמת „הר", א קדושה בדוגמת „גבעה", און א קדושה בדוגמת „בקעה" וכיו"ב — זיינען זיי זיך אלע משתווה, אז „תמיד" איז „עיני ה׳ אלקיך בה".

יג. וואס דאס איז דאך אויך פארבונדן מיט „שלימות הארץ":

פונקט אזוי ווי א ספר תורה איז בתוקפה ובשלימותה דוקא בשעת עס זיינען אין איר דא אלע אירע אותיות, אן קיין אונטערשייד, אפילו א וא"ו פון „ושוסעת שסע"[46] מוז אויך זיין בשלימותה און מוקפת גויל וכל הפרטים שבזה, און דאס רירט אן אין תוקף השלימות פון דער ספר תורה, ווי געדעדט פריער (ס"ח),

38) ולהעיר ממ"ש אדה"ז באגרת שלו אחרי גאולתו (אגרות קודש אדה"ז כל"ט (ע׳ צט). וראה גם שם סל"ח (ע׳ צח). בית רבי ח"א פי"ח (לה, ב). ספר התולדות אדה"ז ע׳ ריט (וראה שם ע׳ ריח)): כי לא עלי לבדי הי׳ הדבר הזה, כי אם על הבעש"ט ותלמידיו ותלמידי תלמידיו. שמזה מובן גם בנוגע לגאולתו.

39) גם מלשון שליבית.

40) נדפסה במקומות שבהערה 38.

41) „ג׳ י"ט לחידוש בכסלו . . יום בשירה" (שו"ת בן השמים להר"י מקורביל (מבעלי התוספות) סי"ה. וראה לקו"ש ח"י ע׳ 270 בהערה).

42) עקב יא, יב.

43) שם, יא.

44) ראה תניא רפ"ג.

45) להעיר גם מכלים פ"א מ"ו.

46) ראה יד, ו.

מען שטעלט זיך מיטן גאנצן תוקף איידער מ'איז מסיים די ספר תורה, אז זי זאל זיין בשלימות, עאכו״כ בהכנסתה לבית הכנסת וואו מ'לייענט דערנאך אין איר —

עד״ז שטעלט מען זיך מיטן גאנצן תוקף אויף שלימות הארץ לגבולותי׳, ווארום אז עס פעלט ערגעץ-וואו אין איר שלימות — פעלט דאס אין דעם תוקף און שלימות און קדושה פון גאנץ ארץ ישראל, כמובן פון דער דוגמא פון „שלימות התורה״.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט „שלימות העם״ („האנשים והנשים והטף״): פונקט אזוי ווי בנוגע צו מ״ת בפעם הראשונה זאגט מען[47], אז „אילו היו ישראל חסרים אפילו אחד (פון די ששים ריבוא)״ וואלט ח״ו קיינער ניט געקענט באקומען די תורה — עד״ז איז אויך בנוגע צו „שלימות הארץ״, בנוגע צו שלימות כל הענינים.

יד. וואס דאס איז א שלימות המשולשת:

„שלימות התורה״, וואס איר שלימות איז דאך — „גדול לימוד שמביא לידי מעשה״[48] — בשעת דער לימוד קומט אראפ אין מעשה בפועל,

און אין אן אופן פון „תמיד״, „מרשית השנה ועד אחרית שנה״, סיי שבת, וואס „קודש הוא״[49], און סיי יום כפור וואס איז „שבת שבתון״[50], קודש הקדשים, און סיי אין ימות החול.

און דערמיט ווערן דורכגענומען „האנשים והנשים והטף״, פון „ראשיכם שבטיכם״ ביז „חוטב עציך״ און „שואב מימיך״[51] — „שלימות העם״.

טו. און דאס ברענגט אראפ „שלימות הארץ״ — אז ס'איז א זיכערע זאך אז דאס וואס דער אויבערשטער האט שוין אפגעגעבן אין רשות ישראל, בפשטות, האלט מען דאס בשלימות ובפשטות.

און דאס ווערט דורכגעפירט אין א מצב של שלום אמיתי,

ואדרבה — דוקא דורך דערויף וואס מ'האלט אז „שלימות הארץ״ איז דאס דער אופן אז עס זאל זיין שלום בפשטות (שלום איז אויך פון לשון „שלימות״) — בשעת מ'האלט, און מיטן גאנצן תוקף, כל חלק (שלימות) פון ארץ ישראל וואס דער אויבערשטער האט (שוין) אפגע-געבן בגשמיות צו אידן — האט מען דעמולט שלום.

וואס דאס איז די הכנה קרובה אז דער אויבערשטער וועט אפגעבן כל ארץ ישראל לגבולותי׳, אפילו די חלקים וואס, מאיזו סיבה שתהי׳, געפינען זיי זיך בגשמיות, דערווייל, אין רשות פון ניט-אידן,

וואס דאס איז נאר אויף א רגע קטן, „ברגע קטן עזבתיך״[52],

ווארום עס איז דאך „כלו כל הקיצין״[53] און עס פעלט נאר דער „שעתא חדא״ און „רגעא חדא״ פון תשובה[54], וואס דעמולט איז „מיד הן נגאלין״[55] — עס וועט זיין דער „הרהר

47) דב״ר פ״ז, ח. מכילתא עה״פ יתרו יט, א.
48) ראה קידושין מ, ב.
49) תשא לא, יד.
50) אח״ר כג, לב.
51) נצבים כט, ט־י.
52) ישעי׳ נד, ז.
53) סנהדרין צז, ב.
54) ראה זח״א קכט, סע״א.
55) רמב״ם הל׳ תשובה פ״ז ה״ה.

השובה״ ובמילא איז נעשה צדיק גמור[56], איז מ׳באקומט אויך די שטחים וואס געפינען זיך בגשמיות, דערוויילע, בא ניט־אידן.

און דאס ווערט אויך די הכנה קרובה צו „ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך״[57], אז מ׳באקומט אויך קני קניזי וקדמוני[58].

לאחרי ההקדמה אז מ׳האלט אן דער ארץ וגבול וואס געפינט זיך (שוין) ברשות פון אידן, און מ׳האלט אז אין דעם בפשטות ובתוקף,

וואס דאס פירט־דורך אז דאס ווערט אויפגעטאן באופן פון „ושכבתם ואין מחריד״[59], דערפאר וואס „תפול עליהם אימתה ופחד (ווארום דאס איז ניט „כחי ועוצם ידי״[60], נאר) בגדול זרועך (ובמילא איז) ידמו כאבן״[61] —

זיי רירן זיך ניט פון ארט אנדירן א אידן, ואדרבה — „והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך״[62]: נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, ווען זיי זיינען „מלכים״ און שרים („שרותיהם״) — זיינען זיי מקיים זייער תפקיד „והביאו את כל אחיכם מכל הגוים מנחה לה׳ . . כאשר יביאו בני ישראל את המנחה בכלי טהורה״[63] אין ארץ הקודש (און דארטן גופא) אין ירושלים עיר הקודש (און דארטן גופא) אין ביהמ״ק השלישי,

וואס יבנה במהרה בימינו ממש דורך משיח בן דוד[64], שיבוא ויגאלנו בגאולה האמיתית והשלימה,

נאך דערויף וואס דורך אים וועט זיך דורכפירן דער „קץ שם לחושך״[65] צו דעם חושך הגלות הפנימי[66], עאכו״כ צו דעם גלות בפשטות,

און ער פארענדיקט דעם גלות אין אן אופן פון „אעביר מן הארץ״[67], עס בלייבן ניט קיינע שיריים דערפון, און עס הויבט זיך אן דערנאך „מיד הן נגאלין״,

ובגאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמולט איז יבנה ביהמ״ק במקומו, און ערשט דערנאך יקבץ נדחי ישראל[68],

במהרה בימינו ממש, למטה מעשרה טפחים, ובאופן של שלום אמיתי, „ושמחת עולם על ראשם״[69],

אז נאך אין די לעצטע טעג פון גלות איז „ולבל בני ישראל הי׳ אור במושבותם״[70], ווען מ׳געפינט זיך נאך אין „מצרים״, וואס „כל המלכיות נקראו על שם מצרים״[71],

און גלייך נאך דערויף „ובני ישראל יוצאים ביד רמה״[72], און דוד מלכא משיחא, משיח צדקנו, בראשינו,

במהרה בימינו ממש.

• • •

56) קידושין מט, ב. שו״ע אה״ע כל״ח סל״א. בקידושין שם: על מנת שאני צדיק, אבל כ״ה („על מנת שאני צדיק גמור״) באור זרוע סקי״ב. לקו״ת ר״פ דברים (א, ב). וראה תניא פ״א.

57) שופטים יט, ח.

58) ספרי ופרש״י עה״פ.

59) בחוקותי כו, ו.

60) עקב ח, יז.

61) בשלח טו, טז.

62) ישעי׳ מט, כג.

63) שם סו, כ.

64) רמב״ם הל׳ מלכים ספי״א.

65) איוב כח, ג.

66) ראה אגה״ק ס״ד.

67) זכרי׳ יג, ב.

68) רמב״ם שם. וראה לקו״ש ח״ה ע׳ 149 הע׳ 51.

69) ישעי׳ לה, י. נא, יא.

70) בא י, כג.

71) ב״ר פט״ז, ה.

72) בשלח יד, ח.

טז. מ׳האָט דערמאָנט פריער (סי״א[73]) אַז סיום כתיבת הספר תורה און הכנסתה וועט זיין אין דעם יום הגאולה י״ט כסלו, און נאָך בזה: דער בעל הגאולה (דער אַלטער רבי) שרייבט במכתבו[75] אַז די גאולה איז געווען „בזכות ארץ הקודש״ — קומט דאָס (דער סיום והכנסת הספר) פאַר אין ארץ הקודש.

און אַזוי ווי די גאולה דעמולט איז געווען אין „יום ג׳ שהוכפל בו כי טוב״[74], יום הילולא רבא של רבינו הקדוש נ״ע (דער מגיד)״, ווי ער שרייבט במכתבו הנ״ל,

און ער שרייבט דאָרטן אַז די גאולה איז געווען — „כשקריתי בס׳ תהלים בפסוק פדה בשלום נפשי, קודם שהתחלתי פסוק שלאחריו, יצאתי בשלום מה׳ שלום״,

די גאולה דעמולט איז געווען ביום השלישי בשבוע, וואָס לויט ווי מ׳זאָגט תהלים כפי שנחלק לימי השבוע (מ׳איז מסיים מידי שבוע בשבוע) איז דער פסוק „פדה בשלום״ אין דעם שיעור תהלים פון יום השלישי בשבוע,

כמבואר ומסופר ע״י כ״ק מו״ח אדמו״ר״ אַז דערפאַר האָט דער אַלטער רבי דעמולט געזאָגט דעם פסוק „פדה בשלום״ —

אַזוי אויך די התוועדות איצטער (וואָס קומט בקשר מיטן סיום והכנסת הספר תורה וואָס וועט זיין בי״ט כסלו) קומט־פאַר בהשגחה פרטית ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, וואָס אין דעם שיעור שבועי שלו איז דער פסוק און דער ענין פון „פדה בשלום נפשי מקרב לי כי ברבים היו עמדי״,

וואָס די התוועדות קומט אַלס אַ התחלה פון סיום והכנסת הספר תורה וואָס וועט זיין בי״ט כסלו,

וואָס דאָס (די התוועדות אַלס אַ התחלה צו דעם סיום וואָס וועט זיין בי״ט כסלו) איז אַ פעולה נמשכת און „נשתלשלו מהן״[76] — די כוונה איז, אַז אפילו די וואָס וועלן זיך ניט געפינען באותו מקום בארץ הקודש בשעת הסיום ובשעת ההכנסה — איז דאָס פונקט ווי זיי זיינען דאָרטן, ובגשמיות, און פונקט אָן אַ כ״ף הדמיון,

כתורת הבעש״ט[77] אַז במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא, וואָס על יסוד זה פסק׳נט מען דאָך אַ הלכה בפועל אין הלכות עירוב תחומין[78], וואָס דאָרט איז נוגע די מעשה בפועל, וואָס דערפאַר דאַרף ער דאָרטן זיין נמצא בפועל.

יז. מאמר (כעין שיחה) ד״ה פדה בשלום גו׳.

• • •

יח. אַזוי ווי (כאמור לעיל) מ׳וויל דאָך משתף זיין אַלע די וואָס זיינען דאָ, און אויך די וואָס זיינען דאָ ניט בגופם נאָר במחשבתם און דורך דעם „הערן״ זיי דאָסי, ביז אפילו אויך די וואָס ווייסן ניט דערפון איז אָבער „זכין לאדם שלא

73) הנ״ל שבהע׳ 38.

74) ראה פרש״י עה״פ בראשית א, ז.

75) במכתבו מח׳ כבת תרצ״ו — נדפס בקובץ מכתבים לתהלים (אהל י״י) ע׳ 200 ואילך.

76) תניא רפ״ג.

77) כש״ט (הוצאת קה״ת) הוספות אות לח. וש״נ.

78) ראה שו״ע אדה״ז או״ח סת״ת. ויראה לקו״ש ח״ח ס״ע 348 בהערה.

79) להעיר ממרז״ל להתפלל בזמן שציבור (אף כי במקום אחר) מתפלל (שו״ע או״ח ס״צ ס״ט. שו״ע אדה״ז שם ס״י).

בפניו"[80] — אין דעם סיום פון דער ספר תורה און דערנאָך אויך אין הכנסתה לבית הכנסת, דורך דערויף וואס מחשבתם וועט דאַרטן זיין,

עאכו"כ אז דאָס וועט אויך זיין פאַרבונדן מיט א דבר גשמי,

כידוע וואס עס שטייט אין דרשות הר"ן[81] אז א נבואה וואס איז פאַרבונדן מיט א פעולה בעוה"ז הגשמי איז זיכער אז זי וועט מקויים ווערן בגשמיות —

וועט מען איצטער געבן א „כתר" צו דער ספר תורה[82],

וואס מ'האָט פאַר דעם „כתר" באַצאָלט, וכהמנהג (ווי ער זאָגט אין זהר[83], און מאריך בזה אין כתבי האריז"ל[84]), אז אַן ענין וואס איז פאַרבונדן מיט א מצוה וקדושה דאַרף ניט זיין „חנם"[85], נאָר באַצאָלט,

וואס איז דאָך פאַרבונדן מיט „חיי נפשו"[86], עכ"פ דורך א פרוטה.

און וויבאַלד אז „זכין לאדם שלא בפניו" — האָט יעדערער א חלק אין די געלט וואס מ'האָט דערפאַר באַצאָלט, און עאכו"כ די וואס האָבן שוין אַריינגעשריבן זייערע נעמען און שוין געגעבן וכו',

וכ"ז זאָל זיין א פעולה נמשכת בכל הפעולות לאחרי זה, אין די טעג ביז דעם סיום, ועאכו"כ אין דעם טאָג פון דעם סיום, אין דעם יום סגולה י"ט כסלו, און אין דעם זמן הסיום וההכנסה לבית הכנסת.

יט. אזוי ווי עס געפינט זיך איצטער דאָ דער גבאי פון דעם בית הכנסת, וואס ער איז געקומען אלס שליח פון דעם בית הכנסת, און בכלל פון המתעסקים בזה וואס געפינען זיך אין ארץ הקודש —

וועט מען אים אויך מאַכן א שליח להולכה מכאן — מיטנעמען דעם „כתר" און אויך מיטנעמען געלט אויף צדקה — בשם כל המתוועדים כאן, און בשם יעדערן בכל מקום שהם, וואס מ'איז זיי מזכה שלא בפניהם

— מחלק זיין אין ארץ ישראל די געלט לצדקה בשם כל אחד ואחת מהנמצאים כאן וכו', וועלכע מ'האָט שוין מזכה געווען אין דעם,

[עס איז ניט די כוונה צו מאַכן אויף דעם א „מגבית", ווארום מען האָט שוין יעדערן מזכה געווען אין דעם].

וואס דאָס ווערט „ציון במשפט"[87] — תורה, ובפרט הלכות שבתורה[88], און „שבי' בצדקה"[89].

כ. און אזוי ווי די נשמה פון יעדער אידן איז דאָך פאַרגליכן צו א (גאַנצער) ספר תורה, ווי די גמרא זאָגט אין סיום מסכת מועד קטן[90] — זאָל דער סיום (שלימות) הספר תורה (וואס יעדערער האָט אין דעם א חלק, כנ"ל) זיין די הכנה קרובה צו „יכלו כל נשמות

---

80) עירובין פא, ב (במשנה). וש"נ. שו"ע חו"מ סרמ"ג ס"ח.

81) דרוש ב. וראה גם רמב"ן עה"פ לך לך יב, ו. לבוש על הרקנטי לך לך שם.

82) ראה זח"ג רנו, ב.

83) ח"ב קכח, א.

84) טעמי המצוות פ' ראה מצות הצדקה.

85) שזהו סדר ד„מצרים", כמ"ש (בהעלותך יא, ה. וראה ספרי ופרש"י עה"פ) „אשר נאכל במצרים חנם".

86) ראה תניא פל"ז (מח, סע"ב).

87) ישעי' א, כז.

88) לקו"ת ר"פ דברים (א, סע"ב ואילך).

89) כה, א.

שב(אותו אוצר ששמו) גוף", ווי די גמרא זאגט בכ"מ[90], ולביאת משיח.

וואס בפועל טוט זיך דאס אויף דורך דעם וואס אידישע פרויען זיינען מקיים די מצות התורה, וואס זי איז ראשונה אין סדר המצוות שבתורה[91], וואס ראשונה בסדר איז פארבונדן מיט ראשונה בחשיבות — די מצוה פון „פרו ורבו ומילאו את הארץ וכבשוה"[92].

כא. און „מצוה גוררת מצוה"[93] — פון דעם מבצע — צו דעם „מבצע אהבת ישראל", אז עס ווערט „כי ברבים היו עמדי" (ווי דערמאנט פריער (סי"א ובהמאמר)).

וואס דאס ברענגט צו חינוך ישראל — „מבצע חינוך".

און דאס קומט אראפ אין „מבצע תורה", „מבצע תפילין", „מבצע מזוזה", „מבצע צדקה", „בית מלא ספרים — יבנה וחכמי'"[94].

און „מבצע נרות שבת קודש", „מבצע כשרות האכו"ש" און „מבצע טהרת המשפחה".

און דאס ווערט א הכנה קרובה צו דעם „מבצע" כביכול פון דעם אויבערשטן, וואס דאס איז ביכולתו פון דעם אויבערשטן צו טאן, און נאר ער איז ביכולת דאס צו טאן, וכדברי כ"ק מו"ח אדמו"ר" אז ניט מיט אונזער ווילן זיינען מיר געגאנגען אין גלות און ניט מיט אונזער ווילן וועט מען ארויסגיין פון גלות,

נאר „אתם תלוקטו לאחד אחד"[95], אז דער אויבערשטער נעמט, בקרוב ממש, יעדער אידן, „האנשים והנשים והטף", פארן האנט[96], און „ושב ה' אלקיך את שבותך"[97], ער גייט (ניט פאראויס פאר אים, נאר) מיט אים צוזאמען („את שבותך"[98]) אין ארצנו הקדושה,

ובמהרה בימינו ממש.

[כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן להגבאי ר' זושא שיחי' ריבקין: כוסית יי"ש לאמר „לחיים" ונתן לו הקנקן משקה (ואמר לו) שיחלק ממנו להמשתתפים בסיום והכנסת הספר תורה; ה„כתר" (ואמר לו) „בשם כל הקהל"; ה„יד" וממון לצדקה באה"ק, כנ"ל.

אח"כ נתן כוסית יי"ש לאמר „לחיים" להאומן שעשה ה„כתר" בארה"ק, ואמר לו: זאל זיין בהצלחה רבה, איר זאלט מאכן א סך „כתרים" אויף א סך ספרי תורה, און לערנען און מקיים זיין וואס עס שטייט אין ספר התורה].

• • •

כב. בשעת עס רעדט זיך וועגן „מבצע תורה", שבזה ג"כ הכנסת ספר תורה וואס איז פארבונדן מיט סיום ספר תורה און פארדעם — מיט כתיבת ספר תורה,

[וואס דער ענין פון (ספר) תורה איז דאך פארבונדן מיט אידן, ביז אז תורה איז שייך דוקא ווען עס זיינען דא אידן, ווי ער זאגט אין מדרש[99] „מחשבתן של ישראל קדמה לכל דבר", אפילו פון תורה, און די ראי' אויף דערויף איז פון

---

90) יבמות סב, סע"א ובפרש"י שם. וש"נ.

91) ראה לקו"ד כרך א ח, א. כרך ד תשכו, א. לקו"ש ח"ב ע' 551. שם ע' 563.

92) בראשית א, כח.

93) אבות פ"ד מ"ב.

94) לקו"ד כרך ד תרצב, א. סה"מ קונטרסים ח"א קעה, ב.

95) ישעי' כז, יב.

96) ראה פרש"י עה"פ נצבים ל, ג: אוחז בידיו ממש.

97) נצבים שם.

98) ראה מגילה כט, א. פרש"י שם.

99) ב"ר פ"א, ד.

תורה עצמה, אז מ׳זאגט אויף יעדער ענין אין תורה „צו את בני ישראל״, „דבר אל בני ישראל״.

וואס דערפאר איז דאס אויך פארבונדן מיט די אלע מבצעים וועגן וועלכע מ׳האט דערמאנט פריער.

וואס דער מזכיר זיין וועגן דעם וועט זיכער מספיק זיין אויף מעורר זיין און מעודד זיין אז מ׳זאל נאכמער מוסיף זיין במעשה בפועל בכל מבצעים אלה] —

קומט מען מענין לענין באותו ענין — צו דעם מבצע שהזמן גרמא, וואס דאס איז — די הכנה צו י״ט כסלו — טאן אין הפצת המעינות, בתוככי הפצת כל עניני יהדות, ביז אז דאס זאל דערגרייכן „חוצה״.

כג. און גרייטן זיך, און דערנאך טאן גלייך בפועל בנוגע צו „מבצע חנוכה״,

וואס דאס איז פארבונדן מיט „חנוך לנער״[100] ווי דערמאנט פריער[101], וואס יעדער איד (עם חכם) פירט זיך דאך אין אן אופן פון „איזהו חכם הלומד מכל אדם״[102], במילא איז ביחס צו אן ענין וואס ער האט נאך ניט געלערנט, איז ער אין סוג פון „נער״, און מ׳דארף אים אין דעם מחנך זיין ווארום אין דעם איז ער נאך א קטן.

עאכו״כ אין דעם מבצע חנוכה, וכמדובר כמ״פ בארוכה אז מ׳דארף טאן אין מבצע חנוכה בכל ההיקף[103], און מיט דער גאנצער שלימות[104], בנוגע לכל אחד ואחת מישראל (אויך „ואחת״ — ווארום „אף הן היו באותו הנס״[105]).

ועאכו״כ — טאן אין דעם בנוגע צו די וואס נויטיקן זיך אין דעם במיוחד — די וואס געפינען זיך אין בית האסורים אדער אין בית הרופאים [ווי דער עולם רופט דאס אן „בית החולים״], און די וואס געפינען זיך אין בתי זקנים, וואס מצד חלישות שלהם דארפן זיי אנקומען צו אן עזר פון א צווייטן.

כד. ועאכו״כ טאן אין דעם מבצע חנוכה בנוגע צו די וואס זיינען מגין אויף שלימות הארץ כפשוטה [וואס דערמיט איז אויך פארבונדן שלימות הארץ ברוחניות, וואס דערמיט איז אויך פארבונדן שלימות העם, וואס דערמיט איז אויך פארבונדן שלימות התורה[106]] —

אט די וואס האבן זוכה געווען און זיינען מגין בגופם בפשטות על גבולי הארץ, און היטן אפ אז עס זאל ניט זיין ח״ו „הארץ נוחה ליכבש לפניהם״[107].

וואס דער דין איז דאך אפילו אין נהרדעא, אין בבל, ווי די גמרא זאגט אין עירובין[108], וואס דאס איז א דוגמא אויף יעדער ארט וואו אידן געפינען זיך — אז מ׳טאר ניט צולאזן קיין פעולה אין וועלכע עס קען זיין עפעס-וואס א חשש אז „תהא הארץ (אדער השכונה אדער העיר) נוחה ליכבש לפניהם״, ווארום דאס איז א חשש בענין פון פקוח נפשות,

100) ל׳ הכתוב — משלי כב, ו.

101) שיחת ש״פ תולדות, מבה״ח כסלו. אור ליום ג׳, יו״ד כסלו.

102) אבות רפ״ד.

103) שמונה (ימים) ע״ד שמע״צ (לקו״ת שמע״צ פח, ב). וכמובא בזה — שו״ת הרשב״א ח״א ס״ס.

104) דהמנהג פשוט — מהדרין מן המהדרין (רמ״א דלקמן בפנים).

105) שבת כג, א. יתירה מזה בפרש״י שם: על ידי אשה נעשה הנס. וראה בזה תוד״ה שאף — פסחים קח, ריש ע״ב. מגילה ד, א.

106) להעיר דכמה מצוות קיומן תלוי בזה שכל יושבי׳ עלי׳ (ראה ערכין לב, סע״ב. רמב״ם הל׳ שמיטה ויובל פ״י ה״ח. ועוד).

107) שו״ע אדה״ז או״ח משכ״ט ס״ו. מפרש״ד״ה לספר — עירובין מה, א.

108) שם.

עאכו״כ בנוגע „ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה״, וואס דארטן איז לייכטער דורכצופירן אז עס זאל ניט זיין „הארץ נוחה ליכבש לפניהם״, וואס דערפאר זיינען אויך די בלבולים בזה גרעסערע בלבולים, כדי ח״ו צו שטערן דאס —

עס איז אָבער „עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום״ דערפאר וואס „עמנו א־ל״[109], „תפול עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך (ויתירה מזה) ידמו כאבן״.

און די וואס זיינען מגין על גבולי הארץ בגופם ובפשטות, די אידן וואס געפינען זיך בצבא, באיזו דרגא שתהי׳ — דאַרף בא זיי זיין ביותר דער ענין פון אנצינדן און ליכטיק מאכן „נר מצוה ותורה אור״[110],

און אין אַן אופן פון מוסיף והולך בכל יום ויום, וואָרום יעדערער פון זיי, פונקט אַזוי ווי יעדער איד (ועוד יותר — וויבאַלד תפקידם איז הגנת רבים), איז אַ מהדר מן המהדר אין נרות חנוכה, ווי דער רמ״א[111] זאָגט אַז „המנהג פשוט״ אַז יעדער איד איז מקיים מצות נר חנוכה באופן דמוסיף והולך בנרות חנוכה בכל יום ויום[112],

ואדרבה — זיי טוען דאָס (כתפקידם) אַנהויבנדיק בגופם ממש[113].

כה. ויה״ר אַז דורך די הכנות צו דעם מבצע חנוכה זאָל מען זוכה זיין בקרוב ממש צו חנוכת בית המקדש השלישי, ע״י משיח צדקנו, בקרוב ממש ומתוך מנוחה ושמחה וטוב לבב.

• • •

[צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה״ז (בבא רביעית פ״א). ניגון ניע זשוריצי חלאָפצי.

כ״ק אדמו״ר שליט״א התחיל לנגן „ווי וואַנט משיח נאַו״[114].

אח״כ — „ניעט ניעט ניקאַוואָ״[115].

אח״כ אמר: די וואָס דאַרפן מאַכן אַ ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאַכן אַ ברכה אחרונה].

• • •

כו. [אח״כ אמר:]

מ׳וועט איצטער דאַווענען מנחה, ו(כמאמר הגמרא[116]) „לעולם יהא אדם זהיר בתפלת המנחה שהרי אליהו הנביא לא נענה אלא בתפלת המנחה״[117],

און מ׳וועט אַלע מכריז זיין (כפשוט לא בהברת השמות, כ״א) „הוי׳ הוא האלקים הוי׳ הוא האלקים״[118], און נאָך מחוץ (וקודם לבנית —) לביהמ״ק טוט מען ברוחניות[119] אַלע ענינים וואָס

---

109) ישעי׳ ח, י.

110) משלי ו, כג. ולהעיר משייכות פסוק זה לנרות חנוכה — ראה פרש״י ד״ה בנים — שבת שם, ב (וראה לקו״ש ח״ז ע׳ 143). וראה תו״א לב, ב: לפיכך קבעו (נס חנוכה) בנרות על שם הפסוק כי נר מצוה כו׳.

111) או״ח סתרע״א ס״ב.

112) שבת כא, ב.

113) נוסף על השתדלותם להאיר (נר מצוה) „מבחוץ״ ו„בשוק״ „דהרבוראי״ (שבת שם) אותיות מורדת (עמק המלך שער קרית ארבע רפקי״א. קה״ע׳ תרמיד. ועוד).

114) אנו רוצים (חסרים וזקוקים ל)משיח עתה.

115) אין עוד.

116) ברכות ו, ב. וראה באריכה ד״ה לעולם יהא אדם זהיר בתפלת מנחה כו׳ עזר״ת (סה״מ עזר״ת ע׳ פב ואילך), תרצ״א (סה״מ קונטרסים ח״א רג, ב ואילך). ובכ״מ.

117) כ״א יח, לו ואילך.

118) כ״א שם, לט.

119) שתפלות במקום קרבנות תקנום (ברכות כו, ב).

קרבנות[120] האבן אויפגעטאן אין דעם ביהמ"ק,

און דאס וועט ברענגען בפועל צו "ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו . . כמצות רצונך"[121] אין דעם ביהמ"ק השלישי,

שיבנה דער וואס "יכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה", און "ילחם מלחמת ה' וינצח", און וועט ברענגען די גאולה האמיתית והשלימה, בהקדמה וואס ער וועט מאכן דעם "קץ שם לחושך" הגלות, און דערנאך "יקבץ נדחי ישראל"[122], "והיתה לה' המלוכה"[123].

120) שכל הקרבנות נקראו מנחה (וכמו"ש אל הבל ואל מנחתו. ועוד. נת' בתו"א, תו"ח ואוה"ת וישלח ד"ה ויקח גו'. וש"נ).

121) תפלת מוסף דשבת ויו"ט.

122) רמב"ם הל' מלכים ספי"א.

123) עובדי' א, כא.



א. די התוועדות פון י"ט כסלו, איז דאך פארבונדן, כידוע, מיט דער גאולה פון דעם אלטן רבי'ן, בעל התניא והשו"ע, וואס ביום זה איז ער באפרייט געווארן פון מאסר (אין וועלכן ער איז געווען במשך נ"ג ימים).

וואס וויבאלד אז דער מאסר איז געווען פארבונדן מיט זיין טעהטיגקייט און ארבעט אין הפצת היהדות - פון לערנען דעם א"ב פון אידישקייט, ביז צו מגלה זיין רזי תורה, די העכסטע טיפקייטן אין אידישקייט - איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'איז געקומען די גאולה, איז דאס געווען א גאולה פון אידישקייט אין אלגעמיין, פון דעם א"ב אין איינפאכן זין, ביז דעם א"ב אין א ברייטערן זין, ביז צו רזין ורזין דרזין דאורייתא, די טיפסטע ענינים אין אידישקייט.

און ווי דער ענין איז געווען בפשטות, אז די גאולה האט אים געגעבן די מעגליכקייט צו פארשפרייטן אידישקייט נאכמערער פון ווי ס'איז געווען ביז דעמולט, און אין אן אופן פון "פעולה נמשכת", אז בשעת ער האט געלערנט און פארשפרייט אידישקייט, איז דאס געווען אין אן אופן פון מאכן "נרות להאיר", "עץ פרי עושה פרי למינו", ד.ה. אז די תלמידים ומקבלים זיינען געווארן משפיעים, "נרות להאיר", און אין אן אופן פון "עץ פרי עושה פרי למינו", אז פון דעם גרעין איז אויסגעוואקסן אן "עץ פרי", און די פירות וואס אויפן עץ האבן אין זיך גרעינים וואס פון זיי קענען אויסוואקסן נאך בוימער, און אזוי איז דאס עד סוף כל הדורות, מיט די זעלבע ענינים און אין דער זעלבער ריכטונג.

וואס די עבודה איז פארבונדן מיט ביאת משיח צדקנו, ווי עס שטייט אין דער באוואוסטער אגרת הקדש פון בעש"ט, אז בשעת ס'וועט זיין "יפוצו מעינותיך חוצה" דעמולט איז "אתי מר", עס קומט מלך המשיח.

ווארום משיח איז ענינו אז "ילמד תורה את העם כולו", "למקטנם ועד גדולם" - ד.ה. אז ער וועט ריידן און לערנען סיי מיט די וואס זיינען שייך צו א"ב ("קטנם"), סיי מיט די וואס זיינען שייך צו רזין דרזין ("גדולם"), ביז אז ער וועט ווירקן אויף דער גאנצער וועלט, "לתקן עולם במלכות שד-י", אז די גאנצע וועלט זאל שטייען אין אן אופן וואס איז שלא בערך לגבי דעם ווי זי איז געווען פריער.

ומכל הנ"ל מובן, אז די גאולה פון דעם אלטן רבי'ן וואס איז געווען בי"ט כסלו, איז די גאולה פון דער גאנצער וועלט.

ב. ויתירה מזו:

עס שטייט אין מדרש אז מ'געפינט אין דער תורה צוויי מאל דעם ווארט "תולדות" מיט א כתיב מלא, איין מאל "אלה תולדות השמים והארץ בהבראם", וואו עס רעדט זיך וועגן בריאת העולם, און דעם צווייטן מאל "אלה תולדות פרץ", וואו עס רעדט זיך וועגן משיח צדקנו כמ"ש "עלה הפורץ לפניהם".

איז מבואר, אז דער צווייטער מאל "תולדות מלא" איז העכער ווי דער ערשטער מאל.

ד.ה., אז הגם בשעת בריאת העולם ("בהבראם") איז די וועלט געווען אין א שלימות ("מלא"), און דארטן איז באשאפן געווארן אדם הראשון, און איז געווען אין ג"ע, "כשמחך יצירך בגן עדן מקדם" - קודם החטא; אעפ"כ איז די שלימות וואס וועט אויפגעטאן ווערן דורך משיח צדקנו ("עלה הפורץ לפניהם"), א סאך א העכערע שלימות לגבי ווי ס'איז געווען בשעת הבריאה.

און דערמיט ווערט אויך פארענטפערט די שאלה: וויבאלד אז "אדם לעמל יולד", מוז מען דאך זאגן אז די עבודה ויגיעה במשך כל השנים "לשמש את קוני" האט אויפגעטאן מערער ווי ס'איז געווען לפנ"ז? איז אויף דעם דער ענטפער כאמור, אז די עבודה

האדם ברענגט צו דעם גילוי פון משיח, וואס דעמולט וועט זיין "אלה תולדות מלא" נאכמערער פון וואס ס'איז געווען קודם החטא.

ג. דאס איז געווען די עבודה פון אדם הראשון, "ויניחהו בגן עדן לעבדה ולשמרה", אויפטאן אין גן עדן ווי ער איז געווען קודם החטא, און דערנאך איז דאס איבערגעגעבן געווארן צו זיינע צאצאים, ובלשון הגמרא אין סנהדרין "זרע וזרע זרעיתו".

וכמארז"ל אני נבראתי לשמש את קוני, און ווי די צווייטע גירסא, מיט נאכמער שארפקייט - "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני", אז יעדער איד איז באשאפן געווארן כדי צו משמש זיין את קונו, און משלים זיין די שליחות אין דער וועלט - צו ברענגען איר צו איר תכלית השלימות.

וואס דאס איז פארבונדן מיט יעדערן אלס פרט ויחיד, ווייל יעדערער דארף טאן כל התלוי בו "לתקן עולם במלכות שד-י".

ולפיכך נברא האדם יחידי, אויף באווייזן יעדער יחיד אז די שלימות פון דער גאנצער וועלט הענגט אפ אין זיין הנהגה און זיינע מעשים ועבודה בפועל, פונקט ווי ס'איז געווען ביי אדה"ר וואס איז געווען דער איין און איינציקער מענטש אין דער וועלט.

נאכמער: דער טעם אויף דעם וואס בריאת האדם איז געווען באופן מסויים, "נברא האדם יחידי", איז כדי אז במשך כל הדורות זאל יעדערער זיך אפלערנען דערפון, אז ער קען אויפטאן אלס יחיד אין דער גאנצער וועלט - בדוגמא ווי מ'האט ארויפגעלייגט אויף אדה"ר די שליחות, "ויניחהו בג"ע לעבדה ולשמרה".

דער חידוש בזה איז במיוחד בדורותנו אלה: אע"פ אז די עבודה אין דער וועלט איצטער, לאחרי החטא, ולאחרי החורבן, און אין גלות, און אין חו"ל, און אין עקבתא דמשיחא, אין סוף ימי הגלות, ווען "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים" - איז שלא בערך שווערער ווי ס'איז געווען אין ג"ע לפני החטא; פונדעסטוועגן זאגט מען יעדער אידן, אז ער אלס יחיד קען אויפטאן בדוגמא פון פעולת אדם הראשון לפני החטא.

ד. ענין הנ"ל (די פעולה פון יעדער יחיד אין דער גאנצער וועלט) איז ניט נאר א דרוש ומוסר והתעוררות ועידוד ונתינת כח - נאר דערפון ווערט א הלכה פסוקה אין גמרא קידושין, און דער רמב"ם ברענגט דאס בספרו (אויף וועלכן ער שרייבט אין זיין הקדמה אז ער איז געשריבן "הלכות הלכות") - אז "לעולם יראה אדם עצמו שקול וכל העולם כולו שקול כו' עשה מצוה אחת הרי הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה".

ה. די עבודה פון א אידן "לשמש את קוני" איז דאך אויך כולל די מצוה פון "הוכח תוכיח את עמיתך", ד.ה. ניט באגנוגענען זיך מיט זיין אייגענער עבודה, נאר פועל'ן אויף א צווייטן אידן ער זאל אויך טאן אין דער עבודה.

די מצוה "והכח תוכיח את עמיתך" שטייט אין די פסוקים אין איין המשך מיט "ואהבת לרעך כמוך", ווייל דער יסוד פון דער תוכחה איז זיין אהבת ישראל.

און ווי די גמרא זאגט אין שבת (און דער אלטער רבי איז דאס מבאר אין תניא פרק לב) אז מצות אהבת ישראל "זוהי כל התורה כולה - ואידך פירושא הוא, זיל גמור", ד.ה. אז די מצוה איז דער יסוד צו אלע מצוות, כולל די מצוה פון "הוכח תוכיח".

איז דערפון פארשטאנדיק, אז בשעת די עבודה פון א אידן איז, אז ער באגנוגנט זיך ניט מיט זיין אייגענער עבודה, נאר ער פועל'ט אויך אויף א צווייטן אידן -

וואס דאס איז מיוסד אויף דער מצוה פון אהבת ישראל, דעמולט ברענגט ער די גאולה העתידה.

ווארום די סיבה פון דעם גלות איז דאך געווען, ווי די גמרא זאגט, מצד שנאת חנם - איז בשעת מ'איז מבטל די סיבה, דורך אהבת חינם, ואהבת לרעך כמוך, ער האט ליב יענעם דערפאר וואס דער אויבערשטער האט אזוי געהייסן, און זיין אהבה איז א אמת'ע אהבה, ביז אז די אהבה איז "כמוך" (כתורת הבעש"ט בזה) - ווערט בטל דער מסובב, "גלינו מארצנו".

ובפשטות: דורך דערויף וואס מ'פירט דורך די הוראה פון אלטן רבי'ן לתלמידיו ולהולכים בדרכיו, אז תפקידו פון א אידן איז ער זאל ליכטיק מאכן די וועלט און מאכן פון איר א "דירה לו ית' בתחתונים", און דאס זאל געטאן ווערן אין אן אופן פון "ברבים היו עמדי", בצירוף פון אסאך אידן צוזאמען, ביז מיטן צירוף פון אלע אידן צוזאמען - איז דעמולט "אתי מר" דא מלכא משיחא, "לתקן עולם במלכות שד-י".

וואס דאס איז דער ענין פון "הפצת המעיינות חוצה" - ווארום מען נעמט די חמדה גנוזה וואס דער אויבערשטער האט, תורה ומצוות, און מ'איז דאס מגלה און מ'פארשפרייט דאס בכל מקום שידו מגעת, אין דעם "חוצה"; מ'איז מפיץ "תורה אור", ליכטיקייט, אין מקום החושך, אין דעם ארט וואו "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים" - און המעשה הוא העיקר, מען דארף אראפטראגן אלץ אין עולם המעשה.

ו. כל האמור לעיל איז, כאמור, די סיבה אויף דער התוועדות איצטער - דלכאורה קען זיך שטעלן א שאלה: דאס איז דאך א פאסירונג וואס איז געווען מיט אסאך יארן צוריק, אין אן אנדער מדינה, מיט אנדערע תנאים, און מיט אנדערע מענטשן - איז פארוואס פארברייינגט מען איצטער צוליב דעם?

נאר דאס איז ווייבאלד אז "הימים האלה נזכרים ונעשים", דער דערמאנען זיך אין דער גאולה ברענגט צו א חיות אין דער עבודה אין דער ריכטונג וואס איז אנגעוויזן געווארן דורך דעם בעל המאסר והגאולה, נאך זייענדיק אין תפיסה - ועאכו"כ שפעטער נאך דער גאולה, וואס איז געווען, כאמור, די גאולה פון זיין אופן ההנהגה וכו'.

און די אלע ענינים זיינען נצחיים, אזוי ווי גאנץ תורה, ווי דער לשון פון אלטן רבי'ן אין תניא "והתורה היא נצחית" - כולל די הוראה פון "ואהבת לרעך כמוך", און די הוראה פון הפצת התורה בכל מקום ביז אפילו אין "חוצה", און אין אן אופן פון "כמאן דבעי למיעבד".

ז. און דורך דער עבודה בכל הענינים האמורים - קומט מען פון דער חגיגה פון דעם יום הגאולה, וואס מען נוצט אים אויס בשלימותו דורך דער עבודה כנ"ל - קומט מען צו "מיסמך גאולה לגאולה", צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט זיין "קץ שם לחושך", דער אויבערשטער וועט מאכן א סוף צו דער "תפיסה" אין וועלכער אידן געפינען זיך אין זמן הגלות

[ווייל בשעת א איד שטייט אין א מצב וואס ער קען זיך ניט פירן ווי א איד דארף זיך פירן בקיום תרי"ג מצוות ולימוד התורה מתוך מנוחה ושמחה וטוב לבב, ווארום עס פעלן די ענינים עיקריים וואס זיינען תלוי אין בנין ביהמ"ק וכיו"ב - איז ער אין א "תפיסה"],

ער וועט ארויסנעמען יעדער אידן און אלע אידן פון דער "תפיסה", לחירות ולשחרור, ביז אין דעם אופן ווי דער אלטער רבי באשרייבט זיין גאולה - אין אן אופן פון "פדה בשלום נפשי".

אז מ'גייט ארויס פון גלות, דורך דערויף וואס יעדערער טוט זיין טייל אין פארטרייבן דעם גלות דורך מאכן ליכטיק דעם גלות מיט "נר מצוה ותורה אור",

און מ'טוט דאס בשמחה, וואס "שמחה פורץ גדר", כמילא לערנט ער תורה און איז מקיים מצוות און פארשפרייט אידישקייט אן קיינע גדרים ומדידות והגבלות.

און דורך דערויף ווערט, כאמור, דער "עלה הפורץ לפניהם", עס קומט צוגיין משיח צדקנו וואס ווערט אנגערופן "פורץ", און גייט צוזאמען מיט יעדער אידן און צוזאמען מיט אלע אידן, ווי עס שטייט "ואתם תלוקטו לאחד אחד בית ישראל", אז דער אויבערשטער אליין נעמט יעדער אידן פארן האנט און גייט צוזאמען מיט אים ארויס פון דעם גלות - אין דער גאולה האמיתית והשלימה במהרה בימינו ממש, לארצנו הקדושה, ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה,

און דערנאך וועט משיח בונה זיין דעם ביהמ"ק במקומו, ולאחרי זה יקבץ נדחי ישראל, ביז ווי דער רמב"ם איז ממשיך אז ס'ווערט דער תיקון כל העולם כולו ביז צו "לעבדו כולם שכם אחד",

במהרה בימינו ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

ח. אין דער בריוו וואס דער בעל הגאולה האט געשריבן לאחר גאולתו, וואו ער דערציילט וועגן דער גאולה - זיינען פאראן עטלעכע נקודות וואס ער איז מדגיש במיוחד, וואס דערפון איז מובן, אז ער האט זיי (די נקודות) באטראכט אלס א וויכטיקער טייל אין דער מטרה פון זיין גאולה.

דערפון איז פארשטאנדיק בעניננו, אין דער הוראה אין עבודה וואס מען דארף ארויסלערנען פון דער גאולה, וואס באשטייט, כאמור, אין אויספירן די שליחות אין הפצת היהדות וכו' - אז די נקודות וועגן וועלכע ער שרייבט בפרטיות אין זיין בריוו, זיינען זיי נקודות עיקריות, ובמילא, וויבאלד ער האט וועגן זיי געשריבן און מפרסם געווען (און דאס איז דערגאנגען אויך צו אונזער דור), דארף מען זיך אין זיי אריינטראכטן, און ארויסנעמען פון זיי א מסקנא בנוגע למעשה בפועל.

ט. צווישן די נקודות וואס דער בעל הגאולה איז מדגיש במכתבו האמור, איז פאראן אן ענין וואס ער שרייבט אפן וועגן דעם, הגם לכאורה איז דאס א דבר פלא, וואס פאר א שייכות האט עס צו דער גאולה, ומזה גופא איז מובן, אז דאס איז א נקודה עיקרית אין דער גאולה - און מען דארף דערפון ארויסנעמען די הוראה אין עבודת האדם.

אין דער אגרת הקודש איז דער בעל הגאולה מפליא עטלעכע מאל די פעולה וואס די גאולה האט געהאט אויף אומות העולם: "שיתגדל ויתקדש שמו של הקב"ה בין העמים כו' וראו כל אפסי ארץ את ישועת אלקינו"; און נאכמער - "והפליא הגדיל שמו הגדול אשר נתגדל ונתקדש ברבים, ובפרט בעיני כל השרים וכל העמים אשר בכל מדינות המלך אשר גם בעיניהם יפלא הדבר הפלא ופלא וענו ואמרו על זאת כי אם מאת ה' היתה זאת היא נפלאת בעינינו".

ולכאורה איז ניט פארשטאנדיק:

וויבאלד אז דער מאסר איז געווען פארבונדן מיט הפצת היהדות צווישן אידן, וואס ביי זיי דארף זיין לימוד התורה, ובפרט פנימיות התורה - משא"כ ניט-אידן האבן א שייכות נאר צו שבע מצוות ב"נ (מיט זייערע אלע סעיפים וסניפים ופירות), איז פארוואס פארבינדט ער די גאולה מיט איר פעולה אויף אומות העולם?

י. איז דער ביאור בזה:

ס'איז ידוע דער פס"ד פון רמב"ם (הל' מלכים פ"ח הי"א), אז כדי די ז' מצוות בני נח זאלן האבן א קיום, דארף דאס א בן-נח טאן "מפני שצוה בהן הקב"ה בתורה והידיענו ע"י משה שבני נח מקודם נצטוו בהם".

ד.ה. אז זיין הנהגה אין דעם אופן (ווי עס פארלאנגט זיך אין די ז' מצוות) איז ניט דערפאר ווייל מענטשן האבן זיך צוזאמען גערעדט און געקומען לידי החלטה אז "מפני הכרע הדעת" דארף מען זיך פירן אין אזא מין אופן, נאר זיין הנהגה איז מיוסד אויפן ציווי פון דעם אויבערשטן ע"י משה רבינו.

ווארום דוקא דעמולט פירן די מצוות ב"נ אויס זייער כוונה, אז די וועלט זאל זיין אין אן אופן פון "לא לתהו בראה לשבת יצרה", משא"כ אין דעם אנדערן אופן קען מען קומען צום היפך.

יא. אין אונזער דור דארף מען ניט ברענגען ראיות אז מען קען זיך ניט פארלאזן אויף "הכרע הדעת" פון א מענטשן, ווייל א מענטש איז א משוחד - ווייל מען האט דאס אליין געזען, צו וואס עס האט געבראכט.

ועד כדי כך - אז אנשטאט מענטשן זאלן מאכן "מפני הכרע הדעת" חוקים ומצוות וואס זאלן בויען די וועלט, עס זאל זיין "לשבת יצרה", זיינען געווען אזעלכע וואס האבן אויפגעבויט א גאנצע שיטה פון חוקים וואס האט געבראכט דעם גרעסטן חורבן און דעם גרעסטן "תוהו" וואס ס'איז קיין מאל אזוי ניט געווען בעולם.

און דאס איז געווען מיוסד אויף א שיטה אין חקירה, א שיטה פון מלומדים וחוקרים און פילוסוף'ן - און בסופו של דבר האט מען געזען וואס דערפון איז ארויס.

און וואס ס'איז נאך ערגער - אז עד היום הזה זיינען נאך פאראן תלמידים ותלמידי תלמידים שלהם, וואס האלטן זיך אן אן אט-די חוקים, און זיינען זיך משתדל זיי צו מפיץ זיין - ניט קוקנדיק אויף דעם וואס מ'האט געזען די תוצאות פון דער הנהגה לויט די חוקים.

זיכער דארף מען ניט מסביר זיין ומבאר זיין וועגן וואס עס רעדט זיך - דא רעדט זיך בפשטות וועגן די וואס האבן אויפגעהאדעוועט א פאלק על יסוד פון זייערער חקירה און פילוסופיא און השפקת עולם, און דאס איז געווען א פאלק, וואס האט זיך גערעכנט צווישן די אנטוויקלטע פעלקער און געבילדעטע פעלקער - און דאס האט געבראכט אין דער וועלט א חורבן און א הירוס און א "תוהו", שלא הי' כמוהו מעולם!

יב. די איינציקע וועג צו באווארענען דאס, עס זאל ניט ארויסקומען אזא תוצאה, איז, כאמור לעיל, דורך דעם וואס מ'איז מקיים די ז' מצוות בני נח "מפני שצוה בהן הקב"ה בתורה", ד.ה. ווען מ'איז מייסד די הנהגה אין וועלט, אויף די הוראות פון דער מציאות וואס "מאמיתת המצאו נמצאו כל הנמצאים".

וואס אט-די מציאות האט איבערגעגעבן "על ידי משה" הוראות ברורות, אין א קלארן און ליכטיקן אופן ("ותורה אור") ווי אזוי מען דארף זיך פירן; און אין אן אופן אז ער זאל ניט איבערלאזן קיין איין-און-איינציקע ווינקעלע אין וועלט וועלכן תורה זאל ניט באלייכטן, ועאכו"כ אז ער האט ניט איבערגעלאזט קיין איין-און-איינציקן מענטשן אין וועלט וועלכן ער זאל ניט געבן קיין הוראה ווי עס דארף זיין הנהגתו (און ווי דערמאנט פריער אז די ז' מצוות ב"נ זיינען מצוות כלליות, און זיי זיינען כולל אין זיך א ריבוי פרטים).

און דוקא ווען מען פירט זיך לויט די הוראות - דעמולט ווערט "לשבת יצרה", אן עולם מיושב, און דער עולם האט א קיום.

ווייל אין דעם פאל קען ניט זיין קיין שוחד, וואס זאל דאס מחליש זיין, וויבאלד אז גלייך ווען ער וויל נוטה זיין פון דער דרך הישר, זעט ער אין דער זעלבער תורה דעם ציווי "ולא תיקח שוחד כי השוחד יעור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים", (ווארום אין שבע מצוות ב"נ זיינען דאך נכלל אויך די מצוות פון "גזל", און "דינים, וכיו"ב, וואס דאס איז פארבונדן מיט דער אזהרה פון לקיחת שוחד); ובמילא, איז ער זיך בודק ובוחן צי ער איז ניט קיין משוחד, און פרעגט א צווייטן וואס איז ניט קיין נוגע בדבר - וואס דאס איז אים מציל פון "יעוור עיני חכמים ויסלף דברי צדיקים".

דערמיט ווערט מען אויך פארשטיין א דבר פלא:

רובם ככולם פון אלע משטרים, פון אלע אופני הנהגות אין וועלט, און פון אלע דתות ל' רבים - אפילו די דתות וואס האבן א דין פון "עבודה זרה", מיט דער גאנצער חומרא פון עבודה זרה - זיינען הכל מודים אז זיי זיינען מיוסד על תורת משה, וכמבואר בכ"מ ובאריכות - אין ספר הכוזרי.

יג. וויבאלד אז הנהגת העולם איז מיוסד אויף תורת משה, וואס תורת משה איז פארבונדן מיט אידן, מיט יעדן אידן, ווי יעדער איד זאגט "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב" - איז מובן, אז יעדער איד דארף זען אז די וועלט זאל זיך פירן לויט דעם סדר פון "לשבת יצרה", דורך שמירת ז' מצוות ב"נ מיט זייערע סניפים ופירות וכו'.

ד.ה. אז נוסף אויף דעם וואס עס דארף זיין "קשוט עצמך תחלה", ער דארף זיך משתדל זיין צו מקיים זיין אלע תרי"ג מצוות וואס ער איז אנגעזאגט געווארן אלס איד, און האט די הבטחה "יגעת ומצאת"; איז נוסף לזה, האט ער דעם ציווי צו ליכטיק מאכן די וועלט ארום זיך, דורך די ז' מצוות בני נח.

יד. וע"פ כל הנ"ל ווערט מען פארשטיין דאס וואס דער אלטער רבי איז מדגיש אין זיין אגרת האמורה, די פעולה וואס זיין גאולה האט געהאט אויף "אפסי ארץ", ביז אז "כל השרים וכל העמים אשר בכל מדינות המלך" האבן געזאגט אז "מאת ה' היתה זאת היא נפלאת בעינינו" - ווייל די שלימות פון א אידן באשטייט אין דערויף וואס ער טוט כל התלוי בו אויך אריינברענגען שלימות אין דער גאנצער וועלט.

דערפון נעמט מען ארויס אויך די הוראה אין עבודה בפועל, אז מען דארף ליכטיק מאכן די גאנצע וועלט וכו', כלדקמן.

טו. עס שטייט אין זהר אז "שבת מיני' מתברכין כולהו יומין", וואס דערפון איז מובן, אז די ימי השבוע שאחר השבת וואס זיינען מתברך פון דעם שבת, האבן א שייכות מיוחדת צו דעם שבת.

דער טאג פון י"ט כסלו בקביעות ש.ז. איז געבענטשט געווארן בשבת פ' וישלח - ומזה מובן, אז מען קען ארויסלערנען א הוראה אין פארבינדונג מיט י"ט כסלו פון דער פרשה, פרשת וישלח.

אין פ' וישלח זיינען דאך פאראן כו"כ ענינים וסיפורים - וואס אויך די סיפורים זיינען הוראות, וויבאלד אז זיי זיינען א חלק פון תורה מלשון הוראה, וכמבואר באריכות אין זהר אז ח"ו צו זאגן אז סיפורי התורה זיינען לשם סיפור ח"ו.

- דער סיפור איז טאקע סיפור המעשה ווי די מעשה האט געטראפן בפועל, ווארום דאס איז דאך תורת אמת, און אין ענין יוצא מידי פשוטו; אבער די כוונה ותכלית דערפון וואס מען האט אריינגעשטעלט דעם סיפור אין תורה איז, כדי מען זאל זיך דערפון אפלערנען א הוראה.

אין די הוראות גופא זיינען דאך דא פארשידענע אופנים, ווי ס'איז אין אלע עניני התורה וואס מ'קען זיי לערנען ע"ד הפשט ע"ד הרמז ע"ד הדרוש אדער ע"ד הסוד - אבער התחלת הלימוד, וואס איז א לימוד השוה לכל נפש, איז דער לימוד ע"ד הפשט, און ערשט דערנאך קען מען לערנען די אנדערע אופני הלימוד.

טז. אין אנהויב פון פ' וישלח דערציילט די תורה: "וישלח יעקב מלאכים לפניו אל עשו אחיו ארצה שעיר שדה אדום, ויצו אותם לאמר, כה תאמרון לאדוני לעשו, עם לבן גרתי ואחר עד עתה".

זיינען אין דעם פאראן, כאמור, כו"כ פירושים ע"ד הפשט הרמז הדרוש והסוד, אבער כאמור לעיל, איז דער לימוד השוה לכל נפש, דער לימוד ע"ד הפשט, וואס דאס געפינט מען אין פירוש רש"י, ווי רש"י אליין זאגט "ואני לא באתי אלא לפרש פשוטו של מקרא".

שטעלט זיך רש"י אויף דעם פסוק האמור און איז מפרש: "גרתי בגימטריא תרי"ג, כלומר, עם לבן הרשע גרתי ותרי"ג מצוות שמרתי ולא למדתי ממעשיו הרעים".

פרעגן אלע די שאלה:

בשעת יעקב האט געשיקט די מלאכים צו עשו'ן, האט ער דאך אים געדארפט איבערגעבן אזעלכע זאכן וואס מיט זיי וועט ער אויסנעמען בא עשו'ן, אדער זאכן וואס האבן א השפעה אויף עשו'ן, ובדוגמת וואס ער האט געשיקט א מנחה צו אים, כדי צו אויסנעמען ביי אים דערמיט.

איז ווי קומט עס, אז גלייך דער ערשטער ענין וואס ער האט איבערגעגעבן צו עשו'ן איז געווען - "עם לבן גרתי ותרי"ג מצוות שמרתי", וואס איז דער קשר פון עשו'ן מיט דער שמירה פון תרי"ג מצוות זייענדיק ביי לבן'ען?

טז. איז דער ביאור בזה:

די גמ' זאגט אז עשו האט געהאט א דין פון ישראל מומר, ד.ה. פון א אידן, נאר ער פירט זיך פארקערט ווי א איד דארף זיך פירן, און א צווייטע זאך: מ'געפינט ביי עשו'ן אז "עשו הוא אדום" און "ארצה שעיר" און "ועלו מושיעים לשפוט את הר עשיו", וואס דאס איז דער ענין פון או"ה.

וואס לכאו' איז דאך דאס א סתירה -

איז דאך דער ביאור בזה, אז דאס איז דער חילוק, עשו אליין בנו של יצחק ורבקה - האט געהאט א דין פון ישראל מומר, ער איז דאך אבער געגאנגען מיט שש נפשות, וואס זיי זיינען געווען קינדער פון החיתי והחוי - פון או"ה, האבן זיי געהאט א דין פון ניט אידן.

און זיי זיינען געווען דער רוב, און דערפאר איז בשעת יעקב האט געשיקט על עשו אחיו צוזאמען מיט די וועלכע ער גייט, איז דאס געווען א שליחות און א איבערגעבן סיי צו א ישראל מומר, און סיי צו ניט אידן.

יז. וואס די הוראה בזה איז: אז ניט ווי מ'האט א טעות און מ'מיינט אז בשעת מ'דארף פועל זיין אויף א צווייטן אידן ער זאל ווערן נאך פרימער ווי ער איז געווען פריער דארף מען מוותר זיין און אפלאזן עפעס פון אידישקייט, וואס דורך דערויף איז מען נושא חן און דערפאר וועט ער פאלגן -

זעט מען אז ס'איז פונקט פארקערט - בשעת מ'קומט צוגיין צו א אידן וועלכער ס'זאל ניט זיין, און מ'זאגט עם אז תרי"ג מצוות שמרתי - אז ער האלט זיך ביי

דער גאנצער שטארקייט פון אידישקייט, און ניט נאר ער שעמט זיך ניט דערמיט, נאר אדרבה: בשעת ס'קומט פון עם א שליח וואס שלוחו של אדם כמותו ווען ער אליין רעדט, איז די התחלה זיינע אז מ'זאל וויסן זיין, אז ניט נאר ער שעמט זיך ניט מיט אידישקייט, און ניט נאר אז ער האלט אידישקייט פארשלאסן אין זיינע ד' אמות - בא זיך אין הויז, נאר פארקערט, בשעת "עם לבן גרתי", וואו ער זאל זיך נאר געפינען, אפילו אויב דאס איז - ווי רש"י טייטשט אפ, אז "גרתי" איז מלשון "גר" - ער געפינט זיך דארט אלס א "גר", איז ניט נאר ער שעמט זיך ניט דערמיט, נאר אדרבה - ער איז מכריז און מודיע, אז ער האלט זיך בא די אלע מצוות וואס דער אויבערשטער האט עם געגעבן.

און יעקב האט גוט געוואוסט און גוט פארשטאנען ווי אזוי מ'קען פועל זיין אויף עשו.

יח. און נאכמערער: תורה האט דערפון געמאכט א הוראה, אן אנווייזונג פאר יעדער אידן, ווי אזוי ער זאל רעדן מיט א צווייטן אידן, וואס זיכער וויל ער טאן גוט פאר עם, און מאכן עם נאך בעסער ווי ער איז איצטער -

איז דער סדר און דער וועג אין דעם איז, ניט אז ער זאל אים באזארגן אז ער איז ניט ווי א איד דארף זיין, ער איז ווי אלע פעלקער, נאר מ'דארף זיין נאך בעסער -

נאר ער זאל אים דערציילן דעם אמת, אז מען געהערט צו א פאלק, אין וואס יעדער איד איז פון די וואס "מאמינים בני מאמינים", במילא היט ער אפ אלע תרי"ג מצוות, און דוקא דורך דעם, האט דער צווייטער איד צו עם א צוטרוי, אז ער באהאלט זיך ניט און ער מאכט ניט קיין "פשרות", און ער וויל עם עפעס ניט זאגן מיט "רמאות", נאר ער זאגט אים דעם אמת, אז ער געהערט צו "מאמינים בני מאמינים".

און אט דעמולט האט מען די הבטחה - וויבאלד אז ער איז א איד, איז ווי דער רמב"ם פסק'נט, אז יעדער איד, אין וועלכן מעמד ומצב ער איז, וויל ער אפהיטן אלע תרי"ג מצוות, סיידן אז ס'טרעפט אמאל אז "יצרו אנסו", איז דאס ניט ער, נאר ער איז אן "אנוס", דורך דעם יצר הרע, אבער ער איז אין א מעמד ומצב פון "תרי"ג מצוות שמרתי".

און דוקא דעמולט - ווען ער רעדט צו א צווייטן אידן, מיט אן אפענער הארץ, און ער דערציילט עם ווער איז, אז ער איז יעקב'ס אן אייניקל, און אז ער האט בירושה תורת משה, און תורת משה אינגאנצן.

[און ווי געערעדט כמ"פ, אז בא ירושה איז דער דין, אז מ'דארף ניט ווארטן ביז ער (אדער זי) וועט ווערן בר-מצוה (אדער בת-מצוה), אדער ביז ער וועט ווערן אפילו א בר שכל; ווי נאר ער געפינט זיך באויר העולם, אפילו אויב ער איז א תינוק בן יומו, איז ער "יורש הכל"!].

און תורת אמת זאגט, אז "תורה צוה לנו משה", איז דאס "מורשה", און ווי די גמרא טייטשט אפ, אז דאס איז מלשון ירושה, צו "קהלת יעקב", צו יעדערן וואס געפינט זיך אין "קהלת יעקב".

און דערפאר ווען אן אור-אייניקל פון יעקב'ן קומט צוגיין און רעדט צו א צווייטן אידן - וואס זיכער וויל ער, אז דורך דערויף זאל ער מאכן פון דעם צווייטן אידן א טובה, און טאן צו עם נאך בעסער און נאך מערער איז די התחלה בזה אז "תרי"ג מצוות שמרתי" - ווארום דאס איז די מציאות פון א אידן, ווי דערמאנט פון דעם רמב"ם.

יט. און אט דעמולט איז מען מצליח - ווי דער המשך הסיפור אין פ' וישלח - אז סוף

כל סוף ווערט נתהפך דער ישראל וואס איז געווען אין דעם מעמד ומצב פון עשו, ביז וואנענט אז "ויחבקהו וישקהו", און זיי ווערן מיט דער גרעסטער ליבשאפט און קירוב וואס ס'קען נאר זיין!

ובפרט ווי ר' שמעון בן יוחאי איז דאס מדגיש, און רש"י ברענגט דאס אראפ בפירושו על התורה - וואס דאס באווייזט אז דאס איז "פשוטו של מקרא".

עד"ז איז אין דערויף אויך דא א הוראה, אז אט די אלע וואס השגח"פ האט זיי געמאכט און אוועקגעשטעלט, אז מ'האט זיי אויסגעקליבן אז זיי האבן א השפעה אויף אויף ניט אידן, אדער אויף א שטאט, אדער אויף א "סטייט", אדער אויף א גאנצע מדינה וכו' -

איז אט דעמולט קען ח"ו זיין דער צוגאנג און דער טראכט בא זיי, אז ווי אזוי קענען זיי מצליח זיין אין דורכפירן זייער שליחות לטובת פון דער שכונה, אדער פון די גאנצע שטאט, אדער פון די גאנצע "סטייט", אדער פון די גאנצע מדינה - איז דאס דורך דעם וואס זיי וועלן מחליט זיין אז "ככל העמים בית ישראל", אז מ'דארף זיך פירן ווי אנדערע פעלקער פירן זיך, און אט דעמולט וועט ניט זיין "ישראל" -

דארף מען וויסן זיין, אז בשעת מען גייט מיט דעם צוגאנג, דערפילט יענער גלייך, אז מען נארט עם אויס, ח"ו, ווארום יעדער פאלק האט זיך זיין הנהגה און זיין טבע, און זיינע הוראות, ווי אנגעוויזן אין תורת משה.

און די הוראה פאר עם ישראל, פאר יעדער אידן, וואו ער זאל נאר זיין, און ווי אזוי ער זאל נאר זיין, איז אז ער דארף זיך אויפפירן ווי א איד פירט זיך,

און ווי אזוי דארף זיך פירן א איד - איז יעדער וואס געהערט צו "קהלת יעקב", האט די הוראה פון יעקב'ן אליין, אז בשעת ער וועט קומען צוגיין רעדן צו אומות העולם, וואס זיי זיינען בניו של עשו, וואס זיי האבן געהאט דעם דין און הלכה ווי אוה"ע, און פון זיי איז דערנאך אויסגעוואקסן מלכות אדום, און צוזאמען אויך דערנאך גלות אדום - דעם גלות אין וועלכן מ'געפינט זיך איצטער,

און אפילו אז דער אויבערשטער האט מצליח געווען, אז מ'געפינט זיך אין מלכות חסד, וואס זי איז מסייע, זי העלפט א אידן, אז ער זאל זיך פירן ווי בא עם קומט אויס, און לאזט דאס איבער צו דעם אידן, אז ער זאל מקיים זיין זיין שליחות - "ובחרת בחיים", ער זאל אויסקלייבן "תורת חיים", און מקיים זיין די מצוות אויף וועלכן עס שטייט "וחי בהם" -

דארף דער איד מקיים זיין דער "והתפללו אל שלום העיר", ער דארף טאן וואס היינגט אפ אויף עם, פאר "שלום העיר", און שלום המלוכה, וואס "בשלומה לכם שלום", דאס איז עם נוגע און ער דארף דאך אפצאלן טובה תחת טובה, מאכן עם שטארקער און מער מיוסד וכו',

דורך דעם וואס ער איז זיך משתדל, אז אלץ זאל זיך דורכפירן און פירן זיך לויט דעם תוכן פון די שבע מצוות וכל הסעיפים שלהם.

אבער איידער ער גייט צו, צו דעם תוכן הענין, דארף דאך דערצו זיין די הקדמה; ווער רעדט דאס, אין וואס באשטייט זיין תוכן, און מיט וואס פאר א תוקף - וואס איז די שטארקייט זיינע, וואס ער קומט צוגיין רעדן און פארשלאגן און מציע זיין, אז מ'זאל זיך פירן באופן כזה -

איז די התחלה בזה - האט אנגעוויזן יעקב דער ערשטער פון "קהלת יעקב", אז די התחלה בזה איז "עם לבן גרתי", מען געפינט זיך אין גלות אין אן אופן

פון א "גר", אבער זייענדיק אין גלות האט מען אויפגעהאלטן דעם גאנצן שטארקייט און די גאנצע אמיתיות, און דעם גאנצן עצם זיינער, און ער באהאלט דאס ניט, און ער וויל ניט ח"ו, קיינעם ניט אויסנארן, און אין וואס באשטייט זיין עצם, און זיין "אוטענטיסיטי", זיין אמיתיות, איז דאס אין דעם וואס "תרי"ג מצוות שמרתי".

כ. און בשעת ער הויבט אן מיט אט דעם התחלה, אז ער איז א איד, און א איד וואס האלטן פון "גאון יעקב", און האט אויף זיך א התחייבות אלס א איד, מצד אידישקייט, אויף טאן נאכמערער ווי סתם על פי שכל, צוליב "שלום העיר", און שלום המלוכה און שלום המדינה, און מיט וואס פאר א תוקף פארלאנגט ער דאס, מיט דעם וואס "תרי"ג מצוות שמרתי", ער אליין פירט זיך אויך אויף ווי ס'דארף צו זיין.

אט דאס דוקא איז די התחלה און דער הקדמה, דורך דערויף וואס דער שליח גיט איבער, און דערנאך קומט ער אליין צוגיין און ער איז ממלא אחרי דברי השליח - ווי דאס איז געווען בא די שליחות פון יעקב ע"י השלוחים, מלאכים, אז דערנאך האט ער אליין אויך דאס איבערגעזאגט.

איז אט דעמולט נעמט ער און פירט דורך זיין שליחות, אז ער קומט צוגיין אלץ בא-כח פון אידן וואס האבן עס אויסגעקליבן, און ניט-אידן וואס האבן עס אויסגעקליבן, אבער מ'האט אויסגעקליבן עס אלץ איינער וואס ער איז איינער וואס באשטייט פון כמה ענינים און כמה חלקים, אבער צום אלעם ערשטן איז דער עיקר זיינער - דאס וואס ער איז א בן אברהם יצחק ויעקב, און געהערט צו "קהלת יעקב".

און דוקא דורך דעם וואס ער איז בשלימות, אלץ איינער וואס געהערט צו "קהלת יעקב", פירט דאס דורך במעשה בפועל, דורך דעם וואס "תרי"ג מצוות שמרתי", און איז מכריז וועגן דעם.

ווערט די הוראה, און די הקדמה, און דאס טרעט דורך פאר עם די וועג, אז מ'זאל זיך צוהערן צו די הצעות זיינע וואס ער רעדט דערנאך וועגן הנהגת העולם, הנהגת המדינה, אדער הנהגת העיר, הנהגת השכונה,

ווארום מען האט דעם געפיל און דער זיכערקייט, אז מ'רעדט מיט א מענטשן וואס ער איז אמת, און זוכט אמת, און וויל ארייננברענגען אמת, ווארום ער פירט זיך לויט די הוראות פון "תורת אמת", וואס צוזאמען דערמיט איז זי אויך "תורת חיים", א הוראה ווי אזוי מ'זאל לעבן דעם טאג-טעגלעכן לעבן, אלס פרט, און טאג-טעגליכן לעבן אלס עסקן ציבורי, און טאג-טעגליכן לעבן אלס עסקן לטובת המדינה.

כא. און אט דעמולט פירט מען אויס, אז ניט קוקנדיק וואס עס זיינען פאראן פריער חלוקי דעות, איז סוף כל סוף קומט מען לדיעה אחת, ביז אין אן אופן פון "ויחבהקו", און "וישקהו".

און ווי דערמאנט פריער, אז בשעת מ'איז מוסיף נאך ליכטיקייט, און נאך גוטסקייט אין דער וועלט, יעדערער לויט זיינע מעגלעכקייטן, איז דאס אלץ ממעט און מחליש דעם חושך הגלות.

און דאס איז מקרב, דאס ברענגט דער "אבוא אל אדוני שעירה", ווי רש"י טייטשט דאס אפ, אז דאס איז דער ענין פון ימות המשיח, "שנאמר ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו", און ווי ער איז מסיים אין ילקוט שמעוני, "והיתה לה' המלוכה",

אין די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

כב. ס'איז דא נאך א נקודה וואס דער אלטער רבי דער בעל הגאולה איז מדגיש אין דעם בריוו,

וואס זיכער איז אין דערויף אויך דא א הוראה.

ובהקדמה:

בכלל, אז מ'וויל אפשאצן וואס איז די כוונה פון א מענטשן, עאכו"כ פון א נשיא בישראל - איז דאך לכאורה ניט פארשטאנדיק: מי הוא זה ואיזהו, וואס קען נעמען אויף זיך, און האבן די ברייטקייט צו זאגן אז ער האט צוגעטראפן פונקט צו וואס יענער האט געמיינט, בשעת די גמרא זאגט, אז צווישן די שבע דברים וואס זיינען נעלם פון יעדערן איז דער "קץ" (הגאולה), און אויך "אין אדם יודע מה שבלבו של חבירו",

וואס דאס רעדט זיך וועגן עמעצן וואס ווערט אנגערופן "חבירו";

עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן א נשיא בישראל, אדער א גדול בישראל.

עאכו"כ א נשיא בישראל, וואס איז נאך דורכגעגאנגען דער ענין המאסר והגאולה, וואס דאס איז דאך א באזונדער צירוף, און א באזונדער בירור, און א באזונדער זיכוך, און א באזונדער עלי', ווי דער רבי (מהורש"ב) נ"ע האט אויף דערויף געזאגט די מדרש, אז "מה הזית הזה אינו נותן את שמנו עד שכותשין אותו", עד"ז איז אויך בנוגע צו דער מאסר און צו דער גאולה פון דעם אלטן רבי'ן.

וואס ער האט דאך געזאגט תורה, און איז געווען א נשיא בישראל כו"כ שנים לפנ"ז,

ביז וואנענט אז עס זיינען דא די מאמרים וואס מ'לערנט איצטער, און מ'נעמט ארויס הוראות דערפון, וואס זיי זיינען מאמרים שנאמרו לפנ"ז, און אעפ"כ זאגט מען אז בערך ווי ס'איז געווארן נאך דעם, נאך דעם בירור און דעם זיכוך ועלי' לאחרי המאסר והגאולה - איז דאס בדוגמא פון א "זית" קודם שכותשין אותו בערך צו דער "זית" לאחרי שכותשין אותו!

אבער לאידך גיסא: וויבאלד אז די בריף איז דאך געשריבן געווארן כדי מ'זאל דאס ליינען - מ'שרייבט דאך בכדי מ'זאל ליינען -

דערנאך איז דאס נתפרסם געווארן - דאס איז דערגאנגען צו יעדערן פון אונז, איז דאך דאס זיכער מיט א כוונה,

כתורת הבעש"ט

- וואס אייגנטלעך איז דאס מיוסד אויף א גמרא מפורשת, אז "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה" -

אז ס'טרעפט א זאך אין וועלט, איז דאס ניט ח"ו לבטלה, ווארום "יש בעה"ב לבירה זו", און אן אמת'ן בעה"ב, וואס בא עם איז שמים וארץ - ביידע גלייך פאר עם, דערפאר איז א דבר הכי קטן בעולם, אן איין און איינציקע פאסירונג, ביז דעם דבר הכי גדול בעולם, זיינען בשוה ממש לגבי הקב"ה, וואס ער איז דער בעה"ב פון דעם וועלט.

איז דאך דערפון פארשטאנדיק בפשטות, און ווי דער פשט איז אויך לויט דעם מאמר רז"ל, אז וויבאלד אז "דבר אחד" קען ניט זיין "לבטלה", ווייל דאס איז עולמו של הקב"ה - איז דאס אויף א דבר הכי קטן.

וכתורת הבעש"ט בנוגע צו השגח"פ, אז דאס איז אפילו אויף א פרט פון א פרט פון א דומם וואס געפינט זיך בעוה"ז הגשמי.

[און ווי געקעדט אמאל בארוכה, אז לכאורה איז דאך שיטת הרמב"ם אין "מורה נבוכים" באופן אחר, אזוי אויך דער שיטה פון "שומר אמונים", וואס ער איז דאך געווען פון תלמידי האריז"ל, א מקובל, וכמדובר שוין אמאל בארוכה, ואין כאן המקום להאריך בזה,

ואין לנו אלא המסקנא].

- ובפרט נאך אז מ'איז דאס מצרף מיט כל הדעות, אז השגח"פ אפילו אויף (ווי דער לשון איז -) א "שלשול קטן שבים", וואס דאס איז א בעל חי, ביז ווי דער משל וואס נשיא דורנו, דער רבי דער שווער ברענגט, אז אפילו א בלעטל וואס קערט זיך איבער מצד לצד, דורך וואס זאל זי נאר איבערגעקערט ווערן ע"י הרוח וכיו"ב - איז דאס בהשגח"פ.

עאכו"כ אז דער בריף פון דעם אלטן רבי'ן דערגרייכט צו יעדערן פון אונז, איז דאך זיכער אז נוסף אויפן עיקר, די דברים העמוקים און ענינים העמוקים, וואס ס'איז שווער צו משיג זיין, אדער מ'קען זיי ניט משיג זיין לאנשים כערכנו,

איז דאך זיכער אז דאס וואס איז צו אונז אנגעקומען, זאלן מיר ארויסנעמען דערפון א הוראה לפי שכלנו ולפי הבנתינו, אין אן אופן אז דאס זאל האבן א השפעה צו למעשה בפועל צו יעדערן פון אנשים כערכנו - "לימוד המביא לידי מעשה".

וואס דאס גיט דעם כח, ואדרבה - דאס הייסט און איז מזכה און מחייב אויף זיך מתבונן זיין - וויסנדיק אז דאס איז געשריבן געווארן דורך א גדול בישראל, א נשיא בישראל, א נשמה חדשה, מיט די אלע הפלאות שבדבר.

ביחד עם זה האט ער דאס געשריבן, און אין דערויף ארייגעלייגט א הוראה פאר יעדערן וואס וועט באקומען אט דער בריף.

כג. וואס דאס איז אויך מסביר דאס וואס מ'האט פריער גערעדט, דאס וואס מ'דארף דערפון ארויסנעמען, וואס ער איז מדגיש אז דאס איז נוגע צו "ארץ", און צו "עמים ושרים", לאו דוקא צו אידן,

דערנאך איז אויך דא די צווייטע הדגשה, אז דאס איז פארבונדן מיט ארץ הקודש.

ביז ווי ער שרייבט דארטן, אז דער זכות פון ארץ הקודש, האט געבראכט אז ס'זאל זיין די גאולה.

און איז מדגיש, אז דאס איז פארבונדן מיט "כשקריתי", ווען ער האט געליינט, געזאגט, דעם פסוק "פדה בשלום", איז דעמולט "יצא בשלום".

כד. וואס דאס קומט אויך בהמשך, לכאורה, וויבאלד אז "עם לבן גרתי - תרי"ג מצוות שמרתי", קען ער דאך טראכטן אז דאס איז זיין שלימות, און דערמיט וועט ער זיך באגנוגענען.

זאגט מען עם גלייך, אין דעם לשון גופא, אז אפילו אז ס'איז געווען "תרי"ג מצוות שמרתי", זייענדיק בא לבן'ען, "ולא למדתי ממעשיו", איז דאך לכאורה, דאס איז דאך אן עבודה הכי גדולה,

וואס ווען דער בן מלך - וואס "כל ישראל בני מלכים הם", איז אויב ער וואלט זיך געפונען בהיכל המלך, "פלטרין של מלך", וואס דאס איז אה"ק, וואלט ער דארט ניט געקענט באווייזן זיין כח, און זיינע כשרונות - אז ער קען האבן דעם "יתרון האור מן החושך", און דעם "יתרון החכמה מן הסכלות", ס'איז "הוד והדר במקומו".



הנחה פרטית בלתי מוגה

דארף ער אבער געדענקען אז דאס איז "גרתי", דאס איז אן ענין פון "גירות", וואס גירות קען מען משלים זיין און שטייען בשלימות, און ווי יעקב האט געזאגט, אז "גרתי", און "תרי"ג מצוות שמרתי", און יעדערער פארשטייט דער שלימות אין די "תרי"ג מצוות שמרתי" פון יעקב ... וואס ער איז געווען איינער פון די דריי אבות, און נאכמערער - דער "מובחר שבאבות",

און אעפ"כ זאגט ער אז דאס איז ניט זיין ארט!

זיין ארט איז בשעת ער קומט אין ארץ הקודש.

כה. וואס נוסף על העיקר - די דברים רוחניים שבדבר, איז כמדובר לעיל, "אין ענין יוצא מידי פשוטו" - דאס איז אן ענין כפשוטו, אז מען מיינט ארץ הקודש כפשוטו!

און אין וואס פאר א שלימות מען זאל נאר זיין אין גלות, און אין וואס פאר א שלימות מען זאל נאר זיין אין ארץ ישראל, ווען זי איז אין א מצב וואס דארט איז ניט אלקות בגלוי, ווארום ס'איז "מפני חטאינו", איז חרב ביהמ"ק, און אלקות איז בהעלם,

איז א איד משתדל, און פירט אויס - ווארום "כל ישראל בחזקת כשרותו הם", און נאכמער, ניט נאר "כשרות", נאר בלשון הפסוק - "ועמך כולם צדיקים" -

זאגט מען גלייך, ובהדגשה, אז מען זאל וויסן זיין, אז דאס איז אלץ אין א מעמד ומצב פון "גרתי".

און בשעת "תרי"ג מצוות שמרתי", איז דאך לכאורה - וואס קען זיין א בעסערע מעמד ומצב פאר יעקב ווען ער לערנט תורה און איז מקיים מצוות -

איז אעפ"כ, פילט ער זיך דעמולט, אז ער געפינט זיך אלס א "גר" - ניט דאס איז זיין ארט.

כו. און דער ארט זיינער איז, ווי מ'ליינט גלייך נאך פ' וישלח - "וישב יעקב בארץ מגורי אביו בארץ כנען", אז דעמולט איז דער ענין פון "וישב", ווי רש"י טייטשט אפ, אז פארוואס האט מען אויסגעקליבן דעם לשון, ווארום דאס באווייזט אז "ביקש יעקב לישב בשלוה".

וואס נוסף על העיקר - אז דאס מיינט מען גאולה כפשוטה, אז אע"פ וואס "עם לבן גרתי", "תרי"ג מצוות שמרתי", מ'איז משתדל און יעדערער פירט אויס אין זיינע ד' אמות, און מ'איז זיך אויך משתדל פאר די ארום זיך, אז ס'זאל זיין "תרי"ג מצוות שמרתי".

איז דאך לכאורה נתקיים געווארן דער "אני נבראתי לשמש את קוני" - ער טוט דאס בשלימות -

זאגט מען אבער, און ס'איז אויך א ציווי און הוראה אין תורה, אז מ'זאל וויסן זיין אז דאס איז דער ענין פון "גרתי", אז דאס איז נאך אלץ ניט דער ענין פון קבע, דאס איז אן ענין של "גירות".

ביז אז מ'זאגט אז אפילו אין קיום המצוות, וואס איז אין אן אופן פון "תרי"ג מצוות שמרתי" - וואס דאס זאגט יעקב - "תתן אמת ליעקב", וואס מדתו איז מדת האמת, זאגט מען אז די מצוות שבזמן הזה, שבזמן הגלות, זיינען "ציונים" און סימנים צו די אופן פון קיום המצוות ווי זיי וועלן זיין לע"ל, אז דוקא דעמולט וועט מען קענען מקיים זיין די מצוות "כמצות רצונך", ובתכלית השלימות.

כז. ס'איז מערניט וואס "איני מבקש אלא לפי כוחן", איז ער מקיים די מצוות ווי ער קען זיי איצטער מקיים זיין בשלימותם, און מער ווערט ניט פון עם פארלאנגט, אע"פ וואס דאס זיינען נאר "ציונים", סימנים למצוות.

אבער אין דערויף גופא ליגט בא עם די שאיפה און דער תקוה, און דער טאן כל התלוי בו, אז דאס זאל ברענגען אין אן אופן פון "בעתה אחישנה", דעם זמן המיועד פון "נעשה לפניך כמצות רצוניך".

וואס דאס קען זיין דוקא "ושם", אין אה"ק, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", און אין אה"ק גופא, ווען די "עשר קדושות" שבארץ, שטייען בשלימותם ובתקפם, וואס אויף דערויף דארף מען דאך האבן די אלע ענינים, ביז דער ענין העיקרי - פון "יבנה ביהמ"ק במקומו", ועד"ז די מזבח במקומו, "ושם נעשה לפניך כמצות רצוניך", וואס מ'זאגט אין די תפלות כנגד קרבנות תקנום.

כח. וואס כאמור, דאס איז די הוראה לכל אחד ואחת במשך כל הדורות, אז צוזאמען דערמיט וואס עס דארף זיין "עבדו את ה' בשמחה", און ניט נאר מ'טאר ניט אריינפאלן ח"ו אין יאוש מפני אריכות הגלות, אפילו ניט אין עצבות מפני אריכות הגלות, ס'דארף זיין "עבדו את ה' בשמחה", און עבודת ה' דארף דאך זיין אין אן אופן פון "בכל דרכיך דעהו", אלע פיר און צוואנציק שעה פון מעל"ע, דארף ער זיך משתדל זיין אז ס'זאל זיין "דעהו", ע"י ההכנה והקדמה פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים" לאח"ז,

קומט ער דערנאך צו "בכל דרכיך דעהו" בשעת מעשה, האט ער שוין דעם "דעהו",

איז דאך "כל יומא ויומא עביד עבידתי'", פונקט אזוי ווי יעדער איד האט דאך דעם ציווי פון "מעלין בקודש", ד.ה. אז ס'קומט מארגן, דארף ער שטיין העכער און עולה זיין לגבי זיין מעמד ומצב ווי ס'איז געווען היינט, אפילו אז ער האט היינט געטאן "עבידתי'" בשלימותה.

עד"ז בכללות המצב - דער מצב פון ימי הגלות, וואס כאמור, בנוגע למצוות זאגט מען אז זיי זיינען "ציונים" צו די מצוות וואס וועלן זיין לע"ל - "כמצות רצוניך", און די תורה וואס מ'לערנט איצטער איז דא א הכנה און א הקדמה - "תלמודו בידו", כדי מ'זאל זוכה זיין צו "ישקני מנשיקות פיהו", וואס "ילמד תורה את כל העם", תורתו של משיח, וואס איצטער איז די תורה "הבל הוא לגבי תורתו של משיח".

צוזאמען דערמיט וואס דאס איז "חמדה גנוזה", און בשעת ער לערנט תורה איצטער, איז כל אחד ואחד, בשעת ער איז "קורא ושונה", איז "הקב"ה קורא ושונה כנגדו" (דיוק הלשון), און ווי די גמרא זאגט אין ברכות, אז "מה להלן באימה וביראה וברתת ובזיע", בשעת מ"ת, אזוי איז אויך איצטער אז ער לערנט תורה, דארף אויך זיין "באימה וביראה וברתת ובזריע".

כט. פרעגט דער בעל הגאולה, דער אלטער רבי די שאלה, אז ווי אזוי קען זיין אזא מין "אימה, יראה, רתת וזיע", ווי בשעת עס איז געווען "וירד ה' על הר סיני", מיט די אלע מלאכים, און מיט די מרכבה, און מיט דעם גאנצן שטורעם וואס איז דעמולט געווען?

און האט געענטפערט, אז באמיתית הענין, איז דאס איצטער אויך אזוי, ווארום דעמולט איז "הקב"ה קורא ושונה כנגדו", אז די קריאה אין תושב"כ, און דעם "שונה" אין תושבע"פ, איז ווען ער לערנט איז "הקב"ה ... כנגדו".

אעפ"כ, תורה איז דאך "ארוכה מארץ מדה ורחבה מיני ים" - בלי גבול, איז ווי גרויס דאס איז, איז אלעמאל פאראן נאך א גרעסערן עלי', ביז אז מ'זאגט אז לגבי תורתו של משיח, איז תורת עוה"ז ווערט אנגערופן בשם "הבל"!

דאס איז טאקע א הבל של הדיבור, און ווי ער ברענגט אין תניא, אז פון דער "הבל" ווערט אן אור מקיף, און ווערט דערפון "מקיפים ולבושים", מיט דער גאנצער שטורעם וואס ווערט דערפון,

אבער, עס איז דא אויך א צווייטער אפטייטש אין "הבל", לגבי תורתו של משיח.

וואס וועט זיין ווען מ'וועט קומען אין "ארץ החיים" און ארץ הקודש, בגאולה האמיתית והשלימה.

ל. וואס דעמולט וועט זיין און מ'וועט פילן און זען בעיני בשר, ווי אזוי דער מעמד ומצב איז געווען אין אן אופן פון "גרתי", אפילו אט די וואס פילן דאס ניט, מערניט וואס זיי וויסן דערפון און גלויבן אין דעם,

זאגט אבער גלייך תורת אמת, אז מ'דארף זיך פארבינדן מיט "ארץ החיים", און ווי דער צווייטער לשון - מיט ארץ הקודש, און דער זכות שטייט-ביי צו יעדערן אין זיינע ענינים, אז ער האט א גאולה פרטי אין זיינע ענינים;

ס'איז דא די גאולה כללית, לפי מעמד ומצב פון זמן הגלות, אין ארץ הגלות,

דאס איז אבער אלץ פארבונדן מיט דעם זכות פון "ארץ החיים", און ארץ הקודש, וואס דער זכות איז בייגעשטאנען צו די גאולות האמורות.

און דאס גרייט צו חוץ לארץ, צוזאמען מיט ארץ הקודש, "ארץ החיים", אז דארט זאל נתגלה ווערן, "הנה מלכך בא", אז דארט זאל נתגלה ווערן די אלע "קדושות" פון א"י בפועל, ובמעשה בפועל, אנהויבנדיק פון די קדושה פון קודש קדשים אין דעם ביהמ"ק, און ביהמ"ק בכללו, און דערנאך וועט זיין די "חלונות שקופים אטומים" - ס'ווערט נתפשט בכל העולם כולו, אז "משם אורה יוצאה", יוצאה לכל העולם כולו, צוזאמען מיט די עדות, אז שכינה איז שורה על ישראל.

וואס בפשטות איז דאס כמדובר לעיל, אז דורך דערויף וואס מ'האלט אן די קדושה אין חו"ל וואס דארף זיין אין חו"ל, ווארום יעדער איד, וואו ער זאל זיך נאר געפינען, איז ער דאך איינער פון "גוי קדוש", און איז מקדיש דעם "קדוש העולמים" - דעם אויבערשטן בכל יום ויום, וכמה פעמים ביום, וואס דאס באווייזט דאך אז ער ברענגט אריין, כביכול, קדושה אין דעם אויבערשטן, די גודל הקדושה וואס איז דא אין יעדערן פון "גוי קדוש", אפילו ווען ער געפינט זיך אין ארץ הגלות, אין זמן הגלות וכו'.

לא. וואס דאס גרייט די וועלט צו, אז ס'זאל נתגלה ווערן קדושת העולם כולו, וואס די וועלט איז "באתי לגני - לגנוני", אז דאס איז געווען די "גן שעשועים" פון דעם אויבערשטן - כל העולם כולו, וואס דאס איז דורך דערויף, וואס מ'איז מתגלה און מ'ברענגט ארויס בפועל, די קדושה וואס איז דא בא יעדער אידן, און בא יעדער ענין פון א אידן, בכל מקום שהוא.

עאכו"כ אויף ניט אפגעבן דאס א צווייטן, א ניט-אידן, א ניט-אידישקייט, אפגעבן דאס אין גוי'אישקייט, ח"ו.

עאכו"כ אין אה"ק, אז מ'איז דאך געגאנגען אין גלות שלא ברצוננו, נאר דורך דעם אויבערשטן, ווי גערעדט בארוכה אין די פריערדיקע התוועדות, דערנאך זיינען אבער געבליבן שטחים אין ארץ ישראל, וואס זיינען אלעמאל געווען בא אידן, דערנאך זיינען געווען שטחים וואס "לרגע קטן עזבתיך", ס'איז געווען א זמן וואס זיי זיינען געווען ברשותם הגשמי - בנוגע צו פירות וכיו"ב, זיינען זיי געווען אונטער די רשות פון ניט-אידן,

און בשעת עס איז געווען אן "עת רצון" בא דעם אויבערשטן, און האט זיי געגעבן צוריק אריין לרשותם פון אידן, און האט דערצו אויך געגעבן די תשמישי קדושה, די שטחים, וואס זיינען ארום זיי, וואס מ'דארף זיי האבן צוליב די שמירה און בטחון פון די שטחים אין ארץ ישראל,

איז אט דעמולט האט מען דעם ציווי און נתינת כח, אז ח"ו צו טראכטן וועגן אפגעבן זיי, אפילו לשעה קלה, צו גוי'אישקייט, עאכו"כ צו ניט-אידן, און אנהאלטן זיך אין זיי מיט דעם כח פון הקב"ה, וואס ניט "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה", נאר דאס איז "בגודל זרועך", דאס איז געווען דורך א נס גלוי מן השמים.

לב. און דורך דערויף וואס מ'האלט אן בשלימותו, די ענינים און די שטחים פון א"י בכל מקום שהם, וואס דאס איז דער ענין פון תורה ומצוות, איז דאס "פלטרין של מלך", אפילו ווי זיי זיינען אין חו"ל, איז בשעת א איד לערנט תורה, איז ער דעמולט א "בן חורין" - "אין לך בן חורין אלא מי שעסק בתורה", ו"גדול לימוד שמביא לידי מעשה", בשעת ער איז מקיים א מצוה, איז דאך דעמולט "קדשנו במצותיו וצונו", ווערט ער א "צוותא וחיבור" מיטן אויבערשטן, למעלה מכל גלות ח"ו.

עד"ז אויך אין כל הענינים באה"ק, כולל אויך "גושה ואוירה", און כולל אויך די "הכשר" שלה, די שטחים וואס היטן אויף "שלימות הארץ",

ובפשטות, בדוגמא ווי דאס איז מרומז בפשוטם של דברים אין דעם אגה"ק, אז דער זכות פון אה"ק איז בייגעשטאנען, און האט געבראכט צו א גאולה פרטית, און צו א גאולה כללית, וואס דורך "יפוצו מעינותיך חוצה" - ווערט זי א הכנה צו די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

עד"ז אויך דורך די הוספה בלימוד התורה ומצוותי' - וואס דאס איז א"י ברוחניות דורך דעם חיזוק פון טאן כל התלוי בכל אחד ואחד, אויף ניט צו לאזן צו אפגעבן "אף שעל", פון אה"ק וואס געפינט זיך ברשותם של בני ישראל - צו גוי'אישקייט,

עאכו"כ ניט אפגעבן דאס צו גוים בפועל.

איז דער זכות פון אה"ק, בלשון פון די אגה"ק האמורה, שטייט-ביי פאר יעדערן, אז ער זאל ביישטיין די נסיונות וואס זיינען אין דעם רשות הרבים, און אין "תפיסה הכללי", וואס דאס איז די תפיסה פון זמן הגלות בכל מקום, סיי אין חו"ל, און סיי אין א"י, און אין חו"ל כפשוטה - אין ארצות הגלות,

אז בקרוב ממש זאל מקויים ווערן דעם יעוד, אז מ'גייט ארויס "משעבוד לגאולה ומאפילה לאור גדול ונאמר לפניו שיר חדש" - לשון זכר, וואס דאס גייט אויף דעם שירה העשירית, וואס זי וועט זיין בלשון זכר, ווי תוס' ברענגט אראפ אין דעם סיום פון מס' פסחים.

"ושם נעשה לפניך כמצות רצוניך", אז בקרוב ממש קומט משיח צדקנו, ו"קץ שם לחושך", "וילחום מלחמת ה' וינצח", און פאר דערויף "יכוף כל ישראל ללכת בדרכה ולחזק בדקה" פון תורה ומצוותי', "ויבנה ביהמ"ק במקומו, ויקבץ נדחי ישראל".

און דעמולט וועט זיין "וישב יעקב בארץ מגורי אביו בארץ כנען", א התיישבות אמיתית, א גאולה שאין אחרי' גלות,

בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו,

במהרה בימינו ממש.

* * *

לג. צוזאמען מיט די זכותים - וואס בזכותם איז געקומען די גאולה, איז דאך דא אויך די תקנות, וואס זיי זיינען געקומען אלץ תוצאה פון די גאולה.

וואס איינע פון זיי איז דאך אט דאס וואס ער ברענגט אראפ אין אגה"ק בסופה, אז "מחלקין" דעם לימוד הש"ס בכל מנין, אדער מנינים צוזאמען וכיו"ב,

אז מ'טיילט פאנאנדער די מס' פון ש"ס, צווישן א קיבוץ אידן, צי דאס איז א ביהכנ"ס, צי א טייל פון א ביהכנ"ס, אדער כמה בתי כנסיות שלימות צוזאמען.

און מ'טיילט דאס פאנאנדער, ע"מ לגומרה אין א באשטימטע צייט, וואס אט דעמולט (כמדובר כמ"פ בארוכה) איז דער דין, אז מלאכה שא"א לעשותה באחד נאר בשנים, רעכנט זיך אלץ א מלאכה שלימה, אפילו בנוגע צו שבת, פאר יעדערן פון זיי.

עד"ז האט דאס דעם ענין, ווי יעדערער פון זיי, די משתתפים, האט אפגעלערנט גאנץ ש"ס במשך שנה זו.

און מ'האט דאס איינגעפירט, אז מ'זאל דאס אנהויבן י"ט כסלו, און מסיים זיין דעם לימוד פון שנה שעברה, און מחלק זיין און אנהויבן דעם לימוד אויף שנה הבאה, צו י"ט כסלו הבא עלינו ועל כל ישראל לטובה.

און דערמיט אויך איז פארבונדן דעם מנהג ישראל אויף מאכן א סיום אויף איינע פון די מסכתות.

בדוגמא ווי מ'איז מסיים כל הש"ס כולה, און אין יעדער חלק אין תורה און בפרט אין תלמוד בבלי, איז זי "בלול", פון מקרא, משנה, און גמרא, עאכו"כ פון די ענינים שבתושבע"פ עצמה.

ובפרט נאך, אז דאס איז במסיבת רבים, וואס צווישן זיי זיינען דא כו"כ סיומים פון כל מסכתות הש"ס -

איז בשעת מ'איז מסיים איינער פון זיי, איז דאס פארבונדן מיט "גמרה של תורה", ווי מ'זאגט דעם לשון בנוגע צו שמחת תורה - פון סיום כל הש"ס כולה.

לד. וואס דערביי ווערט זיך דאך די שאלה: אויף וועלכער מס' זאל מען מאכן א סיום?

עס זיינען דא "ששים מלכים", וואס דאס גייט דאך אויף מסכתות - "אלו הס מסכתות", "ושמונים פלגשים ועלמות אין מספר - אלו מאמרי האמוראים" - ווי ער זאגט אין מדרש.

איז מען זיך משתדל, אז יעדער יאר זאל זיין א דבר חדש, און מ'זאל ניט דארפן אנקומען צו דעם ציווי אע"פ וואס מ'חזר'ט די פריערדיקע - נאר ס'זאל זיין טאקע א חדש וואס איז ניט געווען פאראיארן, אדער פאר צוויי יארן וכיו"ב.

און אין דערויף איז א דין קדימה, א מס' וואס עכ"פ סיומה, אדער די גאנצע מס' האט עפעס א שייכות צו דער מאורע, צו דעם טאג ווען מען מאכט דעם סיום.

לה. ס'איז דאך דא דער סיפור הידוע פון דעם בעל הגאולה, פון דעם אלטן רבי'ן, אז ס'איז געווען ר' הלל פאריטשער, וואס דערנאך איז ער געווארן איינער פון די גרעסטע משכילים און עובדים צווישן חסידי חב"ד, איז בתחלתו, ווען ער האט געהערט פון דעם אלטן רבי'ן, האט ער געוואלט זיין בא עס, און טרעפן עס, אבער אזוי ווי אז ער האט געלעבט אין אן אנדער מחוז, אן אנדער טייל פון רוסלאנד, האט ער געדארפטווארטן - צי געמוזט ווארטן צי געוואלט ווארטן - ביז אז דער אלטער רבי איז אנגעקומען אין יענעם מחוז.

האט אבער געטראפן אזוי: בשעת ער פלעגט נאכגיין צופוס אדער נאכפארן, איז ווען ער איז אנגעקומען אין דער שטאט, איז דער אלטער רבי שוין פון דארט אוועקגעפארן.

ביז אז ער האט זיך מתחכם געווען, ער האט זיך פאנאנדערגעפרעגט וואו דער אלטער רבי וועט זיין בעתיד הקרוב, און ער איז אהין געקומען - אין יענער שטאט, און ער האט מורא געהאט אז ער וועט זיך ניט קענען דורכשטופן - האט ער זיך באהאלטן אין דער חדר אין וואו (ווי ער האט געוואוסט) דער אלטער רבי וועט זאגן תורתו, אונטער א טיש, צי אונטער א מיטה וכיו"ב.

און האט צוגערייט - אזוי ווי דער סדר איז דעמולט געווען - א קשיא וואס ער האט געהאט אין מס' ערכין, כדי דערנאך, ווען דער אלטער רבי וועט זיין אין חדר, און וועט מסיים זיין דעם ענין - וועט ער ארויסקריכן ממקום מחבואו - פון דעם ארט וואו ער איז געווען באהאלטן, און וועט עס מציע זיין דעם דבר קשה, דעם שווערן זאך וואס ער האט געהאט אין מס' ערכין.

דערנאך, בשעת דער אלטער רבי איז אהינצו אנגעקומען, האט עם געטראפן א דרעמל אדער כיו"ב - בכל אופן - ער האט ניט געקענט ארויסקריכן פון דארט, ביז אז ער האט מיטאמאל געהערט אז דער אלטער רבי זאגט: "אז א יונגערמאן האט א שאלה (אדער א קשיא - ווי דער לשון געננוי איז) במס' ערכין, דארף ער פריער זיך אליין מעריך זיין"!

און דערמיט האט זיך געענדיקט, און דער אלטער רבי איז אוועקגעגאנגען, און ער האט עם ערשט ניט געזען!

דאס האט אבער אויף עם געמאכט אזא מין רושם, אז ער איז דערנאך געווארן (כאמור לעיל) איינער פון די גרעסטע משכילים און עובדים - פון דעם אלטן רבי'נס תורה.

וואס שלא כדעת הטועים, וואס ווילן זאגן אז דאס איז גלאט א שפילעכל מיט ווערטער, אז ס'איז געווען "ערכין", און דאס איז געווען "מעריך זיין", וכו', דאס גופא איז א הוראה אין עבודת ה', וואס זי האט מתאים געווען צו דעם תיקון, און צו דעם דרך, וואס ר' הלל פאריטשער האט געדארפט האבן.

ווי מ'האט דאס דערנאך געזען אין די הנהגה און די זהירות און ווי אזוי ער פלעגט מדייק זיין צו זיך מעריך זיין, אויף אפשאצן יעדער ענין זיינער, וואס מ'געפינט דאס בא ר' הלל פאריטשער אסאך מערער ווי מ'געפינט דאס בא אנדערע פון די חסידים הראשונים.

לו. וואס אין דעם סיום פון מס' ערכין, איז דאך דא, כמדובר, דעם ענין בפ"ע, דער סיום ווי דאס איז אין די משנה פון מס' ערכין, און דער סיום וואס איז דא אין דער גמרא שעל המשנה פון מס' ערכין,

דערנאך איז דאך דא דער "נעוץ סופן בתחילתן ותחלתן בסופן" - דער קישור פון דער סיום מיט תחלת המס'.

וואס עכ"פ בקיצור און די נקודות פון דעם איז:

ס'איז דאך ידוע וואס מ'שטעלט זיך אויף א דבר תמוה אין א רמב"ם וואס איז פארבונדן מיט דעם סיום פון מס' ערכין.

וואס דארטן - קרוב לסיום, אויף דעם לעצטן עמוד פון דער מס', זאגט ער, אז א כהן וואס האט מקדיש געווען משדה החרם, אז בשעת ס'איז דא א איד וואס איז

מחרים נכסיו, און זאגט אז עס זאל זיין "חרם", וואס דעמולט איז דער דין אז די שדה החרם גייט אריבער צו די כהנים.

איז בשעת א כהן האט א שדה חרם, און ער איז איר דערנאך מקדיש, איז דער סדר, אז בשעת עס קומט יובל וכיו"ב, קען ער זיך טראכטן, אז וויבאלד אז עס דארף דערנאך אוועקגיין מרשותו, און אריינגיין צו רשות כהנים, און ער אליין איז דאך א כהן, און דערפאר איז ער קודם, איז פארוואס דארף ער דאס פאנאנדערטיילן צו דעם משמר פון דעם זמן ווען ס'איז געקומען דער ענין פון "המקדיש שדה חרמו", וואס דארף אריבערגיין צו כהנים, אלץ קדושה -

איז דער דין, אז אעפ"כ אז ער האט די סברא, לערנט מען דאס אפ פון "כשדה אחוזתו" פון א אידן, אז מ'דארף דאס פאנאנדערטיילן לכל כהני המשמר.

וואס דאס איז דער לשון הגמרא, אז דורך דעם וואס ער איז מקדיש, דארף דאס אריבערגיין צו די כהנים פון דער משמר, און ניט אז דאס בלייבט בא עם אליין.

לז. בשעת די הלכה ווערט אראפגעבראכט אין רמב"ם, איז אין דעם רמב"ם שטייט דאס בשינוי, און אנשטאט "כל המקדיש", שטייט דער לשון "כל המחרים".

אז א כהן וואס איז מחרים שדה חרמו, איז לאחרי היובל או לפני היובל וכו' - איז דעמולט ווערט דאס פאנאנדערגעטיילט לאנשי המשמר, לכל כהני המשמר, ניט אז ס'בלייבט בא עם אליין.

פרעגן אחרונים אויף דערויף די שטורעמדיקע קשיא: ווי אזוי קען זיין אז א כהן זאל מחרים זיין וואס עס זאל נאר זיין, בשעת דער דין אז "כל חרם אשר יוחרם" פון כהנים, איז סיי כהנים און סיי לויים קענען ניט מחרים זיין?

ובלשון פון דעם מנחת חינוך (וואס ער פרעגט אט די שאלה), אז דאס איז "גזירת הכתוב", אז א ישראל קען מחרים זיין נכסיו, אבער א כהן, און אזוי אויך א לוי, איז "אחוזת עולם תהי' לו", זיי קענען זיך ניט אפשיידן פון זייער אחוזה, און דערפאר, קענען זיי ניט מחרים זיין, דער חרם איז ניט חל.

און נאכמער: אין ספרי לערנט מען אפ, אז "כל", איז אויך מרבה, אז אפילו "מטלטלין", ניט נאר א שדה - קען ער אויך ניט מחרים זיין.

בפרט נאך אז דער לשון הגמרא איז "מקדיש שדה חרמו", און דער רמב"ם שרייבט דער לשון "המחרים שדה חרמו"!

און ער ברענגט אין דערויף די אלע פרטים, כאמור, וואס די גאנצע מציאות אז א כהן אדער א לוי זאל מחרים זיין, איז דער דין - ווי דער רמב"ם אליין ברענגט דאס אראפ - אז דער חרם איז ניט חל.

און ניט נאר, אז דאס איז ניט חל אויף שדה, נאר דאס איז ניט חל אפילו אויף מטלטלין - "כל שדה אחוזתו".

לח. דערנאך פרעגט ער אויך די שטורעמדיקע קשיא: וואס פאר א שייכות האט "חרם" צו "יובל"?

יובל איז שייך צו א שדה שקדשה, וואס דעמולט איז "יוצאה ביובל וחוזרת לבעליה" וכיו"ב, אדער סתם א שדה אחוזתו, אבער "חרם" איז ניט פארבונדן מיט "יובל", אפילו ביובל עצמו, איז לכאורה קען ער אויך מחרים זיין, און ס'האט קיין שייכות ניט צו דעם גאנצן דין פון יובל.

מיט נאך כמה דיוקים וואס מ'שטעלט זיך אויפן לשון הרמב"ם.

און דערנאך איז, כמדובר, דאס איז בסיום פון מס' ערכין, וואס דער סיום פון דער משנה איז, אז "אין נותנין מגרש עיר, מגרש שדה, ושדה מגרש כדי שלא יחריבו את ערי ישראל", און אויך התחלת המס', אז "הכל מעריכין, כהנים לויים וישראלים וכו'".

לט. וואס די נקודת הביאור - ווי שוין געבראכט אויך בכמה אחרונים איז, מיוסד אויפן ביאור וואס ער זאגט אין ספר החינוך, אויף דעם ענין פון "שדה חרם", און פון "חרם" בכלל, און איז אויך מדייק פארוואס בא כהנים ולויים איז ניטא דער ענין פון "חרם".

וואס מצד דערויף ווי ער איז מבאר, פארוואס בא כהנים ולויים איז דאס ניטא - איז דערפון פארשטאנדיק דוי אזוי ס'קען זיין א מציאות פון "כל המחרים שדה חרמו".

וואס בכללות איז דאס ניט לויט שיטת המנחת חינוך אז דאס איז א גזירת הכתוב, נאר דאס איז ווי דער חינוך גופא זאגט (אויף וועלכע דער מנחת חינוך שטעלט זיך),

וואס דארטן אין ספר החינוך זאגט אויף דערויף א טעם, און ניט דער טעם פון גזירת הכתוב

[וואס דאס איז אויך מסביר פארוואס אין מנחת חינוך בלייבט ער ביי א קשיא, וויבאלד אז ער האלט אז דא איז ניט "דרש טעמא בקרא", אע"פ וואס ער זאגט א טעם, איז אבער מצד דער טעם בייט זיך ניט - עס ווערט ניט א דין חדש, משא"כ לדעת כמה אחרונים, וואס זיי פארענטפערן דערמיט פארוואס ס'קען זיין "כל המחרים שדה חרמו"].

מ. דער חינוך איז מסביר דער גאנצער ענין, בהקדם דעם גאנצען ענין פון "חרם".

און איז מפליא אין דעם ענין פון א אידן,

אז א איד געהערט צו דעם אויבערשטן, און דער אויבערשטער האט עם ארויסגענומען פון ארץ מצרים, פון גלות, און דער אויבערשטער איז מקור הברכות והטוב, במילא איז דארט ניט שייך דער ענין אז ס'זאל זיין היפך הברכה והטוב.

בשעת מ'זאגט אז עמעצער איז "<u>מקדיש</u> שדהו", איז דאס אן ענין פון קדושה, און אן ענין פון א ברכה, און דערפאר איז דא אן ענין פון מקדיש בהמה, מקדיש שדה, מקדיש מטלטלין, וכו'.

בשעת אבער ער זאגט אן ענין פון חרם, וואס חרם איז דאך פארבונדן מיט היפך הברכה, ווי דער אלטער רבי ברענגט אויך אראפ אין דער הקדמה צו ספר התניא, און אויך אין הלכות חרמים, ובכ"מ, איז דעמולט - ווי דער חינוך איז מסביר בארוכה - קען ניט זיין בא "עם קדושו", בא אידן, וואס יעדערער פון זיי געהערט צום "עם המבורך", וואס זיי געהערן צו דעם אויבערשטן וואס ער איז מקור הברכות -

קען ניט זיין אן ענין וואס איז פארבונדן מיט זיי, מיט די אידן, וואס זאל געהערן צו אן ענין פון חרם, וואס לשונו ווייזט אויף היפך הברכה!

אעפ"כ - איז ער ממשיך - וויבאלד אבער אז מ'זעט אז ער האט געהאט ברצונו - אט דער מחרים שדהו - אויף זיך אפשיידן פון זיינע נכסים, פון זיין שדה, איז מען ממלא זיין רצון, אין דעם אפשיידן זיך בנוגע צו דעם, אז מ'שיידט עם אפ פון דער שדה, אבער ניט ח"ו, אז דאס גייט אוועק צו אן ענין וואס איז ניט ברכה, עאכו"כ היפך הברכה, נאר פארקערט - מ'גיט דאס אפ לכהנים, מ'גיט דאס אפ לה', צו בדק הבית וכיו"ב.

מא. און דערנאך איז ער ממשיך: במה דברים אמורים - בא ישראלים, בשעת עס רעדט זיך אבער וועגן א כהן ולוי, וואס דאס איז דאך דער שבט לוי, וואס ענינו איז "לעמוד לשרת לפני ה'", אז ניט נאר זיי געהערן צו א פאלק, וואס ער איז פארבונדן מיט מקור הברכות, נאר זיי געפינען זיך - "לעמוד לשרת לפני ה'".

איז ווי קען דעמולט אריינגיין עפעס א פעולה וואס איז פארבונדן ניט מיט ברכה, און זאל האבן דארט א השפעה - בשעת ער געפינט זיך אין דעם ארט פון ברכה, אין בית ה', "לפני ה'"!

און דערפאר, א כהן ולוי וואס ווילן מחרים זיין, איז קען דער חרם דעמולט מלכתחילה ניט אריינגיין דארט וואו זיי געפינען זיך, דערפאר וואס כהנים ולויים געפינען זיך אין בית ה', "לפני ה'",

וואס דערפאר, איז כהנים ולויים שהחרימו, איז דער חרם ניט חל.

מב. דערפון איז אבער גלייך פארשטאנדיק, אז במה דברים אמורים - מכאן ולהבא. בשעת דאס איז געווארן אן ענין וואס איז שייך צו א כהן אדער צו א לוי, וואס זיי געפינען זיך תמיד בבית ה', "לעמוד לשרת לפני ה'", איז קען דעמולט ניט אריינגיין אן ענין וואס איז היפך הברכה, כולל דעם ענין פון לשון חרם, וואס דערמיט איז פארבונדן די הלכות וואס זיינען פארבונדן מיט דעם לשון.

משא"כ אזא שדה, וואס איז פריער ניט געווען בא א כהן, און דעמולט איז זי געווען אין אזא מעמד ומצב, וואס אויף איר האט יע געקענט חל זיין דער ענין פון חרם, ווארום זי איז געווען בא א ישראל

אמת טאקע אז דא איז ניט חל חרם, אז דאס זאל אריינגיין אין א רשות וואס איז היפך הקדושה, דער ענין פון חרם איז אבער חל - אז דאס ווערט אפגעטיילט פון דעם בעל השדה.

איז דאך דאס שוין א שדה, וואס דאס איז "שדה חרמו", פארוואס איז דאס "שדה חרמו" - וויל ווי אזוי איז דאס צו עם אנגעקומען - דאס איז געווען פריער א שדה, ניט פון א כהן ולוי, במילא האט דארט געקענט האבן א השפעה דעם לשון וואס ער האט געזאגט - אז ער איז דאס מחרים,

איז דעמולט, דארף מען ניט אז דער כהן ולוי זאלן מכניס זיין דעם שדה, דעמולט קען זיין "מחרים שדה חרמו", ווארום דאס רעדט זיך וועגן "שדה חרמו" - אז שדה וואס בא איר איז שוין געווען דער ענין החרם.

במילא, דערפאר קען דארט חל זיין דער ענין פון הפרשה פון דעם בעל זיינעם - אע"פ וואס בשעת מעשה, איז דער בעל שוין א כהן אדער א לוי, ווארום בנוגע אריינברענגען אן ענין וואס איז ניט ברכה, איז ניט ער האט דאס געבראכט - דאס איז א "שדה חרם" בלאו הכי, אט דאס וואס ער איז מחדש איז, אז דאס ווערט אפגעטיילט פון זיין רשות.

מג. וואס אט דא ווערט זיך די שאלה: דאס איז דאך אבער א טעם, איז אפילו א טעם וואס שטייט אין פסוק בפירוש, איז דאס דרוש מערניט וואס ר"ש דרש טעמא דקרא, און אין דערויף איז דאך דא די מחלוקת ווי אזוי בלייבט די הלכה, צי דאס איז משנה הלכות וכו';

דאס איז דאך אבער א טעם וואס שטייט ניט אין פסוק, דאס שטייט אין תושבע"פ - איז דאך דא נאכמערער שייכות זאגן דעם כלל, אז דער טעם איז ניט משנה די הלכה.

וואס דאס איז די שייכות וקשר, וואס מ'זאגט אין דער זעלבער משנה, אין זער משנה פון די גמרא, דערנאך ברענגט מען אויך די גמרא אראפ אין די סוגיא, אז "אין

עושה שדה מגרש, ומגרש שדה כדי שלא יחריבו את ערי ישראל", וואס דער טעם שטייט אויך ניט אין פסוק, דאס איז א טעם וואס תושבע"פ זאגט,

און דערפון ווערט א דין, אז דערפאר טאר מען ניט מאכן "שדה מגרש", און "מגרש שדה".

מד. וואס דאס איז די שייכות צווישן דיביידע ענינים, און אויך די שייכות צום סיום המשנה, וואס די משנה איז מסיים מיטן דין וואס "אין עושה שדה מגרש ומגרשה שדה".

וואס דאס איז אויך די שייכות מיט "הכל מעריכין, כהנים לויים וישראלים, אנשים ונשים" - מיט די אלע פרטים וואס ער רעכנט דארט אויס, וואס נוסף אויף דערויף, וואס דער גאנצע כללות ענין הערכין, איז דאס פארבונדן מיט טעם -

דער אפטייטש פון ערכין - און אזוי איז אויך תוכן ענינו, אז מ'דארף אפשאצן די זאך ע"פ טעם ושכל, וויפל איז די זאך ווערט, אדער וויפל איז דער מענטש ווערט, אדער וויפל איז די בהמה ווערט.

וואס דאס איז כללות ענין הערכין.

און ווי דערמאנט פריער דעם ווארט פון דעם אלטן רבי'ן אז מ'דארף זיך אפשאצן, און דאס איז פארבונדן מיט מס' עדכין, ווארום "שמה אשר יקראו לה בלשון הקודש", גיט ארויס איר תוכן, אז דאס רעדט זיך וועגן "ערכין", וואס "בעדכך הכהן" - ס'קומט צו גיין א בן אדם, און ער דארף אפשאצן לויט זיין שכל, די שומא פון דער שדה, וכיו"ב.

מה. נאכמער מודגש איז דאס אין התחלת המס', וואס הויבט זיך אן מיט "הכל מעריכין".

פרעגט די גמרא וואס קומט די משנה מרבה זיין ווען זי זאגט "הכל" - ער רעכנט דארט דערנאך אויס אלע פרטים, כהנים לויים ישראלים, אנשים ונשים וכו'?

און די גמרא זאגט, אז דאס איז "לרבות מופלא סמוך לאיש".

וואס דער ענין פון "מופלא סמוך לאיש", לדעת כמה וכמה איז, אז דאס איז א חילוק מערניט אם הביא שתי שערות.

ס'איז ניט א חילוק בדיעה, בדעת, ס'איז א חילוק באם הביא שתי שערות, א חילוק אין דעם גוף, און אין דער רגע, וואס ער האט די שתי שערות, איז די גזירת הכתוב, אז דעמולט ווערט ער א גדול לכל עניניו.

אפילו לויט דער דיעה, אז "מופלא סמוך לאיש" איז מיט א יאר פריער, איז דאך אבער דאס גופא וואס מ'רופט אים אן בשם "מופלא", באווייזט דאס אז ער איז שוין א בר-דעת, און דערפאר רופט מען עם אזוי אן.

נאר ער איז נאר "סמוך לאיש", ער איז נאך ניט אן "איש" ממש, בן י"ג, אדער בן י"ב לויט דער דיעה.

וואס אין דערויף איז אויך מודגש דער ענין פון טעם און הערכה, און ווי אזוי פון א "טעם", ווערט דערנאך א שינוי אין הלכה, אז "הכל מעריכין - לרבות מופלא סמוך לאיש".

בדוגמא ווי אין דער סיום המס', דער ענין פון "אין עושין שדה מגרש ומגרש שדה", וואס דאס איז מצד א טעם, און דערפון ווערט דערנאך א הלכה בפועל.

וואס דערפון האט מען אויך דעם ענין כנוסח וכלשון וכתוכן פון ספר החינוך בכלל, אז פון יעדער מצוה נעמט ער ארויס שרשי המצוה און תוכן המצוה, און א לימוד השכל וואס מ'נעמט דערפון ארויס.

מו. וואס דער לימוד איז, אז א איד דארף וויסן, אז אפילו ווען ס'רעדט זיך וועגן ממונו של אדם, וואס לכאורה אין דער ממון זעט ער ניט קיין חילוק, צי דאס איז ממונו, צי דאס איז ממונו של אינו יהודי, איי ער האט דאך דער ציווי פון "בל תשחית", וואס דאס איז א ציווי מן התורה - זוכט ער אויך דערויף טעמים.

קומט צו גיין דער חינוך און זאגט א דבר נפלא, אז א איד דארף וויסן זיין, אז ער איז פארבונדן מיט מקור הברכה, איז דאס ניט נאר נוגע, אז דערפאר ווערט ער נתברך אין לימוד התורה, וקיום המצוות, ובבנים ובנות עוסקים בתורה ומצוותי', מיט אלע ברכות וואס ווערן אויסגערעכנט, נאר זיינע נכסים שטייען אין אזא מעמד ומצב, אז דאס איז א שדה וואס געהערט צו עם און געפינט זיך אין צווייטן ברעג פון ארץ ישראל און ער געפינט זיך אין חו"ל - דאס איז אבער זיינער א שדה -

קען ניט זיין א מציאות, אז אין זיין שדה זאל ארייַנקומען אן ענין וואס איז ניט פארבונדן - און וואס איז נאך היפך, ח"ו, פון א ברכה!

במילא איז דאך דערפון פארשטאנדיק אויף וויפל ער דארף זיך דערמיט היטן, ביז אז - כלשון המשנה וגמרא - "<u>התורה</u> חסה על ממונן של ישראל"!

עאכו"כ - ווי גערעדט פריער - אז דאס רעדט זיך וועגן נכסי ציבור, און נכסי הכלל און שטחים אין אה"ק, אויף וויפל איז אין דעם חל די אלע ענינים.

מז. און ווי דער ענין איז בפשטות, אז אפילו אז ס'רעדט זיך וועגן א שדה גשמית, און נאכמערער - דאס איז פארבונדן מיט <u>כל</u> נכסיו של אדם, איז מצד דערויף וואס דאס איז איינער וואס געהערט צו "עם קדוש", און איז א בן אברהם יצחק ויעקב, און בת שרה רבקה רחל ולאה, איז דעמולט קען דארט ניט אנקומען אן ענין וואס איז ניט ברכה.

און מ'האט אים דאך געגעבן בחירה, און מצד די בחירה זיינע זאגט ער א לשון פון "חרם", וואס דאס איז ניט לשון הברכה, איז ווי ער ברענגט דארט אראפ, בשעה "כל חרם אשר יחרם", פון בני אדם, איז דעמולט "יומת" - ווייל דאס רעדט זיך וועגן אנדערע פעלקער;

בשעת אבער עס רעדט זיך וועגן א אידן, איז אפילו ווען ער איז בוחר און זאגט דער לשון פון "חרם", איז וואס טוט זיך אפ איז, אז דאס רירט נאר עם אן, אז ס'ווערט אפגעטיילט פון עם - וואס טוט זיך אבער מיט די שדה אדער מיט דעם ממון, מטלטלין - גייט דאס אריבער לכהנים בדק הבית וכיו"ב.

מח. וואס אט דא האט מען די הוראה ברורה, ובמכ"ש וק"ו: מה-דאך אז אזוי דארף זיין די זהירות - בנוגע לממונו, ושדהו, צו קרקע, אדער אפילו צו מטלטלין, עאכו"כ אויף וויפל ס'דארף זיין די זהירות בנוגע לעצמו, וואס דאס איז "נכסיו של הקב"ה", כלשון הידוע, אז א איד איז ניט קיין בעה"ב אויף זיין גוף, און דערפאר טאר ער דעם גוף ניט מזיק זיין, ווייל דאס איז "נכסיו של הקב"ה", ווי דער אלטער רבי ברענגט דאס אויך אראפ בשו"ע שלו אין הל' נזקי גוף ונפש.

עאכו"כ, אז דאס רעדט זיך וועגן א פקדון וואס דער אויבערשטער האט דאס אנפארטרויט, און דאס געגעבן לאב ואם, בנים ובנות, אז זיי זאלן זיי מחנך זיין אין אן אופן ווי דער אויבערשטער וויל, איז ניטא אין דערויף קיין קס"ד, אז וויבאלד אז ער איז אים "מאכילו ומשקהו", און גיט אים אלע צרכיו - איז ער בעה"ב אויף עס, און קען מיט אים אדער מיט איר, מיט די טאכטער, די מיידעלע, טאן ווי בא עם קומט אויס -

ער איז "נכסיו של הקב"ה", עאכו"כ אז מ'האט עס, אדער איר געגעבן א פקדון, בנים ובנות - איז דאך א זיכערע זאך, אז זיי האבן מערניט ווי איין דרך, דער דרך החיים, און דער דרך סלולה, אויף לחנכם ולגדלם, ולהכניסם לתורה ולחופה ולמעשים טובים.

איי איז דאך די שאלה: מ'דארף דאך זיין "ככל העמים בית ישראל", ווארום ער דארף האבן פרנסתו בעניני עוה"ז, און דאס פארבינדט ער אז ער מוז אנקומען אין א קשר דברים, און אין א משא ומתן, מיט אינם יהודים, מיט גויים, במילא דארף ער טראכטן צו זיך, אז "אין סומכין על הנס", "וברכך ה"א בכל אשר תעשה", דארף ער עס צוגרייטן "ללמדו אומנות", און אז ניט - איז גארניט שייכות צו זאגן, וואס די גמרא זאגט אויף "מי שאינו מלמדו אומנות" -

זאגט מען עם גלייך, אז ער זאל וויסן זיין, אז נוסף אויף דערויף וואס ער איז "לא נברא אלא לשמש את קונו", סיי דער פאטער און סיי דער מוטער, דארף ער וויסן וואס "קונו" וויל, און אויספירן די שליחות פון "קונו",

עאכו"כ אז דאס רעדט זיך נאך וועגן א אידן, א אינגעלע אדער א מיידעלע, וואס זיי זיינען בדוגמת אדם הראשון - ווייל בלשון חז"ל - "למה נברא אדם יחידי" - אז יעדער איד, עד סוף כל הדורות - איז ער אן עולם מלא!

איז דאך פארשטאנדיק אויף וויפל ס'דארף זיין די זהירות, אז צו זיי זאל זיך ניט אנרירן, עס זאל ניט ארייננקומען קיין זאך, אפילו ניט אין לשון וואס איז א לשון בלתי נקי', א לשון וואס איז ניט פארבונדן מיט ברבה.

מס. עאכו"כ בנוגע לחינוך כפשוטו, אז ס'זאל זיין א חינוך הכשר, און נאכמערער, א חינוך על טהרת הקודש, (וואס דאס איז נאכמער ווי כשרות), און נאכמערער - א חינוך הקודש, ווארום דאס איז פארבונדן מיט תורה הקדושה, און מיט מצוותי', וואס זיי זיינען "קדושים".

וואס דאס איז דער איינציקער וועג, ווי אזוי פון יעדער אידן, פון קינדווייז אן, ווערט ער געבארן אלס א "גוי קדוש", עאכו"כ, ווען ס'איז "גמר כניסת נפש הק'", בשעת א ברית מילה, ווי דער אלטער רבי ברענגט אויך אראפ בשו"ע שלו, עד"ז בא א מיידעלע, וואס די גמרא זאגט אז "אשה כמאן דמהילא דמיא", מ'דארף גארניט ווארטן קיין אכט טעג, ס'איז גלייך דא די "כניסת נפש הק'", צוזאמען מיט דעם "גמר כניסה".

דערנאך האט דער פאטער און די מוטער דעם זכות גדול, אויף להוציא את הענין מן הכח אל הפועל, מן ההעלם אל הגילוי,

און טאן דאס - ווי אלע גוטע זאכן, עאכו"כ דער "ושננתם לבניך" - וואס דאס זאגט מען דאך אין קריאת שמע פעמיים בכל יום - מתוך שמחה וטוב לבב, וואס "שמחה פורץ גדר".

ביז אז דאס קומט אראפ כפשוטו, אין נחת אמיתי פון בנים ובנות עוסקים בתורה ומצוות, און אין אן אופן, אז די פאטערס און די מוטערס דארפן ניט נאר האבן הנאה און נחת פון די תומ"צ פון די קינדער, נאר אויך זיי אליין ווערן עוסקים בתורה ומצוות, כמדובר בארוכה במשך השנה, אז קורב לימות המשיח, נאך לפני "בוא יום ה'", איז שוין דא דער "והשיב לב אבות על בנים - ע"י בנים".

נ. ביז דער ענין כפשוטו - אז דורך דערויף וואס אידן זיינען מוסיף אין לימוד התורה וקיום מצוותי', עאכו"כ אין די מצוות עיקריות, פון "ואהבת לרעך כמוך", במילא איז ער מוסיף תורה מצוותי' בכל מקום שידו מגעת - וואדום ס'דארף זיין ווי "כמוך".



הנחה פרטית בלתי מוגה

עאכו"כ בנוגע צו קינדער, וואס ווי מ'זעט אין טבע האדם, אז בטבע טוען עלטערן פאר קינדער מערער וויפל זיי טוען פאר זיך; מ'גייט דורך גרעסערע שוועריקייטן פאר די קינדער, וואס פאר זיך וואלט ער דאס ניט געטאן, אדער די מוטער וואלט דאס ניט געטאן לטובת עצמה, זי וואלט זיך אויף אזויפיל ניט מתייגע געווען;

בשעת ס'רעדט זיך וועגן טובת בנה אדער בתה, טוט זי אסאך מערער וויפל זי וואלט געטאן פאר זיך.

וואס דאס איז בטבע אפילו פון א ניט אידן, עאכו"כ בא ישראל "עם קרובו".

נא. וואס דאס ווערט דאך אויך פארבונדן - עכ"פ בדרך אפשר - מיט התחלת ספרו פון דער מגיד - וואס דער אלטער רבי איז דאך מקשר יום גאולתו, מיט דעם וואס דאס איז יום הילולא פון רבו ומורו, פון דער מגיד - וואס ביידע ספרים זיינע - סיי דער "לקוטי אמרים הגדול" (ווי זי ווערט אנגערופן אין לקו"ת), סיי "אור תורה", הויבן זיך אן מיט "במי נמלך בנשמותיהן של צדיקים", אז דער אויבערשטער איז בדוגמת האב, וואס איז מצוייר במחשבתו, מיט צורת בנו הקטן, און ער לאזט זיך אראפ פון זיין גדלות אין מעשה קטנות פון דעם תינוק, פון בנו הקטן, כדי בנו הקטן זאל האבן דערפון שמחה ותענוג!

וואס דאס איז דאך אויך א ביאור בנוגע צו מתן תורה בכלל, עד"ז אויך מתן תורה הפנימית, וואס מתן תורה האט געדארפט זיין עליונים ותחתונים צוזאמען, האט דאס געקענט זיין אין צוויי אופנים: אדער דורך דעם וואס "תחתונים" וועלן זיין אויפגעהויבן צו "עליונים", אדער דורך דעם אז דער "אב גדול" לאזט זיך אראפ צו "בנו הקטן",

ווי איז דאס געווען בפועל - זיינען אידן געבליבן שטייען בארץ הזו התחתונה, און ס'איז געווען "וירד ה'", "ואני המתחיל", אז "וירד ה' על הר סיני".

וואס דאס איז די ירידה פון דעם "אב גדול" צו "בנו הקטן".

נב. עד"ז אויך בנוגע צו "יפוצו מעינותיך חוצה", וואס דאס דארף מען האבן כדי עס זאל זיין ביאת מלכא, און דאס דארף אנקומען אין "חוצה", קען דאס זיין אין צוויי אופנים: אדער דורך דעם וואס מ'בדענגט אריין די "חוצה" אין די "מעינות", אדער מ'קען ברענגען די "מעינות" אין "חוצה".

ביז ווי דער ענין איז אין אופני הלימוד: מ'קען לערנען דורך דערויף וואס מ'איז מזכך דעם מוח פון דעם תלמיד אז ער זאל פארשטיין ענינים הכי נעלים, אדער מ'הויבט אן מיט אים לערנען דורך דער ענין פון "משלים", אז מ'גיט אים א משל - "מבשרי אחזה אלקה", ביז אז מ'ברענגט אים א משל אויף אלקה פון בשר גשמי, און פון אן אבר גשמי, און פון א מוח גשמי, מיט די אלע פרטים, ווי געבראכט אין תניא ובכ"מ - און נאך פאר דעם - אין מדרשי חז"ל.

מ'ווארט ניט אויף אים מזכך זיין, און אים צוגעוואוינען אז ער זאל האבן הבנה והשגה אין ענינים שכליים, און דערנאך ברענגען אים די דוגמא ווי געבראכט אין כמה ספרי קבלה, א דוגמא פון אותיות התורה, וואס בכללות, איז אותיות התורה א דוגמא פון אור וכלי וכיו"ב,

זאגט מען, אז פאר דערויף איז פאראן דער ענין פון "מבשרי אחזה אלקה", וואס דאס איז א לשון אין פסוק, אין נגלה דתורה.

נג. וואס דאס איז אויך, כאמור, אז אזוי איז אויך געווען בא מתן תורה בכלל, און אזוי איז אויך דער מ"ת פון פנימיות התורה, וואס דאס איז דאך ווי מ'זאגט אז מ"ת איז נאר געווען איין מאל; עס איז אבער דא דערנאך דאס וואס "כל מה שתלמיד

ותיק עתיד לחדש", ווערט נתגלה נאכאמאל דאס וואס "נאמר למשה מסיני", דאס ווערט אבער א חידוש פון דעם "תלמיד ותיק", ביז אז, כמדובר לעיל, אפילו אויב ער לערנט איבער מאה פעמים ואחת דעם זעלבן מאחז"ל אדער דעם זעלבן פסוק - איז "הקב"ה קורא ושונה כנגדו", וואס בא דעם אויבערשטן איז ניטא קיין חילוק פון דעם ערשטן מאל, ביז אלף אלפים ודמי רבבות - דער חילוק איז נאר שייך בנוגע צו א בשר ודם, צו א מוגבל, אבער ניט צו הקב"ה.

נד. ויה"ר אז יעדערער זאל זיך אפשאצן, כמאמר פון דעם בעל הגאולה הנ"ל, [און וויבאלד אז דאס איז דערגאנגען צו אונז, איז דאס א סימן אז ראס האט צו אונז א שייכות, און "איני מבקש אלא לפי כוחן", כנ"ל].

און פון די "ערכין" ווי מ'לערנט דאס אין תורה, זאל מען דאס דערנאך קענען אויך מקיים זיין בפועל, ווארום "יבנה ביהמ"ק במקומו", וועט דאך זיין דער גאנצער ענין פון "ערכין" און "בדק הבית", און כהנים וכו', מיט אלע פרטי הדברים, בפרט נאך אז דעמולט וועט זיין "כל יושבי' עלי'", וועט דאך אויך זיין דער ענין פון "יובל",

וואס דערפאר איז אויך - ווי מ'פארענטפערט אין אחרונים - דאס איז די שייכות פון "חרם" צו "יובל", ווארום וויבאלד אז דאס איז אן ענין פון חרם וואס דאס איז "לצמיתות", איז במכ"ש וק"ו: מה-דאך אז מ'קען ניט מקדיש זיין ביובל, ווי דער רמב"ם זאגט, ווייל שדה ביובל איז "אינו שלו", און "אין אדם מקדיש דבר שאינו שלו", עאכו"כ קען מען דעמולט ניט מחרים זיין, דערפאר זאגט דער רמב"ם "אחרי היובל", צו שולל זיין דעם שנת היובל.

וואס "יובל" איז פארבונדן מיט "כל יושבי' עלי'", וואס דאס איז דאך דער שלימות פון ביהמ"ק השלישי, אפילו לגבי ביהמ"ק השני, אע"פ וואס אויף עם אויך זאגט מען "גדול יהי' כבוד הבית הזה האחרון" פון דעם פריערדיקן בית דערפאר וואס ער איז געווען ארבע מאות ועשרים שנה, ניט ארבע מאות ועשר שנה, ווי די גמרא זאגט אין בבא בתרא,

אבער דעמולט איז נאך אלץ ניט געווען "כל יושבי' עלי'", דאס וועט זיין לעתיד לבוא, וואס דעמולט וועט זיין דער "והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם".

און דאס וועט ברענגען צו דעם "ויקבץ נדחי ישראל", ווי דער רמב"ם איז גלייך ממשיך, אז נאך "יבנה ביהמ"ק במקומו ויקבץ נדחי ישראל", "כל יושבי' עלי'", ער וועט זיי צוזאמענקלייבן אין ארץ הקודש,

במהרה בימינו ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

נה. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה פדה בשלום גו'.

* * *

נו. מ'האט גערעדט כמ"פ וועגן דאס וואס די רבים האבן איינגעשטעלט, די שיעורים פון חומש, תהלים און תניא.

איז אויך, בנוגע צו דעם שיעור חומש בפרט, וויבאלד אז דאס איז אין תורה, מלשון הוראה, און אין תורה שבכתב, וואס "התורה היא נצחית", אפילו אין די ענינים וואס שטייען אין תורה, און דערנאך שטייט אין תורה אז זיי זיינען בטל געווארן,

וכמדובר כמ"פ וואס דער ראגאטשאווער ברענגט די דוגמא, אז אזוי איז דאך דער כלל בנוגע צו נדרים, דארף מען מתפיס זיין אין א דבר הנדור, אין א זאך וואס האט געהאט אויף זיך א נדר, און אעפ"כ איז דער דין, אז בשעת מ'איז מתפיס אין נדרי של מפר ואסרו, איז דער נדר א נדר.

פרעגט מען אויף דערויף די שאלה, דער נדר האט מען דאך דערנאך מפר געווען, איז ער דאך עוקר את הנדר מעיקרו, בלייבט דאך ניט אין וואס דאס צו מתפיס זיין, ווארום איצטער - בזמן הגמרא, ווען דער דין איז געבראכט געווארן צום ערשטן מאל - איז דאך געווען לאחרי ווי מ'האט מפר געווען די נדרי של מפר ואיסור.

איז ער אויף דערויף מבאר, אז דער פסוק אין וועלכע ס'איז מרומז אז מ'האט נודר געווען לאיסרו, איז דאך בקיומו, און ער איז אין אן אופן נצחי, איז בשעת מ'איז מתפיס, אפילו לאחרי ווי ס'איז שוין דאדעם פסוק, פון וועלכן מ'ווייס אז מ'האט דעם נדר עוקר געווען - האט אבער דער פסוק שלפנ"ז - מיט אלע לימודים שבדבר - דעם תוקף למעשה בפועל, אז דאס הייסט אז ער איז מתפיס בדבר הנדור.

וואס עד"ז ובמכ"ש וק"ו - ענינים וואס האבן דערנאך א המשך.

נז. וואס דאס איז אויך ווי דאס איז אין כללות ענין הגלות, וואס דער כללות ענין הגלות - אלע גליות, זיינען דאך פארבונדן מיט גלות מצרים, וכנרמז אין מדרש, אז "כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים ע"ש שמצירין לישראל".

און בפרט נאך אין דער גלות האחרון, אויף וועלכן ס'שטייט "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" אין דער גאולה ע"י משיח צדקנו, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פאר "ימי צאתך" פון "אראנו נפלאות", איז דאס בדוגמא פון פאר "ימי צאתך מארץ מצרים".

וואס די התחלה בזה איז געווען פון "ויוסף הורד מצרימה" -

וואס דאס איז די התחלה פון דעם שיעור חומש פון דעם יום חמישי בפ' השבוע הזה, וואס דאס איז דער טאג ווען י"ט כסלו איז חל (בקביעות שנה זו).

נח. וואס דער לימוד וקשר הדבר איז, אז דער "ויוסף הורד מצרימה" איז דאך ווי די גמרא זאגט בפשטות, אז "ראוי הי' ליעקב" אז ער זאל געבראכט ווערן "אנוס ע"פ הדבור" - "בשלשלאות של ברזל", נאר מצד הזכות והענין - איז ער אהין געקומען בכבוד.

און ווי אזוי איז ער געקומען אין אן אופן פון כבוד - איז די התחלה בזה געווען דורך דעם וואס "ויוסף הורד מצרימה", דערמיט האט דאס אנגעהויבן.

וואס דערפון איז אויך דער לימוד על כל הגליות כולם, וואס ער זאגט אויף דערויף אין בראשית רבה, אז דער פירוש הפשוט אין "ויוסף הורד מצרימה" איז, אז יוסף איז געבראכט געווארן אין גלות, אין אן אופן של ירידה, אז פריער איז ער געווען א "בן זקונים", אז "כל תורתו מסר לו", "זה שקנה חכמה", און צווישן די בנים, איז ער געווען דער וואס "משתחווים לי", און האט געהאט די "כתונת פסים" ברוחניות, און ווי ס'איז דאך פארשטאנדיק בפשטות, אז דאס האט יעקב האט עם געגעבן א "כתונת פסים", איז דאס געווען מצד זיינע מעלות אמיתיות וואס זיינען תופס מקום בא יעקב'ן - וואס זיי זיינען מעלות רוחניות.

און פון דעם מעמד ומצב, איז יוסף אנגעקומען אין ארץ מצרים, אין "ערות הארץ", עאכו"כ ווי מצרים איז געווען לפני מ"ת, נאך איידער יוסף איז דארט געווען א "משנה למלך", וואס דעמולט זאגט מען אז דאס איז געווען "ערות הארץ", עאכו"כ ווי מצרים איז געווען איידער יוסף איז דארט געווארן א "משנה למלך", "בלעדיך לא ירים איש את ידו ואת רגלו" -

פארשטייט מען דאך, וואס פאר א ירידה דאס איז - פון ארץ ישראל, פון "ביה אביו", אין וועכן ער איז געווען א "בן זקונים", א מובחר צווישן בני יעקב עצמם, ביז אז מ'זאגט "אלה תולדות יעקב - יוסף", אז "כל מה שאירע לזה אירע לזה", דערפאר וואס דאס איז די זעלבע זאך -

וואס פאר א ירידה דאס איז, בשעה, אז פון דארטן איז ער געקומען אין מצרים!

נט. טייטשט אפ אויף דערויף דער מדרש, ובהדגשה: אז "ויוסף הורד מצרימה - כבשן", ער האט זיי איינגענומען, "שנאמר וירד מים עד ים", וואס שטייט ביי שלמה, און ווי דער צווייטער אפטייטש, אז דאס שטייט אויף מלך המשיח - "וירד מים עד ים ומנהר עד אפסי ארץ".

וואס דער "וירד", איז דער זעלבער לשון ווי אין "הורד מצרימה", אז "כבשן" - ער האט זיי איינגענומען.

וואס דאס איז דער לימוד - לכאורה אז מ'זעצט אריין אין תפיסה, ועד"ז, אז מ'זעצט אריין אין תפיסה פון גלות - כמדובר לעיל בארוכה -

איז דאך דאס "ויוסף הורד מצרימה", כפשוטה.

צום אלעם ערשטן נעמט מען א "נפש השנית בישראל היא חלק אלקה ממעל ממש", נעמט מען זי "מאיגרא רמא לבירא עמיקתא", וואס דאס איז "בירא עמיקתא" אפילו בזמן שביהמ"ק קיים, שטייט אויך דעמולט אז דאס איז "מאיגרא רמא" פון כסא הכבוד, און נאך העכער - "נשמה שנתת בי טהורה היא", וואס דאס איז נאך העכער פון "אתה בראת", פון דעם ארט פון כסא הכבוד, און ס'קומט אראפ "לבירא עמיקתא", אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה הימנו, וואס דאס איז דער ערשטער גלות, ווי ער זאגט אין אגה"ק.

דערנאך קומט צו דער גלות אין דעם גלות גופא, זמן הגלות.

און אין דערויף גופא - אין דעם חושך כפול ומכופל פון עקבתא דמשיחא, מיט אלע סימנים, ווי ער רעכנט אויס אין דעם סיום פון מס' סוטה.

איז דער "ויוסף הורד מצרימה" א ירידה הכי גדולה האפשרי.

ס. זאגט אן גלייך תורת אמת, וואס דאס איז אויך תורת חיים, הוראה בחיים, אז מ'זאל וויסן זיין, אז "ויוסף הורד מצרימה", איז דאס דערפאר וואס דורך אט דער ירידה ווערט גלייך "כבשן".

ביז וואנענט אז דאס ווערט דער לשון און דער ענין וואס "וירד מים עד ים ומנהר עד אפסי ארץ".

פרעה איז דאך דעמולט געווען א "מושל בכיפה", וואס דאס איז בפשטות דער קשר, דלכאורה - וואס האט "מים עד ים" א שייכות צו דעם, ווען דא רעדט זיך וועגן מצרים אליין, אבער עד (פרעה) איז דאך געווען דער "ירד מים עד ים", און בשעת מען האט כובש געווען פרעה - "מצרימה", האט מען כובש געווען "וירד מים עד ים".

וואס עד"ז איז כמדובר לעיל, דוקא דורך דעם מאסר איז דערנאך געווארן די גאולה, וואס דאס האט געבראכט צו הפצת המעיינות חוצה ביתר שאת וביתר עז, וואס דאס איז די הקדמה צו "וירד מים עד ים ומנהר עד אפסי ארץ" ווען "קאתי מר - דא מלכא משיחא".

סא. און דאס גופא קומט אין שנת "הקהל", וואס "הקהל" איז דאך ענינו "האנשים

הנשים והטף וגרך אשר בשעריך", וואס דאס איז דער גרעסטער אופן וואס ס'קען זיין "ברבים היו עמדי", אז דאס איז "אנשים ונשים וטף וגרך אשר בשעריך".

וואס דאס איז דאך אויך דער גרעסטער ענין אין שלום, וואס שלום איז דאך אויך מלשון שלימות, איז בא אידן גופא, איז ניט מספיק אויב דאס איז בא "ראשיכם שבטיכם", און צווישן "שבטיכם", און די וואס ווערן גערעכנט בסמיכות לו - נאר בשעת ס'איז דא שלום פון "ראשיכם" ביז "שואב מימיך", און אין אן אופן אז "נצבים כולכם", אז דאס ווערט אן איין און איינציקע מציאות, אן איין און איינציקער קהל, אע"פ וואס בפרטיות, שטעלט זיך דאס צוזאמען פון "ראשיכם" ביז "שואב מימך".

בדוגמא ווי ס'איז געווען בא "הקהל" כפשוטו, אז "המלך קורא", וואס ער (דער מלך) ווערט דאך אנגערופן "שום תשים עליך", "שתהא אימתו עליך" - אפילו אויפן כהן גדול [וואס אין סוף מס' תענית זיינען דאך דא צוויי דיעות בנוגע צו בת כהן גדול ובת מלך, בנוגע אבער צו קריאת המלך בהקהל] וואס דעמולט איז געווען "כהן גדול מוסרו למלך", ווארום משום כבודו של מלך, איז דער כהן גדול דער וואס דערלאנגט אים דעה ספר תורה.

און דערנאך איז דער רמב"ם נאך מדגיש בזה, אז דאס איז "כאילו שומע מפי הגבורה", אז דאס איז ניט ווי א מלך איז במשך כל שאר השנים, אדער במשך כל שאר ימות השנה פון הקהל, נאר בשעת ער שטייט אין הקהל און לייענט בתורה, איז דעמולט איז דאס "כאילו שומע מפי הגבורה".

און פאר וועמען לייענט מען דאס - ניט נאר פאר אנשים און פאר נשים, און פאר גרך אשר בשעריך, נאר אויך פאר טף, און ווי ער טייטשט אפ אין ירושלמי אין אנהויב פון חגיגה, אז "טף" איז נאך קלענער פון "קטן" - און זיי אלע שטייען בשוה.

ביז אז אפילו דער וואס לא ידע מאי קאמר, ווי דער רמב"ם פסק'נט אפ דעם דין אז אפילו דער וואס פארשטייט נאך ניט לשון קודש - און ס'דארף געליינט ווערן דוקא בלשון קודש - איז אעפ"כ דארף ער זיך מכין זיין, און דארף שטייען, און דארף שומע זיין, מיטן גאנצן שטורעס, "כאילו שומע מפי הגבורה", און ווי ער זאגט דארט אין רמב"ם - ווי דאס איז מסיני.

סב. וואס דאס איז אויך די שייכות מיוחדת פון די ביידע ענינים פון "פדה בשלום נפשי מקרב לי כי ברבים היו עמדי", אז ס'איז דא דער ענין פון "רבים", און זיי זיינען אין אן אופן וואס זיי זיינען "עמדי", לשון יחיד, און דאס איז פארבונדן מיט "פדה בשלום", ווי בפשטות - אז דעמולט האט זיך אנגעהויבן די הפצת המעיינות חוצה, ביתר שאת וביתר עז, אע"פ וואס דעמולט איז געווארן נאך שטארקער, נאך שווערער דער עול הגלות, וכידוע אויך ווי ס'איז געווען בפשטות - די גזירות המלכות אין אנדערע ענינים, און בפרט נאך אין דעם זמן פון דעם מיטעלן רבי'ן, ממלא מקומו, איז געווען שווערער ווי ס'איז געווען נאך בשעת דעם זמן פון דעם אלטן רבי'ן.

"הורד מצרימה" - בפשטות.

ביחד עם זה - איז דא דער ענין פון "כבשן", די מלכות אליין האבן געגעבן דעם רשיון און עידוד, אז מ'זאל מפיץ זיין די מעיינות דורך וועלן ס'ווערט דער "כבשן" פון "מצרים", אין דעם "חוצה", ביז וואנענט אז מ'זעט דאס אויך בעיני בשר, "מיד הן נגאלין".

סג. וואס דאס איז אויך - בדרך אפשר עכ"פ - אז בשעת מ'זאגט דעט ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", ווערט זיך דא די שאלה: ס'איז דאך געווען רזין דאורייתא נאך פאר דערויף,

בפרט נאך אנהויבנדיק פון דעם אריז"ל, וואס דעמולט איז ווי דער אלטער רבי ברענגט אין אגה"ק, אז מימי האריז"ל איז "מצוה לגלות זאת החכמה".

און דערנאך איז געווען דער בעש"ט ותלמידיו, און ערשט דערנאך איז געווארן תלמידי תלמידיו, ביז הרב המגיד, ותלמידו, ביז די נשמה חדשה פון דעם אלטן רבי'ן -

וואו איז דא דער חידוש וואס אנשים כערכנו טאפן אן?

איז דאס זעט מען, אז וויבאלד אז ס'דארף זיין "תורה אור", אין א ליכטיקן אופן, אז מ'זאל דאס קענען פאנאנדערקלייבן זיך און קענען פארשטיין -

זעט מען אז ס'זיינען דא צוויי נקודות עיקריות וואס דער אלטער רבי האט זיי מגלה געווען, ביז אין אן אופן אז "עתיד לחדש" - זיי מחדש געווען, ביז אין אן אופן פון תכלית הביאור והפירוד.

סד. און דאס איז אויך די ביידע ענינים וואס זיי זיינען מן הקצה אל הקצה, פון מעלה שאין למעלה הימנו, ביז מטה, שאין למטה הימנו, און אויך אין אן אופן וואס איז נוגע פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "שואב מימך".

וואס דאס איז ביידע נקודות, וכמסופר כמ"פ, אז ס'איז געווען די קס"ד אז דער תניא זאל זיך אנהויבן מיטן "שער היחוד והאמונה", ביז אז ס'איז אויך דארטן געבליבן, און דער אלטער רבי האט דאס ניט משנה געווען, און שרייבט "כמו שית'" אין דער הקדמה פון "שער היחוד והאמונה", אע"פ וואס דער ענין איז נתבאר געווארן אין דער ערשטער חלק אין תניא - ווי דער תניא איז לפנינו.

וואס "יחוד" און "אמונה" - אט די צוויי נקודות, ווי ער איז מרמז אויך אין דער הקדמה.

סה. ובפרטיות יותר - זיינען דאך דא די צוויי חידושים וואס שטייען שוין בתורת הבעש"ט, אבער דער אלטער רבי האט זיך אויף זיי געשטעלט, און מבאר געווען און מסביר געווען מיט כמה חידושים.

וואס די ביידע ענינים זיינען, במדובר, מן הקצה אל הקצה, און דאס זיינען די צוויי נקודות, אז "צמצום איננו כפשוטו", וואס ס'זיינען דא מקובלים, לאחרי האריז"ל, תלמידי האריז"ל, תלמידי תלמידיו, ביז - אין זמן פון דעם אלטן רבי'ן, וואס זיי האבן געהאלטן אז "צמצום כפשוטו", און דער צווייטער ענין - דער ענין אז "לעולם ה' דברך נצב בשמים", אז די התהוות מאין ליש, איז ניט נאר "המחדש ... בכל יום תמיד", נאר בכל רגע, איז ער מהווה מעשה בראשית, און ווי דער אלטער רבי איז מרגיש, אז דאס איז פונקט ווי דאס איז נתהווה געווארן בפעם הראשונה, מאין ואפס ממש, און אזוי ווערט דאס בכל רגע, מאין ואפס ממש - די מציאות פון כל דבר שבעולם.

וואס דאס איז דאך אין דעם תחתון שאין תחתון למטה ממנו, רמובן פון דעם אגה"ק הידוע פון דעם אלטן רבי'ן - סי' כ"ף, ד"ה "איהו וחיוהי חד איהו וגרמוהי חד", אז דער עיקר ענין פון התהוות מאין ליש, איז דאס דוקא בעוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו.

דער ריחוק הערך, פון דעם דבר הנברא ונתהווה, לגבי דעם מקור המהווה שלו, איז ניט אזוי אין עולם האצילות והבריאה והיצירה והעשי' הרוחנית - ווי דאס איז אין עוה"ז הגשמי והחומרי.

וואס דאס איז אין תחתון שאין תחתון למטה ממנו, און דארטן זאגט מען אז בכל רגע ווערט נתהווה פון דעם וואס "אין לו סיבה ועילה ח"ו".

סו. וכמדובר אין די פריערדיקע התוועדות, אז איינגעטלעך שטייט דאס אין רמב"ם בפירוש, און גלייך בתחלתו, אין הל' יסודי התורה, און אין הל' יסודי התורה גופא - אין פרק ראשון, און אין דער הלכה הראשונה,

אז ס'איז דא א מציאות וואס איז ניט ווי אלע מציאות'ן זיינע.

און דערנאך זיינען דא "נמצאים", ביז אין "שלשול קטן שבים", אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, און פון וואס זיינען זיי נתהווה - זאגט ער ניט אז זיי זיינען נתהווה געווארן "בעשרה מאמרות", "בדבר ה' שמים נעשו", וכיו"ב, נאר ער זאגט אז פון עם אליין זיינען זיי נתהווה געווארן, וואס דיבור און מחשבה, און מאמרות כו' - דאס איז דאך אלץ ווי די ענינים שטייען מלובש אין א לבוש של דיבור, לבוש של כבוד וכיו"ב, ווי דער רמב"ם גופא איז מאריך אין "מורה נבוכים" ובכ"מ.

און דאס זאגט ער - פון וואס ווערן נתהווה "כל הנמצאים", אן קיין יוצא מן הכלל, ווערן זיי נתהווה פון דעם אויבערשטן אליין, און פון דעם אויבערשטן אליין - ניט ע"י מאמרו, אדער דיבורו וכיו"ב - דאס זיינען אלץ זייטיקע זאכן כביכול - זיי ווערן נתהווה "מאמיתת המצאו" "המצאו" - וואס איז א מציאות בלתי נמצא, ווי ער זאגט אין דער זעלבע הלכה, און אין דערויף גופא - "מאמיתת המצאו נתהוו כל הנמצאים".

וואס דאס איז אין א לשון נגלה, אבער מיט נאך מער הדגשה והבלטה און פירוט, נאכמערער ווי מ'זאגט אז די התהוות ווערט דורך "לעולם ה' דברך נצב בשמים", וואס דא איז דער לשון "דברך".

וכאמור - דאס איז קצה התחתון שאין תחתון למטה ממנו, ווארום די מציאות הכי גשמית, הכי תחתונה, איז דאס געמיינט א תחתון שאין תחתון למטה ממנו.

סז. דערנאך דארף מען דעם "צמצום" צי כפשוטו צי שלא כפשוטו, איז אויב די מחלוקת איז בנוגע צו תוארים פון דעם אויבערשטן - אין דערויף האלטן אלע, אז די השגחה פון דעם אויבערשטן - איז "אין עוד מלבדו", אפילו אויף "מעשה כשפים", וואס איז היפך ה', ביז אז "ה' אמר לקללי" - פארקערט פון דוד המלך, וואס אין כל עניני העולם איז ניטא קיין פלוגתא, ח"ו, אז א איד זאל זאגן אז ס'איז דא אן "אתר פנוי מיני'" - מהשגחתו, אדער מידיעתו, אדער משמיעתו, וכיו"ב - פון תוארים פון ה'.

בשעת אבער ס'קומט צו עם אליין, צו דעם אויבערשטן - צי דארטן קען זיין "צמצום", אט דא ווערן די צוויי דיעות: צי ס'איז דא אן ארט, אן ענין, וואס דארט האט ער זיך מצמצם געווען אדער מתעלם געווען, וכדוגמא הידוע, אז המלך יושב בהיכלו און איז מביט דורך דעם חלון במקום האשפה, וואס דאס איז די וואס זאגן "צמצום כפשוטו".

איז בנוגע צו זען דעם אשפה, זעט ער, ווארום אויב ניט - וואלט די "אשפה" ניט געווען קיין מציאות, "עיני ה' משוטטות בכל הארץ", עד"ז בשאר הענינים, אבער וואו איז מלך יושב - איז ער יושב בהיכלו, און מיטן שטורעם - והיתכן צו צוזאמען ברענגען "מלך" און "אשפה"?!

איז די נקודה פון תורת הבעש"ט, און די הדגשה פון דעם אלטן רבי'ן אין "שער היחוד והאמונה", אז ח"ו צו זאגן אז "צמצום כפשוטו", ווארום ס'איז ניט שייך צו זאגן אן ענין של "צמצום" אין אן ארט וואס דארט איז ניטא קיינע תוארים, קיינע מדידות, קיינע הגבלות, קיינע ענינים של הגבלה איזו שתהי' - אפילו לטוב, ווארום דאס איז דאך שוין א הגבלה.

וואס וואו איז די פלוגתא, און וואו איז דער אויפטו - איז דאס אין למעלה שאין למעלה ממנו, וכאמור, אז מביט במקום האשפה איז לכל הדיעות, אבער, אט דארט - צי במקום האשפה איז דא מערגיט ווי "מביט", אבער דער ענין פון "עצמות" איז דארט ניטא - איז אין דערויף איז דער אויפטו און די מסקנא און דער פס"ד, ביז אז די תלמידים פון די וואס האבן געזאגט אז "צמצום כפשוטו", האבן שוין אויך מודה געווען און איבערגעגאנגען, און אויך דערנאך געדרוקט, אז "צמצום אינו כפשוטו", ביז מיטן לשון, אז ח"ו צו זאגן אז "צמצום כפשוטו", בנוגע צו עצמות ומהות אליין.

סח. וואס דאס איז אויך די נקודות וואס מ'קען מבליט ומדגיש זיין, און אראפברענגען בנוגע למעשה בפועל - אז בשעת א איד דארף טאן אין די ענינים פון תורה ומצוותי', וואס ווי אזוי דארף מען דאס טאן - טוט ער דאס אין אן אופן פון "פדה", ער האט צוטאן מיט א מעמד ומצב, אז ער דארף "פודה זיין" דעם ניצוץ קדושה, אדער ער דארף זיך אליין "פודה זיין", אז ער זאל ניט נמשך ווערן נאך דעם חשך יכסה ארץ וערפל לאומים", וואס דאס טוט ער ע"י לימוד "תורה אור", תורת חיים, ומצוותי', עליהם נאמר "וחי בהם".

איז דעמולט פרעגט זיך בא עם די שאלה: "אתם המעט מכל העמים", עאכו"כ, אז אין דעם "מעט מכל העמים", גייט ער אליין ארויס למלחמה, ווארום דערווייילע אין תחלת הפסוק, האט ער דאך ניט דער "ברבים היו עמדי", און ער טאר ניט ווארטן ביז דעמולט ווארום "מצוה הבאה לידך אל תחמיצנה", ער טאר ניט ווארטן אויף מארגן, און אפילו ניט אויף א רגע שפעטער, עס קען דערווייילע ווערן חמץ.

איז דאס זאגט מען עם, אז דו זאלסט וויסן זיין, אז איצטער אין דער רגע ווערט אט די מציאות באשאפן מאין ואפס ממש, און דורך ווער?מען ווערט זי באשאפן - איז דאס דורך דער וואס "אין לו עילה וסיבה שקדמה לו ח"ו", ובלשון הרמב"ם, דאס ווערט באשאפן "מאמיתית המצאו".

איז וואס פאר אן אחיזה האט בא עם, אפילו אין שכל הפשוט, אז ער קען זיך ניט אמפערן, און ס'זאל זיין דער "וכבשן", "ויוסף הורד מצרימה - כבשן", ווייל דאס איז א גרויסע לאנד, און "מושל בכיפה" - בשעת די לאנד איז קיין מציאות ניט, זי ווערט ערשט איצטער באשאפן מאין ואפס ממש.

סט. ועד"ז לאידך גיסא: אז מ'זאגט אים אז אין די אלע ענינים איז ער א "גר", אין וואו איז זיין אמת'ע התיישבות, און זיין אמת'ע מציאות - ווען ער געפינט זיך "בארץ מגורי אביו, בארץ כנען", אז ער געפינט זיך אין "פלטרין של מלך", און אין "פלטרין של מלך" עצמה געפינט ער זיך צוזאמען מיטן מלך, ווארום ער איז "בני בכורי ישראל", "בנים אתם לה' אלקיכם", איז דאך פארשטאנדיק, אז וואו האלט דער מלך זיין "בני בכורי", און זיין "בנים אתם" - האלט ער זיי לעבן זיך.

בפרט נאך אז ער איז לומד תורה, וואס ווי ער זאגט אויף "ויקחו" - "אותי אתם לוקחים", ווי ער זאגט אין זהר, און דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין תניא.

במילא איז אויך פארשטאנדיק, אז מ'זאגט אז ס'איז דא אן ענין אין תורה, אן ענין אין קדושה, צו וועלכע דו האסט קיין שייכות ניט - זאגט ער: דאס קען ניט זיין! עס שטייט אין פסוק "מורשה קהלת יעקב", ער האט אפגע'ירש'נט גאנץ תורת משה, וואס תורת משה, א ירושה - ווערט ער בעה"ב אויף איר, וואס "תורת משה" האט פשט און רמז און דרוש און סוד, און דאס ווערט זיינע נכסים.

און אז ס'איז זיינע נכסים - דארף ער זיי נוצן - "לא ברא הקב"ה בעולמו דבר אחד לבטלה", דארף ער נוצן די נכסים, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אלץ א פס"ד אין הל' ת"ת, אז "אמרו חכמי האמת", אז א נשמה דארף משלים זיין כל עניניה, ובפרט אין לימוד התורה אין אלע ד' אופנים און דרכים, סיי אין פשט, סיי אין רמז, און סיי אין דורש, און סיי אין סוד -

ביז אזוי קומט אראפ באכאמאל למטה, ביז אז זי איז משלים אט די אלע ענינים, אין די אלע פיר אופנים.

בשעת אבער ער פרעגט: זאל מען דאס עס מסביר זיין אין שכל, אז ער זאל דאס קענען אויך מסביר זיין צו זיין שכל האנושי, צו דעם שכל פון דעם נפש הבהמית, מיט וועלכן ער האט צו טאן אין ענייני המסחר, פון עוה"ז הגשמי, אז זי זאל דאס אויך פארשטיין -

זאגט מען עם בפשטות: "צמצום איננו כפשוטו", איז דארט וואו ער געפינט זיך, געפינט זיך מיט עם "אמיתית המצאו", וואס "אמיתית המצאו" - איז "מי יאמר לו מה תעשה", ס'איז ניטא קיין מדידות והגבלות, נאר דער אויבערשטער וויל אז ס'זאל זיין "ובחרת בחיים".

דארף ער מכריז זיין אז ער וויל דאס פארשטיין, און דעמולט האט ער די הבטחה, ווי דער ענין איז בפשטות - די הוראה, אז "יגעת ולא מצאת אל תאמין", ס'איז א סימן אז אים פעלט אין יגיעה.

ע. ויה"ר, אז מיוסד על האמור, אז "המעשה הוא העיקר", זאל מען פון די אלע ענינים אראפברענגען במעשה בפועל, אז ווי גוט די שלימות איז געווען בימים ובשנים שעברו, האט מען דאך איצטער דעם נתינת כח נוסף פון שנת הקהל, א נתינת כח נוסף בשנת הקהל גופא - פון דעם חג הגאולה, און ווי די נשיאים רופן דאס אן - "חג החגים",

און אין דערויף גופא, איז אמת טאקע "ניט מיט אונזער רצון זיינען מיר געגאנגען אין גלות, און ניט מיט אונזער רצון וועלן מיר ארויס פון גלות", נאר "ואתם תלוקטו" - דער אויבערשטער וועט ארויספירן פון גלות, און דערווייליע זיינען מיר נאך אין גלות, "הורד מצרימה",

טייטשט אפ תושבע"פ [וואס דאס איז דער פירוש אויף תושב"כ, ווי דער רמב"ם זאגט אין הקדמה צו ספר יד החזקה, אז "התורה בפירושה ניתנה", ד.ה. אז גלייך ווען מ'האט געגעבן דעם פסוק "ויוסף הורד מצרימה", האט מען עס אויך געגעבן מיט דעם פירוש], אז "הורד", איז דאס "כבשן", און ניט סתם א כיבוש ווי א משנה למלך, נאר ווי ער ברענגט גלייך אראפ דעם פסוק "וירד", אז דאס איז אן ענין של רדי' און פון מושל ושולט ביד חזקה, און נאכמערער - דורך דערויף וואס ער טוט אויף בחלקו בעולם, דאס וואס מען דארף אויפטאן, ווערט דורך דערויף "וירד מים עד ים", ער ווערט א מושל בכל המציאות כולה.

ובפרטיות ווערט דאס אויפגעטאן, כאמור, ע"י "יפוצו מעינותיך חוצה", און מער בפרטיות - דורך לימוד התורה, נגלה וחסידות, וקיום המצוות בהידור,

ובלשון חז"ל אויף דעם פסוק "פדה בשלום נפשי", אז "כל העוסק בתורה ובגמ"ח ומתפלל עם הציבור".

עא. און דערפון קומט אראפ - וואס דאס איז אויך וואס כאן המקום להזכיר, אויף גרייטן זיך צו די הכנות צום ענין של חנוכה, אז ס'זאל זיין אין אן אופן אז ס'זאל באלייכטן "כל בית ישראל".

און ממבצע למבצע, דער ענין פון אהבת ישראל, און חינוך, און תורה, און תפילין, און מזוזה, און צדקה, און בית מלא ספרים - יבנה וחכמי', און הדלקת נרות שבת קודש ויו"ט, און כשרות האכילה ושתי', און טהרת המשפחה.

וואס די אלע ענינים ברענגען צו דעם מבצע וואס דער אויבערשטער טוט אין אן אופן פון "מיד", אז "ואתם תלוקטו לאחד אחד בית ישראל", "ושב ה"א את שבותך",

"והשיב לא נאמר אלא ושב את", אז דער אויבערשטער און די שכינה גייען צוזאמען, מיט יעדן אידן ארויס פון גלות,

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

עב. און אלץ התחלה בזה - וועט מען מסתמא אויך אויסטיילן די קארטלען, כדי יעדערער וואס וויל קען זיך משתתף זיין אין חלוקת הש"ס.

און מוסיף זיין בהחלטות טובות בנוגע צו "יפוצו מעינותיך חוצה", בנוגע צו די אלע מבצעים.

ובפרט אין דער מבצע שהזמן גרמא - אין דעם "מבצע חנוכה", כמדובר בארוכה אין די התוועדות שלפנ"ז.

און טאן אין די אלע ענינים מתוך שמחה אמיתית, שמחה וטוב לבב, איז דאס "פורץ גדר" - פורץ כל מדידה והגבלה, מ'טוט דאס מתוך הרחבה, ובאופן של הרחבה.

און מ'מאכט ליכטיק - "אור במושבותם", און מ'מאכט ליכטיק דער חלקו בעולם, און מ'איז מוסיף אור בכל העולם כולו, דורך די הכנה צו "הנרות הללו אינם בטלין לעולם".

און מ'גייט אין ביהמ"ק השלישי "מראה לכם נרות ציון",

במהרה בימינו ממש.

. כ"ק אדמו"ר שליט"א צוה לנגן ניגון הכנה, ניגון אדה"ז (בבא הרביעית - פעם א'), ניע זשוריצי כלאפצי.

אח"כ אמר: אזוי ווי ס'זיינען דאך דא די "צבאות ה'", וואס דער עיקר פון "צבאות ה'" זיינען די קליינע קינדער "הם הכירוהו תחלה", דערנאך זיינען דא אויך די "צבאות ה'", די גדולים בשנים, און אפילו די גדולים בידיעות,

איז אזוי ווי זייער ניגון איז, אז מ'וויל האבן משיח'ן טאקע גלייך, און ניט אפלייגן ח"ו, ובפועל ממש, למטה מעשרה טפחים,

ביז אז מ'זאל וויסן אין "כל אפסי ארץ" - אין לשון המדינה -

וועט מען מסתמא מסיים זיין מיט אט דעם ניגון, ובשמחה ובטוב לבב.

הילדים שיחיו התחילו לנגן "ווי וואנט משיח נאו".

אח"כ צוה לנגן עוצו עצה ותופר.

אח"כ התחיל כ"ק אדמו"ר שליט"א לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

בס"ד. שיחת ש"פ וישב, ה׳תשמ"א. הנחה הת׳ בלתי מוגה

א. ס׳איז דאך דער שבת צווישן י"ט כסלו און חנוכה.

וואס אין שבת זיינען דא צוויי ענינים: א) אן ענין וואס איז פארבונדן מיט די ימי השבוע וואס קומען פאר שבת, ובנדו"ד - כולל אויך דעם טאג פון י"ט, ב) אן ענין וואס איז פארבונדן מיט די ימי השבוע וואס קומען נאך דעם שבת, ובנדו"ר - כולל אויך ימי החנוכה.

און פריער קומט דער ענין וואס איז פארבונדן מיט דעם עבר, און דערנאך דער ענין פארבונדן מיטן עתיד, ווי דאס איז בפשטות אין זמן, אז פריער קומט עבר און דערנאך עתיד.

און דער ענין אין שבת וואס איז פארבונדן מיטן עבר האט א ווירקונג און לאזט א רושם אויף דעם ענין אין שבת וואס איז פארבונדן מיטן עתיד.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין דעם שבת קומט פריער דער ענין פון י"ט כסלו און דערנאך דער ענין פון חנוכה, און (דער ענין אין דעם שבת פארבונדן מיט) י"ט כסלו האט דערנאך א ווירקונג אויף (דעם ענין אין דעם שבת וואס איז פארבונדן מיט) חנוכה.

ב. און דאס איז ניט נאר מצד דעם זמן, אז פריער קומט עבר און דערנאך עתיד - נאר דערפאר וואס אין תורה שבכתב שטייט נאר דער ענין ווי שבת איז פארבונדן מיטן עבר - "שבת וינפש"[1], וואס דאס מיינט בפשטות אז שבת פון דער עבודה בימי השבוע שלפנ"ז; משא"כ אז שבת איז פארבונדן מיטן עתיד, וואס "מיני׳ מתברכין כולהו יומין" שטאמט פון דער תורה שבעל פה[2] וביאוריו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס וואס שבת איז פארבונדן מיט די ימי השבוע שלפני׳ האט א קדימה אויף דערויף וואס שבת וואס איז פארבונדן מיט די ימי השבוע שלאחרי׳.

ואע"פ אז "תורה בפירושה ניתנה", ווי דער רמב"ם זאגט[3], ד.ה. אז תושב"כ איז געגעבן געווארן צוזאמען מיט תושבע"פ,

אעפ"כ קומט פריער תושב"כ, ווארום "אחת דיבר אלקים שתים זו שמעתי"[4], ווארום מצד דעם שומע איז אין האוזן יכולה לסבל און אויפנעמען צוויי זאכן בבת אחת, נאר פריער דארף ער הערן איין זאך און דערנאך א צווייטע זאך -

- דעריבער -

---

1) תשא לא, יז. 2) זח"ב סג, ב. פח, א. 3) בהקדמתו לספרו יד החזקה. 4) תהלים סב, יב.

דעריבער איז אפילו אז "תורה בפירושה ניתנה", איז אבער א דערויף גופא האבן אידן פריער געהערט (באקומען) תושב"כ און דערנאך תושבע"פ.

און תושב"כ האט ניט נאר א קדימה אין זמן אויף תושבע"פ, נאר אויך א מעלה און קדימה אין ענין תוכן: וועז איז שייך דער גאנצער ענין פון "פירושה", דער פירוש אויף דוקא וועז ס'איז דא די "תורה" וועלכע מ'איז מפרש. ?

ובפרט ווי דאס איז מודגש אין סדר לימוד התורה פון "ושננתם לבניך"[5]: פריער איז מען א "בן חמש" און דעמולט לערנט מען "מקרא", דערנאך "בן עשר למשנה", דערנאך "בן חמש עשרה לגמרא"[6], פריער לערנט מען תושב"כ און ערשט דערנאך תושבע"פ.

ג. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין דעם שבת קומט פריער דער ענין פון י"ט כסלו וואס איז אין דעם שבת - ד.ה. ווי י"ט כסלו שטייט אין דעם שבת אין אן אופן פון "וינפש", ביז אין אן אופן פון "ויכולו"[7], מלשון "שכלול" און כליון, און נאכמער - מלשון תענוג, ווי דער צ"צ טייטשט דאס אפ[8],

און דערנאך קומט מען צום צווייטן ענין אין דעם שבת, ווי ער האט א שייכות צו די ימי השבוע שלאחרי', ובנדו"ד צו די ימי החנוכה.

ואע"פ אז דאס קומט ערשט נאך דעם ערשטן ענין אין שבת, איז אבער פאראן אין דעם א מעלה לגבי דעם ערשטן ענין. והביאור בזה:

ס'איז מבואר, אז עס איז דא דער ענין פון "לחזות בנועם הוי'"[9], וואס דאס איז דער תענוג האדם דערפון וואס ער ווערט נתאחד מיט אלקות ביז מיט עצמות ומהות[10]; און ס'איז דא דער ענין פון "אני נבראתי לשמש את קוני"[11], די עבודה פון לעשות לו יתברך דירה בתחתונים, וואס דאס איז דאך אין אן אופן פון "שימוש".

און די עבודה פון לשמש את קוני איז עיקר האדם, ווארום "אני נבראתי לשמש את קוני", ובפרט לויט דער צווייטע גירסא[12] "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני".

און כאטש אז בפשטות איז "לחזות בנועם הוי' ולבקר

- בהיכלו" -

---

5) ואתחנן ו, ז. 6) אבות ספ"ה. 7) בראשית ב, א. 8) אוה"ת בראשית מב, ב ואילך. תקח, א ואילך. 9) תהלים כז, ד. 10) תו"א שמות מח, סע"א ואילך. אוה"ת שם ע' י ואילך. ועוד. 11) משנה ובריי תא סוף מס' קידושין. 12) הובא במלאכת שלמה למשנה שם. וראה יל"ש ירמי' רמז רעו.

בהיכלו" העכער ווי דער ענין פון "לשמש את קוני", לעשות לו
ית' דירה בתחתונים - ווארום דא האט ער דעם גאנצן עילוי און
תענוג פון "לחזות בנועם הוי' ולבקר בהיכלו", משא"כ לעשות
לו ית' דירה בתחתונים דארף ער ערשט אויפטאן, און ער ווייסט
ניט ווי לאנג עס וועט אים נעמען, ווארום ס'איז אן עבודה
אין א סדר מן הקל אל הכבד, מן המוקדם אל המאוחר, און לאו
דוקא אז ער וועט אין דעריף מצליח זיין -

אעפ"כ זאגט אז "יפה שעה אחת תשובה ומעשים טובים
בעוה"ז מכל חיי עוה"ב"[13], וואס"תשובה ומעשים טובים בעוה"ז"
איז די עבודה פון "לשמש את קוני", מאכן א דירה לו ית'
בתחתונים, און "חיי עוה"ב" איז דער ענין פון "לחזות בנועם
הוי' ולבקר בהיכלו".

און דאס איז ניט נאר העכער, נאר דאס איז באין ערוך
העכער, ובלשון החסידות[14], דער ענין פון "לחזות בנועם הוי'
ולבקר בהיכלו","חיי עוה"ב" - איז דער תענוג נברא, משא"כ
די עבודה לעשות לו ית' דירה בתחתונים, " תשובה ומעשים
טובים בעוה"ז - איז דער תענוג בורא, "נחת רוח לפני שאמרתי
ונעשה רצוני"[15], און ס'איז דאך מובן בפשטות דער אין ערוך
פון (תענוג) נברא מיט (תענוג) בורא.

ד. עד"ז איז פארשטאנדיק די מעלה פון דעם ענין אין דעם
שבת וואס איז פארבונדן מיט (די ימים שלאחרי', כולל) ימי
חנוכה, לגבי דעם ענין אין דעם שבת וואס איז פארבונדן מיט
(די ימים שלפני', כולל) י"ט כסלו:

די צוויי ענינים פון "לחזות בנועם הוי' ולבקר בהיכלו",
חיי עוה"ב און די עבודה פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים,
"תשובה ומעשים טובים בעוה"ז" - זיינען ע"ד די צוויי ענינים
הנ"ל אין שבת:

דער ענין פון "לחזות בנועם הוי' ולבקר בהיכלו" איז
ע"ד ווי אין שבת איז "ויכולו" פון די ימים שלפנ"ז, ביז
אין אן אופן פון תענוג, "וקראת לשבת עונג"[16], וואס ווערט
פון "מי שטרח בערב שבת"[17], תענוג וואס קומט לאחרי העבודה;
און די עבודה פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים איז ע"ד
וואס שבת איז משפיע אין די ימים שלאח"ז, וואס מ'גייט אריין
אין וואכעדיקע טעג וואס "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[18]
אויף מאכן א דירה לו ית' בתחתונים, וואס'די ימים הבולטים
אין דער קומענדיקער וואך זיינען די ימי החנוכה.

- און -

------------

13) אבות פ"ד מי"ז. 14) המשך וככה תרל"ז פי"ב.
15) ספרי פינחס כח, ח. 16) ישעי' נח, יג. 17) ע"ז ג, א.
18) זח"ג צד, ב.

און דערביי איז פאראן די מעלה, פון "יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים בכל חיי עוה"ב", וואס טוט אויף תענוג בורא.

ה. לאידך גיסא: בכדי אז די עבודה בתשובה ומעשים טובים בעוה"ז זאל זיין בתכלית השלימות – דארף פריער זיין די הקדמה פון "לחזות בנועם הוי' ולבקר בהיכלו".

ווי דאס איז אויך בפשטות: ס'איז אינו בדומה צו מ'גייט אריין אין דער עבודה פון ימי החנוכה מיט דער הקדמה פון התבוננות אין דעם ענין פון י"ט כסלו, דער יום סגולה און יום בשורה[19] און חג החגים[20], ובפרט ווי י"ט כסלו ווערט נתעלה אין דעם שבת שלאחריו אין אן אופן פון "ויכולו", מיט די ביידע פירושים, סיי מלשון "הכל" און "כל"[21] און סיי מלשון תענוג (כנ"ל) – אדער מ'גייט אריין אין דער עבודת ימי החנוכה אן הקדמת ההתבוננות זו.

און דעריבער אע"פ אז אין דעם שבת איז דא דער עילוי פון ימי החנוכה, פון "יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים בעוה"ז מכל חיי עוה"ב, תענוג בורא – דארף מען אבער האבן די הקדמה פריער וועגן דעם ענין פון י"ט כסלו (וואס ווערט נתעלה אין דעם שבת).

ו. בקשר צו דער גאולה פון י"ט כסלו שרייבט דער אלטער רבי אין אגרת שלו הידועה[22]:"וכשקריתי בס' תהלים פדה בשלום נפשי, קודם שהתחלתי פסוק שלאחריו, יצאתי בשלום מה' שלום".

וואס אין רובם ככולם, אדער אין כולם פון די נוסחאות דמכתב זה שטייען נאר די ווערטער "פדה בשלום נפשי" פון דעם פסוק, אפילו אן א"וגו'".

[וואס דאס גופא צריך ביאור, דלכאורה "כל פסוקא דלא פסקי' משה אנן לא פסקינן לי'"[23], און דא אין דעם פסוק זיינען דא מערער ווערטער ווי "פדה בשלום נפשי" ואעפ"כ שרייבט זיי ניט דער אלטער רבי און איז זיי אפילו ניט מרמז מיט א[24]"וגו'"?] .

הגם אז נאך "כשקריתי בס' תהלים בפסוק פדה בשלום נפשי" שרייבט דער אלטער רבי "קודם שהתחלתי פסוק שלאחריו", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז ער האט פארענדיקט דעם

- גאנצן -

---

19) ראה שו"ת מן השמים (להר"י מקורביל) ס"ה. וראה לקו"ש ח"י ע' 270 בהערה. 20) חוברת י"ט בהקדמה. וראה לקו"ש ח"ה ע' 436 ואילך. 21) ראה אוה"ת הנסמן לעיל הערה 8. 22) נדפס באגרות קודש אדה"ז סל"ח-ט (ע' צז ואילך). בית רבי ח"א פי"ח (לה, סע"א ואילך). וראה גם "היום יום" י"ט כסלו (ע'ד). 23) מגילה כב, א. 24) ראה "פתח דבר" (מכ"ק אדמו"ר שליט"א) ל"מפתחות לספר התניא" הערה 3.

גאנצן פסוק "פדה בשלום נפשי" - אעפ"כ וועלכע ווערטער פון תושב"כ איז ער מעתיק בפירוש אין דעם בריוו, נאר די ווערטער "פדה בשלום (נפשי)".

איז דערפון פארשטאנדיק אז די גאולה פון י"ט כסלו איז פארבונדן דוקא מיט די ווערטער "פדה בשלום", און דערפון איז אויך פארשטאנדיק די הוראה וואס מ'נעמט ארויס פון י"ט כסלו.

ז. והביאור בזה:

דער ענין פון "פדה" באווייזט אויף א מצב וואו עס קען זיין א דבר המעלים ומסתיר ומנגד, און דערפון ווערט מען נפדה,

און דאס באווייזט ניט נאר אז עס קען זיין א מצב פון העלם והסתר, נאר אז בפועל איז געווען א מעמד ומצב פון העלם והסתר, ווי דאס איז געווען בפשטות בא דעם מאסר פון דעם אלטן רבי'ן, אז ער איז בפועל געווען אין מאסר נ"ג ימים[25], און דערנאך איז ער דערפון נפדה געווארן.

ד.ה. "פדה" באווייזט בכללות אויף א מצב וואס פאדערט מלחמה מיט א מנגד און די מלחמה פועל'ט די פדי'.

"בשלום" באווייזט אבער אויף פונקט א פארקערטן קצה - אז ס'איז בכלל ניטא קיין מנגד, און במילא איז ניטא קיין מלחמה. ס'איז א מצב פון שלום.

און כאטש אז די צוויי ענינים, "פדה" און "בשלום" זיינען צוויי פארקערטע קצוות (א דבר והיפוכו) - זאגט מען זיי דאביידע צוזאמען, "פדה בשלום".

און ניט מ'זאגט אז פריער איז דא א מצב פון "פדה", און דערנאך ווערט מען נתעלה צו א העכערן מצב פון "בשלום" - נאר "פדה בשלום", אז דער "פדה" איז באופן פון "בשלום".

נאר צוזאמען דערמיט איז מען פריער מקדים "פדה" און דערנאך זאגט מען "בשלום", וואס באווייזט אז דער ענין פון "פדה" אליין איז אויך אן ענין עיקרי, און שפעטער איז ער מוסיף נאך אן ענין עיקרי (וואס קומט גלייך צוזאמען מיט "פדה) אז "פדה" זאל זיין "בשלום".

ווארום אויב דא איז נוגע בלויז איין ענין עיקרי אז "פדה" דארף זיין אין אן אופן פון "בשלום" (און ניט די הדגשה אז דער "פדה" בפ"ע איז אויך אן ענין עיקרי) - האט דאך דא געקענט שטיין "בשלום פדה", וואס וואלט באוויזן אז

- דער -

---

25) סה"ש תש"ג ע' 59.

דער "פדה" דארף זיין דוקא "בשלום";

דערפון וואס עס שטייט "פדה בשלום", איז פארשטאנדיק אז איין ענין עיקרי איז דער ענין פון "פדה", און צוזאמען דערמיט איז מען מוסיף נאך אן ענין עיקרי אז דער "פדה" דארף זיין "בשלום".

ח. די הוראה דערפון אין עבודת האדם לכאו"א:

צום אלעם ערשטן דארף זיין די עבודה פון "פדה" - צו פודה זיין זיך און פודה זיין די עניני העולם וואס זיינען חלקו בעולם און פודה זיין אלע אידן מיט וועמען ער טרעפט זיך.

צוזאמען דערמיט דארף די עבודה פון "פדה" זיין "בשלום": ווי דער אלטער רבי שרייבט אין אגה"ת[26] [וואס איז שוין געשריבן געווארן פאר דער גאולה] אז עבודת האדם בזמן הזה זאל ניט זיין אין אופן פון פראוון תעניות און סיגופים, נאר אין אן אופן פון בשלום".

וכתורת הבעש"ט הידועה[27] [וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט איבערגעגעבן בשם אביו, דער רבי נ"ע] אויפן פסוק[28] "כי תראה חמור שונאך גו' עזוב תעזוב עמו" - אז כאשר "כי תראה חמור - כאשר תסתכל בעיון טוב בהחומר שלך שהוא הגוף, תראה - שנאך - שהוא שונא את הנשמה המתגעגעת לאלקות ורוחניות כו'", דארף אבער זיין "עזוב תעזוב עמו - לברר את הגוף ולזככו ולא לשברו בסיגופים".

פריער מוז אבער זיין די עבודה פון "פדה" - ווי דער ווארט פון דעם רבי'ן נ"ע[29], אז איצטער דארף זיין "חטוף ואכול חטוף ואישתי"[30], ניט מ'לאזט זיך אריין אין חשבונות וואס צו טאן פריער און וואס שפעטער. נאר ווען עס מאכט זיך אן ענין אין תומ"צ דארף מען דאס גלייך טאן.

און ווי ראס איז אויך מורגש אין תורת הבעש"ט הנ"ל: פריער זאגט ער "כי תראה חמור - כאשר תסתכל בעיון טוב בהחומר שלך שהוא הגוף, תראה - שונאך - שהוא שונא את הנשמה כו'", וואס דערפון איז פארשטאנדיק צו וועלכער מסקנה מ'קומט בנוגע צום טאן מיטן גוף אוודאי באופן פון "פדה";

רערנאך איז ער גלייך מוסיף "עזוב תעזוב עמו", אז די עבודה דארף זיין אין אופן פון "פדה בשלום", "לברר את הגוף ולזככו ולא לשברו בסיגופים".

- דערפון -

---

26) פ"ג (צב, ב)  27) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות סי' טז. וש"נ.  28) משפטים כג, ה.  29) ראה מכתב כ"ק אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע במבוא לקונטרס ומעיין ע' 22. וראה גם לקו"ש ח"א ע' 7-86. ובארוכה לקו"ש עקב תש"מ.  30) עירובין נד, א.

ט. דערפון האט מען אויך די הוראה בנוגע צו דעם וואס די רביים מאנען אז מ׳זאל טאן אין הפצת המעינות חוצה בתוככי הפצת היהדות.

קען מען דאך מיינען אז וויבאלד "דרכי׳ דרכי נועם וכל נתיבותי׳ שלום"[31], דארף מען זיך פריער מתבונן זיין ווי מ׳דארף טאן אז מ׳זאל חלילה קיינעם ניט אנרירן, און מ׳דארף באטראכטן אלע פרטים אז די גאנצע ארבעט זאל זיין בשלום, און מ׳דארף פריער לערנען די מאמרים פון "פדה בשלום" וכו׳ -

זאגט מען אים אז איצטער איז די צייט פון "חטוף ואכול חטוף ואישתי" - לכל לראש דארף זיין די עבודה פון "פדה".

י. דערביי איז מען אבער גלייך מוסיף און מדגיש אז דער "פדה" דארף זיין "בשלום". ויש לומר הביאור בזה:

דאס וואס די עבודה פון "פדה" דארף זיין "בשלום" איז אן אויפטו וואס איז געווארן בבוא הזמן ווען "מצוה לגלות זאת החכמה"[32], בדורו של האריז"ל.

ובפרט נאך דערויף וואס ס׳איז צוגעקומען דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה"[33], וואס דעמולט האט זיך אויפגעטאן אז די מעינות דארפן אנקומען אין וועלט נאך מערער ווי בשעת "מצוה לגלות זאת החכמה" - ווארום "מצוה לגלות זאת החכמה" איז דאך נאר בנוגע צו אידן, און ניט צו אומות העולם, משא"כ "יפוצו מעינותיך חוצה". דארף דאך אויך אנקומען אין "חוצה", וואס דאס איז דאך א "חוצה" שאין למטה הימנו אין וועלט ווי עס שטייט אין משנה[34] בנוגע צו א צווייטן ענין, אבער דערפון פארשטאנדיק אויך בנדו"ד, ובמילא איז דאס אויך כולל אז דאס זאל אנקומען צו די שבעים אומות. ווי דער דין איז[35], אז א איד דארף פועל׳ן אז גוים זאל׳ן מקיים זיין שבע מצות דילהו. און לערנען הלכות און תורה השייכות להם[36] -

ווארום דעמולט האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון "פדה בשלום" אין תורה. און וויבאלד אז "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[37], ווערט דעמולט דער סדר אין וועלט און אין דער עבודה וואס מ׳טוט אין וועלט.

יא. והביאור בזה:

- דער -

---

31) משלי ג, יז. 32) אגה"ק סכ"ו (קמב, ב) בשם האריז"ל. וראה הקדמת הרח"ו לשער ההקדמות (נדפס גם בסוף קונטרס עה"ח). הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"א ס"ד. ובארוכה קונטרס עה"ח. קונטרס לימוד החסידות פ"י ועוד. 33) אגה"ק הידועה דהבעש"ט - נדפסה (גם) בכש"ט (הוצאת קה"ת) בתחלתו. 34) רפ"ה דמקואות. רמב"ם הל׳ מקואות פ"ט ה"ס. וראה לקו"ש ח"ד ע׳ 1119 ואילך ובהערות שם. ח"י ע׳ 244 ובהערה 5. 35) רמב"ם הל׳ מלכים פ"ח ה"י. 36) רמב"ם שם פ"י ה"ט. 37) זח"ב קסא, ריש ע"ב. וראה גם ב"ר בתחלתו.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

דער אויפטו פון "מצוה לגלות זאת החכמה" און (נאכמער) "יפוצו מעינותיך חוצה", איז - אז נוסף צו דעם וואס בא יעדערן דארף זיין דער לימוד פון נגלה דתורה, דארף אויך זיין בא יעדערן דעם לימוד פון פנימיות התורה.

וואס נגלה דתורה איז דער ענין פון "פדה" אין תורה און פנימיות התורה איז דער ענין פון "שלום" שבתורה.

[ובכללות איז דאס דער חילוק צווישן תורה און תפלה: תורה איז א בירור בדרך מנוחה, בשלום[38], און תפלה איז א בירור בדרך מלחמה, "שעת צלותא שעת קרבא"[39], אין אן אופן פון "פדה", אז ס'איז דא מנגד און מ'ווערט פין אים נפדה]:

אין נגלה דתורה איז שייך קושיא און מחלוקת, און בשעת ער לערנט א קשיא און מחלוקת אין נגלה דתורה איז דאס די זעלבע מצוה און ער דארף עס טאן מיטן זעלבן שטורעם ווי בשעת ער לערנט אן ענין אין תורה וואו ס'איז ניטא קיין קשיא ומחלוקת - וואס דאס איז דער ענין פון "פדה" אין תורה, אז ס'איז דא א קשיא, א מחלוקת וכיו"ב; ס'איז ניט דער ענין פון "שלום".

און וויבאלד אז "אסתכל באורייתא וברא עלמא", איז כל זמן ס'איז געווען בעולם נאר דער לימוד הנגלה (פאר דעם זמן פון "מצוה לגלות זאת החכמה"), איז די עבודה אין וועלט געווען (בעיקר) אין אן אופן פון "פדה" [וואס דער מאמר "חטוף ואכול חטוף ושתי" שטייט דאך אין גמרא];

משא"כ אין פנימיות התורה איז "לית תמן לא קשיא כו' ולא מחלוקת"[40], דער ענין פון שלום אין תורה,

און וויבאלד אז "אסתכל באורייתא וברא עלמא", איז בשעת ס'איז געקומען דער צייט וואס "מצוה לגלות זאת החכמה", און נאכמער, ווען ס'איז צוגעקומען דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" - איז אויפגעטאן געווארן אז די עבודה אין וועלט דארף אויך זיין אין אן אופן פון "פדה <u>בשלום</u>".

יב. וויבאלד אז פריער שטייט "פדה" און דערנאך "בשלום", איז דער ערשטער עיקר אז עס זאל זיין "פדה", דער ענין הנגלה, און גלייך קומט צו דער צווייטער עיקר אז עס זאל זיין "פדה בשלום", דער ענין פון פנימיות התורה, כנ"ל (ס ). ?

וע"ד ווי די גמרא זאגט בנוגע לכמה ענינים, אז שקולים

- הם -

---

38) ראה ד"ה פדה בשלום (סו"ב כסלו) ש.ז. ס"ג. וש"נ.
39) לקו"ת ר"פ תצא בשם הזהר. 40) זח"ג קכד, א (ברע"מ). נתבאר באגה"ק סכ"ו.

הם ויבואו כאחד, אבער וויבאלד אז מ'קען זיי ניט שרייבן ביידן צוזאמען בבת אחת, שרייבט מען איינעם פריער און דעם צווייטן גלייך נאך דעם; אבער דאס גופא וואס מ'שרייבט דעם ערשטן פריער באווייזט אז דער ערשטער ענין האט א קדימה אויך במעלה.

ווארום לכאורה איז דאך מי יאמר לו מה תעשה[41]: פונקט ווי "אחת דיבר אלקים", צוויי דיבורים בבת אחת, האט ער דאך אויך געקענט מאכן אז ס'זאל זיין ניט "שתים זו שמעתי", נאר אויך "אחת שמעתי", צוויי דיבורים בבת אחת -

אעפ"כ זעט מען אז דער אויבערשטער האט אזוי ניט געמאכט. איז דערפון מוכרח צו זאגן, אז הגם וואס די צוויי ענינים זיינען טאקע שקולין הן, איז אבער דאס וואס איינער קומט פארן צווייטן א באוויז אז דער ערשטער האט א קדימה.

ועד"ז בענין "פדה בשלום", אז "פדה" און "בשלום" זיינען טאקע שקולין, וויבאלד אבער "פדה" שטייט פאר "בשלום" איז בפועל ממש ביים טאן די עבודה קומט פריער דער ענין פון "פדה" און דערנאך "בשלום".

יג. די הוראה דערפון בפשטות:

בשעת מ'גייט ארויס אין גאס רעדן מיט א צווייטן אידן וועגן תומ"צ, איז אע"פ אז מ'רעדט מיט אים סיי נגלה און סיי פנימיות התורה צוזאמען - איז אבער דער ערשטער דיבור בגשמיות, דארף זיין וועגן מעשה בפועל, דער ענין הנגלה ("פדה"). און גלייך דערנאך, תיכף ומיד, דארף מען מיט אים רעדן וועגן פנימיות התורה ("פדה <u>בשלום</u>").

קודם דארף זיין דער ענין פון מעשה בפועל, וואס דאס איז דער נחת רוח בורא. "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני". און דערפאר איז "יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים בעוה"ז מכל חיי עוה"ב"; דער-ביי דארף מען אבער ניט בלייבן, נאר עס דארף דערנאך זיין, אויך דער ענין פון דער נחת רוח נברא, וואס דאס זיינען די גילויים פון פנימיות התורה.

ואע"פ אז אין די מעינות גופא, אין המשך וככה איז ער מדגיש דעם ענין פון נחת רוח בורא - איז אבער איצטער די צייט וואס צוזאמען דערמיט דארף גלייך זיין דער "פדה <u>בשלום</u>", דער נחת רוח נברא.

וואס בפשטות מיינט דאס אז בשעת מ'רעדט מיט א אידן אין גאס, איז נאך דערויף וואס מ'האט אים געזאגט וועגן

- מעשה -

---

41) קהלת ח, ד.

מעשה בפועל, און וועגן דעם ענין הנגלה בזה - דארף מען אים גלייך מסביר זיין וואס אידישקייט איז און וואס תורה איז, און אז ס'איז דא א גאנצע תורה מיט תרי"ג מצוות און פנימיות התורה וכו', מ'דארף מיט אים וועגן אלץ רעדן, און ניט אפלייגן דאס אויף שפעטער.

שלא כדעת הטועים וואס מיינען אז אויב מ'וועט מיט יענעם וועגן אלץ רעדן וועט מען אפשר דערנאך ניט קענען פועל'ן אויף אים, ווארום ער וועט אינגאנצן נתבלבל ווערן. איז דאס ניט אזוי נאר מ'דארף אים גלייך זאגן וועגן אלץ, און דאס ניט אפלייגן אויף שפעטער.

ווארום וויבאלד אז ס'איז איצטער די צייט ווען "מצוה לגלות זאת החכמה", ביז אין אן אופן פון "יפוצו מעינותיך חוצה" - איז א זיכערע זאך אז מ'דארף וועגן דעם רעדן מיט יעדן איינעם.

און דאס וועט אים ניט מבלבל זיין, ואדרבה - לב ישראל ער הוא[42], און בשעת מ'וועט רעדן דברים היוצאים מן הלב וועט דאס זיין נכנסים אל הלב[43], און מ'וועט זיכער פועל'ן.

וכהסיפור הידוע מיט כ"ק מו"ח אדמו"ר[44]: דער מלמד לבנותיו האט געוואלט לערנען מיט זיי נאר וועגן ענינים המובנים ע"פ שכל, אבער ניט וועגן עניני נסים. האט כ"ק מו"ח אדמו"ר, ע"פ ציווי פון דעם רבי'ן נ"ע, דאס אינגאנצן שולל געווען, און געזאגט אז מ'דארף זיי באלד דערציילן וועגן ענינים נסיים, גלייך נאך דעם "פדה" דארף זיין דער "בשלום".

יד. וואס דערפון האט מען א הוראה בנוגע צום כללות'דיקן צוגאנג ביים מקיים זיין שליחותו פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, פון "יפוצו מעינותיך חוצה", אז דאס דארף זיין אין אופן פון "פדה בשלום":

וויבאלד אז מ'הייסט טאן אין יפוצו מעינותיך חוצה, דארף מען אין דערויף גלייך טאן, "חטוף ואכול חטוף ושתי",

און ניט אפלייגן דאס אויף שפעטער, אז פריער וועט ער זיין אוכל ושותה וישן ומטייל ועוסק במשא ומתן וכו' - נאר גלייך טאן אין דעם.

טאקע טאן אין אן אופן מסודר, בכדי עס זאל ניט זיין קיין בלבול, וואס וועט שטערן צו דער הצלחה, און וויבאלד אז היפך הסדר ברענגט צו היפך ההצלחה, איז דאס במילא היפך

- הכוונה -

------------

42) ראה יל"ש עה"פ (שה"ש ה, ב) אני ישנה ולבי ער (רמז תתקפח). 43) ספר הישר לר"ת שער יג - הובא בשל"ה סט, א.
44) ראה גם לקו"ש עקב תש"מ ס"ה.

הכוונה. דארף מען טאקע טאן באופן מסודר אבער טאן אין דעם בזריזות. און ניט אפלייגן דעם גאנצן ענין אויף אן אנדערער זמן.

מ'קען דאך טענה'ן: "לא קאי איניש אדעתי' דרבי' עד ארבעין שנין"[45], איז פריער וועט מען ווארטן פערציק יאר זינט מ'האט געהערט די הוראה און שליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס ער האט געשריבן אדער געזאגט בע"פ וכו', און ניט אז מ'וועט סתם ווארטן און מבטל זיין דער זמן ח"ו, נאר מ'וועט כסדר הארעווען און לערנען אין וואס ס'באשטייט דער שליחות, און ערשט דערנאך, נאך ארבעים שנה, וועט מען גיין טאן!

זאגט מען אז דאס איז היפך הרצון און היפך הכוונה, און וויבאלד אז "צדיקים דומין לבוראן"[46] איז דאס אויך היפך רצון ה', וואס דאס איז כל מציאותו פון א אידן, "אני נבראתי לשמש את קוני".

ווי רבותינו נשיאינו האבן אליין ארויסגעגעבן די הוראה[47] אז "יפה שעה אחת קודם"[48], וואס דאס איז ניט דער פירוש דוקא א שעה, נאר אפילו א רגע, ביז איין "שעה" בלשון הטי', "איין קער".

נאך ארבעין שנין וועט ער טאקע טאן מיט נאך א גרעסערער שלימות - אבער דאס מיינט ניט אז ביז דעמולט דארף ער גארניט טאן, אדרבה - ער דארף די גאנצע צייט טאן!

סו. און אין דערויף דארף טאן יעדער איינער אן אויסנאם, ווארום ס'איז דאך "מצוה לגלות זאת החכמה", ועאכו"כ נאך דעם מענה פון משיח להבעש"ט אז עס דארף זיין "יפוצו מעינותיך חוצה", ועאכו"כ נאך דעם אויפטו פון דעם אלטן רבי'ן בענין זה, ובפרט נאך דער גאולה פון י"ט כסלו, נאך פעטערבורג, כהשיחה הידועה פון דעם רבי'ן נ"ע[49],

ועאכו"כ נאך דעראויף וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט אויפגעטאן דעם ענין אז די מעינות זאלן אויך אנקומען צו נשים, און פארשפרייט ווערן בלשון המדוברת,

ובפרט נאך ווי ער שרייבט אין מכתבו לגאולה שלו[50], אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה", נאר אלע אידן ביז אפילו אזעלכע

- אידן -

---

45) ע"ז ה, ב. 46) ב"ר פס"ז, ח. 47) ראה סה"מ קונטרסים ח"ב ע' 792. ד"ה אני לדודי תרצ"ג ס"ג (סה"מ קונטרסים ח"ג ע' קד). שיחת שמח"ת תרפ"ה. 48)

אידן וואס נאר "בשם ישראל יכונה",

וואס זיין גאולה איז דאך אויך פארבונדן מיט דער גאולה פון י"ט כסלו, כמאמר כל גאולות חד שמה הוא[51].

? טז. און אין דעם אלעמען דארף יעדערער אליין טאן, ניט נאר ממנה זיין א שליח וואס זאל טאן וכו'.

און וויבאלד אז אטו בשוטני עסקינן"[52], איז א זיכערע זאך אז יעדער איינער און איינע האט מחליט געווען צו טאן אין "יפוצו מעינותיך חוצה", און טאן בפועל ממש - "טאפארא דא פלאחא"[53]:

יז. די התחלה צו טאן אין דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה דארף זיין מיט זיך אליין.

וואס יעדער ענין ביי א מענטשן וואס איז א ביסל נידעריקער פאר אמונה שלו, אפילו חכמה שלו, וואס חכמה איז ראשית פון מוחין[54]- ווערט אנגערופן "חוצה"[55], און דארטן דארף ער ממשיך זיין די מעינות.

און דאן דארף יעדער איד טאן אין דעם אויך בנוגע צו אנדערע אידן, יעדער איר דארף זיך כולל זיין מיט אלע אנדערע אידן [ע"ד ווי מ'דארף עס טאן קודם התפלה[56] - "ואהבת לרעך כמוך"[57].

און דאס ברענגט צו דעם צווייטן טייטש אין "רעך", ווי רש"י ברענגט אראפ[58] "ריעך ורעה אביך אל תעזוב - זה הקב"ה"[59], און דורך דעם זיינען אידן ממשיך דעם "אהבתי אתכם אמר ה'"[60], ווי דער רשב"י איז מפרש[61] דעם פסוק.

און אזוי ווי אהבת עצמו איז דאך באופן פון "אדם קרוב אצל עצמו"[62], וואס דאס איז דאך נוגע אויך להלכה[63], און דאס איז בגלוי בא דעם מענטשן אין זיין מחשבה דיבור ומעשה און אין אלע זיינע ענינים - אזוי איז אויך דער "אהבתי אתכם" פון דעם אויבערשטן צו אידן אין אן אופן פון "כמוך", ווי "אדם קרוב אצל עצמו", ובגלוי אין אלע ענינים, ווי דער רשב"י טייטשט אפ "אהבתי אתכם אמר ה'".

- און -

---

51) ראה רש"י ד"ה אתחלתא - מגילה יז, ב. 52) ראה ב"ק פ"ה, א. ב"ב קכב, א. 53) ראה סה"ת אדמו"ר מהר"ש (לכ"ק אדמו"ר שליט"א) ע' 69. סה"ש תש"ב ע' 84. תש"ד ע' 104. ועוד. 54) תניא רפ"ג. 55) ראה לקו"ת ויקרא ד, ב. שיחת ב' ניסן ש.ז. הערה 16. 56) סדור אדה"ז לפני "מה טובו" משער הכוונות בתחלתו. פע"ח ש"ג ספ"ב. סדור האריז"ל במקומו. 57) קדושים יט, יח. 58) שבת לא, א - ד"ה דעלך. 59) משלי כז, י. פרש"י עה"פ. 60) מלאכי א, ב. 61) זח"ג קכח, א. 62) סנהדרין ט, ב. 63) רמב"ם הל' עדות פי"ב ה"ב. טושו"ע חו"מ סל"ד סכ"ה.

און אזוי ווי אידן ווילן די גאולה האמיתית והשלימה מצד דערויף וואס"אדם קרוב אצל עצמו" - ווייל דאס מצד דעם דער אויבערשטער אויך אין אזא אופן.

און דערפאר גיט ער דאס אין אן אופן פון "מיד הן נגאלין[64], "מיד ע"פ הלכה, וואס דאס איז תיכף ומיד, בעגלא דידן ממש.

יח. וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט פרשת השבוע - "וישב יעקב"[65]:

אויף "וישב" זאגן חז"ל[66] "ביקש יעקב לישב בשלוה", אבער בכדי ס'זאל זיין דער "יתרון האור מן החושך"[67], האט דער אויבערשטער געזאגט "לא דיין לצדיקים מה שמתוקן להם לעוה"ב אלא שמבקשים לישב בשלוה בעוה"ז און דערפאר "קפץ עליו רוגזו של יוסף".

אבער דאס האט ניט צוגענומען פון יעקב'ן דעם ענין פון "לישב בשלוה", ווי מ'זעט בפועל אז באם סוף איז געווען בא יעקב'ן די ישיבה בשלוה, נאך דער "קפץ עליו רוגזו של יוסף" האט אויפגעטאן אז עס זאל אדויסקומען א יתרון אין דעם "לישב בשלוה" לגבי ווי יעקב האט עס לכתחילה געבעטן.

וואדום ווויבאלד אז "ביקש יעקב לישב בשלוה" איז א זיכערע זאך אז עס האט געדארפט זיין מילוי בקשתו בפועל ממש.

און עד"ז וועט זיכער אויך מקוים ווערן וואס יעקב האט געזאגט צו עשו'ן[68] "יעבור נא אדוני לפני עבדו ואני אתנהלה לאטי לרגל המלאכה אשר לפני ולרגל הילדים עד אשר אבוא אל אדוני שעירה", ווי ער איז דאס מפרש אין מדרש רבה[69], אז "לרגל הילדים" גייט אויף משיח צדקנו, וואס אויף אים שטייט אין נבואת ישעי'[70] "כי ילד יולד לנו", דוקא דער לשון "ילד".

ועד"ז איז אויך בנוגע צו אידן היינט, אז מצד דעם וואס "אדם קרוב אצל עצמו" ווילן זיי די גאולה האמיתית והשלימה - וועדט אזוי אויך בא דעם אויבערשטן, ווייל אז "אהבתי אתכם אמר ה'",

אז ער ברענגט די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, אין אן אופן פון "מיד", במהרה בימינו ממש, בעגלא דידן ממש.

* * *

- יט. -

------------

64) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 65) ריש פרשתנו. 66) פרש"י עה"פ וישב לז, ב (מב"ר פפ"ד, ג). 67) לשון הכתוב - קהלת ב, יג. 68) וישלח לג, יד. 69) דברים פ"א, ח. 70) ט, ה.



הנחת הת' בלתי מוגה

יט. בהמשך להאמור וועגן דער שייכות פון י"ט כסלו מיט חנוכה, אז אין דעם שבת קומט פריער דער ענין פון י"ט כסלו און דערנאך דער ענין פון חנוכה, און אז דער ענין פון י"ט כסלו איז א הקדמה אז דערנאך זאל די עבודה אין ימי החנוכה זיין בתכלית השלימות -

געפינט מען טאקע א שייכות מיוחדת צווישן י"ט כסלו און חנוכה:

עס ווערט דערציילט אין דער סיפור הגאולה[71] אז דער אלטער רבי איז צוריקגעקומען פון פעטערבורג (דער ארט וואס איז געווען פארבונדן מיטן מאסר) אין זיין פלך, וויטעבסק, "ביום ג׳ ב׳ דחנוכה", און "התעכב שם כל ימי החנוכה".

והגם אז ס׳איז ניטא קיין סיפור פונקט ווען האט דער אלטער רבי געבענטשט גומל נאך דער גאולה - איז אבער ע"פ הנ"ל אז דער אלטער רבי איז אנגעקומען אין וויטעבסק "ביום ג׳ ב׳ דחנוכה", וע"פ פס"ד שלו[72], אז "לא יברך החולה (ברכת הגומל) עד שיחזור לבוריו לגמרי", איז פארשטאנדיק אז ער האט געבענטשט גומל בימי החנוכה[73].

וואס דערפון קומט אויס אז די שלימות פון גאולת י"ט כסלו איז געווען בימי החנוכה.

כ. נוסף לזה:

ס׳איז ידוע וואס דער צ"צ האט געזאגט (ווי דער סיפור איז שוין געדרוקט[74] נאך דער גאולה פון י"ט כסלו אין שנת תקנ"ט, אז ער זעט אז די גאולה איז ניט קיין גאולה שלימה.

וואס בפשטות איז דאס ווי מ׳האט געזען אז דערנאך אין שנת תקס"א האט מען דעם אלטן רבי׳ן נאכאמאל אריינגעזעצט אין מאסר.

און די גאולה פון דעם צווייטן מאסר איז געווען ביום ג׳ דחנוכה[75].

וואס אויך דערפון קומט אויס אז די שלימות וסיום הגאולה פון י"ט כסלו איז געווען בחנוכה.

כא. נוסף לשייכות הנ"ל פון חנוכה מיט י"ט כסלו - איז אויך דא דער ענין, ווי גערעדט כמ"פ[76], אז חנוכה איז דאך

- פארבונדן -

---

71) לקו"ד כרך א יב, א. 72) הל׳ ברכת הנהנין פי"ג ה"ה. 73) ראה גם לקו"ש חט"ו ע׳ 530 בהערה. 74)

פארבונדן מיט דעם ענין השמן, וואס "שמן" איז דאך דער ענין פון רזין דרזין דתורה[77], וואס איז נתגלה געווארן בעיקר נאך די גאולה פון י"ט כסלו,

ווארום ביז דעמולט איז רזין דרזין דתורה ניט געווען בהתלבשות אין הבנה והשגה, משא"כ נאך י"ט כסלו האט זיך אויפגעטאן אז רזין דרזין זאלן זיין בהתלבשות אין הבנה והשגה, אין חסידות חב"ד, וואס דוקא דורך דערויף (דורך די הבנה והשגה פון חסידות חב"ד) נעמט מען די עצמיות פון די רזין דרזין פון תורת הבעש"ט, משא"כ אויב די רזין דרזין וואלטן ניט נתלבש געווארן אין הבנה והשגה וואלטן זיי געבליבן רזין דרזין[78].

כב. נאך א קשר פון חנוכה מיט די גאולה פון י"ט כסלו:

דער אלטער רבי שרייבט במכתבו הידוע בקשר מיט דער גאולה[79], אז די גאולה איז געווען "בזכות ארץ הקודש", וואס בפשטות מיינט דאס בזכות די צדקה וואס דער אלטער רבי פלעגט שיקן אין ארץ הקודש.

ועד"ז איינע פון די סיבות אויף דעם מאסר איז געווען דאס וואס מ'האט פאר'מסר'ט דעם אלטן רבי'ן אז ער שיקט געלט אין ארץ הקודש, פאר תלמידי הבעש"ט און פאר אידן בכלל און חסידים בפרט (דער ענין פון "כולל חב"ד" וכו'), וואס דעמולט איז ארץ הקודש געווען ברשות פון טערקיי, און טערקיי איז דעמולט געווען אין א מצב פון מלחמה מיט רוסלאנד, האט עס געכאפט אז דער אלטער רבי ארבעט קעגן רוסלאנד.

וואס אע"פ אז די וואס האבן פארמסר'ט דעם אלטן רבי'ן איז "אינהו לא חזו", אבער "מזלייהו חזו"[80] אז דער ענין פון י"ט כסלו האט א קשר מיט דעם ענין הצדקה (פון ארץ הקודש).

ועד"ז אויך חנוכה איז פארבונדן מיט דעם ענין הצדקה, כמבואר אין חסידות[81], ובפרט אין די מאמרים פון דעם צ"צ[82], דער קשר פון חנוכה מיט "וילבש צדקה כשריון וכובע ישועה בראשו"[83].

- כג. -

---

77) ראה לקו"ת שה"ש ב, ד ואילך. ובארוכה אמ"ב שער הק"ש פנ"ד ואילך. 78) ראה ד"ה פדה בשלום תרפ"ה (בשם כ"ק אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע - י"ט כסלו עטר"ת (נרפס בספר מגדל עז (כפ"ר חב"ד, תש"מ) ע' קמו-ז)). וראה בארוכה לקו"ש ח"י אלול תש"מ. 79) מקומות שנסמנו לעיל הערה 22. 80) מגילה ג, א. סנהדרין צד, רע"א. 81) ראה תו"א כט, סע"ב ואילך, שערי אורה יב, א ואילך. וראה לקו"ש ח"ה ע' 443 ובהערה 14. 82) אוה"ת חנוכה רפז, א ואילך. 83) ישעי' נט, יז.

כג. דאס איז אויך פארבונדן מיט דער מגבית וואס מ'מאכט אלעמאל בי"ט כסלו, וואס מ'האט עס א נאמען געגעבן "מגבית י"ט כסלו - חנוכה".

וואס כו"כ האבן שוין אריינגעטראגן די געלט פאר דעם מגבית.

וכאן המקום להעיר [מיט אן אלף, וואס בשעת מ'רעדט דאס בדיבור, דארף מען באווארענען אז דאס איז להעיר מיט אן אלף ניט מיט אן עי"ן. אבער בשעת מ'פארשרייבט דאס איז ניט שייך מאכן קיין טעות אין דערויף] אז אויך די וואס האבן שוין געגעבן קענען אין דערויף נאך מוסיף זיין אין די קומענדיקע טעג ביז אין ימי החנוכה;

און די וואס האבן מאיזה סיבה שונה ומשונה פארגעסן אדער מסיח דעת געווען אויף דעם, זאלן עכ"פ נאך שבת געבן, און לויט דעם וואס ער זאגט אין אגה"ת[84] אז בשעה מ'פארפעלט עפעס א זאך זאל מען דערנאך טאן אין דעם "כפלים לתושי'"[85] - זאלן זיי געבן צוויי מאל אזויפיל.

און טאן דאס אין אן אופן פון זריזות, ווי עס דארף זיין בנוגע צו אלע ענינים פון תומ"צ און דער אלטער רבי שרייבט דאס (אז עס דארף זיין זריזות) במיוחד בנוגע צו מצות צדקה, אין אגה"ק סימן "אך טוב לישראל"[86].

און ווי גערעדט וועגן דערויף אין די שנים שלפנ"ז.

כד. און דערנאך איז דא דער צווייטער ענין פארבונדן מיט י"ט כסלו - דער ענין פון לימוד התורה, ובמיוחד פון פנימיות התורה,

וואס דער אלטער רבי האט מקשר געווען דער ענין התורה מיט די גאולה פון י"ט כסלו - כידוע וואס ער האט געזאגט[87] אז געליבט איז דער אויבערשטער אז דער מאסר איז געווען צוויי יאר נאך דערויף וואס עס האבן זיך אפגעדרוקט כמה פרקים און ווך ווערטער און אותיות פון תניא וואס אידן האבן אין דערויף געלערנט, ובזכות זה איז געווען די גאולה.

וואס דערפון נעמט מען ארויס די הוראה אין דעם מבצע י"ט כסלו אז מ'דארף אליין לערנען פנימיות התורה, און דערנאך אויך פועל'ן אויפן ארוס, אין אן אופן פון "יפוצו מעינותיך חוצה", אז די מעינות זאלן אויך אנקומען צו אלע אידן, אפילו די וואס געפינען זיך אין "חוצה".

- און -

---

84) ספ"ט. 85) משלי יא, ו. 86) לשון הכתוב - תהלים עג, א. 87) ראה קיצורים והערות לתניא ע' קכא.

און די צוויי ענינים אין מבצע י"ט כסלו, דער ענין התורה און דער ענין הצדקה – איז דער ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי׳ בצדקה"[88].

כה. דערפון קומט מען דערנאך צו מבצע חנוכה – כפשטות דער ענין אז מ׳זאל זען אז יעדער איד צינדט אן נרות חנוכה אין כל ימי החנוכה.

וואס דאס איז במיוחד נוגע אין דער זמן פון עקבתא דמשיחא, וואו מ׳האלט איצטער, ווארום דעמולט איז דער "משתשקע החמה" (דער זמן ומצב ווען מ׳דארף אנצינדן נרות חנוכה)[89] ביתר שאת וביתר עוז – דערפאר דארף מען דעמולט האבן דער ענין פון נרות חנוכה צו באלייכטן דער חושך, ביתר שאת וביתר עוז.

און מ׳זאל טאן אין דער מבצע חנוכה אין אן אופן פון "הקהל"..את האנשים והנשים והטף", כולל זיין אין דעם אידן, ביז אויך "גרך אשר בשעריך"[90].

און דאס מיינט מען יעדער איינעם באזונדער, אז יעדער איינער דארף אין דעדויף טאן, און ניט מאכן א שליח אז יענער זאל טאן.

וע"ד ווי דאס וואלט געווען בנוגע צו גאולה ממאסר: אויב מ׳וועט אים זאגן אז זיין שליח זאל ארויסגיין פון מאסר און ער זאל דארטן בלייבן זיצן – וועט ער שרייען ככרוכיא אז לכל לראש דארף מען אים ארויסנעמען פון מאסר –

און עד"ז דארף אויך זיין בנוגע צו דער זאך וואס בדענגט די גאולה ממאסר, אז לכל לראש דארף ער אין דערויף טאן.

און ניט געבן קיין אמתלא אז ער קען ניט און האט ניט קיין צייט וכו׳ – כידוע וואס עס שטייט אין ספרים אז "אמתלא" איז תיבות "אמת לא"!

נאר ער דארף אליין טאן סיי אין דער מבצע חנוכה סיי אין מבצע י"ט כסלו, און אין אלע ענינים פארבונדן מיט תומ"צ און מיט הפצת היהדות בכלל, און מיט הפצת המעינות במיוחד.

און טאן אין אן אופן פון זריזות, ווי אלע ענינים פון תומ"צ דארפן געטאן ווערן (כנ"ל),

- און -

------------

88) ישעי׳ א, כז. 89) שבת כא, ב. 90) וילך לא, יב.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

און ווי מ'האט אויף דערויף א הוראה פון די ענינים וואס זיינען נתגלה געווארן בדורות האחרונים:

אע"פ וואס אכשור דרי בתבי'[91]. זעט מען אז אין דער ענין פון העתקה ממקום למקום קען מען איצטער טאן באי"ע שנעלער בגשמיות ווי מ'האט עס געטאן אין די דורות שלפנ"ז.

וואס דאס איז אזוי בגשמיות בעיקר דערפאר וואס אזוי איז עס איצטער ברוחניות, אז מ'קען אויפטאן אלע ענינים באי"ע שנעלער ווי מ'האט זיי געקענט טאן אין די דורות שלפנ"ז,

און דערפון האט מען אויך די הוראה בנוגע צום ענין הזריזות אין קיום התורה והמצוות.

כו. און פון דעם מבצע חנוכה און מבצע י"ט כסלו - איז "מיסמך גאולה לגאולה"[92]: פון דער גאולה ביו"ד כסלו פון דעם מיטעלן רבי'ן [ממלא מקומו פון דעם אלטן רבי'ן, וואס א ממלא מקום איז דאך דער זעלבער ענין פון דעם נשיא הקודמו], און דער גאולה בי"ט כסלו פון דעם אלטן רבי'ן - קומט מען צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס משיח איז איינער פון די "שמונה נסיכי אדם"[93], וואס זיי זיינען פארבונדן מיט די שמונה נרות חנוכה[94].

און נרות חנוכה זיינען פארבונדן מיטן ענין פון י"ט כסלו, כנ"ל (ס"כ), ווארום ביידע זיינען זיי פארבונדן מיטן ענין השמן: חנוכה איז בפשטות פארבונדן מיט שמן, און בי"ט כסלו האט זיך אויפגעטאן דער עיקר ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", די הפצה פון רזין דרזין דתורה, - ענין השמן שבתורה, וואס "שמן צפה ע"ג יין[95], כמבואר אין אמרי בינה[96], ביז אין "חוצה".

דאס מיינט מען בפשטות, אז מ'דארף זיך משהדל זיין אז מ'זאל לערנען חסידות אויך אין "חוצה", און דארטן לערנען אויך טיפע ענינים אין חסידות, נים "אויך" אלס א דבר טפל נאר "אויך" אלס א דבר עיקרי, ובהקדמת עבודת התפלה[97].

וואס די נקודת הענין איז אויך בהדגשה אין דער מצוה פון נרות חנוכה: זיי דארפן זיין "על פתח ביתו מבחוץ[98], פון "פתח ביתו" באלייכטן זיי דעם "חוץ"

- דאס -

---

91) יבמות לט, ב. ובפרש"י שם ד"ה אכשור דרי. 92) מגילה ו, סע"ב. וראה לקו"ש חט"ז ע' 623 הערה *1. 93) מיכה ה, ד. 94) סוכה נב, ב.

דאס איז נאכמער מודגש אין דעם וואס נרות חנוכה נעמען זיך פון די נרות המקדש, וואס לדעת כמה פוסקים[99] האט מען געמעגט מדליק זיין די מנורה במקים אחר מחוץ פון דעם היכל, און דערנאך אריינברענגען איר אין היכל,

בדוגמא ווי לע"ל וועט זיין "עתידין בתי כנסיות ובתי מדרשות שבבבל שיקבעו בא"י"[100].

ועד"ז איז דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", אז פון "חוצה" מ'ברענגט מען אריין אין פנים ופנימה, ביז אין "קדש הקדשים".

כז. און פון די נרות חנוכה וואס "אינן בטלין לעולם"[101], וועט מען קומען צו די נרות המקדש אין דעם מקדש דלע"ל, וואס וועלן אויך זיין אינן בטלין לעולם, אזוי ווי דער ביהמ"ק שלעתיד וועט זיין א נצחי[102], "מקדש אד' כוננו ידיך"[103].

וועט מען דאס פארשטיין בהקדם וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק: די נרות חנוכה קומען דאך פון די נרות המנורה שבמקדש, וואס די נרות המקדש זיינען דאך יע בטל געווארן – איז ווי קען מען זאגן אז די נרות חנוכה וואס קומען פון נרות המקדש "אינן בטלין לעולם"?!

נאר דערפון וואס דער מסובב, נרות חנוכה, "אינן בטלין לעולם", איז פארשטאנדיק אז אויך די סיבה, די נרות המקדש, זיינען אזוי – אבער אין די נרות המקדש איז דאס בהעלם און אין דער מסובב, נרות חנוכה, איז דאס ארויס בגלוי.

וע"ד המבואר[104] בענין "יפה כח הבן מכח האב"[105]: דער כח הבן איז טאקע "יפה" מכח האב – וואס דער בן האט כחות וואס באם אב זיינען זיי ניט געווען, אבער דאס גופא קומט "מכח האב": אין דעם אב איז דער "יפה כח הבן" געווען בהעלם, און דורך דעם בן איז שלימות כח האב ארויסגעקומען בגלוי.

און וויבאלד אז לע"ל וועט מאיר זיין דער אמת פון יעדער זאך – דערפאר וועט דעמולט נתגלה ווערן אין די נרות המקדש דאס וואס איז בא זיי פריער געווען כלול בהעלם, – אז נרות המקדש זיינען נצחיים.

וואס דאס וועט זיין אין דעם ביהמ"ק הנצחי, מקדש

– השליש –

------------

99) רמב"ם הל' ביאת המקדש פ"ט ה"ז. וראה אנציקלופדי' תלמודית בערכו ס"ע שכב ואילך. 100) מגילה כט, א. 101) תנחומא בהעלותך ה. במדב"ר פט"ו, ו. רמב"ן ר"פ בהעלותך. 102) ראה זח"א כח, א. ח"ג רכא, א. 103) שמות טו, יז. 104) ראה לקו"ש ח"ה ע' 423 הערה 10. ח"ח ע' 154 ובהערה 35. 105) שבועות מח, א.

השלישי, " מקדש אד' כוננו ידיך" דורך משיח צדקנו, וואס אויך ער וועט זיין א נצחי - ווארום ער איז ניט נאר די בחינה פון חי', נאר יחידה פון כלל ישראל[106].

כח. און דאס ווערט אויפגעטאן (ווי אלע גילויים דלע"ל) ע"י מעשינו ועבודתינו בזמן הגלות, ובפרט ע"י "יפוצו מעינותיך חוצה", בתוככי הפצת היהדות בכלל - ובמיוחד וואס איז איצטער הזמן גרמא, מבצע י"ט כסלו און מבצע חנוכה.

וואס דער גאנצער ענין פון הפצת המעינות און הפצת היהדות קומט פון דעם ענין פון אהבת ישראל - "מבצע אהבת ישראל",

און דערפון קומט מען צו "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", "מבצע טהרת המשפחה".

ביז מ'קומט צו דעם מבצע פון דעם אויבערשטן - "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל"[107], אין אן אופן פון "נגאלין מיד", גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, למטה מעשרה טפחים, בעגלא דידן ממש, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

כט. מאמר (כעין שיחה) ד"ה וישב יעקב גו'.

* * *

ל. ס'איז דאך רגיל צו אפלערנען אן ענין אין פרשת השבוע מיט פירוש רש"י - אויף צוויי אופנים: א) מדייק זיין אין דעם וואס רש"י שטעלט זיך און איז מפרש, ב) שטעלן זיך אויף אן ענין וואס רש"י האט לכאורה געדארפט מפרש זיין אין פשוטו של מקרא, און פונדעסטוועגן איז עס רש"י ניט מפרש.

עד"ז בפרשתנו זיינען דא דיביידע אופנים.

אין קאפיטל לט פסוק ו שטעלט זיך רש"י אויפן פסוק "ויהי יוסף יפה תואר ויפה מראה", און איז מפרש: "כיון שראה עצמו מושל התחיל אוכל ושותה ומסלסל בשערו, אמר הקב"ה אביך מתאבל ואתה מסלסל בשערך אני מגרה בך את הדוב מיד והשא אשת אדוניו וגו'"[108] דער ווארט "מיד" קומט אלס א

- הקדמה -

106) ד"ה וידבר אלקים אכה"ר תרצ"ט (השני) ס"ד (סה"מ תרצ"ט ע' 207) בשם הרמ"ז. וראה שער (וספר) הגלגולים בתחלתו. ובכ"מ. 107) ישעי' כז, יב. 108) שם, ז.



הנחת הת' בלתי מוגה

הקדמה צום קומענדיקן פסוק].

דארף מען פארשטיין:

א) פארוואס פארגלייכט רש"י אשת פוטיפר דוקא צו א דוב?

ב) וואס איז דער דיוק הלשון "מגרה בך" - עס האט געקענט שטיין "מביא" אדער אן אנדער לשון וואס באווייזט אז אשת פוטיפר וועט אנפאלן אויף יוסף'ן וכו'?

האב איך געזוכט אין מפרשים און דערווייל ניט געפונען קיינעם וואס שטעלן אויף די דיוקים - חוץ דעם פירוש מהרז"ו אויף בראשית רבה (אויפן פסוק[109] "יוסף בן שבע עשרה שנה גו'")[110], וואס איז מדייק אין דעם ווארט "דוב" און פרעגט "וצ"ע למה דוקא דובא". און ער פארענטפערט ע"פ האמור אין פרדר"א[111], "הארי יש לו בושה פנים והדוב אין לו בושה פנים", און אזוי איז אויך אשת פוטיפר וואס "העיזה פנים", דערפאר ווערט זי צוגעגליכן צו א דוב.

אין פשש"מ פאר א בן חמש למקרא קען מען אבער אזוי ניט לערנען ווארום:

א) דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט פרדר"א (תושבע"פ), און אין תושב"כ ווערט פריער ניט דערמאנט וועגן א דוב.

און אפילו אויב אז מ'באווייזט אים א דוב - וועט ער אבער ניט זען אז דער דוב אין לו בושת פנים.

ואדרבה: אויב ער האט געלערנט טור[112], צי דעם אלטן רבין'ס שו"ע[113], אדער פרקי אבות[114], ווייסט ער אז וועלכע חי' פארמאגט עזות, היפך פון בושת פנים - איז דאס א נמר ("עז כנמר"), ניט קיין דוב - פרעגט ער אז לפי"ז האט רש"י געדארפט זאגן "אני מגרה בך את הנמר"!

מיט נאך כמה דיוקים אין דער רש"י. * ?

לא. אן ענין וואס רש"י שטעלט זיך ניט וואס דארף האבן ביאור אין פשש"מ:

אין ריש פרשתנו[115] ווערט דערציילט וועגן די צוויי חלומות וואס יוסף האט געחלומ'ט.

איז אין דעם צווייטן חלום צוגעקומען אן ענין וואס

- איז -

---

109) פרשתנו לז, ב. 110) פפ"ד, ז. 111) רפל"ז.
112) רס"א. 113) מהדו"ת רס"א. 114) פ"ה מ"כ. 115) שם, ה ואילך.

איז ניטא אין דעם ערשטן חלום "והנה השמש והירח ואחד עשר כוכבים משתחוים לי"[116], וואס דאס גייט אויף אביו ואמו ("אני ואמך"[117] - יעקב און בלהה, ווי רש"י טייטשט[118] אין דעם ערשטן פירוש מיט די ברידער, משא"כ אין דעם ערשטן חלום רעדט זיך נאר וועגן די ברידער - "והנה אנחנו מאלמים אלומים בתוך השדה והנה קמה וגם נצבה והנה תסובינה אלומותיכם ותשתחוינה לאלומתי"[119].

דארף מען פארשטיין: פארוואס רעדט זיך ניט אין דעם ערשטן חלום וועגן אביו ואמו, ווי אין דער צווייטער חלום און פארוואס באווארענט עס ניט רש"י?

דאס וואלט מען נאך געקענט פארענטפערן: דער בן חמש למקרא וועט ווייטער לערנען אז בפועל זיינען די חלומות מקויים געווארן אין צוויי באזונדערע זמנים - פריער זיינען די שבטים געקומען אין מצרים און זיך דארטן געבוקט צו יוסף'ן[120], און דערנאך איז יעקב וכל נפשות ביתו געקומען אין מצרים - פארשטייט דערפון דער בן חמש למקרא אז דערפאר זיינען געווען צוויי חלומות: איינער רעדט וועגן דעם קומען פון די שבטים אליין אין מצרים און דער צווייטער רעדט וועגן דעם קומען פון יעקב און בלהה[121].

מ'דארף אבער פארשטיין א צווייטע זאך:

אין דעם צווייטן פירוש פון רש"י אויף דברי יעקב "הבוא נבוא אני ואמך" בקשר מיט יוסף'ס צווייטן חלום "השמש והירח גו' משתחוים לי"), זאגט ער: "והלא אמך כבר מתה.. ורבותינו למדו מכאן שאין חלום בלא דברים בטלים כו'".

און רש"י זאגט דא ניט אז אין א חלום קענען זיין דברים בטלים, נאר "אין חלום בלא דברים בטלים".

דארף מען לפי"ז פארשטיין: פארוואס איז רש"י ניט מפרש וואס זיינען די דברים בטלים אין דעם ערשטן חלום? *

לב. כאן המקום צו ממשיך זיין דעם ביאור אין פירוש רש"י פון דער פריערדיקער סדרה אויף "עד אשר אבוא אל אדוני שעירה"[122], און אויך דעם ענין אויף וועלכע רש"י שטעלט זיך,

- אז -

---

*) נתבאר בשיחת ש"פ מקץ, שבת חנוכה.

---

116) שם, ט. 117) שם, י. 118) בד"ה הבוא נבוא. 119) שם, ז. 120) מקץ מב, ו. 121) ראה גם לקו"ש חט"ו ע' 345 בשוה"ג. שיחת מוצאי זאת חנוכה ש.ז. 122) וישלח לג, יד.

אז פריער שטייט "פניאל"[123] און דערנאך[124] "פנואל", וואס די מפרשים שטעלן זיך דערויף. אבער רש"י זאגט גארניט וועגן דעם כאטש דאס איז אן ענין וואס איז ניט פארשטאנדיק אין פשש"מ. (עכ"פ בקיצור).

אויף "עד אשר אבוא אל אדוני שעירה" איז רש"י מפרש: "הרחיב לו הדרך שלא הי' דעתו ללכת אלא עד סוכות, אמר אם דעתו לעשות לי רעה ימתין עד בואי אצלו והוא לא הלך, ואימתי ילך, בימי המשיח שנאמר[125] ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו כו'".

וואס דא זיינען פאראן כמה דיוקים. ווי גערעדט בשבת העבר, און נאך דיוקים וואס מ'האט דעמולט ניט דערמאנט:

א) פון "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו" וויל רש"י ברענגען א ראי' אז יעקב וועט אמאל קומען אין שעיר (בימות המשיח) - אבער אין די ווערטער פון פסוק שטייט נאר אז "ועלו מושיעים בהר ציון" און דארטן אין הר ציון וועט זיין "לשפוט את הר עשו", אבער וואו שטייט אין פסוק אז ער וועט קומען אין הר עשו.

אין ילקוט שמעוני[126] ברענגט ער אויך דעם סיום הכתוב "והיתה לה' המלוכה", וואס מיט דער הוספה קען מען מסביר זיין די ראי' פון דעם פסוק אז יעקב וועט קומען אין שעיר: דער ענין פון מלוכה מיינט אז מ'ווערט איינגאנצן בעל הבית אין דעם ארט פון עס ווערט איינגעשטעלט די מלוכה,

און "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו והיתה לה' המלוכה", לערנט אונז אז אויך אין "הר עשו" וועט זיין "לה' המלוכה", ר.ה. בפשטות אז מ'וועט פון דארטן פארטרייבן עשו'ן און יעקב וועט אהין קומען (בדרך הטבע).

אבער רש"י איז ניט מעתיק סיום הכתוב "והיתה לה' המלוכה", און פון די ווערטער "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו" איז לכאורה ניטא קיין ראי' אז יעקב וועט קומען אין שעיר, ואדרבה - דערפון איז גאר א ראי' לסתור, אז ער וועט נאר קומען אין "הר ציון" און פון דארטן וועט מען משפט'ן "את הר עשו".

ב) פארוואס נוצט רש"י דעם "מאדנעם" לשון "הרחיב לו הדרך" - דא פאסט לכאורה עס זאל שטיין "האריך לו הדרך", ווארום יעקב האט געהאלטן בא גיין ניט ווייטער ווי ביז סוכות, און פאר עשו'ן האט ער לענגער געמאכט דעם דרך, אז ער וועט גיין ווייטער, ווי קומט דא דער ווארט "הרחיב"?

- לג. -

---

123) שם לב, לא. 124) שם, לב. 125) עובדי' א, כא.
126) עה"פ עובדי' שם - רמז תקמט בסופו.

לג. האט מען דאך מבאר געווען בקיצור, אז רש"י'ן איז דא שווער פארוואס האט יעקב בכלל געדארפט זאגן "עד אשר אבוא אל אדוני שעירה", וואס זיינען לכאורה אינגאנצן איבעריק - ער האט דאך שוין געזאגט "ואני אתנהלה לאטי"[122]?

און בכדי צו פארענטפערן די קשיא קומט די גאנצע אריכות אין פירוש רש"י "הרחיב לו הדרך וכו'". והביאור בזה:

דער בן חמש למקרא ווייס באלד לערנען אז לאחרי ווי יעקב האט גערעדט מיט עשו'ן, איז ער געגאנגען ביז סוכות און דארטן פארבליבן י"ח חודש (ווי רש"י זאגט[127]. דערנאך וועט ער לערנען אז ער איז געקומען אין שכם און דארטן געבליבן דריי יאר[128]. שפעטער האט ער געמאכט די אלע נסיעות, ביז ער איז אנגעקומען אין ארץ כנען און דארטן פארבליבן א משך פון כמה יארן, ביז אז ער האט אראפגענידערט אין מצרים.

ווארום דאס איז דאך אלץ א מעשה פון צען, צוויינציק אדער מערער יארן זינט יעקב האט געזאגט צו עשו'ן "ואני אתנהלה לאטי" - ווערט בא דעם בן חמש למקרא א שטורמדיקע קשיא: עשו האט דאך געהערט פון יעקב'ן "ואני אתנהלה לאטי" - איז וואו איז עשו געווען די גאנצע צייט?! ווען עשו האט געזען אז יעקב קומט ניט אין שעיר, איז "אם דעתו לעשות לי רעה" - האט ער גלייך געדארפט גיין צו יעקב'ן קיין סוכות, ועאכו"כ די גאנצע י"ח חודש אין סוכות, ועאכו"כ די אלע שפעטערדיקע יארן - איז פארוואס איז עשו ניט געקומען צו יעקב'ן?!

און די רייד פון יעקב'ן "ואני אתנהלה לאטי" זיינען כלל ניט מספיק צו באווארענען פארוואס עשו קומט ניט צו אים אין שעיר במשך פון צענדליקער יארן.

אויף דעם זאגט רש"י אז יעקב האט מוסיף געווען "עד אשר אבוא אל אדוני שעירה", און רש"י איז דאס מסביר: "הרחיב לו הדרך שלא הי' דעתו ללכת אלא עד סוכות אמר אם דעתו לעשות לי רעה ימתין עד בואי אצלו והוא לא הלך":

יעקב האט ניט געזאגט אז ער מאכט לענגער דעם וועג ("האריך לו הדרך"), וואס וואלט געמיינט אז מ'וועט ווערן פארמאטער פון וועג, וועט מען זיך דארפן אפרוען, במילא וועט דער וועג זיין לענגער - ווארום דאס וואלט ניט פארענטפערט די אריכות פון אזויפיל יארן, כנ"ל -

- נאר -

------------

127) לג, יז. 128)



הנחת הת' בלתי מוגה

נאר "הרחיב לו הדרך": ער האט געמאכט ברייטער דעם וועג. ד.ה. אין יעדער ארט וואו ער איז געקומען האט ער זיך געדארפט פארהאלטן אין אן אופן פון הרחבה, און טאן דארטן וואס ער האט געהאט צו טאן, און דער הרחיב נעמט אזויפיל צייט ביז יעקב וועט קומען אין שעיר.

לד. יעקב איז דאך אבער געווען אן "איש תם"[129] - איז אויב ער האט געוואלט עשו'ן אפנארן האט ער דאס אים געקענט זאגן בסגנון אחר - דערפון איז רש"י מוכיח אז יעקב וועט טאקע קומען קיין שעיר, דעריבער איז ער ממשיך: "ואימתי ילך, בימי המשיח", און ברענגט דערצו א ראי' "שנאמר ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו".

און דאס איז א ראי' מספקת אז יעקב וועט קומען אין שעיר (אפילו אן די ווערטער "והיתה לה' המלוכה"), כמובן פון א רש"י וואס שטייט פריער אין חומש, כדלקמן.

לה. אע"פ אז דאס איז א רש"י וואס שטייט אין חומש פריער מיט עטלעכע סדרות - געדענקט עס דער בן חמש למקרא.

משא"כ אן ערוואקסענער געדעקנט דאס ניט - ער איז אן אדם גדול, און ער לערנט רזין דרזין דתורה - איז וואס פאר א שייכות האט ער צו פירוש רש"י?!

נאר וויבאלד אז ס'איז דא תקנה פון דעם אלטן רבי'ן[130] און פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[131] צו לערנען חומש מיט פירוש רש"י - האט ער קיין ברירה ניט, און ס'דארף דאך זיין נעשה קודם לנשמע[132], - לאזט ער זיך אראפ און טוט אן "עבודת פרך"[133] - ער "בראקט" אפ דעם חומש מיט פירוש רש"י, און פארגעסט עס גלייך, אזוי ווי ער טוט בנוגע צום שיעור אין תהלים און אזוי ווי ער טוט בנוגע צום שיעור אין תניא,

ווארום אין חסידות - לערנט ער לקוטי תורה, הרס"ו, און דערנאך וועט עס האט זיך אפגעדרוקט דער המשך תער"ב לערנט ער תער"ב - איז גאר ניט שייך זאגן אז ער לערנט ניט קיין תניא!

ועד"ז איז ביי אים אויך בנוגע צו פירוש רש"י: פירוש רש"י - דאס איז שייך צו נשים, עמי-הארצים, קינדער; אבער ער איז דאך אן אדם גדול, ער לערנט רזין דרזין!

- לה. -

------------

129) תולדות כה, כז. 130) "היום יום" ב' חשון (ע' קא). סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך. 131) ראה לקו"ש ח"ב ע' 570. 132) משפטים כד, ז. שבת פח, א. 133) ?



הנחת הת' בלתי מוגה

לו. אי איך רש"י זיינען פאראן תעלומות חכמה, "ענינים נפלאים"[134], און דער אלטער רבי זאגט[135] אז רש"י איז יינה של תורה, אז אויב מ'וויל האבן יינה של תורה דארף מען קוקן אין רש"י -

האט מען זיך אבער איינגערעדט אז דאס וואס רבותינו נשיאינו זאגן מיינט מען דאס ניט אים!

אי ס'איז דא די תורת הבעש"ט[136] אז יעדער זאך וואס א מענטש זעט אדער הערט איז א הוראה פאר אים, ובמילא בשעת ער האט געהערט פון רבותינו נשיאינו, אז מ'דארף לערנען חומש מיט רש"י, און רש"י איז יינה של תורה וכו' - דארף ער דערפון ארויסנעמען א הוראה -

מיינט ער אז די הוראה וואס ער נעמט דערפון ארויס איז - אז ער דארף זאגן א צווייטן אז יענער דארף טאן!

און בשעת ער ווערט נאך גרעסער - זאגט ער אן צוויי דריי מענטשן וואס זיי דארפן טאן. און בשעת ער ווערט אן אדם גדול ביותר, איז ער ממנה "שרי עשרות", "שרי חמישים", "שרי מאות", ביז "שרי אלפים"[137], און ער מאכט זיי פאר א טופח ע"מ להטפיח, אז זיי זאלן ארויסגיין און מכריז זיין: הערט זיך איין מ'דארף לערנען חומש מיט רש"י!

אבער אז מ'מיינט אים אליין - דאס איז אים גאר ניט איינגעפאלן!

און עס וועט אים ניט איינפאלן - ווארום זיין משפיע שלאפט!

דער משפיע מוז קומען צום פארברענגען און הערן וואס מ'רעדט, ווארום אויב ניט וועט אים זיין אייניקעל "דערגייין די יארך", און וויבאלד אז ער איז ניט ווי אברהם אבינו וואס אברהם איז געווען א בעה"ב אויף זיינע חמשה אברים[138], אבער ער איז ניט אזוי - איז כל זמן ער שלאפט ניט איין ביים טיש האט ער קיין ברירה ניט און ער מוז הערן וואס מ'רעדט -

אבער דערנאך ווערט ער אנטשלאפן!

ובדרך ממילא פועל'ט דאס אויך אויף די וואס דארפן מקבל זיין פון דעם משפיע, ווי מ'זעט עס בפועל אז מ'פאלגט ניט דעם משפיע, במכ"ש דערפון וואס זייענדיק אין ישיבה האט

- ער -

---

134) של"ה במס' שבועות שלו (קפא, א). 135) "היום יום" כט שבט (ע' כד). וראה גם אמ"ב שער הק"ש ספנ"ג ואילך. 136) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות סי' קכז-ט. 137) לשון הכתוב - יתרו יח, כא. 138) נדרים לב, ב.

ער אים ניט געפאלגט: ער האט קיינמאל ניט פארזוכט דער טעם פון קבלה עול!

לז. וואס דאס איז בנוגע צו די אלע וואס דארפן האבן א משפיע.

ובאמת דארפן אלע האבן משפיעים – כמאמר המשנה[141] "איזהו חכם הלומד מכל אדם", וואס מכלל הן אתה שומע לאו[142] (ווי אין אלע ענינים אין תורה), און דאס איז א הוראה צו יעדער אידן, ווארום יעדער איד איז פון "עם חכם ונבון"[143].

בפועל זעט מען אבער אז יעדער איינער זיצט "איש תחת גפנו ואיש תחת תאנתו"[139], וואס "גפן" און "תאנה" זיינען טאקע גוטע זאכן, ביז אז זיי זיינען פון די שבעה מינים שנשתבחה בהן ארץ ישראל[140] – אבער דאס באווייזט אויף א מעמד ומצב פון הפקר, אז ניט דער משפיע איז משפיע און ניט דער וואס דארף זיין דער מושפע – איז מקבל!

און בשעת א משפיע איז ניט משפיע – ווערט ער אוים משפיע!

כידוע דער פירוש בשם דעם אלטן רבי'ן[144], אז א גנב איז ניט איינער וואס קען גנב'נען, נאר איינער וואס גנב'עט טאקע בפועל ממש.

ועד"ז בנוגע צו א גנב בקדושה, וואס איז פארבונדן מיט "ארץ כנען", וואס "כנען" איז מלשון "סוחר" ,

ועד"ז איז א משפיע ניט איינער וואס קען משפיע זיין, נאר איינער וואס איז משפיע בפועל ממש.

און בשעת דער וואס דארף זיין א משפיע איז ניט קיין דוגמא חי' פאר דעם תלמיד – איז קיין פלא ניט פארוואס דער תלמיד טוט ניט וואס ער דארף טאן, ווארום אויך זיין משפיע טוט ניט וואס ער דארף טאן!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנדו"ד, אז בשעת דער משפיע איז ניט קיין דוגמא חי' און לערנט אליין ניט חומש מיט רש"י ווי עס דארף צו זיין, איז קיין פלא ניט פארוואס דער תלמיד טוט עס ניט,

– און –

---

139) לשון הכתוב – מ"א ה, ה. מיכה ד, ד. 140) דברים ח, ח. וראה ברכות לז, א. 141) אבות רפ"ד. 142) ספרי (ופרש"י) עה"פ עקב יא, כא. ואתחנן ד, ו. 143)

און דערפאר וועט מ'לערנט א רש"י פארגעסט מען גלייך אויף איר,

כולל אויך דער פריער דערמאנטע רש"י וואס באווארענט דעם ענין פארוואס דער פסוק "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו" איז א ראי' אז יעקב וועט קומען אין שעיר.

לח. וואס דאס איז א רש"י אין דער פרשה וואס רעדט וועגן דער דור הפלגה.

וואס ס'איז ניטא קיין גרעסערער דור הפלגה ווי איצטער - וואס מענטשן קענען זיך בכלל ניט צוזאמענרעדן צווישן זיך, איינער פארשטייט ניט וואס דער צווייטער רעדט. ניט דערפאר וואס יענער רעדט ניט קיין ענינים פשוטים. יענער רעדט בפירוש ענינים פשוטים. נאר וויבאלד אז א צווייטער האט עס געזאגט - מוז ער זאגן פארקערט - איפכא מסתברא!

עס זיינען דא מוסדות וואס ס'איז ברור אז מ'דארף דארטן האבן נאך א מענטשן - וויבאלד אבער אז צוויי מענטשן אין דעם מוסד קענען זיך ניט צוזאמענרעדן, נעמט מען ניט אריין א נייעם מענטשן.

וואס איז? ער האט בורא אז טאמער וועט ער אריינגעמען נאך א מענטשן, וועט דאס גורע זיין אין זיין מציאות: ביז איצט איז ער געווען דער גאנצער אנפירער, און איצטער וועט מען זאגן אז אויך א צווייטער האט א חלק אין דעם!

אי דער מוכד ליידט דערפון, און ער ווייסט עס - איז אבער אים אלץ כדאי אבי ניט צולאזן א צווייטן אדער א דריטן אין דעם מוכד, וואס דעמולט וועט ער ניט זיין אליין דער גאנצער אנפירער!

און במילא, דאס וואס דער מוסד ליידט דערפון - איז דאס פארלאטערט ער און דאס דערציילט ער ניט און אויף דעם פארבייגט ער וכו'!

לט. איין מענטש אדער צוויי אדער דריי אדער מערער מענטשן פירן אן מיט א מוסד, און מ'זעט אז מ'דארף האבן נאך מענטשן - נאר היות ווי ער וויל ניט אז א צווייטער זאל אויך האבן א חלק אין דעם מוסד, און ניט אז ער איז אלץ - לאזט ער ניט צו אז אנדערע זאלן אריין אין דעם מוסד.

אז עס זיינען דא צוויי מענטשן וואס פירן אן מיטן מוסד, און מ'דארף האבן א דריטן - איז ביי אים אויך צוויי מענטשן צופיל, איז ווי קען ער אריינלאזן א דריטן.

און אז עס זיינען דא דריי מענטשן אדער מערער, און מ'דארף האבן א פערטן, א פינפטן מענטש וכו' - לאזט מען אויך ניט אריין.

- פארוואס -

פארוואס זאלט ניט צולאזן נאך א מענטשן, דאס איז דאך לטובתך, ווארום דערנולט וועט דאך דיין מוסד מער מצליח זיין און מער פארברייטערט ווערן - אעפ"כ וויל ער ניט אז א צווייטער זאל אויך האבן עפעס דערפון!

וואס דאס איז דאך ממש מדת סדום[146]: ער זעט דאך, אז מ'דארף אין דעם מוסד נאך א מענטשן און אז דאס איז לתועלת המוסד - אבער אויב ער וועט אריינגעמען נאך איינעם, וועט ער ניט זיין דער וואס טוט אינגאנצן, און אויך יענער וועט האבן א חלק אין דעם - לאזט ער בשום אופן ניט צו!

וואס ארט דיר אז יענער וועט אריינגיין, דאס וועט דאך צוגעבן אין דיין מציאות: אזוי ביסטו געווען א מלך, און דורך אריינעמען נאך מענטשן וועסטו זיין מלך מלכי המלכים! און וואס מער מענטשן דו וועסט אריינעמען, אלץ גרעסער וועסטו ווערן, און אז דו וועסט אריינעמען צען מענטשן, וועסטו זיין דער מלך אויף זיי אלע -

דערווייל וועט אבער יענער זיין א מלך - איז דאס קען ער ניט פארטראגן!

ממש מדת סדום! וואס לכאורה פארוואס דערציילט אונז די משנה היינט וואס ס'איז געווען מדת סדום - סדום איז דאך שוין פון לאנג איבערגעקערט געווארן?! נאר דאס איז בכדי מ'זאל דערפון ארויסנעמען א הוראה איצטער ווי מ'דארף זיך ניט פירן.

מ. דאס איז דאך א מוסד פון כ"ק מו"ח אדמו"ר - איז וואס הייסט אז דו לאזט עס הרוב ווערן?!

ער ווייסט דעם אמת אז צוליב אים ליידט דער מוסד און אז סוף כל סוף וועט ער קיין ברירה ניט האבן, און דאס שטערט אים: בעת ער לייגט זיך שלאפן און זיין יצה"ר שלאפט - ווערט ער נתעורר, אז מ'דארף טאקע פארט עפעס טאן.

אבער דערנאך ווען ער שטייט אויף, ווען "ההזרה בי נשמתי", און עס קומט צו אים צוריק דער "בכל לבבך - בשני יצריך"[147] - דערלאזט אים ניט זיין יצה"ר צו אריינלאזן א צווייטן, ניט די אלע טענות האמורות אז דאס וועט אים אנרירן.

וואס אנרירן? - דאס וועט דאך דיר ארויסהעלפן, דיין מוסד, ארויסהעלפן! אבער ער קען זיך ניט ברענגען יענעם אריינצולאזן!

- וכו' -

---

146) אבות פ"ה מ"י. 147) ואתחנן ו, ה. ברכות נד, א במשנה (הובא בפרש"י עה"פ).

ועאכו"כ וועץ עס קומט צו ארײנשטעלן א "פיקטשור", א תמונה פון זײנע רמ"ח אברים, אדער עכ"פ פון זײן פרצוף אין צײטונג - איז אויב ער וועט יענעם ארײננעמען אין מוסד, און מ׳וועט אויך יענעמס "פיקטשור" ארײנשטעלן אין צײטונג - וועלן דאך אלע זען אז ניט ער אלײן איז דער טוער און פיער - קען ער דאס ניט פארטראגן.

בשלמא אויב אין צײטונג וועט דערבײ שטײן אז ער איז דער מייסד פון דעם מוסד און ער איז דער עיקר, און דער צווײטער איז "גלאט אזוי", און דער דריטער איז צוגעקומען שפעטער - איז נו!...

אבער די צײטונג וועט דאך ניט שרײבן די אלע זאכן - די וועט נאר וועלן ארײנשטעלן א "פיקטשור" - איז דאס קען ער ניט דערלאזן!

און בשעת אײנער פרואווט עפעס טאן אין דעם - איז ניט שײך צו זאגן: דער עונש הכי גדול איז אויך ניט גענוג פאר יענעם, ווארום ער "שטערט" דעם רבין׳ס א מוסד!

מא. מ׳דארף וויסן אז בשעת מ׳האט אוועקגעשטעלט אײנעם אדער צווײ אדער דרײ (בהשגח"פ) צו אנפירן מיט א מוסד, און זײ האבן טאקע דערמיט אנגעפירט מיט מסירת נפש און געזען פרי עמלם - איז אבער דער סדר און די כוונה אז דער מוסד זאל פארברײטערט ווערן.

און בכדי די כוונה זאל זיך אויספירן, מוז מען ארײננעמען נײע מענטשן.

און ניט נאר וועט עס ניט אנרירן זײן מציאות - נאר כאמור אדרבה: דורך דעם וועט דער מוסד ווערן נאך גרעסער!

משא"כ די הנהגה באופן הנ"ל, איז היפך התועלת וכו׳.

און דאס איז א זאך וואס מ׳דארף באווארענען און שולל זײן לגמרי.

דאס וואס מ׳רעדט וועגן דעם איצטער, איז ניט דערפאר וואס אזא הנהגה האט זיך אנגעהויבן ערשט דעם שבת, דאס איז אזוי געווען לעצטע וואך, און א וואך פריער, צווײ וואכן, דרײ וואכן פריער, א יאר צוריק, צען יאר, און צוואנציק יאר צוריק - ואין פוצה פה ומצפצף!

מב. און די טענה אז אזוי פירט זיך אויך אין אנדערע מוסדות, און עס דארף זײן "אחרי רבים להטות"[148] - דארף מען

- וויסן -

---

148) משפטים כג, ב.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

וויסן אז אין תורה איז ניטא קיין "אחרי רבים להטות" [דאס איז שייך אין סנהדרין, ביי דיינים, אבער אין אלע אנדערע ענינים פארבונדן מיט תורה איז דאס ניט שייך] – ווארום ס'איז "ונפלינו אני ועמך מעל העם אשר על פני האדמה"[149],

ועד"ז איז דא דער "ונפלינו גו'" בא די אידן וואס זיינען פארבונדן מיט "אילנא דחיי"[150], פנימיות התורה, און מיט כ"ק מו"ח אדמו"ר.

המדובר לעיל איז נאר א מאמר המוסגר מצד דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, וואס אזעלכע ענינים דארף מען בכלל ניט רעדן ביום השבת, ובפרט אין א ביהמ"ד, ובפרט אין די ד' אמות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר.

מ'האט עס בעיקר גערעדט בקשר מיט דער רש"י וואס שטייט אין דער פרשה וואס רעדט וועגן דור הפלגה, וואס דער בן חמש למקרא, מצד תמימות שלו, געדענקט די רש"י אויך ווען ער האלט בפרשתנו,

און מצד זיין תמימות, זייענדיק איינער פון "צבאות השם" – וויל ער אויך אז משיח זאל קומען שוין באלד בפשטות – משא"כ יענעם ארט אז משיח זאל קומען, ווארום דעמולט וועט ער ניט תופס מקום זיין – עס וועלן דאן זיין גרעסערע גדולים!

מג. דער פירוש רש"י אין דער פרשה האמורה פון וואנעט מ'פארשטייט אז "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו" איז א ראי' אז יעקב וועט קומען אין שעיר:

דער פסוק זאגט[151] "וירד ה' לראות את העיר ואת המגדול אשר בנו בני אדם". איז רש"י דארטן מפרש אויף "וירד ה' לראות – לא הוצרך לכך אלא בא ללמד לדיינים שלא ירשיעו הנידון עד שיראו ויבינו".

ועד"ז איז רש"י מפרש בנוגע צו סדום, וואו שטייט[152] "ארדה נא ואראה גו'", איז רש"י מפרש: "למד לדיינים שלא יפסקו דיני נפשות אלא בראי' הכל כמו שפירשתי בפ' הפלגה",

[וואס דאס גופא איז צריך ביאור: פארוואס רש"י איז מוסיף "הכל כמו שפירשתי בפ' הפלגה"].

איז דערפון פארשטאנדיק אויך בנוגע צו "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו". וויבאלד אז דאס איז אן ענין

- פון -

---

149) תשא לג, טז. 150) זח"ג קכד, ב (בדע"מ). הובא ונתבאר באגה"ק סכ"ו (קמב, א). 151) נח יא, ה. 152) וירא יח, כא.

הנחת הת' בלתי מוגה

פון "לשפוט" ע"ד ווי דיינים סוען עס, דארף מען גיין צו דעם ארט וואס מ'גייט משפט'ן,

און דערפאר איז פון "ועלו מושיעים בהר ציון לשפוט את הר עשו" א ראי' אז יעקב וועט גיין אין שעיר ("הר עשו").

מד. דער ביאור פארוואס רש"י באווארנט ניט פארוואס איין מאל שטייט "פניאל" און דערנאך "פנואל", ובהקדם:

בנוגע צו שמות וואס שטייען אין תורה זיינען פאראן צוויי שיטות, צי מדייקין בשמות אדער אין מדייקין בשמות.

שיטת הראב"ע[153] איז אז אין מדייקין בשמות, ווי ער זאגט בנוגע צום שם "משה" - "כי מן המים משיתיהו", וואס לפי"ז האט זיין נאמען געדארפט זיין "משוי", וואס מיינט אז מ'האט אים ארויסגעצויגן מן המים, ניט "משה" וואס מיינט אז ער ציט ארויס - נאר "השמות אינם נשמרים כמו הפעלים", איז דערפאר קיין שאלה ניט פארוואס דער נאמען איז "משה".

ועד"ז איז זיין שיטה בנוגע צו אנדערע שמות אין תורה.

רש"י האלט אבער אז מדייקין בשמות - ווי מ'זעט עס ביים נאמען "נח":

אין פסוק שטייט[154] "ויקרא את שמו נח לאמר זה ינחמנו ממעשינו ומעצבון ידינו מן האדמה אשר אררה ה'". איז רש"י מפרש: "זה ינחמנו - יניח ממנו את עצבון ידינו עד שלא בא נח לא הי' להם כלי מהרישה והוא הכין להם והיתה הארץ מוציאה קוצים ודרדרים כשזורעים חטים מקללתו של אדה"ר ובימי נח נחה וזהו ינחמו, ואם לא תפרשהו כך אין טעם הלשון נופל על השם ואתה צריך לקרות שמו מנחם",

וואס דערפון זעט מען שיטת רש"י אז מדייקין בשמות (משא"כ שיטת הראב"ע[155]).

איז ע"פ שיטת הראב"ע קיין שאלה ניט וואס איין מאל שטייט "פניאל" און א צווייטן מאל שטייט "פנואל"; אבער לשיטת רש"י אז מדייקין בשמות איז דאס א שאלה, ואעפ"כ באווארנט עס ניט רש"י על אתר.

מה. איז דער ביאור בזה, אז דאס ווערט שוין באווארנט פריער:

אין פ' בראשית שטייט[156] דער נאמען "מחויאל" (מיט א וא"ו) און גלייך נאך דעם שטייט "מחייאל" (מיט א יו"ד).

- אבער -

---

153) עה"פ שמות ב, י. 154) בראשית ה, כט. 155) ראה ראב"ע עה"פ בראשית שם. 156) ד, יח.

אבער אויך דארפן באווארנט עס ניט רש"י אזוי ווי ער באווארנט עס ניט בפרשתנו פארוואס?

איז דער ביאור בזה, אז רש"י האט עס שוין פריער באווארנט:

עס שטייט [157] "ויקרא האדם שם אשתו חוה כי היא היתה אם כל חי". זאגט רש"י "חוה נופל על לשון חיה שמחי' את ולדותי', כאשר תאמר מה הוה לאדם [158] בל' היה".

וואס דא זעט מען בפירוש דעת רש"י אז אין פשש"מ פארבייט מען א יו"ד מיט א וא"ו.

און דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע צו "מחויאל" און "מחייאל", און עד"ז "פניאל" און "פנואל".

מו. אין די הערות אויפן זהר בפרשתנו שטעלט זיך דער טאטע [159] אויפן מאמר הזהר [160] "מסטרא דיצחק נפקו תרין בנין ברוך וחד דאתלטיא לעילא ותתא כו' תרין דרגין אינון ברוך וארור כו' מהאי נפקין כל ברכאן דעלמין לעילא ותתא וכל טיבו וכל נהירו וכל פורקן וכל שזבותא ומהאי נפקין כו'".

און ער איז מבאר אין דער הערה ה' דברים וואס ווערן אויסגערעכנט בא "ברוך" (יעקב) און די ו' דברים בא "ארור" (עשו) ע"פ קבלה;

ער איז אבער ניט מבאר ווי דאס איז ע"פ נגלה.

וואס דער ענין פון "ברוך" און "ארור", און די מעלה פון "ברוך" אויף "ארור" ע"פ נגלה, איז - כמבואר בספר החינוך [161] בדין חרם, אז "ישראל הוא העם אשר בחר הא-ל לעבודתו כו' וההיפך והיא המארה והחרם על אויביהם ושונאיהם של ישראל. וע"כ כי יקצר רוח מהם בן ישראל ויוציא מפיו לשון קללה והרם על ממונו וקרקעותיו שהם תחת הברכה, הודיע הכתוב שא"א לו להוציא מרשות המבורך לרשות אחר לפי שכל אשר לישראל שהם חלק השי"ת לו הוא כו'".

מז. כאן המקום צו ממשיך זיין דעם ביאור אין הדרן אויף מסכת ערכין אין דער התוועדות פון י"ט כסלו, און מבאר זיין וואס מ'האט געפרעגט אין דעם.

מ'האט דעמולט געברענגט די שאלה פון אחרונים [162] אויפ'ן רמב"ם [163] "כהן שהיתה לו שדה הרם..והחרימה הרי מוחרמת כו'

- און -

157) בראשית ג, כ. 158) קהלת ב, כב. 159) לקוטי לוי"צ לזח"א ע' קמז ואילך. 160) ח"א קפד. ב. 161) מצוה שנז. 162) מנ"ח שם. 163) הל' הרכין וחרמין פ"ו ה"ו.

און ער איז משנה פון לשון הגמרא [164] "כהן שהקדיש שדה חרמו כו׳") – דלכאורה כהנים קענען דאך ניט מחרים זיין [165], ווי דער רמב"ם אליין ברענגט אין דער הלכה שלאח"ז [166], "קרקע או מטלטלין של כהנים ולויים אינם מחרימין אותן שהרי אומר בשדה [167] כי אחוזת עולם הוא לכם כו׳"?

און מ׳האט מבאר געווען, אז לויט ווי דער מנחת חינוך שרייבט [168] בדין כהנים אינם מחרימין אז דאס איז א גזירת הכתוב, אחוזת עולם היא לכם", איז פארשטאנדיק אז דער דין איז שייך ביי אלע שדות;

אין חינוך איז ער אבער מבאר א טעם פארוואס כהנים אינם מחרימין, און ע"פ הדעה אז דריש טעמא דקרא [169], און דער טעם קען משנה זיין א הלכה – וועט לויטן טעם פון חינוך אויסקומען א פאל ווען כהנים קענען יא מחרים זיין:

דער חינוך איז מבאר (כנ"ל), אז "ישראל הוא העם אשר בחר הא-ל לעבודתו ולהכיד שמו והם אינם תחת ממשלת המזלות אשר חלק השי"ת לעמים מן האומות אבל הם ת"י של הקב"ה מבלי אמצעות מלאך ומזל כו׳ וההיפך והיא המארה והחרם על אויביהם ושונאיהם של ישראל", און "כי יקצר רוח אחד מהם ויוציא מפיו לשון קללה וחרם על ממונו וקרקעותיו שהם תחת הברכה, הודיע הכתוב שא"א לו להוציאו מרשות המבורך לרשות אחד לפי שכל אשר לישראל שהם חלק השי"ת לו הוא כו׳, אבל מ"מ אחר שידענו באמת כי כוונת המחרים להוציא אותו דבר מרשותו ראוי להשלים חפצו וישוב לרשות אדוניו ויהי׳ קודש", און דערפאר גיט מען עס אפ די כהנים.

משא"כ "כל אשר ללויים ולכהנים בין קרקע בין מטלטלין אין מחרימין אותן, כלומר שאפילו אמר הכהן או הלוי על שדהו שיהי׳ חרם אינו נתפס כלל כי הוא כשוכן בית אדוניו מקום הברכה והחסד והטוב וכל אשר יש לו להשי"ת הוא ובתוך הרכה אין מקום לחרם חלילה".

איז דערפון פארשטאנדיק, אז במה דברים אמורים בשעת די שדה איז לכתחילה זיין אייגענע שדה, אבער אויב דער כהן באקומט א שדה חרם, וויבאלד אז לשון חרם איז שוין נתפס געווארן און האט שוין גע׳פועל׳ט אין דער שדה (ע"י ישראל) – קען דאס דער כהן מחרים זיין.

וואס כאמור, איז דאס ווי דער טעם איז׳ משנה די הלכה.

– און –

---

164) ערכין לד, א. 165) שם כח, א במשנה. 166) ה"ז. 167) בהר כה, לד (בשינוי לשון). 168) שם. 169) גטין מט, ב. וש"נ.

און דאס האט מען מקשר געווען מיט דער לעצטער משנה אין ערכין, וואס אויך דארטן איז דא א טעם וואס איז משנה א הלכה, און אויך מקשר געווען מיט תחילת המסכת, וואס די גאנצע מסכת ווערט אנגערופן ערכין, וואס ערכין, אפשאצן, איז דער ענין פון טעם.

מח. עס זיינען דא אחרונים[170] וואס זיינען מבאר דעם רמב"ם (ווי כהנים קענען מחרים זיין) מיטן פסוק "אחוזה עולם הוא לכם":

וויבאלד אז מ'לערנט אפ דעם דין אז כהנים אינם מחרימין פון פסוק "כי אחוזת עולם הוא לכם" (ווי דער רמב"ם ברענגט, כנ"ל), ווייל דורך מחרים זיין א שדה ווערט זי אויס אחוזה עולם פון דעם כהן - איז דאס דוקא בשדה שלהם, אבער ניט אין א שדה חרם וואס ער באקומט פון א צווייטן.

מ'האט ניט געבראכט דעם ביאור (סיידן לויטן טעם החינוך) - ווארום:

לויטן ביאור, אז כהנים אינם מחרימין איז נאר בשדות שלהם, קומט אויס אז אלע אנדערע שדות שברשותם וואס זיינען ניט משלהם, קענען זיי מחרים זיין ד.ה. אז זיי קענען מחרים זיין ניט נאר א שדה חרם, נאר אויך א שדה שפדו מן ההקדש -

דער רמב"ם רעדט אבער (דוקא) וועגן "כהן שהיתה לו שדה חרם כו'" [ועד"ז רעדט די גמרא (אין ערכין) וועגן "(כהן שהקדיש) שדה חרמו"], ניט וועגן אן אנדער שדה (א שדה שפדו מהקדש).

וואס דערפאר איז דא ניט אזוי מתאים דער ביאור הנ"ל פון אחרונים, וואס רעדט ניט דוקא וועגן שדה חרם דוקא, נאר וועגן אלע שדות ברשות כהן וואס זיינען ניט זיינע; משא"כ דער ביאור לויטן חינוך איז פארבונדן דוקא מיט שדה חרם (אז וויבאלד לשון חרם איז שוין נתפס געווארן און געפועל'ט אין דער שדה - קען דאס אויך א כהן מחרים זיין, כנ"ל).

מט. און דאס האט א קשר מיט א פריערדיקער משנה וגמרא אין מסכת ערכין קרוב לסיומה[171]:

רבי און די חכמים זיינען חלוק אין גאולת עולם וואס שטייט בא לויים ("גאולת עולם תהי' ללויים"[172]) צי ס'איז געזאגט אז די עיירות זאלן זיין ערי הלויים, אדער די עיירות דארפן אויך זיין אין א רשות פון א לוי:

- רבי -

---

170) ס' נזר הקדש לסוף ערכין. 171) לג, ב. 172) בהר שם, לב.



הנחת הת' בלתי מוגה

רבי האלט אז זיי דארפן זיין סיי ערי הלויים [און א בן לוי שירש את אבי אמו ישראל איז ניט גואל כלוי], סיי אין רשות פון א לוי [און ישראל שירש אבי אמו לוי איז אויך ניט גואל כלוי, נאר עס דארפן זיין ביידע זאכן, סיי דער גואל זאל זיין א לוי און סיי ער זאל ירש'ענען די ערים פון לויים];

די חכמים האלטן אז מ'דארף נאר האבן אז ערי הלויים [ד.ה. אז אפילו ישראל שירש את אבי אמו לוי גואל כלוי[173]] און אזוי בלייבט די הלכה, ווי דער רמב"ם פסקנ'ט[174], "שדין זה (דגאולה כלוי) תלוי במקומות אלו ולא בבעלים".

ועד"ז איז דער ביאור הנ"ל אין רמב"ם (פארוואס כהנים קענען מחרים זיין) לויטן חינוך (אז דאס רעדט זיך וועגן א שדה שנתפס בחרס) - אז דא איז ניט נוגע צי די איז אין דער רשות פון כהן אדער ניט, נאר ס'איז נוגע דער "מקום" וואו די שדה געפינט זיך - אויב די געפינט זיך אין א "מקום" (מצב) פון חרס קען דאס דער כהן מחרים זיין. איז עס כדעת חכמים.

משא"כ דער ביאור פון די אנדערע אחרונים (אז א כהן קען מחרים זיין אלע שדות וואס זיין ברשותו (אויב זיי זיינען נאר ניט שלו) - איז ע"ד ווי דעת רבי אז ס'איז פארבונדן ניט נאר מיטן מקום וואו די שדות געפינען זיך, נאר אויך אין וועלכן רשות זיי זיינען.

ב. בנוגע צו דער צווייטער זאך וואס מ'האט געפרעגט: וואס איז די שייכות צווישן דעם טעם פון "לא יחדיבו את ערי ישראל" וואס שטייט אין דער משנה[175] אויף לא יעשו מעיר מגרש, און דעם כללות ענין פון ערכין וואס איז פארבונדן מיט טעם - מיטן טעם פון חינוך -

האט מען ניט גערעדט אז ס'איז דא א שייכות צווישן די אלע טעמים:

מ'האט גערעדט אז עס זיינען דא צוויי שיטות צי דריש טעמא דקרא אדער לא דריש טעמא דקרא , איז דערפון וואס אין דער מסכת (ערכין) זיינען דא כמה ענינים פארבונדן מיט טעם (עכ"פ א טעם פון תושבע"פ, ניט פון תושב"כ (ווי דער ענין פון דריש טעמא דקרא איז בפשטות)),

אנהויבנדיק דערפון וואס די גאנצע מסכת הייסט "ערכין" וואס ערכין, אפשאצן, איז בפשטות פארבונדן מיט טעם, ביז אז דער ערשטער ווארט פון דער מסכת, "הכל (מעריכין)",

- באוויייזט -

---

173) פרש"י שם - ד"ה אין. 174) הל' שמיטה ויובל פי"ג ה"ח. 175) ערכין שם.

באווייזט אויך אויף דער ענין פון טעם - ווי די גמרא לערנט אפ דערפון "הכל מעריכין לאתויי מופלא סמוך לאיש", וואס "מופלא" מיינט , אז מ׳איז אים בוחן צי ער האט טעם ושכל ודעת,

און דערנאך אויך אין דער לעצטער משנה אויף לא יעשו מעיר מגרש שטייט דער טעם "שלא יחריבו את ערי ישראל", וואס דא קומט צו וואס דער טעם איז משנה די הלכה -

איז פארשטאנדיק אז אין דער מסכת גייט מען ע"פ השיטה אז דריש טעמא דקרא,

און דערפאר איז אויך בנוגע צו דעם דין אז כהנים אינם מחרימין, אז מ׳איז "דריש טעמא", און צוליב דעם טעם (ווי עס שטייט אין חינוך) איז מען משנה די הלכה.

און דערביי קומט אויך צו א שייכות מיוחדת צווישן דעם טעם פון "לא יחריבו את ערי ישראל" מיטן טעם פון חינוך אויף דעם ענין פון חרם (כדלעיל):

"לא יחריבו את ערי ישראל" איז דער טייטש אז מ׳זאל ניט אריינברענגען חורבן אין "(ערי) ישראל" וואס דאס איז דער זעלבער טעם פארוואס בא אידן (ובפרט בא כהנים ולויים) איז ניט שייך דער ענין החרם, מ׳זאל ניט אריינברענגען חרם און חורבן אין ברכה.

בא. און דאס קומט אלץ בהתאם מיט (און מיוסד אויף) דעם סיפור פון דעם אלטן רבי׳ן מיט ר׳ הלל פאריטשער (ווי גערעדט בארוכה אין דער התוועדות פון י"ט כסלו) - אז אויב מ׳האט א קשיא אין מס׳ ערכין דארף מען זיך אליין מעריך זיין, זיך אליין אפשאצן[177],

און דורך די רייד פון אלטן רבי׳ן איז ר׳ הלל אויסגעוואקסן צו זיין ר׳ הלל פאריטשער, איינער פון די גרעסטע חסידים, א משכיל און עובד וכו׳, ווי דערציילט אין סיפורי דבותינו נשיאינו[178].

און דערפון האט מען די הוראה לכאו"א, אז דורך אפשאצן זיך אליין ווי עס דארף צו זיין, קען מען אויסוואקסן צו זיין ע"ד ווי א ר׳ הלל פאריטשער.

לכאורה דארף מען דאס אבער פארשטיין:

- ס׳איז -

-----------

176)

ס'איז ידוע דער סיפור[179] פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, אז ר' הלל איז געווען דער עובד און דער צווייטער איז געווען דער משכיל.

וואס אן עובד איז דאך דער ענין פון קבלת עול, ניט שכל; משא"כ דער ענין פון ערכין, פון אפשאצן זיך, איז דאך דער ענין פון שכל, כנ"ל, אזן א מופלא סמוך לאיש איז דאך לכאורה א משכיל - איז ווי שטימט עס דערמיט אז ר' הלל האט דורך זיין אפשאצן זיך איז ער אויסגעוואקסן צו זיין אן עובד, דער ענין פון קבלת עול?!

נאר דאס גופא איז דער ביאור: בשעת מ'שאצט זיך אפ ווי עס דארף צו זיין, ע"פ שכל, קומט מען צו דער מסקנא אז עס דארף זיין קבלת עול, אז מ'דארף ווערן אן עובד.

און דאס איז ניט קיין סתירה צו שכל - אדרבה, ווי דער אלטער רבי האט געזאגט: דורך אפשאצן זיך אליין ווערט פארענטפערט א קשיא אין מסכת ערכין, ד.ה. אז דורך דעם ענין פון קבלת עול (זיך אליין אפשאצן כדבעי) ווערט ניתוסף אין הבנה והשגה, אין "ערכין".

והנמשל מובן.

נב. ס'איז דאך המעשה הוא העיקר[180]: זאל מען איצטער מכריז זיין דעם זמן און דער מקום פון דער מלוה מלכה וואס דארף פארקומען דעם מוצאי שבת בקשר מיט טהרת המשפחה און מקוה.

[אחרי שהכריז רש"מ שיחי' אודות המלוה מלכה נתן לו כ"ק אדמו"ר שליט"א את המזונות ואמר:]

בהצלחה רבה.

און דורך דערויף וועט מקויים ווערן דער "מקוה ישראל ה'"[181], כמבואר אין די דרושים[182] אויף[183] "אמר רבי עקיבא אשריכם ישראל לפני מי אתם מטהרין מי[184] מטהר אתכם אביכם שבשמים שנאמר[185] וזרקתי עליכם מים טהורים וטהרתם כו'",

ביז מ'וועט קומען צו דער צייט ווען עס וועט זיין די פרה העשירית[186] בגאולה האמיתית והשלימה, וואס דעמולט וועט

- אויך -

---

179) לקו"ד כרך ג' ע' תקכו, א. שיחת י"ב תמוז תש"ח (נדפס בסה"מ תש"ח ע' 260). 180) אבות פ"א מי"ז.
181) ירמי' יז, יג. 182) אוה"ת יוהכ"פ ע' א'תקעו ואילך. לקו"ש אחרי תשל"ו ס"ו ואילך. 183) יומא פה, ב במשנה.
184) כ"ה במשנה שלפנינו ובירושלמי רי"ף וע"י כאן - ומי.
185) יחזקאל לו, כה. 186) ראה יל"כ ר"פ חקת. רמב"ם הל' פרה אדומה ספ"ג.

אויך זיין די שירה העשירית[187] אין דער גאולה שאין אחרי' גלות[188],

ע"י משיח צדקנו בקרוב ממש.

התחיל לנגן "ווי וואנט משיח נאו" ורמז להילדים שיהיו שינגנו הם.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, ועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "אך צדיקים".

---

187) מכילתא עה"פ בשלח טו, א. תרגום עה"פ שה"ש א, א. וראה אוה"ת שה"ש שם. 188) תוד"ה ונאמר לפניו - פסחים קטז, ב.

הנחת הת' בלתי מוגה

## שיחה לתלמידי כתות הראשונות דהישיבות
## ולתלמידי של"ה – שיחיו, „צבאות השם"
## – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה והדלקת נ"ח –
## יום ד', כ"ה כסלו, אור לב' דחנוכה ה'תשמ"א

א. [אמרו את הי"ב פסוקים ומאמרי חז"ל[1].

אח"כ שרו „ווי וואַנט משיח נאַו"].

ב. מיר געפינען זיך אין (אָנהויבס פון) די טעג פון חנוכה, וואָס חנוכה דערמאָנט (ווי מ'זאָגט אין „ועל הנסים" —) „על הנסים . . ועל התשועות", וואָס זיי זיינען געווען פאַרבונדן מיט א מלחמה[2], וואָס די „צבאות השם"[3], די אידן בימי מתתיהו, האָבן דעמולט געפירט אַנטקעגן די וואָס האָבן געוואָלט „להשכיחם תורתך ולהעבירם מחוקי רצונך"[4], אַז מ'זאָל ח"ו פאַרגעסן אויף דער תורה און (אָפּגעשוואַכט און) אַוועקגענומען ווערן פון ·מקיים זיין אירע מצוות[5] (וואָס דאָס נעמט זיך פון דעם יצה"ר),

איז ניט רעכענענדיק זיך מיט חשבונות, אַז זיי זיינען געווען „חלשים" און „מעטים" אַנטקעגן די אומות העולם („מלכות יון הרשעה"[4]) וועלכע זיינען געווען „גבורים" און „רבים" — זיינען זיי אַריין אין „צבאות השם", און האָבן געפירט די מלחמה, און געהאַט דעם גרויסן נצחון.

ביז — „להודות ולהלל לשמך הגדול", אַז דער נצחון האָט געבראַכט דעם קידוש (הייליק מאַכן) פון שם שמים, פון „שמך הגדול"[6] פון דעם אויבערשטן,

און אין אַן אופן אַז דער נצחון איז דערנאָך פאַראייביקט געוואָרן אין אַלע דורות.

ביז וואָנעט (ווי עס שטייט דער לשון בנוגע צו נרות[7] חנוכה[8]) אַז „הנרות הללו אינן בטלין לעולם", אַז עס בלייבט אַן אייביקער אָנדענקונג און זכרון פון חנוכה, כולל דעם נצחון המלחמה[9] פון „צבאות השם" (וואָס איז דעמולט געווען) — דורך דעריף וואָס יעדער יאָר ווען עס קומען די טעג פראַוועט מען דעם יו"ט פון חנוכה[10].

---

1) נדפסו בחוברת „י"ב פסוקים ומאמרי חז"ל" (ברוקלין, ה'תשל"ו). בחוברות „צבאות השם" בכ"מ. ועוד.

2) להעיר דבכו"כ נוסחאות אומרים גם „ועל המלחמות".

3) בא יב, מא.

4) נוסח „ועל הנסים" דחנוכה.

5) ובל' הרמב"ם (הל' חנוכה פ"ג ה"א): גזרו גזירות על ישראל ובטלו דתם ולא הניחו אותם לעסוק בתורה ובמצוות.

6) נתבאר בתו"א ובאוה"ת ר"פ שמות.

7) נוסף על העיקר, מרז"ל בנוגע לחנוכה בכלל — דכל המועדים בטלים לבד מחנוכה ופורים (מדרז"ל הובא באגרת הטיול דרוש אות מ. ס' החיים ח"ג רפ"ז). — ולהעיר מר"ה (יח, ב) בנוגע למועדי מגלת תענית.

8) תנחומא בהעלותך ה. במדב"ר פט"ו, ו — ע"פ רמב"ן ר"פ בהעלותך.

9) ולהעיר שנצחון המלחמה קשור עם נרות חנוכה (ש„אינן בטלין לעולם") — ראה לקמן הע' 38.

10) ואף ש„תקנת" יו"ט דחנוכה היא משום הנס דפך השמן (שבת כא, ב ובפרש"י שם ד"ה מאי חנוכה) — הרי לדעת הרמב"ם (שם ה"ג. ובארוכה — לקו"ש ח"י ע' 142 ואילך) תקנת יו"ט דחנוכה („לימי שמחה") היא (גם) משום הנס דנצחון המלחמה (ומשום הנס דפך השמן נתקנו ימים אלו ל„ימי הלל"), וגם לולא הנס בנרות הי' קובעים את

ג. וויבאַלד אַז עס בלייבט אַן אייביקער אָנדענקונג און זכרון בכל הדורות פון דעם נצחון פון „צבאות השם״ וואָס איז דעמולט געווען — איז פאַרשטאַנדיק אַז אין דעם איז דאָ אַ הוראה לכל הדורות:

אין יעדער דור, ביז אין אונזער דור און אין היינטיקן יאָר, שנת ה׳תשמ״א, זיינען דאָ די „צבאות השם״ וואָס האָבן מלחמה אַנטקעגן דעם יצר וואָס וויל „להשכיחם תורתך ולהעבירם מחוקי רצונך״.

ובכדי מ׳זאָל מצליח זיין און מנצח זיין אין דער מלחמה ובהקדם, דאַרף מען געדענקען, דערמאָנען זיך אויף דעם נצחון פון „צבאות השם״ וואָס איז אַמאָל געווען במלחמתם קעגן די וואָס האָבן געוואָלט דאַמאָלס „להשכיחם תורתך ולהעבירם מחוקי רצונך״, און אויפפירן זיך היינט לויט די אָנווייזונגען פון יענעם נצחון.

און וויבאַלד אַז חנוכה און דער נצחון המלחמה וואָס איז דעמאָלט געווען בלייבט אַלס אַן אייביקער יו״ט, איז יעדער יאָר ווען עס קומען די טעג פון חנוכה — פרישט מען אָפּ דעם זכרון ווי דער נצחון האָט פּאַסירט דעמולט — „בימים ההם בזמן הזה״[11],

מיט דער זיכערקייט, אַז דער וואָס „עשה נסים לאבותינו בימים ההם בזמן הזה״[11], דער אויבערשטער וואָס ער האָט דעמולט באַוויזן נסים, און ס׳איז געווען אַ נצחון גדול, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס אידן זיינען געווען „חלשים״ און „מעטים״ אַנטקעגן מלכות יון (די וואָס האָבן געוואָלט ניט צולאָזן לערנען תורה און מקיים זיין מצוות ווי עס דאַרף־צו־זיין) — וועט אַזוי טאָן אויך איצטער.

און דעריבער איז דער דערמאָנען זיך אויף דעם — אין אַן אופן אַז דאָס זאָל דורכנעמען און געבן נאָכמער כח די „צבאות השם״ פון יעדער דור און פון אונזער דור און פון היינטיקן יאָר —

ווירקט אַז זיי זאָלן אַריינגיין אין דער מלחמה אַנטקעגן דעם יצר, מיט דער פולער זיכערקייט[12] אַז זיי וועלן האָבן אַ גרויסן נצחון, אין אַן אופן פון „עשה נסים״ — אַ נסים׳דיקער נצחון.

ביז אין אַן אופן פון „להודות ולהלל לשמך הגדול״, אַז דורך זייער נצחון וועט נאָך צוקומען אין דעם קידוש פון שם שמים, פון „שמך הגדול״, פון דעם אויבערשטן,

און עס וועט צוקומען אין אַן אופן אַז „אינן בטלין לעולם״, אַז עס וועט בלייבן אַן אייביקער אָנדענקונג און זכרון פון דעם נצחון פון „צבאות השם״ פון אונזער דור.

ד. ובפשטות:

יעדער איינער דאַרף אַריינגיין אין דער מלחמה אַנטקעגן דעם ענין אין וועלכן עס ווערט איצטער געפירט די מלחמה, וואָס דאָס איז (ווי גערעדט באַ די פריערדיקע צוזאַמענקלייכן זיך[13]) — די מלחמה מיטן יצר, כדי מ׳זאָל נאָכמער צוגעבן אין „תורתך״, אין לערנען

---

יום נצחון המלחמה ליו״ט, ראה לקו״ש שם (וראה שם הערות 10, 12).

ועוד ועיקר — אומרים בחנוכה „על הנסים״ שהוא (בעיקר) על הנס דנצחון המלחמה („מסרת גבורים וכו׳״).

11) נוסח ברכת הדלקת נרות חנוכה.

12) ראה שיחת יום ד׳, כ״ח תשרי תשמ״א ס״ז (לקו״ש חכ״ד בהוספות).

13) שיחת יום ב׳, ג׳ דחוהמ״ס. יום ד׳ כ״ח תשרי ס״ז ואילך.

תורה, און נאָכמער צוגעבן אין קיום „חוקי רצונך״, אין נאָכמער בהידור מקיים זיין אירע מצוות,

און טאָן דאָס מיט לעבעדיקייט און מיט פריילעכקייט.

און אין אַן אופן פון „ואהבת לרעך כמוך״[14] — ווירקן אויף יעדער אידיש קינד, סיי אַן אינגעלע און סיי אַ מיידעלע, אַז די וואָס זיינען דערוויילע (מאיזו סיבה שתהי׳) נאָך ניט אַריין אין „צבאות השם״, זאָלן זיי אַריין ותיכף ומיד ממש,

און דורך דעם נאָכמער פאַרשטאַרקן דעם צבא, „צבאות השם״, און נאָכמער פאַרשנעלערן דעם אָנקומען פון דעם נצחון.

ה. די מלחמה און דער נצחון המלחמה איז אַלעמאָל פאַרבונדן מיט דער זעלבער כללות׳דיקער מטרה (מיט דעם זעלבן צוועק) הנ״ל: מ׳זאָל קענען נאָכמער לערנען תורה און נאָכמער בהידור מקיים זיין אירע מצוות:

פונדעסטוועגן האָט יעדער תקופה און זמן אירע ספּעציעלע אויפגאַבן.

פונקט ווי מ׳זעט דאָס אין אַן אַרמיי פון אַלע פעלקער:

אַן אַרמיי ווערט אויפגעשטעלט כדי צו באַשיצן דעם פאָלק און די לאַנד,

און מזמן לזמן באַשיצט זי און מאַכט שטאַרקער די לאַנד, דורך ספּעציעלע מיטלען און מיט אַ ספּעציעלע פּרט מטרה (ציל) וואָס איז צוגעפּאַסט צו דער צייט.

די מטרה און ספּעציעלע אויפגאַבע אין דער מלחמה פון אונזער צייט איז —

ווי איר האָט ערשט[15] מכריז און מודיע געווען, און מיט אַ קול גדול[16] — „ווי וואַנט משיח נאָו״, אַז מיר ווילן אַז משיח זאָל קומען איצט תיכף ומיד.

וואָס דאָס איז די ספּעציעלע אויפגאַבע פון אונזער דור און פון אונזערע יאָרן, און בפרט פון דעם יאָר — אַראָפּברענגען משיח׳ן „נאָו״, תיכף ומיד.

און דעריבער ברענגט מען איצטער אַריין אין „צבאות השם״ נייע „סאָלדזשערס״, אַ נייעם צבא — אויף פאַרשנעלערן, אַז דאָס זאָל מקוים ווערן בפועל, כדלקמן.

ו. דאָס איז אַלעמאָל געווען דער פאַרלאַנג און די פאָדערונג פון אידן — אַז משיח זאָל גלייך קומען, במהרה.

וואָס דערפאַר האָט גאָר קיין אָרט ניט אַז אַ איד זאָל ח״ו זאָגן, אַז ער וויל ניט, אָדער ער האַלט ניט, אָדער אים איז ניט „ניחא״ — אַז מ׳זאָל אויסרופן און פאַרלאַנגען „ווי וואַנט משיח נאָו״:

יעדער איד דאַווענט און בעט אין קלאָרע ווערטער אין שמונה־עשרה, בשעת ער שטייט פאַרן אויבערשטן אַליין[17]

— וואָס דעמולט איז אַ זיכערע זאַך אַז ער רעדט אמת, און בשעת ער זאָגט דעם אויבערשטן אַליין וואָס ער בעט ביי אים — איז זיכער אַז ער וויל דאָס מיט אַן אמת, ניט ח״ו אַז ס׳איז נאָר געזאָגט —

14) קדושים יט, יח.

15) אחרי אמירת ה״יב פסוקים ומאמרי חז״ל״, כנ״ל ס״א.

16) ראה קונטרס ומעין מאמר יא.

17) ראה ברכות לג, רע״א: עומד לפני ממה״מ הקב״ה כו׳. וראה שבת י, א. טושו״ע (ואדה״ז) או״ח סי״ס צה. — ואיתא בספרי בכל קראנו אליו אליו ולא למדותיו (פרדס של״ב רפ״ב).

„את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח״, אַז גאַר אײנג׳כן, איז אַז אופן פון „מהרה״, זאָל אויפגעשפּראָצט ווערן, אַנטפּלעקט ווערן, „צמח דוד עבדך״, וואָס דאָס גייט אויף משיח׳ן (וואָס „צמח שמו״, ווי עס שטייט אין גמראַ[18]).

דערנאָך זאָגט מען נאָכמער: „לישועתך [וואָס די ישועה באַשטייט אין „צמח דוד עבדך מהרה תצמיח״, ווי מ׳זאָגט גלייך פאַר דערויף — „וקרנו (פון משיח, „צמח דוד עבדך״) תרום בישועתך״] קוינו כל היום״ — דעם גאַנצן טאָג האָפט ער און בעט אַז עס זאָל זיין „ישועתך״, „את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח״,

[און דוקא דורך זאָגן דאָס אַלעס איז די תפלה זיינע אַ תפלה שלימה, ווי די אנשי כנסת הגדולה האָבן דאָס מתקן געווען]:

אפילו נאָך דעם וואָס ער האָט געדאַוונט שמונה־עשרה בשחרית, און דעמולט געבעטן „את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח״, און איצטער, אין דעם זעלבן טאָג, איז געקומען די צייט פון תפלת מנחה און משיח איז נאָך ניט געקומען — איז „לישועתך קוינו כל היום״ — אויך אין דער צייט פון מנחה האָפט ער און בעט ווידער „את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח״, אַז משיח זאָל קומען „מהרה״, „נאַו״.

און אויב ח״ו דער „מהרה״ פאַרהאַלט זיך אויף נאָך עטלעכע שעה — איז „לישועתך קוינו כל היום״ — פאַרלאַנגט ער דאָס נאָכאַמאָל דעם זעלבן טאָג צו תפלת ערבית.

„כל היום״ בעט מען און מ׳מאָנט בא דעם אויבערשטן, ווי אַ קינד בעט ביי אביו שבשמים ער זאָל ערפילן זיין פאַרלאַנג — „ווי וואַנט משיח נאַו״, „מהרה״:

מ׳בעט ביי אים אין דער תפלת שחרית, אינדערפרי, עס זאָל זיין „את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח״: און אויב משיח איז ח״ו ניט געקומען ביז צו דער צייט פון תפלת מנחה פון דעם זעלבן טאָג, באַגנוגנט ער זיך ניט דערמיט וואָס ער האָט עס געבעטן אין תפלת שחרית, און ער בעט עס נאָכאַמאָל אין תפלת מנחה, צו מנחה צייט: און אויב משיח איז ח״ו ניט געקומען ביז צו דער צייט פון תפלת ערבית, בעט ער עס דעמולט נאָכאַמאָל.

און מ׳האָפט אויף דערויף „כל היום״ (ניט נאָר ווען מ׳דאַוונט):

אע״פ אַז מ׳דאַוונט (אין־דער־וואָכן) נאָר דריי מאָל אַ טאָג, און אַ טאָג האָט נאָך שעות וואָס דעמולט זאָגט ער ניט די ווערטער „את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח בו״ — איז דאָס נאָר וואָס ער זאָגט ניט די ווערטער דעם גאַנצן טאָג:

וויבאַלד אָבער אַז יעדער איד וואָס דאַוונט, וואָס שטייט פאַר דעם אויבערשטן און רעדט מיט אים אמת — פאַרלאַנגט אַז משיח זאָל קומען „מהרה״, „נאַו״, און פאַרלאַנגט דאָס, האָפט „כל היום״ — איז די האָפענונג זיינע אַז משיח וועט קומען „נאַו״, דעם גאַנצן טאָג: און דעם גאַנצן טאָג האָפט ער אַז דער אויבערשטער וועט ערפילן זיין תפלה[19] אַז עס זאָל זיין „את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח״.

• • •

ז. וויבאַלד אַז די ספּעציעלע אויפגאַבע פון אונזער דור, דרא דעקבתא

18) ירושלמי ברכות פ״ב ה״ד.

19) ראה אגה״ת רפי״א (ק, א).

אז זיי זאלן בפועל אנהויבן טאן אין „צבאות השם״ מיט דעם „נשק״, דעם וואפן, פון „צבאות השם״ — לערנען תורה און מקיים זיין מצוות,

כדי צו מנצח זיין און דורכפירן די ספעציעלע שליחות און ציל וואס איז דא אין עקבתא דמשיחא, וואס לויט אלע סימנים וואס די גמרא זאגט אין סוף מסכת סוטה זיינען דאס די לעצטע טעג פון גלות — דארף מען דורכפירן דעם לעצטן ציל און מטרה פון ימי הגלות —

דעם „קץ שם לחושך״[28], פארענדיקן די פינסטערקייט פון (און — די צייט פון) גלות,

און גלייך נאך דעם — אנהויבן די אתחלתא דגאולה, די ליכטיקע צייט פון דער אויסלייזונג — גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו, „צמח דוד עבדך״.

ט. האמור לעיל, אז ווען עס קומט־צו אין אן ארמיי א ספעציעלער ציל וואס מ׳דארף גיך דורכפירן, ברענגט מען אריין נייע „רעזערוון״ — איז אן ענליכקייט צווישן אן ארמיי פון א מענטשן, א בו״ד, מיט כביכול דעם אויבערשטן׳ס ארמיי, „צבאות השם״:

וויבאלד אבער דאס איז „צבאות השם״ איז פארשטאנדיק, אז דאס איז גאר אנדערש פון דער ארמיי פון א בו״ד, ביז אז צווישן זיי איז דא גאר א גרויסער אונטערשייד:

אין א צבא וואס איז אויפגעשטעלט געווארן דורך א בו״ד, איז בא יעדער נייער פירונג און נייע יארן ווען מ׳דארף דורכפירן א נייעם ציל — דארף מען האבן נייע „נשק״, נייע וואפן, לויט די פאדערונגען פון דער נייער צייט און נייעם ציל:

אין „צבאות השם״ אבער, האט דער אויבערשטער געגעבן מלכתחילה אזא „נשק״, אזוינע „וואפן״, אז דער זעלבער „נשק״ איז ווירקזאם און פירט־דורך דעם נצחון אין דער מלחמה מיטן יצר אין אונזער דור, פונקט אזוי ווי ער האט דאס דורכגעפירט אין די דורות פאר אונזער דור, וואס דאס איז — תורה און מצוות אין טאג־טעגליכן לעבן:

די זעלבע „וואפן״, די זעלבע תורה ומצוות, וואס מ׳האט געגעבן משה רבינו, וואס „משה קבל תורה מסיני״[29] — איז דערנאך „ומסרה״, האט ער דאס איבערגעגעבן צו אלע דורות,

ביז אז „תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב״[30] (ווי איר האט ערשט גע־זאגט אין די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל) — די תורה קומט[31] אלס א ירושה צו יעדער אידן, צו יעדער אידיש־קינד[32], ביז אין אונזער דור, אין אונזער יאר און אין די איצטיקע טעג פון חנוכה,

די זעלבע תורה און די זעלבע מצוות, די זעלבע „תורתך״ און „חוקי רצונך״ אין טאג־טעגליכן לעבן, וואס זיי זיינען נצחיים (אייביקע) — ברענגען דעם אייביקן נצחון אין דער מלחמה מיטן יצר, וואס דאס איז אויך דער נצחון אין דער מלחמה מיטן גלות,

און מ׳ברענגט משיח צדקנו, און דורך אים — דעם סוף פון גלות, און די אתחלתא דגאולה, און די גאנצע גאולה.

---

28) איוב כח, ג.

29) אבות רפ״א.

30) ברכה לג, ד.

31) באופן תמידי, כהלשון „נותן התורה״, לשון הוה (לקו״ת תזריע כג, א).

32) ואפילו תינוק בן יום אחד יורש הכל — נדה מד, רע״א.

דמשיחא, איז, כנ״ל — צו ברענגען משיח׳ן „מהרה״, „נאו״,

ובפרט בשנה זו, שנת ה׳תשמ״א, וואס זי קומט נאך שנה השביעית[20], און זי איז א שנת הקהל[21], א יאר פון „הקהל את העם האנשים והנשים והטף״[22],

וואס דאס איז דאך א מצוה אין תורה, אז דער אויבערשטער זאגט אז דאס איז א יאר וואס האט א סגולה, א ספעציעלע אייגנשאפט, אויף צוזאמענקלייבן יעדער אידן און אלע אידן, „האנשים והנשים״, מענער און פרויען, „והטף״, (ביז) גאר קליינע קינדער[23],

זיי צוזאמענקלייבן אין בית המקדש, מיטן מלך[24], וואס אין אונזער צייט וועט דאס זיין (בפשטות) ווען עס וועט קומען בקרוב ממש, „נאו״, מלך המשיח ויבנה בית המקדש —

איז אזוי ווי מ׳זעט ווי עס פירט זיך אין יעדער ארמיי [דערפאר[25] וואס אזוי איז דאס איינגעשטעלט געווארן דורך דעם אויבערשטן אין זיין ארמיי, אין „צבאות השם״], אז בשעת עס קומט־צו א ספעציעלע מטרה (א ספעציעלער ציל), און מ׳דארף דאס דורכפירן גאר גיך, אויף דעם שנעלסטן אופן — נעמט מען אריין אין דער ארמיי נייע „רעזערוון״ נייע „סאלדזשער׳ס״, אין צוגאב צו די וואס זיינען געווען פון פריער —

עד״ז איז אויך אין דעם אויבערשטן׳ס ארמיי, אין „צבאות השם״, אז בשעת עס קומט־צו דער ציל אז מ׳דארף צוהיילן און דערגרייכן דעם נצחון פון אראפ־ברענגען משיח׳ן „מהרה״ —

איז אין צוגאב צו די „צבאות השם״ וואס זיינען געווען אין אלע פריער־דיקע דורות און זיינען דא אין די יארן — „רוקט״ ער אריין און שיקט אריין נייע „רעזערוון״, נייע „סאלדזשער׳ס״, נייע אידישע קינדער, אינגעלעך און מיידעלעך, אז זיי זאלן לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, וואס דאס איז דער „נשק״, דער „וואפן״, פון „צבאות השם״,

און דורך דעם — דורכפירן אויף דעם שנעלסטן אופן דעם ציל וואס דער אוי־בערשטער, דער „קאמענדער־אין־טשיף״ פון „צבאות השם״, האט געשטעלט פאר אונזער דור, און פאר די יארן און פאר דעם יאר, שנת הקהל, במיוחד —

אראפברענגען די גאולה אין אן אופן פון „נאו״, דורך „צמח דוד עבדך מהרה תצמיח״.

ח. און דאס איז דער תפקיד און די שליחות פון יעדערן פון אייך און אייך אלעמען צוזאמען, און פון יעדער אידישן קינד, אינגעלע און מיידעלע, וואו נאר זיי געפינען זיך, ווארום וואו נאר זיי געפינען זיך געפינען זיי זיך דארט אלס בן אברהם יצחק ויעקב[26] און בת שרה רבקה רחל ולאה[27] —

20) ראה סנהדרין צז, א: במוצאי שביעית בן דוד בא.

21) דברוחניות יש עניני הקהל ושביעית גם בחו״ל ובזמן הגלות.

22) וילך לא, יב.

23) ראה רמב״ן ואוה״ח עה״פ שם, יג. חדא״ג מהרש״א לחגיגה ג, א. מנ״ח מצוה תריב. כלי יקר עה״פ שם, יב. וראה ירושלמי ריש חגיגה.

24) שהמלך קורא את הפרשיות — סוטה מא, א. הובא בפרש״י עה״פ שם, יא. ובפרטיות — ברמב״ם הל׳ חגיגה פ״ג ה״ג.

25) דמלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיעא (ראה ברכות נח, א. וראה לקו״ש חי״ט 287־8).

26) ראה ב״מ פג, א (במשנה).

27) ראה ברכות טז, ב.

יו"ד. כדי אָבער צו נאָכמער פאַרשנעלערן דאָס — דאַרף מען האָבן נייע „רעזערוון", נייע „סאָלדזשער'ס", נייע „צבאות השם", וואָס זיי זאָלן פאַרשטאַרקן די „צבאות השם" וואָס זיינען געווען ביז איצטער,

וואָס דער לערנען תורה און מקיים זיין מצוות פון די „צבאות השם" וואָס זיינען געווען ביז איצטער — איז דאָך „אינן בטלין לעולם", ובלשון פון דעם אַלטן רבי'ן[33] אַז „יחוד זה למעלה הוא נצחי לעולם ועד": דער אויפטו און זכות פון זייער לערנען תורה און זייער מקיים זיין מצוות איז אַן אייביקע זאַך —

בעט אָבער דער אויבערשטער און ער גיט כח דערצו[34], אַז עס זאָל זיין „יכלו כל נשמות שב(אותו אוצר ששמו) גוף"[35] — עס זאָלן צוקומען און „געדרעפּט" ווערן נייע „צבאות השם" אין צוגאָב צו די פריערדיקע,

וואָס דאָס איז יעדערער פון אייך און איר אַלע צוזאַמען, און דורך אייער ווירקונג — אויך נאָך אידישע קינדער אין יעדן אָרט און אין אַלע ערטער,

ביז אַז יעדער אידיש־קינד און אַלע אידישע קינדער זאָלן אַריין אין „צבאות השם".

יא. און די נייע „רעזערוון", נוצנדיק דעם זעלבן „וואָפן" (וואָס די פריערדיקע האָבן גענוצט), די זעלבע מיטלען פון תורה און מצוות, וואָס דאָס איז אַן אייביקער וואָפן — וועלן זיכער מצליח זיין און צוברענגען דעם נצחון אויף דעם יצר,

און ברענגען דעם נצחון „נאַו", תיכף ומיד.

דעמולט איז „ישראל עושין תשובה", אידן (אָנהויבנדיק פון אידישע אינגעלעך און מיידעלעך, וואָס לערנען תורה און זיינען מקיים מצוות) טוען תשובה, און „מיד הן נגאלין"[36], משיח קומט „נאַו".

און „לישועתך קוינו כל היום": אפילו אויב „יתמהמה"[37], אפילו אַז משיח פאַרהאַלט זיך אויף עטליכע מינוט, אָדער אויף עטליכע שעה, אָדער אויף אַ טאָג — איז „קוינו כל היום" — מ'האָפט און מ'בעט באַ דעם אויבערשטן דעם גאַנצן טאָג, אַז משיח זאָל קומען „נאַו" ממש,

גאולה האמיתית והשלימה ע"י „צמח דוד עבדך", מלכא משיחא.

• • •

יב. אין צוגאָב צו דעם עיקר אונטערשייד (הנ"ל) צווישן „צבאות השם" מיט אַנדערע אַרמייען —

איז דאָ נאָך אַ גרויסער, און אַ גאָר גרויסער, אונטערשייד צווישן זיי — אין דעם אופן ווי עס ווערט געפירט די מלחמה און אַראָפּגעבראַכט דער נצחון,

און דער חילוק ווערט אונטערגעשטראָכן במיוחד דורך דער מצוה וואָס איז פאַרבונדן מיט חנוכה, וואָס חנוכה איז דאָך אַ נצחון פאַר דער גאַנצער תורה, „תורתך", און פאַר אַלע מצוות, „חוקי רצונך":

די מצוה וועלכע מ'האָט באַשטימט אַז זי זאָל דערמאָנען און פייערן און באַ־

---

33) תניא פכ"ה (לב, א).

34) ראה במדב"ר פי"ב, ג.

35) יבמות סב, סע"א ובפרש"י שם. וש"נ.

36) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה.

37) ראה חבקוק ב, ג: אם יתמהמה חכה לו. ובל' הידוע (עיקר הי"ב מהי"ג עיקרים): ואע"פ שיתמהמה עם כל זה אחכה לו בכל יום שיבוא.

לייכטן דעם אינהאַלט פון דעם נצחון אין דער מלחמה וואָס איז דעמולט געווען, איז — די מצוה פון הדלקת הנרות[38] — מאַכן ליכטיק.

וואָס דאָס אונטערשטרייכט דעם אופן בכלל ווי „צבאות השם" פירן זייער מלחמה און נצחון:

זיי פירן זייער מלחמה ניט דורך שלאָגן זיך, ניט ח״ו דורך ניט-איידעלע און ניט-פאַסענדע זאַכן —

נאָר לויט די אָנווייזונגען פון תורה אור (—שולחן ערוך) — ליכטיקייט, זיי מאַכן ליכטיק דורך „נר מצוה ותורה אור"[39] — דורך דערויף וואָס זיי לערנען תורה אין אַן אופן אַז די תורה מאַכט ליכטיק און ווייזט זיי אָן זייער טאָג־טעגליכע אויפפירונג[40], און זיי זיינען מקיים די מצוות פון דער תורה, וואָס יעדערע פון זיי איז אַ „נר".

דאָס ווערט אונטערשטראָכן (כאמור) אין די טעג פון חנוכה, וואָס דעמולט איז די מצוה פון נרות חנוכה, וואָס ענינם איז — מאַכן ליכטיק,

און מאַכן ליכטיק „על פתח ביתו מבחוץ"[41] — אין אַן אופן אַז די נרות חנוכה מאַכן ליכטיק סיי בא זיך אין הויז, אין „ביתו", און סיי ליכטיק „בחוץ", וואָס „החושך יכסה ארץ"[42]: אפילו אין אַ צייט ווען ס'איז דאָ די פינסטערניש פון גלות — מאַכט אַ איד ליכטיק דורך „נר מצוה ותורה אור"[43].

יג. און בשעת מ'האָט די ליכטיקייט, דאַרף מען ניט האָבן קיינע אַנדערע מיטלען אויף פירן אַ מלחמה[44] — וואָרום דורך די ליכטיקייט, (דורך דעם) פירן אַ אידישן לעבן איז מען מנצח די פינסטערניש און די אַלע ניט-געוואונטשענע זאַכן וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן גלות און מיטן יצר,

און דורך דעם ברענגט מען די ליכטיקע גאולה.

דאָס איז איינע פון די גרעסטע אונטערשיידן צווישן „צבאות השם" און אַנדערע אַרמייען — דער „וואָפן" זייערער —

דער „וואָפן" פון „צבאות השם" איז, אַז מ'ברענגט אַריין ליכטיקייט אומעטום, וואָס די ליכטיקייט איז פאַר־בונדן מיט דער אמת'ער ליכטיקייט פון „נר מצוה ותורה אור",

און דאָס איז גענוג צו פאַרטרייבן די

38) ואף שמצות הדלקת נר חנוכה נתקנה בפשטות משום הנס דפך השמן — הרי לולא הנס דנצחון המלחמה אי אפשר להדה״נ במקדש ולנס הנרות.

וגם המלחמה והנצחון היו (בעיקר) רוחניים: להשכיחם תורתך כו' כתבו לכם על קרן כו' (ראה מגלת תענית ספ״ב. ב״ר פ״ב, ד. ועוד), היינו בענין הנרות, נר הנשמה ונר מצוה — ראה תו״א לב, א. שערי אורה ד״ה בכ״ה בכסלו פנ״ג (כב, א). וראה לקו״ש ח״ה ע' 445 בהערה. ובשערי אורה שם: הנס דנצחון המלחמה „נכלל בעיקר הנס דשמן טהור".

39) משלי ו, כג. ולהעיר משייכות פסוק זה לנרות חנוכה — ראה פרש״י ד״ה בנים — שבת כג, ב (וראה לקו״ש חי״ז ע' 143). וראה תו״א שם: לפיכך קבעו (נס חנוכה) בנרות על שם הפסוק כי נר מצוה כו'.

40) כי לימוד מביא לידי מעשה (קידושין מ, ב).

41) שבת כא, ב. טושו״ע או״ח סתרע״א ס״ה.

42) ישעי' ס, ב.

43) להעיר שענינם של נרות חנוכה היא להאיר את החושך (תו״א סד״ה רני ושמחי. סד״ה נ״ח. שערי אורה סד״ה בכ״ה בכסלו. סידור ערה, ב־ג. ובכ״מ).

44) כמש״נ: אם בחוקותי תלכו גו' וישבתם לבטח בארצכם ונתתי שלום בארץ גו'.

ובפרט לילדים — הודיעו רז״ל שבזמן שקול תינוקות מצפצף בבתי כנסיות ובתי מדרשות (אפילו בזמן הגלות) אין ידי עשו שולטית (ב״ר פס״ה, כ).

פינסטערניש פון גלות, און אריינ־ברענגען דעם ליכטיקן נצחון, און די ליכטיקייט פון „צמח דוד עבדך״.

יד. א צווייטע אפלערנונג וואס ימי חנוכה גיבן יעדערן פון „צבאות השם״, און דעם גאנצן „צבאות השם״:

אין דער מצוה פון צינדן נרות חנוכה זעט מען, אז יעדן טאג צינדט מען אן מיט א ליכטל מערער ווי דעם פריער־דיקן טאג[45], אע״פ וואס אין דעם פריער־דיקן טאג האט מען מקיים געווען די מצוה אין דער פולסטער מאס — מהדרין מן המהדרין.

ולדוגמא: היינט האט מען אנגעצונדן צוויי ליכטעלעך[46], אע״פ וואס מ׳האט נעכטן מקיים געווען די מצוה אין דער פולסטער מאס מיט דער ליכטיקייט פון איין ליכטל.

דער טעם אויף דערויף איז[47] — עס דארף זיין „מעלין בקודש״.

און מ׳ווייסט גלייך שוין היינט, ווי תורה אור ווייזט אן, אז מארגן וועט מען צוגעבן נאך א ליכטל, און אזוי וועט מען צוגעבן א ליכטל יעדער טאג פון חנוכה.

טו. דערפון האט מען אויך די אפלערנונג בכלל בנוגע צו „צבאות השם״:

בשעת מ׳פירט־דורך דעם אויבערשטן׳ס שליחות, און מ׳איז אקטיוו און מ׳טוט אין „צבאות השם״ וויפל מ׳דארף טאן —

זאגט אן דער אויבערשטער צו יעדערן פון „צבאות השם״, צו יעדער אידן, און ער גיט אויף דערויף כח — אז ער זאל זיך דערמיט ניט באגנוגענען, נאר עס דארף זיין „מעלין בקודש״ — ער דארף מאכן נאכמער ליכטיק און נאכמער קלארער די ליכטיקייט פון תורה ומצוות״, וואס איז געווען ביז דעמולט.

און יעדער טאג זאל ער צוגעבן נאכמער ליכטיקייט אויף דער ליכטיקייט וואס איז געווען מיט א טאג פריער.

בשעת ער האלט אין וואקסן, עס קומט צו אין דער צאל פון זיינע טעג — איז זיכער אז ער דארף וואקסן, עס דארף צוקומען אין זיין טאן אין פאר־שפרייטן ליכטיקייט,

ווי דאס איז אין נרות חנוכה, אז יעדן טאג, אנהויבנדיק גלייך פון דעם איצטיקן צווייטן טאג, גיט מען צו נאך א ליכטל אויף די ליכטעלעך פון דעם פריערדיקן טאג.

טז. און דאס אלץ וועט נאכמער צוהיילן אז „אני מראה לכם נרות של ציון״[48]: דער אויבערשטער וועט אינגיכן באווייזן יעדערן פון אייך און יעדערן פון אונז און דעם גאנצן אידישן פאלק, די נרות ציון:

מ׳וועט פראווען חנוכת ביהמ״ק השלישי, בדוגמא (ווי מ׳האט היינט אינ־דערפרי געלייענט אין דער תורה וועגן דער „חנוכה״, די פייערונג און „דעדי־קיישאן״, פון דעם משכן („דאיקרי

45) באופן ד„מהדרין מן המהדרין״ (שבת שם. טושו״ע שם ס״ב), וברמ״א שם שעתה הוא „מנהג פשוט״.

46) השיחה היתה ביום א׳ דחנוכה אחרי תפלת מנחה — בבית הכנסת — שהדליקו אז (ולפני״) ב׳ נרות.

47) שבת שם.

48) יל״ש ר״פ בהעלותך. — ביל״ש שם הוא בנוגע לנרות שבת, אבל להעיר ממשנ״ת בכ״מ השייכות דנרות חנוכה לנרות שבת. וראה פרש״י ד״ה בנים — שבת כג, ב. וראה גם לקו״ש חט״ו ע׳ 183 הע׳ 11.

מקדש״[49]), מיט אַלע ענינים וואָס זיינען פאַרבונדן דערמיט.

יז. אַזוי אויך ווערט יעדערער אָפּגע־פרישט דורך דער קריאת התורה — בהחלטתו אַז מ׳דאַרף זיך פירן אין די וועגן פון נחשון בן עמינדב, וואָס מ׳האָט וועגן אים געלייענט היינט בתורה:

נחשון בן עמינדב איז געווען דער ערשטער וואָס איז געשפרונגען אין ים[50] אויף ערפילן דעם אויבערשטן׳ס שליחות,

און דורך דעם האָט געטראָפן איינער פון די גרעסטע נסים — קריעת ים סוף, און דאָס האָט באַוויזן און געעפנט די וועג פאַרן גאַנצן אידישן פאָלק.

יעדערער פון אייך און יעדערער פון אונז און יעדערער פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק — דאַרף נעמען דאָס פאַר זיך פאַר אַ ביישפּיל, און „שפּרינגען אין ים״ ניט רעכענענדיק זיך מיט חשבונות און מיט שוועריקייטן.

און דעמולט איז אַ זיכערע זאַך אַז דער וואָס „עשה נסים לאבותינו בימים ההם בזמן הזה״, וועט טאָן נסים אויך צו אונז —

ביז אַראָפּברענגען בקרוב ממש דעם נס פון דער גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו, אין אַן אופן פון „נאָר״, אין „זמן הזה״ ממש.

* * *

יח. מ׳האָט זיך געפירט אין די פאַריקע מאָל ווען מ׳האָט זיך צוזאַמענ־געקליבן, אַז עס זאָלן זיין אַלע דריי זאַכן — תפלה, תורה און מצוות, ובפרט מצות צדקה —

וועט מען זיך אַזוי פירן אויך דעם מאָל:

נאָך דעם וואָס מ׳האָט אַלע צוזאַמען געדאַווענט תפלת המנחה, וואָס זי איז אַ ספּעציעלע תפלה[51],

און דערנאָך אויך געזאָגט די י״ב פסוקים ומאמרי חז״ל — פון תורה (שבכתב און שבעל פה) —

וועלן די מדריכים און מדריכות שיחיו אויסטיילן בשליחותי צו יעדער קינד, סיי אַן אינגעלע סיי אַ מיידעלע — צוויי מטבעות של עשר[52],

איינע — אָפּגעבן אויף צדקה, וואָס זי איז דאָך איינע פון די גרעסטע מצוות, און ווי חז״ל[53] זאָגן איז „גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה״, זי מאַכט אַז די גאולה זאָל קומען „נאָר״,

און די צווייטע (צען) — אַלס חנוכה־געלט פאַר יעדערן פון זיי.

און די קינדער זאָלן אויך נעמען אויף זיך צו איינווירקן אויף אַנדערע קינדער, אינגעלעך אויף זייערע חברים און מיידעלעך אויף זייערע חבר׳טעס, אַז זיי זאָלן אויך געבן געלט אויף צדקה, און זען באַקומען חנוכה־געלט, און אויך והעיקר — לערנען תורה און מתפלל זיין די תפלות.

---

49) עירובין ב, א.

50) ראה סוטה לז, א. מכילתא עה״פ בשלח יד, כב. במדב״ר פי״ג, ז.

51) ראה ברכות ו, ב: לעולם יהא אדם זהיר בתפלת המנחה שהרי אליהו הנביא לא נענה אלא בתפלת המנחה. וראה באריכה ד״ה לעולם יהא אדם זהיר בתפלת מנחה כו׳. עזר״ת (סה״מ עזר״ת ע׳ פב ואילך), תרצ״א (סה״מ קונטרסים ח״א רג, ב ואילך). ובכ״מ.

52) ראה שיחת יום ד׳, ב״ח תשרי הנ״ל סי״ג ובהנסמן שם (נדפסה בהוספות ללקו״ש חכ״ד).

53) ב״ב י, א. וראה תניא פל״ז (מח, ב ואילך).

יט. וואס אַלע ענינים צוזאַמען פועל'ן טוען־אויף אַז „עמנו א־ל"[54], אַז דער אויבערשטער איז בגלוי מיט אונז, און דערפאַר איז אויב „עוצו עצה — ותופר" און אויב „דברו דבר — ולא יקום"[54]: די פינסטערניש פון גלות קען גאָרניט טאָן, ח״ו, צו אַ אידן, דער־פאַר וואס דער אויבערשטער איז מיט יעדער אידן און מיט אַלע אידן.

זאָל מען זינגען (נאָכאַמאָל[55]) דעם ניגון (אויף די ווערטער) „עוצו עצה גו'".

און דערנאָך — דעם ניגון (אויף די ווערטער) „אך צדיקים יודו לשמך ישבו ישרים את פניך"[56].

ויה״ר אַז בקרוב ממש תקויים התפלה און מען וועט זען „פני השם" אין דעם ביהמ״ק השלישי, שיבנה ע״י משיח צדקנו[57], ובמהרה בימינו ממש, „נאָו".

כ. אַזוי ווי מ'האָט אין דעם פריערדיקן צוזאַמענקלייבן זיך[58] באַשטימט דעם זמן, די צייט ווען עס זאָל זיין דער קומענדיקער פאַראַד,

אַז יעדערער פון די „צבאות השם" זאָל דעמולט צושטעלן אַ דו״ח וואס ער האָט אויפגעטאָן אין לערנען תורה און מקיים זיין מצוות אין דער צייט פון צווישן —

וועט מען איצטער אויך באַשטימען דעם קומענדיקן זמן ווען מ'וועט זיך אַלע צוזאַמענקלייבן:

נאָך דעם וואס יעדערער וועט מאַכן אין זיין כתה, בית־ספר און אין זיין קרייז, אסיפות און קליינע „הקהל'ס", לויט דער יכולת ומנהג פון זיין חוג —

זאָל זיין אַ גרעסערער „הקהל" (כביכול) בחמשה עשר בשבט, וואס דאָס איז דאָך ראש השנה לאילנות[59],

און ווי תורה (שבע״פ[60]) איז מפרש דעם פסוק[61] „כי האדם עץ השדה", אַז דאָס גייט אויף יעדער אידן[62], וואס ער האַלט אין איין וואַקסן אין אידישקייט, אין לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און ברענגען גוטע „פירות" און האָט זיין „ראש השנה לאילנות" —

זאָל דעמולט אויך יעדערער מיט־ברענגען די „רעזאַלטס" (תוצאות) — די פירות פון זיינע פעולות טובות וואס ער האָט געטאָן פון איצטער ביז דעמולט.

און מסתמא וועט מען דעמולט אויך אויסטיילן „פרסים" וכיו״ב.

כא. ויה״ר אַז דער אויבערשטער זאָל בענטשן ומצליח זיין יעדערן און יעדערע, יעדער אינגעלע און יעדער מיידעלע — אַז יעדער „פּריוואַט" (יעדער איינפאַכער „סאָלדזשער") זאָל ווערן אַ „סאַרדזשענט" און אַן „אָפיצער", און יעדער „סאַרדזשענט" און „אָפיצער" זאָל אויסוואַקסן און ווערן אַ „דזשענעראַל", און יעדער „דזשענעראַל" זאָל ווערן אַ „דזשענעראַל" מיט אַ

54) ישעי׳ ח, י.

55) לאחרי שכבר ניגנו פסוק זה באמירת „אל תירא גו׳ עוצו עצה ותופר גו׳" בסיום תפלת מנחה, אחרי „עלינו".

56) תהלים קמ, יד.

57) רמב״ם הל׳ מלכים ספי״א.

58) דיום ב׳, ג׳ דחוהמ״ס.

59) בס׳ ר״ה בתחלתה.

60) ראה תענית ז, א.

61) שופטים כ, יט.

62) עפמש״נ וכל בניך לימודי השם (ישעי׳ נד, יג).

סאך „סטאר׳ס״ — מיט אן אַ שיעור[63] אויסצייכענונגען אין די דרגות פון „דזשענעראַל״ גופא,

און אַלע צוזאמען — גיין בקרוב, נאָך פאַר חמשה עשר בשבט, און נאָך אין די ימי חנוכה אלו, מקבל זיין דעם גרעסטן „דזשענעראַל״ פון בני אדם, וואָס דאָס איז דער „מלך מבית דוד״[63], וואָס ילחם מלחמות השם וינצח[63] — דוד מלכא משיחא,

ויבנה בית המקדש במקומו ויקבץ נדחי ישראל[63], „והיתה לה׳ המלוכה״[64].

[כ״ק אדמו״ר שליט״א נתן להמדריכים והמדריכות שיחיו מטבעות של עשר סענט, לחלק לכל אחד ואחת מהילדים והילדות שיחיו שתי מטבעות: אחת לתת לצדקה, והב׳ בתור „מעות חנוכה״.

ניגנו „עוצו עצה גו׳ עמנו א־ל״. „אך צדיקים״.

אח״כ התחיל לנגן „ווי וואַנט משיח נאָר״].

63) כמש״נ: בכל מאודך, למעלה ממדידה (ואתחנן ו, ה. תו״א מקץ לט, ג. לקו״ת שלח מב, ג. דרמ״צ קס, ב. ובכ״מ).

64) עובדי׳ א, כא.



בס"ד. שיחת ש"פ מקץ, מבה"ח טבת, שבת חנוכה ה׳תשמ"א.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

א. מען האט שוין גערעדט כמ"פ, און שוין אויך געדרוקט[1], וועגן דער שקו"ט אין אחרונים, ולפנ"ז אין ראשונים, צי ימי חנוכה זיינען נאר ימים של אור, אדער אויך ימי שמחה, ביז אז עס איז פאראן א מקור אין רמב"ם[2] אז ימי חנוכה זיינען אויך "ימי שמחה".

וואס כל זה איז בנוגע צו ימי החנוכה בכללות;

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן שבת חנוכה, איז א זיכערע זאך אז עס דארף זיין א תוספה הדגשה אין שמחה, ווארום דעמולט זאגט מען די הפטורה[3] "רני ושמחי", און מען זאגט איר מיט א ברכה לפני׳ ולאחרי׳.

ובפרט אז די הפטורה איז שייך צו חנוכה, ווארום זי איז הפטורה חנוכה, ניט א הפטורה וואס איז שייך צו דער סדרה, און ווי מ׳זעט אז די הפטורה פון שבת חנוכה, איז אלעמאל "רני ושמחי", אן קיין אונטערשייד וואס די פרשת השבוע איז, צי דאס איז פ׳ וישב אדער פ׳ מקץ.

און בשעת תורה און חז"ל, תושב"כ און תושבע"פ, לייגן ארויף א חיוב און א זכות אויף א מענטשן צו זאגן א זאך אין אלע ענינים, ועד"ז בנדו"ד - די הפטורה (פון תורה שבכתב, וואס חז"ל לייגן ארויף א חיוב און א זכות צו זאגן), איז זיכער אז מען זאגט עס מיט אן אמת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "רני ושמחי", דער ענין השמחה, איז מיט אן אמת.

ב. אע"פ אז "רני ושמחי" איז לשון עתיד, וואס דערפון איז לכאורה פארשטאנדיק אז אויך די שמחה איז פארבונדן מעדניס ווי מיטן עתיד -

איז אבער פארשטאנדיק (ע"פ המבואר בחסידות) אז דער זמן ווען מען זאגט אן ענין האט א שייכות צו דעם ענין, ובעניננו - דער זמן ווען מ׳זאגט "רני ושמחי" האט א שייכות צו דעם ענין השמחה.

וע"פ המבואר אין תניא[4] אז די ענינים דלע"ל זיינען תלוי במעשינו ועבודתנו איצטער - איז מובן, אז דאס איז ניט

- נאר -

------------

1) לקו"ש ח"י ע׳ 142 ואילך. וש"נ. 2) הל׳ חנוכה פ"ג ה"ג. וראה יש"ש לב"ק פ"ז סל"ז. ב"ח או"ח סתד"ע. 3) זכרי׳ ב, יד ואילך. 4) דפל"ז.

נאר א שייכות סתם, נאר א שייכות בבחי' סיבה ומסובב; די שמחה איצטער איז די סיבה וועלכע ברענגט דעם מסובב, די שמחה פון "רני ושמחי" לע"ל.

ואדרבה. עס איז גאר פאראן א יתרון אין דער שמחה איצטער. ווארום די שמחה איצטער איז דאך די סיבה וואס דורך איר קומט מען צו דעם מסובב - "רני ושמחי" לע"ל. און ווי די משנה[6] זאגט בנוגע זה: "יפה שעה אחה בתשובה ומעשים טובים בעוה"ז מכל חיי העוה"ב". דערפאר וואס[7] דורך דער "שעה אחה בתשובה ומעשים טובים בעוה"ז" קומט מען צו "חיי העוה"ב".

וואס מכל זה איז פארשטאנדיק, אז די שמחה איצטער בימי החנוכה איז די פנימיות פון דער שמחה דלע"ל, "רני ושמחי".

ג. עס קומט צו א הדגשה יתירה אין דער שמחה שבשבת חנוכה - פון דעם אלטן רבי'נס קשיא אין תורה אור[8]:

דער אלטער רבי פרעגט: פארוואס הויבט מען אן די הפטורה פון "רני ושמחי", דלכאורה - וואס פאר א שייכות האט "רני ושמחי" צו הפטורת חנוכה?

עס איז פארשטאנדיק די שייכות פון חנוכה צו דעם וואס עס רעדט זיך ווייטער אין דער הפטורה וועגן "ראיתי והנה מנורת זהב וגו'"[9]; וואס פאר א שייכות האט אבער דער ענין פון "רני ושמחי" צו הפטורת חנוכה?

איז דער אלטער רבי מבאר דארטן בארוכה דעם קשר פון "רני ושמחי" מיט חנוכה,

וואס דאס איז ווי דער ביאור איז ע"פ סוד, דרוש און דזי הודהן, עס קומט אבער אויך אראפ אין נגלה, אז מ'זאגט אין דער הפטורה פון שבת חנוכה (ובהתחלתה) "רני ושמחי" - ווייל שבת חנוכה דארף זיין שמחה.

און מען לייענט די הפטורה ("רני ושמחי") מיטן גאנצן שטורעם, מיט ברכות לפני' ולאחרי', וואס דאס גיט-צו א שטארקייט אין דער שמחה,

און "ברכה" מלשון המשכה[10] - ענינה איז צו ממשיך זיין דעם ענין השמחה פון למעלה מעלה ביז למטה מטה.

און די המשכת והשפעת השמחה פון דער הפטורה פון דעם שבת (שבת חנוכה) איז אויף אלע ימי החנוכה שלפניו ושלאחריו

- ווארום -

------------

5) ראה המשך וככה הרל"ז פט"ו. שם פכ"א (כה, סע"א).
6) אבות פ"ד מי"ז. 7) ראה המשך וככה שם. 8) פרשתנו לו, סע"ד ואילך. 9) זכרי' ד, ב ואילך. 10) תו"א שם לז, ג. ובכ"מ.

- ווארום פון דעם שבת "מיני' מתברכין"[11] די אלע טעג שלפניו ושלאחריו, ווערט במילא אויך דער ענין השמחה פון (רער הפטורה פון) שבת חנוכה נמשך אין אלע טעג פון חנוכה שלפניו ושלאחריו.

ובפרט בשנה זו ווען עס איז דא נאר איין שבת אין חנוכה, וואס ווען עס זיינען דא (ווי בכמה שנים) צוויי שבתות אין חנוכה, באקומען די טעג פון חנוכה א השפעה פון ביידע שבתות און דער ענין פון "רני ושמחי" איז מערניט איין שבת, שבת הראשונה, משא"כ ווען עס איז א שבת יחידה, עס איז דא מערניט ווי איין שבת אין חנוכה, איז דער ענין השמחה בכל ימי החנוכה - בהדגשה יתירה.

ד. וי"ל אז דערפון וואס מען זאגט שבת חנוכה אין דער הפטורה - "רני ושמחי", איז א סיוע (עכ"פ ברמז) צו דער דעה וואס האלט אז אין ימי החנוכה דארף זיין אויך שמחה:

אויב חנוכה האט ניט קיין שייכות צו שמחה האט מען געדארפט אנהויבן די הפטורה פון "ראיתי והנה מנורת זהב כולה וגו'", אדער פון "ויראני את יהושע הכהן הגדול וגו'"[12] (וואס דאס האט א שייכות צו עבודה שבביהמ"ק), ניט פון "רני ושמחי", ובפרט אז "רני ושמחי" איז פון אן אנדער קאפיטל;

ויתירה מזו: עס איז פאראן אמאל וואס מען זאגט אין דער הפטורה פסוקים וואס זיינען ניט דוקא מסוגל צו דעם טאג - דעמולט איז דאס אבער בסיום ההפטורה, כדי לסיים בדבר טוב[13] אדער - בדבר של שמחה; משא"כ אין דער הפטורה פון חנוכה זאגט מען "רני ושמחי" (וואס האט לכאורה קיין שייכות ניט צו דער הפטורה) בהחלת ההפטורה -

איז דערפון (וואס פונדעסטוועגן זאגט מען אין דער הפטורה פון שבת חנוכה, ובהתחלתה, "רני ושמחי") א סיוע (עכ"פ ברמז) צו דער דעה וואס האלט אז חנוכה דארף זיין אויך דער ענין השמחה.

ה. אפילו לויט דער צווייטער רעה איז אויך דא אן ענין אין שמחה בימי החנוכה:

די צווייטע דעה האלט נאר אז ס'איז ניטא קיין חיוב גמור, בדוגמת חיוב הדלקה הנרות, אין דעם ענין השמחה בימי החנוכה; עס איז אבער זיכער אז די שמחה בימי החנוכה איז א דבר חיובי און א דבר טוב, ע"ד ווי אין אלע מצוות[14].

- ד.ה. -

---

11) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 12) זכרי' ג, א ואילך.
13) ראה פרש"י איכה בסופו. וראה גם תוד"ה תנא - נדה בסופה.
14) ראה רמב"ם סוף הל' לולב.

ד.ה. אז אין חנוכה זיינען דא מצוות וחיובים, לדוגמא - הדלקת הנרות און "הלל והודאה"[15], און עס איז אויך דא אן ענין של הידור - ענין השמחה.

ואדרבה - (דער זמן פון) חנוכה האט א שייכות מיוחדת צו דעם ענין ההידור ובמילא - צו שמחה: דער רמ"א[16]

- וכידוע דער רמז[17] אין פסוק[18] "ובני ישראל יוצאים ביד רמה" - ביד רמ"א (וואס אע"פ אז דאס איז בלשון צחות - ווערט עס אבער אראפגעבראכט אין פוסקים) -

זאגט אז "המנהג פשוט" אז מען איז מוסיף והולך אין נרות חנוכה בכל יום דחנוכה, וואס די גמרא[19] זאגט אז די הנהגה איז באופן ד"מהדרין מן המהדרין".

קומט אויס דערפון, אז (דער ענין ההידור, כולל (גם לדעה זו אז דאס איז ניט קיין חיוב)) דער ענין השמחה, בימי החנוכה איז "פשוט", מיט א פשיטות.

ו. אין דעם אופן השמחה פון חנוכה איז דא א הדגשה מיוחדת אין דער הפטורה, די שמחה איז פאדבונדן מיט דעם וואס אידן ווערן אנגערופן "בת ציון".

והביאור בזה[20]:

עס איז דא אמאל וואס אידן ווערן אנגערופן בשם "ציון", ווי עס שטייט[21] "ולאמר לציון עמי אתה"; אין דער הפטרה אבער ווערן אידן אנגערופן בשם "בת ציון".

דער חילוק שבדבר:

"ציון" ווערן אידן אנגערופן בזמן הבית [און אויך בזמן הגלות בשעת זיי זיינען אפגעהיט אין די ג' קוין, תורה עבודה וגמ"ח, ווי עס שטייט אין ירושלמי[22] עה"פ "ולאמר לציון עמי אתה", אז "הזרנו על כל המקרא ולא מצאנו שנקראו ישראל ציון אלא זה" דערפאר וואס אין דעם פסוק ווערן נרמז די ג' קוין[23]: "ואשים דברי בפיך (דער קו התורה), ובצל ידי כסיתיך (דער קו פון גמ"ח), און לנטוע שמים וליסוד ארץ (דער ענין הקרבנות (דער קו העבודה))"];

- און -

---

15) שבת כא, ב. 16) או"ח סתרע"א ס"ב. 17) שו"ת שו"מ מהדורא המישאה סי"ח. הגהות החה"ס לשו"ע או"ח סתכ"ט. שו"ת מנחת אלעזר ח"ד סכ"ז. 18) בשלח יד, ח. 19) שבת שם.
20) ראה תו"א שם לז, ב ואילך. 21) ישעי' נא, טז.
22) תענית פ"ד סוף ה"ב. מגילה פ"ג סוף ה"ב. 23) ראה אוה"ת דברים ע' לו. ד"ה ציון במשפט תפדה תשל"ה ס"ד (קונטרס מאמרים ס"ע קמח ואילך).

און "בת ציון" ווערן אידן אנגערופן בשעת זיי זיינען מקבל פון (מדריגתם) "ציון", דהיינו - בזמן הגלות.

וואס דאס איז מתאים צום זמן פון חנוכה:

דער זמן שלפני חנוכה איז געווען א מעמד ומצב פון גלות - גברה "מלכות יון הרשעה"[24], און "טמאו כל השמנים שבהיכל"[25] - ווערן אידן דעמולט אנגערופן בשם "בת ציון".

און אין דעם מעמד ומצב איז געווען דער נס פון חנוכה, כיתרון האור מן החושך[26]: דוקא פון דעם מעמד ומצב פון גלות ווערט דער יתרון האור מן החושך.

און דערפון איז פארשטאנדיק אויך בנוגע צו שמחה, אז עס דארף זיין א יתרון (ניט נאר אין אור, נאר אויך) אין שמחה.

ז. מכל האמור לעיל איז מובן, אז אפילו לויט דער צווייטער דעה, איז דער פירוש נאר אז שמחה איז ניט קיין חיוב גמור בכל התוקף ווי דאס איז בא הדלקת הנרות און "הלל והודאה", אבער אויב איינער האט שמחה, איז אדרבה - תבוא עליו ברכה.

און ניט נאר תבוא עליו ברכה (סתם ברכה) - נאר וויבאלד ער איז מקיים דעם ציווי[27] "עבדו את ה' בשמחה" [וואס דאס דארף זיין ביי אלע מצוות],

און נאכמער: (ניט נאר ער איז מקיים א מצוה בשמחה, נאר) ער טוט די עבודה פון שמחה גופא -

קומט אים אויף דערויף א שכר נעלה ביותר, א שכר וועלכער איז פורץ גדר:

מען זאגט[28] "משכרה נדע מהותה", אז פון דעם שכר פון א מצוה ווייס מען איר מהות, איז מובן, אז עד"ז איז ממהותה נדע שכרה, אז וויבאלד (דער מהות פון) שמחה איז פורץ גדר[29], איז אויך דער שכר אויף שמחה א שכר וואס איז פורץ גדר, למעלה מגדרים וממדידות והגבלות.

ח. תורה שטעלט אוים א כלל[30] אז "המעשה הוא העיקר",

- ובלשון -

------------

24) נוסח הודאת "ועל הנסים" דחנוכה. 25) שבת שם. 26) ע"פ ל' הכתוב - קהלת ב, יג. וראה ספר הערכים-חב"ד ערך אור - ביחס לחושך ס"ח. וש"נ. 27) תהלים ק, ב. רמב"ם שבהע' 14. 28) הניא פל"ט (נג, א). 29) ד"ה שמח תשמח הרנ"ז ס"ע 49 ואילך. 30) אבות פ"א מי"ז.

ובלשון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[31]: פון יעדער ענין דארף זיין א "בכן"; און דער "בכן" איז דער אבן הבוחן צי דער לימוד וההתבוננות שלפני זה איז געווען כדבעי.

איז דערפון פארשטאנדיק, אז המדובר לעיל [מיוסד אויף דברי רבותינו נשיאינו אין תורה אור, שערי אורה, אור התורה, און מאמרי רבותינו נשיאינו שלאח"ז (והוראותיהם)] - דארף ארויסקומען אין מעשה בפועל -

עס דארף זיין א שמחה גדולה במעשה בפועל.

און, מתאים לענין חנוכה - דארף עס אנקומען אויך להזולת.

וואס נרות חנוכה צינדט מען אן "על פתח ביתו מבחוץ"[32], זיי זאלן באלייכטן - לכל לראש זיין בית ("ביתו"), אבער דערנאך אויך - "מבחוץ", אויף צו מאכן פון דעם "חוץ" - אויס "חוץ",

ווי די גמרא[33] זאגט אז מצוה הדלקה נרות חנוכה איז "עד שתכלה רגל מן השוק . . עד דכליא ריגלא דתרמודאי",

כמבואר אין חסידות[34] אז "תרמוד" איז אותיות "מורדת"[35], און דער ענין פון נרות חנוכה איז - צו פועל זיין אז עס זאל זיין "דכליא" דער ענין המרידה, און נאכמער: "עד דכליא ריגלא דתרמודאי" - מכלה זיין ניט נאר דעם ראש און רגש שבלב פון "תרמודאי", נאר אויך "ריגלא דתרמודאי" דעם רגל זייערן - מכלה זיין יעדער תוצאה ורושם פון "תרמודאי", און עס מכלה זיין "מן השוק".

ט. און די עבודה, צו מכלה זיין "ריגלא דתרמודאי", איז אויך פועל דעם ענין השמחה. כדלעיל, אז פון דעם חושך ווערט דער "יתרון האור" והשמחה.

און ווי ס'איז מבואר אין תניא[36] דער גודל השמחה וואס איז דא ביי א "בן מלך שהי' בשבי' וטוחן בבית האסורים . . ויצא לחפשי".

וכמבואר בהמשך תרס"ו[37], אז מען שיקט דעם בן מלך

- למרחקים -

---

31) ראה סה"מ קונטרסים ח"א קצה, סע"א ואילך. סה"מ ה'ש"ת ע' יא. תש"א ע' 57. ובכ"מ. 32) שבת שם. טושו"ע או"ח סתרע"א ס"ה. 33) שבת שם. טושו"ע שם ר"ס הער"ב. 34) אוה"ת חנוכה (כרך ה) תתקמא, ב. סד"ה מצוה משהשקע תר"ל, עזר"ת, תרע"ח. 35) עמק המלך שער קרית ארבע ר"פ קיא. קה"י ע' תרמוד. ועוד. 36) פל"א (מ, סע"א ואילך). 37) ס"ע שפ ואילך.

למרחקים (און ווי ער זאגט נאכמער אין כש"ט[38] - "כסות ולשון שינה"), און דורך דעם דוקא ווערט די עלי׳ ביותר.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק אין דער עבודה פון "כליא ריגלא דתרמודאי", אז דאס ברענגט דעם גודל השמחה.

און דאס איז אויך מתאים מיטן כללות עניין החנוכה, "טמאו כל השמנים שבהיכל", אז אין די שמנים הכי נעלים איז געווארן א ירידה הכי גדולה - וואס דורך דעם איז געווארן דער "יתרון האור מן החושך".

י. ולאחרי כל הדיבורים והדרשות, דארף זיין מעשה בפועל, די עבודות פון "נר מצוה ותורה אור וגו׳"[39] - די עבודות פון מצוות, תורה און מס"נ, וואס זיי זיינען מתאים צו די דריי נעמען מיט וועלכע אידן ווערן אנגערופן: "בתי", "אחותי", און "אמי"[40].

און עס דארף זיין א שמחה גדולה, און ער דארף וויסן אז מען מיינט אים אליין בפשטות - ניט זיין זון, אדער זיין אייניקל אדער זיין שליח וכו׳ -

אז ער זאל באלייכטן זיך און ארום זיך דורך הפצת היהדות און הפצת המעינות, וואס מעינות זיינען בחינת שמן שבתורה[41], וואס דורך דעם פועל׳ט מען אז עס זאל זיין "כליא ריגלא דתרמודאי".

וואס די שלימות אין דעם וועט זיין לע"ל, ווען "והיתה לה׳ המלוכה"[42].

און דורך מעשינו ועבודתנו אין דער שמחה בימי החנוכה איצטער, קומט מען צו "רני ושמחי" לשון עהיד, וואס עס וועט זיין בבית המקדש הנצחי[43], בביאה משיח צדקנו, וואס ער איז פון די "שמונה נסיכי אדם"[44].

* * *

יא. די הוראה הנ"ל פון שבת חנוכה, איז דאך ניט פארבונדן מיט א יום מסוים פון חנוכה; עס קומט אבער אויך צו א הוראה אין "לשמש את קוני"[45] פון דעם יום מסוים פון חנוכה אן קיין אונטערשייד צי דאס איז בשבת, צי ניט.

- וואס -

---

38) הוצאת קה"ת סקמ"ד. 39) משלי ו, כג. וראה פרש"י ד"ה בנים - שבת כג, ב. 40) שמו"ר פנ"ב, ה. וראה תו"א פרשתנו ד"ה רני ושמחי. 41) ראה אמ"ב שער הק"ש פנ"ד ואילך. 42) עובדי׳ א, כא. 43) ראה זח"א כח, א. ח"ג רכא, א. 44) מיכה ה, ד. סוכה נב, ב. 45) מס׳ קידושין בסופה.

וואס היינט איז יום הרביעי דחנוכה.

וע"ד המדובר כמה פעמים, אז א הוראה פון א קביעות מיוחדה איז א הוראה אויף אלע יארן, אויך וועןן עס פאלט ניט אויס די קביעות, ס'איז בערניט וואס בשנה זו שטייט עס בהדגשה, און דאס גיט א נתינת כח און א סיוע אויף כל השנים -

עד"ז איז אויך די הוראה פון יום הרביעי דחנוכה - אויף אלעמאל, ס'איז מערניט וואס ביום הרביעי דחנוכה שטייט די בהדגשה.

יב. דער ענין פון יום הרביעי דחנוכה נעמט מען ארויס פון קריאת התורה פון דעם טאג, וואס יעדער טאג פון חנוכה האט א קריאה מיוחדת;

ד.ה. אז יעדער טאג פון חנוכה איז פארבונדן מיט דעם (נשיא פון דעם) שבט המקריב ביום זה.

וואס אע"פ אז יעדער טאג פון חנוכה לייענט מען כמה פרשיות הנשיאים - איז אבער פארשטאנדיק אז עיקר קריאה ההורה פון דעם טאג איז - דער נשיא המקריב ביום המקביל צו דעם טאג פון חנוכה, ווי מען זעט אז די ערשטע פון די ג' קרואים לייענען די ערשטע פרשה (דער נשיא פון דעם טאג), און ערשט דערנאך לייענט מען די אנדערע נשיאים.

ובהדגשה יתירה שטייט עס אין שבת, ווען מען לייענט נאר די פרשה פון דעם נשיא וואס איז שייך צו דעם טאג, און דערפון איז מובן אויך בנוגע צו די אנדערע טעג פון חנוכה.

ובעניננו - קריאת התורה פון היינטיקן טאג איז - די פרשה פון דעם נשיא המקריב ביום הרביעי, איז דערפון פארשטאנדיק אז דער ענין פון יום ד' דחנוכה איז - דער נשיא המקריב ביום הרביעי.

יג. וואס די הוראה פארבונדן מיט דער עבודה פון איין נשיא איז אנדערש פון דער הוראה ועבודה פון א צווייטן נשיא, ווארום יעדער נשיא און שבט האט א באזונדער עבודה:

בא קריעת ים סוף שטייט[46] "לגוזר ים סוף לגזרים" - דער ים סוף איז געשפאלטן געווארן אויף צוועלף גזרים; עס איז געווארן א דורכגאנג פאר יעדער שבט באזונדער[47].

וואס די באזונדערע "גזרים" זיינען "נשתלשלו מהן"[48]

- פון -

---

46) תהלים קלו, יג. 47) פרש"י ומצו"ד עה"פ. פיהמ"ם להרמב"ם לאבות פ"ה מ"ד. לקו"ת צו יז, א. וראה גם מדרש תהלים עה"פ. אדר"נ פל"ג, ב. 48) ל' אדה"ז בתניא רפ"ג.

פון די צוועלף באזונדערע עבודות רוחניות פון יעדער איינעם פון די שבטים, וואס "כל שבט ושבט במסילתו יכוין"[49], וכמאמר חז"ל[50] "נהרא נהרא ופשטי'".

און אזוי קומט עס אויך ארויס אין "נשיא אחד ליום נשיא אחד ליום"[51], וואס "כל יומא ויומא עביד עבידתי'"[52].

און פון דעם נשיא פון יעדער טאג לערנט מען ארויס א הוראה - פון די עבודה מיוחדת פון נשיא זה.

יד. ביום הרביעי איז דער נשיא המקריב "נשיא לבני ראובן אליצור בן שדיאור"[53].

[וידועה תורת הבעש"ט[54] אז שמו אשר יקראו לו בלה"ק גיט ארויס די פנימיות, עצם, הוכן ועיקר הדבר - גיט ארויס דער שם "ראובן" דער תוכן וכו' פון זיין עבודה].

די עבודה מיוחדת פון ראובן קען מען זעהן פון די סדרות וועלכע מען לייענט בזמנים אלו (בסמיכות לחנוכה) - פ' וישב און פ' מקץ, כדלקמן.

טו. די ענינים וואס ווערן דערציילט אין פ' מקץ קומען בהמשך צו די ענינים פון פ' וישב:

אין פ' וישב[55] ווערט דערציילט וועגן ירידת יוסף למצרים, "ויוסף הורד מצרימה",

וואס דער ענין פון ירידת יוסף למצרים איז ניט געווען א ירידה לשם ירידה, נאר בכדי אז דערנאך זאל דערפון ארויס-קומען אן עלי', אז יוסף "הוא המשביר לכל עם הארץ"[56] וכו',

ווי אויך מרומז שוין אין פ' וישב אין דעם לשון "ויוסף הורד מצרימה", ווי גערעדט בארוכה אין א פריערדיקער התוועדות[57] אז "הורד" איז אויך מלשון "וירד מים עד ים"[58], ענין המלכות.

וואס אין פ' וישב שטייט די עלי' אין אן אופן של רמז וכו';

דערנאך אין פ' מקץ (וועלכע קומט בהמשך צו פ' וישב, כנ"ל) קומט ארויס בגלוי כפשוטו די גאנצע כוונה ותכלית פון דער ירידה, פון דעם "ויוסף הורד מצרימה" - "ובלעריך לא

- ירים -

------------

49) לקו"ת שם. 50) חולין יח, ב. נז, א. 51) נשא ז, יא. 52) זח"ג צד, ב. 53) נשא שם, ל. 54) שעהיוה"א בהחלהו. 55) לט, א ואילך. 56) פרשתנו מב, ו. 57) שיחת י"ט כסלו. 58) תהלים עב, ח. ב"ר פפ"ו, ב.

ידים איש את ידו ואת רגלו בכל ארץ מצרים"[59] און "רק הכסא אגדל ממך"[60].

וואס אע"פ אז "הכסא אגדל ממך" (איז עס לכאורה א גרעון אין דער מלוכה פון יוסף), איז - אדרבה: הגם אז "הכסא אגדל ממך" - איז יוסף דער וואס איז פותר חלום פרעה, און באווייזט און זאגט אן ווי פרעה זאל זיך פירן, ווי מ'זעט עס אין פשטות הכתובים, אז "בלעדיך לא ירים איש את ידו ואת רגלו גו'".

וואס פון דעם איז דא די הוראה, אז א איד, הגם ער געפינט זיך אין גלות במדינה מסוימת וואס דער מצב דארטן איז אז "הכסא אגדל ממך",

און דער אויבערשטער וויל אזוי, כפתגם הידוע[61] "ניט מיט אונזער ווילן זיינען מיר אוועק פון א"י . . אבינו מלכנו ית' האט אונז פארטריבן אין גלות והוא ית' וועט אונז אויס לייזן" -

אעפ"כ האט ער דעם כח צו אנפירן מיט דער מלכות.

ואדרבה - ווי עס איז געווען בא יוסף'ן, אז (ניט נאר ער האט אנגעפירט מיט הנהגת המדינה, נאר נאכמער) מ'נוצט אוים פרעה'ס תוקף וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן לפי שעה - אז עס זאל זיין "ובלעדיך לא ירים איש את ידו ואת רגלו גו'", ביז אויך אין ענינים עיקריים וענינים גשמיים.

טז. וואס בנוגע צו ירידת יוסף למצרים, געפינט מען ראובן'ס שייכות דערצו אין פ' וישב[62], אז ראובן האט געזאגט צו זיינע ברידער "אל תשפכו דם . . ויד אל תשלחו בו וכו'",

ובהמשך לזה געפינט מען בפרשתנו (פ' מקץ) אז בשעת "ויאמרו איש אל אחיו אבל אשמים אנחנו וגו'"[63] האט זיי ראובן געזאגט: אהא! איך האב אייך דעמולט נאך געזאגט "אל תחטאו בילד ולא שמעתם"[64].

וואס לכאורה איז עס אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: וואס גייט ער סתם שיטן זאלץ אויף וואונדן?

בשעת די ברידער האבן זיך געפונען אין א צרה, און "ויאמרו איש אל אחיו וגו' על כן באה אלינו הצרה הזאת"[63] - וואס גייט ער זיי שיטן זאלץ אויף די וואונדן און זאגן:

- אהא! -

---

59) פרשתנו מא, מד. 60) שם, מ. 61) לקו"ד כרך ד תרצב, א. סה"מ קונטרסים ח"א קעה, ב. 62) לז, כב. 63) פרשתנו מב, כא. 64) שם, כב.

אהא! איך האב אייך דעמולט נאך געזאגט, "וגם רמו הנה נדרש"[64]?!

אזא הנהגה פאסט ניט לכאורה אפילו פאר סתם א מענטשן, עאכו"כ א אידן, עאכו"כ איינער פון די שבטים, און נאך ראובן בכור יעקב!

און רש"י באווארענט עס גארניט!

יז. נאר דער ביאור איז – עס איז מובן גאר בפשטות:

דאס וואס ראובן האט זיי געזאגט איז געקומען בהמשך צו "ויאמרו איש אל אחיו אבל אשמים אנחנו וגו'" (וכמ"ש[64] "ויען ראובן אותם לאמר"),

וואס דער ענין פון זייער זאגן "אבל אשמים אנחנו וגו'" – איז דער ענין התשובה, ווי פארשטאנדיק בפשטות (אויך צו א בן חמש למקרא).

און ווי דער רמב"ם איז מבאר (אין אנהויבם הלכות תעניות) דעם ענין התשובה, אז בשעה עס טרעפט א צרה, איז דאס ניט אן ענין פון "נקרה נקריה" און "מנהג העולם", נאר מ'דארף וויסן אז דאס איז "בגלל מעשיהם הרעים", און עס דארף זיין "יזעקו עלי' וכו'", וואס דאס איז דער ענין התשובה.

וכמובן אז דער "ויאמרו איש אל אחיו וגו'" איז געווען באמת, ווי רש"י האט שוין מפרש געווען עה"פ[65] "ולא יכלו דברו לשלום" אז "למדנו שבחם שלא דברו אחת בפה ואחת בלב", ד.ה. אז זייער תשובה איז געווען א תשובה אמיתית.

וואס אויך ראובן איז געווען נכלל אין דער אמירה פון "אבל אשמים אנחנו וגו'", ווארום "ויאמרו איש אל אחיו גו'" איז כולל אויך ראובן.

דערנאך האט ראובן מוסיף געווען אויף דער אמירה, אויף דער דרגא אין תשובה – נאך א טיפערע דרגא אין תשובה, אז ס'איז ניט גענוג דער ענין החרטה, נאר זיי דארפן וויסן אז די מעשה האט ניט געטייגט מעיקרה.

יח. והביאור בזה:

אין תשובה זיינען דא כמה דרגות: עס איז דא תשובה מיראה, וואס "זדונות נעשות לו כשגגות"[66], א העכערע דרגא דערפון איז – תשובה מאהבה וואס "זדונות נעשות לו כזכיות"[66], און נאכמער: "זכיות" ממש אן א כ"ף הדמיון.

- איז -

------------

65) וישב שם, ד. 66) יומא פו, ב.

איז נאך דעם וואס "ויאמרו איש אל אחיו" (כולל אויך ראובן). נאך דעם וואס בא זיי איז געווען א נידעריקע דרגא אין תשובה - האט ראובן מוסיף געווען אז עס פאדערט זיך אזא תשובה וואס זדונות נעשות זכיות, א תשובה וואס דערלאנגט עד מיצוי הנפש[67] וואס דורך דעם איז "נעקר עונו מתחלתו"[68].

ומזה מובן, אז אע"פ אז אויך בא יהודה איז געווען ענין התשובה, ווארום "יהודה הודה ולא בוש"[69] און האט געזאגט "צדקה ממני"[70], און אזוי אויך ראובן איז "עסוק הי' בשקו ובתעניתו על שבלבל יצועי אביו"[71], וואס דאס ווייזט אויף דעם ענין התשובה [אויב מען וויל נאך לערנען די פסוקים בפשטות אָן פארדרייען זיי] -

דא אבער איז ראובן מוסיף אז נוסף אויף תשובה סתם דארף זיין א תשובה וואס איז עוקר דעם דבר בלתי רצוי מעיקרו, וכנ"ל - "איצטער ערשט דארפן תשובה טאן".

יט. וכידוע דער סיפור[72], אז כ"ק מו"ח אדמו"ר איז אריין למחרת יוהכ"פ צו זיין פאטער כ"ק אדמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע [וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר איז געווען ממלא מקומו], און אים געפרעגט: און וואס איצטער? האט כ"ק אדמו"ר (מוהרש"ב) נ"ע אים געענטפערט: איצטער ערשט דארפן תשובה טאן.

דלכאורה: ער איז אריין צום רבי'ן נ"ע אלס נשיא הדור, און דער וואס האט געטאן אין "יפוצו מעינותיך חוצה", און דער מייסד ישיבת תומכי התמימים,

[און דער רבי נ"ע האט זיכער געוואוסט מעלהו, כידוע די הוראה[73] אז נוסף אויף ידיעת חסרונות עצמו, דארף מען אויך וויסן מעלות עצמו],

און ער איז אריין צו אים [אין א מצב ווי ער שטייט] למחרת יום הכפורים, וואס די משנה[74] דערציילט וועגן איינעם וואס פלעגט ברענגען אן אשם תלוי בכל יום, און אויך מארגן נאך יוהכ"פ האט מען אים ניט געלאזן ברענגען -

און אעפ"כ האט דער רבי נ"ע אים געזאגט "איצטער ערשט דארפן תשובה טאן", און האט דאס זיכער געזאגט מיט אן אמת,

- איז -

------------

67) ראה ספרי עה"פ ואתחנן ו, ה. 68) פרש"י ד"ה כאן כאהבה - יומא שם. 69) סוטה ז, ב. 70) וישב לח, כו.
71) פרש"י עה"פ וישב לז, כט. וראה ב"ר פפ"ד, יט.
72) הובא ונתבאר בהקדמה לקונטרס צז (נדפס בסה"מ תש"ט).
73) שיחת ש"ת תרפ"ת בסופה (סה"מ תרפ"ח ע' קצט). וראה גם "היום יום" ס"ע קז. 74) כריתות כה, א.

איז דערפון פארשטאנדיק, אז אין דעם ענין התשובה זיינען דא כמה וכמה דרגות.

ועד"ז בעניננו: אז נאך דער תשובה פון "ויאמרו איש אל אחיו וגו׳" האט ראובן געזאגט "הלא אמרתי אליכם וגו׳" - אז איצטער ערשט דארפן תשובה טאן.

כ. דער ענין התשובה איז אויך מודגש אין דעם פסוק[75] "נר מצוה ותורה אור", וואס דער פסוק האט א שייכות מיוחדת מיט חנוכה[75]:

עס שטייט אין פסוק[76] "כי נר מצוה ותורה אור ודרך חיים תוכחות מוסר" - נאך דעם ענין פון "נר מצוה ותורה אור" קומט דער ענין פון "ודרך חיים תוכחות מוסר", וכדלקמן.

וואס לכאורה, ווי ער פרעגט אין קונטרס עץ החיים פון רבי׳ן נ"ע[77]: וואס איז דער ענין פון "ודרך חיים" בהוספה צו "נר מצוה ותורה אור" - דער אמת׳ער "דרך חיים" איז דער דרך התומ"צ, שטייט דאך שוין אין דעם ערשטן האלבן פסוק "נר מצוה ותורה אור", איז וואס איז מען מוסיף מיט "ודרך חיים"?

איז דער ביאור בזה: "נר מצוה ותורה אור" זיינען ענינים שבהגבלה, און "ודרך חיים תוכחות מוסר" איז דער ענין התשובה, אן ענין שלמעלה ממדידה והגבלה, ווי חז"ל[78] זאגן אז תשובה קדמה לעולם (העכער פאר די מדידות והגבלות פון עולם).

און דער ענין התשובה למעלה ממדוה"ג פועל׳ט א יתרון אין "נר מצוה ותורה אור", וואס זיי זיינען במדידה והגבלה,

וכמבואר בדברי המשנה "יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים", אז בהקדמת התשובה ווערן די מעשים - "טובים ומאירים"[79],

וואס עס איז דאך פארשטאנדיק אז אויך "מעשים" כשלעצמם (ניט זייענדיק "מעשים טובים") מיינט מעשים אמיתיים - תורה ומצווה, "נר מצוה ותורה אור", און אין דעם טוט-אויף תשובה אז זיי זאלן זיין "טובים ומאירים".

כא. די הוראה מזה: אין "ודרך חיים תוכחות מוסר" (דער ענין המוסר) ווערן נכלל כמה ענינים, ווי ער איז מסביר אין

- קונטרס -

---

75) משלי ו, כג. 76) ראה פרש"י ד"ה בנים - שבת כג, ב. 77) בהתחלתו. 78) פסחים נד, א. ב"ר פ"א, ד. 79) לקו"ה שמע"צ פה, א. וראה גם תו"א ושערי אורה ד"ה יביאו לבוש מלכות בתהלתו.

קונטרס עץ החיים כמה פירושים בדבר: תשובה, התבוננות, עבודת התפלה וכו׳,

און אין דעם גופא זיינען דא דרגות שונות.

און מ׳קען דערפון ארויסנעמען א הוראה בפשטות:

אז מען גיט א קוק אויף די וואס זינגען ביים פארברייגען און זיי פאטשן אפילו מיט די הענט אום שבת - זעט מען אז זיי זיינען מיט א פאראומערטן פנים, ווארום זיי טוען דאך אן עבודת פרך - מען האט זיי מכריח געווען אין "מלאכת נשים לאנשים"[80],

וואס בשעת מען גיט א קוק אויף זיי ווערט קאלעמוטנע!

זיי טענה׳ן אז פאטשן מיט די הענט איז אן עבודה פאר נשים, פאר קינדער, זיי (די קינדער) דארפן זינגען אז זיי ווילן משיח׳ן "נאו", און ווילן ניט ווארטן וכו׳; אבער ער - ער קען זיך ארייננטראכטן אין דעם וואס משיח איז, "ישכיל עבדי . . ירום ונשא וגבה מאד"[81], היכפ דרגות!

ובפרט נאך לויט תורת הבעש"ט[82] אז במקום שמחשבתו של אדם שם הוא נמצא, איז בשעת זיין מחשבה איז פארנומען מיט מעלת המשיח געפינט ער זיך "שם" במעלת המשיח! איז וואס דארף ער זינגען?!

נאר היות אז מ׳טאר ניט "פורש מן הצבור" זיין[83], און ער דארף יוצא זיין פארן איינקל - רירט ער צו א האנט צו א האנט.

כב. עד"ז פירט ער זיך אין אלע ענינים וואס רבותינו נשיאינו מאנען:

אז עס קומט צו הפצת המעינות חוצה, גייט ער ארויס און גיט (א האנט נאר מיט) איין פינגער, ועד"ז גיט ער א מתן יד, און ער גיט דאס - ניט נאר מן השפה ולחוץ, נאר אויך - מן היד ולחוץ!

אה"נ ס׳איז קיין נפק"מ ניט צו דעם מקבל צי ער גיט עס מיט א חיות אדער פארשלאפעגערהייט, אדער ווייל מ׳האט אים גאר מכריח געווען, וואס דאס איז דער גרעסטער לימוד זכות אויף אים;

נאכמער: אפילו בשעת ער פארלירט א סלע, און איינער

- וואס -

------------

80) סוטה יא, ריש ע"ב. 81) ישעי׳ נב, יג. 82) כש"ט הוספות אות לח. ובהנסמן שם בהערה. 83) אבות פ"ב מ"ד.

וואס איז עוסק בהפצת המעינות חוצה געפינט עס, איז ער אויך מקיים א מצוה, ווי ער זאגט אין ספרי[84], אז ווען איינער פארלירט א סלע און אן עני געפינט עס - איז ער מקיים דערמיט מצות נתינת צדקה;

און נאכמער: אפילו אויב ער איז זיך מצטער אויף די געלט וואס ער האט פארלארן,

[ואדרבה - ע"פ תורה דארף ער גאר זיך מצטער זיין, וויבאלד אז "התורה חסה על ממונן של ישראל"[85], איז ער זיך מצטער אויף דערויף, ווארום ער ווייסט ניט צו ווען די געלט וועט אנקומען,

און אפילו אז ער ווייס יע צו וועמען עס וועט אנקומען - דארף ער זיך אלץ-איינס מצטער זיין, ווארום ער וואלט דאס געקענט געבן מיט א כוונה נעלית, מיט זיין רצון והענוג וכו' -]

אעפ"כ, איז ער מקיים מצות צדקה, ווי ער זאגט אין ספרי, ווארום דער מקבל האט דאך דאס באקומען -

ביי אים אבער פעלט דער חיות אין זיין געבן, ווארום ער האט דאס געגעבן בשעת זיין נפש האלקית איז געשלאפן, עס איז מערניט וואס דער צווייטער נפש איז אויך געשלאפן דעמולט, האט אפגעגאלט אז מ'האט ביי אים דעמולט גענומען -

מאנט מען אבער אז ער זאל עס געבן מיט רצון וכוונה, און מיט זיינע אלע כחות הפנימיים.

כג. וכנ"ל וועגן דעם ענין פון זינגען און פאטשן - דארף ער זיך ניט באגנוגענען מיט דעם וואס ער פאטשט אום שבת,

עס איז טאקע א געוואלדיקע מסירת נפש: די מנגדים טענה'ן אז ס'איז דא א שקו"ט אין אחרונים צי מען מעג פאטשן אום שבת[86] - איז ער מסכן זיין מעמד ומצב אלץ מהדר במצוות, און פאטשט מיט די הענט;

אעפ"כ דארף ער זיך ניט באגנוגענען מיט דעם, נאר ער דארף האבן א העכערע דרגא אין מסירת נפש.

און ווי עס איז בענין הקריאה בימי חנוכה:

דער ערשטער טאג איז דער נשיא המקריב - נחשון בן - עמינדב -

---

84) עה"פ תצא כד, יט. וראה לקו"ש תצא תשל"ז ס"ד ובהערות שם. 85) ר"ה כז, א. 86) ראה לקו"ש ח"א ע' 230 ובהנסמן שם בהע' 32.

עכינדב, וואס ער האט געהאט מסירת נפש (אויף אריינטאנצן אין ים[87], וואס דורך דעם איז דער ים געשפאלטן געווארן);

דערנאך אבער ביום הרביעי, ווען דער נשיא המקריב איז ראובן - דארף צוקומען נאך א העכערע דרגא אין מסירת נפש.

כד. ובדקות יותר (וויבאלד עס איז שבת דארף מען רעדן אין ענינים בזכותם של׳ ישראל):

עס איז דאך "שינה בשבת תענוג"[88], זיינען דא אזעלכע וואס שלאפן דערפאר ביים פארברייגגען,

און אזוי אויך ביי אלע ענינים: בשעת׳ן דאוונען געשלאפן, בשעת׳ן לערנען געשלאפן, ועד"ז בשעת׳ן עסן, און בשעת קריאת התורה, זיי זיינען עולה לתורה און שלאפן בא מאכן די ברכות.

און הגם אז זיי זיינען מקיים די מצוה פון עסן און דאוונען, און עולה לתורה זיין וכו׳ -

טוען זיי עס אבער שלאפנדיקערהייט! ווארום "שינה בשבת תענוג"!

זאגט מען זיי אז אין שבת איז דא בחינה עתיק, וואס דארטן איז "עינא פקיחא דלא נאים"[89], עס איז ניט שייך דער גאנצער ענין השינה, אינגאנצן העכער דערפון, און עתיק איז ענינו תענוג.

כה. דארפן די אלע ענינים זיין מיט חיות, ובפרט איצטער ווען מען וויל האבן משיח׳ן.

וואס משיח איז דער מבוקש פון דעם חלל הימני;

דער חלל השמאלי אבער טוט זיך אן אין א לאנגן רעקל און זאגט: דאס איז ניט אונזער דרך! עס איז ניט אונזער דרך מכריח זיין דעם אויבערשטן צו צוהיילן משיח׳ן, נאר מ׳דארף לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און פאלאזן זיך אויף דעם אויבערשטן׳ס יושר, וואס ער וועט זיכער ברענגען משיח׳ן, און אים ברענגען אין דער ריכטיקער צייט.

- עס -

---

87) ראה סוטה לז, א. מכילתא עה"פ בשלח יד, כב. במדב"ר פי"ג, ז. 88) יל"ר עה"פ ואתחנן ד, יט. סידור האריז"ל (קול יעקב) אחרי סעודת שבת. 89) זח"ג קכט, ב. וראה הו"א הוספות קיז, א. ובכ"מ.

עס איז טאקע ניט זייער דרך - דאס איז דער דרך פון שו"ע! דער דרך פון כנסת הגדולה! און דער דרך פון יעדער איד וואס דאווענט מיט פירוש המלות!

עס איז א בפירוש'ער פסק דין אין שו"ע[90] אז מען דארף טראכטן פירוש המלות בשעת מען דאווענט,

און אפילו אז ער האט א קשיא אין רמב"ם וועלכע ער דארף פארענטפערן - דארף ער בכ"ז טראכטן פירוש המלות!

דער בית יוסף איז אויך געווען א למדן, און א גרעסערער למדן פאר אים - האט ער געהאט ענינים וועלכע ער האט פארענטפערט מיט א טאג פריער, ענינים וועלכע ער האט פארענטפערט מיט א טאג שפעטער און ענינים אין וועלכע ער איז געבליבן בצריך-עיון -

און אעפ"כ, איז בנוגע צו תפלה פסק'נט ער אפ א קלארן פס"ד אין שו"ע: מ'דארף טראכטן פירוש המלות!

און עס איז היפך דעם דרך פון משה רבינו, וואס ער איז געווען דער גרעסטער למדן - "משה קבל תורה מסיני"[91] און "כל מה שתלמיד והיק עתיד להדש ניתן למשה מסיני"[92] - געפינט מען אז זייענדיק בהר ארבעים יום, איז מיט וואס האט ער זיך עוסק געווען - מיט דאווענען[93].

טענה'ט ער אז זיין דרך איז זיצן און לערנען,

איי עס זיינען דא ענינים וועלכע מען דארף מציל זיין - איז, כלשון הידוע, דורך הורה וועט ער פועל זיין א בירור בדרך מלמעלה למטה[94];

מעט אור, ועאכו"כ א ריבוי אור, וועט פארברענען דעם חושך, און דערווייליע וועלן נאך צוקומען חידושים אין תורה!

א מאדנע זאך: משה רבינו דארף אויפשטעלן דורות פון הורה, און ער ווייס אז די תורה פון אלע שפעטערדיקע דורות איז תלוי אן אים - פארנעמט ער זיך מיט דאווענען.

איר האט געהערט אמאל אזא מין מעשה?

אעפ"כ זאגט מען, אז בא משה'ן איז געווען "ואתנפל לפני ה' את ארבעים היום ואת ארבעים הלילה"[95], אז פערציק

- טעג -

------------

90) או"ח רסצ"ח. שם רסק"א. 91) אבות רפ"א. 92) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"י אלול תש"מ הע' 20-21. 93) עקב ט, כה. וראה ברכות לד, א. 94) ראה ד"ה ה"ר נ"ח תרנ"ט (סה"מ הרנ"ט ע' קסב ואילך). הש"ד ע' 108 ואילך. 95) עקב שם.

טעג האט משה מתפלל געווען! און אזוי ווי מדתו פון משה איז דאך מדה האמת[96], איז אז ער זאגט אז ער האט מתפלל געווען - האט ער מתפלל געווען באמת!

כו. דמכל זה מובן, אז מ'דארף דאווענען, און טראכטן פירוש המלות באם דאווענען, און בשעת מען דאווענט און מען טראכט פירוש המלות - דארף עס זיין ניט נאר אויף דעם זמן ווען ער דאווענט, נאר על כל היום ועל כל החיים.

ובדוגמת ווען ער זאגט "אתה חונן" מיינט ער ניט אז עס זאל זיין נאר בשעת'ן דאווענען, נאר על כל היום, ועל כל החיים.

עד"ז בעניננו, דארף ער טראכטן פירוש המלות ביים זאגן "את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח", און ער דארף מיינען אויף דעם גאנצן טאג ולכל החיים, ווי ער איז גלייך ממשיך "לישועתך קוינו כל היום"[97].

און אויב ער טראכט עס ניט - איז דאס היפך מצות התפלה, היפך השו"ע!

און זיין טענה, אז דאס איז ניט אונזער דרך - איז גאר דער היפך פון דעם דרך פון אלע דורות אידן וואס האבן זיך געפירט ע"פ שו"ע; היפך פון דרך משה רבינו (כאמור), ביז אויך - היפך פון לפני מ"ת: היפך פון דעם דרך פון יעקב אבינו, ביז אויך פון יצחק און אברהם, וואס "אברהם אבינו זקן ויושב בישיבה הי'", ועד"ז יצחק, ועד"ז יעקב[98], און אזוי אויך דערנאך במשך כל הדורות, אויך ווען אידן זיינען געווען אין מצרים - "מימיהן של אבותינו לא פרשה ישיבה מהם, היו במצרים ישיבה עמהם כו'"[98].

כז. וואס אין כל הנ"ל איז דא די הוראה וסדר העבודה וואס מען לערנט אפ פון דער קריאה פון יום הרביעי דחנוכה אין פ' ראובן, אז אפילו בשעת עס איז פריער דא תשובה, "ויאמרו איש אל אחיו וגו'" - קומט ראובן און זאגט אז עס דארף זיין שלימות התשובה,

ע"ד ווי געזאגט פריער, אז "יפה שעה אחת בתשובה ומעשים טובים", אז שלימות התשובה איז פועל אין די מעשים אז זיי זאלן זיין "טובים ומאירים",

וואס דורך דערויף קומט מען צו "חיי העוה"ב".

- און -

---

96) ראה סנהדרין קיא, סע"א. 97) ראה שיחת יום ד', כ"ה כסלו ס"ו. 98) יומא כח, ב.

און מ'נעמט-מיט די הוראה פון ראובן על כל ימי החנוכה, ועל כל השנים כולם, און אין אן אופן - ווי מ'זאגט בנוגע צו חנוכה[99] אז הנרות הללו "אינן בטלין לעולם".

און פון חנוכה און נרות חנוכה קומט מען צו די "נרות של ציון"[100],

און פון חנוכה, מלשון חינוך[101], קומט מען צו דעם חינוך פון ביהמ"ק השלישי והנצחי, במהרה בימינו ממש.

* * *

כח. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה רני ושמחי וגו'.

* * *

כט. כרגיל אפצולערנען א פסוק פון פרשת השבוע מיט פירוש רש"י - וועט מען זיך איצטער אפשטעלן אויף דעם בשני אופנים: די שוועריקייטן אין אן ענין וועלכן רש"י איז מפרש, און אן ענין קשה בפשוטו של מקרא אויף וועלכן רש"י שטעלט זיך ניט אפ.

אין קאפיטל מב פסוק א שטייט "וירא יעקב כי יש שבר במצרים ויאמר יעקב לבניו למה תתראו".

איז רש"י מעתיק די ווערטער "למה תתראו" און איז מפרש: "למה תראו עצמכם בפני בני ישמעאל ובני עשו כאילו אתם שבעים", און פארוואס האט זיי יעקב דאס געדארפט זאגן - "כי באותה שעה עדיין הי' להם תבואה".

וואס דעם פירוש איז רש"י מעתיק פון גמרא תענית[102], רש"י איז אבער מוסיף "כי באותה שעה עדיין הי' להם תבואה" - בכדי צו באווארענען א קשיא אין פשוטו של מקרא וואס ווערט נתעורר בא א בן חמש למקרא[103]:

פארוואס האבן יעקב'ס קינדער געדארפט ווארטן אז ער זאל זיי זאגן "למה תתראו" - אז זיי זעהן-איין אז עס ענדיקט זיך בא זיי די תבואה און "יש שבר במצרים" - האבן זיי אליין געדארפט גיין?

אויף דערויף זאגט רש"י: "כי באותה שעה עדיין הי' להם תבואה", דערפאר האבן זיי אליין מצד עצמם ניט געהאלטן בא גיין קיין מצרים, נאר יעקב האט זיי אויף דערויף געדארפט

- מעורר -

------------

99) תנחומא בהעלותך ה. במדב"ר פט"ו, ו - ע"פ רמב"ן ר"פ בהעלותך. 100) יל"ש ר"פ בהעלותך. וראה שיחת יום ד', כ"ה כסלו ש.ז. הע' 48. 101) חו"א וישב כט, ד. 102) י, ב. 103) רא"ם עה"פ.

מעורר זיין מטעם "למה ההראו - למה תראו עצמכם בפני בני ישמעאל ובני עשו".

ל. עס ווערט אבער שווער אין פירוש רש"י:

"בני ישמעאל ובני עשו" זיינען דאך געווען אין אן אנדער ארץ, ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט בנוגע צו עשו אז ער איז געווען במדינה אחרת - "וילך אל ארץ"[104], און "וישב עשו בהר שעיר"[105], ועד"ז האט ער שוין געלערנט בנוגע צו ישמעאל [אין סוף פ' חיי שרה[106], אין דעם פסוק פון "ועל פני כל אחיו נפל"], אז ער האט זיך געפונען "בואכה אשורה", און אין "מדבר פארן"[107], און אין די אנדערע ערטער וואו בני ישמעאל האבן זיך מהפשט געווען, ווי דער פסוק דערציילט,

און ס'איז דאך פארשטאנדיק, אז פאר וועמען ווייזט מען זיך אויס און מיט וועמען רעכנט מען זיך - מיט די שכנים ארום (עכ"פ - מערער ווי פון א ווייטערן), ד.ה. מיטן יושב הארץ -

עפ"ז איז ניט פארשטאנדיק: אז רש"י זאגט "למה תראו עצמכם בפני..." האט ער געדארפט זאגן בפני פון זייערע שכנים - "בפני יושב הארץ", "בפני בני כנען" וכיו"ב; פאר-וואס זאגט רש"י "בפני בני ישמעאל ובני עשו", וואס זיי האבן זיך געפונען במדינה אחרת?

און ווי מען געפינט טאקע פריער[108], אז בשעת יעקב האט געזאגט זיינע קינדער "עכרתם אותי להבאישני", האט ער ניט געזאגט "(להבאישני) בבני ישמעאל ובני עשו" - נאר "(להבאישני) ביושב הארץ"!

אה"נ רש"י איז מעתיק זיין פירוש פון גמרא (כנ"ל), און אזוי שטייט טאקע אין גמרא ("אל תראו עצמכם כשאתם שבעין לא בפני עשו ולא בפני ישמעאל") - איז אבער דארטן גופא דארף דאס האבן א ביאור, נוסף ע"ז וואס רש"י איז ניט מעתיק קיינע ענינים פון גמרא; רש"י איז מפרש פשוטו של מקרא.

לא. מפרשים שטעלן זיך אויף דעם, אבער זייערע תירוצים זיינען כלל ניט מרומז אין פירוש רש"י.

פון די תירוצים וואס זיי ענטפערן:

עס זיינען דא מפרשים[109] וואס לערנען אז אין ארץ כנען

- איז -

-----------

104) וישלח לו, ו. 105) שם, ח. 106) כה, יח.
107) וירא כא, כא. 108) וישלח לד, ל. 109) רא"ם עה"פ.

איז ניט געווען קיין רעב, במילא איז ניט שייך קיין אויס-וויַיזן זיך פאַר יושב הארץ.

עס איז אבער שווער אזוי צו פאַרענטפערן פרש"י בפשש"מ - ווײַל:

א) עס איז כלל ניט מרומז אין פירוש רש"י,

ב) עס איז היפך פשטות הכתובים, ווארום אין פסוק[110] שטייט "ויהי רעב בכל הארצות וגו׳",

ג) עס לייגט זיך כלל ניט צו זאגן אז בשעת דער רעב האט ניט אנגערירט אלע איינוויינער פון ארץ כנען - זאלן דוקא יעקב ובניו דאַרפן זיך באַווארענען צו זיך ניט אויס-ווייזן "בפני בני ישמעאל ובני עשו"?!

אנדערע מפרשים[111] לערנען אז זיי האבן זיך ספּעציעל געדאַרפט באַווארענען פאַר "בני ישמעאל ובני עשו" - דערפאַר וואס זיי זיינען זייערע קרובים.

אבער אויך דער פירוש איז ניט פאַרשטאַנדיק:

א) אפילו א בן חמש ווייס אז מען איז יוצא פאַר א שכן, אבער ניט פאַר א קרוב אין אן אנדער מדינה, כנ"ל.

און דאס וואס אנדערע מפרשים ווילן פאַרענטפערן, אז וויבאלד זיי זיינען קרובים, איז טאַמער מען וועט זיך אויס-ווייזן פאַר זיי אז מען האט הבואה וועלן זיי עס קומען נעמען, משא"כ בא שכנים איז ניטא דער חשש וכו׳ -

איז אין פשוטו של מקרא קען מען אזוי ניט זאגן, ווארום ממה נפשך: ווי וועלן זיי עס נעמען - וועלן זיי צאָלן דערפאַר - קענען זיי דאך גיין אין מצרים; וועלן זיי דאס וועלן נעמען אן צאָלן - דאס איז מופרך לגמרי ובקצה הכי רחוק פון פשוטו של מקרא.

ב) בכללות הענין אז מען האט זיך געדאַרפט באַווארענען פון בני ישמעאל ובני עשו - עפ"ז האט רש"י געדאַרפט ברענגען אויך בני עמון און בני מואב: ע"ד ווי בני עשו און בני ישמעאל זיינען קרובים [עשו איז געווען א ברודער, און ישמעאל א פעטער (עכ"פ פון דעם פאַטער׳ס צד)] - עד"ז זיינען בני עמון און בני מואב געווען קרובים, ווארום לוט [עמון ומואב׳ס פאַטער] איז אויך געווען א קרוב [אברהם׳ס פּליכעניק].

דער רמב"ן לערנט אז בשעת בני ישמעאל און בני עשו וועלן גיין אין אדץ מצרים צו יוסף׳ן, וועלן זיי ן פאַרביי-

- גיין -

---

110) פרשתנו מא, נד. 111) גו"א ושפ"ח עה"פ.

גיין ארץ כנען (וואו יעקב ובניו האבן זיך געפונען) - דערפאר האט יעקב געדארפט באווארענען "למה תראו עצמכם בפני בני ישמעאל ובני עשו"

אויך דאס איז אבער ניט פארשטאנדיק:

א) דער בן חמש למקרא איז ניט מוכרח צו וויסן ווי די ארצות זיינען אויסגעשטעלט,

ב) די שאלה פון מזרחי - עס איז היפך המציאות; אויף אנקומען אין ארץ מצרים דארפן זיי ניט דורכגיין ארץ כנען.

וואס עפ"ז בלייבט די שאלה: פארוואס זאגט רש"י "למה תראו עצמכם בפני בני ישמעאל ובני עשו און ניט "בפני יושב הארץ" אדער "בפני ארץ כנען"?

לב. אויך איז ניט פארשטאנדיק:

א) וואס דארף רש"י בכלל מוסיף זיין פאר ווענען דער "הראו עצמכם" איז - אז רש"י וואלט זאגן נאר "למה תראו עצמכם" - וואלט דער בן חמש למקרא פארשטאנען אז יעקב זאגט זיי אָן אז זיי זאלן זיך ניט אויסווייזן פאר די וועלכע ס'איז שייך זיך אויסצווייזן פאר זיי?

ב) אין גמרא תענית שטייט "אל תראו עצמכם כשאתם שבעין . . כדי שלא יתקנאו בכם", און רש"י איז דאס משמיט.

ובמכ"ש וק"ו: אויב פאר א "בן עשר שנים למשנה"[112] און פאר א "בן חמש עשרה לגמרא"[112] איז נוגע צו אויסטייטשן פאר-וואס עס איז ניט גוט אז זיי זאלן זיך אויסווייזן - איז פאר א בן חמש למקרא האט רש"י זיכער געדארפט שרייבן "שלא יתקנאו בכם". עס איז דאך כלפי לייא!

לג. אן ענין קשה אין פשוטו של מקרא אויף וועלכע רש"י שטעלט זיך ניט:

ביי די חלומות פון פרעה שטייט אין פסוק[113] (און רש"י ברענגט עס אראפ נאך פריער[114]) אז יוסף האט פותר געווען צו פרעה'ן אז דאס וואס "השנות החלום אל פרעה פעמים" איז - "כי נכון הדבר מעם האלקים וממהר האלקים לעשותו".

וואס עפ"ז ווערט גלייך א שאלה ביים בן חמש למקרא: ער האט געלערנט אין פ' וישב[115] אז בא יוסף'ן איז אויך געווען "השנות החלום" - און רש"י איז אים ערגעץ ניט מפרש וואס דער פתרון דערפון איז?

- מ'קען -

---

112) אבות פ"ה מכ"א. 113) פרשתנו מא, לב. 114) עה"פ שם, כו. 115) לז, ה ואילך.

מ'קען ניט פארענטפערן אז רש"י פארלאזט זיך, אז בשעת דער בן חמש יועט קומען צו פ' מקץ - וועט ער דאך זען אז דער פתרון אויף "השנות החלום" איז, אז "ממהר האלקים לעשותו", וועט ער בְמילא אליין פארשטיין אז עד"ז איז בנוגע צו חלומות יוסף, אז "ממהר האלקים לעשותו" -

ווארום אדרבה, אז ער וועט קומען אין פרשת מקץ צו חלומות פרעה וועט אים ווערן נאך שווערער - ס'איז היפך המציאות צו זאגן אז בא יוסף'ן איז געווען "ממהר האלקים לעשותו": בא פרעה'ן איז טאקע געווען "ממהר האלקים לעשותו", ער האט גלייך ממנה געווען יוסף'ן און עס האבן זיך גלייך אנגעהויבן די שני השבע וכו'; משא"כ בא יוסף'ן, איז בשעת די חלומות איז ער געווען "בן שבע עשרה שנה"[116], און (אפילו) "בעמדו לפני פרעה מלך מצרים" איז ער געווען "בן שלשים שנה"[117] - עס זיינען דורכגעגאנגען 13 יאר!

לד. עס זיינען דא מפרשים[118] וואס ענטפערן, אז ווען דארף מען באווארענען און געפינען א פתרון אויף "השנות החלום" - נאר אויבביידע חלומות זיינען געווען בלילה אחה; וואס דערפאר, בא פרעה'ן וואס ביידע חלומות זיינען געווען אין דער זעלבער נאכט, האט עס יוסף פותר געווען, משא"כ חלומות יוסף זיינען געווען אין באזונדערע נעכט.

אין פשש"מ אבער איז ניט מוכרח צו זאגן אזא חילוק, ווארום דער עיקר איז - אז ביידע חלומות האבן איין תוכן, און עס איז קיין חילוק ניט ווען ער האט גע'חלומ'ט די חלומות.

ואדרבה, אין פסוק שטייט ניט "(ועל השנות החלום) בלילה אחת", עס שטייט מערניט "ועל השנות החלום . . פעמים", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער עיקר איז דער תוכן החלומות.

וכמדובר כמה פעמים, אז די דיוקים דארפן זיין פארשטאנדיק פאר א בן חמש למקרא פון זיך אליין, פון דעם וואס ער האט געלערנט פריער אין פירוש רש"י, אדער אין די פריערדיקע פסוקים.

וכפי שיתבאר בהתוועדות הבאה[119].

לה. כאן המקום צו מבאר זיין די ענינים אין פשוטו של מקרא, אין פרשה וישב. וועלכע מען האט געפרעגט אין דער פריערדיקער ההוועדות[120].

- אויף -

------------

116) וישב שם, ב. 117) פרשתנו שם, מו. 118) ראה רשב"ם, ריב"א וחזקוני עה"פ פרשתנו שם, לב. 119) נתבאר בההוועדות דמוצאי זאת חנוכה. 120) דש"פ וישב.

אויף די ווערטער[121] "ויהי יוסף יפה תואר" איז רש"י מפרש: "כיון שראה עצמו מושל התחיל אוכל ושותה ומסלסל בשערו, אמר הקב"ה אביך מתאבל ואתה מסלסל בשערך, אני מגרה בך את הדוב".

האט מען געפרעגט: וואס איז דא דער ענין פון א "דוב" דוקא?

נאכמער איז ניט פארשטאנדיק: וואס דארף רש"י בכלל זאגן א משל פון א חי' - ער האט געדארפט זאגן: "אני מגרה בך את האשה", "אני מגרה בך את אשת פוטיפר", אדער "אני מגרה בך את היצר הרע" וכיו"ב?

האט מען געבראכט פון פרקי דרבי אליעזר[122], וואס דארטן שטייט אז א דוב איז מער אן עז פנים אפילו פון אן ארי (הגם אז ער איז דער "מלך שבחיות"[123]), ועד"ז איז אויך אשת פוטיפר "העיזה פני'"[124].

האט מען אבער געפרעגט אויף דעם:

א בן חמש למקרא ווייס דאך ניט פון דעם (אז "הדוב אין לו בושת פנים"), און אפילו אז ער וועט קוקן אויף א דוב - וועט ער עס אויך ניט וויסן.

עד"ז דאס וואס עס שטייט אין מפרשים[125], אז דער טעם פארוואס אשת פוטיפר ווערט צוגעגליכן צו א דוב איז - דערפאר וואס א דוב אין לו מנוחה[126], וואס עד"ז פלעגט אשת פוטיפר צורעדן יוסף'ן נאכאנאנד, אן מנוחה, כמ"ש[127] "ויהי כדברה אל יוסף יום יום" -

ווייס דאס לכאורה אויך ניט דער בן חמש למקרא.

לז. איז דער ביאור אין דעם - עפ"ז וואס עס שטייט אין גמרא[128] וועגן א דוב:

אפילו אויב דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט וואס עס שטייט אין גמרא; דאס וועט ער ערשט לערנען ווען ער וועט זיין א בן עשר למשנה, אדער א בן חמש עשרה לגמרא -

איז אבער בשעת רש"י לערנט מיט אים בפירושו וועגן א דוב - וועט ער פרעגן בא זיין מלמד וואס איז דאס א דוב - וועט ער אים ווייזן א דוב, וועט דער קינד זען דאס וואס עס שטייט אין גמרא קידושין וועגן א דוב,

- בא -

---

121) וישב לט, ו. 122) ראה פדר"א רפל"ז. מהרז"ו לב"ר פפ"ד, ז. 123) חגיגה יג, ב. 124) ב"ר רפפ"ז. הובא במהרז"ו שם. 125) שפ"ח עה"פ. 126) קידושין עב, א. 127) וישב שם, י. 128) קידושין שם.

[בא מיר איז געווען די מציאות אז איך האב געלערנט די גמרא אין קידושין איידער איך האב געזען א בער - האט זיך בא מיר אפגעלייגט אז ווען איך וועל זען א בער וועט ער זיכער זיין פונקט ווי עס שטייט אין גמרא].

שטייט אין גמרא אז א דוב איז מגודל שיער; איז בשעת רש"י וועט באווייזן דעם בן חמש למקרא א דוב, וועט ער גלייך זען אז ער איז א מגודל שיער.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק פארוואס אשת פוטיפר ווערט צוגעגליכן צו א דוב - וואדום ווער איז מגודל שיער - ניט קיין זכר, נאר אן אשה.

לז. וואס מיט זאגן "אני מגרה בך את הדוב" - א מגודל שיער - איז רש"י אויסן צו פארענטפערן א קשיא אין פשוטו של מקרא:

ווען "ההחיל (יוסף) אוכל ושותה ומסלסל בשערו", און דער אויבערשטער האט אים געוואלט באשטראפן מיט א נסיון - זיינען דאך געווען כמה עניני נסיון וואס דער אויבערשטער האט עם געקענט צושטעלן: אכילה כשרות, עבודה זרה וכיו"ב,

און אפילו אין דעם עניין גופא האט געקענט זיין דער נסיון פון משכב זכור, ווי רש"י[129] זאגט אויף פוטי פרע "הוא פוטיפר, ונקרא פוטי פרע על שנסהרס מאליו לפי שחמד את יוסף למשכב זכור" -

איז פארוואס האט דער אויבערשטער געבראכט דוקא דעם נסיון פון אשת פוטיפר?

און אויף דעם ענטפערט רש"י: "(אמר הקב"ה אביך מתאבל) ואתה מסלסל בשערך, אני מגרה בך את הדוב" - אז דאס וואס צוליב "מסלסל בשערך" איז געקומען אויף אים דער נסיון פון אשת פוטיפר, איז עס מצד דערויף וואס דוקא די (משא"כ פוטיפר) איז ע"ד ווי א דוב וואס איז "מגודל שיער" - וואס דאס איז שייך צו "מסלסל בשערך".

לח. אויך דער עניין וואס די גמרא זאגט אז דוב איין לו מנוחה - איז א זאך וואס דער בן חמש למקרא קען גלייך זען בשעת ער גיט א קוק אויף א בער:

בשעת רש"י לערנט מיטן בן חמש וועגן א דוב, וועט ער אים דאך ניט פירן אין אפריקע קוקן אויף א בער, נאר ער ווייזט אים א בער אין צרפה, איז ער דאך איינגעשפאנט אין כבלים -

זעט ער אז דער בער, אע"פ וואס ער איז איינגעשפאנט

- אין -

---

129) עה"פ פרשתנו שם, מה. מסוטה יג, ב.

אין כבלים, גייט ער ארום אהין און אהער, און האט אינגאנצן ניט קיין מנוחה!

לט. ויש להוסיף בדרך אפשר:

דער מדרש[130] גיט א משל אויף יוסף'ס נסיון מיט אשת פוטיפר, פון א בער וואס מען שטעלט אוועק און מען הייבגט אן אבנים טובות ומרגליות ארום צווארו, און מען זאגט אז כל הרוצה קען ארויפשפרינגען אויפן בער און נעמען פון דארט די אבנים טובות ומרגליות,

איז געווען דארט א פיקח וואס האט זיך ניט געלאזט אפנארן דערפון, און געזאגט, אז ער קוקט (ניט נאר אויף די אבנים טובות ומרגליות, נאר אויך) אויף די ציינער פון דעם דוב.

(ווארום כל זמן אז ער האט ניט צו-טאן מיטן בער, וועט אים דער בער ניט טשעפען, ניט מזיק'ן, און דורך זיין שפרינגען אויפן בער (בכדי צו נעמען די אבנים טובות ומרגליות) רייצט ער אים אויף, און שטעלט זיך איין אין סכנה).

ועד"ז איז אויך בנוגע צו יוסף'ן, אז דורכדעם וואס "התחיל . . מסלסל בשערו [וואס ער האט נאר געזען די אבנים טובות ומרגליות]" - דאס האט אויפגערייצט דעם בער, און "ותשא אשת אדוניו וגו'" [די ציינער וכו'].

ועפ"ז י"ל, אז מיטן משל "אני מגרה בך את הדוב" איז רש"י אויסן דעם משל הנ"ל פון מדרש.

מ. ואע"פ אז דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט קיין מדרש - איז אבער פון דעם וואס דער מדרש גיט דעם משל, איז דאך מוכרח אז בזמן המדרש איז עס געווען א דבר המצוי,

[ווארום בשעת מען ברענגט א משל - ברענגט מען עס פון א דבר וואס איז במציאות פאר דעם וועמען מען זאגט דעם משל, וואס דאס פארלייכטערט זיין פארשטיין די זאך;

בשעת מען וויל מבאר זיין א זאך, איז מען דאס אמאל מבאר, ניט מיט ווערטער, נאר מיט א משל פון א מציאות וואס ער ווייס דערפון, ער האט עס געזען וכיו"ב, און פון דעם פארשטייט ער דעם ביאור הדבר] -

לייגט זיך צו זאגן אז אזוי האט זיך געפירט אויך בזמן רש"י אין צרפת,

[ווארום בשעת רש"י ברענגט דא א משל פון "מגרה בך את הדוב" -

---

130) ב"ר פפ"ו, ד.

הדוב" - איז מסתבר אז דאס איז א זאך וואס דער בן חמש
ווייס פון דעם, און ניט אז ער ווייס עס פון א דוב וואס
געפינט זיך בנבכי היער - אהינצו טאר מען גאר ניט פירן
קיין אידישע קינדער - נאר ער ווייס עס פון וואס ער קען
זען.

און אפילו אויב די מציאות (שבמדרש) איז ניט געווען
בזמן רש"י - איז דאך באוואוסט די גזירות פון די פריצים בימי
הביניים, אז מען פלעגט מכריח זיין א אידן צו שפילן זיך
מיט א בער באופן כזה אז דורכן שפיל איז דער בער אנגערייצט
געווארן צו מזיק זיין.

ובפרט אז די הנהגה בדוגמת זה - צוציען מענטשן דורך
א בער - איז געווען בכו"כ זמנים, ביז לזמננו זה,

ווי עס זיינען דא מקומות וואס מען מאכט א יריד, וויל
מען דאך האבן אן ענין וואס זאל צוציען אז מען זאל איינ-
טיילנעמען, אן ענין של בידור - נעמט מען א בער

- א הרבותי (און ווי עס שטייט אין גמרא אין ב"ק131 אז
א דוב איז א בן תרבות) - סיידן מען איז אים מגרה -

און עס גייט מיט אים איינער מיט א מקל, און בשעת ער
הויבט אויף דעם מקל לימין גייט דער בער ימינה, און בשעת ער
הויבט אויף דעם מקל לשמאל - גייט דער בער שמאלה, און בשעת
ער הויבט אויף דעם מקל למעלה - טאנצט דער בער.

וואס אזוי פירט זיך אויך היינט בכמה מקומות, אין
"קאני איילאנד" וכיו"ב.

און אזוי געפינט מען אלע מאל ווען עס זיינען געווען
גזירות: אין רוסלאנד, אין אוקראינע, אין גאליציע און אין
פוילין וכו' -

איז מסהבר אז אויך בזמן רש"י, אין צרפת, פלעגט זיך
אזוי פירן - וואס דערפאר גיט ער אים דעם משל.

ועפ"ז יש לומר, אז מיטן משל "אני מגרה בך את הדוב"
איז רש"י מבאר ווי די הנהגה פון יוסף'ס מסלסל זיין בשערו
האט געבראכט צו "ותשא אשת אדוניו גו'" - ווארום בשעת מען
שפילט זיך מיטן בער ("מסלסל בשערו", וואס דאס ווייזט
ארויס ווי ער איז יפה תואר ויפה מראה) רייצט עס אים אויף.

מא. ע"פ הנ"ל וועט מען אויך פארשטיין וואס רש"י איז
מדייק "אני מגרה בך את הדוב". דלכאורה איז ניט מובן (ווי
מען האט געפרעגט אין דער פריערדיקער התוועדות): רש"י האט

- געדארפט -

------------

131) טז, ב.

געדארפט זאגן, אז דער אויבערשטער וועט אנשיקן אויף אים א בער וכיו"ב, וואס איז דער לשון "אני מגרה כו'"?

איז דער ביאור אין דעם, אז מיט דעם לשון "מגרה", באווארנט רש"י א קשיא וואס שטעלט זיך אין פשוטו של מקרא:

יוסף איז דאך געווען "בבית אדוניו"[132] שוין א משך זמן, וכמובן אז "ויבא הביתה לעשות מלאכתו"[133] איז ניט געווען קיין איין-מאליקע זאך, נאר ער פלעגט קומען לעשות מלאכתו יום יום, כדמוכח אויך דערפון וואס "ויפקידהו על ביתו וגו'"[134], און "ויעזוב כל אשר לו ביד יוסף"[135] וכו' - וואס די סיבה אויף דערויף איז געווען, ווי עס ווערט דערציילט אין חומש, אז אדוניו האט געזען אז "כל אשר הוא עושה ה' מצליח בידו"[136], וואס דאס איז א זאך וועלכע קומט מיט דער צייט,

איז דאך פארשטאנדיק, אז ס'איז געווען א משך זמן וואס יוסף האט געטאן די מלאכה, און מלאכה דארפן אין שטוב [ווי עס שטייט "ויבא הביתה לעשות מלאכתו"[133]]

און במשך די גאנצע צייט איז יוסף געווען "יפה תואר ויפה מראה" -

איז וואס מיט-אמאל "ותשא אשת אדוניו וגו'"[137]?!

וואס אויף דעם זאגט רש"י "אני מגרה בך את הדוב": ס'איז ניט קיין נייע אנשיקעניש, וואס איז פריער ניט געווען במציאות; דער "דוב" (אשת פוטיפר) איז געווען אויך פריער, נאר פריער האט זי אים ניט געטשעפעט,

[בדוגמת א דוב א בן תרבות, וואס כל זמן מען רייצט אים ניט אן, טשעפעט ער ניט],

נאר איצטער, נאך דעם וואס "התחיל .. מסלסל בשערו", איז "אני מגרה בך את הדוב",

און בשעת מען האט איר אנגערייצט איז - "ותשא אשת אדוניו וגו'".

מב. נוסף אויף די ענינים האמורים לעיל אין א בער וועלכע זיינען א משל אויף יוסף'ס נסיון מיט אשת פוטיפר, אז א בער איז מגודל שיער, און אין לו מנוחה - איז אויך דא נאך א דריטע זאך וואס די גמרא[138] זאגט אויף א בער וועלכע איז מתאים צו דעם ענין -

- א -

---

132) וישב שם, ב. 133) שם, יא. 134) שם, ד. 135) שם ו. 136) שם, ג. 137) שם, ז. 138) קידושין שם.

א בער איז מסורבל בבשר, וואס בכללות איז דאס שייך מער בא אן אשה ווי בא אן איש.

מג. עס איז אויך דא דער צווייטער ענין וועלכן מען האט געפרעגט אין דעם פריערדיקן שבת - אן ענין וואס איז שווער אין פשוטו של מקרא און רש"י איז עס ניט מבאר:

בא יוסף'ס צווייטן חלום האט יעקב געזאגט[139] "הבוא נבוא אני ואמך ואחיך וגו'",

איז רש"י מפרש: "הבוא נבוא - והלא אמך כבר מתה, והוא לא הי' יודע שהדברים מגיעין לבלהה שגדלתו כאמו[140]. ורבותינו[141] למדו מכאן שאין חלום בלא דברים בטלים, ויעקב נתכוין להוציא הדבר מלב בניו שלא יקנאוהו לכך אמר לו הבוא נבוא וגו', כשם שא"א באמך כך השאר הוא בטל".

איז ניט פארשטאנדיק:

דער בן חמש למקרא האט דאך שוין געלערנט וועגן יוסף'ס ערשטן חלום, איז לויט דער צווייטער דיעה אז "אין חלום בלא דברים בטלים" [און מיט דער הדגשה, אז ניט נאר אז עס קען זיין דברים בטלים אין א חלום, נאר "אין חלום בלא דברים בטלים"] - וואס זיינען די דברים בטלים אין יוסף'ס ערשטן חלום?

און אויך דער חלום איז ניט דער ערשטער וואס דער בן חמש למקרא האט געלערנט - ער האט שוין געלערנט וועגן חלום יעקב[142] "והנה סולם מוצב ארצה וגו' והנה מלאכי אלקים עולים ויורדים בו גו'" - דארף מען דארטן אויך פארשטיין (לויט דער צווייטער דיעה, אז "אין חלום בלא דברים בטלים"): וואס זיינען די דברים בטלים אין דעם חלום?

ולאידך: אויב מען וועט יע געפינען דברים בטלים אין די חלומות הנ"ל, וועט דאך די שאלה: ווי שטימט עס מיטן ערשטן פירוש פון רש"י?

ווארום, פון דעם וואס רש"י זאגט אין זיין ערשטן פירוש "שהדברים מגיעין לבלהה שגדלתו כאמו", איז דאך מוכח לכאורה אז ער נעמט אן אז אין א חלום זיינען ניטא קיין דברים בטלים - איז אויב מען וועט געפינען דברים בטלים אין די חלומות הנ"ל, שטימט עס דאך ניט מיטן ערשטן פירוש.

מד. איז דער ביאור אין דעם:

אויך לויטן ערשטן פירוש, "והוא לא הי' יודע שהדברים

- מגיעין -

------------

139) וישב לז, י. 140) ראה ב"ר פפ"ד, יא. 141) ברכות נה, א. 142) ויצא כח, יב.

מגיעין לבלהה", קען זיין דברים בטלים אין א חלום;

דער חילוק פון די ביידע פירושים איז נאר - אז לויטן צווייטן פירוש כוז זיין דברים בטלים אין יעדער חלום, "אין חלום בלא דברים בטלים", און לויטן ערשטן פירוש איז עס ניט קיין דבר המוכרח, אבער אויך לויט דעם פירוש - קען זיין דברים בטלים אין א חלום*.

און דעריבער איז קיין קשיא ניט אויפן ערשטן פירוש פון דעם וואס אין יוסף׳ס ערשטן חלום, און אויך אין חלום יעקב, זיינען געווען דברים בטלים (כדלקמן) - ווייל אויך לויט דעם פירוש קענען זיין דברים בטלים אין א חלום.

מה. בנוגע יוסף׳ס ערשטן חלום - איז ווי גערעדט שוין אמאל[143] בארוכה: די השתחואה פון די שבטים צו יוסף׳ן איז געווען בארמון, אין מטרופולין וכו׳, און ניט בשדה -

איז דער פרט אין חלום, "והנה אנחנו מאלמים אלומים בתוך השדה"[144] איז דברים בטלים.

און מען קען ניט פרעגן: אויב אזוי, פונקט ווי יעקב האט אנגעוויזן אויף די דברים בטלים אין דעם צווייטן חלום, און געזאגט "כך השאר בטל", האבן די ברידער געקענט אנ-ווייזן אויך אין ערשטן חלום אז פונקט ווי דער פרט ("בתוך השדה") איז ניט ריכטיק "כך השאר הוא בטל" - ווייל: דעמולט האט מען דאך נאך ניט געקענט וויסן אז דער פרט איז ניט ריכטיק - עס קען דאך זיין אז די שבטים וועלן זיך משתחוה זיין צו יוסף׳ן בשדה.

[בנוגע צום צווייטן חלום, האט מען געקענט גלייך זען אז דער פרט פון "אמך" איז בטל, ווייבאלד אז "אמך כבר מתה";

משא"כ בנוגע צום ערשטן חלום - איז דעמולט האט מען ניט געקענט וויסן אז דער פרט "בתוך השדה" איז ניט ריכטיק].

אבער לאחרי ווי דער חלום איז מקויים געווארן, און די השתחואה איז געווען בארמון - האט זיך טאקע ארויסגעוויזן, - אז -

---

*) ומ"ש רש"י בפירוש הראשון "שהדברים מגיעין לבלהה" - כי, אצל בן ה׳ פשוט, שבאם אפ"ל חלום בלא דב"ט ה"ז אצל בן זקונים דיעקב.

ועפ"ז מובן גם בפשטות איך שלמדו מכאן (לפי הפירוש השני שא"א לומר ד"ירח" קאי על בלהה) "שאין חלום בלא דב"ט" (היינו שבחלום מוכרח להיות דב"ט) - כי באם אפשר להיות חלום בלא דב"ט, פשוט שאצל בן זקונים דיעקב לא היו דב"ט בחלומו.

---

143) שיחת ש"פ וישב, כ׳ כסלו תשכ"ז. 144) וישב שם, ז.

אז דער פרט "בתוך השדה" איז "דברים בטלים".

מו. עפ"ז שטעלט זיך אבער די שאלה לאידך: וויבאלד אז לפי כל הדעות (אויך לויטן ערשטן פירוש) קען זיין "דברים בטלים" אין א חלום - איז ווי האט יעקב געבראכט א ראי׳ פון דעם פרט ("אמך") אז דער גאנצער חלום וועט ניט מקוים ווערן?

איז דאס באווארענט רש"י מיט דעם וואס ער זאגט ווייטער (וואס דאס באציט זיך צו ביידע פירושים) "ויעקב נתכוין להוציא הדבר מלב בניו שלא יקנאוהו", אז אין אמת׳ן איז עס טאקע ניט קיין ראי׳, נאר יעקב האט אזוי געזאגט בכדי "שלא יקנאוהו".

מז. עד"ז בנוגע צו חלום יעקב, זיינען געווען "דברים בטלים" אין דעם חלום [און דארטן האט מען געזען גלייך אויפן ארט די "דברים בטלים"]:

עס שטייט דארטן "והנה סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה", וואס דער "סולם מוצב ארצה גו׳" איז געווען צוליב "והנה מלאכי אלקים עולים ויורדים בו";

וואס לכאורה ווי קומט אהערצו א סולם?

א בן חמש למקרא ווייס אז א מלאך גייט ניט אויף א סולם, ער ווייס ווי א מלאך זעט אויס - אז א מלאך האט פליגלען, און ער האלט אין איין פליען.

וואס הגם אז ער האט קיינמאל ניט געזען קיין מלאך,

[ובמכ"ש פון זיין זיידן וואס ער האט קיין מלאך ניט געזען, ער זיצט ביים פארברייינגען און שלאפט, אבער אין חלום זעט ער ניט קיין מלאך] -

אעפ"כ ווען מען איז מצייר פארן קינד א מלאך - איז מען אים מצייר אז ער איז מיט פליגלען, און אז ער פליט.

במילא ווייס ער אז א מלאך גייט ניט אויף קיין סולם.

ובפרט אז ער האט שוין געלערנט פריער בא הגר[145], אז עס איז צו איר געקומען א מלאך - און ער איז ניט געקומען אויף א סולם.

און טאמער עס וואלט יע געווען א סולם - וואלט געדארפט שטיין אז ס׳איז געקומען צוגיין איין מלאך מיט א סולם, און אז ס׳איז געווען א צווייטער סולם פארן צווייטן מלאך, און א דריטער פארן דריטן מלאך!

- און -

---

145) וירא כא, יז ואילך.

און עד"ז האט ער אויך געלערנט וועגן עס זיינען געקומען די מלאכים צו אברהם'ן: זיי זיינען געקומען צו אים ווי מענטשן, "וירא והנה שלשה אנשים"[146], און נאך ווי ערביים[147], איז אז זיי וואלטן געקומען צוגייין אלע דריי מיט סולמות אין די הענט... וואלט אברהם געוואונדערט זיך: ווי קומען סולמות אין א מדבר - וואלט ער גלייך דערזעהן אז דאס זיינען מלאכים.

וואס מכל זה איז פארשטאנדיק אז דער ענין הסולם בחלום יעקב איז געווען דברים בטלים.

מח. בנוגע צו די הערות אויפן זהר - שטעלט זיך דער טאטע[148] אויף דעם וואס עס שטייט אין זהר פון פרשתנו[149]: "ר' חזקי' פתח ואמר לכל זמן ועת לכל חפץ תחת השמים[150], ת"ח, כל מה דעבד קב"ה לתתא לכולא שוי זמנא וזמן קצוב, זמן שוי לנהורא ולחשוכא כו', זמנא שוי קוב"ה לכולא בג"כ לכל זמן ועת לכל חפץ".

ד.ה. אז יעדער ענין לתתא, ברכות אדער היפך הברכות, האט א זמן, און א זמן קצוב, ער הויבט זיך אן און דערנאך ענדיקט ער זיך,

און ווי דער טאטע איז מבאר, אז "זמן הוא למטה מהחזה שלנגד שם הוא קומת המל' וכו'", וואס מצד מלכות איז דא דער ענין פון שינויים, זמן און מקום; און ווי ער איז מסביר די ענינים דארטן אין דער הערה.

מט. עס איז פאראן אן ענין כללי בעבודת האדם וואס דארף האבן א ביאור - וואס מען קען אין דעם ארויסנעמען א הוראה פון דעם זהר הנ"ל.

מ'געפינט אן ענין תמוה:

עס זיינען דא חילוקים כלליים בא אידן: אידן ווערן צוטיילט אויף צען סוגים, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך"[151],

עד"ז איז דא ווי אידן ווערן צוטיילט אויף צוויי סוגים: יששכר און זבולון, יושבי אהל און מארי עובדין טבין וכו';

אבער אעפ"כ, דארף ביי יעדער אינעם זיין אויך די

- ענינים -

---

146) שם יח, ב. 147) ב"מ פו, ב. פרש"י עה"פ שם, ד.
148) לקוטי לוי"צ לזח"א ע' קסד ואילך. 149) זח"א קצד, א.
150) קהלת ג, א. 151) ר"פ נצבים. לקו"ת ר"פ נצבים (מזח"ב פב, א).

ענינים פון די אנדערע סוגים, סיי בנוגע צו די צען סוגים, און סיי בנוגע צו די צוויי סוגים פון מארי תורה און מארי עובדין טבין וכו׳:

בא מארי תורה דארף זיין אויך דער ענין המצוות, וכמהז"ל[152] - "כל האומר אין לו אלא תורה . . אפילו תורה אין לו", נאר עס דארף זיין תורה מיט מצוות,

און ווי מען געפינט אפילו בא רשב"י, וואס ער איז געווען דער הכלית הענין פון "הורתו אומנתו"[153] - אז דער ירושלמי[154] איז גאר שולל אפילו א קס"ד אז ער האט ניט מפסיק געווען "לעשות סוכה ולעשות לולב" (ד.ה. ניט נאר אז ער האט מפסיק געווען צוליב <u>ישיבה</u> בסוכה און <u>נטילת</u> לולב - נאר אויך "<u>לעשות</u> סוכה <u>ולעשות</u> לולב");

ועד"ז בא מארי עובדין טבין דארף אויך זיין דער ענין התורה, ווי דער בפירוש׳ער פסק דין איז שו"ע[155] אז עס דארף בא זיי זיין לכה"פ "פרק אחד שחרית ופרק אחד ערבית".

וואס לכאורה ווערט די שאלה: למה עשה ה׳ ככה?

זאל יעדער איינער טאן "בכל מאדך"[156] אין זיין עבודה, אין דעם ענין אין וועלכן ער איז "זהיר טפי"[157], אן ענין שלפי שרש נשמתו - פארוואס דארף ער טאן אויך די אנדערע עבודות?

וכמחז"ל[158] "הלואי שיתפלל אדם כל היום כולו", ועד"ז זאל זיין תורה כל היום כולו,

וואס הגם אז ער דארף אויך שלאפן, ווארום א מענטש קען ניט זיין אן שלאפן דריי טעג, ווי עס שטייט אין א בפירוש׳ער גמרא אז אויב איינער מאכט א נדר אז ער וועט ניט שלאפן ג׳ ימים, איז מלקין אותו - איז ער דאך אן אנוס,

איז אבער אין דער זמן וואס ער האט בחירה זאל זיין "יתפלל כל היום כולו", און תורה כל היום כולו, ועד"ז בשאר ענינים.

- און -

------------

152) יבמות קט, ב. אגה"ק ס"ה (קח, סע"ב). וראה סה"מ הרפ"ה ע׳ קנ הע׳ 7. 153) ראה שבת יא, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס קו. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ד-ה. 154) ברכות פ"א סוף ה"ב. שבת פ"א סוף ה"ב. 155) מנחות צט, ב. הל׳ ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"ד. 156) ואתחנן ו, ה. וראה הו"א פרשתנו לט, ג. לקו"ת שלה מב, ג. דרמ"צ קס, ב. ובכ"מ. 157) ראה שבת קיח, סע"ב. וראה אגה"ק ס"ז (קיב, א). סה"מ שם ס"ע קנד ואילך ובהערות שם. 158) ברכות כא, א. וראה תניא פי"ג (יט, א).

און עד"ז פארוואס האט רשב"י מפסיק געווען "לעשות סוכה ולעשות לולב", ווי ער זאגט אין ירושלמי - זאל ביי אים זיין נאר "תורתו אומנתו"?

און ווי מען געפינט טאקע בא רשב"י אז עס איז געווען א צייט ווען ער האט ניט מפסיק געווען אויף מצוות - בשעת ער איז געווען אין דער מערה.

וואס הגם אז דעמולט איז געווען פקוח נפש מצד גזירת המלכות ומצות המלכות, האט ער דאך ע"פ דין ניט געקענט ארויסגיין און מקיים זיין די מצוות[159], און "אונס רחמנא פטרי׳"[160] -

איז אבער דער אלטער רבי מבאר אין לקו"ת[161], אז בא רשב"י זייענדיק אין דער מערה האט ניט געפעלט דער ענין המצוות.

ווי האט טאקע רשב"י געקענט מקיים זיין די מצוות זייענדיק אין דער מערה? איז דער אלטער רבי דארטן מבאר, אז עס זיינען פאראן צוויי סוגי עבודות, די עבודה פון "שור הבר" (וואס דאס איז די דרגא פון צדיקים וואס זיינען מקיים מצוות בגשמיות), און די עבודה פון "לויתן",

און רשב"י האט געהאלטן בא דרגת "לויתן" וואס איז העכער פון עבודת "שור הבר" [וואס דערפאר איז לע"ל וועט דער לויתן שחט׳ן דעם שור הבר בסנפיריו[162], וואס דורך שחט׳ן אים איז ער אים מעלה - "אין ושחט אלא ומשך"[163]].

זעט מען דאך דערפון, אז בא רשב"י איז געווען א צייט וואס ביי אים איז ניט געווען דער ענין פון קיום המצוות בגשמיות,

[וואס דאס איז טאקע געווען נאר אויף יענער צייט (הגם אז דער אלטער רבי זאגט עס ניט אין לקו"ת, אבער אויב עס איז ניט אזוי, נאר בא רשב"י איז אזוי אלעמאל געווען - איז דאס בסתירה צום ירושלמי, וואו עס שטייט, כנ"ל, אז רשב"י האט מפסיק געווען אויף עשית המצוות), אבער פונדעסטוועגן איז בא אים געווען אזא צייט] -

איז למה עשה ה׳ ככה, פארוואס זאל אזוי ניט זיין בכלל - "יתפלל אדם כל היום כולו", תורה כל היום כולו, און גמ"ח כל היום כולו?!

- ג. -

------------

159) ראה שבת לג, ב. 160) ב"ק כח, ב. 161) ר"פ שמיני ד"ה לויתן זה יצרת. 162) ויק"ר פי"ג, ג. הובא בלקו"ת שם. 163) חולין ל, ב. וראה לקו"ש תצא הנ"ל סי"א ובהערות שם.

ג. איז דער ביאור אין דעם, ע"פ דעם זהר הנ"ל:

"לתתא" זיינען אלע ענינים אין זמן, ספירת המלכות, וואס אין זמן איז דא שינויים, וואס דערפאר האט יעדער ענין א זמן ווען ער הויבט זיך אן און דערנאך קומט דער זמן ווען ער ענדיקט זיך.

וכמחז"ל[164] "ארבעה נכנסו לפרדס כו' ר' עקיבא נכנס בשלום ויצא בשלום".

וואס לכאורה איז ניט פארשטאנדיק[165]: וואס מיינט "ר' עקיבא נכנס בשלום" - לכאורה זיינען אלע אריין בשלום, און נאר בא דער יציאה דארף מען האבן די באווארעניש אז עס זאל זיין "יצא בשלום", איז פארוואס שטייט אויך "נכנס בשלום"?

איז דער ביאור אין דעם[165]:

ווען ווייס מען אז "נכנס בשלום" - בשעת "יצא בשלום"; די יציאה בשלום ווייזט אז די כניסה איז געווען בשלום,

ד.ה. אז דער גאנצער ענין פון יעדער עבודה דארף זיין במדידה והגבלה.

עס מאנט זיך טאקע אז עס זאל זיין "בכל מאדך", אז אין יעדער עבודה זאל ער טאן למעלה ממדידה והגבלה - אבער דערנאך ענדיקט זיך די עבודה און עס הויבט זיך אן א צווייטע עבודה - אויך אן עבודה שבהגבלה.

וואס דאס איז די הוראה פון דער זהר הנ"ל, אז "לתתא" זיינען דא שינויים פון זמן, און עס ענדיקט זיך איין עבודה און דערנאך הויבט זיך אן א צווייטע עבודה.

נא. ע"ד הנ"ל זיינען אויך דא די צוויי ענינים פון משפיע און מקבל - און בא יעדערן דארפן זיין ביידע ענינים:

אויך בא דעם וואס איז בדרגא הכי נעלה (משפיע) - דארף זיין דער ענין פון מקבל,

ווי עס שטייט אין משנה[166] "איזהו חכם הלומד מכל אדם" - אפילו אויב ער שטייט בדרגא הכי נעלית, איז אויב היינט וועט ער ניט לערנען פון יעדער מענטשן וועמען ער טרעפט - איז ער היפך פון דעם חכם וואס ווערט דערמאנט אין דער משנה.

און עד"ז לאידך - יעדערער דארף זיין א משפיע.

און עס שטעלט זיך אויס אין זמן: עס איז דא א זמן

- ווען -

------------

164) חגיגה יד, ב. ירושלמי חגיגה פ"ג ה"א. 165) ראה לקו"ש ח"ג ע' 990 ואילך. 166) אבות רפ"ד.

ווען יעדערער דארף זיין א מקבל, און דערנאך - א זמן ווען ער דארף זיין א משפיע:

עס זיינען פאראן טעג, וואכן צי חדשים ווען ער דארף זיין א מקבל, און - א זמן ווען ער דארף זיין א משפיע; ובכללות איז דא א תקופה ווען ער דארף זיין א מקבל, און דערנאך א תקופה ווען ער דארף זיין א "נר להאיר".

נב. וואס אויף דעם האט דער רבי נ"ע מייסד געווען ישיבת תומכי תמימים, אויף מאכן פון די תלמידים - "נרות להאיר"[167].

וואס אויף צו זיין "נרות להאיר" דארף פריער זיין יגיעה - אויף צו זיין א למדן מוז מען לערנען ביגיעה, "לא יגעת ומצאת אל תאמין"[168] - עס איז ניט במציאות אז מען זאל זיין א למדן אָן לערנען ביגיעה.

דער רבי נ"ע האט מייסד געווען די ישיבה אז מען זאל זיין "נרות להאיר", מען זאל לערנען אין אן אופן אז מען זאל זיין טופח על מנת להטפיח, אז דער אנדערער זאל ווערן בדרגת "להאיר".

נג. וואס אין דער ישיבה זיינען דא די הנהלת הישיבה וועלכע העלפן ארויס, איז זייער ענין - "לא נבראו אלא לשמשני"[169]; זייער גאנצער ענין איז "לשמשני" - די תלמידים.

און דער ענין פון דעם תלמיד איז - צו ווערן א חסיד, ירא שמים ולמדן - וואס, כנ"ל, "לא יגעת ומצאת אל תאמין".

נאר טאמער דער תלמיד האט א שווערקייט, און ער קען זיך אליין ניט איינקערן און ער דארף אז מען זאל אים ארויסהעלפן - דעמולט דארף ער גיין צום מנהל, צום משגיח, צום ראש ישיבה, צום משפיע, און זיי בעטן אז זיי זאלן אים ארויסהעלפן איינקערן זיך.

און אז מען פירט זיך ניט אזוי - זיינען דא אויף דעם שווערע ווערטער אין קונטרס עץ החיים, וואס ניט איך בין דער מענטש, און שבת חנוכה איז ניט די צייט - אויף איבערגעבן וועגן דעם, מען קען אליין א קוק-טאן דארטן.

נד. איז געווארן א סדר הפוך לגמרי:

דער תלמיד זאגט, און מאכט א טומל - אז דער מנהל, דער משגיח, דער ראש הישיבה און דער משפיע פירן זיך ניט ווי עס

- דארף -

---

167) ראה לקו"ש ח"ב ע' 484 ואילך. חי"ב ע' 149. חי"ד ע' 243. ועוד. 168) מגילה ו, ב. 169) ל' חז"ל - קידושין בסופה.

דארף-צו-זיין, און זיי דארפן זיך פירן לויט ווי ביי אים קומט אויס, לויט ווי ער איז מחליט!

און הולך ומתפאר, אכלתי ואוכל עוד[170]!

ניט דאס איז דיין תפקיד! דיין תפקיד איז זיצן און לערנען!

איך פולין זאגט מען[171] אז "צדיק באמונתו יחי'[172] - אל תקרי יחי' אלא יְחַי'", אז יענער הארעוועס, און יענער פארשטייט;

בא אונז מאנט מען הארעוועז אליין, מיט זיינע חב"ד שבנפשו כו', יעדער איינער האט זיין תפקיד, און דאס דארף ער טאן;

און דער תפקיד פון א תלמיד הישיבה איז - זיצן און לערנען!

איי, טענה'ט ער, דער משגיח וכו' פירן זיך ניט ווי עס דארף-צו-זיין -

איז אבער ניט דאס דיין תפקיד!

ניט אויף דעם האט דיר דער רבי נשמתו עדן אריינ-גענומען אין ישיבה!

בה. האט ער זיין דעה, און ער האלט אז די ישיבה דארף זיך פירן לויט זיין דעה!

דער רבי נ"ע האט דיר אריינגענומען אין ישיבה בהשגחה פרטית, צי - בהשגחה מיוחדת;

עס זיינען רא הונדערטער, צענדליקער טויזנטער קינדער און בחורים וועלכע האבן בעסערע כשרונות ווי ער, עכ"פ' - די זעלבע כשרונות, צי ווינציקער כשרונות - קיינער קען ניט קומען בסוד ה' יראיו[173] - און זיי האבן ניט דעם זכות; און פון זיי אלעמען איז דא איינגאנצן א פאַר הונדערט וואס האבן זוכה געווען און דער רבי נ"ע האט זיי אויפגעהויבן פון דעם כלל בהשגחה פרטית צי בהשגחה מיוחדת, און ער האט זיי באוויזן דעם חלק היפה, אויף מאכן פון "אדם - אדמה לעליון"[174], און ער איז איינער פון זיי,

וואס השגחה פרטית נעמט זיך פון א"ק[175],

- איז -

------------

170) ראה ב"ר פי"ט, יב. 171) ראה לקו"ד כרך א קמא, ב. לקו"ש ח"ב ע' 475. 172) חבקוק ב, ד. 173) ע"פ ל' הכתוב - תהלים כה, יד. 174) של"ה כ, ב. שא, ב. 175) ראה לקו"ד שם פד, ב. ועוד.

איז אז ער פירט זיך שלא כדבעי רירט עס אן אין אדם קדמון!

נו. טענה'ט ער אז די ישיבה דארף זיך פירן ווי ער איז מחליט.

עס איז דא דער מייסד הישיבה, דער רבי נשמתו עדן, דער מנהל בפועל, כ"ק מו"ח אדמו"ר, און עס איז דא תב"ד שבנפשו! און די ישיבה - טענה'ט ער - דארף זיך פירן (ניט לויט ווי דער רבי נ"ע און כ"ק מו"ח אדמו"ר האבן איינגעשטעלט, נאר) ווי ער איז מחליט אז עס דארף זיך פירן!

און בשעת ער טענה'ט אז עס פירט זיך ניט ווי עס דארף-צו-זיין, די הנהלת הישיבה פירט זיך ניט ווי עס דארף-צו-זיין; איז בשעת ער רעדט וועגן דעם - גזל'ט ער פשוט די צייט און מס"נ פון רבי'ן נ"ע וואס ער האט משקיע געווען אין תומכי תמימים!

וואס אויך איצטער גיבן דער רבי נ"ע און כ"ק מו"ח אדמו"ר - ברכות און כחות אין די ענינים פון תומכי תמימים.

זיך צוקוקן אויף א חבר, צי אויף דעם משגיח צי ער פירט זיך ווי עס דארף צו זיין,

[ער טענה'ט: "ועמך כולם צדיקים"[176], און "צדיק באמונתו יחי'[172] אל תקרי יחי' אלא יחַי'"[171] דארף ער טאן מיט אנדערע],

ניט דאס איז תפקידו,

דיין תפקיד איז - זיצן און לערנען!

און בשעת ער טומל'ט וועגן דעם וכו', פארשטייט זיך אז ער איז נישט ממלא זיין תפקיד, ער קען ניט בשעת מעשה זיצן און לערנען - ס'איז היפך המציאות!

איי די הנהלה פירט זיך ניט ווי עס דארף-צו-זיין, איז עס ניט דיין הפקיד מישן זיך אין הנהלת הישיבה, דו ביסט ניט קיין חבר אין הנהלת הישיבה, און דער רבי נ"ע האט דיך ניט אריינגענומען אין הנהלת הישיבה.

נז. כל זה איז אבער ניט קיין הצדקה אויף דעם וואס עס דארף זיין ווארעמע צימעס, עס דארף זיין וואס צו עסן און טרינקען, ווארום דער וואס איז רעב וצמא קען ניט לערנען תורה[177].

- עס -

---

176) ישעי' ס, כב. 177) ראה רמב"ם הל' דעות רפ"ד.

עס דארף זייך וואס צו עסן, און א דאך איבערן קאפ,
און עס זאל ניט רינען פון אים, און עס זאל זייך ווארעמקייט;

אייער תפקיד איז צוזעהן צו דעם, דאס איז אייער
תפקיד, אויף דעם האט דיר דער רבי נ"ע ארייגענומען אין
ישיבה!

באדימען זיי זיך, אז נאך דעם וואס עס איז געווארן
דער טומל האבן זיי געזעהן אז עס זאל זייך ווארעם -

אויף דעם האט איר געדארפט ווארטן אויף דעם טומל?!

דאס איז דאך אייער תפקיד, צו צוזעהן אז עס זאל זייך
וואס צו עסן, און די אלע זאכן!

נח. אבער דער הלמיד איז ענינו זיצן און לערנען, און טאן
אין עבודת התפלה וכו׳.

איי דו האסט טענות אויף פלוני בן פלוני -

איז ארייגשיקן בזמן הפנוי א בריוול, א צווייטער
בריוול, א צעטל, "ספעשל דעליווערי", מיט הצעות - מהיכי תיתי;

אבער דיין ענין איז - צו זייך א שלם ברמ"ח אברים
ושס"ה גידים,

עס האנדלט זיך דאך ניט וועגן פיצלעך קינדער וואס
לערנען אל"ף-בי"ת, וואס מען דארף זיי פירן פארן האנט אין
"קינדער-גארטן", און אז דער וואס פירט-אן פירט זיך ניט
ווי עס דארף-צו-זייך - זיינען זיי פטור.

נט. האלט ער פון זיך עולם ומלואו, האלט ער אז די ישיבה
דארף זיך פירן ווי ער איז מחליט!

דו דארפסט זיצן און לערנען, זייך אן עובד און זייך א
דוגמא חי׳!

און טאמער עס קומט בא דיר אויס אז דער ראש ישיבה וכו׳
פירן זיך ניט ווי עס דארף-צו-זייך - איז אנשטאט צו מאכן
דעמאנסטראציעס, וואס מען ווייס ניט צי עס וועט העלפן -
זאג א קאפיטל תהלים לזכותו! גיב צו צדקה לזכותו! ווייך
באם דאוונען פארוואס ער איז ניט כדבעי און בעט ביים
אויבערשטן אז יערה עליו רוח ממרום[178] ער זאל תשובה טאן!

וואס דאס וועט זיכער העלפן.

- דעמאנסטראציעס -

------------

178) ע"פ ל׳ הכתוב - ישעי׳ לב, טו.

דעמאנסטראציעס איז א ספק צי עס וועט העלפן; דאוועז בדמעות שליש! דאס וועט זיכער העלפן, צי "התפלה עושה הכל", עכ"פ "עושה מחצה"[179].

ס. דאס אלץ איז אבער קיין הצדקה ניט פאר הנהלת הישיבה, עס דארף דאך זיין עסן וכו׳ - איז זייער הפקיד דאס צוצושטעלן,

און דער וואס איז ממונה אויף דעם - איז נאר דאס תפקידו, און נאר מיט דעם דאדף ער זיך פארנעמען; נאר אויף דעם האט אים דער רבי נ"ע ארייגגענומען אין ישיבה,

ניט ער זאל זאגן אז עס פעלט בא די בחורים ברוחניות, און אין זייער יראת שמים -

ער דארף צוזעהן אז די תלמידים זאלן האבן זייער עסן און וואס זיי דארפן בעתו ובזמנו.

וואס ע"ד ווי יעדער ממונה על הצדקה, אזוי איז אויך דער וואס איז ממונה אויף דער קיך - ניט ער זאל ארומגייען און זאגן אז די בחורים טייגן ניט, צי אז דער משגיח טייג ניט -

ער דארף טאן זיין תפקיד, אויף צוזעהן אז די תלמידים זאלן האבן וואס זיי דארפן.

אזוי בא דעם ממונה אויף דער קיך, און אזוי אויך בא דעם ממונה אויף דער דארמיטארי - זיי דארפן טאן זייער תפקיד, אויף צוזעהן די תלמידים אלץ וואס זיי דארפן - און ניט אין אנדערע ענינים.

אין זמנו הפנוי, און ווען ווייס ער אז דאס איז זמנו הפנוי, ווען זיין עניו איז שוין אינגאנצן אפגעטאן, זיין עבודה איז בשלימות - דעמולט קען ער, נוסף אויף זיין עיקרית׳דיקער עבודה - טאן אין דעם,

אבער אין אן אופן וואס זאל ניט גורם זיין קיין בלבול און היפך פון קירוב הלבבות.

סא. אבער דאס איז כלל ניט קיין הצדקה פאר דעם תלמיד - ער דארף טאן זיין תפקיד.

גייט ער און ער איז מבטל פון לערנען, מבטל זיך, מבטל א צווייטן, מבטל א דריטן, מבטל א רבים כו׳! וואס אויף ביטול תורה איז דא וואס דער אלטער רבי זאגט אין דעם ערשטן בלעטל פון תניא דעם עניו חמור בזה[180].

עס איז לא הי׳ לעולמים בא די אלע וואס האבן מלחמה געהאט על ה׳ ועל תורתו, האבן זיי ניט מלחמה געהאט מיט תומכי תמימים!

רעדט ער זיך איין אז דאס מיינט ער פלוני בן פלוני.

- ער -

179) ויק"ר פ"י, ה. וראה לקו"ש ח"ט ע׳ 275.
180) מסנהדרין צט, א.

ער האלט אז ביז היינט האט זיך די ישיבה געפירט ווי דער רבי נ"ע, מייסד הישיבה, און דער מנהל פועל, כ"ק מו"ח אדמו"ר, וכו׳ האבן געוואלט, מהיום והלאה וועט זיך די ישיבה פירן ווי ער איז מחליט אין תב"ד שבנפשו!

פאר דעם וואס דו זאגסט דעות ווי עס זאל זיך פירן די ישיבה - פריער נעם סמיכה אויף רבנות, סמיכה אז דו ביסט אן עובד, סמיכה אויף יראת שמים!

עס איז נוגע אין א"ק א שינוי צי מען זאל לערנען א האלבע שעה בצפון צי בדרום!

און ער גייט און זאגט: מען זאל ניט לערנען ניט בצפון, ניט בדרום, ניט במזרח און ניט במערב!

סב. אבער דאס אלץ איז ניט קיין הצדקה פאר הנהלת הישיבה - און אויב זיי טוען ניט זייער תפקיד - גזל׳ן זיי צו דעם רבי׳ן נ"ע׳ס צייט און לעבן!

און ניט ווי מען קען מיינען אז מען קען ארויסגיין פון דעם, ער האט דא ניט געמאכט קיין קאנטראקט מיטן רבי׳ן נ"ע, און אויב עס פירט זיך ווי ער וויל איז גוט, און אז ניט גייט ער אוועק אַן א זייט - דו ביסט אן עבד צו דעם רבי׳ן נ"ע!

ועד"ז איז עס אויך ביים תלמיד.

און די הנהלה דארף צוזעהן צו די אלע ענינים כדבעי - וואס "לא נבראו אלא לשמשני".

סג. אויף אלץ איז דא א מקור אין נגלה - שטייט אין משנה[181] אז בני אברהם, יצחק ויעקב "אפילו אם אתה עושה להם כסעודת שלמה בשעתו לא יצאת ידי חובתך עמהן".

וואס דאס איז אפילו אז עס וואלט זיך גערעדט וועגן סתם א אידן, עאכו"כ אז עס רעדט זיך וועגן א תלמיד פון רבי׳ן נ"ע, און כ"ק מו"ח אדמו"ר.

און אויף געבן ווייניקער - דארף זיין א תנאי (און סביר וקבל)[181], און אויך דאן דארף מען צוזעהן צום תנאי במילואה.

סד. אבער די תלמידים - זייער ענין איז צו זיין "נרות להאיר", וואס דאס קען ניט קומען דורך "החושך יכסה ארץ וערפל לאומים"[182],

וועט ער טענה׳ן אז מען דארף באלייכטן דעם חושך, און "יהרון האור מן החושך" - דאס איז בשעת עס איז חושך פון דרויסן, אבער ניט אז דורך דערויף וואס ער נעמט אריין חושך אין זיך, וועט ווערן יהרון האור!

און דאס וואס ער קען טראכטן אז ער שטעלט זיך איין און - "אחטא" -

------------

181) ב"מ פג, א. 182) ישעי׳ ס, ב.

"אחטא ואשוב" - איז דאך "האומר אחטא ואשוב אחטא ואשוב אין מספיקין בידו לעשות תשובה"[183],

איז מה-דאך די ענינים וועלכע ער דארף טאן האט ער ניט אויף זיי דעם "יגעת ומצאת" - עאכו"כ אויף "דחק ונכנס"[184]!

און איך גלויב ניט אז אפילו ער אליין איז אזוי משוחד אז ער טראכט אזוי.

תלמידים דארפן טאן זייער תפקיד: זיצן און לערנען און טאן אין עבודת התפלה [וואס דאס איז א דבר הכרחי ביז אז אי אפשר בלא"ה אין תומכי תמימים, ווי ער זאגט אין קונטרס עה"ח[185] און, ווי עס איז צוגעקומען בימינו אלו - טאן אין מבצעים, בזמנים הפנויים ברשות ההנהלה.

סה. וואס מה שהי' הי', מען רעדט ניט וועגן דעם עבר, נאר וועגן דעם הוה ועתיד,

וואס וויבאלד ער איז אראפ פון וועג, וואס אפילו א האָר אראפ פון דרך התורה איז אראפ פון וועג בדקוה - דארף זיין די תשובה, און תלמידים דארפן טאן זייער תפקיד.

און דאס וואס ער טענה'ט אז עס פעלט אים - זאגט ער אין גמרא[186]: "מימי לא ראיתי צבי קייץ כו' שועל חנוני כו' אלא הרעותי את מעשי וקפחתי את פרנסתי כו'",

און ווי ער זאגט אין אגה"ק[187] אז דעם שליח קומט טאקע אן עונש על רוע בחירתו, ווארום הרבה שלוחים למקום[188], קומט טאקע דער הנהלה וואס עס קומט אויף ענינים כאלו, אבער, ווי ער זאגט דארט אין אגה"ק - דעם תלמיד קומט עס מן השמים, דערפאר וואס "(בלשון הגמרא) הרעותי את מעשי".

[און ניט ער זאל טענה'ן אויף די הנהלה, ווייל מ'קען אים זאגן "טול קורה מבין עיניך"[189].]

ועד"ז בא דער הנהלה: אז ער טענה'ט אז ער האט ניט קיין נחת פון תלמידים, דארף ער טראכטן אז ניט דער תלמיד איז שולדיק, נאר - עס איז ווייל דער ראש ישיבה איז ניט געווען א ראש ישיבה ווי עס דארף-צו-זיין, און דער משפיע איז ניט א משפיע ווי עס דארף-צו-זיין וכו'.

און דאס וואס דער תלמיד האט זיך געפירט שלא כדבעי קומט אים טאקע וואס עס קומט אויף דעם, אבער ניט דאס דארפן טאן די הנהלה, זיי דארפן מתקן זיין בא זיך בכדי זיי זאלן האבן נחת פון די תלמידים,

---

183) יומא פה, ב במשנה. 184) ראה תניא פכ"ה (לא, ב). אגה"ת פי"א (ק, ב). 185) פי"א-יב. פל"ג. 186) קידושין בסופה. 187) סכ"ה (קלה, ב). 188) ראה פרש"י עה"פ בשלח טז, לב. 189) ב"ב טו, ב.

און וואס אויך - עס איז ניט געווען קיין מזיד נאר שטות ושוגג וכו׳.

סו. וכאמור - מה שעבר עבר, דער עיקר איז אויף הוה ולהבא - מען זאל זיצן און לערנען, און מען זאל קוקן אין די קונטרסים פון רבותינו נשיאינו ובעיקר אין א ריבוי עבודה׳דיקע מאמרים אויף וויסן ווי זיך פירן,

עס דארף אבער ניט זיין אז ער זאל מגרה זיין דעם יצר הרע אויף זיך,

וכידוע דער פירוש[190] אין "ועל חטא שחטאנו לפניך ביצר הרע", אז ער מאכט דעם יצה"ר נאך ערגער ווי ער איז געווען מעצמו,

ובדוגמת הנ"ל וועגן "אני מגרה בך את הדוב".

ויה"ר אז פון שבת און חנוכה זאל זיין "אתם נצבים היום כולכם לפני ה׳ אלקיכם", "לאחדים כאחד"[191], און סיי "ראשיכם שבטיכם" און סיי "חוטב עציך" און "שואב מימיך" זאלן יעדערער טאן תפקידו.

* * *

סז. וויבאלד אז "ווי וואנט משיח נאו", משיח קומט באלד - זאלן סיי די תלמידים און סיי די הנהלה מתקן זיין אלע ענינים, און אין א זמן קצר, וואס דעמולט איז עס מער בהצלחה, און עס וועט זיין שלימות אין אלע ענינים,

און די אלע, צוזאמען מיט צבאות השם און מיט "שלימות העם" און "שלימות התורה" נגלה און חסידות וועלן גיין אין ארץ ישראל לגבולותי׳, "שלימות הארץ".

און עס וועט זיין ווי מען גייט איצט לייענען: "ויגש אליו יהודה", הגשת יהודה ליוסף, וואס ענינו איז - סמיכת גאולה לתפלה וואס לע"ל וועט זיין "תלמוד גדול" (יוסף), צוזאמען מיט "מעשה גדול" (יהודה)[192].

ביז עס וועט זיין אין אן אופן אז משיח וועט קומען "נאו", און ער וועט ברענגען יעדער אידן לאה"ק במהרה בימינו, "נאו", בגאולה האמיתית והשלימה "נאו".

אה"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל כ"ק אדמו"ר שליט"א לנגן "אך צדיקים" (בניגון "כי אלקים יושיע ציון").

* 

---

190) של"ה שער האותיות אות יו"ד. 191) לקו"ת ר"פ נצבים. וראה לקו"ש ח"ד ע׳ 1141 ואילך. 192) ראה תו"א ויגש מג, א ואילך. תו"ח ד"ה ויגש פ"ט ואילך.

בס"ד. שיחת מוצאי זאת חנוכה ה'תשמ"א. הנחת הת' בלתי מוגה

א. ס'איז דאך א התוועדות וואס קומט בהמשך צו ימי החנוכה.

וואס אע"פ אז ס'איז שוין די נאכט וואס נאך "זאת חנוכה", דער לעצטער טאג חנוכה - האט אבער די נאכט א שייכות צו ימי החנוכה, ווארום:

עס זיינען דא כמה ענינים וואס בא זיי גייט די נאכט נאך דעם (פריערדיקן) טאג, ובפרט בעניני קדשים זאגן דאך חז"ל[1] אז "בקדשים הלילה הולך אחר היום" [אע"פ וואס דאס איז ניט אזוי אין תפלת ערבית, וואס מ'האט שוין ניט געזאגט קיין "ועל הנסים"].

ובהוספה על זה - עס איז דא די שקו"ט[2] פארוואס מ'האט חנוכה ניט געמאכט אויך א ניינטן טאג צוליב "ספיקא דיומא". - איז דאך דער קס"ד אין דעם - אז די נאכט, די ניינטע נאכט, זאל זיין חנוכה,

וואס אע"פ אז עס איז נאר א קס"ד - איז דאך א קס"ד אין תורה אויך א חלק פון תורה[3], ביז וואנעט אז מ'דארף אויף דערויף מאכן ברכת התורה, ווארום מ'דארף דאך מאכן ברכת התורה אפילו ווען ער לערנט מערניט ווי די שקו"ט, נאך איידער ער קומט צו דער מסקנא להלכה במעשה בפועל.

ונוסף להנ"ל, והוא העיקר: דער חשבון פון מעשה כל היום כולו איז פארבונדן מיט קריאת שמע שעל המטה[4] - איז דער חשבון פון מעשה כל היום כולו פון "זאת חנוכה" - איצט, אין דער נאכט וואס קומט נאך "זאת חנוכה".

ב. א חשבון צדק מאכט מען בזמנים מיוחדים:

דער ענין פון א אידן איז - "אני נבראתי לשמש את קוני"[5], וואס דאס דארף זיין, ווי יעדער ענין של שימוש, אין אן אופן מסודר: בשעת מ'דארף דורכפירן א שליחות און אן ענין, איז כדי אז דער מילוי השליחות זאל זיין כררוש, ובפרט אז עס זאל נאך זיין בהצלחה - דארף מען דאס פאנאנדער-טיילן, ד.ה. ניט מ'טוט כל הפרטים בבת אחת, נאר - מ'טוט דאס פאנאנדערגעטיילט, יעדער ענין על אופנו, ובעתו ובזמנו.

וואס דערפער איז דער ענין פון "לשמש את קוני" פאנאנדערגעטיילט אויף זמנים: נוסף אויף דעם וואס "כל יומא

- ויומא -

------------

1) חולין פג, סע"א. 2) ראה בהנסמן באנציקלופדי' תלמודית ערך חנוכה סק"א. וש"נ. 3) ראה לקו"ש חט"ו ע' 94 ובהע' 11 שם. 4) של"ה דלהלן ס"ג. סה"מ קונטרסים ח"א קסה, א. ח"ב קלט, ב ואילך. ועוד. 5) משנה ובריית‌א סוף מסכת קידושין.

ויומא עביד עבידתי׳"[6], יעדער טאג האט זיך זייך שליחות און זייך הפקיד (זייך "עבידתי׳") - איז אויך דער טאג גופא פאנאנדערגעטיילט געווארן, אז עס איז דא דער "עביד עבידתי׳" פון כל שעה ושעה, ולדוגמא:

בנוגע צו תפלה - זיינען דא די זמנים אין טאג וואס זיינען פארבונדן מיט תפלת שחרית, זמנים פארבונדן מיט תפלת מנחה און זמנים פארבונדן מיט תפלת ערבית,

עד"ז בנוגע צו "הנהג בהן מנהג דרך ארץ"[7], ולדוגמא: הנהג בהן מנהג דרך ארץ איז אויך כולל דעם עניין פון אכו"ש וואס כדי אז דער גוף זאל זייך "בריא ושלם", ניט קייך רעב וצמא, וואס אויב ער איז רעב וצמא איז עס אים מבלבל פון קענען זייך עובד ה׳ כדרוש (ווי דער רמב"ם זאגט אין הלכות דעות[8]), דארף זייך אכו"ש, נוסף אויף דעם וואס דורך דערויף איז ער מקיים דעם ציווי[9] "השמר לך ושמור נפשך מאד" - זיינען דא זמנים אויף אכילה ושתי׳.

וואס בכלל דארף מען ניט ברענגען קייך ראיות אז א טאג איז פאנאנדערגעטיילט אויף פארשידענע עבודות - ווארום מ׳זעט עס אזוי במעשה בפועל, וואס "מעשה - רב"[10]: א מענטש וואס איז זיך מהנהל בהייו כדרוש - איז ער מסדר די זמני היום אז כל שעה ושעה איז "עביד עבידתי׳".

וואס אזוי אויך, בנדו"ד: דער חשבון צדק אויף מעשיו פון כל היום כולו - איז אויסגעשטעלט געווארן, און אויסגעשטעלט געווארן ע"פ תורה, איז זמנים מיוחדים.

ג. דער סדר פון דעם חשבון צדק אויף מעשיו פון כל היום כולו, איז ניט אז יעדערע פאר מינוט זאל ער מפסיק זייך מעניניו און מאכן א חשבון צדק ווי האט ער זיך אויפגעפירט במשך די שעות פון טאג ביז אט-די פאר מינוט,

ווארום, מיט אזא סדר וועט ער קיינמאל ניט קומען צו קייך טאלק, ווארום ביי אים וועט ניט סטייען קייך צייט אויף טאן ענינים בפועל אע"פ אז לעשות חשבון צדק איז (אויך) איינע פון די וויכטיקסטע זאכן אין עבודת האדם לקונו[11] -

נאר מען האט לכתחלה איינגעשטעלט ע"פ תורה - זמנים

- מיוחדים -

------------

6) זה"ג צד, ריש ע"ב. 7) ברכות לה, ב. 8) רפ"ד. 9) דברים ד, ט. וראה לו"ע אדה"ז הל׳ שמירת גוף ונפש ס"ג ואילך. וש"נ. 10) שבת כא, א. וש"נ. 11) בהבא לקמן ראה גם פוקח עורים פ"ד-ה. מבוא לפוקח עורים ס"ע ב ואילך. לקו"ש ח"ב ע׳ 629. ח"ט ע׳ 303. ובכ"מ.

מיוחדים אויף דעם :

אויף דעם כללות'דיקן (צוזאמען מיט דעם פרטי-פרטיות'-דיקן) חשבון אויף כל השנה כולה - איז דא דער חודש החשבון, חודש אלול[12],

עד"ז בכל חודש וחודש איז דא דער ערב ראש חודש, וואס דעמולט מאכט מען א חשבון אויף כללות החודש שעבר,

עד"ז בכל שבוע ושבוע איז דא דער ערב שבת, וואס דעמולט מאכט מען דעם חשבון צדק על השבוע כדי אריינצוגיין אין שבת כדרוש,

[ווי פארשטאנדיק אויך פון דעם וואס דער אלטער רבי שרייבט אין אגרת התשובה שלו[13] אז "שב"ת" איז אותיות "תש"ב", דער ענין התשובה, און אין תשובה גופא איז שבת - בחינת תשובה עילאה, וואס פאר תשו"ע דארף זיין [דער חשבון צדק, וואס איז פארבונדן מיט] תשו"ת - וואס דאס מאכט מען לפני השבת, ווי דער אלטער רבי שרייבט דארטן אז עס דארף זיין "בחי' תשובה תתאה בתיקון תצות" פאר יום השבת].

און עד"ז איז אויך דא בכל יום ויום א זמן וואס איז נקבע געווארן ע"פ תורה אויף מאכן דעם חשבון צדק פון דעם יום שעבר, וואס דאס איז פארבונדן מיט קריאת שמע שעל המטה [כמאמר הידוע אין של"ה, געבראכט אויך פון כ"ק מו"ח אדמו"ר, בכמה משיחותיו[14]].

ד. דער חשבון צדק וואס מען מאכט יעדער טאג דארף פארנעמען ווינציקער צייט ווי דער חשבון וואס מען מאכט יעדער וואך, ועד"ז - דער חשבון וואס מען מאכט יעדער וואך דארף זיין ווינציקער ווי דער חשבון וואס מען מאכט יעדער חודש, און א.ז.וו.,

ווארום, מען קען ניט אפגעבן אזוי פיל צייט אויפן חשבון צדק פון יעדער טאג ווי ער גיט-אפ אויפן חשבון צדק פון כל השנה כולה, און א.ז.וו. ווארום עס איז א בלבול אין דער עבודה מסודרת.

קען מען אבער בא זיך טראכטן, אז וויבאלד אז מאריך זיין אין דעם חשבון צדק - איז לכאורה א מעלה גדולה, איז וואס וועט ער יוצא זיין מיט מאכן א חשבון צדק מערניט ווי א שעה, 60 מינוט, בשעת ער קען זיך ארייגלייגן און טאן אין דעם כמה וכמה שעות!

- זעט -

------------

*11) ראה של"ה קט, סע"ב. 12) ראה סה"מ אידיש ע' 75. ובכ"מ. 13) ספ"י. 14) קכג, א. וראה גם של"ה הנ"ל הע' *11. *14) ראה גם סה"ש תש"ג ע' 126-27.

זעט מען אבער בפועל, אז אויב ער וועט זיך פירן באופן כזה וועט ער ניט האבן קיין זמן פנוי בפשטות אויף אנצוהאלטן די שיעורים וועלכע יעדערער איז מחוייב ע"פ הלכות ת"ת, און אויף צו מקיים זיין בכל יום ויום די מצוות וואס זיינען דא ביום זה, און בכדי אז עניך עבודתו בכללות זאל זיין כדבעי;

אז עס זאל אוועקגיין דער רוב היום אויף עשית החשבון צדק - וועט אים ניט בלייבן קיין צייט אויף עיקר עבודתו.

וואס דערפאר, איז ניט קוקנדיק אויף דעם וואס האלטן איך איין מעריך זיין זיך און אפשאצן זיך, ביז אז ער גיט אויף דערויף אפ שעות רבות בכל יום, איז לכאורה א דבר הכי נעלה - איז דאס אבער בפועל אן עניך וואס איז ניט מתאים מיט דעם סדר וואס תורה האט איינגעשטעלט,

און דערפאר איז דער חשבון צדק אויף א יאר - דאדף זיין א חשבון ארוך יותר, א קירצערער זמן אויף כל חודש, א קירצערער זמן אויף כל שבוע און א קירצערער זמן אויף כל יום בשעה קריאת שמע שעל המטה,

ווי דער פתגם געבראכט איך של"ה וכו' כנ"ל, אז דער חשבון צדק פון א יאר, וואס דארף דאך זיין א חשבון ארוך יותר - האט מען אויף דערויף אפגעגעבן מער צייט וכו'.

ה. אויף דעם עניך אז דער חשבון צדק פארנעמט ניט אלעמאל די זעלבע צייט - איז דא דער משל פון דעם סדר ווי עס איז אין מסחר,

ווארום מסחר בפשטות איז איינגעשטעלט ע"ד דער עניך פון "מסחר" דקדושה [וכמרז"ל[15] "מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיעא"],

ווי דער אלטער רבי זאגט איך תו"א[16] אז ירידת הנשמה בגוף איז כעניך המסחר,

[ווי דער אלטער רבי ברענגט דארטן אראפ אז יעדער עניך וואס איז דא איך לעו"ז איז אויך דא איך קדושה, ווי עס איז אויך לאידך; ווארום - כדי עס זאל זיין בחירה האט מען געמאכט דוגמתם פון ענינים איך קדושה - אויך איך לעו"ז, א חוץ די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט יחידה ויחיד, וואס, כשמם - "בבואה דבבואה לית להו"[17], כמדובר ומבואר במ"א] -

- די -

---

15) ברכות נח, א. 16) ר"פ וישב (כו, ג ואילך).
17) גיטין סו, א. וראה לקו"ת תצא לז, ג. סה"מ עת"ר ע' קס. תש"ז ע' 187. ובכ"מ.

די ירידה פון דער נשמה איז בכדי עס זאל זיין דער "מסחר",* אז דורך דער ירידה זאל מען צוקומען צו אן עלי' גדולה ביותר,

[וואס מיט דעם פארענטפערט דער אלטער רבי פארוואס ארץ ישראל ווערט אנגערופן "ארץ כנען", ווי עס שטייט אויך[18] "וישב יעקב בארץ מגורי אביו בארץ כנען" - ווארום, "כנען" גייט אויף עניך ירידת הנשמה בגוף, כנ"ל (ווי אויך דערמאנט כללות ענין זה אין דעם מאמר פון ש"פ וישב)].

- איז אויף דעם עניך פון דעם חשבון צדק אין קדושה - איז דא די דוגמא פון דער חשבון אין מסחר בפשטות.

ו. זעט מען בפועל, אז דער סדר פון א סוחר, א בעל עסק, איז, ניט אז יעדער טאג מאכט ער דעם סך-הכל, דעם "באלאנס" פון די הוצאה והכנסה, און דעם חשבון וואס פארא שינויים ותיקונים מ'דארף מאכן אין אופן הנהלת העסק והמסחר, נאר - עס זיינען דא אויף דערויף זמנים קבועים בשנה, ועל פי רוב - איז דאס מערניט ווי אייך מאל בשנה,

נאר, בכל חודש וחודש מאכט מען א פארקירצטען "באלאנס", ועד"ז בכל שבוע נאך א קירצערן, ועד"ז בכל יום.

וואס עד"ז איז אין "מלכותא דרקיעא", אין דער עבודה פון "מסחר" ברוחניות, אז עס איז איינגעשטעלט א זמן אויפן חשבון צדק הכללי דכל השנה, א קירצערער זמן אויף כל חודש, נאך א קירצערן זמן אויף כל שבוע, און נאך א קירצערן זמן בכל יום בקריאת שמע שעל המטה,

וואס דעמולט (בק"ש שעהמ"ט) דארף זיין עכ"פ דער חשבון, ווארום ער זאגט דאך דעמולט "בידך אפקיד רוחי"[19], דארף ער (דער מפקיד) דאך דערציילן וואס אין דעם פקדון[20] טוט זיך און וואס אין דעם פקדון געפינט זיך, וואס דאס הענגט דאך אפ אין פעולותיו ומעשיו במשך היום שלפנ"ז - וואס דערפאר דארף ער אויף דערויף מאכן א חשבון צדק.

ז. וואס מכל זה מובן, אז דער חשבון צדק אויף "זאת חנוכה" איז זמנו - איצט, אין דער נאכט שלאחריו.

וואס אע"פ אז קריאת שמע שעל המטה איז ערשט קודם הליכתו לישון, פאר דעם גיין שלאפן [וואס שלאפן-גיין ע"פ תורה איז דאך בלילה[21]], וואס עפ"ז קומט דאך אויס אז דער

- חשבון -

------------

18) ר"פ וישב. 19) ל' הכתוב - תהלים לא, ו. 20) ראה שערי זהר לברכות ה, א. 21) ראה לקו"ש ח"ד ע' 43 ובהנסמן שם בהע' 31.

השבון צדק פון "זאת חנוכה" דארף קומען ערשט אין א פאר שעה ארום -

דארף מען אבער האבן א הכנה צו דעם חשבון צדק [אע"פ אז מ'קען ניט אפגעבן א ריבוי זמן אויפן חשבון צדק, כנ"ל]; וואדום, כדי אז מאכן דעם חשבון זאל ער ניט זיין, ח"ו, א משוחד פון אהבת עצמו, אדער פארקערט - משוחד פון צופיל שפלות עצמו, ב"ז פון זיין בבחינת אסקופה הנדרסת[22],

וואס אויב ער איז משוחד בשעת ער מאכט דעם חשבון, איז איינס פון די בײדע - אדער ער שאצט זיך מערער ווי ער איז, אדער ער טוט ניט כהוראת כ"ק מו"ח אדמו"ר[23], אז פונקט אזוי ווי מען דארף וויסן און קענען חסרונות עצמו, כדי זיי צו פאריכטן, אזוי דארף מען אויך וויסן מעלות עצמו, כדי זיי אויסצונוצן כדבעי וכדרוש -

דארף דערפאר דער חשבון צדק עצמו אויך האבן א הכנה; וואס די הכנה הויבט זיך אן שוין פון איצט.

ח. די נאכט נאך "זאת חנוכה" איז דער זמן (ניט נאר פון דעם השבון צדק אויף "זאת חנוכה", נאר - (אויך) דער זמן) פון דעם השבון צדק אויף כל ימי החנוכה - און איצט איז דער זמן ההכנה לזה:

"זאת חנוכה" איז כולל אין זיך כל ימי החנוכה, ווי מען לייענט אין קריאת התורה פון "זאת חנוכה" דעם סך-הכל פון אלע קרבנות פון די ימים שלפנ"ז: דעם ערשטן טאג חנוכה האט מען געלייענט די קרבנות פון דעם נשיא המקריב ביום הראשון, ועד"ז דעם צווייטן טאג ווערן די קרבנות פון נשיא המקריב ביום השני וכו' - און דאס אלץ איז מען כולל אין דעם סך-הכל אין דער קריאה פון "זאת חנוכה",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער חשבון צדק אין דער נאכט וואס נאך "זאת חנוכה" דארף זיין אויף כל ימי החנוכה;

און אויך די הכנה לזה איז כולל אין זיך ניט נאר די ענינים פון דעם טאג אליין, נאר אויך ווי אין דעם טאג זיינען נכלל די שבעת ימי החנוכה שלפניו.

ט. וואס ע"פ כל הנ"ל, איז איצט, א משך זמן פאר דעם וואס ער גייט מאכן דעם חשבון פון קריאת שמע שעל המטה - א זמן מתאים אז ער זאל נאכאמאל זיך איבערטראכטן וואס עס האט זיך

- געטאן -

---

22) דאה פרש"י עה"פ משלי ו, ג. 23) שיחת ש"ת תרפ"ת בסופה (סה"מ הרפ"ה ע' קצט). וראה גם "היום יום" ס"ע קז.



הנחת הת' בלתי מוגה

געטאן אין "זאת חנוכה", און וואס עס האט זיך געטאן אין די ימים פון חנוכה שלפנ"ז, וואס זיי זיינען אלע נכלל אין "זאת חנוכה" (כנ"ל).

[זעלבסטפארשטענדליך, שליסט דאס ניט אויס, און דאס איז אויך כולל די עטליכע שעות וועלכע זיינען שוין אדורך פון יום התשיעי, פון דעם טאג וואס קומט נאך "זאת חנוכה" - אז דער חשבון צדק דארף זיין אויך אויף די עטליכע שעות;

אבער אעפ"כ איז רוב פון דעם חשבון צדק - אויף די ענינים פון "זאת חנוכה" און אויף די שבעת ימי חנוכה שלפנ"ז וואס זיינען נכלל אין "זאת חנוכה" (ווי מען זעט עס, כנ"ל, פון דער קריאה פון "זאת חנוכה") - ווארום די שעות וועלכע זיינען שוין אדורך פון דעם טאג נאך "זאת חנוכה" זיינען (פשוט בכמות) ווייניקער פון די שעות פון "זאת חנוכה", ועאכו"כ ווי אין די שעות פון "זאת חנוכה" זיינען נכלל אויך די שבעת ימי החנוכה שלפניו].

י. מ'וויל דאך פון יעדער ענין ארויסנעמען א זאך וואס איז נוגע למעשה בפועל, און ניט נאר צו יחידי סגולה, נאר אויך אפילו צו "חוטב עציך" און "שואב מימיך"[24], ובלשון הרגיל בשנה זו[25]: צו אנשים, צו נשים און צו טף, ביז אפילו צו קטני קטנים -

איז די הוראה בפשטות, אז מען האט נאך איצט די עטליכע שעות וואס מ'דארף אויסנוצן על מנת למלאות; צו ערגענצן עניני חנוכה; אז אויב מ'האט עפעס געדארפט טאן נאך בעסער ווי מ'האט דאס געטאן במשך פון די שעות פון "זאת חנוכה", אפילו במשך פון די זיבן טעג חנוכה שלפנ"ז - זאל מען אפטאן די ענינים וועלכע מ'קען אפטאן בפועל במשך שעות אלו, אדער עכ"פ אנעמען החלטות במשך שעות אלו.

וואס שעות אלו זיינען אן עת רצון, אן עת הכושר מתאים לזה - ווארום, דאס גופא וואס מ'האט געגעבן שעות אלו (אויך) אלס הכנה צו דעם חשבון צדק אויף ימי החנוכה - איז א ראי' אז עס איז אן עת רצון, אן עת הכושר מתאים לזה.

יא. וואס אע"פ אז זיכער האט יעדערער געטאן כדבעי במשך ימי חנוכה אין די ענינים וואס מען האט דעמולט געדארפט אויפטאן - איז אבער צו גוט איז קיין שיעור ניטא[26],

[ווארום גוטס איז פארבונדן מיטן מקור הטוב, דער

- אויבערשטער -

---

24) נצבים כט, י. 25) ע"פ ל' הכתוב בנוגע להקהל - וילך לא, יב. 26) ראה סה"מ תש"ט ע' 6 (השני).

אויבערשטער, וואס ער איז דער אין-סוף האמיתי, און - ממנו נמצאו כל הנמצאים[27], אלע עניני טוב שלמטה נעמען זיך פון דעם מקור, פון דעם אויבערשטן, וואס ער איז אין-סוף - איז פארשטאנדיק אז צו גוטס איז קיין שיעור ניטא, און ער קען מעלה זיין בקודש, און טאן נאכמער וויפל ער האט געטאן כדבעי אין עניני ימי החנוכה לפני זה] -

קען מען איצטער אפטאן די ענינים וועלכע מען קען אפטאן במשך שעות אלו, אדער עכ"פ אנעמען החלטות טובות במשך שעות אלו - אין די אלע ענינים וואס מ'האט געדארפט אויפטאן במשך ימי החנוכה.

יב. וואס (אויך) דורך אנעמען החלטות טובות - האט מען דעם ענין פון "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה"[28].

און ווי גערעדט אמאל בארוכה, מיוסד אויף דעם ווי דער אלטער רבי[29] טייטשט אפ דעם מרז"ל "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה" - אז בשעה ס'איז דא א "מחשבה טובה", איז דעמולט דא א סאך א גרעסערן סיוע מלמעלה ווי אין סתם א מעשה אן א מחשבה טובה לפנ"ז:

דער אלטער רבי טייטשט דעם מרז"ל "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה" (ניט אז די מחשבה טובה ווערט פארעכנט פאר א מעשה, נאר) אז הקב"ה איז מצרף די מחשבה צו א מעשה וואס איז דא, ד.ה. אז מען מוז האבן אויך א מעשה, און בשעת עס איז דא סיי א מחשבה און סיי א מעשה, איז דעמולט "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה", דער אויבערשטער איז מצרף די מחשבה צו דער מעשה.

האט מען אמאל גערעדט בארוכה, אז אין דעם מחז"ל איז מען מקדים "הקב"ה",

וואס "הקב"ה מצרפה" קען מען טייטשן (ניט נאר אז דער אויבערשטער איז מצרף די מחשבה וואס ווערט אינגאנצן ע"י אתעדל"ת מיט דער מעשה וואס איז אינגאנצן ע"י אתעדל"ת, נאר) אז דער אויבערשטער איז אויך מסייע אז די מעשה בפועל זאל אנקומען, אראפקומען און זיין בשלימות[30].

ד.ה. אז אע"פ וואס במקצת עכ"פ איז די מעשה אויך ע"י מעשה ידי אדם, באתעדל"ת - איז אבער דא אין דעדויף דער "הקב"ה עוזרו"[31] מערער וויפל ס'איז דא אין יעדער אתעדל"ת.

- און -

------------

27) ראה רמב"ם ריש הל' יסוה"ת. 28) קידושין מ, א. 29) בתניא פט"ז. 30) ראה סה"מ תש"ב ע' 87. 31) ראה קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב.

און דער טעם לדבר: וויבאלד אז די מעשה (וואס קומט מיט "מחשבה טובה") טוט-אויף ניט נאר מצד זיך אליין, נאר די מעשה פועל'ט אויך אן עילוי אין דער מחשבה, אז זי ווערט א מחשבה וואס איז צוזאמען מיט דער מעשה (וואס דאס ווערט, כנ"ל, דוקא ווען עס איז דא די מעשה) - איז אויך דער עזר מלמעלה ניט נאר מצד דער מעשה אליין, נאר אויך מצד די פעולה אין דער מחשבה;

אז ס'איז דא דער "מחשבה טובה הקב"ה מצרפה למעשה" - איז דער עזר א סאך א גרעסערער וויבאלד אז עס דארף זיך אויפטאן א גרעסערער ענין.

יג. ובנוגע לפועל - יה"ר אז די התוועדות זאל פועל זיין אז מ'זאל נאכאמאל איבערטראכטן, און אין אן אופן פון חשבון צדק, די אלע פעולות און די אלע החלטות טובות (ברוח פון חנוכה) וואס מ'האט אויפגעטאן און מחליט געווען אין "זאת חנוכה", און אין די טעג פון חנוכה שלפניו -

על מנת להעלות בקודש ככל האפשרי, ועאכו"כ להשלים - אויב מ'דארף נאך עפעס דערגענצן, אדער להשלים - פון לשון שלימות[32].

און מען זאל דאס טאן מתוך שמחה וטוב לבב, וואס שמחה איז פורץ גדר[33], וואס דעמולט איז דער מעט זמן בכמות וואס מען האט - איז כולל אין זיך א ריבוי באיכות,

אז אע"פ וואס עס איז דא איצט מערניט ווי א פאר שעה - קען דאס כולל זיין אין זיך, און עס האט אין זיך די מעגליכקייט אויף משלים זיין [אין ביידע טייטשן וואס זיינען דא אין דערויף, ערגענצן און אריינברענגען שלימות] די ענינים פון די ריבוי שעות (בערך זה) פון "זאת חנוכה" און פון כל ימי החנוכה שלפנ"ז.

און פון דער שלימות זאל זיין שלימות העולם כולו, וואס דאס וועט קומען ווען מלכא משיחא, וואס ער איז איינער פון די "שמונה נסיכי אדם"[34], יוליכנו בקרוב ממש קוממיות לארצנו[35], ויבנה ביהמ"ק במקומו[35], וילמד תורה את כל העם כולו[36], תורתו של משיח, דער ענין השמן שבתורה[37],

- במהרה -

---

32) ראה לקו"ת ראה ל, רע"ג. אוה"ת לך לך עז, א-ב. ובכ"מ. וראה מכתב כללי דח"י אלול ה'תשל"ח. 33) ראה בארוכה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ס"ע 49 ואילך. 34) מיכה ה, ד. סוכה נב, ב. וראה תו"א מקץ לד, א ואילך. 35) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 36) לקו"ה צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. 37) ראה אמ"ב שער הק"ש פנ"ז ואילך. ובכ"מ.

במהדה בימינו ממש.

* * *

יד. האמור לעיל, בנוגע צו "זאת חנוכה" און די שעות שלאח"ז, איז דאך בתקפו בכל שנה ושנה, אז די שעות שלאחרי "זאת חנוכה" זיינען דער זמן פון חשבון צדק אויף "זאת חנוכה", ובמילא האט דעמולט אך ארט (און נאכמער - דעמולט איז די צייט) צו מאכן דעם אמת'ן חשבון צדק בנוגע צו אלע חנוכה-ענינים, ווי געדעדט פריער;

עס קומט אבער אויך צו א הוראה פון די שינויים וואס זיינען דא משנה לשנה, וואס אויך פון די ענינים איז דא א הוראה, כתורת הבעש"ט[38] אז אין יעדער זאך וואס א איד זעט אדער הערט האט ער אין דעם, ובמילא דארף ער פון דעם ארויסנעמען, א הוראה בעבודתו לקונו.

וואס פון די שינויים וואס זיינען דא משנה לשנה איז - די קביעות בימות השבוע, וואס בשנה זו קומט אויס "זאת חנוכה" (ווי אלעמאל, אין דעם זעלבן טאג ווען עס פאלט אויס יום ראשון דחנוכה) ביום הרביעי בשבוע.

עס זיינען אויך דא שינויים משנה לשנה אין דער קביעות פון "זאת חנוכה" בימי החודש, וואס אויך דערפון איז דא א הוראה,

ואדרבה: די מצוה בתורה פון קביעת ימי החודש [אין וועלכע עס הענגט אפ צי כסלו וועט זיין שלם אדער חסר, וואס אן דערויף הענגט אפ ווען עס וועט זיין ההחלת ימי חנוכה, און - סיום ימי החנוכה בימי החודש] איז אפגעגעבן געווארן דוקא צו אידן, נאכמער ווי כל עניני התורה ומצוותי', וואס דוקא אויף דערויף זאגט מען[39] "אתם אפילו שוגגין אתם אפילו מזידין אתם אפילו מוטעין"[40],

וואס אע"פ אז אויך כללות התורה איז "לא בשמים היא"[41], ביז אז אפילו "אין משגיחין בבת קול"[42] - אעפ"כ געפינט מען ניט בא קיין אנדער ענין אז "אתם אפילו שוגגין" און נאכמער - "אתם אפילו מזידין" - מערניט ווי בא עיבור השנה און קידוש החודש,

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דער ענין פון קביעת ימי החודש האט א שייכות מיוחדת צו אידן, ובמילא איז זיכער דערפון דא א הוראה.

- עד"ז -

---

38) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ.
39) ר"ה כה, א. רמב"ם הל' קדה"ח ספ"ב. 40) ראה דב"ר פ"ב, יד. 41) נצבים ל, יב. ב"מ נט, ב. 42) ב"מ שם.

עד"ז איז דא נאך אן ענין אין וועלכן עס קענען זיין שינויים משנה לשנה - אין דער פרשת השבוע בתורה, וואס בשנה זו איז "זאת חנוכה" פארבונדן מיט פרשת ויגש.

ווען מען זיך אפשטעלן אויף אפלערנען א הוראה (כתורת הבעש"ט) פון דער קביעות בימות השבוע (וואס הענגט ניט אפ צי כסלו איז מלא אדער חסר), אז "זאת חנוכה" פאלט אויס ביום הרביעי, און פון דעם וואס "זאת חנוכה" איז פארבונדן מיט פרשת ויגש.

און וויבאלד אז דער ענין פון "אני נבראתי לשמש את קוני", צוזאמען מיט דער הודעה והוראה פון בעש"ט הנ"ל, זיינען דערציילט געווארן און ארויסגעגעבן געווארן אלס א הוראה לכל אחד ואחת מישראל, אפילו צו א פשוט שבפשוטים - איז פארשטאנדיק, אז יעדערער האט בכחו ארויסנעמען און אפלערנען א הוראה פון די ענינים הנ"ל, און אז די הוראה איז לפי ערכו, סיי בנוגע צו זיין הבנה והשגה און סיי בנוגע צו עס דורכפירן בפועל.

טו. די הוראה פון דעם וואס "זאת חנוכה" פאלט אויס ביום הרביעי בשבוע - קומט בהמשך להמדובר לעיל וועגן דער שייכות פון די שעות שלאחרי "זאת חנוכה" מיט "זאת חנוכה":

בשעת "זאת חנוכה" קומט אויס ביום הרביעי בשבוע, גיט מען זיך א כאפ: ביום הרביעי הויבט זיך אן דער ענין פון "מעלי יומא (דשבתא)" (ווי די גמרא זאגט אין פסחים[43]),

וואס דער ענין פון "מעלי שבתא" וואס הויבט זיך אן ביום הרביעי איז - (ניט נאר אז דעמולט הויבט זיך אן ערב שבת, נאר) ביום הרביעי הויבן זיך אן דריי טעג וואס ענינם איז - צוצוגרייטן זיך און אריינברענגען דעם ענין פון שבת,

ווארום, דאס איז אויך דער (צווייטער) אפטייטש פון "מעלי שבתא":

"מעלי יומא (דשבתא)" איז ענינו - ערב שבת, אבער עס איז דא אין דעם אויסדרוק "מעלי יומא" אן ענין וואס איז ניטא אין דעם אויסדרוק "ערב שבת": אין דעם ווארט "ערב" איז ניטא דער מובן פון "אריינברענגען", משא"כ אין דעם ווארט "מעלי (יומא)" איז אויך דא דער רמז, אדער אפשר גאר - דער אפטייטש - פון "אריינברענגען",

וואס דערפאר נוצט מען דא דעם לשון "מעלי יומא" דוקא, צו באווייזן אז ביום הרביעי הויבט זיך אן דער זמן ווען ער

- איז -

------------

43) קו, א.

איז זיך משהדל און טורח ביתר שאת וביתר עז כדי אריינצו-
ברענגען דעם שבת כדרוש.

טז. און דאס איז דער קשר פון דער הוראה פון יום הרביעי
בשבוע עם המדובר לעיל אז די שעות שלאחרי "זאת חנוכה"
זיינען דער זמן אויפן חשבון צדק פון עניני חנוכה:

בשבת איז דאך דער "ויכולו"[44] פון די אלע ענינים פון
די טעג שלפנ"ז; ביום השבת ווערן נתעלה די אלע ששה ימים
ביז אין אן אופן פון "ויכולו".

קומט אויס דערפון, אז אנהויבנדיק פון יום רביעי -
איז דער זמן ההכנה אויף דעם "ויכולו" פון כל ימי השבוע,
אנהויבנדיק פון יום ראשון שבשבוע (וואס ווערט זיין בשבת),

און וויבאלד אז יום ראשון, יום שני, יום שלישי און
רביעי שבשבוע זו זיינען געווען ימי החנוכה -

קומט דאך אויס, אז איצט, ביום הרביעי, הויבט זיך אן
דער זמן ההכנה אויף מעלה זיין די ימי החנוכה (שבשבוע זה);

וואס דערמיט איז דער עניין פון יום הרביעי פארבונדן
מיט די שעות שלאחרי "זאת חנוכה", וואס ענינם איז, כנ"ל,
דער זמן פון חשבון צדק אויף ימי החנוכה.

און נאכמער: ביום הרביעי שטייט דאס בהדגשה יתירה
(אויך) אויף די אנדערע טעג פון "קמי שבתא", ווארום ביום
הרביעי איז דער אנהויב פון דער עבודה, דעמולט איז דאס אן
עניין חדש בעבודתו.

בשעת ער טוט דאס ביום החמישי - איז דאס א המשך פון א
זאך וואס ער האט שוין אנגעהויבן אין דעם, ועאכו"כ בשעת ער
טוט דאס ביום הששי;

ביום הרביעי אבער, דער אנהויבס פון "קמי שבתא", איז
די עבודה פון אריינברענגען דעם שבת, וואס איז מעלה די
פריערדיקע טעג פון חנוכה - א נייע עבודה וואס ער הויבט
דעמולט אן טאן, כנ"ל.

און אע"פ אז מען האט מדגיש געווען דעם עניין פון דעם
אנהויב פון "קמי שבתא", דיום הרביעי - ווערט עס אבער
דערנאך נמשך אויך אין די איצטיקע שעות, ווארום, דער עניין
פון "קמי שבתא" ווערט נמשך ביז די שעות פון שבת עצמו
(וואס דעמולט איז ניט "מעלי שבתא", נאר שבת אליין),

- ועאכו"כ -

------------

44) ל' הכתוב - בראשית ב, א. וראה אוה"ת בראשית-מב, ב
ואילך. ובכ"מ.



הנחת הת' בלתי מוגה

ועאכו"כ - אין די שעות וואס קומען גלייך נאך יום הרביעי, די איצטיקע שעות.

יז. וואס דאס איז אויך דער ענין וואס "זאת חנוכה" פאלט אויס בפרשת ויגש, ווארום אין פ׳ ויגש רעדט זיך וועגן דעם ענין פון יתרון האור מן החושך וואס איז בדוגמת דער ענין פון חנוכה, כדלקמן.

דער ענין פון "ויגש" איז בפשטות - דאס וואס יהודה איז צוגעגאנגען צו יוסף׳ן כדי ארויסצונעמען בנימין׳ן פון מצרים אז ער זאל דארט ניט זיין קיין עבד,

און דערנאך האט זיך אויסגעפירט אז אדרבה - זיי האבן באקומען כבוד, און ניט סתם כבוד - נאר כבוד מלכים.

וואס דאס איז אויך כללות הענין המדובר בפרשתנו (פ׳ ויגש) בפשטות הכתובים:

די גמרא[45] זאגט "ראוי הי׳ יעקב אבינו לירד למצרים בשלשלאות של ברזל", נאר מצד כמה ענינים האט זיך עס אויסגעפירט באופן של כבוד, ווי דערציילט בפרשה, און ניט סתם כבוד, נאר כבוד מלכים - דער כבוד וואס פרעה האט אפגעגעבן יעקב׳ן, און דאס וואס ער האט דערנאך געזאגט[46] אז מען זאל באזעצן יעקב ובניו במיטב הארץ, און אז מ׳זאל זיי נאכגעבן כל הענינים

יח. עד"ז ווערט דערציילט אין אונזער פרשה[47] אז יעקב האט אויסגעפונען אז יוסף איז געווארן א משנה למלך, און אז דער תוקף פון פרעה איז געווען אין אן אופן אז ער האט גארניט געטאן אין ארץ מצרים, "ובלעדיך לא ירים איש את ידו ואת רגלו בכל ארץ מצרים"[48], אז מען האט געדארפט עפעס טאן האט עס געדארפט געטאן ווערן "על פיך"[49], דורך יוסף׳ן,

ד.ה. אז דער תוקף פון פרעה אין דעם וואס עס האט זיך געטאן אין ארץ מצרים איז געווען - אז ער איז געווען דער וואס האט אנגעזאגט און געהייסן אז מ׳זאל פאלגן יוסף׳ן וואס ער וועט זאגן אין די זאכן, אבער <u>בפועל</u> - האט דאס <u>יוסף</u> געטאן.

און יוסף׳ס תוקף אין ארץ מצרים איז געווען אזוי גרויס, ביז וואנעט אז ער האט סוכ"ס געטאן אן ענין וואס איז געווען היפך פון דעם גאנצן ענין פון פרעה - כמבואר

- אין -

---

45) שבת פט, ב. 46) פרשתנו מז, ו. 47) שם מה, כו-כח.
48) מקץ מא, מד. 49) שם, מ.

אין פרש"י וואס פרש"י איז פשוטם של כתובים, ווי רש"י[50] זאגט "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז פארשטאנדיק אויך צו "חוטב עציך" און "שואב מימיך".

רש"י[51] זאגט אז יוסף האט געהייסן די מצריים זיך מל זיין, וואס מילה איז היפך עניינו פון פרעה,

און בשעת די מצריים זיינען געקומען צולויפן צו פרעה׳ן און גע׳טענה׳ט היתכן?! זאגט רש"י אז פרעה האט [ניט] נאר זיך ניט געמישט אין דעם, נאר פארקערט - ער האט[] זיי געהייסן פאלגן יוסף׳ן!

יט. וואס מען האט גערעדט אמאל בארוכה[52]: ווי קומט דער עניין פון מילה צו מצרים - דער עניין פון מילה איז "בריתי בבשרכם"[53], א "ברית עולם" מיטן אויבערשטן - איז ווי קומט דאס צו די מצריים?!

האט מען מבאר געווען דעם ביאור אין פשטות הכתובים, אז וויבאלד זיי זיינען געווען אונטערטעניגט צו פרעה (מלך מצרים[54]), זיינען זיי דורך דעם געווארן אונטערטעניגט צו יוסף׳ן (דעם משנה למלך) וואס "בלעדיך לא ירים איש את ידו ואת רגלו" - דערפאר האט זיך יוסף משתדל געווען אז זיי זאלן זיך מל זיין,

און ווי מען האט שוין געלערנט פריער אין פ׳ לך לך[55] אין פשטות הכתובים אז אן עבד פון א אידן דארף זיך מל זיין.

וואס דער ביאור בזה בפשטות הכתובים איז - אז אויך אן עבד (א טייל פון די נכסים) פון איינעם וואס ער איז בבריתו של הקב"ה זיינען אין דעם גדר ועניין פון זיין בבריתו של הקב"ה, ביז אז עס קומט ארויס אין הלכה בפועל - אז ער דארף אים מל זיין;

און עד"ז איז געווען בא יוסף׳ן, אז זיין תוקף אין מצרים איז געווען אזוי גרויס, אז די זיינען געווען אונטערטעניגט צו אים (ובמילא זיינען זיי געווען אין דעם גדר ועניין פון בריתו של הקב"ה) און דערפאר האט ער זיך משתדל געווען אז זיי זאלן זיך מל זיין, אן עניין וואס איז היפך עניינו פון פרעה (כנ"ל).

- כ. -

------------

50) עה"פ בראשית ג, ח. ועוד. 51) עה"פ מקץ שם, נה. מב"ר פצ"א, ה. תנחומא מקץ ו. 52) לקו"ש ח"י ע׳ 138 ואילך. וש"נ. 53) לך לך יז, יג. 54) דאה לקו"ש שם ע׳ 139 הע׳ 23 ובהנסמן שם. 55) שם, יב-יג.

כ. וואס כל הנ"ל בענין המילה האט יוסף אויפגעטאן נאך פאר די ענינים המדוברים אין פרשת ויגש,

און אין פ' ויגש, דורך דעם ענין פון "ויגש אליו יהודה", איז צוגעקומען די באווארעניש אז בנימין זאל ניט זיין אין מצרים אלס אן עבד, נאר אדרבה - סיי פאר בנימין, סיי פאר אחיו, ועאכו"כ - פאר יעקב'ן זאל זיין כבוד, און כבוד מלכים, כמדובר לעיל.

כא. וואס די הנהגה הנ"ל האט זיך אנגעהויבן גלייך בהתחלת ירידת יוסף למצרים - אז הגם אז "ויוסף הורד מצרימה"[56], איז אבער דורך זיין "הורד" האט ער כובש געווען ארץ מצרים,

ווי געערעדט בארוכה פריער[57] וועגן דעם אפטייטש פון מדרש[58] אין "ויוסף הורד מצרימה", אז "הורד" מיינט "שלט בהון, כמד"א[59] וירד מים עד ים", אז דורך זיין "הורד" איז "כיבש את מצרים"[60],

און ער האט עס כובש געווען באופן נעלה - ווארום דער פסוק "וירד מים עד ים" גייט דאך אויף שלמה (כהתחלת המזמור בתהלים - "לשלמה גו'")[61], און נאכמער - דער פסוק "וירד מים עד ים" גייט אויף מלכא משיחא[62], וואס ער וועט מאכן דעם קץ צו די גאנצע מציאות פון גליות, ווארום די גאולה דורך משיח'ן וועט זיין א גאולה שאין אחרי' גלות[63].

און דאס האט זיך אנגעהויבן גלייך בתחלת הירידה: שוין בתחלת הירידה איז געווען אין דערויף דער תכלית השלימות אין דער עלי' וואס וועט זיין אין דער גאולה השלימה ע"י משיח צדקנו.

כב. וואס אע"פ אז עס האט זיך אנגעהויבן, כנ"ל, גלייך באם אנהויב פון יוסף'ס ירידה, "ויוסף הורד מצרימה" - האט מען דאס אבער דעמולט נאך ניט געזעהן:

מען האט דאס נאך אלץ ניט געזעהן כל זמן יוסף איז געווען בבית האסורים,

אזוי אויך איידער יעקב איז געקומען אין מצרים - האט מען נאך אלץ ניט געוואוסט צי ער וועט קומען "בשלשלאות של ברזל" אדער מיטן כבוד הכי גדול;

- ערשט -

---

56) וישב לט, א. 57) שיחת ש"פ מקץ, שבת חנוכה סט"ו. שיחת י"ט כסלו. 58) ב"ר פפ"ו, ב. לקו"ט עה"פ. 59) תהלים עב, ח. 60) לקו"ט שם. 61) כפרש"י על הפסוקים בתהלים שם. 62) פרש"י עה"פ בלק כד, יט. 63) ראה תוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז, ב.

ערשט אין פ׳ ויגש, זעט מען דעם ענין פון איינעמען ארץ מצרים בהתחלת הירידה, ווארום אין פ׳ ויגש ווערט דערציילט אז יעקב איז געקומען מיטן כבוד הכי גדול: מ׳האט ארויסגעשיקט פון מצרים עגלות[64] מיט די אלע ענינים, און דאס איז געווען מיט דעם רשות און מיט דער גוטהייסונג פון פרעה, דער מושל בכיפה[65] - פונקט דער היפך פון "שלשלאות של ברזל",

און דערנאך ווערט דערציילט אין פ׳ ויגש[66] באריכה ווי אזוי ס׳איז געווען דער טרעפן זיך מיט פרעה און דער "ויברך יעקב את פרעה"[67] וכו׳, מיט אלע פרטים שבדבר.

כג. וואס הנ"ל ווערט דערציילט, און במילא אויפגעטאן, אין פ׳ ויגש ע"י קריאת התורה, ווארום "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[68] - ווערט אפגע׳פסק׳נט דער דין אז עס דארף זיין דער ענין פון "ויגש", און אז דערנאך דארפן ארויסקומען די אלע פרטים שלאח"ז: דער כבוד וואס פרעה האט אפגעגעבן יעקב׳ן, און דאס וואס ער האט דערנאך געזאגט אז מען זאל באזעצן יעקב ובניו במיטב הארץ, און אז מען זאל זיי נאכגעבן כל הענינים.

און אזוי ווי עס איז דא דער כלל[69] "מעשה אבות סימן לבנים", איז דער ענין הנ"ל וועגן דער הנהגה אין מצרים - א הוראה און א מראה דרך פאר אלע גליות, וואס "כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים ע"ש שהם מצירות לישראל"[70] - אז אין יעדער גלות דארף א איד וויסן, אז הגם ער געפינט זיך אין גלות, "ויוסף הורד מצרימה"

- וואס "ויוסף הורד מצרימה" איז די התחלה פון דער מציאות פון גלות בא אידן, ווארום דער התחלת קיום הגזירה ד"ועבדום גו׳ ארבע מאות שנה"[71] האט זיך אנגעהויבן פון "ויוסף הורד מצרימה"[72] -

דארף זיין הנהגה זיין באופן הנ"ל.

כד. אין דעם ענין הנ"ל קומט-צו אויך א הוראה פון דעם שיעור חומש פון יום הרביעי פון פרשה ויגש, וואס איז שייך במיוחד צו היינט.

- וואס -

---

64) פרשהנו מה, יז. ואילך. 65) ראה שמו"ר פט"ו, י. מכילתא עה"פ בשלח יד, ה. זח"ב ו, א. 66) מז, ז-י.
67) ויגש שם, ז. שם, י. 68) זח"ב קסא, ריש ע"ב.
69) רמב"ן עה"פ לך לך יב, ו. וראה ב"ר פ"מ, ו. תנחומא לך לך ט. 70) ב"ר פט"ז, ה. 71) לך לך טו, יג. 72) ראה תנחומא וישב ד. וראה בהנסמן בהו"ש עה"פ (אות ה).

וואָס, כמדובר, דארף מען האבן א הוראה אויך פון פרטי פרטים:

די התחלה פון דעם שיעור פון יום הרביעי איז*, אז בשעת "וירא את העגלות" האט יעקב געזאגט "עוד יוסף בני חי"[73].

וואס לכאורה, ווען האט ער דאס געדארפט זאגן, ווען ער האט באקומען די ידיעה אז יוסף לעבט - און דער פסוק פארבינדט דאס גאר מיט "וירא את העגלות"?!

טייטשט מען אפ[74], אז די עגלות האט יוסף געשיקט צו יעקב אלס א סימן אויף דערויף אז זיי זיינען נפרד געווארן מתוך לימוד הלכות "עגלה ערופה",

און דערפאר איז דוקא בשעת "וירא את העגלות", בשעת יעקב האט געזעהן אז לאחרי ווי עס זיינען דורכגעגאנגען אזוי פיל יארן געדיינקט נאך יוסף פון וואס פאר א "דבר הלכה" זיי זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען [ער געדיינקט נאך דעם "דבר הלכה" מיט וועלכן ס'איז געווען "יפטר אדם מחבירו"[75]] - דעמולט האט יעקב געזאגט "עוד יוסף בני חי" - דאס איז דער אמת'ער ענין פון "יוסף בני חי".

דאס איז מוסיף נאכמער אין אופן נעלה פון ירידת יעקב למצרים: ירידת יעקב למצרים איז געווען בדרך הכי נעלה, ניט נאר בגשמיות, בדרך כבוד, אז דער מושל בכיפה שיקט נאך אים "עגלות" מיט "אתונות"[76] מיט די אלע ענינים פון הכנה פאר זיין קומען - נאר אויך ברוחניות בדרך הכי מכובדת -

אז יעקב האט שוין געזעהן אז די ירידה פון יוסף'ן אין "ערות הארץ" (ווי יוסף אליין האט געזאגט[77] "לראות את ערות הארץ באתם", וואס מען האט שוין געלערנט וועגן דערויף פריער), האט ניט נאר אים ניט שוואכער געמאכט, נאר אדרבה - "עוד יוסף בני חי".

ד.ה. אז ירידת יוסף האט אויפגעטאן דעם ענין פון "יתרון האור מן החושך"[78], מערער ווי אור סתם[79], און "יתרון החכמה מן הסכלות"[78], מערער ווי חכמה סתם.

- כה. -

---

*) בהתחלת רביעי וחמישי - חילוקי דיעות בחומשים הנדפסים. וראה ג"כ דרכי חיים ושלום ע' עג.

---

73) פרשתנו מה, כז-כח. 74) פרש"י עה"פ שם, כז. ב"ר פצ"ד, ג. פצ"ה, ג. ובכ"מ. 75) ברכות לא, א. ועוד. 76) פרשתנו שם, כג. 77) מקץ מב, ט. שם, יב. 78) קהלת ב, יג. 79) ראה ספר הערכים-חב"ד ערך אור - ביחס לחושך ס"ח. וש"נ.

כה. וואס דאס ("יתרון האור מן החושך") איז אויך דער קשר פון פ׳ ויגש מיט חנוכה - וואס אויך בא חנוכה איז געווען דער "יתרון האור מן החושך":

דער ענין פון "יתרון האור" וואס איז צוגעקומען בחנוכה איז - דאס וואס עס שטייט אין מדרש[80]: "הנרות . . אינן בטלין לעולם".

נאכמער: דער "יתרון האור" וואס איז אויפגעטאן געווארן בחנוכה איז אויך בפשטות[81]: נרות חנוכה זיינען שמונה נרות, ניט ווי נרות המנורה שבביהמ"ק וואס זיי קענען ניט זיין מער ווי שבעה נרות,

וואסביידע ענינים הנ"ל זיינען דינים אין תורה: עס איז א דין אין תורה אז נרות המשכן והמקדש זיינען דוקא שבעה, ולא יותר, און עס איז א דין אין תורה אז נרות חנוכה זיינען דוקא שמונה נרות (דערפאר וואס דאס איז געווען שמונה ימים).

וואס די אכטע ליכטל וואס איז צוגעקומען איז דער ענין פון יתרון האור, ווי דאס איז בפשטות.

נאכמער: דער יתרון האור (ע"י ההוספה פון די אכטע ליכטל) - איז אויך אין די זיבן נרות וואס זיינען שוין געווען פון פריער, ווארום דאס איז ניט סתם א הוספה פון נאך א ליכטל אויף די זיבן פריערדיקע - נאר דאס מאכט אז די אלע זיבן ליכטלעך, צוזאמען מיט דער אכטער, ווערן אין אן אופן אז הנרות הללו "אינן בטלין לעולם".

און ווי אויך פארשטאנדיק פון דברי הרמב"ן:

עס שטייט אין מדרש[82]: "כשראה אהרן חנוכת הנשיאים חלשה אז דעתו כשלא הי׳ עמהם בחנוכה לא הוא ולא שבטו, אמר לו הקב"ה חייך שלך גדולה משלהם, שאתה מדליק ומטיב את הנרות", וואס "הקרבנות כל זמן שביהמ"ק קיים הן נוהגין, אבל הנרות לעולם אל מול פני המנורה יאירו . . אינן בטלין לעולם"[83].

פרעגט אויף דעריף דער רמב"ן[84]: ווי אזוי זאגט מען בנוגע צו נרות המנורה אז "אינן בטלין לעולם"[83] - עס איז דאך ידוע אז "כשאין ביהמ"ק קיים והקרבנות (שבדוגמת קרבנות הנשיאים) בטלין מפני הורבנו אף הנרות (דער "בהעלותך את הנרות" פון אהרן) בטלות"?

- און -

------------

80) במדב"ר פט"ו, ו. תנחומא בהעלותך ה. וראה רמב"ן ר"פ בהעלותך. 81) בהבא לקמן - ראה לקו"ש ח"ג ע׳ 811 ואילך. 82) פרש"י ר"פ בהעלותך. וראה במדב"ר שם, ג. ו. תנחומא שם ג. ה. 83) במדב"ר והנחומא שבהע׳ 80. 84) שם.



הנחה הת׳ בלתי מוגה

און ער טייטשט אפ, אז דאס וואס עס שטייט אין מדרש "הנרות . . אינן בטלין לעולם" "לא רמזו אלא לנרות של חנוכה חשמונאי שהיא נוהגת אף לאחר חורבן בגלותינו".

וואס דערפון וואס דער רמב"ן פארענטפערט אז דאס גייט אויף נרות חנוכה, און פונדעסטוועגן זאגט מען אויף דערויף אז "שלך גדולה משלהם", אז די נרות פון אהרן האבן אין זיך דעם ענין פון "אינן בטלין לעולם" - איז פארשטאנדיק, אז די שמונה נרות פון חנוכה פועל'ן א יתרון (אויך) אין די שבעה נרות פון מנורת המקדש, אז זיי אלע ווערן אין אן אופן פון "אינן בטלין לעולם".

כו. וואס לכאורה פרעגט זיך: דער ענין פון נרות חנוכה איז דאך דער אור פון דער מנורה שבביהמ"ק, וואס מען האט איר אנגעצונדן כמה וכמה דורות קודם ימי החנוכה, איז פארוואס דוקא אויף נרות חנוכה זאגט מען "אינן בטלין לעולם"?

נאר דער ביאור אין דעם איז, כנ"ל - דער יתרון האור פון הנוכה איז דער "יתרון האור" וואס ווערט דוקא "מן החושך" ועד"ז - דער "יתרון החכמה" וואס קומט דוקא "מן הסכלות": דורך וואס האט זיך אויפגעטאן אז הנרות הללו "אינן בטלין לעולם" - דורך דערויף וואס עס איז געווען דער ענין פון גלות, און א גלות הכי גדול - עס איז געווען "טמאו כל השמנים שבהיכל"[85], דורך דערויף וואס "גברה מלכות יון [נ]יט ווי זי איז א מלכות של חסד (דאס איז געווען פריער), נאר ווי זי איז דערנאך געווארן "מלכות יון[] הרשעה" און זיי האבן געוואלט "להשכיחם תורתך ולהעבירם מחקי רצונך"[86], ד.ה. אז אין גלות גופא איז דאס געווען א חושך כפול ומכופל - איז דורך דעם אויפגעטאן געווארן דער "יתרון האור מן החושך".

[ו]ואס דאס איז דער ענין הגלות און די ישועה אין פשטות הדברים, עאכו"כ ווי דאס ווערט נתבאר אין מדרשי רז"ל, ביז - אין רזין און אין רזין דרזין דהורה, און דערנאך נתבאר אין אן אופן פון הבנה והשגה[87] אין תורת הסידות חב"ד[].

כז. אין דעם "יתרון האור מן החושך" וואס איז אויפגעטאן געווארן חנוכה - קומט צו נאך א נקודה:

דער יתרון האור איז ניט געווען אין אן אופן פון גאולה שלימה - ס'איז געווען א גאולה פורהא:

- אפילו -

------------

85) שבת כא, ב. 86) נוסח הודאת "ועל הנסים" דהנוכה.
87) ראה לקו"ש ח"ז ע' 206 ובהערות שם.

אפילו נאך דערויף וואס ס'איז געווען דער נס השמן, און ס'איז געווען דער נצחון פון די חשמונאים (ס'איז געווארן דער יתרון האור מן החושך) - איז מען נאך אלץ ניט געווען אין אן אופן אז מען זאל ניט זיין אפהענגיק אן "חסד לאומים"[88],

און ווי די מעשה איז דעמולט געווען בפשטות, אז אידן זיינען ניט געווארן אין אן אופן אז זיי האבן געהאט א מלך פון מלכות בית דוד, נאר זיי האבן גאר געהאט א "מלך מן הכהנים", פון די חשמונאים[89],

ביז אז די הנהגת המלכות גופא איז ניט געווען אין אן אופן אז "אין על גביו אלא ה' אלקיו"[90] אויך אין ענינים גשמיים, נאר - בגשמיות זיינען אידן געווען אפהענגיק אן מלכות יון אויך לאחרי נצחון החשמונאים, און דערנאך - אפהענגיק אן מלכות רומי, וכמבואר אויך אין מסכת ע"ז[91] ובכ"מ.

וואס דערפון קומט אויס, אז דער יתרון האור וואס איז געווארן בחנוכה - איז ניט דערפאר וואס ס'איז שוין געקומען די גאולה שלימה, דער יתרון האור מן החושך פון חנוכה איז נאך ניט אט דער יתרון אז די גאנצע מציאות פון חושך ווערט בטל, ועד"ז די גאנצע מציאות הסכלות, ווערט בטל - נאר נאכמער: הגם עס איז נאך אלץ געבליבן דער חושך הגלות, עס איז געווען נאר א גאולה פורתא (מען האט דעמולט געגעבן נאך א צייט אויף צוהיילן צו "בעתה אחישנה"[92]) - איז אין דערויף גופא געווען דער יתרון האור.

כח. וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק אז מ'קען אפלערנען א הוראה אויף חנוכה שנה זו, פון דעם יתרון האור מן החושך וואס איז דעמולט געווען:

וואלט דער יתרון האור מן החושך בחנוכה געווען אט דער יתרון אז די גאנצע מציאות פון חושך, ועד"ז די גאנצע מציאות הסכלות, ווערט בטל - קען מען דאך לכאורה דערפון ניט אפלערנען אויף דעם חנוכה פון תשמ"א;

דערציילט מען אבער, אז אויך יענעם חנוכה, בשעת ס'איז געווען דער נצחון ביז אין אן אופן פון יתרון האור מן החושך און יתרון החכמה מן הסכלות - איז ניט געווען אין אן אופן אז ס'איז געקומען די גאולה שלימה, נאר - ס'איז געווען א גאולה פורתא, איז דערפון פארשטאנדיק אז מען קען דערפון אפלערנען אויף דעם חנוכה פון השמ"א.

- כט. -

------------

88) ל' הכתוב - משלי יד, לד. וראה ב"ב י, ב. 89) ראה ע"ז ח, סע"ב ואילך. רמב"ם הל' חנוכה פ"ג ה"א. 90) הוריות יא, ריש ע"ב. 91) שם. 92) ישעי' ס, כב. סנהדרין צח, א.

כט. עד"ז איז אויך דא די הוראה פון דעם ענין פון יתרון האור מן־החושך וואס ווערט דערציילט אין דעם שיעור חומש פון פ׳ ויגש (כנ"ל), וואס אויך דער יתרון האור איז ניט געווען אין אן אזפן פון גאולה שלימה:

אע"פ אז יעקב איז געקומען אין ארץ מצרים מיט א כבוד הכי גדול, און מיט אן ענין פון יתרון האור מן החושך, אז "יוסף בני חי" נאָך דערויף וואס ער איז 22 יאר אין "ערות הארץ" (כמדובר לעיל בארוכה) -

אעפ"כ, איז דעמולט ניט געווארן דער ענין פון גאולה שלימה, ס׳איז געווען מערניט ווי דער ענין הירידה באופן של כבוד, ובאופן אז (אין אזר) ברוחניות זאל ניט זיין דער גלות, ואדרבה, ווי מען זאגט אין דעם שיעור חומש פון יום ששי גלייך בהתחלתו[93] - "ואת יהודה שלח לפניו גו׳ להורות לפניו גושנה", אז יעקב האט געשיקט יהודה׳ן "להתקין לו בית תלמוד שיהא מורה שם הוראה"[94] (אדער "שיהא מורה שם תורה"[95]) - עס איז אבער ניט געווען דער ענין פון גאולה שלימה.

וואס דערפון האט מען גלייך די הוראה פון דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג [בדוגמת הוראה הנ"ל פון חנוכה] אז אע"פ אז דעמולט איז אויך לפנ"ז ולאח"ז געווען גלות - אעפ"כ איז דא באמצע דער ענין פון דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג, וואס לערנט, אז זייענדיק אין גלות, און אין א גלות - אין "ערות הארץ" (ווי עס איז דעמולט געווען), אעפ"כ איז "יוסף בני חי",

ביז וואנעט אז יעקב האט געזאגט[96] "אלך ואראנו בטרם אמות", אז דער ענין פון "אראנו" וועט ברענגען יעקב׳ן צו זיין שלימות[97]:

דער ענין פון "אמות", ענין המיתה, איז - דער ענין ההשלמה פון "לשמש את קוני" ווי עס שטייט אין משנה[98] "מת ועבר ובטל מן העולם" -

זאגט יעקב, אז צו משלים זיין דעם "לשמש את קוני" זיינעם, ווי עס דארף זיין בא דעם בחיר שבאבות[99] - קען דאס ניט זיין איידער "אראנו".

- ל. -

---

93) פרשתנו מו, כח. 94) תנחומא פרשתנו יא. וראה גם פרש"י עה"פ. 95) יל"ש רמז קנב בסופו. תנחומא באבער שם יב. וראה גם ב"ר פצ"ה, ג. וראה "היום יום" ע׳ יב. לקו"ש ח"י ע׳ 160 ואילך. 96) פרשתנו מה, כח. 97) ראה פרש"י עה"פ פרשתנו מו, ל. תנחומא שם ט. תנחומא באבער שם י. 98) אבות ספ"ה. וראה אוה"ת ח"ש קי, ב. בשלח ע׳ תקל. ועוד. 99) שעה"פ תולדות כז, כה. וראה ב"ר פע"ו, א. זח"א קיט, ב. קמז, ב.

ל. עס קומט אויך צו די הוראה נפלאה פון דעם סיום השיעור:

פריער[100] (אין די פריערדיקע פסוקים פון דעם שיעור) רעדט זיך ווי אזוי יעקב האט געזאגט אז ער וועט גיין אין מצרים (כנ"ל), און דערנאך ווי אזוי עס זיינען געווען די הכנות צו דעם גיין, און דערנאך[101] ווי ס'איז געווען דער גיין עצמו מיט דעם חלום שבאמצע, דערנאך קומט דער סיום פון דעם שיעור[102] "ויבואו מצרימה יעקב וכל זרעו אתו וגו'", אז מ'איז אריינגעגאנגען אין מצרים.

וואס ווי אזוי האט מען געקענט אריינגיין אין מצרים - האט מען געווארט אז עס זאל געבארן ווערן (סתם) א אידישע קליינע מיידעלע - יוכבד, און בשעת זי איז געבארן געווארן "בין החומות" - אט דעמולט האט מען געקענט אריינגיין אין מצרים; דעמולט האט מען געהאט דעם שלימות המספר פון שבעים נפש[103].

און מען זאגט נאך, אז ווען עס ווערט געבארן סתם א פיצל קינד, ולכאורה - א נקבה, ניט קיין זכר, ווערט דערמיט געבארן א קינד אויף וועמען עס שטייט[104] "ויעש להם בתים", ווי רש"י[105] טייטשט אפ אין פשש"מ "ויעש להם בתים - בתי כהונה ולוי' ומלכות", אז עס איז פון יוכבד'ן געבארן געווארן אהרן ומשה, דער ענין הכהנים און ענין הלוים (ווי גערעדט פריער[106] בארוכה בנוגע צו סיום מסכת ערכין), און פון איר איז געבארן געווארן מרים, וואס פון איר איז דערנאך געווען מלכות בית דוד און משיח צדקנו,

וואס דאס אלץ איז אויפגעטאן געווארן ווען עס ווערט געבארן סתם א פיצל קינד.

לא. וואס פארוואס איז "ויעש להם בתים" - דערפאר וואס זייענדיק אין מצרים זיינען זיי געווען די מילדות העבריות, "ותחיינה את הילדים"[107] - זיי האבן אויפגעשטעלט "צבאות השם", אידישע קינדער, אינגעלעך און מיידעלעך, כפשטות הדברים,

וואס דאס האט גע'פועל'ט דעם "ויעש להם בתים", און דאס האט גע'פועל'ט אז עס זאל זיין משה ואהרן, מיט "משה קבל תורה מסיני"[108], און אהרן ומשה עמהם[109] אין ביהמ"ק השלישי,

- און -

-------------

100) פרשתנו מה, כח. מו, א. 101) מו, ב ואילך. 102) שם, ו. 103) ב"ב קכג, סע"א ואילך. ב"ר פצ"ד, ט. וש"נ. וכ"ה בתיב"ע פרשתנו שם, כז. פרש"י עה"פ פרשתנו שם, טו. שם, כו. במדבר ג, ט. פינחס כו, נט. 104) שמות א, כא. 105) עה"פ. מסוטה יא, ב. שמו"ר פ"א, יז. 106) שיחת י"ט כסלו והמשכה בש"פ וישב. 107) שמות שם, יז. 108) אבות רפ"א. 109) ראה יומא ה, ב. הוד"ה אחד - פסחים קיד, ב.

און דאס האט גע׳פועל׳ט אז עס זאל זיין מלכות בית דוד (דער צווייטער בית פון די "בתים"), ביז צו ביאת משיח צדקנו,

יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

לב. וואס דאס וועט זיין דערפאר וואס נאך זייענדיק אין גלות שטייט מען אין א מעמד ומצב פון "יוסף בני חי" - אז מ׳איז "חי" אין תורת חיים ומצוותי׳ עליהם נאמר[110] "וחי בהם",

ביז - אין אן אופן פון "וחי בהם" ווי דער מגיד[111] טייטשט דאס אפ, אז בשעת א איד איז מקיים א מצוה איז ער איר מקיים אין אזא אופן אז ער מאכט לעבעדיק די מצוה, "וחי בהם", ער ברענגט אריין חיות אין דער מצוה.

און ווי דער ענין איז בפשטות, אז בשעת תפילין ליגן אויפן טיש, איז הגם אז די זיינען כשר, און מהודר, און מהודר מן המהודר, וואס במילא דארף מען זיך מיט זיי נוהג זיין מיט א זהירות און מיט א קדושה וכו׳ [און ווי די גמרא[112] מאכט א ק"ו אויף די הנהגה מיט תפילין פון די הנהגה מיטן ציץ, וואס אין ציץ איז דא מעדניט ווי אייך שם הוי׳, משא"כ אין תפילין זיינען דא "אזכרות הרבה"] -

איז אעפ"כ, ליגנדיק אויפן טיש ווערט ניט אין זיי "וחי בהם"; דוקא ווען עס קומט צוגיין א איד און טוט-אָן די תפילין על ידו כנגד הלב[113] ועל ראשו במקום שמוחו של תינוק רופס[114] - אט דעמולט ווערט דאס א לעבעדיקע מצוה.

וואס דאס איז אויך דער רמז כנ"ל אין "עוד יוסף בני חי", אז בשעת יעקב האט געזעהן די עגלות האט ער געזאגט "עוד יוסף בני חי", אז יוסף מאכט לעבעדיק די "עגלות", ער מאכט לעבעדיק די תורה וואס ער לערנט (דער ענין העגלות, כנ"ל מפרש"י), און די מצוות וואס ער איז מקיים, און[115] "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און[116] "בכל דרכיך דעהו"[117].

לג. אויף ענין הנ"ל, אז אפילו תפילין, וואס אין זיי איז דא א ריבוי פעמים שם הוי׳, שם העצם[118] (א ריבוי אפילו לגבי

- ווי -

110) אחרי יח, ה. 111) לקו"א סרכ"ז (נה, א). או"ת עה"פ (לח, ג-ד). 112) שבת יב, א. מנחות לו, ב. הובא בשו"ע אדה"ז או"ח רסכ"ח. 113) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סכ"ז ס"א. 114) טושו"ע (ואדה"ז) שם ס"ט (סי"א). 115) אבות פ"ב מי"ב. 116) משלי ג, ו. 117) ראה רמב"ם הל׳ דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ב. 118) כ"מ הל׳ עכו"ס פ"ה ה"ז. פרדס שי"ט. מו"נ ח"א פס"א ואילך. עיקרים מאמר ב פכ"ח.

ווי דער שם העצם שטייט אין ציץ, אין ציץ הקודש[119], וואס עס האט געטראגן מערניט ווי דער כהן גדול, ניט קיין כהן סתם), דארף מען דוקא האבן א אידן -

ברענגט דער אלטער רבי[120] אויף דעם אז מעשה המצוות איז ברוגמת ענין הזריעה, און עס דארף זיין "וזרעתי' לי בארץ"[121], "הבאים ישרש יעקב יציץ ופרח ישראל"[122], אז מצוות דארפן נזרע ווערן אין ישראל,

ווארום כל זמן א איד טוט ניט אָן אויף זיך די תפילין, איז אע"פ וואס זיי זיינען קדושה הכי נעלית - קומט דאס אבער ניט צו ווי "יוסף בני" מאכט דאס "חי" מיט דעם חיות האמיתי ווען מ'איז מקיים די מצוה מיט די תפילין;

אויף דערויף דארף מען האבן א אידן, די נשמה זיינע - אבער אויך זיין גוף, ער מוז האבן א יד גשמי, מיט א לב גשמי, מיט א ראש גשמי - און אט דעמולט קען ער מקיים זיין מצות תפילין בשלימותה,

און דעמולט ווערט דאס א מצוה חי' בשלימותה.

לד. וואס דער זמן אויף מקיים זיין די מצוה בפועל - קומט ווען ער (זי) ווערט א בר-מצוה (אדער בת-מצוה), אבער ווען באקומט ער דאס, און אין אן אופן פון ירושה, וואס א יורש איז יורש הכל - ווען יצא לאויר העולם[123],

און אפילו אויב יצא לאויר העולם "בין החומות", ווי יוכבד, כנ"ל, ניט אין א מעמד ומצב פון גאולה וכיו"ב - אויך דעמולט איז ער שוין יורש, און יורש הכל,

און מחוסר זמן לא כמחוסר מעשה[124] - איז א זיכערע זאך אז שוין דעמולט האט ער דעם ענין פון "לא ידח ממנו נדח"[125].

ועאכו"כ אז עס איז אזוי לויט דעם פס"ר פון דעם רמב"ם[126], אז ממלא זיין דעם אויבערשטן'ס רצון, איז - דער עצם, און דער רצון, דער רצון האמיתי, און (במכ"ש וק"ו) דער תענוג האמיתי פון א אידן.

לה. וואס גלייך ווי א אידיש קינד ווערט געבארן גייט מען ארייז אין בצרים, ווארום מען האט שוין די שבעים נפש, כנ"ל,

- און -

---

119) ראה פקודי לט, ל. צו ח, ט. 120) תו"א ד"ה הבאים ישרש יעקב (שמות נג, ג ואילך). 121) הושע ב, כה. 122) ישעי' כז, ו. 123) ראה נדה מד, רע"א. 124) ראה יומא סב, סע"ב (ובפרש"י). 125) ע"פ ש"ב יד, יד. וראה תניא ספל"ט. הל' ה"ת לאדה"ז פ"ד סוס"ג. 126) הל' גירושין ספ"ב.

און דערנאך, לאחרי זמן, ווערן געבארן ששים ריבוא נפשות, וכיו"ב ביז - "יכלו כל נשמות שב(אוהו אוצר ששמו) גוף"[127],

און עס קומט משיח צדקנו, און נעמט ארויס אידן, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[128], כולל אויך - אט-די וואס נולדו "בין ההומות" אין די רגעים האחרונים של הגלות,

און מען גייט אלע צוזאמען אין ארץ הקודש,

און מען נעמט-מיט דעם "וינצלו את מצרים"[129] - די אלע ניצוצי קדושה[130], ביז די ניצוצות הכי קדושים, די ניצוצות וואס געפינען זיך למטה מטה יותר, ביז אין "ערות הארץ", ובכללות - אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה ממנו, וואס וויבאלד אז זיי קומען מגבוה גבוה יותר - פאלן זיי למטה מטה ביותר[131],

און מ'האט אן עשירות מופלגה, כמבואר אין מדרשי חז"ל (אין מסכת בכורות[132], ובכ"מ) ווי דער ענין איז געווען בא יציאת מצרים בפשטות, וואס עשירות בגשמיות איז פארבונדן מיט עשירות ברוחניות - ווי עס איז געווען דעמולט בא יצי"מ אז "וינצלו את מצרים", מען האט מיטגענומען כל ניצוצות הקדושה,

און ווי עס שטייט "וגם ערב רב עלה אתם"[133] (ווי דער אלטער רבי טייטשט דאס אפ[134]) אז מען האט פון דארט ארויס-גענומען ר"ב פון די רפ"ח ניצוצות שנפלו און ס'איז אינגאנצן געבליבן פ"ו, בגימטריא אלקים, כמבואר בארוכה אין אוה"ת אין החלת ספר שמות[135].

לו. וואס דאס איז דער ענין וואס מען נעמט ארויס בפשטות פון דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג, און פון דעם שיעור חומש פון דער וואך, און פון ענינו פון יום רביעי און פון ענינו פון "זאת חנוכה" פון שנה זו (כמדובר לעיל) -

אז מען זאל וויסן, אז אע"פ וואס מען געפינט זיך אין

- גלות -

------------

127) יבמות סב, סע"א ובפרש"י. 128) ל' הכתוב - בא י, ט. 129) שם יב, לו. וראה ברכות ט, ב. פסחים קיט, א. 130) ראה תו"א וארא נו, סע"ד (ובאוה"ת שם (כרך ז) ע' ב'תרו ואילך). בא ס, ג. ובארוכה - לקו"ש ח"ג ע' 824 ואילך. 131) ראה תו"א משפטים עג, א. לקו"ת אמור לד, ג. לט, ג. ובכ"מ. 132) ה, ב. הובא בפרש"י עה"פ בא יג, יג. וראה גם מכילתא (הובא בפרש"י) עה"פ בשלח טו, כב. 133) בא יב, לח. 134) תו"א בא שם. וראה גם תו"א ואוה"ה וארא שם. 135) ס"ע ה.

גלות, און אין גלות גופא - אין א חושך כפול ומכופל, עקבתא דמשיחא -

איז תורה מבטיח אז "עוד יוסף בני חי", און תורה איז מבטיח אז נאך איידער מ'איז ארויין איז מצרים זיינען שוין געבארן געווארן כל הענינים וואס דארפן דערנאך זיין, וואס מען דארף האבן און מען מוז האבן, און מען נוצט זיי דערנאך אויס אויף "וייש להם בתים",

און "מעשה אבות סימן לבנים", דאס איז אויך א סימן און א נתינת כח לבנים[136], ביז אין תשמ"א, פאר יעדער אידן וואו ער זאל זיך נאר געפינען, אפילו אין א פנה נדחת -

אז צום אלעם ערשטן דארף ער וויסן אז ער ווערט אנגערופן בשם "יוסף", כמ"ש[137] "נוהג כצאן יוסף", ווי ער איז מפרש אין מדרש[138] אז אלע אידן ווערן אנגערופן על שם יוסף, און דערפאר דארף הנהגתו זיין ווי הנהגת יוסף, כנ"ל.

לז. וואס ענינו פון יוסף (וואס דערפאר ווערט יעדער איד אנגערופן על שם יוסף) איז, כשמו - "יוסף ה' לי בן אחר"[139], ווי דער צ"צ טייטשט אפ[140] אז פון "אחר" דארף מען מאכן א "בן";

צוליב וואס גייט א איד אין גלות, ניט צוליב דער נפש האלקית, ווארום די נפש האלקית דארף ניט האבן קיין תיקון, זי איז מלכתחלה מתוקן - נאר די נשמה האט יורד געווען למטה בכדי צו מתקן זיין דעם גוף ונפשו הבהמית[141],

און - בכדי צו ארויסנעמען א אידן פון גלות און אוועקשטעלן אים בקרן אורה -

דורך דערויף וואס ער רעדט מיט אים וועגן חנוכה, און וועגן שמונת ימי החנוכה וכל הפרטים שבדבר, און "מצוה גוררת מצוה"[142] - ער רעדט מיט אים דערנאך וועגן כל התורה כולה און כל המצוות כולם.

וואס דאס איז, כנ"ל, דער ענין פון יוסף - מאכן פון "אחר" - א "בן".

וואס דעמולט ווערט (אויך) "יוסף בני חי" באמיתית, עס ווערט "מאיר עיני שניהם הוי'"[143], ווי דער אלטער רבי ברענגט

- אראפ -

---

136) ראה אוה"ת ר"פ לך. 137) תהלים פ, ב. 138) פרש"י ומצו"ד עה"פ. וראה לקו"ש ח"ה ע' 239 ואילך. וראה בהערות למדרש תהלים הוצאת באבער (עה"פ) אות טז מכת"י. 139) ויצא ל, כד. 140) אוה"ת ויצא רכ, א. 141) תניא פל"ד (מח, ב). מע"ח שכ"ו פ"א. 142) אבות פ"ד מ"ב. 143) משלי כט, יג.

אראפ אין הקדמת ספר התניא[144] (פון תמורה[145]).

לח. וואס הנ"ל איז פארבונדן מיט דעם ענין בפועל, אז עס זאל זיין "פרו ורבו ומלאו את הארץ"[146] וואס דורך דעם וועט זיין "וכבשוה"[146], "וירד מים עד ים ומנהר עד אפסי ארץ",

וואדום משיח בן דוד קומט "נאו", און ברענגט ארויס יעדערן, ביז אט-די וואס זיינען כתינוק אדער כתינוקת של יום אחד,

בקרוב ממש, אין דער גאולה האמיתית והשלימה,

וואס דעמולט וועט זיין דער "ויגש", ווי דער אלטער רבי טייטשט דאס אפ[147], אז "ויגש" גייט אויף לעתיד לבוא, וואס דעמולט וועט זיין "קודות בתינו ארזים"[148] אז דער עיקר הבנין וועט זיין פון אבנים וכו' (בדוגמת ענין יהודה), וואס דעמולט וועט זיין דער "ויגש", דער חיבור פון יוסף ואפרים צוזאמען מיט יהודה, ווי מ'זאגט אין דער הפטרה פון פ' ויגש[149] (כמבואר שם),

וואס הנ"ל (הגשת והתחברות יהודה ויוסף) איז ענינו - די התאחדות צווישן אידן, ביז אין אן אופן פון "אחד באחד יגשו"[150] און מ'קען גארניט מפריד זיין ביניהם, ס'איז דער אמת'ער "ויגש",

און עס וועדט דער ענין פון פרעה - ווי ער טייטשט אפ אין זהר[151] אז פרעה איז ע"ש "דאתפריעו ואתגליין מיני' כל נהורין", דער "ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר יחדיו"[152], וואס דאס וועט זיין בגאולה האמיתית והשלימה,

וואס די ענגט אפ אן מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות הגלות[153], עאכו"כ ווען מעשינו ועבודתנו איז אין אן אופן אז פון דעם חושך כפול ומכופל נעמט מען ארויס דעם "יתרון האור מן החושך" און דעם "יתרון החכמה מן הסכלות",

ובפשטות - דורך מוסיף זיין, אז עס זאל זיין א יתרון דורך זיין לימוד התורה, און א יתרון דורך זיין קיום פון "נר מצוה"[154], ביז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין",

וואס דאס פועל'ט דעם "אחישנה" - אז עס זאל זיין דער "נאו" בפשטות, במהרה בימינו ממש.

* *

- [ניגנו] -

------------

144) ד, א. 145) טז, א. 146) בראשית א, כח. 147) תו"א ד"ה ויגש. וראה גם תו"ח ד"ה זה. 148) שה"ש א, יז. 149) מיחזקאל לז, טז ואילך. 150) איוב מא, ח. וראה תו"א ותו"ח שם. 151) ח"א רי, א. 152) ישעי' מ, ה. 153) ראה תניא רפל"ז. 154) משלי ו, כג.

[ניגנו ניגון "ווי וואנט משיח נאו"].

לט. די כוונה פון דער הוראה פון בעש"ט, וואס מ׳האט דערמאנט פריער, אז איך יעדער זאך, וואס א איד זעט אדער הערט, ביז גאר א פרט קטן, איז דא א הוראה בעבודתו לקונו, און א איד דארף דאס אויסגעפינען און ארויסלערנען, און דער עיקר - ער דארף דערנאך מקיים זיין די הוראה בפועל, איז כפשוטו - אז עס איז אזוי אין יעדער זאך וואס א איד זעט אדער הערט.

און עאכו"כ אז עס איז אזוי אין אן ענין וואס ווערט אנגענומען דורך כמה וכמה אידן, עאכו"כ - דורך אידישע קינדער, הבל פיהם שאין בו חטא[155].

און אפילו אויב דאס איז ניט לשון-הקודש, דאס איז לכאורה א לשון פון אוה"ע, און עס איז לכאורה א צופעליקע זאך, איז וואס האט מען וואס אפצולערנען דערפון און מדייק זיין וכו׳ -

איז דאך כמדובר כמה פעמים [און מ׳דארף גארניט האבן קיין גרויסע ביאורים אויף דערויף]: מצד דעם זעלבן טעם וואס מ׳זאגט בא יעדער ענין אז מען דארף דערפון אפלערנען א הוראה

- דערפאר וואס די גאנצע מציאות פון א אידן, און יעדער ענין זיינער, און יעדער רגע זיינע, און יעדער ראי׳ און שמיעה זיינע, דארף זיין כהפס"ד[156] "כל מעשיך יהיו לשם שמים", ביז וואנעט אז דאס איז זיין תכלית הבריאה, "אני נבראתי לשמש את קוני" (און ווי די צווייטע גירסא[157] - "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני") -

איז דער זעלבער טעם דא וועגן ער הערט אדער זעט א זאך אפילו בלשון העמים, אדער - אז דאס ווערט גערעדט און אנגענומען (מערניט ווי) דורך תינוקות, אפילו דורך ניט-אידישע קינדער,

וואָרום וויבאלד אז דאס הערט אדער זעט א איד, איז דאס ער האט עס דערהערט און ער האט עס דערזעהן - א הוכחה אז דאס האט א שייכות צו אים,

און וויבאלד אז זיין גאנצע מציאות איז, כנ"ל, "לשמש את קוני", איז די שייכות דערפון צו אים - א שייכות בנוגע צו "לשמש את קוני".

- וואס -

------------

155) שבת קיט, ב. 156) ראה בהנסמן לעיל הע׳ 115, 117.
157) ראה מלאכת שלמה למשנה סוף קידושין.

וואס דאס איז אפילו אין די אופנים הנ"ל; עאכו"כ ווען דאס רעדט זיך, כמדובר, וועגן אן עניך וואס האט זיך איינגעווארצלט און איז אנגענומען געווארן און פארבונדן מיט "הבל שאין בו חטא" פון אידישע קינדער - האט עס זיכער א הוראה אין "לשמש את קוני".

מ. ובכללות, אלס מאמר המוסגר:

עס ווערט דערציילט אויף גדולי ישראל (וואס האבן געהאט א שייכות דערצו), אז בשעת זיי האבן דערזעהן ערגעץ-וואו א מספר - האבן זיי גלייך אנגעהויבן באטראכטן און טראכטן און אויסגעפונען מיט וואס פאר א גימטריא מען קען דאס פארבינדן; מיט פארא ענינים של קדושה ויחודים,

ועד כדי כך ווערט געבראכט די דוגמא, אז בשעת מען איז געפארן אין א "טריין" [דעמולט פלעגט מען פארן מיט דער "רכבת הברזל"], וואס אויף יעדער וואגאן [אויף יעדער טייל פון רכבת] איז געווען אנגעצייכנט א מספר - האט מען געזעהן אז עס זאל זיין א מספר וואס מען זאל אים קענען עפעס-וואס פארבינדן מיט א דבר טוב - און דעמולט איז מען געגאנגען אין דעם וואגאן, וכיו"ב.

דאס איז אבער אן עבודה וואס איז שייך צו גדולי ישראל;

עד"ז איז אבער אויך בנוגע צו א זאך וואס איז שוין געווען און שוין געווארן וכו', ועאכו"כ אז דאס איז געווארן, כמדובר, בפי (און אין אן אופן) פון "הבל שאין בו חטא", ובמשך כו"כ זמן, א סאך מערער ווי ג' פעמים - איז זיכער אין דעם דא א הוראה.

מא. ובפרט ווי מען געפינט אין כמה סיפורים פון צדיקים

- אמת טאקע צדיקי פוילין, אבער אויך אויף צדיקי פוילין טאר מען ח"ו ניט זאגן קיין לייכטן ווארט: זיי זיינען געווען גדולי ישראל בנגלה וכו', ביז אין אן אופן פון גדול, און גדול מאד וכו', מיט אלע שבחים שבדבר -

אז זיי פלעגן זאגן תורות, און אפלערנען א לימוד פון דעם וואס מען האט געהערט פון א ניט-אידן וואס האט זיך אויסגעדריקט אין א באשטימטן אויסדרוק בלשונו - אין זיין לשון אין וועלכן ער האט גערעדט, א לשון עם ועם, בעירו ובמדינתו -

זעט מען דערפון אז מען קען אפלערנען א הוראה אויך פון אן אויסדרוק ניט בלשון-הקודש וכו'.

ובעניננו - דער אויסדרוק "ווי וואנט משיח נאו".

- מב. -

מב. וואס בשעת מען וויל זאגן אויף ענגליש אז מען וויל א זאך - זיינען דא פארשידענע אויסדרוקן אויף דערויף אין דער ענגלישער שפראך: "וויש", וכיו"ב,

עס זיינען דא א סאך וואס קענען מסתמא גוט ענגליש, אפשר אזוי גוט ווי זיי קענען להק', אדער אפשר (ניט פאר קיין-איידן-געדאכט) נאך בעסער ווי להק' - ווייסן זיי פון דעם אויסדרוק "וויש", און נאך אלע-ערליי לשונות,

וואס די פארשידענע אויסדרוקן האבן לכאורה דעם זעלבן תוכן - זיי אלע דריקן אויס אז דאס איז א זאך וואס מ'וויל; אעפ"כ, די וואס זיינען מדייק אין חכמת הלשון געפינען תילוקים צווישן זיי:

אמת טאקע אז דער תוכן הכללי פון די ווערטער איז דער זעלבער - מ'זאגט אז מ'וויל אן ענין מסויים, ענין פלוני;

אין דערויף גופא אבער, קען דאך דער ווילן זיין בכמה אופנים, און אויסדריקן די פארשידענע אופני רצון - הענגט אפ אן דעם לשון וואס מען נוצט; דער געוויסער לשון וואס מען נוצט באווייזט אויף וואס פאר אן אופן ס'איז דער ווער בדבר,

כמבואר אויך אין די ביכער וואס זיינען פארבונדן מיט ביאור דיוקי הלשונות פון שמות נרדפים אין להק', ועד"ז, להבדיל, אין לשונות אוה"ע, ועד"ז בפרט בנוגע צו ענגליש,

וואס ע"פ רוב, איז צו געפינען דעם ביאור התוכן פון יעדער אויסדרוק, צו געפינען אין וואס ער איז אויסגעטיילט פון די אלע אנדערע אויסדרוקן אע"פ וואס דער תוכן כללי (דער צד השוה שביניהם איז דער זעלבער, כנ"ל, ובנדו"ד - אז מען וויל די זאך) - איז דאס דורך דערויף וואס מען געפינט א מלה דומה (אן ענלעכן ווארט) וואס האט ניט דעם תוכן כללי פון דעם ווארט, ובנדו"ד - דער תוכן פון ווילן, און ער האט דעם זעלבן שורש, די זעלבע אותיות, פון דעם ווארט -

פארשטייט מען אז דער תוכן פון דעם אויסדרוק מיוחד איז פארבונדן מיטן תוכן פון דעם צווייטן ווארט, ובנדו"ד - אז אין דעם אויסדרוק "וואנט" איז דער רצון פארבונדן מיט דעם תוכן פון דעם צווייטן ווארט "וואנט", אע"פ וואס דער תוכן פון דעם צווייטן ווארט איז גאר ניט דער ענין פון רצון.

וואס וועלכער ווארט אין ענגליש האט די זעלבע אותיות ווי דער ווארט "וואנט" - איז דאס דער ווארט "וואנטינג",

וואס דער ווארט איז פארבונדן מיטן תוכן פון "חסר", אז ער איז חסר; בשעת מען וויל זאגן אז אים איז חסר - נוצט

- מען -

מען די זעלבע אותיות וואס מען נוצט בשעת מען וויל זאגן (בנוגע צו רצון) אז ער וויל.

מג. וביאור הדבר:

בשעה א מענטש וויל א זאך, קען דאס זיין בכמה אופנים:

עס קען זיין אז "יש לי כל"[158], און נאכמער - "יש לי רב"[159], און אעפ"כ איז (ווי עס שטייט אין קהלת רבה[160]) "מי שיש לו מנה רוצה מאתים", און "עיני האדם לא תשבענה"[161], וואָרום וויפל ער האט קען ער נאך באקומען נאכמערער,

איז במילא, הגם ער האט טאקע "כל", און נאכמערער - ער האט "רב", ביז וואנעט ער האט א רוב מופלג - אבער אעפ"כ, "יש לו מנה" - טראכט ער אז ס'וועט זיין גענוג ערשט ווען ער וועט האבן "מאתים"! דערנאך אז ער באקומט "מאתים" - וויל ער האבן "ארבע מאות"!

און ווי דער פירוש הפשוט אין דעם קהלת רבה הנ"ל: ניט אז ווען ער וועט באקומען די "ארבע מאות" וועט ער זיך דערמיט באגנוגענען, נאר דעמולט וועט ער וועלן נאכמער, ווי דער פסוק זאגט בפירוש אז "עיני האדם לא תשבענה",

און ווי די גמרא דערציילט אין תמיד[162] אז וויפל מען וואלט נאר געגעבן צו דעם "עין", אפילו כל כדור העולם כולו, וואלט ער אלץ געוואלט מער.

וואס אין דעם רצון איז ניט דער פשט אז ער וויל דערפאר וואס ער איז חסר - ער אליין ווייס אז "יש לי כל" און "יש לי רב" און אז ער האט אן אוצר מופלג.

נאך א דרגא איז דא אין רצון: ער וויל א זאך דערפאר וואס ער האט ניט "רב" [ער האט טאקע "כל", ער האט אבער ניט "רב"] - איז ער וויל האבן "רב".

דערנאך זיינען דא כו"כ דרגות אין רצון אויף "כל", וואס א רצון אויף "כל" איז א שטארקערער רצון ווי דער רצון פון דעם וואס האט "רב", נאר ער וויל צוויי מאל אזוי פיל:

די גמרא[163] זאגט אז "די מחסרו אשר יחסר לו"[164] איז כולל "אפילו סוס לרכוב עליו ועבד לרוץ לפניו", ביז אויך - "חמשים איש רצים לפניו"[165],

- איז -

---

158) וישלח לג, יא. 159) וישלח שם, ט. וראה פרש"י עה"פ שם, יא. 160) פ"א, יג. פ"ג, י. וראה שערי תשובה לר"י ב, כז. בחיי ס"פ חיי שרה. 161) משלי כז, כ. 162) לב, ב. 163) כתובות סז, ב. 164) ראה טו, ח. 165) ע"פ מ"א א, ה.

איז דאס דאך אויך א דוגמא אויף א רצון אויף "כל", ווארום ווען אים פעלט דאס איז ער חסר; עס גייט אריין אין "די מחסורו אשר יחסר לו",

ועוד כמה דרגות אין "כל", עס איז דא דער "כל" ווי ער איז בא "ראשיכם" ביז דער "כל" ווי ער איז בא "שואב מימיך", וואס ער האט גאר קיין השגה ניט אויף מער,

און דערנאך, לאחרי וואס ער האט זיין "כל" - ווילט זיך אויך אים נאך, "מאד שלך"[166].

אבער די אלע דרגות אין רצון זיינען ניט דער ענין אז ער וויל דערפאר וואס ער איז חסר; נאך א דרגא איז אבער דא אין רצון - אז ער איז חסר,

וואס די דרגא אין רצון איז דער תוכן פון דעם ווארט "וואנט", אז ער איז "וואנטינג", אים פעלט א זאך, און ניט עס פעלט אים אן ענין של תענוג, אדער עס פעלט אים א זאך דערפאר וואס דער צווייטער האט כך וכך, ע"ד "קנאת סופרים תרבה חכמה"[167] - נאר א רצון פארבונדן מיט חסר כפשוטו -

וואס אזוי דארף זיין דער רצון צו משיח'ן - "ווי וואנט משיח נאו".

מד. ע"ד ווי דערמאנט אז ס'איז דא א רצון וואס אים פעלט א זאך דערפאר וואס א צווייטער האט כך וכך - זעט מען בפועל אז מען פירט זיך אזוי בענינים גשמיים; מען לערנט אפ פון "קנאת סופרים תרבה חכמה" - אויף ענינים גשמיים:

א צווייטער האט א קארפעט פון "וואל-טו-וואל", וואס דער קארפעט איז געמאכט געווארן אין חו"ל, איך אן איינפאכע מדינה; ער אבער דארף פטר'ן ממונם של ישראל אז זיין קארפעט זאל געבראכט ווערן דוקא פון פרס!

און ס'איז ניט גענוג אז מ'וועט דאס מאכן במקום אחר בדוגמא ווי מ'מאכט דאס אין פרס - דאס איז נאך אלץ ווייניק; גיט מען אויס כמה אלפים דאלאר כדי אראפצוברענגען א קארפעט וואס "הורתו ולידתו" איז געווען אין פרס ממש!

וער"ז איז בנוגע צו א כסא לישב עליו, ועד"ז בנוגע צו א "שרפרף"[168] - "הדום רגליו"[169].

מה. ועד"ז בכל ענינים של שטות - דארף ער אז אלע זאלן

- וויסן -

------------

166) ראה תו"א מקץ לט, ג. לקו"ת שלח מב, ג. דרמ"צ קס, ב. ובכ"מ. 167) ב"ב כא, א. 168) ראה סנהדרין לח, ב. ועוד. 169) ע"פ ל' הכתוב - ישעי' סו, א.

וויסן, אז ער האט א פאפיר וואס איז מעיד, אז אט-דער "קנעפל" איז געבראכט געווארן מעבר לים, און עס קאסט אזוי פיל געלט,

וואס א צווייטער האט ניט די געלט, און האט גארניט די השגה אז מ'קען האבן אזא קנעפל! עאכו"כ אז דער צווייטער איז עד כדי כך ניט בצורת אדם - אז ער ווייס גארניט פון דער מציאות פון אזא קנעפל;

אים אבער האט דער אויבערשטער מצליח געווען, און ער האט חב"ד שבנפש - האט ער אריינגעשפארט זיין חב"ד שבנפש אויף חוקר ודורש זיין: וואו איז דא א קנעפל וואס די אלע וואס לעבן אויף זיין גאס, אדער אין זיין שכונה, קענען עס ניט דערגרייכן - וועט ער אויסנוצן די ניצוצי קדושה וואס דער אויבערשטער האט אריינגעלייגט אין זיין כסף וזהב[170], אויף אראפברענגען אט-דעם קנעפל, און צונייען אים צו אט-דעם חלק פון זיין בגד.

און דער עיקר - עס זאל ח"ו ניט זיין קיין "הצנע לכת"[171] (ווארום דעמולט האט ער דאך דערפון גארניט), במילא דינגט ער מענטשן, זיי זאלן ארומגיין און דערציילן בסוד גמור [ווארום אויב דערציילן סתם אזוי (ניט בסוד) - קען דאך שאטן אן עין-הרע, און אויך: ס'פאסט דאך ניט אז ער זאל זיך בארימען], במילא דינגט ער מענטשן, און מ'שושקעט זיי אריין א סוד], אז סוכ"ס האט ער באקומען אט-דעם קנעפל, און אט-דעם קארפעט, און אט-דעם ביינקעלע, און טרעט אויף דעם ביינקעלע, און נוצט אים בימות החול - אע"פ אז ער האט אויף דערויף געדארפט אויסגעבן כך וכך געלט!

און אזוי ווי "דברים גנובים ימתקו"[172], מ'האט דאך יענעם געזאגט אז הרי הוא בבל תאמר - לויפט יענער ארום און דערציילט אן אנדערן (אויך) בסוד, אז פלוני בן פלוני האט אים דערציילט בסוד ובבל תאמר אז ער האט באקומען אט-די זאכן, א.א.וו..

מו. בשעת עס קומט צו אן ענין של צדקה - דא האט ער תירוצים: דערצו האט ער קיין שייכות ניט, און דאס האט צו אים קיין דמיון ניט, און אויף דערויף דארף מען זיך ווענדן צו א צווייטן, און דאס דארף מען רעדן מיט א דריטן, און ער האט שוין געגעבן בענין פלוני;

אז עס קומט אבער צו א קנעפל, און ווער רעדט נאך אויב

- ער -

---

170) ראה כש"ט הוצאת קה"ת סרי"ח. צוואת הריב"ש סק"ט.
171) ל' הכתוב - מיכה ו, ח. 172) ראה משלי ט, יז.

ער האט דערהערט אז זיין שוועסטער-קינד האט שוין דעם קנעפל - איז דאך ניט שייך צו זאגן!

לייגט זיך די וועלט מיטן הימל - ער מוז האבן אט-דעם קנעפל! און ער מוז עס האבן אין אן אופן פון "אחישנה" - מ׳קען ניט דורכלאזן א מינוט וואס ער וועט זיין בשפל הדרגא לגבי זיין שוועסטער-קינד וואס האט שוין דעם קנעפל!

און אע"פ אז א קנעפל איז א משמש צו א משמש: א קנעפל האט ניט קיין דין פון א לבוש - נאר ער איז משמש צו א לבוש, און דער לבוש איז משמש צו א צווייטן לבוש, מיט אלע פרטי הדברים וואס אין כאן המקום להאריך בזה[173] -

ביי אים איז דאס אבער "די מחסורו אשר יחסר לו"

מז. במה דברים אמורים אז עס קען זיין אזא געוואלדיקער שפארן פון דעם תב"ד שבנפש אין ענינים שאין תחתון למטה מהם - דאס קען נאר זיין, ווען מ׳ווערט (א איד) א בר-דעת, און דערנאך לערנט מען חסידות - דערנאך אבער נוצט מען דאס אין אן אופן וואס איז היפך ענין החסידות!

וואס חסידות מאנט דאך אז - גשמיות זאל ניט תופס-מקום זיין, און "מה יאמרו הבריות" זאל ניט תופס-מקום זיין, און "אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני".

ועד"ז אז ער האט אן ענין של פרוטה - האט ער אויף דערויף דעם אלטן רבי׳נס הוראה:

בנוגע צו אברהם [וואס "אחד הי׳ אברהם"[174] - דער ערשטער איד] שטייט[175] "אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו ושמרו דרך ה׳ לעשות צדקה ומשפט", אז צוזאמען מיט "צדקה" דארף אויך זיין דער "משפט" - "צדקה ומשפט",

טייטשט אפ דער אלטער רבי[176], אז א איד דארף מאכן א "משפט . . בנפשו על מותרות חיי גופו נגד הצדקה".

נאכמער געפינט מען, אז עס שטייט[177], "משפט וצדקה ביעקב אתה עשית" - דער פסוק איז מקדים "משפט" פאר "צדקה", וואס דאס מיינט, אז דער משפט "על מותרות חיי גופו" דארף קומען איידער ער גיט די צדקה*: בשעת מען קומט צוגיין צו אים

- און -

---

*) ומה שאצל אברהם נאמר "צדקה ומשפט" - כי לפני מ"ת אין משפט על מה שניתן להם כי ניזונו בחסדו של הקב"ה (פסחים קיח, א).

---

173) ראה ס׳ "שמירת שבת כהלכתה" פי"ח סכ"ח-ל. וש"נ.
174) יחזקאל לג, כד. 175) וירא יח, יט. 176) תו"א בשלח סג, ב. וראה גם סה"מ קונטרסים ח"א כג, ב. 177) תהלים צט, ד.

און מ'בעט ביי אים צדקה, ארער אז ער דערוויסט זיך אז ס'איז דא ערגעץ-וואו אן ארעמאן, דארף דער טדר זיין, אז ניט ער זאך אנהויבן טראכטן וויפל ער דארף געבן אויף צדקה, נאר - צום אלעם ערשטן דארף ער מאכן א משפט אויף זיך, וויפל עס קומט אים באמת פון די געלט וואס דער אויבערשטער האט אים געשענקט - און דערנאך גיט ער אלץ וואס בלייבט איבער אויף צדקה!

עס זיינען דא אזוינע, וועלכע זיינען טאקע מאמין באמונה שלימה אז ניט "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[178] - דאס בלייבט אבער ביי זיי מערניט ווי אין אמונה, און עס קומט ניט אראפ אין רגש שבלב; און דעריבער, בשעת עס קומט צו די געלט בפועל - פילט מען אז מען איז דער גאנצער בעה"ב אויף די געלט...

און בשעת ער מאכט דעם משפט - און א משפט צדק - "על מותרות חיי גופו", דעמולט איז די צדקה וואס ער גיט דערנאך אין אן אופן ווי אברהם אבינו האט געוואלט.

און דעמולט ווערט דער "וארבע הידות יהי' לכם"[179].

מח. אט די הנהגה פון "צדקה ומשפט" איז ניט נאר ביי אברהם (אלס איינער פון די יחידי סגולה, און אלס מדת החסד וכו'), נאר - "אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו . . לעשות צדקה ומשפט";

און נאכמער - יעדער איד האט עס בירושה פון אברהם אבינו: עס איז ניט דער פשט אז וויבאלד אז אברהם אבינו האט אזוי אנגעזאגט, דארף ער זיך מתבונן זיין אין דעם און דורך דעם באשאפן בא זיך דעם ענין פון "צדקה ומשפט" מאין ליש - נאר ער האט דאס בא זיך; עס איז מערניט וואס דאס איז ביי אים אין אן אופן פון "מסותרת"[180], אבער אויך דארט - איז דאס מיט דער גאנצער שטארקייט און מיטן תוקף ווי עס איז געווען בא דעם ערשטן פון די אבות, און ער דארף עס נאר מגלה זיין.

וואס דאס איז אויך איינער פון די פירושים אין "יצוה את בניו ואת ביתו אחריו" - "יצוה" מלשון צוותא וחיבור[181], ד.ה. אז דער ענין פון "לעשות צדקה ומשפט" ווי דאס איז געווען ביי אים, האט אברהם מצוה ומחבר געווען צו "בניו" און "ביתו אחריו"[182].

- דער -

------------

178) ראה עקב ח, יז-יח. וראה סמ"ג מל"ת סד. 179) פרשתנו (ויגש) מז, כד. 180) ראה אגה"ק סי"ג. 181) ראה תניא ר"פ יח. ועוד. 182) לקו"ת בחוקותי מה, ג. ובכ"מ.

הנחת הת' בלתי מוגה

[דער חילוק איז נאר, אז חסד של אברהם איז געווען צו אלעמען, וואס דערפאר האט ער געבעטן אפילו אויף ישמעאל'ן - "לו ישמעאל יחי' לפניך"[183]; משא"כ לאחרי מ"ת מוז זיין די הגבלה אין השפעת החסד, אז עס זאל אנקומען למקום הראוי כו' ].

מט. דער חילוק צי ער מאכט בא זיך דעם סדר פון "משפט וצדקה" צי ניט, איז אויך א נפק"מ בנוגע צו רצון האדם אויף עניני מותרות וכו', צי עס איז א רצון שבבחינת "מחסורו אשר יחסר לו" אדער ניט:

בשעת ער פירט זיך ע"פ דעם סדר פון "משפט וצדקה", ווייס ער אז א רצון אויף איבעריקע געלט ועניני מותרות וכו' (וואס ע"פ דעם משפט מוז ער זיי ניט האבן) - איז ניט קיין רצון אויף "מחסורו אשר יחסר לו",

ואדרבה - דעמולט ווייס ער (ניט נאר אז דאס איז א הוספה (אבער א הוספה רצוי') אויף "מחסורו אשר יחסר לו", נאר נאכמער - ער ווייס דעמולט) אז די מותרות שטערן אים נאך,

ווי דער צמח צדק ברענגט אין ספר המצוות שלו[184] א משל בנוגע צום עניין הפרנסה, אז בשעת א לבוש איז לענגער ווי מדת גופו, איז דאס ניט נאר ניט קיין ריכטיקער לבוש, נאר דער לבוש שטערט גאר: אויב עס איז א לבוש אויף די פיס שטערט עס צום גיין, ווארום עס פלאָנטערט זיך צווישן די פיס; און אויב עס איז א לבוש אויף די אָרעמס און די אַרבל זיינען צו לאנג - פלאָנטערט זיך דאס צווישן די פינגער, ועד"ז בשאר לבושים,

וואס עד"ז איז דאס אויך אין דעם נמשל פון פרנסה, אז עניני מותרות שטערן.

דאס איז אבער בשעת מען מאכט דעם "משפט וצדקה"; בשעת מען איז אבער נאך ניט צוגעקומען צו דער שלימות, און מען מיינט אז מען האט א סאך חכמה, בינה ודעת אין מוח שבראש, און אפילו אז מען האט סאקע א סאך, און דערצו בענטשט אים דער אויבערשטער מיט א סאך כסף וזהב,

[און אע"פ וואס ער אליין ווייס באמונה שלימה אז ניט

- "כחי -

---

183) לך לך יז, יח. *183) ראה תו"א לך לך יב, א. אוה"ת לך לך (כרך ד) תרצג, א ואילך. ובכ"מ. 184) מצות תגלחת מצורע פ"ג (דרמ"צ קז, ב). וראה גם קונטרס ומעין מכ"ה פ"ב.

הנחת הת' בלתי מוגה

"כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה", נאר עס קומט פון דעם אויבערשט'ס ברכה, עס איז הצלחה מלמעלה שלא בדרך הטבע - האט עס אבער ניט דורכגענומען זיין שכל שבראש] -

דעמולט קומט בא אים אויס אז דער רצון אויף עניני מותרות איז א רצון אויף "די מחסודו אשר יחסר לו", כנ"ל.

נ. דאס אלץ איז שייך ביי אן ערוואקסענעם, אבער א קינד מאכט ניט דעם חשבון אז עניני מותרות וכו' זיינען "די מחסורו אשר יחסר לו";

א קינד וואס איז פאר בר-מצוה אדער פאר בת-מצוה איז די גמרא אויף אים מעיד אז ער איז בבחינת "הבל שאין בו חטא"!

[און די גמרא זאגט דארטן אז "אין העולם מתקיים אלא בשביל הבל תינוקות של בית רבן",

און בשעת רב פפא האט געפרעגט: אביי "דידי ודידך מאי"? האט ער אים געענטפערט: "אינו דומה הבל שיש בו חטא להבל שאין בו חטא", און די גמרא (וואס ניתנה למשה מסיני[185]) שטעלט עס אריין אלס א הוראה אויף כל הדורות כולם],

און ער וויים נאך דעמולט ניט די דרייעריי פון עולם המסחר, און וויים נאך ניט די שקרים פון עלמא דשיקרא, און - וויים נאך ניט אז די גאנצע וועלט איז פאר אים ווייניק!

ביי א קינד איז "אין בו חטא" אויך אין דעם ענין, און ער וויים נאך ניט פון די אלע שקרים, מיט די אלע תירוצים'-לאך, מיט די אמתלאות וואס מען גיט זיך אליין אויף דעם וואס מען גיט זיך נאך אין ענינים של שטות, וועז דורך דערויף פעלט אין א צווייטן ענין - אין א צווייטן ענין ביי אים אליין!

און ער וויים נאך ניט אז ס'איז אלץ כדאי בכדי אז יאמרו הבריות אז ער איז וכו'!

איז במילא קומט ביים קינד ניט אוים אז די אלע עניני מותרות זיינען "מחסורו אשר יחסר לו".

נא. מיינער א פעטער איז געווען א רב אין א "קאלאניע" וואו עס זיינען געווען אנשים פשוטים,

איז ער געקומען אמאל צופארן צו אונז, האט ער דערציילט מעשיות און ווילדקייטן וועלכע קענען זיין ביי אנשים פשוטים,

האט ער געזאגט, אז בשעת עס ענדיקט זיך בא זיי כל

- הענינים - ---

185) ראה בהנסמן בלקו"ש ה"י אלול ה'תש"מ הע' 20.

העניינים און זיי רוהען זיך אפ, און זיי דארפן באווייזן די גדלות זייערע - זעצט מען זיך אוועק אנטקעגן א וואנט, און מען זאגט אז מען דארף שפּילן, און מען וועט זיך צוקוקן און זעהן ווער וועט שפּילן ווייטער פון די אנדערע,

און דער וואס זיין שפּילעכץ דערגרייכט א מקום רחוק יותר - איז דאס א סימן אז אט-דער איז דער בעל כח, און דער גיבור, און דער איש חכם ונבון וכו'!

בשעת דער פעטער, א גרויסער למדן און א גרויסער בקי און א געוואלדיקער בעל טובה, האט מיר דאס דערציילט - האב איך עפּעס ניט פארשטאנען ווי קען זיין אזא מציאות;

דערנאך בשעת איך בין געווארן עלטער, און נאך געטראפן זיך מיט אזוינע מענטשן וואס האבן זיך אריינגעלאזט אין די עניני מותרות הנ"ל - האב איך געזעהן אז עס קען זיין אזא מציאות: מען איז זיך מתחרה צווישן זיך, ווער וועט האבן אט-דעם קנעפּל וואס איז פון א מקום רחוק ביותר, און דער וואס וועט אים האבן וועט זיך קענען באריימען, אז ער איז געווען אט-דער חכם וואס האט געצאלט פארן קנעפּל כמ"פ מער וויפל עס קאסט אן איינפאכער קנעפּל!

און וואס פאר א הנאה האט ער פון דעם קנעפּל - ער דארף דאס באהאלטן, ווארום עס פאסט דאך אים ניט צו זאגן אז ער האט דעם קנעפּל, ער קען זיך אבער ניט איינהאלטן - איז ער דאס מפרסם באופן של סוד וכו', כמדובר לעיל.

וואס אין כאן המקום להאריך בדבר המצער, ובפרט אז אויב מען טראכט וועגן געלט - דארף מען טראכטן וועגן נוצן געלט אויף חנוכה - געלט פאר קינדער, ניט אויף "חנוכה-געלט" אויף קויפן פאר זיך קנעפּלעך.

נב. אבער א קינד, "הבל שאין בו חטא", קען ניט פארשטיין ווי עס קען זיין אזא מציאות, כנ"ל, און בא אים גייט עס ניט אריין אין "די מחסורו אשר יחסר לו".

און פון זיי דארפן זיך אפּלערנען אט-די וואס זיינען שוין בבחי' "הבל שיש בו חטא", און האבן שוין א שייכות צו עלמא דשיקרא, וכיו"ב, ניט פאר קיין-אידן-געדאכט - אז אויך בא זיי זאל דאס ניט זיין "די מחסורו אשר יחסר לו".

נג. וואס בכל הנ"ל זעט מען ווי עס קענען זיין פארשידענע דרגות אין רצון, און בא קינדער, "הבל שאין בו חטא", איז דער רצון אין עניני מותרות ניט קיין רצון אויף "די מחסורו אשר יחסר לו".

קומען צוגיין די זעלבע קינדער, "הבל שאין בו חטא",

- און -

און זאגן: "ווי וואנט משיה נאו", זיי זאגן אז דער רצון אויף משיח׳ם קומען איז ניט אן ענין פון רצון סתם [וואס אויף דעם דארף מען זאגן אין ענגליש אן אנדער אויסדרוק] - נאר משיח איז א זאך וואס פעלט זיי (כנ"ל אז "וואנט" אויף ענגליש באווייזט אויף א רצון אויף א זאך וואס פעלט).

נד. און דאס איז די הוראה וואס מען דארף אפלערנען פון דעם אויסדרוק "ווי וואנט משיח נאו", אז מען דארף וועלן משיח׳ס קומען ווי קינדער, "הבל שאין בו חטא", ווילן - מען דארף דאס וועלן ווי א זאך וואס פעלט:

עס קען זיין א רצון סתם אויף משיח׳ן, ווי יעדער איד וויל אז משיח זאל קומען, והראי׳ - ער ווייס אז ס׳איז אפגעדרוקט אין די עיקרים, און אפגעדרוקט אין כמה סידורים, און מען זאגט בכמה נוסחאות - "אחכה לו בכל יום שיבוא"!

וועז ער האט אבער נאר אזא רצון אויף משיח׳ן, פאלט אים דערווייילע איין א מחשבה זרה: בשעת משיח וועט קומען וועט בטל ווערן זיין גלות - איז וואס וועט דעמולט זיין?

בשעת מען געפינט זיך אין גלות, וואס דעמולט איז גלות תופס מקום, און זיצן אויבן-אָן איז תופס מקום, און קענען יענעם אריינרעדן און יענער האט מורא ענטפערן צוריק איז תופס מקום - דעמולט איז ער תופס מקום;

בשעה עס וועט אבער קומען משיח, און עס וועט קומען צו לערנען תורה - זאגט מען דאך[186] אז "לא ילמדו עוד איש את רעהו גו׳ כי כולם ידעו אותי", און אז משיח ילמד תורה את כל העם כולו,

און געלט - פסק׳נט דער רמב"ם[187] אז בימות המשיח "מעדנים (און כסף וזהב) מצויין כעפר" -

היינט וואו וועט מען אים אוועקזעצן?

און דעמולט וועט ער זיך ניט קענען באריימען מיט די קנעפלעך, און מיט די אלע זאכן וואס ער האט איינגעהאנדלט אין חושך כפול ומכופל פון גלות.

נה. וואס אזעלכע מחשבות זרות זיינען שייך בשעת דער רצון אויף משיח׳ן איז ביי אים נאר א רצון סתם -

קומען צוגיין קינדער, "הבל שאין בו חטא", און זאגן אז דאס וואס מען וויל האבן משיח׳ן - איז ניט מספיק אז מען זאל זאגן אז אזוי ווי עס שטייט אין סידור אז "אחכה לו בכל

- יום -

---

186) ירמי׳ לא, לד. 187) סוף הל׳ מלכים.

יום שיבוא" - אשר לכן זאג איך דאס, און אלס א חסיד, זאג איך דאס אין אן אופן של זמרה, איך זינג דעם "אחכה לו בכל יום שיבוא" -

זאגן זיי: ניין!! דאס איז נאך ניט מספיק, מען דארף וויסן און פילן און שרייען, אז משיח איז אן עניין וואס אים פעלט - (ווי דאס איז בשעת מען זעצט דאס איבער אויף ענגליש:) "ווי וואנט משיח נאו"!

און ניט אים פעלט דאס ע"ד ווי עס פעלט אים "וזמשים איש רצים לפניו", דערפאר וואס מען האט אים צובאלעוועט און צופיעטשקעט, און ער איז אריין אין עלמא דשיקרא וכו׳, אדער ווי עס פעלט אים "סוס לרכוב עליו",

ער טראכט ניט וועגן א פערד, ער טראכט וועגן "חלק אלוקה ממעל ממש"[188]!

ער ווייס ניט וועגן דער נשמה פון תניא; ווייס ער דאס אבער דערפון וואס ער זאגט בכל יום ויום בבוקר "מודה אני לפניך מלך חי וקיים שהחזרת בי נשמתי", ווייס ער דערפון, אז היינט איינדערפרי האט ער באקומען זיין נשמה פון דעם אויבערשטן פון-דאס-ניי[189],

איז אע"פ וואס ער האט דאס געזאגט גאנץ פרי, גלייך באם אויפשטיין - פארגעסט ער דאס ניט, און טראגט זיך ארום מיט דעם געדאנק כל היום כולו!

איז במילא, די עניני מותרות הנ"ל פעלן אים ניט אויס, אבער משיח - דאס איז בא אים באופן פון "ווי וואנט משיח נאו".

וואס פון זיי דארפן זיך אפלערנען אויך די וואס זיינען בבחי׳ "הבל שיש בו חטא", אז זייער רצון אויף משיח׳ן זאל זיין א רצון צו א זאך וואס פעלט זיי.

נו. קומט צו אים צוגיין דער יצה"ר און טוט זיך אן אין א זיידענע זשופיצע[190] און זאגט אים: וואס הארט דיר אז דו וועסט זיין אין גלות - אידן זיינען געווען כמה שנים אין גלות!

לערן תורה און זיי מקיים מצוות און דאס איז גענוג!

איי מען זאגט דאך אין די י"ג עיקרים "אחכה לו בכל יום שיבוא" - זאגט ער: זיי טאקע מקיים אויך דעם עניין פון

- זאגן -

---

188) ראה תניא רפ"ב. 189) ראה שו"ע אדה"ז או"ע מהדו"ק ס"ד ס"א. 190) ראה לקו"ש ח"ב ס"ע 620.

זאגן "אחכה לו בכל יום שיבוא", אבער עפעס טאן אין דעם - ח"ו, דו״וועסט מבלבל זיין א צווייטן וואס קען לערנען תורה רעדנדיק מיט אים אז מען דארף האבן משיח׳ן.

איי מען זאגט דאך[191] "לישועתך קוינו כל היום" - זאגט ער: דאס איז אן ענין וואס שטייט אין דאוונען, פאר נשים ועמי הארץ ותינוקות של בית רבן; ער קען יוצא זיין מיט דאוונען משלשים יום לשלשים יום, והראי׳: אזוי האט געטאן רבי יהודה[192], וכיו"ב (מיט די אלע שקו"ט׳ס וואס אין כאן המקום להאריך בהם).

נז. וואס דאס איז נקודת הענין וואס מען וויל דא ארויס-ברענגען, אז דאס וואס קינדער האבן אנגענומען דעם "ווי וואנט משיח נאו" און ס׳איז זיכער געווען (ווי אלע ענינים) בהשגחה פרטית -

דארף מען דערפון אפלערנען די הוראה, אז בשעת מען איז מכריז בקול רם אז מען דארף האבן משיח׳ן איצטער - איז ניט דער פשט אז מ׳דארף אים האבן אלס א דבר נוסף, נאר - "ווי וואנט משיח נאו", מען דארף אים וועלן ווי א זאך וואס פעלט.

נח. נאך אן ענין איז מודגש אין דעם "ווי וואנט משיח נאו" - אז מען וויל, אין אן אופן פון "וואנט" אז משיח זאל קומען דוקא איצטער:

כ"ק מו"ח אדמו"ר איז מסביר[193] די ווערטער אין דער הגדה "ברוך שומר הבטחתו לישראל . . שהקב"ה חישב את הקץ לעשות", אז עס האט געקענט ח"ו זיין אז מצד דער מתיקות און עריבות וואס איז דא פון דער מס"נ פון אידן אין לערנען תורה און מקיים זיין מצוות בזמן הגלות - זאל דער אויבערשטער אפלייגן דעם קץ,

ווארום, נאך דעם קץ וועט ניט זיין אט-די מתיקות פון אתכפיא, ווארום "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[194],

און ווי די גמרא[195] טייטשט אף דעם פסוק[196] "והגיעו שנים אשר תאמר אין לי בהם חפץ", אז דאס גייט אויף לע"ל, וואס דעמולט איז "אין לי . . חפץ", ער וועט דעמולט ניט האבן פון וואס צו בוחר זיין, ווארום עס וועט זיין אלץ גוט,

און דאס איז די ברכה והודאה "שהקב"ה חישב את הקץ לעשות" -

------------

191) בתפלת שמו"ע. וראה שיחת יום ד׳, כ"ה כסלו, אור לב׳ דחנוכה ש.ז. ס"ו. 192) ר"ה בסופה. 193) רד"ה כי בחפזון תש"ח (סה"מ תש"ח ע׳ 151). 194) זכרי׳ יג, ב. וראה אגה"ק סכ"ו. 195) שבת קנא, ב. 196) קהלת יב, א.

לעשות", אז דער איבערשטער האט זיך מיט דעם ניט גערעכנט און האט געבראכט דעם קץ, כהבטחתו.

וואס עד"ז איז אויך די בקשה "ווי וואנט משיח נאו", מיר ווילן אז משיח זאל קומען איצטער: ניט קוקנדיק אויף דער גדלות און עריבות און מתיקות התורה והמצוות [ביז וואנעט אז מען דארף זאגן א באזונדער ברכה והודאה צו דעם אויבערשטן אז "חישב את הקץ לעשות", כנ"ל] - ווילן מיר אז משיח זאל קומען "נאו".

און אויך דאס איז ניט אן ענין פון רצון סתם, נאר א רצון אין אן אופן פון "וואנט", א רצון אויף א זאך וואס פעלט.

ובסגנון פון דער ברכה "בורא נפשות רבות" - דאס איז ניט אן ענין פון "להחיות בהם נפש כל חי", אן ענין של תענוג[197]; נאר דאס איז אן ענין פון "וחסרונן". דאס איז אן ענין של חסרון[198], בדוגמא ווי עס פעלט א מענטשן "לחם לאכול ובגד ללבוש"[199], בדוגמא ווי עס פעלט לחם צר ומים לחץ[200].

נט. וכאמור לעיל, אז יעדער ענין וואס א איד זעט אדער הערט איז דאס ע"פ השגחה פרטית, בכדי ארויסצולערנען דערפון א הוראה

וואס אזוי איז דאס אויך אין דעם ענין, וואס קינדער האבן מכוין געווען און אויסגעקליבן את-דעם אויסדרוק, און דערנאך איז דאס נתקבל געווארן ע"י כו"כ, אריינטראכטנדיק זיך אין דעם צי ניט אריינטראכטנדיק זיך אין דעם -

אז ס'איז געווארן אן עובדה ומציאות אז ווען א איד הערט אדער זעט דעם אויסדרוק "ווי וואנט משיח נאו" - הערט ער אדער ער זעט דערביי אז משיח'ס קומען דארף זיין ביי אים אן ענין פון "וחסרונן".

ס. דער הרגש אז משיח'ס קומען איז אן ענין פון "וואנט", אן ענין וואס פעלט - איז אויך נוגע (נוסף אויף כללות הענין) צו פועל זיין משיח'ס קומען, ווארום דער אופן ווי מען שטעלט-צו א זאך צו א מענטשן איז תלוי אָן וויפל עס פעלט אים די זאך:

ווען מצד "מחסורו אשר יחסר לו" פעלט א מענטשן "חמשים

- איש -

------------

197) ראה טור וב"י או"ח סר"ז. רע"ב לברכות ספ"ו. שו"ע אדה"ז שם ס"ב. לקו"ת פקודי א, ג. ויקרא (הוספות) נב, א. ועוד. 198) ראה טור וב"י ושו"ע אדה"ז שם. רע"ב שם. 199) ל' הכתוב - ויצא כח, כ. 200) ראה במקומות שבהע' 198.

איש רצים לפניו" און "סוס לרכוב עליו" - דארף מען אים דאס טאקע צושטעלן, אבער לאחרי כל ההפלאות שבדבר איז דאס אינו בדומה צו דעם אופן ווי מען שטעלט צו בשעת מען ווייס אז יענעם פעלט אן ענין וואס איז ממש בדוגמת לחם צר ומים לחץ,

[און אפילו בא דעם וואס איז רגיל אז מען שטעלט אים צו "חמשים איש רצים לפניו" וכו' - קומט דאס אויך ניט צו דעם צושטעלן ענינים וואס זיינען ממש בדוגמת לחם צר ומים לחץ],

ועאכו"כ אז ס'איז אינו בדומה דער צושטעלן א זאך ווען מען ווייס אז מען דארף אים צושטעלן ממש לחם צר ומים לחץ - צום צושטעלן א זאך וואס איז (ניט נאר "חמשים איש רצים לפניו" און "סוס לרכוב עליו", וואס זיי גייען עכ"פ אריין אין "די מחסורו", נאר) אן ענין של תענוג, ועאכו"כ - אן ענין של עשירות.

ועד"ז בענינננו: אמת טאקע ס'איז א דבר ברור אז לע"ל וועט דער אויבערשטער מקיים זיין דעם "לעשרו", ביז ווי דער פס"ד הנ"ל אין רמב"ם אז "מעדנים מצויין כעפר",

ווארום מה-דאך אז "אין כסף נחשב בימי שלמה למאומה"[201], עאכו"כ אז אזוי וועט זיין לע"ל, ווארום דעמולט וועט דאך זיין נאכמער שלימות ווי בימי שלמה, כמבואר אין ד"ה פדה בשלום פון דעם מיטעלן רבי'ן[202], וכמדובר לעיל בארוכה[203] -

איז דאס אבער אינו בדומה צו ווען אבינו שבשמים הערט אז עס פעלט אונז אן ענין,

איז במילא, דער זאגן און פילן אז "ווי וואנט משיח נאו", דער וועלן משיח'ן אין אן אופן אז זיין קומען איז "חסרונך", אז אונז פעלט זיין קומען,

און - "חסרונך" ממש, ווארום דאס זאגן קליינע קינדער, וואס זיי ווייסן נאך ניט וועגן דער גאנצער מציאות פון "חמשים איש רצים לפניו" און "סוס לרכוב עליו", ווארום זיי זיינען נאך ניט שייך צו פארן רייטנדיק אויף א פערד, זיי ווייסן נאר פון א רצון אויף "לחם לאכול ובגד ללבוש", אדער נאכמער - פון א רצון אויף לחם צר ומים לחץ, די ענינים וואס פעלן זיי, ווארום זיי דארפן האבן מזונם גלייך מיום שבאו לעולם -

טוט דאס אויף אז אבינו שבשמים הערט דעמולט אז דאס

- איז -

------------

201) דה"ב ט, כ. וראה גם מ"א י, כא. 202) נדפס בשערי תשובה מט, א ואילך. 203) ראה ד"ה זה דיום ג', ט"ב כסלו (נדפס בקונטרס "סיום והכנסת ספר תורה") ודי"ט כסלו.

איז ניט סתם געזאגט "אהבה לו בכל יום שיבוא", און ניט סתם געזונגען אז ער וויל בשיח'ן, נאר דאס איז אין אן אופן של חסר.

און דעמולט ווערט נאכמער "אחישנה" אין דעם "אחישנה".

סא. און עס קומט די גאולה בפשטות, דורך דוד מלכא משיחא בפשטות, און מ'גייט בפשטות לארצנו הקדושה, וואס זי וועט זיין בשלימותה, "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[204], און "כספם וזהבם אתם"[205].

וואָרום מ'האט עס ניט אריינגעשפאדט אין קנעפלעך, אין עניבים וואס זיינען פארבונדן מיט מותרות דמותרות, נאר - "כספם וזהבם אתם", רער כסף וזהב איז אט-דארט וואו עס געפינט זיך זיין אמת'ע מציאות, וואס דאס איז - דער רצון אויף מקיים זיין רצון הבורא - אט-דארט געפינט זיך זיין כסף וזהב בפשטות;

און פון די ימי חנוכה אלה גייט מען צו חנוכת בית המקדש השלישי, מיטן גאנצן שטודעם ווי ס'איז באשריבן אין נבואת יחזקאל הנביא[206],

און - צו דער ראיית פון "ונגלה כבוד הוי' גו'"[207], צו ראיית המרכבה,

ביז צו ראיית המרכבה ווי די מרכבה שטייט נאך העכער פון דער מרכבה שראה יחזקאל[208], וואָרום, דעמולט וועט דאך זיין "כימי צאתך מארץ מצרים"[209] וואס בא "ימי צאתך מארץ מצרים" "ראתה שפחה על הים" וואס אפילו "גדול בנביאים" האט ניט געזעהן[210].

און דאס קומט אלץ בפשטות, למטה מעשרה טפחים, ובמהרה בימינו ממש, אין אן אופן פון "אחישנה",

בימים אלו ממש, "בימים ההם בזמן הזה".

* * *

סב. מ'האט גערעדט פריער (סי"ג) וועגן משלים זיין עניני חנוכה - איז כאן המקום צו משלים זיין דאס וואס עס האט זיך גערעדט דעם פריערדיקן שבת, און אויך - דעם סיום וואס התחלתו איז געווען בי"ט כסלו,

- וואָרום -

------------

204) בא י, ט. 205) ישעי' ס, ט. 206) קאפיטל מ-מג. 207) ישעי' מ, ה. 208) יחזקאל קאפיטל א. 209) מיכה ז, טו. 210) יל"ש דמז דמר. מכילתא עה"פ בשלח טו, ב. ודאה גם פרש"י עה"פ. 211) ש"פ מקץ, שבת חנוכה.

ווארום זיי זיינען פארבונדן מיט חנוכה:

דער פריערדיקער שבת איז דאך געווען שבת חנוכה;

ועד"ז דער סיום - איז התחלתו געווען בי"ט כסלו, וואס דער המשך פון (גאולת) י"ט כסלו איז דאך געווען אין ימי החנוכה, ווען דער אלטער רבי איז אנגעקומען אין וויטעבסק, וואס דעמולט איז "חזר לבוריו" (ווי דערמאנט פריער),

ובפרט אז די גאולה השני' (וואס איז א המשך פון דער ערשטער גאולה) איז געווען בנר ג' (יום ג') דחנוכה, אדער ווי די צווייטע סברא - בנר ה' דחנוכה, כמרובר און שוין אויך געדרוקט בכ"מ.

סג. וואס עס האט זיך גערעדט אין דעם פריערדיקן שבת - (אויך) בנוגע צו פירוש רש"י,

סיי א דיוק אויף אן עניין וואס רש"י איז מפרש, ער איז אבער דורש ביאור, און סיי א דיוק אין אן עניין וואס ער איז לכאורה דורש ביאור אין פשש"מ, און רש"י איז אים ניט מבאר.

אנהויבנדיק פון דעם ערשטן דיוק:

אויף דעם וואס יעקב האט געזאגט צו זיינע קינדער "למה תתראו" שטעלט זיך רש"י און טייטשט אפ: "למה תראו עצמכם בפני בני ישמעאל ובני עשו כאילו אתם שבעים, כי באותה שעה עדיין הי' להם תבואה".

וואס דער ביאור אויף דעם וואס רש"י דארף מוסיף זיין "כי באותה שעה עדיין הי' להם תבואה" איז - ווארום אויב ניט שטעלט זיך די שאלה: ווי קומט דאס אז יעקב האט זיי געדארפט זאגן "למה תתראו" און דערפאר דארפן זיי יורד זיין למצרים - זיי האבן אליין געדארפט זיך כאפן אז זיי דארפן יורד זיין למצרים, ווארום זיי האבן דאך געדארפט האבן תבואה למאכל?!

וואס דערפון גופא איז פארשטאנדיק, אז מצד תבואה צום עסן איז ניט געווען קיין הכרח צו יורד זיין למצרים, וגאס דאס איז מכריח רש"י'ן צו אפטייטשן אז "באותה שעה עדיין הי' להם תבואה", און פארוואס דארפן זיי יורד זיין למצרים - דערפאר וואס דא איז פאראן דער חשש "למה תתראו":

- פארוואס -

---

212) לקו"ד כרך א יב, א. 213) ראה ברכה"נ לאדה"ז פי"ג ה"ה. 214) שיחת ש"פ וישב. וראה גם שיחת יום ג', ב' דחנוכה ה'תשל"ח סוס"ב ובהע' 13 שם. לקו"ש חט"ו ע' 530 בהע'. 215) "היום יום" כ"ד כסלו, ג' חנוכה (ע' ז). 216) בית רבי ח"א פי"ט הע' א (הב'). 217) מקץ מב, א.

הנחת הת' בלתי מוגה

פארוואס זאלן אנדערע זען אז בא זיי איז דא מערער תבואה וויפל עס איז דא בא די אנדערע. וואס דערפאר זיינען זיי ניט יורד למצרים; וואס דאס ("למה התראו") האט זיי יעקב געדארפט זאגן.

סד. אין דעם פרש"י איז אבער שווער (ווי גערעדט פדיערדיקן שבת):

דש"י זאגט ניט אז יעקב האט זיי געזאגט אז אנדערע (סתם) וועלן זען "כאילו אתם שבעים", נאר רש"י איז מוסיף אז ווער וועלן זיין אט די וואס וועלן דאס זען - "בני ישמעאל ובני עשו",

האט מען אין דערויף געפרעגט:

א) צוליב וואס דארף רש"י בכלל אויסטייטשן פאר וועמען דער "תתראו" איז; "למה תתראו" - פאר כל עמי הארץ?!

ב) אויב רש"י וויל שוין יע אויסטייטשן - האט ער געדארפט אויסטיילן בני כנען, און זאגן "בפני בני כנען", ווארום זיי זיינען דאך געווען דער "יושב הארץ", די שכנים,

משא"כ בני עשו זיינען געווען אין אן אנדער מדינה, ווי עס שטייט "וילך אל ארץ מפני יעקב אחיו", איך הר' שעיר[219], און עד"ז בנוגע צו ישמעאל ("בני ישמעאל") ווערט דערציילט אין די פדיעדדיקע פרשיות[220] אז "על פני כל אחיו נפל (שכן[221])", און אז ער האט זיך געפונען "בואכה אשורה" - זיי האבן זיך געפונען גאר אין אן אנדער אדט?!

סה. איז דער ביאוד בזה - בהקדם נאך א קשיא און א דיוק:

פארוואס איז רש"י ניט מפרש פארוואס בא יעקב ובניו איז טאקע געווען תבואה, משא"כ בא "בני ישמעאל ובני עשו" איז ניט געווען קיין תבואה?

דלכאודה ווערט אין דערויף א שאלה:

דאס וואס ס'איז ניט געווען קיין תבואה איז געווען דערפאר וואס עס האבן זיך אנגעהויבן די שני הרעב, און דער רעב איז דאך געווען "על כל פני הארץ"[222] - איז ווי האבן יעקב ובניו געהאט תבואה?

און ווי מ'זעט טאקע אז בשעת "ויהי רעב בארץ" בימי אברהם[223] האט דאס אנגערירט אויך אברהם'ן, ביז וואנעט אז ער

- האט -

------------

218) וישלח לו, ו. 219) שם, ה. 220) חיי שרה כה, יח. 221) פרש"י עה"פ. 222) מקץ מא, נו. 223) לך לך יב, י.

האט צוליב דערויף געדארפט גייך אין מצרים, כאטש דער אויבערשטער האט אים אנגעזאגט[224] ער זאל גייך "אל הארץ אשר אראך", אין ארץ כנען,

ועד"ז בשעת עס איז געווען "ויהי רעב בארץ" בימי יצחק[225] - האט דאס אנגערירט יצחק׳ן -

איז ניט פארשטאנדיק, ווי קומט דאס אז דער רעב האט ניט אנגערירט יעקב ובניו, וואס דערפאר זאגט דא דער פסוק "למה תתראו" - אז בא יעקב ובניו איז געווען תבואה און ביי אנדערע פעלקער איז ניט געווען קיין תבואה!

און רש"י האט דאס געדארפט באווארענען, ווארום דאס איז דאך א קשיא אין פשוטם של כתובים.

סו. פארוואס באווארנט דאס רש"י ניט - איז דערפון פארשטאנדיק אז דער בן חמש למקרא ווייס דאס שוין בעצמו, פון וואנעט ווייס ער דאס - פון וואס ער האט געלערנט פריער:

דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אין א פריערדיקער פרשה[226] "ויזרע יצחק בארץ ההיא . . ויברכהו ה׳", ביז אז "ויגדל האיש . . עד כי גדל מאד", עד"ז האט ער געלערנט[227] אז אברהם איז געווארן (נאך דעם רעב הנ"ל) "כבד מאד במקנה בכסף ובזהב" - פארשטייט ער אז אזוי איז אויך געווען בא יעקב׳ן.

ובמילא איז באם בן חמש למקרא קיין קשיא ניט פארוואס האט יעקב געהאט א ברכה וואס איז ניט געווען בא בני כנען, אדער בכלל בא כל עמי הארץ, אז אע"פ אז בא זיי איז געווען א רעב, איז אבער בא יעקב׳ן געווען תבואה - ווארום ער ווייס שוין פון פריער אז בא יעקב׳ן דארף זיין די ברכה שלא בערך ווי בא כל עמי הארץ - בדוגמא ווי עס איז געווען ביי אברהם און יצחק.

און עס איז קיין קשיא ניט פון אברהם׳ן, אז בשעת עס איז געווען דער רעב בימי אברהם האט דאס אנגערירט אויך אברהם׳ן, ביז וואנעט אז ער האט געדארפט גייך אין מצרים -

ווארום רש"י האט דאס שוין באווארנט דארטן[228], אז עס איז געווען א סיבה מיוחדת דערצו: דער אויבערשטער האט אים מיט דעם אויסגעפרואווט צי ניט קוקנדיק אויף דעם נסיון, אז ערשט האט אים דער אויבערשטער געהייסן גייך קייך כנען, און

- דא -

------------

224) ר"פ לך לך. 225) תולדות כו, א. 226) שם, יב-יג.
227) לך לך יג, ב. 228) עה"פ שם יב, י.



הנחת הת׳ בלתי מוגה

דא שיקט ער אים אריין א "רעב בארץ" דוקא ("באותה הארץ (כנען) לבדה"[229], אז ער זאל פון דארטן דארפן אוועקגיין - וועט ניט זיין "יהרהר אחר דבריו של הקב"ה".

עד"ז איז אויך קיין קשיא ניט פון יצחק[230].

וואס דערפאר איז קיין קשיא ניט, ניט פון אברהם און ניט פון יצחק, וואָרום בא זיי זיינען געווען סיבות מיוחדות, משא"כ בא יעקב זיינען ניט געווען קיינע סיבות מיוחדות,

במילא ווייס דער בן חמש למקרא אז בא יעקב דארף זיין ברכה שלא בערך ווי בא כל עמי הארץ, פארשטייט ער דערפון - אז אע"פ אז בא זיי איז געווען א רעב, איז אבער בא יעקב ובניו געווען תבואה.

סז. פארוואס איז בא יעקב'ן טאקע געווען א ברכה שלא בערך - האט עס יעקב אליין מבאר געווען, און עס מבאר געווען לאומות הארץ,

ווי דער בן חמש למקרא האט שוין וועגן דערויף געלערנט[231], אז יעקב האט געזאגט לבן'ן און צוזאמען מיט לבן האבן דאס געהערט אויך אחיו, און דערנאך איז דאס נתפרסם געווארן בא די אלע מיט וועמען לבן איז געווען אין פארבינדונג, אז פארוואס איז ביי אים דא הצלחה, און פאר-וואס ווערט ער אפגעהיט פון אלע ענינים בלתי רצויים, איז דאס - דערפאר וואס "אלקי אבי אלקי אברהם ופחד יצחק הי' לי", האט אים דער אויבערשטער באשיצט, "ויוכח אמש", און האט געבראכט די גאנצע הצלחה וואס עס איז ביי אים געווען.

סח. ע"פ הנ"ל, איז בשעת דער בן חמש למקרא לערנט דעם פסוק "למה תתראו" (וואס ווי מ'לערנט בפשטות מיינט עס תתראו בפני יושב הארץ) - שטעלט זיך ביי אים די קשיא:

די אוה"ע האבן שוין געוואוסט פון פריער אז די הנהגה של הקב"ה מיט יעקב ובניו איז באופן אחר לגמרי, וואלט במילא בא זיי ניט געווען קיין וואונדער אויף דעם וואס בא יעקב ובניו איז דא תבואה (כאטש עס איז א רעב "על כל פני הארץ"). איז פארוואס האט יעקב געזאגט "למה תתראו"?

איז די קשיא באווארנט רש"י מיט זיין פירוש "למה תראו עצמכם בפני בני ישמעאל ובני עשו":

- וויבאלד -

------------

229) פרש"י שם. 230) ראה מדרש אגדה עה"פ תולדות שם, א: זה הרעב בא בשביל יצחק שניסהו אם יקדא תגר או לאו כו'. 231) ויצא לא, מב.

וויבאלד אז דער טעם אויף דער הצלחה פון יעקב ובניו האט יעקב מסביר געווען אז דאס איז מצד דעם זכות פון אברהם ויצחק [אלקי אבי אלקי אברהם ופחד יצחק הי׳ לי"] - קען דאך ווערן א שאלה בא בני עשו - אז אויך זיי האבן דעם זכות פון אברהם ויצחק, און אויך בא בני ישמעאל - אז אויך זיי האבן דעם זכות פון אברהם.

ועפ"ז איז מובן בפשטות וואס רש"י זאגט ניט "בפני בני כנען", אדער בפני "בני עמון ומואב"[232], נאר "בפני בני ישמעאל ובני עשו".

סט. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק פארוואס רש"י איז ניט מסיים - ווי די גמרא זאגט אין מסכת תענית[233] - "כדי שלא יתקנאו בכם": בנוגע צו קנאה - איז סיי-ווי האט מען די גאנצע צייט (נאך איידער ס׳איז געווען דער רעב) זיך מתקנא געווען אין אידן,

ווארום סיי יעקב, און פאר אים - יצחק, און פאר אים - אברהם, זיינען געבענטשט געווארן בברכה גדולה [וואס דערפאר האט טאקע אבימלך געזאגט יצחק׳ן[234]: "לך מעמנו כי עצמת ממנו מאד"],

און דער חשש וואס איז צוגעקומען איצטער, וואס יעקב האט געוואלט באווארענען, איז - ניט אז עס זאל ניט נתעורר ווערן קיין קנאה, "שלא יתקנאו בכם" (ווארום דאס האט מען סיי-ווי ניט געקענט באווארענען, ווארום אלע האבן געזען די הצלחה פון בני יעקב און זיך מתקנא געווען אין זיי), נאר - אז עס זאל ניט נתעורר ווערן קיין שאלה (בא "בני ישמעאל ובני עשו"), כנ"ל.

ע. דער ביאור בזה בפנימיות הענינים, און אויך די שייכות פון דער רש"י מיט חנוכה:

דער ענין פון חנוכה איז געקומען דורך דערויף וואס "עמדה מלכות יון הרשעה כו׳", און "טמאו כל השמנים שבהיכל"[235].

וואס דער קשר צווישן די ביידע ענינים ("טמאו כל השמנים שבהיכל" און "מלכות יון הרשעה") ווערט מבואר אין ספרים[236]:

- "שמן" -

---

232) ראה שיחת ש"פ מקץ הנ"ל סל"א. 233) י, ב.
234) תולדות שם, טז. 235) שבת כא, ב. 236) וראה לקו"ש ח"ב ע׳ 481 ואילך. חט"ו ע׳ 330.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

"שמן" איז ענינו חכמה[237], און "שמנים שבהיכל" איז ענינו חכמה שבהיכל[238], וואס דער מנגד צו חכמה דקדושה איז דאך - חכמה דלעו"ז.

און דאס איז דער ענין וואס "מלכות יון" האט מטמא געווען די "שמנים שבהיכל", ווארום "מלכות יון" איז ענינה - "חכמת יון" און "לשון יון" מיט ענינים פארבונדן דערמיט, וועלכע זיינען בזמן ההוא געווען בא "מלכות יון"

- וואס דערפאר האט דוקא תלמי המלך ("מלכות יון") געוואלט אז מ'זאל מעתיק זיין אויך די תורה אויף זיין לשון[239], וואס מ'געפינט דאס ניט ביי אנדערע -

וואס דאס איז וואס "מלכות יון" האט מטמא געווען די "שמנים שבהיכל" - אז חכמה דלעו"ז האט מטמא געווען חכמה דקדושה.

עא. חכמה דלעו"ז ("מלכות יון") פרעגט א שאלה [טאקע אנ-געטאן אין שכל אנושי, באהאלטנדיק אז דאס פרעגט חכמה דלעו"ז]: זיי האבן דאך אויך חכמה, און זיי האבן אויך בינה (מיט דער גאנצער שקו"ט), און אויך דעת,

[ס'איז מערניט וואס "א-ל אחר (קליפה) אסתרס ולא עביד פירין"[240], ד.ה. אז דעם דעת וואס איז פארבונדן מיט "עביד פירין" האבן זיי ניט,

וכמבואר באריכה בכמה דרושים[241] צו פארענטפערן די סתירה, וואס אמאל זאגט מען אז ס'איז ניטא קיין דעת דלעו"ז, און אמאל זאגט מען פארקערט, אז ענינו של פרעה און ענינו של עמלק - איז דעת דקליפה],

איז פארוואס דארף עס זיין דוקא ע"פ קדושה?!

ווארום - טענה'ן זיי - חכמה איז דאס, און הבנה והשגה איז דאס, און נאכמער: דאס איז א חכמה נפלאה,

ווארום, כדי צו מקדש זיין את החודש - דארף ער האבן די ידיעה אין חכמת התכונה, און כדי צו מקיים זיין "ורפא ירפא"[242] - דארף ער האבן א ידיעה אין חכמת הרפואה -

- איז -

---

237) ראה הגהות הרה"ו לזח"ב קמז, ב. תו"א ד"ה ת"ר מצות נ"ח (מקץ לג, ג). ד"ה כי אתה נרי (שם מ, ד). ועוד.
238) ראה תו"א שם לד, א. 239) מס' סופרים פ"א, ז. וראה גם מגילה ט, א. מס' סופרים שם, ח. 240) זח"ב קג, א.
241) ד"ה וישמע יתרו, עת"ר (סה"מ עת"ר ע' קלח ואילך).
242) משפטים כא, יט. וראה ברכות ס, סע"א.



הנחת הת' בלתי מוגה

איז וואס דארף מען דערצו האבן נאך אן ענין; אז "עושה אותן קרדום לחתוך בהן" ווי ער זאגט אין תניא[243] - דער ענין החכמה כשלעצמה איז דאך א מתנה פון דעם אויבערשטן!

און ניט סתם א מתנה - נאר א מתנה הכי נעלית; עס איז שלא בערך צו א מתנה פון כסף וזהב כפשוטו, צי אפילו צו א מתנה פון רגש שבלב ("כסף" ו"זהב" ברוחניות); דאס איז דער ענין הכי נעלה וואס איז דא ביי א מענטשן, די נפש השכלית שבו - איז וואס דאדף מען דערצו האבן נאך אן ענין?!

און הגם אז עס איז דא א חסרון אין חכמות האומות, אז זייער חכמה איז ניט ווי תורה,

[וואס דערפאר האבן בני ישמעאל ניט געוואלט מקבל זיין די תורה וואו עס שטייט[244] "לא תנאף"[245], און די אלע ענינים זיינען געוועזן בא זיי אָן די מדידות והגבלות פון תורה, וואדום זיי האבן ניט געקענט פאַדטראָגן די הגבלות התודה אין די ענינים[246], ועד"ז בשאר אומות[247];

ועד"ז ווערט פון חכמה דלעו"ז אן ענין פון "חכמים המה" אויף דעם היפך פון "להטיב"[248], ועד"ז בנוגע לבינה, ועד"ז בנוגע לדעת, דער דעת דלעו"ז וואס קומט פון "עץ הדעת טוב ורע", אז מ'זאגט אפילו אז דער דעת איז גאר א מקור אויף כל הענינים דלעו"ז] -

איז אבער די שאלה פון חכמה דלעו"ז: שכל האבן בני ישמעאל און די אנדערע אומות די זעלבע זאך ווי, להבדיל, דער "עם חכם ונבון"[249] האט, אלא וואס דען, זייער ענין איז אנדערש (עס איז אין אנדערע ענינים, ניט אין ענין התורה) - דאס האט קיין שייכות ניט צו דעם דערגרונטעווען זיך צו אמיתית ענין החכמה והבנה והשגה!

ובפרט נאך לויט דעם פתגם פון דעם רמב"ם אין זיין פירוש המשניות[250] "שמע האמת ממי שאמרו"; אויב דאס איז אמת, איז וואס איז די נפק"מ ווער האט דאס געזאגט, צי דאס זאגט "מלכות יון" צי דאס זאגט דער "היכל" פון א אידן?!

עב. און מ'זאגט אז דער "שמן שבהיכל", די חכמה פון א אידן, דארף זיין "מונח בחותמו של כה"ג"[251] - דלכאורה: וואס פאר א

- קשר -

243) ספ"ח. 244) יתרו כ, יג. 245) זח"ג קצב, ב.
246) ראה שיחת מוצאי ש"פ צו, שבה"ג תשל"ט סנ"ז. 247) ראה זח"ג שם. מכילתא עה"פ יתרו שם, ב. ספרי יל"ש ופס"ז עה"פ ברכה לג, ב. פס"ר פכ"א, ג. 248) ירמי' ד, כב.
249) ואתחנן ד, ו. 250) בהקדמתו לשמונה פרקים. 251) שבת שם.

קשר האט דאס מיט חכמה והבנה והשגה?

מ'זאגט ניט אז די חכמה דארף זיין "מונח בחותמו של חכם גדול", נאר - "בחותמו של כהן גדול", וואס דער ענין פון שבט לוי[252], ובפרט דער ענין פון א כהן, ובמיוחד דער ענין פון א כהן גדול - איז ניט דער ענין פון חכמה:

דער ענין פון א כהן איז "לעמוד ולשרת"[253] - דער היפך פון חכמה, און א כהן גדול טאר גאר ניט ארויסגיין פון ירושלים (ווי דער דמב"ם[254] ברענגט אראפ), עד טאר ניט ארויסגיין פון שלימות היראה[255], ד.ה. אז ענינו איז שלימות היראה;

וואס דאס איז ניט דער ענין פון חכמה וואס ענינה איז פארשטיין - איז וואס זאגט מען אז דער שמן שבהיכל, די חכמה, דארף זיין "מונח בחותמו של כהן גדול"?!

ועוד: ענינו פון "שמן" איז - אז עס זאל לייכטן; און דא זאגט מען אז דער שמן וואס דארף לייכטן דארף זיין חתום בחותמו של כהן גדול - דלכאורה וואס איז דער קשר ביניהם?

וברוחניות איז דאס, אז מ'זאגט אז די חכמה (שמן) וואס דארף לייכטן, דער "החכם עיניו בראשו"[256], היפך פון חושך, "והכסיל בחושך הולך"[257] - דארף ער אפ'חתמ'נען מיט "חותמו של כה"ג", עס דארף זיין אפגע'חתמ'ט מיט אן ענין של שלימות היראה,

וואס שלימות היראה האט קיין קשר ניט, לכאורה, מיט חכמה והבנה והשגה?!

טענה'ס שכל דלעו"ז: אויב זיי האבן שכל פונקט ווי בא אידן - פארוואס איז בא זיי "לא עביד פידין", און בא שכל פון אידן איז דאס יע דא?

עג. און דאס איז דער קשר בפנימיות הענינים מיט המדובר לעיל אין פרש"י, אז "בני ישמעאל ובני עשו" פרעגן פארוואס איז בא זיי ניטא קיין תבואה, משא"כ בא יעקב איז יע דא תבואה, און מ'באווארנט די שאלה מיט "למה תתראו":

דער ענין פון תבואה (לחם) בפשטות איז - וואס זי ברענגט מזון ותועלת להאדם, "לחם לבב אנוש יסעד". ובנוגע

- לשכל -

---

252) ראה עקב י, ח. 253) שופטים יח, ה. 254) הל' כלי המקדש פ"ה ה"ז. 255) ראה ב"ר פנ"ו, י. תוד"ה הר - תענית טז, א. לקו"ת ר"ה ס, ב. סה"מ קונטרסים ח"א לו, א. ובכ"מ. 256) קהלת יב, יד. 257) תהלים קד, טו.

לשכל איז דאס - אזא שכל וואס איז "עביד פירין".

וואס דאס איז דער ענין פון דעם וואס דוקא בא יעקב ובניו איז געווען תבואה, משא"כ בא בני ישמעאל ובני עשו - אז דוקא שכל ודעת דקדושה איז "עביד פירין", משא"כ דעת דלעו"ז.

אבער דא דארף מען באווארענען דעם ענין פון "למה תתראו", אז אידן זאלן זיך ניט ארויסווייזן מיט דער "תבואה" וואס זיי האבן (ווי דוקא זייער חכמה איז "עביד פירין"), ארויסווייזן זיך אין אן אופן של גאוה אז "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה", נאר מ'דארף וויסן אז דאס קומט פון דעם אויבערשטן[258],

און דאס (די ידיעה אז ס'איז ניט "כחי ועוצם ידי" ח"ו) איז שולל לגמרי די טענה פון "בני ישמעאל ובני עשו", חכמה דלעו"ז, פארוואס נאר בא אידן איז "עביד פירין".

און דאס איז אויך דער המשך הכתוב (נאך "למה תתראו") "יש שבר במצרים רדו שמה ושברו לנו"[259]: וויבאלד דער אויבערשטער וויל אז עס זאל זיין אנגעטאן אין לבושי הטבע (ובפרט בזמן הגלות) - דארף א איד איינקויפן "תבואה" אין מצרים (בכדי לקדש החודש דארף ער אנקומען צו חכמת התכונה דחכמת אוה"ע. ועד"ז בשאר הענינים),

וואס דאס איז שולל דעם הרגש פון "כחי ועוצם ידי" - "למה תתראו".

עד. און דאס איז אויך דער ביאור (בפנימיות הענינים) אויף דעם וואס רש"י זאגט ניט "כדי שלא יתקנאו בכם":

ס'איז ניט שייך אז אוה"ע זאלן זיך מתקנא זיין אין אידן, ווייל אויך זיי (די אוה"ע) ווייסן אז זיי זיינען ניט אין דעם זעלבן עולם וואס אידן: "אתה בחרתנו מכל העמים", און דערנאך "ורוממתנו כו'" - אז אידן שטייען אין א העכערן עולם, במילא איז ניט שייך קיין קנאה.

אבער אעפ"כ דארף מען באווארענען עס זאל ניט זיין (אפילו) קיין "עינא בישא" (דאוה"ע) - איז דאס באווארנט מען דורך "למה תתראו", אז מ'ווייס אז דאס איז ניט "כחי ועוצם ידי", און דאס איז שולל לגמרי די טענה דאוה"ע.

עה. עד"ז האט מען אויך גערעדט אין דעם פריערדיקן שבת א

- צווייטן -

------------

258) עקב ח, יז-יח. 259) מקץ מב, ב.

צווייטן דיוק אין רש"י:

בשעת מ'לערנט אין פרשת מקץ אז יוסף האט פותר געווען צו פרעה'ן "על השנות החלום אל פרעה פעמים" "כי נכון הדבר מעם האלקים וממהר האלקים לעשותו"[260] – ווערט א קשיא אין פשוטו של מקרא:

בא יוסף'ן זיינען אויך געווען צוויי חלומות[261], איז וואס איז די הסברה אויף "השנות החלום" בא זיינע חלומות?

נאכמער: בא חלום יוסף איז טאקע <u>ניט</u> געווען "ממהר האלקים לעשותו":

בא חלום פרעה איז געווען "ממהר האלקים לעשותו": די שבע שני השבע האבן זיך גלייך אנגעהויבן, און גלייך דעמולט האט מען אנגעהויבן גרייטן אויף די שבע שני הרעב – משא"כ בא חלום יוסף, איז פון דעם זמן החלום ווען יוסף איז געווען אלט "שבע עשרה שנה"[262], ביז דער חלום איז מקויים געווארן – זיינען דורכגעגאנגען 22 יאר[263] – פונקט דער היפך פון "<u>ממהר</u> האלקים לעשותו"!

און רש"י באווארנט דאס ניט.

ער. והביאור בזה:

רש"י דארף דאס ניט באווארענען, ווארום ס'איז פארשטאנדיק בפשטות. ובהקדים נאך א דיוק:

ס'איז דא א שינוי צווישן יוסף'ס ערשטן חלום מיט זיין צווייטן חלום: אין ערשטן חלום[264] האט יוסף דערציילט אז עס זיינען געווען מערניט ווי ער מיט <u>אחיו</u> – אז ער מיט זיינע ברידער זיינען געווען "מאלמים אלומים"; משא"כ אין צווייטן חלום[265] האט יוסף דערציילט אז עס זיינען אויך געווען "השמש והירח" – יעקב ואשתו?!

וואס דער שינוי אין די חלומות איז מדגיש, אז זיי באציען זיך ניט צו די זעלבע פאסירונג, נאר איין חלום האט איין פתרון, און דער צווייטער חלום האט א צווייטן פתרון;

זיי האבן דעם צד השוה, אז אין ביידע איז מען זיך משתחוה ליוסף – זיי זיינען אבער צוויי באזונדערע פאסירונגען:

דער פהרון פון דעם ערשטן חלום וואו עס זיינען געווען

- מערניט -

---

260) שם מא, לב. 261) וישב לז, ה ואילך. 262) שם, ב. 263) ראה פרש"י עה"פ שם, לד. 264) וישב שם, ו. 265) שם, ט.

מערניט ווי די שבטים, "והנה תסובינה אלומותיכם ותשתחוינה לאלומתי" - איז, די השתחוואה וואס כל השבטים האבן זיך משתחוה געווען צו יוסף׳ן נאך אידער יעקב איז געקומען למצרים, ווי דערציילט אין דער פרשה[266],

און דער פתרון פון דעם צווייטן חלום, "השמש והירח ואחד עשר כוכבים משתחוים לי"[267] - איז, די השתחואה (ביטול) פון די שבטים צוזאמען מיט יעקב ואשתו (בלהה[267], אדער ווי דער פשט[268] אז דאס זיינען די דברים בטלים שבחלום) צו יוסף׳ן, וואס איז געווען דערנאך, ווען אויך "השמש והירח" זיינען געקומען למצרים.

וואס עפ"ז, אז די צוויי חלומות באציען זיך צו צוויי באזונדערע פאסירונגען, איז פארשטאנדיק, אז בא חלומות יוסף איז ניט געווען "השנות החלום", נאר דאס זיינען צוויי באזונדערע ענינים - דארף מען שוין ניט האבן קיין פתרון אויף "השנות החלום".

עז. דערביי פרעגט אבער דער בן חמש למקרא א קשיא:

ס׳איז דאך געווען א דריטער מאל ווען ס׳איז געווען א השתחואה - בשעה די ברידער זיינען געקומען דעם ערשטן מאל צו יוסף׳ן[269], וואס דעמולט זיינען ניט געווען אלע אחים, ווארום בנימין איז געבליבן אין ארץ ישראל ווארום יעקב האט אים ניט געלאזט גיין מיט די 10 שבטים[270], עס זיינען געגאנגען ניט "אחד עשר כוכבים", נאר מערניט ווי "(אחי יוסף) עשרה"[271], און דעמולט איז אויך געווען א השתחואה;

קומט דאך אויס אז ביי איינע פון די השתחואות האבן נאר עשרה אחים זיך משתחוה געווען, ניט אלע אחים -

און אין דעם חלום הא׳ שטייט[272] "ויגד לאחיו . . והנה תסובינה אלומותיכם", וואס בפשטות מיינט דאס אלעמען (כולל בנימין)?!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער פתרון פון דעם ערשטן חלום איז - די השתחואה וואס איז געווען בשעת זיי זיינען געקומען דעם צווייטן מאל צו יוסף׳ן, צוזאמען מיט בנימין -

האט דאך געדארפט זיין א דריטער חלום וואס זאל מרמז

---

- זיין -

266) מקץ מג, כו. 267) ראה פרש"י עה"פ וישב שם, י. 268) פרש"י שם, מברכות נה, סע"א. 269) מקץ מב, ו. 270) שם, ד. 271) שם, ג. 272) וישב שם, ב-ז.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

זיין אויף דעם ערשטן מאורע, די השתחואה דעם ערשטן מאל, נאך אײדער בנימין איז געקומען אין מצרים?!

און אויך דאס איז רש"י ניט מבאר.

עח. דאס (אויך) איז אבער פארשטאנדיק אין פשוטם של כתובים:

די ערשטע השתחואה וואס איז געווען אײדער בנימין איז געקומען מיט די אנדערע שבטים אין מצרים איז ניט געווען קיין השתחואה ווי עבדים זײנען זיך משתחוה למלך - דעמולט איז געווען א השתחואה מפני הכבוד: בשעת מ'קומט אין א נײע מדינה, ובפרט אין א מדינה וואס מ'קומט דארטן אויף קויפן תבואה, איז מען דאך פרײע מענטשן, נאר וואס דען - אזוי ווי מ'דארף אפגעבן כבוד דעם מלך המדינה, מושל המדינה - איז מפני הכבוד איז מען זיך משתחוה צו אים,

וואס דערפון קומט אויס אז דעמולט איז ניט געווען "(והנה תסובינה אלומותיכם) ותשתחוינה לאלומתי"; ס'איז געווען מערניט ווי "תסובינה אלומותיכם", אבער "ותשתחוינה לאלומתי" איז ניט געווען!

און אפילו אז מ'זאל זאגן אז אויך דאס רופט זיך אן השתחואה, איז דאס ניט געווען א השתחואה ווי אן עבד קמי' מרי', נאר א השתחואה מפני הכבוד.

משא"כ די השתחואה פון דעם צווייטן מאל וואס מ'איז געקומען למצרים איז געווען נאך דערויף וואס "ויאסוף אותם אל המשמר"[273] און עד האט זיי געקענט אלעמען ארײנשפארן, און מ'האט זיך ביי אים געבעטן וכו' - דעמולט איז די השתחואה געווען אין אן אופן פון השתחואה בשלימותה; מתאים צו דעם וואס ס'איז געווען אין דעם חלום "ותשתחוינה לאלומתי" *.

- עס. דער - 

---

*) ומ"ש בפרש"י מקץ מב, ט (בהשתחואה הראשונה): וידע שנתקיימו שהרי השתחוו לו. והכוונה שם בנוגע לשני החלומות [שהרי בפסוק שם "החלומות" לשון רבים, וכן ברש"י שם "שנתקיימו" לשון רבים] -

ע"פ פשט - 1) הי' ברור רק הוכן הכללי דהפתרון,

2) כשאירע דבר היפך הרגיל לגמרי ע"פ פשט לייגט זיך שדי בזה ולא שמוכרח נס עוה"פ. וכשאירע השתחואה הראשונה (נס) - צ"ל ההנחה הפשוטה שבזה פתרון כל החלומות והשתחווית השמש וכו' - כי בשליחות יעקב למה תתראו עשו כ"ז. ופשוט).

---

273) מקץ שם, יז.

עט. דער ענין פון די השתחואות איז אויך קשור צו ימי החנוכה (כדלקמן ספ"ב ואילך), און צו די גאנצע הנהגה פון אידן בזמן הגלות:

דער מהר"ל מפראג זאגט[274] (כמדובר כמ"פ[275]), אז נאך דעם וואס עס איז געווען יצי"מ - איז ניט שייך די גאנצע מציאות פון עבדות בא אידן.

וכמדובר כמ"פ אז אייגענטליך איז דאס מפורש אין הלכה: דער אויבערשטער זאגט[276] אז "שטרי קודם" לשטרו פון דעם אדון, און דערפאר קען מען ניט ווערן קיין עבד (לעולם) צו א צווייטן, ווארום מ'איז שוין אן עבד צו דעם אויבערשטן,

וכמ"ש[277] "אשר הוצאתי אתכם מארץ מצרים, על מנת כך פדיתי אתכם שתקבלו עליכם גזירותי", כמאמר רז"ל[278] "קבלתם מלכותי קבלו גזירותי".

פ. וואס דאס איז אויך דער יסוד, און עפ"ז איז דער ביאור בדא"פ אין דעם פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורינו[279], אז "נאר אונזערע גופים זיינען איבערגעגעבן אין גלות . . אבער אונזערע נשמות האט מען אין גלות ניט פארטריבן",

דלכאורה ווערט גלייך די שאלה [פון די "קלאץ-קשיות" וואס קיינער פרעגט זיי ניט]: אויב מ'זאגט אז די נשמה איז ניט אין גלות, און מעדניט ווי דער גוף איז אין גלות - קומט אויס, אז ביי א איד (וואס איז א איד כדבעי) איז ניטא די גאנצע מציאות פון גלות?!

ווארום, ווי ער זאגט אין תניא[280], ביי איינעם וואס ער איז א איד כדבעי - איז גופו טפל און נשמתו עיקר, איז אויב די נשמה איז ניט אין גלות און דער גוף איז בטל צו דער נשמה - איז ניטא דער "גלינו מארצנו"?!

איז דער יסוד און ביאור הדבר בדא"פ - ע"פ הנ"ל פון דברי המהר"ל, אז נאך יצי"מ איז טאקע ניט שייך די גאנצע מציאות פון דעם ענין פון עבדות ביי א אידן.

פא. וואס ע"פ הנ"ל איז דער מהר"ל מפראג אויך מבאר דאס

- וואס -

---

274) בספרו גבורות ה' פס"א. 275) לקו"ש מסעי תשל"ז הע' 27. 276) תו"כ (הובא בפרש"י) עה"פ בהר כה, מב. פרש"י עה"פ שם, נה. 277) שלח טו, מא ובפרש"י. וראה גם ספרי ויל"ש עה"פ. 278) מכילתא עה"פ יתרו כ, ג. תו"כ עה"פ אחרי יח, ב. וראה גם פרש"י עה"פ אחרי שם. 279) לקו"ד כרך ד תרצב, א. סה"מ קונטרסים ח"א קעה, ב. 280) פל"ב.



הנחת הת' בלתי מוגה

וואס איז הגדה של פסח זאגט מען צוויי ענינים הפכיים לכאורה: פון איין זייט זאגט מען אז פסח ווערט אנגערופן "זמן חרותינו", ווארום אידן זיינען דעמולט בני חורין, און צוזאמען דערמיט זאגט מען "השתא עבדין" און ערשט "לשנה הבאה" וועט מען זיין "בני חורין"?

און נאכמער, מ'זאגט בײדע ענינים הפכיים זה אחר זה: נאכן זאגן אין קידוש "זמן חרותינו" - זאגט מען "השתא עבדין לשנה הבאה בני חורין"?!

ענטפערט דער מהר"ל, אז אין עבדות בנוגע צו א אידן - זיינען דא צוויי גדרים שונים מן הקצה אל הקצה: לאמיתתו איז א איד א בן חורין און בשעת עס קומט "זמן חרותינו" שטייט עס נאכמער בגלוי, ווי אין דעם ענין פון "הסיבה"[281], וכיו"ב,

און ביחד ע"ז איז אויך דא דער צווייטער גדר, "השתא עבדין": דער אויבערשטער האט ארייגעשטעלט אין דעם גדר פון חירות אויך אזא ענין, וואס בערך צו שלימות החירות ווערט עס אנגערופן בשם עבדות;

אבער לאמיתתו איז א איד א בן חורין, כנ"ל.

פב. און דא קומט מען צו די שייכות צו חנוכה, וואס אויך דער ענין פון חנוכה איז - אז לאחרי מ"ח איז ניט שייך דער ענין פון השתחואה ביי אידן (סיידן צו א אידן) אע"פ וואס מ'געפינט זיך אונטער א מלוכה פון אוה"ע:

בחנוכה האבן זיך "חלשים" און "מעטים" געשטעלט אנטקעגן "גבורים" און "רבים"[282], און זיי האבן מנצח געווען,

וואס דאס איז געווען בשעת מ'איז געווען אונטער "מלכות יון הרשעה", וכמדובר לעיל - אויך לאחרי חנוכה האט "מלכות יון הרשעה" געהאט א המשך (נאר עס איז ניט געווען אין אן אופן פון "להשכיחם תורתך ולהעבירם מחוקי רצונך" ).

וואס לכאורה: ווי אזוי האבן טאקע די "חלשים" און "מעטים" מנצח געווען די "גבורים" און "רבים" בשעת מ'איז געווען אונטער "מלכות יון הרשעה"?

איז אויך אין דעם דער ביאור, כנ"ל - אז בחנוכה האט מען געזען אז אע"פ וואס מ'געפינט זיך אונטער "מלכות יון הרשעה" - איז (לאחרי מ"ת) ניט שייך דער ענין אז אידן זאלן

- זיך -

---

281) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סתע"ב ס"ז. שם סי"ד. וראה לקו"ש חי"א ע' 14 ואילך. 282) נוסח הודאת "ועל הנסים" דחנוכה.

זיך "משתחוה" זיין צו אן אנדערן (סיידן צו א אידן).

ובפרט אידן וואס זיינען עוסק בתורה (דער היפך פון "להשכיחם תורתך"), ווארום דעמולט איז "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה"[283], כמ"ש[284] "חרות על הלוחות, א"ת חרות אלא חירות"[285], ביז - "חירות משעבוד מלכיות"[286].

פג. וואס (אויך) דער מעמד ומצב דנס חנוכה האט אין זיך געהאט די ביידע ענינים (הנ"ל):

נאכדעם וואס "גברה מלכות יון הרשעה . . להשכיחם תורתך" - איז געווען דער נצחון אין אן אופן וואס ברענגט "להודות ולהלל לשמך הגדול"[287],

ביחד ע"ז אבער - איז מען ניט געווען אינגאנצן ארויס פון גלות יון, און פון גלות יון איז מען אריין אין גלות רומי, אָן א הפסק פון אנדערע ענינים, כמסופר אין מדרשי חז"ל,

און דעמולט, אין דעם מצב, האט מען אויפגעטאן דעם ענין אז "הנרות הללו", נרות חנוכה, "אינן בטלין לעולם".

פד. די צוויי קצוות הנ"ל זיינען אויך דא אין דער גאולה פון י"ט כסלו (ווי געדעדט י"ט כסלו):

די פדי׳ פון דעם אלטן רבי׳ן איז געווען פארבונדן, בפשטות, מיט השתדלות און מיט בקשות און תפלות.

וואס תפלה איז ענינה "שעת צלותא שעת קרבא"[288] - עס איז אן ענין פון "קרב" ניט אן ענין פון שלום[288],

און אעפ"כ זאגט מען אויף דער גאולה פון י"ט כסלו "פדה בשלום נפשי מקרב לי כי ברבים היו עמדי"[289], אז עס זיינען געווען די אלע ענינים המנויים אין פסוק ("פדה", "בשלום", "נפשי", "מקרב לי" און "כי ברבים היו עמדי", כאריכות הביאור אין דרושי רבותינו נשיאינו).

- און -

------------

283) אבות פ"ו מ"ב. 284) תשא לב, טז. 285) אבות שם. עירובין נד, א. ובכ"מ. 286) זח"ב קיג, סע"ב. תקו"ז תנ"ו (צא, א). וראה ויק"ר פי"ח, ג. במדב"ר פט"ז, כד. שהש"ר פ"ח, ו [א]. 287) לקו"ת ר"פ תצא בשם הזהר. 288) ראה בארוכה ד"ה פדה בשלום לאדהאמ"צ - שערי תשובה מט, א ואילך. וראה סה"מ תרנ"ט ס"ע קס ואילך. תש"ד ע׳ 106 ואילך. ד"ה זה שבהע׳ 203. 289) תהלים נה, יט. וראה אגרות קודש אדה"ז סל"ח-לט (ע׳ צז ואילך). בית רבי ח"א פי"ח (לה, סע"א ואילך). ספר התולדות אדה"ז ע׳ ריח-ריט.

און נאכמער קצות'דיק איז געווען דער "פדה בשלום" דעם ערשטן מאל, בא דוד המלך, וואס דארטן איז געווען א מלחמה ממש מיט אבשלום, וביחד ע"ז זאגט מען "פדה בשלום וגו'"[290].

פה. דער ביאור בכל הנ"ל:

אין יעדער פעולה איז דא די נקודה, און די נקודה איז דער יסוד פון דער פעולה,

ובעניננו: די גאולה נים אין אן אופן פון שלום איז דא - דערפאר וואס זי נעמט כח און עידוד און כח בפועל פון דער גאולה האמיתית והשלימה.

בדוגמא ווי אלע גליות נעמען זייער ענין פון דעם ערשטן גלות[291] - עד"ז נעמען זיך אלע גאולות פון דער ערשטער גאולה, וואס דעמולט (ווי דערמאנט) איז געווארן א חירות באופן אז ס'איז מערניט שייך דער גדר פון עבדות - מ'איז אלעמאל אין "זמן חרותינו" (ווי דער מהד"ל מפראג זאגט),

און וויבאלד אז "נעוץ סופן בתחלתן ותחלתן בסופן"[292] - נעמען זיך אלע גאולות פון דער גאולה האמיתית והשלימה וואס עס וועט זיין לע"ל, גאולה שאין אחרי' גלות,

נאר - איצטער שטייט דאס ניט אין אן אופן פון שלימות.

פו. דוגמא לדבר:

מ'האט גערעדט באדוכה, אז אין אלע יראות, אפילו אין ידאה בדרגא הכי תחתונה, יראת העונש און יראת הרצועה וכיו"ב - איז דא פון דער שלימות היראה, פון "ירושלים", ביז - פון יראה עילאה שאין למעלה ממנה.

וואס דא האט מען אויך דעם פארבונד פון דיביידע קצות באופן הנ"ל:

יראת העונש איז א זאך וואס איז פארבונדן מיט שכל, און מיט הבנה והשגה, און הבנה והשגה פון שכל אנושי, ביז - אפילו פון שכל הבהמי:

א בהמה קען מען ניט דערנעמען מיט הבנה והשגה, אפילו מיט הבנה והשגה פון שכל אנושי; מ'קען איר אבער דערנעמען

- מיט -

---

290) ראה ירושלמי סוטה פ"א ה"ח. פרש"י עה"פ תהלים שם. פרש"י ד"ה כי בדבים - ברכות ה, רע"א. 291) ראה סד"ה נחמו עת"ר. ד"ה כימי צאתך הש"ח רפי"ב. 292) ספר יצירה פ"א מ"ז.

מיט יראת העונש: נאך דערויף ווי זי פאדזוכט איין מאל דעם ענין פון באקומען מיט א "שוט" (כמ"ש[293] "שוט לסוס"), אדער דאס וואס ער קלאפט דעם בקר מיט א שטעקל (כמ"ש[294] "ויך גו' במלמד הבקר") - איז דערנאך דארף מען אים ניט קלאפן, ס'איז גענוג אז מ'באווייזט דאס איס.

ע"ד ווי בשעת מ'באווייזט א "שוט לסוס" וכיו"ב - איז ניט מ'דארף איס שלאגן, ווארום ביי איס איז געבליבן בזכרון, און דער שכל דערמאנט איס, אז ער דערזעט א "שוט" דארף ער גיין דוקא בדרך זו ניט בדרך אחרת,

איז דאס, דער ענין פון יראת העונש, די דרגא הכי תחתונה אין הבנה והשגה -

און צוזאמען דערמיט זאגט מען אז דאס איז פארבונדן מיט שלימות היראה[295].

וואס עד"ז איז דאס אויך בענין "פדה בשלום" פון דעם אלטן רבי'ן, אז עס איז פארבונדן מיט השתדלות וכיו"ב, און צוזאמען דערמיט איז יצא בשלום, און מ'זאגט אויף דעם "פדה בשלום", און ס'איז פארבונדן מיטן "פדה בשלום" פון מלכא משיחא, ווי דער מיטעלער רבי טייטשט דאס אפ.

פז. עוד דוגמא לדבר - בענין התורה:

עס איז מבואר בארוכה אין המשך תער"ב[296] במאמר דז"ל[297] "כל הקורא ושונה הקב"ה קורא ושונה כנגדו", אז "קורא" איז דער פשט - אז ער לייענט אותיות התורה, און דורך דער קריאה אין אותיות שבתורה (וואס דאס איז לכאורה א נידעריקע דרגא אין תורה) איז "הקב"ה קורא . . כנגדו", און עס ווערט "ישראל אורייתא וקוב"ה כולא חד"[298],

וכמבואר דארטן בארוכה אז "ישראל אורייתא וקוב"ה כולא חד" ווערט לאו דוקא דורך הבנה והשגה וואס אין דיי איז דא דער "יחוד נפלא"[299] - נאר דאס איז דא אויך אין אמירת אותיות התורה.

פח. וואס הנ"ל איז פארבונדן מיט דעם סיום פון מסכת ערכין, וואס דארטן געפינט מען אויך עד"ז:

- כמדובר -

------------

293) משלי כו, ג. 294) ספר שופטים ג, לא. וראה פרש"י ומצו"צ עה"פ. 295) ראה קונטרס העבודה פ"ג. 296) ח"ב ס"פ שסב ואילך (ע' תשמג ואילך). ס"פ שפג (ע' תשפט). 297)ראה תדא"ר רפי"ח. יל"ש איכה רמז התרלד. 298) ראה זח"ג עג, א. 299) תניא פ"ה.

כמדובר באריכה בנוגע צו דעם סיום אז כל ענין מסכת ערכין איז פארבונדן מיט אפשאצן - דאס איז דער אפטייטש פון "ערכין" און דאס איז אויך דער תוכן פון די דינים פון מסכת ערכין,

וואס אפשאצן ליגט אין הבנה והשגה;

צוזאמען דערמיט זאגט מען, אין סיום מסכת ערכין, אז מ'דארף באווארענען "שלא יחריבו את ערי ישראל",

וואס דאס הויבט זיך אן פון דער עיר, העיר, "מקדש מלך"[300] - ירושלים (וואס ענינה איז, כנ"ל - שלימות היראה).

פס. ע"ד הנ"ל איז אויך אין דעם פריער-דערמאנטן פתגם פון דעם אלטן רבי'ן[301] בשייכות מיט "הכל מעריכין" - "אז א יונגער-מאן האט א קשיא אין ערכין דארף ער פריער זיך מעריך זיין", וואס אויך אין דעם זיינען דא די צוויי קצוות הנ"ל:

פון איין זייט זאגט מען אז מ'דארף זיך אליין אפשאצן, פארבונדן, כנ"ל, מיט הבנה והשגה,

אבער כדי זיך אליין אפשאצן און ניט א טעות האבן, אע"פ אז "אדם קרוב אצל עצמו"[302] - דארף מען האבן די נקודה וואס ער איז מסלק את רצונו ומוסר את נפשו, מלשון רצון[303], כדי ער זאל האבן די הערכה אמיתית, דער חשבון צדק, בנוגע לעצמו ובנוגע למחשבה דיבור ומעשה שלו.

צ. און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם וואס עס רעדט זיך בסיום מסכת ערכין בענין נכסי הכהנים והלוים:

דורך דעם ענין הנ"ל פון דער נקודה וואס ער איז מסלק רצונו כו' - ווערט יעדער איד און אלע אידן אין אן אופן פון "לעמוד לפני ה' לשרתו"[253], ענינו פון די לוים,

ווי דער רמב"ם איז מסיים הלכות שמיטה ויובל [וואס יובל האט דעם תנאי[304] אז עס דארף זיין "כל יושבי' עלי'": "כל יושבי'" - "שלימות העם", "עלי'" - "שלימות הארץ"]: "ולא שבט לוי בלבד אלא כל איש ואיש . . אשר נדבה רוחו אותו[305] . להבדל (פון "הבלי הזמן"[306]) לעמוד לפני ה' לשרתו

- . . הרי -

---

300) פיוט "לכה דודי". 301) לקו"ש ח"ב ע' 401.
302) יבמות כה, ב. וש"נ. 303) תו"א מקץ לו, ב.
304) ערכין לב, סע"ב. רמב"ם הל' שמיטה ויובל פ"י ה"ח.
305) ל' הכתוב - פקודי לה, כא. וראה לקו"ש ח"ח ע' 346 בהע'. ובכ"מ. 306) ל' הרמב"ם הל' תשובה פ"ג ה"ד. פ"ט ה"א.

. . הרי זה נתקדש קודש קדשים ויהי' ה' חלקו ונחלתו לעולם", כמ"ש [307]"אני חלקך ונחלתך".

וואס ווי דער דמב"ם עצמו פסק'נט אין הל' גירושין, איז דער רצון האמיתי און דער תענוג פון יעדער אידן - מקיים זיין רצון ה', וואס דער רצון ה' איז - "לשמש את קוני",

וואס דאס איז, כלשון הכתוב - (אז דער רצון והענוג האמיתי פון יעדער אידן איז) "לעמוד לפני ה' לשרתו".

צא. ויש לקשר הנ"ל אויך מיט דעם סיום פון ספר התניא (וואס מ'האט דאס ניט געדעדט (בדיבור) בי"ט כסלו, וואס דעמולט איז דער סיום פון ספר התניא), וואס ער ענדיקט זיך מיט דעם ענין השבת,

און אויך - מקשר זיין מיט דעם סיום פון די לעצטע אגרת הקודש גופא - די ווערטער "זה לעומת זה כו'" אדער "זה לעומת זה וגו'"[308], וויבאלד דאס איז א לשון הפסוק[309],

און אויך - מיטן אנהויב פון ספר התניא: "מיוסד על פסוק [310]כי קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו" וואס שטייט אויפן שער, און אויך - מיט די ווערטער "בדרך ארוכה וקצרה בעזה"י" (וואס דער נוסח השער, "ספר לקוטי אמרים כו' בדרך ארוכה וקצרה בעזה"י" איז געשריבן געווארן דורך דעם אלטן רבי'ן אליין, ווי כ"ק מו"ה אדמו"ר האט דערציילט[311]),

וואס אין די אלע ענינים זיינען דא די שני ענינים הנ"ל:

שבת מוז זיין א טאג פון די שבעת ימי בראשית - ס'איז "ששת ימים עשה ה' את השמים ואת הארץ" און דערנאך "ביום השביעי שבת וינפש"[312], ד.ה. אז שבת איז דער יום השביעי,

און נאך אן ענין איז דא אין שבת - דאס וואס שבת איז למעלה מן הזמן, ביז וואנעט אז נאך שבת הויבט זיך אָן א נייע ציילונג; אויף דעם טאג נאך שבת זאגט מען "היום יום ראשון בשבת" (כמבואר בארוכה אין די דרושים פון דעם אלטן רבי'ן און די נשיאים שלאחריו[313]).

- וואס -

---

307) קורח יח, כ. 308) ראה "פתח דבר" מכ"ק אדמו"ר שליט"א ל"מפתחות לספר התניא" הע' 3. 309) קהלת ז, יד. 310) נצבים ל, יד. 311) מכתב כ"ק אדמו"ר שליט"א - נדפס בלקוטי ביאורים לתניא (להר"י קארף) ע' תקכ. 312) תשא לא, יז. 313) לקו"ת שה"ש כה, א. אוה"ת שבועות ע' פד ואילך. סה"מ תש"ד ע' 192 ואילך. ובכ"מ.

וואס שני ענינים הנ"ל זיינען הפכיים מן הקצה אל הקצה: אין דער צייל[ו]נג פון די טעג - איז שבת דער לעצטער טאג, ביז וואנעט אז אויף וואס צו האבן עסן שבת - דארף מען אנקומען צו די ששה ימים שלפניו, כמאמר רז"ל[314] "מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", ווארום אז ניט - בלייבט ער שבת ניט קיין געגעסענער רח"ל,

וואס דאס איז די דרגא הכי תחתונה פון ימים [וויל שבת איז איינער פון די שבעה ימים, דער ענין הקשור להבנה והשגה], ווארום, אין אנדערע טעג איז דא דער "וברכך ה' אלקיך בכל אשר תעשה"[315], משא"כ שבת איז ניטא קיין "תעשה", און עס טאר גאר ניט זיין קיין "תעשה" - דארף מען אנקומען צו דעם צווייענדיקן "טרח" אין דעם יום שלפני זה, ווי ס'איז געווען בא דעם מן אז "ברכו במן"[316], ס'איז געווען לחם משנה בערב שבת, כמבואר בארוכה בכ"מ[317].

וואס אזוי איז דאס אויך ווי שבת איז אין ספירות:

פון איין זייט איז שבת די דרגא הכי תחתונה - ספירת המלכות, נאך אן ענין אין שבת איז דא, ווי שבת איז ספירת הבינה[318] [און ווי גערערט פריער - ווי שבת איז למעלה פון זמן, אז נאך שבת הויבט זיך אן א סדר זמנים חדש], און נאך העכער - ווי מ'זאגט אויף שבת "קודש הוא"[319], וואס דאס איז העכער פון בינה, ביז דעוא דרעוין און "שבת שבתון", ביז ווי שבת איז כתר און נאך העכער (וואס דערפאר זאגט מען בשבת (ווי דער אלטער רבי האט מתקן געווען) "כתר יתנו לך").

צב. וואס די ביידע קצוות הנ"ל זיינען דא אין שבת, ביז אין אירע פרטים; און דאס איז אויך דער קשר מיט דעם סיום פון תניא - "זה לעומת זה" (וואס זה לעומת זה איז דא בכמה ענינים, אבער בפשטות הכתובים מיינט דאס דער צד הקדושה און דער צד של לעו"ז):

דער ירושלמי[320] זאגט אז אפילו אן עם הארץ איז ניט משקר בשבת: אן עם הארץ, וואס תורה זאגט אז בימות החול טאר מען אים ניט גלויבן דערפאר וואס דאס וואס ער זאגט איז ניט אמת - זאגט תורה: אז עס קומט צוגיין שבת דארף מען אים גלויבן, ווארום "אימת שבת עליו";

- עס -

------------

314) ע"ז ג, א. 315) ראה טו, יח. וראה ספרי עה"פ. וראה בהנסמן לעיל הע' 184. וראה לקו"ש אמור תשל"ו ס"ז ובהע' 20 שם. 316) ב"ר פי"א, ב. פרש"י עה"פ בראשית ב, ג. מכילתא (הובא בפרש"י) עה"פ יתרו כ, יא. 317) ראה לקו"ש חט"ז ע' 173 ובהע' שם. 318) ראה בהנסמן בלקו"ש שבת הגדול תשל"ו הע' 50. 319) תשא שם, יד. וראה בהנסמן שם. 320) דמאי פ"ד ה"א.



הנחת הת' בלתי מוגה

עס רעדט זיך וועגן אן עם הארץ, וואס איז ניט שייך צו רזיך דרזיך, אפילו ניט צו רזיך, אפילו ניט צו קלענערע דרגות,

מען מיינט דא ניט אן עם הארץ וואס "קרא ושנה" נאר "לא שימש", עס פעלט אים אין שימוש חכמים (ווי די גמרא זאגט אין סוטה[321]), מען מיינט אן עם הארץ כפשוטו, און עם הארץ וואס איז ניט נאמן על הדמאי, דערפאר וואס ער איז חשוד על התרומות ועל המעשרות (ווי דער ירושלמי איז דאס מבאר בארוכה), וואס דאס איז א דרגא נמוכה;

און בשעת עס קומט שבת - דארף מען אים גלויבן.

ועד"ז איז אויך אין דעם וואס דער צ"צ ברענגט אראפ אין ספר המצוות[322], נאך מער ווי הנ"ל, אז פרייטאג נאך האלבן טאג ווערט אן עלי' בכל העולמות, ביז וואנעט אז "פרש חגיכם, פרש חגיכם קאמר ולא פרש שבתכם"[323] - ד.ה. אז עס איז דא די עלי' ביז אין אן ענין של גשמיות כפשוטו; מ'זאגט אז "פרש", פסולת פון ענינים גשמיים, איז ("פרש חגיכם קאמר", אבער) בשבת איז ניטא (ווי ער איז דארטן מבאר בארוכה ביז אין אן ענין של גשמיות כפשוטו).

צג. ונעוץ סופן בתחלתן - אזוי איז אויך אין אנהויבס ספר התניא (ווי די בני המחבר האבן מסדר געווען - אגה"ק מיט קו"א צוזאמען מיט (תחלתו פון) די פריערדיקע חלקים פון תניא, און דערנאך איז געווארן די חלוקה אויף שיעורים, איז מען מסיים און מתחיל ספר התניא בי"ט כסלו, ראש השנה לתורת החסידות ודרכי'[324]):

עס שטייט "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו" - דאס איז דער צוזאמען-ברענגען פון ביידע קצוות - "בלבבך" צוזאמען מיט "לעשותו".

נאך אן ענין אין דעם, ווי ער טייטשט אפ "קרוב אליך הדבר מאד וגו'" אין פנים פון תניא - אז "קרוב אליך" איז בא יעדער אידן, "התורה היא נצחית"[325], אז בא יעדער איד, אין וואס פאר א מעמד ומצב ער זאל נאר זיין (קצה הא') - איז "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו", אלע זאכן

- צוזאמען -

----------

321) כב, רע"א. 322) מצות לא תבערו אש (דרמ"צ צ, א ואילך). וראה גם שם מצוה אכילת ק"ק (שם צב, סע"א ואילך). וראה גם בהנסמן בלקו"ש חט"ז ע' 189 הע' 47, 51.
323) מלאכי ב, ג. זח"ב פח, ב. 324) ראה מכתב כ"ק אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע, פאקסימיליא מהמכתב - בקונטרס ומעין ע' 17. נדפס גם ב"היום יום" בתחלתו. 325) תניא פי"ז ופי"ח.

צוזאמען.

און מ'איז מוסיף "(קרוב אליך הדבר) מאד" - וואס אויך אין דעם זיינען דא די צוויי קצוות הנ"ל:

עס איז דא דער ענין פון "מאד" ווי חסידות איז מבאר בארוכה בכ"מ, און ס'איז אויך דא דער ענין הפשוט אין "מאד" - "בכל מדה ומדה שהוא מודד לך"[326] זאל זיין "ואהבת את ה' אלקיך בכל לבבך ובכל נפשך"[327] - דער ענין פון מס"נ[328].

און צוזאמען דערמיט זאגט מען אז דאס איז "בלבבך", אין הבנה והשגה, און אין אן אופן פון "קרוב אליך" - אין הבנה והשגה.

און עד"ז אויך אין דעם וואס ער זאגט דערנאך "דרך ארוכה וקצרה בעזה"י" - עס איז טאקע "דרך ארוכה וקצרה", אבער מ'האט אויף דערויף דעם ביאור: ווי אזוי איז דאס טאקע אזוי - דערפאר וואס דאס איז "בעזה"י".

צד. ויה"ר אז עס זאל מקויים ווערן דער ענין בפשטות, עס זאל זיין דער "בפיך ובלבבך לעשותו" בפשטות,

וואס דעמולט איז "מעשינו ועבודתינו" ווי עס דארף-צו-זיין, און עס ברענגט גלייך אראפ דעם "מיד הן נגאלין"[329], אז ישראל נגאלין מיד,

און עס איז דא דער "הכל מעריכין" בבית המקדש השלישי, וואס איז "קרוב אליך הדבר מאד" - מ'דארף מערניט ווי האבן די "שעתא חדא וריגעא חדא"[330] וואס "עושין תשובה" און - "מיד הן נגאלין",

ויבנה בית המקדש במקומו, "ושם נעשה לפניך את קרבנות חובותינו . . כמצות רצונך"[331],

און אין אן אופן אז ס'איז "רצונך" (פון דעם מענטשן), וואדום "עשה רצונו כרצונך" און "בטל רצונך מפני רצונו"[332], וואס דאס איז דורך דערויף וואס ער איז זיך מעריך כדבעי,

און דאס ברענגט אראפ כל הענינים בפשטות, למטה מעשרה טפחים,

- אז -

---

326) ספרי ופרש"י עה"פ ואתחנן ו, ה. 327) ואתחנן שם. 328) ראה ספרי ופרש"י שם. ברכות סא, ב. 329) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 330) ראה זח"א קכט; סע"א. 331) נוסח תפלה מוסף דשבת ויו"ט. 332) אבות פ"ב מ"ד.

אז מ'גייט מימי חנוכה אלה, כמדובר לעיל, להנוכת בית המקדש הנצחי[333], "מקדש אד' כוננו ידיך"[334],

"והקיצו ורננו שוכני עפר"[335], און "אהרן ומשה עמהם" מיט די בעלי הגאולה פון י"ט כסלו, און פון יו"ד כסלו, און פון י"ב-י"ג תמוז,

און "והקיצו ורננו שוכני עפר" בכלל ובפרט,

במהרה בימינו ממש.

* * *

[צוה לנגן "הנרות הללו". ניגון הכנה. נגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אח"כ אמר:]

צה. מ'וויל נאר דערמאנען, בהמשך צו מבצע חנוכה - אז די וואס דארפן נאך משלים זיין אין דעם - האבן זיי נאך די עטלעכע טעג ביז שבת, כולל אויך שבת וואס מיני מתברכין כולהו יומין שלאחריו[336], און ער איז כולל אין זיך און מעלה די אלע ענינים שלפנ"ז, ובפרט אז דער טאג פון "זאת הנוכה" איז "קמי שבהא", מיטוואך,

און אויך - ממבצע למבצע, "מצוה גוררת מצוה" - מעורר זיין נאכאמאל אויפן מבצע "אהבת ישראל", און "חינוך", און "תורה", און "תפילין", און "מזוזה", און "צדקה", און "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", און "נרות שבת קודש", און "כשרות האכו"ש" און "טהרת המשפחה", און דעם מבצע פון "צבאות השם",

וואס אע"פ וואס ביז איצטער האט מען געמאכט די גאנצע הדגשה אויף די וואס זיינען פאר בר-מצוה ובת-מצוה - איז מובן ופשוט אז דאס איז אזוי בא יעדער אידן און אלע אידן, ווי ס'איז געווען בפעם הראשונה וואס אידן ווערן אנגערופן "צבאות השם"[337], ב"ימי צאתך מארץ מצרים" - במכ"ש וק"ו איצטער,

- און -

---

333) ראה זח"ג רכא, א. זח"א כח, א. 334) בשלח טו, יז. וראה בהנסמן בלקו"ש חי"א ע' 185 הע' 39. 335) ישעי' כו, יט. 336) זח"ב סג, ב. פח, א. 337) בא יב, מא.

און דעם מבצע "והשיב לב אבות על בנים ולב בנים על אבותם"[338] - "והשיב לב אבות - ע"י בנים"[339],

וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט ביאת אליהו הנביא זכור לטוב[340], מבשר טוב, ביאת משיח צדקנו, תיכף ומיד, "נאו", במהרה בימינו ממש, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

טרם צאתו התחיל לנגן "כי בשמחה".

---

338) מלאכי ג, כד. 339) פרש"י עה"פ. 340) מלאכי שם, כג.

# שיחה להת׳ השלוחים שיחיו הנוסעים לישיבה גדולה

## דקסבלנקה, מרוקו – יום א׳, ז׳ טבת, ה׳תשמ״א

א. דער אויבערשטער זאָל העלפן און מצליח זיין אַז די נסיעה זאָל זיין כשורה ובהצלחה רבה ומופלגה, אויף להחזיר עטרה ליושנה.

איר פאָרט אין אַ מדינה וואו עס איז געווען דער ענין התורה בהצלחה רבה, און מיט אַ גרויסער הפצה, כולל אויך פסקי דינים, ווי מען זעט פון די ספרים וועלכע זיינען דאָרטן געשריבן געוואָרן — זאָל זיך אייך איינגעבן דאָס אויפצולעבן און מוסיף זיין בזה,

אַז עס זאָל נתרבה ווערן דער לימוד התורה, בהתמדה ושקידה, ביז — לאסוקי שמעתתא אליבא דהילכתא[1], בדוגמא ווי די פסקים וואָס זיינען פון דאָרטן אַרויס, וואָס לאורם נלך עוד בזמננו זה.

ובפרט, אַז בינתיים איז אויפגעקומען תורת הבעש״ט (וואָס עס איז דאָך ידוע[2] די שייכות פון דעם בעש״ט מיטן אור החיים הקדוש[3]), און עס איז צוגעקומען אויך דער ענין פון הפצת המעינות (דתורתו) חוצה[4], וואָס דאָס העלפט אַז אויך דער לימוד הנגלה זאָל זיין אין אַן אופן פון „מעין״[5], און באמת לאמיתו[6] —

מאַכט דאָס נאָך לייכטער, ובמילא — נאָכמער בהצלחה און נאָכמער מוכרח, אַז מען זאָל דאָרטן אויפלעבן, עס זאָל זיין דער לימוד כבעבר און סיי אין נגלה און סיי אין חסידות,

און אין אַן אופן אַז עס זאָל אָנקומען אויך אין „חוצה״[5] — אַז עס זאָל צוקומען אויך צו די וואָס ווייסן נאָך ניט (דערוויילע) פון פנימיות התורה, תורת החסידות, און אויך צו די וואָס ווייסן נאָך ניט (דערוויילע) וועגן נגלה דתורה,

און בּאַ זיי זאָל אויך צוקומען אין המעשה שהוא העיקר[7] — אין קיום המצוות בהידור, און — „מהדרין מן המהדרין״, ובאופן דמוסיף והולך ואור, כהוראות ימי חנוכה[8],

[וואָס איר פאָרט דאָך פון די התוועדויות און פון די ענינים וואָס האָבן זיך גערעדט בימי החנוכה].

ב. בהמשך צו דעם וואָס עס האָט זיך גערעדט[9] בנוגע צו אַ ספר תורה, אַז יעדער איד איז פאַרגליכן צו אַ ספר תורה שלימה, ווי פאַרשטאַנדיק פון גמרא[10] און מדרשי חז״ל בכ״מ,

און ווי פאַרשטאַנדיק אויך דערפון וואָס „נפש השנית בישראל היא חלק

1) ראה יומא כו, א.

2) ראה שד״ח שיורי הפאה מערכת ג׳ כלל ז׳ בסופו (כרך ח א׳תשיט, ד). ועוד.

3) שכידוע נולד האור החיים הקדוש במרוקו.

4) ראה אגה״ק דהבעש״ט — נדפסה בכש״ט (הוצאת קה״ת) בתחלתו.

5) ראה לקו״ש ח״ד ע׳ 1120-1119 ובהערות שם. ובכ״מ.

6) הוזהרס עץ החיים פכ״א.

7) אבות פ״א מי״ז.

8) ש„יום ראשון מדליק אחת, מכאן ואילך מוסיף והולך״ (שבת כא, ב. טושו״ע או״ח סתרע״א ס״ב). וברמ״א שם, שעתה הוא „מנהג פשוט״.

9) בההתוועדות דיום ג׳, טו״ב כסלו שנה זו — ס״ב (לעיל ע׳ 8-427).

10) מו״ק כה, א.

אלוקה ממעל ממש״[11], און ישראל אורייתא וקוב״ה כולא חד[12] —

איז דער אריינפארן פון יעדערן פון אייך אין א נייער מדינה, א נייער שטאט און א נייער שכונה — בדוגמא צו דער הכנסה אהין פון א ספר תורה חדשה.

וואס בשעת מען טראגט אריין א נייע ספר תורה איז אפילו אז עס זיינען שוין דארטן דא כמה וכמה ספרי תורה — שרייבט כ״ק מו״ח אדמו״ר בארוכה במכתבו[13] אז בכ״ז מאכט מען א שטורעם, מיטן גאנצן פאראד מיט כל הענינים הכרוכים בזה, און די אלע ספרי תורה וואס זיינען דארטן דא גייען מקבל פנים זיין די נייע ספר תורה וואס קומט אן —

איז אזוי אויך אייער אנקומען אהינצו צ״ל בדוגמת הכנסה פון א ספר תורה חדשה, און די אלע ספרי תורה וואס זיינען דארטן דא — גייען ברוחניות מקבל פנים זיין די נייע ספרי תורה וואס קומען אן.

ובכם הדבר תלוי ארויסצוברענגען דאס מן הכח אל הפועל, ביז אז עס זאל זיין ניכר בפועל אין יעדערן פון אייך אז עס איז אריינגעטראגן געווארן א ספר תורה חדשה.

ג. און „מה להלן (במ״ת) באימה וביראה וברתת ובזיע — אף כאן באימה וביראה וברתת ובזיע״[14], דערפאר וואס עסק התורה של כל אחד ובכל זמן איז פארבונדן מיט עצמות ומהות[15].

און וויבאלד אז עס איז פארבונדן מיט עצמות — איז דאס פארבונדן מיט כל הברכות כולם און אויך כפשוטם, ביז — אין עולם העשי׳ הגשמי, אז עס זאל זיין הצלחה רבה, ברוחניות און אויך בגשמיות, ומתוך בריאות הנכונה.

ומתוך מנוחה, שמחה וטוב לבב טאן אין די אלע ענינים האמורים, וכנ״ל — באופן דמוסיף והולך ואור.

ד. אויף צו פארבינדן דאס שוין איצט אויך מיט א דבר גשמי[16] — וועט מען געבן יעדערן פון אייך דעם קונטרס וואו עס איז אפגעדרוקט דער מכתב הנ״ל פון כ״ק מו״ח אדמו״ר בנוגע צו הכנסת ספר תורה, און אויך — דאס וואס עס האט זיך גערעדט׳ בביאור הענינים.

און צוזאמען דערמיט — מיט „ציון במשפט תפדה״[17], וואס דאס גייט דאך אויף תורה, ובמיוחד אויף הלכות שבתורה[18] — אויך בענין פון „ושבי׳ בצדקה״[17] — געבן יעדערן פון אייך אויף נתינה לצדקה דא, און (דער עיקר) — לצדקה קומענדיק אהינצו.

און די אלע ענינים זאלן ממהר זיין (דעם תפדה) ביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש ובעגלא דידן.

[נתן לכל אחד ואחד מהשלוחים שיחיו: קונטרס „סיום והכנסת ספר תורה״, שטר של מאה פרנק צרפתיים

11) תניא רפ״ב.

12) ראה זח״ג עג, א.

13) נדפס בקובץ מכתבים קובץ ג (נ.י. תשי״) ע׳ 7 ואילך. ובהוספה לקונטרס „סיום והכנסת ספר תורה״ ע׳ 25 ואילך.

14) ברכות כב, א. — כנגד ד׳ אותיות שם הוי׳ (לקוטי הש״ס להאריז״ל למועד קטן. וראה לקו״ש ח״ח ע׳ 258 הע׳ 2).

15) ראה תו״א ויצא כא, ב. יתרו סז, ב.

16) ראה רמב״ן עה״פ לך לך יב, ו. לבוש על הרקנטי לך לך שם. דרשות הר״ן דרוש ב.

17) ישעי׳ א, כז.

18) לקו״ת ר״פ דברים (א, סע״ב ואילך).

(ואמר: אויף צדקה דארטן), ושטר של דולר (ואמר: אויף צדקה דא).

אח״כ נתן להרב ב. א. גאראדעצקי שיחי׳ (בא־כח כ״ק אדמו״ר שליט״א במדינות אירופא וצפון אפריקא) — כנ״ל להשלוחים שיחיו, ואמר לו: איר זיינט דאך דער עומד בראש פון די ענינים. ושימסור את השטר לצדקה שם — בביקורו שם בעתיד].

ה. אזוי ווי עס זיינען דא די עלטערן וואס האבן אויפגעהאדעוועט די (שלוחים) „צבאות השם״ — ווערט מען געבן יעדערן פון זיי א שיחה אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן „צבאות השם״, און, כנהוג — פארבינדן דאס מיט צדקה.

[נתן לכל אחד מהם: חוברת שיחת יום ד׳, כ״ה כסלו, אור לב׳ דחנוכה שנה זו ל„צבאות השם״, ושטר של דולר „לצדקה כאן״.

אח״כ אמר: אין „צבאות השם״ האבן דאך די מוטערס מער חלק ווי די פאטערס[19] — ונתן להן כנ״ל.

אח״כ נתן להאחים דהשלוחים שיחיו — כנ״ל להההורים, ואמר להם: איר זאלט וועלן אז משיח זאל קומען „נאו״[20]].

• • •

איר זאלט האבן א פריילעכע[21] נסיעה, און — הערן בשורות טובות דארטן (מכאן), און הערן בשורות טובות דא (משם).

---

19) ראה שלי״ה ש׳ האותיות דמ״ד, ע״א הובא בצוואת ב״ק אדנ״ע (סוף קונטרס חנוך לנער) ועוד.

20) ראה פרש״י (מב״ר) בהתחלת שיעור החומש היומי (מז, כח): לגלות את הקץ כו׳. וראה ג״כ פרש״י מס, א. וראה בארוכה לעיל ע׳ 228 ואילך.

21) דשייכת לתורה והפצתה — פקודי ה׳ ישרים המשמחי לב.



## שיחת יום ד' פ' ויחי, עשרה בטבת, יהפך לשמחה, ה'תשמ"א
## – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה –

א. מ'האָט שוין געהערט כמה פעמים[1] וועגן דעם מנהג ישראל מאז ומקדם פון רעדן „דברי כבושין" אין א יום צום ותענית.

וואָס איינער פון די טעמים בזה איז: א צום איז דאָך אַן „עת רצון", ווי ישעי' הנביא[2] זאָגט (און דער אַלטער רבי איז מבאר ומאריך בזה אין אגרת התשובה[3]), אַז אַ צום איז אַ „יום רצון לה'".

און וויבאַלד אַז דאָס איז אַן עת רצון למעלה, איז דאָס אויך אַן עת רצון למטה, בא יעדער אידן[*]

— ווארום יעדער איד האָט אין זיך אַ „חלק אלקה ממעל"[4], און ווי דער אַלטער רבי[5] איז מדגיש ומוסיף אויף לשון הכתוב תיבת „ממש" — „חלק אלקה ממעל ממש", און מצד דעם זיינען אַלע אידן דומים לבוראם, כמארז"ל[7] „צדיקים דומין לבוראם", און „ועמך כולם צדיקים"[8];

און וויבאַלד אַז ביי אַ אידן איז נשמתו עיקר וגופו טפל[9] [וואָס דאָס פאַרשטייט דאָך יעדערער. די נפק"מ איז נאָר ווי און אויף וויפל דאָס ווערט אַרויסגעבראַכט בפועל, אין עבודה, אָבער פאַרשטאַנדיק איז דאָס בא יעדער בר שכל], אַז דער „חלק אלקה ממעל ממש" פון אַ אידן, דער חלק אין אים וואָס על ידו איז ער דומה לבוראו, איז זיין עיקר,

דעריבער, טוען זיך אָפּ און עס שפיגלען זיך אָפּ די ענינים וואָס זיינען דאָ למעלה — בנדו"ד, דער ענין אַז אַ יום צום איז אַן עת רצון — דאָ למטה, אין דעם „חלק אלקה ממעל ממש", שהוא העיקר, אַז עס ווערט אַן עת רצון למטה,

אַן עת רצון בנוגע צו דעם תפקיד פון יעדער אידן, „האנשים והנשים והטף"[10], וואָס דאָס איז (בלשון חז"ל[11]) „אני (לא[12]) נבראתי (אלא[12]) לשמש את קוני" — אַז וויפל עס איז דאָ בא אידן דער „לבי ער"[13] בכלל, וואָס אפילו ווען „אני ישנה בגלותא"[14] איז אויך „לבי ער" להקב"ה לתורתו ולמצותיו[15] — איז דאָס נאָכמער אַזוי ווען עס קומט אַן עת רצון, בנדו"ד — אַ יום צום.

וואָס דערפאַר איז אין אַ יום צום (מער פון שאר כל הזמנים) אַן עת הכושר צו רעדן „דברי כבושין", ווארום דעמאָלט איז אַן עת הכושר במיוחד אַז די דברים זאָלן נתקבל ווערן, און נכנס ווערן אין לב השומעים,

*) לבד הביאור בפרש"י (ויחי מט, א) „בקש (יעקב) לגלות את הקץ" — שי"ל (ביחד עם המשך הביאור דש"ק שלאח"ז) בפ"ע (נדפס לעיל ע' 228 ואילך).

1) לעיל ע' 352. וש"נ.
2) ישעי' נח, ה.
3) ספ"ב.
4) ראה תניא פ"ב (סז, ב).
5) איוב לא, ב.
6) תניא רפ"ב.
7) רות רבה פ"ד, ג. וראה ב"ר פס"ז, ח. ועוד.
8) ישעי' ס, כא.
9) ראה תניא פרק לב.

10) לשון הכתוב — וילך לא, יב (גבי הקהל). וראה לקמן בפנים סעיף טו.
11) קידושין בסופה.
12) כ"ה בכת"י וטיקו (ירושלים תשל"ד) מס' 111. וכן הובא במלאכת שלמה למשנה קידושין שם. וראה יל"ש ישעי' רמז רעו.
13) שה"ש ה, ב.
14) זח"ג צה, א.
15) ראה שהש"ר עה"פ.

און דער עיקר — אז די דברים זאלן אויפטאן זייער פעולה, ביז צו פועל'ן אויף מעשה האדם, וואס המעשה הוא העיקר[16].

ב. וואס דאס איז דאך דער תכלית הכוונה פון א תענית בכלל:

דער רמב"ם שרייבט בריש הלכות תעניות שלו[17], אז א תענית באווייזט און איז מדגיש, אז דער מאורע וואס איז די סיבה פון באשטימען דעם תענית — איז ניט ח"ו „נקרה נקרית", נאר „מדרכי התשובה הוא" — די כוונה אין דעם איז, אז דאס זאל ברענגען א אידן צו תשובה.

והביאור בזה:

ביי א אידן איז ניט שייך די מציאות פון „נקרה נקרית", ווארום ער איז דאך מושגח בהשגחה פרטית מהשם, און נאכמער — וויבאלד אז יעדער איד האט די הבטחה בפועל, אז „ה' שומרך ה' צלך על יד ימינך"[18], און במילא איז סיי „יומם" און סיי „בלילה"[19] קען אים קיינער און קיין זאך ניט אנרירן, סיידן ס'איז דא דערין א כוונה פון דעם אויבערשטן.

און דער אויבערשטער איז דאך עצם הטוב וטבע הטוב להטיב[20] — איז די כוונה פון יעדער זאך וואס פאסירט מיט א אידן, אז דורך דעם זאל ארויסקומען א טובה צו דעם אידן מיט וועלכן עס טרעפט אט די פאסירונג; ובעניננו: אז א איד זאל מתקן זיין (דורך זיין תשובה) די זאך צוליב וועלכער מ'האט באשטימט דעם צום (און נאכמער — אז עס ווערט נאך אן עלי', כדלקמן סעיף ה).

ג. הנ"ל איז אפילו בנוגע צו א פאסירונג וואס טרעפט מיט בלויז איין אידן, אז דאס איז ח"ו ניט „נקרה נקרית":

עאכו"כ בנוגע די ד' צומות (בתוכם — דער צום פון עשירי בטבת), וואס דאס רעדט זיך וועגן פאסירונגען וואס האבן געטראפן צו כללות עם ישראל, און אין אן ענין עיקרי אויך פון כללות העולם — איז א זיכערע זאך אז דאס איז ניט ח"ו „נקרה נקרית", נאר די כוונה אין דעם איז אז דערפון זאל ארויסקומען א טובה, א טובה פאר אידן,

וואס דאס איז, אז דורך דער פאסענדער תשובה פון אידן וועלן בטל ווערן (דער עיקר הסיבות פון די מאורעות אויף וועלכע מ'האט קובע געווען די צומות און) די צומות, ווי דער רמב"ם איז מסיים הל' תעניות שלו אז „כל הצומות האלו עתידים ליבטל לימות המשיח".

ד. צווישן די ד' צומות, איז דא אן ענין וחומר מיוחד אין דעם צום פון עשירי בטבת (וואס דערפאר פאדערט זיך א תשובה מיוחדה ויתירה כו'):

די סיבה אויפן תענית פון עשירי בטבת בפשטות איז דער מאורע וואס „בו סמך מלך בבל נ"נ הרשע על ירושלים"[21], און דערמיט האט זיך אנגעהויבן די באלאגערונג פון ירושלים, „והביאה במצור ומצוק".

16) אבות פ"א מי"ז.

17) פ"א ה"ב־ג.

18) תהלים קכא, ה.

19) שם, ו.

20) ראה עמק המלך שער שעשועי המלך רפ"א. שער היחוד והאמונה רפ"ד. ד"ה אתה אחד לאדמו"ר האמצעי (קה"ת תשכ"ה) ע' ד.

21) כן הוא ברמב"ם הל' תעניות פ"ה ה"ב. מר"ה יח, ב. ע"פ יחזקאל כד, ב (אבל ביחזקאל (משא"כ בר"ה) „סמך מלך בבל אל ירושלים גו'"). וראה מ"ב כה, א־ב. ירמי' נב, ד־ה.

און ווייל מ׳האט דאן ניט צוגעהערט כדבעי צו דער אזהרה מלמעלה אין דעם „סמך מלך בבל כו׳״, האט די התחלה דערנאך געהאט א המשך און האט דער־פירט צו די מאורעות וואס האבן גורם געווען די אנדערע צומות, דעם „צום הרביעי״ (שבעה עשר בתמוז), און „צום החמישי״ (תשעה באב) „וצום השביעי״[22] (צום גדלי׳). דאס הייסט, אז עשירי בטבת איז די התחלה[23] פון אלע ד׳ צומות.

וי״ל אז דערביי קומט צו נאך א דבר מיוחד אין דעם צום פון עשירי בטבת, וואס מצד דעם איז ער נאכמער חמור פון די אנדערע צומות:

ס׳איז א כלל אז „העשירי יהי׳ קו־דש״[24]; און דער צום פון עשירי בטבת ווערט אנגערופן אין פסוק „צום העשי־רי״. ער איז „בחודש העשירי״[25], און אין עם גופא ביום העשירי, „בעשור לחודש״[25].

וואס דאס באווייזט אויף דעם גודל הירידה (און פון איר סיבה) במאורע דעשירי בטבת: ניט קוקנדיק אויף דעם וואס ס׳איז געווען חודש העשירי, ביום העשירי, וואס „העשירי יהי׳ קודש״ — איז „בו סמך מלך בבל . . על ירושלים כו׳״, און דאס איז געווען די התחלה פון אלע מאורעות (דהצומות) וואס האבן דערנאך פאסירט!

אעפ״כ, וויבאלד אז דער אויבער־שטער איז עצם הטוב וטבע הטוב להטיב, איז די כוונה אויך אין דעם מאורע חמור אז דערפון זאל ארויס־קומען א טובה פאר אידן, כנ״ל.

ה. ס׳איז דאך א כלל — ירידה צורך עלי׳, אז די כוונה פון יעדער ירידה איז אז מ׳זאל ווערן (ניט נאר ווי מ׳איז גע־ווען קודם הירידה, נאר) העכער ווי מ׳איז געווען קודם הירידה; וואס דאס איז, בלשון הכתוב[26], „יתרון האור מן החושך״ און „יתרון לחכמה מן הסכ־לות״, אז עס קומט צו מערער אור וחכמה לגבי דעם ווי עס איז געווען פאר דעם חושך וסכלות:

די ירידה בהבריאה — אז עס איז גע־ווארן די מציאות פון חושך וסכלות, ועד״ז די ירידות מלמעלה למטה[27] [אנ־הויבנדיק פון ירידת הנשמה בגוף (וואס איז „בחי׳ גלות ממש״[28]), ביז די ירידה אין גלות כפשוטו (וואס התחלתו איז בעשירי בטבת ווען „סמך מלך בבל כו׳״, כנ״ל)] —

זיינען זיי אלע צורך עלי׳, ביז צו אן עלי׳ נפלאה ביותר אין אן אופן פון „יתרון האור מן החושך״ און „יתרון לחכמה מן הסכלות״, נאך מערער ווי ס׳איז געווען אין „גן עדן מקדם״[29] (לפני החטא), ביז צו דער עלי׳ פון דער גאולה האמיתית והשלימה.

ו. דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו די ד׳ צומות, אז די כוונה איז ניט נאר אז זיי זאלן בטל ווערן, נאר נאכמער — ווי דער רמב״ם איז ממשיך אין סיום הל׳ תעניות — „ולא עוד אלא שהם עתידים להיות ימים טובים[30] וימי

22) לשון הכתוב — זכרי׳ ח, יט.

23) ראה בארוכה גם לקו״ש חט״ו ע׳ 421. לעיל ע׳ 354.

24) בחוקותי כז, לב. וראה בבורות נח, ב: מכל מקום.

25) כ״ב, יחזקאל וירמי׳ שם.

26) קהלת ב, יג.

27) ראה אגה״ק סכ״ה (קמ, א).

28) תניא פל״ז (מח, א).

29) נוסח ברכת אירוסין.

30) כ״ה בכמה דפוסים (כולל — דפוס רומי) וכתי׳ הרמב״ם (ראה רמב״ם מהדורת פרענקל).

ששון ושמחה״, אן ענין פון ״יתרון האור״.

און דאס איז אויך דער קשר[31] פון סיום הל׳ תעניות (ברמב״ם) מיט התחלתן[32]:

אין דער התחלה פון הל׳ תעניות שרייבט דער רמב״ם (כנ״ל) אז די כוונה פון א תענית איז, אז דער מענטש זאל זיך מתבונן זיין אין דער סיבה צוליב וועלכער דער תענית איז נקבע געווארן, אז דאס איז ניט ח״ו ״נקרה נקרית״, נאר ״מדרכי התשובה הוא״, דאס האט געטראפן כדי מ׳זאל תשובה טאן און מ׳זאל פאררינכטן די ענינים וועלכע מ׳דארף פאררינכטן.

און דורך דעם ווערט דער ״יתרון האור״ — אז עס קומט די גאולה האמיתית והשלימה, און די צומות וועלן (ניט נאר בטל ווערן, נאר וועלן) ווערן ״ימים טובים וימי ששון ושמחה״.

ז. דערמיט וועט מען אויך פארשטיין די הלכה וואס מ׳נעמט ארויס פון סיום הל׳ תעניות[33]:

מיט ברענגען דעם ענין פון ״הצומות האלו . . עתידים להיות ימים טובים וימי ששון ושמחה״ באווארנט דער רמב״ם, אז טראכט דעם וואס מ׳דארף זיך מתבונן זיין אין סיבת הצום און תשובה טאן אויף דעם (ווי ער זאגט בהתחלת הל׳ תעניות) — איז אבער ח״ו צו ארייגפאלן אין יאוש ועצבות, נאר אדרבה — די כוונה אין דעם איז אז דאס זאל מוסיף זיין ביי יעדן איינעם אין תקות הגאולה (מהחטא ומהיצר, ובמילא — מהגלות).

און ניט גאולה סתם, נאר א גאולה אין אן אופן פון ״אראנו נפלאות״[34], ווארום וויבאלד אז עס דארף זיין ״יתרון האור מן החושך״, דארף די עלי׳ זיין צו נאך א העכערער מדריגה ווי איידער ס׳איז געווען די ירידה.

ח. און דאס איז אויך די הוראה מיוחדת פון ״צום העשירי״:

אע״פ אז דעמאלט האט זיך אנגעהויבן א ירידה גדולה, און דערצו נאך — האט זיך דאס אנגעהויבן דוקא אין (יום) העשירי שב(חודש ה)עשירי, כנ״ל,

ועוד ועיקר: מ׳זעט דאך לפועל די ירידה גדולה וואס איז פון דעם געקומען — דער חושך הגלות, ביז צום חושך כפול ומכופל פון עקבתא דמשיחא —

דארף מען אבער וויסן, אז די ירידה איז צורך עלי׳, אז עס זאל זיין דער ״יתרון האור״ נאך מערער ווי ס׳איז געווען פאר דעם ווי ״סמך מלך בבל כו׳ על ירושלים״, וואס דעמאלט איז דאך געווען דער בית המקדש במקומו און ירושלים בשלימותה (אן עיר מוקפת חומה שלימה כו׳[35]) — קומט דאס אבער ניט צו דער עלי׳ וואס ווערט אויפגעטאן ע״י ירידה זו פון ״סמך מלך בבל״.

ובמילא וועט די התבוננות אין דעם גודל הירידה ניט ברענגען צו יאוש ח״ו, נאר צום ענין המרירות (וואס איז דער היפך פון יאוש[36]): בשעת מ׳איז במרירות — עס טוט אים וויי און אים איז ביטער פארוואס ביי אים האט געטראפן א זאך וואס זאל זיין די סיבה פון ״גלינו

31) ראה גם לקו״ש חט״ו ע׳ 415 הערה 35.

32) כהכלל (ספר יצירה פ״א מ״ז) נעוץ סופן בתחלתן.

33) ראה גם לקו״ש שם (סעיף ח והערה 38). לעיל ע׳ 353 הערה 17.

34) מיכה ז, טו.

35) ראה לקמן הערה 67.

36) תניא פל״א, ע״ש.

מארצנו ונתרחקנו מעל אדמתנו״[37] — רופט עס אַרויס ביי אים חיות וכו׳ צו טאָן ביתר־שאת ויתר עז אין תורה ומצוותי׳, כולל און אָנהויבנדיק פון תשובה אויף „חטאינו״ (וואָס „מפני חטאינו גלינו מארצנו״), ביז צו תשובה בשלימותה, תשובה מאהבה, וואָס דורך דעם איז אפילו זדונות נעשו לו כזכיות ממש[38].

ט. און דאָס איז אויך דער טעם וואָס דורך תשובה כדבעי ווערט אויפגעטאָן דער „יתרון האור״, ביז צו „הצומות האלו . . עתידין להיות ימים טובים כו׳״:

וויבאַלד אַז די צומות האָבן אויפגעטאָן אַז ער זאָל זיך עוסק זיין אין תומ״צ ביתר שאת ויתר עז, ביז אַז ער ווערט העכער ווי ער איז געווען קודם החטא, ובלשון הרמב״ם[39] „אהוב ונחמד הוא לפני הבורא כאילו לא חטא מעולם ולא עוד אלא ששכרו הרבה כו׳״,

דעריבער פועל׳ט זיין תשובה אויך אין אַן אופן פון יתר שאת ויתר עז, אַנהויבנדיק דערפון (ווי ער זאָגט אין רמב״ם[40]) אַז ביי אים ווערט דער „טרם יקראו ואני אענה״,

כולל דעם „ואני אענה״ אויף דעם „יקראו״ וואָס איז אַט ערשט געווען בתפלת המנחה — וואָס מ׳האָט געבעטן אויף אַלע ענינים טובים, און אויך אויף דער כלי אין וואָס זיי צו מקבל זיין, ביז — דעם „את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח כו׳ לישועתך קוינו כל היום״, „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים״,

ובפרט דער ענין מיוחד וואָס מ׳זאָגט צו מנחה ביום צום דוקא — משא״כ במנחה דבכל השנה, און אפילו דשבת ויו״ט — ברכת כהנים, וואָס זי איז דאָך כולל כל הברכות כולם[41],

און זי איז אויך פאַרבונדן מיט דער מהירות פון דעם „ואני אענה״ — כמבואר בלקו״ת[42] בענין „ויגמול שקדים״[43] (וואָס איז פאַרבונדן מיט כהנים), אַז דורך ברכת כהנים ווערן אויפגעטאָן אַלע המשכות אין אַן אופן פון „עד מהרה ירוץ דברו״[44] — „כי שוקד אני על דברי לעשותו״[45],

אַז דער אויבערשטער איז ממלא הבטחתו פון „מיד הן נגאלין״[46], אין אַן אופן פון „שקדים״ — במהירות גדולה.

יו״ד. דאָס אַלץ קומט ע״י מעשינו ועבודתינו בזמן הזה[47] בכלל, ובפרט דורך דער התעוררות וואָס קומט דורך דער התבוננות אין דעם עת רצון (פון אַ יום צום ותענית),

ובפרט אַז דאָס איז אין אַ מקום קדוש — „מקום שמגדלין בו תפלה״[48] — אַ בית הכנסת, און „מקום שמגדלין בו תורה״[48] — אַ בית המדרש, וואו מ׳לערנט שיעורי תורה ברבים (די מעלה פון „כי ברבים היו עמדי״[49]),

וואָס דאָס אַלץ איז נאָך מער מזרז דעם „אחישנה״[50] פון דעם „מיד הן נגאלין״[51].

---

37) נוסח תפלת מוסף דיו״ט.

38) יומא פו, ב. תניא פ״ז.

39) הל׳ תשובה פ״ז ה״ד.

40) שם ה״ז.

41) ראה ספרי נשא עה״פ דברכת כהנים.

42) ס״פ קרח.

43) קרח יז, כג.

44) תהלים קמז, טו.

45) ירמי׳ א, יא. הובא בלקו״ת שם.

46) רמב״ם שם ה״ה.

47) תניא רפל״ז.

48) מגילה כו, א.

49) תהלים נה, יט.

50) סנהדרין צח, א.

51) מכיון ש„אחישנה״ תלוי ב„זכו״ (סנהדרין שם).

יא. כמדובר כמה פעמים בארוכה (און ס'איז שוין אפגעדרוקט), אז ביחד מיט דער התבוננות אין דער סיבה פון דעם צום און כוונת התענית, וואס דורך דעם היילט מען צו נאכמער דעם קיום היעוד פון יהפכו[52] ימים אלה „לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[53] — דארף מען אויך האבן „מעשינו ועבודתינו" בפועל ביום הצום עצמו —

זאל מען אויך מוסיף זיין איצט, אין דעם יום צום ועת רצון עצמו, אין די אלע שלשה קוין[54] פון תורה עבודה און גמילות חסדים, ובלשון חז"ל[55]: „עוסק בתורה ובגמילות חסדים ומתפלל עם הצבור"[56],

בולל אויך דעם דיוק, אז עס זאל זיין אין אן אופן פון „עוסק" דוקא, ווי מ'זעט אז בשעת איינער האט אן עסק, איז ער טרוד בזה כל היום וכל הלילה [ובפרט ווי דער ב"ח[57] איז מאריך בביאור הלשון „לעסוק בתורה", און ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר איז אויך מבאר בארוכה[58] דעם דיוק הלשון פון עוסק בתורה],

און דורך דעם וואס מ'איז „עוסק בתורה ובגמ"ח ומתפלל עם הצבור", איז „מעלה אני עליכם כאילו פדאני לי ולבני מבין אומות העולם"[55],

ביז, אז פון דעם „מעלה אני" למעלה, ווערט דער ענין אויפגעטאן כפשוטו (ניט „כאילו") למטה מעשרה טפחים, בגאולה האמיתית והשלימה דורך דוד מלכא משיחא — דער „נעים זמירות ישראל"[59] (בולל דעם מזמור[60] „פדה בשלום נפשי מקרב לי כי ברבים היו עמדי").

יב. די נקודה בזה בפשטות:

מ'זאל אויסנוצן די צייט וואס איז נאך געבליבן אין דעם עת רצון פון „צום העשירי" צו עוסק זיין, מוסיף זיין אין לימוד התורה, סיי נגלה סיי חסידות ושניהם יחד (ווארום זיי זיינען דאך ווי א נשמה וגוף, כמרומז אין זהר פ' בהעלותך את הנרות[60]),

מוסיף זיין אין „עוסק . . בגמילות חסדים" — בנתינת הצדקה,

און אין „מתפלל עם הצבור" — אין כוונת ועבודת התפלה[61], כולל אויך די הכנה (שעה אחת) לתפלת ערבית פון דעם (מוצאי) „צום העשירי".

און אננעמען החלטות טובות בכל ענינים אלו אויף און אין די ימים הבאים לאחרי (ובהמשך) „צום העשירי",

און דורך דעם וועט מען גלייך זען — תיכף ומיד — ווי יהפכו ימים אלה לששון ולשמחה, ווייל עס קומט די גאולה תיכף ומיד במוצאי יום צום זה, וועלן די אלע צומות שלאח"ז בדרך ממילא זיין אין אן אופן פון „ימים טובים וימי ששון ושמחה".

• • •

יג. האמור לעיל בענין „צום העשירי" — אז די ירידה פון דעם צום איז באופן גדול יותר ווי אין שאר הצומות, ווייל די ירידה איז געקומען אין „העשירי יהי' קודש" — יום העשירי

52) ע"פ ירמי' לא, יב.
53) זכרי' ח, יט. (הובא ברמב"ם סוף הל' תעניות.
54) אבות פ"א מ"ב.
55) ברכות ח, א.
56) ראה גם לעיל ע' 522 ואילך.
57) או"ח סמ"ז ד"ה ונוסחא.
58) סה"מ תפר"ח ע' קיב. קכז.

59) ש"ב כג, א.
60) זח"ג קנב, א.
61) שישנה גם שעה אחת לאחרי התפלה (ברכות לב, ב).

בחודש העשירי, ביז אז שמו אשר יקראו לו בלה״ק[62], אין תורה, איז „צום העשירי״ — איז אן ענין שווה בכל השנים.

דערנאך קומט צו א הוראה מיוחדת פון עשרה בטבת בשנה זו, וואס: (א) שנה זו איז א שנת הקהל — „הקהל . . האנשים והנשים והטף״[63]. (ב) עשרה בטבת איז חל ביום הרביעי פון פ׳ ויחי — וידועה הוראת כ״ק מו״ח אדמו״ר צו לערנען בכל יום דעם שיעור חומש וואס איז פארבונדן מיט דעם טאג, בנדו״ד — פון רביעי ביז חמישי פון פ׳ ויחי; און דערפון ארויסנעמען א הוראה בנוגע לפועל — כתורת רבינו הזקן בעל התניא והשו״ע[64] אז מ׳דארף „לעבן מיט דער צייט״ — מיט דער פרשת השבוע און פרשת היום פון דער סדרה פון דער וואך, און לעבן דערמיט אין אן אופן אז פון דעם זאל ארויסקומען א הוראה ביז אין שלימות פון הוראה — אין מעשה בפועל.

יד. די נקודות (עכ״פ) בזה:

דער קשר מיוחד פון דעם צום העשירי מיט שנת הקהל:

דער מאורע פון צום העשירי איז (כנ״ל) — „שבו סמך מלך בבל . . על ירושלים״, וואס ירושלים איז די עיר הבירה פון גאנץ ארץ ישראל, און דארטן איז געווען דער ביהמ״ק וואו ס׳איז פארגעקומען דער „הקהל״ — דארטן האבן זיך צוזאמענגעקליבן (בזמן שביהמ״ק הי׳ קיים) „האנשים והנשים והטף״.

און מדי שנה בשנה איז „הימים האלו נזכרים ונעשים״[65], ווי דער ביאור פון אריז״ל[66], אז ווען די ימים זיינען „נזכרים״ כדבעי, ווערט דער „נעשים״ — עס ווערן נמשך אלע המשכות פון דעם ענין וואס האט דעמאלט געטראפן.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשנת הקהל — ווען ס׳איז דא דער „נזכרים ונעשים״ פון ענין ההקהל בירושלים — איז די התבוננות (ותשובה) בסיבת הצום פון עשרה בטבת („סמך על ירושלים״) ביתר שאת ויתר עז.

טו. נאך א נקודה אין דעם קשר פון צום העשירי מיט (שנת) הקהל:

הקהל ברענגט ארויס ווי אלע אידן זיינען בשלימותם — מ׳קלייבט צו־זאמען כל העם „האנשים והנשים והטף״, שלימות העם.

דער ענין פון עשרה בטבת — שבו סמך מלך בבל על ירושלים — איז מדגיש ווי עס דארף זיין ירושלים בשלי־מותה, אן עיר מוקפת חומה (וואס איז פארבונדן מיט קדושת ירושלים[67] וואס איז גרעסער ווי קדושת ארץ ישראל[68]) — און אויך במכש״כ דער ביהמ״ק בשלימותו:

און וויבאלד אז ירושלים איז די עיר הבירה פון גאנץ א״י, איז פארשטאנדיק,

62) לשון אדה״ז — שער היחוד והאמונה פ״א.

63) וילך לא, יב.

64) היום יום ע׳ קא. ספר השיחות הש״ב ע׳ 29 ואילך.

65) אסתר ט, כח.

66) רמ״ז בס׳ תיקון שובבים. הובא ונתבאר בס׳ לב דוד (להחידא) פכ״ט.

67) כי אף שפסק הרמב״ם (הל׳ ביהב״ח פ״ו הט״ו) דאוכלין ק״ק ומע״ש בכל ירושלים אע״פ שאין שם חומה שקדושה ראשונה כו׳ קדשה לעת״ל — א) ה״ז מפני שקדושה ראשונה ע״י החומה — פעולתה נמשכת לעת״ל, ב) הרי שלימות קדושת ירושלים היא כשהיא מוקפת חומה (ראה שו״ת מהרי״ט חו״מ סי׳ לז. מנ״ח מצוה שסב. ועוד).

68) כלים פ״א מ״ו ואילך.

אַז שלימות הארץ איז פאַרבונדן מיט שלימות ירושלים.

ובפרט ע״פ מחז״ל אין ילקוט[69], אַז עתידה ירושלים שתתפשט בכל ארץ ישראל — אַז ווען עס וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו, וועט גאַנץ א״י בשלימותה זיין (אין דער דרגא פון) ירושלים.

און דאָס איז אויך דער קשר צווישן עשרה בטבת און שנת הקהל — וואָס דאָס איז מדגיש ווי שלימות ירושלים (הארץ) איז פאַרבונדן מיט שלימות (הקהל) פון אידן, און מיט שלימות התורה, ווי געזאָגט בא הקהל אַז דאָס איז „למען גו׳ כל דברי התורה הזאת״[70] (און שלימות פון אידן איז דאָך בכלל פאַרבונדן מיט שלימות התורה — דישראל ר״ת „יש ששים ריבוא אותיות לתורה״[71]),

ובפשטות מיינט דאָס, אַז די שלימות פון ארץ ישראל איז פאַרבונדן מיט יושבי׳ עלי׳[72], מיט דעם וואָס זי איז אָנגעפילט מיט אידן, און איז אָנגעפילט מיט אידישקייט.

טז. און דאָס איז אויך די הוראה בפועל וואָס מ׳דאַרף אַרויסנעמען פון עשרה בטבת בשנה זו שנת הקהל:

כשם ווי עס מוז זיין שלימות העם — אויב עס פעלט אפילו נאָר נפש אחת מישראל, פעלט אַן „עולם מלא״[73], און שלימות התורה — אַ גאַנצע ספר תורה, אַלע אותיות און מיט אַלע זייערע תגין[74],

אַזוי דאַרף זיין שלימות הארץ לגבולותי׳, יעדער שטעל בארץ הקודש וואָס השם האָט געגעבן אידן איצטער בנסים גלוים — איז, ח״ו, מבטל זיין, ר״ל, בנסי השם ובמתנתו.

יעדער שטעל איז אַ שטעל נעענטער און אַ חלק פון שלימות הארץ:

און דאָס דאַרף מען פאַרבינדן מיט שלימות העם ושלימות התורה — אַז אידן האַלטן גאַנץ א״י וואָס דער אויבערשטער אַליין האָט זיי אָפּגעגעבן ברשותם ובעלותם; און פילן איר אַן מיט תורה בשלימותה מיוסד אויף ירושלים (שתתפשט בכל א״י) ירא שלם[75], יראת השם בשלימותה, אַז אין גאַנץ א״י איז שלימות היראה,

[און ווי ס׳איז אויך געווען בפשטות, אַז דורך דער עלי׳ לרגל אין ירושלים זיינען אידן נתעורר געוואָרן צו יראת שמים[76]].

ופשיטא ניט אָפּגעבן דאָרט ח״ו אפילו אַ שטעל צו גוי׳אישקייט, ועאכו״כ — ניט צו אַ גוי כפשוטו.

יז. ואע״פ אַז עס זיינען פאַראַן די וואָס מאַכן אַלערליי חשבונות, מיט אמתלאות אויף להיפך ח״ו —

איז וויבאַלד דאָס איז פאַרבונדן מיט שלימות פון גוי קדוש, ארץ הקודש און תורה הקדושה — וואָס זיי זיינען פרושים[77], אָפּגעטיילט און העכער פון

---

69) שמעוני ישעי׳ רמז תקג.

70) וילך שם.

71) מגלה עמוקות אופן קפו.

72) להעיר מההלכות הקשורות בכל יושבי׳ עלי׳ (ראה ערכין לב, סע״ב. רמב״ם הל׳ שמיטה ויובל פ״י ה״ח. ועוד).

73) סנהדרין לז, א במשנה.

74) ראה לעיל ע׳ 418 ואילך. וש״נ.

75) תוד״ה הר — תענית טז, א. מב״ר פנ״ו, י. וראה לקו״ת ר״ה ס, ב. ובכ״מ.

76) תוד״ה כי מציון — ב״ב כא, א (בשם הספרי).

77) ראה פרש״י ר״פ קדושים.

אלע חשבונות, האָט מען די הבטחה אַז „הקדוש ב״ה עוזרו"[78] אַז מ׳זאָל קענען גיין און טאָן-און מצליח זיין העכער פון חשבון.

און נאָכמער: מ׳האָט געגעבן אידן דעם כח וברכה, אַז זיי זאָלן אַריינברענגען דעם „ופרצת"[79] וועלכן מ׳האָט געגעבן צו „זרעך"[79] פון יעקב׳ן צוזאַמען מיט „הארץ („כל ארץ ישראל") אשר אתה שוכב עלי׳"[80] — די פריצה פון יעדער מדידה והגבלה וחשבון

— אין עוה״ז הגשמי: דאַע״פ אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן דורך דעם אויבערשטן במדידה והגבלה, איז דאָס געווען על מנת אַז אַ איד דורך עבודתו אין אַן אופן פון „ופרצת", זאָל ער אַריינברענגען דעם „ופרצת" אין די מדידות והגבלות פון דעם עולם.

וואָס דאָס איז אויך מרומז בענין ירושלים: די שלימות פון ירושלים איז פאַרבונדן מיט מוקפת חומה דוקא (כנ״ל) — מדידה והגבלה; ולאידך, איז דאָ אין ירושלים דער כח פון למעלה ממדידה והגבלה[81] — וועלכער קומט בגלוי בפועל בגאולה האמיתית והשלימה ווען „פרזות תשב ירושלים"[82], און נאָכמער אַז ירושלים תתפשט בכל א״י.

יח. דער ענין הנ״ל איז אויך אַ הוראה אין עבודת ה׳ בכלל, ובפרט בימינו אלו:

אע״פ אַז מצות זיינען במדידה והגבלה דוקא: מצות תפילין (וואָס „הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[83]) — דאַרפן זיי זיין ד׳ פרשיות דוקא, ניט ג׳ אָדער ה׳, און (ווי דער אַלטער רבי ברענגט אַראָפּ[84]) „אצבעיים על אצבעיים" וכו׳; ועד״ז בנוגע לשאר המצוות —

מוז אָבער די עבודה גופא (שבמדידה והגבלה) געטאָן ווערן אין אַן אופן פון „בכל מאדך", „ופרצת", שלמעלה ממדידה והגבלה, כמבואר באריכה בכ״מ — אַז עס מוז זיין די עבודה פון „בכל מאדך"[85], סיי אין לימוד התורה, סיי אין קיום המצות, סיי אין עבודת התפלה.

און וויבאַלד אַז בזמן זה, אין דרא דעקבתא דמשיחא, סמוך ל„עלה הפורץ לפניהם"[86], איז די עבודה געוואָרן אַ הכרח וחיוב — גיט מען אויף דעם כוחות מיוחדים אויף קענען דאָס דורכפירן, אַז יעדע מצוה זאָל געטאָן ווערן אין אַן אופן שלמעלה ממדידה והגבלה.

* * *

יט. דער קשר מיוחד צווישן ענין הצום מיט דעם היינטיקן שיעור חומש:

ווי גערעדט פריער (סעיף ז־ח), איז די כוונה פון ענין הצומות (ניט צו אַריינפאַלן אין יאוש ח״ו, נאָר פאַרקערט) צו מוסיף זיין אין תקות הגאולה — און דער ענין איז מודגש סיי בהתחלת השיעור און סיי בסיומו:

גלייך בהתחלת השיעור (אויף „ואגידה לכם את אשר יקרא אתכם

78) ראה קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע״ב.

79) ויצא כח, יד.

80) שם, יג ובפרש״י.

81) להעיר מאבות (פ״ה מ״ה) לא אמר כר המקום שאלין בירושלים.

82) זכרי׳ ב, ח.

83) קידושין לה, א.

84) אגה״ק סי׳ יו״ד (קטו, א).

85) ואתחנן ו, ה. תו״א מקץ לט, ג. לקו״ת שלח מב, ג. דרמ״צ קס, ב. ובכ״מ.

86) מיכה ב, יג. ב״ר פפ״ה, יד וברש״י שם. אגדת בראשית ספס״ג.

באחרית הימים"[87]), איז רש"י — וואס ענינו איז פשוטו של מקרא — מפרש: "ביקש (יעקב) לגלות את הקץ" — די גאולה האמיתית והשלימה ("קץ" פון גלות, א גאולה שאין אחרי' גלות[88]);

און דער סיום פון דעם שיעור איז[89] "לישועתך קויתי ה'" — איז מפרש דעד תרגום ירושלמי ותרגום יונתן בן עוזיאל (מיוסד אויף תורה שבעל פה, וואס "תורה בפירושה ניתנה"[90]) — "אמר אבונן יעקב לא לפורקני' דגדעון בר יואש סכיית נפשי דהוא שעה, ולא לפורקני' דשמשון דהוא פורקן עביר, אלא לפורקנא דאמרת במימרך למיתי לעמך בני ישראל לי' לפורקנך סכיית נפשי"[91].

יעקב האט געזאגט (און דאס איז געווארן אן ענין נצחי און הוראה נצחית), אז "לישועתך קויתי ה'": דער "קויתי" איז ניט צו א ישועה וואס וועט קומען ע"י בשר ודם (גדעון, שמשון כו'), נאר — "לישועתך": די ישועה וואס וועט קומען פון אויבערשטן אליין, וואס ער אליין נעמט ארויס יעדער אידן פון גלות וכמש"נ[92] "ואתם תלוקטו לאחד אחד בני ישראל", דער אויבערשטער גייט מיט אידן אין גלות, און ער גייט ארויס פון גלות מיט זיי צוזאמען[93], ברענגט די גאולה אין אן אופן פון "לישועתך" (ע"ד ווי מ'זאגט יעדער טאג אין דאווענען (כנ"ל ס"ט) — לישועתך קוינו כל היום)*.

כ. די הוראה בנוגע לימינו אלו:

תורת אמת זאגט[94] "כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה". — די גמרא זאגט בפשיטות אז דער קץ איז שוין פון לאנג דא, מ'דארף נאר האבן דעם "שעתא חדא" ו"רגעא חדא"[95] — "שעה" מלשון "קער", איין קער[96] — פון תשובה.

און דער איין "קער" לה' ולתורתו ולמצותיו ברענגט דעם "לישועתך" אין אן אופן פון "מהרה תצמיח", מהרה ממש, "מיד" כפשוטו (שזהו לשון ההלכה).

כא. בפשטות:

וויבאלד אז "כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה" — דארף יעדער איינער תשובה טאן.

און כאטש עס קען זיין אזא וואס עם וועט זיך דוכטן אז תשובה איז א שווערע זאך און ניט יעדערער איז מוכן לזה וכו' — זיינען דאס אלע טענות של שקר שאין בהם ממש. פארוואס אין בהם ממש? דערפאר וואס "עמנו א-ל"[97], ובמילא איז יעדע עצה פון דעם יצה"ר "תופר"[97] — בטל מעיקרא[98]: יעדער איד האט א "חלק אלקה ממעל ממש", מ'דארף אים נאר מעורר זיין אז "אין הדבר תלוי אלא בתשובה".

---

87) מס, א.

88) ראה תוד"ה ה"ג ונאמר — פסחים קטז, ב.

89) מס, יח.

90) רמב"ם בהקדמתו לספרו יד החזקה.

91) כ"ה לשון הת"י. ובתיב"ע: אמר יעקב כד חמא ית גדעון בר יואש וית שמשון בר מנוח דקיימין לפרוקין לא לפרקני' דגדעון אנא מסכי ולא לפורקני' דשמשון אנא מודיק דפורקנהון פורקן דשעתא אלהין לפורקנך סכית ואודיקת ה' דפורקנך פורקן עלמין.

92) ישעי' כז, יב.

93) ראה מגילה כט, א. פרש"י נצבים ל, ג. ועוד.

*) כאן נתבאר פרש"י הנ"ל "בקש (יעקב) לגלות את הקץ" — נדפס לעיל ע' 228 ואילך.

94) סנהדרין צז, א.

95) זח"א קכט, א.

96) סה"מ קונטרסים ח"ג ע' קד. ח"ב שצו, ב.

97) ישעי' ח, י.

98) ראה שיחת י"ב אדר תשל"ט הערה 45 (לקו"ש חכ"א בהוספות).

און תשובה מיינט בפשטות — אז מ׳איז מחליט ביי זיך[99], אז אלץ וואס איז געווען עד עתה איז אן ענין פון עבר, ומכאן ולהבא וועט ער מקיים זיין דעם „אני נבראתי לשמש את קוני״,

כולל — מקיים זיין דעם „לישועתך קויתי ה׳״ — האפן אויף דער גאולה האמיתית והשלימה, און ארויסקוקן, אחכה לו בכל יום שיבוא״[100], ווי מ׳זאגט צוזאמען מיט דער בקשה „לישועתך קוינו כל היום״ — „את צמח דוד עבדך מהרה תצמיח״,

ובמילא טוט ער כל התלוי בו אויף צו אראפברענגען די גאולה — ובמיוחד דורך „עוסק בתורה ובגמ״ח ומתפלל עם הציבור״,

ובפרט אז אויף דער „עוסק בתורה ובגמ״ח״ ווערט געטאן „עם הצבור״[101] — ווי גערעדט כמה פעמים, אז מ׳זאל מצרף זיין צו דעם „מתפלל עם הציבור״ פון תפלת מנחה (די גרעסטע פון די ג׳ תפלות[102]), דעם ענין פון לימוד התורה ברבים און נתינת הצדקה ברבים,

און אלע פון „ציבור״ צוזאמען מאכן החלטות טובות בנוגע צו מוצאי צום העשירי וההמשך — ימים שלאח״ז

[אפילו ווען משיח קומט און „מיד״ — וועט אויך דערנאך זיין דער „עוסק בתורה ובגמ״ח ומתפלל עם הציבור״, ואדרבה — דעמאלט וועלן זיי זיין בשלימותם „במצות רצונך״[103]],

ובפרט אז מ׳איז מקשר די החלטות טובות מיט א מעשה בפועל, א מעשה גשמי, און נאך ביום הצום עצמו: מ׳איז מוסיף א שיעור אין תורה ברבים (נוסף אויף די שיעורים שלפנ״ז), מ׳מאכט די הכנות לתפלת ערבית צו מתפלל זיין עם הציבור ביתר שאת ויתר עז, און מ׳איז מוסיף אין „גדולה צדקה שמקרבת את הגאולה״[104] — און דאס אלץ ברבים,

איז דאס נאכמער ממהר דעם „קץ שם לחושך״[105], קץ הגלות — מ׳דארף נאר האבן דעם איין „קער״ להקב״ה ולתורתו ולמצוותיו בנ״ל — דער קץ איין אן אופן אז „וראו כל עמי הארץ״[106] אז משיח צדקנו קומט „נאו״ (אויך בלשונם),

און עאכו״כ אז „וראו״ די אידן כל ענינים הרוחניים והגשמיים שבזה.

כב. און דאס איז מעורר אז מ׳זאל שוין איצטער מקיים זיין מצות „כמצות רצונך״ אויף וויפל עס קען זיין איצטער, לערנען תורה „במצות רצונך״, און גמ״ח ומתפלל עם הצבור „כמצות רצונך״,

וואס דעמאלט ווערט „יהי רצון״ „עושין רצונו של מקום״, ווי חסידות טייטשט דאס[107] — אידן זיינען מעורר מאכן כביכול א רצון חדש למעלה,

ז׳כער איז דער רצון שלפנ״ז געווען באופן פון טוב הנראה ונגלה, טוב איז דאך אבער אין סופי — איז מען מחדש, אז די גאולה האמיתית והשלימה זאל זיין נאכמער טוב, און זי זאל זיין „נאו״, צו „האנשים והנשים והטף״,

---

99) ראה אגה״ת פ״א.

100) נוסח אני מאמין (ע״פ מש״נ חבקוק ב, ג).

101) ראה אגה״ק סכ״ג.

102) ראה ברכות ו, ב.

103) תפלת מוסף דשבת ויו״ט. וראה תו״ח דפרשתנו ויחי ד״ה אסרי לגפן (צה, א ואילך). המשך וככה תרל״ז פי״ז ואילך. ועוד.

104) ב״ב י, א. וראה תניא פל״ז (מח, ב ואילך).

105) איוב כח, ג.

106) תבוא כח, י.

107) אמרי בינה שער הק״ש פפ״ו. חינוך לאדהאמ״צ (בשעה״ת ח״ב) פמ״ט. וראה לקו״ת ברכה צט, ג. ובכ״מ.

און מ׳גייט „מיד״ אין ירושלים עיר הקודש, און מ׳זעט דארטן דעם „מקדש אדנ־י כוננו ידיך״[108],

108) בשלח טו, יז (ופרש״י שם). זהר ח״ג רכא, א. ועוד.

מ׳זעט בעיני בשר דעם קיום התפלה „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים״, במהרה בימינו ממש.

[טרם צאתו התחיל כ״ק אדמו״ר שליט״א לנגן „ווי וואנט משיח נאו״].



א. פותחין בדבר מלכות[1] - איז דאך ידוע דער סיפור פון דעם אלטן רבי'ן מיט זיין איייניקל, דער צ"צ (וואס "עטרת זקנים בני בנים"[2]), פארבונדן מיט פרשת ויחי:

כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט[3], אז ווען דער צ"צ איז געווען נאך בקטנותו, און האט געלערנט אין חדר דעם פסוק[4] "ויחי יעקב בארץ מצרים שבע עשרה שנה", האט אים זיין מלמד אפגעטייטשט, ע"פ פירוש בעל הטורים, אז יעקב אבינו האט געלעבט זיינע זיבעצן בעסטע יארן אין מצרים.

דערנאך ווען ער איז אהיים געקומען פון חדר, האט ער געפרעגט בא זיין זיידן, דער אלטער רבי [וואס לכאורה האט ער דאס דאך געדארפט פרעגן בא זיין מלמד, אעפ"כ האט ער אפגעווארט ביז ער איז אהיים געקומען, און געפרעגט באם אלטן רבי'ן]:

היתכן אז יעקב אבינו, בחיר האבות[5], זאלן זיינע בעסטע יארן זיין די זיבעצן יאר וואס ער האט געלעבט אין ארץ מצרים, ערות הארץ[6]?!

האט אים דער אלטער רבי געענטפערט: עס שטייט[7] "ואת יהודה שלח לפניו אל יוסף להורות לפניו גושנה", ואיתא במדרש[8] - מובא ברש"י - א"ר נחמי' להתקין לו בית תלמוד, שתהא שם תורה ושיהיו השבטים הוגים בהורה. "להורות לפניו גושנה" - אז מען לערנט תורה ווערט מען נענטער צום אויבערשטן ב"ה, און אויך אין מצרים איז געווען "ויחי", געלעבט.

וואס אין דעם סיפור זיינען דא כמה דיוקים, כמדובר כמה פעמים, אבער נקודת הענין בזה איז, אז דורך די "שבע עשרה שנה" וואס יעקב איז געווען אין מצרים האט ער זוכה געווען צו דער בחי' פון "ויחי", כיתרון האור מן החושך וכיתרון החכמה מן הסכלות[9].

ב. האמור לעיל, איז אויך פארבונדן מיט עשרה בטבת, וואס

- אין -

------------

1) שיחת י"ב תמוז תש"ח (נדפסה בסה"מ תש"ט ע' 199).
2) משלי יז, ו. וראה אבות פ"ו מ"ח. ב"ר פס"ג, ב.
3) "היום יום" ע' יב. וראה לקו"ש ח"י ע' 160 ואילך.
4) ריש פרשתנו. 5) שה"פ תולדות כז, כה. וראה ג"כ ב"ר פע"ח, א. זח"א קיט, ב. קמז, ב. 6) מקץ מב, ט. שם, יב.
7) ויגש מו, כח. 8) תנחומא באבער פרשתנו יב. יל"ש עה"פ (רמז קנב בסופו). וראה גם תנחומא שם יא. ב"ר פצ"ה, ג.
9) אוה"ת פרשתנו שנד, סע"א. וראה לקו"ש שם ע' 163 ואילך.

אין היינטיקן שבת איז דאך דער "ויכולו"[10], די על"י, פון עשרה בטבת:

מען האט געריעדט פריער[11], אז ענינו פון עשרה בטבת איז - אז דעמולט איז געווען דער אנהויב פון אלע ענינים בלתי רצויים שלאח"ז, וואס דעמולט איז "סמך מלך בבל נבוכדנאצר הרשע על ירושלים והביאה במצור ובמצוק"[12],

און דאס איז געווען "בחודש העשירי"[13], ווי דער פסוק[14] דופט אן עשרה בטבת "צום העשירי" (ווי די גמרא[15] זאגט אז "צום העשירי זה עשרה בטבת . . ואמאי קרי לי' עשירי, עשירי לחדשים"), און אין דעם צענטן חודש גופא איז עס געווען "בעשור לחודש"[13].

וואס דאס ווייזט אויף א ירידה גדולה ביותר[16]:

עשירי איז אלעמאל ענינו - קדושה[17], וכמבואר אין חסידות[18] וועגן יום הכפורים אז מעלתו איז - וואס ער איז "בעשור לחודש", און דערפאר איז ער א יום סליחת עונות -

און אין אזא יום נעלה, עשירי שבעשירי, איז געווען דער "סמך מלך בבל אל ירושלים"[19], א ירידה גדולה ביותר!

האט מען דעמולט[16] מבאר געווען בארוכה, אז דער גודל הירידה וואס איז דעמולט געווען - איז געווען צוליב דעם יתרון האור וואס וועט ארויסקומען פון דעם חושך.

ג. וואס דאס איז די שייכות פון עשרה בטבת מיטן סיפור הנ"ל:

דער ענין פון "סמך מלך בבל על ירושלים", דער מצור וואס נבוכדנאצר האט דעמולט געמאכט אויף ירושלים - איז בדוגמת ענין ארץ מצרים, וואס גלות מצרים איז דער ראש לכל הגליות, וכמרז"ל[20] "כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים ע"ש שהם מצירות לישראל",

און די כוונה בזה איז - אז עס זאל זיין דער יתרון

- האור -

------------

10) ל' הכתוב - בראשית ב, א. וראה אוה"ת בראשית מב, ב ואילך. 11) שיחת עשרה בטבת ס"ה. 12) רמב"ם הל' תעניות פ"ה ה"ב. וראה יחזקאל כד, א-ג. ר"ה יח, ב. 13) יחזקאל שם, א. 14) זכרי' ח, יט. 15) ר"ה שם. רמב"ם שם ה"ד. 16) ראה שיחה הנ"ל ס"ח. 17) ראה בחוקותי כז, לב. וראה זח"ב רעא, א. 18) ראה סידור רנט, ד ואילך. אוה"ת סוכות ע' א'תשנ ואילך. 19) יחזקאל שם, ב. 20) ב"ר פט"ז, ה. וראה רד"ה קול דודי הש"ט. לקו"ש חט"ז ע' 91 ובהערות שם.

האור מן החושך, ע"ד ווי עס איז געווען בא יעקב, אז דורך דערויף וואס ער איז געקומען אין מצרים האט דאס אים געבראכט צו "ויחי".

ד. האמור לעיל אז "ויחי יעקב" איז געווען דוקא אין מצרים מצד דעם ענין פון, יתרון האור מן החושך - איז דאס דער תכלית פון חיי האדם עלי אדמות.

והביאור בזה:

אלע אבות זיינען דאך די מובחרים שבבני אדם, וואס דערפאר ווערן זיי אנגערופן "אבות", און צווישן זיי גופא איז יעקב אבינו דער "בחיר שבאבות", און עס שטייט אין אגה"ק[21] אז נשמת יעקב איז כלולה מכל הנשמות שבישראל,

איז וויבאלד אז דער תכלית פון יעקב אבינו איז, כנ"ל - אויפצוטאן דעם ענין פון "ויחי" אין ארץ מצרים, כיתרון האור מן החושך - איז דערפון פארשטאנדיק, אז דער תכלית פון חיי האדם עלי אדמות איז אויך עד"ז, צו פועל'ן דעם "ויחי" דוקא אין אן ארט וואס איז בדוגמא צו ארץ מצרים.

ה. די הוראה דערפון:

ע"ד ווי בא יעקב האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון "ויחי" זייענדיק אין מצרים, עד"ז איז אויך אין איצטיקן זמן וואס איז בבחי' עקב (יעקב אותיות יו"ד עקב[22]) וואס איצטער איז דא מערניט ווי בחי' עקב שבנשמות[23], און דער זמן איז דער עקב שבהשתלשלות, עקבתא דמשיחא - טוט זיך אויף דער "ויחי" דוקא אין גלות, כיתרון האור מן החושך.

ד.ה. אז אע"פ אז דער ענין פון אור וכו' איז געווען, כמובן, אויך בזמן שבית המקדש הי' קיים, אויך פאר דעם זמן הגלות,

[ביז וואנעט אז אויף שלמה המלך שטייט[24] "וישב שלמה על כסא ה'", און "שלום ושקט אתן על ישראל בימיו"[25] - ביי אים זיינען געווען די בירורים בדרך מנוחה, די בירורים האבן זיך ביי אים אויפגעטאן ע"י התורה, מלמעלה למטה[26], וכמבואר אין ד"ה פדה בשלום פון דעם מיטעלן רבי'ן[27] (כמוזכר י"ט כסלו[28])];

- אעפ"כ -

------------

21) ס"ז (קיא, סע"ב). 22) תו"א ד"פ ויצא. ובכ"מ. 23) ראה תניא פ"ב (ו, ריש ע"ב). וראה קצוה"ע לתניא כאן (ע' עט). 24) דה"א כט, כג. 25) שם כב, ט. 26) ראה סה"מ תרנ"ט ע' קסב ואילך. הש"ד ע' 106 ואילך. 27) נדפס בשערי תשובה מט, א ואילך. 28) בד"ה פדה בשלום. וראה גם ד"ה זה דיום ג', ט"ב כסלו (נדפס בקונטרס "סיום והכנסת ספר תורה").

אעפ"כ איז דערנאך געווארן דער ענין הגלות, אנהויבנדיק פון דעם וואס עס האט פאסירט בעשירי פון חודש העשירי, וואס אפילו רעכענענדיק פון חורבן בית שני איז שוין העכער 1900 יאר גלות [אע"פ אז במשך זמן הגלות זיינען געווען תנאים ואמוראים כו' (כמבואר מעלחם אין "מענה לשון" און אין תו"א פ' שמות[29]], און רעכענענדיק פון נאך פריער, פון זמן חורבן בית ראשון, זיינען געווען דערצו 70 יאר פון גלות בבל, און נאך פריער איז געווען דער ענין פון גלות מצרים -

ווארום דוקא דורך גלות ווערט אויפגעטאן דער יתרון האור מן החושך; עס ווערט אויפגעטאן נאך מער אור ווי בזמן שבית המקדש הי' קיים.

ו. ובנוגע לפועל:

בזמן הגלות דארף זיין דער ענין פון "ויחי יעקב", עס דארף זיין "ויחי", געלעבט, מיט חיים אמיתיים, אין אלע ענינים: לערנען תורה (וואס אויף איר שטייט "כי הם חיינו ואורך ימינו") מיט א חיות, ועד"ז מקיים זיין מצוות (עליהם נאמר[30] "וחי בהם") מיט א חיות.

און דער "ויחי" (דער חיות) זאל דורכנעמען אויך די ענינים שבבחי' "עקב", וכידוע דער פירוש פון ר"ק מו"ח אדמו"ר[31] אויף "עקב אשר שמע אברהם בקולי גו'"[32], אז אויך דער עקב זאל ווערן א חסידישער.

וואס בזמננו איז א הכרח לכל זה דער לימוד פון פנימיות התורה, וואס דאס איז אויך מרומז אין המשך הכתוב פון "עקב אשר שמע אברהם בקולי" - "וישמור משמרתי מצותי חקותי ותורותי", וואס "תורותי" לשון רבים גייט בפשטות אויף תושב"כ און תושבע"פ[33]; דאס האט אבער אויך דעם פירוש אז דאס גייט אויף נגלה דתורה און פנימיות התורה.

והביאור בזה:

אמאל האט מען ניט געדארפט אנקומען און עס איז ניט געווען אזוי בהכרח דער לימוד פון פנימיות התורה, און פנימיות התורה איז ניט געווען בגלוי "כ"א ליחידי סגולה"[34]; בזמננו אבער האט מען עס מגלה געווען בגלוי פאר יעדערן,

- וכמבואר -

---

29) מט, סע"ב ואילך. 30) אחרי יח, ה. 31) "התמים" חוברה ו ע' נב ואילך [רצג, ג ואילך]. סה"מ תש"ח ס"ע 253 ואילך. 32) תולדות כו, ה. 33) יומא כח, ב. ב"ר פס"ד, ד. פרש"י עה"פ. 34) אגה"ק סכ"ו (קמה, ב).

וכמבואר אין קונטרס עץ החיים[35] דער הכרח אין לימוד פנימיות התורה בכדי אז דער לימוד התורה און קיום המצוות זאלן זיין כדבעי, און ביז אין אן אופן פון בזבוז,

וכמבואר אין דרושי ההילולא דיו"ד שבט[36] אז צוליב נצחון המלחמה איז דער מלך מבזבז זיינע אוצרות, וואס עד"ז איז אויך בנוגע צו פנימיות התורה וואס נתגלתה בדורות אלו האחרונים דוקא.

און ווי דער משל וואס דער אלטער רבי האט געגעבן אויף ענין החסידות[37], פון אן אבן טוב שבכתר המלך, און נאך דער אבן אויף וועלכן עס הענגט אפ דער יופי וחשיבות הכתר, און מען צוזייבט דעם אבן טוב, טאמער וועט איין טפה אנקומען למקום הראוי, און פועל זיין פעולתה.

ז. ומכל הנ"ל איז מובן, אז עס פאלן אראפ די אלע שוועריקייטן וקושיות וספקות וכו' אין דעם ענין הגלות - וואָרום דער תכלית פון אריכות הגלות וכו' איז, כנ"ל - צו אויפטאן דעם יתרון האור מן החושך.

וכידוע דער משל (געבראכט אין המשך תרס"ו[38]) מיטן בן מלך וואס מען שיקט אים למרחקים - וואס דוקא דורך דעם ווערט דער יתרון האור.

ובפרט דאס וואס מען איז מגדיל און מגזים אין די שוועריקייטן, ווען ס'איז באמת קיין מציאות ניט, עס איז מערניט ווי "צל ההרים"[39] - עס איז נאר א צל פון הרים, און קיין הרים זיינען ניטא,

וואס דאס קומט פון דעם יצר הידוע, וואס "נדמה להם כהר"[40],

וואס אויך עד סוט דאס נאר בכדי ארויסצורופן דעם יתרון האור מן החושך, וואס דעמולט (בשעת ער פועל'ט דער יתרון האור מן החושך) איז בא על שכרו, כמבואר אין תניא[41].

און אויך די ענינים וואס זיינען לכאורה באמת שווער וכו' - איז, כנ"ל, פאלן אראפ די אלע שוועריקייטן, וואָרום דאס איז צוליב דעם יתרון האור מן החושך.

וואס בשעת מען ווייס כל זה - גיט עס צו אז מען זאל

- טאן -

------------

35) פי"ג ואילך. 36) ד"ה באתי לגני חש"י ספי"א ופי"ט (סה"מ הש"י ע' 132. שם ע' 154). 37) "התמים" חוברת ב ע' מט [עב, א-ב]. 38) ס"ע שפא ואילך. 39) ראה שופטים ט, לו. 40) סוכה נב, א. 41) ספ"ט.

טאן בכל הענינים ביתר שאת וביתר עז, בכדי אויפצוטאן דעם יהרון האור מן החושך.

ח. כאמור לעיל, איז אין דעם שבת דער "ויכולו", די עלי׳, פון עשרה בטבת, וואס דערפאר איז כאן המקום צו משלים זיין די ענינים וואס מען האט גערעדט עשרה בטבת,

און משלים זיין אין די ביידע פירושים שבזה[42]:
א) להשלים (דערגענצן) את החסר (דאס וואס מען האט, מאיזה טעם שיהי׳, ניט פארענדיקט), ע"ד "די מחסורו אשר יחסר לו"[43],
ב) אויך אין די ענינים וואס זיינען ניט חסר - צוגעבן אין זיי נאכמער שלימות, ע"ד ווי "לעשרו"[44].

וואס דאס איז - בנוגע צו דעם וואס עס האט זיך גערעדט (בעשרה בטבת) אין דעם וואס רש"י[45] זאגט "ביקש לגלות את הקץ".

וואס אין דעם ביאור וואס מען האט גערעדט, זיינען דא כמה שאלות (אויסער די שאלות וואס מ׳האט געפרעגט) ביז צו א "קלאץ קשיא" וואס קיינער איז אויף דערויף ניט געפאלן.

[מען זאגט דא בדיוק דעם לשון "געפאלן" - ווארום א קשיא איידער מען איז איר מתרץ איז די אן עניך פון ירידה].

וואס דאס וואס קיינער איז ניט געפאלן אויף דער "קלאץ קשיא" - ווייזט דאס אויך אויף דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, אע"פ אז דאס איז דערפאר וואס מען ליגט אין טיפע סברות, און מען טענה׳ט אז די "קלאץ קשיא" איז שייך צו נשים און צו קטנים -

אבער קטנים - זיי ארט די שטורעם׳דיקע קשיא (אין פרש"י הנ"ל) וואס מען האט געפרעגט (בהשיחה דעשרה בטבת), און זיי ארט אויך די "קלאץ קשיא" אויף דעם ביאור וואס מען האט דעמולט גערעדט.

- השאלות נדפסו להלן ס"כ.

ט. נוסף על הנ"ל זיינען דא כמה דיוקים אין פירוש רש"י:

אין אנהויבס סדרה זאגט רש"י: "ביקש לגלות את הקץ לבניו ונסתם ממנו. בבראשית רבה".

עד"ז זאגט רש"י אין אנהויבס "רביעי": "ביקש לגלות את

- הקץ -

------------

42) ראה לקו"ת ראה ל, רע"ג. אוה"ת לך לך עז, א-ב. וראה מכתב כללי דח"י אלול ה׳תשל"ח. 43) ראה טו, ח. וראה כתובות סז, ב. פרש"י עה"פ. 44) ל׳ הגמרא שם. וראה גם פרש"י שם. 45) פרשתנו מז, כח. מט, א.

הקץ ונסתלקה ממנו שכינה והתחיל אומר דברים אחרים".

וואס דער ענין איז דא סיי אין גמרא פסחים[46] און סיי אין בראשית רבה[47],

און ווי ער זאגט ווייטער אין ב"ר[48] אז "שני בני אדם נגלה להם הקץ וחזר ונתכסה מהם, ואלו הם יעקב ודניאל",

לייגט זיך בפשטות, אז מיט דעם וואס רש"י ברענגט אין זיין ערשטן פירוש א מקור, "בבראשית רבה" - מיינט ער דערמיט שולל זיין אן אנדער מקור - די גמרא אין פסחים; און אין צווייטן פירוש זאגט רש"י ניט דעם מקור "בבראשית רבה", ווארום דארטן ברענגט ער פון גמרא פסחים.

איז אבער ניט פארשטאנדיק:

א) פארוואס איז רש"י מוסיף אין זיין ערשטן פירוש דעם ווארט "(ביקש לגלות את הקץ) לבניו" און אין צווייטן פירוש זאגט ער עס ניט?

ובפרט, אז דער לשון "לבניו" שטייט דוקא אין גמרא פסחים, און אין בראשית רבה שטייט עס ניט - איז פארוואס דוקא אין דעם ערשטן פירוש איז רש"י מוסיף אויפן לשון המדרש און שרייבט "לבניו", און אין צווייטן פירוש איז ער דאס משמיט?

ב) וואס איז דער חילוק וואס אין ערשטן פירוש זאגט רש"י "ונסתם ממנו" און אין צווייטן פירוש זאגט ער "ונסתלקה ממנו שכינה"?

וואס דער חילוק צווישן "ונסתם ממנו" מיט "ונסתלקה ממנו שכינה" איז (ניט נאר א חילוק אין לשון, נאר אויך) א חילוק אין תוכן: "ונסתלקה ממנו שכינה" מיינט (ניט אז ער אליין האט אויך ניט געוואוסט דעם קץ, נאר) אז יעקב האט אויך ווייטער געוואוסט דעם קץ, נאר "נסתלקה ממנו שכינה" - האט ער דאס ניט מגלה געווען לבניו,

און ווי די גמרא זאגט טאקע אין פסחים (וואו דער לשון איז "נסתלקה ממנו שכינה") אז "ביקש יעקב לגלות לבניו קץ הימין ונסתלקה ממנו שכינה, אמר שמא ח"ו יש במטתי פסול כו' אמרו לו בניו שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד (וואס "שמע ישראל" - "לאביהם היו אומרים"[49]) . . באותה שעה פתח יעקב אבינו ואמר ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד",

דאס הייסט, אז יעקב האט חושש געווען אז זיינע זין

- זיינען -

------------

46) נו, א. 47) ריש פרשתנו. 48) פצ"ח, ב.
49) פרש"י ד"ה שמע ישראל - פסחים שם.

זיינען אפשר ניט ראוי צום גילוי הקץ, אבער ביי אים איז נאך געבליבן די ידיעה אין דעם קץ אויך לאח"ז.

ג) וואס דארף רש"י מוסיף זיין אין צווייטן פירוש "והתחיל אומר דברים אחרים" - מען זעט עם גלייך אין המשך הכתובים?

י. וואס מען וואלט געקענט זאגן אז אין דעם צווייטן פירוש האט רש"י חוזר געווען פון דעם ערשטן פירוש, אבער כדי צו ניט דארפן אנקומען צו דעם, קען מען זאגן אויף צוויי אופנים:

א) רש"י בתחלת הסדרה זאגט צוויי פירושים אויף צו פארענטפערן "למה פרשה זו סתומה", און דער פירוש "שביקש לגלות את הקץ לבניו ונסתם ממנו" - איז דער צווייטער פירוש, וואס דערפון קומט אויס אז לויט דעם ערשטן פירוש קען מען זאגן אז עס איז ניט געווען דער ענין פון "ונסתם ממנו" -

איז אין דעם צווייטן פירוש (בתחלת פרשה רביעי) - גייט רש"י לויט דעם ערשטן פירוש (אויף "למה פרשה זו סתומה") אין תחלת הסדרה, און דערפאר זאגט ער נאר "ונסתלקה ממנו שכינה".

ב) רש"י (האלט ניט אין איין פירוש אנדערש ווי אין דעם צווייטן פירוש, נאר ער) איז אין יעדער אדט מפרש נאר המוכרח אין פשוטו של מקרא אין דעם אדט.

וכפי שיתבאר לקמן.

יא. ובנוגע לענינגו - איז דא די הוראה הנ"ל פון תורת כ"ק אדמו"ר הזקן, אז אפילו בשעת מען געפינט זיך אין גלות דארף זיין דער "ויחי יעקב", ווארום די מטרה פון גלות איז - אויפצוטאן דעם "יתרון האור מן החושך", כנ"ל.

וכנ"ל, אז פותחין בדבר מלכות, מיט דער תורה פון דעם אלטן רבי'ן, ובפרט אז איצטער איז חודש טבת אין וועלכן עס איז דער יום ההילולא שלו (כ"ד טבת),

ובנ"ל, אז די תורה פון דעם אלטן רבי'ן איז געקומען אלס ענטפער אויף דער שאלה פון דעם צמח צדק, וואס ענינו איז - "עטרת זקנים בני בנים" (ווי עס שטייט אין משנה[50] "כולם נתקיימו ברבי ובבניו");

וכידוע וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט געזאגט[51] וועגן דער

- שיירות -

------------

50) אבות פ"ו מ"ח. 51) ראה ספר התולדות אדמו"ר הצ"צ ע' 30 ואילך. וש"נ.

שייכות פון דעם צמח צדק מיט דעם אלטן רבי'ן, און ווי מען זעט עס אויך פון די דרושים פון צמח צדק וואס זיינען מבאר די דרושים פון דעם אלטן רבי'ן,

און אויך אין עניך הספירות איז ידוע[52] אז דער אלטער רבי איז חכמה, דער מיטעלער רבי איז בינה און דער צמח צדק איז דעת, וואס דערפון קומט אויס, אז אין די ביאורים וכו' פון צמח צדק אויף די דרושים פון דעם אלטן רבי'ן - קומט-צו דער אויפטו פון דעת: הרגשה[53], דעת אמיתית, ביז - הכרה אמיתית.

ובפרט אז די תורה הנ"ל איז איבערגעגעבן געווארן (פון דעם אלטן רבי'ן צום צמח צדק און דערנאך) דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר, על מנת להדפיסה.

וואס די תורה הנ"ל איז געזאגט געווארן בשייכות צו גלות מצרים, ועאכו"כ אין דעם איצטיקן גלות, וואס שכינתא בגלותא[54], און ער איז א חושך כפול ומכופל, וואס מען דארף אויף דעם ניט האבן קיינע ראיות -

דארף איצטער במכ"ש זיין די עבודה פון "ויחי יעקב", און מצד דעם וואס דער חושך איז גרעסער - ווערט נאכמער אויפגעטאן דער יתרון האור,

און דאס גופא וואס מען געפינט זיך אין א חושך כפול ומכופל - איז א הוכחה אז מען האט די כחות צו אויפטאן דעם יתרון האור, און דאס גופא גיט דעם כח און מעגליכקייט און עידוד אויף אויפצוטאן דעם "ויחי יעקב", דעם יתרון האור מן החושך.

יב. וואס דאס איז די הוראה לפועל - אויפצוטאן דעם "ויחי יעקב", דורך הפצת המעיינות חוצה, די מעיינות פון בעש"ט, און ווי די מעיינות זיינען דערנאך אראפגעקומען, אין אן אופן פון "יתפרנסון"[55], אין תורת חסידות חב"ד דורך דעם אלטן רבי'ן[56], און "יפוצו מעינותיך חוצה"[57], אז די מעיינות זאלן אנקומען אויך אין חוץ[58],

און טאן במיוחד די שליחות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר (וואס דורך אים האט זיך אפגעדרוקט די תורה הנ"ל, כנ"ל ס"א) וואס

- ער -

------------

52) סה"ש תש"ב ע' 19. תש"ה ע' 60. 53) תניא פמ"ו (סו, ריש ע"ב). תו"א ר"פ משפטים. ועוד. 54) ראה מגילה כט, א. 55) ל' התקו"ז ת"ו בסופו. וראה הקדמת מקדש מלך לזהר. כסא מלך לתקו"ז שם. 56) ראה לקו"ש ח"ד ע' 206. 57) ראה אגה"ק דהבעש"ט - נדפסה בכש"ט (הוצאת קה"ת) בתחלתו. 58) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1119-1120 ובהערות שם.

ער האט ארויפגעלייגט אויף יעדערן פון אונז, אויך אויף דעם וואס "בשם ישראל" איז נאר "יכונה"[59] - צו טאן אין הפצת היהדות.

וואס דורך הפצת המעיינות חוצה קומט מען צו צו דעם "ואנכי אעלך גם עלה"[60].

ווי עס איז מבואר אין חסידות[61] אז דער פסוק, וואס שטייט בנוגע צו יציאת מצרים, איז אויך מרמז צו דער גאולה העתידה, ווארום "וגם עלה" איז מרבה נאך אן עלי׳, די עלי׳ וואס וועט זיין לע"ל (און אויך בפשטות אין לשון ההלכה איז "גם" מרבה נאך אן ענין).

יג. וואס כל הנ"ל איז אלעמאל בזמן הגלות, ועאכו"כ איצטער וואס "כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה"[62], איז דורך דעם וואס מען טוט תשובה ווערט דער "מיד הן נגאלין"[63] (און "מיד" בלשון ההלכה),

בבנין ביהמ"ק השלישי, "מקדש אד׳ כוננו ידיך"[64], וואס דעמולט וועט זיין די גאולה פון גלות פון אלע דורות הקודמים (ווארום דעמולט וועט זיך אויפטאן דער תכלית אין "יתרון האור מן החושך" וואס ווערט אויפגעטאן דורך אדיכות הגלות).

ועאכו"כ בתקופתנו אנו - ווארום יעדער זמן האט זיך זיין "עביד עבידתי׳"[65], און דער "עביד עבידתי׳" פון אונזער תקופה איז - אראפצוברענגען משיח׳ן "נאו"[66]!

וואס דאס איז (ווי דער רמב"ם[63] זאגט) א דרך פשוטה ודרך קצרה, און "קרוב אליך הדבר מאד בפיך ובלבבך לעשותו"[67].

וואס דערפאר דארף מען טאן בדברים העומדים ברומו של עולם, אנהויבנדיק פון ענינים העומדים ברומו של עולם שלו, ובמיוחד אין דער שליחות וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט ארויפגעלייגט אויף יעדערן, ובעיקר - אין מצוות מעשיות ("עקב"),

און מצד דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[68] דארף מען דאס פועל זיין אויך אויפן זולת.

- און -

------------

59) לשון כ"ק אדמו"ר הריי"צ במכתבו - נדפס בסה"מ תרפ"ח ע׳ קמו ואילך. הש"ח ע׳ 263 ואילך. 60) ויגש מו, ד. 61) הו"א ר"פ שמות. תו"ח שם (כה, א ואילך). 62) סנהדרין צז, ב. 63) רמב"ם הל׳ תשובה פ"א ה"ז. 64) בשלח טו, יז. וראה בהנסמן בלקו"ש חי"א ע׳ 185 הע׳ 39. 65) ל׳ הזהר ח"ג צד, ב. 66) ראה שיחת יום ד׳, כ"ה כסלו, אור לב׳ דחנוכה. 67) ל׳ הכתוב - נצבים ל, יד. 68) קדושים יט, יח.

און פון מבצע אהבת ישראל - דערנאך שאר המבצעים: חינוך, תורה, תפילין, מזוזה, צדקה, בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳, נרות שבת קודש, כשרות האכו"ש און טהרת המשפחה.

און טאן די אלע ענינים אין אן אופן פון "מאפארא דא פלאחא"[69],

יד. וואס דורך דעם ווערט דער "מיד הן נגאלין", בשעתא חדא וברגעא חדא.

און פון פ׳ "ויחי יעקב" קומט מען דערנאך צו "ואלה שמות בני ישראל הבאים מצרימה ראובן שמעון וגו׳" (וואס מען גייט דאס לערנען אין דעם זמן פון רעוא דכל רעוין), און ווי עס שטייט אין מדרש[70] אז "ראובן ושמעון נחתין, ראובן ושמעון סלקין", וואס עד"ז וועט זיין אין דער גאולה העתידה לבוא.

און "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[71] וועט מען גיין לקבל פני משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

טו. דובר בענין כתיבת הערות (על השיחות) בקובצים, וכן בביאור הערה בקונטרס "הערות התמימים ואנ"ש" - מאריסטאון, ויחי גליון טז (קצא) (על המבואר בלקו"ש ח"ד פ׳ תבוא בענין "והלכת בדרכיו") - חסר.

טז. בנוגע צו די מראי מקומות און הערות אין די שיחות,

וואס דער עצם ענין פון מציין זיין מאמרי חז"ל, איז ניט כדעת ההמון וואס ווילן זאגן אז מען וויל ווייזן למדות וכו׳ - מען ליגט ניט אין אזעלכע ענינים, ועאכו"כ בשעת עס איז נוגע צו מדפיס זיין,

נאר דער ענין פון מראי-מקומות איז - בכדי אז בשעת׳ן לערנען זאל מען קענען אריינקוקן אין די ערטער וואס מען צייכנט אן, וואס דורך דעם וועט פארברייטערט ווערן און עס וועט צוקומען אין הבנת הענין וכו׳,

וואס רובם ככולם (אדער כולם) פון די ענינים וואס רעדן זיך זיינען גענומען פון דברי רבותינו נשיאינו, און פון תושב"כ און תושבע"פ און מדרשים וכו׳ -

- איך -

---

69) ספר התולדות אדמו"ר מהר"ש (לכ"ק אדמו"ר שליט"א) ע׳ 69. סה"ש תש"ד ע׳ 104. 70) ויק"ר פל"ב, ה. שהש"ר פ"ד, יב. ועוד. 71) ל׳ הכתוב - בא י, ט.

איך האב כמה פעמים געזאגט אז עס איז לאו דוקא אז איך אליין דארף אויפפעפענען דעם קונקורדנצי' לתנ"ך צי דעם מפתח מאמרי רז"ל, און מציין זיין די מראי-מקומות - דאס קען טאן אויך אן אנדערער (אויב ער וויל זיך פארלאזן אויפן קונקורדנצי' אז עס איז דארטן געדרוקט ריכטיק), און מ'פארלאזט זיך אויף אים אז מסתמא האט ער מעתיק געווען אן א שגיאה.

יז. פארוואס האב איך ניט מפרסם געווען ביז יעצט אז איך בין ניט דער וואס שרייבט די מראי-מקומות?

איז דא א דוגמא אויף דעם פון ביהמ"ק (וואס כאטש אז ח"ו צו גלייכן זיך צו דוד ושלמה און צום ביהמ"ק - איז אבער אלס א דוגמא):

בא בנין ביהמ"ק האבן געארבעט "שלשים אלף איש"[72] וכו', און עס האבן אויך געהאלפן גוים, חירם מלך צור וכו'[73], און עס זיינען געווען כמה מיני עבודות, ברענגען העלצער וכו' און די אלע עבודות האבן גענומען א משך זמן, און אעפ"כ רופט מען דאס ניט אן על שמם נאר ע"ש דוד ושלמה, און מען זאגט אז אן זיי קען גארניט זיין דער בנין הבית.

ועד"ז בעניננו: כאטש אז איך בין ניט דער וואס שרייבט די מראי-מקומות - אעפ"כ בין איך דאס ניט מחוייב צו מפרסם זיין.

ובפרט אז מזמן לזמן איז מען מגי' די מראי-מקומות, איז אע"פ אז מען איז דאס ניט אלעמאל מגי', היות אבער אז מזמן לזמן איז מען מגי' - קען מען זיך פארלאזן אויף דער חזקת כשרות[74] פון די וואס שרייבן דאס.

יח. וואס עפ"ז לכאורה ווי קומט אז מען זאל טאקע מאכן טעותים אין אזעלכע ענינים?

איז דאס דערפאר וואס בא אים פעלט דער "הקב"ה עוזרו"[75],

פארוואס פעלט דאס ביי אים - דערפאר וואס ער איז א גאנצע מציאות, ער איז א גבה לבב, א בעל גאוה - אזוי ווי עס שטייט אין פסוק[76] "גבה עינים . . אותו לא אוכל"!

און ווי ער זאגט אין גמרא[77] אז דער אויבערשטער זאגט אז מיט א גבה לבב, מיט א בעל גאוה - איז "אין אני והוא יכולין לדור בעולם"!

- און -

------------

72) מ"א ה, כז. 73) שם, טו ואילך. 74) ראה רמב"ם הל' קדה"ת פ"ב ה"ב. 75) ראה קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב. 76) תהלים קא, ה. 77) סוטה ה, א.

און מה-דאך אז דער אויבערשטער זאגט אזוי - איז עאכו"כ אזוי ביי א בשר-ודם!

ער איז א גאנצע מציאות, ס'איז גארניט שייך עפעס אן אנדער מציאות, ס'איז ניטא קיינער חוץ אים, ווארום ער איז די גאנצע מציאות!

ובמילא גייט ער ארום און דערציילט אלעמען אז ער איז דער וואס האט דאס געמאכט,

ווארום אזוי ווי ער איז א כסיל - לויפט ער ארום און איז מפרסם קלונו ברבים!

וואס אין דעם ענין זיינען דא, כידוע, צוויי שיטות:

איין שיטה וואס האלט אז עס איז גוט אז עס זאל נתגלה ווערן קלונו ברבים, ווארום דורך דעם וועט מען וויסן מיט וועמען מ'האט צוטאן,

א צווייטע שיטה, ווי דער אלטער רבי זאגט אין אגה"ק[78], אז "אף שהוא כסיל לא יהי' מרים קלון שיהי' נראה הקלון לעין כל"! ווארום הגם אז בנוגע אלעמען איז דא א מעלה, איז אבער בנוגע אים אליין בעסער אז ער בלייבט פארבאהאלטן.

קענטיק אבער אז ער האלט פון דער ערשטער שיטה [מ'דארף דאך דן זיין לכף זכות[79]], טוט ער דאס לטובת הרבים,

אבער פאר דיר אליין! אז דו ביסט א כסיל - דארפסטו נאך זיין אזא כסיל אז עס זאל נתגלה ווערן קלונך ברבים?!

יט. ובענין המראי-מקומות - ניט איך מאך די מראי-מקומות, איך בין נאר מגי', און נאר מזמן לזמן - אמאל יע און אמאל ניט.

[וואס ביז יעצט האב איך דאס ניט געזאגט ברבים, נאר מען האט מיר מכריח געווען אז איך זאל ניט האבן קיין ברירה און דאס מפרסם זיין ברבים].

וכאמור לעיל, די אלע וואס האבן וואס צו פרעגן זאלן אריינשרייבן אין די קובצים, און פרעגן בא מיר נאר פאר דעם וואס מען האט געמאכט די רשימה בכדי צו אריינשטעלן דעם מענה אין דער רשימה, אבער לאח"ז זאל מען דאס אריינשרייבן אין די קובצים, אויף צו באקומען אן ענטפער, צי צוליב דעם עצם ענין פון זיין קלאר אז מען האט א קשיא, צי אויף משנה זיין וכו'.

- וואס -

---

78) סכ"ד (קלח, דע"א). 79) ראה אבות פ"א מ"ו.

וואס דערפאר זאל מען אריינשרייבן אלע שאלות אין די קובצים הנ"ל, מיטן נאמען. און אויב ער וויל אָן א נאמען, ווייל ער איז א הצנע לכת[80] - זאל ער שרייבן אָן א נאמען.

וואס דער עצם ענין פון שרייבן דארטן איז כמאמר חז"ל[81] "הרבה קבלתי מרבותי הרבה קבלתי מחברי" - דער ענין פון פלפול חברים[82].

ויישר חילם ותבוא עליהם ברכה פון די אלע וואס שרייבן אין די קובצים און קאכן זיך אין דברי רבותינו נשיאינו.

כ. כאן המקום להשלים דעם ביאור (וואס מען האט גערעדט עשרה בטבת) אין דעם וואס רש"י זאגט [בתחלת הסדרה און אויך אין דער התחלה פון "רביעי"[83] (דער שיעור חומש פון עשרה בטבת שנה זו)] "ביקש לגלות את הקץ". וואס אין דעם האט מען געפרעגט:

א) ס'איז דאך זיכער, אז מיט זיין וועלן מגלה זיין דעם קץ, איז יעקב אבינו געוועו אויסן (ניט צו באווייזן ח"ו זיין גדלות, אז ער ווייס דעם קץ, נאר) בכדי אז דורך דעם זאל ארויסקומען א טובה פאר אידן. דארף מען פארשטיין: וואס פאר א תועלת וואלט ארויסגעקומען צו אידן דורך דעם וואס זיי וואלטן געוואוסט דאמאלס דעם קץ?

ב) די קשיא איז גאר שטורעמדיק:

אויב יעקב וואלט מגלה געוועו דעם קץ, אז ער וועט זיין ערשט אין טויזנטער יארן שפעטער (ווי מען זעט עס איצטער[84], אז מען געפינט זיך אין עשירי בטבת שנת ה' אלפים תשמ"א ועדיין לא בא) - וואלט עס ניט נאר ניט געבראכט קיין הועלת, נאר אדרבה: דאס וואלט גע'פועל'ט אין אידן א מורא'דיקן שבירת הרוח און צובראכנקייט!

און מען האט עס פארענטפערט ע"פ דרשת רז"ל[85] עה"פ[86] "תביאמו ותטעמו בהר נחלתך מכון לשבתך פעלת ה' גו'", אז אילו זכו וואלט דער אויבערשטער געבראכט אידן (בעת יציאת מצרים) אין "מכון לשבתך פעלת ה'", וואס אין "בנינא דקוב"ה" איז ניט שייך קיין חורבן (וגלות), און דאן וואלט די גאולה

- פון -

---

80) ל' הכתוב - מיכה ו, ח. 81) ראה תענית ז, א.
82) ראה אבות פ"ו מ"ו. 83) מט, א. 84) וגם בזמן רש"י (נפטר ד' אלפים תתסה - סדה"ד בערכו) עברו כבר יותר מב' אלפים ושש מאות שנה מעה שביקש יעקב לגלות את הקץ - וא"כ הו"ל לרש"י באווארענען הקושיא שבפנים. 85) זח"ג רכא, א.
86) בשלח טו, יז.

פון גלות מצרים געווען (אויך) די גאולה האמיתית והשלימה שאין אחרי' גלות[87]. וואס עפ"ז קומט אויס, אז דער קץ וואס איז באשטימט געווארן (אילו זכו) איז - דער זמן פון יציאת מצרים.

ועפ"ז יש לומר דעם פירוש פון "ביקש לגלות את הקץ": אז ער האט געוואלט מגלה זיין דעם קץ ווי ער איז געווען דעמולט (ווען "ביקש לגלות"),

און די התעוררות וואס וואלט געווען דורך די הודעה (וואס יעקב וואלט מגלה געווען צו אידן) אז דער קץ (די גאולה שלימה שאין אחרי' גלות) איז גאר נאענט - וואלט זיי געבראכט צו מוסיף זיין אין עבודת ה' (כדלקמן סכ"א), צו א מצב פון "זכו" און שולל געווען דעם "ארגיזו קמי' במדבר"[88],

ובמילא - וואלט דער קץ וועלכן יעקב האט געוואלט מגלה זיין (בלויז קארגע צוויי הונדערט יאר[89] פון די צייט וואס ביקש לגלות את הקץ) געווען טאקע בפועל.

כא. דער[90] טעם פון דעם וואס דער "לגלות את הקץ" וואלט זיי געבראכט צו מוסיף זיין בעבודתם [הגם לכאורה: אויב יעקב וואלט מגלה געווען דעם קץ, וואלט לכאורה סיי-ווי געווען די גאולה שלימה אין דעם זמן] יש לבאר בשני אופנים[91] -

[און רש"י דארף עס ניט מפרש זיין ווייל דער בן חמש למקרא פארשטייט מעצמו (בײדע אופנים) פון דעם וואס ער האט געלערנט אין פרש"י לפנ"ז]:

א) אויפן פסוק[92] "קטנתי מכל החסדים" זאגט רש"י, אז כאטש יעקב האט געהאט א הבטחה פון דעם אויבערשטן, פונדעסטוועגן האט ער מורא געהאט "שמא משהבטחתני נתלכלכתי בחטא ויגרום לי כו'".

פון דעם איז פארשטאנדיק בעניננו: אז אויב יעקב וואל' מגלה געווען דעם קץ (אז ער איז גאר נאענט), וואלטן אידן מורא געהאט שמא יגרום החטא[93] - און דאס וואלט זיי ברענגען



---

87) ראה גם עירובין נד, א. שמו"ר רפל"ב. ובכ"מ.
88) לשון הזהר שם. 89) שהרי במצרים היו רד"ו שנה (פרש"י עה"פ לך לך טו, יג. מקץ מב, ב), ובעת שביקש יעקב לגלות את הקץ - כבר עברו י"ז שנה מעת הירידה למצרים. 90) בהבא לקמן (סכ"א-כב) - ראה גם (בקיצור) בהשיחה דעשרה בטבת.
91) וכוונת יעקב בזה שביקש לגלות את הקץ - אפ"ל או באופן הא', או באופן הב', או שניהם. 92) וישלח לב, יא.
93) בהקדמת הרמב"ם לפיהמ"ש, ש"ענין זה (שמא יגרום החטא)

צו היטן זיך בזהירות יתירה מן החטא, בכדי אז די גאולה זאל זיך ניט פארשפעטיקן ח"ו.

ב) דורך דעם וואס אידן וואלטן מוסיף געווען אין עבודת ה׳ - איז מעגליך, אז די הוספה זאל מקדים זיין די גאולה, אז זי זאל קומען נאך פאר דעם קץ.

ובדוגמת וואס רש"י האט שוין מפרש געווען פריער[94], אז הגם ס׳איז באשטימט געווארן רעב אויף זיבן יאר, וואס לויט דעם האט געדארפט זיין "עוד חמש שנים אשר אין חריש וקציר"[95] - פונדעסטוועגן, "מכיון שבא יעקב למצרים באה ברכה לרגליו והתחילו לזרוע וכלה הרעב".

כב. נאך א דוגמא להנ"ל (אז די הוספה בעבודת ה׳ האט געקענט ברענגען די גאולה פאר דעם קץ):

(א) פון די טעמים אויף־דעם וואס גלות מצרים איז געווען נאר רד"ו שנה - און ניט ארבע מאות שנה ווי ס׳איז באשטימט געווארן בברית בין הבתרים - איז, ווייל דער קושי השעבוד האט משלים געווען דעם מנין (פון ארבע מאות שנה)[96].

איז כשם ווי די הוספה אין שעבוד (דער קושי השעבוד) האט מקדים געווען די גאולה - עד"ז (ובמכ"ש[97]) וואלט די הוספה אין עבודת ה׳ מקדים געווען די גאולה.

(ב) אויפן פסוק[98] בעתה אחישנה איז רש"י מפרש (געגומען פון גמרא[99]): "זכו - אחישנה. לא זכו - בעתה". זעט מען דאך אז דורך "זכו" (הוספה אין עבודת ה׳) - איז "אחישנה", פאר דער צייט (קץ)[100].

- מען -

------------

איגו אלא בין הקב"ה ובין הנביא" אבל לא "שיאמר הקב"ה לנביא להבטיח לבני אדם בבשורה טובה במאמר מוחלט בלא תנאי ואחר כך לא יקיים", דא"כ "לא יהי׳ נשאר לנו מקום לקיים בו אמונת הנבואה". אבל אין זה שייך לענינגו, כי בנדו"ד לא היתה נבואה לא הי׳ צורך לראי׳ שיעקב יודע יעהידות, ואין שייך כאן כלל "לקיים אמונת הנבואה". ופשוט. ולהעיר מרמב"ן עה"פ בא יב, מא, דמה שהיו ישראל בגלות ה"ל שנה (אף שנאמר בפירוש בברית בין הבתרים ארבע מאות שנה) הוא מצד שגרם החטא. אבל אינו לפרש"י בא שם, שכוהב שלא עכבם אפילו כהרף עין.
94) ויגש מז, יט. 95) שם מה, ו. 96) באר מים חיים עה"פ לך לך שם. וראה גם רלב"ג עה"פ. 97) כי מרובה מדה טובה (סוטה יא, א). 98) ישעי׳ ס, כב. 99) סנהדרין צח, א. 100) אין להלק, כי שם מדבר בגלות הבא "מפני חטאינו" - ולכן כש"זכו", נתבטל סיבת הגלות. משא"כ הגזירה ד"כי גר יהי׳ זרעך גו׳ ארבע מאות שנה" שנגזרה בברית בין הבתרים,

מען קען אבער ניט זאגן אז רש"י (בפרשהנו) פארלאזט זיך אויף די צוויי דוגמאות - ווארום רש"י האט געשריבן זיין פירוש (אויך) פאר א בן חמש (למקרא), און ווען דער בן חמש למקרא האלט פרשת ויחי האט ער נאך ניט געלערנט דעם פסוק בעתה אחישנה (אין ישעי'),

ועאכו"כ בנוגע די ערשטע דוגמא (אז דער קושי השעבוד האט כשלים געווען דעם מנין) - וואס דער בן חמש למקרא האט געלערנט אין פרש"י[101] פארקערט אז די "ארבע מאות שנה" האבן זיך אנגעהויבן "משנולד יצחק" און די גאולה פון מצרים איז געווען פונקט צו דער באשטימטער צייט (ווען "הגיע הקץ"[102]).

און דעריבער דארף מען זאגן אז רש"י פארלאזט זיך אויף דעם וואס ער האט מפרש געווען פריער אין פרשת ויגש (כנ"ל סוף ס"ב),

אדער ווי דער ערשטער אופן (לעיל שם), אז דורך "לגלות את הקץ" וואלטן זיי זיך געהיט בזהירות יתירה מן החטא - וואס אויך דעם ענין ווייס דער בן חמש למקרא פון דעם וואס ער האט געלערנט אין פרש"י פריער (פרשת וישלח), כנ"ל שם.

כג. לאחרי כל זה איז אבער שווער צו איינלערנען דעם פירוש הנ"ל אין "ביקש לגלות את הקץ" [אז דאס מיינט דעם קץ ווי ער איז געווען באשטימט דעמולט, דער זמן פון יצי"מ] אין פשוטו של מקרא - ווייל:

א) דער קץ פון גלות מצרים איז געווען גלוי (ארבע מאות שנה), פאסט דאך ניט זאגן אויף דעם "לגלות את הקץ". ואע"פ אז יעקב האט געוואלט מגלה זיין (אז די גאולה פון גלות מצרים וועט זיין א גאולה שלימה שאין אחרי' גלות, ובמילא) אז דאך (בעת יצי"מ) וועט זיין אויך דער "קץ הימין"[102*] -

איז דאך דער ענין פון דעם וואס יעקב וואלט אויפגעטאן איז - (ניט א גילוי פון א קץ, נאר) א ביאור והודעה אז יציאת מצרים וועט זיין א גאולה שלימה שאין אחרי' גלות. ויתירה מזה - עפ"ז איז דאך דא נאר איין גלות - ובמילא נאר איין גאולה וקץ.

- ב) דער -

---

מכיון שאינה מפני החטא - גם כש"זכו", לא באה הגאולה לפני ארבע מאות שנה - שהרי בחמש משבע שני הרעב אחישנה מברכתו של יעקב. 101) לך לך שם. ובפרש"י מקץ שם, שעוד לפני הירידה למצרים "רמז למאתים ועשר שנים" - אאפ"ל שיעקב ידע ורמז לבניו - דמוכח בפשוטו ש"מ שלא ידע. 102) לשון רש"י (לקמן) בא שם. 102*) דניאל בסופו.

ב) דער בן חמש למקרא ווייס ניט פון די מדרשי רז"ל אז אילו זכו וואלט די גאולה פון גלות מצרים געווען א גאולה שלימה שאין אחרי' גלות.

ג) נאכמער: ווען דער בן חמש למקרא וועט קומען צו פרשת שמות, וועט ער לערנען אין פרש"י[103] אז ווען דער אויבערשטער האט געשיקט משה'ן צו ארויסנעמען די אידן פון מצרים, האט ער אים געזאגט (שוין דעמולט) אז עס וועט זיין "שעבוד שאר מלכיות".

כד. דער ביאור אין דעם:

דעם פירוש הנ"ל אין "ביקש לגלות את הקץ" (וואס מען האט גערעדט עשרה בטבת) איז - אין "יינה של תורה" פון פרש"י.

פרש"י כפשוטו לבן חמש למקרא - איז "ביקש לגלות את הקץ" - יעקב האט געוואלט מגלה זיין דעם קץ וואס איז (ווי מען זעט עס איצטער) טויזנטער יארן נאך דעם זמן פון יעקב ובניו.

איז דאך די קושיא ותמי' גדולה (כנ"ל ס"כ), אז דאס וואלט געבראכט צו א מורא'דיקער צובראכנקייט וכו' - באווארענט עס רש"י (בתחלת הסדרה) ע"י הוספה בלשונו "ביקש לגלות את הקץ לבניו":

"לבניו" וואס רש"י איז מוסיף (אויפן לשון פון ב"ר[104], וואס רש"י אליין[105] צייכנט אן אלם מקום לפירושו) - זאגט[106], אז יעקב האט געוואלט מגלה זיין דעם קץ נאר "לבניו"[107] (אבער ניט אז זיי זאלן עס מגלה זיין צו זייערע קינדער).

און בשעת אז נאר "בניו" וואלטן געוואוסט דעם קץ - וואלט ניט ארויסגעקומען דערפון קיין היפך התועלת, ווייל זיי (בניו) וואלט עס ניט געשאדט;

ואדרבא עס וואלט געבראכט א תועלת, ווארום בשעת "בניו" וואלטן געוואוסט (אז דער קץ איז אזוי ווייט[108], ובמילא) איז

- מוכרח -

---

103) עה"פ שמות ג, יד. 104) ריש פרשתנו. 105) דכאן "בב"ר" - הוא בפרש"י גופא דלא כרובם המכריע דהמ"מ בפרש"י שאינם בכת"י וכו' ונתוספו ע"י המעתיקים. 106) ועפ"ה הביאור ב"יינה של תורה" שביקש לגלות את הקץ (שהוא בזמן קרוב) לכל ישראל (בכדי לעודד אותם, כנ"ל), יש לומר, שכוונת רש"י ב"לבניו" היא - לבניך אלו התלמידים (פרש"י עה"פ ואתחנן ו, ז), לומדים ומקבלים מדרגתו. 107) וכ"ה הכוונה בפרש"י מט, א. ומה שאינו מוסיף גם שם "לבניו" - כי קאי על הכתוב "ואגידה לכם" (כדלקמן סכ"ו). 108) שזה מראה גודל החטאים שגרמו לזה - היו מוכיחים להשמר מחטאים מבהילים כאלו.

בזכרה השתדלות צו מקדים זיין די גאולה[109] - וואלטן זיי נאך כער מזרז געווען אה יוצאי חלציהם צו מוסיף זיין בתומ"צ וכו' (אע"פ אז זיי וואלטן ניט מגלה געווען זיי דעם קץ), און דורך דעם - מקדים געווען די גאולה.

כה. דער ביאור אין די דיוקים אין פירוש רש"י:

רש"י שטעלט זיך אויף די ווערטער "ויחי יעקב" שבהתחלת הסדרה און פרעגט "למה פרשה זו סתומה"? און ער ענטפערט "לפי שכיון שנפטר יעקב אבינו נסתמו עיניהם ולבם של ישראל מצרת השעבוד שהתחילו לשעבדם. דבר אחר שבקש לגלות את הקץ לבניו ונסתם ממנו, בראשית רבה".

וואס דער טעם פארוואס רש"י דארף אנקומען צו א צווייטן פירוש איז - דערפאר וואס לויטן ערשטן פירוש אז דער טעם אויף סתימת הפרשה איז צוליב דעם שעבוד איז ניט פארשטאנדיק:

די סתימת הפרשה איז דאך צווישן פ' ויגש מיט פ' ויחי יעקב וואו עס רעדט זיך וועגן דעם סוף פון יעקב'ס זיבעצן יאר אין מצרים, וואס זיי זיינען געווען זיינע בעסטע יארן (כנ"ל ס"א), און דעמולט איז געווען נאך פאר התחלת השעבוד, ועאכו"כ פאר דעם קושי השעבוד, ווי דער בן חמש למקרא ווייס[110] -

איז ווי פאסט די סתימה צווישן פ' ויגש מיט פ' ויחי צוליב דעם שעבוד וואס איז געקומען דערנאך?!

וואס דערפאר זאגט רש"י דעם צווייטן פירוש, אז "ביקש לגלות את הקץ לבניו ונסתם ממנו".

און רש"י זאגט דא (ניט נאר דער לשון "ונסתלקה ממנו שכינה", נאר אויך) "ונסתם ממנו", אז עס איז נסתם געווארן אויך פון יעקב'ן, וואס דערמיט איז מובן ביותר די סתימה וואס איז פאר די ווערטער "ויחי <u>יעקב</u>".

וואס אויך דער פירוש איז פארשטאנדיק אין פשש"מ, וואס דערפאר שרייבט ניט רש"י אויף דערויף "רבותינו דרשו" וכיו"ב, אע"פ וואס רש"י אליין צייכנט אן אלס מקור לפירושו - ב"ר.

כו. דערנאך אין דעם צווייטן פירוש, אין רביעי, זאגט רש"י "ביקש לגלות את הקץ ונסתלקה ממנו שכינה והתחיל אומר דברים אחרים".

- וואס -

------------

109) שזה אפשר גם לפי פשוטו של מקרא - ראה לעיל סוף סכ"א. 110) וראה גם פרש"י עה"פ וארא ו, טז.

וואס אויך דא איז דער פירוש אז יעקב האט געוואלט מגלה זיין דעם קץ נאר "לבניו", ווי אין ערשטן פירוש (כדי עס זאל זיין באווארענט די קושיא ותמי׳ גדולה הנ"ל וואס פרעגט זיך אין דעם עניך בפשש"מ), אבער רש"י דארף דא ניט שרייבן דעם ווארט "לבניו" - דערפאר וואס דא איז דאס מובן בפשטות, ווארום דא רעדט זיך דאך דער כללות הענין וועגן יעקב׳ס רעדן צו זיינע קינדער, און עס שטייט בפירוש אין פסוק "ואגידה לכם", וואס אויף די ווערטער שטעלט זיך רש"י, און אזוי אויך דאס וואס עס שטייט דערנאך[111] "הקבצו ושמעו גו׳" גייט עס אויך אויף "בני יעקב",

און ווי מובן אויך בפשטות אז בשעת יעקב האט גערופן זיינע קינדער - זיינען דארטן געווען נאר זיי אליין, און ניט זיינע אייניקלעך וכו׳.

און אין דעם פירוש זאגט ניט רש"י "ונסתם ממנו", נאר "ונסתלקה ממנו שכינה":

דער טייטש "ונסתלקה ממנו שכינה" איז ניט ווי מלמדים טייטשן, אז עס איז פון אים צוגענומען געווארן דער עניך הנבואה, ווארום מען זעט דאך אז אויך דערנאך האט ער געזאגט כמה עניני נבואה, ווי ער האט געזאגט צו דן וועגן שמשון און זיינע ישועות פון פלשתים, ועד"ז וועגן מלכות יהודה וכו׳,

נאר דער פשט פון "נסתלקה ממנו שכינה" איז - אז עס איז פון אים נסתלק געווארן די שכינה (נאר) בנוגע צו מגלה זיין דעם קץ, וואס דערפאר, איז ווי נאר יעקב האט דערזעהן אז "נסתלקה ממנו שכינה" - האט ער געוואוסט אז מען איז ניט צופרידן פון דעם וואס ער וויל מגלה זיין דעם קץ, און דערפאר האט ער דאס ניט מגלה געווען; אבער בשאר ענינים איז ביי אים נאך געבליבן די נבואה, ווי מען זעט ווייטער בהמשך הכתובים (כנ"ל).

און דאס איז אויך דער ביאור אין דעם וואס רש"י איז מוסיף "והתחיל אומר דברים אחרים", דלכאורה האט רש"י געדארפט זאגן נאר אז "נסתלקה ממנו שכינה" און דערפאר האט ער זיי ניט מגלה געווען דעם קץ; וואס איז ער מוסיף "והתחיל אומר דברים אחרים" וואס מען זעט עס גלייך דערנאך בפשטות הכתובים?

נאר רש"י וויל דערמיט מדגיש זיין, אז נאר אויף דעם עניך הקץ איז "נסתלקה ממנו שכינה", אבער ניט לגבי די

- אנדערע -

---

111) פרשתנו מט, ב.

אנדערע ענינים, און דערפאר קען זיין "התחיל אומר דברים אחרים".

כז. דער ביאור החילוק צווישן דעם ערשטן פרש"י, וואס דארטן זאגט ער "ונסתם ממנו", אז אויך פון יעקב איז נסתם געווארן דער קץ, און דא זאגט ער נאר "ונסתלקה ממנו שכינה" (דהיינו - נאר בנוגע לגלות לבניו את הקץ, כנ"ל):

אין דעם ערשטן פירוש שטעלט זיך רש"י אויף דער סהימה פאר פ' ויחי, פאר "ויחי יעקב", דערפאר טייטשט ער אז "נסתם ממנו", אויך פון יעקב'ן (כנ"ל), משא"כ אין דעם צווייטן פירוש, אין רביעי, איז ניטא קיין הכרח צו זאגן אז נסהם אויך פון יעקב'ן, זאגט רש"י דערפאר - מערניט ווי "נסתלקה ממנו שכינה".

כח. פון די נפלאות אין פירוש רש"י[112].

עס איז פארשטאנדיק אויך פאר א בן חמש למקרא אז דאס וואס יעקב האט געוואלט מגלה זיין דעם קץ איז ניט ח"ו צוליב אויסווייזן זיך, אז ער ווייס דעם קץ, צו ווייזן זיין גרויסקייט - ח"ו צו זאגן אזוי אויף יעקב אבינו! ועאכו"כ זאגן אז בשעת ער האלט בא גיין אין עולם האמת - זאל אים זיין נוגע צו באווייזן זיין גדולה ח"ו,

נאר יעקב האט געוואלט מיט דעם אויפטאן - ער האט געוואלט אז דורך דעם וואס מען וועט וויסן דעם קץ זאל מען מוסיף זיין עבודת ה',

און ווי מען זעט עס איצט, אז בשעת מען זאגט אז "אט אט קומט משיח", איז דאס פועל א הוספה אז מען זאל טאן אלע ענינים שלא יגרום החטא ח"ו, וכנ"ל.

פרעגט זיך אין דעם אבער די שאלה: ממ"נ, אויב ס'איז אן ענין טוב צו מגלה זיין דעם קץ איז פארוואס "נסתלקה ממנו שכינה"? און אויב דער אויבערשטער איז ניט צופרידן דערמיט - איז ווי קומט עס אז יעקב, וואס ער איז געווען פון די אבות וואס "האבות הן הן המרכבה"[113] - זאל וועלן מגלה זיין דעם קץ?

מוז מען זאגן, אז עס איז דא אן ענין איןביידע אופנים, און ביידע האבן אן ארט אין "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[114], און יעקב האט געוואלט אין איין אופן, און דערנאך

- איז -

---

112) ראה של"ה מס' שבועות שלו קפא, א. 113) ב"ר פמ"ז, ו. פפ"ב, ו. 114) עירובין יג, ב.

אין "נסתלקה ממנו שכינה", צו באווייזן אז די הנהגה זאל זיין באופן אחד, וכדלקמן.

כט. עס זיינען פאראן צוויי אופנים אין עבודת האדם, וואס איינע פון זיי איז בבחינת "נסתלקה (ממנו) שכינה" און די צווייטע - ווי ער געפינט זיך מיט דער שכינה:

עס איז דא אן אופן העבודה וואס איז ווי די שכינה איז מיט אים, וואס שכינה איז "על שם ששוכנת ומתלבשת"[115] - וואס דעמולט איז ניט אזוי בשלימות דער "קב שלו"[116]; און עס איז דא אן אופן העבודה וואס איז ווי "נסתלקה ממנו שכינה".

וואס הגם אז ווי איז שייך לכאורה צו זאגן "נסתלקה ממנו שכינה" ס'איז דאך "מלא כל הארץ כבודו"[117], ובפרט זאגן ביי א אידן, אז "נסתלקה ממנו שכינה" און אז עס איז ניטא בא אים דער "הקב"ה עוזרו" - איז דאך זיכער ניט שייך -

איז אבער דא אן עבודה וואס עיקרה איז אתעדל"ת, עס איז נאר דא דער "הקב"ה עוזרו" וואס גיט כח אויף דעם אהעדותא דלתתא;

און עס איז דא אן אופן עבודה אז עס איז דא מיט אים די שכינה צוזאמען, וואס דעמולט פעלט אין "קב שלו".

וואס דאס איז דער טעם וואס "נסתלקה ממנו שכינה", פון יעקב - ווארום עס פאדערט זיך די עבודה פון מענטשן ניט נאר אין אן אופן אז ביי אים זאל ניט זיין קיין נהמא דכסופא[118], נאר אז עס זאל ביי אים זיין בשלימות דער "קב שלו".[119],

יעקב האט אבער געוואלט, און ניט נאר געזאגט, נאר "ביקש (יעקב)", ער האט געבעטן - אז די גאולה זאל קומען וואס שנעלער.

אבער דערנאך איז געווען "נסתלקה ממנו שכינה" - ווארום עס פאדערט זיך דער שלימות אין קב שלו, כנ"ל.

ל. וואס כל הנ"ל רעדט זיך אלץ וועגן "בניו" צי מען זאל זיי מגלה זיין דעם קץ, און דורך דעם וועט פעלן אין דעם "קב שלו" זייערן, אדער מען זאל זיי ניט מגלה זיין דעם קץ, און דער "קב שלו" זייערער זאל זיין בשלימותו.

עס פרעגט זיך אבער די שאלה: ווי דארף זיין בא יעקב'ן - אליין? -

---

115) הניא פמ"א (נז, ב). 116) ראה ב"מ לח, א.
117) ישעי' ו, ג. 118) ראה ירושלמי ערלה פ"א ה"ג. לקו"ת צו ז, ריש ע"ד. 119) ראה לקו"ש חט"ו ע' 95.



הנחת הת' בלתי מוגה

אליין? ער איז דאך אין עולם האצילות, עולם האחדות, און ער האט שוין פון פריער דעם "קב שלו" - צי פאדערט זיך אז ביי אים זאל אויך זיין "נסתלקה ממנו שכינה" צי ניט?

איז דאס איז דער חילוק צווישן די צוויי פירושי רש"י: אין אנהויבס סדרה שטייט אז "נסתם ממנו" - אויך פון יעקב'ן, אז אויך בא אים דארף זיין "נסתלקה ממנו שכינה", און אין פרשה רביעי שטייט נאר "נסתלקה ממנו שכינה", עס האט געפעלט נאר לגבי מגלה זיין דעם קץ לבניו, אבער ביי אים אליין איז דאס געבליבן, כנ"ל.

לא. דער לימוד שע"פ פשש"מ, איז געווען, כמובן, ניט נאר בזמן רש"י, נאר אויך לפנ"ז, ביז - בזמן הבית, ווארום אויך דעמולט איז דאך געווען עניך התורה,

און וויבאלד אז רש"י האט מכוין געווען לאמיתתו פון פשש"מ - קומט אויס, אז מלמדים וואס האבן געלערנט מיט א קליינעם אינגעלע צי מיט א קליינע מיידעלע בזמן הבית, אויב זיי האבן מכוין געווען לאמיתתו של פשש"מ - האבן זיי געלערנט מיט זיי דעם פשט ווי עס שטייט אין רש"י,

ס'איז מערניט וואס דערנאך האט עס רש"י מגלה געווען בעל-פה צי בכתב.

ובעניננו קומט אויס, אז א מלמד וואס האט געלערנט בזמן שלמה, האט ער געלערנט ביידע פירושי רש"י אין "ביקש לגלות את הקץ", סיי ווי עס שטייט אין אנהויבס סדרה, און סיי ווי עס שטייט אין תחלת פרשה רביעי.

לב. ויה"ר אז מען זאל טאן בכל העינינים וואס ברענגען צו דעם קץ וואס דעמולט, לע"ל, וועט זיין די שלימות פון אלע ענינים, און דעמולט וועט מען לערנען תורה אנהויבנדיק פון לימוד התורה ע"פ פשט מיט פרש"י, סיי קטנים און סיי גדולים, און דערנאך לימוד התורה ע"פ רמז, ע"פ דרוש און ע"פ סוד און הלכה שבתורה,

דורך דעם פתח את הדרך וואס מען האט פריער געלערנט פרש"י. און דעמולט וועט מען זוכה זיין צו זעהן די אמיתית פון פרש"י אין פשש"מ צוזאמען מיט "יינה של תורה", ביז - נפלאות שבפרש"י.

און פון "ויחי יעקב" און די פסוקים שלאח"ז - וועט מען קומען צו "ואלה שמות בני ישראל הבאים מצרימה וגו'", ווי ער זאגט אין מדרש אויף דעם אז "ראובן ושמעון נחתין ראובן ושמעון סלקין",

ביז אז מען זאגט "ואלה שמות בני ישראל", אז אפילו

- זייערע -



הנחה הת' בלתי מוגה

זייערע שמות, אן ענין וועלכן מען דארף האבן נאר צוליב דעם אז א זולת זאל אים קענען רופן[120], זיינען בשלימות, ווארום זיי האבן זיי אפגעהיט בשלימותם, ועאכו"כ ענינים חשובים יותר,

און ווי עס שטייט ווייטער אין פ' שמות אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה'ן "אהי' אשר אהי'", אז שוין אין דער ערשטער גאולה איז דא די גאולה האחרונה,

און מען קומט לימות המשיח וואס דעמולט וועט מען מקיים זיין מצוות "כמצות רצונך"[121], און אין תורה - וועט מען דעמולט לערנען תורתו של משיח[122], וואס "תורה שאדם למד בעוה"ז הבל היא לפני תורתו של משיח"[123].

און דעמולט וועט זיין א גאולה שאין אחרי' גלות[124], דורך "גואל ראשון הוא גואל אחרון"[125], רואס עס וועט זיין "אהרן ומשה עמהם"[126],

במהרה בימינו ממש.

* * *

לג. בנוגע צו די הערות פון מאטן אויפן זהר בפרשתנו (פ' ויחי), שטעלט ער זיך[127] אויף דעם וואס ער זאגט אין זהר[128] אן ענין פארבונדן מיט חודש תשרי, אז "מיומא דר"ה ויום הכפורים עד חמש סרי יומין לירחא" ווייס מען נאך ניט "מאן נצח דינא", און בשעת אידן גייען ארויס אין אן אופן אז "עאלין בסוכה, אתרוג בשמאלא לולב בימינא" זעהן אלע אז "אינון נצחין דינא", אז אידן האבן מנצח געווען וכו'.

און ער איז מבאר אין די הערות די דיוקי הלשונות פון דעם זהר, און ער איז דאס אויך מקשר[129] מיט דעם ענין פון חנוכה, וואס דאס איז א ענין שהזמן גרמא, ווארום מ'געפינט זיך אין חודש טבת, און "אזלינן מיני'" - פון חנוכה, וכדלקמן.

לד. בא נר חנוכה געפינט מען כמה דרגות: מעיקר הדין דארף

- זיין -

---

120) ראה הו"א ויחי קג, ג. סה"מ הש"ט ע' 17 (הראשון) ואילך. 121) ראה הו"ח ויחי צה, א. צו, ג-ד. אוה"ת ויחי (כרך ו) התשכח, ב ואילך. ד"ה וככה תרל"ז פי"ז ואילך. 122) ראה פרש"י עה"פ שה"ש א, ב. 123) קה"ר פי"א, ח. וראה גם שם פי"ב, א. 124) ראה הוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קטז, ב. 125) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. שה"פ פ' ויחי. תו"א ר"פ משפטים. 126) יומא ה, ב. וראה גם הוד"ה אחד - פסחים קיד, ב. 127) לקוטי לוי"צ לזח"א ע' רג ואילך. 128) ח"א רכא, א. 129) שם ע' ריד.



הנחה הה' בלתי מוגה

זיין "נר איש וביתו"[130], ד.ה. "נר א׳ לכל בני הבית"[131], און בשעה עס איז אין אן אופן פון "מהדרין" איז דעמולט "נר לכל אחד ואחד (מבני הבית)"[132], ביז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין" אז ס׳איז ניט נאר נר אחד לכאו"א, נאר עס דארף זיין ביז שמונה נרות (כמחלוקת ב"ה וב"ש[133]).

וברוחניות: פריער איז דא ווי דער ענין איז מעיקר הדין, אין א נקודה, וואס דעמולט איז דאס איין נר פאר אלע בני בית, און דערנאך קומט עס ארויס אין א התחלקות, אז ס׳איז דא א נר לכאו"א, ביז שמונה נרות.

עד"ז געפינט מען די צוויי ענינים בא תפילין - תפילין של יד און תפילין של ראש, וואס פריער דארף זיין תפילין של יד, און דערנאך תפילין של ראש, כמרז"ל[134] "כל זמן שבין עיניך יהיו שנים":

אין תפילין של יד געפינען זיך אלע ד׳ פרשיות אין איין בית, דערנאך קומט דאס ארויס אין א התחלקות, אין די תפילין של ראש אז עס זיינען דא ד׳ בתים פאר די ד׳ פרשיות,

וואס אע"פ אז אויך אין תפילין של יד זיינען דא ד׳ פרשיות; בשעת מ׳גיט אבער א קוק אויף די תפילין של יד - קען מען ניט וויסן וויפל פרשיות עס זיינען דארטן דא, ווארום זיי געפינען זיך בהעלם אין דעם בית, משא"כ אין די תפילין של ראש זעט מען בגלוי אז עס זיינען דארטן דא ד׳ בהים, א בית פאר יעדער פרשה, און דוקא אויף תפילין של ראש זאגט מען[135] "וראו כל עמי הארץ כי שם ה׳ נקרא עליך" ("לפי שיש בהן רוב שם של שד"י, שהשי"ן כתובה בקמט שבבתים והדלי"ת ברצועות"[136]).

און ווי ער איז דארטן מבאר אין די הערות אז דער חילוק צווישן די צוויי ענינים איז - ע"ד ווי דער חילוק צווישן "פנים" און "אחור": בבחי׳ אחור שטייען אלע ענינים בשוה, בנקודה אחת, און דערפאר זעט מען ניט בבחי׳ אחור קיין התחלקות פון פרטים, משא"כ בבחי׳ פנים קומען ארויס אלע בחינות אין א התחלקות פון פרטים,

ווי מ׳זעט דאס אויך בפשטות, אז אין "אחור" אין דעם

- עורף -

---

130) שבת כא, ב. 131) לקוטי לוי"צ שם. 132) שבת שם ובפרש"י שם ד"ה והמהדרין. 133) שבת שם. 134) מנחות לו, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סכ"ח ס"ב (ס"ג). 135) תבוא כח, י. ברכות ו, א. מנחות לה, ב. 136) תוד"ה אלו תפילין שבראש - ברכות שם. וראה גם פרש"י ד"ה שם ה׳ וד"ה קשר של תפילין, ותוס׳ ד"ה הנ"ל - מנחות שם.

עורף, איז אלץ בשוה, מ׳זעט ניט קיין עינים, אזנים, חוטם (אף) און פה, נאר ס׳איז אלץ בשוה, משא"כ אין פנים זעט מען אז ס׳איז דא עינים, אזנים, חוטם (אף) און פה, א ציור פון פרטים[137], וואס די פיר ענינים זיינען כנגד די ד׳ אותיות שם הוי׳, כמבואר בתיקוני זהר[138].

און ער איז ממשיך אין דער הערה, אז עד"ז איז אויך דער ענין פון שנים מקרא וא׳ תרגום, אז תרגום, וואס איז בחי׳ אחור, איז "אחד תרגום", משא"כ מקרא, בחי׳ פנים, איז "שנים מקרא".

און עפ"ז איז ער מבאר אין דער הערה די דיוקי הלשונות אין זהר, כמבואר דארטן בארוכה.

לה. פון יעדער ענין דארף דאך זיין א הוראה - איז דערפון פארשטאנדיק אז אויך פון האמור לעיל [בנוגע לחנוכה, תפילין, שנים מקרא ואחד תרגום, אז פריער שטייען זיי אין א נקודה און דערנאך קומען זיי ארויס אין א התחלקות] דארף זיין א הוראה במעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[139].

בנוגע צו מצוות איז עיקר והתחלת העבודה - דער מעשה בפועל, און דערצו דארף אויך זיין כוונת המצוות.

וואדום אע"פ אז כוונת המצוות איז אן ענין נעלה, איז אבער אפילו אויב ער האט מכוין געווען אלע כוונות אבער במעשה בפועל האט ער עס ניט געטאן - פעלט דער עיקר[140], און עס איז דעמולט ניטא צו וואס צו מצרף זיין די כוונות, וואס עס דארף דאך זיין "מצרפה למעשה"[141] (ווי ער איז מבאר אין תניא[142]).

און אויך אין דעם (ענין המצוות) זיינען דא די צוויי ענינים הנ"ל:

בשעת ער טוט די מעשה בפועל - נעמט ער מיט דעם די פשיטות דלמעלה, וכפתגם נשיא דורנו[143] אז דוקא דורך פשיטות דלמטה (קיום המצוות בפשיטות) נעמט מען פשיטות דלמעלה, פשיטות העצמות - האט ער דאך כל הענינים (ווי זיי זיינען אין עצמות);

- דערנאך -

------------

137) ראה גם לקו"ת במדבר יח, ב. ובכ"מ. 138) תיקון ע׳ - קל, סע"א (וראה גם שם קכב, סע"א). וראה גם זח"ג רכט, ב. ע"ח שער אח"פ פ"א. ר"ח שער הקדושה דפ"ח. 139) אבות פ"א מי"ז. 140) ראה תניא רפל"ח. 141) קידושין מ, א. 142) פט"ד. 143) שיחת ליל א׳ דחה"ס תש"ו (קובץ ליובאוויטש חוברת ה ע׳ 79. נעתק גם בכש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קנה).

דערנאך ווען עס קומט ארויס בההגלות, אין כוונות המצוות – איז דא א התחלקות פון כמה מדריגות וכו׳.

כשם ווי דאס איז בנוגע למצוות, עד"ז איז דאס אויך בנוגע צו תורה, אז עס זיינען דא אין תורהביידע ענינים:

עס איז דא ווי די גאנצע תורה איז כלול אין די עשה"ד (ווי געבראכט פון אזהרות רס"ג[144]), און די עשה"ד – אין דעם ערשטן דיבור, "אנכי"[145], און תיבת "אנכי" – אין דעם אל"ף פון "אנכי"; און דערנאך איז דא ווי תורה קומט אראפ אין א התחלקות פון פרטים.

עד"ז איז אויך בנוגע צו תפלה, אז עס זיינען דא אין תפלה ביידע ענינים:

פארן דאווענען דארף ער זיך כולל זיין צוזאמען מיט אלע אידן, דער ענין פון אהבת ישראל[146], וואס אלע אידן זיינען איין גוף (ווי דער צ"צ איז מבאר אין דרמ"צ[147] פון ירושלמי[148]), ד.ה. אז פארן דאווענען שטייט ער אין אן אופן פון א נקודה (ווי ער איז זיך כולל מיט אלע אידן),

דערנאך דארף ער דאס ממשיך זיין בתפלתו, אין אלע ד׳ דרגות ושלבי התפלה[149], אנהויבנדיק פון מה טובו און דערנאך אין הודו לה׳ און ברוך שאמר, ביז צו תפלת העמידה, וואס דעמולט שטייט ער "כעבדא קמי׳ מרי׳"[150].

לו. מהאמור לעיל בנוגע צו נר חנוכה, אז לכתחלה איז טאקע געווען מערניט ווי "נר איש וביתו", דערנאך אבער איז דאס ארויסגעקומען אין פרטים, אין אן אופן פון "מהדרין" אז עס דארף זיין "נר לכל אחד ואחד", ביז אז דער מנהג איז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין", אז עס דארף זיין שמונה נרות, איז געווארן "א מנהג פשוט"[151],

וואס דער ענין פון "מהדרין מן המהדרין" געפינט מען ניט בא קיין אנדער מצוה, מערניט ווי בא נר חנוכה [עס איז דא דער ענין פון הידור מצוה עד׳ שליש[152] וכו׳, אבער "מהדרין

- מן -

---

144) הובא בפרש"י עה"פ משפטים כד, יב. וראה גם תניא רפ"כ. 145) פנים יפות (לבעל ההפלאה) עה"פ יתרו כ, ב. 146) ראה שער הכוונות בתחלתו. פע"ח ש"ג ספ"ב. ועוד. 147) מצות אהבת ישראל פ"א (דרמ"צ כח, ב). 148) נדרים פ"ט ה"ד – ראה הערת כ"ק אדמו"ר שליט"א בקונטרס אהבת ישראל ע׳ 27. 149) ראה ד"ה פדה בשלום דיום ג׳, ט"ו כסלו ש.ז. ס"ה (נדפס בקונטרס "סיום והכנסת ספר תורה"). 150) שבת י, א. טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס צה. 151) רמ"א או"ח סתרע"א ס"ב. 152) ב"ק ט, ריש ע"ב.

מן המהדרין" געפינט מען מערניט ווי בא נר חנוכה -

האט מען אויך דעם ענטפער אויף דער טענה פון יחידים וכו׳, אויף דערויף וואס מ׳מאנט אז בזמננו דארף דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[153] געטאן ווערן מיט א שטורעם דוקא, און אין אן אופן פון "מבצע" ("מבצע אהבת ישראל") וכו׳,

עס איז טאקע א כלל גדול בתורה - דאס האט אבער שוין געזאגט רבי עקיבא[154], און נאך פאר אים - הלל הזקן[155], וואס ער איז געווען בזמן ביהמ"ק[156],

איז אויב מ׳דארף יע מאכן א שטורעם דערפון, מיט מבצעים וכו׳ - האט דאס געדארפט זיין בשעת דער ענין איז געווען א גילוי חדש - בזמן רבי עקיבא, בזמן הלל, בזמן בן עזאי[157]! עכ"פ בזמן הגילוי דהבעש"ט, עכ"פ בזמן פון דעם אלטן רבי׳ן. אבער וואס פאר אן ארט האט דאס דוקא בזמננו זה?!

פונדעסטוועגן זאגט די נשמה כללית פון אונזער דור, וואס דאס איז כ"ק מו"ח אדמו"ר, נשיא דורנו[158], אז עס דארף זיין א קאך און א שטורעם אין דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", און מ׳דארף ארויסגיין אין גאס און רעדן און שטורעמען וועגן דעם.

און הגם אז ער רעדט דאס אין שפת המדינה, און שפת התרגום - רעדט ער אבער די ענינים פון "ואהבת לרעך כמוך" במילואם.

איז דער ענטפער אויף דערויף: די זעלבע זאך געפינט מען בא נרות חנוכה:

בזמן הגמרא איז געווען דער דין, און אזוי האט מען זיך נוהג געווען, אז עס איז גענוג איין נר פאר אלעמען, "נר איש וביתו", און מיט דעם נר האט מען יוצא געווען, און די וואס האבן זיך נוהג געווען ווי ב"ה און ב"ש (אדער "מוסיף והולך" אדער "פוחת והולך") - זיינען געווען ניט סתם "מהדרין" נאר "מהדרין מן המהדרין",

דערנאך, מיט כמה דורות לאח"ז, וואס "אכשור דרא - בתמי׳"[159], קומט צוגייך דער רמ"א, וואס "ובני ישראל יוצאים ביד רמה"[160] - ביד רמ"א[161], און לאורו נלך עד דורנו זה. און

- זאגט: -

---

153) קדושים יט, יח. 154) תו"כ (הובא בפרש"י) עה"פ. ירושלמי שם. 155) לא, א. 156) ראה שבת טו, א. 157) ראה תו"כ וירושלמי שם. וראה לקו"ש קדושים תש"מ הע׳ 2.
158) ראה לקו"ש ח"ד ע׳ 1051 הע׳ 16. ח"י ע׳ 265.
159) יבמות לט, ב ובפרש"י. 160) בשלח יד, ח. 161) שו"ה שו"מ מהדורא המישאה סי"ח. הגהות החת"ם לשו"ע או"ח סתכ"ט. שו"ה מנחת אלעזר ח"ד סכ"ז.

זאגט[161]: "וכך המנהג פשוט", עס איז "פשוט" [ס'איז בפשיטות] אז אלע פירן זיך אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין", און אזוי איז דער מנהג נתפשט געווארן ביי אלעמען.

ביז אז עס זיינען דא אזעלכע, ובפרט קינדער פאר בר-מצוה ובת-מצוה, וואס (רובם ככולם) ווייסן גארניט אז עס קען זיין אן אנדער מציאות, זיי ווייסן נאר פון דער מציאות פון "מהדרין מן המהדרין"! און פונקט ווי דעם ערשטן טאג דארף מען אנצינדן איין ליכט, אזוי דארף מען דעם צווייטן טאג אנצינדן צוויי ליכט, ועד"ז אין די ימים שלאח"ז איז "מוסיף והולך".

און מ'דארף גארניט באווארענען דעם חשש אז לכאורה ווי קומט דאס טאקע אז אלע פירן זיך אין אן אופן פון "מהדרין". און נאכמער, "מהדרין מן המהדרין", ס'איז דאך מחזי כיוהרא[162] וכו' - נאר, ווי געזאגט, דוקא בזמננו, אנהויבנדיק פון זמן הרמ"א - איז דאס געווארן א "מנהג פשוט".

ועד"ז איז בענינינו, אז ס'איז געווארן א "מנהג פשוט" אז אלע טוען מיט א שטורעם אין אהבת ישראל, כהוראת כ"ק מו"ח אדמו"ר, נשיא דורנו.

וואס דער ביאור בכל זה איז, ע"פ האמור לעיל, אז פריער איז טאקע דא דער עיקר והתחלת הענין, אבער דעמולט שטייט עס בהעלם ובנקודה, און דוקא דערנאך, ווען עס קומט ארויס לידי גילוי, דוקא דעמולט ווערט עס אין א התחלקות.

לז. ענין הנ"ל (אז פריער איז דא ווי עס שטייט בנקודה, און דערנאך ווי עס קומט ארויס בהתחלקות) איז דא אויך אין דעם ענין פון נר חנוכה, כאמור לעיל, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אזוי דארף אויך זיין בא פנימיות התורה, אז איצטער דארף עס זיין מיט א שטורעם:

פנימיות התורה איז בדוגמת ענין הנר, ווארום פנימיות התורה ווערט אנגערופן נשמתא דאורייתא[163], דערפאר וואס זי איז בדוגמא צו א נשמה כפשוטה,

וואס דער ענין פון נשמה און גוף איז (ווי מ'זעט דאס בפשטות) - אז די נשמה ברענגט אריין אור אין גוף, אע"פ אז דער גוף מצד עצמו איז אויך א מציאות שלם, ער איז א גוף שלם, און ביי א איד איז דאס נאכמער - ער איז א גוף קדוש (ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[164]) - אבער בכ"ז איז דער

- גוף -

---

162) ראה ברכות יז, ב. 163) זח"ג קנב, א. 164) פמ"ט (ע, רע"א). וראה ג"כ שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ב סוס"ב.

גוף א גוף השוך, און די נשמה באלייכט דעם גוף און זי גיט אריין א חיוה אין אים,

און עד"ז איז דער ענין פון פנימיות התורה, אז די באלייכט און גיט אריין א חיות אין נגלה דתורה, ווי עס שטייט אין מפרשי הירושלמי[165] אז מאור שבתורה גייט דאס אויף פנימיות התורה (רוח הקודש).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון פנימיות התורה איצטער דארף געטאן ווערן מיט א שטורעם דוקא, און אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין", בדוגמת נר חנוכה.

לח. און עד"ז אין אלע ענינים דארף דער אור הנשמה והקדושה זיין בגילוי הכי גדול:

בשעה די יד איז א מחלקת צדקה[166], אדער מדלקת נרות שבת ונרות חנוכה וכו' - טוט זי דאס מיט דעם כח און באלייכטונג פון דער נשמה.

און דער גילוי דארף זיין ביז אין אן אופן אז עס ווערט "כי קרן עור פניו"[167], און מ'דארף אנקומען צו "ויתן על פניו מסוה"[168] בכדי צו קוקן אויף דעם עור פניו הגשמי, און אזוי זעט זיך עס באויר העולם (דאס איז ניט מצד דער קדושה פון דעם מביט נאר אזוי איז די מציאות הענין).

און נאכמער, ווי עס שטייט אין ירושלמי[169] אז בא ר' יהודה איז געווען "אפוי נהירין" ("פניו מאירין"[170]) מצד דערויף וואס ער האט מחדש געווען א נייעם ענין אין תורה[170],

ביז אז אפילו א מטרוניתא, א ניט אידישע פרוי, האט עס אויך געזעהן, עס איז מערניט וואס די מטרוניתא האט קיין שייכות ניט געהאט צו אידלקייט, דערפאר האט זי דאס געוואלט אויסטייטשן מיט אן ענין היפך פון אידלקייט, ווארום די ווייס גארניט פון דעם גאנצן ענין פון "רוח בני האדם העולה היא למעלה"[171], דערנאך האט מען איר אבער געזאגט אז לא הא ולא הא נאר דאס איז דערפאר וואס ער האט מחדש געווען א נייעם ענין אין תורה, און "חכמת אדם תאיר פניו"[172].

- און -

-------------

165) קה"ע לירושלמי חגיגה פ"א ה"ז. וראה גם יפה ענף לאיכ"ר פתיחתא ב. המשך תער"ב ח"ג ע' א'שכב. 166) ראה תניא פכ"ג (כח, ב). 167) תשא לד, כט. וראה גם שם, ל. שם, לה. 168) שם, לג. וראה גם שם, לד-לה. 169) ירושלמי שבת פ"ח ה"א. פסחים פ"י ה"א. וראה גם נדרים מט, ב. קה"ר פ"ח, א [ד]. 170) קה"ר לירושלמי שם. 171) קהלת ג, כא. 172) שם ח, א.

און אזוי אויך שטייט דארטן אין ירושלמי בנוגע צו ר' אבהו אז צהבו פניו דערפאר וואס ער האט געפונען א "תוספתא עתיקתא" (אדער "תוספתא חדתא"[173]).

עד"ז דארף זיין דער גילוי אור אין אן אופן אז מען זאל עס זעהן אין גאס, מ'זאל זעהן אז עס גייט א מענטש וואס (מאור) פניו ווייזט אז עס האט מיט אים געטראפן א דבר נפלא, בדוגמת נר חנוכה אז אפילו "תרמודאי"[174] זעהן אז די הנהגה איז אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין".

לט. מהאמור לעיל אז דער ענין פון "מהדרין מן המהדרין" איז א "מנהג פשוט" – איז דא נאך א הוראה, אז מ'דארף טאן אין אלע ענינים אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין", למעלה ממדידה והגבלה: לימוד התורה למעלה ממדוה"ג און נתינת הצדקה למעלה ממדוה"ג.

עס זיינען דא אזוינע וואס בשעת דעם לערנען קוקט ער אויפן זייגער ווען וועט זיך שוין ענדיקן דער סדר אדער די קביעות וואס ער האט, און אפילו ווען זיי זיינען מוסיף אין לימוד התורה, זיינען זיי מוסיף נאר כשיעור מהלך מיל – ח"י מינוט[175], אדער לויט דער צווייטער דעה[175] וואס האלט אז שיעור מהלך מיל איז כ"ד מינוט – וועט ער מוסיף זיין כ"ד מינוט ("מהדרין מן המהדרין")! ווער רעדט נאך אויב ער וועט מוסיף זיין נאך א מינוט אויף די כ"ד – וועט דאס זיין 25 מינוט, ניט שייכות צו זאגן!

עד"ז אויך בנוגע צו "תמכין דאורייתא"[176], טענה'ט ער: ער וועט געבן צדקה אויף לימוד התורה בשעת'ן סדר, אפילו אויף א הוספה בלימוד התורה פון כ"ד מינוט, כ"ה מינוט, ביז אויף 60 מינוט, א שעה צייט – א גאנצער צירוף שם הוי'[177]!

אויף דערויף איז די הוראה פון חנוכה, אז אלע ענינים דארפן געטאן ווערן אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין", עס דארף זיין למעלה ממדידה והגבלה.

מ. ווי דערמאנט, זיינען דא אזעלכע וואס בשעת עס קומט צו צדקה שטייען זיי אין א מדידה והגבלה, און בשעת מ'בעט ביי איס א סכום גדול פאר א ישיבה וכיו"ב – טענה'ט ער, אז ער

- גיט -

---

173) כ"ה בכ"מ בדא"ח (המשך הרס"ו ע' כח. שם ע' רלג. ובכ"מ). 174) ראה שבת כא, ב. 175) ראה "סדר הכנסת שבת" לאדה"ז (נדפס בסידור. ובשו"ע אדה"ז הוספות לח"ב ב, א תיד, א ואילך). וראה גם שו"ע אדה"ז או"ח סרס"א ס"ה. 176) ראה זח"ג נג, ב. אגה"ק סוס"ה. 177) ראה תניא פמ"א (נח, ב).

גיט צו אנדערע מוסדות אויך, במילא קען ער ניט געבן אזא גרויסן סכום - עס דארף דאך בלייבן פאר די אנדערע מוסדות!

ובפרט אז ער גיט דאך ניט מער ווי א חומש[178], ועאכו"כ אויב ער גיט נאך ווייניקער פון מעשר וכו׳.

אויף דערויף איז די הוראה פון דעם וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר האט דערציילט[179] פון דעם טשערנאבעלער, אז לכל לראש זאל ער טראכטן - ווען איז אים איינגעפאלן אט-די סברא (אז ער דארף געבן אנדערע מוסדות וכו׳), און דאס וועט זיין דער אבן הבוחן פון וועלכן צד די סברא איז געקומען, אז וויבאלד פריער האט ער געוואלט געבן א גרויסן סכום, און ערשט דערנאך איז אים איינגעפאלן די סברא אז ער דארף געבן אויך אנדערע מוסדות וכו׳ - איז פארשטאנדיק פון וועלכן צד עס איז געקומען.

וואס דאס איז מתאים מיט דערויף וואס מ׳זאגט "משפט וצדקה ביעקב אתה עשית"[180], פריער איז מען מקדים "משפט" און ערשט דערנאך קומט "צדקה"[181], אז פריער זאל ער מאכן א משפט אויף זיך וויפל עס קומט אים - וועט דערנאך די צדקה זיין ווי עס דארף-צו-זיין.

און אפילו נאך דערויף וואס ער האט געמאכט דעם חשבון אין אן אופן פון "משפט וצדקה", קען ער נאך אלץ פרעגן בא א צווייטן וואס איז ניט קיין נוגע בדבר, און מוסיף זיין נאכמער [פארשטייט זיך - ניט קיין נוגע בדבר אין דעם ענין, ווארום ס׳איז ניט שייך זאגן ניט קיין נוגע בדבר סתם - ווארום יעדער איז א נוגע בדבר צו וואס עס טוט זיך מיט א צווייטן, נאר - ניט קיין נוגע בדבר בענין זה, בדוגמא ווי בנוגע צו הלכות עדות וכיו"ב].

מא. ער זאגט דארטן ווייטער אין די הערות[182], אז "סתם נר חנוכה הוא במל׳ ולכן די בנר א׳ לכל בני הבית, ומהדרין הוא בז"א לכן צריך נר לכל א׳ בפ"ע, ומהדרין מן המהדרין בחו"ב, ושם יש פלוגתת ב"ש וב"ה כו׳".

וואס דער סדר אין דעם איז, כנ"ל, אז פריער איז דא (ווי עס איז מעיקר הדין) בחי׳ מלכות (נר אחד לכל בני הבית), און דערנאך איז דא בחי ז"א (מהדרין, נר לכל אחד בפ"ע), און דערנאך איז דא בחי׳ חכמה ובינה (מהדרין מן המהדרין).

- וואס -

------------

178) ראה כתובות סז, ב. שו"ע יו"ד סרמ"ט ס"א.
179) סה"ש תש"ג ע׳ 67 ואילך. 180) תהלים צט, ד. 181) ראה תו"א בשלח סג, ב. כה"מ קונטרסים ח"א כג, ב. וראה גם שיחה מוצאי זאת חנוכה ש.ז. 182) לקוטי לוי"צ שם ע׳ ריד.

וואס דאס איז ע"ד מרז"ל[183] (וואס ער ברענגט דארטן ווייטער[184]) "בת תחילה סימן יפה לבנים", וואס מלכות איז בחי' בת, איז "בת", מלכות, איז "תחילה", און ערשט דערנאך קומט ז"א וכו'.

און דאס איז אויך ע"ד מרז"ל[185] "לא זז מחבבה עד שקראה בתי כו' לא זז מחבבה עד שקראה אחותי כו' לא זז מחבבה עד שקראה אמי", אז פריער איז דא בחי' "בתי", וואס דאס גייט אויף מלכות, און דערנאך "לא זז מחבבה עד שקראה אחותי", בחי' ז"א, וואס מלכוה איז אחות לז"א, און ערשט דערנאך "לא זז מחבבה עד שקראה אמי", אז מען קומט צו "אמי", בחי' בינה.

מב. וואס אזוי איז דער סדר בעבודת האדם, אז עס הויבט זיך אן פון ענין המעשה, וואס מעשה איז בחי' מלכות, ווארום מלכות איז ענינה מקבל, ועד"ז מעשה המצווה איז בבחי' מקבל פון לימוד התורה, ווארום "גדול לימוד שמביא לידי מעשה"[186], ועד"ז כפשוטו - אויף וויסן ווי צו טאן אין מעשה בפועל דארף מען מקבל זיין פון שו"ע.

און דערנאך, דורך דער עבודה פון מעשה בפועל, קומט ער צו די העכערע דרגות עבודה, ז"א און בינה.

וואס בענין העולמות איז דאס, אז עס הויבט זיך אן די עבודה אין ענינים שבבחי' עשי', דערנאך קומט מען דורך דעם צו אן עבודה שבבחי' יצירה, און דערנאך צו בחי' בריאה.

מג. וואס עבודת האדם איז נאר אין עבודות וואס זיינען שייך צו עולמות בי"ע, משא"כ די עבודה השייכת צו עולם האצילות - איז די עבודה פון צדיקים גדולים.

וכמבואר אין חסידות[187] דער חילוק צווישן די אבות און די שבטים, אז די שבטים זיינען בחי' בי"ע, און דוקא די אבות זיינען בחי' אצילות, ועד"ז בעבודת האדם, אז עס איז שייך צו טאן די עבודות פון עשי', יצירה און בריאה, משא"כ די עבודה פון אצילות איז שייך נאר לצדיקים גדולים.

וואס אין עבודה מיינט דאס, ווי ער זאגט אין תניא[188], אז די עבודה וואס איז שייך צו אצילות, איז "אין לנו עסק בנסתרות", און עס איז שייך נאר צו "צדיקים הגדולים", און

- נאר -

---

183) ב"ב קמא, א. 184) לקוטי לוי"צ שם ע' רטו. 185) שהש"ר פ"ג, יא [ב]. שמו"ר ס"פ פקודי. 186) קידושין מ, ב. 187) תו"א ס"פ ויצא. לקו"ת צו יז, ב. ובכ"מ. וראה גם תו"א וישב כח, ב. הוספות קב, סע"א ואילך. ובכ"מ. 188) פל"ט.

נאר אהוי"ר שכליים (וואס מקומם איז "בי"ם דבריאה") און אהוי"ר טבעיים (וואס מקומם איז "בי"ם דיצירה") זיינען "הנגלות לנו כו׳".

אבער אעפ"כ, דאס גופא וואס אין תניא, ספר של בינונים, איז מען שולל די שייכות צו דער עבודה וואס איז שייך צו אצילות - דאס גופא באווייזט אז מען דארף זיך מתבונן זיין, ובמילא אויך - האבן עפעס א שייכות צו דער עבודה וואס איז שייך לעולם האצילות.

מד. און ווי מען זעט עס בפועל, אז עס זיינען דא א סאך מענטשן, וואס אויב מען וועט צו זיי צוגיין ניט בפני רבים, נאר ער וועט צוגיין צו אים פריוואט, אונטער פיר אויגן, און וועט אים פרעגן צי ער איז שייך צו עבודת הצדיקים - וועט ער האלטן אויף יע.

ובפרט לויט דעם וואס עס שטייט אין תניא[189] אז ביי א בינוני קען נתעבר ווערן א נשמה פון א צדיק - האלט ער אז ביי אים איז אויך אזוי.

וואס עס זיינען דא מענטשן וואס טראכטן אזוי נאך איידער מ׳איז צו זיי צוגעגאנגען פרעגן וועגן דערויף, און עס זיינען אויך דא אזעלכע וואס אפילו אויב ביז יעצט האבן זיי נאך ניט געטראכט וועגן דערויף - איז אבער בשעת מען וועט זיי עס מסביר זיין, קען מען זיי צורעדן אז עס איז אזוי.

ובפרט אויב ער וועט מיט אים רעדן הארציקע ווערטער, דברים היוצאים מן הלב[190], אז ער מיינט דאס מיט אן אמת, און ווער רערט נאך אויב ער וועט דאס אים מסביר זיין מיט באסיקע אותיות [דערפאר וואס ער האט שוין די פאסיקע אותיות - ווארום ער האט זיך שוין פריער אליין מסביר געווען דעם ענין] - קען ער דאס זיכער פועל זיין אויפן צוויישן.

מה. ובפרט אויב ער ווייס פון דעם וואס עס שטייט[191] אז עס זיינען דא ל"ו צדיקים - קען דאך גאר זיין אז ער איז איינער פון די ל"ו צדיקים!

וע"ד ווי מען זעט דאס אין דעם ענין פון "פיס", דער ענין הגורל: מען שטעלט איין געלט אויף קויפן א שטר הגרלה, איז אז מ׳וועט ביי אים פרעגן: לכאורה - ער ווייס דאך

- אז -

---

189) ספי"ד. 190) ראה ספר הישר לר"ת שי"ג, הובא בשל"ה כט, א. 191) ראה סוכה מה, ב. ובכ"מ.

אז עס זיינען דא א ריבוי מענטשן וואס קויפן די שטרי הגרלה, און נאר איינער פון די אלע קען געווינען, איז וואס שטעלט עד איין זיינע געלט און קויפט עס - בשעת ער ווייס אז עס זיינען דא נאך א ריבוי מענטשן וואס קענען געווינען?!

און נאכמער: ער קויפט עס על דעת אז ער וועט טאקע געווינען, און ניט סתם געווינען, במקום שני, שלישי וכו' - נאר דוקא במקום ראשון, דער סכום הכי גדול!

ענטפערט ער: איינער דארף דאך געווינען, איז פארוואס זאל ער ניט זיין דער "איינער" - מיט וואס איז ער ערגער פון אלע אנדערע.

עד"ז בעניננו: עס קען דאך זיין אז ער איז טאקע איינער פון די ל"ו צדיקים,

איי ער אליין זעט ניט זיינע מעלות - איז אדרבה, דאס איז נאכמער ראי' אז ער איז א (צדיק) נסתר, און ער דארף עס מערניט ווי מגלה זיין.

ובפרט לויט דעם וואס עס שטייט[192] אז "שתלן בכל דור ודור" - איז ער איינער פון די צדיקים שבדורנו.

וואס לפ"ז איז ניט נאר דער פשט אז עס דארף אין אים נתעבר ווערן א נשמה פון אן אנדער צדיק, נאר ער אליין דארף מערניט ווי מגלה זיין נשמתו[193].

מו. וואס דער טראכטן אז ער איז א צדיק, איז א גוטע זאך,

וע"ד דער פתגם הידוע פון רבי'ן נ"ע[194], בנוגע צו לערנען פירושים אין תניא, אז אויב דערפון וועט צוקומען אין עבודת ה' און יראת שמים - קען מען דאס טאן,

וואס עד"ז איז אויך בעניננו, אז אויב עס וועט דורך דעם צוקומען אין לימוד התורה און קיום המצוות - איז דאס א דבר טוב ונכון וכו'.

וכולי האי ואולי - אפשר וועט ער טאקע צוקומען צו מדריגת צדיק, און אפשר איז ער גאר טאקע שוין א צדיק.

מז. ובנוגע לעניננו - זאל יעדערער געבן צדקה (צו דער ישיבה) נאך מער וויפל ער האט אפגעמאסטן בא זיך - למעלה ממדידה והגבלה.

- וואס -

---

192) יומא לח, ב. הובא בתניא פ"א. 193) ראה הערת כ"ק אדמו"ר שליט"א לתניא שם ("שיעורים בספר התניא" ע' 169).
194) במכתבו - קונטרס עה"ח ס"ע 87 ואילך.

וואס ווי ער מסביר אין אגה"ק[195], איז "עיקר עבודת ה' בעתים הללו בעקבות משיחא (ווען "ממו רגלין ברגלין"[196]) היא עבודת הצדקה".

און אזוי אויך אין אלע ענינים זאל זיין די תנועה פון תשובה, אייך קער פון תשובה (אויף וועלכע דער אויבערשטער ווארט), און "מיד הן נגאלין", מ'וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו - מיד.

וכל המרבה וכל המקדים הרי זה משובח, און אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין".

[כ"ק אדמו"ר שליט"א צוה להכריז אודות ה"דינער השנתי" דישיבת תומכי תמימים ליובאוויטש המרכזית, ולאחרי ההכרזה צוה להכריז: עס זאל זיין אין אן אופן פון "מהדרין מן המהדרין".

אח"כ התחיל לנגן "והריקותי לכם ברכה"].

* * *

מח. מען האט פריער דערמאנט דעם ענין פון "בת תחלה סימן יפה לבנים" (אראפגעבראכט אין די הערות אויפן זהר, כנ"ל), אז ס'איז דא א מעלה אין "בת תחלה".

וואס עד"ז געפינט מען בכל הענינים, אנהויבנדיק פון מתן תורה, וואס דעמולט איז געווען "כה תאמר לבית יעקב ותגיד לבני ישראל"[197] - אז פריער האט מען גערעדט צו די פרויען ("בית יעקב - אלו הנשים"[198]), און דורך דעם איז געווען דערנאך "ותגיד לבני ישראל" ("אלו האנשים"[198]),

וואס עד"ז איז דאס אויך אין דעם מדז"ל וואס מען האט פריער דערמאנט, "לא זז מחבבה עד שקראה בתי כו' לא זז מחבבה עד שקראה אחותי כו' לא זז מחבבה עד שקראה אמי" - אז מען דופט-אן אידן דוקא מיט א נאמען פארבונדן מיט אן אשה, "בתי" "אחותי" און "אמי", נים אן ענין פארבונדן מיט אן איש.

און עד"ז איז דאס אויך אין דעם וואס אידן ווערן אנגערופן לעתיד לבא בשם "בת ציון"[199] דוקא.

וואס מכל זה איז פארשטאנדיק גודל מעלת וחשיבות פון פרויען, "בת".

מט. דער טעם פארוואס "בת תחלה סימן יפה לבנים" איז, ווי - מען -

---

195) ס"ט. 196) זח"ב רנה, א. 197) יתרו יט, ג.
198) מכילתא (הובא בפרש"י) עה"פ. שמו"ר פכ"ח, ב.
199) זכרי' ב, יד. וראה תו"א מקץ לח, א-ב.

מען זעט עס אויך בפשטות - דערפאר וואס די בת העלפט ארויס און איז זיך משתדל אין דעם חינוך פון אירע אינגערע ברידער[200], נוסף אויף דעם חינוך וואס זיי באקומען פון די עלטערן.

נאכמער זיינען אחרונים מבאר: עס שטייט[201] "רוב בנים דומין לאחי האם", וואס דערפאר איז בשעת מען זוכט א שידוך זיז "צריך שיבדוק באחי'"[202],

איז דערפאר, א בת, וואס זי גרייט זיך צו איר תפקיד, צו בונה זיין א ביה בישראל און מחנך זיין בנים ובנות עוסקים בתורה ומצוות בתכלית ההידור, וויל זי דאך האבן א שידוך מיט א בחור וואס איז מהודר שבמהודר, וועט דאך דער בחור נאכקוקן ביי אירע ברידער - וועט זי זיך נאכמער משתדל זיין אין דעם חינוך פון אירע ברידער, אז זיי זאלן זיין כדבעי.

און נוסף לזה, איז דאך דאס נוגע צו דעם אז אירע קינדער זאלן זיין וואס בעסער, ווארום "רוב בנים דומין לאחי האם" - איז זי זיך דערפאר וואס מער משהדל אין דעם חינוך פון "אחי האם"[203].

ב. און דער דיוק איז "בת תחלה סימן יפה לבנים", אז זי ברענגט אריין "סימן יפה" צו די בנים - זי ברענגט אין זיי אריין אן ענין שלמעלה ממדידה והגבלה,

ווארום מען זאגט דא ניט אז זי ברענגט אריין סתם אן ענין פון יופי וכדומה, בדוגמא צו דעם "שבח אומן" וואס אן אומן מאכט אין א כלי, נאר דער דיוק דא איז - "(בת תחלה) סימן יפה לבנים", וואס דאס איז אן ענין שלמעלה ממדוה"ג.

בא. וואס מכל הנ"ל איז מובן דער גודל הענין אין זיך משתדל זיין אז די אלע ענינים פון נשי ובנות ישראל זאלן זיין כרבעי,

און די השתדלות דארף זיין סיי על ידי נשים, אז יעדע איינע זאל זעהן טאן כל התלוי בה בנוגע לעצמה, און אויך משפיע זיין אויף אירע בני ביח, אויף איר סביבה, און אויף וועמען זי קען נאר האבן א השפעה,

און סיי על ידי אנשים, וואס אויך זיי דארפן זיך משתדל זיין אין דעם, וכמובן - אין אן אופן המתאים צו דרכי הצניעות.

- וכידוע -

---

200) וראה גם ב"ב שם. 201) ב"ב קי, א. 202) ב"ב שם. 203) ראה חידושי גאונים שנדפס על גליון הע"י ב"ב שם.



הנחת הת' בלתי מוגה

וכידוע דאס וואס כ"ק אדמו"ר (מהורש"ב) נ"ע (אין זיין צוואה[204], ובארוכה יותר -) כ"ק מו"ה אדמו"ר[205] שרייבן בנוגע צו דער גודל הענין פון די פעולות פון דער מוטער בענין חינוך הבנים.

נב. זאל זיין א הצלחה למעלה ממדידה והגבלה אין די פעולות וואס מען טוט פאר בנות ישראל, סיי די פעולות וואס זיי אליין טוען, און סיי די פעולות וואס אנשים טוען אין דעם,

און אזוי ווי עס איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים"[206], אז "בשכר נשים צדקניות שהיו באותו הדור נגאלו ישראל ממצרים"[207] אזוי וועט אויך זיין וועז "אראנו נפלאות"[208],

און אלע פעולות זאלן זיך צוזאמענקלייבן צו דעם גרויסן "פייער" וואס וועט פארברענען די שיריים פון גלות,

"והי' לך ה' לאור עולם"[209], און עס וועט זיין "ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר יהדיו כי פי ה' דבר"[210] (וואס "פי ה'" איז אויך דער ענין פון מלכות),

ובפרט אז די אלע פעולות ווערן געטאן דורך רבות, איז זכות הרבים מסייעתן,

ווארום בענין זה איז ניטא קיין חילוק צווישן רבים און רבות, אויב נאר עס איז באופן המבואר בקונטרס החלצו[211], וואס דארטן רעדט ער וועגן רבים אבער מצד דעם טעם הדבר איז דאס דאך שייך אויך צו רבות.

וואס דורך די א"ע פעולות וואס מען טוט אויך מיט די וואס געפינען זיך ניט בשעה מעשה ממש אין די ד' אבות, כולל אויך החלטות טובות וואס מען נעמט-אן אויף להבא -

וועט מען צוקומען צו דעם זמן פון לע"ל ווען עס וועט זיין "אשת חיל עטרת בעלה"[212],

בשמחה ובטוב לבב.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן "ניעט ניעט ניקאוואא".

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אהרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

אחרי תפלת מנחה התחיל לנגן "ווי וואנט כשיח נאו".

—— * ——

---

204) חנוך לנער ס"ע 34 ואילך. 205) בשיחתו לנשי ישראל בעת ביקורו בריגא י"ב-כ' אדר תרצ"ד (נדפסה בקונטרס בפ"ע ווארשא, תרצ"ה). 206) מיכה ז, טו. 207) סוטה יא, ב. שמו"ר פ"א, יב. 208) ראה יל"ש רות רמז תרו בסופו. 209) ישעי' ס, יט. 210) שם מ, ה. 211) פ"ז ואילך. 212) משלי יב, ד. וראה תו"א שם לו, ד. ובכ"מ.



הנחת הת' בלתי מוגה

- בוספות תשמ"א -

בס"ד. רשימת דברי כ"ק אד"ש בעת נתינת הד' מינים - ערב חגה"ס ה'תשמ"א. בג"ע הת'.

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

הר' אלטיין נכנס לתת הלולבים.

כ"ק אד"ש (לאחר שלקח הלולבים): איר זאלט דערלעבן איבער א יאר.

כ"ק אד"ש: צי געדיינקט איר אויב איך האב אייך באצאלט פאר א יארן פאר דעם לולב?

הנ"ל: כן.

כ"ק אד"ש: זיכער?

הנ"ל: כן, כ"ק אד"ש איר זייט דאך מיר געבליבן שולדיק א דולר; איר זאלט האבן א פריילעכן יו"ט, און ס'זאל זיין פריילעכע בשורות.

כ"ק אד"ש (להרילי"ג): מ'דארף זיי ניט מישן מיט די אנדערע לולבים.

כ"ק אד"ש (להרילי"ג): דאס איז די ערבות, און דא זיינען אלע אתרוגים, מ'דארף ציילן וויפל איז דא אתרוגים אלע צוזאמען.

כ"ק אד"ש (להרילי"ג): די ערבות זיינען אלע אין איין פעקל? הנ"ל: כן.

כ"ק אד"ש: מ'דארף דאך מכריז זיין ווער זאל אריין גיין נעמען. הר' חדקוב נכנס וכ"ק אד"ש מסר לו רשימת האנשים שיכנסו לקבל הד' מינים.

אח"כ אמר כ"ק אד"ש: אפשר ארויסנעמען די אתרוגים (מהקופסאות) מ'זאל זיי גלייך קענען נעמען.

רילי"ג: האם להביא עוד שולחן? כ"ק אד"ש: ווי ס'איז זיי באקוועמער.

כ"ק אד"ש (להר' לייב ראסקין - מרוקו, שהביא לולבים והדסים ממרוקו): דאס איז געבליבן, און זאלסט דאס צונעמען, ועסס פשוט קענען יוצא זיין.

הר' חדקוב הכריז רשימת האנשים שיקבלו הד' מינים.

לא' מפריז שלקח 2 סעט'ס ד' מינים,

כ"ק אד"ש: מ'האט אייך ביט געזאגט נעמען איין סעט פאר אלע?

ס'זאל זיין מיט קירוב הלבבות.

פאר די מוסדות דארטן - תו"ת אדער בית רבקה, נעמט דער רב פעווזנער, איר נעמט פאר די גרופס, וועט איר צוזאמען רופן די מנהיגים זייערע און זיי אפגעבן דעם סעט, און אדער מ'זאל ווארפן גורל, צי ווייל ס'איז דא צוויי טעג, מ'זאל ממשיך זיין אלע המשכות.

כ"ק אד"ש: ס'איז דאך דא נאך ירושלים'ער, ס'איז דאך דא טגל, און מסתמא איז נאך איימיצער דא.

כ"ק אדה"ש: לולבים איז דא מערער קענען זיי האבן מערער - במילא קענט איר האבן נאך א לולב, מיט נאך הדסים, מיט נאך ערבות, אבער א אתרוג איז מערניט ווי איינער פאר אלע ירושלים'דיקע - "עיר שחוברה לה יחדיו", זאלט איר ניט מאכן קיין פירוד אין ירושלים.

איר זאלט ממשיך זיין אלע המשכות.

מישהו לא מצא אתרוג, כ"ק אדה"ש: וואס הייסט, מסתמא האט יעדערער גענומען א אתרוג?!

כ"ק אדה"ש: ניטא קיין אתרוגים?! ריל"ג הביא עוד אתרוג.

בעת שנתן הד' מינים אמר: מ'זאל ממשיך זיין אלע המשכות, און ס'זאל זיין א פרייליכע יאר (ולאחדים הוסיף): און א הצלחה'דיקער יאר.

ריל"ג אמר לכ"ק אדה"ש שחסרים הדסים וערבות.

כ"ק אדה"ש: פארוואס האט מען ניט מכריז געווען וואס מ'זאל נעמען? ריל"ג: הכריזו.

הר' ב. גורדצקי נשאר בלי אתרוג ואמר לכ"ק אדה"ש שחסר לו אתרוג.

כ"ק אדה"ש (להריל"ג): וואו איז די אתרוגים?!

ריל"ג הכריז שוב את רשימת השמות שמקבלים הד' מינים.

הר' ג. אמר לכ"ק אדה"ש כנראה שמישהו שלא הי' צריך לקבל אתרוג, לקח אתרוג.

כ"ק אדה"ש: מ'האט דאך געזאגט. (חסר).

כ"ק אדה"ש (לשאר האנשים שנכחו): איר האט שוין אלע אתרוגים?

מישהו ענה (כמדומה מטוסוב) שאין לו ערבות.

הרב"ק אמר לכ"ק אדה"ש שכפ"ח לקחו שני אתרוגים ומחזירים אחד.

כ"ק אדה"ש: איך האב געגעבן פאר צוויי וועדים: פאר איין וועד (א אתרוג), און פאר דעם צווייטן וועד, זיי דארפן האבן צוויי אתרוגים!

מ'האט מכריז געווען, צי מ'האט ניט מכריז געווען?!

הרב"ק אמר שהכריזו.

כ"ק אדה"ש נגש לדלת של ג"ע הת' והכריז: פאר כפ"ח דארף נעמען דער וועד הרוחני באזונדער און דער וועד סתם באזונדער, און די אנדערע פון כפ"ח - דארפן זיי יוצא זיין מיט זייערע, און זאלן זיי געבן צוריק די אתרוגים אויב זיי האבן גענומען אנדערע. (חסר).

כ"ק אדה"ש: וויפל אתרוגים פעלן דא?

הר' ג.: אתרוג א'. מטוסוב אמר שגם לו חסר. כ"ק אדה"ש: איר זיינט דאך צוזאמען.

כ"ק אד"ש: וויפל ערבות פעלן? 2 ערבות. און מ'טוסוב איך צוויי ערבות? ג. שהוא לוקח גם עבורו. כ"ק אד"ש: פעלט צוויי ערבות?

כ"ק אד"ש (לרילי"ג ולרב"ק): איר האט מכריז געווען אז מ'זאל נעמען מערניט ווי איין אתרוג?

כ"ק אד"ש: פעלט איין אתרוג? כ"ק אד"ש נכנס לחדרו והוציא אתרוג להר' ג. ואמר: איר זאלט ממשיך זיין אלע המשכות.

כ"ק אד"ש: פעלט נאך ערבות? איך האב געבראכט נאך צוויי ערבות.

הנ"ל: שלא חסר ערבות. כ"ק אד"ש: און אלע איבעריקע האבן?

ג. אמר לכ"ק אד"ש שלוקח עבור כמה עיירות במרוקו. כ"ק אד"ש: פאר גאנץ קאסאבלאנקא און פאר נאך 90 מענטשן פון (פריז).

הנ"ל: שיתן לאזימאו, כ"ק אד"ש: דאס דארפט איר מסדר זיין, און איר זאלט זען אז מ'זאל קיינעם ניט גורע זיין, איר האט גענומען מסתמא מערער ווי דריי הדסים.

כ"ק אד"ש דיבר למישהו בצרפתית.

כ"ק אד"ש (לא' באנגלית): שיכול לקחת עבור כ"א הדס כי יש הרבה הדסים. (חסר).

כ"ק אד"ש לר' ז. יפה: (באנגלית) זה עבור כל מאנטשערסטער הן לאלו שנמצאים כעת כאן...

ר' ז. יפה אמר שזה לולב גדול, אמר כ"ק אד"ש אל תגע בזה במשך כל החג, ובאם יש כאן עוד אנשים ממאנטשערסטער תתן להם גם הד' מינים שיברכו ג"כ. (חסר).

כ"ק אד"ש לפריידין: א הצלחה'דיקען יאר, און איר זאלט פאטאגראפירן אידן בעין יפה.

ז. שמערלינג (מת"א) נכנס עם בתו, שמערלינג אמר שבתו עזרה בהדפסת התניא בטורקיא.

כ"ק אד"ש: אייער מאן איז דארט? הבת: כן.

אד"ש: איצט איז דאך דארטן אן געצויגן, הנ"ל: שכעת לאחרי שהצבא נכנסו נהי' יותר טוב.

שמערלינג: הבאתי לאד"ש הדסים מצפת.

אד"ש: א גרויסען יישר כח.

הנ"ל: אני רוצה לקבל השנה גם לולב.

אד"ש: איר ווילט דאך אלע מאל הדסים?

הנ"ל: שרוצה גם לולב.

אד"ש: איך וועל אייך געבען א לולב אויך.

הנ"ל: שמעתי שאד"ש מגיע לחג הפסח לארץ ישראל?

אד"ש: איך רעכען אפשר קומען פריער מיט משיח'ן, מ'דארף ניט ווארט'ן אויף פסח.

הנ"ל: הרי אד"ש כבר עשה התוכנית שבא לפסח.

אד"ש: מסתמא, איז זיכער אז משיח וועט קומען פאר חנוכה.

הנ"ל: שמוטקין אמר לי ששמע ממקור בטוח שאד"ש יבוא לפסח לארץ ישראל.

אד"ש: יע, קען נאך זיין אז אויף י"ט כסלו.

אד"ש: (לבתו): ביי אייך איז אלס בסדר.

הנ"ל: קשה לה לדבר אידיש.

אד"ש: ברר על מצב משפחתה.

הנ"ל: אני רוצה לבקש היתר מאד"ש בכדי לא לבא בשנה הבאה כי אין לי כח.

אד"ש: וועסט קומען איבער א יאר אויך - אויב משיח וועט זיך פאר האלטן.

אד"ש: חג שמח ושנה טובה ומתוקה.

**בס"ד. רשימת דברי כ"ק אדמו"ר שליט"א ב"יחידות כללית" לת' שיחיו בישיבת תות"ל כפר חב"ד ולוד - אור ליום ג' פ' נח, ז"ך תשרי ה'תשמ"א -**

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

השי"ת ימלא משאלות לבב כל אחד ואחד מכם לטובה, הן בגשמיות והן ברוחניות.

ובנקודה הפנימית - אשר כל אחד ואחד יוסיף בהתמדה ושקידה בלימוד התורה נגלה וחסידות.

והלימוד יהי', ככתוב בהלכות ת"ת לרבינו הזקן, לימוד המביא לידי מעשה - קיום המצוות בהידור, וללכת מחיל אל חיל, להיות חסידים יראי שמים ולומדים, כדרוש ומתאים לברכה רבינו נשיאינו, נשיא דורנו, כ"ק מו"ח אדמו"ר.

ובמיוחד עתה, בזמנים הפנוים מסדרי הישיבה, וברשות ההנהלה - להתעסק ג"כ בהפצת המעינות חוצה, נוסף לזה שכל אחד מכם יהי' דוגמא חי' לחסיד ירא שמים ולמדן, גם - ע"י שידברו דברים היוצאים מן הלב שנכנסים אל הלב ופועלים פעולתם.

וגם - ע"י התעסקות במבצעים כפי רשיון ההנהלה מתאים להכשרונות וזמנים הפנוים של כל אחד ואחד מכם.

ובפרט שנמצאים אנו בשנת הקהל שאז הזמן מסוגל ביותר ל"הקהל את העם האנשים והנשים והטף" ולהשפיע עליהם ש"ילמדו" "ושמרו לעשות את כל דברי התורה הזאת", כלשון הכתוב.

ובמיוחד אשר זכיתם ולומדים אתם במוסדות חב"ד של רבותינו נשיאינו, ובארץ הקודש, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה".

אתן לכל אחד ואחד מכם שליחות מצוה נוספת - דולר, וכשתחזרו לארץ הקודש תתנו החילוף במעות הארץ לענין של צדקה,

וזה יוסיף עוד בברכת ה', כלשון הידוע, "לך ה' הצדקה", ובפרט בהענינים האמורים לעיל.

**בס"ד. רשימת דברי כ"ק אדמו"ר שליט"א ב"יחידות כללית" לת' דישיבת "תורת אמת" ו"מגדל אור" שבמגדל העמק שיחיו - אור ליום ג' פ' נח, ז"ך תשרי ה'תשמ"א -**

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

דער אויבערשטער זאל בענטשן און מצליח זיין יעדערן פון אייך און אייך אלעמען צוזאמען, אין הצלחה רבה בלימוד התורה, סיי נגלה און סיי חסידות, און דער לימוד התורה זאל זיין ווי דער אלטער רבי שרייבט אין הל' ת"ת, לימוד המביא לידי מעשה - קיום המצות בהידור.

כולל אויך, אין די זמנים הפנויים פון סדרי הישיבה, וברשות ההנהלה - זיך פארנעמען מיט הפצת המעיינות חוצה, און הפצת היהדות בכלל, כולל אויך השתתפות אין די מבצעים, און כאמור - אין די זמנים הפנויים פון סדרי הישיבה ברשות ההנהלה.

ובפרט אז איר האט זוכה געווען אז איר געפינט זיך אין ארץ הקודש, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה" - איז דאך דאס א נתינת כח במיוחד און א סיוע וברכת ה' להצלחה אויך במיוחד.

כדי דאס גלייך פארבינדן אויך מיט א ענין של פועל - וועט מען מיטגעבן יעדערן פון אייך אלס שליחות מצוה א דאלאר, אבן ווען איר וועט זיך אומקערן אין ארץ הקודש וועט איר אפגעבן דעם חילוף פון דעם דאלאר במעות הארץ אויף צדקה, ומה טוב - צדקה וואס זי איז פארבונדן מיט חינוך.

און די נקודה הפנימית - גיין מחיל אל חיל אין תורה ומצוותי', און ממלא זיין די שליחות פון לעשות לו ית' דירה בתחתונים, מתוך שמחה וטוב לבב.

בס"ד. רשימת דברי כ"ק אדמו"ר שליט"א ב"יחידות כללית" לקבוצת משפחות מצפת עיה"ק תובב"א - אור ליום ג' פ' נח, ז"ך תשרי ה'תשמ"א -

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

כ"ק אדמו"ר שליט"א שאל אם כבר מסרו כל הפתקים.

[אח"כ שאל: איר פארשטייט דאך נאך אלע אידיש דערוויילע? נאך ניט פארגעסן?]

זאל דער אויבערשטער אייך בענטשן און מצליח זיין, כל אחד ואחת, אין מילוי משאלות לבבכם לטובה, סיי בגשמיות סיי ברוחניות, סיי אין ענינים הפרטיים און סיי אין ענינים הכלליים.

ובנקודה הפנימית - מגדל זיין יעדער קינד און אלע קינדער לתורה ולחופה ולמעשים טובים, ומתוך פרנסה כדרוש ובבריאות הנכונה,

ולהצלחה אין א הוספה אין לימוד התורה, נגלה וחסידות, בהתמדה ובשקידה, והידור בקיום המצוותי',

ובנקודה הפנימית - ממלא זיין די שליחות אויף מאכן אין צפת עיר הקודש - נאכמער קדושה.

ומתוך שמחה וטוב לבב, ובאופן דמוסיף והולך ואור, ובדרכי נועם ובדרכי שלום - אויך זיך מתפשט זיין אין דעם גאנצן גליל,

ובפרט נאך אז עס שטייט דאך אין מדרשים אז ווען משיח קומט וועט ער נתגלה ווערן ערשט אין גליל.

און טאן אין די אלע ענינים (ווי געזאגט פריער) מתוך בריאות הנכונה ופרנסה ככל הדרוש.

און עס זאל אין אייך מקויים ווערן דאס וואס עס שטייט אז "מי שיש לו מנה רוצה מאתיים" - זאל דאס אזוי זיין בנוגע צו אייער עבודת הקודש, מיט נאכמער הצלחה וויפל ס'איז געווען ביז איצטער.

ביז וואנעט אז כולם יכירו וידעו, און יעדערער וואס עס הענגט אפ אים - זאל אייך מסייע זיין ככל הדרוש -

סיי אין דער עבודה גופא און סיי אויף מאכן לייכטער און בעסער די תנאים אין וועלכע די עבודה דארף פארקומען.

און דער זכות פון ארץ הקודש זאל מגין זיין און מצליח זיין און מוסיף זיין בברכת ה' בכל ענינים אלו.

איך וועל געבן יעדערן פון אייך אלס שליחות מצוה א דאלאר, און קומענדיק אין ארה"ק וועט איר אפגעבן דעם חילוף במעות הארץ אויף אן ענין של צדקה.

אח"כ אמר: מ'זאל הערן בשורות טובות.

בס"ד. רשימת דברי כ"ק אדמו"ר שליט"א ב"יחידות כללית" לקבוצת אנ"ש דארה"ק תובב"א - יום ג' פ' נח, ז"ך תשרי ה'תשמ"א -

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

דער אויבערשטער זאל בענטשן יעדערן פון אייך, און אייך אלעמען צוזאמען מיט די בני בית, בכל המצטרך לכם, סיי בגשמיות און סיי ברוחניות. סיי אין ענינים הפרטים און סיי אין ענינים הכלליים.

ובמיוחד - במילוי שליחות כ"ק מו"ח אדמו"ר - אין הפצת היהדות בכלל און אין הפצת המעינות במיוחד.

און טאן אין די אלע ענינים בשמחה ובטוב לבב, ובאופן דמוסיף והולך ואור,

און ס'איז דאך דא די הבטחה פון נשיא דורינו, אז דאס איז אויך מוסיף בברכת ה' בכל המצטרך,

כולל - אין די אלע ענינים וואס זיינען אויסגערעכנט דא אין די צעטלען.

און זיכער כולל - אידישן חסידישן נחת פון קינדער און קינדס קינדער און קינדס קינדס קינדער,

כולל אויך - לבניך אלו התלמידים והתלמידים והמושפעים והמושפעות.

מ'וועט געבן יעדערן פון אייך אלס שליחות מצוה א דאלאר, און ווען איר וועט זיך אומקערן לארה"ק - אפגעבן דעם חילוף אויף צדקה.

און דאס זאל נאכמער מוסיף זיין בברכת ה' בכלל, ובהענינים האמורים,

און אויך אין אן ענין שהזמן גרמא - וואס שנה זו איז א שנת הקהל - אז יעדערער פון אייך זאל טאן כפי יכלתו, און נאכמערער, אין "הקהל... האנשים והנשים והטף" צו וועלכע מ'קען דערגרייכן, און פועל זיין אויף זיי, כלשון הכתוב - "לעשות את כל דברי התורה הזאת", בדרכי נועם ובדרכי שלום.

און עס זאל זיין בשורות טובות און א נסיעה כשורה ובהצלחה.

**בס"ד. רשימת דברי כ"ק אדמו"ר שליט"א ב"יחידות" להתמימים שיחיו החוזרים לארה"ק תובב"א - אור ליום ה' פ' נח, כ"ט תשרי ה'תשמ"א -**

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

השי"ת ימלא משאלות לבב כל אחד ואחד מכם לטובה, הן בגשמיות והן ברוחניות,

ובענין העיקרי - להוסיף בהתמדה ושקידה בלימוד התורה, נגלה וחסידות, והלימוד יהי', כהוראת רבינו הזקן בהל' ת"ת שלו - לימוד המביא לידי מעשה - קיום המצוות בהידור.

וכל זה בהקדמת עבודת התפלה, כמבואר בארוכה בקונטרס התפלה ובקונטרס עץ החיים, ובכ"מ,

ולעשות בכל זה מתוך בריאות הנכונה, ובשמחה ובטוב לבב.

וכיון שנמצאים אנו בפ' נח, וידועה תורת רבינו הזקן שצריך ללמוד הוראות מיוחדות מפרשת השבוע - הרי מבואר בזהר, וביתר ביאור (בדברי הזהר) בתורת

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

החסידות, אשר "(אלה תולדות) נח" הו"ע ד"נייחא", ו"נח נח", ב' פעמים, מורה על הענין ד"נייחא לעליונים נייחא לתחתונים".

זאת אומרת בעבודת ה': ישנה עבודה עליונה ("עליונים") - שהוא עובד בעצמו, בתורה ומצוותי', ועבודה תחתונה ("תחתונים") - שהוא עובד בגופו ונפשו הבהמית וחלקו בעולם, -

ובשני הענינים, בשני השטחים, עובד הוא באופן ד"נייחא" - לעשות נחת רוח לו ית'.

והתבוננות בזה מוסיפה עוד יותר בהשמחה האמיתית אשר זכינו וזכיתם וזכו כל אחד מישראל בכלל ובפרט - למלאות רצון ה' ולגרום לו נחת רוח.

וכל זה מוסיף בברכת ה' - שנותן הברכה וההצלחה לעסוק בתורה ומצוותי' באופן ד"נייחא" - מנוחת הנפש ומנוחת הגוף,

וביחד עם זה - מתוך "עמל תורה", באופן ד"יגעת", שאז מתקיימת ההבטחה "ומצאת".

וכל זה מוסיף וממשיך ומקדים ברכת ה' בה"מציאה" של כל אחד ואחת מישראל וכל עם ישראל - ביאת המשיח כמבואר במסכת סנהדרין שביאת המשיח זהו ענין של "מציאה" - "מצאתי דוד עבדי", ולכן בא "בהיסח הדעת", וכפירוש החסידות - למעלה מטעם ודעת, עד באופן דהיסח מהדעת.

ולקבל פני משיח צדקנו בקרוב ממש, ובשמחה ובטוב לבב.

ובעיקר ע"י הפצת תורת החסידות, הפצת המעיינות חוצה, באופן דמוסיף והולך ואור, כל אחד ואחד מכם, כפי המתאים להיכולת שלו ולהכשרונות שלו, ועוד יותר מזה, ועד באופן דפורץ גדר ומדידה והגבלה.

* * *

אתן לכל אחד מכם דולר, וכשתחזרו לארץ הקודש - תתנו החילוף לענין של צדקה.

וזה יוסיף ויזרז קיום ההבטחה "ציון במשפט תפדה", שרבינו הזקן מפרש בלקו"ת "במשפט" - תורה, "ושבי' בצדקה" - צדקה (גם) כפשוטה,

וכמבואר במאמר זה בלקו"ת - יאר הוי' פניו אל כל אחד ואחד מכם, ועד למטה מטה, בענינים הכי תחתונים שלכם, ועל אחת כמה בענינים עליונים שלכם, וכמדובר - "נייחא לעליונים נייחא לתחתונים".

תסעו בשעה טובה ומוצלחת,

ותהיו דוגמא חי' ללימוד התורה וקיום מצוותי',

ומתוך שמחה וטוב לבב.

**בס"ד. רשימת דברי כ"ק אדמו"ר שליט"א ב"יחידות" לקבוצת בחורות מארץ הקודש, אור ליום ה', כ"ס תשרי ה'תשמ"א.**

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

השי"ת ימלא משאלות לבב כל אחת מכן לטובה בכל המצטרך, הן בגשמיות והן ברוחניות,

ובנקודה הפנימית - ללכת מחיל אל חיל במילוי מצוות ה' - לימוד התורה וקיום המצוות בהידור,

כולל ג"כ מיוסד על מצות "ואהבת לרעך כמוך" - להפיץ היהדות בכל הסביבה, ולהפיץ אור וחיות חסידותיים בכל הסביבה.

ולעשות בזה מתוך בריאות הנכונה, ומתוך שמחה וטוב לבב, ובאופן דמוסיף והולך ואור.

ושכל אחת מכן תמצא השידוך הטוב והמתאים בכל הפרטים, בזמן המתאים ובעתיד הקרוב,

ותבשרו טוב בכל העניינים שלכן ושל בני המשפחה הרשומים בפתקאות אלו.

אתן לכל אחת מכן שליחות מצוה - דולר, וכשתחזרו כל אחת מכן לקמומה - תתנו הדולר (או החילוף שלו) לצדקה,

וזה יוסיף עוד יותר בברכות ה' בכל המצטרך.

**בס"ד. יחידות לקבוצת בחורים מאנגלי' - יום ג' פ' נח, ז"ך תשרי ה'תשמ"א.**

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

דער אויבערשטער זאל אייך בענטשן און מצליח זיין, יעדערן פון אייך און אייך אלעמען צוזאמען, און איר זאלט מוסיף זיין אין התמדה ושקידה אין לערנען תורה, סיי נגלה סיי חסידות,

און דער לימוד זאל זיין, ווי דער אלטער רבי שרייבט אין הל' ת"ת, (פ"ד ס"ב-ד), לימוד המביא לידי מעשה - הידור בקיום המצוות,

און גיין מחיל אל חיל (ראה ברכות בסיומה. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ה ס"א. ושי"נ), בכל העניינים אין תורה ומצוותי', באלויכטן און אויפגעלעבט דורך אור וחיות חסידותיים.

און טאן די אלע זאכן מיט בריאות הנכונה, ובשמחה ובטוב לבב.

איך וועל געבן יעדערן פון אייך א דאלאר, און קומענדיק צוריק אין אייער מדינה, אין אייער שטאט - זאלט איר אפגעבן דעם חילוף אויף צדקה,

און דאס זאל נאכמער צוגעבן אין דעם אויבערשטן'ס ברכות, ווי דער אלטער רבי שרייבט אין אנהויבס פון תו"א (בראשית א, ב. וראה אוה"ת בראשית כרך ו' תתרכו, ב' ואילך), אז "צדקה תרומם גו'", אז דאס הויבט אויף א אידן אין אלע זיינע ענינים.

זאל יעדערער פון אייך זיין א חסיד ירא שמים און א למדן.

**בס"ד. יחידות לקבוצת בחורות ד"בית רבקה" בברוקלין הנוסעות ללמוד ב"בית רבקה" דכפר חב"ד בארה"ק - אור ליום ד' פ' נח, כ"ח תשרי ה'תשמ"א.**

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

**רשימה פרסית בלתי מוגה**

דער אויבערשטער זאל בענטשן יעדערע פון אייך, און אייך אלעמען צוזאמען, בכל המצטרך לכן בגשמיות וברוחניות,

ובמיוחד - צו זיך מתקדם זיין אין קיום המצוות, און לימוד התורה,

ובמיוחד אז איר פארט איצט אין ארץ ישראל, וואס דאס ווערט אנגערופן אן "עלי'" - "עלי'" בעיקר אין דער רוחניות'דיקער מיינונג דערפון - אן עלי' אין אלע ענינים פון אידישקייט, תורה ומצוות,

ובמיוחד - צו זיין דורכגענומען מיט דער ווארעמקייט און חיות (לעבעדיקייט) פון תורת החסידות.

איך וועל געבן יעדערע פון אייך אלס שליחות מצוה - א דאלאר, און קומענדיק אין ארץ ישראל - זאלט איר אפגעבן דעם חילוף פון דעם דאלאר אויף אן ענין של צדקה,

וואס דאס וועט צוגעבן א ברכה נוספת בגשמיות וברוחניות.

א נסיעה טובה ובהצלחה רבה.

**בס"ד. ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א להתמימים השלוחים שיחיו הנוסעים לישיבת "אחי תמימים" דבאסטאן, מאסס. ולישיבה גדולה דקאראקאס, ווענעזועלא - יום ג' פ' נח, ז"ך תשרי ה'תשמ"א.**

**רשימה פרסית בלתי מוגה**

איר זאלט פארן געזונטערהייט און האבן הצלחה רבה,

און עס זאל ביי אייך זיין א הליכה אמיתית, וואס דאס איז א הליכה באין ערוך, כמבואר אין חסידות (ד"ה צאו"ר, תר"ס),

און משפיע זיין אויך אויף דער סביבה באופן כזה,

ע"י הוספת התמדה ושקידה אין לימוד הנגלה און אין לימוד החסידות, און קיום המצוות בהידור, ובהקדמת עבודת התפלה (ראה לקו"ת ברכה צו, ב. ובכ"מ).

אויף דאס מקשר זיין אויך מיט אן ענין בפועל - וועט מען געבן יעדערן פון אייך: א לקו"ש, און אויך אן ענין של צדקה.

[נתן לכאו"א מהשלוחים שיחיו: לקו"ש דחגה"ס שנה זו, ושטר של דולר].

**בס"ד. ברכת כ"ק אדמו"ר שליט"א להת' השלוחים שיחיו הנוסעים לישיבה גדולה דבוענאס איירעס, ארגנטינה - אור ליום ד' פ' נח, כ"ח תשרי ה'תשמ"א**

**רשימה פרסית בלתי מוגה**

רי נסיעה זאל זיין בשעה טובה ומוצלחת,

און איר זאלט מצליח זיין אין לימוד הנגלה און אין לימוד החס׳ , און קיום המצוות בהידור, און אין הפצת היהדות, ובאופן דמוסיף והולך ואור.

אויף מקשר זיין דאס גלייך מיט אן ענין של פועל - וועט מען געבן יעדערן פון אייך: א שיחה, און אויך אן ענין של צדקה, און עס זאל זיין "ציון במשפט תפדה ושבי׳ בצדקה" (ישעי׳ א, כז. וראה לקו"ת ר"פ דברים).

[נתן לכאו"א מהשלוחים שיחיו: לקו"ש דחגה"ס שנה זו, ושטר של דולר].

אח"כ אמר: זאל זיין בהצלחה רבה און הערן בשורות טובות.

**בס"ד. רשימת דברי כ"ק אדמו"ר שליט"א ב"יחידות כללית" לקבוצת בחורות, יום ג׳, ז"ך תשרי ה׳תשמ"א.**

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

דער אויבערשטער זאל בענטשן און מצליח זיין יעדערע פון אייך, און אויך אלעמען צוזאמען, אין אלעם אין וואס מ׳נויטיקט זיך, סיי בגשמיות סיי ברוחניות.

און איר זאלט מיט רעכט ובצדק בארעכטיקן וואס יעדערע פון אייך ווערט אנגערופן בת שרה רבקה רחל ולאה, די אמהות הקדושות,

דורך הנהגה יום יומית (דורך טעג-טעגלעכע אויפפירונג) ווי א חסידישע מיידל (א חסידישע טאכטער) דארף זיך אויפפירן,

און טאן די אלע ענינים מתוך שמחה וטוב לבב,

און אויך, מצד אהבת ישראל - משפיע זיין אויף אייערע חברטעס, אויף אידישע מיידעלעך בכלל, אז זיי זאלן זיך אויך אויפפירן ווי חסידות מאנט און ווי תורה מאנט,

און טאן דאס בשמחה ובטוב לבב,

און איך וועל געבן יעדערע פון אייך אלס שליחות מצוה - א דאלאר, און קומענדיק צוריק אין אייער שטאט - וועט איר דאס איבערגעבן (דעם חילוף) אויף צדקה,

און דאס זאל נאכמער מוסיף זיין אין דעם אויבערשטנ׳ס ברכות.

זאל זיין בשורות טובות.

**בס"ד. רשימת דברי כ"ק אדמו"ר שליט"א ב"יחידות כללית" לקבוצת בחורים מצרפת - אור ליום ד׳ פ׳ נח, כ"ח תשרי ה׳תשמ"א.** (תרגום מצרפתית).

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

דער אויבערשטער וועט בענטשן יעדערן פון אייך בכל המצטרך לכם, בגשמיות וברוחניות,

ובמיוחד - בלימוד התורה, נגלה וחסידות, בהתמדה, וכדבעי, און קיום המצוות בהידור,

וכל זה מיט דער ווארעמקייט און ליכטיקייט פון תורת החסידות.

און טאן דאס אלעס בשמחה ובטוב לבב.

איך וועל געבן יעדערן פון אייך א דאלאר, און קומענדיק צוריק אין פראנקרייך - זאלט איר אפגעבן דעם חילוף פון דעם דאלאר אויף אן ענין של צדקה.

און דאס וועט העלפן אין די ברכות פון השי"ת - אז יעדערער פון אייך זאל ווערן א חסיד, ירא שמים און למדן.

א נסיעה טובה און א גוטן מזל.

**בס"ד. רשימת דברי כ"ק אדמו"ר שליט"א ב"יחידות כללית" לקבוצת בחורים מצרפת - אור ליום ה' פ' נח, כ"ס תשרי ה'תשמ"א. (תרגום מצרפתית).**

**רשימה פרטית בלתי מוגה**

דער אויבערשטער וועט בענטשן יעדערן פון אייך, און אייך אלעמען צוזאמען, בכל המצטרך לכם, בגשמיות וברוחניות.

ובמיוחד - הצלחה רבה אין לימוד התורה, נגלה וחסידות און קיום המצוות,

ובכללות - זיך מתקדם זיין אין אלע ענינים פון אידישקייט.

און טאן די אלע ענינים בשמחה ובטוב לבב.

און אויך - טאן אין די פעולות פון "ופרצת" - צו פארשפרייטן קיום המצוות און אלע ענינים פון אידישקייט ארום אייך,

ובאופן דמוסיף והולך ואור - צו מוסיף זיין אין די אלע פעולות מיום ליום,

און דאס אלץ טאן מתוך בריאות הנכונה ומתוך פרנסה טובה.

ובמיוחד: וויבאלד אז מיר זיינען איצטער ארייין אין א יאר וואס הייסט שנת הקהל - צו משפיע זיין אויף אלע אידן וואס איר קענט צו זיי דערגרייכן - אין דעם כיוון פון לימוד התורה און קיום המצוות, ובלשון הכתוב - "לעשות את כל דברי התורה הזאת".

איך וועל געבן יעדערן פון אייך אלס שליחות מצוה - א דאלאר, און קומענדיק צוריק אין אייער שטאט, אין אייער מדינה - זאלט איר אפגעבן דעם חילוף פון דעם דאלאר במעות צרפת אויף אן ענין של צדקה,

און די מצוה נוספת וועט מוסיף זיין אין די ברכות פון הקב"ה - צו האבן הצלחה אין די אלע ענינים,

און האבן אלעמאל בשורות טובות בנוגע צו אייער שטייגן בתורה ובמצוות, ובשמחה ובטוב לבב.

